# שיחות קודש

## מכ"ק אדמו"ר שליט"א
## מליובאוויטש

## תשל"ט
## חלק א'



* * *

בלתי מוגה

בס"ד.

# פתח דבר

בתודה ישבח להשי"ת, הננו מוציאים לאור בהוצאה חדשה עם הוספות את ספר שיחות קודש מכ"ק אדמו"ר שליט"א ה'תשל"ט חלק א' (הכולל "הנחות" מכל השיחות שנאמרו מער"ה עד מוצאי ש"פ וארא), והוא הכרך השלשים ותשע בסדרת ה"הנחות" (רשימות השומעים) משיחות קודש כ"ק אדמו"ר שליט"א שיצאו לאור בעזהי"ת.

בהוצאה זו השתדלנו להשלים (עד כמה שהי' באפשרותינו) את כל השיחות החסריתו בהוצאות קודמות. וכמבואר בפרטיות בה"פתח דבר" לכרך הראשון - שיחות קודש מכ"ק אדמו"ר שליט"א תש"י-י"א.

* * *

בכרך זה נוספו:

א) בתחילת הספר - מפתח כללי.

ב) בפנים הספר - שיחות שונות[2], מהם הנחות פרטיות שלא י"ל ע"ע. ומהם התוועדויות שבימי החול - שנרשמו בפעם הראשונה ע"פ סרט הקלטה. ולשלימות הדבר יבואו גם שיחות החסרות שהופיעו בלקו"ש וכיו"ב.

ג) בסוף הספר - ר"ד כ"ק אדמו"ר שליט"א - בזמנים שונים - מרשימות פרטיות של אחדים מהת'.

ד) לתועלת הלומדים והמעיינים - הוספנו בתחלת הספר מפתח מפורט לכל התוועדות בפני עצמה. תוכן השיחות דהתוועדות זו.

ה) בסוף הספר - רשימת השיחות שבספר זה שהוגהו ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א והמקומות שנדפסו שם[3].

* * *

יש להדגיש שוב ושוב, שהנחות אלו נרשמו עפ"י זכרון השומעים (בהתוועדויות שבימי החול - ע"פ "סרט הקלטה"), ואינן מוגהות ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א, ולכן אינם אלא על אחריות הרושמים בלבד, ואפשר שיש בהם טעויות ואי-הבנות.

ובמיוחד הדברים אמורים לגבי ה"הנחות פרטיות" שבהוצאה זו, שהיות ונרשמו ע"י אנשים פרטיים ולא עברו אפילו הגהה של בר סמכא, יתכן מאד שיש בהם טעויות הן בסגנון והן בהבנת הדברים.

* * *

תודתנו נתונה לכל אלו שמסרו את השיחות שבידם ע"מ לפרסמן, ולכל אלו שעזרונו בכל שלבי ההכנה לדפוס.

ויה"ר שנזכה להו"ל בקרוב את כל השיחות קודש, ע"פ התכנית המיוחלת, לרוות צמאונם של אחינו בנ"י בכל העולם כולו.

המוציאים לאור

יו"ד שבט, ה'תשמ"ו.

ברוקלין, נ.י.



1) ע"פ "מפתח מאמרים שיחות ומכתבים" שבעריכת הדה"ת י.י. שגלוב שי' (קה"ת, תשמ"א).

2) קטע ממוצאי ש"פ ויצא, קטע משיחת י"ט כסלו.

3) ולהעיר, לפעמים צויין בהשיחות ביחס לקטע מסויים "י"ל בפ"ע", והכוונה (בכמה מקומות) ללקוטי שיחות שצויינו ברשימה זו.

## מפתח

### וושל"ם וולק א'

## הוספה



* * *

## מפתח ענינים

### תשל"ט חלק א'

### יום ב' דר"ה



### מוצאי ש"פ וילך, שובה, ו' תשרי

## ליל שמחת תורה



## יום שמחת תורה

קטע משיחת מוצאי ש"פ בראשית

ענין איסור החזרת שטחים; הטעם בהסכמי קעמפ דייוויד; ריחוק השלום; פקו"נ; טעם הדיבור בזה.

מוצאי ש"פ חיי שרה מבה"ח כסלו



קטע משיחת מוצאי ש"פ חיי שרה

קנין מערת המכפלה ע"י אברהם, אחד מג' מקומות - חברון שכם ירושלים, שנקנו בכסף מלא והאומות מערערים עליהם; נגד החזרת שטחים; סיבת הכל - רגש נחיתות כלפי "גוי" וכלפי היצה"ר; מיהו יהודי; הסכמי קעמפ דייוויד; שלילת ההצעה שלירדן יהי' מעבר דרך ארץ ישראל לים התיכון; עדיין ניתן לתקן הכל.

מוצאי ש"פ ויצא, יו"ד כסלו

## קטע מוצאי ש"פ ויצא



## אור לי"ד כסלו

קטע מי"ט כסלו



מוצאי ש"פ וישב

שיחה א':



מוצאי ש"פ מקץ, שבת חנוכה

שיחה א':

## קטע מוצאי ש"פ מקץ



## אור לח׳ דחנוכה



## זאת חנוכה

* * *

ערב ראש השנה, ה׳תשל״ט:

דער אויבערשטער זאָל העלפן און ממלא זיין משאלות* לבב כל אחד ואחת לטובה, בטוב הנראה והנגלה, ובעגלא דידן ולמטה מעשרה טפחים,

אנהויבנדיק פון דער כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה, בגשמיות וברוחניות, ובגשמיות וברוחניות גם יחד.

און דאָס זאָל כולל זיין אַלע ברכות, וואָס יעדערע פון זיי הויבט זיך אָן מיט אַן אות פון כ״ב אותיות התורה,

אנהויבנדיק פון שנת אורה ביז שנת תשובה און שנת תפלה און שנת תורה,

און דעם ענין הכי גדול — שנת גאולה, גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו,

און ממלא זיין נאָך אין די לעצטע טעג פון גלות אַלע זאַכן וואָס זיינען געשריבן אין דעם פדיון, און אין אַלע פדיונות, בתוך פדיונות פון כללות עם ישראל, לטובה,

מתוך שמחה וטוב לבב, ולמטה מעשרה טפחים, ובמהרה בימינו ממש.

---

*) משאלות .. יהר: להעיר ש.בימים האלו .. צריך לדקדק ולפרש היטב תפלתו׳ (שו״ע אדה״ז האו״ח בתקפ״ב ס״ז).

בס"ד. שיחת יום ב' דר"ה ה'תשל"ס.     הנחת הת' בלתי מוגה

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

צוה לנגן ניגון שלש תנועות. ניגון אדמו"ר הזקן (אבינו מלכנו). ניגון אדמו"ר האמצעי. ניגון אדמו"ר הצ"צ (ימין ה'). ניגון אדמו"ר מהר"ש (לכתחילה אריבער). ניגון אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע (ניגון הכנה). הבינוני.

א. די טעג פון ר"ה זיינען דאך "כיומא אריכתא דמי", ד.ה. אז בידע טעג זיינען ווי איין לאנגער טאג, ווי עס ברענגט זיך אראפ אין שו"ע[1] בנוגע צו א דין בפועל.

און אין דערויף איז דא דער דיוק פון כ"ק מו"ח אדמו"ר אז די הדגשה איז - "כיומא אריכתא", וואס דער ענין פון "יומא" איז, ווי ס'שטייט[2] "ויקרא אלקים לאור יום", אז "יום" איז דער ענין פון "אור". און דאס איז די הדגשה פון "כיומא (אריכתא)", אז די טעג פון ר"ה זיינען אין אן אופן פון "אור".

[אלס א מאמר המוסגר: דערפאר זעט מען אויך אז אין דעם ערשטן ר"ה, יום ברוא אדה"ר, איז די לילה שלאח"ז (נאך דערויף וואס אדה"ר איז שוין באשאפן געווארן) געווען אין אן אופן פון "אור", ווי עס ברענגט זיך אראפ אין מדרש[3] אז "שלשים ושש שעות שמשה אותה האורה" - וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ר"ה איז ענינו דער ענין פון "אור"].

און דאס קומט אראפ אין א מנהג טוב בפועל - כידוע דער מנהג וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט איינגעפירט, אז אין די טעג פון ר"ה זאל מען ממעט זיין בשינה[4] - וויבאלד אז די טעג פון ר"ה זיינען אין אן אופן פון "יומא", דער ענין פון "אור".

ד.ה. אז דער דיוק הנ"ל אין "יומא (אריכתא)", איז ניט נאר אן ענין של דרוש רמז און סוד פון תורה, נאר ס'איז אן ענין וואס קומט אראפ אין א מנהג בפועל.

ב. האמור לעיל איז אן ענין וואס איז שייך (ובערך) לכאו"א, סיי צו אנשים און סיי צו נשים, ביז אפי' אויך צו קטנים - אויב נאר הגיע לחינוך, וואס דעמולט קען מען זיי מסביר זיין[5] די ענינים פון ר"ה, קען מען זיי אויך מסביר זיין אז די טעג פון ר"ה זיינען "יומא", דער ענין פון "אור".

אע"פ אז מצד "וועלט" זעט אויס אז אין די טעג פון ר"ה

- איז -

------------

1) טור או"ח רסת"ר. שו"ע אדה"ז שם ס"ג-ד. 2) בראשית א, ה. 3) ב"ר פי"ב, ו. 4) קובץ מכתבים לתהלים ע' 205.
5) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סשמ"ג ס"ג.

איז אויך דא דער ענין פון "לילה", און (ניט נאר מצד וועלט, נאר) אויך מצד דעם ענין פון מצוות

[וואס כללות ענין המצוות איז - אויף צו מתקן זיין די הנחות העולם, און מאכן פון זיי הנחות דקדושה]

זעט מען אז אין די טעג פון ר"ה איז דא דער ענין פון "לילה", ווארום ס'זיינען דא מצוות און ענינים וואס מ'דארף זיי טאן דוקא אין די לילה פון ר"ה - - -

פונדעסטוועגן, דער כללות הענין פון ר"ה (הוץ פון די פרטים) איז - דער ענין פון "יומא", דער ענין פון "אור".

וכאמור, אז דאס איז אן ענין וואס איז שייך לכל אחד ואחת, ביז אפי׳ צו קטנים שהגיעו לחינוך.

ג. ובפרט בדורנו זה וואס מ'האט זוכה געווען אז די הוראות פון כ"ק מו"ה אדמו"ר (כולל אויך די הוראה הנ"ל (ס"א) אז בר"ה זאל מען מכעט זיין בשינה) זאלן נתפרסם ווערן,

און דער פרסום איז אין אן אופן אז ס'איז מוסיף והולך און איז כובש די גאנצע וועלט.

וואס דאס איז די הוכחה אז דאס איז פון די ענינים אין קדושה וועלכע זיינען כובש די גאנצע וועלט - ביז אז דאס ווערט די הכנה אויף צו מקבל זיין פני משיח צדקנו.

וואס אין דערויך איז רער דיוק "פני משיח צדקנו" - די פנימיות פון משיח צדקנו:

נוסף אויף דערויף וואס בביאת משיח צדקנו וועט בטל ווערן דער ענין פון שעבוד מלכיות - איז דא דער פנימיות הענין וואס וועט זיך אויפטאן בביאת משיח צדקנו, וואס דער ענין פון ביטול שעבוד מלכיות איז מערניט ווי א תנאי און א הכנה דערצו.

וואס דאס איז וואס דער רמב"ם⁶ איז מבאר אז דאס וואס "נתאוו החכמים והנביאים (ועד"ז "כל ישראל") ליבות המשיח", איז "לא כדי שישלטו על כל העולם כו׳", נאר "כדי שינוחו ממלכיות שאינן מניחות להן לעסוק בתורה ובמצווה" און "שיהיו פנויין בתורה וחכמתה".

וואס דאס איז דער פנימיות הענין וואס וועט זיך אויפטאן בביאת משיח צדקנו - אז אידן וועלן קענען מוסיף זיין נאכמער אין תומ"צ, ביז אז "ישיגו דעת בוראם כפי כח האדם",

- וואס -

------------

6) הל׳ תשובה פ"ט ה"ב. הל׳ מלכים פי"ב ה"ד.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

וואס דאס איז דער ענין פון לימוד תורת החסידות - "דע את
אלקי אביך"[7].

וואס דער ענין פון "ישיגו דעת בוראם", דער לימוד פון
תורת החסידות, הויבט זיך שוין אן קודם ביאת משיח צדקנו -
כמדובר כמ"פ[8] אז בערב שבת לאחרי חצות דארף זיין דער ענין
פון "טועמי׳ חיים זכו"[9], ווי דער אלטער רבי שרייבט אין
זיין שו"ע[10] (געגומען פון מג"א וכו׳) אז מ׳דארף טועם זיין
"ככל הבשיל ותבשיל" (און יעדערער דארף טועם זיין "מכל
הבשיל והבשיל", אנשים נשים וטף).

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס בדורות אלו,
בשנים אלו, ביז בימים אלו, ווערן נתגלה די מנהגים און
הוראה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - וואס דאס ווערט די הכנה צו
קבלת פני משיח צדקנו.

און ס׳איז פארשטאנדיק אז מ׳האט די נהינה כח אויף צו
דורכפירן די אלע ענינים האמורים כדבעי, ניט געמאטערטערהייד,
געצייטערהייד און ניט פארשטייענדיק, נאר אין אן אופן פון
שמחה וטוב לבב, כמש"נ[12] "עבדו את ה׳ בשמחה", וואס דאס ווערט
דורך דעם וואס כ׳טוט די אלע ענינים מתוך הבנה והשגה, ביז
אז די הבנה והשגה איז עד כדי כך אז דאס ברענגט אים צו
שמחה של מצוה.

ד. דער ענין פון "יומא אריכתא" איז דאך אויך כפשוטו, אז
די צוויי טעג פון ר"ה זיינען ווי איין לאנגער טאג - וואס
סיומו איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב[13].

וואס דאס קומט בהמשך להמדובר אשתקד[14] וועגן דער
קביעות פון ר"ה ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, וואס ענינו
איז - "טוב לשמים וטוב לבריות"[15].

און דאס קומט אויך בהמשך להמדובר אין דער לעצטער
התוועדות פון שנה שעברה[16] וועגן דערויף וואס מ׳דארף משלים
זיין אלע ענינים וואס עס האבן געפעלט במשך השנה, און אויך
אין די שנים שלפנ"ז,

- לויט -

------------

7) דה"א כח, ט. וראה קו"א קנו, ב. 8) ראה גם לקו"ש
וישלח-י"ט כסלו תשל"ז ס"ב. 9) ראה פע"ח שי"ח רפ"ג. שעה"כ
ענין טבילה ע"ש. 10) או"ח סר"נ ס"ח. 11) שם סוסק"א.
12) תהלים ק, ב. וראה רמב"ם סוף הל׳ לולב. 13) ראה פרש"י
בראשית שם, ז. 14) שיחה יום ב׳ דר"ה וש"ש - נדפסה בלקו"ש
חי"ד ע׳ 369 ואילך. 15) קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשית
לג, ב. משפטים ע׳ א׳קנז. ועוד. 16) שיחת מוצאי ש"פ נצבים
בתחלתה.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

לויט בײדע פירושים וואס זײנען דא אין דערויף[17]: דער ענין פון השלמה, און דער ענין פון שלימות - וואס דאס זײנען די צוויי ענינים פון "די מחסורו אשר יחסר לו"[18], און דאס וואס "אתה מצווה להעשירו"[19], וואס דוקא דעמולט איז דא אמיתית ענין השלימות.

ובפרט נאך דערויף וואס עס איז שוין נתמלא געווארן דער ענין פון "די מחסורו אשר יחסר לו", ווײבאלד אז בר"ה האבן אידן זוכה געווען בדין - ווארום שוין בערב ר"ה ווײסן אידן אז זײ וועלן זוכה זײן בדין[20], ועאכו"כ נאך דערויף וואס מ׳האט שוין זוכה געווען בדין <u>בפועל</u> אין דעם טאג פון ר"ה.

און ווײבאלד אז עס רעדט זיך וועגן אידן, וואס יעדער איד איז בן אברהם יצחק ויעקב און בת שרה רבקה רחל ולאה, איז פארשטאנדיק אז דער אויבערשטער דארף זײ געבן אלץ וואס זײ דארפן האבן,

ביז ווי די משנה[21] זאגט אז "אפילו אם אתה עושה להם כסעודת שלמה בשעתו לא יצאת ידי חובתך עמהן", דערפאר וואס יעדער איד איז בן אברהם יצחק ויעקב און בת שרה רבקה רחל ולאה, און "תחת אבותיך יהיו בניך"[22], ער שטײט במקום המוריש[23] [וואס דאס איז אן ענין וואס ברענגט זיך בנוגע להלכה אין דיני ממונות - וואס אין דיני ממונות רעכנט זיך הורה אפי׳ מיט "מנהג ההגרים"].

וואס דאס איז אלץ וואס עס דארף זײן מצד דערויף וואס מ׳דארף אים געבן "די מחסורו אשר יחסר לו" - און דערנאך קומט צו דער ענין וואס "אתה מצווה להעשירו".

ובלשון הברכה פון רבותינו נשיאינו - א כתיבה והתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה, סײ אין ענינים רוחניים און סײ אין ענינים גשמיים, וואס דאס איז דער ענין פון "שמים" און "בריות" ווי דאס איז בײ א אידן - נפש און גוף, אז דאס קומט אראפ אויך אין ענינים גשמיים,

בדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו שמחת יו"ט, אז ס׳איז ניט גענוג די שמחה רוחניות, נאר עס דארף אראפקומען אויך אין ענינים גשמיים, ביז אז "אין שמחה אלא בבשר" און "אין שמחה אלא ביין"[24],

- ובפרט -

------------

17) ראה בארוכה מכתב ח"י אלול תשל"ז. 18) ל׳ הכתוב - ראה טו, ח. 19) פרש"י עה"פ. כתובות סז, ריש ע"ב. 20) טור או"ח סו"ס תקפא. 21) ב"מ כט, א. פג, א. 22) ל׳ הכתוב - תהלים מה, יז. וראה ב"ב קנט, רע"א. 23) ראה שו"ת צ"פ דווינסק ח"א סקי"ח. מילואים יג, א. 24) פסחים קט, א.

<u>הנחה הת׳ בלתי מוגה</u>

ובפרט בנוגע צו ר"ה - ווי דער אלטער רבי[25] ברענגט אראפ פון הגהות מיימוניות[26] אז דער דין ומשפט פון ר"ה קומט אראפ ביז אין ענינים גשמיים, ואדרבה, דער עיקר הדין ומשפט איז בנוגע צו ענינים גשמיים, ווי מ׳זעט דאס אין די בקשות והפלות פון ר"ה.

וואס דאס איז דער ענין פון "שמים" און "בריות" ווי דאס איז ביי א אידן - ועד"ז אויך דער ענין פון "שמים" און "בריות" כפשוטו (כדלקמן).

ה. דער ענין פון "בריות" (כפשוטו) איז כולל אויך די אוה"ע - וואס אויף זיי איז אויך דא דער דין ומשפט בר"ה, ווי מ׳זאגט אין די תפלות פון ר"ה "ועל המדינות בו יאמר", און "וכל באי עולם יעברון לפניך כבני מרון" -

זיינען זיי אויך זוכה בדין - אז זיי זאלן אויספירן הפקידים ארויסהעלפן אידן טאן עבודתם אין קיום התומ"צ,

ווארום "כאו"א חייב לומר בשבילי נברא העולם"[27], הורה זאגט אז יעדער איד האט א חיוב צו זאגן אז "בשבילי נברא העולם", אז אלע מלוכות און אלע מדינות זיינען באשאפן געווארן צוליב אידן -

זיינען אוה"ע זוכה בדין אז זיי זאלן ממלא זיין תפקידם, ארויסהעלפן א אידן ממלא זיין תכלית בריאתו וואס "אני נבראתי לשמש את קוני"[28], ער זאל קענען מקיים זיין תומ"צ בתכלית השלימות.

און אין דעם באשטייט דאס וואס אוה"ע זיינען זוכה בדין - אז זיי וועלן ממלא זיין תפקידם ארויסהעלפן יעדער אידן, עאכו"כ א קיבוץ פון אידן, און א קיבוץ גדול פון אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחריה שנה"[29].

וואס דער ענין פון א"י איז פארבונדן מיט דעם ענין פון ר"ה - ווארום בר"ה ווערט אויפגעטאן (אין ספירות) דער ענין פון בנין ספירת המלכות, וואס דאס איז פארבונדן מיט אידן, כמבואר אין קבלה און אין חסידות[30] אז ישראל און מלכות איז חד הוא, וויבאלד אז "כל ישראל בני מלכים"[31] -

- און -

---

25) לקו"ת ר"ה נט, ב. 26) לרמב"ם הל׳ תשובה רפ"ג (בשם הרמב"ן). 27) סנהדרין לז, סע"א בכשנה. 28) קידושין בסופה. 29) עקב יא, יב. 30) ראה זהר"ג קצז, א. פרדס שער ערה"כ ע׳ כנס"י. ועוד. 31) שבת סז, א. וש"נ. וראה שערי זהר לשם. וש"נ.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

און דערפון ווי דאס איז אין שנה און נפש, קומט דאס אויך אראפ אין עולם, וואס דאס איז דער ענין פון א"י, וואס א"י איז דאך "זה שער השמים"[32], "איהו תרעא לאעלא"[33].

ו. וואס דאס איז בדוגמא ווי עס וועט זיין לע"ל דער ענין פון "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[34], און "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[35], און ווי געבראכט פריער (ס"ג) פון רמב"ם אז דאס וואס "נתאוו כל ישראל נביאיהם וחכמיהם לימות המשיח" איז "כדי שינוחו ממלכיות שאינן מניחות להן לעסוק בתורה ובמצוות" און "שיהיו פנויין בתורה וחכמתה", ואדרבה: אוה"ע וועלן זיי נאך ארויסהעלפן אין דעריף.

און אזוי וועט שוין זיין אין די לעצטע טעג פון זמן הגלות - אז אוה"ע וועלן זיין מקבל מלכותם פון אידן ברצון, וויבאלד אז זיי וועלן דערהערן אז דאס איז טובתם בגשמיות.

וכאמור - אז מ'האט א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה, ביז צו דער ברכה העיקרית - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, והוא יגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

ז. בהמשך צו דעם וואס מ'האט ערשט געזונגען די ניגונים פון רבותינו נשיאינו, אנהויבנדיק פון די שלש תנועות פון דעם בעש"ט, דער מגיד און דער אלטער רבי, און די ניגונים פון דעם אלטן רבי'ן, פון מיטעלן רבי'ן, פון צ"צ, פון רבי'ן מהר"ש, פון רבי'ן נ"ע, און פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו,

וכידוע דער ביאור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[36] בנוגע צו דעם ענין פון א ניגון - אז נוסף אויף דעריף וואס עס שטייט אין ירושלמי[37] אז ווען מ'זאגט איבער א מאמר איז "יהא רואה בעצמו כאילו בעל השמועה עומד לפניו", איז ווען עס רעדט זיך וועגן א ניגון, איז דאס נאכמער ווי מ'זאגט איבער א מאמר אין הלכה און אגדה וכו' - וויבאלד אז דאס איז זיינער א ניגון, אדער א ניגון וועלכן ער האט מחבב געווען, ביז וואנעט אז ער האט געוואלט אז עס זאל אנגערופן ווערן על שמו -

וואס דערפאר זאל מען איצטער זינגען דעם ניגון "אתה בחרתנו".

- און -

------------

32) ל' הכתוב - ויצא כח, יז. 33) זה"א קמט, ב (ב"סתרי תורה"). 34) צפני' ג, ט. 35) ישעי' מט, כג. 36) ראה ספר התולדות אדה"ז ע' רפו. 37) שבת פ"א ה"ב. קידושין פ"א ה"ז.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

און ווי גערעדט אמאל באריכה[38] אז אין דעם ניגון זיינען דא צוויי פאלן: דער פאל וואס איז פארבונדן מיט עבודת הצדיקים, און דער פאל וואס איז פארבונדן מיט עבודת הבע"ת – וואס אלע אידן זיינען דאך צדיקים, און נאך דער עבודה פון חודש אלול, ווען מ'האלט אין די טעג פון עשי"ה, זיינען אידן אויך בע"ה.

און עס ווערט מקוים דער פס"ד הרמב"ם[39] "הבטיחה תורה שסוף ישראל לעשות תשובה בסוף גלותן",

וואס מ'דארף דאך ניט האבן קיין גרעסערע ראי' אז מ'האלט שוין "בסוף גלותן" דערפון וואס די גמרא[40] זאגט אז ס'איז שוין "כלו כל הקיצין",

און דעמולט איז "מיד הן נגאלין" – אין אן אופן פון "מיד", ווי דער שיעור פון "מיד" איז אין לשון פון בשר ודם.

ניגנו הניגון אתה בחרתנו (הבבא דצדיקים – ג"פ, והבבא דבע"ת – ב"פ).

* * *

ח. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה יבחר לנו את נחלתנו.

* * *

ט. בהמשך להאמור לעיל אז די צוויי טעג פון ר"ה זיינען "יומא אריכתא", און סיומם איז אין דעם טאג וואס מ'זאגט אין דעם שיר של יום "היום יום שלישי בשבת", וואס ענינו איז אז "הוכפל בו כי טוב", "טוב לשמים וטוב לבריות" –

איז כאן המקום דערמאנען נאכאמאל (וויבאלד אז מפקחין על צרכי ציבור אפי' בשבת ויו"ט[41]) דאס וואס מ'האט גערעדט בשנה שעברה[14] (און מ'האט דאס איצטער אפגעדרוקט נאכאמאל), אז מ'זאל ארויסהעלפן יעדערן (וואס דארף דערצו אנקומען) ער זאל האבן אלע צרכים פון חודש תשרי,

סיי פאר דעם חצי הראשון פון חודש תשרי – ר"ה, ערב יוהכ"פ און מוצאי יוהכ"פ, און סיי אויף די ימים טובים שלאח"ז – סוכות, שמע"צ און שמח"ת.

וכלשון הכתוב[42] (בנוגע צו ר"ה) "אכלו משמנים ושתו ממתקים ושלחו מנות לאין נכון לו", וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[43] – אז מ'דארף שיקן "מנות" צו די וואס האבן

- ניט -

---

38) שיחה שבת בראשית השכ"א. 39) הל' תשובה פ"ז ה"ה. 40) סנהדרין צז, ב. 41) ראה שבת קנ, א. שו"ע אדה"ז או"ח סש"ו סי"ב. 42) נחמי' ח, י. 43) שבת סג, א. וש"נ.

ניט, כדי אז בא זיי זאל אויך זיין "אכלו משמנים ושתו ממתקים". וואס אזוי האט זיך אויך געפירט דער פרי הדש[44].

און ווי גערעדט וועגן דערויף פאראיארן בארוכה - ע"כ אז מ׳זאל זיך אין דערויף כתבונן זיין, און דערפון זאל ארויסקומען א ההלכה טובה.

י. און אע"פ אז מ׳האלט שוין אין דעם סיום פון ר"ה - קען מען טאן אין דעם ענין פון "שלחו מנות לאין נכון לו" אויך בנוגע צו ר"ה:

ס׳איז א זיכערע זאך אז יעדער איד האט מקיים געווען בר"ה דעם ציווי פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים", אפי׳ אויב "אין נכון לו", כמחז"ל[45] [וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע שלו הל׳ שבה[46] אלט פכ"ד] אז בנוגע צו הוצאות שבה ויו"ט זאגט דער אויבערשטער "לוו עלי ואני פורע"[47].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעה ער שיקט אים בסבר פנים יפות נאך ר"ה כדי ער זאל קענען באצאלן דאס וואס ער האט געליען אויף דעם ענין פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים" - פארשפארט ער דעם אויבערשטן דעם "אני פורע" (וואס דאס איז א התחייבות וואס דער אויבערשטער האט, דערפאר וואס ער האט געזאגט "לוו עלי ואני פורע"), און ער ווערט "מלוה ה׳ חונן דל"[48].

און וויבאלד אז ס׳איז גלוי וידוע למעלה אז עס וועט אזוי זיין - איז דאס א סימן טוב אז במשך כל השנה כולה וועט ער ניט דארפן אנקומען צו מתנת בו"ד ח"ו, אע"פ אז בנוגע צו ר"ה האט ער געדארפט אנקומען צום "לוו עלי ואני פורע" - ווארום דאס איז ניט דערפאר וואס ער דארף אנקומען צו מתנת בו"ד, נאר ס׳איז כדי צו מזכה זיין א צווייטן אידן ביי אים זאל זיין דער ענין פון "מלוה ה׳ חונן דל".

און דורך דעם ענין פון "מלוה ה׳ חונן דל", באקומט ער א שכר מיוחד - אז נוסף אויף דעם וואס דער אויבערשטער דארף אים געבן אלץ וואס ער דארף האבן אין בני חיי ומזוני, וויבאלד אז ער איז בן אברהם יצחק ויעקב און בת שרה רבקה רחל ולאה, גיט אים דער אויבערשטער נאכמער דערפון, מצד דעם ענין פון "מלוה ה׳ חונן דל".

יא. ובנוגע לפועל:

- די -

------------

44) פר"ח או"ה סו"ס תקפא (נעתק בלקו"ש שם ע׳ 371 הע׳ 22). 45) ביצה טו, סע"ב. 46) סרכ"ב ס"ג. 47) ראה גם לקו"ש בשלח השל"ח ס"ט. 48) משלי יט, יז.

הנחה הח׳ בלתי מוגה

די אלע וואס ווייסן אז ס'איז דא איינער וואס "אין נכון לו", ער האט ניט אויף צרכי החג

[און די וואס ווייסן ניט - זאלן זיי זיך נאכפרעגן און דעמולט וועלן זיי וויסן, און זיי דארפן זיך נאכפרעגן ווייל דורך דערויף וועט בא זיי צוקומען אין דער כהיבה והחימה טובה],

זאל מען אים באזארגן מיט אלע זאכן וואס מ'דארף האבן כדי אז ס'זאל זיין דער "אכלו משמנים ושתו ממתקים".

ועד"ז בנוגע צו די וואס האבן געמאן דעם "לוו עלי" אויף הוצאות החג - אז מ'זאל זיי געבן אז זיי זאלן קענען באצאלן די הלואה.

און דעמולט וועט דער אויבערשטער מקיים זיין הבטחתו, אז "ארבע הידות תהי' לכם", דורך דעם וואס מ'גיט "החמישית"[49], וואס דאס איז א ברכה אין אן אופן פון מדידה והגבלה,

ועאכו"כ - ברכתו של הקב"ה וואס די איז למעלה פון אלע מדידות והגבלות, אין אן אופן פון "עד בלי די"[50].

יב. האמור לעיל איז א חלק פון "מבצע צדקה" - און דערפאר בהמשך לזה איז כאן המקום מעורר זיין וועגן אלע "מבצעים":

אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל", וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו ר"ה, ווארום בר"ה בעטן זיך אידן (און זיי פירן אויס) אז ס'זאל זיין "יבחר לנו את נחלתנו"[51], וואס דאס איז די אהבה פון דעם אויבערשטן צו אידן - און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "אהבת ישראל" פון אידן, וויבאלד אז באתעדל"ת אתעדל"ע.

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע חינוך" - וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון ר"ה, ווארום עיקר ענין החינוך איז בנוגע צו א קטן, און ס'איז ידוע תורה הה"מ[52] אויף "במיס[53] נמלך בנשמותיהן של צדיקים"[54], אז דאס איז בדוגמת האב וואס איז זיך מצייר צורת בנו הקטן וכו' [וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס "כי נער ישראל ואוהבהו"[55]], און גיט אים אלץ וואס ער דארף האבן - וואס דאס גייט אדייך

- אין -

------------

49) ל' הכתוב - ויגש מז, כד. וראה לקו"ת שה"ש ו, ד ואילך. 50) ל' הכתוב - מלאכי ג, י. וראה שבה לב, סע"ב. 51) ל' הכתוב - תהלים מז, ה. 52) או"ה ב, ג. 53) ב"ר פ"ח, ז. רות רבה רפ"ב. 54) ראה ד"ה מים רבים דמוצאי ש"פ נח ש.ז. הע' 44. 55) ל' הכתוב - הושע יא, א. וראה ד"ה כי נער ישראל תרס"ו (המשך תרס"ו ע' תקנ ואילך).

הנחת הת' בלתי מוגה

אין דעם ענין החינוך, ווארום דורך דעם וואס ער גיט אים כל טוב, פירט ער זיך כדבעי.

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע תורה" - וואס פון תורה ווייסט מען אלע ענינים האמורים לעיל, ועד"ז כל הענינים.

און דערפון קומט דאס אראפ אין "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "ביה מלא ספרים - יבנה וחכמי׳",

און אויך די מבצעים וואס זיינען איבערגעגעבן געווארן צו "עקרת הבית", וואס יעדער עקרת הבית איז א "מלכה" בביה [וואס דאס איז פארבונדן מיט ספירת המלכות, וואס בר"ה איז בנין ספירה המלכות - וכמבואר בכ"מ בארוכה אז ר"ה איז פארבונדן מיט די אשה הראשונה וואס דאס איז חוה] - וואס דאס זיינען די ג׳ מצוות וואס זייער ר"ת איז "חנה"[56]:

דער ענין פון "חלה" - וואס דאס איז פארבונדן מיט כשרות האכו"ש, דער ענין פון "נדה" - וואס דאס איז פארבונדן מיט טהרת המשפחה, און דער ענין פון "הדלקת הנר" - נרות שבת ויו"ט.

וואס אין דערויף איז אויך דא א סגולה מיוחדה - אז אויב ס׳איז דא א בת ישראל וואס שטייט אין א מעמד ומצב אז "להנה אין ילדים"[57], זאל ביי איר ווערן דער ענין פון "עקרה ילדה שבעה"[58] -

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט ר"ה, וויבאלד אז "בר"ה נפקדה שרה רחל וחנה"[59], און נאך צדקניות בישראל[60], וואס יעדער אידישע טאכטער איז א צדקניה, ביז וואנעט אז זי ווערט אנגערופן בת שרה רבקה רחל ולאה (ווי מ׳זאגט אין דעם נוסח פון "מי שברך").

יג. ובנוגע לפועל:

יעדערער זאל טאן אין די אלע מבצעים, און טאן אין אן אופן פון "אלה תולדות פרץ"[61], אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה,

וואס דאס וועט ברענגען דעם "עלה הפורץ לפניהם"[62] - דער "מבצע" פון דעם אויבערשטן - די גאולה האמיתית והשלימה,

- אז -

------------

56) מגלה עמוקות עה"ת פ׳ שלח ד"ה ג׳ מצוות (בשם הגהות מיימוניות). 57) ש"א א, ב. 58) שם, ה. 59) ברכות כט, א. וש"נ. 60) ראה זח"ב כד, סע"א ואילך. 61) רות ד, יח. 62) ל׳ הכתוב - מיכה ב, יג. וראה ב"ר פפ"ה, יד.

אז ישלח משיח צדקנו בקרוב ממש, ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו,

און איך אן אופן פון "ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ"י"[63], אז עצמות ומהות וועט נעמען יעדער אידן פארן האנט[64], און וועט אים ארויסנעמען פון דעם גלות, און וועט גיין צוזאמען מיט אים אין אה"ק ת"ו במהרה בימינו ע"י משיח צדקנו.

און נאך פאר דערויף וועלן אידן האבן גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' בשלימות, צוזאמען מיט שלימות פון עם ישראל, אז קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות[65],

צוזאמען מיט שלימות התורה, אז מתוך שמחה והרחבה וועט מען לערנען סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה, ווי דער רמב"ם זאגט אז נבראים וועלן משיג זיין "דעת בוראם כפי כח האדם",

ביז אין אן אופן פון "כולם ידעו <u>אותי</u>"[66], כמבואר אין קבלה און אין חסידות אז ס'וועט זיין די התחברות ("ידעו") מיט "אותי", עצמות ומהות, וואס דאס ווערט דורך דעם ענין פון לימוד התורה,

כידוע דער פתגם פון דעם רבי'ן נ"ע[67] אז "אילו ידעתיו הייתיו"[68], און ער האט געזאגט[69] אז ווען ער לערנט לקו"ת, איז דעמולט "ידעתיו הייתיו",

וואס וויבאלד אז מ'האט דאס אונז דערציילט, און דורך אונז - אויך צו די אלע וואס מ'וועט זיי דאס איבערגעבן - איז דערפון די הוכחה אז דאס איז א הוראה און א נתינת כח צו יעדער אידן בעבודתו בכלל, ובפרט אין דעם ענין, און טאן דאס מתוך שמחה וטוב לבב.

און דאס וועט ממהר זיין דעם קיום היעוד פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"[70] אין די לעצטע טעג פון גלות, דורך "יפוצו מעינותיך חוצה" - ביז צום "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים" וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, ווי דער רמב"ם זאגט אין דעם סיום וחותם פון הל' מלכים, דער סיום וחותם פון ספרו "יד החזקה" וואס ווערט אויך אנגערופן "משנה תורה",

- בקרוב -

---

63) ישעי' כז, יב. 64) ראה פרש"י עה"פ נצבים ל, ג. 65) ראה לקו"ש חי"א ע' 1 ואילך. 66) ירמי' לא, לד. 67) סה"ש תו"ש ע' 191. 68) ס' העקרים מ"ב ספ"ל. פי' אברבנאל למו"נ ח"א פנ"ד. עה"ת תשא לג, ב. מדרש שמואל פ"ו מ"ז. 69) ראה סה"ש תש"ה ע' 85. תש"ג ע' 63. 70) ישעי' יא, ט.

<u>הנחה התי' בלתי מוגה</u>

בקרוב ממש, למטה מעשרה טפחים, ומתוך שמחה וטוב לבב.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעיה פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

* * *

(כשהכריזו אודות הסדר דחלוקת "כוס של ברכה", אמר כ"ק אדמו"ר שליט"א:)

אזוי ווי מ׳האט גערעדט פריער אז ס׳זאל זיין די ברכה "עד בלי די", אן קיינע מדידות והגבלות - ווערן בטל ומבוטל אלע הגבלות (מיט אלע לשונות וואס מ׳זאגט אין דער תפלה הידועה), און די אלע וואס ווילן - קענען צוגיין נעמען "כוס של ברכה", און דערמיט וועלן זיי גורם זיין נחת רוח און הטבת הבריאות,

און דעם קס"ד - איז מען מפר ועוקר מלכתחלה, און אין בו ממש כלל וכלל.

און יעדער איד, בתוככי כלל ישראל, וועט זיין געזונט בגשמיות וברוחניות, און וועט קענען טיילן ברכות און השפעות און הצלחות ביד רחבה, ביז אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה.

(ואח"כ אמר:) אין דערויף איז ניטא קיין ענין של קפידא אויף קיינעם, אויף דעם ועד צי יענעם ועד, ווארום ס׳איז געווען כוונתם רצוי׳ - אבער אע"פ אז כוונתם רצוי׳, קען אבער זיין אז אין מעשה זאל דאס ארויסקומען ניט באופן הרצוי (וואס דאס איז גאר א לשון וואס שטייט אין כוזרי[71], מיט די גאנצע אריכות וואס איז דא אין דעם[72]).

און די אלע מרה-שחורה׳ניקעס, וואס דערפון קומט ביי זיי ארויס דער צמצום און פארקוועטשקייט - זאלן זיי דאס אויסנוצן אויף התמדה ושקידה אין לימוד התורה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר[73] אז דער טבע פון א מרה-שחורה׳ניק איז אז ער איז א מתמיד אין לימוד התורה.

און ביי אלע אידן, כולל אויך דעם בעל המכריז, זאל ווערן א הרחבה אין לימוד התורה און קיום המצוות.

ברך ברכת המזון. תפלת ערבית.

קודם הבדלה אמר: אזוי ווי ס׳איז ניטא וואס צו היילן זיך, זאל ניט זיין קיינע שטופעניש, און יעדערער וואס וועט

- וועלן -

---

71) מאמר א׳ בתחלתו. 72) ראה מפרשי הכוזרי שם.
73) תניא פט"ו (כא, א).

וועלן, וועט קענען צוגיין נעמען כוס של ברכה מתוך מנוחה ושמחה וטוב לבב.

אחר הבדלה אמר: אזוי ווי ס׳איז דאך "אתם נצבים היום כולכם", וואס דאס איז כולל אויך "נשיכם" און "טפכם", ווי מען געבן פון כוס של ברכה אויך פאר די נשים - זאל איינער צוגיין און מ׳וועט אים געבן כוס של ברכה אויף צו פאנאנדער-טיילן אין עזרת נשים.

(כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן להרב י. וו. מכוס של ברכה לחלק לנשים).

כ"ק אדמו"ר שליט"א תילק לכאו"א כוס של ברכה.

לאחרי חלוקת כוס של ברכה אמר: אויב ס׳זיינען דא אזוינע וואס מ׳האט זיי ניט געלאזט נעמען כוס של ברכה - זאלן זיי צוגיין און נעמען צוויי מאל.

(אחרי שנגש א׳ - אמר כ"ק אדמו"ר שליט"א:) אויב ס׳זיינען דא נאך אזוינע נאכפאלגערס - זאלן זיי צוגיין און נעמען דריי מאל.

טרם צאתו אמר: אזוי ווי מ׳גייט זיך אפרוהען ביז דעם קומענדיקן פארברייינגען - זאל זיין "כי בשמחה תצאו ובשלום תובלון"[74], און ס׳זאל זיין א חתימה און גמר חתימה טובה לשנה טובה ומתוקה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

*  *  *

---

74) ישעי׳ נה, יב.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ וילך, שבת שובה, ו' תשרי ה'תשל"ס.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט "שבת שובה" - איז פארשטאנדיק, אז דער תוכן פון דער התוועדות דארף זיין פארבונדן מיט די ענינים פון שבת שובה, וואס כללותם איז דער ענין התשובה.

עס איז אבער דא נאך אן ענין אין שבת שובה:

בנוגע צו יום השבת שטייט אין זהר[1] אז "מיני' מתברכין כולהו יומי", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די טעג וואס קומען נאך שבת שובה, זיינען "מתברכין" פון שבת שובה.

און וויבאלד אז צווישן די טעג וואס קומען נאך שבת שובה איז אלעמאל אויך דא דער טאג פון יוהכ"פ - קומט אויס אז שבת שובה בענטשט דעם טאג פון יוהכ"פ, אז אלע ענינים פון יוהכ"פ זאלן אויפגעטאן ווערן בהצלחה,

וואס ענינו פון יוהכ"פ איז - דער ענין התשובה (כשמו - "יום הכפורים", אן ענין של כפרה), ווי דער רמב"ם[2] זאגט "אע"פ שהתשובה והצעקה יפה לעולם, בעשרה הימים שבין ר"ה ויוהכ"פ היא יפה ביותר ומתקבלת היא מיד", און דערנאך איז ער ממשיך[3] אז "יום הכפורים הוא זמן תשובה לכל . . והוא קץ מחילה וסליחה לישראל" -

איז דא אן ענין אין שבת שובה וואס ער בענטשט דעם טאג פון יוהכ"פ, אז ס'זאל זיין נאכמער הצלחה אין אלע ענינים פון יוהכ"פ.

וואס עפ"ז קומט אויס א דבר חידוש (אז שבת שובה בענטשט דעם טאג פון יוהכ"פ) - וואס אע"פ אז לע"ע האב איך נאך ניט געפונען אז ס'זאל אזוי שטיין בפירוש, איז דאס אבער פארשטאנדיק בפשטות, לויטן כלל אז יעדער שבת בענטשט די ימים הבאים לאחריו,

און וויבאלד אז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[4], יעדער טאג האט זיין עבודה מיוחדת - איז פארשטאנדיק אז די ברכה וואס דער טאג באקומט פון יום השבת, דארף באשטיין לכל לראש אין דעם "עבידתי'" (די עבודה מיוחדת) פון דעם טאג, ובעניננו - אין דעם ענין המיוחד פון יוהכ"פ.

ב. לכאו' איז ניט פארשטאנדיק - וואס איז שייך צו אויפטאן נאך א ברכה אין יוהכ"פ:

- אויף -

------------

1) ח"ב סג, ב. פח, א. 2) הל' תשובה פ"ב ה"ו. 3) שם ה"ז. 4) זח"ג צד, ב.

אויף יוהכ"פ זאגט מען דאך אז "עיצומו של יום מכפר"[5], וואס דאס איז דער גרעסטער ענין אין תשובה וואס עס קען נאר זיין - ווארום ווי הויך ס'זאל נאר זיין דרגת התשובה וואס ווערט אויפגעטאן ע"י עבודת האדם, קומט צו ביוהכ"פ די כפרה וואס איז פארבונדן מיט (דער תשובה פון) "עיצומו של יום".

וואס דאס איז א טאג וואס ווערט אנגערופן בפי כל ישראל (וואס "מנהג ישראל תורה הוא"[6]) "יום הקדוש", און אין תורה ווערט ער אנגערופן[7] "אחת בשנה".

און ווי הוס'[8] טייטשט אפ "עד אחת" אז דאס איז דער ענין פון "יחידה", ד.ה. ניט נאר אז דער טאג איז אויסגע-טיילט בענינים, נאר ס'איז אין אן אופן פון "יחיד".

וואס "יחיד" איז נאכמער פון "אחד" - ווארום בשעת מ'זאגט "אחד", קען מען דערנאך זאגן "שני" (ע"ד ווי ס'שטייט בא מעשה בראשית "יום אחד" און דערנאך שטייט "יום שני"), וואס דערפאר דארף מען שולל זיין אז "יש אחד ואין שני גו' לו"[9], ווארום עס קען זיין "אחד" אין אן אופן אז ס'איז דא "שני לו"; משא"כ ווען מ'זאגט "יחיד", וואס דעמולט איז ניט שייך צו זאגן אז ס'איז דא "שני", ווארום ער איז יחיד ומיוחד[10].

איז וויבאלד אז ביוהכ"פ אז "עיצומו של יום מכפר", "עיצומו" פון א טאג וואס איז "אחת בשנה", אין אן אופן פון "יחיד" - איז וואס קען שוין צוקומען אין רעדויף דורך דער ברכה פון שבת שובה?

ג. וי"ל דער ביאור בזה בדרך אפשר:

כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דערציילט[11] אז "הוד כ"ק אאמו"ר הרה"ק האט געפרעגט דעם זיידן הוד כ"ק אאזמו"ר הרה"ק צמח צדק, וואס איז שבת תשובה, האט ער אים געענטפערט: א שבת'דיגע תשובה".

[וואס אע"פ אז דאס האט דער צ"צ געזאגט זיין אייניקל ווען ער איז נאך געווען בימי הקטנות שלו - איז דאך אבער "בוצין בוצין מקטפי' ידיע"[12], והראי', אז דערנאך האט ראס א נשיא בישראל איבערגעגעבן און מפרסם געווען, ביז אז ער האט געהייסן מ'זאל דאס אפדרוקן].

- וואס -

---

5) שבועות יג, א. וש"נ. רמב"ם פ"א ה"ג. 6) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 7) תצוה ל, י. אחרי טז, לד. 8) ד"ה עד אחת - מנחות יח, א. 9) ל' הכתוב - קהלת ד, ח. 10) ראה אמ"ב שער הק"ש פ"ח. ועוד. 11) סה"ש תש"ד ע' 8. סה"מ תש"ט ע' 36. 12) ברכות מח, א.

וואס דאס איז דער אויפטו פון שבת שובה אויף יוהכ"פ:

ברוב השנים קומט אויס יוהכ"פ באמצע השבוע (ניט ביום השבת), וואס דעמולט איז די תשובה ניט קיין שבת'דיגע תשובה, משא"כ בנוגע צו שבת שובה, וואס דעמולט איז אלעמאל א שבת'דיגע תשובה.

און אפי' ווען יוהכ"פ קומט אויס ביום השבת - איז וויבאלד אז ס'איז ניט קיין הכרח אז ס'זאל אויסקומען ביום השבת, איז פארשטאנדיק, אז דאס האט ניט דעם תוקף פון א שבת'דיגע תשובה ווי די תשובה פון שבת שובה וואס כל ענינו איז אז דאס איז א שבת'דיגע תשובה.

און אין דערויף באשטייט די ברכה וואס שבת שובה בענטשט דעם טאג פון יוהכ"פ - אז די תשובה פון יוהכ"פ זאל זיין א שבת'דיגע תשובה (כדלקמן).

ד. והביאור בזה:

דער אויפטו פון שבת איז - בלשון הכתוב[13] "וקראת לשבת עונג", און דעמולט איז "כל מלאכתו עשוי'" (ווי ס'שטייט אין מכילתא[14] און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בשו"ע שלו[15]).

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי זאגט מען אז "כל מלאכתו עשוי'", ס'איז דאך דא דער ענין פון "שבת שובה", וואס דער שבת ווערט אנגערופן ע"ש כללות ענין התשובה, כולל אויך די שבת'דיגע תשובה - איז וויבאלד אז ס'דארף זיין דער ענין התשובה, איז ווי קען מען זאגן אז "כל מלאכתו עשוי'"?

איז דער ביאור בזה:

מ'זאגט ניט אז בשבת טאר מען גארניט טאן - מ'טאר ניט טאן אן ענין של מלאכה, ד.ה. בשעת ער וויל עפעס טאן בשבת, דארף ער וויסן צי דאס איז אן ענין פון עובדין דחול, אן ענין של שבות וכיו"ב, וואס דעמולט טאר ער דאס ניט טאן, און אויב ס'איז ניט קיין דבר האסור, איז הרשות בידו צו טאן דאס.

ביז אז ס'זיינען דא ענינים וועלכע מ'איז מחוייב צו טאן בשבת - ווארום וויבאלד אז דער ענין פון שבת איז "וקראת לשבת עונג", איז ער מחוייב "לכבדו . . ולענגו"[16], און ס'איז פארשטאנדיק אז ער דארף זיך משתדל זיין אין דער פעולה פון "לכבדו ולענגו", וויבאלד אז אין דערויף באשטייט די מצוה פון "וקראת לשבת עונג".

- און -

---

13) ישעי' נח, יג. 14) עה"פ יתרו כ, ט. 15) או"ח סש"ו סכ"א. 16) שו"ע אדה"ז שם ר"ס רמב.

און ס'איז קיין סתירה ניט צו דעם וואס מ'זאגט אז בשבת איז "כל מלאכתו עשוי'" - ווארום דאס גייט ניט אריין אין דעם גדר פון "מלאכה", ואדרבה: דאס איז א טייל פון עיקר ענין השבת, וואס דער ענין השבת איז "וקראת לשבת עונג", ד.ה. אז די ענינים וואס מ'טוט בשבת, ווערן אויפגע-טאן אין אן אופן של "עונג".

ה. און דאס איז דער אויפטו פון שבת לגבי ימות החול:

אין ימות החול, ששת ימי המעשה, דארף זיין "ועשית כל מלאכתך"[17], ער איז פארבונדן און פארנעמט זיך מיט מלאכה (ביז צו א ריבוי מלאכות), און אפי' ווען ער טוט ניט קיין מלאכה, איז ער פארבונדן מיט א הנהגה וואס ווערט אנגערופן "עובדין דחול" - דאס קומט ניט צו מדרגת האדם, "אדם ע"ש אדמה לעליון"[18], וואס איז היפך ענין החול.

וואס דאס איז דער כללות הענין וואס א איד (און א מענטש בכלל) דארף טאן אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן דערמיט וואס "לא תוהו בראה לשבת יצרה"[19] - דער ענין פון ישוב העולם[20] (וואס אין דערויף זיינען מחוייב אויך בני נח, כמבואר בארוכה בכ"מ[21]).

וואס דאס איז פארבונדן מיט אן ענין של יגיעה - הארעווען אויף צו שולל זיין די אפשריות פון "תוהו" [ווארום דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט אין אן אופן פון "אשר ברא אלקים לעשות[22] - לתקן"[23]; דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט אין אן אופן אז ס'איז דא אן אפשריות אז די זאל זיין "תוהו" - כדי אז א איד (און א מענטש בכלל) זאל באווייזן אז ער ווערט א "שותף להקב"ה במעשה בראשית"[24], דורך דעם וואס ער איז שולל דעם ענין פון "תוהו"], און מאכן דערפון "לשבת יצרה".

ביז וואנעט אז ער קומט צו תכלית השלימות אין ישוב העולם - דורך דערויף וואס ער מאכט פון דער וועלט א דירה לו ית' בתחתונים, אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה הימנו.

און וויבאלד אז "אני נבראתי לשמש את קוני"[25], איז פארשטאנדיק אז ער דארף טאן אין דערויף ניט קוקנדיק אויף

- דער -

---

17) יתרו כ, ט. ואתחנן ה, יג. 18) של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ. 19) ישעי' מה, יח. 20) ראה רמב"ן עה"פ וישלח לד, יג. לקו"ש ח"ה ע' 158 ואילך. 21) ראה תוס' גיטין מא, ב - ד"ה לא תוהו בתירוץ הב'. וראה לקו"ש שם ע' 159 הע' 63. 22) בראשית ב, ג. 23) ראה פרש"י לב"ר פי"א, ו. 24) שבת קיט, ב. 25) קידושין בסופה.

דער השתדלות און יגיעה וואס ער דארף אפגעבן אויף דעם.

ביז וואנעט אז כצד דעם טבע פון ברה"ע זאגט מען אז "אדם לעמל יולד"[26], ניט נאר אויף אן ענין של מלאכה סתם, און ניט נאר אז ס'דארף זיין אן ענין של יגיעה, נאר "אדם לעמל יולד" (ועאכו"כ אז ס'דארף ניט זיין אין אן אופן פון "לא ראה עמל בישראל"[27]).

און דעמולט קען ער ווערן אן אמת'ער "שותף להקב"ה במעשה בראשית", ווארום ער טוט אויף אן ענין וואס איז בדוגמא ווי ס'איז געווען בא בריאת כל העולם כולו -

וואס אע"פ אז "לא בעמל ולא ביגיעה ברא הקב"ה את עולמו"[28], אעפ"כ, דער ענין פון התהוות יש מאין וואס האט זיך אויפגעטאן אין ברה"ע איז דאך א תידוש גדול - דארף זיין עבודת האדם אויך אין אן אופן של תידוש, וואס אויף דערויף דארף מען האבן זיין יגיעה, ביז אין אן אופן של עמל. ווארום דעמולט איז "יגעת ומצאת"[29] - א מציאה, אין אן אופן של תידוש.

און דאס ווערט דער אמת'ער ענין פון "לשכש את קוני" - וואס "קניך" ("קוני") באווייזט אז דאס איז דער זעלבער ענין, ס'איז מערניט וואס עס גייט אדיבער מרשות לרשות[30], ובנוגע לעניננו - אז עד ווערט א "שותף להקב"ה במעשה בראשית", אין דעם זעלבן אופן ווי דאס איז בא "קוני".

ו. האמור לעיל איז דער אופן העבודה וואס דארף זיין אין ימות החול - א איד דארף זיך אבער ניט אפשטעלן בא דער דרגא, ווארום דאס איז מערניט ווי התחלת העבודה, און דערנאך קומט דער אופן העבודה פון שבת.

וואס בנוגע צום אופן העבודה פון שבת, זאגט מען אז דעמולט איז "כל מלאכתו עשוי'", און די עבודה איז אין אן אופן פון "וקראת לשבת עונג".

ביז וואנעט אז מ'זאגט[31] "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", ד.ה. אז די עבודה פון ערב שבת איז אין אן אופן פון "טרח", און די עבודה פון שבת איז אין אן אופן פון "יאכל".

און כללות הענין פון שבת איז "וקראת לשבת עונג" - וואס אין דערויף איז דא דער עונג דערפון וואס "כל מלאכתו עשוי'", דער עונג פון דער שביתה ממלאכה;

- דאס -

---

26) איוב ה, ז. 27) בלק כג, כא. 28) ב"ר פ"ג, ב. ספ"י. 29) מגילה ו, ב. 30) ראה המשך תרס"ו ע' קסא. ועוד. 31) ע"ז ג, א.

דאס איז אבער נאך ניט דער שלימות ענין התענוג, ווארום דער תענוג וואס קומט פון שביתת און העדר המלאכה, איז פארבונדן און איז לפ"ע די שווערקייט פון דער מלאכה וכו׳ -

און דערנאך קומט ער צו צום תענוג פון "יומא דשבתא", וואס דער תענוג איז ניט פארבונדן מיט שביתת און העדר המלאכה, ווארום ער איז שוין אינגאנצן אפגעטראגן פון דעם ענין המלאכה; ביז וואנעט אז ער קומט צו צום תענוג פון רעוא דרעוין (וואס דאס קומט אלס הקדמה צו מוצאי שבת קודש און "סעודתא דדוד מלכא"), וואס דאס איז דער ענין פון תענוג הפשוט, כמבואר בארוכה אין דעם המשך פון תדס"ו[32].

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין פון תומ"צ - אז דער קיום המצוות אין ימות החול ווערט אנגערופן "סרח", און דער קיום המצוות פון שבת ווערט אנגערופן "יאכל", אן ענין של תענוג,

וואס דער ענין האכילה בשבת איז דאך א מצוה פון עונג שבת (ווי ס׳שטייט אין שו"ע[33] - און דאס ווערט א טייל פון כללות העבודה פון שבת, וואס דאס איז דער ענין פון "וקראת לשבת עונג", אז יעדער רגע פון יום השבת איז אן ענין של "עונג", "חמדת ימים אותו קראת" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער קיום המצוות פון שבת איז אין אן אופן של תענוג.

ז. דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו מצות התשובה - אז די תשובה פון שבת (שבת שובה) איז אין אן אופן של תענוג. והביאור בזה:

מצות התשובה איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין הוידוי[34], ביז וואנעט אז דער עיקר העבודה פון יוהכ"פ איז - אמירת "על חטא" מיט אלע אותיות פון דעם אל"ף בי"ת. און אפי׳ ווען יוהכ"פ איז חל בשבת זאגט מען אויך "על חטא", ביז וואנעט אז סוכ"ס ווען ס׳קומט צו תפלת נעילה, זאגט מען אויך "אבינו מלכנו".

וואס דאס (אמירת "על חטא") איז נאר התחלת העבודה פון יוהכ"פ - און וויבאלד אז ס׳דארף זיין "מעלין בקודש"[35], איז פארשטאנדיק אז אין דעם זמן פון יוהכ"פ גופא איז ער הולך ועולה מזמן לזמן, ביז ער קומט צום סיום וחותם פון יום הכפורים, אין תפלת נעילה, וואס דעמולט איז "ישראל ומלכא

- בלחודוהי" -

------------

32) ריש ע׳ תקמה. 33) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס רמב. 34) ראה לקו"ש אחרי תשל"ת ס"א-ב. וש"נ. 35) ברכות כח, א. וש"נ.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

בלחודוהי"[36] [וואס דערפאר ווערט דאס אנגערופן "נעילה" - אז מ'פארשליסט אלע טירן און עס בלייבן מערניט ווי "ישראל ומלכא בלחודוהי"] -

וואס תכלית השלימות פון יוהכ"פ, תפלת נעילה, באשטייט אין דעם וואס דעמולט איז עליית המלכות אין עתיק (בלשון הקבלה[37]), וואס דאס איז דער ענין התענוג.

דערנאך דארף מען דאס סאקע ממשיך זיין אין די ג' עולמות און אין די ז' מדות - וואס דערפאר זאגט מען "ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" ג"פ און "ה' הוא האלקים" ז"פ, כמבואר בכ"מ[38], אויך אין די דרושים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[39] - אבער דער סיום ותכלית פון די עליות פון יוהכ"פ איז, אז מלכות [וואס אידן איז דאך ענינם דער ענין המלכות - ווי גערעדט פריער[40] אז "כל ישראל בני מלכים הם"[41], און "אתקריאו ישראל מלכים"[42]] איז עולה אין עתיק, וואס דאס איז דער תכלית השלימות פון יוהכ"פ.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק ווי דער ענין איז דא למטה (אין פשוט'ע אותיות) - אז אין תפלת נעילה ווערט א איד נעתק פון אלע ענינים וועגן וועלכע ס'האט זיך גערעדט פריער, און ער שטייט אין א מעמד ומצב פון מס"נ -

וואס אין תפלת נעילה איז דער איין און איינציקער ארט אין סידור און אין מחזור וואו ס'שטייט אז מ'דארף מכוון זיין דעם ענין פון מס"נ בפועל (און וויבאלד אז דאס שטייט אין מחזור, איז פארשטאנדיק אז דאס איז נוגע לכל אחד ואחת, וויבאלד אז כל אחד ואחת האט א שייכות צו א מחזור) - וואס דאס דארף ער מכוון זיין אין "יום הקדוש", וואס דעמולט זיינען אידן דומים למלאכים[43], וואס מלאכים געפינען זיך אין עולם האמת.

תפלת נעילה קומט אבער בהמשך צו עבודת כל היום, ווארום דאס איז די תפלה החמישית וועלכע קומט נאך די ארבעה תפלות שלפנ"ז - וואס אין די ארבעה תפלות שלפנ"ז זאגט מען "על חטא", און ווי געזאגט פריער אז ברוב השנים פאלט אויס יוהכ"פ באמצע השבוע (ניט ביום השבת), ביז אז אפי' ווען יוהכ"פ פאלט אויס ביום השבת, זאגט מען אויך בדיבור ובגלוי דעם ענין פון "על חטא".

- ח. -

---

36) ראה זח"ב לב, א. 37) ראה ע"ח של"א פ"ז. מ"ח מס' יומא. סידור רמס, ג ואילך. ועוד. 38) אוה"ת ש"ש ע' תקס.
39) סה"מ תשי"א ע' 33. 40) ד"ה יבחר לנו דיום ב' דר"ה.
41) שבת סז, א. וש"נ. 42) תקו"ז בהקדמה בתחלתה.
43) רמ"א או"ח סו"ס תרי. שו"ע אדה"ז שם ס"ס.

ח. און אין דערויף באשטייט די מעלה פון שבת אויף יוהכ"פ
- אז בשבת טאר מען ניט דערמאנען קיין ענין של תמאים, און
ניט קיין ענין של בקשת סליחה מחילה וכפרה,

וואס וויבאלד אז "תורת אמת" הייסט אז בשבת זאל מען
ניט דערכאנען קיין ענין של בקשת סליחה וכו׳, איז פארשטאנ-
דיק אז דאס איז לתיקון האדם (און ניט אז עס בלייבט ח"ו
עפעס אן ענין וואס איז ניט דערטאן געווארן) -

וואס דער ביאור בזה איז, אז "שבת" איז אותיות "תשב"
(ווי דער אלטער רבי ברענגט אין אגה"ת[44]), ד.ה. אז "שבת"
אליין טוט תשובה פאר איט, ווארום ס׳איז "כל מלאכתו עשוי׳"
- זיין עבודה באשטייט אין דעם ענין פון "וקראת לשבת עונג",
ער דארף ממשיך זיין דעם ענין התענוג, ביז אין אן אופן אז
דער גוף ונה"ב זאלן אויך האבן דעם ענין התענוג לפי השגתם
ומדריגתם. וואס דער ענין איז דא דוקא אין שבת שובה.

און דאס איז דער אויפטו וואס שבת שובה פועל׳ט אין
יוהכ"פ - אז אין תפלת ערבית פון יוהכ"פ, עאכו"כ אין תפלת
שחרית, תפלת מוסף און תפלה מנחה, ועאכו"כ אין תפלת נעילה
(וואס דעמולט זאגט מען אויך ענינים של וידוי) - זאל דארטן
נמשך ווערן די תנועה פון שבת שובה, אז ס׳זיינען לגמרי
ניטא קיינע ענינים אויף וועלכע מ׳דארף זיך מתוודה זיין,
ווארום ס׳איז "כל מלאכתו עשוי׳",

און ס׳איז "ישראל ומלכא בלחודוהי" - ובמילא איז
דארטן דא מערניט ווי "אורה ושמחה וששון ויקר" און תענוג,
ביז צו תענוג הפשוט, כמבואר בארוכה אין חסידות[45] (מיוסד
אויף די ענינים וואס שטייען אין קבלה, ביז אז "ליכא מידי
דלא רמיזא באורייתא"[46]) אז יוהכ"פ ווערט טאקע אנגערופן
"אחת בשנה", עס איז אבער פארבונדן מיט דעם ענין פון שבת
ס׳איז טאקע דא א חילוק צווישן "שבת שבתון הוא" מיט "שבת
שבתון היא", אבער בכללות איז דאס פארבונדן מיט דעם ענין
פון שבת.

ט. פון יעדער ענין וויל מען דאך האבן א הוראה בפשטות
בנוגע לפועל - איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון "שבת
שובה":

ווען א איד איז עובד עבודתו אין ליכוד התורה און אין
קיום המצוות און אין עבודת התשובה, איז אע"פ אז עס קען
אמאל טרעפן אז ס׳זאל זיין פארבונדן מיט אן עבודה ויגיעה,

- ביז -

---

44) ספ"י. 45) ראה לקו"ת יוהכ"פ ע, ב ואילך. ועוד.
46) ע"פ תעניה ט, א.

ביז וואנעט אז מצד דעם חושך כפול ומכופל פון גלות קען דאס טרעפן אפטער ווי ס'איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים וואס רעכולס האט מען געזעהן אלקות בגילוי -

דארף ער וויסן אז די שלימות צוליב וועלכע ער איז באשאפן געווארן [וואס דאס גיט די זיכערקייט אז יעדערער קען צוקומען דערצו, וויבאלד אז צוליב דערויף איז ער באשאפן געווארן - מ'וויל נאר אז ער זאל דאס טאן בבחירתו, און טאן עכ"פ מיט דער "אצבע קטנה" שלו] איז - ער זאל זיך משתדל זיין אז זיין עבודה זאל געשען ווערן מתוך תענוג.

ווען ס'איז דא אן ענין פון וועלכן ער דארף זיך אפזאגן (מן התורה, ארער מדרבנן, אדער מצד "מנהג ישראל") - איז ניט דער טייטש אז ער זאגט זיך אפ דערפון און האט דערביי צער, נאר אדרבה: ער האט גאר דערפון תענוג.

וואס דער ענין אז פון יעדער זאך קען מען מאכן אן ענין של תענוג - קומט אראפ ביז אין הלכה בפועל, אז מ'מעג פאסטן א תענית חלום בשבת, וויבאלד אז רצונו בכך און ער האט דערפון תענוג[47].

ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך ניט וועגן אן ענין וואס איז היפך טבעו לגמרי - ווארוט דער טבע פון א אידן איז אז ער וויל מקיים זיין רצון הבורא[48], איז פארשטאנדיק אז ער קען זיך אפזאגן פון א געוויסן ענין און האבן דערפון תענוג.

און אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין אין וועלכן די סביבה ארום איט איז שטוף בזה, אדער אפי' אן ענין אין וועלכן ער איז געווען רגיל בזה בעבר - איז א זיכערע זאך אז ער שטעלט זיך אוועק אין אן אופן אז ער פירט זיך לויט ווי עס שטייט אין שו"ע און ער טוט דאס ניט; ביז אז ער קומט צו צו דער דרגא אז ער האט גאר תענוג דערפון וואס ער טוט ניט דעם ענין, אע"פ אז דאס איז דער היפך פון "ארצך", "מולדתך" און "בית אביך" - ווי מ'האט אנגעזאגט דעם ערשטן אידן אז זיין עבודה באשטייט אין "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך"[49] - און אעפ"כ האט ער דערביי תענוג ביז צו שלימות התענוג.

ועד"ז ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין פון "קום ועשה", מקיים זיין א מצוה - איז דאך דא דער כלל אז עשיית המצוות דארף ניט זיין אין אן אופן פון "חנם"[50], נאר אויב דאס איז

- פארבונדן -

---

47) טור (ואדה"ז) או"ח סרפ"ח (ס"ג). וראה המשך תרס"ו ע' ע. 48) ראה רמב"ם הל' גירושין ספ"ב. 49) ר"פ לך לך. וראה המשך תרס"ו ס"ע שצז. לקו"ש ח"א ע' 17 ואילך.
50) ראה ספרי ופרש"י עה"פ בהעלותך י"א, א.

פארבונדן מיט הוצאות ממון, דארף ער זיך לאזן קאסטן[51], כמבואר אין שו"ע[52], ובפרט לויט ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל[53] וועגן הנהגת האריז"ל בזה (וואס מ'האט דאס מפרסם געווען און אפגעדרוקט און איבערגעגעבן יעדערן פון אונז)

ובפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן די הוצאות ממון וואס קומען נאך שבת שובה - בנוגע צו די ד' מינים, וואס הנהגת האריז"ל שטייט דאך בנוגע צו אן אתרוג ולולב -

איז אפי' די ענינים (פון קום ועשה) וועלכע זיינען פארבונדן מיט א השתדלות ויגיעה און הוצאות ממון - דארף ער זיך משתדל זיין אז די עשי' זאל זיין אין אן אופן אז פון יעדער פרט און פון יעדער נקודה האט ער תענוג.

י. און בשעת ער טוט זיין עבודה אין אן אופן של תענוג - קומט נאך צו א תועלת בנוגע צו קיום המצוה כפשוטה:

עס שטייט[54] "שמועה טובה תדשן עצם", און ווי די גמרא[55] דערציילט בארוכה ווי אן ענין של תענוג האט בע'פועל'ט א צמיחה וגידול אין אן עצם פון א מענטשן וואס איז שוין געווען נאך דעם גיל פון גידול הגוף.

וואס דער סיפור איז א חלק פון "תורה" מלשון הוראה[56] - איך צו וויסן דאס וואס דער ענין התענוג קען אויפטאן;

ועאכו"כ אז דער ענין התענוג פועל'ט א הרחבה אין אלע פעולות טובות שלו - אנהויבנדיק פון לימוד התורה און קיום המצוות ביז אין מנהגי ישראל, ועד"ז בנוגע לכל עניני טוב וצדק ויושר.

און וויבאלד אז ער איז מחליט צו טאן אזוי - האט ער די הבטחה אז "אדם מקדש עצמו מעט למטה מקדשין אותו הרבה מלמעלה"[57], און "הקב"ה עוזרו"[58], אז דער אויבערשטער העלפט יעדערן אז ער זאל דאס קענען דורכפירן - דורך דעם וואס ס'וועט זיין "כל מלאכתו עשוי'", אז זיי וועלן האבן כל המצטרך להם אין בני חיי ומזוני, און אין אן אופן פון רויחי, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין התענוג.

וואס דערפאלט איז זיך יעדער איד עוסק אין די ענינים וואס אין זיי באשטייט תפקידו, אין אן אופן פון תענוג כפשוטו - און באתעדל"ת אתעדל"ע, אז דאס פועל'ט אז דער

- עונג -

---

51) ראה זח"ב קכח, א. וראה לקו"ש ח"ה ע' 81.
52) טושו"ע או"ח סתרנ"ו ובנ"כ שם. 53) טעהמ"צ ס"פ ראה.
54) משלי טו, ל. 55) גיטין נו, ב. 56) זח"ג נג, ב.
57) ראה יומא לט, א. 58) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב.

עונג שלמעלה זאל ארויסקומען בגילוי בתכלית השלימות.

יא. וויבאלד אז חודש השרי איז א חודש כללי, און די מועדים ורגלים פון דעם חודש זיינען ענינים כלליים על כל השנה כולה, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו איז מבאר בכ"מ[59] - איז פארשטאנדיק, אז דער ענין התשובה [וואס זי פועל'ס אז די מעשים זאלן זיין "(מעשים) טובים" (כמבואר אין תו"א[60])] פון שבת שובה איז אויך אן ענין כללי וואס ווערט נמשך על כל השבתות פון כל השנה כולה.

וכמבואר אין סידור האריז"ל[61] אז יעדער טאג פון די שבעה ימים רצופים שבין ר"ה ליוהכ"פ, ובעניננו - שבת שובה, איז מתקן ומשלים אלע שבתות פון שנה שעברה, און פועל'ס אויך אויף די שבתות פון שנה הבאה.

וואס עניננו פון יעדער שבת איז "אותיות תשב", דאס איז אבער ביתר שאת וביתר עז און אין אן אופן של שלימות - אין שבת שובה (וואס ער איז איינער פון די עשרת ימי תשובה), ביז וואנעס אז ער איז מברך די תשובה פון יוהכ"פ (כנ"ל בארוכה).

ובפשטות - אז בשבת שובה און במוצאי שבת שובה, ובפרט אין א התוועדות פון כו"כ עשיריות מישראל, און אין א מקום קדוש של תפלה ותורה, איז מען דעמולט מחליט החלטות טובות אז מ'זאל טאן אין אלע ענינים וואס זיינען תפקידו של האדם ("אדם" - ע"ש אדמה לעליון) אין אן אופן של תענוג,

וואס דעמולט איז מען מבטל און מ'רעכנט זיך ניט מיט אלע מניעות ועיכובים - וואס רובם זיינען בלאה"כ מערניט ווי אן איינרעדעניש פון דעם יצר וואס איז דער היפך פון דעם יצ"ט, און אפי' די מניעות ועיכובים וועלכע זיינען טאקע דא - איז דאס נאר כדי אז דער בן מלך זאל באווייזן אז ער איז א בן חכם, און ער ווייסט אז די מניעות ועיכובים זיינען געמאכט געווארן כדי ער זאל זיי איבערקומען און ממלא זיין דעם רצון פון אביו המלך בשלימות - דורך דעם וואס ער טוט דאס "בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך"[62], כולל אויך דעם ענין התענוג, ביז צו תענוג הפשוט.

און דעמולט העלפט דער אויבערשטער אז בכל השנה הבאה לערנט מען תורה און מ'איז מקיים מצוות מתוך תענוג, וואס

- דאס -

------------

59) ד"ה צהר תעשה תש"ב פ"ג. ד"ה יו"ט של ר"ה ה'שי"ת בתחלתו. ובכ"מ. 60) מג"א בתחלתו. וראה גם לקו"ת שמע"צ פה, א. 61) עשי"ת. וראה גם שעה"כ דרושי ר"ה (לפני דרוש הא'). 62) ל' הכתוב - ואתחנן ו, ה.

דאס ברענגט שמחה וטוב לבב - ובמילא איז דער לימוד התורה און קיום המצוות למעלה ממדידה והגבלה,

און דער אויבערשטער איז ממשיך ברכתו אויך אין אן אופן ווי דאס שטייט אין פנימיות ועצמות התענוג - וואס דעם ענין פון פנימיות ועצמות התענוג איז מען מעורר בר"ה דורך דעם ענין פון "תמליכוני עליכם"[63], כמבואר אין די דרושים פון דעם מיטעלן רבי'ן אין סידור[64] ד"ה להבין ענין תק"ש ע"פ כוונה הבעש"ט,

און מ'איז דאס ממשיך למטה מטה ביז למטה מעשרה טפחים - אז מ'האט א שנה של תענוג, ובמילא האט מען א שנה פון אלע עניני‍ם של טוב, ביז אין טוב הנראה והנגלה, לכל אחד ואחת מישראל,

ביז צום תענוג האמיתי והכללי וואס וועט נתגלה ווערן אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, דוד מלכא משיחא, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, בקרוב ממש.

* * *

יג. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה שיר המעלות ממעמקים קראתיך ה'.

* * *

יד. מ'האט גערעדט פריער (אין מאמר) וועגן דעם ענין פון "ממעמקים" - וואס די התחלה הויבט זיך אן פון "ממעמקים", אבער דערנאך דארף זיין "קראתיך הוי'", אז מ'איז דאס ממשיך אין שם הוי', וואס ער איז הי' הוה ויהי' כאחד[65], וואס דאס ווערט אונטערשטראכן אין שם הוי', וויבאלד אז דער הי' הוה ויהי' שטייען אין איין ווארט, און דער יו"ד שבתחלתו באווייזט אז דאס איז "בלשון הוה ותמיד"[66].

און פון "קראתיך הוי'" דארף דאס אראפקומען בגילוי ביז אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה הימנו - ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס אין סיום המזמור[67] שטייט "והוא יפדה את ישראל מכל עוונותיו", וואס דער ענין העוונות איז שייך מערניס ווי אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו -

איז מען ממשיך פון "מעמקים" דלמעלה (דורך "מעמקים" פון דעם אדם העובד עבודתו כדבעי) ביז אין דעם ארט וואו ס'איז דא "עוונותיו" - אז ס'זאל זיין די מחילה וסליחה וכפרה אויף די עונות, ביז אין אן אופן אז "נעשו לו

- כזכיות" -

---

63) ר"ה סז, א. לד, ב. 64) רמו, א ואילך. 65) זח"ג רנז, סע"ב. שעהיוה"א פ"ז (פב, ב). 66) שעהיוה"א רפ"ד. 67) תהלים קל, ח.

כזכיות"[68], און ווי דער אלטער רבי איז מוסיף אין תניא[69] אז "נעשו לו כזכיות ממש" - אז מ'איז מעלה די ניצוצות הקדושה וואס זיינען געווען אין די "זדונות", ביז צו אן עלי' וואס איז נאך העכער פון די "זכיות" מצ"ע ווי דאס איז בא צדיקים גמורים.

וכמבואר אין דעם דרוש פון להבין ענין תקי"ש ע"פ כוונת הבעש"ט[70] אז דורך דערויף וואס עס ווערט נמשך דער פנימיות התענוג, פועל'ט דאס אויך אין תיצוניות העולמות, אז די מלאכה פון "כל מלאכתו אשר עשה"[71], גאנץ סדר השתלשלות, זאל ניט זיין אין אן אופן פון "רפיון ידים", נאר אין אן אופן אז ס'איז ניכר לעיני כל אז "יש בעה"ב לבירה זו"[72], ביז אז דער תענוג פון דעם בעה"ב שטייט אויך בגילוי.

ובפרט ווען עבודת האדם איז מתוך תענוג, וואס דעמולט [איז נוסף אויף דערויף וואס מצד דעם תענוג וואס ער האט אין דערויף טוט ער דאס בהרחבה און איז מבטל אלע מניעות ועיכובים (כנ"ל ס"י)] קומט אויך צו דער ענין וואס באתעדל"ת אתעדל"ע - אז ער איז מגלה און ממשיך דעם תענוג העליון, דעם "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[73], אז ס'זאל שטיין בגלוי דא למטה.

און ווי געזאגט פריער אז פון "מעמקים" ווערט דאס נמשך ביז למטה מטה, אין דעם ארט וואו ס'איז דא דער ענין פון "עונותיו" - און עס פועל'ט אז זיי זאלן ווערן "זכיות", ביז צו "זכיות ממש".

יד. וויבאלד אז דעם מזמור "שיר המעלות ממעמקים" זאגט מען אין אלע עשי"ת, אנהויבנדיק פון ר"ה ביז צו יוהכ"פ, דער יום הקדוש, "אחת בשנה", און אין די תפלות פון ר"ה ויוהכ"פ זאגט מען "ועל המדינות בו יאמר" און "וכל באי עולם יעברון לפניך" - איז פארשטאנדיק, אז דורך עבודת האדם ווערט נמשך עצמות התענוג ביז אין כל המדינות, אז ס'זאל זיין "גלה כבוד מלכותך עלינו", און דורך דערויף וועט דאס אראפקומען ביז אין "וידע כל פעול כי אתה פעלתו", וואס דאס גייט אויף עולם העשי', ווי דער אריז"ל טייטשט דאס אפ בסידורו.

און ס'זאל זיין אין אן אופן פון "וידע כל פעול", ניט אין אן אופן של אמונה, און אפי' ניט אין אן אופן פון הבנה והשגה אליין, נאר אין אן אופן פון "וידע", וואס דער פירוש

- פון -

------------

68) יומא פו, ב. 69) פ"ז (יב, א). נתבאר לקמן סי"ז ואילך. 70) סידור שם, ב. 71) ל' הכתוב - בראשית שם, ב. 72) ראה ב"ר רפל"ט. 73) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

פון "דעת" אין להק איז "לשון התקשרות והתחברות שמקשר דעתו . . ויתקע מחשבתו בחוזק" (ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[74]) -

אז ס'וועט זיין "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[75], ביז אז זיי וועלן אויך דערהערן אז "והיתה לה' המלוכה"[76], און דאס וועט בא זיי שטיין אין אן אופן גלוי, און אין אן אופן פון "דעת", מיט א התקשרות בכח ובחוזק.

וואס בשעת אז ס'איז דא דער ענין פון "דעת", איז דאס דערנאך מוליד די מדות פון אהבת ה' און יראת ה' - ווארום אע"פ אז אין לעו"ז איז ניטא דער ענין פון דעת[77], אעפ"כ, דורך די עבודה פון א אידן ווערט אויך נמשך אין די שבע מצוות בני נח, אז בא זיי זאל אויך זיין דער ענין פון "עושה פרי" - די הולדה פון אהבת ה' און יראת ה' ווי ס'איז שייך בעניניהם, ביז וואנעט אז דערנאך קומט דאס אראפ אין מחשבה דיבור ומעשה, אז ס'ווערט דער ישוב העולם, "לשבת יצרה", "לשבת" פון בני אדם, און דורך דערויף - "לשבת" פון דעם ארם העליון, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו'".

און ווי געזאגט פריער אז בר"ה ויוהכ"פ זאגט מען "וכל באי עולם יעברון לפניך כבני מרון" (וואס דאס הויבט זיך אן בר"ה, און דערנאך איז דאס נגמר ונחתם ביוהכ"פ), אז דאס קומט אראפ בכל העולם כולו, אין אלע מדינות.

וכידוע כמה סיפורים בנוגע צו דעם ענין פון מינוי מלכים ושרים, ווי דאס ווערט אויפגעטאן בר"ה און אין חודש תשרי בכלל.

סו. און וויבאלד אז בנוגע צו יעדער ענין דארף מען האבן א הכנה דורך פעולת בני אדם, וואס דאס ווערט די אתעדל"ת אויף צו ממשיך זיין דעם ענין מלמעלה (בדוגמא ווי מ'זאגט אז דער "תמליכוני עליכם" ווערט אויפגעטאן דורך דעם "אמרו לפני מלכיות כו' ובמה בשופר") - איז אזוי אויך בנוגע צו "ועל המדינות בו יאמר":

עס זיינען דא כמה מינויים וואס זיינען פארבונדן מיט תיקון המדינה, וואס דאס הויבט זיך אן און נעמט זיך פון קדושה, און דערנאך קומט דאס אראפ פון "מלכותא דרקיעא" אין "מלכותא דארעא", אז ס'זיינען דא "שרי עשרות", "שרי חמשים", "שרי מאות" און "שרי אלפים" וכו', בכל מדינה ומדינה לפי

- ענינה -

---

74) פ"ג. 75) צפני' ג, ט. 76) עובדי' א, כא.
77) סה"מ עת"ר ע' קלח ואילך. ובכ"מ.

ענינה, ביז אז אויף דערויף איז דא דער דין אין הורה אז "דינא דמלכותא דינא"[78], כמבואר אין שו"ע חו"מ[79].

איז דער תפקיד פון די אלע שרים - זיי זאלן דורכפירן אין דער מדינה אלע ענינים פון חסד וטוב וצדק ויושר, עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן א מלכות של חסד, וואס דעמולט איז נאך לייכטער צו דורכפירן די אלע ענינים - וואס דאס ווערט א הכנה צו כל עניני רוחניות וקדושה.

אנהויבנדיק פון דעם ענין החינוך, וואס בשעת אז דער "חנוך לנער" איז כדבעי, שטעלט דאס אוועק דעם יסוד אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה"[80] - אז פון דעם קינד וואקסט אויס א מענטש וואס איז בונה את המדינה (ניט אז ער שטייט פון דער זייט - ועאכו"כ אז ער טוט ניט היפך פון עניני הבני').

וואס בכל מקום ומקום דארף מען טאן אין דערויף, אין אן אופן אז מ'זאל זיך ניט רעכנען מיט קיינע מניעות ועיכובים - עס איז אבער ניט בדומה צו דעם אופן הפעולה בזה ווען ס'זיינען ניטא קיינע מניעות ועיכובים, ובפרט ווען ס'איז נאך דא דער סיוע פון די "שרי עשרות", ביז צו די "שרי אלפים", ביז צו די שרים "היושבים ראשונה במלכות"[81],

וואס זיי האבן די שליחות און דעם זכות און די אחריות הכי גדולה, זעהן אז כל עניני צדק וטוב ויושר זאלן געטאן ווערן אין דעם גרעסטן אופן פון אפשריות הפעולה, ובפרט בנוגע צו דעם ענין החינוך,

אנהויבנדיק פון דעם חינוך פון קטנים שבקטנים - וואס צוליב דערויף דארף מען אויך האבן דעם חינוך פון די עלטערן, און אפי' פון די זיידעס און באבעס,

וכמדובר כמ"פ אז דער ענין פון חינוך איז שייך אפי' בא ערוואקסענע מענטשן, ווארום מ'זאגט דאך "איזהו חכם הלומד מכל אדם"[82], ד.ה. אז אויב ער וויל זיין א "חכם" צו הונדערט און צוואנציק יאר חסר יום אחד (ועאכו"כ ווען ער האלט באמצע פון די מאה ועשרים שנה), איז אין דעם לעצטן טאג פון חיים חיותו דארף ער זיך נאך אלץ לערנען "מכל אדם", ווארום פון יעדן מענטשן וואס ער טרעפט, האט ער עפעס וואס צו אפלערנען זיך פון אים.

טז. ובפרט אז בהשגחה פרטית האט מען אים געגעבן דעם כח ויכולת אז זיין השפעה זאל האבן א ווירקונג אויף כו"כ וואס

- געפינען -

------------

78) גיטין י, ב. וש"נ. 79) סמ"ע ס"ו ואילך. ועוד. 80) משלי כב, ו. 81) ל' הכתוב - אסתר א. יד. 82) אבות רפ"ד.

געפינען זיך בסביבתו, בשכונתו, בעירו, בכל הפלך שלו, ביז אין דער גאנצער מדינה - דארף ער דורכפירן שליחותו במילואה ובשלימותה.

און ס'איז א זיכערע זאך אז מ'האט אים געגעבן דעם כח צו דורכפירן די שליחות - אויב ער וועט דאס נאר וועלן טאן, מ'גיט דאס אבער צו זיין בחירה, ער זאל באווייזן אז ער איז א חכם ונבון, און ער ווייסט אז דער תכלית דערפון : וואס מ'האט אים באשאפן, און דער תכלית דערפון וואס מ'האט אים אויסגעקליבן צו דער משרה און צו דעם מעמד ומצב דורך וועלכן ער קען באאיינפלוסן כמה וכמה - איז דאס ניט צוליב זיין טובה, נאר צוליב דער טובה פון די וועלכע ער קען בעסער מאכן (ווי גוט זיי זאלן נאר זיין לפנ"ז - ועאכו"כ אויב מ'דארף בא זיי שולל זיין ענינים בלתי רצויים).

און בשעת ער טוט אין די אלע ענינים אן מדידה והגבלה, ווארום ער טוט דאס מתוך שמחה ותענוג - האט ער דעם עיקר השכר, וואס דאס איז די הצלחה אין מילוי תפקידו, און דערנאך קומט אויך דער שכר שלאח"ז - די ברכה והצלחה אין די ענינים הפרטיים שלו ושל בני ביהו.

און ווי דער רמב"ם[83] זאגט "צריך כל אדם שיראה עצמו . וכן כל העולם חציו זכאי וחציו חייב . . עשה מצוה אחת הרי הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דעם וואס ער טוט איין פעולה במרץ גדול וברצון טוב, און ער לייגט ניט אפ אויף מארגן דאס וואס מ'קען אפטאן היינט - איז ער מכריע די שכונה, די שטאט, דעם פלך, די מדינה ביז כל העולם כולו, לכף זכות, "וגרם לו ולהם תשועה והצלה".

וואס וויבאלד אז "יש בעה"ב לבירה זו", איז פארשטאנדיק אז דאס וואס מ'האט אים אויסגעקליבן אויף א געוויסע משרה ופקודה איז בהשגחה פרטית[84], און ס'איז א זיכערע זאך אז מ'האט אים אויך געגעבן די כחות הדרושים ער זאל קענען ממלא זיין תפקידו בשלימות, לטובת הרבים, וואס דאס איז אויך טובתו הפרטית.

וכאמור אז דורך דערויף איז מען מכריע את כל העולם כולו לכף זכות, און מ'פועל'ט אין דער גאנצער וועלט די זאל זיין אין אן אופן פון "לשבת יצרה", אז ס'זאל זיין אזא מעמד ומצב וואס מ'קען אנרופן בשם ישוב אמיתי,

ביז צו א ישוב אויף וועלכן דער אויבערשטער זאגט "נחת רוח -

---

83) הל' תשובה פ"ג ה"ד. 84) ראה ברכות נח, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני" - בא יעדערן לפי ענייניו: בא אידן - בנוגע צו כל תרי"ג מצוות התורה מיט אלע סעיפים וכו׳ ביז צו מנהגי ישראל, און בא בני נח - בנוגע צו שבע מצוות ב"נ וכל המסתעף מזה.

ובכללות - כגלה זיין אין וועלט אז "ה׳ הוא האלקים"[85], אז דער טבע פון וועלט איז ג-טליכקייט - נאר דער אויבערשטער וויל אז יעדער מענטש זאל טאן כל התלוי בו אויף צו ארויס-ברענגען די ג-טליכקייט בגילוי, און ווען ער איז מחליט צו טאן אזוי, איז "הקב"ה עוזרו".

און דאס גרייט-צו את כל העולם כולו צו דער צייט ווען דער עולם וועט זיין בשלימותו, אין אן אופן פון "אלה תולדות פרץ"[86], מלא כתיב[87], ווארום ס׳וועט זיין "ה׳ אחד ושמו אחד"[88], "כשאני נכתב אני נקרא"[89], און "והיתה לה׳ המלוכה", בקרוב בימינו ממש.

* * *

יז. ס׳איז רגיל אין א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת - מבאר זיין אן ענין אין פרש"י על הסדרה, אדער שטעלן זיך אויף אן ענין וואס איז דורש ביאור אין פשש"מ, און רש"י איז דאס ניט מבאר (און ער זאגט אויך ניט "לא ידעתי" - ווי ער זאגט אין געציילטע ערטער[90] אז אין פשש"מ קען מען דאס ניט מפרש זיין, אע"פ אז אין מדרשי חז"ל זיינען דא אויף דערויף כמה דרשות[91]) - וואס דעמולט מוז מען זאגן אז רש"י האט דאס ערגעץ באווארענט.

אויף "וילך משה" שטעלן זיך כמה פון מפרשי החומש (אויך די פשטנים), און זיינען מבאר וואוהין איז משה רבינו געגאנגען (ווארום "וילך" איז דער טייטש אז ער איז געגאנגען פון דעם פריערדיקן ארט אין אן אנדער ארט), און אין דערויף זיינען דא כמה ביאורים. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער פשט איז ניט אזוי ברור - און רש"י שטעלט זיך גארניט אויף דעם אפטייטש פון "וילך משה".

יח. דער אבן עזרא טייטשט אפ אז "וילך" מיינט "הלך אל כל שבט ושבט", כדי צו זאגן זיי די ענינים וואס שטייען ווייטער אין דער פרשה.

אין פשש"מ לייגט זיך אבער ניט צו זאגן אז "הלך אל כל

- שבט -

---

85) ואתחנן ד, לה. ועוד. 86) ל׳ הכתוב - רות ד, יח.
87) ב"ר פי"ב, ו. 88) זכרי׳ יד, ט. 89) פסחים נ, סע"א.
90) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ה ע׳ 1 שוה"ג הא׳ להע׳ 2.
91) ראה שם בשוה"ג הב׳.

שבט ושבט" - ווארום דעמולט וואלט געדארפט שטיין דאס וואס ער האט געזאגט צו יעדן שבט באזונדער, ע"ד ווי ס'שטייט אין פ' ברכה די ברכות וואס ער האט געגעבן צו יעדן שבט באזונדער

וואס אע"פ אז דארטן האט יעדער שבט געהאט א באזונדער ברכה (אנדערש פון דעם צווייטן שבט), משא"כ בפרשתנו וואס צו אלע שבטים איז געווען די זעלבע אמירה - איז דאך אבער פארשטאנדיק אז ס'איז ניט דומה דער אופן האמירה ווי מ'זאגט דאס צו שבט ישכר, וואס ענינו איז רער ענין פון לימוד התורה, צו דעם אופן האמירה ווי מ'זאגט דאס צו שבט זבולון, וואס ענינו איז מסחר און פרקמטיא.

ובפרט אז "כל ישראל" איז כולל אלע אידן, כהנים לויים און ישראלים - איז פארשטאנדיק אז ס'איז ניט דומה דער אופן האמירה צו די כהנים, וואס ענינם איז "לעמוד לשרת לפני ה'"[92], דער אופן האמירה צו די לויים, וואס ענינם איז "נתונים נתונים המה לי"[93] (צו אהרן), און דער אופן האמירה צו די ישראלים,

בדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו כמה מצוות שלפנ"ז - וואס בנוגע צו דער כוונה און פירוש הדברים זיינען דא חילוקים צווישן "ראשיכם שבטיכם" מיט "חוטב עציך" און "שואב מימיך", זיי גלייכן זיך אויס נאר אין פשטות הדברים, אין עשיית המצוה וכו'.

איז וויבאלד אז דא איז דער פסוק כולל אלע אידן צוזאמען, "כל ישראל", איז פארשטאנדיק אז אין דערויף זיינען אלע אידן געווען גלייך, ד.ה. אז משה רבינו האט גערעדט צו אלע אידן, און ניט צו יעדן שבט באזונדער.

אין דערויף קומט צו נאך א קשיא - ווי האט משה רבינו געקענט גיין "אל כל שבט ושבט": מחנה ישראל (בשעת חנייתן אין "ערבות מואב") איז געווען ג' פרסא (ווי רש"י האט שוין געזאגט אין סוף פ' חקת[94]), און די חני' איז געווען "כתיבה" (ווי רש"י האט שוין געזאגט אין פ' בהעלותך[95]), קומט דאך אויס אז בשעת משה רבינו האט געדארפט גיין "אל כל שבט ושבט", האט ער געדארפט אדומגיין י"ב פרסא,

איז ניט פארשטאנדיק: ווי האט משה רבינו געקענט גיין י"ב פרסא אין איין טאג - מהלך אדם בינוני ביום איז מערניט ווי י' פרסא[96]?!

ובפרט אז עס רעדט זיך וועגן דעם טאג פון שבעה באדר,

- וואס -

---

92) עקב י, ח. 93) בהעלותך ח, טז. 94) כא, לה. וראה גם פרש"י עה"פ מסעי לג, מט. 95) י, כה. 96) פסחים צד, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דעמולט האט משה רבינו געהאט נאך כו"כ ענינים וואס ער האט געדאַרפט אפטאן במשך פון דעם טאג - די אלע ענינים וואס שטייען אין פ' וילך, פ' האזינו און פ' ברכה (און לויט ככה פרשנים[97] - אויך די ענינים וואס שטייען אין פ' נצבים) - איז ווי האט משה רבינו געקענט טאן די אלע ענינים און צוזאמען דערמיט ארומגיין י"ב פרסא, און אלץ אין דעם טאג פון שבעה באדר?!

און אויב מ'וועט זאגן אז רש"י לערנט אז משה רבינו איז געגאנגען "אל כל שבט ושבט" - האט רש"י געדאַרפט באווארענען ווי אזוי האט משה רבינו געקענט ארומגיין אין גאנץ מחנה ישראל, און רעדן מיט יעדן שבט באזונדער,

ווארום ס'איז דאך ניט געווען קיין ענין של נס אז משה רבינו זאל רעדן מיט איין שבט און קולו זאל זיין נשמע בכל מחנה ישראל - ווען עס וואלט געווען אזא נס וואלט רש"י געדאַרפט זאגן אז ס'איז געווען אן ענין של נס - און רש"י שטעלט זיך גארניט אויף דעם.

יט. אין תרגום יונתן בן עוזיאל טייטשט ער אפ אויף "וילך משה" - "ואזל משה למשכן בית אולפנא", ער איז געגאנגען אין בית המדרש, וואס דארטן האבן זיך אלע אידן צוזאמענגעקליבן, און דעמולט האט ער גערעדט צו אלע אידן.

דער פירוש איז אבער אויך ניט פארשטאנדיק אין פשט"מ - ווארום צוזאמענקלייבן אלע אידן אין איין ארט איז געווען פארבונדן מיט א גאנצע השתדלות, ווי עס ווערט אויך דערציילט בפרשתנו[98] אז משה רבינו האט געזאגט "הקהילו אלי את כל זקני שבטיכם" - וואס דערפון זעט מען אז אפי'. ווען מ'האט געדאַרפט מקהיל זיין מערניט ווי "זקני שבטיכם", האט מען אויך געדאַרפט אנקומען צו א השתדלות פון "הקהילו אלי גו'", ובפרט לויט ווי רש"י[99] טייטשט אפ אז "לא תקעו אותו היום בחצוצרות להקהיל את הקהל" - איז ווי האבן זיך מיטאמאל אלע אידן צוזאמענגעקליבן אין "משכן בית אולפנא"?

מ'קען ניט זאגן אז וויבאלד דאס קומט בהמשך צום "אתם נצבים היום __כולכם__", זיינען שוין אלע אידן געווען צוזאמען, און דעמולט האט משה רבינו גערעדט "אל כל ישראל" - ווארום:

א) אויב דאס קומט בהמשך צום "אתם נצבים היום כולכם" - האט געדאַרפט שטיין אז נאך דעריוף וואס ער האט זיי געזאגט די אלע זאכן וואס שטייען אין פ' נצבים, איז דערנאך

- געווען -

---

97) ראה פרש"י ר"פ נצבים. וראה רא"ם, גו"א וש"ח שם.
98) לא, כח. 99) עה"פ.



__הנחת הת' בלתי מוגה__

געוועז "וידבר את הדברים האלה" שבפרשתנו, צוליב וואס איז מען מוסיף "וילך משה גו׳", וואס דאס באווייזט אז ס׳איז געוועז א נייער ענין.

ב) נאכמער: ווי קען מען זאגן "וילך משה", משה רבינו איז אין ערגעץ ניט געגאנגען (אפי׳ ניט ברוחניות), אדרבה: אידן זיינען דעמולט געקומען אין אן אופן פון "נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם", "לעברך בברית ה׳", און בהמשך צו דעם האט זיי משה רבינו געזאגט "את כל הדברים האלה" - עס איז אבער ניט געוועז "וילך משה", וואדום ער איז אין ערגעץ ניט געגאנגען.

ג) עס איז בכלל ניט מסתבר צו זאגן אז דאס קומט בהמשך צום "אתם נצבים גו׳" - ווי דער רמב"ן[100] זאגט "כאשר השלים כל דבריו (פון פ׳ נצבים) אז הלכו כל הנצבים והטף והנשים איש לאהליו, ולא הוצרך הכתוב להזכיר זה כי כבר אמר אתם נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם לעברך בברית ה׳ אלקיך, ואחר עברם בברית ילכו מפניו", און דערנאך איז געוועז דער "וילך משה", אז משה איז געגאנגען צו אידן.

ד) נוסף לזה וואס אויב מ׳וועט זאגן אז דאס קומט בהמשך צום "אתם נצבים היום כולכם" - וועט מען דארפן פאר-ענטפערן פארוואס שטייט דא "כל ישראל", און אין פ׳ נצבים טיילט ער אויס די סוגים פון אידן, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך".

ה) און אויך: אויב דאס קומט בהמשך צום "אתם נצבים היום כולכם", וואס דארטן זיינען דאך אויך געוועזן "טפכם", וועט מען דארפן זאגן אז "וידבר את הדברים האלה אל כל ישראל" איז כולל אויך "טפכם", אז משה האט גערעדט אויך פאר די "טף" - און עס פאסט דאך ניט צו זאגן אז משה רבינו האט גערעדט צו די "טף", ווי רש"י[101] זאגט בנוגע צו "הקהל את העם האנשים והנשים והטף" - "הטף למה באו, לתת שכר למביאיהם", מערניט ווי צוליב "לתת שכר למביאיהם", וואדום עס פאסט ניט צו זאגן אז מ׳זאל רעדן אויך צו "טף".

מיט נאך כמה דיוקים בזה - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין פשש"מ קען רש"י ניט לערנען ווי די פירושים הנ"ל, וכפי שיתבאר לקמן דער ביאור לויט פשש"מ.

כ. בנוגע צו די הערות אויפן זהר פון פ׳ וילך:

אין זהר[102] שטעלט ער זיך אויף דעם ענין פון "באר

- דיצחק" -

------------

100) ריש פרשתנו. 101) פרשתנו שם, יב. 102) פרשתנו רפד, ב.

דיצחק", און ער איז מבאר אויף דערויף אין די הערות[103] "יחס הבאר ליצחק אם שכתוב זה באברהם, הוא מפני שבאר דאברהם סתמו פלשתים אחרי מותו, ויצחק חפרו מחדש כו׳, לכן ייחסו ליצחק".

דאס פארענטפערט אבער מערניט ווי אזוי מ׳קען אנרופן דעם באר "באר דיצחק" - דערפאר וואס "יצחק חפרו מחדש"; עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: פארוואס רופט מען דאס אן "באר דיצחק" און ניט "באר דאברהם" - לכאו׳ האט דאס א גרעסערע שייכות צו אברהם ווי צו יצחק, ווארום אברהם האט געגראבן די בארות, און יצחק האט נאר אראפגענומען די סתימה וואס "סתמו פלשתים"?

ובפרט אז בשעת מ׳זאגט "באר דיצחק", בלייבט נאך א ספק וועלכן באר מ׳מיינט דערמיט, ווארום אין "באר דיצחק" ווערן אויך נכלל די בארות וואס יצחק האט אליין געגראבן (ניט נאר דאס וואס ער האט אראפגענומען די סתימה וואס "סתמו פלשתים") - האט מען לכאו׳ געדארפט זאגן "באר דאברהם"?

וכמדובר כמ"פ אז מפני חוסר הדיו והנייר האט ער ניט אנגעשריבן די זאכן וואס ער האט זיך פארלאזט אז כ׳וועט זיך אליין קענען כאפן אויף זיי, וכפי שיתבאר לקמן.

כא. בהמשך צו דעם וואס מ׳האט גערעדט וועגן דעם ענין פון שבת שובה - איז כאן המקום מעורר זיין נאכאמאל אז מ׳זאל טאן אין אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חודש תשרי, מתוך תענוג.

און טאן דאס אין אן אופן אז ס׳זאל אנקומען צו אלע אידן, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך" - לויט ווי ס׳שטייט אין דער פרשה וואס דער אלטער רבי[104] זאגט אז "פרשה זו קורין לעולם קודם ר"ה" דערפאר וואס בר"ה איז דא דער ענין פון "בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל"[105], וואס דאס איז ממשיך דעם "ברכנו אבינו" וויבאלד אז מ׳שטייט אין אן אופן פון "כולנו כאחד"[106] - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נאך דערויף וואס מ׳האט דאס זיכער געטאן לפני ר"ה, דארף מען דאס ממשיך זיין אין עשי"ת, וויבאלד אז דאס גייט אין איין המשך מיט ר"ה.

ובפרט אז בנוגע צו עשי"ת זאגט מען "דרשו ה׳ בהמצאו

- קראוהו -

------------

103) לקוטי לוי"צ לזהר שם ע׳ תס. 104) לקו"ת ר"פ נצבים. 105) ל׳ הכתוב - ברכה לג, ה. וראה לקו"ת שם. 106) ראה תניא פל"ב (מא, סע"א).

קראוהו בהיותו קרוב"[107], ווי די גמרא[108] זאגט אז בעשי"ת קען א יחיד אויפטאן דאס וואס בכל השנה כולה דארף מען אויף דערויף אנקומען צו א ציבור - איז וויבאלד אז מ'האט אים געגעבן כחות פון א ציבור, דארף ער דאך זיכער טאן אין הפצת היהדות והתורה ומצוותי' בכלל,

ובפרט בנוגע צו די ענינים שהזמן גרמא - ווי גערעדט פריער[109] אז ס'זאל זיין דער "שלחו מנות לאין נכון לו", כדי אז ביי אים זאל קענען זיין "אכלו משמנים ושתו ממתקים"[110],

ועד"ז אויך דערנאך - בנוגע צו מבצע ד' מינים, און מצות סוכה, אז מ'זאל זעהן אז דאס זאל אנקומען לכל אחד ואחת, און אויך צו די וואס געפינען זיך אין בית הרופאים און אין בית האסורים.

כב. בנוגע צו די וואס געפינען זיך אין בית האסורים, איז דא אן ענין מיוחד וואס איז פארבונדן מיט יוהכ"פ:

ס'איז א פלא גדול וואס זייער ווייניק זיינען משים לב צו באווארענען אז די אידן וואס געפינען זיך אין בית האסורים זאלן באקומען זייערע מאלצייטן בערב יוהכ"פ, אין אן אופן אז זיי זאלן קענען מקיים זיין דאס וואס "בערב יוהכ"פ יש להרבות באכילה ושתי' כמו שיעור ב' ימים"[111], ווי רער אלטער רבי[112] ברענגט אראפ אז דער טעם בזה איז, כדי אז דער פאסטן זאל זיין לייכטער.

ועד"ז דארף מען אויך באווארענען בנוגע צו מוצאי יוהכ"פ - וואס ברוב המקומות (אדער בכמה מקומות) שטעלט מען צו די אכו"ש באמצע היום, ועכ"פ לפני צאת הכוכבים, און מ'מוז גלייך מסיים זיין די אכו"ש (כידוע ווי די הנהגה בזה איז אין בית האסורים (ניט פאר קיין אידן געדאכט)) - זאל מען זעהן אז במוצאי יוהכ"פ זאל זיין א שינוי, און זיי זאלן זיך קענען אפפאסטן במוצאי יוהכ"פ.

און דערנאך אויך בנוגע צו די ד' מינים, און אויך בנוגע צו מצות סוכה (דארטן וואו מ'קען דאס אויספירן) - וואס ברוב בתי האסורים (עכ"פ אין א חלק חשוב פון זיי) איז דא א בית הכנסת, קען מען פועל'ן אז מ'זאל עפענען דארטן דעם דאך אין אן אופן אז מ'זאל דארטן קענען מאכן א כשר'ע סוכה.

ועד"ז אויך בנוגע צו די ד' מינים, און "ושמחת בחגך" וכו' וכו'.

- כג. -

------------

107) ישעי' נה, ו. 108) ר"ה יח, א. 109) שיחת יום ב' דר"ה ס"ד. ס"ט ואילך. 110) נחמי' ח, י. 111) סידור ארה"ז במקומו. 112) בשו"ע שלו ר"ס תרד.

הנחת הת' בלתי מוגה

כג. כל הנ"ל קומט בהוספה אויף די פעולות פון די מבצעים בכל השנה כולה - אנהויבנדיק פון "מבצע חינוך" (ווי געדערט פריער (סט"ו ואילך) בארוכה), "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[113], "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

און די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט נשי ובנות ישראל, וואס "נתן הקב"ה בינה יתירה באשה יותר מבאיש"[114]: "מבצע נרות שבת קודש ויו"ט",

וואס דאס איז פארבונדן מיט הדלקת נרות ביוהכ"פ, און דערנאך אין די ערשטע טעג פון סוכות, און אין שכע"צ ושמח"ת, און אין שבת חוה"מ סוכות, ועד"ז אין די שבתות וימים טובים פון כל השנה כולה -

אז יעדע אידישע טאכטער משהגיעה לחינוך, זאל אנהויבן מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נרות שבת ויו"ט, און מיט א ברכה - און דער אויבערשטער וועט איר בענטשן און מצליח זיין אז יאיר מזלה, כמדובר כמ"פ,

"מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה" - וואס דאס זיינען די דריי עמודים וואס זיינען איבערגעגעבן געווארן און הייגען אפ (בעיקר) אין דעם דיוק ושמירה פון נשי ובנות ישראל, וואס אויף זיי האלט זיך כל בית ישראל.

ביז צו דעם ענין וואס די משנה זאגט אין סיום מסכת יומא (מסכת יום הכפורים[115]) - "אשריכם ישראל לפני מי אתם מטהרין ומי מטהר אתכם אביכם שבשמים, שנאמר[116] וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם, ואומר[117] מקוה ישראל ה'", וואס דאס איז דער ענין הטהרה בכלל, ובמיוחד דער ענין פון טהרת המשפחה, וואס באתעדל"ת אתעדל"ע,

און דאס איז דאך כללות ענין התשובה - וואס די תשובה איז בנוגע צו אלע ענינים פון תורה ומצותי'.

ביז אז ס'וועט מקויים ווערן דער "וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם" כפשוטו, וואס דאס וועט זיין אין דער גאולה האמיתית ע"י משיח צדקנו, ווי ער זאגט אין נבואת יחזקאל (וואס דארטן שטייט דער פסוק).

כד. כאן המקום דערמאנען בקצרה עכ"פ א מעין סיום אויף מסכת יומא (מסכת יוהכ"פ):

- אין -

------------

113) קידושין לה, א. 114) נדה מה, ב. 115) ראה שיחת פורים קטן ה'תשל"ח הע' 73. 116) יחזקאל לו, כה. 117) ירמי' יז, יג.

אין סיום פון מסכת יומא[118] רעדט די גמרא וועגן כללות ענין התשובה, אז ס'זיינען דא צוויי כללות'דיקע אופנים אין תשובה: תשובה מיראה, און תשובה מאהבה.

און דער אונטערשייד צווישן זיי איז, אז בנוגע צו תשובה מיראה שטייט[119] "ארפה משובתם", אז דאס איז בדוגמא צו רפואה ("כבעל מום שנתרפא"[120]), וואס רפואה איז נאר מכאן ולהבא, ווי דער דין[121] איז אז המקדש את האשה על מנת שאין עלי' מומים, און "הלכה . . אצל רופא ודיפא אותה אינה מקודשת", ווייל "רופא אינו מרפא אלא מכאן ולהבא";

משא"כ בא תשובה מאהבה וואס דעמולט איז "נעקר עונו מתחלתו"[122], ע"ד ווי בא התרת נדרים אז ס'ווערט נעקר מעיקרו, ווי דער דין איז אז המקדש את האשה על מנת שאין עלי' נדרים, און "הלכה אצל חכם והתירה מקודשת", ווייל "חכם עוקר את הנדר מעיקרו", ווי גערעדט אמאל בארוכה[123].

דערנאך איז די גמרא[124] ממשיך, אז דער חילוק צווישן תשובה מיראה און תשובה מאהבה איז - אז בא תשובה מיראה איז "זדונות נעשו לו כשגגות", משא"כ בא תשובה מאהבה וואס "זדונות נעשו לו כזכיות".

כה. בנוגע צו דעם ענין פון "זדונות נעשו לו כזכיות" - קען מען לערנען אויף צוויי אופנים:

"זדונות נעשו לו כזכיות", ד.ה. עס רעדט זיך נאר וועגן דעם "גברא", אז בנוגע צו דעם אידן וואס האט תשובה געטאן, זאגט מען אז "זדונות נעשו לו כזכיות" - עס איז ניט געבליבן קיין רושם פון דער עבירה (אים קומט ניט קיין עונש, אפי' ניט קיין עונש פון שוגג), ואדרבה, לגבי אים רעכנט זיך דאס ווי "זכיות".

און מ'קען לערנען אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן אויך מיטן "חפצא" - אז די מציאות פון די "זדונות" ווערט נתהפך צו "זכיות".

פון פשטות הלשון פון דעם אלטן רבי'ן אין תניא, איז פארשטאנדיק אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן אויך מיטן "חפצא" [וכמדובר כמ"פ אז דערפון וואס דער אלטער רבי שרייבט אין תניא, קען מען אפלערנען כמה הלכתא גברתא - ווי

- גערעדט -

------------

118) פו, סע"א. 119) הושע יד, ה. 120) פרש"י ד"ה וכתיב - יומא שם. 121) כתובות עד, ריש ע"ב. 122) פרש"י ד"ה כאן מאהבה - יומא שם. 123) לקו"ש אחרי תשל"ז ס"ב ואילך. 124) יומא שם, ב.

גערעדט אמאל בארוכה (און שוין אויך געדרוקט[125], ואין כאן המקום לחזור עוה"פ) וועגן דעם וואס דער אלטער רבי זאגט בנוגע צו כללות ענין התשובה, אז תשובה אליין איז א מ"ע, ניט נאר דער וידוי דברים]:

אין דעם ערשטן חלק פון תניא[126] איז דער אלטער רבי מבאר ווי אזוי מ'איז מעלה די ניצוצות הקדושה וועלכע געפינען זיך אין ק"נ, וואס דאס איז נאר בנוגע צו דברים המותרים; משא"כ אבער אן ענין של "זדונות", איז וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט די גקה"ט, "הם אסורים וקשורים בידי החיצונים לעולם ואין עולים משם עד כי יבוא יומם ויבולע המות לנצח".

דערנאך איז דער אלטער רבי ממשיך "או עד שיעשה תשובה גדולה כל כך שזדונות נעשו לו כזכיות (און איז מוסיף דעם ווארט) ממש".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס'איז ניט נאר לגבי דעם "גברא", אז אים ווערט דאס פאררעכנט אלס "זכיות", אבער דער ניצוץ בלייבט "אסור וקשור בידי החיצונים", נאר "זדונות נעשו לו כזכיות ממש", ד.ה. אז דער ניצוץ ווערט אויך נתעלה, בדוגמא ווי עס וועט זיין לע"ל (אפי' אן מעשה התשובה, אדער אן ענין כיו"ב).

כו. דער הכרח פון דעם אלטן רבי'ן אז "זדונות נעשו לו כזכיות" איז אין אן אופן אז דער ניצוץ ווערט נתעלה, ד.ה. אז אויך דער "תפצא" פון די "זדונות" ווערט נתהפך צו "זכיות" - קען מען מבאר זיין בפשטות:

אויך בא תשובה מאהבה וואס "זדונות נעשו לו כזכיות", איז דא אמאל וואס די תשובה העלפט ניט - ווי דער אלטער רבי איז מבאר דארטן[127] דעם מארז"ל[128] "איזהו מעוות שלא יוכל לתקן זה שבא על הערוה והוליד ממזר", וואס דעמאלט איז "אף אם יעשה תשובה גדולה כל כך אי אפשר לו להעלות התיות לקדושה, מאחר שכבר ירדה לעוה"ז ונתלבשה בגוף בשר ודם", עס גייט ארום אין וועלט א מציאות וואס איז באשאפן געווארן דורך דער עבירה, און דאס דערמאנט אויף די "זדונות"[129].

אויף דערויף איז אבער אויך דא אן עצה - ווי דער מיטעלער רבי ברענגט אראפ אין שערי תשובה[130], אז בשעת עס פעלט זיך די מציאות וואס "הוליד", די מציאות איז מער ניטא

- בעולם -

------------

125) ראה בהנסמן בלקו"ש אחרי תשל"ח הע' 12. 126) פ"ז (יב, א). 127) ספ"ז. 128) יבמות כב, ב. 129) ראה פרש"י ד"ה השתא - יבמות שם. 130) ח"ב מב, ד.

בעולם, דעמולט העלפט די תשובה און עס ווערט איט נתכפר.

[וואס דערמיט ווערט פארענטפערט ווי אזוי קען מען זאגן אז ס'איז דא א "מעוות שלא יוכל לתקן" - מ'זאגט דאך אז "אין לך דבר עומד בפני התשובה"[131]?

איז דער ביאור בזה: דער אלטער רבי[132] ברענגט פון זהר[133] אז אויפן חטא הידוע העלפט ניט קיין תשובה, און ער זאגט אויף דערויף "והוא דבר תמוה מאד שאין לך דבר עומד בפני התשובה", און ער פארענטפערט "ופי' בר"ת[134] שכוונת הזהר שאין מועלת תשובה תתאה כ"א תשובה עילאה", ד.ה. אז דאס וואס מ'זאגט אז עס העלפט ניט קיין תשובה, מיינט מען אז עס העלפט ניט קיין תשובה ע"ד הרגיל, נאר מ'דארף האבן א תשובה מיוחדת.

ועד"ז אויך איז בנוגע צו דעם "מעוות שלא יוכל לתקון", אז אויף דערויף העלפט ניט אפי' א תשובה מאהבה (און דערפאר זאגט מען אויף דערויף אז דאס איז א "מעוות שלא יוכל לתקון", ווייל אפי' תשובה מאהבה (ע"ד הרגיל) העלפט אויך ניט אויף דעם) -

נאר מ'דארף האבן נאך א גרעסערע תשובה - אזא תשובה וואס פועל'ט דעם העדר המציאות פון דער מציאות אין עוה"ז הגשמי וואס איז באשאפן געווארן דורך דער בחירה פון דעם מענטשן (וואס ער האט בוחר געווען טאן אן עבירה) - און בשעת אז ס'איז שוין ניטא די מציאות וועלכע דערמאנט אויף זיין חטא, העלפט די תשובה].

און לויט דעם כלל אז כל זמן אז אין וועלט איז דא די מציאות וואס דערמאנט אויף זיין חטא, קען ניט זיין דער ענין פון "זדונות נעשו לו כזכיות" - איז פארשטאנדיק, אז "זדונות נעשו לו כזכיות" איז אויך בנוגע צו דער "חפצא":

אויב מ'זאל זאגן אז לאחרי התשובה בלייבט דער ניצוץ הקדושה "אסור וקשור בידי החיצונים" - גייט דאך ארום אין וועלט א מציאות וואס דערמאנט אויף זיינע "זדונות", דארף דאס זיין א "מעוות שלא יוכל לתקון".

ד.ה. אע"פ אז בנוגע צום "גברא" זאגט מען אז "על ידי זה בא לאהבה רבה זו", ווארום דאס וואס ער איז פריער געווען אין "ארץ צי' וצלמות", האט בא אים מעורר געווען א צמאון און א תשוקה גרולה צום אויבערשטן[135] - אעפ"כ, וויבאלד

- אז -

---

131) רמב"ם הל' תשובה ספ"ג. ועוד. 132) אגה"ת רפ"ד.
133) ראה בהנסמן ב"לקוטי הגהות לתניא" לאגה"ת כאן.
134) שער הקדושה פי"ז. 135) תניא שם (יב, א).

אז דורך מעשה החטא געפינט זיך דער ניצוץ קדושה אין אן אופן פון "אסור וקשור בידי החיצונים", דארף דאס זיין א "מעוות שלא יוכל לתקון", וויבאלד אז עס גייט ארוס אין וועלט א מציאות וועלכע דערמאנט אויף זיין חטא.

און וויבאלד אז די זדונות זיינען ניט קיין "מעוות שלא יוכל לתקון", נאר די תשובה העלפט - מוז מען זאגן אז ס'איז ניטא קיין מציאות וואס דערמאנט אויף זיין חטא, ווארום דער ניצוץ איז ניט "אסור וקשור בידי החיצונים", דערפאר וואס ער האט דאס מעלה געווען לקדושה דורך זיין תשובה, ד.ה. אז "זדונות נעשו לו כזכיות" איז אויך בנוגע צום "חפצא", אז מ'איז מעלה דעם ניצוץ וואס איז געווען פריער "אסור וקשור בידי החיצונים".

[און וויבאלד אז דאס וואס דער ניצוץ איז געווען "אסור וקשור בידי החיצונים" איז ניט קיין ענין וואס איז ניכר לעיני בשר (אזוי ווי בא "הוליד כו'"), זאגט מען ניט אז דאס איז "מעוות שלא יוכל להקון", נאר עס איז גענוג תשובה מאהבה ע"ד הרגיל].

כז. דערפון איז פארשטאנדיק דער אויפטו וואס איז דא אין דעם ענין התשובה לגבי כל התורה ומצוותי':

אלע ענינים פון תומ"צ, אפי' תשובה מיראה, איז נאר מכאן ולהבא, ווארום א מענטש איז ניט קיין בעה"ב אויפן עבר, אפי' ניט אויף זיין אייגענעם עבר, במילא קען ער ניט משנה זיין דעם עבר.

דער איינציקער ענין וואס קען משנה זיין דעם עבר, איז - דער ענין פון תשובה מאהבה, ווארום דער ניצוץ קדושה וואס איז געווארן "אסור וקשור בידי החיצונים" דורך זיין פעולה <u>בעבר</u>, איז ווען ער טוט תשובה מאהבה <u>לאח"ז</u>, גייט ער ארויס פון דארטן, און ווערט נתעלה אין קדושה, ביז אז "נעשו לו כזכיות".

ביז וואנעט אז די תשובה פון יוהכ"פ, בייט איבער זיין גאנצן עבר, ע"ד ווי ס'איז געווען בא ר"א בן דורדיא, אז אע"פ אז כל ימיו איז ער געווען אין א מעמד ומצב הפכי, איז דורך דעם ענין התשובה איז בא אים געווארן דער "קונה עולמו בשעה אחת"[136] (ביז אז רבינו הקדוש האט אין אים מקנא געווען - "בכה רבי כו'") - ער האט מתקן געווען ניט נאר די ענינים וואס זיינען געווען בשנה שעברה, נאר ער האט מתקן געווען דעם גאנצן עבר, כל ימי חייו.

- וואס -

---

136) ע"ז יז, סע"א.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין התשובה (מאהבה) איז דער איינציקער אופן וואס מ'קען ווערן א בעה"ב אויפן עבר.

כח. אין דערויף זיינען אבער דא צוויי שאלות:

א) ס'זיינען דא כמה מצוות וואס מ'קען שואל זיין עליהם, אזוי ווי תרומות ומעשרות און הקדש, וואס די שאלה איז דאך משנה דעם עבר, ווארום פריער איז די זאך געווען הקדש, און דערנאך, דורך דער שאלה, ווערט דאס חולין (ד.ה. אז פריער איז דאס געווען אסור צו איס, און דורך דער שאלה ווערט דאס מותר).

עד"ז געפינט מען אויך בנוגע צו התרת נדרים, אז בשעת מ'איז מתיר א נדר, איז מען איס עוקר מעיקרו, ד.ה. אז דער עבר ווערט נשתנה (און ווי אחרונים[137] פארגלייכן דעם ענין פון תשובה מאהבה, וואס איז משנה דעם עבר – צו דעם ענין פון התרת נדרים).

עד"ז געפינט מען אין ירושלמי[138] אויפן פסוק[139] "לא-ל גומר עלי", אז "בת שלש שנים ויום אחד נמלכו ב"ד לעברו (מעבר זיין דעם יאר), בתולין חוזרין" – ד.ה. אפי' אז לויטן פריערדיקן חשבון איז זי שוין געווען בת שלש שנים ויום אחד בשעת ס'איז געווען דער ענין וואס האט צוגענומען די בתולין – און דעמולט דארף זיין "אינן חוזרין", איז בשעת אז ב"ד האבן דערנאך מעבר געווען דעם יאר, ווערט נשתנה דער עבר און "בתולין חוזרין".

וואס עפ"ז קומט אויס אז דאס וואס מ'קען משנה זיין דעם עבר, איז ניט נאר בא תשובה, נאר מ'געפינט דאס אויך בא כו"כ ענינים פון תורה ומצוותי'.

ב) א שאלה וואס אנדערע זאגן אז דאס איז לחידודי, דאס האט אבער אן ארט אויך בפשטות:

די גמרא[140] זאגט בנוגע צו נדרים, אז "הואיל ואי בעי מיתשיל עלייהו הוו להו כדבר שיש לו מתירין ואין בטיל ברוב", וואס דער טעם אויף דעם וואס א דבר שיש לו מתירין ווערט ניט בטל ברוב איז – וויבאלד אז מ'קען דאס עסן בהיתר, דארף מען דאס ניט מבטל זיין ברוב.

פרעגט אויף דערויף די גמרא: "והרי תרומה דאי בעי

- מיתשיל -

------------

137) צפע"נ לרמב"ם שם פ"ב ה"ב.(הועתק בלקו"ש אחרי תשל"ז הע' 33). 138) נדרים פ"ו סה"ח. ועוד. 139) תהלים נז, ג. 140) נדרים נט, א.

מיתשיל עלה ובטלי ברוב", און די גמרא ענטפערט: "בשלמא קונמות מצזה לאיתשולי עליהן משום דרבי נתן, דאמר רבי נתן כל הנודר כאילו בנה במה והמקיימו כאילו מקטיר עלי׳, תרומה מאי מצוה לאיתשולי עלה".

ועפ"ז קומט אויס, אז וויבאלד ס׳איז א מצוה צו תשובה טאן אויף די עבירות (ווארום אפי׳ לויט די דעוה[141] אז מצות התשובה גייט ניט אריין אין מנין המצווה - דארף דאך א איד תשובה טאן על עונותיו) - איז יעדער ענין של איסור וואס איז געווארן דורך מעשה בני אדם, דארף ער האבן בדותנייות העניינים דעם גדר פון א דבר שיש לו מהירין,

ווארום דורך תשובה ווערט דאך אויפגעטאן אין דעם "תפצא", אז די זאך גייט ארוים פון גקה"ס, און עס ווערט דערפון "זכיות" - און אעפ"כ געפינט מען ניט די גאנצע סברא אז א דבר איסור וואס איז געווארן דורך מעשה בני אדם, זאל האבן ברותנייות העניינים א גדר פון א דבר שיש לו מתירין.

כס. דער ביאור בזה:

די אלע עניינים אויף וועלכע ס׳איז שייך שואל זיין, אזוי ווי תרומות ומעשרות, הקדש, ובפרט נדרים וואס "מצוה לאיתשולי עליהן" (ועד"ז אויך שבועה - לויט די וואס האלטן אז בא שבועה איז דא שאלה[142] - איז דער טייטש אז דער נדר איז מלכתחלה געמאכט געווארן אין אן אופן אז אויב דערנאך וועט קומען א חכם און וועט דאס מתיר זיין, איז דער נדר מלכתחלה ניט חל.

ד.ה. די התרה איז ניט משנה דעם עבר, נאר דער נדר איז מלכתחלה געמאכט געווארן אין אן אופן אז אויב מ׳וועט אים מתיר זיין, איז ער מלכתחלה ניט חל.

ובדוגמא ווי מ׳זאגט[143] אז וויבאלד "כל דמקדש אדעתא דרבנן מקדש", האבן חכמים בכח צו מבטל זיין די קידושין - וואס דארפן איז ניט דער טייטש אז זיי זיינען מבטל דעם עבר, נאר די קידושין זיינען מלכתחלה "אדעתא דרבנן", ד.ה. די קידושין זיינען חל בתנאי אז די חכמים וועלן אויף דערויף מסכים זיין מכאן ועד סוף העולם, און דערפאר איז בשעת אז לאחרי זמן זיינען די חכמים ניט מסכים אויף די קידושין, זיינען די קידושין מלכתחלה ניט חל.

- דער -

------------

141) ראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1144 הע׳ 5. 142) ראה בהנסמן באנציקלופדי׳ תלמודית ערך דבר שיש לו מתירין ע׳ כה הע׳ 230. 143) כתובות ג, א. וש"נ.

דער ענין פון תשובה איז אבער אין אן אופן אז דאס איז משנה דעם עבר:

בנוגע צו תשובה קען מען ניט זאגן אז תשובה העלפט דערפאר וואס ער טוט די עבירה על מנת אז די רבנן זאלן זאגן אז דאס איז אן עבירה, און אויב ער וועט דערנאך תשובה טאן, איז דאס מלכתחלה "זכיות" - ווארום דער ענין פון תשובה קומט דאך אויף דעם וואס ער האט עובר געווען און געטאן היפך פון דעת רבנן;

ווען ער טוט אן עבירה, איז זיין כוונה טאן היפך פון רצון הבורא, כולל אויך היפך פון דעם אויבערשטנ'ס רצון ער זאל דערנאך תשובה טאן כדי עס זאל איס נתכפר ווערן (בלשון הידוע[144] "אחטא ואשוב") - ווארום "אין לך דבר עומד בפני התשובה", אפי' אויב ער טוט היפך פון דעם רצון (ער זאל דערנאך תשובה טאן) - קען מען דאך ניט זאגן אז ער טוט די עבירה על מנת עס זאל פארעכנט ווערן אלס עבירה, און אויב ניט (ד.ה. אויב ער וועט דערנאך תשובה טאן) איז דאס מלכתחלה ניט קיין עבירה.

אין אנדערע ווערטער: די גאנצע מציאות פון אן עבירה באשטייט אין דערויף וואס דער אויבערשטער האט אפגעגעבן בחירה א אידן אז ער זאל קענען טאן היפך רצון הבורא כביכול,

ווארום לכאו', איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז דער אויבערשטער איז דער "בעה"ב לבירה זו", איז ווי איז שייך צו טאן היפך רצונו?

איז דער ביאור בזה - אז דאס גופא איז ביכולת הבורא (וואס ער איז "כל יכול") אז ס'זאל זיין "נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב ואת המות ואת הרע"[145], נאר דער אויבערשטער בעט זיך (ווי די גמרא[146] זאגט אויפן פסוק[147] "אם בחוקותי תלכו" - "אין אם אלא לשון תחנונים") אז ס'זאל זיין "ובחרת בחיים"[148]; ער קען ניט הייסן "ובחרת בחיים", ווארום "רשות לכל אדם נתונה" (כלשון הרמב"ם[149]) צו טאן לויט ווי בא איס קומט אויס, ער האט בחירה חפשית, ביז וואנעט אז מ'זאגט אויף דערויף[150] "הן האדם הי' כאחד ממנו"[151], ער האט בחירה חפשית אזוי ווי דער אויבערשטער כביכול.

איז דאך פארשטאנדיק, אז מ'קען ניט זאגן אז דער מעשה

- העבירה -

---

144) יומא פה, ב. 145) נצבים ל, טו. 146) ע"ז ה, סע"א. 147) ר"פ בחוקותי. 148) נצבים שם, יט. 149) שם רפ"ה. 150) רמב"ם שם. וראה לקו"ת אמור לח, ב. 151) ל' הכתוב - בראשית ג, כב.

הנחת הת' בלתי מוגה

העבירה איז על תנאי אויב דער אויבערשטער וועט זאגן אז דאס איז א חטא, און אויב דער אויבערשטער וועט זאגן אז ס'איז ניט קיין חטא (ד.ה. ווען ער וועט תשובה טאן אויף דערויף), איז דאס מלכתחלה ניט קיין חטא - ווארום ער זאגט בפירוש אז ער גייט טאן אן ענין וואס איז היפך רצון הבורא, כולל אויך היפך פון דעם רצון ער זאל דערנאך תשובה טאן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין התשובה איז משנה דעם עבר, ווארום פריער איז דער ניצוץ געווען "אסור וקשור בידי החיצונים", אין גקה"ס, און דורך די תשובה ווערט ער נתהפך צו "זכיות". און דער ענין וואס מ'איז משנה דעם עבר איז דא מערניט ווי אין דעם ענין פון תשובה.

ל. דער ענין איז אבער נאר בא תשובה מאהבה, משא"כ בא תשובה מיראה, וואס דאס איז מערניט ווי מכאן ולהבא - והביאור בזה:

בא תשובה מיראה איז "זדונות נעשו לו כשגגות", וואס וויבאלד אז אויף א שוגג דארף מען אויך האבן כפרה (ווי רש"י זאגט אין אנהויב מסכת שבועות[152]), איז פארשטאנדיק אז בשעת ער טוט תשובה מיראה, האט ער נאך ניט יוצא געווען י"ח מצות תשובה, נאר ער האלט ערשט אינמיטן עבודת התשובה;

ער האט שוין טאקע ניט קיין חיוב צו תשובה טאן אויף "זדונות", ווארום "זדונות נעשו לו כשגגות", האט ער אבער א חיוב צו תשובה טאן ווי מ'דארף תשובה טאן אויף "שגגות", און כל זמן וואס ער האט דאס נאך ניט געטאן, ליגט אויף אים א חיוב צו תשובה טאן.

און שלימות התשובה איז דוקא ווען ער טוט תשובה מאהבה, וואס דעמולט איז "זדונות נעשו לו <u>כזכיות</u>" - און דעמולט ווערט נשתנה דער עבר, אז דער ניצוץ וואס איז געווען "אסור וקשור בידי החיצונים" ווערט נתעלה אין קדושה..

לא. עפ"ז קען מען מבאר זיין (בדא"פ) דעם קשר פון דעם ענין פון תשובה מאהבה (וואס "זדונות נעשו לו כזכיות") מיט דעם ענין פון טומאה וטהרה - ווי די משנה זאגט בסוף יומא "אמר רבי עקיבא אשריכם ישראל לפני מי אתם מטהרין ומי מטהר אתכם כו'", וואס דאס גייט אריין אין דעם סיום וחותם פון מסכת יוהכ"פ, וואס ענינה איז דער ענין התשובה:

עס שטייט אין מדרש[153] אויפן פסוק[154] "מי יתן טהור מטמא", "כגון אברהם מתרח", ד.ה. אז מ'מאכט איבער פון דעם

- "טמא" -

---

152) ב, א ד"ה תולה. 153) במדב"ר רפי"ט. 154) איוב יד, ד.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

"טמא" אז ס'זאל ווערן "טהור", ביז וואנעט אז אברהם האט אויך מתקן געווען און גע'פועל'ט אז תרח זאל אויך תשובה טאן, ווי ס'שטייט[155] "ואתה תבוא אל אבותיך בשלום", "למדך שעשה תרח תשובה"[156].

און דערפון איז אויך א הוכחה אז די תשובה פון תרח איז ניט געווען קיין תשובה מיראה, וואס דעמולט בלייבט דאס "שגגות" - ווארום וויבאלד אז מ'זאגט צו אברהם (וואס "אחד הי' אברהם"[157]) "ואתה תבוא אל אבותיך", מוז מען זאגן אז די תשובה פון תרח איז געווען א תשובה מאהבה, וואס דעמולט איז שייך צו מבשר זיין אברהם'ן אז "ואתה תבוא אל אבותיך".

וואס דאס איז דער כללות הענין פון "מי יתן טהור מטמא", אז מ'מאכט איבער דעם "טמא" ער זאל ווערן "טהור" - בדוגמא צו דעם ענין פון תשובה מאהבה (שלימות ענין התשובה) אז "זדונות נעשו לו כזכיות".

און דאס ווערט א הקדמה קרובה צו דעם וואס ס'שטייט אין סיום המסכת אז "מפיש חיי סגי ומסגי", "בבנים ובני בנים שכך הסימן יראה[158] זרע יאריך ימים"[159] - וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס די גמרא[160] זאגט אז "אין בן דוד בא עד שיכלו כל נשמות שבגוף" ("באותו אוצר ששמו גוף"[161]).

און דאס ווערט די הכנה קרובה צו דעם וואס עס שטייט אין תחלת המסכת[162] אז עס וועלן זיין "אהרן ומשה עמהם", און זיי וועלן באווייזן דעם גאנצן סדר העבודה (פון יוהכ"פ) אין ביהמ"ק השלישי,

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובעגלא דידן.

לב. אזוי ווי ס'זיינען דא אזוינע וואס ווארטן אז מ'זאל רעדן וועגן דעם ענין הידוע פון "קעמפ דייויד" - איז וויבאלד אז מ'האלט אינמיטן פון עשי"ת, וואס דעמולט דארף מען רעדן נאר גוטע זאכן אויף יעדן אידן און אויף אלע אידן, און מ'דארף זיך במיוחד אויסהיטן פון "אל תפתח פה וכו'"[163] - וועט מען זיך מוזן פארלאזן אויף דעם וואס מ'האט גערעדט בגלוי ובהדגשה פאר עשי"ת[164], און בלי נדר, לאחרי עשי"ת, אין א הזדמנות המתאימה, וועט מען רעדן דעם המשך שבדבר.

- און -

---

155) לך לך טו, טו. 156) פרש"י עה"פ. ועוד.
157) יחזקאל לג, כד. 158) ל' הכתוב - ישעי' נג, י.
159) פרש"י שם ד"ה סגי ומסגי. 160) יבמות סב, סע"א.
161) פרש"י ד"ה משום - יבמות שם. 162) ה, ב. 163) ראה ברכות יט, א. 164) בההתוועדות דח"י אלול.

הנחת הת' בלתי מוגה

און דערווײלע זאל מען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, מיט דער הקדמה פון תשובה - און דעמולט ווען מען זעהן בעיני בשר אז דער מצב איז ניט ווי אנדערע ווילן איינ- רעדן אז ס׳איז שוין בדיעבד ח"ו, ווארום מ׳האט שוין גע׳חטא׳ט, און מ׳האט ניט קיין ברירה וכו׳ - ניט נאר אז ס׳איז ניט בדיעבד, נאר אין דעם לכתחלה גופא איז דאס נאך לכתחלה.

און ווי מ׳זעט שוין בעיני בשר אז די אלע עניינים זיינען נאך ניט שייך לפועל, ס׳איז מערניט וואס זה אומר כך וזה אומר כך, און ווי גערעדט דעמולט אז ס׳איז א גרויסער שאדן אויף די זאכן וואס מ׳האט נאכגעגעבן וכו׳ - וכאמור אז עשי"ת איז ניט די צייט אויף רעדן וועגן עניינים בלתי רצויים.

און דערנאך ווען מען זיך איבערצייגן אז דאס איז א מצב פון לכתחלה אין דעם לכתחלה גופא - ווי די וואס האבן אויף דערויף גע׳חטא׳ט הויבן זיך שוין אן איבערצייגן אין דערויף, און בינתיים, בקרוב ממש, וועט זיין דער נס אז דער צד שכנגד וועט דאס בכלל ניט וועלן נעמען, בדוגמא ווי ס׳איז געווען דער נס אין די מלחמות שלפנ"ז.

און דערווײלע זאל זיין "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד"[165] - וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ס׳שטייט אין תחלת הפרשה, אז "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם".

און בקרוב ממש וועט מען זוכה זיין אז "ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה יתן פריו"[166], אז אפי׳ "אילני סרק" וועלן געבן פירות[167], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה, ובעגלא דידן.

לג. דער ביאור אין פרש"י:

רש"י דארף ניט מבאר זיין ווי אזוי איז געווארן א מעמד ומצב אז אלע אידן האבן זיך צוזאמענגעקליבן (וואס דערפאר האט משה רבינו געקענט רעדן מיט אלע אידן), אע"פ אז אפי׳ "הקהילו אלי את כל <u>זקני</u> שבטיכם" איז אויך געווען פאר- בונדן מיט א פעולה מיוחדת, ועאכו"כ צוזאמענקלייבן <u>אלע</u> אידן - ווארום רש"י האט שוין באווארנט אז בכל יום זיינען געווען מעמדים ומצבים וואס אלע אידן (המחוייבים במצוות) האבן זיך צוזאמענגעקליבן (ניט דערפאר וואס מ׳האט זיי צוזאמענגעקליבן דורך די חצוצרות וכו׳):

- אין -

------------

165) בחוקותי כו, ו. 166) שם, ד. 167) כתובות בסופה. תו"כ ופרש"י עה"פ.



<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

אין פ׳ בהעלותך[168] שטייט "והקרבת את הלוים לפני אוהל מועד והקהלת את כל עדת בני ישראל", זאגט אויף דערויף רש"י: "לפי שהלוים נתונים קרבן כפרה תחתיהם, יבואו ויעמדו על קרבנם וכו׳. וואס דערפון ווייסט דער בן חמש למקרא אז ווען מ׳איז מקריב א קרבן דארף מען שטיין דערביי.

און וויבאלד אז בכל יום ויום האט מען מקריב געווען כמה קרבנות ציבור - איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ׳האט מקריב געווען א קרבן ציבור, האבן אלע אידן (וואס זיינען מחוייב במצוות, ניט "טפכם") געדארפט זיין דערביי.

ובמילא איז פארשטאנדיק, אז בשעת משה רבינו איז געקומען אין דעם ארט וואו מ׳האט מקריב געווען די קרבנות ציבור, האט ער דארפן געטראפן אלע אידן (ווען זיי זיינען געקומען צוליב די קרבנות ציבור).

ועפ"ז פאלט אפ די שאלה ווי אזוי האט משה רבינו געקענט ארומגיין גאנץ מחנה ישראל, י"ב פרסה, און רעדן מיט יעדן שבט באזונדער, ובפרט אז אין דעם טאג פון שבעה באדר האט ער געדארפט טאן נאך כו"כ ענינים, און די אלע זאכן האבן געדארפט געטאן ווערן אין דעם ערשטן האלבן טאג, ווארום "בעצם היום הזה" איז שוין געווען דער ציווי "עלה אל הר העברים וגו׳"[169] -

ווארום דער בן חמש למקרא ווייסט אז ווען מ׳האט מקריב געווען קרבנות ציבור, זיינען דארטן געווען אלע אידן, פארשטייט ער אז בשעת משה רבינו האט געוואלט רעדן מיט אלע אידן צוזאמען, איז ער געגאנגען אין דעם ארט וואו מ׳האט מקריב געווען די קרבנות ציבור, און דארטן האט ער געטראפן אלע אידן.

אין פשטות הכתובים איז ניט ברור בא וועלכן קרבן ציבור איז געווען דער "וילך משה וידבר אל כל ישראל", און דערפאר קען רש"י ניט זאגן בא וועלכן קרבן ציבור דאס איז געווען - ס׳איז אבער פארשטאנדיק בפשטות אז אויך אין דעם טאג פון שבעה באדר האט מען מקריב געווען כו"כ קרבנות ציבור, ובמילא איז געווען א מעמד ומצב וואס אלע אידן זיינען געווען צוזאמען,

און וויבאלד אז מ׳וועט לערנען שפעטער אז "בעצם היום הזה" איז געווען דער ציווי "עלה אל הר העברים וגו׳" - וועט דעמולט נתברר ווערן אז דער "וילך משה וידבר אל כל ישראל" איז געווען בא איינעם פון די קרבנות ציבור וועלכע מ׳האט מקריב געווען פאר "עצם היום הזה" - בתחלת היום.

- לד. -

---

168) ח, ט. 169) האזינו לב, מח-מט. וראה פרש"י עה"פ שם, מח..

הנחת הת׳ בלתי מוגה

לד. לכאו׳, איז אבער נים מוכרח צו זאגן אז ווען מ׳האט מקריב געווען די קרבנות ציבור זיינען אלע אידן געשטאנען דערביי, ווארום עס זיינען דאך געווען די "אנשי מעמד"[170], וואס זיי זיינען געווען די שלוחים פון כל בנ"י, וואס "שלוחו של אדם כמותו" (ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט דעם פסוק[171] "ושחטו אותו כל קהל עדת בני ישראל", און רש"י טייטשט אפ: "וכי כולן שוחטין, אלא מכאן ששלוחו של אדם כמותו") – איז וואס איז דער הכרח צו זאגן אז אלע אידן זיינען געווען ווען מ׳האט מקריב געווען די קרבנות ציבור?

דארף אבער רש"י נים באווארענען די קשיא, ווארום דער בן חמש למקרא האט נאך נים געלערנט וועגן דערויף אז ס׳זיינען געווען "אנשי מעמד".

והעיקר: דעם ענין פון "אנשי מעמד" האבן מתקן געווען שמואל הנביא און דוד[172] – עס לייגט זיך סאקע צו זאגן אז ס׳איז שוין געווען אויך פון פריער, ווארום וויבאלד אז אידן זיינען געווען "מפוזר ומפורד" אין גאנץ א"י, האבן זיי נים געקענט שטיין בא יעדן קרבן ציבור, האט מען געדארפט אנקומען צו "אנשי מעמד"; דאס איז אבער געווארן נאך דערויף וואס מ׳איז אריין אין א"י, אבער ווען מ׳איז געווען אין מדבר, האבן אלע אידן געקענט זיין בעת הקרבת הקרבנות ציבור, ובמילא דארף מען נים אנקומען צו די "אנשי מעמד".

לה. אין דערויף קומט צו נאך א פרט:

מ׳האט שוין געלערנט פריער[173] "כי ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך גו׳ ואמרת אוכלה בשר גו׳ בכל אות נפשך תאכל בשר", און רש"י טייטשט אפ: "אבל במדבר נאסר להם בשר חולין אלא אם כן מקדישה ומקריבה שלמים"; ערשט ווען מ׳איז געקומען אין א"י, און ס׳איז געווארן א מעמד ומצב אז "ירחק ממך המקום"[174], "ולא תוכל לבוא ולעשות שלמים בכל יום כמו עכשיו שהמשכן הולך עמכם"[175] – האט מען זיי מתיר געווען בשר חולין.

וואס דערפון ווייסט דער בן חמש למקרא אז בשעת אידן האבן געוואלט עסן בשר זייענדיק במדבר (ווי מ׳האט שוין געלערנט "בין הערבים תאכלו בשר"[176]) – האבן זיי געדארפט קומען אין משכן מקריב זיין שלמים, ד.ה. אז יעדערער האט

- געהאט -

---

170) תענית כו, א. 171) בא יב, ו. 172) תענית כז, א.
173) ראה יב, כ. 174) שם, כא. 175) פרש"י עה"פ.
176) בשלח טז, יב.

געהאט די מעגליכקייט צוקומען צום משכן בכל יום, און וויבאלד אז "מצוה בו יותר מבשלוחו"[177], איז ניטא קיין הכרח צו זאגן אז מ'האט דאס געטאן דורך די "אנשי מעמד".

ועד"ז איז פארשטאנדיק פון פשטות הכתובים אז "כל מבקש ה'"[178] האט געקענט צוקומען און הערן תורת ה' פון משה רבינו בכל יום אין "אוהל מועד", וואס דארטן איז געווען דער "וידבר ה' אליו מאוהל מועד"[179] - ווי רש"י[180] האט שוין געזאגט אז דער סדר פון "כל מבקש ה' יצא אל אוהל מועד אשר מחוץ למחנה" איז געווען "עד שהוקם המשכן", און "משהוקם לא נדבר עמו עוד אלא מאוהל מועד".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בכל יום זיינען אידן געווען צוזאמען אין "אוהל מועד" - ווי געזאגט פריער אז רש"י האט שוין באווארענט אז ווען מ'איז מקריב א קרבן דארף מען שטיין דערבײַ, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ווען מ'האט מקריב געווען קרבנות ציבור זיינען אלע אידן געשטאנען דערביי - ווארום רש"י דערמאנט ניט דעם גאנצן ענין פון "אנשי מעמד" ווען אידן זיינען געווען אין מדבר (אפי' אויב מ'זאל זאגן אז אין מדרשי רז"ל ווערט געבראכט דער ענין פון "אנשי מעמד" אויך בנוגע צו דעם זמן וואס אידן זיינען געווען אין מדבר).

לו. עפ"ז איז אבער ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס האט געדארפט זיין א השתדלות מיוחדת אויף "הקהילו אלי את כל זקני שבטיכם", ער האט דאך זיי געקענט טרעפן ווען זיי זיינען געקומען אין אוהל מועד צוליב די קרבנות ציבור?

איז דער ביאור בזה:

וויבאלד אז דא איז געווען א ציווי פון דעם אויבערשטן ער זאל איבערזאגן די זקנים דברי הקב"ה - דארף זיין א ספעציעלער ענין פון "הקהילו אלי"; בשעת מ'דארף איבערגעבן דברי המלך, קען מען דאס ניט טאן אין אן אופן אז בשעת מ'קלייבט זיך צוזאמען צוליב אן אנדער זאך, זאל מען אויס-נוצן די געלעגנהייט און איבערגעבן דבר ה', נאר עס דארף זיין אן ענין מיוחד פון "הקהילו אלי", צוליב <u>דעם</u> ענין (ובלשון הידוע[181] אז ס'איז ניטא קיין במילא).

משא"כ בנוגע צו "וילך משה וידבר את כל הדברים האלה אל כל ישראל", וואס דא רעדט זיך וועגן דברי עידוד ונחמה וואס <u>משה</u> האט געזאגט צו אידן (ניט קיין ענין פון איבערגעבן

- ציווי -

---

177) קידושין מא, א. 178) תשא לג, ז. 179) ר"פ ויקרא. 180) עה"פ תשא שם, יא. 181) סה"ש ה'ש"ת ע' 57.

ציווי ה׳) - אז זיי זאלן זיך ניט דערשרעקן דערפון וואס "נסתתמו ממנו מסורות ומעיינות החכמה"[182], דערפאר וואס מ׳גיט דאס איבער צו יהושע וכו׳ - האט משה רבינו ניט געוואלט מטריח זיין אלע אידן און צוזאמענקלייבן זיי כדי אז זיי זאלן הערן די דברי עידוד, האט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט. ווען אידן האבן זיך צוזאמענגעקליבן צוליב אן אנדער זאך (קרבנות ציבור וכו׳), און דעמולט איז "וידבר את הדברים האלה אל כל ישראל".

לז. דער ביאור אין די הערות אויפן זהר:

אין זהר ברענגט זיך אז ס׳זיינען דא פיר זאכן וואס ענינם איז דער ענין פון "עדות" פאר אידן, "באר דיצחק (ווי ס׳שטייט[183] "בעבור תהי׳ לי לעדה"), גורל (ווי ס׳שטייט[184] "על פי הגורל תחלק נחלתו", "דהוה אכר דא ליהודה ודא לבנימין וכו׳"), ואבנא דשוי יהושע (ווי ס׳שטייט[185] "הנה האבן הזאת תהי׳ בנו לעדה"), ודא שירתא (ווי ס׳שטייט[186] "וענתה השירה הזאת לפניו לעד")".

און ער טייטשט אפ אין אור החמה[187] אז די פיר עניניס זיינען כנגד די פיר ענינים אין ספירות: באר דיצחק איז דער ענין הגבורה, גורל איז דער ענין החסד, וויבאלד אז גורל דקדושה איז ביד ימין, אבן איז דער ענין פון יעקב, ספירת התפארת, און שירה איז דער ענין פון מלכות.

און דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס מ׳איז מדייק אז דאס איז "באר דיצחק" און ניט "באר דאברהם" - ווארום וויבאלד אז רא רעדט זיך וועגן דעם ענין הבאר ווי ס׳איז פארבונדן מיט "עדות", און פארבונדן מיט "גבורה", דערפאר רופט מען דאס אן "באר דיצחק" און ניט "באר דאברהם", ווארום יצחק איז ענינו ספירת הגבורה.

לח. בנוגע צו דעם ענין העדות - שטייט דאך בפרשתנו[188] "ואעידה בם את השמים ואת הארץ", אז "שמים" און "ארץ" זיינען די עדים אז אידן פירן זיך לויט ווי דער אויבערשטער וויל, אין אן אופן פון "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם" (און דער אויבערשטער זאגט "אם בחוקותי תלכו", וואס "אם" איז לשון תחנונים ובקשה - וואס דורך דערויף איז "הקב"ה עוזרו"[189]) - און דעמולט ווערט דער ענין פון "ונתתי גשמיכם בעתם", און "ונתנה הארץ יבולה"[166].

- וואס -

------------

182) פרש"י פרשתנו לא, ב. 183) וירא כא, ל.
184) פינחס כו, נו. 185) יהושע כד, כז. 186) פרשתנו שם, כא. 187) קכג, א. 188) שם, כח. 189) קידושין ל. ב.

וואס דאס איז דער כללות הענין פון שמים וארץ - אז בשעת אידן לערנען תורה און זיינען מקיים מצוות, זיינען די שמים וארץ מעיד אז אידן פירן זיך לויט ווי דער אויבערשטער וויל, ביז וואנעס אז ברכת ה' קומט אדאפ אין אן אופן גלוי לעיני בשר, אין "ברכות שמים מעל" און "ברכות תהום רובצת תחת"[190], מיט אלע ברכות וואס מ'זאגט אין "ויתן לך", וואס מ'זאגט דאס במוצאי שבת קודש, און מ'איז דאס דערנאך ממשיך על כל הימים שלאח"ז.

ויה"ר אז פון מוצאי שבת זה זאל זיין א שנה מבורכת מיט אלע ברכות וואס מ'זאגט אין "ויתן לך",

וואס בנוגע צו אמירת "ויתן לך", זעט מען א דבר פלא אין הנהגת רבותינו נשיאינו, אז מ'פלעגט זיך משתדל זיין זאגן "ויתן לך" מיט א צווייטן (איך ווייס ניט דעם טעם בזה - צי כדי מ'זאל קענען זאגן "ויתן לך" - צום צווייטן, און אויך הערן פון דעם צווייטן "ויתן לך", אדער צוליב אן אנדער טעם).

ביז וואנעס אז מ'האט געזעהן כמ"פ (און מסתמא האבן אנדערע געזעהן נאך אפטער), אז אפי' אין די זמנים וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר איז געווען אויסגערעכנט אין זמן ביותר וביותר, פלעגט ער בלייבן נאך הבדלה

[וואס בכלל פלעגט ער זיך משתדל זיין אז א צווייטער זאל מאכן הבדלה, חוץ אין זמנים מיוחדים - ווען ס'איז געווען פארבונדן מיט "כוס של ברכה", ועד"ז במוצאי יוהכ"פ, וואס דעמולט איז געווען די השתדלות מאכן אליין הבדלה]

און קוקן אין סידור צוזאמען מיט א צווייטן אדער מיט כו"כ, און זאגן "ויתן לך" מתחלתו ועד גמירא.

ויה"ר אז ס'זאל זיין "ויתן לך" - לכל אחד ואחת, און אזוי אויך צו דעם אומר אליין - די אלע ברכות וואס מ'רעכנט אויס, ביז צום סיום הברכה - די ברכה וואס דוד המלך האט געזאגט "ה' עוז לעמו יתן ה' יברך את עמו בשלום"[191],

און וויבאלד אז "שלום שקול כנגד הכל"[192], ווערן נמשך אלע ברכות, אנהויבנדיק פון די ברכות וואס הויבן זיך אן מיט אן אל"ף - שנת אורה, און אזוי אויך אלע ברכות וואס יעדערע פון זיי הויבט זיך אן מיט אן אות בתורה, ביז צו אות תי"ו - שנת תורה, שנת תפלה און שנת תשובה, מיט אלע ענינים טובים שבינתיים,

- ביז -

---

190) ויחי מט, כה. 191) תהלים כט, יא. 192) פרש"י עה"פ בחוקותי כו, ו.

הנחת הת' בלתי מוגה

ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט וועט זיין די התגלות פון כל הברכות למטה מעשרה טפחים - אויך די ברכות וואס זיינען פארבונדן מיטן הי"ו העליון, ווי ער איז מבאר אין לקו"ת[193] (מיוסד אויף ספרי קבלה) אז דאס איז פאר- בונדן מיט מלכות דמלכות דא"ס.

ובקרוב ממש וועט זיין "ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים"[194] - דורך הפצת המעיינות חוצה נאך אין סיום וסוף ימי הגלות,

און מתוך שמחה וטוב לבב וועט מען זיך עוסק זיין אין כל כ"ב אותיות התורה, וואס פון זיי איז צוזאמענגעשטעלט געווארן גאנץ תושב"כ און גאנץ תושבע"פ, און "מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש", ביז צו מנהגי ישראל, וואס "מנהג ישראל תורה הוא"[195], און אזוי אויך אלע המשכות והשפעות, ווארום אותיות איז מלשון "אתא[196] בוקר"[197],

און ממשיך זיין דעם "אתא בוקר" - דעם בוקר הגאולה, בעגלא דידן.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

* * *

לט. ס׳איז נאך געבליבן צו מסיים זיין דעם ביאור בנוגע צו וואס מ׳האט גערעדט פריער (סכ"ת) פארוואס איז ניט שייך צו זאגן אז א איסור וואס איז געווארן ע"י מעשה בני אדם זאל האבן א גדר פון א "דבר שיש לו מתירין", וויבאלד אז מ׳קען תשובה טאן אויף דעם:

איינער פון די טעמים[198] אויף דעם וואס דבר שיש לו מתירין אינו בטל, איז - אז בשעת א דבר שיש לו מתירין מישט זיך מיט א דבר היתר, איז דאס מין במינו (וויבאלד אז דער איסור איז א דבר שיש לו מתירין), און ס׳איז דא א דעה[199] אז מין במינו לא בטיל.

וועט קען דאס הייסן מין במינו (וויבאלד אז דאס איז א דבר שיש לו מתירין) - דוקא ווען ס׳איז שוין א דבר שיש לו מתירין בשעת עס מישט זיך צוזאמען, אזוי ווי בא נדרים וכיו"ב, וואס דער נדר איז <u>מלכתחלה</u> (בשעת האיסור) א דבר

- שיש -

------------

193) בהר מג, ב. הוספות לויקרא נג, סע"ב. 194) ישעי׳ יא, ט. 195) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 196) ל׳ הכתוב - ישעי׳ כא, יב. 197) תו"א יתרו עא, א. ועוד. 198) ר"ן נדרים נב, א. הובא בט"ז יו"ד סק"ב סק"ה. 199) חולין ק, א. וש"נ.

שיש לו מתירין, ווארום דער נדר איז מלכתחלה געמאכט געווארן אין אן אופן אז אויב מ'וועט אים מתיר זיין איז דאס ניט קיין חל;

משא"כ בנוגע צו תשובה - וואס בשעה די עבירה איז במציאותה (איידער עס טוט תשובה) איז דאס אן ענין וואס אין איר איז ניט שייך קיין שינוי, דאס איז א דבר איסור, היפך רצון ה', ס'איז מערניט וואס תשובה האט בכח צו משנה זיין (לאחרי זמן) דעם עבר, ובמילא איז דער איסור ניט קיין דבר שיש לו מתירין, ס'איז ניט מין במינו מיטן היתר, ווארום ס'איז א דבר איסור.

עד"ז דער טעם אויף דעם וואס דבר שיש לו מתירין אינו בטל "הואיל ויש לו מתירין לאחר זמן לא יאכלנו באיסור ע"י ביטול"[200] - איז אויך ניט שייך בנוגע לענין התשובה:

ווען איז שייך זאגן אז אנשטאט עסן דאס ע"י ביטול קען מען דאס עסן בהיתר (וויבאלד אז יש לו מתירין) - דוקא ווען עס רעדט זיך וועגן די זעלבע זאך;

אבער בנוגע צו תשובה - איז פונקט ווי תשובה מאכט-איבער דעם עבר (דעם זמן), מאכט זי איבער אויך די חפצא: פריער איז די חפצא געווען אין גקה"ס מיטן גאנצן שטורעם, ס'איז געווען "אסור וקשור בידי החיצונים" אן קיין חלישות, און דערנאך פועל'ט די תשובה אז ס'זאל ארויסגיין פון דארטן און נתעלה ווערן לקדושה (און אין אן אופן אז דאס איז עוקר די גאנצע זאך ביז אז עס בלייבט ניט קיין רושם דערפון) - עס איז געווארן א נייע זאך (ווארום פריער איז דאס געווען "אסור וקשור בידי החיצונים" אן קיין חלישות),

משא"כ בנוגע צו א נדר, וואס בשעת האיסור גופא איז דאס שוין א דבר שיש לו מתירין, ווארום דער נדר איז געמאכט געווארן אין אן אופן של תנאי - דוקא אויב מ'וועט אים ניט מתיר זיין, ובדוגמא צו "כל המקדש אדעתא דרבנן מקדש", אז די קידושין זיינען בתנאי אז רבנן וועלן אויף דערויף מסכים זיין.

מ. ס'איז דא נאך אן ענין וואס איז פארבונדן מיט דער התוועדות פון וא"ו תשרי - די מגבית וואס מ'מאכט פארן קרן וואס ווערט אנגערופן ע"ש פון דער מאמע - "קרן חנה", כמדובר כמ"פ.

און מ'רעדט וועגן דעם ווען ס'איז שוין לאחרי חצות - לילה -

---

200) פרש"י ד"ה אפילו - ביצה ג, ב.

לילה (עכ"פ לויטן זייגער) - מצד דער הנהגה וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט בשם פון זיין פאטער (דער רבי נ"ע):

דער רבי נ"ע פלעגט פרייטאג זאגן די רעבעצן, אז אויב זי דארף האבן געלט אויף דער הוצאה במוצש"ק אדער זונטאג אינדערפרי, זאל זי דאס בא אים נעמען פרייטאג, ווארום במוצש"ק וועט ער ניט געבן.

דער טעם אויף דעם וואס ער האט ניט געוואלט געבן געלט במוצש"ק איז, דערפאר וואס עס שטייט בכ"מ אז אויסגעבן געלט במוצש"ק איז ניט קיין סימן ברכה.

עס שטייט אבער דערביי אז אפילו אויב מען פירט זיך אזוי[201], זאל מען דאס ניט זאגן בדיבור[202], דערפאר וואס דער ענין פון "האומר עונה פלונית יפה וכו׳" איז פארבונדן מיט דרכי האמורי[203];

און דא איז דער חידוש אז דער רבי נ"ע האט דאס געזאגט בדיבור, און וועז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דאס איבערדערציילט, האט ער דאס אויך געזאגט בדיבור. - מיר איז דעמולט ניט איינגעפאלן צו פרעגן פארוואס זאגט מען דאס בדיבור, בכילא האב איך ניט קיין תירוץ אויף דעם, עס איז אבער זיכער אז אין דערויף איז דא א הסברה - מצד דערויף וואס ס׳איז געווען בערב ש"ק, צי מצד אנדערע סיבות, אדער דערפאר וואס מ׳האט שולל געווען דעם דיבור דורך מסירת מודעה וכו׳.

ועפ"ז ווערט לכאו׳ א שאלה: ווי אזוי מאכט מען א מגבית במוצאי שבת קודש, מ׳זעט דאך אז די הנהגה פון דעם רבי׳ן נ"ע איז געווען צו ניט אויסגעבן געלט במוצש"ק?

איז אזוי ווי מ׳שטייט דאך במוצש"ק, און ס׳איז אין עשי"ת, און מ׳קען געבן צדקה במעמד פון כמה עשירות מישראל, און געבן דאס במקום קרוש, א מקום תפלה און א מקום פון לימוד התורה,

און דער ענין הזריזות (טאן די זאך גלייך, און ניט אפלייגן דאס אויף שפעטער) איז דאך גוט בכל ענין, כמבואר אין אגה"ק[204] אז "זריזותי׳ דאברהם אבינו ע"ה היא העומדת לעד לנו ולבנינו עד עולם", ועאכו"כ אין עשי"ת, וואס התחלתם איז בר"ה, און דעמולט לייענט מען פ׳ העקידה, וואס אויף דערויף זאגט דער אלטער רבי אז "זריזותי׳ דאברהם אבינו היא העומדת לנו כו׳" -

- נוצט -

---

201) ראה פתחי תשובה לשו"ע יו"ד סקע"ט סק"ג. 202) ראה שו"ע שם ס"ג. 203) ראה תוספתא שבת פ"ח ה"ו. וראה רמ"א בשו"ע שם סקע"ח ס"א. 204) סכ"א.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

נוצט מען אויף דערויף דאס וואס די גמרא זאגט אין פסחים[205] בנוגע צו די ד׳ כוסות, אז אן ענין פון כוס של ברכה, און יעדער ענין של טוב, איז זיך מצטרף מערנים ווי לטובה ולברכה.

ובפרט אז די געלט וואס מ׳וועט געבן וועט מען אויסגעבן ערשט לאחרי מוצש"ק, איז ניטא אין דערויף קיינע חששות.

ויה"ר אז מ׳זאל יוצא זיין על כל השנה כולה מיט דעם ענין וואס מ׳דארף זיך אויף דערויף אפפערן, און אלע איבעריקע ענינים זאלן זיין איינגאנצן גלאט ע"פ שו"ע וכו׳, ווארום דער ענין וועט בלייבן דער איין און איינציקער ענין על כל השנה כולה אויף וועלכן מ׳וועט זיך דינגען, און דערנאך איז מען מקיים אז מ׳זאל דאס געבן אויף צדקה.

און אזוי ווי עס ווערט דערציילט אין ירושלמי[206] אז מ׳האט געטראפן איינעם וואס האט געגעבן צדקה בלילה, און האט מצליח געווען, מיט די גאנצע שקו"ט וואס איז דארטן דא - איז עד"ז אויך בנוגע צו מוצש"ק, אז ס׳זאל זיין א סימן ברכה, און א סימן ברכה רבה, און א סיכן אויף א ברכה רבה ומופלגה בכל הענינים, "עד בלי די"[207].

און די וואס ווילן - קענען אויך מצרף זיין דערצו שמם ושם אמם, על מנת להזכירם בעת רצון.

מא. כאן המקום להודיע אז אזוי ווי ס׳איז דא דער סדר וואס בערב יוהכ"פ בעט מען לעקאח, און אין אן אופן אז מ׳בעט דוקא,

וואס איינער פון די טעמים[208] אויף דערויף איז, אז דערמיט איז מען יוצא על כל השנה כולה אז מ׳זאל ניט דארפן אנקומען לידי מתנת בשר ודם ח"ו - דורך דעם וואס מ׳בעט לעקאח, און מ׳באקומט דעם לעקאח, און צוזאמען דערמיט - א ברכה לשנה טובה ומתוקה על כל השנה כולה,

איז כדי להקל אז ס׳זאל זיין אין א לייכטערן אופן - איז אזוי ווי פון מוצאי שבת שובה הויבט זיך שוין אן דער ערב און הכנה צו יוהכ"פ, וועט זיך אנהויבן די בקשת ונתינת לעקאח, גלייך פון יום א׳ און יום ב׳ (ע"ד ווי ס׳איז געווען פריער[209]), און ס׳וועט זיין בזמן הרגיל - לאחרי תפלת שחרית, אן ערך פון האלב נאך עלף ביז חצות היום (ארום

- איינס -

---

205) קס, ב. 206) שקלים פ"ה ה"ד. 207) ל׳ הכתוב - מלאכי ג, י. וראה שבת לב, סע"ב. 208) אלף המגן למטה אפרים סתר"ד-תרה סקל"ח (בשם נה"ש). 209) ראה שיחת ח"י אלול סכ"ד ואילך.

מג - מוצאי ש"פ וילך, שבת שובה -

איינס אזייגער, ארער האלב פאר איינס - לפי שעון עיר זו).

און די וואס געפינען זיך שוין דא, זאלן נעמען לעקאח ביום א׳ וביום ב׳, און דאס איז כאילו ווי מ׳האט דאס געבעטן און באקומען בערב יוהכ"פ ממש - און בערב יוהכ"פ זאלן צוגיין מערנים ווי די וואס וועלן אנקומען אהערצו רעמולס, ארער בלילה שלפנ"ז.

און דער אויבערשטער זאל געבן יעדער אידן און אלע אידן א שנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה למטה מעשרה טפחים, צוזאמען מיט דער גמר חתימה טובה על כל השנה כולה.

אח"כ אמר: מסתמא וועט כען געבן די צעטלען מיט אלע ענינים, און זאגן א ניגון.

צוה לנגן ופרצת. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

בביהכנ"ס אחר תפלת מנחה, ה'תשל"ט:

דער אויבערשטער זאָל בענטשן און מצליח זיין יעדערן און יעדערע, בתוככי כלל ישראל, מיט אַ חתימה וגמר חתימה טובה לשנה טובה ומתוקה, בטוב הנראה והנגלה למטה מעשרה טפחים, ובמהרה בימינו ובעגלא דידן,

אָנהויבנדיק מיט כל[1] הענינים טובים — פון שנת אורה, אַ ברכה וואָס הויבט זיך אָן מיט אַן אל"ף, און אַזוי — כל אותיות האל"ף בי"ת, וואָס איז כולל אַלע ברכות, ביז אַ שנת תורה און אַ שנת תפלה און אַ שנת תשובה, און תשובה פון יוהכ"פ וואָס דאָס איז דאָך תשובה עילאה[2], וואָס ענינה איז בשמחה, ווי דער אַלטער רבי איז מבאר אין אגה"ת[3],

לאחרי דעם וואָס מ'האָט שוין געמאַכט די אַלע ענינים וואָס זיינען פאַרבונדן מיט תשובה תתאה,

און דאָס וואָס מ'האָט ניט געמאַכט — האָט דער אויבערשטער משלים געווען[4], און הקב"ה עוזרו מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה,

בנוגע צום גאַנצן עבר,

און וויבאַלד ס'איז פאַרבונדן מיט (לאחרי) אַ שנת העיבור, איז דאָס געווען אַ שנה שלימה, מיט אַלע פירושים שבדבר, ביז אין תכלית השלימות, ביז וואַנעט אַז עס האָבן זיך אויסגעגליכן לגמרי די ענינים פון ימות הלבנה מיט ימות החמה[5], ביז יחוד שמשא וסיהרא[6], כנסת ישראל מיטן אויבערשטן (מיט ז"א), מיט אַלע פירושים שבדבר, ביז למטה מטה,

זאָלן זיין אויך כל הענינים מתוך שמחה וטוב לבב,

ס'זאָל זיין שלימות התורה,

וואָס דאָס ברענגט שלימות המצוות, וואָרעם לימוד מביא לידי מעשה[7] (דוגמתו), צוזאַמען מיט שלימות הארץ, ארץ ישראל לגבולותי',

---

1) הן בגשמיות והן ברוחניות — כרוב התפלות (ראה רמב"ם ריש הל' תפלה), משא"כ תפלות אחדות, ובהן תפלת כה"ג בהיכל (יומא נג, ב) שהייתה רק בנוגע לגשמיות (ובמילא — כן הוא גם התפילה שבסיום סדר עבודת כה"ג („יהי רצון" ע"ס הא"ב), שהיא כמו „תפלת כה"ג בהיכל").

2) בתכלית השלימות (ראה רמב"ם הל' תשובה פ"ב ה"ז. לקו"ת האזינו עב, ג, ועוד), נוסף ע"ז שצ"ל כל ימיו בתשובה עילאה (אגה"ת ספ"א).

3) פ"ו וי"א. ושם (קא, רע"א) „שהיא בשמחה רבה".

4) כמו שאנו מבקשין בכל תפלת י"ח והחזירנו בתשובה שלמה לפניך (עיין אגה"ת פ"א).

5) שהרי השנה שנסתיימה היא שנת סיום מחזור (קטז — ) דלבנה (ראה רמב"ם הל' קדה"ח רפ"י).

6) להעיר שתיכף בסיום השנה — ה"ה ראש חודש (תשרי), יחוד שמשא וסיהרא.

7) קידושין מ, ב.

און אַלס אַ הכנה צום מילוי היעוד בקרוב ממש, אַז ירחיב ה' אלקיך את גבולך[ח], צוזאַמען מיט שלימות העם, מיט אַלע פירושים וואָס אין דעמי[ט] — פון „ראשיכם שבטיכם" ביז „חוטב עציך" ו„שואב מימיך".

און נאָך אין די איצטיקע טעג, די לעצטע טעג פון גלות, זאָל מען ממשיך זיין ביד רמה[י] ובקומה זקופה, ואולך אתכם קוממיות[יא],

אין לימוד התורה און אין קיום המצוות און אין כל מעשיך יהיו לשם שמים און בכל דרכיך דעהו[יב],

און אַזוי ווי היינט איז דאָך יום השלישי, יום שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות[יג], זאָל דאָס אַלעס זיין אין די ביידע ענינים, און אין ביידע ענינים גם יחד, בגשמיות וברוחניות, ובגשמיות וברוחניות גם יחד,

לערנען תורה בהפלגה[יד], ומתוך מנוחת הנפש ומנוחת הגוף, ושכבתם[טו] ואין מחריד,

יעדער איד און אַלע אידן בכל מקום שהם, און גיין מחיל אל חיל[טז], מתוך בריאות הנכונה

און — בני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי,

און פאַרענדיקן די לעצטע בירורים אין די לעצטע טעג פון גלות, בעגלא דידן,

און מקבל זיין פני משיח צדקנו מתוך שמחה וטוב לבב, וכספם וזהבם אתם[יז], בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו[יח], קהל גדול ישובו הנה[יט],

בגאולה האמיתית והשלימה בקרוב ממש, ביחד עם משיח צדקנו,

אמן כן יהי רצון.

---

8) שופטים יט, ח. ספרי ופרש"י עה"פ. יעויין ד"ה אל תצר לאדמו"ר האמצעי (ע' 6 ואילך).
9) ראה תו"כ לנצבים (כט, יד). ת"י, פרש"י, אוה"ת ועוד — שם.
10) בשלח יד, ח. — להעיר ממשנ"כ בדגל מחנ"א (בשלח ד"ה א"י ע"פ) דמתרגם ברי"ש גלי, בר"ש ר"ת רבי ישראל בעל שם, גלי היינו כשיתגלה תורתו ויפוצו מעינותיו אז יפקון מן גלותא.
11) בחוקותי כו, יג ובפרש"י (מתו"כ ותר"כ).
12) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. וראה שו"ע או"ח סרל"א.
13) קידושין מ, א. ובאוה"ת (בראשית לג, ב. בשפטים ע' איקנז. ועוד) מפרש ומבאר השייכות עם יום השלישי שהוכפל בו כי טוב.
14) וכיון דאיפליג איפליג (גיטין כח, א).
15) בחוקותי (שם, ו) ובכש"כ — כשאינם במצב ד„שכבתם".
16) ראה ברכות בסיומה. שו"ע אדה"ז רסקנ"ה, וש"נ.
17) ישעי' ס, ט. וראה תורת הבעש"ט במחז"ל התורה חסה על ממונן של ישראל (כתר שם טוב סר"ח. או"ת קא, ד).
18) בא (י, ט). שהרי כימי צאתך מאמ"צ אראנו נפלאות — בגאולתנו מגלות זה.
19) ירמי' לא, ח. — י"ל החידוש שעוד קודם השיבה יעשו מציאות של: א) קהל ב) גדול.

להת׳ שי׳ – לפני כל נדרי, ה׳תשל״ט:

דער אויבערשטער זאל בענטשן יעדערן פון אייך און אייך אלעמען צוזאמען, מיט אלע לומדי תורה בכל מקום שהם, בתוככי כללות ישראל,

נוסף אויף די ענינים וואס מ׳האט גערעדט גלייך נאך תפלת מנחה, אויף וועלכע מ׳זאגט [1] אז „אליהו לא נענה אלא בתפלת המנחה״ — און איצטער האלט מען דאך אויך אין דעם זמן וואס נאך תפלת מנחה,

אז נוסף על כל האמור זאל זיין די ברכה המשולשת בתורה הכתובה ע״י משה רבינו, כאמור [2], וידבר ה׳ אל משה לאמר, דבר אל אהרן ואל בניו לאמר כה תברכו את בני ישראל אמור להם, יברכך ה׳ וישמרך, יאר ה׳ פניו אליך ויחנך, ישא ה׳ פניו אליך וישם לך שלום, ושמו את שמי על בני ישראל ואני אברכם [3],

איר זאלט מצליח זיין בהצלחה מופלגה אין לימוד התורה הנגלית, און אין לימוד התורה הפנימית (און ביידע צוזאמען), וואס בדורנו נתגלתה, פנימיות התורה, אין תורת החסידות פון רבותינו נשיאינו,

אנהויבנדיק פון דעם בעש״ט, און דער מגיד, דער אלטער רבי, דער מיטעלער רבי, דער צ״צ, דער רבי מהר״ש, דער רבי נ״ע, און כ״ק מו״ח אדמו״ר, וואס זיי זיינען אויך נשיאי כל ישראל,

און דער לימוד זאל זיין מביא לידי מעשה — קיום המצוות, און קיום המצוות בהידור, וע״י הקדמת עבודת התפלה [4].

און אזוי ווי דער יאר קומט דאך לאחרי ההשלמה פון א מחזור לבנה און עס הויבט זיך אן א מחזור חדש — זאל זיין א חידוש [5] אין כל ענינים אלו, אנהויבנדיק פון לימוד התורה — באופן פון „חדשים״ ממש, און בקיום המצוות, און אין „כל מעשיך יהיו לשם שמים״ און „בכל דרכיך דעהו״ [6].

---

1) ברכות ו, ב.
2) נשא ו, כב־כז.
3) ראה רמב״ם הל׳ תפלה (נ״כ) פט״ו ה״ז. — בפרש״י עה״ת (שם) הביא ב׳ הפירושים שבחולין מט, א.
4) ראה לקו״ת ברכה צז, ב. ובכ״מ.
5) ש„ישראל מונין ללבנה״ (סוכה כט, א), ו„הן עתידין להתחדש כמותה״ (ברכת קידוש לבנה מסנהדרין מב, א).
6) פרש״י תבוא כו, טז. וראה גם פרש״י יתרו יט, א. עקב יא, יג.

און משפיע זיין אויף אַלע אַרום אייך, און אויף דער סביבה, און אויף כל בני ישראל בכל מקום שהם [7] — להוסיף בלימוד התורה ובקיום מצוותי', בכל הפרטים, ומתוך שמחה וטוב לבב [8], ובהקדמת התשובה (תשובה עילאה) [9], וואָס דעמולט ווערן אַלע מעשים [10] „מעשים טובים" [11].

און דאָס זאָל ממשיך זיין אַ ברכה והצלחה אויך אין אייערע ענינים פרטיים, און אין די ענינים הפרטיים פון כל עמנו בנ"י בכל מקום שהם,

און ס'זאָל זיין שלימות העם, פאַרבונדן צוזאַמען מיט שלימות התורה, און פאַרבונדן צוזאַמען מיט שלימות הארץ — ארץ ישראל לגבולותי', ובקרוב ממש — אויך דער קיום היעוד אַז „ירחיב ה' אלקיך את גבולך", בטוב הנראה והנגלה, בביאת משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה.

און אויך ביז דעמולט, אין די לעצטע טעג פון גלות, זאָל זיין דער „ואולך אתכם קוממיות", אַז יעדער איד און אַלע אידן וועלן שטיין „ביד רמה", בכל הענינים ובהפרטים ופרטי פרטים.

איר זאָלט גיין מחיל אל חיל אין לימוד התורה וקיום מצוותי', און האָבן כל המצטרך בגשמיות וברוחניות, ובגשמיות וברוחניות גם יחד,

אַז ס'זאָל זיין אַ שנת אורה, עם כל הברכות וואָס יעדערע פון די הויבט זיך אָן מיט איינע פון כ"ב אותיות התורה — „נגילה ונשמחה בך [12] — בעשרים ושתים אותיות שכתבת לנו בתורה" [13],

און דאָס זאָל מחיש זיין נאָכמערער דעם „זכו אחישנה" [14] אין דעם „בעתה אחישנה" [15] — אַראָפּברייינגען די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, מיט כל הענינים האמורים,

און אויך ביז דעמולט האָבן הצלחה רבה ומופלגה אין די אַלע ג' קוין תורה עבודה וגמ"ח,

---

7) להעיר מתורת הבעש"ט שצ"ל מסנ"פ באהבת ישראל אפילו בזה שלא ראהו מעולם (היום יום ע' קיג. וברמב"ם הל' דעות (פ"ו ה"ג) „את כל אחד ואחד מישראל". וראה קיצורים אהבת ישראל.

8) ראה רמב"ם סוף הל' לולב.

9) ראה אגה"ת פ"א (ק, סע"ב ואילך): תשובה עילאה שהיא בשמחה רבה.

10) יל גם „מעשיך לשם שמים".

11) ראה תו"א מג"א בתחלתו. ובלקו"ת שמע"צ פה, א: להיות המעשים טובים ומאירים כו' צ"ל בחי' תשובה. ושם „אין הפי' תשובה כו' מעבירות כו' אלא תשובה כו' שהיא להשיב את הנפש למקורה ושרשה כו'" — תשובה עילאה.

12) שה"ש א, ד.

13) שהש"ר פ"א, ד (קרוב לסופו).

14) סנהדרין צח, א. וראה ד"ה אל תצר יאדהאכ"צ ע' 5 ואילך. 46 ואילך.

15) ישעי' ס, כב.

און האָבן בשורות טובות פאַר יעדער איד און פאַר אַלע אידן,

ביז צו דער בשורה הכי טובה — די גאולה האמיתית והשלימה, „מה נאוו על ההרים רגלי מבשר גו' מבשר טוב"[16], אַז אָט קומט משיח צדקנו,

און גיין מקבל זיין פניו מתוך שמחה וטוב לבב, „בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו", און „כספם וזהבם אתם", „קהל גדול ישובו הנה", במהרה בימינו ממש.

---

16) ישעי' נב, ז.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ האזינו, י"ג תשרי,
אור לערב חגה"ס ה'תשל"ס.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. די התוועדות איז פארבונדן לכל לראש מיטן יום ההילולא פון דעם רבי'ן מהר"ש, און ס'איז אויך מוצאי שבת, און דער מוצאי שבת איז ערב חגה"ס.

וואס פון יעדערן פון די דריי ענינים, איז דא א הוראה און א תוכן מיוחד בנוגע צו תורה ומצוותי';

ס'איז אבער אויך פארשטאנדיק, אז צום אלעם ערשטן איז דא דער ענין וואס דאס איז דער יום ההילולא פון דעם רבי'ן מהר"ש (וויבאלד אז דערמיט הויבן זיך אן - אין זמן - די אלע דריי ענינים), און דערנאך ווערט נמשך דער דושם דערפון - דער אופן און די הוראות פון זיין נשיאות, אויף די אלע ענינים (אנהויבנדיק פון דעם ענין ההתוועדות וואס איז פאר-בונדן מיט זיין יום ההילולא).

ב. אע"פ אז דער רבי מהר"ש איז געווען א נשיא און ממלא מקום פון די נשיאים שלפניו - איז דאך אבער פארשטאנדיק, אז יעדער נשיא האט צוגעטראגן און צוגעבראכט און משפיע געווען (ביז אין ענינים הכי עיקריים) אן ענין משלו.

בדוגמא ווי מ'געפינט זינט "משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע כו'"[1] און דערנאך לכל הדורות כולם - אז אע"פ אז "משה קבל תורה מסיני", ער האט באקומען די גאנצע תורה, ביז אז "נקראת על שמו"[2], אעפ"כ האט דערנאך יהושע מוסיף געווען ענינים משלו.

ביז ווי ס'שטייט אין מדרש[3] אז יהושע איז געווען "ראש לכובשים" - דער ערשטער פון די וואס האבן איינגענומען א"י. וואס אע"פ אז "פני משה כפני חמה פני יהושע כפני לבנה"[4], און די לבנה "לית לה נהורא מגרמה"[5] - איז ווי דער ביאור בזה זאל נאר זיין, זעט מען דאך אבער אז ס'זיינען דא ענינים וואס יהושע האט מוסיף געווען משלו, ובלשון חז"ל - אז ס'איז דא אן ענין אין וועלכן יהושע איז געווען דער "ראש".

ועד"ז איז אויך בא אלע גדולי ישראל, עאכו"כ בא די וואס זיינען רועי ומנהיגי ישראל - אז אע"פ אז דאס איז א המשך פון משה רבינו אן, וואס ער איז געווען דער ערשטער

- "רעיא -

------------

1) אבות רפ"א. 2) שמו"ר פ"ל, ד. וש"נ. 3) פתיחתא לאסת"ר י. 4) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כז, כ. ב"ב עה, א. 5) זח"א רמט, ב.

"רעיא מהימנא" - האט אבער יעדער "רועה" אן ענין אין וועלכן ער איז דער "ראש".

און די כוונה בזה איז - אז דער ענין זאל נמשך ווערן צו אלע אידן, ע"ד ווי ס'איז געווען בא יהושע, דער "ראש לכובשים", אז דאס איז געווען א נתינת כח און סלילת הדרך פאר די "כובשים" שלאח"ז, סיי אין כיבוש יהושע און סיי אין כיבוש פון עולי בבל, ביז צום כיבוש וואס וועט זיין בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די ענינים אין וועלכן דער נשיא איז א "ראש" - אז דאס איז א נתינת כח צו די נשיאים שלאחריו, ביז צו תלמידיו און תלמידי תלמידיו, און כל ההולכים בדרכיו, אז בא זיי זאל צוקומען אין דעם ענין. אין וועלכן דער נשיא איז דער "ראש", וויבאלד אז זיי האבן אנגענומען אויף זיך פירן זיך אין דעם אופן "אשר הורנו מדרכיו ונלכה באורחותיו" (ווי דער לשון פון דעם אלטן רבי'ן אין אגה"ק הידועה[6]).

און אפי' די וואס האבן דערווייילע נאך ניט אנגענומען אויף זיך פירן זיך בדרכיו (מאיזה סיבה שתהי') - האט דאס אויך א שייכות צו זיי:

וויבאלד אז ער איז געווען דער נשיא ישראל [וואס "ישראל" איז כולל כל העולם כולו, וויבאלד אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית"[7]] - איז פארשטאנדיק אז אלע מוזן זיך פירן בדרכיו;

דער חילוק איז נאר - אז ס'זיינען דא אזוינע וואס בא זיי איז דאס אין אן אופן פון "מלכותו ברצון קבלו עליהם" (בדוגמא ווי דאס איז ביים אויבערשטן - וויבאלד אז "צדיקים דומין לבוראן"[8]), אז דאס קומט אראפ אויך בידיעתם, און ס'זיינען דא אזוינע וואס ווייסן ניט דערפון און פירן זיך בדרכיו, און ס'זיינען דא אזוינע וואס אפי' אז דערווייילע ווילן זיי ניט - מוזן זיי זיך פירן בדרכיו,

ווארום "תורה" איז דאך בעה"ב אויף מציאות העולם, איז וויבאלד אז "תורה" זאגט אז "הנשיא הוא הכל"[9], איז פארשטאנדיק אז ווען מ'זאגט אז די וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל", מיינט דאס "בשביל הנשיא" (ווארום "הנשיא הוא הכל") -

איז דאך פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער נשיא האט

- אנגעוויזן -

------------

6) סז"ך (קמו, א). 7) פרש"י ר"פ בראשית. ועוד. 8) ב"ר פס"ז, ח. 9) פרש"י חקת כא, כא.

הנחת הת' בלתי מוגה

אנגעווידן אין וועלט די הנהגה - איז פון זיין נשיאות אן ווערט ניתוסף אין וועלט דער ענין אין וועלכן ער איז געווען דער "ראש".

וואס דאס איז נוסף אויף די אלע ענינים וואס זיינען געווען בא די פריערדיקע נשיאים, וואס יעדער נשיא איז ממשיך אויך די ענינים וואס זיינען געווען בא די נשיאים שלפניו - און מצד דעם ענין פון "מעלין בקודש"[10], איז פאר-שטאנדיק אז דאס איז נאך מיט א הוספה לגבי ווי ס'איז געווען בא די נשיאים שלפניו.

ג. בכלל איז ניט אלעמאל לייכט צו אויסגעפינען אין וועלכן ענין איז יעדער נשיא געווען דער "ראש" - איז אבער דא אמאל וואס מ'ווערט ארויסגעהאלפן אין דערויף דורך א נשיא, וואס ער האט אנגעווידן און אנגעדייטעט אויף דעם.

בנוגע צום רבי'ן מהר"ש - איז דאך ידוע דאס וואס נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר האט מפרסם געווען דעם פתגם פון דעם רבי'ן מהר"ש[11]: "די וועלט זאגט אז ווען מ'קען ניט ארונטער דארף מען אריבער, און איך זאג אז מ'דארף לכתחילה אריבער" (און וויבאלד אז דער פתגם איז נתפרסם געווארן, איז דערפון גופא א הוכחה אז דאס איז געמיינט לרבים - צו די אלע וואס צו זיי וועט דערגיין דער פתגם).

וויבאלד אז "אני נבראתי לשמש את קוני"[12], ד.ה. אז עיקר תכלית בריאת האדם איז צוליב דעם ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות, און "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[13], וואס דערמיט איז ער משמש את קונו - איז פארשטאנדיק, אז עיקר ההוראה פון דעם פתגם הנ"ל איז בנוגע צו די ענינים פון תומ"צ.

וואס די הוראה דערפון בפשטות איז - אז אין די ענינים פון תורה ומצוותי' דארף מען זיך פירן אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער", ד.ה. ניט אז פריער פירט ער זיך בדרך הצמצום והחשבון, און דערנאך ווען ער זעט אז ס'איז ניט מספיק און ס'איז מוכרח אז מ'זאל אין דערויף מוסיף זיין אין אן אופן פון למעלה ממדידה והגבלה, גייט ער דעמולט "אריבער" - איז די הוראה פון דעם רבי'ן מהר"ש בזמנו (און פון זמנו אן - ביז ביאת משיח צדקנו, ועאכו"כ לאח"ז) אז מ'דארף זיין "לכתחילה אריבער", מ'דארף מלכתחילה אנהויבן אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה,

- סיי -

---

10) ברכות כח, א. וש"נ. 11) ראה לקו"ש ח"א ע' 124. חי"ב ע' 186. ועוד. 12) קידושין בסופה. 13) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו.

סיי בנוגע צו די שיעורים אין לימוד התורה - וואס אע"פ אז דאס איז אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה, ווערט דאס אבער אויך אנגערופן "שיעור", ווארום דאס איז "מאדך - מאד שלך"[14],

ועד"ז בנוגע צו קיום המצוות - וואס אפי' מצוות וואס זיינען במדידה והגבלה (כמבואר אין שו"ע און אין אחרונים וכו'), איז אבער שייך מקיים זיין זיי אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה - מצד די איכות שבקיום המצוה, ובמיוחד מצד די שמחה של מצוה, וואס די שמחה קען זיין למעלה ממדידה והגבלה, אפי' ווען די מצוה איז בתכלית המדידה וההגבלה (וויבאלד אז אין דערויף באשטייט דער אופן פון קיום המצוה).

און וויבאלד אז גשמיות איז א טפל צו רוחניות, און ווי געזאגט פריער אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" איז "בשביל ישראל שנקראו ראשית" און "בשביל התורה שנקראת ראשית" - איז פארשטאנדיק, אז בשעת עס ווערט בא אידן די הנהגה פון "מלכתחילה אריבער" בנוגע צו די ענינים פון תורה ומצוותי', ווערט בדרך ממילא די זעלבע הנהגה אין אלע זייערע ענינים, סיי אין די ענינים וואס ווערן אנגערופן "שמים", און "את השמים - לרבות תולדותיהם", סיי אין די ענינים וואס ווערן אנגערופן "ארץ", און "את הארץ - לרבות תולדותי'"[15].

ד. די הנהגה פון "מלכתחילה אריבער", למעלה ממדידה והגבלה, האט מען געזעהן ביים רבי'ן מהר"ש אויך בנוגע צו די מאמרי חסידות שלו

[וואס די מאמרי חסידות איז דער ערשטער ענין פון יעדן נשיא חב"ד בנוגע להחסידים שלו - חסידי חב"ד, און על ידם - לכל העולם כולו],

אז זיינע מאמרים זיינען אין אן אופן וואס די איכות איז שלא בערך לגבי די כמות.

וואס לכאו' זעט מען דאס אויך אין די פתגמים פון דעם בעש"ט, און אפי' אין חסידות חב"ד - אין די תורות פון דעם אלטן רבי'ן - איז אבער דער חילוק, אז דארטן איז ניטא קיין ריבוי ענינים, ס'איז מערניט וואס אין די שפעטערדיקע מאמרים ווערט דאס גערעדט באריכות ובביאור, און אין תורת הבעש"ט, ועד"ז ביים מגיד, און אויך ביים אלטן רבי'ן אין תחלת ימי הנשיאות שלו, האט זיך דער ענין ארויסגעגעבן בקיצור אין כמות;

- משא"כ -

------------

14) ראה תו"א מקץ לט, ד. דרמ"צ קכג, ב. קס, ב. ועוד.
15) פרש"י בראשית א, יד.

הנחת הת' בלתי מוגה

משא"כ אין די מאמרים פון דעם רבי'ן מהר"ש, געפינט מען אין דעם זעלבן מאמר א ריבוי מאמרים, וביחד עם זה - א קיצור בכמות, ביז וואנעט אז בכמה מאמרים איז דאס א קיצור דקיצור.

און ווי מ'געפינט טאקע אין די מאמרים פון דעם רבי'ן נ"ע (בנו וממלא מקומו פון דעם רבי'ן מהר"ש), אז ער איז מבאר ומאריך ומסביר א שורה פון א מאמר פון דעם רבי'ן מהר"ש, און דערפון קומט ארויס אן אריכות גדולה.

וואס דאס גופא באווייזט אויף אן ענין שלמעלה ממדידה והגבלה, אז דער אור איז שלא בערך צו דער כלי - די אותיות אין וועלכע דאס איז ארויסגעגעבן געווארן.

וואס דערפון זעט מען די הנהגה פון "מלכתחילה אריבער" בנוגע צו די מאמרי חסידות שלו.

ה. עד"ז געפינט מען די הנהגה פון "מלכתחילה אריבער" אין דער הנהגה גשמית שלו:

ס'איז ידוע דער פתגם פון נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר[16], אז ביים רבי'ן מהר"ש איז געווען א ריבוי ענינים ע"ר פון בעל-שם'סקע ענינים, ווי מ'זעט דאס אין כמה סיפורים וועגן דעם רבי'ן מהר"ש.

ביז וואנעט אז די בעלי תשובה וואס זיינען געווען בא אים [וואס דאס איז דאך כללות ענין הבירורים - אז דער ניצוץ קדושה וואס געפינט זיך במקום שאינו מתאים לו, זאל מען אים אומקערן למקומו], איז דאס אויך געווען אויף א בעל-שם'סקן אופן, כידוע די סיפורים בזה וואס זיינען שוין אויך געדרוקט[17].

ו. עד"ז געפינט מען די הנהגה פון "מלכתחילה אריבער" בהנהגתו אין חייו הפרטיים - וואס בערך פון זיינע ענינים כלליים, ווערט דאס אנגערופן חייו הפרטיים - אבער וויבאלד אז דאס איז נתפרסם געווארן, איז דערפון גופא די הוכחה אז דאס ווערט אויס ענין פרטי, נאר ס'איז א הוראה כללית:

ס'איז ידוע אז די הנהגה פון דעם רבי'ן מהר"ש איז געווען בהתרחבות הכי גדולה בפשטות - אין כלי כסף און כלי זהב, און אבנים טובות ומרגליות וכו'.

ביז וואנעט אז נאך בימי חייו פון זיין פאטער, דער צ"צ, וואס דעמולט איז דער נשיא געווען דער צ"צ,

- [וכידוע -

---

16) ראה לקו"ש חי"ד ע' 401. 17) ראה סה"ש תש"ה ע' 30 ואילך. ועוד.



הנחת הת' בלתי מוגה

[וכידוע דער סיפור פון נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר",
וואס ער האט געזאגט אז א נשיא איז איינער,

וואס דאס איז געווען ווען מ'האט געוואלט רעדן וועגן
דער הנהגה פון דעם צ"צ בחייו פון דעם מיטעלן רבי'ן -
כידוע אז נאך בחייו פון דעם מיטעלן רבי'ן האט זיך דער צ"צ
געפירט אין אן אופן באזונדער פאר-זיך (ניט עניני נשיאות,
אבער בכמה הנהגות, ובכו"כ ענינים) - איז בשעת מ'האט
גערעדט וועגן דערויף בפניו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און
מ'האט געוואלט אריינשטעלן אין דערויף אן ענין של נשיאות,
האט ער דאס שולל געווען בתכלית, און האט געזאגט: "וואס
רעדסטו?! דעמולט איז דאך דער מיטעלער רבי געווען דער נשיא
און א נשיא איז איינער"],

איז ידוע דער סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר", אז איינער
האט געבראכט א מתנה צום צ"צ כלי בית מיט א גרויסע שיינקייט
און סייערקייט והתפשטות והתרחבות וכו' - האט איס דער צ"צ
געזאגט: איך דארף דאס ניט האבן, גיב דאס אפ דעם מוזיניק
(דעם רבי'ן מהר"ש), און דערנאך האט טאקע דער חסיד אפגעגעבן
די כלי בית (די "פארניטשעד" - ווי מ'רופט דאס אן דא) צום
רבי'ן מהר"ש, און ער האט דאס אריינגעשטעלט בביתו, אין
ליובאוויטש.

און דערנאך האט כ"ק מו"ח אדמו"ר מוסיף געווען, אז
ס'איז ידוע אז בביתו פון דעם צ"צ (ניט אין ביהכ"נ, נאר
בביתו הפרטי) זיינען די ביינק געווען ניט קיין געפארבטע -
עד כדי כך איז געווען די הנהגה בפשטות הכי גדולה;

בה בשעה וואס אין דער זעלבער שטאט, און אין די זעלבע
ד' אמות, איז געווען די הנהגה פון דעם רבי'ן מהר"ש (בחייו
פון דעם צ"צ) בהתרחבות הכי גדולה.

און פון דעם סיפור הנ"ל איז פארשטאנדיק, אז דאס איז
געווען (ניט נאר בהסכמתו פון דעם צ"צ - ווארום מאי קמ"ל,
נאר אויך) בסיוע שלו, ביז אז ער האט מדגיש געווען אז ער
דארף דאס ניט האבן, און האט גלייך אנגעוויזן וואס מ'זאל
טאן דערמיט (ניט ער זאל טאן מה שברצונו, נאר) - אפגעבן
דאס דעם רבי'ן מהר"ש, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס
איז ענינו פון דעם וועמען מ'האט דאס אפגעגעבן.

ויש להרחיב הביאור בכל ענינים אלו, אבער מכמה סיבות
וועט מען יוצא זיין דערמיט וואס ס'האט זיך גערעדט אין דעם,
און "תן לחכם ויחכם עוד"".

- ז. -

------------

18) לקו"ש ת"ה ע' 373. 19) ראה גם שיחת י"ג תשרי
תשי"ב ס"ב. 20) משלי ט, ט.

ז. און דאס איז די הוראה פון דעם ענין הראשון - בזמן - וואס איז פארבונדן מיט דער התוועדות - אז דער אופן ההנהגה פון "מלכתחילה אריבער" דארף דורכנעמען און משפיע זיין אויף דעם אופן ההנהגה פון די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט די איבעריקע פרטים פון דעם זמן, אז אין זיי אלע איז די הנהגה אין אן אופן אז מ'גייט "מלכתחילה אריבער".

און דעמולט העלפט דער אויבערשטער און שטעלט אוועק אין א מעמד ומצב אז אפי' אין ענינים גשמיים איז די הנהגה אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער" -

כמדובר כמ"פ אז סיי בני, סיי חיי און סיי מזוני, איז בכולם רויחי, ביז אין א מרחב הכי גדול.

ח. דער ענין פון "מלכתחילה אריבער" איז אויך פארבונדן מיט מוצאי שבת:

אין מוצאי שבת הויבן זיך אן די ששת ימי המעשה, וואס דעמולט דארף זיין דער "וברכך ה' אלקיך בכל אשר תעשה"[21]; ביחד עם זה איז דאס אבער "מוצאי שבת", וואס בשבת איז דאך "כל מלאכתך עשוי'"[22], ביז אז דאס איז "עשוי'" אין אן אופן פון תענוג, ווארום יעדער ענין פון שבת איז דאך ענינו "וקראת לשבת עונג"[23] - בהתפשטות הכי גדולה.

ד.ה. אז צוזאמען דערמיט וואס דעמולט הויבן זיך אן ששת ימי המעשה - איז דאס אבער אין אן אופן פון "וקראת לשבת עונג": מ'ציט אריין און מ'איז ממשיך דעם ענין התענוג אין סעודת מלוה מלכה, און אין כל הענינים וואס זיינען פארבונדן מיט מוצאי שבת.

און ווי מ'שטעלט אוועק החחלת השבוע - אזוי ווערט דאס נמשך אין כל ימי השבוע, און אויך אין די שבועות שלאח"ז.

ט. עד"ז (ועאכו"כ) איז דער ענין פון "מלכתחילה אריבער" פארבונדן מיט ערב סוכות (וואס אין ערב סוכות זיינען נכלל אלע ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, כמדובר כמ"פ, און אזוי שטייט אויך אין מדרש אין פ' אמור[24]):

בנוגע צו די ד' מינים איז די הנהגה אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער", ביז ווי דאס איז בפשטות - בנוגע צו דעם הידור שבזה, און דאס וואס מ'לאזט זיך קאסטן בזה[25].

- ועד"ז -

---

21) ל' הכתוב - ראה טו, יח. 22) מכילתא עה"פ יתרו כ, ט. שו"ע אדה"ז או"ח סש"ו סכ"א. 23) ל' הכתוב - ישעי' נח, יג. 24) ראה ויק"ר פ"ל, ז. 25) ראה טושו"ע או"ח סתרנ"ו ובנ"כ שם. סעהמ"צ להאריז"ל ס"פ ראה. לקו"ש ח"ה ע' 81.

ועד"ז די הכנה צו מצות סוכה ועניני׳ איז אויך אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער".

ועאכו"כ בנוגע צו סוכות, "זמן שמחתנו", וואס "שמחה פורץ גדר"[26] אין אלע ימים טובים, אויך פסח און שבועות - עאכו"כ אין דעם יו"ט וואס ווערט אנגערופן (אין דעם נוסח וואס אנשי כנסת הגדולה האבן מתקן געווען) "זמן שמחתנו" (עס ווערט ניט אנגערופן "זמן חרותנו" אדער "זמן מתן תורתנו", אע"פ אז די ענינים האבן א שייכות אויך צו סוכות און שמע"צ ושמח"ת - נאר עס ווערט אנגערופן בגילוי "זמן שמחתנו") - איז דאך פארשטאנדיק, אז דעמולט איז דער ענין פון "מלכתחילה אריבער" נאך מערער.

י. און וויבאלד אז חודש תשרי איז א חודש כללי",

עאכו"כ נאך דער עבודה פון ר"ה ויוהכ"פ - וואס אלע ענינים וואס זיינען געווען בר"ה ויוהכ"פ אין אן אופן פון "בכסה", קומען זיי ארויס בגילוי אין "יום חגינו"[28], אנהויבנדיק פון די ד׳ ימים שבין יוהכ"פ לסוכות[29], וואס דעמולט גרייט מען זיך צו "יום חגינו", עאכו"כ בערב סוכות, ועאכו"כ אין "יום חגינו" ממש,

ווערט דאס נמשך אויפן גאנצן יאר, אז דער גאנצער יאר גייט אוועק אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער".

און מ׳איז ממשיך דעם "מלכתחילה אריבער" אין דעם ענין העיקרי - אז עס גייען אראפ אלע ענינים פון חשבונות און הסברות און טעמים וביאורים פארוואס איז נאך ניט געקומען משיח צדקנו - איז מען מבטל די שאלה מלכתחילה, ווארום ער קומט בפועל, בעגלא דידן, למטה מעשרה טפחים, און אין אן אופן פון "זכו", מיט אלע פרטים וואס די גמרא רעכנט אויס אין סנהדרין[30] (וואס דאס איז דאך א ספר פון פסקי דינים).

ובקרוב ממש ווערן בטל אלע שאלות און שקו"ט׳ס - און מ׳גייט צוזאמען מיט משיח צדקנו אין ארץ הקודש, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[31], "קהל גדול ישובו הנה"[32].

* * *

- יא. -

---

26) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע׳ 49 ואילך. 27) אוה"ת סוכות ע׳ א׳תשנו. ברכה ס"ע א׳תתסו ואילך. ד"ה צהר תעשה תש"ב פ"ג. ועוד. 28) ל׳ הכתוב - תהלים פא, ד. וראה סידור רלה, ב. ובכ"מ. 29) ראה ד"ה בסוכות תשבו תשל"ו ס"ג ובהע׳ 29 שם (קונטרס מאמרים ע׳ קעג). 30) צח, א. 31) עקב יא, יב. 32) ירמי׳ לא, ח.

יא. מ'האט גערעדט פריער (ס"ג) אז דער ענין פון "לכתחילה אריבער" דארף זיך אנהויבן לכל לראש (ווי אלע ענינים פון א אידן) מיט לימוד ההורה און קיום המצוות, און מיט כללות עבורת הבירורים.

וואס אין עבודת הבירורים בכללה, זיינען דא צוויי סוגים: א) עבודת הבירורים ע"ד הרגיל, ב) עבודת הבירורים וואס גייען אריין אין דעם גדר פון נסיון.

דער חילוק צווישן עבורת הבירורים און נסיונות איז: בנוגע צו עבודת הבירורים זאגט מען אז "אני נבראתי לשמש את קוני", וואס דערפאר דארף מען זוכן מברר זיין בירורים, כדי לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

ובפרט לויטן פתגם און הוראה הידועה פון דעם דבי'ן נ"ע (וואס איז געדרוקט אין דער הקדמה צו די קונטרסים[33]) אז ווען ס'קומט א בירור לידו דארף ער זיך גלייך נעמען דאס צו מברר זיין, און ניט מאכן קיין חשבונות אז פריער דארף ער טאן אן אנדער בירור און דערנאך דעם בירור וכו', ווארום איצטער איז די צייט וואס ס'דארף זיין "חטוף ואכול חטוף ושתי"[34] כמבואר דארטן באריכה.

משא"כ בנוגע צו נסיונות - איז ניט נאר וואס מ'דארף זיך ניט יאגן נאך א נסיון, נאר ארבה: גלייך אין תחלת היום, קודם שאר התפלות, איז מען מתפלל[35] "אל תביאנו . . לידי נסיון", וואס דאס איז דאך כולל כל עניני נסיונות, ניט נאר א נסיון הכי גדול, נאר יעדער ענין וואס איז בגדר פון א נסיון.

ובפרט לויט ווי עס ווערט דערציילט אין גמרא[36] אז אפי' ווען דוד המלך (וואס ער האט געזאגט אז "לבי חלל בקרבי"[37]) האט געבעטן "בחנני ה' ונסני"[38], האט זיך אויסגעוויזן אז ס'איז ניט געווען באופן המתאים, ווי די גמרא איז ממשיך ומסיים דארטן.

יב. עס איז אבער מבואר בכ"מ[39], אויך אין א סוכות'דיקן מאמר (וואס איצטער איז דאך ערב סוכות) אין המשך תער"ב[40], אז ביישטיין א נסיון איז טאקע שווערער ווי עבודת הבירורים, ווארום אויף דערויף דארף מען האבן א תוקף גדול יותר - אבער לאידך, וויבאלד אז די גאנצע מציאות פון א נסיון איז

- מערניט -

------------

33) מבוא לקונטרס ומעין ע' 22. 34) עירובין נד, א. 35) נוסח ברכת השחר - מברכות ס, ב. 36) סנהדרין קז, א. 37) תהלים קט, כב. 38) שם כו, ב. 39) ראה ד"ה כי מנסה תש"ח. ועוד. 40) ח"א ע' הכז. ח"ב ע' תרפא.

הנחת הת' בלתי מוגה

מערניט ווי כדי צו אויספרואוון א אידן, איז בשעת ער האט דעם תוקף און שטייט-ביי דעם נסיון, ווערט בטל די גאנצע מציאות פון דעם נסיון, און עס בלייבט ניט דערפון קיין רושם.

און מ׳ברענגט אויף דערויף די ראי׳ דערפון וואס ס׳איז געווען בא "אחד הי׳ אברהם"[41] ווען ער איז געגאנגען צו דעם נסיון העשירי, נסיון העקידה (וואס דאס איז געווען דער עיקר הנסיונות[42]), אז עס ווערט דערציילט אין מדרש[43] אז גייענדיק צו דער עקידה האט מען אים אוועקגעשטעלט א נהר בדרכו, און בשעת אז ער האט זיך דערמיט ניט גערעכנט און איז געגאנגען אין נהר, האט זיך ארויסגעוויזן דער אמת אז ס׳איז מלכתחילה ניט געווען קיין נהר.

כדי צו ביישטיין דעם נסיון האט ער געדארפט האבן מסירת נפש בפועל, אבער נאך דערויף וואס ער איז ביי-געשטאנען דעם נסיון, האט זיך ארויסגעוויזן אז ס׳איז מלכתחילה ניט געווען קיין מציאות. ועד"ז איז אויך בשאר הנסיונות.

יג. און דאס גיט דעם כח אויף צו האבן דעם תוקף גדול און ביישטיין דעם נסיון - וויסנדיק אז "תורת חיים" - הוראה בחיים, און "תורת אמת" זאגט אז מ׳דארף טאן באופן כך, און וויבאלד אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[44], איז א זיכערע זאך אז ער האט דעם כח אויף צו דורכפירן דעם ענין.

און דאס וואס ער זעט באופן אחר, און מ׳ברענגט אים ראיות וכו׳ - איז דאס אלץ די פיתויים פון דעם "מלך זקן וכסיל"[45], דער יצר וואס איז דער היפך פון יצר טוב, וואס ער טוט זיך אן אין פארשידענע-ערליי לבושים ואמתלאות; אבער א איד ווייסט אז וויבאלד ס׳שטייט קלאר אין שו"ע וואס מ׳דארף טאן, איז א זיכערע זאך אז ס׳איז ניטא קיין מציאות וואס קען אים אפהאלטן צו דורכפירן דעם ענין.

און דאס וואס ער זעט אז ס׳איז דא א מציאות וואס האלט אים אפ - איז דאס מערניט ווי א מציאות של נסיון, וואס אויף דערויף דארף מען טאקע האבן א כח ותוקף גדול מערער ווי ע"ד הרגיל - ס׳איז אבער א זיכערע זאך אז ער האט דעם כח צו ביישטיין דעם נסיון (וויבאלד אז מ׳האט אים געבראכט צו דעם נסיון),

- און -

---

41) ל׳ הכתוב - יחזקאל לג, כד. 42) ראה סנהדרין פט, ב. תנחומא וירא כב. פרש"י וירא כב, ב. 43) תנחומא שם. 44) במדב"ר פי"ב, ג. 45) ל׳ הכתוב - קהלת ד, יג. וראה זח"א קעט, סע"א. ועוד.

און אז ער וועט שטיין בתוקף און וועט ביישטיין דעם נסיון, וועט ער זעהן אז ס'איז מלכתחילה ניט געווען קיין מציאות, ס'איז מערניט ווי א "דוכט" (א דמיון), כדי צו אויספרואוון אים און זעהן אז ער ברענגט ארויס בגלוי דעם תוקף הכח וואס מ'האט אים געגעבן, און דעמולט זעט מען אז ס'איז אינגאנצן ניטא קיין מציאות פון וועלכע צו זיין מבולבל, ווארום דערפון איז אינגאנצן ניט געבליבן קיין רושם.

יד. דערפון האט מען אויך א הוראה בנוגע צו זיך אליין:

אפי' ווען אים ווייזט זיך אויס אז וויבאלד ער גייט "מלכתחילה אריבער", למעלה ממדידה והגבלה, איז דאס ניט קיין ענין של בירורים, ווארום ער דארף אנקומען צו א כח שלמעלה ממדידה והגבלה, און אים ווייזט זיך אויס אז דאס איז נאכמער ווי "מאד שלך" -

דארף ער וויסן אז וויבאלד ס'שטייט אין שו"ע אז ער דארף טאן באופן כך - איז ווען עס וואלט געווען אן ענין של בירורים, וואלט ער ניט געדארפט נוצן אויף דערויף א כח גדול, אבער דעמולט וואלט עפעס געבליבן א רושם; וויבאלד ער זעט אז ער דארף נוצן אויף דערויף א תוקף כח, איז א סימן אז דאס איז א בירור נעלה יותר, בדוגמא פון דעם בירור פון נסיונות,

וואס דער ענין הנסיונות איז דאך אויך מלשון "ארים נסי"[46], לשון הרמה[47] - אז דאס הויבט אויף נאך העכער פון עבודת הבירורים סתם, ביז אין אן אופן אז נאך דערויף וואס מ'שטייט-ביי דעם נסיון, בלייבט ניט דערפון קיין רושם (כנ"ל סי"ב).

טו. האמור לעיל איז אויך פארבונדן מיט "הללו את ה' כל גוים שבחוהו כל האומים כי גבר עלינו חסדו"[48]:

בשעת א איד פירט זיך אין עבודת ה' אין אן אופן פון "גבר", ער שטייט מיט א כח ותוקף, פירט זיך דער אויבערשטער מיט אים אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה" - אז "גבר עלינו חסדו" פון דעם אויבערשטן,

ביז וואנעט אז דאס ברענגט דעם "הללו את ה' כל גוים שבחוהו כל האומים" - און סוכ"ס זעהן זיי אויך אז דער טעם אויף דעם וואס "הללו את ה' כל גוים גו'" איז - "<u>כי</u> גבר <u>עלינו</u> חסדו"[49],

- וואס -

---

46) ל' הכתוב - ישעי' מט, כב. 47) פרש"י יתרו כ, יז. וראה תו"א יתרו ע, סע"ד. סידור מד, סע"ב. ועוד. 48) תהלים קיז. 49) ראה ד"ה בסוכות תשבו הנ"ל סוס"ח. וש"נ.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

וואס דאס איז דאך א פסוק וואס שטייט אין תושב"כ, וואס תושב"כ איז נעתק געווארן אויך אויף די לשונות פון אוה"ע, וואס דערפון גופא איז א הוכחה אז דאס האט א שייכות אויך צו אוה"ע[50] [מ'זאגט טאקע אז ווען די ע"ב זקנים האבן מתרגם געווען די תורה איז דאס געווען "כיום שנעשה וכו'"[51] - אבער אעפ"כ האט זיך די זאך אפגעטאן, און ס'איז נתפרסם געווארן אויך צו אוה"ע].

און בשעת א איד פירט זיך אין אן אופן פון "גבר", ער שטייט מיט א תוקף, און שטייט-ביי די נסיונות - זעט ער אז דאס איז אינגאנצן ניט קיין מציאות, און דערפון בלייבט ניט קיין רושם, ואדרבה, עס ווערט דער "ברוך תהי' מכל העמים"[52], און "שבחוהו כל האומים", מיט אלע פרטים וואס זיינען מבואר אין מפרשי התנ"ך אין וואס דאס ווערט באשטיין.

וואס דער ענין פון "הללו את ה' כל גוים שבחוהו כל האומים" האט א שייכות מיוחדת צו חג הסוכות, ווארום דעמולט האט מען מקריב געווען שבעים פרים כנגד די שבעים אומות[53] - און ס'איז מבואר אין מדרש[54] אז ווען די שבעים אומות וואלטן געוואוסט וואס דער ביהמ"ק טוט אויף פאר זיי, וואלטן זיי מקיף געווען דעם ביהמ"ק מיט "קסטריות" (מיט "חיל") און געהיט אז קיינער זאל דאס ניט קענען אנרירן,

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק ווי דאס איז אין עבודה רוחנית - בנוגע צום ביהמ"ק הרוחני וואס איז דא בא יעדער אידן, אויף וועלכן מ'זאגט[55] "ושכנתי בתוכם - בתוך כל אחד ואחד".

טז. אויף מסיים זיין מיט אן ענין שהזמן גרמא - מבצע ד' מינים און מבצע סוכה:

מ'זאל טאן אין די ענינים לויט ווי מ'האט גערעדט באדוכה אין די שנים שלפנ"ז (ובמילא דארף מען דאס ניט איבער'חזר'ן נאכאמאל), ובפרט אז דאס איז א דין מפורש אין שו"ע - סיי בנוגע צו מבצע סוכה, סיי בנוגע צו מבצע ד' מינים, סיי בנוגע צו מבצע צדקה, כולל אויך דעם ענין הצדקה ברוחניות, והעולה על כולנה - מבצע אהבת ישראל, אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך"[56], כמבואר באדוכה אין "קונטרס - אהבת -

------------

50) ראה שד"ח כרך ז ע' א'תקטו ואילך. 51) מס' סופרים פ"א ה"ז-ח. מס' ס"ת ה"ח-ט. 52) עקב ז, יד. 53) סוכה נה, ב. במדב"ר פכ"א, כד. 54) במדב"ר פ"א, ג. ועוד. וראה גם סוכה שם. 55) תרומה כה, ח. וראה ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. ובכ"מ. 56) קדושים יט, יח.

הנחת הת' בלתי מוגה

אהבת ישראל", געגומען פון נגלה און חסידות און מאמרי רבותינו נשיאינו וכו׳.

"והמעשה הוא העיקר"[57] - מ׳זאל טאן אין די אלע ענינים וכל המסתעף מהם אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער", און דעמולט וועט דער אויבערשטער העלפן אז ס׳וועט טאקע זיין אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער", ביז וואנעט אז מ׳וועט זעהן בעיני בשר אז דאס איז "מלכתחילה אריבער".

און מ׳גייט "אריבער" כל החשבונות און כל גדרי וענייני הגלות, און מ׳טאנצט אריין אין "זמן שמחתנו" פון דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בעגלא דידן.

* * *

יז. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ולקחתם לכם.

* * *

יח. ס׳איז דאך רגיל אפלערנען א פסוק מיט פרש"י פון דער סדרה - וועט מען זיך אפשטעלן אויפן פסוק[58] "שאל אביך ויגדך זקניך ויאמרו לך":

רש"י איז מעתיק פון דעם פסוק די ווערטער "שאל אביך", און טייטשט אפ: "אלו הנביאים שנקראים אבות, כמו שנאמר[59] באלי׳ אבי אבי רכב ישראל".

דארף מען פארשטיין: וואס איז דער הכרח פון רש"י אפטייטשן אז "אביך" מיינט ניט אביו כפשוטו, נאר "אלו הנביאים"?

נוסף לזה זיינען דא כמה דיוקים וואס ווערן נתעורר ווען מ׳קוקט אין א צווייטן פירוש רש"י, וואס דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט לפנ"ז:

אין פ׳ ואתחנן[60] אויפן פסוק "ושננתם לבניך", זאגט רש"י: "כשם שהתלמידים קרוים בנים . . כך הרב קרוי אב שנאמר אבי אבי רכב ישראל וגו׳".

איז ניט פארשטאנדיק:

א) אין פ׳ ואתחנן זאגט רש"י בפשטות אז דערפון וואס ס׳שטייט "אבי אבי רכב ישראל", איז א הוכחה אז "<u>הרב</u> קרוי אב", און בפרשתנו זאגט רש"י אז דערפון איז א הוכחה אז "<u>נביאים</u>" ווערן אנגערופן "אבות" - וואס דאס זיינען דאך

- צוויי -

------------

57) אבות פ"א מי"ז. 58) פרשתנו לב, ז. 59) מ"ב ב, יב. 60) ו, ז.

צוויי באזונדערע פירושים וואס זיינען ניט שייך איינער צום צווייטן, ווארום א נביא מוז ניט זיין רבו בתורה, און רבו בתורה מוז ניט זיין קיין נביא?

ב) אין פ׳ ואתחנן זאגט רש"י "שנאמר אבי אבי רכב ישראל וגו׳", און בפרשתנו זאגט ער "אבי אבי רכב ישראל" און זאגט ניט "וגו׳".

אויב מ׳וועט זאגן אז רש"י דארף זאגן "וגו׳" מצד דעם דין וואס "כל פסוקא דלא פסקי׳ משה אנן לא פסקינן לי׳"[61] - האט רש"י געדארפט זאגן "וגו׳" אויך בפרשתנו;

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז רש"י האלט אז בשעת מ׳איז מעתיק א פסוק כדי צו ברענגען דערפון א ראי׳, האט מען רשות ע"פ תורה מעתיק זיין פון פסוק נאר די ווערטער וואס זיינען נוגע צו דער ראי׳ -

איז אין פ׳ ואתחנן, וואס דארטן איז דער המשך הפסוק נוגע צו דער ראי׳, זאגט רש"י "וגו׳", משא"כ בפרשתנו זאגט ער ניט קיין "וגו׳", וויבאלד אז דער המשך הפסוק איז ניט נוגע צו דער ראי׳.

ג) אין פ׳ ואתחנן זאגט רש"י "שנאמר אבי אבי רכב ישראל", און בפרשתנו זאגט רש"י "שנאמר באלי׳ אבי אבי רכב ישראל" - דארף מען פארשטיין פארוואס בפרשתנו זאגט רש"י "שנאמר באלי׳", און אין פ׳ ואתחנן זאגט ער ניט אז דאס שטייט "באלי׳"?

דארף מען זאגן אז בפרשתנו איז נוגע צו וויסן אז דאס שטייט "באלי׳", משא"כ אין פ׳ ואתחנן איז ניט נוגע צו וויסן אז דאס שטייט "באלי׳" (אע"פ אז בא אלי׳ זיינען געווען ביידע ענינים: ער איז געווען א נביא, און ער איז געווען רבו בתורה פון אלישע).

יט. דערנאך איז רש"י ממשיך: "זקניך" - "אלו החכמים".

דארף מען פארשטיין: דעם ווארט "זקניך" געפינט מען א ריבוי פעמים לפנ"ז אין די סדרות שלפנ"ז, ווי מ׳האט ערשט געלערנט אין פ׳ נצבים[62] "ראשיכם שבטיכם זקניכם", ועד"ז האט מען געלערנט אז דער אויבערשטער האט געהייסן צו משה רבינו "אספה לי שבעים איש מזקני ישראל"[63], ועד"ז געפינט מען דעם ווארט "זקניך" נאך א ריבוי פעמים.

אבער אין די אלע ערטער טייטשט רש"י קיינמאל ניט אפ

- אז -

------------

61) מגילה כב, א. וש"נ. וראה "פתח דבר" למפתחות לתניא קפא, ב הע׳ 3. 62) כט, ט. 63) בהעלותך יא, טז.

אז "זקניך - אלו החכמים", דארף מען פארשטיין פארוואס דוקא בפרשתנו זאגט ער "זקניך - אלו החכמים"?

עאכו"כ לויט ווי מפרשי רש"י[64] ברענגען אראפ אז דער מקור פון פרש"י איז דערפון וואס די גמרא זאגט אין קידושין[65] - וואס דעמולט וואלט דאס רש"י זיכער געדארפט זאגן צום ערשטן מאל וואו מ'געפינט אין תושב"כ דעם ווארט "זקניך" און ס'איז מוכרח צו זאגן אז דער פירוש דערפון איז "חכמים",

ולדוגמא: ווען דער אויבערשטער האט געהייסן משה רבינו ער זאל אויסקלייבן די שבעים זקנים, האט ער זיכער געמיינט אז מ'זאל אויסקלייבן די בעסטע, חכמים וכו' [וואָרום דאס וואס רש"י[66] ברענגט אראפ אז ס'איז געווען ע"י הגורל, איז דאך דער גורל געווען (ניט אויף צו וויסן ווער זאלן זיין די "זקנים", נאר) מערניט צו וויסן פון וועלכן שבט זאלן זיין ששה און פון וועלכן שבט חמשה] - האט רש"י געדארפט זאגן דארטן אז "זקנים" מיינט "חכמים".

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

וכמדובר כמ"פ אז די אלע דיוקים דארפן פארענטפערט ווערן בפשטות, ביז וואנעט אז רש"י דארף דאס ניט באווארענען.

כ. אין די הערות אויפן זהר פון פ' האזינו[67] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'שטייט אין זהר[68] אז רשב"י האט געזאגט "דהא נשמתי בי' אתידא בי' להיטא בי' אתדבקת ואשתדלת",

און ער איז מבאר אז די "ג' לשונות, אתידא, להיטא, אתדבקת, י"ל לנגד הג' קוין", און "אח"כ אמר ואשתדלת י"ל לנגד מלכות . כדי שתבנה בפרצוף שלם צריך השתדלות ויגיעה על זה", ווי ער ברענגט אראפ פון ספרי קבלה.

און ער פארלאזט זיך אז מ'דארף ניט האבן מער ביאור בזה, וואָרום מ'ווייסט דאס שוין פון ספרי חסידות וואס מ'האט געלערנט פאר דערויף - וכפי שיתבאר לקמן.

כא. דובר בארוכה אורות המצב באה"ק.

* * *

כב. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

מ'האט גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות[69], אז אע"פ אז

- ס'איז -

---

64) ראה ש"ח כאן. 65) לב, ב. 66) בהעלותך שם, כו. 67) לקוטי לוי"צ ע' תסב. 68) פרשתנו רצב, א. 69) ד"ה יבחר לנו את נחלתנו דיום ב' דר"ה.

ס'איז מבואר אין די דרושים אין סידור[70] ובכ"מ אז בר"ה חוזרים כל הדברים לקדמותם, ספירת המלכות, מדות, חו"ב, און אפי' רצון ותענוג - איז אבער עיקר ההדגשה בנוגע צו בנין ספירת המלכות, ווארום ספירת המלכות דארף האבן א בנין במיוחד, דערפאר וואס שרשה איז אין רדל"א, און מ'דארף איר ממשיך זיין פון א העלם שאינו במציאות, העלם שאינו קרוב אל הגילוי, כמדובר דעמולט בארוכה.

און דערפאר איז אע"פ אז בר"ה ווערט די גאנצע וועלט אויפגעבויט פון דאס-נייי, כולל אויך אלע עשר ספירות, איז אבער עיקר הענין פון ר"ה - בנין ספירת המלכות, "תמליכוני עליכם"[71], און דורך דערויף ווערט אויך אויפגעבויט דער גאנצער סדר השתלשלות, ביז ווי ס'איז מבואר אין די דרושים[72] אז דורך דערויף וואס עס טוט זיך אויף אין פנימיות, פועל'ט דאס אויך אין חיצוניות העולמות אז ס'זאל ניט זיין קיין "רפיון ידים".

און ס'איז מבואר אין כתבי האריז"ל (אין די כוונות פון שמו"ע[73]), אז ע"ד ווי בר"ה טוט זיך אויף דער ענין פון בנין המלכות על כל השנה כולה, איז עד"ז בכל יום ויום אין די ג' ראשונות פון שמו"ע, אז דעמולט ווערט אויפגעטאן בנין המלכות (און כל הספירות), כמבואר דארטן בארוכה.

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת רשב"י האט מבאר געווען כללות ענין עבודתו (ביז ווי דאס איז געשטאנען אין שרשו ומקורו, כמבואר אין די דרושים פון ל"ג בעומר[74]) אין אלע ג' קוין און אין ספירת המלכות - איז בנוגע צו ספירת המלכות זאגט ער דעם לשון "אשתדלת".

כג. דער ביאור אין פרש"י:

כמדובר כמ"פ אז ס'זיינען דא כמה ניט-קלארקייטן וואס קומען דורך דעם וואס דער בחור הזעצער האט זיך ניט פאנאנדערגעקליבן אין פרש"י צי דאס איז א נייער ד"ה אדער אז דאס קומט בהמשך צו פריער. ובנדו"ד - אז "שאל אביך" איז ניט קיין נייער ד"ה, נאר דאס קומט בהמשך צום צווייטן פירוש אויף "בינו שנות דור ודור":

אויף "זכור ימות עולם בינו שנות דור ודור", ברענגט רש"י צוויי פירושים:

א) סיי "זכור ימות עולם" און סיי "בינו שנות דור

- ודור" -

------------

70) רמו, א ואילך. 71) ר"ה טז, א. לד, ב. 72) שם, ב. וראה גם שם רמה, ד. 73) סידור האריז"ל במקומו. וראה גם סידור רלו, רע"ג. 74) סידור דש, רע"ג.

ודור", גייען אויף ענינים וואס זיינען געווען בעבר ("זכור ימות עולם" - וואס "זכרון" איז שייך נאר על העבר - "מה עשה בראשונים שהכעיסו לפניו", און "בינו שנות דור ודור" - "דור אנוש כו' ודור המבול כו'");

ב) "ד"א לא נתתם לבבכם על שעבר, בינו שנות דור ודור, להכיר להבא שיש בידו להיטיב לכם ולהנחיל לכם ימות המשיח ועולם הבא", ד.ה. אז "זכור ימות עולם" גייט אויף די ענינים וואס זיינען געווען בעבר, און "בינו שנות דור ודור" גייט אויפן עתיד (וואס אויף דערויף איז ניט שייך זאגן "זכור"), "להכיר להבא שיש בידו להיטיב לכם ולהנחיל לכם ("דור ודור" -) ימות המשיח ועולם הבא" (און ווי מפרשים[75] זיינען מבאר פארוואס איז דער ערשטער פירוש ניט גענוג, ואין כאן המקום להאריך בזה).

וויבאלד אז מ'זאגט אן "זכור ימות עולם בינו שנות דור ודור", זאגט דער פסוק אז ס'איז דא דער וואס וועט אים העלפן דערמאנען זיך און פארשטיין - "שאל אביך ויגדך זקניך ויאמרו לך":

לויטן ערשטן פירוש אז סיי "זכור ימות עולם" און סיי "בינו שנות דור ודור" גייען אויף די ענינים וואס זיינען געווען בעבר, קען מען טייטשן "שאל אביך ויגדך זקניך ויאמדו לך" כפשוטו: אזוי ווי "אביך" איז עלטער פון אים, וועט ער אים קענען דערציילן די זאכן וואס זיינען געווען בעבר, איידער ער (דער שואל) איז געבארן געווארן. און אזוי ווי ס'זיינען דא זאכן וואס דער פאטער געדיינקט ניט, דערפאר וואס דאס איז געווען נאך איידער ער איז געבארן געווארן - איז "זקניך ויאמרו לך", זאל ער פרעגן דעם זיידן, דעם זיידן'ס זיידע, און אזוי ווייטער עד סוף כל הדורות.

ווען מ'קומט אבער צום צווייטן פירוש, אז "בינו שנות דוד ודור" גייט אויפן עתיד, די ענינים וואס וועלן זיין אין ימות המשיח און עולם הבא - קען מען ניט טייטשן "שאל אביך" כפשוטו, ווארום בנוגע צו די ענינים וואס וועלן זיין בעתיד, אין ימות המשיח און עולם הבא, האט ער ניט וואס צו פרעגן בא זיין פאטער אדער ביים זיידן, ווארום ביידע ווייסן ניט וואס עס וועט זיין אין ימות המשיח און אין עולם הבא!

מוז רש"י מחדש זיין אז "(שאל) אביך" - "אלו הנביאים", ווארום ווען ס'רעדט זיך וועגן וויסן דאס וואס וועט זיין אין ימות המשיח און עולם הבא - דארף מען דאס פרעגן (ניט

- בא -

------------

75) ש"ח כאן.

בא "אביך" כפשוטו, ווארום ער ווייסט אויך ניט, נאר) בא די נביאים.

כד. דערנאך איז דער פסוק ממשיך "זקניך ויאמרו לך" - וואס לויטן צווייטן פירוש גייט דאס אויף דעם וואס ס'שטייט פריער "זכור ימות עולם", אז "זקניך", "יאמרו לך - הראשונות", די זאכן וואס זיינען געווען בעבר.

[לויטן ערשטן פירוש גייט "שאל אביך ויגדך" אויף "זכור ימות עולם", און "זקניך ויאמרו לך" אויף "בינו שנות דור ודור", אז "זקניך" וועלן דערציילן דאס וואס ס'איז געווען מיט א סאך דורות פריער, "דור ודור"; משא"כ לויטן צווייטן פירוש איז דער סדר פארקערט: "שאל אביך ויגדך" גייט אויף "בינו שנות דור ודור" (וואס דערמיט האט מען ערשט מסיים געווען), און "זקניך ויאמרו לך" גייט אויף "זכור ימות עולם"].

אין דעם צווייטן פירוש קען רש"י אויך ניט זאגן אז דער פירוש פון "זקניך" איז כפשוטו - ווארום וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן פרעגן דאס וואס ס'איז געווען בעבר, פרעגט דער בן חמש למקרא: פארוואס זאגט מען אים פרעגן דעם זיידן, ער וועט פריער פרעגן דעם פאטער (ווי מ'זעט בפשטות די הנהגה פון א בן חמש למקרא, אז ווען ער האט עפעס-וואס צו פרעגן, פרעגט ער דעם פאטער)?!

און דערפאר זאגט רש"י "זקניך" - "אלו החכמים", ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געהאט צענדליקער מאל פריער דעםווארט "זקנים", און ער ווייסט אז דאס מיינט "חכמים" (און דערפאר דארף רש"י ניט ברענגען קיין ראיות אויף דערויף).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס גייט מיט איין המשך - רש"י הויבט אן אז ס'איז דא א צווייטער פירוש, אז "בינו שנות דור ודור" גייט אויף די זאכן וואס וועלן זיין בעתיד, אין ימות המשיח און עולם הבא, ובמילא איז דער פירוש פון "שאל אביך" - "אלו הנביאים", און "זקניך" - "אלו החכמים", "ויאמרו לך" - "הראשונות", די זאכן וואס זיינען געווען בעבר, אויף וועלכע מ'זאגט "זכור ימות עולם".

עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס איז רש"י מעתיק פון פסוק אויך דעם ווארט "שאל" - לבאו', האט ער נאר געדארפט מעתיק זיין דעם ווארט "אביך", וויבאלד אז נאר דעם ווארט איז ער מפרש?

איז דער ביאור בזה: רש"י איז אינגאנצן ניט מעתיק די ווערטער פון פסוק, ווי געזאגט פריער אז ס'איז ניט קיין נייער ד"ה, נאר א המשך צו פריער (צום צווייטן פירוש) - רש"י טייטשט אפ דעם פסוק: "זכור ימות עולם (די זאכן וואס

- זיינען -

זיינען געווען בעבר) בינו שנות דור ודור (להכיר להבא שיש בידו להיטיב לכם ולהנחיל לכם ימות המשיח והעולם הבא), שאל אביך (אלו הנביאים - אזוי ווי עס וואלט געשטאנען "שאל נביאך") ויגדך (די זאכן וואס וועלן זיין אין ימות המשיח און עולם הבא), זקניך (אלו החכמים) ויאמרו לך (הראשונות, אויף וועלכע מ׳זאגט "זכור ימות עולם")".

כה. ווען רש"י טייטשט אפ "אביך" - "אלו הנביאים", דערפאר וואס די נביאים "נקראים אבות", ברענגט רש"י א ראי׳, "כמו שנאמר באלי׳ אבי אבי רכב ישראל":

יעדער קינד ווייס (דערפון וואס מ׳זאגט במוצאי שבת) אז אלי׳ איז געווען א נביא, און אויב ער ווייסט ניט - וועט ער פרעגן ווער איז געווען אלי׳, און מ׳וועט אים זאגן אז אלי׳ איז געווען א נביא.

ובפרט אז רש"י ברענגט דעם פסוק "אבי אבי רכב ישראל" - איז אז ער וועט א קוק טאן אין פסוק וועט ער זעהן אז אלישע האט געבעטן בא אלי׳ "ויהי נא פי שנים ברוחך אלי" אין דעם ענין הנבואה און מופתים וכו׳, און דערביי האט ער אים אנגערופן "אבי אבי רכב ישראל" - וואס דערפון איז די ראי׳ אז די נביאים ווערן אנגערופן "אבות".

לכאו׳ איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

אין פסוק שטייט אז אלישע האט אנגערופן אלי׳ "אבי אבי", ד.ה. אז אלי׳ איז אביו פון אלישע, וואס אלישע האט בא אים געלערנט נבואה - וואס פאר א שייכות האט דאס אבער צו יעדער אידן (וואס האט ניט געלערנט קיין נבואה בא אלי׳) אז דער נביא זאל אנגערופן ווערן "אביך" פון יעדער אידן, ביז וואנעט אז ווען מ׳זאגט יעדער אידן "שאל אביך", מיינט מען דאס די "נביאים"?

אויף דערויף ברענגט רש"י פון פסוק אויך די ווערטער "רכב ישראל" - וואס דערפון זעט מען אז אלי׳ ווערט אנגערופן ניט נאר "אבי" פון אלישע, נאר ער ווערט אנגערופן "רכב ישראל", ער האט אויך א שייכות צו אלע אידן - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ער קען אויך אנגערופן ווערן "אביך" פון יעדער אידן".

כו. דער ביאור אין דעם וואס אין פ׳ ואתחנן זאגט רש"י "אבי אבי רכב ישראל וגו׳", און בפרשתנו זאגט ער נאר "אבי אבי רכב ישראל", און זאגט ניט קיין "וגו׳":

- נאך -

------------

76) מ"ב שם, ט. 77) ראה לקו"ש ח"ט ע׳ 36 הע׳ 17.

נאך "אבי אבי רכב ישראל" שטייט "ופרשיו", וואס א "פרש" איז דער וואס רייט אויפן "רכב".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען מ׳זאגט נאר "אבי אבי רכב ישראל" (און ניט "ופרשיו"), איז דער טייטש אז "אבי אבי" איז נאר "רכב ישראל", און דעם "רכב" גיט מען אפ א אידן און ער ווערט דער "פרש" וואס רייט אויפן "רכב", אבער ניט "אבי אבי" איז דער "פרש"; משא"כ ווען מ׳זאגט "אבי רכב ישראל ופרשיו", וואס דעמולט איז דער פירוש אז "אבי אבי" איז אויך דער "פרש" וואס רייט אויפן "רכב".

עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס בפרשתנו זאגט ניט רש"י "וגו׳":

בפרשתנו רעדט זיך וועגן "נביאים", וואס ענינו פון א "נביא" איז - "רכב ישראל", דער נביא זאגט אים וואס עס וועט זיין אין ימות המשיח און אין עולם הבא, וואס דאס גיט אים ארייַן דעם תוקף ער זאל זיך פירן ווי עס דארף צו זיין.

וואס דערפאר ווערט דער "נביא" אנגערופן "רכב ישראל" - ווארום דורך דעם נביא באקומט ער דעם "רכב" און די כלי נשק אויף צו מלחמה האבן מיט זיין יצה"ר.

און דערפאר זאגט ניט רש"י "וגו׳", ווארום דער נביא איז ניט "פרשיו" - דאס דארף ער אליין טאן, ער דארף אליין מלחמה האבן מיטן יצה"ר און פירן זיך ווי עס דארף צו זיין; דער נביא איז נאר "רכב ישראל", פון אים נעמט מען דעם תוקף וכח צו פירן זיך ווי עס דארף צו זיין, דער נביא איז אבער ניט "ופרשיו".

אין פ׳ ואתחנן רעדט זיך אבער וועגן א רב וואס לערנט מיט אים תורה - זאגט דארטן רש"י "וגו׳", מיינענדיק דערמיט דעם המשך הפסוק - "ופרשיו"[78]:

ווען דער רב האט א גוטן תלמיד, איז גענוג אז ער איז נאר "רכב ישראל", ער גיט אים די כללים פון תורה, די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהם וכו׳, און דערנאך איז "תן לחכם ויחכם עוד", דער תלמיד שטייט אין אזא דרגא אז ער איז שוין אליין א "פרש".

אבער אזוי ווי מ׳דארף דאך לערנען תורה מיט "כל התלמידים" - איז דא א תלמיד וואס האלט נאך ניט בא דער דרגא פון "תן לחכם ויחכם עוד"; מ׳זאגט אים טאקע די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהם, אבער דערנאך זעט מען אז אע"פ אז

- ער -

------------

78) ראה לקו"ש שם ע׳ 46 ואילך.

ער ווייסט אז ס'איז דא דער ענין פון ק"ו און גז"ש וכו',
ער קען אבער אליין ניט אפלערנען קיין ק"ו.

וואס בא אזא תלמיד דארף דער רב ווערן אויך "פרשיו":
אויך נאך דערויף וואס ער גיט אים דעם "רכב", די כללים פון
תורה, די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהם וכו', דארף ער ערשט
ווערן "פרשיו", ער דארף מיט אים לערנען אויך דאס וואס די
גמרא זאגט, ווארום דער תלמיד קען אליין ניט מדייק זיין
און פארענטפערן די זאכן וואס שטייען אין דער משנה.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס אין פ' ואתחנן זאגט
רש"י "וגו'" - ווארום וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן רבו
בתורה, איז דא א תלמיד וואס רבו דארף אויך זיין "פרשיו".

- רש"י זאגט טאקע ניט דעםווארט "ופרשיו" בפירוש, ער
איז דאס נאר מרמז מיט "וגו'", ווארום ניט בא אלע תלמידים
דארף דער רב זיין "פרשיו", אדרבה, ס'איז גאר דא א "תלמיד
המחכים את רבותיו"[79]; ער דארף טאקע אויך האבן א רב, ווארום
אליין ווייסט ער ניט וועגן דער גז"ש וואס איז געגעבן
געווארן בקבלה למשה מסיני (און מצד שכלו קען ער דאס ניט
מאכן), אבער דערנאך ווערט ער אליין "פרשיו" - עס איז אבער
דא אזא תלמיד וואס רבו דארף זיין אויך "פרשיו", און אויף
דערויף איז רש"י מרמז דערמיט וואס ער זאגט "וגו'".

כז. דער ביאור אין דעם וואס בפרשתנו זאגט רש"י "שנאמר
באלי' כו'", און אין פ' ואתחנן דערמאנט ניט רש"י אז דאס
שטייט "באלי'":

עיקר ענינו של אלי' איז געווען דער ענין הנבואה -
ווי דער בן חמש למקרא זעט ווען ער קוקט אין דעם פסוק "אבי
אבי רכב ישראל", אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין הנבואה
פון אלי', ואדרבה, אין פשוטס של כתובים געפינט מען ניט אז
אלי' זאל לערנען תורה מיט אלישע.

וויבאלד אז מ'זאגט "אבי אבי רכב ישראל", איז
פארשטאנדיק אז ער האט געהאט א שייכות ניט נאר מיט אלישע,
בנוגע צו עניני הנבואה, נאר אויך מיט אלע אידן, און אז
מ'פרעגט זיך נאך - זעט מען אז אלי' האט באווארענט דעם
ענין פון ע"ז, ער האט געזאגט די דינים פון הקרבת הפרים
וכו'[80], און האט געלערנט תורה מיט אלישע און מיט אלע אידן
- דאס איז אבער ניט בהדגשה אזוי ווי דער ענין הנבואה פון
אלי'.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז אין פ' ואתחנן, וואס דארטן

- רעדט -

---

79) חגיגה יד, א. 80) מ"א יח, כא ואילך.

רעדט זיך וועגן רבו שלמדו תורה, האט רש"י ניט וואס צו מדגיש זיין אז "אבי אבי רכב ישראל" שטייט בא "אלי'", ווארום עיקר ענינו של אלי' איז ניט דער ענין פון לימוד התורה, נאר דער ענין הנבואה (נאר אין דערויף קומט אויך צו דער ענין פון לימוד התורה).

משא"כ בפרשתנו, וואו עס רעדט זיך וועגן דעם ענין הנבואה - איז רש"י שולל אז דא מיינט מען ניט דעם ענין פון "אבי אבי רכב ישראל" ווי דאס איז פארבונדן מיט רבו שלמדו תורה וכיו"ב, נאר מיט עיקר ענינו של "אלי'" - דער ענין הנבואה, און דערפאר איז רש"י מדגיש "כמו שנאמר באלי' כו'".

כח. עס קומט נאך צו א רמז אין "יינה של תורה", וואס אפי' א תלמיד שאינו מסולח כאפט זיך אויך גלייך אויף דערויף:

ווען עס רעדט זיך וועגן "שאל אביך ויגדך", אז מ'דארף פרעגן בא די נביאים וועגן די ענינים וואס וועלן זיין אין ימות המשיח און עולם הבא - איז רש"י מדגיש "כמו שנאמר באלי' כו'":

אלי' הנביא איז דער "מבשר טוב"[81] פון ימות המשיח און עולם הבא, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אלץ וואס אלע נביאים ווייסן וועגן דערויף, קומט דאס ניט צו אלי' הנביא, וואס ער איז דער "רגלי מבשר מבשר טוב"[82].

כט. דערביי קומט צו נאך אן ענין:

פון פרש"י איז פארשטאנדיק אז דער פסוק האט צוויי אפטייטשן: דערפון איז א ראי' אז "הרב קרוי אב", און דערפון איז אויך א ראי' אז "נביאים" ווערן אנגערופן "אבות".

און לויט תורת הבעש"ט[83] אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז מהוה מחי' און מקיים די זאך וואס ווערט אנגערופן מיט דעם נאמען - איז פארשטאנדיק, אז אן "אב" כפשוטו האט א חיוב ע"פ תורה ער זאל זיין רבו שלמדו תורה, און אויך זיין דער נביא וואס דערציילט אים וועגן ימות המשיח און עולם הבא (נוסף אויף דעם וואס ער דארף אים צושטעלן דאס וואס אן "אב" דארף צושטעלן אפי' בא אוה"ע).

וואס אע"פ אז דער "אב" איז ניט אזא גרויסער למדן, און ער האט א סאך געלט אויף צו באצאלן פאר א מלמד, איז וואס דארף ער זיך אפגעבן מיט לערנען תורה מיט זיין זון? -

- ובפרט -

------------

81) ראה פרש"י בחוקותי כו, מב. עירובין נד, ריש ע"ב. ועוד. 82) ישעי' נב, ז. 83) שעהיוה"א בהחלתו.

הנחה הת' בלתי מוגה

ובפרט אז רש"י[84] טייטשט אפ "ושננתם לבניך - אלו התלמידים", הויבט ער אן טייטשן אז אויף אים איז גאר קיין חיוב ניטא -

דארף ער וויסן אז "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[85], און ס'שטייט "ושננתם לבניך"[86] - און ווען מ'איז זיך מהבונן אין פרש"י, קומט מען צו צום דין וואס דער אלטער רבי פסק'נט אין הל' ת"ת שלו[87] (על יסוד הרמב"ם און פוסקים וכו'[88]) אז "מצוה להקדים בניו . . לתלמידים אחרים", ד.ה. אז צווישן די חיובים פון א פאטער, איז דא א חיוב עיקרי ער זאל לערנען תורה מיט זיינע קינדער, אפי' ווען ער האט כו"כ הסברים אז דאס קען געטאן ווערן אויך דורך א צווייטן.

וכידוע דער סיפור וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דערציילט[89] וועגן דעם אלטן רבי'ן, אז בשעת דער מיטעלער רבי איז געווען עטלעכע יאר אלט, האט דער אלטער רבי אריינגערופן א יונגערמאן, און האט אים געזאגט - מיט א ניגון, כדרכו - איך האב א מצוה פון "ולמדתם אותם את בניכם"[90], דו האסט א מצוה מפרנס צו זיין את בני ביתך, לאמיר זיך ביטן, איך וועל דיר געבן דו זאלסט קענען מקיים זיין דיין מצוה, און דו לערן מיט מיין זון.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז די מצוה פון "ולמדתם אותם את בניכם" איז געווען זיין מצוה און זיין חיוב, וואס דערפאר האט ער דאס געדארפט בייטן.

ונוסף לזה: פון דעם גאנצן סיפור איז פארשטאנדיק, אז דאס איז געווען ניט אין דעם זמן וואס התינוק מתחיל לדבר, נאר ווען דער מיטעלער רבי איז שוין געווען עטליכע יאר אלט - האט דאך דער אלטער רבי זיכער מקיים געווען דעם ציווי אז ווען דער תינוק איז "מתחיל לדבר אביו מלמדו תורה"[91], און ער האט דאס אליין געטאן.

ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אנשים כערכנו - אז א פאטער מיט א מוטער דארפן וויסן אז זיי האבן טאקע אראפגעבראכט א נשמה בעולם, און ס'איז צוגעקומען נאך א בן אברהם יצחק ויעקב און בת שרה רבקה רחל ולאה, דערמיט איז מען אבער נאך ניט יוצא ח"ו - מ'דארף האבן די חמשה דברים וואס דער אב דארף צושטעלן דעם בן[92], כולל אויך דעם ענין פון לימוד התורה,

- און -

------------

84) ואתחנן ו, ז. 85) שבת סג, א. וש"נ. 86) ראה לקו"ש ואתחנן תשל"ח ס"ב קרוב לסופו ובהע' 22 שם. 87) פ"א סוס"ח. 88) רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. טושו"ע יו"ד סרמ"ה ס"ג. 89) היום יום ע' כו. וראה גם סה"ב תשי"א ע' 169. 90) עקב יא, יט. 91) ספרי ופרש"י עה"פ שם. סוכה מב, א. הל' ת"ת לאדה"ז רפ"א. 92) קידושין כט, א. ועוד.

און דערנאך קומט אויך צו דער ענין פון "שאל אביך ויגדך" - ער דארף אים דערציילן וועגן ימות המשיח און עולם הבא, און ניט פארלאזן זיך אז וועגן דערויף וועט ער אליין קוקן אין ספרים, אדער ער וועט דאס אים דערציילן ווען ער וועט אויסוואקסן וכו׳ - נאר עס דארף זיין דער "שאל אביך ויגדך", ער דארף אים דערציילן אז ס׳איז דא א נבואה וואס וועט זיין "באחרית הימים". וואס "באחרית הימים" מיינט "בכל יום שיבוא": אויב ס׳איז א רגע שפעטער פון איצטיקן רגע, איז דאס שוין "באחרית הימים", ווארום אויב עס וועט זיין דער מעמד ומצב פון "זכו"[93]. ווערט דאס גלייך אין א רגע ארום.

ל. און דער אופן ההנהגה מיט דעם פאסטער מיט דער מוטער. מיט "זקניך", מיט די קינדער און קינד׳ס קינדער - אז זיי שטייען אין א מעמד ומצב פון "האזינו השמים ואדברה ותשמע הארץ אמרי פי". אז אין א וואכעדיקן טאג איז זיין מעמד ומצב אז ער איז קרוב אל השמים און רחוק פון ארץ און ארציות[94]. און ער שטייט אין א מעמד ומצב אז "שמים" און "ארץ" פאלגן אים.

און עס ווערט "יערוף כמטר לקחי תזל כטל אמרתי"[95], מיט אלע ברכות וואס שטייען אין דער סדרה. ביז צו "וכפר אדמתו עמו"[96], אז דער אויבערשטער מאכט ריין "אדמתו" בחסד וברחמים ובטוב הנראה והנגלה. דורך דערויף וואס "עמו מתנהגים" וואס דערמולט איז "ארצו מתנהגת". ווי רש"י טייטשט אפ.

און אין אן אופן פון "וכפר" - ווי דער אלטער רבי[97] טייטשט אפ אז "כפרה" איז "לשון קינוח". עס ווערט א נקיון לגמרי, ביז וואנעט אז ער ווערט "מרוצה וחביב לפניו ית׳ כקודם החטא"[98], און נאכמער דערפון - וויבאלד אז ער האט די מעלה פון "לאתבא צדיקייא בתיובתא"[99], העכער פון צדיקים גמורים.

וכן תהי׳ לנו בתוככי כלל ישראל - אז ס׳זאל זיין שלימות התורה, צוזאמען מיט שלימות העם, צוזאמען מיט שלימות הארץ. צוזאמען מיט שלימות כל העולם כולו - דורך "לתקן עולם במלכות ש-ד-י". בעגלא דידן. בביאת משיח צדקנו.

צוה לנגן הושיעה את עמך.

* * *

- לא. -

------------

93) ראה סנהדרין צח, א. 94) ראה ספרי ר"פ האזינו. וראה לקו"ש ח"ט ע׳ 204 ואילך. 95) האזינו לב. ב. 96) שם. מג. 97) אגה"ת פ"א (צ. סע"ב). 98) שם רפ"ב. 99) ראה זח"ג קנג. ב.

כה - מוצאי ש"פ האזינו, י"ג תשרי -

לא. דובר אודות המצב באה"ק.

לב. כאמור לעיל - אז מ'זאל טאן אין הפצת התורה והיהדות, און אין אלע מבצעים, און טאן במיוחד מיט די אידן וואס געפינען זיך (לשעה קלה) אין בתי רופאים און בתי אסורים.

און טאן אין די אלע ענינים אין אן אופן פון שמחה אמיתית - שמחה של מצוה, וואס זי וועט פורץ זיין כל הגדרים,

און מ'וועט גיין אלע צוזאמען אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", מקטן ועד גדול, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[100], "קהל גדול ישובו הנה", און "כספם וזהבם אתם"[101],

און מיטנעמען אויך די וואס לע"ע זיינען זיי "ירא ורך הלבב"[102] (מסיבות שונות ומשונות) - וואס אויף זיי איז דאך די רחמנות א גרעסערע, וויבאלד אז זיי געפינען זיך אויך אין א גלות פנימי, טאר מען זיי זיכער ניט לאזן אין גלות, נאר מ'דארף זיי העלפן, בדרכי נועם ובדרכי שלום, אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, און זעהן אז זיי זאלן האבן אמונה חזקה און בטחון חזק בה' אלקי הצבאות,

וואס דעמולט וועלן זיי זיך שטעלן בתוקף אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' איז א "נחלת עולם" וואס איז געגעבן געווארן פון "אלקי עולם" צום "עם עולם", לויט ווי ס'איז פארשריבן און גע'חתמ'ט אין "תורת עולם".

און מ'וועט האבן א שנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה בכל הענינים, אנהויבנדיק פון שנת גאולה, למטה מעשרה טפחים, גאולת הנפש און גאולת הגוף, סיי פון יעדער יחיד און סיי פון כלל ישראל, ע"י משיח צדקנו.

צוה לנגן ניגון "מלכתחילה אריבער".

* * *

לג. מ'וויל אויך מציע זיין (אזוי ווי ס'איז געווען אין די פאריקע יארן) אז אין די טעג שבין ימים ראשונים פון סוכות מיט שמע"צ ושמח"ת, זאל מען באזוכן די שטעט און שטעטלעך וואס זיינען ארום נ.י. כדי צו משמח זיין די אידן וואס געפינען זיך דארטן אין שמחת החג, ווי דער אלטער רבי פסק'נט אין שו"ע (אין סוף וסיום הל' יו"ט[103]) אז אויך בחוה"מ איז דער ענין פון שמחת החג א מ"ע מן התורה.

- און -

------------

100) בא י, ט. 101) ישעי' ס, ט. 102) ל' הכתוב - שופטים כ, ח. 103) סתקכ"ט ס"ו.

און יעדערער זאל אויך נעמען אין מזכירות צוויי סטרות של עשרה שקלים (וואס איך וועל לאזן דארטן). כדי צו ביימט זיין דארטן א קרן של גמ"ח, און דארטן וואו ס'איז שוין דא - מגדיל זיין און מרחיב זיין דעם קרן גמ"ח.

ויהי רצון אז דורך דעם וואס בכל מקום וועט זיין סיי דער ענין פון "במשפט" - דער ענין פון ליכוד התורה[104], אז בכל מקום וועט מען רעדן א דבר תורה, און סיי דער ענין פון "צדקה" - וועט דאס נאכמער צוהיילן דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[105], ע"י משיח צדקנו. ווי מ'זאגט בארוכה אין הושענא רבה,

און ס'זאל זיין דער ענין פון "הושענא רבה" - די תשועה רבה - נאך פאר מנחה. ובדרך ממילא וועט מען צו הושענא רבה מאנצן און זאגן הושענות צוזאמען מיט משיח צדקנו און אלי' הנביא.

ובכאן ולהבא וועט זיין "דאלאי גלות". בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו. למטה מעשרה טפחים. בפשטות של דברים.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, זאלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

בעת צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

------------

104) ראה לקו"ת ר"פ דברים. 105) ישעי' א, כז.

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ האזינו, י"ג תשרי, 
אור לערב תגה"ס ה'תשל"ט.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. פון דעם פסוקי "שאל אביך ויגדך זקניך ויאמרו לך"[1], לערנט אפ די גמרא[2] אז דערפון ווייסט מען דעם חיוב אויף מצוות מדרבנן. ווי די גמרא פרעגט ווי אזוי מאכט מען א ברכה "אשר קדשנו במצותיו <u>וצונו</u>" אויף מצוות וואס זיינען מדברי סופרים, אזוי ווי הדלקת נר חנוכה וכיו"ב – "היכן צונו"? און די גמרא ענטפערט, אז ס'שטייט "שאל אביך ויגדך זקניך ויאמרו לך", אז ס'איז דא א ציווי פון דעם אויבערשטן ס'זאל זיין "שאל אביך גו'", און פאלגן דאס וואס "אביך" און "זקניך" וועלן זאגן.

וואס דאס איז דער כללות הענין וואס מ'דארף מקיים זיין אלע ענינים וואס שטייען אין תושבע"פ, פונקט אזוי ווי מ'דארף מקיים זיין אלע ענינים וואס שטייען אין תושב"כ (וואס אין דערויף זיינען אפי' די צדוקים מודים[3]), ווארום תורתנו איז "תורת אמת", און תורה <u>אחת</u> לכולנו" – תושב"כ מיט תושבע"פ איז <u>איין</u> תורה, ווי דער רמב"ם זאגט אין דער הקדמה לספרו "יד החזקה" (וואס ווערט אויך אנגערופן "משנה תורה") אז "כל המצוות שניתנו לו למשה בסיני בפירושן ניתנו, שנאמר[4] ואתנה לך את לוחות האבן והתורה והמצוה, תורה זו תושב"כ, והמצוה זו פירושה . . תורה שבעל פה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מצד דעם ציווי פון "שאל אביך ויגדך גו'", דארף מען מקיים זיין אלץ וואס ס'שטייט אין תושבע"פ, ביז צו א דקדוק קל של דברי סופרים. ובפשטות – מקיים זיין אלץ וואס ס'שטייט אין שו"ע, וואס אין שו"ע זיינען די פסקי דינים אין אן אופן פון א "שולחן ערוך", ס'איז מערניט וואס מ'דארף צוגיין צו א פארטיקן טיש, און טאן דאס וואס ס'שטייט אין דעם שו"ע.

ב. דאס קומט בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[5], אז אין דעם זמן פון עשי"ת דארף מען זיך אויסהיטן מיט א ווארט, און מ'דארף מלמד זכות זיין אויף יעדער אידן און אויף אלע אידן, און ס'דארף זיין א זהירות מיוחדת בנוגע צו "אל תפתח פה וכו'"[6];

משא"כ אין די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, וואס אויף

– דערויף –

____________

1) פרשתנו לב, ז. 2) שבת כג, א. סוכה מו, א. 3) ראה סנהדרין לג, ב. 4) משפטים כד, יב. 5) שיחת מוצאי ש"פ וילך סל"ב. 6) ראה ברכות יט, א.

דערויף שטייט אין מדרש[7] (ווי דערמאנט פריער (בהמאמר)) אז דער "ראשון לחשבון" הויבט זיך אן פון חמשה עשר לחודש, ווארום אין די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, זיינען אידן "עסוקין במצוות, זה עוסק בסוכתו וזה בלולבו" - איז פארשטאנדיק, אז דער וואס זוכט חסרונות אויף אידן, האט דעמולט ניט וואס צו טאן, במילא לייגט ער זיך שלאפן - און אידן זיינען דעמולט "עסוקין במצוות", און אלע איבעריקע ענינים וואס זיי טוען, זיינען מערניט ווי א טפל, ס'איז בא זיי ניט תופס מקום, און ס'איז בא קיינעם ניט תופס מקום וכו'.

וואס דערפאר איז כדי לאפרושי מאיסורא וכיו"ב, ובפרט אז ס'איז אן ענין שהזמן גרמא - מוז מען משלים זיין (בקיצור עכ"פ) דאס וואס מ'האט געדארפט רעדן לפנ"ז, און מ'האט וועגן דערויף ניט געוואלט רעדן, מצד הזהירות בזמן, און זהירות בביטויים אין דיבור און אפי' אין מחשבה.

וואס דאס איז בנוגע צו דעם ענין הידוע וואס מ'האט דאס אנגערופן "החזרת שטחים".

ג. מ'האט שוין גערעדט כמ"פ אז שלא כדעת הטועים (די וואס ווילן פארדרייען, אדער זיי האבן טאקע א טעות, אדער זיי ווילן ארייננברענגען א צווייטן דעם טעות) אז דער ענין פון החזרת שטחים איז פארבונדן מיט דער שאלה פון "לא תחנם"[8], אן ענין פון א לאו וכו' - ס'איז טאקע א שאלה פון "לא תחנם", אבער איצטער איז שוין "קם לי' בדרבה מיני'"[9] - ס'איז א שאלה פון פקו"נ!

די ערשטער וואס מ'טראכט אומקערן ח"ו רח"ל - איז בנוגע צו רובם ככולם איז דא דער פס"ד ברור אין שו"ע[10]

[ווי בעזאגט פריער (ס"א) אז דער פירוש הפשוט פון "שולחן ערוך" אין לה"ק איז - א צוגעגרייטער טיש, ביז וואנעט אז עס ברענגט זיך אראפ אין הל' ת"ת[11] אז לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון "כשולחן ערוך", אז מ'זעט א פס"ד ברור],

אז סיי אין א"י און סיי אין חו"ל (סיי די ערשטער וואו ס'זיינען דא אזוינע טועים וואס האלטן אז מ'האט דארטן א תוקף פון סנהדרי' גדולה רח"ל, און סיי אין ערטער וואו

- ס'איז -

------------

7) ויק"ר פ"ל, ז. וראה גם תנחומא אמור כב. 8) ואתחנן ז, ב ובפרש"י. ע"ז כ, רע"א. רמב"ם הל' עכו"ם פ"י ה"ג-ד. טושו"ע יו"ד סקנ"א ס"ח ואילך. 9) ב"ק נג, ב. 10) או"ח (ואדה"ז) סשכ"ט ס"ו. 11) פ"ד ה"ד. הל' ת"ת לאדה"ז שם סי"ח. וראה מכילתא ופרש"י ר"פ משפטים.

ס׳איז גאר-ניטא קיין מקום צו אזא טעות), אפי׳ אין א פנה נדחת אין חו"ל וואו ס׳געפינען זיך עטליכע אידן,

איז אויב דאס איז אן "עיר הסמוכה לספר"; עס געפינט זיך על הגבול, און אויב מ׳וועט אפגעבן דעם שעל, די אמה, ארער דעם טפח (וויפל ס׳זאל נאר זיין), וועט מען דורך דעם עפענען א גאנצן ארט וואו אידן געפינען זיך - וואס בנוגע צו פקו"נ איז דאך דין אחד כדין מאה און אלף און רבבה און כו"כ רבבות -

איז דער פס"ד ברור אין שו"ע אז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת" - מ׳טאר ניט אפגעבן קיין איין שעל, וויבאלד אז דורך דעם עפענט מען אויף א גאנצן ארט וואו אידן געפינען זיך.

און אפי׳ ווען זיי זאגן אז זיי קומען "על עסקי תבן וקש" (ניט אז פריער זאגט מען אזוי און דערנאך זאגט מען אנדערש, נאר מ׳זאגט מערניט ווי "תבן וקש") - וואס מ׳פאר-שטייט דאך וויפל איז די ווערד פון "תבן וקש" - אעפ"כ, וויבאלד עס רעדט זיך וועגן אן "עיר הסמוכה לספר", איז דער פס"ד אז "יוצאים עליהם בכלי זיין וכו׳".

ד. וכמדובר אז איצטער האט דאס ניט קיין שייכות צו "לא תתגרו", עס האט ניט קיין שייכות צו די ג׳ שבועות[12], און עס האט ניט קיין שייכות צו אלע שקו"ט׳ס וועגן אתחלתא דגאולה רח"ל און גאולה שלימה רח"ל - ווי דער טעות הכי מבהיל וואס מ׳רופט אן דעם גלות און חושך כפול ומכופל אז דאס איז "אתחלתא דגאולה" - דערמיט פארלייגערט מען דעם גלות מיטן חושך כפול ומכופל!

וואס דערפאר קאכט מען זיך וועגן דערויף - וואס לכאו׳, מ׳האט אויסגעקליבן א ווארט אז דאס איז "צמיחת גאולתנו", אדער "אתחלתא דגאולה" - איז וואס דארף מען זיך שפארן און דינגען זיך אויף א ווארט? - איז דאס דערפאר וואס דערמיט פארלייגערט מען דעם גלות!

וכמדובר כמ"פ אז ס׳איז געווען א זמן וואס דער ענין פון ע"ז איז געווען נפוץ בעולם, וואס דעמולט איז דער יצה"ר פון ע"ז געווען בתוקף גדול[13] - וואס דער ביאור בזה (פארוואס איז טאקע געווען דער יצר פון ע"ז בתוקף) איז, וויבאלד אז דעמולט איז געווען דער ביהמ"ק קיים, און ס׳זיינען געווען די "עשרה נסים נעשו לאבותינו בביהמ"ק"[14]

- בגילוי -

---

12) כתובות קיא, רע"א. 13) ראה סנהדרין קב, ריש ע"ב. 14) אבות פ"ה מ"ה.

בגילוי, און אלע האבן געזעהן אז "משם אורה יוצאה לעולם"[15], און אז "עדות היא לכל באי עולם שהשכינה שורה בישראל"[16] - האט דאס ארויסגערופן די זעלבע תנועה אויך אין לעו"ז, אז דער ענין פון ע"ז איז געווען בתוקף.

דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לענינינו: וויבאלד אז מ׳האלט שוין אין עקבתא דמשיחא, און אט אט דארף קומען אתחלתא דגאולה - ווערט נתעורר בא אידן די תשוקה צו "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים" ביתר שאת וביתר עז, וויבאלד אז "כלו כל הקיצין"[17], און מ׳האט שוין אויך תשובה געטאן, מיט אלע ענינים וואס מ׳דארף דערצו האבן.

וואס אויך בא די סועים (אדער די וואס מ׳האט זיי מטעה געווען, אדער די וואס מאיזה סיבה שתהי׳ ווילן זיי ניט קוקן אין די מדרשי חז"ל און פוסקים וואו מ׳דארף קוקן) זיינען דא די כיסופי גאולה הכי גדולים, ווארום זיי זיינען אויך בני אברהם יצחק ויעקב, און בנות שרה רבקה רחל ולאה -

בא זיי איז אבער דערפון ארויסגעוואקסן אן ענין פון א פאלשע גאולה - מ׳האט אנגערופן דעם חושך כפול ומכופל פון עקבתא דמשיחא מיטן נאמען אז דאס איז "אתחלתא דגאולה", אדער מיטן צווייטן לשון - "צמיחת גאולתנו" וכו׳, וואס דאס פארלייגנערט נאכמער דעם חושך הגלות.

ה. מ׳האט זיך צוגעטשעפעט צו א לשון וואס שטייט אין מסכת מגילה[18] "אתחלתא דגאולה" - וואס דאס איז פארבונדן מיט גאולת היחיד,

און אפי׳ אויב ס׳רעדט זיך וועגן גאולת הרבים - האט מען שוין גערעדט כמ"פ אז אין מדרש שטייט אז אתחלתא דגאולה האט זיך אנגעהויבן א רגע נאך דעם חורבן פון ביהמ"ק אין תשעה באב שנת ג"א תתכ"ח:

עס ווערט דערציילט אין מדרש[19] אז ס׳איז געווען אן ערבי וואס האט געוואוסט שיחת בהמות, און בשעת אז געתה פרתו פון דעם אידן, האט ער אים געזאגט אז איצטער איז חרב געווארן דער ביהמ"ק, און דערנאך ווען געתה פרתו פעם שני׳, האט ער אים געזאגט אז איצטער איז "נולד מושיען של ישראל" - דעמולט האט זיך אנגעהויבן אתחלתא דגאולה;

אבער ניט אויף דער גאולה זאגט מען "אני מאמין בביאת המשיח"! - ווען מ׳רעדט וועגן דעם ענין הגאולה, מיינט מען - א גאולה -

---

15) ירושלמי ברכות פ"ד סה"ה. 16) שבת כב, ב. מנחות פו, ב. 17) סנהדרין צז, ב. 18) יז, ב. 19) איכ"ר פ"א, נא.

א גאולה פון דעם גלות כפשוטו, און ניט א מעמד ומצב אז משיח איז געבארן געווארן, ער איז אבער באהאלטן, און דער חושך הגלות גייט אן בכל התוקף!

ניט נאר אז אויך נאך דערויף וואס "נולד מושיען של ישראל" איז נאך געבליבן א מעמד ומצב פון גלות – נאר אדרבה: ערשט נאך דערויף וואס געהה פרחו פעם שני' איז געווען דער גמר השריפה רח"ל פון דעם ביהמ"ק (וואס עיקרו איז נשרף בעשירי באב[20]), מיט אלע ענינים וואס זיינען געווען דערנאך רח"ל הי"ת, וואס "לא תקום פעמים צרה"[21].

ו. מ'זאגט אז דער איצטיקער מעמד ומצב איז אתחלתא דגאולה, און דאס זאגט א איד א מאמין – וואס בשעת ער איז געווען א קינד, האט מען שוין געלערנט מיט אים אז ביאת משיח איז ווי דער רמב"ם[22] זאגט: עס וועט קומען א איד, א בשר ודם, וואס ער וועט זיין "הוגה בתורה ועוסק במצוות כדוד אביו", און "יכוף כל ישראל לילך בה ולהזק בדקה וכו'" – וואס דאס איז א פס"ד פון א פוסק.

און דאס וואס מ'ברענגט ראיה פון ירושלמי און פון מדרשים וכו' – האט דער רמב"ם געוואוסט דעם ירושלמי מיט די אלע מדרשים, דער רמב"ם איז געווען אזא בקי ווי די בקיאים פון אונזער דור – כבודם במקומו מונח, און אעפ"כ האט ער אפגעפסק'נט אז די גאולה וועט ניט זיין "קימעא קימעא" אזוי ווי "איה"ה הסדר" (ווי דער לשון פון ירושלמי[23]), און עס וועט ניט זיין אין אן אופן אז דער וועט העלפן און יענער וועט העלפן –

נאר עס וועט זיין אין אן אופן אז "יעמוד מלך מבית דוד הוגה בתורה ועוסק במצווה כדוד אביו", און דאס איז נאך ניט גענוג – דערנאך דארף ער זיך פארנעמען מיט "יכוף כל ישראל לילך בה ולהזק בדקה", ער וועט זיך ניט רעכענען מיט "דעמאקראטיע", נאר "יכוף כל ישראל כו'", און "ילחם מלחמות ה' וינצח", און "יבנה ביהמ"ק במקומו" – ערשט דעמולט ענדיקט זיך דער גלות און "ויקבץ נדחי ישראל".

בשעה מ'זאגט אז איצטער איז א מעמד ומצב פון "צמיחת גאולתנו" און "אתחלתא דגאולה" (ווען די אלע תנאים וואס דער רמב"ם ברענגט אראפ אלס א פס"ד זיינען ניטא) – און מ'זאגט ניט אז דאס איז די זעלבע "אתחלתא דגאולה" וואס איז געווען בהשעה באב כשחרב ביהמ"ק בפעם הראשונה, ווען "נולד

– מושיען –

------------

20) תענית כט, א. 21) נחום א, ט. 22) הל' מלכים ספי"א. 23) ברכות פ"א ה"א.

מושיען של ישראל" - איז דאס די עיקר סיבה אויף דעם וואס עס ציט זיך נאך אלץ דער חושך כפול ומכופל פון דעם גלות, מיט אלע ענינים וואס זיינען געווען בזמן הכי אחרון.

ס'איז שוין לאנג "כלו כל הקיצין", און מ'האט שוין לאנג תשובה געטאן - עס איז אבער נתעורר געווארן אן ענין וואס איז דער היפך פון גאולה האמיתית, דורך דעם וואס מ'רופט אן דעם חושך פון גלות אז דאס איז צמיחת הגאולה און אתחלתא דגאולה - און דאס פארשלעפט דעם גלות און לאזט ניט צו די גאולה האמיתית והשלימה, און אז ס'איז ניט די גאולה האמיתית והשלימה - איז דא דער חושך כפול ומכופל פון גלות, ווארום ס'איז ניטא קיין מיטל-וועג.

און דאס איז דער ענטפער אויף דעם וואס מ'פרעגט וואס שפארט מען זיך אויף דערויף בשעת אז כמה רבני ישראל האבן גע'חתמ'ט אז דאס איז "צמיחת גאולתנו", און כמה האבן גע'חתמ'ט אז דאס איז "אתחלתא דגאולה" -

דאס איז דער זעלבער פירוש אין אתחלתא דגאולה וואס די גמרא זאגט אין מסכת מגילה, און דער זעלבער פירוש אין אתחלתא דגאולה וואס איז געווען ווען געתה פרחו פעם שני' וואס דעמולט האט דער ערבי געזאגט אז "נולד מושיען של ישראל";

דעמולט איז מען אבער ניט געגאנגען מאכן אויף דערויף "שהחיינו", קיינער איז ניט געגאנגען זאגן אויף דערויף "הלל" מיט א ברכה, אפי' ניט בלא ברכה - און דאס פארציט דעם גלות מיטן חושך כפול ומכופל!

און ווי געזאגט פריער (ס"ב) - אזוי ווי אין די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות זיינען אידן "עסוקין במצוות", זאל דאס קיינעם ניט שאטן -

און מכאן ולהבא זאל מען לערנען דעם פס"ד פון רמב"ם כפשוטו (און ניט וועלן אוועקשטעלן דעם רמב"ם אויף דער פאליצע) - וואס צוזאמען מיטן רמב"ם איז געדרוקט דער פירוש פון דעם ב"י (דער מחבר השו"ע), דער פירוש פון רדב"ז, און כל מפרשי הרמב"ם - וכידוע דער כלל[24] אז דארטן וואו מפרשי הרמב"ם זיינען ניט משיג אויפן רמב"ם, איז א הוכחה אז זיי זיינען מסכים צו זיין פס"ד.

און ח"ו צו אפלייגן דעם פס"ד פון דעם רמב"ם מיט מפרשי הרמב"ם - ובפרט אז מ'זעט בפועל אז מ'גייט אין אן

- אופן -

------------

24) ראה משל"מ לרמב"ם הל' כלאים פ"ב ה"א. בס' שנסמנו בשד"ח כללי הפוסקים ס"ו סק"א.

אופן וואס איז דער היפך פון מחיל אל חיל רח"ל!

ז. וויבאלד אז דער חושך כפול ומכופל האלט נאך אן - איז ארויסגעקומען דער צווייטער ענין פון חושך כפול ומכופל:

ס'איז דא א פס"ד ברור אין שו"ע, אז בשעת ס'איז דא א שאלה פון פקו"נ פון אחד מישראל, עאכו"כ עדה מישראל, עאכו"כ אלפים ורבבות מישראל, טאר מען ניט אפגעבן קיין ספה און קיין שעל צו עכו"ם וואס זיינען געקומען "על עסקי תבן וקש", וויבאלד אז דורך דערויף עפענט מען דעם גרעניץ פאר זיי.

און די וואס ווילן פארדרייען אז צוליב פקו"נ דארף מען אפגעבן שטחים, ווארום אפגעבן שטחים איז מערניט ווי א לאו, און פקו"נ איז דוחה א לאו, ועד"ז די וואס ווילן פאר-דרייען אז דאס איז פארבונדן מיט די ג' שבועות וכו' - איז ניט דער טייטש אז מ'שפילט זיך מיט א פירוש אין רמב"ם - דאס איז א שאלה פון פקו"נ פון כו"כ מישראל היל"ה!

מ'זאגט אז ס'איז געווען א רב וואס האט געזאגט, אז אזוי ווי די מומחים לענינים אלו זאגן אז צוליב פקו"נ דארף מען אומקערן שטחים, אשר לכן דארף מען אומקערן די שטחים.

איך האב ניט געזעהן דעם פס"ד. און ס'איז א דבר מבהיל צו גלייבן אז ס'איז געווען אזא פס"ד - ס'לעבט אבער אין אזא צייט אז ס'דארף בולט זיין בפירוש יעדער זאך:

נאך דערויף וואס ס'איז געקומען אין "קעמפ דייוויד", האט מען נאכאמאל געפרעגט באופן חמור בא מומחים לעניני צבא (וואס זיינען איצטער אין צבא) אין אה"ק, געפרעגט בא כו"כ און פון די גבוהים שבעניניהם. און זיי האבן אלע געזאגט פה אחד (קיין איין און איינציקער האט ניט געזאגט אנדערש) אז אויב מ'וועט אומקערן איינעם פון די שטחים רח"ל, זאל מען ווייסן זיין אז דאס איז אן ענין של פקו"נ פאר די אידן וואס געפינען זיך אין א"י!

ס'ווייסט יעדער ס'האט דאס געזאגט, איך ווען מ'האט דאס געזאגט - דאס איז געווען נאך דערויף וואס ס'איז געפאר; אהערצו אין וואשינגטאן, און נאך דערויף וואס מ'האט געוואוסט בפרטיות וועגן וועלכע שטחים עס רעדט זיך אז מ'זאל זיי אפגעבן, געוואוסט וועגן די "אטאנאמיע", מיט אלע פרטים שבזה - און דער ענטפער איז געווען אז דאס איז אן ענין של פקו"נ פאר אידן וואס געפינען זיך אין א"י.

ער האט געזאגט אז ער קען דאס ניט זאגן בפומבי, דערפאר וואס מ'האט דאס אויך איבערגעזאגט ב. און ער איז פארבונדן מיט רפואה, [illegible] כשאו ומהגו

- באריך -

באמונה, וויבאלד אז דאס איז זיין תפקיד, סאר ער דאס ניט זאגן בגלוי - ווען מ'האט אבער געפרעגט בא אים אין אן אופן וואס ער איז געווען זיכער אז מ'וועט ניט דערציילן אז ער האט דאס געזאגט (און ס'איז ניט קיין נפק"מ ווער ס'האט דאס געזאגט - ווארום מ'האט געפרעגט בא כו"כ) - האט מען געהאט דעם ענטפער.

און ווי איינער (וואס האט א שייכות צו לערנען) האט זיך אויסגעדריקט, אז מצד דעם חשבון צבאי און דער חשבון פון פקו"נ, איז מען ארויס מיט דער חתימה "בשן ועין", און האט געבראכט אויף דערויף כמה ראיות והוכחות, און ווי א צווייטער האט געזאגט, אז בנוגע צו פקו"נ איז דאס א סכנה גלוי' וברורה ללא כל ספק.

ח. און אויב ס'איז דא א רב וואס מ'האט אים איינגערעדט אז מצד פקו"נ דארף מען אפגעבן געוויסע שטחים - איז אזוי ווי ס'קען דאך זיין אז מ'האט אים מטעה געווען (און ס'רעדט זיך דאך וועגן אן ענין פון פקו"נ) - האט ער א ברירה אריינרופן צו זיך אין צימער א מומחה לעניני בטחון, און פרעגן ביי אים זיין מיינונג בזה, און מבטיח זיין אים אז ער וועט ניט מגלה זיין שמו - וועט ער דעמולט הערן דאס וואס מ'האט שוין מברר געווען מער ווי ביי איינעם, מער ווי בא צוויי, מער ווי בא דריי מומחים.

און דער מומחה אין עניני בטחון מוז ניט זיין קיין איד, מ'קען פרעגן ביי א מומחה פון איזה מדינה שתהי', ווי דער דין איז[25] אז קפילא לא מרע אומנתו, וויבאלד אז ער איז א מומחה אין דעם מקצוע, איז ניט קיין נפק"מ צי ער איז א איד אדער ניט קיין איד.

וכאמור אז די עטליכע אידישע מומחים בא וועמען מ'האט געפרעגט [מ'האט ניט געפרעגט בא אלעמען דערפאר וואס ס'איז ניט באפשריות - ס'איז אבער גענוג בשעת מ'פרעגט ביי איינעם, בא צוויי, דריי, פיר, און מ'זעט די וודאות מיט וועלכע זיי ענטפערן] - האבן זיי אלע געזאגט פה אחד אז אומקערן שטחים איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון אידן וואס געפינען זיך אין א"י.

ט. דערנאך זיינען דא אנשי צבא וואס זאגן אז ס'זיינען דא צוויי חשבונות:

ס'איז דא דער חשבון צבאי, וואס לויט דעם חשבון איז

- החזרה -

------------

25) חוד"ה סמכינן - חולין צז, א. טושו"ע יו"ד רסצ"ח ובנ"כ שם.

החזרת שטחים פארבונדן מיט פקו"נ - עס איז אבער אויך דא א חשבון מדיני (ווי זיי רופן דאס אן): אזוי ווי מ'דארף טראכטן וועגן "פאליטיקע" (היינטע פאליטיקע, צי נידעריקע פאליטיקע), בגוז מען מוותר זיין אויף דעם חשבון פון פקו"נ, ס'איז ניטא קיין אנדער ברירה (מצד חשבון מדיני),

[פונקט אזוי ווי בשעת מ'גייט אויף א מלחמה רח"ל, ווייסט מען לכתחלה אז דער מצב פון "לא נפקד ממנו איש"[26] איז אן ענין וואס איז שלא בדרך הטבע, און אויף דערויף ברענגט מען א קרבן הודאה - וואס אפי' בזמן משה רבינו איז דאס געווען א פלא גדול, עאכו"כ אין א מלחמה בזמן הגלות - און אעפ"כ, ווייבאלד אז מ'דארף מגין זיין, שטעלט מען זיך איין סכנה וכו'].

דארף מען וויסן אז אריינמישן א חשבון מדיני ווען עס רעדט זיך וועגן א חשבון פון פקו"נ - איז דאס היפך דעת השו"ע! ווען עס רעדט זיך וועגן פקו"נ, טאר מען ניט טראכטן וועגן קיין חשבון מדיני.

און עס קען ניט זיין אז א רב זאל גיין אנטקעגן דעם שו"ע, און זאגן אז מ'דארף זיך רעכנען מיט חשבון מדיני ווען דאס איז אנטקעגן דעם חשבון פון פקו"נ.

י. אין דעם ענין (אז מ'טאר ניט אריינמישן א חשבון מדיני ווען עס רעדט זיך וועגן פקו"נ) איז געווען רח"ל א "מעשה רב", אין דער מלחמה וואס האט זיך אנגעהויבן ביוהכ"פ מיט עטליכע יאר צוריק (ניט איצטער גערעדט), וואס דעמולט איז געווען דער זעלבער מצב:

אזוי ווי איצטער האט מען שוין מגלה געווען אלע פרטים וואס זיינען דעמולט געווען, קען זיך קיינער ניט דינגען וועגן דערויף:

מיט עטליכע שעה איידער די מלחמה האט זיך אנגעהויבן, איז געווען א ידיעה ברורה אז מצרים האט מגייס געווען איר צבא, און זי שטייט גרייט אויף אנפאלן אויף א"י רח"ל.

האט מען זיך פריער געדונגען צי ס'איז א ידיעה נכונה - ביז וואנעט אז ס'איז נחברר געווארן אז ס'איז א ידיעה נכונה וברורה - און ס'איז נאך אלץ געווען עטליכע שעה איידער מ'האט געוואוסט אז זיי האבן שוין אנגעהויבן די התקפה.

איז געווען א זיצונג פון דער ממשלה (איך זאג דאס

- בגלוי -

---

26) ל' הכתוב - מטות לא, מט.

בגלוי - דערפאר וואס ס'איז שוין געדרוקט), וואס אויף דער זיצונג האבן אנשי הצבא ארויסגעבראכט א קלארע אפשאצונג - אז אויב מ'וועט גלייך מאכן א גיוס מלא, וועט מען קענען אפשטעלן די התקפה, ובמילא וועלן זיין ווייניקער קרבנות;

עס קען גאר זיין אז ווען זיי וועלן דערהערן וועגן א גיוס מלא, וועט דאס אויף זיי מטיל זיין אימה ופחד, און זיי וועלן אפשטעלן די התקפה, אבער עכ"פ עס וועלן ניט זיין אזוי פיל קרבנות ווי עס קען זיין אויב זיי וועלן אנפאלן ווען ס'וועט ניט זיין קיין גיוס מלא.

דאס איז געווען די מיינונג פון אנשי הצבא - א חשבון צבאי.

דערנאך איז געווען אן אנדער מיינונג: אמת טאקע אז מצד דעם חשבון צבאי און מצד פקו"נ מוז מען גלייך מאכן א גיוס מלא, און מפרסם זיין וועגן דעריף (און מ'דארף גאר ניט האבן קיין פרסום, ווארום מצרים וואלט זיך גלייך דער-וואוסט (וועגן דעם) - אבער דעמולט איז דא א חשש אז ארה"ב וועט ווערן ברוגז, און מ'וועט בלייבן אן דעם סיוע פון נשק און געלט;

און דערפאר דארף מען ניט מאכן קיין גיוס מלא - מ'וועט נאר מודיע זיין אין ארה"ב אז מ'האט א ידיעה אז מצרים גרייט זיך אנפאלן אויף א"י, און מ'וועט כלייבן זיצן מיט א גיוס חלקי - וואס דעמולט זיינען טאקע הכל מודים אז ס'וועלן זיין מערער קרבנות רח"ל, אבער דעמולט וועט ארה"ב ניט זיין ברוגז, זי וועט בלייבן א גוטער פריינד, און וועט העלפן מיט נשק וכו'.

און די החלטה איז געווען - אז אע"פ אז מצד דעם חשבון צבאי און מצד פקו"נ מוז מען גלייך מאכן א גיוס מלא, און מבין זיין על הגבולות, וויבאלד אז דורך דעם וועט מען פאר-שפארן קרבנות - מוז מען זיך אבער רעכנען מיטן חשבון מדיני, ווי דאס וועט פועל'ן אויף דער ידידות פון ארה"ב וכו'.

און דערנאך האט דאס אפגעקאסט דעם מספר הקרבנות היל"ת וואס איז דעמולט געווען, צוזאמען מיט דעם מספר הפצועים וואס זיינען געבליבן נכים עד היום הזה - וואס אפי' א נפש אחת מישראל איז אויך אן "עולם מלא"[27], און בשעת אז ס'פעלט זיך א חיל רח"ל, פעלן דערנאך בעולם די אלע קינדער וואס ער וואלט געהאט ווען ער וואלט געבליבן לעבן און וואלט חתונה-געהאט און וואלט געהאט קינדער און אייניקלאך עד סוף

- כל -

---

27) סנהדרין לז, סע"א במשנה.

כל הדורות (ע"ד ווי מ'זאגט[28] בנוגע צו הריגת הבל). אז דורך דעריף האט מען שולל געווען זרעו און זרע זרעו (וכו') - וואס דאס איז געווען די הובאה דערפון וואס מ'האט שולל געווען דעם חשבון פון פקו"נ, און אנגענומען דעם חשבון מדיני!

און איצטער ווייסן שוין אויך די מדינאים, אז ס'איז ניט געווען קיין נפק"מ בנוגע צו דער ידידות פון ארה"ב. און ס'איז ניט געווען קיין נפק"מ בנוגע צו באקומען נשק, ווארום מ'האט געהאט גענוג נשק אויף כל משך זמן המלחמה:

איצטער האט מען א ידיעה ברורה אז דעם נשק וואס ארה"ב האט דעמולט געשיקט, האט מען ניט געדארפט נוצן במשך פון כל זמן המלחמה (וואס ווערט אנגערופן "מלחמת יוה"כ"פ" - א מלחמה וואס האט געדויערט עטליכע טעג, און האט זיך אויסגע-לאזט מיט א נצחון מלא פון די אידישע חיילים) - און ס'איז נאך געבליבן נשק דערפון וואס מ'האט אנגעקליבן אין די מחסנים פון פריער.

וואס דאס איז געווען אפי' ווען מ'האט ניט געמאכט קיין גיוס מלא - וואס דער העדר גיוס מלא האט צוגעלאזט א חורבן און היזק פון כו"כ כלי נשק פון אידן, און אעפ"כ איז געווען גענוג נשק פון פריער, און מ'האט ניט געדארפט אנקומען צום נשק וואס ארה"ב האט דעמאלט געשיקט - ועאכו"כ ווען מ'וואלט געמאכט א גיוס מלא. און מ'וואלט זיך געגרייט צו דער התקפה עכ"פ מיט עטליכע טעג פריער.

יא. ולאחרי כ"ז קומט מען צוגייען און מ'איז מטעה א רב און מ'זאגט אים אז מ'דארף אוועקגעבן שטחים צוליב פקו"נ!

איך ווייסט ניט ווער עס האט אים מטעה געווען - דאס איז אבער א זאך וואס מ'קען מברר זיין. איך באטפרעגן זיך צי ער האט טאקע באהויפטן די ריכטיקע דעה פון די מומחים אין עניני צבא:

אזוי ווי מ'לעבט דאך ניט אין קיין מדבר, האט מען בימילא (בכל יום ויום, אפי' בערב יו"ט) אריינרופן צו זיך א מומחה צבאי, און זאגן אים אז מ'וויל הערן פון אים (ניט קיין ענין אין פאליטיק, ניט קיין גוט ווארט וכו', נאר) א חוו"ד אלס מומחה אין עניני צבא אוי פקו"נ. וואס איז דער אופן אויף צו אפהיטן פקו"נ - צי דורך דעם וואס מ'וועט איפ-געבן שטחים, אדער דורך דעם וואס מ'וועט ניט אוועקגעבן שטחים.

[illegible] אז פון אלע מומחים אין עניני צבא [illegible]

- [illegible] -

מען באקומען א דער אחידר. פר אחד. אז אומקערן שטחים איז פארבונדן מיט פקו"נ פון אידן וואס געפינען זיך אין א"י - ווי זיי האבן זייר איסגעדריקט אז מ'איז שוין ארויס "בשן ועין", אדער וואס מ'קען דערווארטן אז דערפון וועט ארויס-קומען רח"ל.

דאס איז אן ענין וואס האט ניט קיין שייכות צו "אל תתגרה בגוי קטן"[29] צי "בגוי גדול", עס האט ניט קיין שייכות מיט אויפרייצן אדער שעדיקן א מדינה - דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט א פס"ד ברור אין שו"ע:

ווען אידן לעבן אין אן "עיר הסמוכה לספר", און עכו"ם זאגן אז זיי ווילן קומען "על עסקי תבן וקש", זיי ווילן אז מ'זאל זיי אפגעבן דעם שטח - איז דער פס"ד ברור אין שו"ע אז מ'דארף ניט טראכטן צי דער גוי וועט ווערן ברוגז אויף אים, מ'דארף ניט טראכטן וועגן "אל התגרה" - מ'דארף טראכטן צי דערמיט עפענט ער אויף דעם שטח פאר זיי.

און פונקט ווי א רב דארף פרעגן וואס איז די מיינונג פון א רופא - ווען עס רעדט זיך וועגן א מחלה, אזוי דארף ער אויך פרעגן די מיינונג פון די מומחים אין עניני צבא און פקו"נ בנוגע צו אומקערן שטחים.

וכאמור - מ'האט שוין געפרעגט די מומחים אין עניני צבא, און מ'ווייסט זייער מיינונג.

ער איז ניט מחוייב צו פארלאזן זיך אויף דעם וואס א צווייטער האט געפרעגט - זאל ער אליין גיין פרעגן; אבער ניט גיין פרעגן אין א צייטונג צי די מדינה וועט ווערן ברוגז צי ניט - ניט אין דערויף באשטייט די שאלה!

ס'איז ניט קיין שאלה וואס מ'קען זיך שפילן מיט איר - אז ער וויל זאגט ער אז ס'איז א קורקבן און אז ער וויל זאגט ער אז ס'איז א ריאה - דאס איז א שאלה פון פקו"נ!

און אז מ'וויל זאגן אז ס'איז א שאלה פון "אל התגרה בגוי קטן" - דארף מען וויסן אז מ'רוקט אוועק דעם ענין פון פקו"נ אן א זייט, און עס גלויבט זיך ניט אז ס'איז דא א איד וואס וועט טאן אזא זאך - ס'איז מערניט וואס מ'האט זיי מטעה געווען און זיי ניט דערציילט (און זיי ווילן ניט אריינרופן צו זיך א מומחה צבאי און פרעגן ביי אים).

יב. כדי צו מאכן דעם נסיון נאך לייכטער - האט מען געזעהן אז בנוגע צו די זאכן אויף וועלכע מ'האט זיך געשטעלט בתוקף

- אויף -

------------

29) ראה פסחים קיג, א.

איידער יט אומקערן, האט מען מצליח געווען, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די זאכן וואס מ'האט נאכגעגעבן, איז דאס געווען דערפאר וואס מ'האט זיך אויף דערויף ניט געשטעלט מיטן תוקף המתאים, במילא האט מען גע'התמ'ס אויף אומקערן שטחים וואס אין זיי איז תלוי דער בטחון (ד.ה. - פקו"נ) פון רבבות מישראל.

פון וואנעט איז די ראיי' אז ווען מ'וואלט זיך געשטעלט מיט א תוקף בנוגע צו אנדערע זאכן וואלט מען אויסגעפירט - דיינען געווען אזוינע ידיעות.

מ'האט צו מיר א טענה אז איך האב ניט געוואוסט די עובדות - איך האב געוואוסט די עובדות, ובהוספה - מיר האט מען דערציילט אויך דאס וואס מ'האט גערעדט מאחורי הפרגוד!

און מ'דארף ניט אנקוקען צו וויסן סודות - ווארום ס'איז א דבר הגלוי:

ווען דער בא כח פון מצרים איז געקומען אין ירושלים, היפך דעתם פון אלע אנדערע מדינות ערביות, איז געווען א דבר ברור וואוהין ער גייט - אויף מאכן א באזונדער שלום צווישן מצרים מיט א"י; אויב די אנדערע מדינות ערביות וועלן אויך מסכים זיין, איז מה טוב ומה נעים, און אויב ניט, וועט ער מאכן א באזונדער שלום צווישן מצרים מיט א"י.

ס'איז ניט געווען קיין הכרח ער זאל דאס זאגן מלכתחלה, ובפרט אז ער וויל באקומען געלט פון יענע מדינות. און וואס ארט אים צו זיין א "תובע הכל" און מאנען אלץ - מ'דארף אבער נישט זיין קיין גדולסטער מומחה אין עניני מדינה אויף צו וויסן אז ווען ער האט געטאן די זאך בגלוי, ווייסנדיק אז אלע אנדערע זיינען דערצו מנגד - איז זיין כוונה געווען צו מאכן א באזונדער שלום צווישן מצרים מיט א"י (ווי זיי האבן דאס גלייך מפרש געווען); נאר ער קען נאך זיין א פיינער און מאנען אויך פאר זיי, און אויב מ'וועט ניט געבן - איז ער ניט שולדיק.

יג. דערנאך איז די זאך געווארן נאך קלארער:

ווען ס'איז געקומען אין דעם אזוי-גערופענעם "קעמפ דייוויד" - איז געווען דער מצב ברור (אפי' פאר א תינוק בן יומו אין עניני מדיניות) אז ווען מ'וואלט זיך פאנאנדערגעפארן און ס'וואלט גארניט ארויסגעקומען בנוגע לפועל -

וואלט דאס גארניט געשאט דעם בא כח פון מצרים - ווארום ער האט געטאן כל התלוי בו, ער האט זיך איינגעשטעלט פאר מצרים און פאר אלע מדינות ערב, ער האט דאס מציע געווען פריער אין ירושלים, און דערנאך אין וואשינגטאן, ער

- האט -

האט זיך ארומגעשלעפט און האט זיך געבעטן וכו' - ער האט אלץ געטאן, ס'איז מערניט וואס ער האט ניט געקענט אויספירן.

עד"ז וואלט ראש גארניט געשאט דעם בא כח פון א"י - ווארום ער האט ניט וואס צו רעדן מיט מצרים וועגן דעם וואס עס טוט זיך אין ירדן - ערשטן'ס, לאו בעל דברים דידי את, און צווייטן'ס, ירדן און די פאלעסטינער וכו' זאגן אז מצרים איז ניט זייער בא כח, במילא וויל ער ניט רעדן מיט אים וועגן דערויף, מיט אים קען ער רעדן נאר וועגן מצרים.

דער איינציקער וואס האט געמוזט אויספירן אז מ'זאל זיך ניט פאנאנדערפארן איידער מ'חתמ'ט פאפירן - איז דאס געווען ארה"ב, ווארום אין דערויף איז געווען אפהענגיק דער גאנצער "פרעסטיזש" פון ארה"ב: נאך דערויף וואס ער האט איינגעשטעלט זיין פרעסטיזש על כף המאזנים, און ער האט זיי ארויסגערופן אין זיין עיר הבירה - האט ער געמוזט באווייזן אז ארה"ב איז דער מושל ושולט, ווארום אויב ניט - וואלט דאס אים געשאט אין בחירות הבאות, אין בחירות דעתה וכו', וואס דערפאר איז ער געווען מוכרח אויספירן אז מ'זאל חתמ'נען פאפירן - וואס פאר א פאפיר עס זאל נאר זיין, דער עיקר איז אז ס'איז גע'חתמ'ט פוןביידע צדדים.

אבער דאס וואס אין דערויף איז געווען פארקאכט דער בא כח פון מצרים - איז מערניט דאס וואס ס'איז נוגע צו מצרים; ער האט געמוזט טענה'ן אז ער מאנט צדק ויושר פאר די פאלעסטינער, פאר ירדן, פאר סורי' און סעודי' וכו' - אבער אים איז געווען נוגע נאר דאס וואס ס'טוט זיך אין מצרים.

און דער בא כח פון א"י האט געמוזט טענה'ן אז מ'קען ניט אוועקגעבן קיין שטח העומד על הגבול (נוסף אויף דערויף וואס דאס איז יהודה ושומרון וכו', און ס'איז דא דער ענין פון "לא תחנם", מיט אלע איבעריקע זאכן) - דאס איז דער שטאנד-פונקט וואס א"י האט געדארפט האבן.

און ווען מ'וואלט גע'טענה'ט די טענה מיט א תוקף, וואלט מען זיכער אויסגעפירט - איי איז דאך די שאלה: ארה"ב וואלט זיכער לוחץ געווען אז מ'דארף זיך צוזאמענרעדן וועגן עפעס - וואלט דאס געווען בדוגמא ווי מ'האט זיך צוזאמענגערעדט וועגן ירושלים:

מיט זעלבן תוקף וואס דער בא כח פון מצרים האט גערעדט וועגן אנדערע ענינים, האט ער אויך געמאנט אז מ'זאל אפגעבן ירושלים, מיט דער טענה אז דאס איז דער מקום קדוש פאר אלע אומות וכו' וכו' - ווען מ'האט אבער געזאגט "זאה לא", האט מען מסכים געווען אז ס'זאל בלייבן אז מ'האט גערעדט וועגן דערויף, יעדערער האט אויסגעדריקט זיין מיינונג וועגן דערויף, און מ'האט זיך גע'חתמ'ט. אין ווען

ס'וועט קומען דער זמן - וועט מען נאכאמאל פארהאנדלען וועגן דערויף.

אין דער זעלבער מעמד ומצב האט געקענט זיין בנוגע צו די אזוי-גערופענע "גדה המערבית" - אז מ'וואלט גע'הא'ט א פאפיר אז מ'פירט אונטערהאנדלונגען צווישן זיך, און מ'האט שוין געפירט אונטערהאנדלונגען וכו'.

וואס דאס איז געווען דער מצב דאמאלט, ווי ס'איז פארשטאנדיק צו יעדערן וואס פארשטייט אין עניני מדיניות - נוסף צו די ידיעות וואס מ'האט געהאט מאחורי הפרגוד.

יד. דערנאך איז דא נאך א טעות וואס מ'מאכט: מ'זיינען דא אזעלכע וואס טראכטן אז די זאך איז שוין אפגעטאן געווארן, מ'האט שוין אפגעגעבן די שטחים, און אה הנעשה אין להשיב וכו'.

דארף מען וויסן אז די זאך האט זיך נאך ניט אפגעטאן. עס האט זיך נאך אפי' ניט אנגעהויבן - מ'דארף ערשט אנהויבן רעדן וועגן אלע עינינים פרטיים אין פרטי פרטים, ביז וואנעט אז מ'קען חרפה האבן און מבטל זיין וכו' (ס'איז ניט קיין ענין צו רעדן וועגן דעם בפרטיות).

און איך זאג בכלוא האחריות: די אלע ערטער וואס מ'טאר ניט אפגעבן ע"פ תו"ע, וואס דאס איז כולל די גאנצע גדה המערבית, גאנץ יהודה ושומרון וכו', וואס מ'טאר דאס ניט אפגעבן מצד דעם ענין פון פקו"נ.

ווי מ'האט גע'טענה'ט ווען ס'איז געווען דא אין דעצעמבער, און די טענה איז נתקבל געווארן - טאקע ניט ברצון הטוב, מ'האט אבער געזעהן אז ס'איז נאך דא צייט צו דינגען זיך אויף דערויף,

וואלט די טענה אנגענומען געווארן ווען מ'איז איצטער געווען דארטן, און ס'וועט אויך אנגענומען ווערן אז מ'וועט דאס טענה'ן איצטער - אויב ארה"ב וועט זעהן אז די האט צוטאן מיט מענטשן וואס שטייען בתוקף אויף זייער מעמד ומצב, וואס דאס איז דער מעמד ומצב פון תורתנו "תורת אמת" און "תורת חיים", וואס זי זאגט אז וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט פקו"נ, טאר מען ניט עפענען דעם גבול אפי' ניט קיין אצבע קטנה, וויבאלד אז דורך דעם עפענט מען אויף פאר זיי את כל הארץ כולה.

וכאמור אז אזוי זאגן אלע אנשי הצבא - מ'קען זיי נאכאמאל צוזאמענרופן און פרעגן בא זיי ווי איז דער מצב מצד דעם חשבון צבאי (אליין), און דערנאך וועט מען צושטעלן די טענה, אז וויבאלד אנשי הצבא האבן אלע געזאגט פה אחד אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ פון אלע אידן וואס געפינען זיך

- אין -

איך אה"ק, היל"ת און לא תקום פעמים צרה וכו' - אשר לכן קען מען אויף דערויף ניט מוותר זיין.

וכאמור אז די טענה וועט אנגענומען ווערן אויך איצטער - ווארום מצרים איז ניט פארקאכט און ניט פאראינטערעסירט און איר איז ניט נוגע (מצ"ע) וואס וועט זיך טאן אין דער גדה המערבית (אבי ס'זאל ניט הייסן אז די האט דאדטן עפעס אפגעגעבן) - און ארה"ב וועט ניט לאזן אוועקפארן אן א חתימה אויף א דרך צו שלום צווישן מצרים מיט א"י.

און די טענות וואס מ'קען זאגן פארוואס מ'האט חרטה געהאט - דארפן די מדינאים ניט אנקומען צו עצות בזה, זיי ווייסן אליין, און אין דערויף זיינען דא כמה דרכים.

דער עיקר איז אבער - מ'זאל מגלה זיין די חוו"ד פון אנשי הצבא (און ניט הייסן זיי שווייגן), וועט דערפון ווערן אזא טומל, אז מ'וועט שוין פארשפארן טראכטן וואס פאר א טענה זאל מען צושטעלן אין וואשינגטאן אויף דעם וואס מ'האט חרטה פון דער חתימה, און מ'זאגט אז מ'דארף האבן א נייעם נוסח, אדער אן אנדער פירוש אין דעם נוסח אויף וועלכן מ'האט גע'חתמ'ט (ווי מ'גרייט זיך שוין אויף דערויף בלאה"כ).

און אז ארה"ב וועט זעהן אז מ'קען ניט דורכפירן אז מ'זאל אומקערן יהודה ושומרון - וועט זי זעהן דורכפירן אז מ'זאל חתמ'נען אויף א נוסח אז ס'וועט זיין שלום צווישן מצרים מיט א"י (און דעמולט וועלן ניט זיין קיינע מלחמות, ווארום הכל מודים אז ס'קען ניט זיין קיין מלחמה אן דער השתתפות פון מצרים).

וואס אויף דערויף דארף מען האבן מערניט ווי דעם תוקף (ווי גערעדט פריער[30] בנוגע צו נסיונות) אין די פאר שעה וואס מ'געפינט זיך דארטן, אז מ'זאל זאגן א דבר ברור אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ, ובמילא טאר מען דאס ניט אפגעבן;

מ'איז ניט מחוייב צו זאגן אז ער זאגט דאס דערפאר וואס אזוי שטייט אין שו"ע - מ'קען זאגן אז דאס איז די חוו"ד פון אנשי הצבא (כאמור אז אלע אנשי הצבא זאגן אזוי פה אחד).

בנוגע צו סיני - בין איך ניט קיין מומחה, און וועגן דערויף האב איך ניט חוקר ודורש געווען, דאס דארפן חוקר ודורש זיין די וואס צו זיי איז דאס נוגע; אבער בנוגע צו יהודה ושומרון מיטן גאנצן גבול המזרחי פון א"י, איז אין

- דערויף -

------------

30) בהשיחה סי"א ואילך.

דערויף ניטא קיין ספק אז דאס איז אן ענין של פקו"נ.

וכאמור אז יעדער רב וואס וויל וויסן דעם מצב האמיתי - קען ער ארייגרופן צו זיך א מומחה צבאי, ס'איז ניט קיין נפק"מ ווער ער איז (אן אמעריקאנער, אן ענגלאנדער, א דייטשישער, צי א פראנצוזישער) - און פרעגן ביי אים ווי איז דער ענין ע"פ חשבון צבאי.

טו. דערנאך איז מען געקומען צו מיר מיט א קשיא: היתכן, ס'זיינען דאך דא רבנים אין ארה"ב וואס האבן אפגעגעבן "מזל טוב" אויף דעם וואס מ'האט מכריח געווען חתמ'נען אויף די פאפירן (אויף אלע זאכן, חוץ פון די ג' ענינים, זאגט מען "יעבור ואל יהרג"[31] - האט מען אפגעגעבן מז"ט אויף דעם וואס מ'האט מכריח געווען אז ס'זאל זיין יעבור ואל יהרג)!

האב איך חוקר ודורש געווען וועגן דערויף - איז נתברר געווארן אז זיי האבן געפרעגט בא דעם וועמען זיי פרעגן זייערע שאלות, און ער האט זיי געזאגט א דבר ברור, אז זיי זאלן זיצן און שווייגן, און מ'האט אים ניט געפאלגט! וואס דאס איז אויך א זאך וואס מ'קען מברר זיין.

[די ידיעות וואס איך באקום - איז על יסוד דעם וואס איך בין מבטיח (און איך האלט ווארט) ניט דערציילן פון וואנעט איך האב די ידיעה;

אבער אזוי ווי די וואס האבן דאס געטאן ווייסן דאך אז מ'מיינט זיי - זאלן זיי מאכן בא זיך דעם חשבון נפש צי זיי האבן רשות בעלים זיין דאס וואס דער בא וועמען זיי פרעגן זייערע שאלות האט זיי געגעבן, אדער אז זיי דארפן מפרסם זיין און אפדרוקן אז אע"פ אז בא זיי קומט אויס אז מ'דארף אפגעבן מז"ט, זיינען זיי אבער שולל אז ס'איז ניט אויף דער אחריות פון דעם בא וועמען זיי פרעגן זייערע שאלות, ווארום ער האט זיי געהייסן שווייגן].

וכאמור - דאס איז ניט קיין שאלה וואס שטייט בקרן זוית, און אז מ'וויל פסק'נען מען אפ די שאלה און אז מ'וויל ניט לייגט מען דאס אוועק אן א זייט - ס'איז א שאלה פון פקו"נ, וואס אין די טעג קען מען חתמ'נען אין אן אופן וואס איז ע"פ שו"ע און שולל זיין דעם ענין פון פקו"נ, אדער חתמ'נען אויף א נוסח וואס וועט מגדיל זיין און מוסיף זיין אין פקו"נ רח"ל היל"ח.

איך נוץ אויס די געלעגנהייט אויף רעדן אין אן אופן

- אז -

------------

31) רמב"ם הל' יסוה"ת פ"א ה"א. טושו"ע יו"ד רסקנ"ז.

אז מ'זאל דאס קענען הערן בכל קצוי תבל - אע"פ אז באמת איז דאס ניט מיין ענין, ווארום ס'זיינען דא רבנים אין א"י וואס זייער הפקיד איז מאכן דעם גאנצן טומל - עס איז אבער דא דער דין פון "לא תעמוד על דם רעך"[32]!

- איך זאג דאס מיט דער גאנצער שארפקייט, דערפאר וואס מ'שטייט אין די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, וואס דעמולט זיינען אידן "עסוקים במצוות" -

און מצד "לא תעמוד על דם רעך", איז יעדערער וואס ווייסט וועגן דעם מעמד ומצב, טאר ער ניט שווייגן, נאר ער דארף זאגן בגלוי ווי דער מצב איז.

וואס דער מצב איז (כאמור לעיל - איך חזר דאס איבער דעם דריטן מאל, מצד חומר הענין) - אז אלע אנשי הצבא זאגן אז ע"פ חשבון צבאי איז קיין ספק ניט אז דורך דעם וואס מ'וועט עפעס אומקערן פון "גדה המערבית" (ד.ה. דער גבול המזרחי פון א"י), עפענט מען אויף את כל הארץ לפניהם.

וכאמור לעיל אז דאס איז א זאך וואס יעדערער קען מברר זיין - ער דארף נאר גאראנטירן דעם מוכחה אז מ'וועט דאס ניט מפרסם זיין בשמו, דערפאר וואס דאס איז היפך המשמעות וכו' (וואס איז דא שייך משמעות - ווייס איך ניט, אבער עכ"פ אזוי איז דער מצב).

און מצד דעם חשבון מדיני - איז א דבר ברור אז בשעת מ'וועט זיך שטעלן אויף דערויף מיט א תוקף, וועט מען אויס-פירן, פונקט ווי מ'האט אויסגעפירט ווען מ'האט זיך געשטעלט בתוקף בנוגע צו ירושלים.

וואס מצד דעם זעלבן טעות וואס מ'מאכט בנוגע צו דער גדה המערבית, האט מען אויך ניט קיין רשות צו שטעלן זיך בתוקף בנוגע צו ירושלים - האט אבער דער אויבערשטער געהאלפן אז אויף ירושלים האט מען זיך געשטעלט בתוקף, כדי צו באווייזן אז ווען מ'זעט אז מ'מיינט דאס טאקע מיט אן אמת, גיט מען נאך!

וכאמור - עס האט ניט קיין ארט אין טבע צו זאגן אז מצרים וועט ניט חתמ'נען אויף א באזונדער חוזה שלום מיט א"י, זיי מאנען טאקע אלץ, אבער זיי וועלן נעמען דאס וואס מ'וועט זיי געבן - און אז ארה"ב קען ניט ערלויבן אז מ'זאל אוועקפארן איידער מ'חתמ'ט פאפירן, וועט מען יוצא זיין מיט חתמ'נען פאפירן צווישן מצרים מיט א"י - אויב מ'וועט נאר געבן א טעט פשוט פארוואס מ'וויל ניט חתמ'נען בנוגע צו דער גדה המערבית,

- וואס -

---

32) קדושים יט, טז.



הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דער טעם הפשוט און טעם האמיתי איז - אז ווען ארה"ב וועט פרעגן בא אירע מומחים אין עניני בטחון, וועלן זיי זאגן אז אויב מ'וועט אפגעבן די גדה המערבית, עפענט מען אויף את כל הארץ לפניהם.

טז. און דאס וואס מ'טענה'ט אז עס רעדט זיך (ניט וועגן אפגעבן, נאר) וועגן "אטאנאמיע" וכו' - איז כמדובר כמ"פ:

ס'איז ניט דער טייטש אז מ'גיט אטאנאמיע אידן - מ'גיט אטאנאמיע צו די וואס געפינען זיך אין שכם, אין חברון, אין ראמאלא וכיו"ב (וואס במקצת האבן זיי שוין אטאנאמיע), און מ'ווייסט ווען קלייבן זיי אויס אלס זייערע באי כח - און בשעה מ'גיט זיי אטאנאמיע, אפי' נאר אזרחית, הייסט דאס אז מ'זאגט זיך אפ פון די בעה"ב'שקייט דארטן, ס'איז מערניט וואס מ'דארף דארטן היטן אויף בטחון.

און דערנאך קענען זיי קומען צוגיין און טענה'ן אז מ'וויל ניט ווארטן קיין פינף יאר, ס'איז גענוג פינף טעג, און זיי ווילן אז מ'זאל אוועקשיקן פב"פ, און ארויסנעמען דעם צבא, ווארום זיי האבן משטרה - דאס ערלויבט מען זיי, און מ'גיט זיי אויך נשק,

ד.ה. אז דורך דעם האט מען מלכתחלה ארויסגענומען דעם באדן פון אונטער די פיס אז מ'זאל דארטן ניט קענען שטיין - בא דער ערשטער געלעגנהייט וואס זיי וועלן זיך כאפן וואס זיי האבן בכח, פארלירט מען שוין די גאנצע מעגליכקייט צו ארויס'טענה'ן זיך מיט זיי!

און כדי צו מאכן דעם נסיון נאך לייכטער - האט מען געזעהן אז נאך דערויף וואס מ'האט גע'חתמ'ט אין "קעמפ דייוויד" אז מ'גיט נאך די ענינים פון אטאנאמיע וכו', און אלע האבן זיך אפגעגעבן מז"ט, און די מה-יפית-אידן האבן געשיקט מז"ט דערפאר וואס מ'וועט צונעמען דעם חלק און יענעם חלק פון א"י -

האט מען נאר געוואַרט א'פאר וואכן - און מ'האט גלייך ארויסגעשטעלט א תביעה אז דאס איז נאך ניט מספיק, מ'דארף געבן נאך ענינים, און מ'קען ניט ווארטן קיין פינף יאר, מיט אלע פרטים, וואס א טייל פון זיי איז שוין געדרוקט אין צייטונג, און א טייל וועט זיין געדרוקט מארגן און איבער-מארגן.

וואס ווען מ'שטעלט זיך מלכתחלה מיט א תוקף, וואלט מען דערצו ניט געקומען - אבער איצטער איז נאך לייכטער ווי ס'וועט זיי'ן רח"ל היל"ת אויב מ'וועט חתמ'נען אויף דעם נוסח וואס מ'וויל איצטער מציע זיין, וואס ס'איז ניטא קיין ספק און ספק ספיקא אז דאס פארגרעסערט דעם ענין פון פקו"נ

- שלא -

שלא בערך מערער היל"ת, און ס'איז ניטא קיין ספק וספק ספיקא (על יסוד די עובדות וואס זיינען געווען ביז איצטער) אז אין א זמן לא ארוך לאח"ז וועט מען קומען כיט נאך א תביעה און נאך א תביעה, ביז צו דער תביעה פון די קיצונים שבהם (וואס איך וויל דאס ניט ארויפברענגען על השפתיים).

יז. די נקודה בכל הנ"ל איז: ערשטן'ס - די וואס מ'האט זיי ביז איצטער מטעה געווען און מ'האט זיי געזאגט אז דער מומחה צבאי זאגט אז מצד פקו"נ דארף מען אומקערן שטחים - זאלן זיי וויסן זיין אז דאס איז א טעות, און א טעות הכי חמור, ווארום ס'איז א טעות אין א פס"ד בנוגע צו אן ענין פון פקו"נ.

ער איז טאקע ניט שולדיק אין דעם וואס מ'האט אים מטעה געווען - ס'איז אבער בידו דאס צו מברר זיין, און מברר זיין דאס איז "לא בשמים היא גו' ולא מעבר לים היא"[33] - וועלכן מומחה צבאי ער זאל נאר אריינרופן צו זיך, און וועט אים גאראנטירן אז ער וועט ניט מגלה זיין שמו (כדי אז יענער זאל ניט האבן קיין צרות פאר זאגן דעם אמת) - וועט ער פון אים הערן די זעלבע מיינונג וואס שלוחי האבן געהערט פון אלעמען בלי יוצא מן הכלל - אז מ'איז ארויס "בשן ועין", און אז די סכנה בנוגע צו פקו"נ איז שלא בערך מערער וכו'.

א צווייטע זאך: די וואס זאגן (אדער ווילן מאכן אן איינדרוק) אז זיי האבן געפרעגט בא א פוסק און ער האט זיי געזאגט אז זיי דארפן שיקן מז"ט - איז חובתם האנושיה, מצד פשוט'ע ערליכקייט (ניט מצד שו"ע), מפרסם זיין (דארטן וואו זייער ידיעה איז אנגעקומען) אז דער פוסק האט זיי געזאגט זיי זאלן שווייגן, און אעפ"כ האבן זיי געשיקט דעם מז"ט.

א דריטע זאך: מ'זאל ניט מיינען אז ס'איז געבליבן א סוד, במילא וועט מען ווייטער קענען מעלים זיין - ס'איז שוין געווען געדרוקט אין די צייטונגען (דאס האט ניט קיין שייכות צו פב"פ - דער טבע פון א צייטונגס-מאן איז, אז ווען ער דערהערט א נייע זאך, דארף ער דאס גלייך מפרסם זיין), און "אמת מארץ תצמח"[34].

מ'קען ניט באהאלטן א זאך וועגן דערביי זיצן צען מענטשן, צוואנציק אדער דרייסיק מענטשן, ווי די גמרא[35] זאגט אז "מילתא דמתאמרא באפי תלתא", אויב ס'זיצן דערביי דריי מענטשן, מוז דאס נתפרסם ווערן (מיט א טאג פריער אדער מיט א טאג שפעטער).

- [פונקט] -

------------

33) נצבים ל, יב-יג. 34) תהלים פה, יב. 35) ב"ב לט, סע"א.

[פונקט .ווי ס'איז געווען אין דער מלחמה פון יוהכ"פ, אז מ'האט גערעכנט אז מ'וועט ניט וויסן דעם מעשה מבהיל וואס מ'האט אפגעטאן - אז מ'האט גורם געווען צו אזוי פיל קרבנות רח"ל דערפאר וואס מ'האט זיך ניט גערעכנט מיטן חשבון צבאי, נאר מ'האט זיך גערעכנט מיטן חשבון מדיני .- אבער סוכ"ס איז דאס נתגלה געווארן].

וואס דער מצב איז - ווי געזאגט פריער, דער איינציקער וואס מוז לוחץ זיין און מוז דורכפירן איז - ארה"ב, זיי מוזן דורכפירן אז מ'זאל חתמ'נען אויף א שלום צווישן מצרים מיט א"י,

און אלע ווייסן אז מצרים איז ניט פארקאכט אז סוריי' צי ירדן צי לבנון זאלן ווערן גרעסער - מצרים וויל האבן מנוחה, און דער עיקר - זיי ווילן באקומען סיוע פון ארה"ב, און אז מ'וועט זיי צוזאגן דעם סיוע, וועלן זיי אויף אלץ מסכים זיין.

און אז א"י וועט זיך שטעלן מיט א תוקף - לויט ווי דער דין איז אז פקו"נ איז דוחה את כל התורה כולה, עאכו"כ אז ס'איז דוחה אלע חשבונות מדיניים - אז מצד פקו"נ טאר מען ניט אפגעבן קיין אצבע קטנה, א טפח, א שעל, ד' אמות, ועאכו"כ מערער דערפון, אין גדה המערבית - וועט מען זיכער דורכפירן.

ועד"ז אויב מ'וועט נאכגעבן דעם ענין פון משטר אזרחי - גיט מען זיי דעם נשק אין האנט אז אויף מארגן אדער איבער-מארגן זאלן זיי ארויסטרייבן רח"ל אלע אידן און אנשי הצבא וואס געפינען זיך דארטן!

די שאלה איז נאר צי דאס וועט זיין מיט א טאג פריער צי מיט א טאג שפעטער - מ'גיט זיי אבער דעם שליסל אויף דערויף, און מ'נעמט צו בא זיך די מעגליכקייט צו אויס'-טענה'ן זיך ווען דערויף, ווארום מ'האט אנערקענט אז זיי זיינען די בעלי-בתים אויף דעם שטח בנוגע צו חיים האזרחיים, איז וויבאלד אז זיי זיינען די בעלי-בתים, קענען זיי מחליט זיין וועמען ווילן זיי האבן פאר א שכן און וועמען ניט, וואו מ'דארף האבן צבא און וואו מ'דארף ניט, ובפרט אז זיי וועלן נאך האבן דעם וואס וועט תומך זיין בידם וכו', ואין כאן המקום להאריך בזה.

יח. איך וויל מוסיף זיין נאך אן ענין - דאס איז אבער בפירוש א מאמר בפ"ע (ווארום דערנאך וועט מען זיך צוטשעפען דערצו, און דאס וועט מחליש זיין דעם פריערדיקן ענין):

- ס'איז -

ס'איז ידוע הורת הבעש"ט[36] אז יעדער ענין וואס טרעפט אין וועלט, דארף זיך א איד צוקוקן און מתבונן זיין זיך און אפלערנען דערפון א הוראה אין עבודת ה':

ווען מ'האט זיך צוזאמענגעקליבן לפנ"ז, האט מען זיך צוזאמענגעקליבן אין וואשינגטאן, אדער אין אנדערע ערטער - ווען ס'איז אבער געקומען צו דעם נסיון צי מ'זאל חתמ'נען א' פאפיר אז אין א משך זמן ארום וועט מען אפגעבן יהודה ושומרון צו פב"פ וואס איז ניט קיין איד - האט מען זיך צוזאמענגעקליבן ניט אין וואשינגטאן, ניט אין ירושלים, ניט אין קהיר, ניט אין איטאליא - מ'האט גערופן און מכריז געווען אז דער ארט הייסט "קעמפ דייוויד", וואס בפשטות מיינט דאס "מחנה דוד".

יעדער איד וואס ווייסט עפעס וועגן דוד'ן, ווייסט ער אז ער שטעלט זיך אויף ירושלים דערפאר וואס דאס איז "קרית חנה דוד"[37],

און ער ווייסט דברי ימי דוד, אז "דוד הוא הקטן"[38], און ווען מ'האט אים ארויסגערופן דעם ערשטן מאל, האט ער געהאט אנטקעגן זיך גלית הפלשתי (אזוי ווי ס'זיינען איצטער דא הונדערטס מיליאן אראבער) - און ער האט זיך געשטעלט מיט א תוקף, און האט געזאגט דעם טעם - ניט צוליב חשבון מדינה, נאר ער גייט "בשם ה' צבאות"[39].

ער האט טאקע גענוצן עפעס אין דרכי הטבע, ער האט גענומען א שטיינדל און אריינגעלייגט אין א קלע און דערנאך האט ער טאקע געשאסן, און דער שטיינדל האט געטראפן במצחו, מיט אלע פרטים פון דעם סיפור - אלץ כאילו ווי ס'וואלט געווען בדרך הטבע,

און מסתמא זיינען געווען אזוינע פלשתים וואס האבן טאקע גע'טענה'ט אז דאס איז בדרך הטבע - ער איז טאקע א קטן און יענער איז א גדול, ס'איז אבער געווען א שטיינדל און ס'האט געטראפן במצחו וכו';

האט אבער דוד געזאגט אז ער גייט "בשם ה' צבאות"!

און אז אידן האבן ניט געוואלט אפשטעלן זיך אויף דערויף וואס מ'רופט דאס "קעמפ דייוויד" - האבן זיך ניט-אידן געשטעלט אויף דערויף און זיי האבן דאס מדגיש געווען.

און דער עיקר איז - ווי דער בעש"ט זאגט, אז ניט נאר - וואס -

------------

36) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז יא"ך. וש"נ.
37) ישעי' כט, א. 38) ש"א י', יד. 39) - ...

וואס מ'דארף דאס הערן אדער זעהן, נאר מ'דארף נעמען דערפון די מסקנא.

יט. ויה"ר אז ס'זאל מקוים ווערן דאס וואס מ'האט ערשט געליינט אין היינטיקן שבת: "האזינו השמים ואדברה ותשמע הארץ אמרי פי" -

בשעת א איד גייט אין דעם דרך פון משה רבינו, וואס ענינו פון משה רבינו איז דער ענין פון תורה, ווי ס'שטייט[40] "זכרו תורת משה עבדי", און ער איז תלמידו של משה רבינו, און ער פירט זיך לויט ווי ס'שטייט אין משה רבינו'ס תורה, וואס "משה אמת ותורתו אמת"[41], און ער פירט זיך לויט די פסקי דינים פון דעם שו"ע,

האט ער בכח צו זאגן "האזינו השמים ואדברה" - ער קומט צוגיין רעדן בשם ה' אלקי הצבאות, וואס ער האט אים געהייסן חתמ'נען נאר אויף אזא נוסח, און ער טאר גאר ניט טראכטן וועגן אן אנדער נוסח.

און ניט נאר אז ער האט בכח זאגן "האזינו <u>השמים</u> ואדברה", נאר ער האט אויך בכח צו פועל'ן אז "ותשמע <u>הארץ</u> אמרי פי".

און דעמולט איז א זיכערע זאך אז ס'וועט זיין "ברוך תהי' מכל העמים"[42], אין פשש"מ כפשוטו, למטה מעשרה טפחים,

און דאס וועט זיין די הקדמה קרובה צו "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[43], וואדוס "והיתה לה' המלוכה"[44].

* * *

כ. ויה"ר אז ס'זאל זיין יערה עליהם רוח ממרום, און מ'זאל זיך שטעלן בתוקף - יעדערער במקומו, סיי די וואס געפינען זיך אין א"י וואס דארפן חתמ'נען, און סיי די וואס געפינען זיך אין חו"ל וואס דארפן חתמ'נען - און מ'זאל זיך שטעלן בתוקף אז ס'זאל זיין א נוסח וואס מעג זיין ע"פ שו"ע, וואס דאס איז דער איינציקער נוסח וואס וועט האבן א קיום, וויבאלד אז "דבר אלקינו יקום לעולם"[45].

און ס'איז א זיכערע זאך אז ווען מ'וועט זיך שטעלן בתוקף וועט מען זיכער אויספירן, וויבאלד אז "עמנו א-ל", דער אויבערשטער אלקי הצבאות איז מיט אונז, ובמילא איז "עוצו עצה והופר דברו דבר ולא יקום"[46].

- ובפרט -

---

40) מלאכי ג, כב. וראה שמו"ר פ"ל, ד. וש"נ. 41) תנחומא קרח יא. וראה ב"ב עד, א. ועוד. 42) עקב ז, יד. וראה בארוכה ד"ה ולקחתם לכם דהתוועדות זו. 43) צפני' ג, ט. 44) עובדי' א, כא. 45) ישעי' מ, ח. 46) שם ח, י.

ובפרט אז אויך אין דרך הטבע האט דאס א דרך און עס קען נתקבל ווערן - אויב זיי וועלן נאר זעהן אז זיי קענען ניט אויספירן מערער וויפל מ׳מעג מסכים זיין ע"פ שו"ע.

און אויב ס׳וועט ניט זיין אזוי (ווארום א איד האט דאך בחירה חפשית, קען מען דאך ניט וויסן ווי אזוי וועט ער דאס אויסנוצן) - וועט דער אויבערשטער זיכער מאכן נסים אז דער צד שכנגד וועט דאס ניט וועלן נעמען (אזוי ווי ס׳איז געווען ביז איצטער).

און "דבר אלקינו יקום לעולם" - ס׳וועט זיין שלימות הארץ ביי אידן בשלימותם, ווארום אידן שטייען גאנץ מיט זייער אידישקייט דורך שלימות התורה.

און ס׳וועט זיין "ושכבתם ואין מחריד גו׳ וחרב לא תעבור בארצכם"[47], "אפילו חרב של שלום"[48] - אפי׳ די תנתומי שוא וואס מ׳וויל איימיצן טרייסטן אז מ׳וועט אוועקשטעלן א "חרב של שלום" פון דער "יו-ען" - איז רח"ל ווי זיי האבן אויסגעהיט אין לבנון, און ווי זיי האבן פריער אויסגעהיט אין תעלת סואץ; אין מדבר סיני וכו׳, וואס אכמ"ל בזה.

און דער עיקר איז - אז "לא תשאר פרסה"[49] אין גלות׳-קייט, אפי׳ די "פרסה" (די פיס) פון זיין בהמה וועט אויך ניט בלייבן אין גלות, עאכו"כ אז זיין פיאטע וועט ניט בלייבן אין גלות, ועאכו"כ אז זיין קאפ וועט ניט בלייבן אין גלות, און ער וועט טראכטן ווי א"חכם ונבון" דארף טראכטן - מיט תכמתו של הקב"ה, לויט ווי ס׳שטייט אין די פסקי דינים פון שו"ע.

און ס׳איז א זיכערע זאך אז מ׳וועט דאס אויספירן בחסד וברחמים, ובטוב הנראה והנגלה - אז אין די לעצטע רגעים פון גלות וועט מען שטיין אין א מעמד ומצב פון מנוחה שמחה וטוב לבב,

און אין אן אופן פון "ברוך תהי׳ מכל העמים", און אין אן אופן פון "והיו מלכים אומניך וגו׳"[50], אויך די מלכים פון דעם חצי-אי, די מלכים פון דער מלוכה און יענער מלוכה, ביז אויך מלכי הערבים וכו׳.

ובקרוב ממש וועלן אידן תשובה טאן "בשעתא חדא וברגע חדא"[51], "ומיד הן נגאלין"[52], אז ס׳וועט זיין דער סוף פון דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, וואס דעמולט וועט זיין אתחלתא דגאולה, צוזאמען מיט צמיחת גאולתנו, צוזאמען מיט דער גאולה האמיתית והשלימה, ווי אפגע׳פסק׳נט בכל הפוסקים, כמדובר לעיל בארוכה.

* * *

------------

47) בחוקותי כו, ו. 48) תענית כב, ב. 49) בא י, כו. 50) ישעי׳ מט, כג. 51) זח"א קכט, סע"א. 52) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה.

## ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א לאנשי כפר חב"ד שיחיו,
## בעת מסירת האתרוגים ע"י באי כח הכפר שיחיו,
## יום א', ערב חג הסוכות, ה'תשל"ט.

דער אויבערשטער זאָל העלפן און מצליח זיין די אנשי כפר חב"ד, בתוככי כללית פון די אידן פון גאַנץ ארץ הקודש, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[1],

ממשיך זיין אַלע המשכות, און האָבן אַ שנה מבורכת בפירות, סיי פירות כפשוטם — פירות גשמיים, און סיי "פירות מצוות"[2] — כולל לימוד התורה און קיום המצות, און די פנימיות הענינים דערפון — הפצת המעיינות[3] חוצה[4],

און ס'זאָל זיין הצלחה רבה ומופלגה פאַר כפר חב"ד, פאַר גאַנץ ארץ ישראל, און פאַר אַלע אידן וואו זיי געפינען זיך,

און ס'זאָל זיין (ווי גערעדט באריכה[5]) שלימות הארץ, צוזאַמען מיט שלימות התורה, צוזאַמען מיט שלימות העם,

און אַלע ד' סוגים פון אידן — די וואָס זיינען געגליכן צו אתרוג, צו לולב, צו הדס און צו ערבה[6],

"ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם"[7],

"ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד"[8], ביז "ואולך אתכם קוממיות"[9] לקבל פני משיח צדקנו[10], בקרוב ממש.

---

1) עקב יא, יב.
2) סוכה כו, כע"א.
3) נשמתא דאורייתא (זח"ג קנב, א).
4) כולל — חוצה דעצבי.
5) בההתוועדות דלילה שלפני — כיצאו מיום ראשון. יג תשרי, אור לערב הגה"ס.
6) ויקר"א פ"ל, יב.
7) תפלת ר"ה ויוהכ"פ.
8) בחוקותי כו, ו.
9) שם, יג.
10) עיין זכרי' (הפטרת יום ראשון דסוכות) בסופה.

**נוסח הברכה בעת נטילת ד׳ מינים עבור תורת אמת, ירושלים וחברון**
**יום א׳, ערב חג הסוכות, ה׳תשל״ט.**

אזוי ווי מ׳האט ניט גענומען פאַר תורת אמת, ירושלים בכלל און חברון — דאַ איז דאָ הדסים, זאָלט איר נעמען פאַר דעם, יעדערער — מער ווי דריי.

מיט די מצות ד׳ מינים זאָל מען זיך משתתף זיין מיט אנשי כפר חב״ד.

מ׳קען דאָס נוצן אויך נאָך סוכות — דאָרט פאַר בשמים וכו׳.

(אחרי לקיחת ההדסים, אמר:)

דער אויבערשטער זאָל העלפן מ׳זאָל ממשיך זיין אַלע המשכות, ס׳זאָל זיין אַ שנה טובה ומבורכת, כמדובר בארוכה, מיט שלימות העם, שלימות התורה און שלימות הארץ,

מ׳זאָל הערן פון אייך בשורות טובות תמיד כל הימים.

## ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א להאורחים שיחיו,
## בעת ביקורו בסוכה – ליל ש"ק חוהמ"ס, כ' תשרי ה'תשל"ט.

אַ גוטן שבת און אַ גוטן מועד.

עס זאָלן מקויים ווערן דברי הקריאה בתורה פון היינטיקן שבת: „שמר לך את אשר אנכי מצוך היום[1] הנני גורש מפניך את האמורי והכנעני וגו'"[2] (מיט אַלע אומות וואָס ער רעכנט אויס דערנאָך אין פסוק), אַז דער אייבערשטער האָט זיי פאַרטריבן פון א"י.

און „השמר לך פן תכרות ברית ליושב הארץ"[3] — מ'זאָל ניט אונטערשרייבן, ניט מאַכן קיינע כריתת ברית אויף צו אָפּגעבן ח"ו יועלכן עס איז טייל פון א"י, א"י לגבולותי', ככתוב בתורה.

יאדרבה — עס זאָל זיין כהמשך הכתובים: „והרחבתי את גבולך", און „ולא יחמוד איש את ארצך"[4], זיי וועלן דאָס ניט וועלן נעמען.

און דאָס זאָל אַלץ זיין נאָך אין די איצטיגע טעג, די לעצטע טעג פון גלות, פאַר ביאת המשיח,

ובקרוב ממש זאָל מען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, בתוך שמחה. און „מועדים לשמחה", לבטח מעשי'ה טפחים, בטוב הנראה והנגלה.

עס זאָלן זיין בשורות טובות במשך כל השנה כולה.

א יישר כח דעם מנהל און מנהלת מיט אַלע מסייעים — שיחיו — פון „הכנסת אורחים" — וואָס „גדולה הכנסת אורחים מהקבלת פני שכינה"[5], און מ'זאָל הערן בשורות טובות.

א גוטן שבת און א גוטן מועד.

---

1) ובפרט בתורה — הקריאה קורא כנגדו (וכ"ש איכה יהי' התורה. וכמ"ש הרמב"ם ...) נוסף על שהתורה היא נצחית, ובכל יום חדשים (פרש"י תבוא כו, טז).

2) תשא לד, יא.

3) שם, יב.

4) שם, כד.

5) שבת קכז, א. שבועות לה, ב.

בס"ד. שיחת ליל שמע"צ בעת ההקפות ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

## לפני הקפה שני'

אע"פ אז וויבאלד "דברי תורה אין צריכין חיזוק"[1], איז דאך מובן בפשטות אז דאס וואס רש"י זאגט בתחלת פירושו עה"ת אז "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים"[2] און "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו" דארף ניט קיין חיזוק,

ובפרט אז דאס שטייט גלייך בתחלת [פירוש רש"י על] התורה, און מובא אויך בכמה מקומות בתורה,

פונדעסטוועגן, בכדי אז דאס זאל זיין אין אן אופן פון "וחרב לא תעבור בארצכם - אפי' חרב של שלום"[3], און "ושכבתם ואין מחריד"[4],

איז ע"פ תורת הבעש"ט במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא[5] -

איז בשעת מען טראכט און מען טראכט זיך אריין אז מען איז אין ירושלים עיר הקודש, עיר חנה בה דוד[6], איז שם הוא נמצא - מען געפינט זיך איצטער און מען פראוועט הקפות (הקפה שני') אין ירושלים עיר הקודש ווי זי איז מחובר מיט ירושלים של מעלה, "כעיר שחוברה לה יחדיו"[7], און אין ירושלים גופא - אין הר הבית מקום מקדשנו, מקדש מלך עיר מלוכה[8],

און דאס ברענגט, אז דאס וואס רש"י איז מכריז ומודיע "ברצונו כו' נתנה לנו", ווערט עס גלוי לעין כל,

אז נאך זייענדיק אין גלות, אין די לעצטע רגעים פון גלות, וועלן אלע זעהן ווי גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' (כולל אויך דעם "כי ירחיב גו'"[9]) געהערט צו אידן,

שלימות ארץ ישראל מיט שלימות עם ישראל דורך שלימות התורה,

און אין אן אופן וואס אלע וועלן עס זעהן בעיני בשר, גלוי לעין כל.

* * *

- נאך -

---

1) תענית יז, ב. 2) ל' הכתוב - תהלים קיא, ו.
3) בחוקותי כו, ו. תענית כב, א. 4) בחוקותי שם. 5) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לח. וש"נ. 6) ראה ישעי' כט, א.
7) ל' הכתוב - תהלים קכב, ג. וראה פרש"י עה"פ. תענית ה, א.
8) פיוט "לכה דודי". 9) ראה יב, כ. וראה ספרי עה"פ.

## לפני הקפה שלישית

נאך דעם עניך פון ירושלים קומט גאנץ א"י, וואדום "עתידה ירושלים שתתפשט בכל ארץ ישראל"[10], אין "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[11],

אנהויבנדיק פון חברון און מערת המכפלה וואס אברהם אבינו האט אפגעקויפט פאר "ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר"[12], וואס דאס גייט אויף די ת' ענינים הידועים הכי נעלים, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א[13],

וואס צו אים - צו אברהם אבינו, וואס "אחד הי' אברהם"[14] - האט דער אויבערשטער געזאגט "לזרעך נתתי את הארץ הזאת גו' (כולל אויך) את הקיני ואת הקניזי ואת הקדמוני"[15], און אין אן אופן פון "אחוזת עולם"[16] אז ס'איז ניט שייך אין דעם קיין שינוי ח"ו,

איז דעריבער די הקפה - די הקפה השלישית, וואס די מדה השלישית (ת"ת) איז כולל כל הענינים[17] - שייך צו חברון און אברהם אבינו, וואס מיט אים האט דער אויבערשטער כורת ברית געווען אויף גאנץ ארץ ישראל, כולל אויך קיני קניזי וקדמוני (בדוגמת מדה השלישית שכוללת כל הענינים),

אז נאך זייענדיק אין גלות זאלן אלע מורה זיין אז אידן זיינען די בעלי בתים אויף גאנץ ארץ ישראל,

און דאס וועט זיין אויך א הקדמה צו דער גאולה העתידה וואס אלע וועלן זעהן אז דער אויבערשטער איז דער "מלך עולמים", און "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[18], און "והיתה לה' המלוכה"[19].

* * *

## לפני הקפה רביעית

אזוי ווי מען געפינט זיך נאך אין גלות, נאך פאר דער אתחלתא דגאולה, איז בכדי עס זאל זיין דער "וחרב לא תעבור בארצכם - אפילו חרב של שלום", און "ושכבתם ואין מחריד", דארף מען דאך אנקומען צו דרכי הטבע,

- וואס -

---

10) ראה ילק"ש ישעי' רמז תק"ג. ועוד. 11) עקב יא, יב. 12) חיי שרה כג, טז. 13) וישלח כד, ג. ועוד. 14) יחזקאל לג, כד. 15) לך לך טו, יח-יט. וראה ירושלמי חלה פ"ב ה"א. 16) לך לך יז, ח. 17) אגה"ק סי"ב. לקו"ת הזריע כג, ג. ועוד. 18) ישעי' מט, כג. 19) עובדי' א, כא.

וואס דעריבער דארף מען אנקומען צו צבא אז זיי זאלן מטיל אימה זיין אויף די וואס ווילן נאך ניט מסכים זיין אז גאנץ א"י געהערט צו אידן, אז "תפול עליהם אימתה ופחד גו׳ ידמו כאבן"[20],

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס מען ווייסט אז דאס איז ניט "כחי ועוצם ידי"[21] נאר "ואנחנו בשם הוי׳ אלקינו נזכיר"[22] (און "נדגול"[23])

וואס הגם אז מצד דעריביך וואס "אלה ברכב ואלה בסוסים" דארף מען אנקומען צו רכב וסוס (אויך ביי אידן), ווייסט מען אבער אז ניט דאס איז דער עיקר, דער עיקר איז ישועה ה׳

- דער "ה׳ הושיעה המלך יעננו ביום קראנו"[24], וואס דער אויבערשטער ענטפערט און העלפט גלייך אין דעם זעלבן טאג וואס מען רופט אים -

עס איז מערניט וואס ער האט געהייסן בתורתו אז מען זאל טאן עפעס אויך בדרכי הטבע,

און דאן (בשעה מען האט די ידיעה אז ניט "כחי ועוצם ידי" ח"ו) דארף מען ניט אנקומען צו קיינע ענינים ח"ו, וואדום די עצם המציאוה של הצבא [ובפרט נאך ווען זיי ווייזן ארוים זייערע תפילין[25] און ציצית] איז שוין מטיל אימה ופחד, און פועל'ט אז "וחרב לא תעבור בארצכם - אפילו חרב של שלום" -

דעריבער, איז מים דער הקפה (הרביעית, השייכת לנצח) זאלן גיין די אלע וואס זיינען געווען אמאל אין צבא, ועאכו"כ די וואס זיינען איצטער בצבא, אפי׳ נאר אין אן אופן פון מילואים וכיו"ב,

און גיין מיטן תוקף הנצחון פון "נעימות בימינך נצח"[26] אויף ניט אפגעבן ח"ו קיין איין ספח און אפי׳ ניט קיין אצבע פון גאנץ א"י לגבולותי׳,

און דאס וועט פועל'ן אז מען וועט עס אויספירן בדרכי נועם ובדרכי שלום, און די וואס דערווייל זיינען זיי ניט מסכים דערצו - איז "תפול עליהם אימתה ופחד גו׳ ידמו כאבן",

און דאס וועט אויך זיין די הכנה צו ביאה משיח צדקנו, וואס דאן וועט זיין בגילוי די מלוכה פון דעם "מלך עולמים", דורך דוד מלכא משיחא, וואס "דוד מלך ישראל חי וקיים"[27].

* * *

- בכדי -

---

20) בשלח טו, טז. 21) ל׳ הכתוב - עקב ה, יז.
22) תהלים כ, ח. 23) שם, ו. 24) שם, י. 25) ראה ברכות ו, א. וש"נ. 26) ל׳ הכתוב - תהלים טז, יא. 27) ר"ה כה, א.

<u>לפני הקפה חמישית</u>

בכדי אז די ענינים הנ"ל זאלן זיין בדרך מלמעלה למטה, און אזוי ווי חזקי' [וואס ער איז געווען ראוי צו זיין משיח[28]] האט געזאגט "אני ישן על מטתי ואתה עושה"[29],

איז אזוי ווי די אמת'ע בעלי בתים אויף גאנץ א"י און אויף כל העולם זיינען "מאן מלכי רבנן"[30], וואס דורך זייער פס"ד ע"פ תורה ווייזן זיי אָן דעם אויבערשטן "מלך עולמים" ווי צו פירן זיך,

און וויבאלד אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן דורך התורה[31], איז דאך פשוט אז אין תורה איז דא א קלארער פס"ד בנוגע צו יעדער ענין שבעולם (און אויב מען געפינט ניט קיין פס"ד בתורה בנוגע צו א געווויסן ענין, איז עס כמאמר חז"ל[32] "ואם ריק הוא מכם כו'"),

ועאכו"כ בנוגע צו א"י, וואס ס'איז דא דער פס"ד ברור (כמדובר כמ"פ), און ווי רבנים האבן אפגע'פסק'נט אז מען טאר גארניט אפגעבן פון א"י, פון די ארץ וואס "נתנה לנו", וואס דער אויבערשטער האט אונז געגעבן אין אן אופן פון "אחוזת עולם",

קיין איין שעל, אפי' ניט קיין טפח, און אפי' ניט קיין אצבע און אפי' ניט קיין משהו -

דעריבער, איז מיט דער הקפה (החמישיה, השייכת להוד) פון "תנה הודך על השמים"[33] וואס גייט אויף הורה[34] [וואס ניתנה (ניט "על השמים", נאר) בארץ[35], כפי הפס"ד פון "מאן מלכי רבנן" דא למטה[36]] זאלן גיין די רבנים, און די ראשי ישיבות וואס האדעווען (תלמידים צו זיין) רבנים, און אויך מלמדי תינוקות של בית רבן וואס "אלף נכנסין למקרא כו' יוצא מהם אחד להוראה"[37],

און גיין מיטן פס"ד הנ"ל אז גאנץ א"י געהערט צו אידן,

און אויך מיטן פס"ד אז "כלו כל הקיצין"[38], און ס'איז שוין "בעתה אחישנה"[39]. מ'איז שוין אין די לעצטע רגעים וואס פאר די גאולה,

- וואס -

---

28) ראה סנהדרין צד, א. 29) איכ"ר פ"ד, טו. 30) ראה גיטין סב, סע"א. 31) ב"ר רפ"א. זח"ב קסא, ריש ע"ב. 32) ירושלמי שבת פ"א סוף ה"ד. ועוד. 33) ל' הכתוב - תהלים ח, ב. 34) שבת פח, ב. פט, א. 35) ראה ב"מ נט, ב. 36) ב"מ שם. וראה דב"ר פ"ב, יד. אגה"ק סכ"ו (קמד, סע"ב ואילך). 37) קה"ר פ"ז, כח. 38) סנהדרין צז, ב. 39) ל' הכתוב - ישעי' ס, כב.

וואס דאס איז אויך שייך צו הוד (הקפה החמישית),
ווארום וויבאלד אז דער חורבן איז אין הוד[40], איז אויך די
גאולה שייך צו הוד,

און דורך דעם וואס מען גייט מיטן פס"ד פון תורה,
דארף מען ניט האבן קיין יגיעה והשתדלות, נאד דאס ווערט
אין אן אופן פון "אני ישן על מטתי ואתה עושה",

ועאכו"כ אז ס'איז ניטא אין דעם קיינע דינגעני שן,
ווארום וויבאלד אז א פס"ד פון תורה איז דבר ה' - כמדז"ל[41]
"דבר הוי' זו הלכה" - איז דאך "ודבר אלקינו יקום לעולם"[42],

און אין אן אופן פון מלכתחילה אריבער, און מלכתחילה
בהרחבה, און מתוך מנוחה, און מתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

## לפני הקפה ששית

אזוי ווי עניך הנ"ל איז אפהענגיק פון "יפוצו
מעינותיך חוצה", ווי דער בעש"ט שרייבט באגה"ק שלו הידועה[43]
אז ער האט געהערט בהיכל המשיח מפיו של משיח אז "יפוצו
מעינותיך חוצה" וועט ברענגען דעם "אתי מר",

איז היות ווי עס זיינען פאראן אידן וואס זיינען אין
גלות בתוך גלות, ווי עס ווערט אנגערופן מאחורי מסך הברזל
[וואס "אפילו מחיצה של ברזל אינה מפסקת (ח"ו) בין ישראל
לאביהם שבשמים"[44]],

אין דער מדינה וואו עס איז געבארן געווארן און אויפ-
געהאדעוועט געווארן דער בעש"ט ותלמידיו ותלמידי תלמידיו,
דער אלטער רבי ותלמידיו ותלמידי תלמידיו, און אויך רבותינו
נשיאינו ממלאי מקומו ביז כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו,

איז בשעת מען טראכט זיך אריין אין דעם וואס ער (כ"ק
מו"ח אדמו"ר) האט געשריבן[45] אדויסגייענדיק פון דארטן, אז
מקום איז ניט מפסיק - איז מען צוזאמען מיט זיי (מיט די
אידן וואס געפינען זיך דארטן),

דעריבער, איז אין דער הקפה זאלן גיין די וואס זיינען
ארוים פון דארטן לאחרונה, און אויך די וואס זיינען ארוים
פון דארטן בכמה שנים לפנ"ז.

- און -

---

40) ראה אוה"ת נ"ך כרך ב ס"ע א'סז. ריש ע' א'ע. וש"נ.
41) שבת קלח, ב. 42) ישעי' מ, ח. 43) נדפסה גם בכש"ט
בתחלתו. 44) פסחים פה, ב. 45) במכתביו - נדפסו בסה"מ
תרפ"ח ע' רסו-רסז.

און דורך דער שמחה פון שמח"ת, וואס שמחה פורץ גדר[46], וועט מען פורץ זיין און מבטל זיין די גדרים און מחיצות, און עס וועט זיין "בנעדינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[47], "קהל גדול ישובו הנה"[48], "וכספם וזהבם אתם"[49], מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה,

[וואס דאס איז שייך צו ספירת היסוד (הקפה הששית), ווארום אין ספירת היסוד ווערן נכלל כל העניינים כולם[50],

ובפרט אז אויך מדינה ההיא איז דער ארט פון יסוד החסידות, וכנ"ל אז אין דעם ארט איז "געבארן געווארן" תורת החסידות הכללית און אויך [דער ענין פון "יתפרנסון"[51] - תורת חסידות חב"ד],

אז מען זאל זיך טרעפן מיט דיי צוזאמען, צוזאמען מיט משיח צדקנו, אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו' עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", תבנה ותכונן במהרה בימינו אמן,

און בקרוב ממש ובעגלא דידן.

* * *

## לפני הקפה שביעית

ס'איז דאך "נעוץ סופן בתחלתן ותחלתן בסופן"[52] - וואס דערפאר האט דער רבי נשיא דורנו איינגעפירט אז די וואס זיינען געגאנגען מיט דער ערשטער הקפה זאלן גיין אויך מיט דער לעצטער הקפה -

וואס דאס (נעוץ סופן בתחלתן) ברענגט זיך ארויס אין דעם וואס נשמה שנתת בי, א נשמה בגוף (סופן), איז פארבונדן מיט עצמות (תחלתן),

ובפרט בשמיני עצרת וואס דעמולט איז ישראל ומלכא בלחודוהי[53],

וואס מצד דערויף וואס אידן זיינען איין זאך מיט עצמות, זיינען זיי שולט על כל המציאות -

זאל זיין "ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד", אז עס זאל נמשך ווערן און נתגלה ווערן מלכותו של הקב"ה אין אלע עולמות, ביז אין עולם הזה הגשמי,

- וואס -

---

46) ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח תרנ"ד ע' 49 ואילך.
47) בא י, ט. 48) ירמי' לא, ח. 49) ישעי' ס, ט. 50) ראה ביאוה"ז כט, ד. ובכ"מ. 51) ראה תקו"ז ת"ו בסופו. כס"מ שם. וראה לקו"ש ח"ז ע' 206 ובהע' 3 שם. 52) ספר יצירה פ"א מ"ז. 53) ראה זח"ג לב, א. וראה ג"כ שמו"ר פט"ו, כג.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דאס (גילוי מלכותו של הקב"ה) ווערט אויפגעטאן דורך אידן, מצד זייער עצם מציאות[54], ובפרט נאך אז בא יעדער אידן איז דא א המון מעשים דיבורים ומחשבות טובות[55],

עס זאל זיין א שנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה בבני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי,

ובפרט אין דעם ענין הכללי פון שלימות הארץ מיט שלימוה העם און שלימוה התורה,

און דאס אלץ זאל זיין בטוב הנראה והנגלה - "ואוצרך הטוב לנו תפתח", אז אוצרך הטוב <u>לנו</u> (היינו טוב הנגלה לנו) תפתח, כפתחו של אולם,

אנהויבנדיק פון הצלחה מופלגה אין די ענינים פון עסקנות הכלל (בהפצת היהדות והמעיינות) אין מעשה דיבור ומחשבה, און (דערנאך) אויך אין די ענינים הגשמיים,

וואס דאס (ההמשכה בענינים הגשמיים) האט א שייכות מיוחדת צום ענין הגשם וואס ווערט נמשך בשמיני עצרה, וכפירוש הבעש"ט[56] עה"פ[57] "ונתתי גשמיכם בעתם" אז "גשמיכם" מיינט אייערע גשמיות,

און בקרוב ממש זאל מען גיין צוזאמען מיטן אויבערשטן (מצד דעם ניצוץ נברא, בחי' יחידה[58]) מקבל זיין פני משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט זיין (ווי מען זאגט אין דער הקפה השביעית) "ביום ההוא יהי' הוי' אחד ושמו אחד"[59], כמו שאני נכתב כך אני נקרא[60].

* * *

------------

54) ראה סה"מ תשי"א ע' 110. 55) ראה חגיגה בסופה. 56) ראה כש"ט סו"ס רנו. 57) בחוקותי שם, ד. 58) ראה ע"ח שער דרושי אבי"ע פ"א (הובא בלקו"ת ראה כז, א). 59) זכרי' יד, ט. 60) ראה פסחים נ, סע"א.

בס"ד. שיחה ליל שמח"ת קודם הקפות ה׳תשל"ט.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

אזוי ווי ס׳איז איינגעפירט בכל שנה - זאל איינער מאכן קידוש, און מוציא זיין די וואס האבן נאך ניט געמאכט קיין קידוש.

צוה לנגן אתה בחרתנו. ניגון שלש תנועות. ניגון הקפות לאביו רלוי"צ ז"ל.

א. ס׳איז דאך דא דער מנהג וואס איז איינגעפירט געווארן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו צו מאכן א התוועדות בליל שמח"ת קודם הקפות, אלס הכנה צו הקפות.

וואס אע"פ אז ע"פ רוב פלעגט מען דעמולט רעדן וועגן דעם ענין פון שמח"ת - איז דאך דער ענין ההקפות איינער פון די ענינים פון שמח"ת.

דער ענין ההקפות איז דא אויך בשמע"צ, עכ"פ לויט מנהג חב"ד, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בסידורו אז "מנהג ותיקין לעשות יום שמע"צ ג"כ כמו בשמח"ת ולהקיף בליל שמע"צ שבע הקפות כו׳", און ווי מ׳זעט "מעשה רב"[1] אז ס׳איז אנגענומען און איינגעפירט געווארן בכו"כ מקומות מאכן הקפות אויך בשמע"צ.

עס איז אבער פארשטאנדיק, אז די הקפות וואס מ׳פראוועט בשמח"ת, זיינען באופן נעלה יותר פון די הקפות וואס מ׳פראוועט בשמע"צ - אע"פ אז לכאו׳ זאגט מען די זעלבע פסוקים און מ׳טאנצט מיט דער זעלבער ס"ת וכו׳.

ב. והביאור בזה:

נוסף אויף כללות הענין פון "מעליך בקודש"[2], וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ווען מ׳פראוועט הקפות א צווייטן מאל (נאך דערויף וואס מ׳האט שוין געפראוועט הקפות איין מאל - בשמע"צ) איז דאס אין אן אופן פון "מעליך בקודש" - קומט צו נאך אן ענין:

די הקפות וואס מ׳פראוועט בשמח"ת זיינען אין א טאג וואס האט א באזונדער נאמען (ניט שמע"צ, נאר) - "שמחת תורה", ד.ה. ס׳איז ניט סתם יו"ט שני של גליות, נאר עס האט א שם מיוחד בפ"ע - "שמחת תורה", וואס וויבאלד אז שמו אשר יקראו לו בלה"ק איז מהוה מתי׳ און מאכט אויף די זאך[3], איז

- פארשטאנדיק -

---

1) ראה שבת כא, א. וש"נ. 2) ברכות כח, א. וש"נ.
3) שעהיוה"א בתחלתו.

פארשטאנדיק אז דער טאג האט אן ענין און א תוכן מיוחד ומובדל[4].

וואס אע"פ אז אין נוסח התפלה, אין ברכת המזון און אין ברכה אחרונה (וכל הענינים הקשורים בזה), זאגט מען אויך בשמח"ת "ביום שמיני עצרת החג הזה" (אזוי ווי בשמע"צ), אעפ"כ איז דער מנהג ישראל אז דער נאמען פון דעם יו"ט איז "שמחת תורה", ביז וואנעט אז דער נאמען פון שמח"ת ווערט געבראכט אויך אין זהר[5].

[אע"פ אז אין א"י זיינען די ענינים פון שמע"צ ושמח"ת אין איין טאג, איז לכאו׳, ניטא קיין הכרח צו זאגן אז שמח"ת איז אן ענין בפ"ע - איז אבער פארשטאנדיק, אז וויבאלד אין חו"ל זיינען די ענינים פון שמע"צ ושמח"ת אין צוויי באזונדערע טעג, איז שמח"ת אן ענין בפ"ע.

דלכאו׳, וויבאלד אז אין חו"ל דארף צוקומען נאר דער ענין פון יו"ט שני של גליות (וואס דער ענין איז ניטא אין א"י, וויבאלד אז דארטן איז ניטא דער "מנהג אבותיהם"[6]), האט געדארפט זיין דער ענין פון שמע"צ און שמח"ת סיי אין דעם ערשטן טאג און סיי אין דעם צווייטן טאג -

און וויבאלד אז ס׳איז אויסגעטיילט געווארן אין צוויי באזונדערע טעג, איז פארשטאנדיק אז שמח"ת איז אן ענין בפ"ע].

ג. דעם ענין (אז שמח"ת איז אן ענין בפ"ע) זעט מען אויך אין קרה"ת - אז בשמח"ת לייענט מען בתורה א קריאה מיוחדת - פרשת "וזאת הברכה", ד.ה. אז דעמולט איז דא דער ענין פון "גמרה של תורה" (ביז וואנעט אז דערפון לערנט מען אפ אין פוסקים׳אז "שמחין ועושין בו סעודת כשתה לגמרה של תורה"),

און גלייך נאך דערויף הויבט מען אן די גאנצע תורה - מ׳הויבט אן לייענען פ׳ בראשית (ווארום מ׳קען ניט אנהויבן לערנען די תורה נאכאמאל מיט א נייעט שטורעם איידער מ׳פאר-ענדיקט די תורה איין מאל, וואס דערפאר הויבט מען אן די תורה נאכאמאל נאך "גמרה של תורה").

ד.ה. אז בשמח"ת איז דא אן ענין מיוחד - אז דעמולט איז "גמרה של תורה".

ד. די שייכות פון "גמרה של תורה" מיט שמח"ת איז נאכמער - מודגש -

---

4) ראה לקו"ש ח"ט ע׳ 226 ואילך. וש"נ. 5) זח"ג רנו, ריש ע"ב. 6) ביצה ד, ב. רמב"ם הל׳ קדה"ח פ"ה ה"ה. שו"ע אדה"ז או"ח סת"ר ס"א. 7) רמ"א או"ח סתרס"ט. וראה לקו"ש חי"ר ע׳ 157 ובהע׳ 14 שם.

מודגש אין דער הפטורה - און דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז דאס איז דער ענין העיקרי פון שמח"ת:

די הפטורה דארף (האבן א שייכות, און דארף) זיין מעין פון סיום הסדרה⁸. און ווען מ'לייענט אין צוויי ספרי תורה, דארף די הפטורה זיין מעין פון דער קריאה שבס"ת הב'.

ווען עס קומט אבער צו שמח"ת, וואס דעמולט לייענט מען אין דריי ס"ת: אין דער ערשטער ס"ת - פ' וזאת הברכה, אין דער צווייטער ס"ת - פ' בראשית, און אין דער דריטער ס"ת - קרבנות היום, איז די הפטורה פארבונדן און מעין די קריאה פון פ' וזאת הברכה, און עס ווערט גארניט דערמאנט (אפי' ניט ברמז) וועגן קרבנות החג, און ניט וועגן דער קריאה פון פ' בראשית.

ביז וואנעס אז עס ווערט אפי' ניט דערמאנט דער שם החג - ניט ווי אין דער הפטורה פון שבת ר"ח, וואס דארטן ווערט דערמאנט דער ענין פון שבת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין העיקרי פון שמח"ת איז - "גמרה של תורה", וואס דערפאר איז די הפטורה פארבונדן מיט פ' וזאת הברכה - "גמרה של תורה".

און דערפאר זעט מען אז אין א"י וואס דארטן זיינען די ענינים פון שמע"צ ושמח"ת אין איין טאג - לייענט מען פ' וזאת הברכה, וויבאלד אז ס'איז גובר דער עיקר הענין פון שמח"ת - דער ענין פון "גמרה של תורה".

ה. דערפון איז פארשטאנדיק אז די הקפות פון שמח"ת זיינען באופן נעלה יותר פון די הקפות פון שמע"צ - ניט נאר מצד דעם ענין פון "מעלין בקודש", נאר אויך מצד דערויף וואס די הקפות זיינען אין דעם טאג פון שמח"ת, וואס דעמולט איז דא דער ענין המיוחד פון שמח"ת - "גמרה של תורה".

און דערפאר איז קיין פלא ניט אז די התוועדות איז בליל שמח"ת דוקא - וויבאלד אז די הקפות פון שמח"ת זיינען באופן נעלה יותר פון די הקפות פון שמע"צ.

ו. אע"פ אז סיי בשמע"צ און סיי בשמח"ת האט מען דעם זעלבן תוקף פון תורה, מ'מאכט די זעלבע הקפות, און מ'זאגט די זעלבע פסוקים וכו'.

און דער כללות הענין פון הקפות איז ראף'אין אן אופן

- אז -

---

8) ראה תוד"ה כיון - מגילה כג, סע"א (בסופו). וראה גם שו"ע אדה"ז או"ח סרפ"ג. סרפ"ד סי"ג. ועוד. 9) ראה ד"ה להבין ענין שמח"ת השל"ח. וש"נ.

 הנחת הת' בלתי מוגה

אז מ'טאנצט מיט דער ס"ת ווי זי איז פארוויקלט און ארומגע-
וויקלט מיט דער מענטעלע, וואס דעמולט איז ניט שייך ליינען
אין דער ס"ת, ועאכו"כ אז ס'איז ניט שייך קיין ענין של
הבנה והשגה אין תורה - וואדום דער עיקר ענין פון הקפות
איז "לרקד בפניהם וכו'" (ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ
בסידורו),

ביז וואנעט אז אפי' די פסוקים וואס מ'זאגט בעת
ההקפות - איז דאס ניט אין אן אופן אז מ'האלט די ס"ת אָפן
און פון דארטן לייענט מען די פסוקים (נוסף לזה וואס כמה
פון די פסוקים זיינען גאר פון נ"ך, ניט אין דער ס"ת נאר
אין אנדערע ספרים) - ד.ה. אז אפי' ווען עד זאגט די פסוקים,
מוז דאס ניט זיין אין אן אופן ער זאל פארשטיין דעם תוכן
פון די פסוקים, ועאכו"כ אז ער איז זיך דעמולט ניט מעמיק
אין דעם בהבנה והשגה, ווארום דער עיקר פון הקפות איז דער
ענין הריקודים,

וואס דאס איז דערפאר וואס די שמחה פון הקפות איז ניט
פארבונדן מיט דער הבנה והשגה שבתורה, נאר מיטן עצם הענין
וואס "נתן לנו את תורתו", וואס דערפאר זיינען די הקפות
קודם הקריאה בתורה (דלכאו', פארוואס טאנצט ער איידער ער
איז קורא בתורה, פריער דארף ער לייענען אין דער תורה, און
דערנאך ווען ער מיט איר טאנצן - נאר דאס א"ז) וויבאלד אז
די שמחה פון הקפות איז אויף עצם ענין התורה (ניט די הבנה
והשגה שבתורה) -

איז לכאו', ווי איז שייך מחלק זיין אין דעם ענין פון
הקפות, אז די הקפות פון שמח"ת זיינען אין אן אופן נעלה
יותר פון די הקפות פון שמע"צ?

אעפ"כ, זאגט מען אבער אז ס'איז רא א חילוק צווישן די
הקפות פון שמע"צ מיט די הקפות פון שמח"ת - אז די הקפות
פון שמח"ת זיינען באופן נעלה יותר פון די הקפות פון שמע"צ.

וואס דאס איז ע"ד ווי מ'געפינט בנוגע צו קריאה בתורה:

ווען מ'איז עולה לתורה, איז אפי' אויב לא ידע מאי
קאמר מאכט ער אויך ברכת התורה[10], און ווען א גדול בתורה
איז עולה לתורה מאכט ער די זעלבע ברכה ווי דער וואס לא
ידע מאי קאמר -

עס איז אבער פארשטאנדיק, אז ס'איז רא א חילוק צווישן
דער עלי' לתורה פון א כהן מיט א לוי וישראל, ועד"ז די
חילוקים אין שאר העליות, כמבואר אין פוסקים[11], ועד"ז איז א

- נפק"מ -

---

10) הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב סי"ב-יג. וש"נ. 11) ראה
טושו"ע או"ח סקל"ה-קלו. ועוד.

הנחה הת' בלתי מוגה

נפק"מ ווער איז דער קורא בתורה, כידוע כמה סיפורים בזה[12].

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין פון הקפות - אז ס'איז דא א חילוק צווישן די וואס גייען צו די הקפות פון שמע"צ מיט די וואס גייען צו די הקפות פון שמח"ת, און אויך בא די וואס גייען צו ביידע הקפות - איז א נפק"מ צווישן די הקפות פון שמע"צ מיט די הקפות פון שמח"ת, אז די הקפות פון שמח"ת זיינען באופן נעלה יותר.

ז. אלס הכנה צו הקפות זאגט מען די פסוקים פון "אתה הראת", וואס דער ענין פון אמירת הפסוקים איז, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר אין א מאמר (וואס איז שוין אויך געדרוקט[13]), אז דערמיט ברענגט מען ראיות און טעמים אויף דער שמחה פון שמע"צ ושמח"ת, ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו אמירת הפסוקים פון מלכיות זכרונות און שופרות שבר"ה[14].

וואס דערפאר זיינען דא י"ז פסוקים, וואס "טוב" איז בגימט' י"ז, און "אין טוב אלא תורה"[15]. ד.ה. אז נוסף לזה וואס דער תוכן פון די פסוקים איז פארבונדן מיט תורה, איז אויך דער מספר הפסוקים [וואס דאס איז פון חלק הרמז שבתורה, וואס לכאו' האט דער מספר ניט קיין שייכות ניט מיטן תוכן הענין - אעפ"כ איז דאס אויך] מרמז אויף דעם ענין פון תורה - וויבאלד אז י"ז איז בגימט' "טוב", און "אין טוב אלא תורה".

און וויבאלד אז מ'באגנוגנט זיך ניט מיט איין פסוק, נאר מ'זאגט י"ז פסוקים, איז פארשטאנדיק, אז אין יעדן פסוק איז דא א ראי' מיוחדת (וואס איז ניטא אין די אנדערע פסוקים) צו דער שמחה פון שמע"צ ושמח"ת.

אנהויבנדיק פון דעם ערשטן פסוק - "אתה הראת לדעת גו'"[16], וואס דארטן רעדט זיך בגילוי וועגן דעם ענין פון כ"ה, ווי רש"י טייטשט דאס אפ בפשטות, וואס דערפאר איז דאס דער פסוק הכי מכובד - וויבאלד אז דארטן רעדט זיך וועגן דעם ענין פון מ"ת בגילוי.

ועד"ז אין די פסוקים שלאח"ז - ולדוגמא: דער פסוק[17] "ה' עוז לעמו יתן ה' יברך את עמו בשלום", ווי עס ווערט דער-ציילט אין מדרש[18] אז בשעת מ"ת איז געווארן א טומל אין וועלט, זיינען אוה"ע געקומען צו בלעם און האבן ביי אים

- געפרעגט -

------------

12) ראה היום יום ע' פח. 13) סה"מ תש"ד 54. 14) ראה הכשך וככה תרל"ז רפפ"א. פפ"ב. ועוד. 15) אבות פ"ו מ"ג בסופה. ועוד. 16) ואתחנן ד, לה. 17) תהלים כט, יא. 18) זבחים קטז, א. יל"ש ר"פ יתרו.



הנחת הת' בלתי מוגה

געפרעגט וואס איז דער פוקל, האט ער זיי געזאגט "ה׳ עוז לעמו יתן", אז דער אויבערשטער גיט די תורה צו אידן, און דעמולט איז געווארן "ה׳ יברך את עמו בשלום", אז "שקטה הארץ".

ביז צום סיום פון די פוסקים - "כי מציון תצא תורה גו׳"[19].

ח. אויפן פסוק "אתה הראת לדעת כי ה׳ הוא האלקים אין עוד מלבדו", טייטשט אפ רש"י: "כתרגומו אתחזיתא, כשנתן הקב"ה את התורה פתח להם שבעה רקיעים, וכשם שקרע את העליונים כך קרע את התחתונים, וראו שהוא יחידי (וואס דאס איז דער פירוש פון "אין עוד"), לכך נאמר אתה הראת לדעת".

און וויבאלד אז א איד ווייסט אז "אין עוד מלבדו", אז דער אויבערשטער איז "יחידי" - איז פארשטאנדיק, אז ער מוז טאן נאר דאס וואס דער אויבערשטער וויל (און ס׳איז קיין נפק"מ ניט צי דאס איז זיין רצון צי ניט),

ווארום וויבאלד אז דער אויבערשטער איז "יחידי", עס איז ניטא קיין אנדער מציאות בעולם, איז דאך ניט שייך טאן א זאך היפך רצון ה׳, ווארום ווען ער טוט א זאך היפך רצון ה׳, וועט ער סיי-ווי גארניט אויפטאן, ס׳איז מערניט ווי לשעה, און דערנאך וועלן דערפון ארויסקומען תוצאות בלתי רצויות ח"ו - איז דאך בעסער ער זאל לכתחילה טאן נאר וואס דער אויבערשטער וויל.

מ׳דארף אבער פארשטיין: וואס איז דער קשר דערפון מיט מ"ת - דער ענין פון "אתה הראת", אידן זאלן זעהן אז דער אויבערשטער איז "יחידי", האט געקענט זיין לאו דוקא בשעת מ"ת?

איז דער ביאור בזה:

ס׳איז ידוע תורת הבעש"ט[20] אז פון יעדער ענין וואס מ׳זעט אדער מ׳הערט דארף זיין א הוראה אין עבודת ה׳.

ביז וואנעט אז אפי׳ פון אן ענין של מצוה, דארף אויך ארויסקומען אן ענין אין עבודת ה׳, אע"פ אז די מצוה האט דאך א תכלית בפ"ע, ס׳איז ציווי הקב"ה - זאגט מען אבער אז פון איין מצוה דארף ארויסקומען נאך א מצוה ("מצוה גוררת מצוה"[21]).

ועאכו"כ אז פון דעם ענין פון "אתה הראת לדעת כי ה׳

- הוא -

------------

19) ישעי׳ ב, ג. 20) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ. 21) אבות פ"ד מ"ב.

הנחה הה׳ בלתי מוגה

הוא האלקים אין עוד מלבדו" דארף ארויסקומען א הוראה בנוגע לפועל, ד.ה. עס דארף ניט בלייבן נאר אין השכלה און רגש הלב, נאר עס דארף ארויסקומען אין מעשה בפועל.

וואס בשעת עס רעדט זיך וועגן אן ענין פרטי וואס ער זעט אדער הערט, איז די הוראה דערפון בנוגע צו אן ענין פרטי; דא רעדט זיך דאך אבער וועגן א הוראה כללית אין אן ענין כללי - אז אין אלע זיינע ענינים זאל ער זיך פירן לויט רצון הקב"ה (כנ"ל אז דאס איז די הוראה וואס קומט ארויס דערפון וואס א איד ווייסט אז "אין עוד מלבדו"),

און דערפאר איז דאס פארבונדן מיט דעם ענין פון תורה - וויבאלד אז אין תורה זיינען דא די הוראות בנוגע צו אלע ענינים ווי א איד דארף זיך פירן; "המעשה אשר יעשון" און "אשר לא תעשינה"[22], דאס וואס ער דארף טאן, און פון וואס ער דארף זיך מונע זיין און ניט טאן, וואס דאס איז געגעבן געווארן בשעת מ"ת.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דער קשר פון "אתה הראת גו'" (דאס וואס אידן האבן געזעהן אז דער אויבערשטער איז "יחידי") מיט דעם ענין פון (מתן) תורה.

ט. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

ווי געזאגט פריער - זיינען דא אין תורה הוראות בנוגע צו דער הנהגה פון א אידן אין אלע ענינים, ביז אז אויף יעדער ענין שבעולם איז דא א הוראה אין תורה (ווי גערעדט נעכטן[23] בקצרה), ווארום די גאנצע מציאות פון וועלט נעמט זיך פון תורה, כמרז"ל[24] "אסתכל באורייתא וברא עלמא" - דער אויבערשטער האט געקוקט אין תורה און האט געזעהן אז ס'שטייט "יהי אור", האט ער געזאגט "יהי אור", און דעמולט איז געווארן "ויהי אור".

ביז וואנעט אז אפי' בנוגע צו ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תורה, דארף מען אויך אנקומען צו תורה אויף ברענגען א ראי' אויף דערויף -

ע"ד ווי מ'זעט בנוגע צו ר"ה אז מ'זאגט די פסוקים פון מלכיות זכרונות און שופרות, אע"פ אז ס'שטייט אין תושב"כ אז ס'דארף זיין דער ענין פון תק"ש, און ס'שטייט אין תושבע"פ אז ס'דארף זיין "תמליכוני עליכם"[25], און ס'איז מבואר אין תורה דער גודל המעלה וואס תק"ש טוט אויף וכו' -

- שטייט -

------------

22) יתרו יח, כ. ויקרא ד, ב. ועוד. 23) ליל שמע"צ בעת ההקפות - לפני הקפה חמישית. 24) זח"ב קסא, ריש ע"ב. 25) ר"ה טז, א. לד, ב.

שטייט דאך שוין אלץ אין תורה, איז וואס דארף מען אנקומען צו אמירת הפסוקים?

און אעפ"כ, דארף מען אנקומען צו זאגן די פסוקים פון תורה, ווארום וויבאלד אז אלע ענינים הויבן זיך אן פון תורה, דארף מען ברענגען ראיות פון תורה אויף די ענינים.

ועד"ז זעט מען אויך בנוגע צו שמח"ת, אז מ'זאגט דעמולט די פסוקים פון "אתה הראת".

און נאכמער: אפי' ענינים וואס זיינען היפך הקדושה (און תורה אליין זאגט אז מ'דארף זיך אפהיטן פון די ענינים), נעמען זיך אויך פון תורה - ע"ד ווי דער ענין פון "נחש" (וואס פון אים האבן זיך אנגעהויבן אלע ענינים בלתי רצויים), וואס אויף אים שטייט[26] "ואיבה אשית בינך ובין האשה ובין זרעך ובין זרעה" - איז בשעת מ'וויל וויסן ווי אזוי ווערט די מציאות פון נחשים פון דעם ערשטן נחש, "נחש לכמה מיעבר ומוליד" - דערציילט די גמרא אין בכורות[27] אז ר"י בן חנניא האט דאס אפגעלערנט פון תורה.

עס איז טאקע דא א דרך וואס מ'קען וויסן די ענינים פון וועלט, וואס דאס איז אויך א דרך ע"פ תורה, ווי די גמרא[28] דערציילט אז רב האט געזאגט "שמונה עשר חדשים גדלתי אצל רועה בהמה לידע איזה מום קבוע ואיזה מום עובר", און ווי די גמרא דערציילט אין חולין[29] אז ר"ש האט נאכגעקוקט בהמות חיות אויף צו וויסן צי טרפה איז חי' צי ניט -

דאס איז אבער נאך דערויף וואס ער ווייסט ווי דער ענין שטייט אין תורה, וואס דעמולט לייכט אים דער אור פון תורה אויך אין די ענינים פון וועלט אז ער זאל צוקומען צו די ריכטיקע מסקנא, משא"כ ווען ער הויבט אן פון וועלט, ניט פון תודה, וואס דעמולט קען ער א טעות האבן, אזוי ווי "סבי דבי אתונא" האבן א טעות געהאט בנוגע צו עיבורו של נחש[30].

דערנאך איז אבער דא דער אופן אז ער דארף אינגאנצן ניט אנקומען צו וועלט - ער וויל וויסן "נחש לכמה מיעבר ומוליד", לערנט ער דאס אפ פון תורה מיט א ק"ו, וואס ק"ו איז איינע פון די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהם, ווארום די מציאות פון כל עניני העולם נעמט זיך פון הורה.

וואס דעדפון איז פארשטאנדיק, אז ווען א איד דארף האבן א הוראה אין א געווינן ענין פון עניני העולם, האט ער די הוראה בזה אין תורה.

- און -

------------

26) בראשית ג, טו. 27) ח, א. 28) סנהדרין ה, ב.
29) נז, ב. וראה ג"כ ויק"ר פכ"ב, ד. 30) בכורות שם, ב.

און אויב ער אליין קען ניט געפינען אין תורה די הוראה בנוגע צו דעם ענין - דארף ער גיין און פרעגן בא גרעסערע פון אים, ביז מ'וועט אים זאגן די הוראה פון תורה, ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז אין תורה איז דא א הוראה בנוגע צו אלע ענינים,

און ווי דערמאנט נעכטן[31] דאס וואס ס'שטייט אין ירושלמי[32] עה"פ[33] "כי לא דבר ריק הוא מכם", אז אויב דאס איז "ריק", איז דאס "מכם", ד.ה. ס'איז ניטא קיין ענין אין וועלט וואס איז "ריק" פון תורה, אויף יעדער ענין איז דא א הוראה אין תורה, און אויב ס'איז "ריק", ער געפינט ניט די הוראה, איז דאס "מכם" - דאס נעמט זיך פון דעם העדר ההבנה והשגה שלו, און אז ער וועט פרעגן בא גרעסערע פון אים, וועלן זיי אים באווייזן די הוראה אין תורה.

י. און דאס איז די הוראה פון דעם ענין פון "אתה הראת לדעת כי ה' הוא האלקים אין עוד מלבדו" - אז וויבאלד דער אויבערשטער איז "יחידי", עס איז ניטא קיין אנדער מציאות אין וועלט, דארף ער זיך פירן בכל עניניו לויטן רצון פון דעם אויבערשטן - ווי ס'איז אנגעוויזן אין דער תורה אלע ענינים וואס ער דארף טאן און אלע ענינים פון וועלכע ער דארף זיך מונע זיין און ניט טאן.

און ווען ס'קומט דער זמן פון שמח"ת - איז א איד מחליט אז במשך כל השנה כולה וועט ער זיך פירן בכל עניניו כפי הוראות התורה.

און דעמולט מאכט ער פון דעם "עולם" מלשון העלם והסתר[34] - א דירה לו ית' בתחתונים, ביז וואנעט אז ער ווערט "אושפזיכן לגבורה"[35], וואס דאס ברענגט אים צו א שמחה גדולה ביותר, כמבואר אין ספר תניא קדישא[36].

און בשעת אז מ'איז מחליט די החלטה הנ"ל אין א זמן פון עת רצון, ביום שמח"ת, איז "ה' יראה ללבב"[37], ער זעט אז מ'האט מחליט געווען פירן זיך בכל השנה כולה ע"פ הוראות התורה.

און וויבאלד אז דורך דעם ענין פון תורה איז "<u>אותי</u> אתם לוקחים"[38] - איז "באור פני מלך חיים"[39], אז מ'האט א שנה טובה ומבורכת בטוב הנראה והנגלה אין אלע ענינים, ביז אז מ'זעט דאס בעיני בשר.

* * *

- יא. -

---

31) שם פ"א סוף ה"ד. ועוד. 32) האזינו לב, מז. 33) לקו"ה שלה לז, ד. ובכ"מ. 34) פל"ד (מג, ב). 35) ל' הכתוב - ש"א טז, ז. 36) ראה בהנסמן בלקו"ש חגה"ש תשל"ו הע' 50. 37) משלי טז, טו.

יא. מ'האט גערעדט פריער וועגן דעם פירוש פון "אתה הראת לדעת כי ה' הוא האלקים אין עוד מלבדו", וואס רש"י טייטשט אפ פאר א בן חמש למקרא אז "אתה" גייט אויף יעדער אידן, און ווי רש"י זאגט אין פ' נצבים[39] אז דער כריתת ברית איז געווען "אף עם דורות העתידים להיות" - זאגט מען יעדן אידן "אתה הראת לדעת".

וואס "הראת" מיינט "אתחזיתא" - מ'האט דאס באוויזן יעדן אידן, ע"ד ווי ס'שטייט בנוגע צו עשיית המשכן (וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט ביהמ"ק השלישי שיבנה בקרוב ממש) "והקמות את המשכן כמשפטו אשר <u>הראית</u> בהר"[39] - לויט ווי מ'האט אים באוויזן "בהר".

און וואס האט מען באוויזן יעדער אידן - אז "ה' הוא האלקים אין עוד מלבדו", ווי רש"י טייטשט אפ "כשנתן הקב"ה את התורה פתח להם שבעה רקיעים, וכשם שקרע את העליונים כך קרע את התחתונים וראו שהוא יחידי".

און ווי גערעדט פריער די הוראה דערפון אין עבודת ה' - אז וויבאלד א איד ווייסט אז דער אויבערשטער איז "יחידי", ס'איז ניטא קיין אנדער מציאות בעולם, איז פארשטאנדיק, אז בכל עניניו פירט ער זיך לויט ווי דער אויבערשטער וויל, ווי ס'איז אנגעוויזן אין דער תורה.

וואס דעם עניין זאגט מען יעדן אידן, ווי געזאגט פריער "אף עם דורות העתידים להיות", ווארום "התורה היא נצחית"[40] - וואס דאס איז אויך מתאים דערמיט וואס ס'שטייט אין פרדר"א[41] אז בשעת מ"ת זיינען געשטאנען די נשמות פון אלע אידן וואס וועלן זיין בכל הדורות, און בא זיי איז אויך געווען דער "אתה הראת לדעת גו'" - ער דארף נאר אדאפנעמען דעם העלם והסתר, וועט דעמולט נתגלה ווערן ביי אים דאס וואס זיין נשמה האט געזעהן בשעת מ"ת אז "ה' הוא האלקים אין עוד מלבדו".

און בשעת אז ער לערנט תורה אין אן אופן פון "כחדשים"[42], ביז וואנעט אז ער קומט צו צום אופן הלימוד פון "חדשים"[43], אן א כ"ף הדמיון - האט ער אין תורה די הוראה ווי אזוי ער דארף זיך פירן בכל עניניו,

און די הוראה איז אין אן אופן פון "הראת" - ע"ד ווי ס'איז געווען בנוגע צו "אשר הראית בהר", אז גלייך ווי

- מ'האט -

------------

38) כט, יד. 39) תרומה כו, ל. וראה רד"ה אתה הראת תש"ג. 40) תניא רפי"ז. 41) פמ"א. 42) ראה ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ו. 43) פרש"י יתרו יט, א. עקב יא, יג. תבוא כו, טז.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

מ׳האט אים באוויזן האט ער געוואוסט ווי ער דארף דאס טאן, איז אזוי אויך בנוגע צו "אתה הראת לדעת", אז ער האט די הוראה פון תורה אין אן אופן אז ער ווייסט גלייך וואס ער דארף טאן.

וכאמור לעיל אז אין תורה זיינען דא הוראות בנוגע לכל העניינים, אפי׳ בנוגע צו "תחתונים", ווארום די מציאות פון "תחתונים" איז אויך פארבונדן מיט עצמות, ווארום לולא זאת וואלט ניט געקענט זיין די מציאות פון די "תחתונים".

יב. דערנאך איז אבער דא דער פירוש פון רבותינו נשיאינו[44] אין "אתה הראת לדעת גו׳" - וואס דאס איז א פירוש הפכי מן הקצה אל הקצה:

"אתה" גייט אויף אמיתית המציאות, עצמות ומהות, וואס דוקא אויף אים איז שייך זאגן "אתה", לשון נוכח, וויבאלד אז ער איז אמיתית המציאות, ווארום "כל הנמצאים . . לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו"[45], עס זיינען טאקע דא "נמצאים", זיי ווייסן אבער אז זייער מציאות איז ניט מצ"ע, נאר "מאמיתת המצאו", און אויף ווען איז שייך זאגן אז ער איז אמיתית המציאות בכל זמן ובכל מקום ובכל מעמד ומצב - איז דאס מערניט ווי אויף עצמות ומהות.

און אויף דערויף זאגט מען "אתה הראת לדעת", אז דער אויבערשטער ("אתה") האט זיך באוויזן ("הראת") אין אן אופן אז מ׳זאל אים קענען ווייסן, ביז אין אן אופן פון "לדעת".

וואס בשעת מ׳זאגט צו א נבדא וואס ער איז א מדוד ומוגבל אז ס׳דארף זיין "וידעת היום גו׳ כי ה׳ הוא האלקים"[46], איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען זיין אז א נברא זאל קענען האבן א ידיעה אין אמיתית המציאות?!

איז דער ענטפער אויף דעם - "אתה הראת לדעת": דער אויבערשטער ("אתה") האט זיך באוויזן ("הראת"), און וויבאלד אז דער אויבערשטער איז "כל יכול", האט ער זיך באוויזן אין אן אופן פון "לדעת", אז א נברא זאל קענען האבן א ידיעה אין אמיתית המציאות.

וואס לכאו׳, ס׳איז דאך דא דער מאמר החכם[47] "אילו ידעתיו הייתיו", איז ווי איז שייך האבן א ידיעה אין

- אמיתית -

------------

44) סה"מ ה׳ש"ת ס"ע 146. תש"ד ע׳ 54. שם ע׳ 220. ועוד.
45) רמב"ם ריש הל׳ יסוה"ת. 46) ואתחנן ד, לט.
47) עיקרים מ"ב ספ"ל. פי׳ אברבנאל למו"נ ח"א פנ"ד. עה"ת תשא לג, ב. מד"ש פ"ו מ"ז. תו"ש ע׳ 191.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

אמיתית המציאות? - איז דאך אבער ידוע דער פתגם פון דעם רבי'ן נ"ע[48] אז ווען מ'לערנט פנימיות התורה, ביז רזין דרזין דתורה, דעמולט איז "ידעתיו".

און דער ענין פון "אתה הראת לדעת" שטעלט זיך אויס אין די צוויי ענינים כלליים: "ה' הוא האלקים", און "אין עוד", כמבואר בכ"מ[49].

יג. די צוויי פירושים אין "אתה הראת" זיינען דאך רחוקים זמ"ז מן הקצה אל הקצה - ווארום:

אין דעם ערשטן פירוש גייט "אתה" אויף יעדער אידן, א נברא, און אזא נברא וואס מ'דארף אים באווארענען ער זאל וויסן אז דער אויבערשטער איז "יחידי" און "אין עוד מלבדו"; און אין דעם צווייטן פירוש גייט "אתה" אויף עצמוּ ומהוּת, אמיתית המציאות,

וואס בשעת עס רעדט זיך וועגן א נברא און אמיתית המציאות, איז דאך אפי' ניט שייך צו זאגן אז זיי זיינען באין ערוך זל"ז, ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין הניא[50] אז ס'איז ניט שייך זאגן אויף א חכמה רמה ועמוקה אז "אי אפשר למששה בידים", ווייבאלד אז ס'איז אינגאנצן ניט אין דעם גדר.

און ווייבאלד אז די צוויי פירושים זיינען אין דעם זעלבן ווארט, כוז מען זאגן אז זיי האבן א שייכות צווישן זיך - כמדובר כמ"פ[51] די ראי' אויף דערויף פון דעם ענין פון "שעטנז", אז ווייבאלד תורה האט אריינגענומען די דריי ווערטער "שוע טווי ונוז"[52] אין איין ווארט ("שעטנז"), איז א הוכחה אז זיי זיינען פארבונדן איינער מיטן אנדערן - ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די צוויי פירושים אין "אתה", אז מ'מוז זאגן אז זיי האבן א שייכות צווישן זיך, ועאכו"כ אז זיי זיינען ניט קיין פירושים הפכיים.

יד. והביאור בזה:

ס'איז ידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[53] אז די צוויי טעג פון ר"ה זיינען פארבונדן מיט די טעג פון שמע"צ ושמח"ת, ביז וואנעט אז זייער קביעות אין ימי השבוע איז די זעלבע, און אויב עס האט עפעס געפעלט אין דער עבודה פון

- ר"ה -

---

48) סה"ש ה'ש"ה ע' 26-27. וראה גם סה"ש תש"ג ע' 63. תש"ה ע' 85. 49) סה"מ תש"ד ס"ע 219 ואילך. 50) טעהיוה"א פ"ט (פו, ב). 51) לקו"ש ח"ג ע' 782. 52) נדה סא, ב. 53) היום יום ע' צח.

ר"ה (כאיזה סיבה שהה'), קען מען דאס אויפטאן בשמע"צ ושמח"ה, נאר דעמולט ווערט דאס אויפגעטאן דורך דעם ענין השמחה, ניט אזוי ווי בר"ה וואס דעמולט איז די עבודה אין אן אופן פון "גילו ברעדה"[54].

וואס בנוגע צו ר"ה זאגט דער אויבערשטער צו אידן "אמרו לפני מלכיות כדי שתמליכוני עליכם כו'"[55], וואס דער ענין פון "המליכוני עליכם" הויבט זיך טאקע אן מיט אתעדל"ע, ווארום דער אויבערשטער זאגט "אמרו לפני מלכיות כו'", אבער בפועל ווערט דאס אויפגעטאן דורך אידן,

אז בר"ה טוען אידן אויף דעם ענין פון בנין המלכות, ועד"ז בנוגע לכל הספירות, מדות, חו"ב, ביז אפי' רצון והענוג, ווי געריעדט פריער[56] בארוכה.

און ווי אזוי האבן אידן בכח צו אויפטאן דעם ענין פון "תמליכוני עליכם" - איז דאס דערפאר וואס אידן זיינען איין זאך מיט עצמות.

און ע"ד ווי בר"ה איז מודגש דער ענין אז אידן זיינען איין זאך מיט עצמות, איז עד"ז אויך בנוגע צו שמח"ת (וואס דעמולט טוט מען אויף די זעלבע ענינים ווי בר"ה), אז דעמולט איז מודגש דער ענין אז אידן זיינען איין זאך מיט עצמות.

און דערפאר ווען מ'זאגט אז "אתה (הראת)" גייט אויף א אידן, מוז דאס אויך גיין אויף עצמות, און ווען מ'זאגט אז "אתה" גייט אויף עצמות, מוז דאס אויך גיין אויף א אידן כביכול, ווארום אידן זיינען איין זאך מיטן אויבערשטן.

טו. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

נאך דערויף וואס א איד האט געטאן די עבודה פון חודש השרי [וואס וויבאלד אז תשרי איז א חודש כללי, האט ער זיכער געטאן די עבודה בשלימות, מיט אלע פירושים שבזה], און עס הויבט זיך אן דער ענין פון "ויעקב הלך לדרכו"[57] [כידוע" אז אין ליובאוויטש איז געווען דער מנהג צו מכריז זיין במוצאי שמח"ה "ויעקב הלך לדרכו"], ער גייט ארויס אין וועלט -

און ער זעט אז ס'איז דא א גרויסע וועלט, און ס'איז

- ניט -

------------

54) ל' הכתוב - תהלים ב, יא. וראה לקו"ת נצבים מז, א. ועוד. 55) ד"ה יבחר לנו את נחלתנו דיום ב' דר"ה. שיחת מוצאי ש"פ האזינו סכ"ב. 56) ל' הכתוב - ויצא לב, ב. 57) ראה לקו"ש ח"י ע' 192. וש"נ.

ניט קיין אחידת עינים ח"ו, וואָרום תורה זאָגט אַז "מה רבו מעשיך ה'"[58] און "מה גדלו מעשיך ה'"[59], עאכו"כ ווען ער ווייסט וועגן די עולמות העליונים (וואָס כללותם זיינען די שבעה רקיעים) - פאַרלירט ער זיך און ער הויבט אָן טראַכטן, אַז במה נחשב הוא לגבי אַזאַ גרויסע וועלט!

און דאָס קען פועל'ן אויף אים ניט נאָר אַז ער וועט ניט אויפטאָן דאָס וואָס ער דאַרף אויפטאָן אין גאַנץ סדר השתלשלות, נאָר ער וועט אפי' ניט טאָן עבודתו אין זיין "עולם קטן"[60].

זאָגט מען אים אַז ער דאַרף וויסן אַז ער איז "יחידי" - אַזוי ווי מ'זאָגט בנוגע צו אדה"ר אַז דער אויבערשטער איז געווען "יחיד בעליונים" און ער איז געווען "יחיד בתחתונים"[61], וואָס יעדער איד איז בדוגמא ווי אדה"ר. וואָס דערפאַר איז "נברא אדם יחידי" כדי אַז מ'זאָל וויסן אַז יעדער איד איז אַן "עולם מלא", און "בשבילי נברא העולם"[62].

און בשעת ער ווייסט אַז ער איז "יחידי". אַזוי ווי דער אויבערשטער איז "יחידי" - האָט ער ניט וואָס צו נתפעל ווערן און שרעקן זיך פון דער גאַנצער וועלט, וואָרום ער גייט צוזאַמען מיט עצמות ומהות וואָס ער איז אמיתית המציאות, און ס'איז ניטאָ קיין אַנדער מציאות אויסער אים - במילא ווערן נתבטל אַלע מדידות והגבלות וואָס שטערן אים בעבודתו, ווייל אַז ער ווייסט אַז די מדידות והגבלות גופא קומען פון דעם אויבערשטן. און דעמולט ווערט ער דער אחד'ער בעה"ב אויף דער גאַנצער וועלט, כמדובר כמ"פ וואָס ער זאָגט אין ירושלמי[63] אויפן פסוק[64] "לא-ל גומר עלי".

טז. ווען רש"י איז מבאר דעם ענין פון "אתה הראת", זאָגט ער אַז בשעת מ"ת איז "__פתח__ להם שבעה רקיעים", און דערנאָך זאָגט ער אַז "__כשם שקרע__ את העליונים כך קרע את התחתונים".

ד.ה. ניט נאָר אַז ס'איז געווען "__פתח__ להם שבעה רקיעים". נאָר ס'איז אויך געווען "__קרע__ את העליונים". און ניט נאָר "קרע את __העליונים__", נאָר אויך "קרע את __התחתונים__", און אין דעם זעלבן אופן - "__כשם__ שקרע את העליונים __כך__ קרע את התחתונים".

דער חילוק צווישן "פתח" און "קרע" איז פאַרשטאַנדיק בפשטות:

- "פתח" -

------------

58) תהלים קד. כד. 59) שם צב. ו. 60) ראה הקו"ז תס"ט קרוב להתחלתו. ועוד. 61) פרש"י עה"פ בראשית ג. כב. 62) סנהדרין לז. סע"א במשנה. 63) נדרים פ"ו סוף ה"ח. ועוד. 64) תהלים נז. ג.

"פתח" איז דער טייטש אז ס'איז א זאך וואס האט א טיר, און מ'קען עפענען די טיר, משא"כ "קרע" איז דער טייטש אז ס'איז ניטא קיין טיר, און מ'דארף דאס רייסן.

דער ביאור בזה אין עבודת האדם:

ס'זיינען דא ענינים וואס האבן א טיר, און מ'קען עפענען די טיר און זעהן דעם אמיתית המציאות פון דער זאך, וואס דאס זיינען כללות עניני העולם, וואס אין זיי דארף זיין עבודה הבירורים - און דארטן איז גענוג דער ענין פון "פתח", ווארום עס האט א טיר, און בחכמתו וברצונו קען ער עפענען די טיר, און דעמולט וועט ער זעהן אז מבחוץ איז מערניט ווי א שאלאכץ, און אמיתית המציאות פון דער וועלט איז - "אין עוד מלבדו", אז דער אויבערשטער איז "יחידי".

עס זיינען אבער דא ענינים וואס זיינען אין אן אופן פון העלם והסתר לגמרי, דארטן איז ניטא קיין טיר וואס מ'קען עפענען און זעהן דעם אמיתית המציאות פון דער זאך - וואס אויף דעריף דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון "קרע", אן עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה:

ס'איז ניט גענוג דער ענין פון "בכל לבבכם ובכל נפשכם" וואס שטייט אין פ' שני' פון ק"ש[65], נאר מ'דארף אנקומען צו "בכל מאדך" וואס שטייט אין פ' ראשונה[66] - ווי די גמרא[67] טייטשט אפ אז "בכל מאדך" איז דער ענין פון מס"נ.

ווארום וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז אין אן אופן פון העלם והסתר לגמרי, ס'איז ניט קיין העלם שישנו במציאות און קרוב אל הגילוי, נאר א העלם שאינו במציאות און אינו קרוב אל הגילוי - דארף מען אנקומען צו אן ענין של "קרע", דער ענין פון מס"נ, אז ער טוט היפך טבעו ורגילותו לגמרי,

וואס בשעת אז ער פועל'ט דעם ענין פון "קרע" בעבודתו, אז זיין עבודה איז אין אן אופן של מס"נ - ווערט דאס אויך אויפגעטאן בעולם, אז עס ווערט דער "קרע" פון דעם העלם והסתר, ווארום דער גאנצער העלם והסתר איז געמאכט געווארן נאר כדי ער זאל באווייזן אז ער ווערט דערפון ניט נתפעל - איז בשעת ער פועל'ט בעבודתו דעם ענין פון "קרע", און זיין עבודה איז אין אן אופן של מס"נ, ווערט בטל דער העלם והסתר אין וועלט.

וואס דאס איז פארשטאנדיק אויך אין דעם שכל פון א בן

- חמש -

---

65) עקב יא, יג. 66) ואתחנן ו, ה. 67) ברכות סא, ב. וש"נ. הובא בפרש"י עה"פ ואתחנן שם.

חמש, ווארום ער ווייסט אז ס׳זיינען דא ענינים צו וועלכע ער קען צוקומען ע"י יגיעה, ביז וואנעט אז מ׳זאגט "יגעתי ולא מצאתי אל תאמין"[68], ניט נאר אז עס האט ניט קיין ארט אין שכל, נאר אפי׳ אין אמונה האט דאס אויך ניט קיין ארט:

לאידך, זיינען אבער דא ענינים וואס ער ווייסט (דערפון וואס ער האט געהערט פון עלטערע) אז אפי׳ ע"י יגיעה וועט ער דערצו ניט צוקומען - וואס דערפאר איז ניט מספיק א יגיעה ע"ד הרגיל, "פתח", נאר עס דארף זיין א יגיעה יתירה - "קרע".

ועד"ז איז דאס אויך אין עבודה - אז ווען ס׳איז דא א העלם והסתר לגמרי, איז ניט מספיק די עבודה אין אן אופן פון "פתח", נאר מ׳דארף אנקומען צו דעם ענין פון "קרע" - אן עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה.

יז. וי"ל בדא"פ אז דער חילוק צווישן שמע"צ און שמח"ת איז ע"ד החילוק צווישן "פתח" און "קרע": שמע"צ איז אין אן אופן פון "פתח" - אן ענין שבמדידה והגבלה, און שמח"ת איז אין אן אופן פון "קרע" - למעלה ממדידה והגבלה.

און דער כללות הענין פון הקפות איז אויך פארבונדן מיט "קרע את ההתונים" - ווארום דער עיקר הענין פון הקפות איז די ריקודים ברגלים, וואס דאס איז אן ענין פון "ההתונים".

וואס די שמחה פון הקפות איז פארבונדן און נעמט דורך אויך די רגלים - "ההתונים", ד.ה. ניט נאר אז דאס נעמט דורך דעם "ראש", ע"ד ווי מ׳געפינט בא ר"ע אז ווען ער האט משיג געווען סודות התורה איז "זלגו עיניו דמעות"[69], וואס דאדען האט די שמחה גע׳פועל׳ט אויף די "עינים" שבראש - נאר עס נעמט דורך אפי׳ דעם "רגל" - התחונים.

(הסר קצה) און עס ווערט אויפגעטאן בעבודה כאו"א דער ענין פון "אתה הראה לדעת גו׳", אין אן אופן ווי ס׳איז געווען דער "הראיה בהר" בנוגע צום משכן - וואס דאס איז פארבונדן מיטן משכן וואס איז דא בא יעדער אידן, אויף וועלכן מ׳זאגט "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם"[70], "בתוך כל אחד ואחד"[71] - כן תהי׳ לנו בקרוב ממש.

* * *

- יח. -

------------

68) מגילה ו, ב. 69) ראה מהנ"ע וירא צה. ב. ס"ז באו"ח סרפ"ח סק"ב (בשם ז"ה). 70) תרומה שם. ה. 71) ד"ה שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו.

יח. נאך דעם פסוק "אתה הראת לדעת כי ה׳ הוא האלקים אין עוד מלבדו", וואס דארטן רעדט זיך וועגן דעם עניין פון כ"ת בכללות, און וועגן עצמות בכללות - זאגט מען דעם צווייטן פסוק: "לעושה נפלאות גדולות לבדו כי לעולם חסדו"[72].

אין דעם פסוק זיינען אויך דא צוויי פירושים:

די גמרא[73] טייטשט אפ אז די "נפלאות גדולות" זיינען אין אן אופן אז "אפילו בעל הנס אינו מכיר בנסו", ס׳איז מערניט וואס דער אויבערשטער אליין, "לבדו", ווייסט דערפון. ד.ה. ס׳זיינען טאקע דא "נפלאות גדולות" בכל יום ויום, אבער "אותותינו לא ראינו"[74], "בעל הנס אינו מכיר בנסו".

וכידוע דער פתגם פון דעם רבי׳ן מהר"ש[75] אז דער עניין הפרנסה בזמן הזה איז למעלה מדרך הטבע, אין אן אופן פון "מן", "לחם מן השמים" - דאס איז אבער אין אן אופן וואס "בעל הנס אינו מכיר בנסו", עס זעט אויס ווי אן עניין טבעי, אז דאס קומט דורך אן עניין של מסחר וכיו"ב - ס׳איז מערניט וואס מ׳זאגט אים ער זאל וויסן אז דאס איז אין אן אופן של "מן" - למעלה מדרך הטבע.

וואס לכאו׳, וויבאלד אז "בעל הנס אינו מכיר בנסו", איז צוליב וואס מאכט דער אויבערשטער די נסים - מ׳קען דאך ניט זאגן הלל אויף די נסים, ואדרבה, אז מ׳זאגט הלל אויף די נסים וואס "בעל הנס אינו מכיר בנסו", איז דאס גאר אן עניין המבי׳[76]. ווארום הלל קען מען זאגן נאר אויף א נס וואס ער זעט בגלוי - איז לכאו׳. פארוואס מאכט דער אויבערשטער אזוינע נסים וואס "בעל הנס אינו מכיר בנסו"?

אויף דערויף זאגט מען "כי לעולם חסדו": דער אויבערשטער מאכט די "נפלאות גדולות" דערפאר וואס ער וויל אז "חסדו" זאל נמשך ווערן "לעולם", ד.ה. אז עס קומט מצד חסדו של הקב"ה.

יט. דערנאך איז דא דער פירוש הבעש"ט וואס כ"ק מו"ה אדמו"ר ברענגט[77] פון זיין פאטער דער רבי נ"ע, אז "לעושה נפלאות גדולות לבדו" מיינט אז "כל עשיותיו של הקב"ה הם נפלאות", ד.ה. אפי׳ ווען עס רעדט זיך וועגן ענינים טבעיים לכאו׳, ולדוגמא: ווען ס׳איז חורש וזורע וואקסט דערנאך הבואה וכיו"ב, דארף מען וויסן אז "<u>כל</u> עשיותיו של הקב"ה הם נפלאות".

- און -

------------

72) תהלים קלו, ד. 73) נדה לא, א. 74) תהלים עד, ט. 75) הובא בלקו"ש בשלח תשל"ח הע׳ 38. 76) ראה שבת קיח, ב. 77) סה"מ תש"ד ע׳ 49.

און דערנאך איז ער ממשיך "כי לעולם חסדו". וואס "כי" גייט אויף די למ"ד כלים דזו"ן דאצילות שנעשים נר"ן לבי"ע. און דורך זיי ווערט נמשך אין עולם "חסדו" - "רב חסד דעתיקא קדישא". חסד דעתיק. און אין איינפאכע אותיות: "עתיק" איז דאך דער טייטש אז ס'איז נעתק ונבדל פון אלע ענינים. ד.ה. אז חסד דעתיק איז א חסד וואס איז בל"ג לגמרי.

וואס בנוגע צו אלע ענינים וויל מען דאך אז זיי זאלן ניט זיין אין אן אופן פון "נהמא דכיסופא". נאר ס'זאל זיין פארבונדן מיט עבודת האדם - איז בשעת עס ווערט נמשך דער ענין החסד לויט ווי ס'איז פארבונדן מיט עבודה האדם, איז דאס א חסד וואס איז במדידה והגבלה: דערנאך איז אבער דא אן ענין נעלה יותר - א חסד שלמעלה ממדידה והגבלה. חסד דעתיק.

און ווי מ'געפינט בנוגע צו די כ"ו דורות וואס זיינען געווען ניזונין בחסדו של הקב"ה[78]. אז בא זיי איז געווען אריכות ימים ושנים און אלע ענינים בהרחבה וכו' ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פשטות הכתובים - וויבאלד אז ס'איז א חסד בלי גבול[79]:

דאס איז אבער געווען קודם מ"ת - און דער אויפטו וואס קומט צו אין תורה הבעש"ט איז - אז אפי' לאחרי מ"ת, וואס דער עיקר איז דא די עבודה פון אידן. וואס בא יעדער אידן זיינען דא בכל יום הכון ענינים פון תומ"צ. ביז ווי די גמרא[80] זאגט אז אפי' "פושעי ישראל מלאים מצוות כרימון"

[וואס ווער גייט דאס אריין אינטער אין דעם גדר פון "פושעי ישראל" - אפי' אויב ער זאגט אזוי. איז דאס דערפאר וואס ער ווייסט אינגאנצן ניט וועגן וואס עס רעדט זיך. ווארום ער איז א תינוק שנשבה לבין העכו"ם. די סיבה וואו ער געפינט זיך איז שולדיק. זיינע מחנכים זיינען שולדיק וכו', ער איז אבער א תינוק שנשבה לבין העכו"ם.

אמאל איז איינער אריין צו כ"ק מו"ח אדמו"ר, און אזוי ווי ער האט אים געוואלט זאגן וואס פאר א מענטש ער איז. און וועגן וואס מ'קען מיט אים רעדן און מאנען. האט ער מקדים געווען און געזאגט אז מ'זאל וויסן אז ער איז אן אפיקורס.

האט אים כ"ק מו"ח אדמו"ר מפסיק געווען. און ניט געלאזן ממשיך זיין. און האט אים געזאגט. אז פון קנאקן סעמיטשקעס קען מען ניט ווערן קיין אפיקורס.

- "סעמיטשקעס" -]

------------

78) פסחים קיח, א. 79) ראה בהנסמן בלקו"ש נה השל"ו הע' 21. 80) עירובין יט. א. חגיגה בסופה.

"סעמיטשקעס" זיינען אזוינע גרעינים (וואס אין רוסלאנד האט מען זיי גערופן "סעמיטשקעס") וואס די יושבי קרנות און הולכי בטל פלעגן קנאקן - די וואס האבן ניט געהאט וואס צוטאן מיט זיך אויסער זיצן און איבערציילן די פליגן וואס פליען דורך, פלעגן זיי זיצן און קנאקן סעמיטשקעס].

אויף צו זיין אן אפיקורס דארף מען הארעווען. מ'דארף א סאך לערנען כדי מ'זאל זיין אין דעם גדר פון "יודע את רבונו", און ערשט דערנאך וועט ער קענען זיין "מכוין למרוד בו"[81] - אבער פון קנאקן סעמיטשקעס וועט ער קיין אפיקורס ניט ווערן.

. וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז איצטער איז ניט שייך דער גאנצער ענין פון "פושעי ישראל" - ער איז א תינוק שנשבה לבין העכו"ם],

עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אידן בכלל, וואס אלע אידן זיינען בחזקה כשרות[82] - האבן זיי דאך זיכער ריבוי ענינים פון תומ"צ,

אין דעבולט איז דא די השפעה החסד וואס קומט מצד עבודת האדם. אין אן אופן פון מדידה והגבלה - איז דער חידוש פון דעם בעש"ט אז אויך דעבולט איז דא די השפעה פון חסד דעתיק, א חסד שלמעלה ממדידה והגבלה.

ב. די צוויי פירושים זיינען אויך באזונדערע פירושים וואס זיינען לכאו' הפכיים זב"ז[83]:

אין דעם ערשטן פירוש רעדט זיך וועגן איינעם וואס "אינו מכיר בנסו". עס איז דא א נס, און נאכמער: דאס איז "נסו", ס'איז זיין נס, און אעפ"כ איז "אינו מכיר בנסו":

און אין דעם צווייטן פירוש זאגט מען אז "כל עשיותיו של הקב"ה הם נפלאות", ביז וואנעט אז דאס איז חסד דעתיק, ד.ה. אז חסד דעתיק קומט אראפ אין "כל עשיותיו של הקב"ה" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז עס רעדט זיך וועגן איינעם וואס ווייסט וועגן די מציאות פון עתיק. ווארום אויב ניט, איז דאך ניט שייך מסביר זיין אים "כי לעולם חסדו", אז דאס איז חסד דעתיק - איז דאך דאס צוויי פירושים הפכיים?

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק - דורך דעם וואס

- מ'וועט -

------------

81) פרש"י נח י, ט. לך לך יג, יג. ועוד. 82) רמב"ם הל' קרה"ח פ"ב ה"ב. 83) לשלימות הענין - דאה שיחת מוצאי שבת בראשית.

מ׳וועט כבאר זיין דעם קשר פון דעם פסוק "לעושה נפלאות גדולות לבדו" מיט דעם ענין פון תורה:

ווי אזוי קען זיין אין וועלט דער ענין פון "נפלאות גדולות", אז ס׳זאל נמשך ווערן אין וועלט אן ענין של נס, און אין אן אופן אז "בעל הנס אינו מכיר בנסו", ד.ה. אז עס ווערט ניט נתבטל די מציאות פון וועלט (ווארום דעמולט וואלט געווען "מכיר בנסו"), נאר די וועלט בלייבט במציאותה, און אהינצו ווערט נמשך דער ענין פון "נפלאות גדולות" -

ווערט דאס אויפגעטאן דורך דעם ענין פון תורה, וואס תורה איז דער ממוצע צווישן דעם אויבערשטן מיט וועלט[84], און דערפאר איז דורך דעם ענין פון תורה קען נמשך ווערן אין וועלט דער ענין פון "נפלאות גדולות".

און דער ענין ווערט אויך ארויסגעגעבן אין דעם צווייטן פירוש: "כל עשיותיו של הקב"ה נפלאות הם", ווארום דאס גופא וואס דער אויבערשטער פארנעמט זיך מיט אן ענין כל עשי׳, ביז צו כללות ההוות העולמות, איז דאס אן ענין של "נפלאות" - און אויף דערויף דארף מען אנקומען צו דעם ממוצע פון "תורה".

און דערנאך איז ער ממשיך "כי לעולם חסדו" - אז דאס וואס "עשיותיו של הקב"ה הם נפלאות" קומען אראפ אין וועלט - ווערט דאס אויפגעטאן מצד דעם ענין פון חסד דעהיק, נאר דאס ווערט נתגלה דורך דעם ענין פון תורה.

## כא. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

ווען א איד טוט עבודתו אין דעם קו פון זבולון, ער פארנעמט זיך מיט עניני העולם, און ער הארעוועט אויף צו פארדינען זיין פרנסה - לויט דער הוראה פון תורה אז ס׳דארף זיין "בכל אשר תעשה"[85], כמרז"ל[86] "יכול יהא יושב ובטל, ת"ל בכל אשר תעשה" - עס דארף זיין "בכל אשר העשה",

דארף ער וויסן אז ס׳איז ניט "כחי ועוצם ידי"[87] - ער האט טאקע געהארעוועט אויף דעם, דאס איז אבער אן ענין וואס קומט פון דעם אויבערשטן, ביז וואנעט אז "כל עשיותיו של הקב"ה הם נפלאות", דאס איז אן ענין של "נפלאות".

ועד"ז בנוגע צו א אידן וואס עבודתו איז אין דעם קו פון ישכר - אז בשעת ער הארעוועט אין לימוד התורה, און ער האט הבנה והשגה בתורה. ביז וואנעט אז דאס ווערט "הורהו".

- אז -

---

84) ראה סה"מ ה׳ש"ת ע׳ 67 ואילך. ועוד. 85) ראה טו, יח. 86) ספרי עה"פ (ע"פ קונטרס ומעין מכ"ה פ"א). 87) עקב ח, יז.

אז "נקראת על שמו"88, וואס דערפאר זאגט מען אז "רב שמחל על כבודו אין כבודו מחול"89 - דארף ער אויך וויסן אז דאס איז ניט "כחי ועוצם ידי", נאר דאס קומט פון דעם אויבערשטן.

וואס דאס איז כללות ההוראה פון "לעושה נפלאות גדולות לבדו", אז א איד דארף וויסן אז "כל עשיותיו של הקב"ה הם נפלאות", ד.ה. אז אלע ענינים פון וועלט זיינען "נפלאות" - און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון תורה, וויבאלד אז דורך הורה (וואס זי איז דער ממוצע צווישן דעם אויבערשטן מיט וועלט) קומט אראפ אין וועלט דער ענין פון "נפלאות".

ויה"ר אז כל השנה כולה זאל זיין א שנת תורה, וואס דעמולט וועט דאס אויך זיין שנת אורה, שנת ברכה, ביז צו שנת גאולה, בביאת משיח צדקנו, בעגלא דידן.

* * *

כב. נאך די פסוקים "אתה הראת לדעת גו'" און "לעושה נפלאות גדולות לבדו גו'", קומט דער פסוק "אין כמוך באלקים אד' ואין כמעשיך"90.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: נאך דערויף וואס מ'זאגט "אתה הראת לדעת כי ה' הוא האלקים אין עוד מלבדו", און "לעושה נפלאות גדולות לבדו כי לעולם חסדו" - איז וואס איז מוסיף דער פסוק "אין כמוך באלקים אד' ואין כמעשיך"?

נאכמער: דערפון וואס מ'זאגט "אין כמוך באלקים אד' גו'", איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא עפעס א מציאות אויסער דעם אויבערשטן, נאר "אין כמוך", עס איז ניט ווי דער אויבערשטער אליין - איז לכאו', ווי קען מען זאגן אזא זאך, ס'איז דאך "אין עוד מלבדו"?

אויך דארף מען פארשטיין: וואס איז די שייכות פון דעם פסוק מיט דעם ענין פון תורה.

כג. איז דער ביאור בזה:

דער פסוק "אתה הראת" איז אין אן אופן פון מלמטלמ"ע, און דער פסוק "לעושה נפלאות גדולות לבדו" איז אין אן אופן פון מלמעלמ"ט, און דערנאך קומט דער פסוק "אין כמוך גו'", וואס דאס איז דער חיבור פון ביידע ענינים. והביאור בזה:

דער ענין פון "אלקים" באווייזט אויף אן ענין של כח

- ויכולת -

---

88) ראה קידושין לב, ריש ע"ב. 89) קידושין שם, סע"א. 90) תהלים פו, ח.

ויכולתו[91]. ווי ס'שטייט[92] "ואת אילי הארץ גו'", ביז וואנעט אז דיינים ווערן אויך אנגערופן בשם "אלקים"[93].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "אלקים" גייט אויף די מזלות וכו'. וואס דורך זיי ווערן נשפע ונמשך השפעות אין וועלט. כמרז"ל[94] "אין לך עשב מלמטה שאין לו מזל מלמעלה המכה בו ואומר לו גדל" דער ענין ההתהוות יש מאין פון דעם עשב. נעמט זיך פון עצמות ומהות שאין לו עילה וסיבה שקדמה לו ח"ו[95], אבער דאס וואס דער עשב איז "גדל". נעמט זיך דאס פון דעם מזל המכה בו, און אזוי אויך "גבוה מעל גבוה שומר וגבוהים עליהם"[96].

וואס די מזלות וכו' זיינען בערניט ווי "כגרזן ביד החוצב בו" - די השפעה בפועל קומט טאקע אראפ דורך זיי, זיי זיינען אבער ניט קיין מציאות לעצמם, זיי האבן ניט קיין בחירה, נאר זיי זיינען "כגרזן ביד החוצב בו",

דער "גרזן" איז טאקע א מציאות וואס האט אין זיך שטארקייט און שארפקייט, וואס דערפאר איז מען דערמיט חוטב עצים - ער איז אבער ניט קיין מציאות פאר זיך. ווארום ער געפינט זיך "ביד החוצב בו".

און ווי דער צ"צ איז מבאר אין דרמ"צ[97] אז ס איז ניט שייך דער ענין פון השתחואה צו די מזלות וכו'. ווארום זיי האבן ניט קיין בחירה. נאר זייער גאנצע מציאות איז "כגרזן ביד החוצב בו". ביז וואנעט אז ס'זאגט אז די תפלה דארף זיין "אליו ולא לבדוהיו"[98].

דערנאך זיינען אבער דא ענינים וואס קומען ניט דורך די מזלות וכו', נאר פון דעם אייבערשטן אליין. ע"ד די "ג' מפתחות בידו של הקב"ה שלא נמסרו ביד שליה[99].

וואס דאס איז דער כללות החילוק צווישן א"י מיט חו"ל - אז א"י איז "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[100], דארטן ווערן נמשך אלע השפעות פון דעם אייבערשטן אליין. משא"כ אין חו"ל וואס דארטן ווערט דאס נמשך דורך דעם שר המדינה. ווי רש"י[101] ברענגט אראפ אז ס'איז דא דער שר של מצרים וכיו"ב.

ועד"ז איז אויך דער חילוק צווישן אידן מיט אוה"ע -

- אז -

------------

91) ראה שו"ע או"ה ס"ה. 92) יחזקאל יז, יג. וראה סוד או"ה סוס"ה. 93) פרש"י משפטים כג. כז. ועוד. 94) ראה ב"ר פ"י, ו. זח"א רנא. א. ועוד. 95) אגה"ק ס"כ (קל, ריש ע"ב). 96) קהלת ה. ז. 97) ו. א ואילך. 98) פרדס של"ב פ"ב. 99) תענית ב. סע"א. 100) עקב יא, יב. 101) עה"פ בשלח יד, י.

אז צו אידן קומט אראפ די השפעה פון דעם אויבערשטן אליין, וויבאלד אז אידן זיינען "חלק ה' עמו"[102], כשא"כ ביי אוה"ע וואס זיי באקומען די השפעה דורך די שרים און מזלות וכו'.

כד. און אויף דערויף זאגט מען "אין כמוך באלקים אד' ואין כמעשיך":

לכאו' וואלט מען געקענט זאגן, אז וויבאלד אז די מזלות וכו' זיינען ניט קיין מציאות לעצמם, מערניט ווי "כגרזן ביד החוצב בו", איז לכאו' ניטא קיין נפק"מ צי די השפעה קומט פון דעם אויבערשטן אליין, אדער עס קומט דורך דעם "גרזן", וויבאלד אז דער "גרזן" איז ניט קיין מציאות בפ"ע, ער געפינט זיך "ביד החוצב בו".

זאגט דער פסוק אז "אין כמוך באלקים אד' ואין כמעשיך": ניט נאר אז אן עניין וואס קומט פון דעם אויבערשטן אליין איז מער משובח וחביב וכו' פון אן עניין וואס קומט דורך מזלות וכו', נאר נאכמער: "אין כמוך גו'", עס איז אן אנדער זאך לגמרי, ס'איז אינגאנצן שלא בערך.

ועד"ז "ואין כמעשיך": אפי' בנוגע צו די עשי' ופעולה וואס קומט ארויס דערפון, איז אויך אינגאנצן שלא בדוגמא די פעולה וואס קומט ארויס פון דער השפעה שע"י המזלות, צו דער פעולה וואס קומט ארויס פון דער השפעה וואס קומט פון דעם אויבערשטן אליין, עס איז גאר אן אנדער מעשה.

וואס דערפאר זעט מען אויך אז בשעת דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "מלאכי ילך לפניך"[103], האט משה רבינו געזאגט "אם אין פניך הולכים אל תעלנו מזה"[104], ווארום עס דארף זיין "ונפלינו אני ועמך מכל העם אשר על פני האדמה"[105], ד.ה. ניט נאר אז משה רבינו האט געבעטן אז ס'זאל זיין "פניך הולכים", נאר ער האט דאס געשטעלט אלס תנאי - "אם אין פניך הולכים אל תעלנו מזה", און ס'איז ניט שייך דינגען זיך אין דערויף.

וואס לכאו', דער אויבערשטער זאגט "מלאכי ילך לפניך", דאס איז "מלאכי", שלוחו של אדם העליון - אבער אעפ"כ זאגט משה רבינו אז אידן דארפן האבן "פניך הולכים". ס'דארף האבן דעם אויבערשטן אליין. וויבאלד אז אידן זיינען "חלק ה' עמו".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט תורת הבעש"ט[106] אויפן פסוק[107] "תפלה לעני כי יעטוף ולפני ה' ישפוך שיחו" - אז די

- תפלה -

---

102) האזינו לב, ט. 103) תשא לב, לד. 104) שם לג, טו. 105) שם, טז. 106) כש"ט סצ"ז (יג, ג). 107) תהלים קב. א.

תפלה פון דעם עני באשטייט אין דעם וואס ער וויל אז "לפני ה׳ ישפוך שיחו", ער וויל זיין "לפני ה׳".

כה. און דאס איז די הוספה וואס קומט צו אין דעם פסוק "אין כמוך באלקים אד׳ ואין כמעשיך" - אז ס׳איז ניט גענוג דער ענין פון "לעושה נפלאות גדולות לבדו", נאר ס׳דארף זיין אין אן אופן אז עס קומט פון דעם אויבערשטן אליין.

און דאס איז אויך די שייכות דערפון צו דעם ענין פון תורה:

אע"פ אז תורה איז אויך אן ענין של ממוצע, איז דאס אבער ניט קיין ממוצע המפסיק ח"ו, נאר אדרבה, ס׳איז א ממוצע המחבר, ד.ה. אז דורך תורה קומען אראפ אלע המשכות אין אן אופן אז עס קומט פון דעם אויבערשטן אליין.

וכאמור לעיל אז דורך דעם ענין פון תורה קומען ארויס אלע ענינים פון וועלט - ביז אז עס ווערט "כי מציון תצא תורה גו׳", אז עס ווערט שלימות הארץ, ארץ ישראל לגבולותי׳, צוזאמען מיט שלימות העם - דורך שלימות התורה.

ביז אז עס ווערט "ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" (ווי מ׳זאגט אין דעם סיום הפסוקים וואס מ׳זאגט בשעת ההקפות), וואס "שם כבוד מלכותו" גייט אויף אלע ג׳ עולמות, און אין אן אופן פון "ועד", וואס "כל מקום שנאמר נצח סלה ועד אין לו הפסק"[108] (חסר קצת).

און עס ווערט דער ענין פון "ביום ההוא יהי׳ ה׳ אחד ושמו אחד"[109], "כשאני נכתב אני נקרא"[110], און "ועלו מושיעים בהר ציון גו׳", ביז "והיתה לה׳ המלוכה"[111], בקרוב ממש.

* * *

כו. אזוי ווי מ׳דארף דאך מאכן א הפסקה כדי מ׳זאל זיך קענען צוגרייטן צו הקפות - איז די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, זאלן מאכן א ברכה אחרונה.

און מ׳זאל וויסן אז דאס איז א הפסק קטן בכמות צוליב דעם ענין הכי גדול - דער ענין פון הקפות.

און די שמחה פון הקפות זאל זיין אין אן אופן פון "מעלין בקודש" - "מעלין" אין דער שמחה, ביז אין אן אופן שלמהלה ממרידה והגבלה.

- און -

-------------

108) עירובין נד, א. 109) זכרי׳ יד, ט. 110) פסחים נ, א. 111) עובדי׳ א, כא.

און ס'זאל זיין אן שטופעניש, נאר אין אן אופן פון "משתחוים רוחים"[112], ובפרט אז עס דארף ניט זיין דער ענין פון השתחואה, נאר אן ענין של שמחה, וועט דאס זיכער זיין אין אן אופן פון "רוחים",

ביז אז מ'וועט טאנצן מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

מרס צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

112) ראה אבות פ"ה מ"ה.

בס"ד. שיחת יום שמח"ת ה'תשל"ט. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

צוה לנגן ניגון שלש תנועות. אבינו מלכנו.

א. די התוועדות קומט דאך בהמשך צו די רייד וואס מ'האט גערעדט בליל שמע"צ (בעת ההקפות), און אויך בהמשך צו די התוועדויות שלפנ"ז, ועאכו"כ אז עס קומט בהמשך צו דער התוועדות וואס איז געווען אין דער התחלה פון שמח"ת (ליל שמח"ת).

וואס דערפאר איז כאן המקום להוסיף ביאור אין דעם וואס עס האט זיך גערעדט[1] וועגן דעם פסוק[2] "אין כמוך באלקים אד' ואין כמעשיך".

וואס לויט דעם ביאור אין דעם פסוק "אין כמוך באלקים אד' ואין כמעשיך", וועט מען אויך פארשטיין דאס וואס ס'שטייט[3] "מי כמוכה בא-לים ה'" - וואס די שאלה וואס מ'האט געפרעגט אויפן פסוק "אין כמוך גו'" איז גענומען פון די שאלה וואס מ'פרעגט[4] אויפן פסוק "מי כמוכה בא-לים ה'":

דערפון וואס מ'זאגט "מי כמוכה בא-לים ה'", איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא א מציאות פון "א-לים", נאר ס'איז ניט "כמוכה", ווארום ווען ס'וואלט אינגאנצן ניט געווען אזא מציאות, פאסט דאך ניט צו זאגן "<u>מי</u> כמוכה גו'" - איז לכאו', ווי קען מען זאגן אז ס'איז דא א מציאות פון "א-לים" אויסער דעם אויבערשטן?

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק לויט דעם ביאור וואס מ'האט גערעדט אין פסוק "אין כמוך באלקים ה'".

עס איז אבער דא א חילוק צווישן די צוויי פסוקים - אז אין דעם פסוק "אין כמוך באלקים אד'" שטייט דער שם אד', און אין דעם פסוק "מי כמוכה בא-לים ה'" שטייט דער שם הוי' (כדלקמן).

ב. דער כללות הביאור וואס האט זיך גערעדט אין דערויף - איז:

ס'זיינען דא צוויי סוגי השפעה פון דעם אויבערשטן אין וועלט: א) די ענינים וואס ווערן נמשך דורך שלוחים און

- מזלות -

---

1) שיחת ליל שמח"ת סכ"ב ואילך. 2) תהלים פו, ח. 3) בשלח טו, יא. 4) אוה"ת בשלח ס"ע תקמו ואילך. ד"ה אנכי ה"א תרכ"ו רפ"ג. ועוד.

מזלות וכו׳, ב) די ענינים וואס קומען פון דעם אויבערשטן
אליין, ניט דורך שלוחים, אזוי ווי די "ג׳ מפתחות כו׳ שלא
נמסרו ביד שליח"[5].

און אין די ענינים וואס ווערן נמשך דורך שלוחים גופא
- איז דא א נפק"מ צווישן אידן מיט אוה"ע: ביי אוה"ע ווערט
דאס סאקע נמשך דורך די שלוחים וכו׳, משא"כ ביי אידן וואס
זיינען "עם קרובו"[6], און "חלק ה׳ עמו"[7], ווערט דאס נמשך פון
דעם אויבערשטן אליין.

און אויף דערויף זאגט מען "אין כמוך באלקים אד׳ ואין
כמעשיך": ניט נאר אז אן ענין וואס קומט פון דעם אויבערשטן
אליין איז מערער חביב און משובח וכו׳ פון אן ענין וואס
קומט דורך די שלוחים וכו׳, נאר נאכמער: עס איז אינגאנצן
אן אנדער זאך, ס׳איז שלא בערך לגמרי, ביז וואנעט אז אפי׳
די מעשה וואס קומט ארויס דערפון, איז אויך אן אנדער מעשה
לגמרי - "ואין כמעשיך".

וואס דאס איז דער דיוק פון "אין כמוך": ווען עס רעדט
זיך וועגן אן ענין וואס איז בערך, איז דאס "כמוך", נאר
ס׳איז בעסער דערפון - דא זאגט מען אבער "אין כמוך",
ווארום ס׳איז אינגאנצן שלא בערך.

ג. דער ביאור אין דעם חילוק צווישן די צוויי פסוקים "מי
כמוכה בא-לים הוי׳", און "אין כמוך באלקים אד׳" - י"ל
בדא"פ:

אין דעם פסוק "מי כמוכה בא-לים ה׳", רעדט זיך וועגן
ענינים רוחניים - מלאכים, מזלות, התהוות יש מאין, ביז צו
דעם ענין פון קי"ס, וואס דעמולט איז "ראתה שפחה על הים מה
שלא ראו נביאים"[8].

און וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן ענינים רוחניים,
ברענגט ער דעם שם הוי׳, וואס שם הוי׳ איז סאקע כולל אלע
ענינים, אויך דעם ענין פון שם אד׳, דער ענין פון שילוב אד׳
בהוי׳ - דאס איז אבער אין אן אופן פון שילוב אד׳ בהוי׳,
ד.ה. אז בעיקר הערט זיך דארטן דער ענין פון שם הוי׳.

אבער דער פסוק "אין כמוך באלקים אד׳ ואין כמעשיך",
רעדט וועגן ענינים גשמיים, "מעשיך" - און דערפאר ברענגט
ער דעם שם אד׳, וויבאלד אז שם אד׳ איז דער מקור פון גאנץ
סדר השתלשלות פון עולם, און ס׳איז פארבונדן מיט ספירת

- המלכות -

---

5) תענית ב, סע"א. 6) תהלים קמח, יד. 7) האזינו לב,
ט. 8) פרש"י עה"פ בשלח שם, ב.

המלכות[9]. אין דערויף איז טאקע אויך דא דער ענין פון שם הוי׳, שילוב הוי׳ באד׳[10] – דאס איז אבער אין אן אופן פון שילוב הוי׳ באד׳, ד.ה. אז בעיקר הערט זיך דארטן דער ענין פון שם אד׳.

ביז וואנעט אז מ׳געפינט אז שם אד׳ קען אמאל זיין א לשון של חולין[11] ע"ד ווי שם אלקים, וואס דיינים ווערן אנגערופן בשם אלקים[12], און ווי דאס איז אויך בפשטות בנוגע צו אן עבד, אז דער אדון ווערט אנגערופן בשם "אדון". ביז וואנעט אז אין דעם זעלבן שם אד׳ זיינען דא צוויי דעות[11] (וואס "אלו ואלו דא"ח"[13]) צי דאס איז קודש אדער חול.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד אין דעם פסוק "אין כמוך" רעדט זיך וועגן ענינים גשמיים, "ואין כמעשיך" – ברענגט ער אויף דערויף דעם שם אד׳.

ד. און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין ההקפות – וואס דערפאר זאגט מען פאר הקפות דעם פסוק "אין כמוך באלקים אד׳ ואין כמעשיך":

דער עיקר הענין פון הקפות איז פארבונדן מיט אן ענין של מעשה – ריקוד ברגלים, און ווי ס׳איז מודגש אין דעם וואס דער ריקוד מיט דער ס"ת איז אין אן אופן אז די ס"ת איז פארוויקלט און ארומגעוויקלט, וואס דעמולט איז ניט שייך דער ענין פון קריאה און הבנה והשגה אין תורה[14] – ווארום עיקר הענין פון הקפות איז דער ענין פון ריקוד ברגלים, אן ענין של עשי׳.

ביז וואנעט אז דער אלטער רבי שרייבט בסידורו (בקיצור אין כמות, אבער בריבוי אין איכות) אז "גם כי עשה כן בבהכ"נ שלו, אם הולך לבהכ"נ אחר שלא גמרו, ירנן וישמח ג"כ עמהם", ד.ה. אז אפי׳ נאך דערויף וואס ער האט געפראוועט דעם ענין פון הקפות בבהכ"נ שלו, לויט זיין סדר עבודה, איז אויב מאיזה סיבה שהיא קומט ער אין א "בהכ"נ אחר", וואס דארטן איז אן אנדער סדר עבודה ע"ד ווי דער ענין וואס "כל צדיק וצדיק נכוה מחופתו של חבירו"[15], וויבאלד אז ס׳איז אן אנדער סדר עבודה, איז "ירנן וישמח ג"כ עמהם" – וויבאלד אז דער כללות הענין פון שמח"ת איז פארבונדן מיט דעם ריקוד

– ברגלים –

---

9) שעהיוה"א רפ"ז (פא, ב). 10) ראה שם פב, א ואילך. וראה ספר הערכים-חב"ד ערך אד׳ (שם) ע׳ רה. וש"נ.
11) שבועות לה, ב. הובא בפרש"י עה"פ וירא יח, ג.
12) פרש"י עה"פ משפטים כב, כז. ועוד. 13) עירובין יג, ב.
14) ראה רד"ה להבין ענין שמח"ת דמוצאי שמח"ת ה׳תשל"ח. וש"נ. 15) ב"ב עה, א.

ברגלים, וואס דערפאר דארף ער דאס טאן אויך אין דעם "בהכ"נ אחר".

און וויבאלד אז דער ענין פון הקפות איז פארבונדן מיט אן ענין של עשי', ריקוד ברגלים - דערפאר זאגט מען דעמולט דעם פסוק "אין כמוך באלקים אד'", דער ענין פון שם אד'.

ה. אין דעם פסוק "אין כמוך באלקים אד' ואין כמעשיך", זיינען אויך דא צוויי קצוות -

ע"ד ווי גערעדט פריער[16] אז אין דעם פסוק[17] "אתה הראת לדעת גו'" זיינען דא צוויי פירושים וואס זיינען מן הקצה אל הקצה:

דער פירוש כפשוטו - אז "אתה" גייט אויף א אידן, א נשמה בגוף, און מ'זאגט "אתה הראת לדעת", אז בשעת מ"ת האבן אידן געזעהן אז "ה' הוא האלקים אין עוד מלבדו", ד.ה. אז עס רעדט זיך וועגן א אידן, א נשמה בגוף - די אלע אידן וואס זיינען געווען בשעת מ"ת.

וואס אע"פ אז ס'שטייט אין פרדר"א[18] אז בשעת מ"ת זיינען געווען די נשמות פון אלע אידן וואס וועלן זיין בכל הדורות - איז דאך אבער די סיבה וואס האט געבראכט דעם ענין פון מ"ת בפועל, געווען פארבונדן מיט די אידן וואס זיינען געווען בשעת מ"ת אין אן אופן פון נשמה בגוף דוקא,

ווי ס'שטייט[19] "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה", ד.ה. אז דער ענין פון מ"ת איז געווען פארבונדן מיט די אידן וואס זיינען ארויס פון מצרים, נשמות בגופים, און ווי ס'שטייט גלייך אין דער התחלה פון עשה"ד[20] "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים", וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[21], אז דאס גייט אויף די אידן וואס זיינען ארויס פון מצרים בפשטות, נשמות בגופים, וואס זיי זיינען געווען דער גורם וסיבה בפשטות צו דעם ענין פון מ"ת.

וואס דער גוף האדם איז דאך דער קצה הכי תחתון, כמבואר אין תו"א פון היינטיקע סדרה[22] אז דער גוף האדם איז נידעריקער אפי' פון דומם, עאכו"כ אז ס'איז נידעריקער פון צומח און חי, ווי ער איז מבאר דארטן אז "נשתנה יצירת גוף האדם משאר כל הנבראים", ווארום אלע נבראים זיינען באשאפן געווארן מלכתחלה דער גוף צוזאמען מיטן נפש החיונית,

- "משא"כ -

------------

16) שיחה הנ"ל סי"ב ואילך. 17) ואתחנן ד, לה. 18) פמ"א. 19) שמות ג, יב. 20) יתרו כ, ב. 21) שבת סג, א. ושנ"נ. 22) בראשית ג, ד ואילך.

"משא"כ בבריאת האדם שנעשה גופו תחלה בפ"ע עפר בלי שום נפש חיונית בתוכו וכמ"ש כו׳ עפר מן האדמה כו׳[23] עד שאח"כ ויפח באפיו נשמת חיים"[23].

און ווען עס רעדט זיך וועגן א נשמה בגוף, זאגט מען דאך אז די נשמה איז אראפגעקומען אין דעם גוף ניט בשביל עצמה, נאר כדי צו מתקן זיין דעם גוף ונה"ב און חלקו בעולם[24]. - וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק אז ווען עס רעדט זיך וועגן א (נשמה ב)גוף, איז דאס דער קצה הכי תחתון.

און דערנאך קומט דער פירוש פון רבותינו נשיאינו[25], וואס ער איז מן הקצה אל הקצה: "אתה" גייט אויף אמיתית המציאות וואס "כל הנמצאים כו׳ לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו"[26], וואס דאס גייט אויף עצמות ומהות, ניט אויף ענינים פון הארות והשפעות כו׳, ווארום יעדער ענין כל הארה איז ניט אמיתית המציאות, וויבאלד אז ס׳איז דא די מציאות וואס פון איר נעמט זיך די הארה.

ביז וואנעט אז אפי׳ לפני הצמצום וואס דארטן זאגט מען "עד שלא נברא העולם הי׳ הוא ושמו בלבד"[27], איז ווען מ׳רעדט וועגן "שמו", איז דאך דא דער וואס דאס איז "שמו" -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז "אתה", אמיתית המציאות, גייט מערניט ווי אויף עצמות ומהות - ד.ה. אז די צוויי פירושים אין "אתה הראת" זיינען צוויי קצוות מן הקצה אל הקצה.

ועד"ז אין דעם פסוק[28] "לעושה נפלאות גדולות לבדו כי לעולם חסדו", זיינען אויך דא צוויי פירושים: אז "אפילו בעל הנס אינו מכיר בנסו"[29], און אז "כל עשיותיו של הקב"ה הם נפלאות"[30], וואס די צוויי פירושים זיינען אויך אין צוויי קצוות, ווי גערעדט פריער[31] -

איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם פסוק "אין כמוך באלקים אד׳ ואין כמעשיך", אז אין דעם פסוק זיינען אויך דא צוויי קצוות.

ו. והביאור בזה:

- אין -

------------

23) בראשית ב, ז. 24) תניא פל"ז (מח, ב). 25) סה"מ ה׳ש"ת ס"ע 146. תש"ד ע׳ 54. ועוד. 26) רמב"ם ריש הל׳ יסוה"ת. 27) פרדר"א פ"ג. וראה עבוה"ק ח"א פ"ב. אוה"ת שה"ש ע׳ רסד. וראה סה"מ תש"י ע׳ 152 בהערה. 28) תהלים קלו, ד. 29) נדה לא, א. 30) סה"מ תש"ד ע׳ 49. 31) שיחה הנ"ל סי"ח ואילך.

אין דעם פסוק רעדט זיך וועגן "מעשיך", און דער פסוק זאגט אז דער ענין המעשה איז פארבונדן מיט עצמות - דאס איז "מעשיך" פון עצמות ומהות (ווי גערעדט פריער (ס"ב) אז דער פירוש פון "אין כמעשיך" איז, אז דער מעשה וואס קומט פון עצמות איז אינגאנצן אן אנדער מעשה ווי דער מעשה וואס קומט אראפ דורך שלוחים וכו׳).

וואס דאס איז פארבונדן מיט כללות הכוונה וואס נתאוה הקב"ה להיות לו ית׳ דירה בתחתונים - אז תחתונים, ביז עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, זאלן ווערן א דירה לו ית׳. און אין עולם העשי׳ גופא - אין די ענינים פון מעשה, אז דארטן זאל זיין א דירה לו ית׳.

וואס דאס איז אויך וואס ער איז מבאר אין אגה"ק[32] אז דער ענין פון התהוות יש מאין (התהוות הגשמיות) נעמט זיך דוקא פון "מהותו ועצמותו של המאציל ב"ה שמציאותו הוא מעצמותו ואינו עלול מאיזה עילה שקדמה לו ח"ו ולכן הוא לבדו בכחו ויכלתו לבדוא יש מאין ואפס המוחלט כו׳".

[וואס אין דערויף זעט מען א דבר פלא: ווען דער אלטער רבי זאגט אז "מציאותו הוא מעצמותו ואינו עלול מאיזה עילה שקדמה לו", איז ער מוסיף דעם ווארט "ח"ו",

וואס דאס איז א דבר פלא, ווארום ס׳זיינען דא כמה מקומות אין תניא וואו ער רעדט וועגן ענינים עד"ז (אויך אין דער אגה"ק), און דארטן שטייט ניט דער ווארט "ח"ו"].

ד.ה. אז דער ענין פון "מעשיך" איז פארבונדן מיט עצמות, ווארום כדי אז ס׳זאל אראפקומען אין דעם ענין המעשה, דארף דאס נמשך ווערן פון עצמות דוקא.

וכמבואר אין לקו"ת[33] דאס וואס דער ענין פון יצי"מ האט בעדארפט זיין אין אן אופן פון "אני ולא מלאך, אני ולא שרף, אני הוא ולא אחר"[34], דוקא פון עצמות "בכבודו ובעצמו" - אז דאס איז דערפאר וואס דורך א מלאך וכו׳ וואלט נים געקענט זיין דער ענין פון יצי"מ, ווארום דער מלאך וואלט דארטן נבלע געווארן, און דערפאר האט מען בעדארפט האבן אז ס׳זאל זיין דורך דעם אויבערשטן אליין [אין איין ארט אין לקו"ת[35] איז ער שולל דעם ביאור, אבער אין א צווייטן ארט איז ער דאס מבאר באריכה (ע"פ המבואר אין ספרי קבלה[36])].

ז. האמור לעיל וועגן דעם קשר פון "מעשיך" מיט עצמות - דוקא -

---

32) ס"כ (קל, סע"א ואילך). 33) צו יב, ג. 34) נוסח הגש"פ. 35) שם טז, א. 36) סידור האריז"ל במקומו.

דוקא, איז מודגש במיוחד אין דעם ענין פון שמח"ת:

נוסף אויף דערויף וואס דוקא דורך תורה קומט אראפ עצמות אין "מעשיך", ווארום תורה איז דער ממוצע צווישן דעם אויבערשטן מיט וועלט[37] – תורה איז "שעשועים גו' לפניו"[38], און "אלפים שנה קדמה תורה לעולם"[39], און ס'איז מבואר אין מדרש[40] אויפן פסוק[41] "עוטה אור כשלמה", אז "נתעטף הקב"ה בשלמה" און ער האט באשאפן די וועלט, וואס "שלמה" איז דער ענין התורה, וואס זי איז דער ממוצע צווישן דעם אויבערשטן מיט וועלט – און דערפאר איז דורך תורה קומט אראפ עצמות אין "מעשיך",

איז דא נאך א העכערער ממוצע צווישן דעם אויבערשטן מיט וועלט, וואס דאס זיינען אידן – ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם מארז"ל[42] "במי נמלך בנשמותיהן של צדיקים", וואס דאס גייט דאך אויף אלע אידן, ווארום "ועמך כולם צדיקים"[43], און ווי ס'שטייט[44] אז "נעשה" איז ר"ת נמלך עם שמאי והלל, וואס זיי זיינען כולל די נשמות פון אלע אידן, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער הקדמה פון תניא.

און וויבאלד אז חודש תשרי איז א חודש כללי[45], ובפרט די מועדים פון חודש תשרי וואס זיי זיינען ענינים כלליים על כל השנה כולה – איז דער ענין (וואס אידן זיינען דער ממוצע צווישן דעם אויבערשטן מיט וועלט, דערפאר וואס אידן זיינען איין זאך מיטן אויבערשטן) מודגש אין די מועדים פון חודש תשרי:

בנוגע צו ר"ה זאגט מען דאך[46] "אמרו לפני בר"ה כו' מלכיות כדי שתמליכוני עליכם", אז אידן פועל'ן דעם ענין פון בנין המלכות, ועד"ז כל הספירות, ביז צו רצון ותענוג, כמבואר אין סידור ד"ה להבין ענין תק"ש ע"פ כוונות הבעש"ט ז"ל[47] – וואס דאס איז דערפאר וואס אידן זיינען איין זאך מיטן אויבערשטן, ווי ס'שטייט[48] "יבחר לנו את נחלתנו את גאון יעקב גו'", און "חלק ה' עמו", וואס דערפאר קענען זיי אויפטאן דעם ענין פון "תמליכוני עליכם".

**ועד"ז איז דאס אויך מודגש אין דעם סיום המועדים פון חודש תשרי – אין שמח"ת:**

**– מ'האט –**

---

37) ראה סה"מ ה'ש"ת ע' 67 ואילך. ועוד. 38) משלי ח, ל. 39) ב"ר פ"ח, ב. מדרש תהלים עה"פ צ, ד. 40) ב"ר פ"ג, ד. שמו"ר פ"נ, א. ועוד. 41) תהלים קד, ב. 42) ב"ר פ"ח, ז. 43) ישעי' ס, כא. 44) מגלה עמוקות אופן עד. 45) אוה"ת סוכות ע' א'תשנו. ברכה ס"ע א'תתסו ואילך. ד"ה צהר תעשה תש"ב פ"ג. ועוד. 46) ר"ה טז, א. לד, ב. 47) רמו, א ואילך. 48) תהלים מז, ה.

מ'האט געערדט פריער[49] אז אין "אתה הראת" זיינען דא צוויי פירושים: איין פירוש אז "אתה גייט אויף א אידן, און א צווייטער פירוש אז "אתה" גייט אויף עצמות - וואס דער קשר צווישןביידע פירושים איז, אז אידן מיט עצמות זיינען איין זאך, וואס דערפאר גייט דער "אתה" סיי אויף עצמות און סיי אויף אידן.

ח. עס איז אבער דא אן אויפטו אין שמח"ת לגבי ר"ה, אז בשמח"ת איז מודגש דער קשר פון אידן מיט עצמות אין דעם ענין פון "מעשיך":

דער חילוק צווישן ר"ה מיט שמח"ת איז - אז בר"ה איז דער ענין (וואס אידן זיינען איין זאך מיט עצמות) בנוגע צו מעלת הנשמות, משא"כ בשמח"ת וואס דעמולט איז דאס בנוגע צום גוף און דער ענין המעשה - ווארום דער עיקר הענין פון שמח"ת איז דער ענין הריקודים ברגלים.

וכידוע דער סיפור וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט[50] אז אויף מארגן פון שמח"ת האבן די מלאכים געפונען "פאנטאפל" אין ג"ע, און זיי האבן נים געוואוסט וואס דאס איז, האט מען זיי געזאגט אז דאס זיינען פאנטאפל וואס זיינען צוריסן געווארן פון די ריקודים פון שמח"ת.

וואס לכאו', איז נים פארשטאנדיק: פארוואס דערציילט מען וועגן "פאנטאפל" דוקא, מ'זעט דאך במוחש אז פון די ריקודים פון שמח"ת ווערט צוריסן אויך דער "סערטוק", קען דאך אויך דער "סערטוק" בלייבן שטעקן אין ג"ע (נים נאר די "פאנטאפל")?

איז דער ביאור בזה - אז דער אויפטו פון שמח"ת איז אז ס'איז פארבונדן און פועל'ט אין דעם "תחתון", ביז צום תחתון שאין למטה ממנו, און דערפאר איז די הדגשה אויף "פאנטאפל" דוקא, ווארום אויב ס'איז אן ענין וואס א מלאך ווייסט וואס דאס איז, איז דאס נאך נים דער תחתון שאין למטה ממנו, ווארום ס'זיינען דא ענינים וואס א מלאך ווייסט נים וואס דאס איז - און דערפאר איז די הדגשה אויף "פאנטאפל" דוקא, תחתון שאין למטה ממנו, נים נאר דער חלק התחתון פון דעם גוף, דער רגל, נאר דער <u>לבוש</u> פון דעם חלק התחתון שבגוף.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר פון דעם פסוק "אין כמוך באלקים אד' ואין כמעשיך" (דער פארבונד פון עצמות מיט דעם ענין המעשה) מיט שמח"ת - וויבאלד אז בשמח"ת איז דער פארבונד פון אידן מיט עצמות (די צוויי פירושים אין "אתה") מודגש אין דעם ענין המעשה (ריקוד ברגלים).

- ט. -

------------

49) שיחה הנ"ל סי"ד. 50) סה"ש תש"א ע' 32.

ס.   די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

ווען א איד גייט אוועק פון שמח"ת, און עס הויבט זיך אן די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו"[51], ער גייט אריין אין א וועלט וואס איז א החהון שאין למטה ממנו - דארף ער מיטנעמען פון שמח"ת על כל השנה כולה דעם ענין אז אידן זיינען איין זאך מיט עצמות, און דאס זאל אראפקומען און פועל'ן אין זיין עבודה בקיום התומ"צ, ביז אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[52] און "בכל דרכיך דעהו"[53] - אז אין די אלע ענינים זאל דערהערט ווערן אז אידן זיינען איין זאך מיט עצמות.

און דעם כח אויף דערויף נעמט מען פון שמח"ת, וויבאלד אז דער אויפטו פון שמח"ת איז, אז עצמות איז פארבונדן מיט מעשה און תחתונים דוקא, ווי ס'איז מודגש אין דעם פסוק "אין כמוך גו' ואין כמעשיך", ועד"ז אין אלע י"ז פסוקים פון "אתה הראת",

ביז צום לעצטן פסוק "כי מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים"[54] - אז דאס דארף אראפקומען אין "ציון" און "ירושלים" כפשוטה (ניט נאר דער ענין פון "ציון" ווי דאס איז אין נפש האדם, כמבואר אין לקו"ת[55] אויף ציון במשפט תפדה, נאר אויך כפשוטו), אן עיר מיט עצים ואבנים ועפר, מיט אלע ענינים וואס דארפן זיין אין אן עיר, און אין אן אופן פון "עיר על תלה"[56] - ווארום הורה דארף אראפקומען למטה דוקא.

ד.ה. תורה בלייבט ניט אין אן אופן פון "משה קבל תורה מסיני"[57], נאר זי קומט אראפ אין ירושלים, און אין לשכת הגזית.

תורה איז טאקע געגעבן געווארן "מן השמים", אבער דערנאך זאגט מען אז "לא בשמים היא"[58], וואס דערפאר איז "אין משגיחין בבת קול"[59], וויבאלד אז תורה איז געגעבן געווארן למטה דוקא.

און וויבאלד אז מ'זאגט "לא בשמים היא", איז פארשטאנ- דיק אז א איד דארף ניט קלעטערן אויף די "שמים", און פון די "שמים" אין "שמי השמים", און פון "שמי השמים" אויפן "כסא הכבוד", און פון דעם "כסא הכבוד" צום אדם העליון שעל הכסא (ווי ס'שטייט[60] בנוגע צו מ"ת אז "הרכין הקב"ה שמים

- התחתונים -

------------

51) ל' הכתוב - ויצא לב, ב. וראה לקו"ש ח"י ע' 192. וש"נ. 52) אבות פ"ב מי"ב. 53) משלי ג, ו. 54) ישעי' ב, ג. 55) ר"פ דברים. 56) ל' הכתוב - ירמי' ל, יח. 57) אבות רפ"א. 58) ב"מ נט, ב. 59) ברכות נב, רע"א. ב"מ שם. 60) מכילתא עה"פ יתרו יט, כ. וראה גם פרש"י עה"פ.

התחתונים ושמי השמים העליונים וירד כסא הכבוד עליהם") - ווארום תורה איז אראפגעקומען למטה דוקא.

ביז ווי עס שטייט אין מדרש[61] אז דער אויבערשטער זאגט צו מלאכי השרת לאכיר ביין און הערן דעם פס"ד וואס ב"ד האט אפגע'פסק'נט דא למטה ווען איז ר"ה וכיו"ב.

וכמבואר אין אגה"ק[62] אז בירור הספיקות אין תורה קען ניט אויפגעטאן ווערן דורך די עליונים, נאר דוקא דורך די תחתונים, "ולכן באים העליונים לשמוע תידושי תורה מהתחתונים כו'" - וויבאלד אז תורה איז אראפגעקומען למטה דוקא.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוראה פון שמח"ה (אז אידן ווי זיי שטייען למטה זיינען איין זאך מיט עצמות) דארף א איד מיטנעמען על כל השנה כולה בנוגע לכל ענינינו, ביז אין די ענינים התחתונים שלו - וויבאלד אז כללות ענין התורה איז פארבונדן און איז אראפגעקומען אין תחתונים דוקא.

י. דעם ענין זעט מען אויך אין דער קריאה פון שמח"ה:

נאך דערויף וואס מ'איז מסיים את כל התורה כולה, הויבט מען אן די תורה נאכאמאל פון-ראס-ניי, מ'הויבט אן ליינען פ' בראשית.

און גלייך בתחלה הלימוד, ווען מ'לערנט מיט א בן חמש למקרא - ברענגט אראפ רש"י דעם ענין פון "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים"[63], אז עס ווערט דער "הגיד לעמו" - א הגדה והמשכה[64] לכאו"א בעבודהו, סיי אין זיין עבודה רוחנית, אין די ז' מדות, וואס אין זיי באשטייט עיקר העבודה, ביז וואנעט אז דאס קומט אראפ אין "לתת להם נחלת גוים" כפשוטו, וואס דאס גייט אויף אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[65] - ד.ה. אז די ענינים פון שמח"ה קומען אראפ ביז אין גשמיות כפשוטו.

און אין דערויף באשטייט התחלת העבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" - אז מ'זאל מיטנעמען אלע ענינים פון שמח"ת על כל השנה כולה, ביז אין דברים תחתונים כפשוטם.

און די נתינת כח אויף דערויף באקומט מען פון חודש תשרי, וואס עד איז א חודש כללי, ובפרט די מועדים שבו, וואס זיי זיינען מועדים כלליים על כל השנה כולה, ביז צו סיום המועדים פון חודש תשרי - דער טאג פון שמח"ת, וואס דעמולט לייענט מען פ' בראשית בגלוי, און מיט א ברכה לפני' ולאחרי',

- וכידוע -

---

61) דב"ר פ"ב, יד. 62) סכ"ו (קמד, ב ואילך). 63) ל' הכתוב - תהלים קיא, ו. 64) ראה לקו"ש ח"י ע' 6. 65) עקב יא, יב.

וכידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[66], אז פ' בראשית איז א גרו'יסע סדרה - וואס די וועלט טייטשט דאס אפ כפשוטו, אז דער משך השנים וואס פ' בראשית נעמט ארוס, איז א סאך מערער ווי דאס איז אין אלע איבעריקע פרשיות; ס'איז טאקע אין ענין יוצא מידי פשוטו, דאס איז אבער אין אן אופן פון "נשתלשלו מהן"[67] - דערפאר וואס אזוי איז דאס בפנימיות העניינים, וואס דאס איז ע"ר הענין פון "יום שכולו ארוך", שגם בתחלתו הוא ארוך[68].

וכידוע אויך דער פתגם פון רבותינו נשיאינו[69], אז "אזוי ווי מ'שטעלט זיך שבת בראשית, אזוי גייט א גאנץ יאר".

יא. און דאס איז כללות ההוראה וואס מ'נעמט פון שמח"ת - אז די התחלה הויבט זיך אן מיט "אתה הראת", און מיט "משה קבל תורה <u>מסיני</u>" (ווי תורה שטייט אין "סיני") - אבער דער תכלית השלימות דערפון איז, ווען עס קומט אראפ אין "ציון" און "ירושלים", אז "מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים".

און ווי מ'זעט אויך בנוגע צו סנהדרין - וואס זיי זיינען דאך די "לעבעריקע תורה" - אז אע"פ אז ס'זיינען געווען סנהדרין אין מדבר, אין שילה, אין נוב און אין גבעון - איז אבער די אמת'ע סנהדרין (אין אן אופן אז "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[70]) געווארן דוקא ווען מ'איז געקומען אין "ציון" און "ירושלים" - "(אל המנוחה ו)אל הנחלה"[71].

די הוראה דערפון לכאו"א:

פון שמח"ת נעמט א איד דעם כח אז בנוגע צו אלע ענינים פון עוה"ז התחתון, זאל ביי אים זיין "תורה" דער פוסק ווי ער דארף זיך פירן, און אין אן אופן אז ס'איז ניטא קיין אנדער פוסק אויסער תורה - ווי געזאגט פריער אז דער תכלית הכוונה איז, אז די ענינים פון תורה זאלן אראפקומען למטה דוקא.

און אפי' ווען שו"ע פסק'נט אפ אז דעם ענין דארף מען פרעגן ביי א רופא אדער ביי אן איש צבא וכיו"ב - איז ניט דער טייטש אז ער טוט דאס דערפאר וואס אזוי האט געזאגט דער רופא אדער דער איש צבא (ווארום אן ענין וואס א רופא אדער אן איש צבא זאגט, קען ניט דוחה זיין ח"ו את כל התורה כולה) - נאר נאך דערויף וואס דער רופא און דער איש צבא זאגן

- זייער -

---

66) לקו"ש ח"ב ע' 450. 67) ע"ד ל' התניא רפ"ג.
68) תו"א תולדות יח, ד. 69) ראה לקו"ש ח"א ריש ע' 1. ח"ב ע' 449. 70) עיקר הט' מי"ג עיקרים. 71) ראה יב, ט. וראה מגילה י, א. זבחים קיט, א.

זייער מיינונג, ווערט דאס "דעת תורה", ר.ה. אז ער טוט דאס דערפאר וואס אזוי האט גע׳פסק׳נט תורה.

וואס דער ביאור בזה איז - ע"ד ווי מ׳זאגט בנוגע צו כללות ענין התורה אז "לא בשמים היא", נאר זי איז געגעבן געווארן למטה דוקא, אזוי איז אויך בנוגע צו תורה ווי זי איז דא למטה, אז אין דעם פס"ד פון תורה זיינען דא צוויי אופנים:

ס׳איז דא אן אופן וואס דער רב (אדער די סנהדרין - וואס זיי געפינען זיך אין לשכת הגזית, סמוך למזבח[72]) פסק׳נט אליין דעם פס"ד; עס זיינען אבער דא ענינים וואס תורה פסק׳נט אז מ׳דארף פרעגן בא א רופא וכיו"ב,

ע"ד ווי תורה זאגט אז אויף צו מקיים זיין מצות תפילין, דארף מען האבן עור, דיו וקולמוס וכיו"ב, עד"ז זאגט תורה אז אין ענינים פון פקו"נ וואס זיינען פארבונדן מיט בריאות הגוף דארף מען פרעגן ביי א רופא, און אין ענינים פון פקו"נ וואס זיינען פארבונדן מיט בטחון דארף מען פרעגן ביי אן איש צבא,

ד.ה. אז דער רופא און דער איש צבא וכיו"ב, זיינען דער כלי און מכשיר אויף צו מברר זיין "דעת תורה" בשלימותה.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לכאו"א בעבודתו - אז "תורה" ווערט ביי אים דער איין און איינציקער פוסק בנוגע לכל עניניו;

וואס אפי׳ נאך דערויף וואס ער האט געהערט דעם פס"ד פון דעם רב, איז דאך דאס מערניט ווי "דעת תורה", און ס׳דארף זיין "המעשה הוא העיקר"[73], ער זאל קומען צו די אייגענע ד׳ אמות, און דארטן זאל ער זיך פירן באופן כזה - און אויף דערויף זאגט מען אז "תורה" ווערט ביי אים דער איינציקער פוסק, אז אין אלע זיינע ענינים פירט ער זיך כפי הוראות התורה.

יב. און דאס איז די הוראה וואס מ׳נעמט פון דעם ענין ההקפות, און פון די פסוקים וואס מ׳זאגט פאר די הקפות, ביז פון כללות הענין פון שמח"ת:

ווען מ׳זאגט א אידן אז עס דארף זיין דער "ויעקב הלך לדרכו", ער דארף טאן עבודתו אין וועלט, און מ׳זאגט אים אז "כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם"[74], אז די גאנצע

- וועלט -

---

72) נסמן בלקו"ש חי"ד ע׳ 193 הע׳ 49. 73) אבות פ"א מי"ז. 74) סנהדרין לז, סע"א במשנה.

וועלט איז באשאפן געווארן בשבילו, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון הקדמת הרמב"ם צו פיהמ"ש שלו[75] - הויבט ער אן צו טראכטן: ווי אזוי וועט ער זיך קענען איינקערן מיט דער גאנצער וועלט?!

זאגט מען אים - אז די התחלה הויבט זיך אן פון "אתה הראת", וואס אין דערויף איז מודגש אז א איד איז איין זאך מיט עצמות ומהות - און עצמות ומהות זאגט אים ער זאל גיין אין "ציון" און אין "ירושלים", און פון דארטן זאל זיין "כי מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים" אין גאנץ סדר השתלשלות, ביז אפי' אין לפני הצמצום.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען א איד גייט אין דער עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו", גייט ער צוזאמען מיט עצמות ומהות - דער "אתה" (עצמות) צוזאמען מיטן "אתה" (א איד), ע"ד ווי ס'איז מבואר אין ביאוה"ז[76] אז דער יש הנברא איז איין זאך מיטן יש האמיתי - אין אין דעם אופן גייט ער אוועק "לדרכו".

און וויבאלד אז אידן זיינען "מאמינים בני מאמינים"[77], א איד גלויבט אז דער אויבערשטער האט באשאפן די גאנצע וועלט, און ער איז דער בעה"ב אויף דער גאנצער וועלט - איז קיין פלא ניט אז מ'האט אים (דעם אידן) אפגעגעבן די גאנצע וועלט, און מ'האט אים אנגעזאגט אז ס'זאל זיין "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה"[78].

[בדוגמא ווי ס'איז געווען דער ציווי צו אדה"ר - וואס אדה"ר איז באשאפן געווארן "יחידי", כדי אז יעדער איד זאל וויסן אז ער איז בדוגמת אדה"ר[79], וואס ער איז געווען דער ערשטער "יחידי"] -

מ'דארף אנקומען צו כיבוש, ווארום די וועלט לאזט זיך ניט - ווען ער האלט זיך אבער מיט עצמות ומהות, דורך דעם ענין פון תורה, איז קיין פלא ניט אז ער איז כובש די גאנצע וועלט,

ביז וואנעט אז ער פועל'ט אז ס'זאל זיין ניט נאר אין אן אופן פון כיבוש, נאר אין אן אופן פון "ומלכותו ברצון קבלו עליהם", ע"ד ווי דאס איז ביי אידן - אז עס וועט דער "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[80].

וואס דער ענין הויבט זיך אן אין דעם זמן וואס

- מ'געפינט -

---

75) ד"ה דע כי הקדמונים חקרו. 76) בשלח מג, ג ואילך.
77) שבת צז, א. 78) בראשית א, כח. 79) ראה סנהדרין שם.
80) צפני' ג, ט.

מ׳געפינט זיך אין "שמים" - אין דעם זמן פון חודש תשרי, ובפרט אין די מועדים שבו, ביז צו סיום המועדים (שמח"ת), וואס לגבי כל השנה כולה איז דאס בדוגמת "שמים" לגבי "ארץ",

און ער ווערט א בעה"ב אויף אלע ענינים פון "שמים" און "ארץ" - דערפאר וואס ער נעמט זיך פון "שמים" און "ארץ", ווי ס׳שטייט אין מדרש[81] אז דער אדם איז באשאפן געווארן מן העליונים ומן התחתונים.

יב. און בשעת ער גייט אוועק אין וועלט וויסנדיק אז ער איז שלוחו של הקב"ה, ביז וואנעט אז דאס איז דער זעלבער "אתה" ווי עצמות ומהות - פועל׳ט דאס אז זיין עבודה איז אין אן אופן של הרחבה, ומתוך שמחה וטוב לבב, ביז אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה לגמרי.

און בשעת אז זיין עבודה איז אין אן אופן פון "ופרצת", למעלה ממדידה והגבלה - ברענגט דאס בקרוב ממש דעם "עלה הפורץ לפניהם"[82], אז מ׳איז פורץ אלע גדרים גשמיים [וואס א דבר גשמי קען דאך ניט זיין אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה, ווי ס׳איז פארשטאנדיק דערפון וואס ער איז מבאר אין ספר החקירה ובכ"מ[83], אז דא למטה (אין גשמיות) איז ניט שייך קיין ענין של א"ס בפועל], און אין אן אופן אז ס׳איז ניכר לעיני בשר, ביז וואנעט אז מ׳איז כובש די גאנצע וועלט.

וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס ער פירט זיך לויט הוראות התורה - וואס תורה איז דאך משנה די מציאות פון וועלט (כמדובר כמ"פ) - אז עס ווערט אן עולם פון תורה, ועאכו"כ אז אזוי ווערט בנוגע צו חלקו בעולם.

און עס ווערט בטל דער ענין הגלות כפשוטו - דער גלות באשטייט אין "בחומר דא ק"ו ובלבנים דא ליבון הלכתא"[84], אז ער איז מברר און מגלה דעם פס"ד בפועל, אין דעם באשטייט דער קושי השעבוד, אבער בנוגע צו אלע ענינים גשמיים, באקומט ער זיי מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה, ביז אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה.

און דעמולט איז ילך לבטח דרכו - דערפאר וואס ער איז פארבונדן מיט "וישכון ישראל בטח בדד עין יעקב"[85], וויבאלד אז ער איז איין זאך מיט עצמות ומהות, דער "יחידי" מיטן "יחידי".

- און -

---

81) ב"ר פ"ח, יא. פי"ב, ח. 82) ע"פ מיכה ב, יג. וראה ב"ר פפ"ה, יד ובפרש"י שם. 83) ראה סה"מ תרע"ח ע׳ תכ בהע׳. 84) זח"ג קנג, א. 85) ברכה לג, כח.

און דאס קומט אראפ בגילוי "לעיני כל ישראל"[86], ביז וואנעט אז דאס קומט אויך אראפ אין "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", "את השמים לרבות תולדותיהם ואת הארץ לרבות תולדותי'"[87], ביז צום עיקר הענין - אז עס ווערט אויפגעטאן א דירה לו ית' בתחתונים, מתוך שמחה וטוב לבב.

און דאס אלץ ווערט אויפגעטאן אין די לעצטע טעג פון גלות - און דאס איז מחיש די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין "מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים", וואס נוסף אויף "ציון" און "ירושלים" ברוחניות, מיינט דאס אויך "ציון" און "ירושלים" כפשוטו, אן עיר על תלה בנוי', במהרה בימינו ממש.

* * *

יד. שוין גערעדט כמ"פ אז אין יעדער ענין איז דא א כלל למעלה מכלל און א פרט למטה מפרט - ע"ד ווי מ'זעט דאס אין כללות העולם אז אין דערויף איז דא דער ראש, אמצע און סוף (מיט אלע ענינים שבינתיים), ועד"ז איז דאס אויך אין דעם "עולם קטן", אז אין דערויף איז אויך דא ראש, אמצע און סוף.

ועד"ז איז דאס אויך אין דעם "עולם גדול" גופא, אז אין אים זיינען דא ענינים וואס יעדערער פון זיי איז א כלל וואס איז כולל כמה ענינים, אע"פ אז בערך פון דעם "עולם גדול" איז דאס מערניט ווי איין דרגא און איין פרט.

עד"ז געפינט מען אויך בנוגע צו אידן:

בא יעדן אידן זיינען דא די דרגות פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך" - זיין "ראש", און אלע איבעריקע ענינים, ביז צום כח העשי' - "חוטב עציך ושואב מימיך".

דערנאך איז דא ווי אלע אידן פון איין שבט ווערן נתאחד און נכלל אין דעם נשיא השבט, וואס דער נשיא פון דעם שבט איז כולל דעם גאנצן שבט - און וויבאלד אז די אידן פון דעם שבט ווערן פאנאנדערגעטיילט אין די חילוקים פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך", איז פארשטאנדיק, אז אין דעם נשיא זיינען אויך דא די אלע דרגות פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך" (ווי יעדערער פון זיי שטייט אין דעם כלל), נוסף לזה וואס אלס איש פרטי זיינען ביי אים גופא דא די חילוקים פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך".

און דערנאך איז דא ווי אלע נשיאים פון אלע שבטים

- ווערן -

---

86) שם לד, יב. 87) פרש"י עה"פ בראשית א, יד.



הנחת הת' בלתי מוגה

ווערן נתאחד און נכלל אין דעם מלך, ווי רש"י[88] זאגט אז "הנשיא הוא הכל", ער איז כולל כללות עם ישראל - און אין דעם נשיא (ר.ה. ווי אלע אידן זיינען כלול אין דעם נשיא) זיינען אויך דא די חילוקים פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך".

עד"ז געפינט מען אויך אין שמותיו של הקב"ה, ולדוגמא - שם הוי׳:

שם הוי׳ איז כולל די ד׳ אותיות יו"ד ה"א וא"ו ה"א, וואס דאס איז ווי דער ענין איז בכללות; און דערנאך ווערט נשתלשל פון דעם ה"א אחרונה באנץ סדר השתלשלות, וואס יעדער ענין אין סדר השתלשלות ווערט פאנאנדערגעטיילט אין ד׳ עניינים, ע"ד די ד׳ אותיות פון שם הוי׳, און דערנאך ווערן נמשך פון די פרטים נאך כו"כ פרטים, סיי למטה מטה און סיי למעלה מעלה.

סו. עד"ז געפינט מען אויך אין חג הסוכות - בנוגע צו די ד׳ מינים:

די ד׳ מינים שטייען אין אן אופן פון "ויעשו כולם <u>אגודה אחת</u> לעשות רצונך בלבב שלם", ד.ה. יעדערער פון זיי איז א חלק פון דעם ענין פון "לעשות רצונך בלבב שלם", זיי שטייען אבער אין אן אופן פון "אגודה אחת", אין אן אופן פון אחדות.

ובפרטיות יותר - איז מודגש דער ענין האחדות אין יעדערער פון די ד׳ מינים באזונדער[89]:

"אתרוג" - איז סובל אלע שינויי האוירים וכו׳[90], "לולב" - איז אין אן אופן פון "<u>כפות</u> תמרים"[91], "כפות" - צוזאמענ-געבונדן[92] "הדס" - איז אין אן אופן פון "ענף עץ <u>עבות</u>"[91], "קלועים כעבותות וכחבלים"[93], און "ערבה" - שגדלים באחוה[94].

וואס דאס איז ע"ד ווי אדה"ר איז כולל אלע נשמות פון אידן, ועד"ז אויך יעקב[95] - און דערנאך קומען זיי אראפ אין פרטים - אין אלע י"ב שבטים, וואס אין יעדערן פון זיי זיינען דא כו"כ פרטים וכו׳.

- ועד"ז -

---

88) עה"פ חקת כא, כא. 89) ראה סידור רסד, ד ואילך. ד"ה וככה תרל"ז פפ"ז. בסוכות תשבו תשל"ח סי"ד. 90) סידור רסה, רע"א. ד"ה וככה שם. 91) אמור כג, מ. 92) סוכה לב, א. 93) פרש"י עה"פ. וראה סוכה שם, ב. 94) סידור רסד, סע"א. ד"ה וככה שם. וראה שבת כ, א ובפרש"י שם ד"ה אחוונא. 95) אגה"ק ס"ז (קיא, ב). דרמ"צ מצות אהבת ישראל.

ועד"ז איז דאס אויך אין כללות עבודת האדם אין חודש תשרי:

חודש תשרי איז א חודש כללי, און אין אים זיינען דא אלע סוגי עבודה: די עבודה פון שמחה - אין "זמן שמחתנו", ובפרט אין שמע"צ ושמח"ת, און די עבודה פון קבלת עול - בד"ה וכו׳,

און דערנאך קומט דאס אראפ אין פרטים במשך כל חדשי השנה: דער ענין השמחה - אין די זמני שמחה פון כל השנה כולה, און דער ענין פון קב"ע - בשעת ק"ש פון כל השנה כולה.

ועד"ז איז דאס אויך אין חודש תשרי גופא:

וויבאלד אז ר"ה איז כולל את כל השנה כולה, וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן "ראש השנה", און ניט "תחילת השנה"[96], איז פארשטאנדיק, אז ער איז כולל אלע ענינים פון כל השנה כולה - דער ענין פון קב"ע, און דער ענין השמחה (אין אן אופן פון "גילו ברעדה"[97]), ועד"ז שאר עניני השנה.

ועד"ז איז דאס אויך אין דעם ענין פון "מעשיך":

אין כללות העולמות איז דער ענין פון "מעשיך" פארבונדן מיט עולם העשי׳, און אין עולם העשי׳ גופא, זיינען דא די חילוקים פון מחשבה דיבור ביז מעשה, ועד"ז איז דאס אויך אין דעם ענין המעשה גופא - כמבואר אין סידור אין די דרושים פון תק"ש[98] אז אין דעם ענין העשי׳ גופא איז נכלל דער ענין פון דיבור, מחשבה, מדות, שכל, רצון, ביז צו תענוג (ווי זיי שטייען אין דעם ענין העשי׳), און דערנאך איז דא דער מעשה אליין.

עד"ז געפינט מען אויך אין כללות המצוות:

כללות מעשה המצוות ווערט אנגערופן "ארץ", כמבואר אין תו"א פון פ׳ בראשית[99] אז "הארץ הדום רגלי"[100] גייט אויף דעם ענין המצוות, וואס זיי ווערן אנגערופן "ארץ" לגבי "השמים כסאי"[100] - דער ענין פון תורה.

און אין מצוות גופא זיינען אויך דא כללים און פרטים: אין יעדער מצוה איז דא דער ענין פון מחשבה דיבור ומעשה[101], ביז וואנעט אז ס׳שטייט[102] "זאת התורה אדם" - וכמבואר אין

- ספר -

------------

96) לקו"ת תבוא מא, ג. עט"ר בתחלתו. ועוד. 97) ל׳ הכתוב - תהלים ב, יא. וראה לקו"ת נצבים מז, רע"א ואילך. 98) רמז, סע"א ואילך. 99) יא, ב. 100) ישעי׳ סו, א. 101) לקו"ת ר"פ פינחס. ובכ"מ. 102) חקת יט, יד. וראה סה"מ תש"א ע׳ 99.

ספר חרדים אז ס'זיינען דא מצוות התלויות בראש, און מצוות התלויות ברגל.

וואס וויבאלד אז "תורת אמת" זאגט אז דאס זיינען מצוות התלויות ברגל, זיי זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון "רגל" - איז פארשטאנדיק, אז זיי האבן אין זיך א מעלה לגבי שאר המצוות, בדוגמת מעלת הרגל לגבי הראש והגוף, כמבואר אין לקו"ת פ' נצבים[103] (וואס "קורין לעולם קודם ר"ה"[104]).

סז. בהמשך להאמור לעיל וועגן די מצוות התלויות ברגל - איז כאן המקום צו מביע זיין דעם גודל הנחת רוח, און אפגעבן א יישר כח, צו די וואס האבן זיך משתתף געווען אין דעם ענין פון "הוי רץ לדבר מצוה"[105] - וואס דאס איז פון די מצוות התלויות ברגל - וואס מ'איז געגאנגען א מספר צעדים [עאכו"כ די וואס זיינען געגאנגען א מספר רב פון צעדים], אויף ברענגען צו אידן דעם ענין פון שמחת המועדים, ובפרט די שמחה פון שמע"צ ושמח"ת.

[אע"פ אז אויף אן ענין של מצוה איז לכאו' ניט שייך אפגעבן א יישר כח, ווארום דורך א מצוה פועל'ט מען אויף דעם גרעסטן נח"ר וואס קען זיין - "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[106] -

אעפ"כ, ווען א איד דערהערט אז ס'האט זיך אויפגעטאן נאך אן ענין של מצוה, פועל'ט דאס ביי איס א נחת רוח - מצד דערויף וואס ער איז איין זאך מיטן אויבערשטן, וואס דערפאר איז פון דעם "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני" ווערט נשתלשל א נחת רוח בא יעדער אידן וואס ער איז "חלק ה'";

און איינער פון די ערשטע ענינים פון תורה איז - אז מ'דארף מכיר טובה זיין, און אפגעבן א יישר כח].

וואס מ'איז געגאנגען אין אזוינע ערטער וואס לולא זאת וואלט מען ניט געווען דער ענין השמחה און ריקודים ברגלים בפועל, און אפי' וואו עס וואלט יע געווען - איז אבער פארשטאנדיק אז ווען ס'קומט-צו א "פנים חדשות", איז דאס מוסיף אין דער שמחה,

ע"ד ווי מ'זעט בנוגע צו שמחת נישואין, אז ווען ס'איז דא א "פנים חדשות", מאכט מען נאכאמאל "שבע ברכות", אע"פ אז מ'האט דאס שוין געזאגט א ריבוי פעמים לפנ"ז[107] -

- וואס -

---

103) מד, א. 104) לקו"ת שם. 105) ראה אבות פ"ד מ"ב. 106) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 107) שו"ע אה"ע סס"ב ס"ז.



הנחת הת' בלתי מוגה

וואס יעדער ענין של מצוה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שמחת נישואין - וויבאלד אז דורך יעדער מצוה ווערט אויפגעטאן דער "יחוד קוב"ה ושכינתי'".

[וואס אע"פ אז לויט מנהג חב"ד זאגט מען ניט "לשם יחוד קוב"ה ושכינתי'" פאר יעדער מצוה - איז דאך איינער פון די ביאורים בזה, אז וויבאלד מ'זאגט "לשם יחוד" בתחלת היום, פאר "ברוך שאמר", ווערט נמשך די אמירה אויף אלע מצוות וואס מ'טוט במשך כל היום כולו, ביז ווען מ'זאגט "לשם יחוד" אויף מארגן.

וואס אע"פ אז אין קבלה[108] שטייט אז מ'זאל זאגן "לשם יחוד" (און אין תניא[109] און אין חסידות[110] זיינען דא ביאורים אין דעם ענין פון "לשם יחוד"), איז דאך אבער מנהג חב"ד אז מ'זאל זאגן "לשם יחוד" נאר פאר "ברוך שאמר" [ווי מ'האט געזעהן די הנהגה פון רבותינו נשיאינו אז פאר יעדער מצוה האבן זיי ניט געזאגט בדיבור "לשם יחוד" (זייערע מחשבות קען מען ניט וויסן, אבער בדיבור האט מען דאס ניט געהערט)] -

וואס דער ביאור בזה איז - אז דאס איז א פעולה נמשכת פון אמירת "לשם יחוד" בתחלת היום (פאר "ברוך שאמר"), וואס דאס פועל'ט אויף אלע ענינים וואס מ'טוט במשך פון דעם טאג, כולל אויך דעם ענין פון לימוד התורה - וואס עיקר העילוי פון לימוד התורה איז דוקא אין דעם לימוד התורה שלאחרי עבודת התפלה, אין אן אופן פון "הפלתי סמוכה למטתי"[111], כמבואר אין לקו"ת פ' ברכה[112]].

און דערפאר דארף זיין די הכרת הודה צו די וואס זיינען געגאנגען אויפטאן ביי אנדערע א הוספה אין דעם ענין השמחה, דורך דעם "פנים חדשות",

ועאכו"כ בנוגע צו די וואס זיינען געגאנגען בבקר זיין אין מקומות רחוקים כפשוטו - אע"פ אז בפנימיות הענינים שטייען אלע אידן אין אן אופן פון "ויהי בישורון מלך בהתאסף ראשי עם" (ווי מ'האט געלערנט אין פ' ברכה[113]), עאכו"כ ווען ס'איז שוין לאחרי ר"ה, וואס דעמולט ווערן אלע אידן "כאיש אחד חברים"[114], און א "קומה אחת שלימה", כמבואר אין לקו"ת פ' נצבים[103] - וואס פ' נצבים לייענט מען לעולם קודם ר"ה,

- וואס -

---

108) סידור האריז"ל ריש הל' ביה"כ. 109) פמ"א (נז, ב). 110) לקו"ת ר"ה סא, ב. מאמרי אדה"ז - אתהלך לאזניא ד"ה כתוב בתניא (ע' כו ואילך). ד"ה ענין יחוד קוב"ה ושכינתי' (ע' עד). 111) ברכות ה, ב. 112) צו, ב. 113) לג, ה. 114) שופטים כ, יא.

וואס דער ענין וואס אידן זיינען "קומה אחת שלימה" ווערט נמשך אין גאנץ חודש תשרי, עאכו"כ אין די ימים מיוחדים פון חודש תשרי - אין די טעג פון תגה"ס, וואס אין זיי איז מודגש אז אלע ד׳ סוגים פון אידן (וועלכע זיינען כנגד די ד׳ מינים[115]) שטייען אין אן אופן פון "אגודה אחת",

עאכו"כ אין שמע"צ ושמח"ת - כמבואר אין מדרש[116], און ס׳איז מבואר אין חסידות[117] בארוכה, אז דעמולט איז מען מקריב "פר אחד איל אחד", דערפאר וואס דער אויבערשטער זאגט צו אידן "נגלגל אני ואתם", און דעמולט זיינען "ישראל ומלכא בלחודוהי"[118].

יז. ואשרי חלקם וגדול זכותם פון די משתתפים בזה, ומהם יראו וכן יעשו רבים - אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "הוי רץ לדבר מצוה" בכלל, עאכו"כ צו די מצוה פון "ואהבת לרעך כמוך"[119] - אז אלע אידן וואס געפינען זיך בסביבתו זאלן שטיין אין א תנועה של שמחה,

ובפרט בנוגע צו שמע"צ ושמח"ת - ווי דער אלטער רבי שרייבט בסידורו "וגם כי עשה כן בבהכ"נ שלו", ער האט געזונגען און געטאנצט און געפראוועט הקפות אין זיין בהכ"נ, "אם הולך לבהכ"נ אחר שלא גמרו, ירנן וישמח ג"כ עמהם" - וואס ווי אזוי קומט ער צום צווייטן בהכ"נ - דערפאר וואס ער האט דערהערט אז ס׳איז דא א בהכ"נ וואס עס קען זיין אז דארטן איז די שמחה ניט בשלימותה, ובמילא איז ער "רץ לדבר מצוה" - משמח זיין די אידן וואס געפינען זיך דארטן.

ומהם יראו וכן יעשו רבים במשך כל השנה אין ענינים הדומים לזה.

און כדי אז ס׳זאל זיין דער ביטול פון אלע מדידות והגבלות - איז כנהוג אז די וואס האבן זיך אין דערויף משתתף געווען זאלן זאגן לחיים, צוזאמען מיט כל הנאספים, און ס׳זאל זיין "לחיים ולברכה" - ממשיך זיין ברכה והמשכה על כל השנה כולה,

אז ס׳זאל זיין א שנה וואס מ׳וועט לויפן בקרוב ממש מקבל זיין פני משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה, בעגלא דידן.

* * *

- יח. -

---

115) ויק"ר פ"ל, יב. 116) במדב"ר פכ"א, כד. תנחומא פינחס טז. 117) ד"ה ביוהשמע"צ תרס"ו, תער"ג ועדר"ת. ועוד. 118) זח"ג לב, א. 119) קדושים יט, יח.

יח. בהמשך להמדובר לעיל וועגן דעם ענין פון "הוי רץ לדבר מצוה" - זיינען דא אזוינע וואס בא זיי איז דאס א חלק פון זייער עבודה:

ביי אלע אידן זיינען דא כו"כ ענינים פון תומ"צ (און א ביסל - אלע איבעריקע ענינים, "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"), וואס צווישן די מצוות זיינען דא מצוות ההלויות ברגל, כולל אויך דעם ענין פון "הוי רץ לדבר מצוה".

עס זיינען אבער דא אזוינע וואס כל ענינם איז דער ענין פון "הוי רץ לדבר מצוה" - לויפן אין אן אנדער ארט, און אויפטאן דארטן א דירה לו ית' בתחתונים.

אין זייער עבודה זיינען אויך דא כו"כ ענינים: דער ענין פון לימוד התורה, קיום המצוות, השפעה על הזולת, "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו", ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן "ראש" און ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן "רגל" -

אבער אעפ"כ, וויבאלד ער געפינט זיך שלא במקומו, דערפאר וואס מ'האט אים געשיקט אהינצו, און ער איז געגאנגען אהינגעגאנגען (ניט בהברח, נאר) אין אן אופן של "רוצה", בהידורים בפלאה און מיט א חשק וכו', כמו אלע לשונות וואס דער אלטער רבי רעדט אויס אין אגה"ק סי' "אב בית לישראל"[120] - איז פארשטאנדיק, אז אלע זיינע ענינים זיינען א טייל פון כללות הענין פון "הוי רץ לדבר מצוה", ד.ה. אז זיי זיינען פארבונדן דערמיט וואס זיינע רגלים האבן אים געבראכט אין דעם ארט וואו מ'האט אים געשיקט.

יט. די כוונה אין דערויף איז - צו אלע שלוחים וואס מ'האט געשיקט, און וואס זיי האבן אנגענומען אויף זיך די שליחות ברצון, און ניט סתם ברצון, נאר אין אן אופן פון תענוג -

ווי ס'איז כדאי בעיני בשר פון דעם אופן פון קיום השליחות – אז אע"פ אז מצד כמה סיבות דארף זייער מצב הגשמי ווערן א סאך בעסער,

- ויהי"ר אז בקרוב ממש זאל זיי האבן א סאך כער כסף וזהב כפשוטו - נוסף אויף די ענינים פון אהוי"ר וואס זיי ווערן אנגערופן "כסף וזהב"[121], נאר אויך בפשטות, אז מ'זאל באקומען פון דעם גוי אלץ וואס מ'דארף פון אים באקומען -

איז ניט קוקנדיק אויף אלע בלבולים, טוען זיי זייער - ארבעט -

---

120) סכ"א. 121) תו"א וישב כו, ד. לקו"ה בהעלותך לב, ד.

ארבעט אזוי ווי ס'וואלטן ניט געווען קיינע בלבולים, און זיי פירן אויס די שליחות מתוך רצון ותענוג.

וואס כללות ענין השליחות איז פארבונדן דערמיט וואס מ'גייט אוועק אין אן אנדער ארט, "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך"[122], וואס די הליכה איז פארבונדן מיטן "רגל" - וכמבואר אין לקו"ת פ' נצבים אז דער "רגל" איז מוליך דעם ראש מיטן גאנצן גוף - ד.ה. אז ס'איז א מצוה התלוי' ברגל.

ס'איז קיין נפק"מ ניט צי מ'פארט מיט אן אוירון, מיט א רכבת וואס גייט אויף מסילת ברזל, אדער מיט א סוס וחמור - בכל אופן איז דאס א מצוה התלוי' ברגל.

און דער ענין פון "הוי רץ לדבר מצוה", ווערט בא זיי א "פעולה נמשכת" בכל עניניהם, אפי' ווען זיי שלאפן.

וואס דאס גייט אויף אלע שלוחים וואס געפינען זיך אין ירושלים העתיקה, אין ירושלים סתם, אין צפת, אין נחלת הר חב"ד, אין כפר חב"ד, אין אוסטרלי', און אין אלע מדינות פון ארה"ב, און אין אלע אנדערע מדינות, אין צרפת, אין ענגלאנד, און אין שאר המקומות, וואס מ'קען ניט אויסרעכענען אלע מקומות דערפאר וואס רבים הם, ויה"ר אז זיי זאלן זיין נאכמער רבים -

וואס אלע זייערע ענינים (אפי' לימוד התורה), זיינען פארבונדן מיט דעם כללות הענין פון "הוי רץ לדבר מצוה" - די מצוה התלוי' ברגל,

ביז וואנעט אז אפי' ווען ער שלאפט, איז די עצם ידיעה אז ער איז צוזאמען מיט בני ביתו, ועד"ז א בחור, איז פריער געווען בביתו במקום אחד, און איצטער שלאפט ער אין א צווייטן ארט, דערפאר וואס מ'האט אים אהינצו געשיקט אויף צו מוסיף זיין אין "נר מצוה ותורה אור"[123] - איז זיין שלאפן אויך א חלק פון דעם "הוי רץ לדבר מצוה".

כ. אזוי ווי מ'שטייט אין "זמן שמחתנו", וואס די שמחה איז מבטל דעם ריחוק אנן הגבלה פון זמן ומקום, און עס פועל'ט אז אלע ענינים זאלן ווערן בבת אחת אין זמן, און אין א נקודה אחת אין מקום -

איז א דבר מתאים ונכון, אז די אלע שלוחים וואס געפינען זיך דא בדרך עראי (וואס אין קדושה איז דאך יעדער ענין אין אן אופן נצחי, כמבואר אין תניא[124]) - זאלן זיי זאגן לחיים,

- ועאכו"כ -

---

122) ר"פ לך לך. 123) משלי ו, כג. 124) פכ"ה (לב, א).

ועאכו"כ בנוגע צו די שלוחים וואס געפינען זיך במקום שליחותם - זאלן זאגן לחיים זייערע קרובים, זיין פאטער וואס האט מסכים געווען און האט אים צוגערעדט און האט איס מסייע געווען פארן אין דער שליחות, אדער רבו שלמדו תורה, וואס ער ווערט אנגערופן "אב"[125], וכיו"ב.

און דאס וועט מוסיף זיין הצלחה אין זייער עבודת הקודש - צו אויפמאכן א דירה לו ית' בתחתונים, אין דעם מקום חדש וואוהין זיי זיינען געפארן, דורך דערויף וואס זיי זיינען מקיים דעם רצון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, צו מוסיף זיין אין "יפוצו מעינותיך חוצה", צוזאמען מיט לימוד נגלה דתורה, ביז אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו".

און כל הנאספים זאלן זינגען א ניגון, צוזאמען מיט די שלוחים וואס זיי וועלן זאגן לחיים, ארעד באי כוחם פון די שלוחים וואס בגופם געפינען זיי זיך ניט אין דעם ארט, אבער בנשמתם געפינען זיך אלע אין דעם ביהכ"נ וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט עובד געווען עבודתו במשך פון עשר שנים, און האט דא אויסגעפירט שליחותו אין דעם גלות לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

און אלע צוזאמען - וועלן מיר זוכה זיין ממלא זיין די שליחות פון דעם "אדם העליון", מלך מלכי המלכים הקב"ה, ביז וואנעט אז מ'וועט דאס זעהן בעיני בשר, "וראו כל בשר יחדיו כי פי ה' דבר"[126].

און דאס וועט ממהר זיין די שליחות פון אלי' הנביא, וואס ער וועט זיין דער "מבשר טוב" - "מה נאוו על ההרים רגלי מבשר"[127], און גלייך נאך דערויף וועט זיין ביאת משיח צדקנו, אנהויבנדיק פון עקבתא דמשיחא, און דערנאך דער רגל, און כל הגוף, ביז אויך דער ראש,

אז ס'וועט זיין "יעמוד מלך מבית דוד וכו'"[128] כפשוטו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, בעגלא דידן.

* * *

כא. בהמשך להמדובר לעיל וועגן דעם ענין השליחות - איז דאך ידוע די אריכות וואס איז דא אין אחרונים בכ"מ (אין די ספרים פון ר"י ענגיל[129]), אז אין דעם ענין פון שליחות זיינען דא דריי אופנים:

- א) מעשה -

------------

125) פרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז. ועוד. 126) ישעי' מ, ה. 127) שם נב, ז. 128) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 129) לקח טוב כלל א. וש"נ.

א) מעשה השליח איז זיך מתייחס צום משלח, ד.ה. אע"פ אז דער שליח האט געטאן די מעשה, ווערט דאס פארעכנט כאילו ווי דער משלח האט דאס געטאן.

ב) דער "יד" פון דעם שליח איז מלכתחלה אזוי ווי דער "יד" פון דעם משלח, ד.ה. תורה האט דעם כח צו מאכן (דורך מינוי השליחות) אז ידו של ראובן זאל זיין אזוי ווי ידו של שמעון, ובמילא איז דער מעשה פון דעם שליח זיך מתייחס צום משלח [ביז וואנעט אז ס'איז דא די שאלה[130] אז דער ענין השליחות זאל העלפן בנוגע צו מצוות שבגופו].

ג) "שלוחו של אדם כמותו"[131] מיינט אז די גאנצע מציאות פון דעם שליח ווערט די מציאות פון דעם משלח - ובדרך ממילא ווערט אויך ידו ווי יד המשלח, ובמילא איז אויך די עשי' עשיית המשלח, כמדובר כמ"פ.

וואס דאס איז דער אופן השליחות וועגן וועלכן מ'האט גערעדט פריער - אז דער שליח איז מבטל זיין גאנצע מציאות צום משלח, ביז וואנעט אז אפי' ווען ער שלאפט איז מציאותו - מציאות המשלח.

מערער בדיוק ובפרטיות - איז דאס די מציאות פון אן עבד לגבי אדונו, וואס אן עבד איז אינגאנצן ניט קיין מציאות לעצמו, און כל מציאותו איז מערניט ווי מציאות האדון,

וואס דערפאר איז דאך דער דין[132] אז "מה שקנה עבד קנה רבו" - ווי דער עבד האט דאס נאר קונה געווען, האט דאס גלייך קונה געווען דער אדון

[ס'איז ניט דער טייטש אז דער עבד איז מלכתחלה ניט קונה - ווארום דעמולט קען מען ניט זאגן "מה שקנה עבד קנה רבו"; דער עבד איז דאס טאקע קונה, נאר גלייך ווי דער עבד איז דאס קונה איז "קנה רבו", וויבאלד אז כל מציאות העבד איז מערניט ווי מציאות האדון].

וואס בא אן עבד איז דאס נאכמער ווי דאס איז בא שליחות גרידא.- ווארום דער שליח איז א מציאות בפ"ע, ס'איז מערניט וואס ער גיט זיך איבער צום משלח, משא"כ אן עבד וואס ער איז אינגאנצן ניט קיין מציאות לעצמו, ביז אז "מה שקנה עבד קנה רבו"[133].

כב. וויבאלד אז דער אויבערשטער זאגט אויף אידן "עבדי הם

- ולא -

------------

130) ראה שם סוסק"ד וסק"ח. 131) ברכות לד, ב. וש"נ. 132) פסחים פח, ב. קידושין כג, ב. 133) ראה ג"כ שיחת מוצאי ש"פ לך לך תשל"ח ס"ה. וש"נ.

ולא עבדים לעבדים"[134], און "שטרי קודם"[135], איז פארשטאנדיק, אז די מציאות פון א אידן איז, אז ער איז אן "עבד" להקב"ה, און זיין גאנצע מציאות איז מציאות האדון, ביז וואנעט אז אפי' בשעת השינה איז ער אויך א מציאות של קדושה.

ד.ה. ניט נאר אז דער "חלק אלוקה ממעל ממש"[136] איז א מציאות של קדושה, און ניט נאר אז דער נה"ב (וואס איז א מציאות רוחניה עכ"פ, און זי געפינט זיך צוזאמען מיטן נה"א) איז א מציאות של קדושה, נאר אפי' דער <u>גוף</u> איז אויך א מציאות של קדושה.

און אפי' אין א מעמד ומצב וואס ער איז ניט מחוייב במצוות אדער ער איז פטור מן המצוות (מאיזה סיבה שהי'), און אפי' בשעת השינה, ווען ער שלאפט סיי בגשמיות און סיי ברוחניות - איז דער עצם מציאות פון א גוף פון א אידן - א מציאות של קדושה.

און ווי ס'איז מבואר אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע אין הל' נט"י[137] אז "גמר ועיקר כניסת נפש הקדושה באדם הוא בי"ג שנים ויום א'", און נאך פאר דעררויף - "תחילת כניסת נפש זו הקדושה היא . . גם במצות מילה" (ועד"ז ביי אן אשה וואס "אשה כמאן דמהילא דמיא"[138]). ביז וואנעט אז אפי' קודם המילה זיינען דא כמה דינים וואס זיינען פארבונדן מיט דער קדושה פון א אידישן גוף[139].

און וויבאלד אז די מציאות פון א אידן איז אז ער איז עבדו של הקב"ה, איז פארשטאנדיק אז דאס איז ניכר בכל עניניו, במאכלו ובמשקהו וכו', מיט די אלע צען ענינים וואס דער רמב"ם[140] רעכנט אויס אז אין זיי איז "החכם ניכר", וואס יעדער איד איז דאך "עם חכם ונבון"[141].

כג. דערפון איז פארשטאנדיק, אז יעדער איד איז שלוחו של אדם העליון, וואס שלוחו של אדם כמותו - ער איז דער שליח פון דעם אדם העליון, און ער איז "כמותו" פון דעם אדם העליון שעל הכסא[142] (כמבואר אין נבואת יחזקאל[143]).

און דאס איז געזאגט געווארן אויף יעדער אידן, אז גלייך ווי ער איז געבארן געווארן און איז געווארן א מציאות בפ"ע (ער איז יצא ממעי אמו, און איז שוין ניט "ירך

- אמו") -

134) פרש"י משפטים כא, ו. ועוד. 135) תו"כ ופרש"י עה"פ בהר כה, מב. פרש"י שם, נה. 136) תניא רפ"ב. 137) או"ח מהדו"ת סוס"ד. 138) ע"ז כז, א. 139) טושו"ע יו"ד סשנ"ג ס"ו. 140) הל' דעות רפ"ה. 141) ואתחנן ד, ו. 142) ראה לקו"ת ויקרא א, ג. 143) א, כו.

אמו"[144])- איז ער "שלוחו של אדם כמותו" פון "אדם העליון".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין יעדער מעמד ומצב איז א איד א מציאות של קדושה, ביז וואנעט אז "גם בשעת החטא היתה באמנה אתו"[145] - וואס דאס שטייט בנוגע צום נה"א, ס'איז אבער פארשטאנדיק, אז אויך בשעת החטא איז דער גוף א גוף פון "גוי קדוש"[146], ביז וואנעט אז מ'זאגט אויף אים "יבחר לנו את נחלתנו את גאון יעקב אשר אהב סלה", וואס "כל מקום שנאמר נצח סלה ועד אין לו הפסק"[147], ד.ה. אז ס'איז ניטא קיין הפסק אין דעם ענין פון "יבחר לנו את נחלתנו",

וואס די בחירה וואס דער אויבערשטער איז בוחר אין א גוף פון א אידן[148] הויבט זיך אן גלייך ווען יצא לאויר העולם, און אויך לפנ"ז, ווען ער איז נאך "ירך אמו", ובפרט אז ווען דער תינוק איז במעי אמו "מלמדין אותו כל התורה כולה"[149].

כד. דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל הענין פון "פרו ורבו" (און שלילת הפכו) - וויבאלד אז דורך דערויף קומט צו אין וועלט נאך א שליח של הקב"ה, און ניט סתם א שליח, נאר ווי דער דיוק איז "שלוחו של אדם <u>כמותו</u>", (נוסף אויף ענין השליחות סתם, ניט אין אן אופן פון "כמותו"), ביז ווי דער אלטער רבי[142] איז מוסיף אז דאס איז "כמותו דהמשלח <u>ממש</u>".

און דאס איז אויך דער מענה צו טענת רבים, אז אזוי ווי מ'האט דאגות הפרנסה, און מ'האט ענינים המבלבלים צו מנוחת הנפש און מנוחת הגוף, איז ווי אזוי זאל מען זיך פירן בנוגע צו "פרו ורבו" [ווי רש"י[150] איז מבאר די הוספה פון "רבו" אויף "פרו" - אז "אחד מוליד הרבה"] -

דארף מען וויסן אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צום "אדם העליון שעל הכסא", וואס ער וויל אז ס'זאל צוקומען אין וועלט נאך א שליח זיינער.

און במיוחד איז דאס נוגע אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא און סוף הגלות - ווי די גמרא[151] זאגט "אין בן דוד בא עד שיכלו כל נשמות שבגוף", ווי רש"י[152] טייטשט אפ "אוצר ששמו גוף" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז מקרב און מזרז דעם ענין פון ביאת משיח צדקנו.

- כה. -

---

144) גיטין כג, ב. וש"נ. 145) תניא ספכ"ד. 146) ל' הכתוב - יתרו יט, ו. 147) עירובין נד, א. 148) ראה תניא פמ"ט (ע, רע"א). 149) נדה ל, ב. 150) עה"פ בראשית א, כב. 151) יבמות סב, סע"א. 152) ד"ה משום - שם.

כה. און דעמולט גייט מען "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[153], אין אן אופן פון "קהל גדול ישובו הנה"[154],

ד.ה. אז נאך אידער מ'קומט אין א"י, שטייט מען שוין אין אן אופן פון "קהל גדול"[155], וואס אע"פ אז אין בבל איז ניטא די מציאות פון ציבור, ווי די גמרא[156] זאגט "אין אוכלוסא בבבל", איז דער חידוש אז נאך זייענדיק אין גלות וועלן אידן ווערן א מציאות פון "קהל גדול" - כפשטות הכתוב אז ירמי' האט גערעדט צו די אידן וואס זיינען געווען אין חו"ל (וואס ביי זיי דארף זיין דער "ישובו הנה"), און ער האט זיי געזאגט אז זיי וועלן קומען אין א"י אין אן אופן פון "קהל גדול".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב דאס איז אין אן אופן פון מדידה והגבלה (אז ווען עס קומט צו נאך איינער, קומט צו אין דעם "קהל גדול") - קען מען שוין ניט זאגן אז דאס איז אמיתית הענין פון "קהל גדול", נאר עס דארף זיין אין אן אופן פון למעלה ממדידה והגבלה.

ד.ה. אז ס'איז אין אן אופן פון "הקטן יהי' לאלף"[157] - "תורת אמת" זאגט אז ער ווערט אנגערופן "קטן", און אעפ"כ איז ער אין אן אופן אז "יהי' לאלף".

וואס דאס איז ע"ד מארז"ל[158] בנוגע צו הבל, אז "קול דמי אחיך"[159] מיינט "דמו ודם זרעותיו" - די אלע קינדער וואס וואלטן פון אים געבארן געווארן.

ועאכו"כ ווי דאס איז לאחרי מ"ת, וואס דעמולט איז צוגעקומען דער ענין פון "עליונים ירדו לתחתונים" (נאך דערויף וואס ס'איז בטל געווארן די גזירה)[160] - איז א זיכערע זאך אז זרעו וזרע זרעו עד סוף כל הדורות ווערן נכלל אין דעם קטן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל הענין פון ממשיך זיין נאך א נשמה אין אן אופן פון קדושה וטהרה בכל הפרטים, ביז אין תכלית השלימות.

כו. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל יעדער איד זוכה זיין אז אין אים וועט זיין ניכר בגלוי אז ער איז שלותו של אדם העליון

- שעל -

---

153) בא י, ט. 154) ירמי' לא, ח. 155) ראה ל' הברכה דערב יוהכ"פ אחר תפלת מנחה ש.ז. הע' 19. 156) ברכות נח, א. 157) ישעי' ס, כב. 158) סנהדרין לז, סע"א במשנה. פרש"י עה"פ בראשית ד, י. 159) בראשית שם. 160) שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו.



הנחת הת' בלתי מוגה

שעל הכסא, ביז אין תכלית השלימות וואס איז דא אין דעם ענין השליחות (כנ"ל סכ"א), ביז אין אן אופן פון "עבדי אתם", אז ער איז אן עבד להקב"ה, אין אן אופן אז כל מציאותו איז מציאות האדון, און אין אן אופן אז דאס איז ניכר בגלוי.

וכמדובר כמ"פ אז ס'איז מבואר אין חסידות אז אע"פ אז די מציאות פון אן עבד איז אין אן אופן פון "עבדא בהפקירא ניחא לי'"[161] - ווערט ער אבער אן עבד נאמן, און צוזאמען דערמיט אויך אן עבד פשוט, כמבואר בארוכה אין המשך תרס"ו[162],

וואס דער ענין פון קב"ע איז דאך דער תנאי אויף אלע מצוות - אז קיום המצוות דארף זיין ניט צוליב זיין הבנה שכלית, ניט צוליב רגש האהבה והרחמים שלו (וואס דערפאר גיט ער צדקה וכיו"ב), נאר דערפאר וואס "קדשנו במצותיו וצונו" - דערפאר וואס דאס איז ציווי ה'.

און ווי די משנה[163] זאגט "למה קדמה פרשת שמע לוהי' אם שמוע, כדי שיקבל עליו עול מלכות שמים תחלה, ואח"כ מקבל עליו עול מצוות" - וואס דאס איז א פס"ד פון משנה, וואס "טעה בדבר משנה" איז מלכתחלה ניט קיין טעות[164].

און דאס קומט אראפ ביי אים אין זיין מחשבה דיבור ומעשה, "והמעשה הוא העיקר", ביז ווי דער רמב"ם[165] פסק'נט אז "יראה עצמו וכן כל העולם חציו זכאי וחציו חייב כו', עשה מצוה אחת הרי הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה".

ובפרט אז ס'איז שוין לאנג "כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה"[166] - און ס'איז דא דער פס"ד[167] אז איין הרהור תשובה אכיתי בלב איז א תשובה אמיתית, ביז ווי דער אלטער רבי[168] זאגט אז ער ווערט אנגערופן "צדיק גמור" -

ווערט דעמולט דער "מיד הן נגאלין"[169] - דורך שלוחו של הקב"ה, וואס "גלה סודו אל עבדיו הנביאים"[170] - אלי' הנביא, וואס ער איז דער "מבשר טוב" - "מה נאוו על ההרים רגלי מבשר", ער וועט מבשר זיין אויף ביאת משיח צדקנו,

און גלייך קומט משיח צדקנו, ויוליכנו קוממיות לארצנו, אין אן אופן פון "שמחת עולם על ראשם"[171].

* * *

- כז. -

---

161) גיטין יג, א. וראה ד"ה ואלה המשפטים דמוצאי ש"פ משפטים תשל"ח ס"ה-ו. וש"נ. 162) ד"ה ומקנה רב ואילך. 163) ברכות יג, א. 164) כתובות פד, ב. 165) הל' תשובה פ"ג ה"ד. 166) סנהדרין צז, ב. 167) קידושין מט, ב. 168) לקו"ת ר"פ דברים (א, ב). 169) רמב"ם שם פ"ז ה"ה. 170) עמוס ג, ז. 171) ישעי' לה, י.

כז. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ביום השמיני שלח את העם.

* * *

כח. אין שמח"ת זיינען דא צוויי ענינים: א) "גמרה של תורה"[172] - מ׳פארענדיקט די חמשה חומשי תורה, ב) "מתכיפין התחלה להשלמה" - מ׳הויבט אן נאכאמאל פון "בראשית ברא אלקים גו׳".

וואס אין דערויף איז דא די שאלה וואס ווערט געפרעגט בכ"מ[173]:

וויבאלד אז די תורה ווערט פאנאנדערגעטיילט אויף פרשיות, און יעדער וואך לייענט מען א פרשה בתורה - האט לכאו׳ געדארפט זיין אז מ׳זאל אנהויבן די תורה בתחלת השנה, אין ר"ה, און פאר דערויף מסיים זיין די תורה - פארוואס הויבט מען אן די תורה ערשט בשמח"ת?

און דער תירוץ אויף דערויף איז[174] - אז דאס איז כדי לערבב את השטן: אויב מ׳וועט אנהויבן די תורה בר"ה, וועט דער שטן וויסן אז איצטער איז ר"ה, און בר"ה זיינען דאך אידן נכתבין ונחתמין לאלתר[175], וויבאלד אז "ועמך כולם צדיקים" - וועט זיך דער שטן משתדל זיין וכו׳,

משא"כ ווען ס׳קומט ר"ה און ער זעט אז מ׳האלט ערשט אין פ׳ נצבים - כאפט ער זיך ניט אז ס׳איז ר"ה, במילא איז ער זיך ניט משתדל וכו׳.

דעם זעלבן טעם געפינט מען אויך בנוגע צו דעם וואס בערב ר"ה איז מען מפסיק פון תק"ש, אע"פ אז מנהג ישראל איז אז בכל יום פון ימי חודש אלול (חוץ פון יום השבת) בלאזט מען שופר - וואס דער טעם אין דערויף איז, כדי לערבב את השטן[176]:

אזוי ווי ערב ר"ה מוז דאך אויספאלן אין ימות החול, ווארום וויבאלד אז "לא אד"ו ראש", ר"ה קען ניט אויספאלן ביום א׳, איז פארשטאנדיק אז ערב ר"ה קען ניט אויספאלן ביום השבת -

איז ווען דער שטן זעט אז מ׳האט אויפגעהערט בלאזן שופר, מיינט ער אז ס׳זיינען שוין דורכגעגאנגען די אלע

- ענינים -

------------

172) רמ"א או"ח סתרס"ט. 173) לבוש רסתקפ"א. רסתרס"ט. 174) שם. מהרי"ל הל׳ ימים הנוראים הגה"ה הב׳. 175) ר"ה טז, ב. 176) מהרי"ל שם. מטה משה ס"ק תשעה. לבוש רסתקפ"א. דרכי משה רסתקפ"א. מג"א סתקפ"א סקי"ד. השלמה לשו"ע רז"ל סו"ס תקפא (בשם מג"א וא"ר). ועוד.

ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תק"ש, כולל דער כללות הענין פון ר"ה, און דעמולט מאכט ער ניט קיין טומל.

כט. אין דערויף איז אבער דא א פליאה גדולה:

עס רעדט זיך דאך וועגן א מלאך, איז ווי איז שייך צו זאגן אז מ'וויל איט מערבב זיין ער זאל ניט וויסן ווען איז ר"ה - בשעת אז דאס איז אן ענין וואס איז בעדרוקט אין אלע לוחות, און אלע ווייסן ווען איז ר"ה [אין ביהכ"נ האט ער טאקע ניט וואס צו טאן, ווארום מ'לאזט אים ניט אריין אהינצו - ער קען זיך אבער נאכפרעגן און אויסגעפינען ווען איז ר"ה] - איז ווי איז שייך צו זאגן אז דורך דעם וואס מ'בלאזט ניט שופר בערב ר"ה, אדער דורך דעם וואס מ'הויבט ניט אן ליינען די תורה בר"ה, וועט מען מערבב זיין דעם שטן, און ער וועט מיינען אז ס'איז שוין דורכגעגאנגען ר"ה?!

איז דער ביאור בזה[177]:

עס איז ניט דער טייטש אז ווען ער זעט אז מ'בלאזט ניט שופר מיינט ער אז ר"ה איז שוין דורכגעגאנגען, נאר וויבאלד ער זעט אז בא אידן פעלט די עבודה פון תק"ש בערב ר"ה,

וואס נוסף לזה וואס יעדער מצוה, אדער אן ענין פון "מנהג ישראל תורה הוא"[178], איז א זכות פאר אידן, און עס איז מוסיף אין דער כתיבה וחתימה טובה - זיינען אויך דא די תוצאות וואס קומען ארויס דורך דעם ענין פון תק"ש, וואס דאס איז דער ענין פון "אם יתקע שופר בעיר ועם לא יחרדו"[179],

איז ווען דער שטן זעט אז ביי אידן פעלט דער ענין פון תק"ש, צוזאמען מיט די תוצאות וועלכע זיינען דערמיט פאר-בונדן - טראכט ער אז עס וועט אויך פעלן אין המשך עבודתם לאח"ז, וויבאלד אז בא זיי איז ניט געווען די הכנה פון תק"ש בערב ר"ה - ובמילא דארף ער ניט אנקומען צו א השתדלות מיוחדה.

ועד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון "גמרה של תורה":

דער ענין פון "גמרה של תורה" איז דאך א זכות מיוחד פאר אידן, וויבאלד אז דעמולט הויבט מען אן די תורה נאכאמאל פון-דאס-ניי מיט א נייעם ברען און א נייעם שטורעם, ווארום אלע ענינים פון קדושה זיינען אין אן אופן פון "מעלין בקודש"[180], עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן "חמדה גנוזה"[181],

- וואס -

---

177) לשלימות הענין - ראה שיחת מוצאי ש"פ בראשית סי"ט.
178) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 179) עמוס שם, ו. טואו"ח רסתקפ"א. 180) ברכות כח, א. וש"נ. 181) שבת פח, ב.

וואס דעמולט איז דער "מעלין בקודש" ביתר שאת וביתר עז.

איז בשעת דער שטן זעט אז ביי אידן פעלט דערוויילע דער ענין פון "גמרה של תורה", ובמילא פעלט בא זיי דער "מתכיפין התחלה להשלמה", און מ'הויבט אן דעם יאר אן דעם ענין פון התחלת התורה - טראכט ער אז ער דארף ניט אנקומען צו א השתדלות מיוחדת, און ער איז זיך ניט משתדל - ובמילא ווערן נמשך ביתר שאת וביתר עז די אלע ענינים טובים וואס מ'פסק'נט אפ בר"ה וביוהכ"פ און אין "זמן שמחתנו" ביז צו שמח"ת.

ל. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן דעם שטן, וואס ער איז א מלאך במרום - ווייסט ער אז דאס וואס מ'בלאזט ניט שופר בערב ר"ה, און דאס וואס מ'הויבט ניט אן ליינען די תורה בר"ה, איז נאר כדי צו מבלבל זיין אים, ער זאל מיינען אז ביי אידן פעלט אין זייער עבודה, און דעמולט וועט ער זיך ניט משתדל זיין - איז וואס העלפט די גאנצע זאך ווען ער ווייסט אז מ'טוט דאס כדי צו מבלבל זיין אים?!

איז דער ביאור בזה:

דער שטן ווייסט טאקע אז מ'טוט דאס כדי צו מבלבל זיין אים - וויבאלד אבער אז "המעשה הוא העיקר", ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין תניא[182] דעם פס"ד פון פוסקים אז אפי' ווען מ'איז מכוין אלע כוונות, איז אויב עס פעלט דער מעשה בפועל, פעלט די גאנצע זאך, און עס פעלט די תוצאה פון דער זאך -

איז וואס די כוונה בזה זאל נאר זיין (טאקע לבלבל את השטן) - פעלט דאך אבער בפועל דער ענין פון הק"ש, ובמילא פעלט אין דעם "עורו ישנים כו'" (ווי דער רמב"ם[183] זאגט אז אין דעם ענין פון תק"ש איז "רמז יש בו כלומר עורו ישנים כו'") - איז קיין נפק"מ ניט וואס די כוונה בזה איז, ווארום דער אויבערשטער האט אפגע'פסק'נט אז אויב עס פעלט דער מעשה בפועל, פעלט די תוצאה דערפון.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם וואס מ'הויבט ניט אן די תורה בר"ה:

אע"פ אז אין דערויף האט מען א כוונה טובה, מ'וויל מבלבל זיין דעם שטן - פעלט דאך אבער דער ענין המעשה בפועל, ער האט ניט געענדיקט די תורה ביז ר"ה, און ער האט ניט

- אנגעהויבן -

---

182) רפל"ח. וראה גם רפל"ז. 183) שם פ"ג ה"ד.

אנגעהויבן די תורה בר"ה, ער האט סאקע א כוונה טובה, אבער דער דין ע"פ שו"ע איז, אז כוונה אליין איז ניט גענוג, נאר מ'דארף האבן דעם מעשה בפועל.

און וויבאלד אז בפועל פעלט ביי אידן דער ענין פון תק"ש און "גמרה של תורה" - דארף זיך דער שטן ניט משתדל זיין וכו'.

לא. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: דאס איז דאך סאקע א טענה צודקת - אה"נ אז די כוונה אין דערויף איז כדי לבלבל את השטן, אבער דערווײילע פעלט ביי אידן די עבודה פון תק"ש און דער ענין פון "גמרה של תורה"?

איז דער ביאור בזה:

ווען א איד דערהערט אז מ'נעמט ביי איס צו דעם ענין פון תק"ש, דערפאר וואס ס'איז דא א מציאות פון א שטן - רופט דאס ביי איס ארויס א טיפערער ענין אין תשובה,

ווארום בשעת מ'זאגט איס אז ס'איז דא א מציאות של שטן, גיט ער א פרעג: פון וואנעט קומט בכלל די מציאות פון א שטן, ווען ער וואלט געשטאנען אין א מעמד ומצב כדבעי, וואלט דאך אינגאנצן ניט געווען די מציאות פון א שטן [שמח"ת קען מען דאס זאגן - כידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[184] אז בשמח"ת קען דאס ניט שאטן, ווארום דעמולט איז ניטא דער ענין פון "אל תפתח פה כו'"[185]] - פרעגט ער: פון וואנעט קומט די גאנצע מציאות פון א שטן?

זאגט מען איס אז "תורת אמת" דערציילט אז ביי אדה"ר איז געווען א "מצוה אחת"[186], און דערנאך איז געקומען דער נחש וכו', און דערפון איז געווארן די מציאות פון דעם שטן, כמרז"ל[187] הוא הנחש הוא השטן וכו'. ד.ה. אז די מציאות פון דעם שטן איז פארבונדן מיט א מעמד ומצב בלתי רצוי.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ער דערהערט אז מ'נעמט ביי איס צו דעם ענין פון תק"ש, דערפאר וואס ס'איז דא א מציאות של שטן - איז דאס ביי איס מעורר א טיפערן ענין אין תשובה, ביז וואנעט אז דאס איז א טיפערע התעוררות תשובה ווי די התעוררות תשובה וואס ווערט פון דעם ענין פון תק"ש ("אם יתקע שופר בעיר ועם לא יחרדו") -

ווארום די התעוררות תשובה פון תק"ש קומט פון אן ענין וואס איז מבחוץ פון איס, משא"כ די התעוררות תשובה וואס

- קומט -

---

184) תו"ש ס"ע 53 ואילך. 185) ראה ברכות יט, א.
186) ראה ב"ח פי"ט, ו. הובא בפרש"י עה"פ בראשית ב, ז.
187) זח"א לה, ב.

קומט דערפון וואס ער ווייסט אז מ'האט ביי אים צוגענומען דעם ענין פון תק"ש, דערפאר וואס ס'איז דא די מציאות פון א שטן - איז דאס אן ענין וואס איז פארבונדן מיט אים, ווארום דאס איז פארבונדן מיט אן ענין בלתי רצוי שלו, וואס דערפון איז געווארן אן ענין וואס איז היפך פון א "סניגור" (ווי עס שטייט אין פרקי אבות[188]), און דערנאך איז ער "עולה ומרגיז"[189] - ביז וואנעט אז צוליב דערויף נעמט מען ביי אים צו דעם ענין פון תק"ש (ווארום לולא מציאות השטן וואלט מען געבלאזן שופר אויך בערב ר"ה).

ועד"ז אויך בנוגע צו "גמרה של תורה":

ווען ס'קומט צו ר"ה, און א איד וויל האבן דעמולט דעם ענין פון "גמרה של תורה" און "מתכיפין התחלה להשלמה", און מ'זאגט אים אז פריער דארף ער ליינען פ' נצבים, און דערנאך פ' וילך, און דערנאך פ' האזינו, ביז וואנעט ער וועט צוקומען צו "גמרה של תורה", דערפאר וואס ס'איז דא א מציאות של שטן -

רופט דאס ביי אים ארויס א טיפערן ענין אין תשובה, מיט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן - כולל אויך דעם ענין השמחה, נאכמער ווי די שמחה פון "גמרה של תורה" (ע"ר ווי די התעוררות תשובה דערפון וואס מ'בלאזט ניט שופר בערב ר"ה, איז א טיפערע פון דער התעוררות וואס ווערט פון דעם ענין פון תק"ש).

לב. דער ביאור הנ"ל איז ע"ד הסיפור וואס חסידים דערציילן[190] וועגן דעם רבי'ן נ"ע:

אין די ערשטע יארן נאך דער הסתלקות פון דעם רבי'ן מהר"ש, האט דער רבי נ"ע ניט געוואלט אננעמען די נשיאות, איז אמאל אריינגעגאנגען א יונגערמאן צום רבי'ן נ"ע, און האט געבעטן א ברכה אויף אן ענין וואס איז אים געווען שטארק נוגע, האט אים דער רבי נ"ע געזאגט אז ער קען אים ניט העלפן.

אזוי ווי ס'איז געווען אן ענין וואס איז אים געווען נוגע ביותר, איז ווען ער איז ארויסגעגאנגען מחוץ לחדרו פון דעם רבי'ן נ"ע, האט ער זיך שטארק צעוויינט.

האט אים געטראפן דער רז"א (דער ברודער פון דעם רבי'ן נ"ע), און האט אים געפרעגט: פארוואס וויינסטו? האט ער אים

- דערציילט -

---

188) פ"ר מי"א. 189) ב"ב טז, א. 190) ראה גם לקו"ש "פרקי אבות" תשל"ה (בלתי מוגה) ס"ד.

דערציילט אז ער האט אן ענין אויף וועלכן ער דארף האבן א ישועה, און ער איז אריין צו זיין ברודער (צום רבי'ן נ"ע) און האט אים געבעטן ער זאל אים געבן א ברכה וכו', און ער האט אים געענטפערט אז ער קען אים ניט העלפן.

איז דער רז"א אריין צום רבי'ן נ"ע, און האט אים געזאגט: היתכן?!..... א איד זאל ווייגען דערפאר וואס ער וויל אים ניט העלפן..... האט דער רבי נ"ע אנגעטאן דעם גארטל מיטן היטל, און דער יונגערמאן איז אריין צו אים, און ער האט אים געגעבן א ברכה, און יענער איז געהאלפן געווארן אין אלע ענינים.

האבן חסידים אין דערויף מבאר געווען, אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק - ממ"נ: וויבאלד אז ער האט אים געקענט העלפן, איז ווי קומט דאס אז ער האט מונע געווען אן ענין פון ברכה וישועה צו א אידן?.....

נאר דער ביאור בזה איז - אז אין דעם מעמד ומצב אין וועלכן דער חסיד איז געשטאנען פריער, האט ער אים טאקע ניט געקענט העלפן..... א רבי קען טאקע העלפן אין כו"כ ענינים..... עס זיינען אבער דא ענינים וואס מ'דארף האבן די הכנה מצד דעם מתברך און דער מקבל הברכה.

וואס דערפאר איז נאך דערויף וואס דער רבי נ"ע האט אים געזאגט אז ער קען אים העלפן - האט דאס אים דערנומען ביז וואנעט אז ער האט געוויינט, און דאס האט גע'פועל'ט א שינוי אין זיין מעמד ומצב, ביז וואנעט אז מ'האט אים געקענט ארויסנעמען פון אלע ענינים.

וואס דאס איז ע"ד האמור לעיל אז דאס גופא וואס מ'זאגט אים אז ער שטייט אין א מעמד ומצב וואס מ'דארף ביי אים צונעמען דעם ענין פון תק"ש, און דעם ענין פון "גמרה של תורה" - רופט דאס ביי אים ארויס א טיפערן ענין אין תשובה, ע"ד די התעוררות וואס איז געווארן בא דעם חסיד ווען מ'האט אים געזאגט אז מ'נעמט ביי אים צו די עזרה פון א נשיא בישראל.

## לג. דערפון האט מען א הוראה אין עבודת האדם:

דער ענין אז בערב ר"ה בלאזט מען ניט קיין שופר, ועד"ז דאס וואס מ'הויבט ניט אן די תורה בר"ה - ווערט דאס "מנהג ישראל תורה היא".

וואס בנוגע צו יעדן ענין פון תומ"צ - איז דאס א איד מקיים ניט דערפאר וואס אזוי פארשטייט ער בשכלו, אדער דערפאר וואס ער האט א רגש של אהבה ורחמים וואס דערפאר גיט ער צדקה וכיו"ב, און אפי' ניט מצד דעם תענוג וואס ער האט

- דערפון -

דערפון וואס ער איז מקיים רצון המלך - ווארום אין דערויף איז אריינגעמישט די מדידה והגבלה פון דעם אדם;

דער קיום פון תומ"צ דארף זיין מצד דעם ענין פון קב"ע, וואס די נקודה און דער תוכן אין דערויף איז - אז ער האט ניט אין דערויף קיין תענוג און קיין רגש, ואדרבה, "עבדא בהפקירא ניחא לי'", און אעפ"כ שטייט ער אין א מעמד ומצב פון אן עבד פשוט, ער גייט ניט אריין אין קיינע חשבונות, נאר ער איז מקיים פקודת האדון, ווי דער נוסח פון ברכת המצוות - "אשר קדשנו במצותיו וצונו".

ביז וואנעט אז אפי' ווען ער פארלירט א געוויסן ענין - ער בלאזט ניט קיין שופר, און ער הויבט ניט אן ליינען די תורה בר"ה - איז וויבאלד אז דאס איז "מנהג ישראל תורה היא", טוט ער דאס אויך בתכלית השלימות, און אין אן אופן של שמחה.

און ווי דער רמב"ם איז מבאר בארוכה אין סוף הל' לולב דעם גודל הענין פון שמחה של מצוה, אז "השמחה שישמח אדם בעשיית המצוה . . עבודה גדולה היא", ד.ה. אז יעדער ענין פון תומ"צ דארף געטאן ווערן מתוך שמחה גדולה, ביז אין אן אופן פון "מפזז ומכרכר לפני ה'"[191].

וואס דעם ענין האט דער רמב"ם אריינגעשטעלט נאך דערויף וואס ער איז מבאר בארוכה דעם גודל השמחה וואס איז געווען בא שמחת בית השואבה -

וכמדובר כמ"פ אז פון דעם סדר אין רמב"ם קען מען אויך אפלערנען ענינים אין הלכה - איז וויבאלד אז פריער רעדט דער רמב"ם וועגן דער שמחה פון שמחת בית השואבה, וואס דאס איז "זמן שמחתנו", און דעמולט איז דא א ציווי מיוחד "ושמחתם לפני ה' אלקיכם"[192], נוסף אויף דער שמחה וואס דארף זיין אין אלע מועדים - און דערנאך רעדט ער וועגן דער שמחה וואס דארף זיין אין קיום כל התומ"צ,

איז דערפון די הוכחה אז דאס גייט אין א סדר פון מלמטה למעלה - ד.ה. אז די שמחה וואס דארף זיין אין קיום כל התומ"צ בכל השנה, איז נאך א גרעסערע שמחה ווי די שמחה פון שמחת בית השואבה.

לד. צוזאמען דערמיט וואס בשמח"ת איז דא דער ענין פון "גמרה של תורה", איז אויך דא דער ענין וואס מ'הויבט אן נאכאמאל פון "בראשית", און אין אן אופן אז ביידע ענינים קומען בסמיכות זל"ז.

- וואס -

---

191) ש"ב ו, טז. 192) ראה יב, יב.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: נאך דערויף וואס מ'ענדיקט כל' התורה כולה, איז וואס דערציילט מען דערנאך א חידוש אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" - די וועלט איז שוין דא פון פריער, ווארום ווען עס וואלט ניט געווען קיין וועלט, וואלט ער ניט געקענט לערנען אין דער תורה, וויבאלד אז אויף דערויף דארף מען האבן א ס"ת וואס איז געמאכט געווארן פון קלף און דיו גשמיים - איז וואס פאר א חידוש קומט צו אין דעם "בראשית ברא אלקים גו'"?

איז דער ביאור בזה: נאך דערויף וואס ער ענדיקט כל התורה כולה, איז ווען ער גיט א קוק אויף וועלט, איז דאס אין אן אופן פון "ראה עולם חדש"[193],

ווארום וויבאלד אז "ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא"[194], ביז וואנעט אז אפי' עניני העולם הויבן זיך אויך אן פון תורה, איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "גמרה של תורה" פועל'ט ניט נאר אויף אים, אויף זיין שכל און הענגוג וכו', נאר עס פועל'ט אויך אויף "את השמים ואת הארץ", "את השמים לרבות תולדותיהם ואת הארץ לרבות תולדותי'" -

אז ווען ער גיט א קוק אויף וועלט, זעט ער אז איצטער איז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", אט ערשט זיינען באשאפן געווארן "שמים חדשים" און "ארץ חדשה"[195].

וואס וויבאלד אז "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[196], איז פארשטאנדיק, אז מציאות העולם איז הלוי אין דעם אופן פון לימוד התורה, ד.ה. לויט דעם אופן פון לימוד התורה אזוי ווערט אויפגעטאן אין וועלט די דירה לו ית' בתחתונים -

און וויבאלד אז אפי' דורך דערויף וואס עס קומט צו איין ענין בתורה, איז ניט נאר וואס ס'איז צוגעקומען די ידיעה אין דעם ענין פרטי, נאר דורך דערויף קומט צו אן אנדער הבנה אין כללות לימוד התורה, וויבאלד אז די תורה איז אין אן אופן פון "תורה אחת",

[ווי מ'זעט אין לימוד התורה בפשטות, אז דורך דערויף וואס עס קומט צו א ידיעה אין איין מקצוע בתורה, ווערט א ידיעה גדולה ורחבה ועמוקה יותר אין כל התורה כולה, ווארום וויבאלד אז די תורה איז "תורה אחת", איז ווען עס קומט צו אין איין מקצוע בתורה, ווערט ליכטיקער אין כל התורה כולה],

וואס דאס איז אפי' ווען מ'האלט באמצע התורה - ועאכו"כ ווען מ'קומט צום סיום התורה, וואס "הכל הולך אחר החיתום" -

---

193) ראה ב"ר פ"ל, ח. 194) ע"פ תענית ט, א.
195) ישעי' סה, יז. 196) זח"ב קסא, ריש ע"ב. וראה זח"א ה, רע"א.

החיתום"[197], איז זיכער אז דעמולט קומט צו אין כל התורה כולה וואס מ'האט געלערנט ביז דעמולט -

איז וויבאלד אז "אסתכל באורייתא וברא עלמא", איז פארשטאנדיק, אז דעמולט באשאפט דער אויבערשטער "את השמים ואת הארץ" פון-דאס-ניי, אין אן אופן פון "שמים חדשים" און "ארץ חדשה" - ווארום אזוי ווי ביי אים ווערט א התחדשות אין תורה, ווערט דאס אויך ביים אויבערשטן, וויבאלד אז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו"[198], ובמילא פועל'ט דאס אויך אויף וועלט, וויבאלד אז "אסתכל באורייתא וברא עלמא".

לה. און דאס ווערט די הכנה צום קיום הנבואה "כי כאשר השמים החדשים והארץ החדשה גו' עומדים לפני גו' כן יעמוד זרעכם ושמכם"[199] -

אז די אלע שינויים ("שמים חדשים" און "ארץ חדשה") קענען זיין נאר אין וועלט, משא"כ ביי אידן וואס זיי שטייען אין אן אופן פון "יעמוד זרעכם ושמכם" - אזוי ווי תורה איז א נצחית, און "זאת התורה לא תהא מוחלפת", אזוי זיינען אויך אידן נצחיים, ווארום זיי זיינען "נצר מטעי מעשה ידי"[200], אז זיי זיינען נצחיים סיי בעוה"ז און סיי בעוה"ב, ביז אין אן אופן פון "ילכו מחיל אל חיל"[201].

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דער עבודה אין מחשבה דיבור ומעשה במשך כל השנה כולה - ווי ער זאגט אין זהר[202] "בר נש אסתכל בה באורייתא ומקיים עלמא", אז דורך דערויף וואס ער איז מחדש אין תורה, איז ער אויך מחדש די מציאות פון "שמים וארץ",

עאכו"כ ווען ס'איז דא דער ציווי אז ער דארף מסיים זיין די תורה, "גמרה של תורה", און אנהויבן די תורה נאכאמאל מחדש, אין אן אופן פון "כחדשים"[203], ביז אין אן אופן פון "חדשים" ממש[204] -

ווערט דעמולט אויפגעטאן דער ענין פון "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" מחדש, ביז וואנעט אז דאס קומט אראפ אין "המעשה הוא העיקר".

לו. כאן המקום צו מעורר זיין נאכאמאל וועגן דעם וואס - מ'האט -

---

197) ברכות יב, א. 198) ראה יל"ש איכה רמז תתרלר. תדבא"ר רפי"ח. 199) ישעי' סו, כב. 200) שם ס, כא. 201) ל' הכתוב - תהלים פד, ח. וראה ברכות בסיומה. ועוד. 202) ח"ב שם. 203) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ו. 204) פרש"י עה"פ תבוא כו, טז. ועוד.

מ׳האט געגעדט פריער[205] בקיצור, און כמ"פ לפנ"ז בארוכה - אז רש"י בתחלת פירושו עה"ת רעדט וועגן דעם ענין פון "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים".

וואס לכאו׳, איז ניט פארשטאנדיק: די זעלבע קשיא, וואס רש"י פרעגט "לא הי׳ צריך להתחיל את התורה אלא מהחודש הזה לכם . . ומה טעם פתח בבראשית" - קען מען אויך פרעגן אויף פרש"י: רש"י האט געדארפט אנהויבן פירושו מיט כלל אז "אני לא באתי אלא לפשוטו" וכיו"ב, פארוואס הויבט ער אן מיט דעם ענין פון "לתת להם נחלת גוים"?

איז דער זעלבער תירוץ אויף ביידע עניניס - וויבאלד אז תכלית הכוונה איז אז ס׳זאל זיין א דירה לו ית׳ בתחתונים, ביז צו א תחתון שאין למטה ממנו, וואס דאס הויבט זיך אן פון א"י, וואס די איז נבחר געווארן מכל הארצות[206], און דערנאך ווערט דאס נמשך אין דער גאנצער וועלט, כמרז"ל[207] "מתמצית א"י שותה כל העולם כולו", וואס דער ענין וועט שטיין בגילוי לע"ל, וויבאלד אז דעמולט איז "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות"[208].

און גלייך בתחלת התורה זאגט רש"י צו א בן חמש למקרא אז ער זאל וויסן זיין אז "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים", אז "ברצונו נתנה להם וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו" - ס׳איז ניט קיין נפק"מ פארוואס איז דאס געווען אין אן אופן אז פריער "נתנה להם" און דערנאך "נטלה מהם ונתנה לנו", אזוי איז די מציאות, און תורה איז אויף דערויף מעיד, ביז אין אן אופן אז דאס קומט אראפ אין פרש"י, וואס לכל לראש איז דאס געשריבן געווארן פאר א בן חמש למקרא.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען עס קומט א איד און וויל צונעמען א חלק דערפון וואס "נתנה לנו" און אפגעבן דאס א גוי - איז קיין נפק"מ וואס זיין טענה איז, צי ער טענה׳ט "לסטים אתם" וכיו"ב - ער דארף וויסן זיין אז דאס איז אן ענין של גזילה, גווארום דער אויבערשטער האט דאס אפגעגעבן צו יעדן אידן אין אן אופן פון "נחלת עולם", ביז וואנעט אז רש"י ברענגט דאס אראפ בפירושו צו א בן חמש למקרא, אז אים האט דער אויבערשטער אפגעגעבן א"י, לו ולזרעו עד עולם.

און ח"ו אז ס׳זאל זיין א קס"ד אפגעבן פון א"י א שעל, א טפח, אן אצבע, און אפי׳ א משהו, ווארום אפי׳ א משהו

- קרקע -

---

205) בשיחת ליל שמע"צ בעת ההקפות - לפני הקפה שני׳.
206) תנחומא ראה ח. ועוד. 207) ראה תענית י, א.
208) ראה יל"ש ישעי׳ רמז תסג.

קרקע האט אויך א געוואלדיקן שווי; בנוגע צו מטלטלין זיינען דא·חילוקים אין דעם שווי, משא"כ אבער בנוגע צו קרקע, ווי דער דין[209] איז בנוגע צו קנינים, אז עס מוז ניט זיין ער זאל האבן א קרקע וואס איז ד׳ אמות על ד׳ אמות, נאר אפי׳ א משהו קרקע איז אויך גענוג, דערפאר וואס "קרקע אינה נגזלת"[210].

און מ׳קען ניט אפגעבן קיין חלק פון א"י, ווארום דאס וועט סיי-ווי גארניט העלפן - ווארום מה-דאך אז גזילה העלפט ניט אפי׳ ווען מ׳גזל׳ט פון א בשר ודם, עאכו"כ אז עס העלפט ניט ווען מ׳גזל׳ט אן ענין וואס דער אויבערשטער זאגט אז "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים", און "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו".

וואס דאס האט מען שוין אפגעגעבן צו אברהם אבינו אין ברית בין הבתרים, און אין אן אופן פון "לזרעך נתתי"[211], "כבר נתתי"[212], ובפרט נאך כיבוש יהושע און דערנאך כיבוש עזרא, כמבואר אין פוסקים[213].

און דאס איז מיוסד אויף דעם ענין פון בריה בין הבתרים - וואס דער ענין פון "ברית" איז, ווי פּשטנים[214] זיינען מבאר, אז לולא הברית וואלט געקענט זיין אין דערויף אן ענין של שינוי (אויב עס וועט זיין א שינוי אין דעם נותן אדער אין דעם מקבל); ווען מ׳מאכט אבער אן ענין של "ברית", קען אין דערויף ניט זיין קיין שינוי,

ע"ד ווי דאס איז אין דעם ברית פון "לעברך בברית ה׳ אלקיך"[215], און ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו "נשבעין לקיים אה המצוות"[216] - אז דעמולט איז דאס אין אן אופן אז אין דערויף קען ניט זיין קיין שינוי.

לז. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

לח. ס׳איז דאך רגיל צו דערמאנען בשמח"ת וועגן דעם ענין פון "קרן השנה" - וואס דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער ענין פון נתינת צדקה בכל יום ויום, כולל אויך יום השבת,

וואס בשבת קען דאך ניט זיין דער ענין פון טלטול מעות

- דער -

------------

209) גיטין לז, א. 210) סוכה ל, ב. וש"נ.
211) לך לך טו, יח. 212) ירושלמי חלה פ"ב ה"א. 213) ראה אנציקלופדי׳ תלמודית ערך א"י. וש"נ. 214) רמב"ן עה"פ לך לך שם. 215) נצבים כט, יא. וראה לקו"ת נצבים מד, ב.
216) תמורה ג, ב.

- דער איינציקער אופן פון צדקה בשבת קען זיין דורך געבן דעם עני עניינים של מזון (ע"ד ווי די גמרא[217] איז מחלק צווישן דעם אופן הצדקה פון אבא חלקי' מיס דביתהו) -

קען דאס אייר אויפגעטאן ווערן דורך דער נתינה אויף "קרן השנה".

עד"ז איז אויך רגיל צו דערמאנען בשמח"ת וועגן די שיעורים פון תח"ת על כל השנה כולה.

לט. עאכו"כ (אדער עכ"פ צוזאמען דערמיט) - דערמאנען וועגן אלע מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט הפצת התורה והיהדות:

אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל" - וואס דאס איז אויך כולל אז מ'דארף מונע זיין א אידן פון א טעות אפי' אין אן עניין פרטי, ועאכו"כ אין אן עניין כללי, ועאכו"כ אין אן עניין וואס איז נוגע צו שלימות הארץ, וואס יעדער איד האט דארטן א חלק אין אן אופן פון "נחלת עולם".

און בהמשך לזה קומט אויך "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

און די מבצעים וואס זיינען איבערגעגעבן געווארן במיוחד צו נשי ובנות ישראל (וואס יעדערע פון זיי איז "עקרת הבית"): "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה", וואס דאס זיינען די עניינים אויף וועלכע כל בית ישראל עומד.

ובקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צום קיום היעוד "אני מראה לכם נרות של ציון"[218], בגאולה האמיתית והשלימה, וואס דאס וועט זיין נאך דערויף וואס עס וועט זיך ענדיקן דער חושך כפול ומכופל פון גלות, און ס'וועט זיין אתחלתא דגאולה, און גלייך נאך דערויף די גאולה האמיתית והשלימה, אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין", בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש.

* * *

מ. אזוי ווי ס'איז איינגעפירט בכל שנה ושנה צו מאכן א "כינוס תורה" - זאל מען מכריז זיין וואו וועט זיין דער "כינוס תורה", און ווען דאס וועט זיין.

מא. אזוי ווי ס'זיינען אנגעקומען א סאך אורחים מחוץ - למדינה -

---

217) תענית כג, ב. 218) יל"ש ר"פ בהעלותך.

למדינה, וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט א טרחא בגופם ובנשמתם – וועט מען מסדר זיין אז מ'זאל זיך קענען טרעפן פנים אל פנים ביחידות, אבער ס'זאל זיין אן אריכות, נאר אין אן אופן פון מועט המחזיק את המרובה, מערניט ווי אויף א רגע, אבער א רגע וואס איז כולל הכל.

וואס כצד כו"כ טעמים קען דאס ניט זיין אין אן אופן של אריכות, ובפרט אז רובם האבן שוין אנגעשריבן זייערע ענינים דורך פתקאות – אבער וויבאלד אז ס'איז דא די חביבות מיוחדת ווען מ'טרעפט זיך פנים אל פנים, וועט דאס זיין אן קיין אריכות, וואס אפי' ווען מ'רעדט א דבר אחד, און אפי' אן אות אחת, איז דאס אויך א דבר גדול ביותר.

וכידוע דער פתגם פון אחרונים וואס מ'פלעגט זאגן ע"ד הצחות, אז ווען צוויי אידן – יו"ד'ן – טרעפן זיך, איז איין יו"ד מיט נאך א יו"ד מרמז אויף שם הוי'.

וכידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז ווען צוויי אידן טרעפן זיך, איז א זיכערע זאך אז דאס איז א טובה פארביידן, נאר מ'דארף זעהן אז דערפון זאל ארויסקומען א טובה אויך פאר א דריטן אידן.

וואס דערפאר וועט מען זיך טרעפן מיט די פנים אל פנים – אנהויבנדיק פון אסרו חג, און אויך ביום חמישי, און אויב ס'וועט זיין א צורך – אויך בערב ש"ק, און דאס וועט זיין אין די זמנים הרגילים, און במשך פון שעה ומחצה.

מב. ויהי"ר אז ס'זאל מקוים ווערן דער "וילכו לאהליהם שמחים וטובי לב" דערפאר וואס מ'וועט זעהן בעיני בשר "כל הטובה אשר עשה ה' לדוד עבדו"[219], וואס "דוד מלך ישראל חי וקיים"[220], און ווי ער איז מוסיף אין דה"י[221] "לדוד ולשלמה" –

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט ביאה משיח צדקנו – ווי דער רמב"ם[222] זאגט אז משיח וועט זיין "מבית דוד ומזרע שלמה בלבד" [וואס דוד האט דאך געהאט כמה בנים ובנות – פסק'נט אפ דער רמב"ם אז משיח וועט זיין "מבית דוד ומזרע שלמה בלבד" דוקא], וואס "שלום ושקט אתן על ישראל בימיו"[223] – ביז וואנעט אז אזוי וועט שוין אויך זיין אין די לעצטע טעג פון גלות.

און בקרוב ממש וועט זיין דער "קהל גדול ישובו הנה" –

– וואס –

---

219) מ"א ח, סו. 220) ר"ה כה, א. 221) דה"ב ז, י. 222) בפיהמ"ש שלו לסנהדרין פ' חלק יסוד הי"ב. 223) דה"א כב, ט.

וואס מצד דעריף וואס רצונו ומחשבתו פון יעדער אידן איז אין א"י, קען ער זאגן "ישובו הנה" אויך ווען ער געפינט זיך אין חו"ל באופן של עראי, ווארום ווייבאלד אז רצונו ומחשבתו איז אין א"י, איז "שם הוא נמצא"[224];

אבער דערמיט איז מען ניט יוצא - נאר ווי דער רבי מהר"ש האט געזאגט[225] אז מ'וויל האבן משיח'ן און די גאולה כפשוטה,

בגאולה האמיתית והשלימה, ע"י משיח צדקנו.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

מג. דובר בהמשך להנ"ל אודות המצב באה"ק.

ברך ברכת המזון. מעריב. הבדלה. וחילק לכאו"א מכוס של ברכה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

224) כש"ט הוספות אות לה. ושנ"נ. 225) לקו"ש ח"ו ע' 80 הע' 70.

בס"ד. קטע משיחת יום שמח"ת ה'השל"ט. הנחה הה' בלתי מוגה

א. וויבאלד אז דער ענין האמור לעיל - אז גאנץ א"י געהערט צו אידן אין אן אופן פון "נחלה עולם", און דערפאר קען מען נים אפגעבן קיין שטח פון א"י - איז אזוי פשוט, איז וואס דארף מען דאס אזוי פיל באווארענען?

זעט מען דאך אבער אז דער חושך כפול ומכופל פון דעם גלות איז אזוי גרויס, ביז וואנעט אז ס'זיינען דא אידן וואס מענה'ן אז "לסטים אתם", און אז מ'דארף זיך פירן אין אן אופן פון צדק ויושר, ובמילא דארף מען אומקערן שטחים פון א"י.

ביז וואנעט אז מ'איז מגלה פנים בתורה שלא כהלכה רח"ל, און מ'זאגט אז ע"פ הורה דארף מען גזל'נען קרקע וואס געהערט צו אידן, און אפגעבן צו א גוי, זאגנדיק דערביי אז מ'דארף דאס טאן צוליב פקו"נ -

בה בשעה וואס ס'איז א דבר ברור אז ס'איז פונקט דער היפך דערפון - ווי מ'האט געזעהן אז נאך דערויף וואס מ'האט גע'חתמ'ט א חוזה אין דעם באריםטן "קעמפ דייווויד" - האבן די מומחים לעניני בטחון געזאגט אז מ'איז ארויס "בשן ועין", און אויב מ'וועט אומקערן יהודה ושומרון, איז דאס א סכנה גדולה פאר אלע אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק,

[אזוי ווי מ'שמייס אין דעם טאג פון שמח"ה - איז דאך ידוע די הודעה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[1] אז דעמולט איז נימא וואס צו מורא האבן פאר דעם ענין פון "אל תפתח פה כו'"[2]].

וכמדובר כמ"פ וועגן דעם פס"ד ברור אין שו"ע[3], אז אפי' ווען דער גוי זאגט אז ער קומט "על עסקי תבן וקש" - טאר מען נים עפענען דעם גבול פאר אים, וויבאלד אז דורך דערויף עפענט מען פאר אים את כל הארץ, ביז וואנעט אז מ'וועט אומקערן כל הענינים היל"ת.

וכאמור אז דער חושך איז אזוי גרויס - אז אפי' ווען מ'הערט אז אנשי הצבא זאגן א דבר ברור, אז אויב מ'וועט אומקערן שטחים פון יהודה ושומרון, איז דאס אן ענין פון פקו"נ [בנוגע צו סיני, דארף מען האבן א באזונדער חקירה ודרישה, אבער בנוגע צו יהודה ושומרון איז א דבר ברור אז דאס איז א סכנה פון פקו"נ!] - דינגט מען זיך וועגן דערויף.

- און -

------------

1) הו"ש ס"ע 53 ואילך. 2) ראה ברכות יט, א. 3) או"ח סשכ"ט ס"ו.

און די אלע לבושים מיט וועלכע מ'טוט דאס אן - אז דאס איז "אטאנאמיע", און "משטר אזרחי" וכו' - איז דאס אן ענין שאין בו תוכן כלל.

און כדי אז מ'זאל אין דערויף ניט האבן קיין טעות - קען מען זעהן וואס איז די דעה פון די וועלכע די ערבים דארפן האבן אויסגעקליבן אלס זייערע באי כח - וואס זיי האבן געזאגט אז ס'איז ניט מספיק דאס וואס מ'האט אפגערעדט, נאר מ'דארף נאכגעבן מערער, ביז וואנעט אז מ'וועט אלץ אפגעבן!

ב. עד כדי כך איז דער חושך גרויס, ביז אז ס'איז געווען א דבר המבהיל:

הכל מודים אז אזוי ווי אראבער קענען קויפן קרקע אין חברון, קענען אויך אידן קויפן דארטן קרקע, עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ארט וואס די אראבער אליין זאגן אז דאס געהערט צו אידן - אזוי ווי דער ביהכ"נ וואס ווערט אנגערופן ביהכ"נ של אברהם אבינו

[ס'איז קיין נפק"מ ניט צי דער אמה איז טאקע אזוי צי ניט - זיי אליין זאגן אז דאס איז ביהכ"נ של אברהם אבינו, און אזוי איז דאס געווען במשך פון שנים און דורות לפנ"ז],

איז לכאו'. אזוי ווי אן אראבער קען פארדיכטן זיין הויז - קען א איד פארריכטן א ביהכ"נ של אברהם אבינו -

איז עד כדי כך דער ענין פון "מצוה גוררת מצוה"[4] ועד"ז דער היפך דערפון - ביז וואנעט אז [ניט נאר וואס מ'וויל מאכן דארטן כשטר אזרחי, אע"פ וואס אלע מומחים (און אויך די וואס זיינען ניט קיין מומחים) זאגן אז דאס איז א סכנה גלוי' - איז] די ירידה איז נאך א גרעסערע, א ירידה עד לעפר:

מ'לאזט ניט א אידן קומען און פארריכטן דעם ביהכ"נ של אברהם אבינו! און מ'זאגט דערביי אז מ'טוט דאס דערפאר וואס מ'האט מורא פון דעם גוי!

דער גוי איז צופרידן דערפון וואס מ'טשעפעט אים ניט - קומט מען צו אים און מ'קלאפט אים אויף דער פלייצע, און מ'זאגט אים "אחי אתה", קלייב אויס אליין א מושל ושולט, און קיינער וועט זיך ניט מישן אין דיינע ענינים!

וואס איז די שייכות פון א ביהכ"נ של אברהם אבינו צו די ענינים הפנימיים פון ערבים?!

- ואין -

------------

4) אבות פ"ד מ"ב.

ואין פוצה פה ומצפצף אויף דעם גודל הירידה!

ביז וואנעט אז מ'נעמט אנשי צבא, וואס זיי זיינען זיך מוסר נפש אויף מגין זיין אויף שלימות הארץ און שלימות העם - און מ'איז זיי מכריח ארויסנעמען א אידן פון א ביהכ"נ וואס אראבער זאגן אז דאס איז ביהכ"נ של אברהם אבינו!

מ'נעמט א אידן וואס שטעלט זיך איין אין סכנה אויף צו מגין זיין על ארצנו הקדושה ועל עמנו הקדוש, און מ'נוצט אויס זיין כח"נ אויף ארויסנעמען א אידן פון א ביהכ"נ של אברהם אבינו וואס געפינט זיך אין חברון,

וואס חברון איז איינע פון די ד' ערי הקודש פון א"י, און דארטן האט זיך אנגעהויבן מלכות דוד, ווארום איידער ער איז געווארן א מלך אויף גאנץ א"י, איז "בחברון מלך גו' שבע שנים"[5] -

און אעפ"כ זיצט מען "איש תחת גפנו ותחת תאנתו"[6] און מ'שווייגט! און דער וואס רעדט יע מיט א תוקף, רעדט ער וועגן אנדערע ענינים, און ער פארגעסט קוקן אויפן גודל הירידה, און זעהן צו וועלכן כיוון מ'גייט!

ג. ווען מ'איז דא געווען אין דעצעמבער, און מ'האט גערעדט וועגן יהודה ושומרון. איז געווען א הצעה מבחילה וואס איז געקומען פון וואשינגטאן [מ'האט גערעכנט אז דאס וועט בלייבן בסוד. אבער אזוי ווי מ'זיינען געווען דערביי דריי מענטשן. איז דאס נתפרסם געווארן - ווי די גמרא' זאגט אז "כל מילתא דמתאמרי באפי תלתא לית בה משום לישנא בישא"[7] וויבאלד אז ס'איז אין אן אופן של פרסום]:

יהודה ושומרון זאל זיין אין אן אופן פון "טראסטמענ-שיפ". ד.ה. אז מ'זאל איבערגעבן די הנהלה אמיתית פון יהודה ושומרון צו אן אנדערן.

ווען איך האב דאס געהערט, בין איך פארציטערט געווארן - היתכן אז נשיא ארה"ב זאל זאגן אזא ווארט!

עס איז טאקע א מלכות של חסד, און ס'דארף זיין "ודרשו את שלום העיר וגו'"[8], ובפרט אז לאחרונה איז ער ארויסגעקומען מיט דער קריאה אז עס מוז זיין דער ענין פון חינוך - ניט נאר אז ער זאל האבן א ריבוי ידיעות, נאר אין אן אופן אז ער זאל זיין אן אדם הראוי לשמו; אבער אעפ"כ, מה-דאך אז א

- איד -

-------------

5) ש"ב ה, ה. 6) ל' הכתוב - מ"א ה, ה. 7) ב"ב לט, סע"א. 8) ירמי' כט. ז.



הנחה הת' בלתי מוגה

איד קען האבן א טעות, איז עאכו"כ אז אן אינו יהודי קען א טעות האבן.

און דערנאך איז "מצוה גוררת מצוה", און מ'גייט "מחיל אל חיל" בלשון סגי נהור - ביז צו דעם דבר הכי מבהיל אז מ'לאזט ניט א אידן פאררינכטן דעם ביהכ"נ של אברהם אבינו - וואס אפי' ווען מ'האט צוגענומען די מתיישבים וואס האבן זיך באזעצט אין א מקום שכם, איז אויך "כדי בזיון וקצף", עאכו"כ ווען מ'האט צוגענומען אידן וואס האבן געוואלט פאררינכטן דעם ביהכ"נ של אברהם אבינו.

בשעה אז א איד קומט אין מערת המכפלה ניט אין דעם זמן הקבוע, און מ'לאזט אים ניט אריין אהינצו - איז נאך דא עפעס אן הסברה: אזוי ווי מ'האט קובע געווען אז מ'זאל גיין נאר אין די זמנים, דארף זיין א משטר און משמעת וכו' -

סוס מען אבער א דבר המבהיל: מ'לאזט ניט צו א אידן פאררינכטן דעם ביהכ"נ של אברהם אבינו, און דורך וועמען טוט מען דאס - דורך אידן בעלי מס"נ וואס שטעלן איין גופם ונשמתם אין סכנה, אויף צו מגין זיין אויף שלימות העם און שלימות הארץ.

ד. כ"ק מו"ח אדמו"ר האט אמאל געזאגט אויף דעם וואס די גמרא[9] זאגט אז עשירות והפכו איז א "גלגל ההוזר בעולם" - אז ווען מ'קומט צו דער נקודה הכי תחתונה אין דעם גלגל, וואס נידעריקער קען שוין מערניט זיין, מוז זיך אנהויבן די עלי'.

ועד"ז איז אויך בנדו"ד:

עס איז שוין א ירידה מבהילה ביותר, סיי מצד די וואס טוען די ענינים בלתי רצויים, און נאכמער - מצד די וואס שווייגן,

ביז וואנעט אז מ'איז מגלה פנים בהורה שלא כהלכה, און מ'זאגט אז מ'דארף אומקערן שטחים צוליב פקו"נ - וואס בשעת מ'רעדט וועגן החזרת שטחים, איז דאס כולל אויך ירושלים העתיקה. ווארום דער "גוי גדול" און דער "גוי קטן" זאגן באופן ברור אז זיי ווילן האבן אויך ירושלים העתיקה, און טאמער וועט מען זיי ניט געבן וועלן זיי ווערן ברוגז.

וכאמור אז נאך דערויף וואס מ'האט א ידיעה ברורה פון אלע אנשי הצבא אז אומקערן שטחים אין יהודה ושומרון איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ ממש, נוסף לזה וואס רארטן זיינען דא אידישע ישובים וכו' - איז ניט נאר וואס

- מ'רעדט -

---

9) ראה שבת קנא, ב. ועוד.

מ'רעדט וועגן "אטאנאמיע" (און מ'האט זיי שוין געגעבן "אטאנאמיע"), נאר לאחרונה האט מען איסגענוצט חיילים פון צבא הגנה לישראל אויף ארויסנעמען אידן וואס האבן געוואלט פארריכטן דעם ביהכ"נ של אברהם אבינו - וואס דאס איז דאך א ירידה הכי מבהילה!

און אפי' אז ס'וועט קומען א בעל המצאה און וועט זאגן אז עס קען זיין א ירידה למטה מזה - איז ניט כדאי זיך משהדל זיין זוכן דאס, ווארום ס'איז שוין גענוג די אלע ירידות ונפילות וואס זיינען געווען ביז איצטער,

און מ'זאל יוצא זיין מיטן "יורדין עד לעפר"[10] וואס איז געווען ביז איצטער, און ס'זאל זיך אנהויבן די עלי' פון דעם גלגל, אין אן אופן של עלי' אחר עלי', ביז צו דער עלי' שאין למעלה הימנה - אז ס'וועט זיין "ועלו מושיעים בהר ציון גו' והיהה לה' המלוכה"[11], וואס דאס ווערט אויפגע-טאן דורך דער עלי' אין לימוד התורה וקיום המצוות, וואס דאס פועל'ט אויך אין "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ".

ה. ויה"ר אז ס'זאל זיין מה דאזל אזלא[12], און מכאן ולהבא וועט זיין די הנהגה לויט ווי דער אויבערשטער האט אנגעוויזן, וואס דער אויבערשטער איז דער איינציקער בעה"ב אויף דער גאנצער וועלט, ווייבאלד אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" - און ער האט מודיע געווען אז "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו"[13].

און בשעת מ'וויל גיין אנטקעגן דערויף, ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ - האט מען די הוראה וואס מ'לערנט אפ פון פ' בראשית, אז אדה"ר איז באשאפן געווארן אין אן אופן פון "יחידי", כדי אז מ'זאל וויסן אז יעדער איד איז אן "עולם מלא"[14], ביז וואנעט אז אין אים איז תלוי דער קיום פון כל מין האנושי (אזוי ווי ס'איז געווען ביי אדה"ר), און אין אים איז תלוי כל העולם כולו, ווארום ער האט דעם ציווי פון "ומלאו את הארץ וכבשוה"[15].

וכאמור אז מ'זאל יוצא זיין מיט די ירידות וואס זיינען געווען ביז איצטער - און אין די לעצטע טעג פון דעם גלות זאל זיך שוין אנהויבן דער ענין העלי'.

און מ'זאל שטיין אין א מעמד ומצב פון "אל יבוש מפני - המלעיגים" -

------------

10) ראה מגילה טז, א. 11) עובדי' א, כא. 12) ראה ויק"ר פ"ל, ז. 13) פרש"י ריש פרשתנו. 14) סנהדרין לז, סע"א במשנה. 15) פרשתנו א, כח.

המלעיגים" (ווי ס'שטייט אין דער ההחלה פון דעם שו"ע) - מ'זאל זיך ניט שעמען זאגן דעם גאנצן אמת וואס שטייט אין "תורת אמת", וואס אפי' די גוים ווייסן דאס אויך!

און ס'איז א זיכערע זאך אז "דבר אלקינו יקום לעולם"[16] - אז גאנץ א"י לגבולותי' געהערט צו אידן, אין אן אופן פון "נחלת עולם",

צוזאמען מיט שלימות התורה - פון "בראשית" ביז "לעיני כל ישראל", כולל אויך גאנץ תושבע"פ, וויבאלד אז "ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא"[17], אפי' מה שתלמיד והיק עתיד לחדש.

און מ'וועט פארענדיקן די לעצטע טעג און רגעים פון גלות אין אן אופן פון "ברוך תהי' מכל העמים"[18], ווי עס ווערט דערציילט אין ירושלמי[19] (וואס מ'האט דערמאנט פריער[20]) אז א איד האט געהערט א ברכה פון א גוי און האט געענטפערט אויף דערויף אמן, וואס דאס איז דער ענין פון יחוד הוי' און אד'[21],

ביז וואנעט אז עס ווערט דער "בשלח פרעה את העם"[22], און מ'גייט ארויס פון מצרים "ברכוש גדול"[23] - נאך איידער ס'איז געווען מכה בכורות, ווארום ווען ס'איז געווען מכה חושך האבן אידן געזעהן בא די מצריים זייערע "כלי כסף וכלי זהב"[24], און דורך דערויף איז דערנאך געווארן דער "וינצלו את מצרים"[25].

און מ'גייט ארויס פון גלות אין אן אופן פון "כספם וזהבם אתם"[26], און עס ווערט "קהל גדול ישובו הנה"[27] - אין אה"ק, און מ'געפינט דארטן א"י בשלימותה, אין אן אופן פון "ונתתי שלום בארץ גו' וחרב לא תעבור בארצכם"[28], "אפילו חרב של שלום"[29].

און נאך זייענדיק אין גלות שטייען אידן אין אן אופן פון "קוממיות" - "בקומה זקופה"[30], ווארום מ'גייט צוזאמען מיטן אויבערשטן,

ובקרוב ממש וועט מען גיין צוזאמען מקבל זיין פני

- משיח -

---

16) ישעי' מ, ח. 17) ע"פ תענית ט, א. 18) ל' הכתוב - עקב ז, יד. 19) ברכות ספ"ח. 20) בד"ה ולקחתם לכם דמוצאי ש"פ האזינו, י"ג תשרי. 21) פע"ח שער כוונת אמן רפ"א. שעה"כ ענין כוונת חזרת העמידה דרוש ה. וראה סה"מ תרכ"ח ע' קעא. 22) ר"פ בשלח. 23) לך לך טו, יד. 24) פרש"י עה"פ בא י, כב. 25) שם יב, לו. 26) ישעי' ס, ט. 27) ירמי' לא, ח. 28) בחוקותי כו, ו. 29) תענית כב, ב. 30) פרש"י עה"פ בחוקותי שם, יג.

משיח צדקנו, אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בעגלא דידן.

* * *

ו. אזוי ווי ס'דארף זיין "והייתם נקיים מה' ומישראל"[31] - דארף מען מוסיף זיין א פרט בנוגע צו דעם וואס מ'האט גערעדט וועגן דעם ביהכ"נ של אברהם אבינו:

איך בין דארטן ניט געווען בשעת מעשה - און דאס וואס מ'האט גערעדט וועגן דעם איז, לויט די ידיעות וואס מ'האט באקומען פון אנדערע,

אבער אזוי ווי זיי זיינען עדים כשרים ונאמנים, איז א זיכערע זאך אז דאס איז אן עדות כשרה ונאמנה,

ובפרט אז ס'זיינען געווען כמה ענינים הדומים לזה - וואס מ'האט געגוצט אנשי צבא, בעלי מס"נ, אויף צונעמען אידן פון זייער נחלה אין אה"ק - וואס דאס איז מחזק די ידיעות וועגן דעם סיפור המבהיל הנ"ל, אז דאס איז א סיפור אמיתי בכל הפרטים.

ויה"ר אז מכאן ולהבא זאל זיין "אך טוב לישראל"[32] אין טוב הנראה והנגלה [נוסף על האמור לעיל (מ"א) אז דאס וועט קיינעם ניט שאטן. אפי' [ניט צו די וואס האבן דאס געטאן - ווייבאלד אז ס'איז שמח"ת],

און מ'וועט זיין "ואוצרך הטוב לנו תפתח והושיענו אלקי ישענו", ובקרוב ממש וועט זיין דער "קול מבשר מבשר ואומר".

* * *

------------

31) ל' הכתוב - מטות לב. כב. 32) ל' הכתוב - תהלים עג. א.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ בראשית, מבה"ח מר-חשון ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט "שבת בראשית", וואס דער אפטייטש דערפון איז כשמו - "שבת בראשית" - דער אנהויב פון דעם יאר.

אע"פ אז דער אנהויב פון יאר הויבט זיך אן בראש השנה (וואס "ראש השנה" איז כשמו - דער אנהויב און דער קאפ פון דעם יאר) - איז אבער גאנץ חודש תשרי דער "ראש" און אנהויב פון דעם יאר, וואס "תשרי" איז אותיות "רשית"[1];

ווארום די עבודה פון כל השנה כולה, וואס איז פארבונדן מיט "אדם לעמל יולד"[2], און "וברכך ה' אלקיך בכל אשר תעשה"[3], אז ס'דארף זיין אן ענין של עשי', אויפטאן אין וועלט די שליחות פון דעם אויבערשטן אז די וועלט זאל ווערן א דירה לו ית' בתחתונים. דורך דערויף וואס די וועלט וועט זיך פירן אין אן אופן פון צדק ויושר און קדושה וכו' -

הויבט זיך דאס אן (בעיקר) אין דעם חודש שלאחרי חודש תשרי (חודש חשון) - וואס דער חודש ווערט געבענטשט אין דעם שבת שלפנ"ז, וואס דאס איז שבת בראשית, וואס דעמולט איז דער שבת מברכים חודש חשון - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז שבת בראשית איז נאך דער אנהויב פון דעם יאר.

ב. האמור לעיל אז גאנץ חודש תשרי איז אין אן אופן פון "ראש" על כל השנה כולה - קומט אראפ בנוגע לפועל:

עס שטייט אין מדרש[4] אז אין די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות זיינען אידן "עסוקין במצוות. זה עסוק בסוכתו וזה בלולבו".

און בנוגע צו די אנדערע טעג פון חודש תשרי - איז דעמולט עיקר העבודה (ניט אויף אזוי פיל אין מצוות מעשיות, נאר) אין תשובה ותפלה, ובפרט בנוגע צו "עשרה ימי תשובה" וואס ענינם איז - כשמם - דער ענין התשובה.

און ווען עס קומען די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, איז דעמולט עיקר העבודה אין מצוות מעשיות, "זה עוסק בסוכתו וזה בלולבו" - וואס אפי' ווען מ'איז זיך עוסק אין מצוות מעשיות, איז וויבאלד אז חודש תשרי איז א חודש הכללי[5].

- זיינען -

------------

1) אוה"ת סוכות ע' א'תשנו. 2) איוב ה, ז. 3) ראה טו. יח. וראה ספרי עה"פ. 4) ויק"ר פ"ל, ז. 5) אוה"ת שם. ברכה ס"ע א'התסו ואילך. ד"ה צהר תעשה תש"ב פ"ג. ועוד.

זיינען די מצוות מעשיות שבו אויך מצוות כלליות על כל השנה כולה.

ביז ווי מ'זעט בפועל אז אפי' ווען מ'איז זיך עוסק במלאכה אין די טעג פון חודש תשרי וועלכע זיינען מותר במלאכה - קומט דאס ניט צום אופן העסק אין מלאכה און אין "עובדין דחול" ווי דאס איז במשך כל השנה כולה,

ווארום יעדער איד, אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל נאר זיין, סיי אויב זיין עבודה איז אין דעם קו פון ישכר, אז עיקר עסקו איז אלס א יושב אוהל, און סיי אויב זיין עבודה איז אין דעם קו פון זבולון, אז עיקר עסקו איז אין מעשים טובים, מחוץ לאהלה של תורה - איז ווען ס'קומט חודש תשרי, איז די התעסקות אין דער מלאכה באופן אחר ווי דאס איז במשך כל השנה:

במשך כל השנה כולה איז די התעסקות אין משאו ומתנו באמונה אין אן אופן אז ער לייגט זיך אריין אין דערויף און ער הארעוועט וכו', עס איז טאקע בלא לב ולב, אבער דאס איז אין אן אופן פון "יגיע כפיך"[6], ער איז זיך מתייגע אין דערויף מיט דער גאנצער אנגעשטריינגקייט - וואס דאס הויבט זיך אן ערשט פון (שבת מברכים חודש חשון, און נאכמער - פון) ר"ח חשון;

משא"כ אין חודש תשרי, איז אפי' ווען ער טוט אן עניך של מלאכה - איז דאס אלץ דורכגענומען מיט דער הסתעפות און תוצאות פון די ענינים וואס האבן זיך אויפגעטאן אין דער עבודה פון ר"ה, עשי"ת, יוהכ"פ, ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, און ימי הסוכות וכו',

און דערנאך אויך די טעג ווען מ'קומט צו זיך און מ'איז מסדר די אלע ענינים וואס מ'האט גענומען בחודש תשרי - ובלשון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[7], אז מ'נעמט-פאנאנדער דאס וואס מ'האט באקומען בהקפה[8] בחודש תשרי, כדי צו נוצן דאס אין דער עבודה פון כל השנה כולה - וואס די עבודה עצמה הויבט זיך אן ערשט בר"ח חשון.

ג. נוסף אויף דער ראי' העיקרית בזה - דערפון וואס אזוי איז דער "מעשה רב"[9] אין הנהגת כל אחד ואחת מישראל, איז אויך דא די ראי' דערפון ווי ס'איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, וואס דאדסן איז דאס נאכמער בגלוי ווארום וויבאלד

- אז -

------------

6) ל' הכתוב - תהלים קכח, ב. 7) שיחה שמע"צ ה'תש"ז. יום שמח"ת תרצ"ס. 8) ראה גם סה"ש תש"ה ע' 63. 9) ראה שבת כא, א. וש"נ.

אז בזמן שביהמ"ק הי' קיים איז אלקות געווען בגלוי, כמרז"ל[10] "עשרה נסים נעשו לאבותינו בבית המקדש", איז פארשטאנדיק אז דעמולט איז ביי אידן געווען אידישקייט נאכמער בגלוי ווי דאס איז בזמן הגלות:

בזמן שביהמ"ק הי' קיים איז דאך געווען דער סדר אז אידן זיינען געקומען אין ביהמ"ק עולה לרגל זיין, און ערשט בסוף חודש תשרי איז מען צוריקגעקומען כל אחד ואחד לביתו.

און ווי גערעדט אין דעם פריעדדיקן פארבריינגען[11] אז בשמע"צ איז געווען דער "ביום השמיני שלח את העם", און דערנאך האט מען איבערגענכטיקט, ווי ער זאגט אין דה"י[12] אז דער "שלח את העם" בפועל איז געווען "ביום עשרים ושלשה לחודש השביעי", וואס דאס איז דער טאג פון שמח"ת אין גלוה.

ביז וואנעט אז דער אנקומען לביתו האט זיך געצויגן ערשט כמה ימים אין חודש חשון - אין די מקומות הכי רחוקים[13], און אפי' אין די מקומות הקרובים, האט זיך דאס געצויגן כמה ימים לאחרי שמח"ת.

וואס דערפון זעט מען בגלוי אז די עבודה פון כל השנה כולה הויבט זיך אן ערשט אין חודש חשון.

ד. כמדובר כמ"פ אז דאס וואס "מפני חטאינו גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתנו", איז עס נאר בנוגע צו די ענינים הגשמיים, אבער די ענינים הרוחניים זיינען געבליבן בשלימותם, דערפאר וואס דארפן האט א ניט-איד קיין שליטה ניט, ביז וואנעט אז מ'זאגט[14] "תפלות כנגד תמידין תקנום", ועד"ז נאך כו"כ ענינים;

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי ס'איז געווען בפועל ובגלוי בזמן שביהמ"ק הי' קיים, איז אזוי אויך בזמן הזה בנוגע צו דער עבודה רוחנית,

ביז וואנעט אז דאס דריקט זיך אויס בנוגע לפועל - ווי געזאגט פריער (ס"ב) אז אפי' ווען מ'איז זיך עוסק במלאכה אין די טעג פון חודש השדי המותרים במלאכה (עאכו"כ לאחרי שמע"צ ושמח"ת, אנהויבנדיק פון אסרו חג) - איז די ההעסקות אין דער מלאכה באופן אחר ווי דאס איז במשך כל השנה כולה.

און ווי מ'זעט אויך אז מנהג חב"ד איז אז מ'פירט זיך לויט דעם מנהג אז מ'זאגט ניט קיין תחנון כל חודש תשרי,

- אפי' -

---

10) אבות פ"ה מ"ד. 11) בהמאמר ד"ה ביום השמיני שלח את העם דיום שמח"ת. 12) דה"ב ז, י. וראה פרש"י עה"פ. 13) ראה תענית י, א במשנה. 14) ברכות כו, ב.

אפי' נאך אסרו חג - וואס דער טעם אויף דערויף איז (ווי געבראכט אין מג"א[15], און דער דברי נחמי' ברענגט דאס אראפ אין די הוספות צום שו"ע פון דעם אלטן רבי'ן[16]) - "מפני ריבוי המועדים שבו" (ס'איז א חודש וואס איז אנגעפילט מיט א ריבוי ענינים טובים), וואס דערפאר איז אויך די טעג וואס בנוגע צו איסור מלאכה זיינען זיי ניט קיין "ימים טובים", זיינען זיי אויך דורכגענומען מיט דעם ענין המועדות, ביז וואנעט אז דאס קומט אראפ בפועל בנוגע צו העדר אמירת תחנון -

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז די "עובדין דחול" וועלכע כ'טוט דעמולט, זיינען זיי נאך ניט אמיתית ענין החול, ווארום זיי זיינען דורכגענומען מיט דער השפעה און די הוצאות וואס מ'נעמט-מיט פון די ימים טובים און מועדים פון חודש השרי.

ה. און וויבאלד אז תשרי איז אוהיות "רשית" (כנ"ל ס"א) - איז יה"ר אז ס'זאל נמשך ווערן על כל השנה כולה -

אז אפי' די ימי החול פון כל השנה זאלן זיין דורכגע-נומען מיט דעם "רשית" - מיט די ענינים פון חודש השרי, וואס ער איז מרובה במועדות.

וואס בשעה אז א איד פילט זיך יו"ט'דיקער - איז אפי' ווען ער טוט א מלאכה, טוט ער דאס מיט ווייניקער אנשטריינ-גונג און מיט מערער הצלחה. און אין דערויף איז מער ניכר "ברכת ה'",

ועאכו"כ בנוגע צו די שבתות ומועדים וואס זיינען במשך כל השנה כולה.

און די אהעדל"ה וועט אראפברענגען די אהעדל"ע - אז ברכתו של הקב"ה וואס ער גיט בכל יום ויום (און א תוספת ברכה בשבתות ומועדים). וועט זיין אין אן אופן פון "מועדים לשמחה",

וואס וויבאלד אז "שמחה פורץ גדר"[17], ווערן אראפגענומען אלע הגבלות פון די ברכות, און מ'האט מערער ברכות, עאכו"כ אין די שבתות וואס דעמולט איז "כל מלאכתו עשוי'"[18], און "וקראת לשבת עונג"[19] - מ'האט אלע ענינים מן המוכן.

ו. און פון די אלע ברכות און אלע "ימים טובים" - זאל

- מען -

------------

15) סו"ס הרדס (בשם סה"י). 16) או"ח סקל"א ס"ה.
17) ראה ד"ה שמח תשמח הרנ"ז ע' 49 ואילך. 18) מכילתא עה"פ יתרו כ. ט. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ח (כא).
19) ישעי' נח, יג.

מען האבן בקרוב ממש דעם יו"ט העיקרי והכי גדול - די גאולה האמיתית והשלימה,

וואס דעמולט וועלן אפי' די טעג וואס זיינען היפך פון יו"ט - נתהפך ווערן "למועדים ולימים טובים"[20], ועאכו"כ אז שאר ימי השנה וועלן זיין אין אן אופן פון גאולה אמיתיה מכל הענינים המבלבלים.

און דעמולט שטייט א איר שטענדיק אין אן אופן של. שמחה, ווי ס'שטייט[21] "עבדו את ה' בשמחה", און ווי דער סיום פון שו"ע חלק או"ח אז ס'זאל זיין "טוב לב משתה תמיד"[22],

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם "שויתי ה' לנגדי תמיד"[23] וואס שטייט אין דער התחלה פון דעם שו"ע - ווארום בשעה ער שטייט פארן מלך, איז ניט שייך קיין ענין של מלאכה, כערניט ווי הנאה האבן און בכל ווערן אין ראיה פני המלך - ברענגט דאס אויך דעם "טוב לב משתה תמיד", בכל יום מימות השנה.

ובקרוב ממש זאל זיין די שמחה הכי גדולה - בלשון הכתוב[24] "שמחת עולם על ראשם", ע"י ביאת משיח צדקנו. און גאולה האמיתיה והשלימה. בקרוב ממש.

* * *

ז. אלס הקדמה צו דער ההתחלה פון דעם אריינגיין אין ימות החול און "עובדין דחול" פון כל השנה כולה - הויבט מען אן די תורה נאכאמאל פון-ראש-ניי.

ווארום וויבאלד אז "צדיקים דומין לבוראם"[25], און "ועמך כולם צדיקים"[26] - איז ע"ד ווי דער אויבערשטער איז "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[27], איז עד"ז דער סדר אויך ביי א אידן, אז איידער ער האט צוטאן מיט עניני העולם, דארף זיין "אסתכל באורייתא".

וואס בפשטות מיינט דאס. אז כדי צו וויסן וואס ער מעג טאן און וואס ער דארף טאן, און וואס ער טאר ניט טאן - דארף ער א קוק טאן אין שו"ע,

און אין דערויף איז אויך דא דער פירוש הפנימי - אז איידער ער האט צוטאן מיט אן ענין אין וועלט, לערנט ער ווי דער ענין שטייט אין תורה.

- ובדוגמא -

---

20) ראה זכרי' ח. יט. רמב"ם סוף הל' תעניות.
21) תהלים ק, ב. 22) ל' הכתוב - משלי טו. טו. 23) ל' הכתוב - תהלים טז, ח. 24) ישעי' לה. י. 25) ב"ר פס"ז, ח.
26) ישעי' ס. כא. 27) זח"ב קסא. ריש ע"ב.

הנהה הה' בלתי מוגה

ובדוגמא ווי ס'איז געווען ביים אויבערשטן כביכול, אז "אסתכל באורייתא" און ער האט געזעהן אז ס'שטייט "יהי אור", האט ער געזאגט "יהי אור", און "ויהי אור"[28] - איז עד"ז אויך בנוגע צו א אידן, אז איידער ער האט צוטאן מיט שמים וצבאם אדער מיט ארץ וצבאי', לערנט ער פריער ווי די ענינים שטייען אין תורה - אין פנימיות התורה און אין נגלה דתורה, און ערשט דערנאך האט ער צוטאן מיט די ענינים ווי זיי שטייען בגשמיות דא למטה.

ה. און דאס ברענגט אויך די הצלחה אין דער התעסקות מיט עניני העולם -

בדוגמא ווי ס'איז געווען בא יעקב (וואס ער איז דאך דער שורש פון אלע נשמות[29]), אז ווען ער האט דערמאנט דעם צד שכנגד אז ער האט געהאט צוטאן מיט זיין "שר"[30] און האט אים מנצח געווען, האט דאס גע'פועל'ט אויפן צד שכנגד אז אפי' ווי ער איז געשטאנען דא למטה אין אן אופן פון התנגדות צו יעקב, איז אויף אים אנגעפאלן אימתה ופחד[31], ביז וואנעט אז ס'איז געווען "וישקהו"[32],

איז עד"ז אויך בא יעדער אידן - אז ווען ער לערנט וועגן שמים וארץ וכל צבאם ווי זיי שטייען אין תורה, און ערשט דערנאך האט ער צוטאן מיט שמים וארץ וכל צבאם כפשוטו - איז "מזלייהו חזו"[33] אז דאס איז א איד וואס האט געהאט צוטאן מיט די רוחניות און נשמה פון די שמים וארץ וכל צבאם, וואס זייער פנימיות און נשמה שטייט אין תורה,

ובדרך ממילא ווערט אים לייכטער צו אויפטאן אין גשמיות העניניים, וואס זיי זיינען "נשתלשלו מהן"[34] - פון רוחניות הענינים, ביז בנוגע צו דעם ענין פון פרנסה כפשוטה.

ס. כאמור לעיל (ס"ד) אז איידער מ'גייט האבן צוטאן מיט עניני העולם בכשך כל השנה, הויבט מען אן נאכאמאל די תורה פון-דאס-ניי, ד.ה. אז פריער לערנט מען ווי די ענינים פון וועלט שטייען אין תורה, און ערשט דערנאך האט מען צוטאן מיט עניני העולם כפשוטו.

און ניט נאר אז מ'הויבט אן לייענען און לערנען אין תורה וועגן עניני העולם סתם, נאר מ'הויבט אן לערנען פון-דאס-ניי ווי די וועלט ווערט באשאפן מאין ואפס המוחלט ליש -

- ווי -

------------

28) פרשתנו א, ג. 29) אגה"ק ס"ז (קיא, סע"ב).
30) ב"ר פע"ז, ג. הובא בפרש"י עה"פ וישלח לב, כה.
31) ראה פרש"י שם לג, י. 32) וישלח שם, ד. 33) מגילה ג, א. 34) תניא רפ"ג.

ווי דער רמב"ן[35] טייטשט אפ אז דער אויסדרוק אין לה"ק אויף דעם ענין פון התהוות יש מאין - איז דער ווארט "ברא".

און בשעה א איד לערנט אין תורה אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", איז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו"[36] - דער אויבערשטער זאגט אויך דעם זעלבן פסוק, ובמילא טוט זיך אויף דער ענין פון "ברא אלקים את השמים ואת הארץ" פון-דאס-ניי, ווי גערעדט אין דעם פריערדיקן פארברייינגען[37] בארוכה, אז פון דעם נייעם לימוד וואס ער לערנט אין תורה "בראשית ברא אלקים גו'", ווערן באשאפן מאין ואפס המוחלט "שמים חדשים" און "ארץ חדשה"[38].

י. און וויבאלד אז דער לימוד פון "בראשית ברא אלקים גו'" קומט נאך דערויף וואס ער האט געטאן די גאנצע עבודה פון חודש תשרי, אנהויבנדיק פון ר"ה ביז צו שמע"צ ושמח"ת, וואס דעמולט איז ער מסיים די תורה, און הויבט אן גלייך בסמיכות לזה פון התחלת התורה -

איז פארשטאנדיק אז נאך דערויף וואס ער האט אפגעלערנט און מסיים געווען כל התורה כולה, אלע המשה חומשי תורה (וואס אין זיי זיינען כלול אלע ענינים פון הושבע"פ, ווארום "ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא"[39]) - איז דער נייער לימוד פון "בראשית ברא אלקים גו'" אין אן אופן נעלה יותר, וויבאלד אז "מעלין בקודש"[40], ובמילא זיינען די "שמים חדשים" און "ארץ חדשה" וועלכע ווערן באשאפן דערפון - באופן נעלה יותר.

וכאמור אז דאס איז די הקדמה צו כללות ההתעסקות אין עניני העולם במשך השנה - וואס דערפאר טוט מען דאס איידער מ'גייט אריין אין חודש חשון - גלייך אין שבת מברכים חודש חשון,

ביז אז מ'הויבט אן ליינען און לערנען די תורה נאך פריער - אין דעם טאג פון שמח"ת, וואס דעמולט שטייט תורה אין אן אופן של שבחה, וואס "שמחה פורץ גדר" [אבער אעפ"כ לייענט מען און מ'לערנט וועגן א דבר המדוד ומוגבל - שמים וארץ וכל צבאם, וואס זיי זיינען באשאפן געווארן מיט דער מדידה והגבלה פון מעלה ומטה און ארבע קצוות, מיט אלע פרטים פון מדידה והגבלה] -

איז דאך פארשטאנדיק דער גודל השינוי והעילוי וואס

- ווערט -

---

35) ריש פרשתנו. 36) ראה יל"ש איכה רמז התרל"ד. תדבא"ר רפי"ח. 37) שיחת יום שמח"ת סל"ד-לה. 38) ל' הכתוב - ישעי' סה, יז. 39) ע"פ תענית ט, א. 40) ברכות כח. א. וש"נ.

הנהה הה' בלתי מוגה

ווערט אין וועלט ווען א איד לערנט "בראשית ברא אלקים גו'" נאך די גאנצע הכנה און עבודה פון גאנץ חודש תשרי, ביז צו שמע"צ ושמח"ת, וואס דעמולט איז מען מסיים את כל התורה כולה ביז "לעיני כל ישראל".

יא. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

ווי גערעדט אין דער פריערדיקער ההוועדות[41], אז בשעת א איד גייט ארויס אין וועלט לאחרי חודש תשרי - האט ער ניט וואס צו שרעקן זיך דערפון וואס ער זעט אז ס'איז דא א גאנצע וועלט, ביז אין אן אופן פון "מה רבו מעשיך"[42] און "מה גדלו מעשיך"[43], און "רגשו גוים ולאומים יהגו"[44],

ווארום ער ווייסט אז די גאנצע וועלט האט ניט קיין ממשות - די גאנצע וועלט איז אט-ערשט באשאפן געווארן מאין ליש דורך "דבר אלקינו", וואס "בעשרה מאמרות נברא העולם"[45],

און דאס וואס דער אויבערשטער האט געזאגט די "עשרה מאמרות" מחדש - איז דאס דורך דערויף וואס יעדער איד און אלע אידן (וואס "ועמך כולם צדיקים") האבן געזאגט און געהערט "ויאמר אלקים יהי אור ויהי אור", און פאר דערויף - "בראשית ברא אלקים גו'", וואס "בראשית נמי מאמר הוא"[46], ביז צום מאמר העשירי - ווארים נאך דערויף וואס דער ת"ח איז "קורא ושונה", דעמולט איז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו". און ער באשאפט די וועלט מחדש -

איז וויבאלד אז די וועלט איז באשאפן געווארן דורך דערויף וואס א איד האט געלערנט תורה - איז פארשטאנדיק, אז די וועלט האט פאר אים אפשיין, און בכחו של הקב"ה בורא העולם ומנהיגו, קען ער אויספירן אז ס'זאל זיין אן עולם וואס איז א דירה לו ית', און אין דער דירה געפינט זיך "אושפיזכן לגבודה"[47] - יעדער איד און אלע אידן.

יב. און דעמולט איז דער "ויעקב הלך לדרכו"[48] אין אן אופן אז ילך לבטח דרכו, וויבאלד אז ער נעמט מיט דעם "בטח בדד עין יעקב" וואס ער האט געלערנט אין סיום התורה, אין פ' ברכה[49].

וואס דערפאר איז אויך ווען ער גייט "לדרכו" - איז דעם דרך פון "יעקב". וואס דאס זיינען ענינים פון "עובדין - דחול" -

------------

41) שיחת ליל שמח"ת סט"ו. 42) תהלים קד, כד. 43) שם צב, ו. 44) שם ב, א. 45) אבות רפ"ה. 46) ר"ה לב, א. 47) הובא פל"ד (מג, ריש ע"ב). 48) ל' הכתוב - ויצא לב, ב. וראה לקו"ש ח"י ע' 192. וש"נ. 49) לג, כח.



הנחה הת' בלתי מוגה

דחול" - האט ער דעם בטחון אין דעם אויבערשטן, ווארום "ה' שומרך ה' צלך על יד ימינך"[50], און נאכמער: "הקב"ה עוזרו"[51], בידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה.

ביז אין אן אופן אז "אני ישן על מטתי"[52] און דער אויבערשטער טוט די אלע ענינים וואס דארפן אפגעטאן ווערן (ווי רעדמאנט פריער[53]).

בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי אדה"ר אז ער איז באשאפן געווארן אין אן אופן אז ביי אים זאל זיין "הכל מוכן לסעודה"[54] - און זיין עבודה זאל זיין אין אן אופן פון שבת. אין אן אופן פון הענוג צוזאמען מיטן אויבערשטן און פון דעם אויבערשטן,

און זיין עבודה איז אין אן אופן פון "לעבדה ולשמרה"[55] - "לעבדה אלו רמ"ח מ"ע ולשמרה אלו שס"ה מל"ת"[56] - זיין עבודה איז ניט מיט וואכעדיקע זאכן, נאר מ'מאכט אים פאר א היטער און אויפטוער אין דעם "גן בעדן מקדם"[57], ובדרך ממילא ווערט דאס אויפגעטאן אויך אין וועלט.

און אפי' ווען מ'האלט ניט בא דער דרגא (מאיזה סיבה שתהי') - איז דייענדיק אין וועלט האט מען מיט זיך די נשמה פון דער וועלט וואס מ'האט ערשט מתי' געווען (הדרך לימוד התורה), ובדרך ממילא ווערט מען א בעה"ב אויף דעם גוף פון דער וועלט, אפי' מחוץ לג"ע. און אפי' מחוץ לאה"ק, און אפי' בזמן הגלות.

און דעמולט איז פונקט ווי די נשמה איז ניט געגאנגען אין גלות[58], נעמט ארויס די נשמה פון גלוה אויך דעם גוף, און ער פירט זיך אין וועלט ווי א "בן חורין" - ובמילא טוט ער אויף אלע ענינים אין וועלט אין אן אופן של חירות, ביז אז די וועלט ווערט אין אן אופן פון "לשבה יצרה"[59] בכלל. און נאכמער: עס ווערט א דירה פאר דעם אויבערשטן.

און וויבאלד אז "באור פני מלך חיים"[60], איז פארשטאנדיק. אז ער פירט אויס אין וועלט אלץ וואס ער דארף אין איר אויס-פירן.

- ובפשטות -

------------

50) תהלים קכא, ה. 51) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 52) איכ"ר פ"ד, טו. 53) שיחת ליל שמע"צ בעת ההקפות - לפני הקפה השישית. 54) ראה סנהדרין לח, א ובפרש"י שם ד"ה שיכנס לסעודה מיד. 55) בראשית ב, טו. 56) ראה יל"ר עה"פ. זח"א כז. א. ח"ב קסה. ב. הקו"ז הכ"א קרוב לסופו. 57) בראשית שם. ח. 58) לקו"ד כרך ד' תרצב. א. 59) ישעי' מה. יח. 60) משלי טז. טו.

הנהת הת' בלתי מוגה

ובפשטות איז דאס פארבונדן מיט בני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי, וויבאלד אז "באור פני מלך חיים".

יג. אין גאר פשוט'ע אותיות:

א איד נעמט מיט פון חודש תשרי, אז אפי' ווען ער גייט אוועק אין שאר החדשים וואס בערך פון חודש תשרי זיינען זיי וואכעדיקע חדשים, איז ילך לבטח דרכו, ווארום ער ווייסט אז די וועלט איז ערשט באשאפן געווארן פון-דאס-ניי דורך דעם אויבערשטן, אין אן אופן ווי ס'איז מתאים צו דער כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה וואס יעדער איד בתוככי כלל ישראל האט באקומען אין חודש תשרי, וואס דאס איז דאך אין אן אופן פון טוב הנראה והנגלה.

און ווען עס קומט צו דער התעסקות אין עניני העולם, ווייסט ער אז מ'דארף האבן מערניט ווי זיין השתדלות מיט אן "אצבע קטנה" (בלשון המדרש[61]), און דעמולט ווערט דער "וברכך ה' אלקיך בכל אשר תעשה" - א ברכה בהפלגה, ביז אז דאס קומט אראפ למטה מעשרה טפחים, אין א שנה טובה ומבורכת.

און בשעת מ'גייט ארויס אין וועלט מיט דער ידיעה והרגשה אז ס'איז א נייע וועלט וואס פאלגט די הוראות וואס שטייען אין תורה, און מ'ווייסט אז יעדער איד וואס פאלגט די הוראות וואס שטייען אין תורה, ווערט ער דער בעה"ב אויף דער מציאות פון וועלט -

איז דעמולט ילך לבטח דרכו, ער האט מנוחת הנפש, ובמילא האט ער אויך מנוחת הגוף (ווארום דער תנאי עיקרי אז ס'זאל קענען זיין מנוחת הגוף איז - דורך דערויף וואס ס'איז דא מנוחת הנפש),

ביז וואנעט אז אפי' ווען ס'איז דא אן ענין של יגיעה, "בזעת אפך תאכל לחם[62]" - איז דאס מערניט ווי "יגיע כפיך", און די קאפ מיט די הארץ ליגן ביי אים אין ענינים של טוב וקדושה[63], ובמילא איז דער "יגיע כפיך" אויך אין אן אופן אז דאס האט ניט קיין ממשות, און עס גייט גלייך דורך, ווארום ער געפינט זיך אין א מעמד ומצב של בריאות בשלימות.

און ער האט א שנה בריאה בגשמיות וברוחניות גם יחד, און ער האט הצלחה אין "מלאכתך אשר תעשה", עאכו"כ אין דער מלאכה וואס ער טוט לעשות לו ית' דירה בתחתונים - הצלחה אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, כולל אויך דעם ענין

- פון -

------------

61) קה"ר רפ"א. ועוד. 62) בראשית ג, יט. 63) ראה ד"ה מים רבים דמוצאי ש"פ נח תשל"ח ס"ב. וש"נ.

פון "ואהבת לרעך כמוך"[64] - הפצת היהדות און הפצת המעיינות, און עס ווערט א הצלחה׳דיקער יאר בכל הפרטים.

ביז צו דער הצלחה הכי גדולה - אז מ׳איז זוכה צום קיום היעוד "הנני עושה חדשה"[65], אז "הנני בורא שמים חדשים וארץ חדשה"[66], און עס ווערט "כן יעמוד זרעכם ושמכם"[67] (ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין דעם סיום וחותם פון לקו"ת[68], און אויך אין די הערות וביאורים פון דעם צ"צ[69],

כן תהי׳ לנו בתוככי כלל ישראל.

* * *

יד. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה בראשית ברא.

* * *

טו. כנהוג צו אפלערנען אן ענין אין פרש"י אויף דער סדרה, אדער אן ענין וואס לכאו׳ האט דאס רש"י געדארפט מפרש זיין (וויבאלד אז ביים בן חמש למקרא שטעלט זיך די שאלה), און ער איז דאס ניט מפרש - וואס אין דערויף דארף מען האבן א ביאור פארוואס איז דאס רש"י ניט מפרש.

אין התחלת הפרשה רעדט רש"י וועגן דעם וואס א"י בשלימותה געהערט צו אידן, און קיינער קען אויף דערויף ניט מערער זיין, דערפאר וואס "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים"[69] - פריער איז דאס טאקע געווען "נחלת גוים", דערפאר וואס "נתנה להם", אבער דערנאך איז "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו", ווי גערעדט בארוכה וועגן דערויף אין די פריערדיקע התוועדויות.

וואס אויף דערויף ברענגט רש"י: "אמר ר׳ יצחק לא הי׳ צריך להתחיל את התורה אלא מהחודש הזה לכם . . ומה טעם פתח בבראשית, משום כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים, שאם יאמרו אוה"ע לישראל לסטים אתם שכבשתם ארצות שבעה גוים, הם אומרים להם כל הארץ של הקב"ה היא, הוא בראה ונתנה לאשר ישר בעיניו, ברצונו נתנה להם וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו".

טז. אין דערויף שטעלט זיך ביים בן חמש למקרא (און אפי׳ ביי אן ערוואקסענעם) א שאלה הכי פשוטה:

דער בן חמש למקרא ווייסט אז אין תורה איז יעדער ווארט, יעדער פסוק, ועאכו"כ א גאנצע פרשה - אן עולם

- ומלואו -

---

64) קדושים יט, יח. 65) ישעי׳ מג. יט. 66) שם סו, כב. 67) ד"ה כי כאשר השמים החדשים כו׳ - שה"ש מח, ד ואילך. 68) אוה"ת בראשית כרך ו תתרמ, ואילך. 69) תהלים קיא, ו.

ומלואו און בדיוק, און דא זעט ער אז מ'האט אוועקגעשטעלט גאנץ ספר בראשית און א טייל פון ספר שמות שלא במקומו לכאו', כדי צו פארענטפערן די טענה וואס אוה"ע וועלן טענה'ן צו אידן "לסטים אתם".

פרעגט ער: וויבאלד אז אי"י געהערט צו אידן, איז צוליב וואס האט מען געדארפט האבן די גאנצע זאך, אז פריער זאל דאס זיין "נחלת גוים", און דערנאך "נטלה מהם ונתנה לנו" - דער אויבערשטער האט דאס מלכתחלה געדארפט געבן צו אידן, וואס דעמולט וואלט ניט געווען קיין ארט צו דער טענה פון "לסטים אתם", ובמילא וואלט מען ניט געדארפט משנה זיין דעם סדר פון תורה, מ'וואלט געקענט אנהויבן פון "החודש הזה לכם"?

אמת טאקע אז אויפן אויבערשטן קען מען ניט פרעגן קיין שאלות, ועאכו"כ ניט קיין קשיות - ער ווייסט אבער אז אין תורה זיינען דא ענינים וועלכע מ'איז מסביר ע"פ שכל, והראי' - אז דעם ענטפער אויף דער טענה פון "לסטים אתם" איז מען אים מסביר ע"פ שכל (אז "ברצונו נתנה להם וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו"), זעט ער דאך אז ס'זיינען דא ענינים וואס מ'איז מסביר ע"פ שכל, און מ'דארף ניט זאגן אז ס'איז גזירה היא מלפני,

און דא זעט ער אז ס'איז דא אן ענין וואס צוליב דערויף דארף מען איבערמאכן דעם סדר אין תורה, און אריינ-שטעלן גאנץ ספר בראשית און א טייל פון ספר שמות שלא במקומו - וואס דאס איז אן ענין וואס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק.

און רש"י שטעלט זיך גארניט אויף דעם - ער זאגט ניט אז ס'איז א גזירה שאין להרהר אחרי', און ער זאגט ניט קיין טעם פארוואס האט געמוזט זיין דער סדר אז פריער "נתנה להם" און דערנאך "נטלה מהם ונתנה לנו" (וואס צוליב דערויף דארף מען משנה זיין דעם סדר פון תורה).

רש"י איז דאס טאקע ניט מחוייב באווארענען גלייך בתחלת פירושו, ווארום אין פסוק ווערט ניט דערמאנט אין וואס פאר אן אופן איז געווען דער "נתנה לנו";

ווען מ'קומט אבער צו די פרשיות אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן דעם אופן ווי ס'איז געווען דער "נתנה לנו" - האט דארטן רש"י געדארפט באווארענען פארוואס האט דאס געמוזט זיין אין אן אופן אז אי"י זאל פריער זיין "נחלת גוים" פון דעם "כנעני והחתי גו'" מיט אלע שבעה אומות (ווי מ'רעכנט זיי אויס בכמה מקומות, ובאריכות - אין ספר דברים[70])

- און -

------------

70) ואתחנן ז, א.

- און אויך דארטן געפינט מען ניט אז רש"י זאל באווארענען די שאלה.

וואס דאס איז ניט קיין שאלה וואס איז פארבונדן מיט.א לימוד וואס איז ניט אין אן אופן פון פשש"מ (וואס דעמולט איז דאס ניט שייך צו פרש"י), נאר ס'איז א שאלה אין פשש"מ.

וכפי שיתבאר לקמן אז דער ביאור בזה איז פארשטאנדיק בפשטות, און מ'דארף ניט אנקומען צו די ביאורים בזה ע"ד הסוד - אז ס'האט פריער געדארפט זיין "נחלת גוים" פון די שבעה אומות, וויבאלד אז מ'דארף האבן דעם ענין הבירורים וכו', וואס דאס איז א ביאור ע"ד הסוד, און רש"י ברענגט דאס ניט אראפ (אפי' ניט ברמז) - מוז דאס נתבאר ווערן אויך ע"ד הפשט אין פשוטם של כתובים. וכפי שיתבאר לקמן.

יז. בנוגע צו די הערות פון דעם טאטן אויפן זהר פון היינטיקע פרשה - איז דא די הערה וואס איז פארבונדן מיט "מבצע נש"ק" (נרות שבת קודש):

אין די הערות[71] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'איז מבואר אין זהר[72] דער גודל העילוי וואס ווערט אויפגעטאן דורך הדלקת נרות שבת קודש, און דארטן איז ער מוסיף אן ענין חדש, וואס דערפון קומט ארויס א זירוז און א עידוד מיוחד בנוגע צו התעסקות אין "מבצע נש"ק" מיטן גאנצן שטורעם. וכפי שיתבאר לקמן.

יח. אזוי ווי מ'דארף דאך געבן דעם עולם צייט אויף צו באטראכטן אן ענטפער צו די שאלות, און ס'איז אויך דא דער ענין וואס בשבת בראשית [וואס די התוועדות איז דאך במקום די התוועדות פון שבת בראשית ביום] פארקויפט מען די מצוות -

וועט מען איצטער פארקויפן די מצוות, ע"ד הרגיל - אבער בהוספה, ביתר שאת וביתר עז, און דערנאך וועט מען ממשיך זיין בנוגע צו די פירושים

* * *

צוה להגבאי לומר דבר תורה קודם מכירת המצוות.

כשהכריזו אודות מכירת "יין לקידוש ולהבדלה" - אמר כ"ק אדמו"ר שליט"א:

אז מ'רעדט וועגן "יין לקידוש ולהבדלה" - איז די וואס טראכטן ניט צו קויפן די מצוות, זאלן זיי דערוויילע זאגן לחיים אויף יין.

- לאחרי -

------------

71) לקוטי לוי"צ לזח"א ע' יג. 72) ח"א מח, ב.

הנחת הת' בלתי מוגה

לאחרי מכירת המצוות צוה להגבאי לומר עוד דבר תורה.

אח"כ צוה לנגן ניגון שמח"ת (ניגון הקפות לאביו רלוי"צ ז"ל).

אח"כ אמר: אזוי ווי איך האב אויך ניט געקויפט ניט די עליות ניט דעם יין - דארף איך אויך מאכן לחיים. ואמר כ"ק אדמו"ר שליט"א לחיים.

* * *

יט. מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[73] בנוגע צו דעם ענין פון תק"ש בחודש אלול, וואס בערב ר"ה איז מען מפסיק דעם ענין פון תק"ש, ועד"ז דאס וואס מ'הויבט ניט אן קריאת התורה פון "בראשית" בר"ה, נאר בשמח"ת - אז איינער פון די טעמים אויף ביידע ענינים איז[74], כדי צו מבלבל זיין את השטן ער זאל ניט וויסן אז ס'איז ר"ה.

וואס אויף דערויף האט מען געפרעגט: לכאו' ווי קען מען זאגן אז דערמיט איז מען מבלבל דעם שטן - דער שטן ווייסט דאך אז מ'טוט דאס נאר אויף צו מבלבל זיין אים, איז פון וואס ווערט ער מבולבל?

און כ'האט מבאר געווען, אז ס'איז קיין נפק"מ ניט וואס איז די כוונה אין דעם וואס מ'איז ניט תוקע בשופר בערב ר"ה און וואס מ'הויבט ניט אן די תורה בר"ה - ווארום "המעשה הוא העיקר"[75], און בפועל פעלן די צוויי ענינים, און דערפאר טראכט דער שטן אז ער דארף ניט אנקומען צו א השתדלות יתירה, ווארום ער זעט אז עס פעלט אין דער עבודה פון אידן.

כ. אויף דערויף האט מען געפרעגט: לכאו', ווי איז דאס מתאים מיטן לשון "שכבר עבר ר"ה"[76], וואס דערפון איז דאך משמע אז ס'איז טאקע אן ענין של בלבול, אז דער שטן זאל מיינען אז ס'איז שוין נאך ר"ה?

איז דער ביאור בזה:

אע"פ אז בר"ה טוט זיך אויף דער ענין פון "יכתבון" (און בא צדיקים גמורים (וואס "ועמך כולם צדיקים") ווערט אויפגעטאן אויך דער ענין פון "יחתמון"[77]) - געפינט מען אבער אז דורך עבודה כדבעי, קען מען פועל'ן דעם זעלבן ענין

- אויך -

------------

73) שיחת יום שמח"ת סכ"ח ואילך. 74) לבוש רסתקפ"א. רסתרס"ט. 75) אבות פ"א מי"ז. 76) ל' הבעל דברי נחמי' בהשלמה לשו"ע סו"ס תקפא. 77) ראה ר"ה טז, ב.

אויך באמצע השנה, ביז וואנעם אז מ'קען פועל'ן באמצע השנה א פס"ד אז מ'זאל האבן טוב הנראה והנגלה אויף כמה שנים לאח"ז.

און ווי מ'געפינט בא חזקי' אז דורך דערויף וואס ער האט מתפלל געווען און האט תשובה געטאן וכו', האט איס דער אויבערשטער געזאגט "והוספתי על ימיך חמש עשרה שנה"[78] - וואס לויט נוסח הכתובים איז דאס געווען לאו דוקא בר"ה, און אעפ"כ, דורך זיין עבודה האט ער גע'פועל'ט א פס"ד אויף פופצן יאר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך אן עבודה מתאימה, קען מען אויפטאן דעם ענין פון ר"ה אויך באמצע השנה, און דורך דעם פארשפארן דערנאך דעם פס"ד בר"ה, וויבאלד אז ס'איז שוין אפגע'פסק'נט געווארן פון פריער (ע"י עבודתו) ער זאל האבן בני חיי ומזוני רויחי.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע לענייננו:

ווען דער שטן זעט אז נאך דערויף וואס מ'האט געבלאזן שופר יום אחר יום, חוץ פון יום השבה, און אין דעם טאג פון ערב ר"ה, וואס ער איז פון ימות החול, בלאזט מען ניט קיין שופר.- רעכנט ער אז "כבר עבר ר"ה", ד.ה. אז דער ענין פון ר"ה האט זיך שוין אויפגעטאן דורך דער עבודה שלפנ"ז.

ועד"ז בנוגע צו שאר הלשונות וואס פון זיי איז משמע אז די כוונה פון דעם בלבול איז, דער שטן זאל מיינען אז ס'איז שוין דורכגעגאנגען דער <u>זמן</u> פון ר"ה - איז די כוונה בזה צו דער <u>עבודה</u> פון ר"ה, אז וויבאלד די עבודה פון ר"ה האט זיך שוין אויפגעטאן, דארף מען ניט אנקומען צו תק"ש און צו "גמרה של תורה" - און דעמולט האט ניט דער שטן אויף וואס צו משתדל זיין זיך, וויבאלד אז ס'איז שוין לאחרי המעשה - די עבודה פון ר"ה איז שוין געטאן געווארן.

און דאס וואס דער שטן ווייסט אויך דערפון - איז וויבאלד אז ביי אים בלייבט נאך אלץ א ספק: עס קען זיין אז דאס איז נאר אויף צו מבלבל זיין, און עס קען זיין אז די עבודה פון ר"ה איז שוין טאקע געטאן געווארן - איז די השתדלות זיינע נאר על הספק, און ס'איז ניט אין דעם זעלבן אופן ווי א השתדלות וואס איז על הודאי.

כא. ער"ז האט מען אויך גערעדט[79] וועגן דעם פסוק[80] "לעושה נפלאות גדולות לבדו", אז אין דערויף זיינען דא צוויי פירושים, וואס לכאו' זיינען זיי הפכיים:

- דער -

---

78) מ"ב כ, ו. 79) שיחת ליל שמח"ת סי"ח ואילך.
80) תהלים קלו, ד.

<u>הנחת הח' בלתי מוגה</u>

דער פירוש פון דעם בעש"ט[81] אז "כל עשיותיו של הקב"ה הם נפלאות", און דער פירוש הגמרא[82] אז "אפילו בעל הנס אינו מכיר בנסו", ד.ה. אע"פ אז ס'איז טאקע "נפלאות גדולות", איז אבער "בעל הנס אינו מכיר בנסו" - וואס לכאו' זיינען די פירושים הפכיים.

האט מען אויף דערויף געפרעגט - אז ווען כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו ברענגט אין דעם מאמר תורת הבעש"ט הנ"ל, איז ער דארטן[83] מסיים אז "גודל הנפלאות ידוע רק לו ית' לבדו כמאמר אין בעל הנס מכיר בנסו"?

איז דער ביאור בזה:

כמדובר כמ"פ אז בשעת מ'זעט אז ע"פ שכל זיינען דאס צוויי פירושים הפכיים, דארף מען זוכן דעם ביאור בזה, און ניט זאגן אז עס ווערט גלאט דערפאר וואס אזוי איז דארטן געשריבן -

און ע"פ שכל זיינען די צוויי פירושים הפכיים - ווארום לויט פירוש הגמרא רעדט זיך וועגן א מענטש וואס איז "אינו מכיר בנסו", דאס איז "נסו", ער ווייסט אבער ניט אז דאס איז א נס. ער נעמט דאס אן ע"ד הטבע - וואס דאס איז א פירוש הפכי פון פירוש הבעש"ט אז עס רעדט זיך וועגן איינעם וואס ווייסט וואס איז דער ענין פון "חסדו", חסד דעתיק, ויאס דערפאר איז שייך צו בסביר זיין און זאגן אים די תורה אז "כל עשיותיו של הקב"ה הם נפלאות", און אז דאס ווערט נמשך פון חסד דעתיק.

און דאס וואס אין דעם מאמר ווערט אויך געבראכט דער מארז"ל אז "בעל הנס אינו מכיר בנסו" - איז דאס דערפאר וואס אין דערויף זיינען דא כמה דרגות:

"בעל הנס אינו מכיר בנסו" ביינט, אז ער ווייסט ניט אז דאס איז "נפלאות", אפי' ווען ער ווייסט אז דאס איז א דבר נעלה.

דערנאך איז דא א דרגא למעלה מזה - ער ווייסט אז דאס איז "נפלאות", ער ווייסט אבער ניט אז דאס איז "נפלאות גדולות".

און דערנאך איז דא א דרגא למעלה מזה - ער ווייסט אז ס'איז "נפלאות גדולות", ער ווייסט אבער ניט אז דאס איז פארבונדן מיט עתיק וואס איז נעלה פון גאנץ סדר השתלשלות.

- און -

---

81) הובאה בסה"מ תש"ד ריש ע' 49. 82) נדה לא, א.
83) שם ע' 54 קרוב לסופו.

הנחה הת' בלתי מוגה

און ווען ער ברענגט אין דעם מאמר דעם מארז"ל "בעל הנס אינו מכיר בנסו" - רעדט ער וועגן די העכסטע דרגא אין "בעל הנס אינו מכיר בנסו".

משא"כ ווען מ'רעדט וועגן פירוש הגמרא בפשטות, איז דער פירוש פון "בעל הנס אינו מכיר בנסו" כפשוטו - ער ווייסט אינגאנצן ניט אז ס'איז אן ענין של נס.

און ווען מ'האט גערעדט וועגן פירוש הגמרא, האט מען בפירוש געבראכט א דוגמא לזה פון דעם פתגם פון רבי'ן מהר"ש* אז פרנסה בזמן הזה איז בדוגמה "מן", "לחם מן השמים" - וואס רא רעדט זיך וועגן א פרנסה רגילה (ניט קיין פרנסה וואס איז פארבונדן מיט אן ענין של נס), ער נעמט אן אז דאס איז אן ענין וואס איז ע"ד הטבע, און דער רבי מהר"ש זאגט אים אז ראס איז בדוגמא פון "מן", "לחם מן השמים", וואס דאס איז "טלא דבדולחא" - טל פון עה"ק*.

וואס דעם ענין האט מען געבראכט אלס דוגמא צום פירוש הגמרא - אז ער נעמט אן אז ס'איז א פרנסה רגילה ע"ד הטבע, און דער רבי מהר"ש זאגט אים ער זאל וויסן אז דאס איז "טלא דבדולחא", טלא דעתיקא, וואס ווערט נמשך און נתגשם בדוגמא ווי ס'איז געווען אין דעם "מן",

אבער בנוגע צום "מן" האט מען געזעהן אז דאס איז "לחם מן השמים", און דא נעמט ער אן אז ראס איז פרנסה ע"ר הרגיל, אן ענין טבעי. ביז וואנעט אז אפי' נאך דעריויף וואס מ'זאגט אים די תורה פון דעם רבי'ן מהר"ש, גלויבט ער טאקע אז ס'איז אזוי, אבער זעהן - זעט ער אז דאס איז פרנסה טבעית וואס קומט דורך כלים טבעיים וכו', וואס דאס איז א פירוש הפכי פון דעם פירוש הבעש"ט.

כב. דער ביאור אין פרש"י:

ווען דער בן חמש למקרא וועט לערנען וועגן דעם אופן ווי מ'האט איינגענומען א"י, וועט ער זעהן אז ס'שטייט אין פסוק* "לא אגרשנו מפניך בשנה אחת פן תהי' הארץ שממה ורבה עליך חית השדה", נאר "מעט מעט אגרשנו גו'".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בפשטות, אז ווען דער אויבערשטער וואלט אפגעגעבן א"י צו אברהם אבינו זייענדיק "אחד הי' אברהם"*, וואלט געווען אינגאנצן איין איר אין

- גאנץ -

------------

84) הובא בלקו"ש בשלח תשל"ח הע' 38. 85) ראה זח"ב סב, ב. מאמרי אדה"ז - הנחות הר"פ ע' עה ואילך. ובהנסמן בד"ה הנני ממטיר לכם תשל"ז ס"ח הע' 55. 86) משפטים כג, כט-ל. 87) יחזקאל לג, כד.

גאנץ א"י, און א"י וואלט געווען אין א מעמד ומצב פון "שממה" און עס וואלט געווען "רבה עליך חית השדה".

און אפי' ווען דער אויבערשטער וואלט דאס אפגעגעבן צו יעקב, וואס דעמולט זיינען אידן געווען "שבעים נפש" - איז מה-דאך אז ווען אידן זיינען אריין אין א"י, וואס דעמולט זיינען זיי געווען ששים רבוא אנשים, און נוסף לזה אויך נשים וטף, האט געמוזט זיין "מעט מעט אגרשנו", דערפאר וואס די כמות פון ששים רבוא איז ניט מספיק צו באווארענען דעם "תרבה עליך חית השדה" - איז עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן די דורות שלפנ"ז.

און דער חסרון וואס איז דא אין דעם אז א"י וועט זיין א משך זמן אין אן אופן פון "שממה" - פארשטייט דער בן חמש למקרא בפשטות:

דער בן חמש ווייסט אז אן ארט וואס איז ניט קיין מקום ישוב, א מדבר, איז אן ארט פון "נחש שרף ועקרב גו'"[88] - פארשטייט ער אז דער אויבערשטער וויל ניט אז א"י זאל זיין אין אן אופן של מדבר וואס דארטן איז דא "נחש שרף ועקרב", אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן א זמן קצר, עאכו"כ במשך פון כמה דורות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער אויבערשטער האט געמוזט אפגעבן א"י צו איינציגן ביז ווען אידן וועלן אריינ-גיין אהינצו, כדי אז א"י זאל ניט זיין אין אן אופן פון "שממה" און "רבה עליך חית השדה", וואס דערפאר איז "ברצונו נתנה להם", און דערנאך "נטלה מהם ונתנה לנו".

כג. האמור לעיל איז א טעם אין שלילה - דערנאך קומט אבער צו נאך א געשמאקערער טעם:

ווען ער וועט לערנען ספר דברים, וועט ער זעהן אז דער אויבערשטער האט געזאגט אז ווען מ'וועט אריינגיין אין א"י, וועט מען געפינען "ערים גדולות וטובות אשר לא בנית ובתים מלאים כל טוב אשר לא מלאת ובורות חצובים אשר לא חצבת כרמים וזיתים אשר לא נטעת"[89],

ד.ה. אז בשעת מ'וועט אריינגיין אין א"י, איז ניט נאר אז ס'וועט זיין אן "ארץ טובה ורחבה" בכח, און דערנאך וועט מען ערשט דארפן חורש זיין און זורע זיין און דעמולט וועט מען עפעס האבן, נאר ס'וועט זיין אין אן אופן אז גלייך ווי מ'וועט אריינגיין אין א"י, וועט מען האבן "ערים גדולות

- וטובות" -

------------

88) עקב ח, טו. 89) ואתחנן ו, י-יא.

וטובות" מיט אלע ענינים וואס ער רעכנט אויס אין פסוק (בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי אדה"ר בג"ע, אז ס'איז געווען "הכל מוכן לסעודה").

און וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז ווען אידן וועלן קומען אין א"י זאלן זיי האבן "הכל מוכן לסעודה", ס'זאל זיין אן "ארץ טובה ורחבה" בטוב הנראה והנגלה, און מ'זאל האבן "ערים גדולות וטובות", מיט "בתים מלאים כל טוב" און "בורות חצובים" וכו' - האט דער אויבערשטער געדארפט געבן א"י צו די שבעה אומות, כדי אז דערנאך זאלן אידן קענען האבן אלע גוטע זאכן.

כד. און דאס איז אויך דער ענטפער פאר די וואס פרעגן: אמת טאקע אז דער אויבערשטער האט צוגעזאגט א"י צו אידן, אבער וואו איז יושר וכו' -

דערציילט מען אין תושב"כ [וואס אפי' די צדוקים מודים בזה[90], און אפי' ניט אידן זיינען אויך מודה בזה, עאכו"כ די וואס זיינען מכריז בגלוי אז זיי גלויבן אין דעם "ביבל" (ווי זיי רופן דאס אן)] אז אזוי זיינען אידן אויפגעשטעלט געווארן; דעם ערשטן מאל וואס מ'איז אריין אין א"י, איז געווען דער "להם להם נחלת גוים", און אין אן אופן אז כ'האט באקומען "ערים גדולות וטובות" און "בתים מלאים כל טוב", מיט אלע ענינים וואס דער פסוק רעכנט אויס.

ביים בן חמש למקרא בלייבט נאך אבער א שאלה:

בנוגע צו א"י אליין, איז ניטא די טענה פון "לסטים אתם", ווארום "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו" - וואס טוט מען אבער בנוגע צו די "בתים מלאים כל טוב" און "בורות חצובים" וכו', לכאו' איז דאס אן ענין וואס געהערט צו גוים, און אידן האבן דאס צוגענומען פון זיי?

איז דאס אויך קיין שאלה ניט, ווי ס'איז מבואר באריכה אין תושבע"פ, און אפי' אין תושבע"פ, פארשטייט דאס דער בן חמש למקרא בפשטות:

דער בן חמש למקרא ווייסט אז בשעת מ'לעבט אין א דירה וואס האט א בעה"ב, דארף מען באצאלן שכר דירה - אזוי דארף זיין ע"פ יושר וכו'.

וויבאלד אז דער אויבערשטער האט באשאפן די גאנצע וועלט, אויך די ארץ פון די שבעה עמים, און "ברצונו נתנה להם" על מנת אז דערנאך זאל זיין "נטלה מהם ונתנה לנו",

- צוזאמען -

---

90) ראה סנהדרין לג, ב.

הנחת הת' בלתי מוגה

צוזאמען מיט די "בתים מלאים כל טוב" און "בורות חצובים" וכו' -

איז בשעה מ'באטראכט זיך וויפל שכר דירה דארפן די שבעה עמים באצאלן פאר די הונדערטער יארן וואס זיי זיינען געוועזן בדירתו של הקב"ה - זעט מען אז די "בתים מלאים כל טוב" און "בורות חצובים" וכו', זיינען מערניט ווי א קליינער חלק פון דעם שכר דירה וואס זיי וואלטן געדארפט באצאלן פאר דעם וואס זיי געפינען זיך אין דעם ארט וואס "נהנה להם" על מנת אז זיי זאלן דאס דערנאך אפגעבן צו אידן. ואדרבה, אז מ'וועט זיך אנהויבן דינגען, וועלן זיי נאך דארפן צוצאלן כמ"פ ככה.

ובדוגמא ווי די גמרא[91] דערציילט אז בני מצרים זיינען געקומען און גע'טענה'ט אז אידן האבן בא זיי צוגענומען כלי כסף וכלי זהב. האט זיי גביהה בן פסיסא געענטפערט: לאמיר אויסרעכענען וויפל שכר קומט אידן פאר דעם וואס זיי האבן געארבעט און געהארעוועט אין מצרים במשך פון ארבע מאות ושלשים שנה - און ווען זיי האבן דאס דערהערט, האבן זיי זיך א כאפ-געטאן פארן קאפ און האבן איבערגעלאזט כספם וזהבם און זיינען אנטלאפן.

און הלואי וואלט מען איצטער אויך געענטפערט מיט א ווארט פון תורה, א פס"ד פון הושב"כ און הושבע"פ - וואס דעמולט איז ניט נאר אז מ'וואלט ניט געוועזן קיין להה, נאר אדרבה, זיי וואלטן אנטלאפן פון דעם גאנצן ענין. ועאכו"כ אז זיי וואלטן אנטלאפן פון די שטחים;

אבער לאידער, האט מען דאס ביז איצטער ניט געטאן, בסיבה שונה ובשונה.

כה. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

כו. אין דעם זהר פון פרשתנו רעדט זיך וועגן דער מעלה פון נרות שבת קודש, און ער זאגט דארטן דריי לשונות. מ'דארף מאכן אן הערה אז די דריי לשונות זיינען כנגד די דריי אופנים וואס זיינען פארבונדן מיט נרות שבת קודש:

ס'איז דא "נהורא אוכמא", די טונקעלע ליכטיקייט וואס איז קרוב אל הפתילה, וואס דאס איז פארבונדן מיט מלבוה, און ס'איז דא "נהורא חיורא", דער ליכטיקערער טייל פון דעם אור, וואס דאס איז דער עיקר וואס איז מאיר, און דאס איז פארבונדן מיט ז"א. און דערנאך איז דא "נהורא סתימאה",

- און -

------------

91) שם צא. א.



הנחה הת' בלתי מוגה

אן אור וואס מ׳זעט אים ניט דערפאר וואס ער איז סתום, אבער ווען מ׳צינדט אן נרות שבת קודש, ווערט נמשך אויך דער "נהורא סתימאה", און דאס איז פארבונדן מיט בינה, וואס דארטן איז מאיר ספירת הכתר, ווארום גילוי עתיק איז אין בינה", און פון דארטן ווערט נמשך "לבעלה אורכא דחיין", ווי ער איז מאריך בזה אין אוהיות הקבלה.

וואס אין דערויף זעט מען אן עניין נפלא:

בשעה א מיידעלע צינדט אן נרות שבת קודש און נרות יו"ט - צינדט זי אן ספירת המלכות, און צינדט אן די ספירות פון ז"א, און צינדט אן ספירת הבינה, ביז אז זי צינדט אן און מאכט ליכטיק ספירת הכתר.

ובפשטות - נוסף אויף דערויף וואס מ׳זעט בעיני בשר אז עס קומט צו אין דעם בית "נהורא אוכמא" און "נהורא חיוורא", ובמילא קומט צו שלום בבית, און דאס איז אזא אור און אזא שלום וואס איז פארבונדן מיט אידישקייט - קומט אויך צו דער "נהורא סתימאה", וואס בעיני בשר זעט מען דאס מאקע ניט, אבער הורה, דער זהר הקדוש, זאגט אז דורך דערויף קומט צו אין דער הויז אזא ליכטיקייט וואס איז "נהורא סתימאה" - די וועלט קען דאס ניט פארנעמען אין אן אפענעם אופן, ווארום ס׳איז אן אור וואס קומט פון א מקום הכתום, וואס דערפון פארשטייט מען דעם הוקף וגודל האור.

ביז וואנעט אז מ׳באלייכט די וועלט מיטן אור פון ספירת הכתר, וואס דאס איז דער עניין פון סוכ"ע, און עס ווערט אנגערופן "כתרא עלאה" פון מלכו של עולם - ס׳איז סובב כביכול דעם אדם העליון.

און וויבאלד אז דאס איז "נהורא סתימאה" פון כתר, וואס איז מקיף את כל העולם כולו, איז פארשטאנדיק בפשטות אז נוסף לזה וואס דאס באלייכט די הויז, באלייכט דאס די גאנצע שכונה, די גאנצע שטאט, ביז אז דאס באלייכט די גאנצע וועלט, וואו נאר א איד געפינט זיך, ווארום אלע אידן זיינען "קומה אחת שלימה"[94]. "כל ישראל גו׳ חברים"[95].

און דאס אלץ ווערט אויפגעטאן דורך אן איין און איינ-ציקער ליכטל וואס ווערט אנגעצונדן דורך א קליינע מיידעלע פון א אידישע הויז, וואס זי איז בת שרה רבקה רחל ולאה.

כז. ויה"ר אז ס׳זאל זיין "ולכל בנ"י הי׳ אור במושבותם"[95].

- דורך -

---

92) תו"א לך לך יא, ב. לקו"ת ר"ה נז, א. 93) לקו"ת ר"פ נצבים. ועוד. 94) שופטים כ, יא. 95) בא י, כג.

דורך "נר מצוה ותורה אור"[96], וואס דאס איז כולל כל התורה כולה וכל המצוות כולם, כל פרט ופרט שבהם,

עאכו"כ די ענינים כלליים: "מבצע חינוך", "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

און בשעת אז אידן זיינען זיך מצטרף מיט א החלטה טובה בנוגע לכל ענינים אלו - איז אע"פ וואס מ'דארף ווארטן מיט נרות שבת קודש ביז פרייטיג, ועד"ז בנוגע לשאר הענינים אז מ'דארף ווארטן מיט זיי ביז צום זמן המתאים - איז הקב"ה מצרף מחשבה למעשה[97],

און עס טוט זיך אויף ווי דער רמב"ם[98] זאגט אז ער איז "מכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה" - בקרוב ממש.

און מ'זאל פארענדיקן די לעצטע טעג פון גלות אין א מעמד ומצב וואס "לכל בנ"י הי' אור במושבותם", און אין א מצב פון "ואולך אתכם קוממיות"[99], אז מ'שטייט "בקומה זקופה"[100], און מ'זאגט אז גאנץ א"י לגבולותי' בשלימותה געהערט צו אידן, דערפאר וואס "ברצונו נטלה כהם ונתנה לנו", ועד"ז אויך שלימות התורה (וואס דאס איז דער ענין פון א"י ברוחניות[101]), ועד"ז שלימות פון "כנסת ישראל" - שלימות העם.

ובקרוב ממש זאל מען האבן די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו - ובפרט אז מ'געפינט זיך במוצאי שבת קודש, וואס דעמולט איז "סעודתא דדוד מלכא משיחא"[102] - "דוד מלך ישראל חי וקיים"[103],

ובלשון הרמב"ם[104] "מיד הן נגאלין", "ושמחת עולם על ראשם".

צוה לנגן אני מאמין.

אח"כ אמר: אזוי ווי מ'האט ארויסגעגעבן א הקליט, און דארטן איז דא דער ניגון "המבדיל בין קודש לחול" - זאל מען זינגען דעם ניגון.

צוה להרב מ. ס. לנגן "המבדיל בין קודש לחול".

- צוה -

---

96) משלי ו, כג. 97) ראה קידושין מ, א. 98) הל' תשובה פ"ג ה"ד. 99) בחוקותי כו, יג. 100) פרש"י עה"פ. 101) ראה לקו"ש ח"י ע' 2. 102) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) במקומו. פע"ה סוף שער השבת. 103) ר"ה כה, א. 104) שם פ"ז ה"ה.

- מוצאי ש"פ בראשית -

צוה לנגן האפ קאזאק. לכתחילה אריבער.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

הנחה הת' בלתי מוגה

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ בראשית, מבה"ח מר-חשון ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. מ'האט גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות בארוכה, אז כדי צו מאכן דעם נסיון לייכטער, זעט מען בעיני בשר וואוהין האט געפירט די שיטה פון שרעקן זיך און מורא האבן וכו'.

און ווי געזאגט פריער אז סוכ"ס וועט דער צד שכנגד מאנען אזוי פיל אז מ'וועט זיי מוזן זאגן אז מ'קען דאס ניט געבן - נאר דעמולט וועט זיין אזא מעמד ומצב וואס דער זאגן וועט זיין א סאך שווערער, און אויך: דאס וועט זיין בסתירה צו דער הנהגה אין וועלכע מ'האט זיך געפירט ביז דעמולט - אז מ'גיט זיי נאך:

כשא"כ ווען מ'זאגט זיי מלכתחלה דעם אמת - וואס דעם אמת ווייסן זיי סיי-ווי, זיי ווייסן דאס וואס ס'שטייט אין רש"י[1] אז "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו", נאר זיי זעהן אז מ'נארט זיי אפ, ווארום מה-דאך אז זיי ווייסן דעם אמת, ווייסן דאך אידן זיכער דעם אמת, און אעפ"כ זאגט מען זיי פארשידענע-ערליי אמתלאות און דברים שאין בהם טעם, און מ'זאגט זיך אפ מימין ומשמאל.

און ווי מ'זעט אז איצטער האט מען שוין אנגעהויבן זאגן אז מ'וויל האבן נאך און נאך, און מ'ביז זיי ענטפערן אז דאס קען מען ניט טאן,

און זיי פרעגן שוין די שאלה: היתכן, ביז איצטער האט איר אלץ נאכגעגעבן, איז היתכן אז בשעת מ'דארף גיין ההם'נען א פאפירל וואס דארטן וועט זיין געשריבן "שלום" - דוקא דעמולט שפארט איר זיך. און איר ווילט ניט אפגעבן ירושלים העתיקה. און ווילט ניט אפגעבן די התנחלויות אין יהודה ושומרון!

און דאס וואס איר טענה'ט אז "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים"[2] - האט איר דאס געדארפט זאגן מלכתחלה! און דער עיקר - איר האט געדארפט מאכן התנחלויות אין יהודה ושומרון. ווארום יהודה ושומרון איז א טייל פון א"י וואס "ברצונו כו' נתנה לנו", און איר האט בפירוש ניט געלאזן מאכן קיין התנחלויות!

ב. און הלואי זאל מען זיך ניט מאכן אויף דער טענה בנוגע צו ירושלים העתיקה (איצטער איז דאך מוצאי שבת. וועט דאס מסתמא קיינעם ניט שאטן):

- אויב -

------------

1) ריש פרשתנו. 2) תהלים קי"א, ו.

אויב דער אמת איז אז ירושלים געהערט צו אידן (וואס אזוי איז דאך דער אמת) - איז היתכן אז במשך פון העכער צען יאר האט מען ניט געלאזט אידן באזעצן זיך אין ירושלים העתיקה - די אראבער האט מען געלאזט קויפן דארטן בתים ונחלות, אבער ווען א איד האט געוואלט קויפן, האט מען אים ניט געלאזט, און במשך פון די אלע צען יאר, האבן זיך דארטן צוזאמענגעקליבן א פאר הונדערט אידן בקושי הכי גדול!

און נאך ערגער: אין חברון, עיר האבות, האט מען ניט געלאזט באזעצן אפי' א פאר הונדערט אידן, און אפי' קיין איין און איינציקן איד האט מען אויך ניט געלאזן באזעצן זיך אין חברון!

און ווען אידן האבן זיך איינגע'עקש'נט (אלס אן "עם קשה עורף"[3]) - האבן אידן ארויסגעגעבן א חוק אז זיי מוזן זיך באזעצן בחוץ לגבולות חברון.

און כדי אייביצעקן פארזיכן דעם ביטערן ענין - האט מען דאס א נאמען געגעבן "קרית ארבע" - כדי צו ניט בשם אז דאס טאר ניט זיין אין "קרית ארבע היא חברון"[4]!

ביז ווי דערמאנט פריער'אז בשעת אידן האבן געוואלט פארריכטן א ביהכ"נ אין חברון. וואס די אראבער אליין זאגן אז דאס געהערט צו אידן - לאזט מען ניט אידן פארריכטן דעם ביהכ"נ, און מ'נעמט ארויס אידן פון דעם ביהכ"נ וואס הייסט ביהכ"נ של אברהם אבינו (וואס דאס איז דאך בהשגחה פרטית) - וואס צו אברהם אבינו האבן בני חת אפגעגעבן ברצון די מערת המכפלה מיטן שדה פאר "ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר"[5] - וואס דאס שטייט אין דער "בייבל" וואס אין דערויף זיינען מודה אלע עמי הארץ!

ביז וואנעט אז מ'האט מכריח געווען אנשי כס"נ פון צבא אז זיי זאלן ארויסנעמען אידן פון דעם ביהכ"נ וואס ווערט אנגערופן על שמו של אברהם אבינו!

וואס דאס האט מען אויסגעפירט מיט דער שיטה אין וועלכע מ'איז געגאנגען ביז איצטער - ניט צולאזן אידן קויפן ערד אין יהודה ושומרון, עאכו"כ אין חברון.

ג. און איצטער איז מען געווען מוכרח צו מגלה זיין אז די פ.ל.א. קויפן קרקעות און נכסי דלא ניידי אין יהודה ושומרון, און מ'רעגיסטרירט דאס אין די בתי משפט פון אוה"ע

- וואס -

---

3) תשא לד. ט. 4) חיי שרה כג, ב. 5) קטע משיחת יום שכה"ת ס"ב. 6) חיי שרה שם, טז.

וואס מ'האט אנגענומען אויף זיך זייערע פסקי דינים!

וואס לכאו', פ.ל.א. גייט דאך ניט אריין אין די אלע חשבונות - האט מען אבער געוואוסט מאז ומקדם, און איצטער האט מען דאס שוין אויך מגלה געווען, אז פ.ל.א. קויפן קרקעות און נכסי דלא ניידי אין יהודה ושומרון, אין חברון און אין שכם,

און דורך דערויף האט מען נאך אן עניין אויף וועלכן מ'וועט זיך דערנאך דארפן דינגען און בעטן זיך און זוכן תירוצים שונים ומשונים - אזוינע תירוצים וואס זיינען להיפך פון דער הנהגה וואס מ'האט מכריח געווען אידן אז זיי זאלן זיך אזוי פירן.

ד. וכאמור אז די זעלבע טענה איז אויך בנוגע צו ירושלים [זיי ווילן מחלק זיין אז דאס איז ירושלים העתיקה - דאס איז די אמת'ע ירושלים, און שאר ירושלים איז סמוך לה ונראית עמה און זי איז א טפל צו ירושלים העתיקה] - פאר די גאנצע צען יאר האט מען ניט געהאט די ברייטקייט צו אריבער-פירן אהינצו איין און איינציקן משרד פון דער ממשלה!

וואס דאס איז ניט קיין עניין וואס איז דורכגעגאנגען אומבאמערקטערהייד - ראם האט א פירוש, און אין דערויף איז ניט שייך קיין צוויי פירושים, מערניט ווי איין און איינציקער פירוש!

און איצטער איז מען צוגעקומען צו אזא מעמד ומצב, אז פון איין זייט זאגט מען אז מ'וויל האבן שלום, און פון דער צווייטער זייט האט מען ניט קיין ברירה - אדער אומקערן ירושלים העתיקה רח"ל ווי די אנדערע ווילן, אדער אז מ'זאל אהינצו אריבערפירן לכל הפחות איין משרד פון דער ממשלה.

ס'איז געווען א צייט וואס כמה וכמה (ניט נאר איך, נאר כו"כ, גדולים ממני, און קטנים ממני) האבן זיי געבעטן און מציע געווען: נוצט אויס די געלעגנהייט וואס דער עולם איז צוטומלט פון די נסים ונפלאות וואס מ'האט געזעהן פון דעם אויבערשטן, און באזעצט אלע ערטער, עאכו"כ די גבולים, וואס דעמולט וואלט געווען אין פוצה פה ומצפצף,

האט מען געשיקט שלוחים און געזאגט אז מ'וועט ניט פארנעמען און ניט באזעצן, נאר מ'וועט ווארטן אויף אן עת רצון אז דער צד שכנגד זאל וועלן נעמען דאס צוריק - וויל ער הכל!

- און -

------------

7) ראה מגילה ב, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

און אזוי ווי אלע זיינען מודה אז הכל קען מען ניט געבן, כוז מען עפעס טאן עכ"פ איצטער - ווען האט מען אבער אויסגעקליבן די צייט אויף דערויף - דוקא ווען ס'איז געווארן כמ"פ ככה שווערער ווי ס'איז געווען דעמולט, ווארום דעמולט וואלט דאס געווען אן קיינע שווערקייטן, און אפי' מיט א פאר חדשים צוריק איז געווען לייכטער ווי ס'איז איצטער, און איצטער איז דאס לייכטער ווי ס'וועט זיין מארגן און איבערמארגן.

ה. מ'דארף זיך אוועקשטעלן מיט א תוקף און זאגן אז "לה' הארץ ומלואה"[8], און דער איבערשטער האט געגעבן תורה לעמו ישראל, און דארטן האט ער אנגעשריבן אז אויב ס'קומען צוגיין אוה"ע אויף אן "עיר הסמוכה לספר", איז אפי' ווען זיי זאגן אז זיי זיינען געקומען מערניט ווי "על עסקי הבן וקש" - איז דער דין אז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת"[9], ניט נאר אז מ'מעג דאס טאן, נאר אדרבה, מ'מוז דאס טאן, ס'איז א דין פון פקו"נ, מוז מען זיך שטעלן אנטקעגן און ניט צולאזן אז תפתח הארץ לפניהם.

וואס הכל מודים אז דורך דערויף איז תפתח הארץ לפניהם, אפי' די וואס זאגן אז מ'דארף דאס טאן, זאגן זיי אויך אז דורך דעם איז תפתח הארץ לפניהם, זיי זאגן נאר אז צוליב שלום איז דאס כדאי -

דערביי דערמאנט מען אבער ניט אז ס'איז ניט קיין שלום במזומן, נאר מערניט ווי א שלום וואס איז אנגעשריבן אויף פאפיר, און ס'איז שוין דא די הודעה און תביעה אז נאך פינף יאר זאל מען נאכאמאל איבערטראכטן צי דער שלום דארף זיין על תנאים אלו אדער אויף אנדערע תנאים, און דערווייליע דינגט מען זיך און מ'זאגט אז דאס איז א דבר חדש, א תנאי חדש, במילא דארף מען דאס נאכאמאל באטראכטן, און ווער ווייסט צי מ'וועט ביישטיין דעם לחץ.

בשעת אז מ'קען בא זיך ניט פועל'ן אז מ'זאל באזעצן יהודה ושומרון, באזעצן ירושלים העתיקה עכ"פ - האט מען ניט וואס צו טענה'ן אז מ'וויל האבן א טייל אין תל אביב, אין כפר חב"ד, אין בני ברק - בשעת מ'וויל ניט האבן קיין טייל אין ירושלים העתיקה!

און בשעת מ'זאגט בדיבור אז מ'וויל האבן א טייל אין ירושלים העתיקה, און ווען ס'קומט אבער למעשה לאזט מען ניט אז אידן זאלן זיך באזעצן אין ירושלים העתיקה - איז אחי

- מעשה -

---

8) תהלים כד, א. 9) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ססכ"ט ס"ו.

מעשה ומבטל דיבור, וואס דאס איז אן ענין וואס איז אנגענומען בכל העולם כולו, אויך בא ניט אידן.

ו. כמדובר כמ"פ אז צום אלעם ערשטן הויבט זיך דאס אן פון א אידן, און פון א אידן וואס פארבינדט דאס מיט תורה - וואס דא האט געטראפן א דבר מבהיל (מ'האט שוין גערעדט וועגן דערויף כמ"פ, און מ'האט גערעכנט אז מ'האט שוין יוצא געווען, ווייל מ'האט דאס שוין געזאגט מער פון דריי מאל, אבער אעפ"כ חזר'ט זיך איבער דער ענין):

בנוגע צו דעם ענין פון די שטחים, זיינען דא צוויי דינים:

ס'איז דא דער לאו פון "לא תחנם"[10], וואס דער לאו איז הל' אויף ירושלים העתיקה, אויף חברון, אויף יהודה ושומרון, און אויף אלע שטחים בשוה, ניט אז בנוגע צו ירושלים העתיקה איז דאס מער נוגע, און אין חברון א ביסל ווייניקער, און אין יהודה ושומרון א סאך ווייניקער - דער לאו פון "לא תחנם" איז אן איין און איינציקער לאו וואס אין דערויף זיינען ניטא קיינע חילוקים צווישן ירושלים, חברון און יהודה ושומרון.

דערנאך איז דא דער צווייטער דין - דער דין פון פקו"נ (ס'איז ניט פארבונדן מיטן לאו פון "לא תחנם". ס'איז אן ענין פון סכנה פקו"נ), ווי עס ווערט אפגעפסק'נט אין שו"ע (ווי דערמאנט פריער (ס"ה)) אז ווען ס'איז דא א שטח וואס אויב ס'וועט אים אפגעבן עפעס מען את כל הארץ לפניהם, איז דאס אן ענין פון פקו"נ. און ס'איז דוחה את כל התורה כולה.

בשעה ס'איז דא א שטח וואס האט אויף זיך ביידע דינים (דעם דין פון "לא תחנם", און דעם דין פון פקו"נ) - איז כעצמו מובן אז "קם לי' בדרבה מיני'"[11], ובמילא דארף מען רעדן וועגן דעם דין פון פקו"נ (און ניט וועגן דעם דין פון "לא תחנם").

פון וואנעט ווייסט מען אבער אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ - קען דאס ניט וויסן א רב, א מלמד, א ישיבה בחור, דאס קען ניט וויסן א פאליטיקער, א מיניסטער, און אפי' ניט קיין פריים-מיניסטער - דאס קענען וויסן נאר די מומחים אין עניני צבא.

וכמדובר כמ"פ אז מ'האט געפרעגט ביי אלע מומחים אין

- עניני -

---

10) ואתחנן ז, ב ובפרש"י. ע"ז כ, רע"א. רמב"ם הל' עכו"ם פ"י ה"ג-ד. טושו"ע יו"ד סקנ"א ס"ה ואילך. 11) ב"ק נג, ב.



הנחה הה' בלתי מוגה

עניני צבא, און אלע האבן געגטפערט פה אחד מיטן זעלבן הוכן - אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ, און ניט קיין פקו"נ פון איין אידן, נאר דאס וועט גורם זיין אז הפתח הארץ לפניהם.

ז. קומט צוגייין א איד און הויבט אן רעדן וועגן די שטחים, און זאגט אז אזוי ווי ס'איז דא דער לאו פון "לא תחנם", אבער לאידך, אויב מ'וועט ניט אומקערן די שטחים איז דאס אן ענין פון פקו"נ - איז פקו"נ דוחה דעם לאו פון "לא תחנם"!

ער דערמאנט ניט אז איצטער איז א מצב שונה לגברי - ס'איז ניט קיין שאלה פון "לא תחנם", דא איז א שאלה פון פקו"נ. לויט ווי אלע מומחים אין עניני צבא זאגן אז אויב מ'וועט אומקערן די שטחים, איז מען גורם אז הפתה הארץ לפניהם.

אלע ווייסן וועגן וועלכע שטחים עס רעדט זיך - עס רעדט זיך ניט וועגן די שטחים פון קיני קנידי וקדמוני, עס רעדט זיך ניט וועגן שטחים וואס זיינען ניט פארבונדן מיט אן ענין פון פקו"נ - עס רעדט זיך וועגן די שטחים וואס אלע מומחים אין עניני צבא האבן געזאגט פה אחד אז דאס איז פקו"נ פון הונדערטער און טויזנטער און טויזנטער און נאכמער אידן היל"ת!

הזר'ט ער איבער נאכאמאל און הייסט טפיץ זיין און מפרסם זיין, אז ס'איז דא דער ענין פון "לא תחנם", און ס'איז דא דער ענין פון שלום - און דערמאנט ניט דערביי אז דאס איז א שלום וואס איז נאר אויף פאפיר. און דערמאנט ניט דעם ענין פון "קם לי' בדרבה מיני'", אז אלע מומחים אין עניני צבא זאגן אז דאס איז פקו"נ פון הונדערטער און טויזנטער אידן היל"ת - ער שפילט זיך מיט א פס"ד פון פקו"נ!

און ס'איז א רחמנות אויף די וואס דארפן אים זאגן און באווייזן און ברענגען אים די מומחים אין עניני בטחון כדי ער זאל הערן פון זיי באופן ישר (פון א כלי ראשון) אז ס'איז א מצב פון פקו"נ - וואס דעמולט וואלט מען ניט געקומען צו דעם גאנצן ענין.

און זיי טראגן די אחריות (צוזאמען מיט אים) אויף דעם וואס מ'איז דאס פון אים מעלים - אויב מ'איז דאס מעלים פון אים. און עס קען ניט זיין אז מ'איז דאס פון אים ניט מעלים. ווארום ווען ער וואלט געוואוסט דערפון, איז קיין ספק ניט אז ער וואלט ארויס מיט א פס"ד גלוי לויטן פס"ד ברור אין שו"ע הל' שבת סי' שכט (וואס אין דערויף איז ניטא קיין מחלוקת פון ראשונים ואחרונים), אז מ'טאר ניט אפגעבן קיין טפח און קיין אצבע, ווארום אין שו"ע שטייט אז אויב אנשי הצבא זאגן אז דאס איז פקו"נ. ווערט דאס א פס"ד פון הורהנו הקדושה, תורה אמת און תורת חיים, אז דאס איז אן ענין פון

- פקו"נ -

פקו"נ, וואס איז דוחה את כל התורה כולה.

ח. עאכו"כ אז דאס איז אן ענין וואס איז דוחה אלע חשבונות פון פאליטיקע -

זיי זאגן בפירוש אז מ'דארף פארבויגן אויף פקו"נ כדי צו נושא חן זיין בא דעם גוי, און כדי מ'זאל חתמ'נען א פאפירל וכו', און מ'ברענגט א ראי' אז אזוי האט מען געטאן אין מלחמת יוהכ"פ (עס ווערט אנגערופן בשם מלחמת יוהכ"פ, ע"ש וואס ס'האט זיך אנגעהויבן אין דעם יום הקדוש),

איז כמדובר לעיל[12] בארוכה - אין מלחמת יוהכ"פ האט מען געטאן דעם זעלבן טעות: מ'האט זיך ניט גערעכנט מיטן חוו"ד ברורה פון אנשי הצבא, וואס זיי האבן געזאגט אז דאס וועט קאסטן לעבן'ס רח"ל, און מ'איז געגאנגען מיטן חשבון פון "אל תתגרה בגוי גדול", במכש"כ וק"ו דערפון וואס "אל תתגרה בגוי קטן"[13], און צוליב דערויף האט מען ניט געמאכט קיין גיוס - און דערפון איז ארויסגעקומען אז עס האבן זיך געפעלט הונדערטער נפשות פון אידן רח"ל, וואס יעדערער פון זיי איז אן "עולם מלא"[14], און זיין פקו"נ איז דוחה את כל התורה כולה!

איז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס ס'איז שוין געווען א מעשה בפועל - וואס איצטער זיינען שוין ניטא קיין סודות, כ'האט מפרסם געווען בפני כולם און אפגעדרוקט אלע פרטים וואס זיינען געווען דעמולט - זיינען נאך דא אזוינע וואס רעדן וועגן "לא תחנם", און וועגן "אל תתגרה בגוי קטן", און כ'איז מעלים און מ'דערמאנט ניט דעם עיקר הענין, אז ס'איז ניט קיין שאלה בנוגע צו א לאו, נאר א שאלה פון פקו"נ, ווארום אלע מומחים אין עניני צבא האבן געזאגט פה אחד אז אויב מ'וועט אומקערן איין שעל פון יהודה ושומרון, פון ארץ ישראל לגבולותי', איז דאס אן ענין פון פקו"נ פון הונדערטער אידן היל"ת!

ט. אין דערויף קומט צו נאך א פרט:

מ'זעט אז דאס וואס מ'האט נאכגעגעבן, האט דאס ניט מקרב געווען דעם שלום, נאר אדרבה, דאס האט מרחק געווען דעם שלום, ווארום "מי שיש לו מנה רוצה מאתיים"[15] - זיי האבן דערזעהן אז מ'באזעצט ניט יהודה ושומרון, מ'באזעצט

- ניט -

------------

12) קטע משיחה מוצאי ש"פ האזינו, י"ג תשרי ס"י.
13) ראה פסחים קיג, א. 14) סנהדרין לז, סע"א במשנה.
15) ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י.

ניט חברון, מ'באזעצט ניט ירושלים העתיקה, און מ'איז מבטיח אז מ'וועט אוועקגייען פון דארטן - ווילן זיי "מאהיים", און מ'זאגט דאס שוין בגלוי!

און דערנאך זאגט מען אז איצטער האט מען שוין חרטה, ווארום ביז איצטער זיינען אידן געגאנגען אין אן אופן "עקבי" (ניט בדרך מקרה, נאר אין אן אויסגעהאלטענע שיטה) ניט צולאזן אידן אין שכם, ניט צולאזן אידן אין חברון, ניט צולאזן אידן אין ירושלים העתיקה, און ניט לאזן נאך ההנחלויות (וואס דאס איז ניט קיין "ההנחלויות" - דאס איז ארץ ישראל לגבולותי') - ביז וואנעט אז מ'האט גענוצט דעם כח פון אידן אויף ניט צולאזן אידן באזעצן זיך דארטן!

און דערנאך איז צוגעקומען דער בלבול פון די וואס ווילן פאר זיי יוצא זיין (צי ניט יוצא זיין - אין וואס פאר אן אופן עס זאל נאר זיין) - איז מען געפאלן אויף א המצאה:

מ'איז מעלים אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ - מ'איז מעלים אן ענין וואס איז שוין געווען געדרוקט אין צייטונג, אז די דעה פון אלע מומחים אין עניני צבא איז, אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ

[ע"פ דין איז "מילתא דמהאכרא באפי הלהא" אן ענין של פרסום[16] - עס איז אבער פארשטאנדיק אז אן ענין וואס איז געדרוקט אין צייטונג, און בשם פון אלע מומחים אין עניני צבא, איז דאס זיכער אן ענין וואס איז מפורסם וברור] -

דערמאנט מען ניט אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ, נאר מ'רעדט וועגן "אל תתגרה בגוי קטן"!

עס רעדט זיך וועגן תפתח הארץ לפניהם, און וועגן אן ענין פון פקו"נ אפי' פון אן איין און איינציקן אידן - איז ניט נאר אז מ'דארף זיך מתגרה זיין מיטן גוי, נאר ס'איז דא א ציווי פון "לא תעמוד על דם רעך"[17], מ'דארף גיין און מגין זיין אויפן אידן!

וכאמור לעיל אז ווען מ'וואלט באזעצט די גבולים מיט א פאר יאר צוריק, וואלט דאס דורכגעגאנגען אויפן גלאטסטן אופן, און אז מ'וואלט דאס געטאן מיט צוויי חדשים צוריק, וואלט דאס אויך דורכגעגאנגען גלאטער - און אפי' איצטער איז דאס גלאטער ווי ווען מ'וועט דאס טאן מארגן אינדערפרי, אדער אז מ'וועט דאס ווייטער פארציען און פארשלעפן - ווארום דערנאך קומט מען מיט דער טענה: היתכן, זונטיג האט

- איר -

------------

16) ב"ב לט, סע"א. 17) קדושים יט, טז.

איר געהאלטן אזוי, און אויף מארגן האט איר שוין חרטה! ווי מ'טענה'ט שוין אויך היינט בנוגע צו דעם וואס איז געווען מיט א וואך צוריק.

ויה"ר אז מ'זאל ניט דארפן איבער'חזר'ן נאכאמאל דעם דבר ברור וואס מ'האט שוין גערעדט כמ"פ, אז איצטער איז דאס א שאלה פון פקו"נ,

ואדרבה: זאל מען געפינען איין און איינציקן מומחה אין עניני צבא (פון אידן אדער פון ניט אידן) וואס זאל זאגן אז אויב מ'וועט אומקערן א שטח, וועט דאס מחזק זיין דעם מצב פון אידן בנוגע צו פקו"נ!

וכמדובר כמ"פ אז ס'זיינען דא ניט נאר צוויי מומחים וואס זאגן אזוי, נאר <u>אלע</u> מומחים האבן געזאגט פה אחד אז אויב מ'וועט אומקערן די שטחים, וועט דעמולט ווערן די סכנה פון פקו"נ,

דערפאר זיך איצטער וועגן דעם ענין פון פקו"נ - ניט וועגן דער שאלה פון התגרות בגוים, ניט וועגן דער שאלה פון "לא תחנם". און ניט וועגן די ג' שבועות", וכל ענינים אלו.

י. אויף צו באכן דעם נסיון נאך לייכטער - איז צוגעקומען נאך אן ענין:

ס'זיינען דא די מה-יפית-אידן. וואס ווילן נאכלויפן די שרים און אויספיינען זיך פאר זיי און פאר דער ממשלה - איז בשעה אז ס'איז צו זיי אנגעקומען די ידיעה אז מ'האט מבריח געווען אידן צו טאן אן ענין בלתי רצוי פאר אידן,

וואס אפי' א לאו מן התורה, דער לאו פון "לא תחנם", איז אויך א דבר הכי גדול, ובפרט אז דאס איז פארבונדן מיט נאך ענינים של צרה וכו' - וואס אפי' די וואס האבן אויף דערויף מסכים געווען, האבן געזאגט אז זיי טוען דאס בלב שבור -

זאגן זיי אז ס'איז א שמחה גדולה, און ס'דארף זיין "גילו" (עכ"פ "גילו ברעדה"[19] - אבער "גילו"), און דערנאך האט מען געשריגן "מזל טוב"!

ועד כדי כך - אז מ'מאכט אסיפות פון פרומע אידן - ניט אויף צו באווארענען נישואי תערובה, ניט אויף צו באווארענען דעם חינוך הכשר, ניט אויף צו באווארענען כשרות - מ'מאכט אן אסיפה אחה בשנה אויף אפדאנקען און אפגעבן - "מזל" -

---

(19) לי' הכתוב - תהלים ב, יא. (18 כתובות קיא, רע"א.

י

- מוצאי ש"פ בראשית (קטע) -

"מזל טוב" דעם וואס האט מבריח געווען אז ס'זאל נאכגעבן!

עס דארף טאקע זיין "ודרשו את שלום העיר גו'"[20], ובפרט אז ער האט געטאן כו"כ טובות, דארף מען טאקע מתפלל זיין לשלומו וכל עניניו - דאס מיינט אבער ניט אז בשעה ער טוט אן ענין וואס איז היפך השו"ע דארף מען אים דערפאר אפגעבן "מזל טוב"!

זיי האבן גערעכנט אז דורך דערויף וועט מען טאן אידן א טובה (עכ"פ די וואס ווילן חתמ'נען אויף דערויף) - איז נאך ניט געווען אזא רעה וואס מ'האט געקענט אפטאן אידן.
ווי דער אפגעבן מז"ט אויף דעם ענין:

וואס מער אידן האבן געשריען צווישן זיך אז עס קומט דערפאר א "מזל טוב" - האבן זיך די אראבער געכאפט אז זיי האבן אפגעטאן אידן א טובה, והראי', אז אידן פרייען זיך דערמיט, און זיי גיבן אפ איינער דעם אנדערן "מזל טוב" - ד.ה. אז אידן האבן דערביי געוואונען. האבן זיך די אראבער געכאפט אז זיי האבן געטאן א נארישקייט. ובכילא דארף מען כאנען אנדערש, מאנען מערער, אדער מאנען גאר איינגאנצן!

ס'זיינען דא אזוינע פון די אראבער וואס אפי' ווען אידן וואלטן זיך ניט געקושט און געשריען מז"ט, וואלטן זיי אויך געמאנט און גע'טענה'ט היתכן אז מ'נעמט צו בא זיי שטחים פון יהודה ושומרון: מ'זיינען אבער דא אזוינע וואס האבן זיך ניט פאנאנדערגעקליבן - איז ווען מ'איז צו זיי געקומען מיט דער ידיעה, הערט זיך אייך וואס עס טוט זיך צווישן אידן: רבנים, בעלי בתים, און אידן מכל הסוגים, שיקן טעלעגראמעס פון מז"ט, און מ'קלאפט זיך אויף די פלייצעס און מ'זאגט אז מ'איז גרויסע פאליטיקער, והראי', אז מ'האט אויסגעפירט דעם און דעם ענין - כאפן זיי זיך אז זיי האבן אפגעטאן די גרעסטע נארישקייט, ווארום זיי האבן געדארפט בעטן צוויי צי דריי מאל אזוי פיל. אדער גאר בעטן איינגאנצן!

דורך דערויף זיינען זיי נאך מגביר דעם לחץ!

און מ'איז הולך ומוסיף בזה, מ'גיט נאך אלץ אפ "מזל טוב". און מ'שיקט ארויס מכתבים פון שמחה והודי' - וואס יעדער מכתב און יעדער הכרזה אז עס קומט אידן א מז"ט פאר דעם הסכם, איז מוסיף אין דעם לחץ פון מצרים, עאכו"כ אז ס'איז מוסיף אין דעם לחץ פון די איבעריקע אראבער, ועאכו"כ אז ס'איז מוסיף אין דעם לחץ פון ארה"ב, ווארום זיי זאגן:

- איר -

------------

20) ירמי' כט, ז.

הנחה הה' בלתי מוגה

איר זאגט דאך אליין אז איר האט געוואונען, איר האט געבראכט דעם שלום, און איר האט אומגעקערט די שטחים דערפאר וואס דאס איז צדק ויושר וכו׳!

יא. איינע פון די שאלות וואס מ׳האט בא מיר געפרעגט איז - וויבאלד אז איך מאָן שוין דעם ענין א משך זמן רב, און אעפ"כ גייען אלע ענינים אין דעם כיוון, איז לכאו׳ א שאד די צייט וואס מ׳רעדט וועגן דעם, וויבאלד אז מ׳קען סיי-ווי נים פועל זיין?

זיינען אין דערויף דא צוויי ענטפער׳ס:

א) מ׳ווייסט נים וואוהין מ׳וואלט פארקראכן ווען ס׳וואלט נים געווען עכ"פ איינער וואס זאל שרייען, ועאכו"כ אז ב"ה זיינען דא כו"כ וואס שרייען (נים נאר איינער) - אזוינע וואס שרייען בחשאי, אזוינע וואס שרייען בפומבי, אזוינע וואס שרייען אויף אידיש, און אזוינע וואס שרייען אויף אנדערע לשונות וכו׳, און אויב מ׳וואלט נים געשריען, וואלט מען געהאלטן כ׳ווייס וואו!

ב) די גמרא[21] זאגט דעם כלל בנוגע לכל ענינים טובים אז ס׳דארף זיין "אפילו מאה פעמים", און ס׳איז משמע פון פוסקים אז ס׳איז נים בדרך גוזמא, נאר "מאה פעמים" כפשוטו.

ד.ה. אפי׳ אויב ער האט מקיים געווען דעם ציווי פון "הוכח הוכיח את עמיתך"[22], אדער דעם ציווי פון "פתוח תפתח גו׳"[23], ניין און ניינציק מאל - זאגט מען אים אז ער איז מחוייב דאס טאן דעם הונדערטסטן מאל, און דעמולט דארף ער דאס טאן מיטן זעלבן פייער און שטורעם ווי ער האט דאס געטאן צום ערשטן מאל - וויבאלד אז ס׳שטייט אין דעם <u>זעלבן</u> ציווי.

איז לכאו׳ אינגאנצן נים פארשטאנדיק: ער האט שוין גערעדט מיט יענעם ניין און ניינציק מאל, איז וואס וועט ער אויפטאן מיטן הונדערטסטן מאל?!

איז דער ענטפער בזה - אז מ׳ווייסט נים וואס עס טוט זיך אין וועלט, ובלשון הרמב"ם[24] (וואס ער ברענגט דאס אראפ אלס פס"ד) - אז ווען די וועלט איז נים אין א מעמד ומצב אז די איז "מחצה על מחצה", דעמולט קען איין מעשה נים מכריע זיין די גאנצע וועלט: ווען די וועלט איז אבער שקול, "מחצה

- על -

------------

21) ב"מ לא, א. 22) קדושים יט, יז. 23) ראה טו, יא.
24) הל׳ תשובה פ"ג ה"ד.

על מחצה", איז דורך איין און איינציקן געשריי איז ער "מכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה",

און וועז איז דער עת רצון - ווייסן מיר ניט, ווארום "לא אתנו יודע עד מה"[25].

יב. ויה"ר אז מ'זאל ניט גיין לויט די וואס האבן פארפירט און האבן געבראכט צום איצטיקן מעמד ומצב, וואס איז שלא בערך גרוע פון דעם מעמד ומצב וואס איז געווען מיט א יאר צוריק,

ווארום דעמולט האט מען געקענט - בניחותא, און אויף א גלאטן אופן - באזעצן גאנץ יהודה ושומרון (עכ"פ די מקומות הפנויים), באזעצן ירושלים העתיקה און חברון וכו' (עכ"פ די מקומות הפנויים) - משא"כ איצטער, וואס ווען מ'וויל באזעצן איין דירה, טענה'ט מען: צען יאר נאכאנאנד האט איר זיך אפגעהאלטן דערפון און דאס ניט צוגעלאזט, און מיטאמאל איצטער, ווען מ'וויל תתמ'נען אויף שלום, כאפט איר זיך צו טאן דאס!

ויה"ר אז מ'זאל דאס טאן עכ"פ פון איצטער, און טאן דאס בהקדם, ויפה שעה אחת קודם, ביז אז יפה רגע אחד קודם, ווארום דעמולט וועט דאס זיין לייכטער ווי ווען מ'וועט דאס טאן מארגן און איבערמארגן,

ובפרט אז סוכ"ס וועט מען דאך קיין ברירה ניט האבן און מ'וועט זיך מוזן ערגעץ וואו אפשטעלן זיך, ווארום יענע ווילן האבן אלץ, ס'איז מערניט ווי א דבר התלוי בזמן - אבער אז מ'וועט דאס דעמולט אפשטעלן, וועט דאס זיין אין א מעמד ומצב וואס איז שלא כראוי כלל וכלל (סיי דער מצב בטחוני וצבאי, און סיי דער מצב הכלכלי און מצב הכספים וכו'), עכ"פ בערך ווי דער מצב איז איצטער.

יג. ויה"ר אז אזוי ווי רש"י ברענגט אראפ דאס וואס ר' יצחק האט געזאגט אז "מה טעם פתח בבראשית, משום כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים וכו'" - וואס דאס איז אן ענין וואס משה רבינו האט באקומען אויפן בארג סיני בשעת מ"ת, ווארום כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש איז געגעבן געווארן למשה בסיני[26], עאכו"כ א פסוק אין תהלים, וואס דאס איז פון "נעים זמירות ישראל" - דוד המלך, וואס ער איז "חי וקיים"[27] -

- זאל -

---

25) תהלים עד, ט. 26) נסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1088 הע' 11. 27) ר"ה כה, א.

זאל דאס אראפקומען למטה מעשרה טפחים, ובטוב הנראה והנגלה, און אין אן אופן פון שלום אמיתי (ניט קיין פאפירענעם שלום),

און ס'וועט זיין "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך"[28] - דערפאר וואס "בשם אלקינו נדגול"[29] און "בשם ה' אלקינו נזכיר"[30].

אע"פ אז מצד דערויף וואס מ'געפינט זיך אין גלות, איז וויבאלד אז "אלה ברכב ואלה בסוסים"[31], דארף מען אויך האבן "רכב" און "סוסים" (ווי ס'שטייט אין שו"ע הל' שבת סי' שכט אז "יוצאים עליהם בכלי זיין") - מ'ווייסט אבער אז דאס איז מערניט ווי א לבוש,

וואס דעמולט ווערט דער "תפול עליהם אימתה ופחד", ווארום "בגדול זרועך" (פון דעם אויבערשטן) - און דעמולט איז "ידמו כאבן"[32], אז זיי וועלן מלכתחלה ניט גיין.

און אין די לעצטע טעג פון גלות זאל זיין א שלום אמיתי בכל מקום וואו אידן געפינען זיך, און אידן זאלן אויסנוצן די לעצטע טעג פון גלות אויף מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום מצוותי' מתוך מנוחה שמחה וטוב לבב,

און דעמולט וועט דער אויבערשטער אויך מוסיף זיין בברכותיו - אז "לכל בנ"י הי' אור במושבותם"[33] - בדוגמא ווי ס'איז געווען אין "יבי צאתך בארץ מצרים", אז נאך זייענדיק אין ארץ מצרים (וואס "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל"[34]) איז "לכל בנ"י הי' אור במושבותם" - זאל אזוי זיין אויך איצטער, אין אן אופן פון "אור" הנראה והנגלה,

ובקרוב ממש זאל מען פארענדיקן דעם גלות, און ס'זאל זיין אתחלתא דגאולה און די גאולה כולה, בשעתא חדא וברגעא חדא, ע"י משיח צדקנו.

* * *

---

28) תבוא כח, י. 29) תהלים כ, ו. 30) שם, ח. 31) שם. 32) בשלח טו, טז. 33) בא י, כג. 34) ב"ר פט"ז, ה.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ חיי שרה, מבה"ח כסלו ה'תשל"ט.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז ידוע די תורה פון דעם אלטן רבי'ן¹(וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט געזאגט און איבערגע'חזר'ט כמה פעמים און געהייסן אפדרוקן) אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט - מיט פרשת השבוע וואס מ'לייענט אין דער צייט.

און ס'איז פארשטאנדיק, אז ווען עס קומען זיך צוזאמען כו"כ עשיריות מישראל (אן קיין עין הרע), איז די הוראה (אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט - די הוראה וואס מ'נעמט פון פ' השבוע) נאכמער בתוקף, ביתר שאת וביתר עז, ווי די הוראה איז ווען ס'איז נוגע נאר צו א יחיד.

ובדוגמא ווי דאס איז אין תורה - וואס איין אות פון תורה איז אויך אן אות קדוש, אבער אעפ"כ, ווען ס'זיינען דא מערער אותיות, קומט צו מער קדושה אין יעדער אות, ביז ווי דער דין איז, אז ווען ס'זיינען דא פ"ה אותיות צוזאמען, האט דאס א קדושה יתירה, כמבואר אין פוסקים², ועאכו"כ ווען ס'זיינען דא נאכמער אותיות, וואס דעמולט איז די קדושה הולכת וגדלה, סיי בכמות און סיי באיכות.

וכמדובר כמ"פ אז די הוספה אין דער קדושה איז ניט קיין הוספה וואס איז לויט דעם מספר האותיות, ד.ה. אז ווען ס'זיינען דא פ"ה אותיות, קומט צו אין דעם ענין הקדושה 85 מאל אזויפיל - נאר עס קומט צו אן ענין וואס איז שלא בערך.

ועד"ז איז אויך ווען אידן קלייבן זיך צוזאמען, אז דעמולט קומט צו א הוספה אין זייער קדושה - ווארום בשעת ס'זיינען דא עשרה מישראל, ווערט א מציאות חדשה, מיט נייע דינים, וויבאלד אז ס'איז צוגעקומען די קדושה פון "ונקדשתי בתוך בני ישראל"³, וואס די קדושה איז שייך נאר ווען ס'זיינען דא עשרה מישראל.

ועאכו"כ ווען ס'זיינען דא מאה מישראל וכו', וואס דעמולט קומט צו נאך א גרעסערע הוספה אין דער קדושה - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער דעה⁴ אז ס'איז דא א נפק"מ אין דעם נוסח פון ברכת המזון ווי דאס איז בא עשרה מישראל, בא מאה, אלף און ריבוא וכו' [אע"פ אז דער דין בפועל איז ניט

- אזוי -

---

1) היום יום ע' קא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך. 2) ראה שבת קטו, ב. רמב"ם הל' שבת פכ"ג הכ"ח. טושו"ע (וארה"ז) או"ח סשל"ד סוסי"ב (טו) ובנ"כ שם. 3) ראה גם ספר הערכים-חב"ר כרך ג ערך אור העולה על כולנה. וש"נ. 4) אמור כב, לב. ברכות כא, ב. וש"נ. 5) ברכות מט, ב במשנה.

אזוי⁶ - איז דאך אבער "אלו ואלו דברי אלקים חיים"⁷, דאס איז א קס"ד וואס ווערט א חלק פון תורה⁸, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'קומען צו מערער אידן, קומט צו א הוספה אין דער קדושה.

ובפרט ע"פ המבואר בארוכה אין קונטרס החלצו⁹, אז ווען רבים קומען זיך צוזאמען און זיינען מחליט בנוגע צו ענינים טובים במעשה בפועל (אפי' ווען ס'איז דערווייל בדיבור, ועאכו"כ ווען ס'איז שוין דא דער מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"⁷) - ווערט דאס אויפגעטאן אין אן אופן אז עס קומט צו אין קדושה אן ענין וואס איז שלא בערך

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אזוי איז דאס אויך אין דעם פארבונד פון אידן מיט תורה [וואס תורה איז דאך "דיפתראות ופינקסאות" פון וועלכע ס'זיינען באשאפן געווארן אלע ענינים פון וועלט, כמבואר אין מד"ר בתחלתו[10] - אז ווען ס'איז פארבונדן מיט רבים מישראל, איז די הוראה פון תורה (די הוראה וואס מ'דארף ארויסנעמען פון פרשת השבוע) נאכמער בתוקף, ביתר שאת וביתר עז.

ב. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

דאס איז מוצאי שבת, און שבת מברכים, און שבת מברכים פון חודש השלישי (לויטן מנין החדשים פון ההלת השנה).

וכמדובר כמ"פ[11] (און אויך געדרוקט בכמה ספרים[12]) אז חודש כסלו וואס ער איז דער חודש השלישי פון תשרי, איז בדוגמת חודש סיון וואס ער איז דער חודש השלישי פון ניסן, ד.ה. אז חודש כסלו איז דער חודש השלישי בערך צו תשרי (ר"ה, מיט אלע מועדים פון חודש תשרי), און אין אים זיינען דא אלע מעלות וואס טוען זיך אויף אין חודש השלישי.

וואס יעדער אויפטו, מעלה און תוספת אין עבודה, דארף אויך זיין פארבונדן מיט תורה - מיט א הבטה אין תורה, "אסתכל באורייתא"[13], וואס הסתכלות באווייזט אויף א הבטה מיט א התענינות, כמבואר בכ"מ[14].

וואס דורך דעם "אסתכל באורייתא", ובפרט דורך דערויף וואס מ'קוקט זיך איין אין פרשת השבוע (לויט די תורה הנ"ל

- פון -

---

6) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סקצ"ב ס"א (ס"ג). 7) עירובין יג, ב. 8) פ"י (סה"מ תרנ"ט ע' סא). 9) אבות פ"א מי"ז. 10) ב"ר רפ"א. 11) לקו"ש ח"א ע' 75. 12) קדושת לוי עה"ת בריש המאמר לחנוכה (כח, סע"א). שער יששכר מאמר חודש כסלו ס"ג. ועוד. 13) זח"ב קסא, ריש ע"ב. 14) ראה לקו"ת שה"ש מא, ד.

פון דעם אלטן רבי'ן) - קומט ארויס א הוראה, און א הוראה ביתר שאת וביהר עז.

ג. האמור לעיל אז מ'דארף ארויסנעמען א הוראה פון פרשת השבוע, איז נאכמער מודגש אין ספר בראשית:

ספר בראשית ווערט אנגערופן "ספר הישר", דערפאר וואס דארטן רעדט זיך וועגן די "ישרים" פון אידן, וואס דאס זיינען די אבות[15] - וואס "מעשה אבות סימן לבנים"[16].

וכמבואר בכ"מ[17] אז אין "סימן לבנים" זיינען דא צוויי ענינים: א) א סימן און א ציון, אן אנווייזונג ווי מ'דארף זיך פירן, ב) סלילת דרך, דורך דערויף וואס די אבות האבן געעפנט און דורכגעטראטן די וועג.

און וויבאלד אז די אבות האבן געעפנט און דורכגעטראטן די וועג, און יעדער איד איז דאך א "יורש" פון די אבות, וואס דער "יורש" איז עומד במקום המוריש[18] - איז פארשטאנדיק, אז דאס מאכט לייכטער די עבודה פון די "בנים", וויבאלד אז די פתיחה בזה האט זיך שוין אויפגעטאן דורך די "אבות".

ובפרט אז די פתיחה איז שוין געווען אין אן אופן פון "<u>מעשה</u> אבוה", ד.ה. ניט נאר בבחשבה ובהעלם, און ניט נאר אין דעם אופן הגילוי פון דיבור, נאר ס'איז אראפגעקומען אין "מעשה (אבות)" בפועל.

וואס דער "<u>מעשה</u> אבות" (דאס וואס בא די אבות איז דאס אראפגעקומען אין מעשה בפועל) איז נאכמער מוסיף איןביידע ענינים פון "סימן לבנים", סיי אין דער אנווייזונג ווי אזוי מ'דארף זיך פירן, און סיי אין דערויף וואס די וועג איז שוין דורכגעטראטן געווארן דורך די אבות - וויבאלד אז ס'איז שוין געווען דער "<u>מעשה</u> אבות", און אין דעם אופן ווערט דאס "סימן לבנים".

ד. אין יעדער סדרה (און אזוי אויך אין אונזער סדרה) זיינען דא כו"כ ענינים, וואס וויבאלד אז יעדערער פון זיי איז א חלק פון תורה, איז פארשטאנדיק אז פון יעדערן פון זיי דארף זיין א הוראה - אבער צום אלעס ערשטן דארף זיין די הוראה וואס איז פארבונדן מיט דרך הפשט.

- וכמדובר -

---

15) ע"ז כה, רע"א. וראה תו"ח לך לך פה, ד ואילך. פרשתנו קלה, סע"א ואילך. 16) ראה רמב"ן עה"פ לך לך יב, ו. ב"ר פ"מ, ו. 17) ראה לקו"ש ח"ג ע' 758. ח"ה ריש ע' 61. 18) ראה ב"ב קנט, רע"א. שו"ת צפע"נ דווינסק ח"א סקי"ח. ווארשא ח"א סקי"ח. מילואים לצפע"נ יג, א.

וכמדובר כמ"פ אז די תורה איז געגעבן געווארן צו יעדער אידן און צו אלע אידן, ביז ווי מ'זאגט "אתם נצבים היום כולכם גו' לעברך בברית ה' אלקיך"[19], וואס דאס איז דער ענין פון תורה - וואס אין דערויף גייען אריין אלע אידן, "כל איש ישראל", מיט אלע דרגות וואס מ'רעכנט אויס דארטן, ביז אפי' "גרך אשר בקרב מחניך מחוטב עציך ועד שואב מימיך", ביז אפי' "טפכם",

איז דאך פארשטאנדיק אז בנוגע צו "טפכם" דארף זיין די הוראה פון תורה אין אן אופן פון "לחם לפי הטף"[20] - ד.ה. די הוראה וואס מ'נעמט פון תורה, דארף זיין ניט נאר פון חלק הסוד שבתורה, אדער נאר פון חלק הדרוש והרמז שבתורה, נאר מ'דארף אויך זיין די הוראה פון חלק הפשט שבתורה, ווארום דאס דארף זיין פארשטאנדיק אויך פאר "טפכם" אין לימוד התורה, וואס דערווייילע זיינען זיי שייך מערניט ווי צו דער התחלה פון לימוד התורה - דער לימוד אין דרך הפשט.

אין איינפאכע ווערטער: די הוראה דארף זיין פארשטאנדיק אפי' ווען מ'לערנט די פרשה (אדער דעם ענין אין דער פרשה) ע"ד הפשט, און דאס דארף זיך אראפטראגן אפי' אין די ענינים וואס מאיזה סיבה שתהי' זיינען זיי מערניט (אדער עכ"פ בעיקר) ווי אין דרך הפשט - אז אויך אין די ענינים זאל מען האבן די הוראה פון תורה.

ה. אין דער סדרה איז דא אן ענין וואס אפי' אין דרך הפשט זעט מען אויך אז דאס איז אן ענין כללי -

וואס דאס איז וואס אברהם אבינו [וואס ער איז דאך דער ערשטער צווישן די אבות, ביז אז "אחד הי' אברהם"[21]] האט דערציילט וועגן זיין דרך העבודה - די עבודה וואס איז פאר-בונדן מיט עיקר בריאת האדם, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני"[22], ווי אזוי די עבודה איז פארבונדן און פארבינדט אים מיט קונו, מיטן אויבערשטן

[וואס דערפון איז פארשטאנדיק די טיפקייט און די גויטיקייט פון דער הוראה אז דאס איז ביהר שאת וביתר עז פון אלע איבעריקע הוראות, אע"פ אז יעדערע פון זיי איז א הוראה אין תורה, וואס איז א "תורה אחת" - ווי ס'איז פארשטאנדיק אויך אין דרך הפשט אז אין תורה גופא זיינען דא פרטים און כללים, ביז צו א "כלל גדול", א כלל וואס איז כולל כמה כללים (ווי די גמרא זאגט אין מסכת שבת[23]), ועד"ז

- איז -

---

19) נצבים כט, ט-יא. 20) ל' הכתוב - ויגש מז, יב.
21) יחזקאל לג, כד. 22) קידושין בסופה. 23) סח. א.

איז פארשטאנדיק בנוגע צו הוראות ההוראה בכלל, ובמיוחד - בנוגע צו די הוראות פון דער סדרה]:

בשעת אברהם אבינו דערציילט וועגן עבודתו לבוראו וואס איז פארבונדן מיט לעשות לו ית' דירה בהתחתונים, זאגט ער אז ער האט אויפגעטאן דעם ענין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ"[24], און ווי רש"י[25] טייטשט אפ: "עכשיו הוא אלקי השמים ואלקי הארץ, שהרגלתיו בפי הבריות, אבל כשלקחני מבית אבי הי' אלקי השמים ולא אלקי הארץ, שלא היו באי עולם מכירים בו, ושמו לא הי' רגיל בארץ".

וואס וויבאלד אז רש"י ברענגט דאס אראפ בפירושו עה"ת, איז פארשטאנדיק, אז דאס איז פשוטו של מקרא, ווי רש"י[26] איז אליין מודיע אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא".

[ס'איז דא אמאל וואס רש"י ברענגט אראפ בפירושו אן ענין וואס שטייט אין "מדרש אגדה" אדער "רבותינו דרשו" וכיו"ב, וואס דעמולט איז דאס אויך אן ענין פון פשט"כ, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס רש"י ברענגט דאס אראפ בפירושו, דאס איז אבער א פשט וואס איז פארבונדן מיט "מדרש אגדה" אדער "רבותינו דרשו" וכיו"ב:

בשעת רש"י איז אבער ניט מוסיף אז דאס איז "מדרש אגדה" וכיו"ב, איז פארשטאנדיק אז דאס איז פשוטו של מקרא ממש - ד.ה. אז דאס איז פארשטאנדיק אפי' צו די וואס זיינען ערשט מתחיל אין דרך הפשט גופא, ניט ווי דרך הפשט באקומט א שייכות צו א העכערן לימוד ("מדרש אגדה". רבותינו דרשו" וכיו"ב), נאר אין דרך הפשט גופא - די התחלה פון דרך הפשט, פשוטו של מקרא ממש].

דערציילט "תורת אמת" אין הושב"כ [וואס אין הושב"כ זיינען הכל מודים, אפי' די צדוקים[27]] אז אברהם אבינו האט געזאגט אז דער אויבערשטער איז "אלקי השמים ואלקי הארץ" - און רש"י טייטשט אפ פשוטו של מקרא אז אברהם אבינו האט דערציילט וואס איז געווען זיין אויפטו: פריער איז דער אויבערשטער געווען מערניט ווי "אלקי השמים". און דורך עבודתו האט ער אויפגעטאן אז דער אויבערשטער זאל זיין "אלקי השמים ואלקי הארץ" - "שהרגלתיו בפי הבריות".

ו. דער אויפטו וואס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס מ'פועל'ט אז ס'זאל זיין "אלקי השמים ואלקי הארץ" - איז ניט נאר אז עס קומט צו נאך אן ענין, דער אויבערשטער ווערט

- אויך -

---

24) פרשתנו כד, ג. 25) שם, ז. 26) עה"פ בראשית ג, ח. ועוד. 27) ראה סנהדרין לג, ב.

אויך "אלקי הארץ", נאר ווי געװעדט פריער (ס"א) אז אין עניני קדושה, ווען צוויי זאכן ווערן נצטרף און צוזאמענגעשטעלט, איז ניט נאר וואס ס'איז צוגעקומען די צווייטע זאך, נאר דורך דערויף קומט אויך צו אין דער ערשטער זאך, און עס קומט אויך צו דער כללות פון ביידע ענינים.

וואס אזוי איז דאך אין יעדער ענין של קדושה, ועאכו"כ בנוגע צו דעם ענין הכללי וואס איז פארבונדן מיט תכלית בריאה האדם - אויפטאן דעם ענין פון "אלקי הארץ", אז דורך דערויף קומט צו אויך אין "אלקי השמים"[28]:

בשעת מ'טוט אויף דעם ענין פון "אלקי הארץ", ביז אין אן אופן (ווי רש"י טייטשט אפ) "שהרגלתיו בפי הבריות", וואס דאס באווייזט אז דאס איז ניט קיין איינמאליקע פעולה, נאר אזוי ווערט די רגילות, "שכו" ווערט "רגיל בארץ", און ווי ער זאגט אין תו"א[29] אז "אפילו תינוקות יודעים שיש שם אלוקה מצוי" -

איז דורך דערויף ווערט דער ענין פון "אלקי השמים" (דאס וואס מ'ווייסט וועגן אים בשמים) איינגאנצן אנדערש - דאס ווערט ביתר שאת וביתר עז, ביז אין אן אופן פון אי"ע,

ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס ס'שטייט אין נגלה דהורה[30] (ועאכו"כ לויט ווי דער ענין ווערט נתבאר אין פנימיות ההורה[31]), אז ס'זיינען דא כמה ענינים, ובפרט ענינים פון הורה, אין וועלכע דער אויבערשטער זאגט צום ב"ד של מעלה אז מ'זאל גיין הערן דאס וואס דער ב"ד של מטה האט אפגעפסק'נט, און דערפון וועט מען וויסן דעם פס"ד בנוגע צו למעלה.

וכידוע דער משל[32] [וואס איז פארבונדן במיוחד מיט חודש תשרי[33] - און דאס קומט ארויס בגילוי אין חודש השלישי שלו, חודש כסלו] אז בשעה מ'הויבט אויף א בנין מתחתיתו, פון דעם נידעריקסטן ארט וואס אין אים, הויבן זיך אויף דעמולט כל חלקי הבנין, אפי' די קומה הכי עליונה*.

- ועד"ז -

---

*) המקור בפשטות על משל זה הוא בתו"א[32]. אבל עפ"ז זהו נוגע רק לתחתונים (לעליונים - י"ל שאדרבא גרעון הוא - כבמשל שכשניתוסף במשא, נתמעט הגובה שלשם בכחו להגבי') - משא"כ ע"פ המשל בלקו"ה[33] שגם בעליונים ניתוסף בגובה.

---

28) ראה גם לקו"ש חיי שרה תשל"ז ס"ת. 29) וירא יד, רע"א. 30) דב"ר פ"ב, יד. 31) ראה אגה"ק סכ"ו (קמד, ב ואילך). ועוד. 32) תו"א בראשית ד, א. 33) ראה לקו"ת נצבים כה, א.

ועד"ז בעניננו: ווען עס קומט צו דער ענין פון "אלקי הארץ", איז ניט נאר אז ס'איז צוגעקומען אן ענין נוסף, דער ענין פון "אלקי הארץ", נאר דורך דעריף ווערט אויפגעהויבן אויך דער ענין פון "אלקי השמים", ביז אין אן אופן פון יתר שאת ויתר עז, און נאכמער: אין אן אופן פון אין ערוך.

ז. און "מעשה אבות סימן לבנים" - יעדער "מעשה אבות", אנהויבנדיק פון אברהם אבינו, וואס "אחד הי' אברהם" און דערנאך "ויירש (זרעו) את הארץ", וואס וויבאלד אז יעדער איד איז זרעו של אברהם אבינו, איז פארשטאנדיק אז יעדער "מעשה אבות" איז א הוראה פאר יעדער אידן - "סימן לבנים",

ועאכו"כ בנוגע צו אזא מעשה כללי, אין וועלכן אברהם אבינו גיט ארויס דאס וואס ער האט אויפגעטאן אין וועלט בנוגע צו לעשות לו יה' דירה בתחתונים - וואס דאס איז דאך תכלית עבודת האדם, "אתם קרויין אדם"[34], תכליה העבודה פון כל אחד ואחת מישראל - אז די עבודה איז: מאכן פון "אלקי השמים" - "אלקי השמים ואלקי הארץ".

און דאס איז דער "מעשה אבות סימן לבנים" - אז די עבודה פון א אידן באשטייט אין דעריף וואס ער טוט אויף דעם ענין פון "אלקי הארץ"; קודם עבודתו איז דער אויבערשטער כערניט ווי "אלקי השמים", און דורך עבודתו טוט ער אויף אז דער אויבערשטער זאל זיין "אלקי השמים ואלקי הארץ".

ח. לכאורה איז אבער ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז אברהם אבינו האט שוין אויפגעטאן ע"י עבודתו דעם ענין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ", איז ווי קען מען זאגן אז די עבודה פון יעדן אידן באשטייט אין דעריף וואס ער דארף אויפטאן דעם ענין פון "אלקי הארץ", ד.ה. אז קודם עבודתו איז דער אויבערשטער "אלקי השמים", און ע"י עבודתו ווערט אויפגעטאן אויך דער ענין פון "אלקי הארץ";

עס רעדט זיך דאך שוין נאך דעריף וואס אברהם אבינו האט אויפגעטאן דעם ענין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ", מיט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן, וואס וויבאלד אז "האבות הן הן המרכבה"[35], איז דאך פארשטאנדיק וואס זייער עבודה האט אויפגעטאן,

עאכו"כ נאך דעריף וואס ס'איז צוגעקומען דער ענין פון מ"ת, און כללות העבודה פון משה רבינו, און דערנאך די

- ענינים -

---

34) יבמות סא, רע"א. 35) ב"ר פמ"ז, ו. פפ"ב, ו.

ענינים וואס האבן זיך אויפגעטאן דורך די צוויי בחי' מקדשות, און כללות העבודה פון די דורות הראשונים -

און אעפ"כ זאגט מען אז בא יעדער אידן דארף זיין די עבודה בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי אברהם אבינו, אז דורך זיין עבודה דארף ער אויפטאן אז ס'זאל זיין "אלקי השמים ואלקי הארץ" - ביז וואנעט אז מ'זאגט אז דאס וואס איז געווען ביז איצטער, איז נאר דער ענין פון "אלקי השמים", און א איד דארף אנהויבן די עבודה צו אויפטאן דעם ענין פון "אלקי הארץ"?!

ס.   איז דער ביאור בזה:

די גמרא זאגט אין סנהדרין* "לפיכך נברא אדם יחידי" כדי אז יעדער איד זאל וויסן אז ער איז אן "עולם מלא", בדוגמא ווי אדה"ר.

וואס דאס האט א שייכות צו יעדער אידן במשך כל הדורות - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער הלכה וואס מ'נעמט דערפון ארויס - אז יעדער "נפש אחת" איז אן "עולם מלא", וואס דאס איז א הלכה וואס איז נוגע לכל אחד ואחת, אין אלע מקומות און אין אלע זמנים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אזוי איז דאס אויך בנוגע צו דער עבודה פון אדה"ר - דער ענין פון "לעבדה ולשמרה"*, אז יעדער איד דארף וויסן אז ביי אים דארף זיין די עבודה פון "לעבדה ולשמרה", בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי אדה"ר.

ווארום אע"פ אז פאר אים זיינען געווען גדולים וטובים, ביז אז מ'זאגט "אם הראשונים כמלאכים אנו כבני אדם וכו'"*, ביז ווי דאס איז בנוגע צו דורנו זה - זאגט אבער "תורת חיים", וואס זי איז א הוראה בחיים, אז בנוגע צו דער עבודה פון כאו"א, דארף יעדער איר וויסן אז ער האט אויף זיך דעם תפקיד פון "לעבדה ולשמרה", אין דעם זעלבן אופן ווי ס'איז געווען ביי אדה"ר - וואס דערפאר איז "נברא אדם יחידי", כדי אז דערפון זאל מען אפלערנען בנוגע צו אידן במשך כל הדורות.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער עבודה פון אברהם אבינו - אז "מעשה אבות סימן לבנים", און דערפאר דארף זיין די עבודה פון יעדער אידן בדוגמא ווי ס'איז

- געווען -

-------------

36) לז. מע"א במשנה. 37) ל' הכתוב - בראשית ב, טו. 38) נסמן בלקו"ש וישלה תשל"ז וראה היב"ע עה"פ. ועוד. הע' 14.



הנחה הת' בלתי מוגה

געווען די עבודה פון אברהם אבינו - אויפטאן אז ס'זאל זיין ניט נאר "אלקי השמים", נאר "אלקי השמים ואלקי הארץ".

און וויבאלד אז יעדער איד איז אן "עולם מלא", איז פארשטאנדיק, אז בנוגע לעולמו עכ"פ, דארף ער אנהויבן די עבודה מהחלתה.

און ווי מ'זעט בנוגע צו לימוד התורה - אז פריער דארף ער לערנען די אותיות פון אל"ף-בי"ת, און דערנאך גייט ער מחיל אל חיל, פון "בן חמש שנים למקרא" וכו' ביז צו "בן חמש עשרה לגמרא". און דערנאך קומט ער צו "בן ארבעים לבינה"[39], וואס דעמולט לערנט ער סודות התורה,

ד.ה. אז ס'איז ניט מספיק דאס וואס אביו איז געווען א חכם גדול בכל חלקי התורה (וואס דערפאר זאגט מען "שאל אביך ויגדך זקניך ויאמרו לך"[40]), נאר ער דארף אליין לערנען תורה - און ווען ער לערנט תורה, הויבט ער ניט אן דארטן וואו ער האט זיך געענדיקט לימודו של אביו, נאר ער הויבט אן פון התחלת הלימוד, פון אל"ף-בי"ת, ביז צו אל"ף-בי"ת כפשוטו -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז אזוי ווי דאס איז בנוגע צו זיין לימוד התורה, איז דאס אויך בנוגע צו דעם וואס ער איז "אסתכל באורייתא וקיים עלמא" [ווי ער זאגט אין זהר[41] אז "קוב"ה אסתכל באורייתא וברא עלמא, בר נש מסתכל בה באורייתא ומקיים עלמא"] - אז דעם עולם וואס ער בויעט אויף, בויעט ער אים פון אל"ף-בי"ת אן, בדוגמא ווי דאס איז אין זיין לימוד התורה, אז ער הויבט אן לערנען פון אל"ף-בי"ת אן.

י. עס איז אבער פארשטאנדיק, אז פאר אים איז די ארבעט א סאך א לייכטערע - וויבאלד אז ער איז א יורש פון "אביך" און "זקניך", ביז אז ער איז א יורש פון אברהם אבינו, וואס "אחד הי' אברהם", און דורך אים איז שוין געווען די סלילה הדרך (ניט נאר פתיחת הפתח), ביז אין אן אופן פון "מאי דהוה הוה" - ס'איז שוין דורכגעטראטן געווארן אין וועלט. אין עולם העשי' הגשמי, אז ס'זאל ווערן "אלקי השמים ואלקי הארץ".

וואס דערפאר איז אע"פ אז ער דארף אנהויבן פון התחלת העבודה - איז דאס ביי אים א סאך לייכטער ווי ס'איז געווען בא די וואס האבן געראפט דורכטרעטן די וועג אין דעם ענין. וואס בא זיי איז דאס געווען אין אן אופן פון "כל ההתחלות קשות"[42].

- און -

---

39) אבות פ"ה מכ"ב. 40) האזינו לב, ז. 41) מכילתא הובא בפרש"י עה"פ יתרו יט, ה.

און אע"פ אז ביי אים איז די עבודה אין א לייכטערן אופן - דארף ער אבער אויך דורכגיין די אלע דרגות וואס זיינען דא פון תחלת העבודה,

ווי געבראכט פריער (ס"ט) דעם מאמר המשנה[42] אז ער גייט דורך אלע דרגות אנהויבנדיק פון "בן חמש שנים למקרא" וכו׳, און נאך פריער - ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל׳ ת"ת שלו[43] אז "משיתחיל לדבר" הויבט זיך שוין אן דער ענין פון לימוד התורה, דער לימוד האותיות והנקודות וכו׳, ווי ער איז מבאר דארטן די פרטי הדברים [וכמדובר ומודגש כמ"פ אז די התחלה הויבט זיך אן פון לימוד התורה פון א קטן].

ביי אים איז דאס טאקע אין א סאך א לייכטערן אופן - ער דארף אבער אויך אנהויבן פון דעם אל"ף-בי"ת פון תורה.

ועד"ז בעבודתו אין וועלט הויבט ער אן פון דעם אל"ף-בי"ת - פון א וועלט וואס ווערט אנגערופן "עולם" מלשון העלם והסתר[44], וואס איז געגעבן געווארן צו יעדער אידן אז ער זאל דערפון מאכן א אידישן עולם,

וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן "עולם מלא" - ער איז אים ממלא און פילט אים אן מיט אירישקייט,

און דערנאך גייט ער מחיל אל חיל, ביז אז עס ווערט "אלקי השמים ואלקי הארץ", ברוגמא ווי ס׳איז געווען ביי אברהם אבינו.

יא. און אזוי ווי מ׳געפינט אז דאס וואס אברהם אבינו האט דערציילט וועגן עבודתו, אז ער האט אויפגעטאן דעם עניין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ" - איז געווען אלס הקדמה צו דעם אז זיין זון זאל באקומען אזא שידוך אין אן אופן אז "אל ארצי ואל מולדתי תלך גו׳"[45], וואס אויף דערויף האט ער געזאגט אז דער וועמען ער האט געמאכט פאר "אלקי השמים ואלקי הארץ" וועט אים מצליח זיין אין דערויף -

איז אזוי אויך בנוגע לעבודת כל אחד ואחת - אז תכלית השלימות בזה איז, אז דאס זאל זיך נים אפשטעלן ביי אים ח"ו, נאר אז ס׳זאל זיין אין אן אופן פון "ושננתם לבניך אלו התלמידים"[46], און אין אן אופן אז זיי וועלן אויך ווערן טופח ע"מ להטפיח, אז זיי וועלן אויך אויפשטעלן תלמידים און תלמידי תלמידים, ביז אין אן אופן ווי ער זאגט אין תוספתא פון עדיות[47]. - וואס -

------------

42) בתחלתן. 43) לקו"ש ואתחנן תשל"ח. 44) לקו"ת שלח לז, ר. ובכ"כ. 45) פרשתנו שם, ד. 46) ואתחנן ו, ז. ספרי ופרש"י עה"פ. ועוד. 47) בתחלתה.

וואס דאס איז נוסף אויפן פירוש אין פשוטו של מקרא - אז מ'שטעלט אויף בנים ובני בנים עוסקים בתורה ובמצווה, דורך דערויף וואס מ'גייט "אל בית אבי גו' ואל משפחתי"48, מ'מאכט א שידוך און מ'האט חתונה מיט די וואס זיינען אויך פון בני אברהם והבאים אחריו און בנות שרה והבאים אחרי'.

ביז אז עס ווערט דער "וארבה את זרעו"49 - וואס דאס איז געווארן דורך דערויף וואס אליעזר האט אויסגעפירט זיין שליחות, מיט דעם כח וואס "ה' הצליח דרכי"50, און דאס וואס דער אויבערשטער האט מצליח געווען דרכו, איז געווען דערפאר וואס אברהם האט אויפגעטאן דעם ענין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ".

און אזוי איז אויך בעבודת כאו"א, אז דורך דערויף וואס ער טוט אויף דעם ענין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ", ווערט דער "פרו ורבו ומלאו את הארץ", און דערנאך דער עיקר - "וכבשוה"51, אז מ'איז כובש דעם העלם והסתר פון וועלט, און מ'מאכט דערפון א דירה לו ית'.

ביז אז מ'ברענגט אראפ אז ס'זאל ווערן "ה' אחד ושמו אחד"52, כשם שאני נכתב כך אני נקרא53 - אז כשם שאני נקרא, וואס בכללות איז דאס ווי ס'איז געשטאנען בגילוי אין ביהמ"ק, איז כך אני נקרא - דאס קומט אראפ אין אן אופן אז ער ווערט אזוי אנגערופן בכל התפוצות, בכל הארץ כולה,

כן תהי' לנו בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

יב. מ'האט גערעדט פריער ווי אזוי יעדער איד דארף אנהויבן טאן אז ס'זאל זיין "אלקי השמים ואלקי הארץ", אז "שמו" זאל זיין "רגיל בארץ", ע"ד ווי ס'איז געווען די עבודה פון אברהם אבינו.

וואס בדורותינו אלה בפרט (ואדרבה, דוקא ווען "אכשור דרא בתמי'"54) - דארף מען ניט האבן קיינע הוכחות און קיינע ראיות אז מ'האט נאך וואס צו אויפטאן, אע"פ אז אברהם אבינו האט שוין אויפגעטאן דעם ענין פון "אלקי הארץ" -

ווי מ'זעט במוחש ווי אזוי אין יעדן דור זיינען דא כו"כ נסיונות און ענינים משונים, ביז וואנעט אז מ'האט

- געדארפט -

---

48) פרשתנו שם, לח. 49) יהושע כד, ג. 50) פרשתנו שם, נו. 51) בראשית א, כח. 52) זכרי' יד, ט. 53) ראה פסחים נ, סע"א. 54) יבמות לט, ב ובפרש"י.

געדארפט אנהויבן די עבודה נאכאמאל מלכתחלה (לכאורה), אויף צו אויפטאן דעם ענין פון "אלקי הארץ", אז אין "ארץ", ארציות וחומריות, זאל דערהערט ווערן אז "יש בעה"ב לבירה זו"[55],

און ניט נאר אז "יש בעה"ב לבירה זו", נאר נאכמער: ווי אברהם האט אויפגעטאן דעם ענין פון "ויקרא שם בשם ה' א-ל עולם"[56], "א"ת ויקרא אלא ויקריא"[57], ער האט אויפגעטאן דעם ענין פון "אלקי הארץ", ד.ה. ניט נאר אז ער איז דער בעה"ב אויפן "ארץ", נאר "אלקי הארץ", וואס "אלקים" איז דאך אויך מלשון כח וחיות, ווי ער טייטשט אפ אין שו"ע חלק או"ח בתחלתו[58] בנוגע צו פירוש הברכות - ד.ה. אז דער אויבערשטער איז דער כח וחיות פון די ענינים ארציים וחומריים.

וכאמור אז בימינו אלו בפרט, דארף מען ניט זוכן קיין תירוצים, אז לכאו', אין וואס דארף באשטיין די ארבעט פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים, נאך דערויף וואס די דורות גרולים ונפלאים שלפנינו האבן דורכגעפירט תפקידם בשלימות, אנהויבנדיק פון אברהם יצחק ויעקב, וואס זיי זיינען די אבות פון כל אחד ואחת מישראל -

דארף מען ניט האבן קיין הסברה אין דערויף, וויבאלד אז מ'זעט בפועל די עבודה וואס מ'האט און מ'דארף דורכפירן.

ביז וואנעט אז בעיני כו"כ ווייזט זיך גאר אוים אז דאס איז אן עבודת פרך, און מי יודע ווי אזוי וועט ער קענען דורכפירן תפקידו ושליחותו וואס "נבראתי לשמש את קוני", אויף מאכן א דירה לו ית' בתחתונים דוקא, בשעת די תחתונים זיינען אין רעם מעמד ומצב פון די דורות האחרונים, אין דעם חושך כפול ומכופל פון עקבתא דמשיחא וכו' וכו', וואס אין כאן המקום להאריך אין דברים וואס באווייזן ניט אויפן צד הטוב.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף ניט האבן קיינע הסברות און קיינע ראיות אז מ'האט וואס צו אויפטאן אין וועלט - ס'איז "מעשה רב"[59], די מציאות בפועל באווייזט און מאנט דאס, און "אבן מקיר תזעק"[60] אז מ'זאל קומען צוגיין און מאכן פון דעם "אבן" און פון דעם "קיר" אז דארטן זאל זיין "אלקי הארץ" - אז מ'זאל אנזעהן אז דער כח וחיות פון דעם "אבן" און "קיר" איז ג-טליכקייט, וואס דאס קומט ארויס בגילוי דורך דערויף וואס מ'פירט אריין אין דערויף אידישקייט. - יג. -

---

55) ראה ב"ר רפל"ט. 56) וירא כא, לג. 57) סוטה י, סע"א ואילך. 58) ס"ה. 59) ראה שבת כא, א. וש"נ. 60) ל' הכתוב - חבקוק ב, יא.

יג. איך דערויף קומט צו נאך אן עניין:

ווען ס'רעדט זיך וועגן א אידן וואס איז א צדיק גמור, און ער האט שוין אויפגעטאן דעם עניין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ" אין זיין מקום און אין זיין זמן - איז לכאורה, ווען ער כאפט זיך אויף אינדערפרי, וויסנדיק דעם חשבון צדק וואס ער האט געמאכט אין קריאת שמע שעל המטה בלילה שלפנ"ז, אז ער האט אויפגעטאן עבודתו בשלימות - האט ער שוין ניט וואס צו אויפטאן אין דעם עניין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ"?

ער ווייסט טאקע אז בכל יום ווערט ער א ברי' חדשה, וואס דאס איז דאך איינער פון די טעמים אויף דעם עניין פון נס"י בבוקר", ביז ווי דאס איז אין פשוטם של ענינים, אז אויך א קינד ווייסט אז ער דארף זאגן "מודה אני לפניך וכו'", און ווען ער איז שוין שייך צו קצת הבנה בזה, איז מען אים מסביר דעם עניין פון "שהחזרת בי נשמתי", אז ער איז ערשט געווארן א לעבעדיקע זאך, דורך דערויף וואס דער אויבערשטער האט אין אים אריינגעגעבן די נשמה,

וואס דערפאר זאגט מען אים אז ווען ס'הויבט זיך אן א יום חדש, דארף זיך אנהויבן אן עבודה חדשה - אע"פ אז מ'זאגט דעם זעלבן נוסח, די זעלבע אותיות און די זעלבע ברכות ובקשות וואס מ'האט געזאגט אין די תפלות וואס זיינען געווען ביז א טאג פריער, ביז צוויי טעג פריער, און ביז כו"כ ימים ושבועות וחדשים ושנים וואס ער איז שוין געווען א טוב ביז א שלם בעבודתו -

אעפ"כ, וויבאלד אז ער האט די וועלט אין דעם אופן ווי ער האט איר געלאזן לייגנדיק זיך שלאפן, וואס דאס איז געווען לאחרי דעם חשבון צדק אז ער האט אויפגעטאן עבודתו בשלימות - איז לכאו' ניט שייך אין דערויף דער ביאור האמור אז ער האט נאך וואס צו אויפטאן, ווארום מ'רעדט דאך מיט אים וועגן זיין עבודה אין זיין עולם, וואס אין דערויף האט ער שוין אויפגעטאן אז ס'זאל ווערן אן "עולם מלא"?

יד. איז דער ביאור בזה:

ס'איז ידוע וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ בכ"מ[61] (און די נשיאים שלאחריו זיינען דאס נאכמער מבאר), אז אע"פ אז ער האט טאקע דעם מעמד ומצב צו וועלכן ער האט דערגרייכט ע"י עבודתו אין די ימים שלפנ"ז - איז אבער דא נאך אן עניין: ער דארף מברר זיין די ניצוצות הקדושה וואס זיינען דא אין וועלט, וואס בכל יום זיינען דא נייע ניצוצות (ובפשטות - נייע ענינים) וועלכע ער דארף מברר זיין.

- אנהויבנדיק -

61) שו"ע אדה"ז מהדו"ק רס"ד. 62) ראה תו"א מקץ לח, ג.

הנחה הת' בלתי מוגה

אנהויבנדיק פון דעם ענין פון "נהמא אפוס חרבא ליכול"[63] - וואס ער עסט דאך ניט דעם זעלבן ברויט וואס ער האט אויפ-געגעסן מיט א טאג לפנ"ז אדער אין א סעודה לפנ"ז, דאס איז א נייער כזית (אן אנדער כביצה, אדער אן אנדער שיעור) לחם, ובמילא האט ער צוטאן מיט א נייעם ניצוץ וואס ער דארף מעלה זיין,

ביז וואנעט אז דורך דערויף וועט ווערן "ואכלת ושבעת וברכת את ה' אלקיך"[64] - דאס ברענגט אים ער זאל בענטשן "את ה' אלקיך" מחדש, מיט אלע פירושים שבדבר.

און אין דערויף איז דא די הוראה כללית - אז די עבודה בזה דארף זיין אין אן אופן אז ער טוט דעם ענין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ", כדלקמן.

טו. בא יעדער מענטשן, ועאכו"כ בא יעדער אידן, איז דא סיי דער ענין פון "שמים" און סיי דער ענין פון "ארץ", ד.ה. אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל זיך נאר געפינען, האט ער בעולמו סיי דעם ענין פון "שמים" און סיי דעם ענין פון "ארץ".

וואס אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן בני נח, איז בשעת ער איז פארנומען מיט זיינע ענינים רוחניים, איז דאס דער ענין פון "שמים" שבו, און ווען ער איז פארנומען מיט אכילתו ושתיתו, איז דאס דער ענין פון "ארץ" שבו, ווארום . דער חילוק צווישן אכילתו ושתיתו מיט זיינע ענינים רוחניים, איז בדוגמת החילוק צווישן "שמים" און "ארץ".

עאכו"כ בנוגע צו "אתם קרויים אדם", "אדמה לעליון"[65], איז זיכער דא דער ענין פון "שמים" שבו - ווען ער לערנט תורה און איז מקיים מצוות און טוט אין עבודת התפלה, וואס דעמולט געפינט ער זיך אין "שמים", און בשעה ער איז אוכל ושותה און פארנעמט זיך מיט משאו ומתנו [ס'איז טאקע באמונה, אבער ס'איז פארט אן ענין פון משאו ומתנו] - איז בערך צו לימוד התורה וקיום המצוות זיינען די ענינים אין אן אופן פון "ארץ".

וואס אע"פ אז ביי אים איז אפגעלייגט בפשטות (ער דארף ניט האבן קיין עבודה אויף דערויף) ניט נאר אז "יש בעה"ב לבירה זו", נאר אז דער אויבערשטער איז "אלקי הארץ", ד.ה. אז ער איז דער כח וחיות פון אלע ענינים פון "ארץ" - איז אבער דא א חילוק צווישן דעם אופן ווי "אלקי" זעט זיך אן ביי אים אין זיין "ארץ", מיט דעם אופן ווי "אלקי" זעט זיך אן ביי אים אין זיין "שמים":

- ווען -

---

63) זהר"ג קפה, ב. 64) ל' הכתוב - עקב ח, י. 65) של"ה כ, ב. ובכ"מ.

ווען ער האלט גלייך בהחלת היום, קודם התפלה וההתבוננות, איז דאך שוין דא דער ענין וואס עד איז נושם דעם אויר העולם - דער ענין פון אכילה ושתי' דארף זיין לאחרי התפלה (בדורות הבריאים דוקא, כמדובר כמ"פ), אבער דער ענין פון נשימה, דאס וואס ער דארף אטעמען דעם אויר העולם, מוז שוין זיין גלייך בקומו משנתו,

[דער ענין הנשימה איז דא אויך ווען ער שלאפט, אבער דעמולט שלאפט ער דאך - און גלייך בקומו משנתו, ווייסט ער און ער פילט אז ער דארף אנקומען צו דעם ענין הנשימה].

וואס אויף דערויף שטייט דאך אין מדרש[66] אויפן פסוק[67] "כל הנשמה תהלל י-ה", אז "על כל נשימה ונשימה שאדם נושם צריך לקלס לבורא".

אבער אויף צו דערהערן דעם ענין, דארף ער אנקומען צו התבוננות - ער דארף זיך מתבונן זיין ווי דער אויר גייט אריין בגופו, און סוט אויף דארטן פעולתו, מיט אלע פרטים שבדבר, און ער דארף זיך מתבונן זיין אז דאס איז פארבונדן מיט "אלקי הארץ".

ונוסף לזה: אפי' נאך דערויף וואס ער קומט צו דער החלטה אז דאס איז פארבונדן מיט "אלקי הארץ", און דאס איז ביי אים אין אן אופן פון הבנה והשגה - דארף ער ערשט האבן א התבוננות און אן עבודה מיוחדת אויף צו דערהערן אז דאס קומט בהמשך און ס'איז פארבונדן מיט "אלקי השמים" - וואס דאס איז ווען ס'רעדט זיך וועגן ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט זיין "ארץ".

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן די ענינים פון זיין "שמים" - בשעת ער דאווענט, איז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן אן איש פשוט, ווייסט ער אויך דעם ענין פון "דע לפני מי אתה עומד"[68]; ער ווייסט ניט וועגן די פרטים פון עשר ספירות, ער ווייסט אבער דעם כללות הענין עכ"פ, אז ער שטייט פארן אויבערשטן.

סז. און דאס איז כללות החילוק צווישן דעם אופן פון "אלקי השמים" - אין ענינים "שמים" שלו, מיט דעם אופן פון "אלקי הארץ" - אין ענינים "ארץ" שלו, אז ווען ס'רעדט זיך וועגן די ענינים פון זיין "ארץ" - דער ענין פון נשימה, עאכו"כ דער ענין פון אכילה ושתי', ועאכו"כ בנוגע צו דעם "רויחי" וואס דער אויבערשטער גיט אים אין בני חיי ומזוני - דארף

- ער -

---

66) ב"ר פי"ד, ט. יל"ש תהלים רמז תתפט. 67) תהלים קנ, ו. 68) ראה ברכות כח, ב. ועוד.

ער אנקומען צו א התבוננות ער זאל דערהערן אז דאס איז פארבונדן מיט "אלקי הארץ".

און אפי' נאך דערויף וואס ער פארשטייט דאס בשכלו, דארף ער זעהן אז די התבוננות זאל זיין ניט נאר אין אן אופן אז ער פארשטייט דאס בשכלו, נאר אז די התבוננות זאל אראפקומען אויך אין דעם רגש שבלבו -

דאס דארף ביי אים אראפקומען אין אן אופן אז ביי אים זאל איינגאנצן זיין מושלל דער ענין פון "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[69], און ביי אים זאל איינגאנצן זיין מושלל אז דאס איז מערניט ווי א דבר הדומם [ניט נאר אז ס'איז מושלל דער ענין השיתוף ח"ו, נאר ס'איז אויך מושלל אז דאס איז מערניט ווי א דבר הדומם], ווארום ער ווייסט אז ס'שטייט אין שעהיוה"א[70] אז דער אריז"ל זאגט אז "גם בדומם כמש כמו אבנים ועפר ומים יש בחי' נפש וחיות רוחנית".

וכאמור אז די התבוננות דארף זיין אין אן אופן אז דאס זאל פועל'ן אויף זיין הנהגה מיטן דבר הדומם - וויבאלד אז ער ווייסט אז דער אויבערשטער איז אויך "אלקי הארץ".

בשעת ער האלט א סידור, עאכו"כ א ס"ה וכיו"ב, ווייסט ער אז ער דארף זיך מתנהג זיין ווי ס'איז זיך מתנהג מיט א דבר שבקדושה: ווען ער האלט אבער א דבר פשוט, א דבר של רשות. עאכו"כ ווען ער האלט א דבר איסור [אזא זאך וואס ס'איז ניטא קיין איסור צו האלטן דאס, דער איסור איז נאר אז מ'טאר דאס ניט עסן אדער טרינקען אדער הנאה האבן דערפון], זאל ער דערביי האבן דעם רגש אז דער אויבערשטער איז "אלקי הארץ" אויך פון דעם דבר איסור - אויף דערויף דארף מען האבן א געוואלדיקע התבוננות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא א חילוק צווישן דעם אופן פון "אלקי השמים" - אין די ענינים פון "שמים" שלו, מיט דעם אופן פון "אלקי הארץ" - אין די ענינים פון "ארץ" שלו, ווארום בנוגע צו די ענינים פון "ארץ", דארף מען אנקומען צו א התבוננות מיוחדת, כנ"ל בארוכה.

יז. דערפון איז פארשטאנדיק, אז לאחרי כל ההתבוננות וואס ער האט געהאט אין דעם פריערדיקן טאג, איז וויבאלד אז איינמאן איז ער דאך געשלאפן, איז ווען ס'קומט א נייער טאג, דארף ער זיך בוהן זיין צי די תוצאות פון דער התבוננות אין דעם יום שלפנ"ז (אדער א שעה לפנ"ז, כולל אויך דעם פירוש אין "שעה" אז דאס איז א חלק הכי קטן אין זמן) זיינען נאך בתקפם, - אדער -

---

69) ל' הכתוב - עקב שם, יז. 70) בההלהו.

אדער אז ער דארף אנקומען צו א התבוננות חדשה כדי ער זאל דערהערן דעם ענין פון "אלקי הארץ", מיט אלע פירושים שבזה, ביז אין אן אופן אז דער "אלקי הארץ" קומט בהמשך צו "אלקי השמים", און ניט נאר ווי דאס קומט בהמשך סתם, נאר מיט א וא"ו המוסיף - "אלקי השמים ואלקי הארץ".

וואס אויף דערויף דארף מען דאך האבן א התבוננות גדולה ביותר, ווי גערעדט פריער בארוכה.

וואס דאס איז נוסף צו דעם ענין ווי ער איז אין פשוטם של דברים - ווי מ'איז מסביר דעם ענין פון "אלקי הארץ" אפי' צו "טף" (ווען זיי האבן א שייכות צו דער הבנה און צו דעם שכל) - וואס דיי זיינען שוין אויך שייך דערצו,

ביז וואנעט אז אפי' א בן חמש למקרא קען שוין טאן אין דעם בכח עצמו - וויבאלד אז ער לערנט דעם פירוש אין רש"י וואס איז געשריבן געווארן פאר א בן חמש למקרא, און ער לערנט דעם פסוק אין חומש וואס איז געשריבן געווארן און געגעבן געווארן צו אים, אין אן אופן פון "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[71] - וואס דערפאר קען ער שוין טאן אין דעם בכח עצמו.

און דאס וואס ער באקומט פון אביו וזקנו, און דאס וואס ער באקומט פון "מלמדך להועיל", דורך "ושננתם לבניך - אלו התלמידים"[72] - איז דאס נאר כדי אויף צו שטייגן נאך העכער און נאך מערער און נאך טיפער אין דער הבנה גופא.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז נוגע אין דער עבודה פון כל אחד ואחת, ועאכו"כ אז דאס איז נוגע צו דעם ענין פון הפצת היהדות און הפצת התורה והמצוות, וואס דארטן איז נאכמער נוגע די פעולה פון אויפטאן דעם ענין פון "אלקי הארץ" - אז אין די ארציות וחומריות פון דעם צווייטן זאל אויך דערהערט ווערן דער ענין פון "אלקי הארץ", מיט אלע פרטים שבזה, כמדובר לעיל.

יח. און דאס איז די הוראה כללית, וביחד עם זה - א הוראה פרטית וואס איז נוגע אין יעדן פרט ופרט פון עבודת האדם, אז די עבודה באשטייט אין דעם וואס מ'דארף אויפטאן דעם ענין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ".

וואס דעם כח אויף דער עבודה נעמט מען פון "אחד הי' אברהם", וואס יעדער איד איז דאך יורשו של אברהם אבינו, און אין אן אופן אז דער יורש שטייט במקום המוריש - ער באקומט אלע כחות פון אברהם אבינו,

- ביז -

---

71) ברכה לג, ד. 72) ל' הכתוב - ישעי' מח, יז.

הנחת הת' בלתי מוגה

ביז ווי ער זאגט אין תדבא"ר[73] אז יעדער איד דארף זאגן "מתי יגיעו מעשי למעשי אבותי אברהם יצחק ויעקב" - און צוזאמען דערמיט גיט מען אים אויך די מתנה מיטן זכות אז ער זאל דאס קענען אויפטאן, און אפי' א נדח ח"ו, איז "בל ידח ממנו נדח"[74], ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ להלכה אין נגלה אין הל' ת"ת שלו[75].

און דעמולט זיינען זיך מצטרף אלע ענינים און אלע עבודות און דער בירור פון אלע ניצוצות, וואס דאס פארברענט דעם חושך הגלות, און עס פארברענט די ווענט פון דעם גלות - כידוע דער נוסח און לשון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[76].

און דערנאך ווערט דער "ואלה תולדות יצחק" - וואס דאס איז פארבונדן מיט לע"ל, ווארום דעמולט וועט זיין דער ענין פון "אברהם לא ידענו"[77], נאר מ'וועט זאגן צו יצחק "כי אתה אבינו"[78], ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר אין תו"א אין די דרושים פון פורים[79].

וכן תהי' לנו - אז ס'זאל זיין "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר"[80], נאך זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[81], ע"ד ווי ס'איז געווען דעמולט (בפורים) וועט אזוי אויך זיין איצטער - "כן תהי' לנו", ווי מ'זאגט דאס אויך אין דער הבדלה, וואס דערמיט הויבט זיך אן מוצאי שבת קודש בא יעדער אידן און ביי אלע אידן,

און דערנאך וועט זיין דער "מיסמך גאולה לגאולה"[82] - די גאולה האמיתית והשלימה, "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[83], בביאת משיח צדקנו.

* * *

יט. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה אמר ר' אחא יפה שיחתן כו'.

* * *

כ. ס'איז דאך רגיל אז מ'לערנט אפ א פסוק אין פרשת השבוע (וואס מ'האט געלייענט בשבת זה) מיט פירוש רש"י עה"פ.

וואס דאס קומט אויך בהמשך להאמור לעיל (ס"ד) וועגן דעם חלק הפשט שבתורה, אז דאס איז נוגע לכל אחד ואחת, אפי' צו די וואס האלטן אין דרגת הסוד שבתורה.

- ע"ד -

------------

73) פכ"ה. 74) ע"פ ש"ב יד, יד. 75) פ"ד ס"ג. וראה גם תניא ספל"ט. 76) דאה ככ' כ"ק אדמו"ר הריי"ץ - נדפס בהיום יום בתחלתו (ע' 12). ועוד. 77) ישעי' סג, טז. 78) שבת פט, ב. 79) צג, ב ואילך. 80) אסתר ח, טז. 81) מגילה יד, א. 82) שם ו, סע"ב. 83) מיכה ז, טו.



הנחה הת' בלתי מוגה

ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו די ציוויים שבתורה, אז יעדערער מוז מקיים זיין די מצוה כפשוטה, ולדוגמא: ווען ס'רעדט זיך וועגן מצות תפילין, איז אפי' אז ער ווייסט אלע כוונות וואס זיינען פארבונדן מיט מצות תפילין,

[וואס בנוגע צו דער כוונה פון מצות תפילין איז דא אן ענין מיוחד וואס איז ניטא אין אלע מצוות - אז די כוונה איז א חלק פון דער מצוה, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם לשון פון דעם אלטן רבי'ן בשו"ע שלו[84], כמדובר כמ"פ, ועד"ז איז דאס אויך בנוגע צו מצות סוכה[85], מצות ציצית[86] וכיו"ב];

זאגט ער אבער אין תניא[87] אז אפי' אויב ער האט מכוין געווען אלע כוונות, עס איז אבער ניט געווען דער קיום המצוה כפשוטה ח"ו - האט ער ניט מקיים געווען די מצוה, וואס דאס איז אויך בנוגע צו די מצוות וואס אין זיי איז די כוונה א חלק פון דער מצוה.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה - אז אפי' בא די וואס האלטן אין חלק הסוד שבתורה, דארף בא זיי אויך זיין דער לימוד אין דרך הפשט.

און ווי גערעדט פריער[88] בנוגע צו דער פרשה פון אליעזר עבד אברהם, אז אלע ענינים וואס ווערן דארט דערציילט זיינען זיי אויך כפשוטם, ווארום "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[89],

וואס אע"פ אז דער אלטער רבי איז מבאר[90] אז "כל מעשה האבות שעשו לא הי' כלל גשם כו'" - איז אבער צוזאמען דערמיט געווען דער ענין פון "וארבה את זרעו" כפשוטו, דורך דערויף וואס ס'איז געווען דער "וה' הצליח דרכי"[91], און ס'איז געווען דער שידוך און נישואין פון יצחק ורבקה, "ויביאה יצחק האהלה שרה אמו ויקח את רבקה ותהי לו לאשה ויאהבה וינחם גו'"[92], וואס בנוגע צו די אלע ענינים זאגט מען אז "אין מקרא יוצא מידי פשוטו".

וואס דאס איז אויך די מעלה וואס איז דא אין פרש"י - אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא".

און פונקט אזוי ווי אין תורה בכללותה איז נוסף צום חלק הפשט אויך דא דער חלק הדרוש והרמז והסוד, אזוי איז

- אויך -

------------

84) או"ח סכ"ה סי"א. וראה גם ב"ח או"ח ס"ח ד"ה ויכוין.
85) ב"ח שם. וראה שו"ע אדה"ז או"ח הל' סוכה ר"ס תרכה.
86) ב"ח שם. וראה שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס תרכה.
87) רפל"ח.
88) בהמאמר.
89) שבת סג, א. וש"נ.
90) אוה"ת פרשתנו קכח, א.
91) פרשתנו שם, נו.
92) שם, סז.

הנחה הה' בלתי מוגה

איך בנוגע צו פרש"י - כידוע דער פתגם פון דעם אלטן רבי'ן[93]
(וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט איבערגעגעבן כמ"פ
און געהייסן אפדרוקן) אז אין פרש"י איז אויך דא "יינה של
תורה" - דער חלק הסוד שבתורה.

כא. אין התחלה הסדרה שטעלט זיך רש"י אויפן צווייטן פסוק
פון דער סדרה[94] "ויבוא אברהם", און טייטשט אפ: "מבאר שבע".
דערנאך שטעלט ער זיך אין דעם צווייטן ד"ה אויף "לספוד
לשרה ולבכותה", און טייטשט אפ: "ונסמכה מיתת שרה לעקידת
יצחק לפי שע"י בשורה העקידה שנזדמן בנה לשחיטה וכמעט שלא
נשחט פרחה נשמתה ממנה ומתה".

אין דערויף זיינען דא כמה דיוקים וקושיות (ווי עס
ווערט שוין געבראכט אין מפרשי רש"י, אנהויבנדיק פון דעם
רא"ם, ביז אין שפ"ה און אין די ספרים שלאחריהם):

א) די קשיא אויף וועלכע ס'שטעלט זיך דער רמב"ן: פאר-
וואס זאגט רש"י אז "ויבוא אברהם - מבאר שבע" - ער איז
דעמולט געקומען פון הר המורי', וואס דארטן איז געווען די
עקידה, און ניט פון "באר שבע"?

נוסף לזה וואס אין אלע מדרשים[95] שטייט אויף "ויבוא
אברהם" - "מהיכן בא מהר המורי'", וואס אויף דערויף וואלט
מען געקענט זאגן אז דאס איז לויטן חלק הדרוש שבתורה, און
פרש"י איז לויט פשוטם של כתובים - ברענגט דער רמב"ן כמה
הוכחות אין פשוטם של כתובים אז ער האט געדארפט קומען פון
הר המורי' און ניט פון באר שבע?

ב) כמדובר כמ"פ אז רש"י זאגט זיין פירוש דארטן וואו
לולא פרש"י וואלט מען דאס ניט געוואוסט, אדער אז מ'וואלט
דאס כפרש געווען באופן אחר. איז ניט פארשטאנדיק: ווען
רש"י וואלט גארניט געזאגט אויף "ויבוא אברהם", וואלט מען
אויך געוואוסט אז ער איז געקומען פון "באר שבע",

ווארום אז מ'וואלט געקוקט אין די פסוקים שלפנ"ז,
אויף צו וויסן וואו איז אברהם אבינו געווען דעמולט (כדי
צו וויסן פון וואנעט איז ער געקומען) - וואלט מען געזעהן
אז אין סוף פ' וירא[96] שטייט "וישב אברהם בבאר שבע", איז
דאך פארשטאנדיק. אז ער איז געקומען אין חברון פון באר שבע[97]
(וואס דארטן איז ער געווען פריער).

- ווערט -

------------

93) היום יום ע' כד.   94) כג, ב.   95) ב"ר פנ"ח, ה.
ילק"ש כאן. תנחומא וירא כג. פרדר"א פל"ב. ויק"ר פ"כ, ב.
ועוד.   96) כב, יט.   97) ראה רא"ם, גו"א. ושפ"ה כאן.

ווערט די שאלה: צוליב וואס דארף רש"י זאגן "ויבוא אברהם - מבאר שבע", לולא פרש"י וואלט דער בן חמש למקרא אויך געוואוסט אז ער איז געקומען פון באר שבע?

מ'קען ניט זאגן אז דערבייט וויל רש"י באווארענען אז אע"פ אז ס'שטייט אין מדרש אז ער איז געקומען פון הר המורי', זאל מען וויסן אז דער פירוש איז ניט ווי ס'שטייט אין מדרש - ווארום ס'איז ניט דרכו של רש"י באווארענען דעם בן חמש למקרא אז וועו ער וועט ווערן "בן עשר למשנה". און פינף יאר ארום, וואס דעמולט וועט ער לערנען אין מדרש אז אברהם איז געקומען פון הר המורי', באווארענט ער אים מיט פינף יאר פריער ער זאל וויסן אז "ויבוא אברהם" איז "מבאר שבע" און ניט פון הר המורי'!

ונוסף לזה: רש"י דארף אינגאנצן ניט באווארענען אן ענין וואס שטייט אין מדרש, ווארום רש"י האט שוין געזאגט אין די ערשטע סדרות פון ספר בראשית אז זיין פירוש איז "פשוטו של מקרא", משא"כ בנוגע צו "מדרש", ווייסט דער בן חמש למקרא אז דאס איז כמעט - אן ענין של דרוש.

איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף רש"י מפרש זיין אז "ויבוא אברהם" מיינט אז ער איז געקומען פון "באר שבע"?

כב. אין דעם צווייטן ד"ה פון פרש"י:

א) דער דיוק הכללי פון מפרשי רש"י[98]: בשעת רש"י וויל מבאר זיין דאס וואס "נסמכה מיתת שרה לעקידת יצחק", האט ער דאס געדארפט זאגן אין תחלת הפרשה, ניט אין דעם צווייטן פסוק, נאר אין דעם ערשטן פסוק?

אע"פ אז אין דעם ערשטן פסוק שטייט "חיי שרה" און ניט דער ענין פון מיתה שרה - איז דאך אבער דער פירוש פון "ויהיו חיי שרה", אז דערמיט האבן זיך געענדיקט "חיי שרה", דאס איז דער סיום און דער סך-הכל פון "שני חיי שרה" -

האט זיך רש"י געדארפט שטעלן אויף תחלה הפרשה און דארטן מבאר זיין דעם טעם אויף דעם וואס "נסמכה מיתת שרה לעקידת יצחק" - פונקט ווי אין אלע אנדערע ערטער וואס רש"י איז מבאר דעם טעם פון סמיכת הפרשיות, וואס דארטן שטעלט ער זיך אויף תחלת הפרשה - איז פארוואס ווארט רש"י ביז צום צווייטן פסוק?

ב) אין דעם צווייטן פסוק גופא, שטעלט זיך רש"י ניט אויף די ווערטער "ותמת שרה" וואס דא איז שוין געזאגט דער

- דיוק -

------------

98) שם.

דיוק הנ"ל אז ס'שטייט "חיי שרה", ווארום דא שטייט "ותכת שרה"] - נאר ער שטעלט זיך אויף די ווערטער וואס שטייען לאח"ז, "ויבוא אברהם לספוד לשרה ולבכותה"?

ג) בשעת מ'פרעגט די שאלה "למה נסמכה כו'" בנוגע צו אנדערע פרשיות - פרשת המרגלים[99], מיתת מרים[100] וכיו"ב, איז די שאלה בזה - דערפאר וואס די פרשה שטייט שלא במקומה, און דערפאר דארף מען האבן א ביאור "למה נסמכה כו'";

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן דער פרשה פון מיתת שרה - איז לכאו' ניט שייך צו פרעגן פארוואס שטייט די פרשה בסמיכות צו עקידת יצחק, ווארום ס'איז ניטא קיין אנדער ארט וואו די פרשה פון מיתת שרה קען שטיין - די פרשה שטייט במקומה:

מיתת שרה איז געווען נאך עקידת יצחק, און איידער אברהם האט אפגעקויפט די מערת המכפלה - האט חומש קיין ברירה ניט (כביכול) און מוז דאס ארייננשטעלן דארטן וואו ער האט דאס ארייננגעשטעלט (צווישן עקידת יצחק מיט דעם סיפור וועגן קניית מערת המכפלה) - איז לכאו' ניט שייך צו פרעגן "למה נסמכה", ווארום די פרשה שטייט במקומה.

איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען אנקומען צו א ביאור אויף דעם וואס "נסמכה מיתה שרה לעקידת יצחק"?

ד) א דיוק וואס רוב המפרשים שטעלן זיך ניט אויף דערויף: רש"י זאגט ניט אז "ע"י בשורת העקידה שנזדמן בנה לשחיטה וכמעט שלא נשחט מתה", נאר ער איז מוסיף נאך אן ענין: "פרחה נשמתה ממנה ומתה" (ניט ווי בתחלה פירושו וואס דארטן זאגט ער "נסמכה מיתת שרה" סתם, ע"ד לשון הכתוב "ותכת שרה") - וואס דאס איז דאך א לשון וואס איז אינגאנצן ניט רגיל אין פרש"י, און מ'דארף עדשט מסביר זיין דעם בן חמש למקרא וואס מיינט "פרחה נשמתה". דארף מען פארשטיין: פארוואס איז רש"י מוסיף דעם ענין פון "פרחה נשמתה"?

מ'קען ניט זאגן אז דערמיט איז רש"י אויסן צו מסביר זיין אז דער ענין פון מיתה קומט דורך דערויף וואס "פרחה נשמתה" - ווארום דעמולט וואלט דאס רש"י געדארפט זאגן צום ערשטן מאל וואו עס ווערט דערמאנט אין תורה דער ענין פון מיתה.

דארף מען פארשטיין: וואס איז דא רש"י מחדש א נייעם ענין פון "פרחה נשמתה" - ובפרט אז דאס איז א חידוש וואס מ'דארף האבן א הכרח לזה אין פשש"מ, ווארום אין פסוק שטייט - "ותמת" -

---

99) פרש"י ר"פ שלח. ובכ"מ. 100) פרש"י חקת כ, א. ובכ"מ.



הנחה הת' בלתי מוגה

"ותבת שרה" סתם, און עס ווערט ניט דערמאנט קיין עניך פון "פרהה נשמהה"?

ה) דערנאך קומט צו א שאלה וואס איז טאקע ניט אין פשוטם של כתובים - אבער ביי אלע אי"י´דיקע, און אויך בא די וואס זיינען אין תו"ל און האבן מעיין געווען אין פירוש הכתובים - ווערט א תמיהה הכי גדולה:

בשעה מ´גייט פון ירושלים אין באר שבע (ווי עס ווערט דערציילט אין דעם סיום פון דער פריערדיקער סדרה, אז נאך דער עקירה איז אברהם געגאנגען פון הר המורי´, פון ירושלים, אין באר שבע), גייט מען דורך חברון.

ווערט א שאלה הכי נפלאה: וויבאלד אז "נסמכה מיתת שרה לעקידת יצחק", דארף מען זאגן אז ווען אברהם איז געקומען צוריק פון הר המורי´, איז שוין געווען מיתת שרה - איז ווי קומט דאס אז ער איז אוועקגעגאנגען אין באר שבע, און דארטן האט ער זיך דערוואוסט אז "ותמת שרה", און דעמולט האט ער זיך אומגעקערט פון באר שבע אין חברון - בשעת אז חברון איז באמצע הדרך פון ירושלים אין באר שבע?!

ס´איז טאקע ניט קיין שאלה אין פשוטם של כתובים וואס רש"י מוז דאס פארענטפערן - אבער ווען עס רעדט זיך וועגן א בן חמש למקרא וואס לעבט אין א"י, און אז ער פארט פון ירושלים אין באר שבע (אדער להיפך) ווייסט ער אז מ´גייט-דורך חברון, פרעגט ער א שאלה ביים מלמד: האסט מיט מיר ערשט געלערנט אז "נסמכה מיתת שרה לעקידת יצחק", ד.ה. אז ווען אברהם איז געקומען פון הר המורי´, איז שוין געווען "ותמת שרה", איז ווי קומט דאס אז ער איז געגאנגען אין באר שבע, און דארטן האט ער דערהערט וועגן מיתת שרה, און דעמולט איז ער געקומען פון באר שבע "לספוד לשרה ולבכותה"?!

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן בדרך מכילא, לויטן ביאור הכתובים.

וכמדובר כמ"פ אז דאס דארף זיין פארשטאנדיק בפשטות צו א בן חמש למקרא, ווארום רש"י קען זיך ניט פארלאזן אז דאס וועט פארענטפערט ווערן דורך מפרשי רש"י, וויבאלד אז רש"י לערנט די פסוקים מיטן בן חמש למקרא אין אן אופן אז ער זאל ניט דארפן אנקומען צו קיינע אנדערע פירושים.

כג. אין די הערות פון טאטן אויפן זהר[101] פון פרשתנו, שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ער זאגט אין זהר[102] וועגן דעם

- גורל -

------------

101) לקוטי לוי"צ לזח"א ע´ פא. 102) פרשתנו קכט, סע"א.

הנחה הה´ בלתי מוגה

גודל העילוי פון השובה, אז "בשעתא חדא ביומא חדא ברגע חדא קריבין לגבי קב"ה".

און ער פרעגט אויף דערויף: "לכאורה הוא שלא על הסדר, כי הול"ל יומא שעתא רגע, שכ"א יותר רבותא מחבירו, בדרך לא זו אף זו" (אדער אז ס'האט געדארפט שטיין רגע שעתא יומא, איז א סדר פון "זו ואצ"ל זו")?

און ער פארענטפערט: "י"ל יש ג' בחי' תשובה המגיעים במל' בז"א בבינה . . זהו בשעתא במל' הנק' שעה, ביומא בז"א הנק' יום, ברגע בבינה . . ועיין בקה"י מע' רגע", ד.ה. וויבאלד אז די דריי לשונות זיינען כנגד די ספירות מלכות, ז"א און בינה, און דער סדר הספירות מלמטלמ"ע איז: מלכות, ז"א און בינה, דערפאר זאגט ער "בשעתא חדא (מלכות) ביומא חדא (ז"א) ברגע חדא (בינה)".

עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז דער סדר איז זמן (ע"פ הורה) איז - רגע, שעהא און יומא, איז ווי אזוי ווערט פארענטפערט די שאלה דערמיט וואס מ'זאגט אז אין ספירות איז דער סדר באופן אחר?

און ממ"נ: אדער אז מצד סדר הספירות האט געדארפט ווערן א שינוי אויך לכסה, אדער אויב לכסה איז דער עיקר - דאס געדארפט זיין אין ספירות אויך אין דעם זעלבן אופן. ויבאו', וועט נאך ניט פארענטפערט די שאלה, נערניט וואס מ'האט אריבערגעפירט די קושיא פון מאמר הזהר אויפן סדר הספירות.

וכמדובר כמ"פ אז ער האט זיך פארלאזט אז די ענינים וואס מ'קען אליין פארשטיין וועט מען זיך אליין כאפן אויף דעם - וכפי שיתבאר לקמן.

כד. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* . * *

כה. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

דאס וואס ס'שטייט פריער "בשעתא חדא ביומא חדא" און ערשט דערנאך "ברגע חדא" - איז פארשטאנדיק בפשטות (וואס דערפאר מ'יטשט ער דאס ניט אויס): פריער רעדט זיך וועגן "שעתא חדא" און "יומא חדא" פון ז"א ומלכות, און דערנאך רעדט זיך וועגן "רגע חדא" פון בינה. והביאור בזה:

מ'זעט ביי א מענטשן בפשטות אז אן ענין וואס איז מדות שבלב (ז"א) אדער אין מחשבה דיבור ומעשה (מלכות) דארף דאס נעמען אן אריכות הזמן. איז ווען דאס שטייט אין עולם השכל (בינה), איז דאס מערניט ווי א רגע.

- ובלשון -

ובלשון החסידות[103] - אז למטה מטה יוהר איז דא כלים מרובים יוהר, און למעלה כזה איז דא ווייניקער כלים, כמבואר אויך אין די דרושים פון חיי שרה[104] אויף "מאה שנה ועשרים שנה ושבע שנים".

וכידוע[105] די מעשה פון דעם בעש"ט מיט זיין שוואגער ר' גרשון קוטעווער און מיטן אוה"ה הקדוש, אז דער בעש"ט האט געשריבן צו זיין שוואגער א מעשה וואס האט פאסירט, אע"פ אז דאס האט געטראפן לפועל ערשט כמה זמן לאח"ז - וואס הסידות[106] איז אין דערויף מבאר, אז דער בעש"ט האט דאס געזעהן זייענ-דיק אין אן היכל עליון, האט ער דארטן געזעהן דעם ענין ווי דאס טרעפט בפועל, אע"פ אז כדי ס'זאל אראפקומען למטה בפועל האט דאס געדארפט נעמען אזויפיל און אזויפיל יארן, ווארום ווי דאס שטייט אין דעם היכל עליון, ווערט דאס נכלל אין א קלענערן זמן, וויבאלד אז למעלה איז דאס אין אן אופן מיט כלים מועטים.

און מצד דערויף וואס אזוי איז דאס למעלה, קומט דאס אראפ אויך למטה, אין די ענינים "שנשתלשלו מהן"[107] - אז ווען דער ענין שטייט אין עולם השכל, אין בינה, נעמט דאס א סאך ווייניקער צייט לגבי ווי דאס קומט דערנאך אראפ אין מדות שבלב און מחשבה דיבור ומעשה, מלכות. וואס דארטן קומט דאס ארויס מיט אן אריכות הזמן. ד.ה. אז אויך אין כלים פון זמן איז דאס אין אן אופן אז וואס דער ענין קומט אראפ למטה יוהר, דארף דאס נעמען מערער זמן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פריער זאגט ער "בשעתא חדא ביומא הדא", וואס דאס גייט אויף מלכות און ז"א (און אין דעם סדר פון "זו ואצ"ל זו"), און דערנאך זאגט ער "רגע חדא", וואס דאס גייט אויף בינה - ווארום ווען דער ענין קומט אין א העכערן עולם*, אין בינה, איז דאס אין אן

- אופן -

-------------

*) היינו בסוג עולם אחר (שלא בערך), כמו בינה לגבי ז"א ומל'; כשא"כ ב' דרגות שבערך זל"ז ובסוג עולם אחד, כמו ז"א ומל' ששניהם בעלמא דאתגליא[108] - שאז, בדרגא נעלית יותר - זמן ארוך יותר.

- דוגמא -

-------------

103) ראה ספר הערכים-חב"ד ערך אורות דספירות ביחס לכלים ס"ז (ע' מו ואילך). וש"נ. 104) הוספות לביאוה"ז (לאדהאמ"צ) פרשהנו קלא, ד. תו"ח פרשתנו קכו, ר. ועוד. 105) הובאה ב"ציונים והערות" לדרמ"צ רב, סע"ב ואילך. 106) דרמ"צ נט, א. ציונים והערות שם. 107) ע"ד ל' התניא רפ"ג. 108) אגה"ת פ"ד. תניא פכ"ו. ובכ"מ.

אופן פון "רגע חדא", א כמות זמן מועט לגבי ווי דאס שטייט אין מלכות און ז"א.

וכאמור אז דאס איז אין א סדר פון "זו ואצ"ל זו" - דער ענין התשובה קען אויפגעטאן ווערן "בשעתא חדא", וואס דער פירוש פון "שעתא" איז ניט קיין שעה, נאר א רגע, א חלק הכי קטן אין זמן, ווארום ע"פ דין קען ער ווערן א צדיק גמור דורך א הרהור תשובה[111], וואס אויף דערויף דארף מען ניט האבן קיין שעה, ס'איז גענוג איין רגע - נאר וויבאלד אז מ'רעדט וועגן ספירת המלכות, זאגט מען דעם לשון "שעתא", ווארום אין מלכות ווערט א "רגע" אנגערופן "שעתא". און דערנאך זאגט ער "ביומא חדא" - "זו ואצ"ל זו".

און דערנאך זאגט ער "רגע חדא", וואס דאס גייט אויף ספירת הבינה, וואס דארטן איז דאס אין אן אופן פון "רגע חדא".

און ער צייכנט צו "ועיין בקה"י מע' רגע", וואס דארטן איז מבואר ווי דער ענין פון "רגע" איז פארבונדן מיט ספירת הבינה, דער ענין פון גבורות וכו'.

וואס דארטן ברענגט ער אויך די ראי' דערפון וואס ס'שטייט[112] "רגע באפו", וואס "רגע" איז בגימט' ג"פ אלקים (צוזאמען מיט די ט"ו אותיות פון שם אלקים - ג"פ), און דאס איז פארבונדן מיט "באפו", ווארום "באפו" ווערט פאנאנדער-געטיילט אויף צוויי חלקים[113]: די אותיות "ב"א", און די אותיות "פ"ו": "פ"ו" איז די גימט' פון שם אלקים, און די

- אותיות -

------------

דוגמא לדבר: בהשכלים (הסברות) שבגמרא - סברא עמוקה יותר - באה במספר תיבות יותר; לגבי שכלים (סברות) שבמשנה - לשונה, להיפך, קצר יותר.

ולכן התשובה המגיעה במל' היא "בשעתא חדא", ובז"א "ביומא חדא" - כי הדרגות דסו"מ ועו"ט שבתשובה (שהם כנגד ז"א ומל') הם בכלל בסוג עולם אחד (דאתגליא) -

מתאים לזה ששניהם מצוות, קול ודיבור, חלק הב' דשם הוי', ז' שנים דח"ש[109], ושניהם בזמן אף שבפרט - באותן עולמות עצמן (דאתגליא) - הם ב' דרגות, ובזמן - זמן וסדר זמנים[110];

משא"כ התשובה המגיעה בבינה, "בקש שלום", שהיא בסוג עולם אחר - ולכן הרי"ז "ברגע חדא".

------------

109) ראה הו"ח פרשתנו שם, ג ואילך. ועוד. 110) ראה סהמ"צ להצ"צ שם. 111) ראה קידושין מט, ב. לקו"ת ר"פ דברים (א, ב). 112) תהלים ל, ו. 113) שה"פ להאריז"ל עה"פ שם.

אותיות "ב"א", וואס צוזאמען איז דאס דריי - ג"פ שם אלקים, וואס ג"פ שם אלקים, צוזאמען מיט מספר האותיות (ס"ו), איז די גימט׳ פון "רגע".

כו. בנוגע צו די דריי לשונות "בשעתא חדא ביומא חדא ברגע חדא", איז ער מבאר אין דער הערה אז זיי זיינען כנגד די "ג׳ בחי׳ תשובה המגיעים במל׳ בז"א בבינה", און ער ברענגט אויף דערויף "כמ"ש בלקו"ת בד"ה מה טובו ע"ש".

וואס אין לקו"ת[114] איז ער מבאר אז ס׳זיינען דא דריי דרגות אין תשובה: די תשובה וואס איז פארבונדן מיט "סור מרע", די תשובה וואס איז פארבונדן מיט "עשה טוב", און די תשובה וואס איז פארבונדן מיט "בקש שלום".

דער קשר ושייכות פון די דריי לשונות ("בשעתא חדא ביומא חדא ברגע חדא") מיט די דרגות ואופנים אין תשובה, איז יומתק יותר בשעת מ׳נעמט אן די גירסא וואס ווערט געבראכט אין פירוש הרמ"ק וואס איז געדרוקט אין אוה"ה[115]:

דארטן איז משמע אז אין זיין גירסא אין זהר זיינען געשטאנען פיר לשונות: "בשעתא חדא, ביומא חדא, בזמנא חדא, ברגע חדא" [דארטן פעלט "יומא"[116], און כ׳דארף א קוק טאן אין דעם ספר "אור יקר", וואס דארטן דרוקט זיך איבער זיין פירוש אויפן זהר, און ס׳קען זיין אז דארטן שטייט דאס בשלימות - עס איז אבער משמע אז אין זיין גירסא איז געשטאנען פיר לשונות: "בשעתא חדא, ביומא חדא, בזמנא חדא, ברגע חדא"].

און ער איז מבאר דארטן: "אפשר לרמוז אל ד׳ חלוקי כפרה" וואס שטייען בסוף יומא (ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין אגה"ת[117]), וואס זיי זיינען: "תשובה, דהיינו עזיבת החטא וחרטה וידוי", וואס דאס איז דער ענין פון "שעתא חדא".

- ער טייטשט ניט אפ פארוואס איז דאס "שעתא חדא" - מ׳קען אבער זאגן אז דאס איז דערפאר וואס "שעתא" איז מלשון "וישע"[118], א קער טאן זיך, וואס דאס איז דער אפטייטש פון תשובה, אז ער קערט זיך אום צוריק למקורו ושרשו[119].

דערנאך איז דא דער ענין וואס "התשובה תולה ויום הכפורים מכפר", וואס דאס איז דער ענין פון "יומא חדא",

- ד.ה. -

------------

114) בלק עג, א ואילך. 115) פרשתנו קז, ד. 116) ראה גם בשוה"ג שם. 117) בתחלתו. 118) ל׳ הכתוב - בראשית ד, ד. וראה סה"מ קונטרסים ח"ב שצו, סע"ב. 119) ראה לקו"ת ר"פ האזינו. ובכ"מ.

ד.ה. אז נאך דערויף וואס ער זאגט "בשעתא חדא", וואס דאס גייט אויף דעם ענין התשובה (כנ"ל), זאגט ער אז ס'איז דא אמאל וואס תשובה העלפט ניט, און מ'מוז אנקומען צו יום הכפורים - "יומא חדא".

דערנאך איז דא דער ענין וואס "יסורין ממרקין" רח"ל, וואס דאס איז דער ענין פון "זמנא חדא" - דער זמן היסורין.

און דערנאך איז דא דער ענין וואס "מיתה ממרקת" רח"ל, וואס דאס איז דער ענין פון "רגע חדא", ווארום דער ענין המיתה איז איין רגע - דער אריבערגאנג פון דעם מעמד ומצב פון חיים צום מעמד ומצב ההפכי.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק ווי די פיר לשונות (שעתא, יומא, זמנא, רגע) זיינען פארבונדן מיט די פיר ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דעם ענין התשובה - די "שלשה חלוקי כפרה" און "תשובה עם כל אחד ואחד", וואס דער ענין התשובה איז אויך איינער פון די "חלוקי כפרה".

כז. אין דער גירסא הרגילה אין זהר שטייען מערניט ווי דריי לשונות - "בשעתא חדא ביומא חדא ברגע חדא", דערנאך איז אבער דא די גירסא וואס ס'קומט צו אן ענין רביעי - "זמנא חדא".

וואס דאס איז אויך מתאים עם המבואר אין לקו"ת ס"פ בלק אז בכללות זיינען דא דריי דרגות אין תשובה (סו"ב, ע"ט און בקש שלום, כנ"ל סכ"ו), דערנאך איז ער אבער מוסיף אז ס'איז דא א דרגא רביעית אין תשובה:

כללות ענין התשובה ווערט דאך פאנאנדערגעטיילט אויף די צוויי ענינים פון תשו"ת און תשו"ע[120]: דער ענין פון תשו"ה איז אז דער ה' תתאה קערט זיך אום צום וא"ו, און דער ענין פון תשו"ע איז, אז דער ה' עילאה קערט זיך אום צום יו"ד, וואס עפ"ז קומט אויס אז ס'זיינען דא פיר חילוקים אין דעם ענין התשובה.

אדער לויט ווי ער איז מבאר דארטן - אז ס'איז דא דער ענין פון תשובה, און דערנאך איז דא דער ענין פון "בעל התשובה", וואס די צוויי ענינים (תשובה און בעל תשובה) זיינען דא סיי אין תשו"ת און סיי אין תשו"ע, ובמילא קומט אויס אז ס'זיינען דא פיר דרגות אין תשובה.

אין פסוק ווערן אויסגערעכנט נאר דריי דרגות אין תשובה ("סור מרע", "עשה טוב" און "בקש שלום"), ועד"ז אין

- דעם -

------------

120) ראה אגה"ת שם. ועוד.

דעם דרוש אין לקו"ת רעדט זיך בארוכה אז ס'זיינען דא דריי דרגות אין תשובה,

וכידוע אויך דער סיפור פון דעם צ"צ וועגן די דריי נרות וואס מ'צינדט אן בשבת שובה, ווי דערציילט (און שוין אויך געדרוקט[121]) דורך רבינו נשיאינו כ"ק מו"ח אדמו"ר,

וואס דאס איז מתאים צו דער גירסא הרגילה אין זהר, אז ס'זיינען דא דריי לשונות, כנגד די דריי דרגות וואס זיינען דא אין תשובה;

אבער בפרטיות יותר (אדער בכללות יותר) קומט צו די דרגא הרביעיה אין תשובה - מתאים צו דער גירסא אין זהר אז ס'זיינען דא פיר לשונות, כנגד די פיר דרגות וואס זיינען דא אין תשובה.

וואס די דרגא הרביעית אין תשובה, די דרגא פון "בעל תשובה", איז דאס דער ענין פון תשובה שלימה, און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא"[122], ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה, בעגלא דידן.

* * *

כח. דער ביאור אין פרש"י:

כמדובר כמ"פ אז בכ"מ אין פרש"י האט דער בהור-הזעצער (אדער דער מעתיק פון דעם כת"י) זיך ניט פאנאנדערגעקליבן וואס איז כוונת רש"י, צי רש"י מיינט אראפברענגען דעם לשון הכתוב אלס א באזונדער ד"ה, אדער ער מיינט אריינשטעלן די ווערטער פון זיין פירוש כאילו ווי זיי שטייען בפירוש אין פסוק (ער מיינט ניט אויפטאן א חידוש, א פירוש חדש, אדער באווארענען א טעות אין דעם פירוש - מערניט זאגן אז ס'איז כאילו ווי די ווערטער וואלטן געשטאנען אין פסוק).

ועד"ז איז אויך בנוגע לפרש"י זה: דאס וואס רש"י זאגט "ויבוא אברהם - מבאר שבע", זאגט ער דאס ניט אלס זיינעם א חידוש (ווארום מ'ווייסט דאס פון דעם סיום פון דער פריערדיקער פרשה אז אברהם איז געווען אין באר שבע, איז פארשטאנדיק אז ער איז געקומען פון באר שבע) - ער מיינט צו זאגן אז ס'איז כאילו ווי ס'וואלט געשטאנען אין פסוק "ויבוא אברהם מבאר שבע לספוד לשרה ולבכותה".

דער פסוק דארף דאס ניט זאגן בפירוש, וויבאלד אז

- ס'שטייט -

---

121) סה"ש תש"ד ע' 8. תש"ה ע' 14 ואילך. סה"ב תש"ט ע' 36 ואילך. 122) ראה זה"ג קנג, ב.

ס'שטייט שוין פריער אז ער איז געווען אין באר שבע, דארף מען דאס ניט איבער'חזר'ן נאכאמאל, אבער כוונת הפסוק איז - "ויבוא אברהם מבאר שבע לספוד גו'".

כט. ס'איז אבער ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף דער פסוק מדגיש זיין "ויבוא אברהם", לכאו' האט געדארפט שטיין "ותמת שרה בקרית ארבע היא חברון בארץ כנען", און נאך דערויף וואס ס'איז געווען דער "לספוד לשרה ולבכותה", איז "ויקם אברהם מעל פני מתו וידבר אל בני חת וגו'" - למאי נפק"מ צי ער איז דעמולט געקומען ממקום אחר צי ניט (ובפרט אז דער פסוק דארף גאר ניט דערציילן אז ער איז געקומען ממקום אחר, ווארום ס'איז מובן מעצמו - וויבאלד אז אברהם איז געווען אין באר שבע, און מיתת שרה איז געווען אין חברון, איז פארשטאנדיק אז ער איז געקומען פון באר שבע אין חברון)?

וויבאלד אז דער פסוק איז מוסיף די ווערטער "ויבוא אברהם", אז ער איז געקומען פון אן אנדער ארט, "מבאר שבע" (כנ"ל אז ס'איז כאילו ווי ס'וואלט געשטאנען אין פסוק "ויבוא אברהם מבאר שבע") - איז פארשטאנדיק, אז דער פסוק איז אויסן צו מדגיש זיין אז מיתת שרה איז געווען בסמיכות צו עקידת יצחק:

מיתת שרה איז געווען גלייך נאך דער עקידה, וואס דעמולט איז אברהם געווען אין באר שבע, און דערפאר ווען ער האט דערהערט אז "ותמת שרה", האט געדארפט זיין "ויבוא אברהם - מבאר שבע", ער האט געדארפט קומען פון באר שבע אין חברון.

ל. צוליב וואס דארף דער פסוק מדגיש זיין אז מיתת שרה איז געווען בסמיכות צו דער עקידה? - וועט מען דאס פארשטיין בהקדים נאך א שאלה:

ווי זאגט רש"י אז "נסמכה מיתת שרה לעקידת יצחק" - צווישן עקידת יצחק מיט מיתת שרה איז דא אן אנדער פרשה: "ויהי אחרי הדברים האלה ויוגד לאברהם לאמר וגו'"[123], און ווי רש"י טייטשט אפ אז דאס איז געווען "בשובו מהר המורי' . . וזהו הדברים האלה, הרהורי דברים שהיו ע"י העקידה" - זעט מען דאך אז די פרשה וואס נסמכה צו עקידת יצחק איז "ויהי אחרי הדברים האלה ויוגד לאברהם גו'", און ניט די פרשה פון מיתת שרה?

לכאו' וואלט מען געקענט פרעגן נאך א שאלה:

- ווי -

---

123) וירא כב, כ ואילך.

ווי קען מען זאגן אז דער "ויוגד לאברהם לאמר הנה ילדה מלכה גם היא בנים לנחור אחיך" איז געווען איידער "ותמת שרה" - לידת רבקה איז דאך געווען לאחרי העקידה (ווי רש"י זאגט אין פ' תולדות[124] "כשבא אברהם מהר המורי' נתבשר שנולדה רבקה"), און לויט חשבון השנים איז מיתת שרה געווען גלייך נאך דער עקידה;

איז ווי קען זיין אז קודם מיתת שרה האט מען שוין מודיע געווען צו אברהם'ן וועגן לידת רבקה - פון ארם נהרים (וואס דארטן נולדה רבקה) ביז באר שבע (וואס דארטן איז געווען אברהם) איז דאך א מהלך רב (וואס דערפאר האט מען געדארפט אנקומען צו קפיצת הארץ וכו'[125]), איז ווי האט מען באוויזן אנזאגן אברהם'ן וועגן לידת רבקה קודם מיתת שרה?

לויט פרש"י איז דאס אבער ניט קיין קשיא: רש"י[126] זאגט "בשרו הקב"ה שנולדה רבקה", וואס דאס איז געווען נאך די הרהורים וואס אברהם האט אנגעהויבן טראכטן אז "הי' לי להשיאו אשה מבנות ענר אשכול וממרא", וואס דעמולט איז "בשרו הקב"ה שנולדה רבקה בת זוגו" - און וויבאלד אז "בשרו הקב"ה כו'" (ניט דורך א שליח וכיו"ב), איז פארשטאנדיק אז ס'האט ניט געדארפט נעמען קיין צייט, נאר ס'איז געווען גלייך נאך דער עקידה, קודם מיתת שרה.

אבער בנוגע צו סמיכת הפרשיות, זעט דאך דער בן חמש למקרא אז די פרשה וואס נסמכה לעקידת יצחק, איז ניט די פרשה פון מיתת שרה, נאר די פרשה "ויהי אחרי הדברים האלה ויוגד לאברהם וגו'", כנ"ל.

און דערפאר זאגט דער פסוק "ויבוא אברהם - מבאר שבע", אויף צו מדגיש זיין אז "נסמכה מיתת שרה לעקידת יצחק", ד.ה. אז מיתת שרה איז געווען גלייך נאך עקידת יצחק (אע"פ אז אין צווישן שטייט די פרשה פון "ויהי אחרי הדברים האלה גו'")[127].

און דאס באווארענט שוין רש"י אין סוף פ' וירא - אז דאס וואס ס'שטייט "וישב אברהם בבאר שבע", איז דער פירוש בזה "לא ישיבה ממש וכו'", ס'איז מעדניט וואס ער האט זיך דארטן פארהאלטן,

וואס דערפאר קען מען ניט פרעגן: וויבאלד אז נאך דער עקידה איז "וישב אברהם בבאר שבע", און ערשט דערנאך איז געווען מיתת שרה, איז דאך אינמיטן דורכגעגאנגען א ריבוי

- זמן -

---

124) כה, כ. 125) פרש"י פרשתנו כד, מב. 126) וירא שם. 127) ראה גם רא"ם וגו"א עה"פ.

הנחת הת' בלתי מוגה

זמן - ווארום "וישב" מיינט ניט "ישיבה ממש", מערניט וואס ער האט זיך דארטן פארהאלטן א זמן קצר ביותר.

וואס דער הכרח אויף דערויף איז - דערפון וואס דער פסוק איז מדגיש "ויבוא אברהם - מבאר שבע", ד.ה. אז מיתת שרה איז געווען בסמיכות צו עקידת יצחק (כנ"ל סכ"ט), וואס דערפאר מוז מען זאגן אז "וישב אברהם בבאר שבע" איז "לא ישיבה ממש" (ניט ווי דער לשון "וישב" וואס שטייט בכ"מ, וואס פירושו איז אן ענין של התיישבות ממש).

רש"י וויל אבער ניט פארלאזן זיך אויף שפעטער - ברענגט ער די ראי' אז "וישב" איז "לא ישיבה ממש", דערפון וואס מ'ווייסט אז "בחברון הי' יושב, י"ב שנים לפני עקידתו של יצחק יצא מבאר שבע והלך לו לחברון, כמו שנאמר ויגר אברהם בארץ פלשתים ימים רבים . כמו שפירשנו למעלה" (ווי רש"י מאכט דארטן[128] דעם גאנצן חשבון).

און דערפון וואס ס'שטייט בפירוש "וישב אברהם גו' אל באר שבע" - איז פארשטאנדיק, אז ער איז געגאנגען (ישר) "אל באר שבע" און ער איז ניט דורכגעגאנגען דורך חברון (ער איז ניט געגאנגען בדרך הרגילה וואס דעמולט גייט מען דורך חברון). והטעם - ראה רמב"ן. ועוד.

ועפ"ז ווערן פארענטפערט די אלע דיוקים, מיט נאך כמה דיוקים.

לא. דער ביאור אין דעם וואס רש"י איז מוסיף דעם ענין פון "פרחה נשמתה":

ווען רש"י זאגט אז "ע"י בשורת העקידה כו' מתה", ווערט בא דעם בן חמש למקרא א שאלה: ער האט געזעהן בסביבתו, און ער האט אויך געלערנט אין חומש, אז ס'זיינען געווען כו"כ פאלן פון "ותמת" אדער "וימת", און אעפ"כ האט דאס ניט גע'פועל'ט אז די מוסער האט זיך געפעלט רח"ל, איז ווי קומט דאס אז "בשורת העקידה" האט גורם געווען מיתת שרה?

אמת טאקע אז יצחק איז געווען א בן יחיד, און ער איז געבארן געווארן לעת זקנתה וכו' - אבער אעפ"כ איז שווער צו זאגן אז דער חילוק איז עד כדי כך, אז דערפון וואס מ'האט איר געזאגט אז "נזדמן בנה לשחיטה" (ניט קיין מיתה בפועל) איז געווארן "ותמת שרה", ווארום מה-דאך אז מיתה בפועל רח"ל פון א בן יחיד ברענגט ניט צו מיתת אמו, איז עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן בשורת העקידה אז "נזדמן בנה לשחיטה וכמעט שלא נשחט"!

- איז -

------------

128) וירא כא, לד.

איז דער ביאור בזה:

רש"י איז מדגיש אז מ'האט איר דערציילט בשורת העקידה אין אן אופן פון דבר והיפוכו: מ'האט איר דערציילט אז ס'איז געווען דער ציווי "והעלהו שם לעולה"[129], אז "נזדמן בנה לשחיטה", און גלייך נאך דערויף האט מען איר געזאגט דעם היפוך דערפון, אז "כמעט שלא נשחט" [און אין דערויף גופא (אין "כמעט שלא נשחט") האט מען אויך געזאגט א דבר והיפוכו: "כמעט שלא נשחט" - ווי די אלע פירושים ודיוקים[130] וואס מ'שטעלט זיך אויף דערויף].

און מ'זעט אין טבע האדם, אז בשעת מ'דערציילט איס מערניס ווי א דבר טוב, אדער מערניס ווי היפך הטוב רח"ל, מ'דערציילט איס אבער ניט קיין דבר והיפוכו - איז דאס לייכטער צו פארטראגן ווי בשעת מ'דערציילט איס א דבר והיפוכו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'האט דערציילט שרה'ן א דבר והיפוכו - מ'האט איר דערציילט אז "נזדמן בנה לשחיטה", ס'איז ניטא דער בן יחיד, און גלייך דערנאך האט מען איר דערציילט אז ער איז ניצל געווארן, און די הצלה איז געווען אין אן אופן פון "כמעט שלא נשחט" - איז וויבאלד מ'האט איר דערציילט א דבר והיפוכו, האט דאס גע'פועל'ט אז ס'איז געווען "פרחה נשמתה":

דער בן חמש למקרא ווייסט אז "פריחה", פליען, קען זיין אין אן אופן אז מ'פליט אהין און צוריק, ווי מ'האט שוין געלערנט אין פ' נח[131] אז ווען נח האט געשיקט דעם עורב, איז געווען "ויצא יצוא ושוב", ער איז געפלויגן אהין און צוריק.

ועד"ז איז אויך געווען בנוגע צו "פרחה נשמתה": ווען מ'האט איר דערציילט דעם דבר היפך הטוב, אז "נזדמן בנה לשחיטה", האט דאס גע'פועל'ט אין דער נשמה א נטי' אין איין ריכטונג, אין דער ריכטונג פון מיתה; און ווען מ'האט איר דערציילט (גלייך נאך דערויף) אז "כמעט שלא נשחט", האט דאס גע'פועל'ט אין דער נשמה א נטי' אין דער אנדער ריכטונג, און דאס מיינט "פרחה נשמתה" - אז צוליב דערויף וואס מ'האט איר דערציילט א דבר והיפוכו, האט דאס גע'פועל'ט אז די נשמה איז געגאנגען אהין און צוריק (ע"ד פריחת העורב), און וויבאלד אז זי האט דאס ניט געקענט פארטראגן, האט דאס גורם געווען אז "מתה".

לב. אין דערויף זעט מען נאך אן ענין:

- אין -

129) שם כב, ב. 130) ראה גו"א, שפ"ח עה"פ. וראה גם תו"ש פרשתנו סס"ז. 131) ח, ז.

אין חכמת הרפואה האט מען זיך דערטראכט גאר אין די לעצטע יארן, אז כדי צו משנה זיין א מענטשן דארף מען פרואוון מיט א דבר והיפוכו (ווי זיי רופן דאס אן בשם "שאק-טריטמענטס"), ווארום בשעת מ'גייט מערניט ווי אין איין ריכטונג, קען מען ניט פועל'ן אויף אים אין דעם זעלבן אופן ווי מ'פועל'ט דורך אן ענין פון דבר והיפוכו.

און דא זעט מען אז דער ענין שטייט שוין אין אן איינ-פאכן פירוש רש"י וואס מ'לערנט מיט א בן חמש למקרא.

דאס שטייט טאקע ברמז, ווארום ענינו של רש"י איז (ניט צו לערנען מיטן בן חמש למקרא חכמת הרפואה, נאר) "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא", אבער אעפ"כ, וויבאלד אז אויף תורה זאגט מען[132] "הפך בה והפך בה דכולא בה", איז דא אין פרש"י אויך "יינה של תורה", ועד"ז שאר הענינים.

וכמדובר כמ"פ בארוכה[133] אז דאס וואס "סבי דבי אתונה" האבן ארויסגעקראגן דורך לערנען חכמות הטבע וכו', האט ר"י בן חנניא ארויסגעקראגן פון א ק"ו פון חומש[134].

ובהוספה: ביי אים איז געווען דער ריכטיקער סך-הכל און די ריכטיקע מסקנא, משא"כ בא "סבי דבי אתונה", איז מצד דערויף וואס זיי זיינען צוגעגאנגען צו דעם ענין דורך חכמה פון בני אדם, וואס מצד חכמת בנ"א איז עלול אז מ'זאל א טעות האבן - האבן זיי טאקע א טעות געהאט, און האבן באקומען ניט די ריכטיקע מסקנא.

לג. בנוגע צו דעם ענין פון "קרית ארבע היא חברון" - טייטשט ער אפ אין זהר[135] אז "קרית ארבע" גייט אויף די ד' יסודות וואס פון זיי ווערט צוזאמענגעשטעלט יעדער בריאה און יעדער מענטש, און "חברון" מיינט אז די אלע ד' יסודות שטייען בהתחברות וכו', מיט אלע פרטים וואס ער איז מבאר דארטן בנוגע צו אברהם ושרה וכו'.

וואס דאס קומט בהמשך להמדובר לעיל אין דעם מאמר (וואס ער איז געמומען פון מאמרי רבותינו נשיאינו) וועגן דעם ענין פון "מעשה אבות סימן לבנים", אז די עבודה פון אברהם אבינו איז נוגע לעבודת כל אדם, "אתם קרויין אדם" - לכל אחד ולכל אחת וואס זיינען בני אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה -

אז די עבודה באשטייט אין דעם וואס מ'דארף אויפטאן

- דעם -

------------

132) אבות פ"ה מכ"א. 133) ראה גם שיחת ליל שמח"ת ש.ז. ס"ט. 134) ראה בכורות ח, א ואילך. 135) ח"א קכב, ריש ע"ב.

דעם ענין פון "אלקי השמים ואלקי הארץ" - אז פון "אלקי השמים", ווי דאס איז בתחלת היום, קודם ההתבוננות והעבודה - זאל מען מאכן "אלקי השמים ואלקי הארץ", אז דאס זאל ביי אים זיין במשך כל היום כולו, און אין זיין גאנצע שלימות, וואס בכללות איז דאס צוזאמענגעשטעלט פון "קרית ארבע", פון די ד' יסודות, ווי דער רמב"ם ברענגט דאס אראפ אין הל' יסוה"ת[136], מיוסד אויפן זהר בכ"מ.

לד. אלם מאמר המוסגר:

ס'זיינען רא די וואס ווילן איינלערנען אין תורה לויט ווי בא זיי קומט אוים מצד חכמת בני אדם - זאגן זיי, אז דאס וואס ס'שטייט אז יעדער זאך איז צוזאמענגעשטעלט פון ד' יסודות, איז דאס דערפאר וואס אמאל האבן אוה"ע געהאלטן אזוי, און דער רמב"ם האט דאס גענומען פון זיי ת"ו, און האט דאס אריינגעשטעלט אין הל' יסוה"ת, אבער איצטער ווייסט מען אז ס'איז ניט אזוי וכו'.

וואס דאס איז היפך לגמרי פון יסודות התורה - בשעת מ'גייט צו מיט אזא צוגאנג, ברענגט דאס דערנאך די אלע שינויים אין דת וואס זיינען געווארן דורך די רעפארמער וכיו"ב, ווארום מ'זאגט אז נשתנו העתים ונשתנו הענינים וכו'.

בשעת מ'געפינט אן ענין וואס דער רמב"ם שרייבט אין ספרי הרפואה שלו, קען מען דאס פארבינדן מיט חכמת הרפואה ווי ס'איז געווען בימיו - ווארום ס'איז דא א כלל אין תורה אז מצד דערויף וואס די טבעיים זיינען נשתנה געווארן[137], זיינען אויך נשתנה געווארן די אופני הרפואה[138].

וואס דערפאר שטייט דאך אז איצטער זאל מען זיך ניט נוצן מיט די רפואות וואס שטייען אין גמרא [חוץ פון די רפואות וואס ווערן אראפגעבראכט אין אחרונים אז מ'זאל זיך נוצן מיט זיי], ווארום וויבאלד אז די טבעיים זיינען נשתנה געווארן, זיינען אויך נשתנה געווארן די רפואות, איז בשעת ער וועט זיך נוצן מיט דער רפואה וואס שטייט אין גמרא, און דאס וועט אים ניט העלפן (דערפאר וואס דער טבע איז נשתנה געווארן) - וועט דאס ביי אים פועל'ן א חלישות אין דער אמונה אין גמרא.

במה דברים אמורים - דוקא ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין וואס דער רמב"ם שרייבט אין זיינע ספרים פון רפואה

- אדער -

---

136) ספ"ד. פ"ה. 137) ראה תוד"ה פרה - ע"ז כד, ב. ב"י אה"ע סקנ"ו ד"ה כתוב (בשם הרשב"ץ). רמ"א שם ס"ג. מג"א או"ח סקע"ג סק"א. 138) ראה תוד"ה כוורא - מו"ק יא, א.

אדער חקירה וכיו"ב; ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן אן עניין וואס דער רמב"ם שרייבט אין ספרו "יד החזקה", ובפרט אין הל' "יסודי התורה" - איז א זיכערע זאך אז דאס איז בתכלית הדיוק, און ח"ו צו זאגן אז דער עניין איז נשתנה געווארן.

און ווי דער צ"צ ברענגט אראפ אין די שו"ת[139] דאס וואס ס'שטייט אין אורים ותומים[140] בנוגע צום ב"י וכיו"ב, אז וויבאלד "רוח ה' נוססה בקרבם", שטייט דארטן נאכמער וויפל זיי האבן באגריפן און תופס געווען בשכלם -

וואס דערפאר קען מען (און מ'דארף) מדייק זיין אין לשון הרמב"ם, ביז אין אן אופן פון תכלית הדיוק, אע"פ אז מ'באטראכט זיך: היתכן אז דער רמב"ם האט באווארענט א חקירה פון שב שמעתתא, קצות החושן, אורים ותומים וכיו"ב, בשעת אז דער גאנצער סדר הלימוד אין דעם אופן איז נתחדש געווארן ערשט אין כמה דורות לאחרי הרמב"ם! ווארום וויבאלד אז דאס איז נתקבל געווארן בכל תפוצות ישראל, איז דאס געווארן א חלק פון תושבע"פ.

און דעם עניין אז יעדער בריאה איז צוזאמענגעשטעלט פון ד' יסודות, שרייבט דער רמב"ם (ניט נאר אין זיינע ספרים אין אנדערע מקצועות, נאר) אויך אין ספרו העיקרי - "משנה תורה".

ובפרט אז דאס שטייט אין זהר בארוכה (כנ"ל סל"ג), און יש אומרים[141] אז אין רמב"ם זיינען דא כמה ענינים וואס זייער מקור איז אין זהר - אע"פ אז דער רמב"ם האט דאס ניט מגלה געווען, כידוע די שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[142] בענין זה.

און דער עיקר איז - אז מ'איז מקשר דעם עניין פון די ד' יסודות אז דאס איז פארבונדן מיט די ד' אותיות פון שם הוי' (וואס דערפאר זיינען דא ד' יסודות), וואס יעדער אות איז מתאים צו איין אות פון שם הוי' - יסוד העפר איז כנגד אות ה' אחרונה, ועד"ז שאר היסודות, מיט אלע פרטים שבזה, כמבואר בארוכה אין ספרי חסידות וכיו"ב.

און וויבאלד אז מ'פארבינדט דאס מיט חכמת הסוד, וואס בדורות הראשונים איז עס געבליבן א סוד מערניט ווי בא יחידי סגולה[143] - איז עאכו"כ אז ח"ו און רח"ל צו זאגן אז

- זיי -

------------

139) חיו"ד סקע"ו ח"ג בתחלתו. 140) בהגהותיו ל"תקפו כהן" סקכ"ד (מח, ד). 141) ראה לקו"ש ח"ג ע' 761. שם ע' 768 ובהע' 18 שם. 142) סה"ש ה'ש"ת ע' 41. 143) ראה אגה"ק סכ"ו (קמב, ב).

זיי האבן דאס גענומען פון מקורות בלתי טהורים (פון אוה"ע)!

און דארטן שטייט דאך אז יעדער ענין אין בריאה איז אויסגעשטעלט פון ד' יסודות, וואס די ד' יסודות זיינען פארבונדן מיט די ד' אותיות פון שם הוי', און ניט נאר בכללות, נאר אויך בפרטי הדברים.

און די קושיות וואס מ'פרעגט אויף דערויף: ווי זאגט מען אז יסוד המים איז איין יסוד, מ'זעט דאך אז ווען מ'טיילט דאס פאנאנדער, ווערן דערפון צוויי יסודות - איז אין כאן המקום להאריך בזה, ובפרט אז מ'האט שוין גערעדט וועגן דערויף כמ"פ, און ס'זיינען שוין אויך דא בריוו וועגן דעם.

לה. מ'האט גערעדט פריער דאס וואס ס'שטייט אין זהר אויף "קרית ארבע היא חברון", אז "קרית ארבע" גייט אויף די ד' יסודות וואס פון זיי ווערט צוזאמענגעשטעלט יעדער בריאה בעולם (ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ אין הל' יסוה"ת), און דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס די ד' יסודות שטייען אין אן אופן פון "חברון" - בהתחברות, און בשעת אז ס'ווערט אין זיי א פירוד, ווערט דער "ותמת שרה".

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק דער גודל הענין פון "אהבת ישראל", וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט "נקמת הוי' במדין"[144], אז כדי ס'זאל זיין דער שם הוי' בשלימותו, דארף מען האבן די אלע ד' סוגים שבישראל (וואס זיי זיינען בדוגמא צו די ד' יסודות - און בדוגמא צו די ד' אותיות פון שם הוי'):

סיי דער סוג פון אידן וואס אין בהם לא טעם ולא ריח[145], וואס דאס איז בדוגמת העפר, וואס דארטן איז אינגאנצן ניטא קיין חיות, ניט קיין חיות פון "וחי בהם"[146] - פון מצוות, און ניט קיין חיות פון "תורת חיים"; ביז צו תכלית השלימות פון אידן - די אידן וואס זיינען בדוגמת דעם יו"ד פון שם הוי'.

און אויף דערויף זאגט מען אז ווען קען מען פועל'ן אז ס'זאל זיין "השם שלם והכסא שלם"[147] - דוקא דורך "קרית ארבע היא חברון", ווען אלע ד' סוגים פון אידן פאראייניקן זיך צוזאמען,

- בדוגמא -

------------

144) מטות לא, ג. וראה קונטרס החלצו פי"ז. 145) ראה ויק"ר פ"ל, יב. 146) ל' הכתוב - אחרי יח, ה. 147) תנחומא תצא בסופו. הובא בפרש"י עה"פ בשלח טז, יז.

בדוגמא ווי דאס איז אין דעם חודש הכללי של כל השנה, וואס דעמולט פאראייניקן זיך אידן צוזאמען, דורך דערויף וואס מ'נעמט אלע ד' מינים, און מ'מאכט פון זיי "אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם" -

וואס דאס גופא ווערט דורך דעם וואס יעדער איד מצ"ע שטייט שוין אין אן אופן פון אחדות והתאחדות - ע"ד ווי דאס איז אין די ד' מינים, כמבואר בארוכה אין סידור שער הסוכות[148] און אין המשך וככה[149] ובכ"מ, ווי אזוי ס'איז דא דער ענין האחדות אין יעדערן פון די מינים בפ"ע, ביז וואנעט אז דאס שטייט בגילוי לעיני בשר.

און פון דעם חודש הכללי, וואס דעמולט שטייען אלע אידן אין אן אופן של אחדות - ווערט דאס נמשך על כל השנה כולה.

לו. בהמשך לזה - איז כאן המקום מעורר זיין וועגן "מבצע אהבת ישראל" - כמבואר אין סהמ"צ פון צ"צ[150] אז דערמיט איז מען מאחד אלע סוגים פון אידן צוזאמען.

וואס אפי' דעם אידן וואס איז בדוגמת אות יו"ד פון שם הוי', איז אים אויך נוגע ער זאל האבן צו זיך די איבעריקע דריי סוגים פון אידן, אפי' די אידן וואס זיינען בדוגמת "ערבה", וואס זיי זיינען פארבונדן מיטן אות ה' אחרונה פון שם הוי'.

ביז וואנעט אז דאס איז נוגע אין שם הוי', ביז ווי שם הוי' שטייט לפני הצמצום, וואס דארטן איז געווען דער "במי נמלך בנשמותיהן של צדיקים"[151] - און "תורת אמת" איז דאך מעיד אז "ועמך כולם צדיקים"[152], אפי' די וואס זיינען בדוגמת "ערבה", זאגט "תורת אמת" אז זיי זיינען אויך אין דעם סוג פון "צדיקים", און אויך מיט זיי איז געווען דער "נמלך" אויף גאנץ סדר ההשתלשלות, מתחלתו (ועאכו"כ) עד סופו.

און בשעת אז מ'איז זיך משתדל אין "מבצע אהבת ישראל" - קומט דאס אראפ בדרך ממילא אין אלע מבצעים: "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

און די דריי מבצעים כלליים פון נשי ובנות ישראל:

- "נרות -

------------

148) רסד, ד ואילך. 149) תרל"ז פפ"ז. 150) מצות אהבת ישראל. 151) ב"ר פ"ח, ז. רות רבה רפ"ב. וראה סה"מ ה'ש"ת ע' 17. 152) ישעי' ס, כא.

"נרות שבת קודש ויו"ט", "כשרות האכילה ושתי'", און "טהרת המשפחה".

וואס דאס איז דער כללות הענין פון שלימות התורה, וואס דאס ברענגט צו שלימות הארץ (ווי גערעדט פריער בארוכה), און ס'ברענגט אויך צו שלימות העם.

לז. כאן המקום מעורר זיין וועגן א מצוה שהזמן גרמא:

אזוי ווי אין דעם שבת האט מען דאך געבענטשט ר"ח כסלו - זיינען דא כמה ענינים וואס זיינען פארבונדן במיוחד מיט חודש כסלו.

אנהויבנדיק - על הסדר - פון יו"ד כסלו, און דערנאך י"ט כסלו, וכידוע די שיחה אין תורת שלום[153] בנוגע צו י"ט כסלו, אז דער רבי נ"ע האט געזאגט: "איך רעכן אז דער עיקר פון "יפוצו מעינותיך חוצה" האט זיך אנגעהויבן נאך פעטערבורג", ד.ה. פון י"ט כסלו תקנ"ט - מיט 180 יאר צוריק.

און דערנאך איז געווען דער ענין פון הפצת המעיינות בגשמיות כפשוטו פון יו"ד כסלו - דער אופן פון הפצת החסידות וואס איז געווען דורך דעם מיטעלן רבי'ן, וואס דאס איז געווען אין אן אופן פון בינה[154], "רחובות הנהר"[155], מיט א התפשטות וואס איז שלא בערך לגבי פאר דעריוף און נאך דעריוף, כמבואר בארוכה אין די שיחות פון רבותינו נשיאינו[156].

דערנאך קומט דער ענין פון חנוכה - הדלקת הנרות "על פתח ביתו מבחוץ"[157] דוקא, אע"פ אז נרות המקדש זיינען געווען דוקא בפנים, און אין אן ארט וואס אפי' ישראלים האבן זיך געדארפט אויסרעכענען פון אריינגיין אהינצו, ווארום דאס איז ניט געווען אין חצר און ניט אין דער עזרה, נאר ס'איז גאר געווען באולם[158] - משא"כ נרות חנוכה וואס ענינם איז "על פתח ביתו מבחוץ".

וואס דערפאר איז כאן המקום מעורר זיין אז מ'זאל מאכן אלע הכנות הדרושות - ובשלימותם - צו "מבצע חנוכה", אין אן אופן אז אויך די אידן וואס דערווייילע (מסיבה שונה ומשונה) געפינען זיי זיך "מבחוץ", זאלן זיי אויך מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, און אין אן אופן אז זיי וועלן ווערן סופת ע"מ להטפית - פועל'ן "מבחוץ" שלהם.

- לח. -

---

153) ס"ע 112. 154) ראה סה"ש תש"ה ע' 60. 155) ראה לקו"ת ראה כט, ב. שה"ש לט, ב. ובכ"מ. 156) ראה לקו"ש ח"ה ע' 131. 157) שבת כא, ב. 158) רמב"ם הל' ביהב"ת פ"א ה"ו-ז.

לה. און לויט דעם פס"ד אין שו"ע הל' תעניות[159], אז בשעת מ'נעמט אן א החלטה טובה, ווערט דאס שוין פארעכנט אזוי ווי מ'האט געטאן די מעשה (אע"פ אז די מעשה וועט געטאן ווערן לאח"ז), וויבאלד אז "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[160] - זאל שוין די החלטה אליין אראפברענגען דעם גמר הבירורים.

און ס'זאל זיין דער "והקיצו ורננו שוכני עפר"[161] - די אלע וואס געפינען זיך אין מערת המכפלה, און אלע אידן - והם בראשנו - וועלן גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב ממש, ובשמחה ובטוב לבב,

און גיין צו "ואלה תולדות יצחק" - וואס לע"ל וועט מען זאגן צו יצחק "כי אתה אבינו", במהרה בימינו ממש.

צוה לנגן מלכתחילה אריבער.

לט. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

צוה לנגן האפ-קאזאק. עוצו עצה ותופר. פרזות תשב ירושלים. אני מאמין.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

159) סתקע"א ס"ג. וראה ב"י סתקע"א. 160) ראה קידושין מ, א. 161) ישעי' כו, יט.

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ חיי שרה, מבה"ח כסלו ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלהי מוגה

א. בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט וועגן דעם ענין פון מיתת שרה, און "ויבוא אברהם לספוד לשרה ולבכותה", וואס דערפון איז געווארן דער ענין פון קניית מערת המכפלה,

און דער עולם ווארט דאך צו הערן א ווארט וועגן "קעמפ דייוויד" - אלע ענינים וואס מ'האט גערעדט אין חסידות, נגלה און דרוש, זיינען אן ענין של טפל רח"ל, און דער עיקר איז - הערן א ווארט וועגן "קעמפ דייוויד"!

א נייע אנשיקעניש געווארן - א בלבול און פיזור הנפש: יעדערער מוז האבן א מיינונג און מוז מחליט זיין וואס האבן איפגעטאן די אזוי-גערופענע "הסכמי קעמפ דייוויד", און דערנאך וועט ער מפרסם זיין זיין מיינונג - אדער קענען זיך פארדרופן אז פב"פ האט געזאגט כך וכך, במילא האלט ער אז איפכא מסתברא, אדער פארקערט (באופן יוצא מן הכלל) - אז דא איז ער מסכים.

ס'איז אבער א רחמנות אויף אידן וואס זיצן און מאטערן זיך און ווילן שוין דערווארטן זיך אויף הערן עפעס א ווארט וועגן "קעמפ דייוויד" -

איז דא א דבר פלא וואס שטייט אין מדרש אין פ' וישלח, וואס ס'הויבט זיך אן מיט דעם ענין פון קניית מערת המכפלה:

עס שטייט אין מדרש אויפן פסוק[1]"ויקן את חלקת השדה גו' במאה קשיטה" - "זה אחד משלשה מקומות שאין אומות העולם יכולין להונות את ישראל לומר גזולים הן בידכם, ואלו הן: מערת המכפלה, ובית המקדש, וקבורתו של יוסף. מערת המכפלה, דכתיב[4] וישמע אברהם אל עפרון וישקול אברהם לעפרון גו'. בית המקדש, דכתיב[5] ויתן דוד לארנן במקום גו' "שקלי זהב משקל שש מאות", צי "שקלים חמשים"[6] - ווי די צוויי פסוקים[7]. וקבורתו של יוסף, ויקן את חלקת השדה".

ר.ה. אז אפי' אוה"ע וואס זיי טענה'ן אז "לסטים אתם", ווי רש"י ברענגט אראפ בתחלת פירושו עה"ת, זיינען דא דריי ערטער וואס "תורת אמת" איז מעיד אז דארטן קענען זיי דאס ניט זאגן, וואס דער ערשטער ארט (אין זמן) איז - מערת המכפלה (וואס וועגן דעם ווערט דערציילט אין פרשה זו).

- ב. -

---

1) פרשתנו כג, ב. 2) ב"ר פע"ט, ז. 3) וישלח לג, יט.
4) פרשתנו שם, טז. 5) דה"א כא, כה. 6) ש"ב כד, כד.
7) ראה פרש"י לשמואל וד"ה שם.

ב. און דא זעט מען אויך וויפל איז דער חושך כפול ומכופל פון גלות:

ווען ס'רעדט זיך וועגן ניט צולאזן אידן באזעצן זיך אין אה"ק ווי א איד וויל זיך באזעצן און וואו ער וויל זיך באזעצן - איז די התנגדות אמשטארקסטן אין די ג' מקומות!

א דבר פלא! ווען מ'וויל זיך באזעצן אין ח"א, מישט מען זיך ניט, ווען מ'וויל זיך באזעצן אין אן אנדער ארט, איז אדער מ'מישט זיך ניט, אדער ס'איז דא א התנגדות קלה;

ווען ס'קומט אבער צו מערת המכפלה - האט מען איינגע-לייגט די וועלט אויף ניט צולאזן א אידן אין חברון, ניט נאר אין מערה המכפלה, נאר אויך ארום מערת המכפלה, וואס דאס איז א חלק פון חברון, ווי ס'איז מבואר אין דער פרשה - לאזט מען ניט צו קיין אידן באזעצן זיך דארטן!

און ווי געררעדט פריער;בארוכה אז ס'איז געווען א מעשה תעתועים מיטן ביהכ"נ של אברהם אבינו:

מ'האט גענומען מענטשן וואס זיינען זיך מוסר נפש מגין זיין אויף אה"ק, און מ'האט זיי גענוצט און מכריח געווען ארויסנעמען א אידן פון ביהכ"נ של אברהם אבינו, דערפאר וואס דאס געפינט זיך אין חברון!

בשעת א איד קומט צוגיין אין מערת המכפלה ניט אין דער שעה וואס דער "מופתי" [צי דער "אימאם" - ווי ער הייסט דארטן] האט מסכים געווען - לאזט מען אים ניט אריין, און אויב ער גנב'ט זיך אריין - נעמט מען אים ארויס פון דארטן מיט כח!

עד"ז איז אויך בנוגע צו שכם: ווען מ'קומט צוגיין אין שכם און מ'וויל דארטן עפעס טאן - זאגט מען, ניין! דארטן געפינען זיך אראבער, און דערפאר לאזט מען ניט א אידן קויפן א נחלה אדער א בית אין שכם.

ווער רעדט נעך ווען מ'קומט צוגיין צום דריטן ארט, מקום מקדשנו - שטעלט מען אוועק א חיל אויף ניט צולאזן אידן אין מקום מקדשנו!

ג. וכמדובר, אמערגסטן'ס, אמגרעסטן'ס, אמטיפסטן'ס און נידעריקסטן אופן, איז די התנגדות בנוגע צו די שלשה מקומות, וואס אויף זיי שטייט אין מדרש אז אפי' אוה"ע קענען ניט זאגן "גזולים הן" - - קומען -

------------

8) קטע משיחת יום שמח"ת ש.ז. ס"ב. קטע משיחת מוצאי ש"פ בראשית ש.ז. ס"ב.

קומען צוגיין אידן און זיינען משליט די גוים היל"ת, אז מ'זאל זיך דארטן פירן ווי די גוים ווילן! און אז די גוים זעהן אז אידן שלאגן זיך אן, זיינען זיי זיכער מסכים - פארוואס ניט!

ח"ו צו חושד זיין א אידן אז ער וויל משליט זיין א גוי בכלל, עאכו"כ אין אה"ק, ועאכו"כ אין ירושלים העתיקה און מקום מקדשנו, אין מערת המכפלה, וואס דארטן געפינען זיך די קדושים אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה ולאה און אדם וחוה, און אפי' ניט אין דעם דריטן ארט - אין שכם.

ווי קומט דאס טאקע אז זיי טוען דאס - איז בשעת א מענטש שטייט בפחד, און פילט זיך אראפגעפאלן פאר די גוים וויבאלד אז "אתם המעט מכל העמים"[9], און ער דארף אנקומען צום גוי אויף באקומען נאך א פאר דאלאר (אדער נאך א סאך דאלאר), נאך נשק, אדער צו זיין לב טוב וכיו"ב - ווערט ער ביי זיך אויף אזוי פיל בטל, ביז וואנעט אז דאס וואס דער גוי וויל גאר ניט צונעמען (דערפאר וואס ער קען ניט זאגן "גזולים הן" - אזוי זאגט "תורת אמת") - איז מען מגרה דעם יצה"ר, און מ'וויל דאס אפגעבן דעם גוי!

וכמדובר אמאל בארוכה וועגן דעם וואס מ'זאגט אין "על חטא" - "על חטא שחטאנו לפניך ביצה"ר", וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי קען זיין א חטא אן א יצה"ר?! אלע חטאים זיינען דאך מיטן יצה"ר - איז וואס קומט דאס אז נאך דערויף וואס מ'רעכנט אויס כמה חטאים, רעכנט מען אויס א חטא מיוחד - "על חטא שחטאנו לפניך ביצה"ר"?

זאגן מפרשי הסידור[10] אז ס'איז דא אזא חטא וואס דעם יצה"ר פאלט גאר ניט איין צורעדן א אידן ער זאל דאס טאן - קומט אבער צוגיין א איד און איז מגרה דעם יצה"ר רח"ל, ער זאל אים איינרעדן טאן א זאך וואס דעם יצה"ר איז דאס גאר ניט איינגעפאלן!

ועד"ז בנדו"ד: "תורת אמת" איז מעיד אז אוה"ע האלטן פון דער "בייבל" (ווי זיי רופן דאס אן), וואס דאס איז תורתנו הקדושה תורת אמת, במילא גלויבן זיי אין דעם וואס שטייט אז אברהם אבינו האט באצאלט פאר מערת המכפלה "ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר", ווייסן זיי אז דאס געהערט צו אידן, ועד"ז איז בנוגע צו מקום המקדש, און בנוגע צו שכם.

בשעת מ'הויבט אבער אן אראפפאלן ביי זיך פארן גוי,

- "נפול -

---

9) ואתחנן ז, ז. 10) דה"ח סדר הוידוי במנחה בערב יוהכ"פ סק"ד. של"ה שער האותיות אות יו"ד.

"נפול תפול לפניו"[11] - איז מען מגרה דעם יצה"ר ער זאל אים איינרעדן מאן א זאך וואס אפי׳ דעם גוי פאלט דאס גאר ניט איין!

ד. און דאס נעמט זיך דערפון וואס מ׳איז ביי זיך אראפגע-פאלן פאר די גוי׳שקייט שבקרבו, פאר דעם "א-ל זר אשר בקרבך"[13] -

וואס דערפאר האלט ער מער פון דעם "קאלטשור" פון די "קאניבאלן", און זאגט אז אן עניין פון תורה איז מאקע "היא חכמתכם ובינתכם"[13] - דאס קומט אבער ניט צו די בילדונג וואס מ׳קען באקומען אין א "פאבליק-סקול", אדער פון לימודי חול, ווארום דעמולט ווערט מען אנגערופן "א מענטש" כדבעי!

ביי מיר איז געווען א פאטער וואס האט זיך געדונגען און געוואלט ביי מיר פועל׳ן אז איך זאל איינרעדן זיין זון לערנען לימודי חול. דער זון האט ניט געוואלט לערנען לימודי חול - איז דער פאטער געקומען צו מיר און געבעטן איך זאל פועל׳ן ביי דעם זון ער זאל אנהויבן לערנען לימודי חול.

פרעג איך ביי אים: וואס איז דאס דיר אזוי פיל נוגע?! דו ביסט דאך א פרומער איד (ער לייגט תפילין, דאווענט דריי מאל א טאג, טראגט ציצית, און איז מקיים אלע מצוות), איז וואס קאכסטו זיך אזוי אז דער זון זאל צונעמען די שעה וואס ער קען לערנען תורה (וואס דארטן רעדט זיך וועגן דיינע תפילין, דיינע ציצית, דיין כשרות און דיין שבת וכו׳), און אנשטאט דערויף זאל ער לערנען לימודי חול?!

זאגט ער: ווען דער זון וועט לערנען נאר תורה, וועט ער מאקע ווערן א גרויסער תלמיד חכם, א גרויסער למדן אין תורה - מ׳דארף דאך אבער אויך זיין "א מענטש", און כדי צו זיין "א מענטש", דארף מען לערנען לימודי חול. און ער האט דאס געזאגט מיט א תמימות!

ער האט געוואוסט אז ער רעדט ניט מיט אן אנדערן, נאר דאס וויל ער פועל׳ן ביי מיר; און מיט וואס וועט ער ביי מיר פועל זיין - דורך דעם וואס ער וועט זאגן אז אזוי איז דער זון ניט קיין "מענטש" ח"ו, און בשעת ער וועט לערנען לימודי חול, וועט ער ווערן "א מענטש".

און ער האט דאס געזאגט מיט אזא תמימות, ביז וואנעט

- איך -

------------

11) ל׳ הכתוב - אסתר ו, יג. 12) ראה שבת קה, ב.
13) ואתחנן ד, ו.

איך האב זיך צולאכט - האט ער זיך אויך צולאכט, און האט פארשטאנען אז דא איז ער דורכגעפאלן מיט דער גאנצער השתדלות!

וואס יענער האט זיך עכ"פ ניט געשעמט און האט דאס געזאגט בתמימות מיר אויך; ס'זיינען אבער דא רח"ל כו"כ פאטער'ס און מוטער'ס וואס ביי זיי קומט אויס אז מ'דארף טאקע זעהן אז דער זון און די טאכטער זאלן זיין פרום, האבן יראת שמים און זיין עוסקים בתורה ובמצוות מיט אלע מעלות, אבער נוסף לזה (אדער אפשר גאר אלס יסוד לזה) דארף מען זעהן ער זאל זיין "א מענטש",

און ווי אזוי קען מען זיין א מענטש - דורך דעם וואס מ'וועט ניט דערקענען דעם חילוק צווישן אים מיט א גוי רח"ל, ס'וועט ניט זיין דער "המבדיל בין ישראל לעמים", ווארום ער האט די זעלבע ידיעות וואס דער גוי האט, און גייט אין דער זעלבער סקול, און גייט אין דעם זעלבן לבוש, און עסט די זעלבע מאכלים - נאר די מאכלים דארפן זיין כשר'ע.

אבער פירן זיך אין אן אופן אז מ'זאל דערקענען דעם חילוק צווישן אים מיטן גוי - זיצן מיט א היטל וכיו"ב - דאס איז ניט קיין מענטשליכע הנהגה!

ה. מ'דערציילט אויף א דייטשישן רב (איך וויל ניט דערמאנען זיין נאמען) - וואס איז געווען א פרומער איד, האט זיך עוסק געווען אין הפצת היהדות אויף דער דייטשישער שפראך, און האט מציל געווען כו"כ אידן זיי זאלן בלייבן ביי אידישקייט - אז אמאל איז איינער אריינגעגאנגען צו אים אויף צו רעדן וועגן דייטיקע עניניס (ניט פארבונדן מיט תומ"צ), און יענער איז אריינגעגאנגען צו אים מיט א היטל (צי מיט א יארמולקע) - האט ער אים ארויסגעטריבן.

האט מען געפרעגט ביים רב: פארוואס האסטו אים ארויס- געטריבן? זאגט ער: וואס הייסט - ער דארף אים אפגעבן כבוד. זיין כבוד פרטי (פון דעם רב) איז אים טאקע ניט נוגע; אזוי ווי ער איז דאך אבער א רב פון א אידישער קהילה, דארף ער אים אפגעבן כבוד.

פרעגן מען אים: וואו האט ער דיר פוגע בכבוד געווען? זאגט ער: ווען ער וואלט אריין צו דעם "שטאט-ראט" (צו דעם וואס פירט אן מיט דער שטאט), וואלט ער געקומען מיט א היטל?! ער וואלט גלייך אויסגעטאן די היטל אין פרוזדור - און ווען ער גייט אריין צו <u>מיר</u>, גייט ער אריין מיט א היטל!

פרעגט מען אים: א היטל דארף מען דאך האבן מצד יר"ש? זאגט ער: ווער רעדט וועגן יר"ש - מ'רעדט דאך וועגן זיין באזוך בא מיר, דארף ער זיך באציען צו מיר ווי מ'דארף זיך באציען צו א רב בישראל!

- [איך] -

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

[איך האב פריער געמיינט אז דאס איז בלאט א צחות - ביז וואנעט אז איך האב דאס געהערט פון איינעם וואס האט געקענט דעם רב'ס א זון (צי דעם רב אליין), און ער ווייסט מיט וועמען "בדידי' הוה עובדא" - ווער ס'איז צו אים אריינ-געגאנגען, און וועמען ער האט משלח געווען,

ביז אז עס האבן ניט געהאלפן קיינע ענינים - ער האט געהאלטן אז מצד כבוד הרבנות טאר ער ניט זיצן פאר אים מיט א היטל, אע"פ וואס ער האט געוואוסט אז א היטל איז פארבונדן מיט יראת שמים].

און אויב א רב קען אזוי א טעות האבן, קען דאך א מוסער בישראל [וואס וויל אז דער זון (צי די טאכטער) זאל זיין א מענטש מיט מענטשן גלייך, "איש באנשים"] אויך א טעות האבן און מיינען אז ס'דארף זיין אזא סארט הנהגה.

ז. וכאמור אז דאס נעמט זיך דערפון וואס מ'האלט אז וויבאלד אז "אתם המעט מכל העמים" בכמות, דארף מען זיך פירן בנוגע צו אכילתו ושתיתו וכו' אזוי ווי "כל העמים" - דערפאר וואס ער איז ביי זיך אראפגעפאלן פארן גוי.

און דערנאך וועט ער באקומט (בהשגח"פ) א מינוי בישראל (וואס יעדער ענין איז דאך בהשגח"פ) - נעמט ער מיט אהינצו דעם רגש הנחיתות, די אראפגעפאלנקייט וואס ער האט ביי זיך פון אידישקייט לגבי ניט אידישקייט,

און דערנאך וועט ער דארף מאכן א החלטה - פארלירט ער זיך דערפון וואס מ'זאגט אים אז אפשר וועט דער גוי ווערן ברוגז.

זאגט מען אים: דער מדרש זאגט אז א גוי וועט דערפון ניט ווערן ברוגז, זאגט ער: דאס זאגט דער וואס לערנט מדרש; מ'דארף אבער הערן א מיינונג פון אזא וואס ער איז "א מענטש" עד כדי כך אז ער לערנט ניט קיין מדרש, עאכו"כ אז ביי אים איז דער פוסק ניט מדרש ח"ו, נאר ענינים פון לימודי חול!

דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט אין אזא אופן אז א איד האט צוטאן (און מוז האבן צוטאן) אויך מיט וואכעדיקייט - נאר ער דארף וויסן אז ס'דארף זיין "המבדיל בין קודש לחול", במילא ברענגט דאס צום "המבדיל בין ישראל לעמים".

און דאס דערמאנט מען אים גלייך אין דער אנהויבט פון דער וואך: וועז ס'דארף זיין דער "ויעקב הלך לדרכו"[14], ער

- גייט -

------------

14) ל' הכתוב - ויצא לב, ב. וראה לקו"ת בלק עב, ב ואילך.

גייט ארויס אין עובדין דחול, דערמאנט מען אים גלייך ביי דער ערשטער ברכה וואס איז פארבונדן מיט הבדלה בין שבת לששת ימי המעשה - אז ס׳דארף זיין דער "המבדיל בין קודש לחול", און "בין ישראל לעמים".

אבער בשעת אז די הבדלה איז ניט קיימת - פועל׳ט דאס אז ביי אים ווערט דער "חול" דער ראש און דער עיקר.

און עד כדי כך - אז ער איז מגרה דעם יצה"ר ער זאל אים איינרעדן סאן אזא זאך וואס אפי׳ א גוי פאלט דאס ניט איין: דעם גוי פאלט גאר ניט איין אז מ׳זאל אפגעבן ירושלים; אים פאלט גאר ניט איין אז אידן זאלן ניט נעמען מערת המכפלה אין אן אופן אז דאס זאל ווערן ווי דאס איז געווען - אברהם אבינו׳ס; אים פאלט גאר ניט איין אז אידן זאלן ניט נעמען דעם ביהכ"נ של אברהם אבינו (וואס אפי׳ ביי די אראבער הייסט דאס אזוי - נאר אויף אראביש) -

קומען צוגיין אידן און לאזן ניט צו אידן אין דעם ביהכ"נ של אברהם אבינו, און דערנאך איז מען מבטיח אז מ׳וועט מתקן זיין און מ׳איז ניט מקיים די הבטחה, ביז וואנעט אז מ׳האט פון דארטן ארויסגעטריבן אידן און ארויס-גענומען זיי בכח!

עאכו"כ בנוגע צו מערת המכפלה, ועאכו"כ בנוגע צו מקום המקדש וכו׳.

[מ׳זאגט ניט ח"ו אז מ׳מעג גיין אין מקום המקדש - ס׳זיינען אבער דא טיילן וואו מ׳מעג גיין, בדוגמא ווי דער כותל המערבי, ועד"ז נאך טיילן - אע"פ אז מצד הספק קען מען דאס ניט מברר זיין].

ווען ס׳רעדט זיך אבער וועגן גוים - ערלויבט מען זיי גיין ווען זיי ווילן און ווי אזוי זיי ווילן, מ׳מאכט ניט קיין הגבלה, ווארום מ׳האט מורא צורירן זיך דארטן,

ביז אז מ׳שטעלט אוועק אנשי צבא אפהיטן אז מ׳זאל ניט מבזה זיין דעם ענין וואס ווערט אנגערופן א "מקום קדוש" מצד די קדושה וואס איז ביי זיי, ועד"ז ניט מעכב זיין ווען א גוי וויל אהינצו גיין!

ז. און אפי׳ לאחרי אלע הצדקות און הסברות אז איצטער איז אין יד ישראל תקיפה, און מ׳דארף אנקומען צו "חסד לאומים חטאת"[15], במילא טאר מען זיך ניט איינרייסן - זעט מען אבער אז אפי׳ די זאכן וואס דער אויבערשטער האט אליין געגעבן

- באופן -

------------

15) משלי יד, לד. ב"ב י, ב.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

באופן נכי - וויל מען אויך אפגעבן דעם גוי.

און ווי געדעדט כמ"פ בארוכה, אז ס'איז שוין נתפרסם געווארן, אז די אידן וואס זיינען געשטאנען בראש, האבן ניט געוואלט צולאזן אידן איינעמען ירושלים העתיקה, בכדי זיך ניט איינרייסן מיט פב"פ -

נאר ס'איז געווען אזא מעמד ומצב וואס מ'האט ניט געהאט קיין צייט צו פרעגן ביי די עומדים בראש, האט דאס פב"פ אפגעטאן על דעת עצמו, און דערנאך ווען ער האט וועגן דערויף מודיע געווען, האט מען שוין מערניט געקענט חרטה האבן.

איז גלייך לאחרי כיבוש ירושלים, האט מען געשיקט שלוחים אין וואשינגטאן (צווישן זיי - א פרומער איד), אז מ'זאל דארטן מסביר זיין אז מ'האט דאס געטאן מערניט דערפאר וואס מ'האט קיין ברירה ניט געהאט, און איצטער וויל מען זיך צוזאמענרעדן ווי אזוי אפצוגעבן אויף צוריק!

וכמדובר כמ"פ אז דער נס איז געווען - אז די גוים האבן דאס ניט געוואלט נעמען!

בדוגמא ווי ס'איז איצטער בנוגע צו חברון, שכם און ירושלים העתיקה וכו' - וואס לאחרי כל ההבטחות ווייסט מען נאך ניט אויף וואס אידן וועלן מסכים זיין, און אויף וואס זיי האבן שוין מסכים געווען.

מ'איז געפאלן אויף א המצאה - מאכן דערפון א סוד; מ'האט דאך אבער צוטאן אויך מיט ניט אידן - זיינען זיי דאס מגלה.

און ווען מ'פרעגט: וואס האסטו געמאכט דערפון א סוד? ענטפערט ער - אז ער בלייבט שולדיק אן ענטפער.

ווען ס'וואלט ניט געהאט קיין שייכות צו דער החלטה, איז קיין נפק"מ ניט צי ער איז דאס מעלים אדער מגלה וכו' - דאס ווירקט דאך אבער אויף זיין החלטה, און די החלטה מאכט ער אויפן חשבון פון שלימות הארץ!

ח. עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון שלימות העם - דער ענין פון "מיהו יהודי":

עס גייט ארום א פרומער איד און שושקעט אויפן אויער אז מ'זאל וויסן זיין אז די שאלה פון "מיהו יהודי" איז אן ענין וואס איז נוגע אין חו"ל און ניט אין א"י, ווארום אין חו"ל זיינען דא די וואס זיי זיינען מגייר שלא כהלכה, משא"כ אין א"י.

וואס נוסף אויפן עיקר - אז אין א"י זיינען שוין אויך

- דא -

דא די וואס זיינען מגייר שלא כהלכה [וואָרום מ'האט דאַרטן געגעבן א רשיון צו רעפאָרמער, עאכו"כ צו קאָנסערוואַטיווער, אז זיי זאָלן זיך פירן כפי העולה על רוחם] - איז לאחרונה צוגעקומען ווייסער אמאל אז ס'קומען אריין עולים חדשים פון נישואי תערובות וכו', און מ'מאכט ניט קיין חקירה ודרישה צי זיי האבן זיך מגייר געווען צי ניט, און עס האבן זיך שוין אריינגעכאַפּט אַזוינע וואָס מ'האָט זיי פאַרשריבן אַלס א יהודי, אע"פ וואָס לכל הדעות איז ער ניט קיין יהודי, און ער אַליין טענה'ט אַז ער וויל ניט מ'זאָל אים פאַרשרייבן אַלס א יהודי!

מ'האָט געהאַפּט אַז בשעת ס'וועלן זיך אַריינמישן ניט קיין פרומע אידן, און מאַכן א טומל פון דעם לעצטן ענין וואָס איז געווען מיט א ספּאָרט-מאַן (וואָס זיי האָבן דאָס מפרסם געווען בכל העתונות) - איז די פרומע אידן וואָס שושקען זיך שטילערהייד און זאָגן: הערט זיך איין, ווערט ניט נתפעל פאַר "מיהו יהודי", גיט געלט אויף ישיבות, און מאַכט כמה ענינים אחרים, און עס מאַכט ניט אויס אַז איר וועט אָפּלייגן דעם ענין פון "מיהו יהודי" אויף שפּעטער, וואָרום ס'איז אַן ענין וואָס איז נוגע נאָר אין חו"ל - וועלן זיי זיך פאַרשעמען פאַר "הפועל" (די וואָס האָבן געמאַכט דעם טומל וועגן דעם טונקעלן), און אויפהערן דאָס טאָן.

- די וואָס האָבן געמאַכט דערפון דעם טומל האָבן דאָס טאַקע געטאָן שלא לשמה, אָבער פון דעם שלא לשמה איז געוואָרן ווייטער דער טומל אַז מ'זאָל וויסן זיין אַז עס גייט אָן אין א"י דער ענין פון גיור שלא כהלכה, און מ'פאַרשרייבט גוים אַלס יהודים.

און לאחרי דעם גאַנצן טומל - איז מען אַרויס מיט א טענה: היתכן אַז אין אַזוינע זאַכן מישן זיך ניט קיין פרומע אידן!

אַז פרומע אידן וואָלטן זיך געמישט אין דעם, וואָלטן זיך ניט פרומע ניט געדאַרפט מישן! און וואָס האַרט דיר אַז א ניט פרומער איד וויל אַז ס'זאָל זיין כשר - דאַרפסט דאָך זיין צופרידן דערפון!

און דער עיקר איז - בה בשעה זאָגט עד, אַז וויבאַלד בא יענע איז דאָס געווען שלא לשמה, איז ניט נוגע דער תיקון!

איך וויל ניט מפרש זיין בשמו פון דעם וואָס האָט דאָס געזאָגט - מ'ווייסט אָבער ווער ס'האָט דאָס אַריינגעשושקעט אין די אויערן, און צו וועמען ער האָט דאָס אַריינגעשושקעט, און מ'ווייסט וואָס פאַר א מעמד ומצב ער פאַרנעמט צווישן די פרומע אין כפלגה - ער איז ניט קיין פּשוט'ער מענטש, ער פאַרנעמט דאָרטן א גרויסן אָרט!

- עד -

הנחה הת' בלתי מוגה

ער האט טאקע געבעטן אז מ'זאל דאס ניט כפרסם זיין בשמו, אבער די גמרא[16] זאגט אז "סהדי שקרי אאוגרייהו זילי" - דער וואס גייט בדרך השקר, ווערט ער ביליג בא דעם וואס דינגט אים און באצאלט אים פאר פירן זיך אין דרך השקר - במילא האבן זיי דאס מפרסם געווען (נאר אויך שטילערהייד - ניט דערציילנדיק ווער האט דאס מפרסם געווען, און ווער האט דאס געזאגט).

און דערנאך האט ער פאר זיך א הצדקה: ער האט געגעבן שוחד דעם אויבערשטן - ער האט באקומען אזוי פיל און אזוי פיל געלט פאר א ישיבה וכיו"ב, במילא וועט דער אויבערשטער זיין צופרידן אז מ'וועט אפלייגן דעם ענין פון גיור שלא כהלכה, אע"פ וואס אפי' ווען אן איין און איינציקער גוי מישט זיך אריין צווישן אידן, ווערט דערפון א צרה עד סוף כל הדורות, כמדובר כמ"פ.

ס. און אפי' ווען ס'וואלט ניט געווען קיין גיור שלא כהלכה בפועל - איז דער עצם ענין אז מ'איז קובע א חוק היפך פון חוק התורה, און אעפ"כ קומט צוגיין א פרומער איד און זאגט אז ער קען שלאפן רואיק, אים איז דאס ניט נוגע - איז דאס אן ענין וואס איז נוגע צו כל התורה ומצוותי'!

און ווי מ'האט דאס אים טאקע געזאגט: וואס קאכט ער זיך אין חינוך ע"פ התורה - בשעת אז אין חינוך ע"פ התורה ווי ס'דארף צו זיין וועט מען לערנען אז גיור שלא כהלכה איז שלא ע"פ תורה - ער איז מחנך מענטשן אנטקעגן זיך!

וכמדובר כמ"פ אז ס'איז ניט דער פשט אז ער ווייסט אז דאס איז א שקר, און אעפ"כ טוט ער דאס, דערפאר וואס מ'האט אים געגעבן שוחד (געלט, כבוד וכיו"ב, אדער געגעבן געלט אויף א מוסד של חינוך) - "שוחד" מיינט אז דאס פועל'ט ביי אים אז אים ווייזט זיך אויס אז אזוי איז דער אמת;

און ווי ס'שטייט[17] "כי השוחד יעור עיני <u>חכמים</u> ויסלף דברי <u>צדיקים</u>", ער מיינט אז ער איז א חכם, און מיינט אז ער איז א צדיק, און אין אנרעדע זאכן איז ער טאקע א חכם און א צדיק; ווען ס'קומט אבער צו דער זאך אויף וועלכע ער האט באקומען דעם שוחד - דארטן ווערט ער אן עיוור רח"ל, און דארטן רעדט ער בסילוף, ווארום אים ווייזט זיך אויס אז דאס איז דער דרך התורה.

און דערנאך טענה'ט ער אז דער אויבערשטער האט צוגענומען זיין שוחד, און האט דאס צוגענומען ברצון, והראי' - אז -

------------

16) סנהדרין כט, א. 17) שופטים טז, יט.



<u>הנהה הה' בלתי מוגה</u>

- אז מ'האלט אים ווייטער אויפן בייגקל, ווי ער איז געווען ביז איצטער, וואס וויבאלד אז "אפילו ריש גרגותא מן שמיא מנו לי'"[18], עאכו"כ אז ער איז גאר שלא בערך העכער פון א "ריש גרגותא" - איז דאך דאס גופא א הוכחה אז ער קען ווייטער אנגיין מיט דעם סדר פון "בשרירות לבי אלך"[19].

י. און די אלע ענינים נעמען זיך דערפון וואס ס'פעלט אין שלימות התורה:

ווען מ'וואלט ניט געלערנט די תורה ווי זי זאל פסק'-נען, נאר די תורה וואלט אים געלערנט ווי ער זאל פסק'נען, וואלט דעמולט די תורה געווען בשלימותה, און ער וואלט אויך געווען בשלימות.

ווען ער קומט אבער צוגיין מיט זיין רצון, און מיט זיין שוחד, און וויל אויספירן מ'זאל טאן און פירן זיך לויט ווי ביי אים קומט אויס - וואס ער וויל נושא חן זיין בא דעם "א-ל זר אשר בקרבך", און נושא חן זיין בא דעם גוי כפשוטו, עאכו"כ ביי א גוי וואס איז פון חו"ל -

וועט ער אינגאנצן פארלארן בא זיך, און ס'וועט אינגאנצן פארלארן זיין אידישקייט, ביז וואנעט אז "כשהם יורדים יורדים עד לעפר"[20] רח"ל, וואס עפר איז "הכל דשין עלי'"[21].

פריער לאזט ער זיין אייגענעם יצה"ר טרעטן אויף אים - וואס זיין יצה"ר איז עכ"פ זיינער א שכן, טאקע א שכן וואס איז היפך הטוב, ס'איז אבער א שכן פון זיין חלל השמאלי; דערנאך לאזט ער אבער דעם יצה"ר פון א צווייטן טרעטן אויף אים,

און דערנאך לאזט ער א גוי וואס געפינט זיך אין א"י ותו"ל - א גוי כפשוטו - ער זאל טרעטן אויף אים! און שיקט צו אים שלוחים זאגן אים: הער זיך איין, איך וועל דיר אפגעבן דעם ענין און יענעם ענין.

יא. דערנאך איז צוגעקומען נאך א זאך:

ווען מ'רעדט וועגן אומקערן שטחים, באווארענט מען אז טאמער מ'וועט פרעגן: היתכן, ס'איז דאך היפך ההלכה? - זאל מען זאגן אז מ'האט געפרעגט ביי א רב, און דער רב האט בעזאגט אז מ'מעג און מ'דארף דאס טאן!

- איז -

------------

18) ברכות נח, סע"א. 19) ל' הכתוב - נצבים כט, יח. 20) מגילה טז, א. פרש"י עה"פ אסתר שם. 21) מת"כ לב"ר פמ"א, ט.

איז מען געגאנגען צום רב און געפרעגט: וואס האסטו אים געזאגט? - זאגט דער רב אז איימיצער האט ביי אים געפרעגט אן אנדער שאלה, האט ער אים געזאגט אז ס'איז מותר, איז יענער אוועקגעגאנגען און גענומען דעם פס"ד אויף דעם ענין:

מ'איז געקומען צוגיין און געפרעגט א שאלה - צי "לא תחנם"²² איז עומד בפני פקו"נ, האט דער רב געזאגט, אז פקו"נ איז דוחה א לאו שבתורה, אויך דעם לאו פון "לא תחנם" - דאס וואלט אים יעדערער געענטפערט.

דער וואס האט געפרעגט די שאלה לייענט צייטונגען (הלואי וואלט ער אזוי פיל געלערנט תורה וויפל ער לייענט צייטונגען), און ווייסט אז ס'שטייט אין אלע צייטונגען אז אלע מומחים לעניני בטחון וצבא (בלי יוצא מן הכלל) האבן געזאגט אז אויב מ'וועט אפגעבן די שטחים וועט דאס ברענגען א סכנה רח"ל היל"ת צו כו"כ מישראל, און מצד פקו"נ טאר מען ניט אפגעבן די שטחים - האט ער דאס מעלים געווען פון רב!

וואלט ער איינגאנצן ניט געגאנגען צום רב - פירט ער זיך בשרירות לבו; ער וויל אבער ארייןשלעפן אויך דעם רב אין זיין שרירות לבו!

דער רב לייענט ניט קיין צייטונגען, ער האט זיך קיינ-מאל ניט געטראפן מיט קיין אפיצער - מסתמא האט ער פאר אים גאר מורא, ער שטאמט פון ליטא, וואס אין ליטא האט מען מורא געהאט פאר אן אפיצער, עאכו"כ פאר א גענעראל;

קומט ער צוגיין צום רב מיטן גאנצן כבוד, און זאגט אים: הערט זיך איין, ס'איז דא אזוינע וואס שרייען אז מ'טאר ניט אפגעבן קיין שטחים דערפאר וואס ס'שטייט "לא תחנם", וואס דאס איז א מל"ת מן התורה [אדרבה - ער איז גאר מגדיל דעם יוקר פון א ל"ת] - ער פרעגט אבער: ווי איז דער דין ווען ס'איז פארבונדן מיט פקוח נפש? האט אים דער רב געענטפערט - אז פקוח נפש איז דוחה "לא תחנם".

מער האט ער שוין ניט געדארפט האבן: ער איז אוועקגע-גאנגען און מפרסם געווען במקומו, און פארט ארום בכל העולם כולו מפרסם זיין בכל העולם כולו, אז ס'איז דא א פס"ד פון א רב אז מ'מעג אומקערן שטחים!

וכמדובר כמ"פ - איצטער איז די שאלה פון אומקערן שטחים ניט פארבונדן מיטן איסור פון "לא תחנם" - נאר ווי

- אלע -

------------

22) ואתחנן ז, ב. וראה פרש"י עה"פ. ע"ז כ, רע"א. רמב"ם הל' עכו"ם פ"י ה"ג-ד. טושו"ע יו"ד סקנ"א ס"ח ואילך.

אלע מומחים לעניני צבא זאגן אז דאס איז אן עניין פון סכנת פקו"נ ממש פאר מאות ואלפים מישראל.

דערנאך האט ער אפגעטאן נאך א מעשה מבהיל:

אין דעם פס"ד פון דעם רב איז ניטא קיין חילוק צי עס רעדט זיך וועגן יהודה ושומרון, אדער וועגן דעם כותל המערבי, וועגן ירושלים החדשה אדער וועגן ירושלים העתיקה.

איז אז דו ביסט שוין מפרסם דעם פס"ד פון רב - זאג דאס בשלימות, ניט קיין חצי דבר: זאג אז דער רב האט גע׳פסק׳נט אז אויב דאס איז פקו"נ, ביסטו דער פארשטייער פון רעם רב וואס הייסט אפגעבן רח"ל ירושלים החדשה, ירושלים העתיקה, בני ברק און כפר חב"ד וכו׳, כדי ניט פאררייסן זיך מיטן גוי!

ער ווייסט אבער אז אויב ער וועט דאס מגלה זיין, וועט מען אים גלייך אראפזעצן פון אלע זיינע תפקידים, און פון אלע ביינקלעך - האט ער געטאן די חכמה (ווייסנדיק אז סוכ"ס וועט נתגלה ווערן קלונו ברבים):

ער האט געפרעגט א שאלה דעם רב ניט דערציילנדיק אים אז איצטער איז (דער זעלבער שטח וואס מיט א זמן לפנ"ז איז ער אפשר ניט נוגע לבטחון, איז איצטער) דער מצב אז דאס איז פארבונדן מיט פקו"נ - און האט אים געבראכט לידי טעות פרעגנדיק די שאלה מצד דעם עניין פון "לא תחנם",

און דערנאך האט ער מפרסם געווען דעם פס"ד פון דעם רב - כאילו אז דאס גייט אויף דעם מעמד ומצב וואס אלע מומחים באותו עניין (בלי יוצא מן הכלל) זאגן אז דאס איז אן עניין וואס דורך דערויף ברענגט מען א סכנה היל"ת אויף כו"כ מישראל.

ולאידך - וויבאלד אז ער דארף דאך נושא חן זיין בא די אנשי הממשלה, איז אויב ער וועט קומען און זאגן אז מצד דעם פס"ד פון דעם רב האלט ער אז מ׳דארף אפגעבן ירושלים העתיקה, און מ׳דארף אפגעבן ירושלים החדשה (אויב מ׳וועט דאס נאר מאנען), מיט נאך כו"כ שטחים - וועט מען אים גלייך ארויס-טרייבן, און מער וועט ער דארפן ניט האבן וואס צו טאן -

האט ער זיי ניט דערציילט אז לויט דעם פס"ד פון דעם רב איז קיין נפק"מ וועגן וועלכן שטח עס רעדט זיך, אפילו וועגן ירושלים העתיקה - נאר ער האט זיי געגעבן צו פאר-שטיין, אז ער רעדט וועגן דערויף וואס די קנאים קאכן זיך, וואס די קנאים קאכן זיך מערניט ווי וועגן יהודה ושומרון, אבער בנוגע צו ירושלים העתיקה האלט ער אויך אז מ׳דארף דאס ניט אפגעבן.

- וואס -

- וואס הייסט דו האלסט - לויט דיין שאלה האט דאך דער רב גע׳פסק׳נט אז מ׳מעג (און ניט נאר מ׳מעג - נאר מ׳דארף) אפגעבן ירושלים העתיקה בכדי צו פארהיטן א נפש אחת מישראל!

יב. מ׳האט בא מיר געפרעגט: וויבאלד אז די זאך איז אויף אזוי פיל ברור ופשוט, איז ווי קומט דאס אז ס׳גייט ארום א איד וואס אין אלע איבעריקע ענינים איז ער א איש חכם ונבון, ונוסף לזה איז ער אויך א מומחה אין עניני פאליטיקע - און זאגט אזא זאך וואס איז ניט נאר א מילתא דעבידא לאגלויי אז ס׳איז ניט אמת, נאר דאס איז א מילתא וואס איז שוין נתגלה געווארן מיט א טאג פאר דערויף,

ווארום ס׳איז שוין געווען געדרוקט אין צייטונג די אלע ענינים: סיי די מיינונגען פון די אנשי בטחון און אנשי צבא, און סיי אז אין דעם עניין פון "לא תחנם" מיט דעם עניין פון פקו"נ, איז ניטא קיין חילוק צווישן ירושלים העתיקה, ירושלים החדשה און יהודה ושומרון; אויףביידע איז חל "לא תחנם" בשוה, און אויף ביידע איז הל דער דין אז פקו"נ איז דוחה כל התורה כולה בשוה,

וואס דערפאר איז ממנ"פ: אויב ס׳איז מערניט ווי "לא תחנם" - טאר מען ניט שטעלן אין סכנה (אפי׳ ספק סכנה) דעם לעבן פון איין אידן; און אויב דער מצב איז פארקערט - אז דער אומקערן די שטחים ברענגט די סכנה - טאר מען ניט אפגעבן קיין שעל אחד אין די אלע ערטער וואס זיי זיינען סמוכים לספר, וואס דאס איז דאך א פס"ד ברור אין שו"ע[23], און אין דערויף קען מען זיך ניט דינגען.

און אעפ"כ גייט ער ארום, און פארט ארום און האלט אין איין רעדן (פריער שושקעט ער אויפן אויער, און דערנאך זאגט ער דאס בגלוי) אז דער רב האט גע׳פסק׳נט אז מ׳דארף אומקערן די שטחים.

איז לכאו׳, וויבאלד אז ס׳איז היפך טבע האדם זאגן א ליגן ווען ס׳איז א מילתא דעבידא לאגלויי - איז ווי קען זיין ער זאל זאגן אזא זאך - מוז דאך זיין דא עפעס א יסוד?!

האב איך געענטפערט בפשטות: ס׳איז דא א כלל ידוע בא פאליטיקער, אז ווען מ׳זאגט א קליינעם ליגן, איז דא א ספק צי דאס וועט נתקבל ווערן צי ניט; ווען מ׳זאגט אבער א גרויסן ליגן, און מ׳זאגט דאס כו"כ פעמים - קומט צוגיין דער שומע און טענה׳ט: וויבאלד אז דאס איז א דבר מבהיל, דאס האט לכאו׳ קיין ארט ניט אין שכל, און אעפ"כ זאגט דאס

- א קלוגער -

------------

23) או"ח סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם.

א קלוגער מענטש איין מאל און א צווייטן מאל און א דריטן מאל - איז דאך א סימן אז דאס איז אזוי,

און דערנאך ווען מ'קומט צוגיין און מ'חזר'ט איבער דעם גרויסן ליגן נאכאמאל - איז מצד דעם ענין מבהיל וואס איז דא אין דערויף, ווערט דאס נתקבל!

איך וויל ניט דערמאנען דעם נאמען פון דעם גוי ימ"ש וזכרו וואס האט געזאגט ברבים, און בפרסום הכי גדול, אז מ'זאל זאגן א גרויסן ליגן, און דעמולט וועט דאס סוכ"ס נתקבל ווערן -

און דערנאך זיינען דא רח"ל אידן וואס הולכים בעקבותיו אין דעם פרט - אע"פ וואס זיי אליין אדער זייערע קרובים, האבן געליטן פון אים - און מ'זאגט א דבר המבהיל, כדי אז דאס זאל נתקבל ווערן,

בה בשעה וואס אפי' א בר בי' רב דחד יומא ווייסט אז דער לאו פון "לא תחנם" איז חל אויף אלע שטחים פון א"י בשוה - ס'זיינען דא איסורים נוספים בנוגע צו ירושלים, אז מ'טאר ניט לאזן נעכטיקן דארטן, מיט כו"כ פרטים; אבער בנוגע צום לאו פון "לא תחנם" זיינען אלע שטחים פון א"י בשוה.

ועד"ז בנוגע צו דעם ענין פון פקו"נ - אז אויב ס'איז אן "עיר הסמוכה לספר" (לעבן גבול), און ס'איז דא דער חשש אז דורך דעם וואס מ'וועט אפגעבן דעם שטח, וועט מען עפענען כל הארץ (אדער א חלק פון דעם ארץ) לפניהם - איז דעמולט דער איסור פון אפגעבן דעם שטח צוליב פקו"נ אויף יעדער שעל וואו ער זאל זיך נאר געפינען בשוה.

יג. און מ'דארף זעהן אז די וואס האלטן זיך ביים שו"ע אויך בגלוי, ניט נאר אין זייערע חיים הפרטיים, נאר אויך בנוגע צו די חיים הכלליים, און דער שו"ע איז בא זיי דער איינציקער פוסק,

[וואס אין דעם שו"ע שטייט אז ווען מ'פרעגט א שאלה ביי א רב, טאר מען אים ניט מטעה זיין און זאגן אז די שאלה איז בענין זה, און ארויסבאקומען א היתר, און נוצן דעם היתר אויף אן ענין הפכי, אן ענין וואס איז אינגאנצן ניט אין דעם גדר] -

זאלן זיי ניט ווערן מיד אויף צו טומלען און מגלה זיין דעם שקר ברבים, און מודיע זיין דעם פס"ד וואס שטייט אין שו"ע - אע"פ אז דאס איז געדרוקט בפירוש, און געדרוקט אין אלע שו"ע'ס אן קיינע חילוקים פון וואס פאר א דפוס און וואו מ'האט דאס געדרוקט.

- און -

און דעמולט וועט מען סוכ"ס פטור ווערן פון כללות ענין הגלות - אנהויבנדיק דערפון וואס מ'וועט באפרייען דעם אידן פון זיין גלות הפרטי, וואס ער ליגט כבוש תחת היצה"ר שלו, עד כדי כך אז ער איז מסית ומדיח רבנים, דורך דערויף וואס ער דערציילט זיי דעם מעמד ומצב להיפך ווי דאס איז אין דער מציאות.

און דערנאך בשעת ער וועט אנהויבן ארויסגיין לחירות - וועט דאס אויך פועל זיין אויף די ההולכים בעקבותיו, וואס זיי מאכן זיך ניט וויסנדיק פון דעם טעות ובלבול המוחות וואס ער ברענגט אריין, און מ'זאגט אז וויבאלד אז ער איז א פרומער איד בחייו הפרטיים, קען מען זיך אויף אים פארלאזן, ווארום ער איז ניט מחוייב מהרהר זיין אחרי רבו (- אין עניני פאליטיקע איז ער זיין רב ומלמד וכיו"ב).

וואס דורך דערויף וועט אויך צוקומען אין דעם קלענער מאכן דעם חושך כפול ומכופל ביי א צווייטן אידן און ביי א דריטן אידן און בא כמה אידן.

ביז וואנעט אז ס'וועט אויך זיין דער "לאור גוים"[24] - אז די ניט אידן וועלן דערהערן אז בנוגע צו די דריי ערטער איז בפשטות אז זיי קענען ניט זאגן "גזולים הן בידכם", כמדובר לעיל בארוכה, ביז אז זיי וועלן דערהערן אז גאנץ א"י לגבולותי' איז א נחלת עולם לעם עולם, צוזאמען מיט שלימות התורה - מיט תורה וואס זי איז עולמית, ווארום "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[25].

און דעמולט וועט מען פטור ווערן פון אלע לחצים (פון אלע צודריקן) אין די לעצטע טעג פון גלות.

און דורך דעם וואס מ'וועט שטיין אין אן אופן פון "קוממיות"[26] נאך זייענדיק אין גלות - בדוגמא ווי ס'איז געווען "לכל בנ"י הי' אור במושבותם"[27] נאך זייענדיק אין מצרים - וועט מען בקרוב ממש גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, בשמחה ובריקוד, נאך אין די לעצטע רגעים פון גלות, בעגלא דידן, במהרה בימינו ממש.

* * *

יד. מ'האט דאך צוגעזאגט אז מ'וועט עפעס זאגן וועגן די הסכמים פון "מחנה דוד" ("קעמפ דייוויד") - האט זיך שוין איצטער ארויסגעוויזן בגלוי, אז אויף די זאכן וואס מ'שטעלט זיך בתוקף, און דער צד שכנגד (צד השני עכ"פ - אפי' אויב

- ער -

------------

24) ישעי' מט, ו. 25) עיקר הט' מי"ג עיקרים להרמב"ם.
26) בחוקותי כו, יג. 27) בא י, כג.

ער איז ניט "כנגד") זעט אז זיי וועלן ניט אויספירן - הערט מען אויף רעדן וועגן דעריף;

און די גרעסטע זאך וואס מ'פארלאנגט איז - אז מ'זאל פארשרייבן אויף א פאפירל אז מ'האט באהאנדלט די שאלה, און יעדערער איז געבליבן בא זיין מיינונג.

ד.ה. אז איצטער איז נתגלה געווארן בגלוי ביידע זאכן:

א) בשעת מ'גיט נאך א לחץ, ברענגט דאס א לחץ נוסף, פונקט אזוי ווי "מצוה גוררת מצוה"[28], איז אזוי אויך להיפך;

בשעת מ'גיט-נאך בנוגע צו דער אזוי-גערופענע "אטאנאמיע" אין יהודה ושומרון, איז "תחלת נפילה ניסה"[29] - מ'גיט יענעם א פינגער לכתחלה אין אן אופן אז דערנאך ווארפט יענער ארויס דעם וואס האט אים געגעבן דעם פינגער, ווי מ'האט דאס געזעהן לויט די דרישות וואס זיינען געקומען גלייך נאך דעריף וואס מ'האט נאכגעגעבן וועגן "אטאנאמיע" - וועגן ירושלים העתיקה.

ב) בשעת מ'האט געזאגט מיט א תקיפות אז "זאת לא", און ווער רעדט נאך אויב מ'וועט דאס טאקע אויספירן און מ'וועט ניט נאכגעבן, און מ'וועט ניט פארן צוריק אין וואשינגטאן ביז וואנעט מ'וועט זאגן אז מ'נעמט דאס אן - וועט מען זיך דעמולט אפשטעלן, און מ'וועט ניט לוחץ זיין.

און בשעת א איד זאגט דאס מיט א תקיפות וואס איז געבויט אויף א פס"ד פון תורתנו תורת חיים ותורת אמת - איז כלשון הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו: פארן אמת ווערן אלע נתפעל, און "אמת מארץ תצמח"[30], און דעמולט וועט בטל ווערן זייער דרישה.

טו. וכמדובר כמ"פ אז הכל מודים אז מ'דארף האבן שלום, ס'דארף זיין "ונתתי שלום בארץ"[31], און קיינער דינגט זיך ניט אז פקו"נ איז דוחה כל התורה כולה - כולל אויך דעם לאו פון "לא תחנם";

דער מצב האמיתי איצטער איז אבער, אז ס'איז א דבר ברור [אפי' לויט די מיינונג פון ניט אידן - ווי מ'האט שוין געדרוקט בכ"מ] אז אויב מ'וועט נאכגעבן עפעס-וואס אין יהודה ושומרון (וואס איז כולה על הגבול) - איז דאס א סכנה ממשית פון פקו"נ.

- וועט -

---

28) אבות פ"ד מ"ב. 29) סוטה מד, ב. ספרי ופרש"י עה"פ שופטים כ, ט. 30) תהלים פה, יב. 31) בתוקותי שם, ו.

ווען מ'האט גערעדט וועגן דערויף אין דעצעמבער, האט מען באוויזן דעם אדון הגדול פון ארה"ב א מפה, און מ'האט אים באוויזן אז אויב ס'איז דא ערגעץ-וואו א נקודת החולשה והתורפה (א שוואכער פונקט), קען מען במשך פון א האלבע שעה דורכשניידן די גאנצע ברייט (דוחב) פון א"י ביז צום ים התיכון (ים הגדול) -

וואס דערפאר מוז מען דארטן האלטן צבא, און מ'מוז דארטן האלטן מקומות בצורים, און מ'מוז דארטן האלטן א ישוב פון בנ"י, אז אלע זאלן זעהן אז דאס געהערט צו אידן - און דערפאר קען מען גארניט נאכגעבן אין יהודה ושומרון.

איז ווען מ'וואלט אזוי ממשיך געווען ווען מ'איז געווען אין "מחנה דוד" (אפי' ווי דאס הייסט אויף ענגליש - "קעמפ דייוויד"), און מ'וואלט דאס געזאגט מיט א תוקף - וואלט מען געהאט בעסערע תוצאות; מ'וואלט דאס אויסגעפירט - פונקט ווי מ'פירט אוים ווען מ'שטעלט זיך איצטער בתקיפות בנוגע צו ירושלים העתיקה.

וויבאלד אז מ'איז אבער געווען געפאלן ביי זיך, און דער עיקר - עס זיינען געווען יועצים וואס האבן ניט מסביר געווען און מתאר געווען דעם מצב לאמיתתו - האט מען נאכגע-געבן, און געזאגט אז מ'קען מאכן "אטאנאמיע" -

ווייסנדיק אז וואס פאר א פירושים איין צד וועט נאר מאכן אין "אטאנאמיע", איז דאס כלא חשיבי, ווארום ס'איז דא דער צד השני, וואס יענעם וועט מען אפגעבן די שטחים הילו"ת, און יענער וועט האבן "פאליציי" (משטרה), וואס אויף דערויף מוז מען האבן נשק, וועט מען מוזן ערלויבן זיי האבן נשק,

און דערנאך וועלן זיי ווערן ביי זיך האפערדיק און בעלי-בתים - במכש"כ וק"ו פון איצטיקן מצב, אז נאך די אלע מפלות וואס זיי האבן געהאט, מאנען זיי בתוקף די אלע דרישות שבגלוי, נוסף אויף די דרישות וואס דערווייל זיינען זיי נאך ניט בגלוי, כמדובר כמ"פ.

און ווען מ'שטעלט זיך מלכתחלה בתוקף אז יהודה ושומרון געהערט צו אידן אלס נחלת עולם לעם עולם, און אז מ'טאר ניט אפגעבן קיין "שעל" - ניט נאר מצד דעם לאו פון "לא תחנם", נאר נאכמערער: מצד דעם ענין פון פקו"נ, וואס דאס איז כנגד כל התורה כולה - איז ניט נאר אז דאס וואלט ניט אנגערירט די סיכויים לשלום, נאר אדרבה: עס וואלט געווארן נענטער צו א שלום בר קיימא.

טז. און די וואס דינגען זיך און זאגן אז צוליב שלום דארף מען אלץ טאן - איז דאס פונקט פארקערט: אויב מ'וויל ס'זאל זיין נענטער צו שלום, דארף מען זיך שטעלן בתוקף.

- און -

און ווי מ'זעט אז בשעת מ'האט נאכגעגעבן האלב (וואס דאס איז ניט האלב - נאר א סאך מערער ווי האלב) - מ'האט אפגעגעבן א שעל אין יהודה ושומרון מיטן נוסח פון "אטאנאמיע" וכו' - האט דאס גלייך געבראכט א לחץ נוסף, ביז צום לחץ בנוגע צו ירושלים העתיקה, ביז צום לחץ נוסף בנוגע צו די אלע ענינים וואס דערווייל איז מען נאך ניט מגלה,

ביז צום לחץ נוסף בנוגע צו א דבר איום ונורא [וואס מ'האט אויפגעהערט רעדן וועגן דערויף - איך ווייס ניט וואס די סיבה איז - צי דערפאר וואס די זאך איז בטל געווארן, אדער ווייל די זאך איז איום ונורא עד כדי כך אז מ'האט מורא דאס צו זאגן]:

מ'האט געזאגט אז אויב ס'וועט זיין א שלום, וועט מען ערלויבן אז ס'זאל גיין א וועג דורך גאנץ א"י, וואס וועט פארבינדן ירדן מיטן ים התיכון, וואס מיט דער וועג וועלן זיך קענען באנוצן סיי די ירדנים, סיי די מצריים און ערבים בכלל.

וואס דורך דער וועג ווערט צושניטן רח"ל גאנץ א"י אויף שני חלקים - און צו וואס דאס ברענגט האט מען שוין געזעהן בשעת ס'איז געווען אזא זאך (וואס דעמולט האט מען דאס אנגערופן בשם "קארידאר" (פרוזדור)) צווישן פולין מיט אשכנז (דייטשלאנד)!

און מ'דארף ניט האבן קיין מומחים גדולים אויף צו וויסן וואס קען ווערן בשעת מ'מאכט אזא רשות הרבים - ווארום דאס איז דער תנאי פון אזא דרך (א "הייוויי" - ווי מ'רופט דאס דא אן), אז מ'זאל זיך קענען באוועגן פריי אן קיין השגחה און אן קיינע הגבלות (אמת טאקע מערניט ווי אין רוחב הדרך),

און ווער וועט זיך דארטן קענען באוועגן פריי אן קיין השגחה - זיינען דאס די וואס געפינען זיך אין ירדן, וואס זיי האבן איצטער געמאכט די בחירות, און מ'ווייסט וועמען זיי האבן אויסגעקליבן אלס זייערע באי-כח, און אויך די וואס געפינען זיך פון דעם אנדער זייט, ביים ים הגדול, און דאס איז אויך כולל די וואס געפינען זיך אין סורי' וצור וכו'.

וכאמור אז מ'האט אויפגעהערט רעדן וועגן דערויף - והלואי זאל די סיבה זיין דערפאר וואס די זאך איז בטל געווארן; עס איז אבער געווען א הסכם אויף דערויף, ניט נאר אז מ'האט געוואלט נאכגעבן דאס, נאר מ'האט שוין מסכים געווען אויף דעם, וי"א אז די הצעה איז גאר געקומען פון אידן! דאס איז דאך אן ענין וואס לא הי' לעולמים!

ע"ד האמור לעיל אז אוה"ע זאגן אז די ערטער זיינען

- ניט -

ניט קיין "גזולים" - קומען אבער צוגייך אידן און זיינען מגרה דעם יצה"ר - און זאגן צו אוה"ע: נעמט צו דעם שטח!

יז. ובנוגע לעניננו: ווען מ'וועט זיך שטעלן בתוקף, און מ'וועט ארויסגעבן א כתב חתום - וואס דער עיקר מוז דאס האבן ארה"ב - וועלן זיי לוחץ זיין אויפן צד השני (אפי' אז מ'זאל איס ניט אנרופן צד שכנגד), און זיי וועלן מוזן נאכגעבן די אלע ענינים וואס זיי וועלן קומען לידי הכרה והחלטה אז אין דערויף וועלן זיי ניט קענען אויספירן.

הלואי וואלט מען זיך געשטעלט אויף אלע איבעריקע ענינים אזוי ווי מ'האט זיך געשטעלט אויף ירושלים העתיקה - וואדוס סוכ"ס וועט מען זיך מוזן שטעלן אויף דערויף, אבער דעמולט קען דאס זיין אין א מעמד ומצב בלתי רצוי היל"ת;

ווען מ'וואלט זיך געשטעלט אויף די אלע ענינים מיט חדשים צוריק, וואלט דער מצב געווען א סאך לייכטער - עס וואלטן ניט געווען קיינע קשיות אז נעכטן האטמו געזאגט באופן כך, און דא איז פארשריבן פון דיר א בריוו באופן כך, און דא האט מען א הבטחה באופן כך, איז היתכן אז איצטער האטמו חרטה - ווארום ער וואלט נעכטן און אייער-נעכטן אויך געזאגט די זעלבע זאך.

אבער אזוי ווי ס'איז ידוע דער פתגם* אז ס'איז קיינמאל ניטא קיין פארפאלן, וואס דאס איז מיוסד אויפן מארז"ל "אפילו חרב חדה מונחת כו' אל ימנע עצמו מן הרחמים" - איז פארשטאנדיק אז ווען מ'וועט זיך שטעלן בתוקף לכה"פ איצטער, און מיט א תוקף וואס איז געבוים אויף א פס"ד ברור אין שו"ע - וועלן זיי זעהן אז אין דערויף איז ניט שייך צו דינגען זיך, ווארום "זאת התורה לא תהא מוחלפת".

וכאמור אז מ'האט געזעהן אז בשעת מ'איז געגאנגען מיט דער שיטה פון נסיגה - נאכגעבן א ביסל און נאך א ביסל, און ערשט דערנאך שטעלן זיך בתוקף (ווייל ס'איז שוין ניטא קיין ברירה) - איז ניט נאר אז דורך דערויף האט מען ניט געהאט קיין נשיאת חן, נאר אדרבה: דאס האט נאכמער אנגעצויגן די יחסים און האט געבראכט צו סכסוכים (איך וויל ניט זאגן קיין שארפערען ווארט) צווישן אידן מיט אוה"ע; און ווען קען מען מצליח זיין - דוקא ווען מ'שטעלט זיך אוועק בתוקף.

יח. און דעמולט וועט מען אלץ אויספירן - כולל אויך דעם ענין אז ס'וועט זיין א שלום בר קיימא, צוזאמען מיט שלימות הארץ -

------------

32) היום יום ע' נג. 33) ברכות י, סע"א.

הארץ, ארץ ישראל לגבולותי׳, ווארום ס׳וועט זיין געבויט אויף שלימות התורה, צוזאמען מיט שלימות העם - דער ענין פון גיור כהלכה.

און ניט כדעת המסיתים והמדיחים והמסעים אז דער ענין פון "מיהו יהודי" איז ניט נוגע אין א"י - ס׳איז ניטא קיין זאך פון אידישקייט וואס ס׳איז ניט נוגע צו א"י, ואדרבה: אויף דערויף איז מיוסד דער קיום פון א"י,

כמובן אויך פון פשטות הכתובים אין פ׳ בחוקותי ובכ"מ, אז כדי א"י זאל זיין מערער און בעסער וכו׳ - דארף א איד לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און וואס מער שלימות ביי אים איז דא אין לימוד התורה וקיום המצוות - ווערט אלץ מער שלימות אין א"י.

און פאנאנדערטיילן און זאגן אז א אידן אין א"י איז דאס ניט נוגע, און א אידן אין חו"ל איז דאס יע נוגע, וואס דערפאר דארף א איד אין א"י ניט קאכן זיך אין דעם - איז לא הי׳ לעולמים אז א איד בכלל זאל זאגן אזא זאך,

עאכו"כ א איד וואס קומט צוגיין און זאגן אז ער רעדט בשם פון א רב, און ער איז זיין בא-כח, און שושקעט אריין אין אויער אז דאס איז נוגע נאר אין חו"ל, און אין א"י איז דאס ניט נוגע - דאס איז דער גרעסטער חושך כפול ומכופל וואס מ׳קען אריינברענגען אין "תורה אור" רח"ל!

ובפרט אז ער טוט דאס נאך אן אין אן איצטלא של יר"ש - ער האלט גאר ניט ביי תשובה טאן: ער טראכט, און וויל איינ-רעדן יענעם, אז דאס איז פרומקייט, ווארום דורך דערויף וועט זיך האלטן א ישיבה - א ישיבה פון "תורת אמת" קען זיך ניט האלטן אויף היפך התורה, היפך השו"ע, און היפך הפס"ד!

יס וכאמור לעיל אז דאס וואס מ׳האט זיך געדונגען צי מ׳האט זיך געדארפט שטעלן בתוקף צי ניט - ווארום מצד דערויף וואס מ׳געפינט זיך בגלות, דארף מען אנקומען צו "חסד לאומים", אע"פ וואס מ׳ווייסט אז "חסד לאומים חטאת" - האט מען איצטער געזעהן בפועל, אז בשעת מ׳שטעלט זיך בתוקף, מוז יענער נאכגעבן.

ער טוט דאס טאקע מצד אנדערע טעמים: כבוד עצמו הוא דורש, להתגדל ולהתייהר, און "חסד לאומים חטאת", מיט אלע ענינים וואס די גמרא זאגט אין ב"ב[34] - דערווייילע טוט ער אבער א גוטע זאך, ער רעכנט טאקע אז דאס איז שלא לשמה; דער אמת איז אבער אז ער טוט דאס דערפאר וואס "לב מלכים ושרים ביד ה׳"[35].

- מ׳דארף -

------------

34) שם. 35) ע"פ משלי כא, א.

מ׳דארף אבער האבן אז דער איד זאל שטיין בתוקף און זאגן אז א"י געהערט צו אים, דערפאר וואס "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים"[36], "ברצונו נתנה להם וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו"[37] - גאנץ א"י בשלימותה.

וכאמור אז איצטער איז דאס א מעמד ומצב וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון פקו"נ - וואס פקו"נ איז דוחה כל החשבונות, אפי׳ די תשבונות אז דערפאר וועט מען באקומען אזוי פיל און אזוי פיל לירות פאר א ישיבה!

וכאמור לעיל אז ווען מ׳וואלט זיך דעמולט געשטעלט בתוקף, וואלט מען דאס שוין דעמולט אויסגעפירט, און ניט נאר אז דאס וואלט ניט געמאכט קלענער די סיכויים צו שלום אמיתי, נאר אדרבה - דאס וואלט מונע געווען די קריגעריי וואס איז דערנאך אויסגעבראכן (און דערווייילע האלט מען נאך אינמיטן) - אבער אין צועקין על העבר.

כ. ויה"ר אז עכ"פ מכאן ולהבא זאל מען זיך שטעלן בתוקף, און מיטן תוקף פון תורתנו תורת אמת, אז וויבאלד גאנץ א"י שטייט על הספר (על הגבול), טאר מען ניט אפגעבן קיין שעל פון גאנץ א"י לגבולותי׳.

און וויבאלד אז דאס איז ניט "כחי ועוצם ידי"[38], נאר ס׳איז א פס"ד פון "תורת אמת", וואס "זאת התורה לא תהא מוחלפת", און דאס איז א תורה פאר דער גאנצער וועלט - אירע פסקי דינים זיינען אויך בתקפם לגבי אוה"ע - איז א זיכערע זאך אז סוכ"ס וועט מנצח זיין אט-דער שטאנד-פונקט.

און דוקא ווען מ׳וועט זיך שטעלן מיטן תוקף פון "תורת אמת" - דעמולט וועט מען קענען האבן א שלום ביי אידן גופא, און ניט ווי דאס איז איצטער.

בדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו "מיהו יהודי", אז ס׳זיינען דא אזוינע וואס זאגן אז בשעה מ׳וועט מוותר זיין אויף גיור כהלכה, וועט דאס בדענגען אחדות ביי אידן -

זעט מען אבער אז דער מצב איז פונקט א היפך׳דיקער: דוקא ווען ס׳איז דא דער "המבדיל בין ישראל לעמים", דעמולט זיינען ניט אידן צופרידן, און אידן זיינען צופרידן, ווארום יעדערער גייט זיך בדרכו, און ניט אז מ׳גנב׳ט צו א גוי בא גוים און מ׳פארשרייבט אים אלס יהודי, און ער גייט ארום און שרייט אז ער איז געבליבן א ניט איד כמו שהי׳ וכו׳, מיט אלע פרטים שבדבר.

- וואס -

---

36) תהלים קיא, ו. 37) פרש"י ר"פ בראשיה. 38) ל׳ הכתוב - עקב ח, יז.

וואס דאס איז נוסף אויף דעם ענין וואס מ'זעט אז די גרעסטע היפך פון אוהבי ישראל רח"ל, זיינען ארויסגעקומען דערפון וואס מ'האט געוואלט מכריח זיין א גוי ער זאל ווערן א איד, כמבואר אין ספרי דברי ימי ישראל - אפי' ווען דערנאך איז געווען גיור כהלכה, מערניט וואס ס'האט געפעלט אין דעם וואס מ'דארף האבן אז דער גיור זאל זיין מרצונו הטוב (ווארום מ'האט אנגעהויבן מיט א הכרח און ניט מרצונו הטוב), עאכו"כ ביי גיור שלא כהלכה.

כא. ולסיכום: כדי ס'זאל זיין שלום צווישן אידן, דארף מען האבן אז ס'זאל זיין גיור כהלכה דוקא, וואס דאס וועט אויך ברענגען צו ביסום השלום צווישן אידן און ניט אידן, ועד"ז אויך אז מ'זאל ניט נאכגעבן קיין ענין אין די שטחים וואס מ'טאר ניט נאכגעבן ע"פ תורה.

און בשעת מ'וועט גיין אויף דעם "אייזערנעם בריק" פון "תורת אמת" - וועט דאס זיכער ברענגען צו שלום צווישן אידן גופא [אע"פ וואס דערווייליע זיינען נאך דא אזוינע וואס זיי האבן א טעות און רעכענען אז אן אנדער שיטה האט רח"ל עפעס-וואס א קיום און סיכויים לשלום].

און דעמולט - גייענדיק לבטח דרכו, אין דעם דרך פון יעדער אידן, וואס דאס איז דער דרך התורה והמצוה, לויט דעם פס"ד פון שו"ע - וועט מען אויספירן אז ס'זאל זיין שלימות הארץ, צוזאמען מיט שלימות העם, ווארום זיי וועלן ווערן פארבונדן מיט שלימות התורה,

וואס שלימות איז פון לשון שלום, און שלום איז פון לשון שלימות - אז דאס איז די איינציקע וועג אז מ'זאל האבן שלום אין א"י, און שלום אין חו"ל, אויף וויפל ס'איז דא דער ענין השלום קודם ביאת משיח צדקנו,

וואס דער אמת'ער שלום וועט זיין בביאת משיח צדקנו, בדוגמא ווי ס'איז געווען בא שלמה המלך, ווי ס'שטייט[39] "שלום ושקט אתן על ישראל בימיו" - ווי דער רמב"ם[40] פסק'נט אפ אז משיח וועט זיין "מבית דוד", און אין "בית דוד" גופא (וואס דוד האט געהאט כמה קינדער) - "מזרע שלמה בלבד".

וואס די הקדמה קרובה לזה וועט זיין דורך דער עמידה בתוקף אין די לעצטע טעג פון גלות על כל האמור - אז מ'וועט שטיין בתוקף אז ירושלים העתיקה (פונקט ווי ירושלים החדשה) געהערט צו עם ישראל אין אן אופן פון "נחלת עולם", ועד"ז אויך יהודה ושומרון,

- עאכו"כ -

---

39) דה"א כב, ט. 40) פיהמ"ש לסנהדרין פ' חלק יסוד הי"ב.

עאכו"כ איצטער, ווען ס'איז א מעמד ומצב פון עיר הסמוכה לספר, וואס דעמולט טאר מען ניט מוותר זיין אפי' אויף אן אצבע קטנה פון די אלע שטחים.

וואס דאס וועט מבסס זיין דעם מעמד ומצב פון העדר המלחמה, און נאכמערער: דאס וועט ברענגען א קירוב צו שלום בר קיימא - ווי דער ענין השלום קען זיין אין ימי הגלות.

און מ'זאל אויפהערן ארויספירן נשק פון יהודה ושומרון (וואס דערווייל מאכט מען נאך דערפון א סוד), און אפי' ניט ארויספירן נשק פון סיני, וואס דערווייל האט דאס ניט קיין הצדקה (בארעכטיקונג), וויבאלד אז מ'האט נאך ניט גע'חתמ'ט קיין חוזה מיט קיינע תנאים - ס'איז מערניט וואס מ'וויל באווייזן אז מ'וויל נאכגעבן און אפגעבן, [וואס דערפאר איז נאך איידער מ'האט גע'חתמ'ט א פאפיר] וואס אפי' נאך דערויף וואס מ'וועט חתמ'נען, ווייסט מען אויך ניט דעם תוקף פון די תנאים מיט די פרטים וואס שטייען אין דעם פאפיר] - הויבט מען שוין אן ארויספירן דעם נשק.

וואס כללות העמידה בתוקף איז פארבונדן מיט מוסיף זיין אין דער חומה אמיתית און דעם תוקף אמיתי פון יעדער אידן בכל מקום שהוא, וואס "חומה זו תורה"[41], ובפשטות - לערנען תורה בהתמדה ושקידה, און וויבאלד אז "גדול לימוד שמביא לידי מעשה"[42] - וועט דערפון ווערן חומת המצוות, וואס יעדער מצוה איז א "פרקליט"[43], א חומה וואס באשיצט אידן וכל ענייניהם פון דעם חושך כפול ומכופל פון עקבתא דמשיחא.

ומתוך שמחה וטוב לבב, ומתוך הרחבה אמיתית, אין אן אופן פון רויחי אין בני חיי ומזוני - וועט מען גיין בקרוב ממש מקבל זיין פני משיח צדקנו,

ביז ווי ס'שטייט אין ילקוט[44] אז דער חינוך פון ביהמ"ק השלישי וועט זיין בחודש כסלו - וועט דאס זיין בחודש כסלו זה פון שנת חשל"ט, וכל המקדים - וואס פריער אין חודש כסלו - הרי זה משובח,

כן תהי' לנו.

*　　　*　　　*

------------

41) פסחים פז, א. 42) ראה קידושין מ, ב. 43) ראה אבות פ"ד מי"א. 44) ראה יל"ש מלכים סוף רמז קפר.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ ויצא, ט׳ כסלו ה׳תשל"ט.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. די התוועדות איז פארבונדן מיט יו"ד כסלו - דער "חג הגאולה" פון דעם מיטעלן רבי׳ן, וואס ער איז געווען דער ממלא מקום פון דעם אלטן רבי׳ן.

וכמדובר כמ"פ וועגן דעם תואר פון "ממלא מקום" - אז וויבאלד ס׳איז א תואר וואס איז געגעבן געווארן דורך חז"ל[1], איז עס בתכלית הדיוק - ד.ה. אז ער פילט אן דעם גאנצן מקום פון דעם פריערדיקן,

ובפרט אז דא קומט נאך צו דער ענין וואס ער איז געווען בנו - וואס דעמולט איז אויך דא דער ענין וואס "יפה כח הבן מכח האב"[2], מיט אלע פירושים וואס זיינען דא אין דערויף[3].

ובפרט לויט ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דערציילט[4], אז בחייו פון דעם אלטן רבי׳ן זיינען געווען כו"כ ענינים וואס דער אלטער רבי האט זיי איבערגעגעבן צו זיין זון, דער מיטעלער רבי, און האט אים געהייסן ער זאל טאן אין דערויף.

וואס דאס איז בדוגמא ווי מ׳געפינט בא כמה גדולי ישראל, אנהויבנדיק פון משה רבינו, וואס ער איז געווען דער ערשטער "רעיא מהימנא" - אז בחייו האט ער שוין סומך געווען ידיו אויף יהושע בן נון (דער וואס איז געקומען נאך אים), און ווי חז"ל[5] זיינען דאס מסביר, אז ער האט געוואלט אז אידן זאלן זעהן וואס יהושע בן נון איז.

ועאכו"כ בנדו"ד, וואס עס קומט צו דער ענין פון בן לאב, אז נוסף אויף דערויף וואס "תלמידים קרויים בנים"[6] וואס דער ענין איז געווען אויך בא יהושע בן נון, ואדרבה, ביי אים איז געווען תכלית השלימות וואס קען זיין ביי א תלמיד, ביז אין אן אופן פון "לא ימיש מתוך האוהל"[7] - קומט צו בנדו"ד אויך דער ענין פון בן לאב, ד.ה. דער ענין פון "בן" און דער ענין פון "תלמיד" צוזאמען.

ב. וויבאלד אז ער איז געווען א רועה ישראל, איז

- פארשטאנדיק -

------------

1) ראה כתובות קג, ב. רמב"ם הל׳ מלכים פ"א ה"ז. ועוד.
2) שבועות מח, א. 3) ראה לקו"ש ח"ה ע׳ 423 הע׳ 10. ח"ח ע׳ 154 הע׳ 35. 4) היום יום ע׳ סח. ספר התולדות אדהאמ"צ ע׳ 39 ואילך. ועוד. 5) ראה פרש"י עה"פ פינחס כז, כ. ועוד.
6) פרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז. 7) תשא לג, יא.

פארשטאנדיק, אז ניט קוקנדיק אויף די גדויסקייט פון זיין דרגא ומעלה, האט דאס אויך א שייכות צו יעדער אידן (וויבאלד אז ער איז געווען דער רועה ישראל),

און ניט נאר סתם א שייכות, נאר בדוגמת השייכות פון א רועה צו צאן מרעיתו - וואס ער שטעלט זיי צו אלע זייערע צרכים, און ניט נאר דאס וואס זיי ווייסן און פילן אז דאס איז זייערע צרכים, נאר לויט ווי דער רועה פילט וואס איז זייערע צרכים,

און ער שטעלט דאס זיי צו אין אן אופן פון "איש לפי כחו" - ווי עס ווערט דערציילט אין מדרש8 בנוגע צו משה רבינו, אז ער האט זיך געפירט אין אן אופן אז "הי' מוציא הקטנים לרעות כדי שירעו עשב הרך, ואח"כ מוציא הזקנים כדי שירעו עשב הבינונית, ואח"כ מוציא הבחורים שיהיו אוכלין עשב הקשה",

ווארום וויבאלד אז עס קען זיין דער ענין פון "רוב טובה"9 - באווארענט מען אויך דעם ענין, און ניט דורך דערויף וואס מ'איז ממעט דעם ריבוי הטובה ח"ו, נאר דורך דערויף וואס מ'גיט דאס אין אן אופן אז ס'זאל נקלט ווערן סיי באופן פנימי און סיי באופן מקיף, בדוגמא ווי דער ענין פון לשון קצרה, וואס דאס איז א מועט המחזיק את המרובה10.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו רועי ישראל, יעדערער בדורו (ועד"ז אויך אין די דורות הבאים לאח"ז), אז ניט קוקנדיק אויף גודל המעלה שלו, האט ער אבער א שייכות צו יעדער אידן, און ניט סתם א שייכות, נאר א שייכות דורך וועלכע יעדער איד באקומט כל הצרכים שלו, סיי אורות און סיי כלים, סיי פנימיים און סיי מקיפים, מיט אלע פרטים שבזה, ווי זיי ווערן אויסגערעכנט און נתבאר בכ"מ פון די דרושי חסידות פון בעל השמחה - דער מיטעלער רבי.

און דאס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן אז ניט נאר אז ער באקומט כל הצרכים שלו, נאר די קבלה איז אין אן אופן אז דערנאך ווערט ער דער משפיע פון תורת רבו, אז דורך אים ווערט נמשך דאס וואס ער האט מקבל געווען - צו אלע אידן וואס געפינען זיך בסביבתו הקרובה און אויך בסביבתו הרחוקה.

ביז צו דער נקודה הפנימית - ווי דער מיטעלער רבי האט געזאגט11 אז ער וויל אז ווען צוויי יונגעלייט טרעפן זיך, זאלן זיי רעדן וועגן יחו"ע, ד.ה. אז ווען מ'קומט זיך

- צוזאמען -

------------

8) שמו"ר פ"ב ב. 9) ראה תענית כג, א. 10) ראה סה"מ עת"ר ס"ע לה ואילך. ועוד. 11) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"י ע' 99 הע' 68.

הנחת הת' בלתי מוגה

צוזאמען און מ'הויבט אן דעם קשר צווישן זיך, זאל זיך דאס אנהויבן מיט א דיבור בנוגע צו יחו"ע.

ג. אע"פ אז דרגת העבודה פון א רועה ישראל איז א דרגא הכי נעלית - אעפ"כ, דאס גופא וואס מ'ווייסט דערפון (לויט ווי ס'איז מבואר אין די שיחות ומאמרים פון דבותינו נשיאינו), איז א הוכחה גמורה אז יעדערער האט דערצו א שייכות, און דאס קען ביי אים זיין בכמה אופנים.

ובכללות - לויט ווי דער אלטער רבי שרייבט אין דעם שער-בלאט פון ספר התניא (תושב"כ פון חסידות[12]), אז "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו"[13], און ער טייטשט אויס בפרטיות אז אין דערויף איז דא א "דרך ארוכה" און א "דרך קצרה", מיט אלע פרטים ווי אזוי מ'קען דערצו דערגרייכן.

וכאמור אז די נקודה בזה איז - אז צו יעדערן איז געזאגט געווארן אז "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך", וואס דאס איז דער ענין פון דיבור און מחשבה, ביז "לעשותו" - אויך אין מעשה.

ס'איז מעדניס וואס ס'זיינען דא אזוינע וואס בא זיי נעמט דאס לייגער, און ס'זיינען דא אזוינע וואס זיי מאכן דאס אין א זמן קצר [זמן קצר לפי ערך, אדער זמן קצר באמת] -

איז אויך בנוגע צו די וואס בא זיי נעמט דאס לייגער - איז כמדובר כמ"פ אז בשעת איינעם קומט דאס אן א ביסל (אדער א סאך) שווערער ווי א צווייטן, איז ווייסנדיק אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[14], איז דאס גופא א הוכחה אז מ'האט אים געגעבן כחות נוספים אדער כחות נעלים יותר, וואס כדי ער זאל מוזן ארויסברענגען און נוצן די כחות, שטעלט מען אים צו אזוינע שוועריקייטן וואס זיינען ניטא ביים צווייטן.

ד. כמדובר כמ"פ אז בא יעדער נשיא איז דא א נקודה מיוחדת אין וועלכע ער צייכנט זיך אויס במיוחד, משא"כ ביים צווייטן נשיא, וואס ער האט אן אנדער נקודה מיוחדת, אע"פ וואס ער איז "ממלא מקומו".

ובדוגמא ווי מ'געפינט בא די אבות אברהם יצחק ויעקב [וואס "אין קורין אבות אלא לשלשה"[15]], אז אע"פ אז יעדערער פון זיי האט געהאט כל העילויים, האט אבער יעדערער פון זיי געהאט א נקודה מיוחדת דורך וועלכע ס'זיינען דורכגעגאנגען אויך שאר עניניו:

- ביי -

------------

12) מכ' - נדפס בקצוה"ע לתניא ע' קיח. 13) ל' הכתוב - נצבים ל, יד. 14) במדב"ר פי"ב, ג. 15) ברכות טז, ב.

ביי אברהם איז געווען דער ענין פון "אברהם אוהבי"[16], בא יצחק - דער ענין פון "פחד יצחק" (ווי ס'שטייט אין היינטיקע סדרה[17]), און בא יעקב - דער ענין פון "יושב אהלים"[18], וואס ביי איס איז געווען דער ענין פון "אלקי אבי אברהם ופחד יצחק הי' לי"[19], ד.ה. ביי איס איז געווען א מדה און א הנהגה און אן עבודה וואס איז כולל סיי דעם ענין פון "אלקי אברהם" און סיי דעם ענין פון "פחד יצחק", כמבואר באריכה בכ"מ אין די דרושים פון דעם מיטעלן רבי'ן[20] די דרגות אין עבודה.

ועפ"פ האמור לעיל (ס"ב) אז א רועה ישראל האט א שייכות צו יעדער אידן, וואס דערפאר קען יעדער איד, אפי' א קטן שבקטנים אין הבנה והשגה (אדער בשאר עניניו), אפלערנען זיך פון זיין הנהגה - איז פארשטאנדיק, אז עס דארף זיין אין אן אופן אז אפי' ווען א קטן קוקט זיך צו, כאפט ער זיך גלייך אין וואס איז באשטאנען ענינו המיוחד פון דעם מיטעלן רבי'ן, בדוגמא ווי ער כאפט זיך וועגן אברהם ויצחק - דער ענין פון "אברהם אוהבי" און "פחד יצחק".

ה. אין דערויף קומט אויך צו די נתינת כח מיוחדת (אויף דעם לימוד וואס מ'דארף זיך אפלערנען פון דער הנהגה פון דעם מיטעלן רבי'ן) וואס איז דא ביום שמחתו - יום הגאולה שלו:

ווארום ע"ד ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט געשריבן בנוגע צו זיין גאולה, אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה כו'", נאר אויך יעדער אידן און אלע אידן (ווי ער רעכנט אויס בפרטיות די אלע סוגים פון אידן) -

איז עד"ז אויך בנוגע צו דער גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן, אז "לא אותו בלבד גאל הקב"ה", נאר די גאולה איז אויך פאר אלע אידן [נאר דער ענין אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה כו'", איז נתגלה געווארן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, פונקט ווי ער האט מגלה געווען נאך כו"כ ענינים].

ו. די גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן האט נאך א נקודה מיוחדת - אז זי קומט אויף מארגן נאך ט' כסלו, ד.ה. בהמשך צו ט' כסלו:

ט' כסלו איז דער יום ההסתלקות פון דעם מיטעלן רבי'ן,

- און -

---

16) ישעי' מא, ח. 17) לא, מב. וראה אגה"ק סי"ג (קיט, ב). 18) תולדות כה, כז. 19) ראה תו"ח ד"ה אלה תולדות. ועוד. 20) במכ' - נדפס בסה"מ תרפ"ח ע' קמו. תש"ח ע' 263.

הנחת הת' בלתי מוגה

און ס'איז אויך דער יום ההולדת שלו. ביי אים איז געווען בגלוי ובפשטות דאס וואס תורה זאגט אז "הקב"ה יושב וממלא שנותיהם של צדיקים מיום ליום"[21], ווארום ער איז נולד בט' כסלו און אויך נסתלק בט' כסלו.

און דער טאג פון ט' כסלו - איז דער ערב פון יום הגאולה שלו.

די מעלה פון יום ההסתלקות, ובפרט בא צדיקים, איז - ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[22] אז "בעת פטירתו" איז "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו . . מתגלה ומאיר בבחי' גילוי מלמעלה למטה" ווי דאס שטייט בשרשו, און דאס גיט כח צו תלמידיו און ההולכים באורחותיו, כמבואר בארוכה אין אגה"ק[23].

און די מעלה פון יום ההולדת איז - כמרז"ל[24] "שתהא יציאתך מן העולם כביאתך לעולם".

וואס וויבאלד אז מ'לערנט דאס אפ[25] פון א פסוק אין תורה[26], איז פארשטאנדיק, אז דאס גייט ניט נאר אויף די וואס זיינען ניט דערגאנגען צו תכלית השלימות (אז זיי דארפן זיך ווינטשן "שתהא יציאתך מן העולם כביאתך לעולם") - נאר דאס איז א וואונטש וואס מ'זאגט אויף כל אחד ואחת, ככל העינינים שבתורה.

וואס די מעלה פון יום ההולדת בפשטות איז - אז אט-ערשט קומט ער פון א מעמד ומצב וואס "נר דלוק לו על ראשו" און "מלמדין אותו כל התורה כולה"[27].

[און דאס וואס מיט א רגע פריער איז "בא מלאך וסטרו על פיו ומשכחו כל התורה כולה" - איז דאס מערניט וואס ער פארגעסט אויף דערויף, אבער די קדושה, די תורה און אור עליון וואס ער האט מקבל געווען, איז בתקפו אויך נאך דערויף וואס "בא מלאך וסטרו על פיו כו'"].

וואס דערפאר זעט מען אין הנהגת רבותינו נשיאינו, אז ביום ההולדת זיינען דא כו"כ מנהגים ועינינים וואס באווייזן אויף אן ענין של שמחה[28] [משא"כ בנוגע ליום ההסתלקות - כידוע[29] דער חילוק צווישן חב"ד מיט פולין בנוגע צו דעם ענין פון יום ההסתלקות, וואס אין כאן המקום להאריך בזה].

און דער כללות החילוק צווישן יום ההולדת מיט יום

- ההסתלקות -

---

21) ר"ה יא, א. 22) סכ"ח. 23) סז"ך וביאורו.
24) ב"ב קז, סע"א. וראה אדר"נ רפל"ס. 25) ב"מ שם.
26) תבוא כח, ו. 27) נדה ל, ב. 28) ראה לקו"ש ח"ה ע' 86 שוה"ג הא' להע' 1. 29) ראה גם לקו"ש חי"א ס"ע 210.



הנחת הת' בלתי מוגה

התסתלקות איז - אז ביום ההולדת שטייען אלע ענינים בכח, ווארום ער איז ערשט ארוים לאויר העולם, און ביום ההסתלקות שטייען אלע ענינים בגילוי, ווי געבראכט פריער דאס וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק.

און די צוויי ענינים, יום ההולדת און יום ההסתלקות, שטייען אלס א הקדמה און א הכנה צו יום הגאולה,

וואס פון יום הגאולה נעמט מען מיט די התעוררות, מיטן נתינת כח און עידוד, אויף דער עבודה פון כל השנה כולה, ביז צו יו"ד כסלו פון שנה הבאה עלינו ועל כל בנ"י לטובה ולברכה.

ז. דער כללות הלימוד פון דער הנהגה מיוחדת וואס איז געווען ביים מיטעלן רבי'ן - איז:

די נשיאות שלו [וואס דער ענין הנשיאות איז דאך א התגלות מיוחדת אין אן ענין עיקרי שבו] האט זיך אנגעהויבן אין דעם זמן וואס איז געווען גלייך נאך א מלחמה גדולה (און אזוי איז אויך געווען (מער-ווייניקער) במשך כל ימי הנשיאות שלו, אז ס'איז געווען גלייך נאך א מלחמה גדולה).

וואס די מלחמה דעמולט איז געווען אין די מדינות אויף וועלכע די נשיאות איז געווען בגלוי

[אע"פ אז דורך דערויף איז די נשיאות נמשך געווארן בכל העולם כולו, לכל בן ובת ישראל, כפתגם פון דעם אלטן רבי'ן[30] אז חסידות איז פאר כל ישראל, ביז אין אן אופן פון "יפוצו מעינותיך (אויך אין) חוצה"].

און די מלחמה האט געבראכט צו א געוואלדיקן הירוס וחורבן היל"ת אין קהילת ישראל במדינות ההם, סיי דעם הירוס וחורבן פון די שטעט און שטעטלאך בפשטות, און סיי דאס וואס עס האט געבראכט צו העדר מנוחת הנפש, העדר מנוחת הגוף, גרעון בפרנסה וכו', כידוע צו די אלע וואס ווייסן די דברי ימי ישראל אין יענע תקופה.

ובפרט לויט ווי עס ווערט דערציילט אין בית רבי[31] ובכ"מ[32], אז בשעת מ'איז געלאפן פון אים, האט דער אלטער רבי מסביר געווען אז ער איז א מנגד און א סתירה אויף אלקות [אע"פ אז סוכ"ס איז געווען דער נצחון שלו].

- און -

---

30) לקו"ש ח"א ע' 260. וראה גם מכ' שבתחלת קונטרס עג (סה"מ תש"י ע' 94). 31) ח"א פכ"ב (מה, ריש ע"ב). וראה גם שם מז, סע"א. 32) ספר התולדות אדה"ז ע' רסד. וראה גם שם ע' רנט.

און דערנאך איז אויך צוגעקומען דער העדר הבנין אין ענינים גשמיים, און די שוועריקייטן וואס זיינען געווארן בנוגע צו טרדות הפרנסה, נוסף אויף דערויף וואס מ'האט געדארפט בויען בתים כפשוטם, און אויך בתי כנסיות - א בית לתפלה, און בתי מדרשות - א בית לתורה, ביז "ויעש להם בתים"[33].

און אין דעם מעמד ומצב איז געווען התחלת הנשיאות פון דעם מיטעלן רבי'ן.

ועד"ז אויך בנוגע צו ימי נשיאותו בכלל, אז ס'איז געווען א מעמד ומצב פון היפך ההרחבה בגשמיות, כידוע ומבואר בכ"מ[34].

ח. און אעפ"כ, גלייך אנעמענדיק די נשיאות איז תחלת פעולתו געווען - מפיץ זיין ענינים פון תורה [וואדום ביי א אידן הויבט זיך אן יעדער זאך מיט "אסתכל באורייתא"[35] - ער קוקט אין תורה, און דערפון ווייסט ער וואס ער דארף טאן בפועל]:

אנהויבנדיק פון נגלה דתורה - בנוגע צום אלטן רבי'נס שו"ע, וואס חלקים חשובים פון דעם שו"ע זיינען שוין געווען פארטיק ווען דער אלטער רבי איז נאך געווען אין מעזריטש (ד.ה. פאר שנת תקל"ג), ווי בני המחבר שרייבן אין דער הקדמה צום שו"ע; ווען איז דאס אבער ארויסגעקומען בגלוי (לאחרי ההגהה וכו') - איז דאס געווען דורך דעם מיטעלן רבי'ן.

און דאס האט זיך אפגעדרוקט גלייך אין דער שנה שלאחרי התחלת הנשיאות שלו - אין שנת תקע"ד (און ניט כמה זמן לאח"ז).

און קרוב לודאי אז די הכנות צום הדפסת השו"ע, האט דער מיטעלער רבי אנגעהויבן אין שנת תקע"ג - וואדום מה-דאך אז ווען מ'דארף אפדרוקן א ספר אין היינטיקע צייטן, און מ'שטורעמ'ט אז ס'זאל זיין בזריזות, אעפ"כ קומט ארויס די זריזות ערשט אין כמה זמן לאחרי זמן הרגיל, איז במכש"כ וק"ו אז ווען מ'האט געדארפט אפדרוקן א ספר (ובפרט א ספר בכמה חלקים) בימים ההם, און אין יענע מדינות - האט דאס געדארפט נעמען א זמן ארוך ביותר [כולל אויך די הכנות לדפוס, הגהת הכתבים און קלייבן די כתבים וכו'], וואס דערפאר איז קרוב לודאי אז די הכנות לזה האט דער מיטעלער רבי אנגעהויבן גלייך אין שנת תקע"ג.

ועד"ז אויך בנוגע צו תורת החסידות - אז ניט קוקנדיק

- אויף -

------------

33) ל' הכתוב - שמות א, כא. 34) ראה בית רבי ח"ב רפ"ב. ועוד. 35) זח"ב קסא, ריש ע"ב.

אויף דעם וואס ס'איז געווען א ריבוי גדול פון עניני חסידות בע"פ, קומט דאס אבער ניט צום ריבוי וואס איז געווארן אין דעם מיטעלן רבי'נס צייטן.

וואס דערפאר זאגן דאך רבותינו נשיאינו[36] אז דער חילוק צווישן דעם אלטן רבי'ן מיט דעם מיטעלן רבי'ן, איז בדוגמת החילוק צווישן חכמה מיט בינה, וואס אין חכמה איז דאס אין אן אופן פון נקודות נקודות, און אין בינה קומט ארויס יעדער נקודה בהרחבה, ווי מ'זעט דאס אויך בפועל בנוגע צו דעם מיטעלן רבי'נס חסידות[37].

וואס דאס איז א חילוק בנוגע צו דעם מאמר אליין - דערנאך קומט נאך צו דער חילוק עיקרי בנוגע צו "יפוצו מעינותיך חוצה", וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס עס קומט ארויס בדפוס - כידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[38], וואס ער האט איבערגעזאגט דאס וואס דער צ"צ האט געזאגט וועגן דעם תילוק צווישן אן ענין וואס איז בע"פ, בכתב און בדפוס, אז ווען עס קומט ארויס בדפוס, איז דאס אן ענין וואס איז לדורי דורות:

בחייו פון דעם אלטן רבי'ן, איז געווען געדרוקט נאר הל' ת"ת, און אויך ברכת הנהנין - און אין התחלת הנשיאות פון דעם מיטעלן רבי'ן, האט ער אפגעדרוקט דעם גאנצן שו"ע;

און אזוי אויך בנוגע צו חסידות, אז בחייו פון דעם אלטן רבי'ן איז געווען געדרוקט נאר דער תניא, (תושב"כ פון חסידות) - און אין התחלת הנשיאות פון דעם מיטעלן רבי'ן, האט ער אנגעהויבן אפדרוקן תושבע"פ פון חסידות [נוסף אויף דעם וואס תושבע"פ פון חסידות קומט אראפ אין כתב, וואס דאס איז שוין געווען נאך בחייו פון דעם אלטן רבי'ן, אז ס'זיינען געווען מאמרים בכתב - איז צוגעקומען דער ענין אז ס'איז אראפגעקומען בדפוס],

אנהויבנדיק פון די דרושים ומאמרים אויפן סידור, וואס דאס האט זיך אפגעדרוקט אין שנת תקע"ו (בסמיכות צו שנת תקע"ג) - וכאמור לעיל אז די הכנה לדפוס און התחלת ההדפסה האט זיך שוין געדארפט אנהויבן א סאך פריער.

ט. דערפון זעט מען אז אע"פ אז התחלת הנשיאות פון דעם מיטעלן רבי'ן איז געווען גלייך נאך א מלחמה גדולה (מיט אלע ענינים וואס זיינען דערפון ארויסגעקומען, כנ"ל ס"ז), אעפ"כ, גלייך בתחלת נשיאותו האט ער זיך פארנומען מיט

- אפדרוקן -

------------

36) סה"ש תש"ה ע' 60. 37) ראה ספר התולדות אדהאמ"צ ע' 53. 38) ראה לקו"ש ח"ב ע' 522.

אפדרוקן און מפיץ זיין ענינים פון תורה בדיבור, סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה.

וואס די נשיאות האט זיך אנגעהויבן אין שנת תקע"ג, און דעמולט האט נאך געדויערט א משך זמן ביז צו דער החלטה וואו מ'זאל זיך באזעצן, און דערנאך די טלטולי הדרך, ביז וואנעט דער מיטעלער רבי איז אנגעקומען למקום מושבו, אין ליובאוויטש, וואס ראס האט געדויערט ביז צו סמוך לסוף שנת תקע"ג*.

וואס התחלת שנת תקע"ג, איז נאך געווען אין דער נשיאות פון דעם אלטן רבי'ן (ביז כ"ד טבת), און דערנאך זיינען געווען די טלטולי הדרך וכו' (כנ"ל) - און אעפ"כ, גלייך בתחלת הנשיאות שלו, האט ער שוין אנגעהויבן מתעסק זיין זיך מיט מפיץ זיין ענינים פון תורה - ווי געזאגט פריער (ס"ח) אז די הכנות לדפוס האבן זיך שוין געדארפט אנהויבן אין שנת תקע"ג.

ונוסף לזה: ס'איז ידוע* אז ווען דער מיטעלער רבי איז געפארן למקומו (נאך דער החלטה צו באזעצן זיך אין ליובאוויטש), פון דעם ארט וואו ער איז געווען פריער (אין האדיטש, אין פיענע און אין קרעמענטשוג) - האט ער זיך ארום-געקוקט צום מצב הגשמי פון אידן אין די שטעט און שטעטלאך וועלכע מ'איז דורכגעפארן, כדי צו ארויסהעלפן זיי (און ער האט שוין גלייך אנגעהויבן דעם עזר) אין זייער מצב הגשמי, סיי בנוגע צו די ערטער וואו ער איז דורכגעפארן, און סיי בנוגע צו די ערטער וואס ער האט באקומען די ידיעות וועגן דעם מצב פון בני ובנות ישראל וואס געפינען זיך דארטן.

און צוזאמען דערמיט - האט ער גלייך אנגעהויבן פאר-נעמען זיך מיט הדפסת עניני תורה, נגלה דתורה און פנימיות התורה,

און ניט נאר בנוגע צו דעם מיעוט שבמיעוט ההכרחי - וואדום דער שו"ע פון דעם ב"י איז דעמולט געווען געדרוקט און נפוץ - נאר דער חידוש איז, אז ווען ער האט געזעהן אז ס'איז דא א ספר וואס מפני טעמים בלתי ידועים איז ער געלעגן 40 יאר נאכאנאנד (פון תקל"ג ביז תקע"ג) ניט קיין געדרוקטער [וואס חסידים האבן דאך געוואוסט וועגן דעם ספר - כמבואר אין דער הקדמה צום שו"ע ווי אזוי מ'האט צוזאמענ-געקליבן די כתבים],

- איז -

------------

39) ראה בית רבי שם פ"א. ספר התולדות שם ע' 49 ואילך.
40) ראה בית רבי שם. ספר התולדות שם 59-60.

איז וויסנדיק אז דארטן זיינען דא א דיבורי ענינים אין נגלה - ווי דער אויפטו פון דעם אלטן רבי'נס שו"ע לגבי דעם שו"ע פון דעם ב"י (כמבואר אין דער הקדמה פון בני הגאון המחבר) - האט ער דאס גלייך אפגעדרוקט.

ועד"ז בנוגע צו תורת התסידות - אז ער האט זיך ניט באגנוגנט דערמיט וואס דעמולט איז שוין געווען געדרוקט דער ספר התניא (תושב"כ פון תסידות), און ס'איז אויך געווען א דיבורי גדול פון מאמרים (ס'איז מערניט וואס ס'איז ניט געווען בדפוס),

האט ער זיך ניט באגנוגנט דערמיט וואס איז געווען ביז דעמולט, און ער האט זיך אפי' ניט באגנוגנט מיט א הוספה וואס איז בערך צו דעם וואס איז געווען פריער - נאר גלייך אין התחלת הנשיאות שלו (אין שנת תקע"ג), האט ער אנגעהויבן פארנעמען זיך מיט הדפסת עניני תורה, נגלה און חסידות, אין אן אופן אז ס'זאל ארויסקומען בדפוס בפועל, און ס'זאל דער-גרייכן אין "חוצה", גלייך בשנה שלאח"ז, אין שנת תקע"ד,

און דערנאך, במשך כל זמן הנשיאות שלו, האט ער ממשיך געווען דרוקן ספרי חסידות בדיבורי גדול, ווי מ'זעט דאס פון די ספרים און די קונטרסים (ווי ער רופט זיי אן) וואס ער האט געדרוקט, מיט כל הפרטים שבדבר.

י. דערפון קומט ארויס א לימוד בפשטות פאר כל אחד ואחת מישראל:

אע"פ וואס לכאו' איז נאך ניט פארגעסן געווארן דער תורבן (סיי בגשמיות און סיי ברוחניות) וואס איז געווען בדורנו זה, און ניט יעדערער איז שוין געקומען צו זיך בשלימות, ער זאל האבן מנוחת הגוף און מנוחת הנפש כדרוש, כדי ער זאל קענען טאן אין אלע ענינים אין אן אופן כאילו ווי ס'וואלט ניט געווען קיין מבלבל בעולם -

האט מען די הוראה, וביחד ע"ז - דעם עידוד און נתינת כח, ולכל לראש - "מעשה רב"[41], פון דער הנהגה פון דעם מיטעלן רבי'ן, אז ניט קוקנדיק אויף דעם מעמד ומצב און די שוועריקייטן וואס זיינען געווען אין יענע תקופה, איז גלייך אין דעם רגע שלאח"ז (אדער עכ"פ אין די רגעים שלאח"ז), האט ער זיך פארנומען מיט מפיץ זיין ענינים פון תורה, נגלה און חסידות, ביז אין אן אופן אז ס'זאל אנקומען אין "חוצה".

און דערפון האט מען די הוראה ברורה, אז ניט קוקנדיק

- אויף -

------------

41) ראה שבת כא, א. וש"נ.

הנחת הת' בלתי מוגה

אויף דעם וואס מ'קומט ערשט פון אזא תקופה, און דער בלבול וכו' איז נאך ניט פארגעסן געווארן - ובמילא קען דאס (דער ניט-פארגעסן) ברענגען צו א בלבול ומניעה (אדער עכ"פ א חלישות) אין דער עבודה פון א אידן -

דארף מען דערפון ניט נתפעל ווערן, און מ'דארף זיך מתעסק זיין מיט ארויסהעלפן אידן - סיי דורך הפצת התורה, די הפצה פון נגלה דתורה ביז אין "חוצה", און די הפצה פון חסידות ביז אין "חוצה",

און אויך בנוגע צו עזר בגשמיות - כידוע דער פתגם[42] פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, אז "אידישע גשמיות איז רוחניות".

וואס דעם פתגם האט ער געזאגט ניט נאר בנוגע צו זיך, מצד מעלת הנשיאות שלו, נאר דאס איז א הוראה פאר יעדער אידן:

ווען ס'רעדט זיך וועגן זיך, מוז מען מחלק זיין (און א חילוק הכי גדול) צווישן גשמיות מיט רוחניות; אבער ווען ס'רעדט זיך וועגן א צווייטן אידן, דארף מען וויסן אז די גשמיות פון יענעם אידן איז רוחניות.

וואס דערפאר איז פונקט ווי ער דארף זיך משתדל זיין (בלא שום ספק) בנוגע צו די רוחניות פון א צווייטן אידן, אזוי דארף ער זיך אויך משתדל זיין בנוגע צו די גשמיות פון א צווייטן אידן.

און וויבאלר אז מ'זאגט אז די גשמיות פון א צווייטן אידן איז רוחניות - קומט צו נאך אן ענין בנוגע צו דער השתדלות אין די גשמיות פון א צווייטן אידן:

בפשטות, איז די השתדלות בנוגע צו די רוחניות פון א אידן, פארבונדן מיט צוויי ענינים: דער ענין פון "הוכח תוכיח את עמיתך"[43], און דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[44]; משא"כ די השתדלות בנוגע צו די גשמיות פון א אידן, וואס דאס איז פארבונדן מערניט ווי מיט דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך".

אבער וויבאלד אז מ'זאגט אז די גשמיות פון א צווייטן אידן איז רוחניות - איז פארשטאנדיק, אז אויף דערויף איז אויך דא דער ציווי מיטן נתינת כח פון "הוכח תוכיח את עמיתך", פונקט אזוי ווי בנוגע צו די רוחניות פון דעם אידן.

וואס דעמולט טוט זיך אויף דער ענין פון "הוכח תוכיח

- את -

------------

42) סה"מ אידיש ס"ע 52. 43) קדושים יט, יז. 44) שם, יח.

את עמיתך" - דורך דערויף וואס ער טוט איס א טובה בגשמיות,

און ווי דערציילט דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[45], אז הנהגת הבעש"ט איז געווען אין אן אופן אז התחלת פעולתו איז געווען דאס וואס ער האט געטאן אידן טובות אין גשמיות, און ביחד ע"ז (און תיכף לאח"ז) איז געקומען די התקשרות און די שייכות צווישן דעם מקבל מיטן נותן, וואס דאס האט געבראכט צו א הטבה אין דעם מצב הרוחני, ווי מ'זעט פון די סיפורים וואס מ'דערציילט וועגן דערויף.

יא. און דאס איז די נקודה המיוחדת וואס מ'נעמט ארויס פון דעם ענין פון יום ההולדת און יום ההסתלקות פון א נשיא בישראל, ובנדו"ד - פון דעם מיטעלן רבי'ן [ווי גערעדט פריער (ס"ד) אז בא יעדער נשיא איז דא א נקודה מיוחדת וואס שטייט בהדגשה]:

ניט קוקנדיק אויף דער תקופה אין וועלכע מ'געפינט זיך, און ניט קוקנדיק אויף דעם וואס ידע איניש בנפשי' זיין מעמד ומצב, אז זיין "עיר האלקים" איז נאך ניט "על תלה", ס'זיינען נאך דא ענינים וואס מ'דארף נאך משלים זיין עכ"פ, און אפשר זיינען אויך דא ענינים וואס ער דארף ערשט אנהויבן בויען, סיי ברוחניות און סיי בגשמיות (ע"פ שו"ע) -

טאר דאס ניט מבלבל זיין, און דאס טאר ניט אפהאלטן פון ארויסהעלפן א צווייטן אידן סיי ברוחניות און סיי בגשמיות.

און ווי גערעדט פריער (ס"י) אז מ'דארף זיך מתעסק זיין אין "יפוצו מעינותיך (אין אן אופן אז דאס זאל דער-גרייכן ביז אין) חוצה", סיי בנוגע צו די ענינים פון נגלה דתורה, און סיי בנוגע צו די ענינים פון פנימיות התורה, וואס בדורנו נתגלתה בתורת החסידות, ביז צו ענינים פון עזר בגשמיות כפשוטו.

וכמדובר כמ"פ אז די התעסקות בזה דארף זיין אנהויבנדיק פון דעם ענין החינוך, און דערנאך ווערט דאס נמשך אין אלע ענינים, ביז אין דעם ענין פון צדקה,

כמדובר כמ"פ בנוגע צו "עשרת המבצעים" - וואס די נקודה שבהם איז, אז ער איז זיך מחנך אין דעם ענין פון "אהבת ישראל", און דאס איז אים מעודד בנוגע לכל הענינים והפעולות שלו,

און דאס קומט גלייך ארויס אין "מבצע אהבת ישראל",

- און -

---

45) ראה לקו"ש ח"א ע' 261.

און דערנאך קומט דאס ארויס אין "מבצע הודה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", און די ג' מבצעים: "מבצע נרות שבת קודש ויו"ט", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

יב. און די התעסקות אין די אלע ענינים דארף זיין ניט נאר אין דעם אופן ההכרחי - נאר ער לערנט זיך פון דעם אופן ההנהגה וואס איז ביים מיטעלן רבי'ן (כנ"ל בארוכה).

וואס אע"פ אז "מי הוא זה ואיזהו אשר ערב לבו לגשת כו'" פארגלייכן זיך צום מיטעלן רבי'ן [ע"ד ווי דער אלטער רבי שרייבט אין ספר תניא קדישא שלו⁴⁶ בנוגע צו "רעיא מהימנא"], איז אבער פארשטאנדיק, אז בא יעדער אידן איז דא אן ענין פון דעם רועה ישראל,

ובפרט ווען עס קומט בקשר מיט יום ההולדת ויום ההסתלקות שלו, וואס דעמולט שטייען אלע זיינע ענינים בגילוי - און דאס ווערט דער ערב און הכנה צו יום הגאולה שלו - ביו"ד כסלו.

יג. און ער טוט דאס אין אן אופן אז ער נעמט אריין אין דערויף כל כחות הנפש, און דערנאך איז ער דאס ממשיך אין די ג' לבושים מחשבה דיבור ומעשה,

"והמעשה הוא העיקר"⁴⁷ - אז ס'זאל אראפקומען אין עולם העשי', און אין עשי' בפועל, ביז אז ס'זאל דערגרייכן צו די עשי' פון דעם אידן וואס געפינט זיך אין עולם העשי' - אז דארטן זאל מען אים ארויסהעלפן און מיטהעלפן און מיטגיין צוזאמען מיט אים.

און טאן דאס בשמחה ובטוב לבב, וואס דער ענין השמחה איז איינער פון די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט בינה, "דחובות הנהר"⁴⁸ - ווארום "אם הבנים <u>שמחה</u>"⁴⁹,

ביז צו "ושמחת עולם על ראשם"⁵⁰, דורך דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - די שמחה וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

און ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר בארוכה אין די דרושים אין וועלכע ס'איז מבואר דער מארז"ל⁵¹ "כלו כל

- הקיצין -

------------

46) פמ"ד (סג, א). 47) אבות פ"א מי"ז. 48) דאה לקו"ת דאה כס, ב. שה"ש לס, ב. ובכ"מ. 49) תהלים קיג, ט. ודאה לקו"ת צו יא, ג. ועוד. 50) ישעי' לה, י. 51) סנהדרין צז, ב.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה", און אויך אין שערי אורה (אין די דרושים פון פורים)[51] - דעם אויפטו פון "בעהה", און דעם אויפטו פון "אחישנה"[52];

און ס'איז אויך מבואר[53] אז "כדכד"[54] מיינט "כדין וכדין" -

כן תהי' לנו - די אלע מעלות ועילויים, ובקרוב ממש.

* * *

יד. האמור לעיל (בנוגע צו יו"ד כסלו, אז דאס קומט לאחרי ט' כסלו, אין אן אופן אז ט' כסלו איז אן ערב והכנה דערצו, מיט אלע פרטים האמורים לעיל) איז שייך בכל שנה ושנה, אין וועלכע קביעות עס זאל נאר זיין בנוגע צו ימי השבוע.

וכמדובר כמ"פ אז בכל שנה ושנה קומט צו א הוראה מיוחדת - מצד די קביעות מיוחדת פון יו"ד כסלו ווי דאס איז בשנה זו - לויט ווי מ'געפינט אין וואס באשטייט (בפשטות) די נקודה אין וועלכע די קביעות טיילט זיך אויס במיוחד.

וואס ט' כסלו און יו"ד כסלו זיינען ימי החודש, און ניט אלעמאל טרעפן זיי אין דעם זעלבן טאג אין ימי השבוע - איז די מעלה מיוחדת פון קביעות שנה זו, אז דאס פאלט אויס אין דעם זעלבן טאג אין ימי השבוע אזוי ווי ס'איז געווען אין שנת הגאולה,

ווי עס ווערט דערציילט[55] אז די גאולה איז געווען ביו"ד כסלו, און דעמולט איז דאס געווען ב"יום א' וישלח י' כסלו" - כקביעות שנה זו.

דערנאך איז דא א צווייטע רשימה[56], וואס דארטן שטייט אז בשורת הגאולה איז שוין אנגעקומען אין דעם שבת שלפנ"ז, אינמיטן זאגן דעם מאמר חסידות, ד.ה. בש"פ ויצא, ט' כסלו - כקביעות שנה זו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נוסף אויף דער הוראה וואס איז דא בכל שנה ושנה, ווען ס'קומט די זעלבע קביעות אין ימי החודש - איז די הוראה נאכמער בתוקף און נאכמער בגלוי, מצד דערויף וואס עס קומט אויך צו די קביעות פון ימי השבוע (אע"פ אז בעיקר איז נוגע די קביעות אין ימי החודש), כמדובר כמ"פ.

און אין דערויף קומט נאך צו - אז די הוראה דארף זיין

- פארבונדן -

____________

52) ד"ה יביאו לבוש מלכות פצ"ד ואילך. 53) ישעי' ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. 54) ב"ב עה, א. וראה לקו"ת ראה כד, ד ואילך. ועוד. 55) ישעי' נד, יב. 56) היום יום ע' קיא. 57) קונטרס בד קודש ע' 22 בהערה.

פארבונדן מיט דעם ענין פון פ׳ ויצא און פ׳ וישלח.

און די הוראה דארף זיין א הוראה פשוטה, אין אן אופן אז יעדערער, אפי׳ א קטן שבקטנים, זאל דאס קענען פארשטיין.

סו. דער ענין פון "ויצא" און דער ענין פון "וישלח", זיינען הפכים זמ"ז:

"ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה" מיינט, אז יעקב איז ארויסגעגאנגען פון א"י, און אין א"י גופא - פון דעם עילוי שבא"י, וואס דאס איז דער ענין פון "באר שבע" (בפרט ע"פ המבואר אין חסידות[58] דער ענין פון "באר שבע") - און ער איז געגאנגען אין חו"ל, און אין חו"ל גופא - אין "חרן", דער ארט וואו ס׳איז דא "חרון אף של מקום (בעולם)"[59].

און דער ענין פון "וישלח גו׳" - איז געווען ווען ער איז געגאנגען פון חו"ל אין א"י, ווארום דאס איז דאך געווען נאך דעדויף וואס "ויקרא שם המקום ההוא מחנים"[60], ווי חז"ל[61] טייטשן אפ אז "מחנים" מיינט "שתי מחנות, של חו"ל שבאו עמו עד כאן, ושל א"י שבאו לקראתו", ד.ה. אז דא איז ער געגאנגען פון חו"ל אין א"י.

[און אזוי ווי אין דעם פסוק "ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה", שטייען די צוויי ענינים, א"י און חו"ל, אין דעם זעלבן פסוק - איז אזוי אויך בנוגע צו דעם ענין פון "וישלח", וואס דאס איז געווען נאך דערויף וואס "ויקרא שם המקום מחנים", אז אין "מחנים" שטייען ביידע ענינים, א"י און חו"ל, צוזאמען.

נאר דער חילוק איז - אז אין "ויצא יעקב גו׳", שטייט יעקב צווישן א"י מיט חו"ל, אין דער ריכטונג אז ער גייט פון א"י אין חו"ל, משא"כ אין "וישלח", נאך דערויף וואס "ויקרא שם המקום מחנים", וואס דעמולט שטייט ער צווישן חו"ל מיט א"י, אין דער ריכטונג אז ער גייט פון חו"ל אין א"י.]

סז. די צוויי ענינים פון "ויצא" און "וישלח", די הליכה פון א"י אין חו"ל, און די הליכה פון חו"ל אין א"י - זיינען אויך דא אין עבודת האדם (וואס בכללות איז דאס בדוגמת החילוק צווישן יום ההולדת מיט יום ההסתלקות):

דער ענין פון "ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה", איז

- דער -

---

58) דאה קצוה"ע לחניא ע׳ נז. ד"ה ויצא תר"ל.
59) פרש"י ס"פ נח. 60) פרשתנו לב, ג. 61) פרש"י עה"פ.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

דער ענין פון ירידת הנשמה בגוף, אויף ארויסגיין אין "חרון אף של מקום (בעולם)"[62] - וואס דאס איז דער ענין פון יום ההולדת.

און דערנאך איז דא דער ענין פון "וישלח יעקב מלאכים", וואס דער מיטעלער רבי איז מבאר בארוכה[63], אז דער ענין פון "וישלח יעקב מלאכים גו'", איז געווען דערפאר וואס יעקב האט שוין משלים געווען כל עבודתו, ביז וואנעט אז ער איז געווען זיכער אז אויך בא עשו'ן זיינען אלע ענינים בשלימות - איז דאס בדוגמת הענין פון יום ההסתלקות, וואס דעמולט ענדיקט זיך עבודתו אשר עבד במשך כל ימי חייו.

און ווי גערעדט אמאל[64] דעם פירוש פון חסידות אויפן מארז"ל[65] "בן מאה שנה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" - אז מצד דערויף וואס "כיון דאיפליג איפליג"[66], קען ער דערנאך מאריך זיין ימים ושנים ביז ווי מתושלח [און נאכמער דערפון - ווי ס'וועט זיין לע"ל בקרוב ממש - חיים נצחיים] - מ'זאגט אבער אז "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם",

ד.ה. אז ער האט שוין משלים געווען עבודתו אין דעם "עולם", אין "חרון אף של מקום (בעולם)", און איצטער שטייט ער אין עבודה נעלית יותר. טאקע א נשמה בגוף, אבער בדוגמא ווי א נשמה בגוף וועט שטיין לע"ל, וואס דעמולט וועט זיין די עבודה אין קדושה גופא, כמבואר אין אגה"ק[67].

יז. די הוראה דערפון וואס ט' כסלו און יו"ד כסלו זיינען פארבונדן מיט פ' ויצא און פ' וישלח (לויט די קביעות פון שנה זו (וואס איז אזוי ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה), אז ט' כסלו איז בש"פ ויצא, און יו"ד כסלו איז ביום א' פ' וישלח):

די אלע ענינים וואס מ'דארף זיך אפלערנען פון די פעולות פון דעם מיטעלן רבי'ן - בנוגע צו די פעולות וואס ער האט זיי בעמאנט פון יעדער אידן און פון אלע אידן עד סוף כל הדורות,

דארפן זיי שטיין בהדגשה סיי ווען א איד שטייט אין א מעמד ומצב פון "ויצא" - ווען ער גייט ארויס פון דאווענען און פון לערנען תורה און פון מקיים זיין א מצוה, און ער גייט אוועק אין "חרון אף של מקום (בעולם)",

- און -

---

62) אוה"ת ר"פ ויצא, הובא ונתבאר בקצוה"ע שם. ובד"ה ויצא הנ"ל. 63) תו"ח ר"פ וישלח ואילך. 64) לקו"ש ח"א ע' 26. ח"ה ע' 307. 65) אבות פ"ה מכ"ב. 66) גיטין כח, א. 67) סכ"ו.



הנחת הת' בלתי מוגה

און סיי ווען ער שטייט אין א מעמד ומצב פון "וישלח" - ער גייט אוועק פון "חרון אף של מקום (בעולם)" אין א"י - צום דאווענען און לערנען תורה און מקיים זיין א מצוה.

און אין אן אופן אז דער תוקף הציורי (מיט די נתינת כח) בנוגע צו "יפוצו מעינותיך חוצה", סיי בנוגע צו לימוד התורה, נגלה און חסידות, און סיי בנוגע טאן א אידן א טובה גשמית מצד דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" - דארף זיין אין ביידע זייטן (ווען ער גייט פון א"י אין חו"ל, פון ענייני תומ"צ צו ענייני העולם - און ווען ער גייט פון חו"ל אין א"י, פון ענייני העולם צו ענייני תומ"צ) בשוה,

און אין אן אופן אז אין דערויף איז גאר ניטא קיין חילוק - "ויצא" און "וישלח" קומען צוזאמען - ווארום מ'הויבט דאך אן ליינען פ' וישלח אין ש"פ ויצא, ועד"ז לאידך, אז התחלת השבוע פון פ' וישלח, ווערט אנגערופן מוצאי ש"פ ויצא, ובפרט לויט דעם וואס די גמרא[68] זאגט אז ג' ימים לאחרי השבת ווערן נאך אנגערופן "מוצאי שבת", און דאס קומט אראפ אין א דין בפועל, בנוגע צו מאכן הבדלה ביז יום ג', כמבואר אין שו"ע[69], ד.ה. אז ביז יום ג' פון פ' וישלח, איז דאס נאך מוצאי ש"פ ויצא.

יח. און דאס איז די הוראה מיוחדת וואס קומט ארויס פון קביעות שנה זו:

א איד קען בא זיך טראכטן, אז וויבאלד ער דארף איצטער אריבערגיין פון דעם ענין התפלה, און פון די שיעורים אין לימוד התורה ("מביהכנ"ס לביהמ"ד"[70]), און ארייגגיין אין "חרן" - דארף ער זיך דאך צוגרייטן און האבן די גאנצע זהירות און באווארעניש וואס ער דארף האבן פאר זיך ווען ער גייט ארויס אין וועלט,

איז ווי אזוי קען מען מאנען פון אים ער זאל דעמולט טראכטן וועגן א צווייטן אידן, ווי אזוי ער זאל אים ארויס-העלפן - ער דארף דאך צוגרייטן זיך אויף ארויסגיין אין וועלט, איז ווי קען ער בשעת מעשה טראכטן (און אין אן אופן פון מחשבה והתענייננות אמיתית) וועגן א צווייטן אידן?!

ועד"ז אויך אין דעם ענין פון "וישלח יעקב מלאכים":

ער האט ערשט מסיים געווען די "זה עשרים שנה אנכי עמך"[71],

- מיט -

---

68) פסחים קו, א. 69) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סרצ"ט ס"ו (ס"ח). 70) ראה ברכות בסופה. שו"ע אדה"ז או"ח רסקנ"ה. 71) פרשתנו לא, לח.

מיט אלע פרטים וואס מ'רעכנט אויס דארטן, "הייתי ביום אכלני חורב וקרח בלילה ותדד שנתי מעיני"[72], און ער האט קו'יס דערלעבט אז ער קען זיך אריינכאפן אין ביהכ"נ וביהמ"ד - וואס דאס איז דער ענין פון "ארץ ישראל" ווי דאס איז בחיי כאו"א, אפי' ווען ער געפינט זיך אין חו"ל -

און מ'מאנט פון איט ער זאל מיטנעמען מיט זיך אין ביהכ"נ און ביהמ"ד די דאגה ווי אזוי צו ארויסהעלפן א צווייטן אידן וואס געפינט זיך "מבחוץ", און אין "חוץ" גופא געפינט ער זיך אין "חרן" - ועאכו"כ ארויסהעלפן די אידן וואס געפינען זיך אין ביהכ"נ וביהמ"ד, זיי זיינען אבער נאך ניט צוגעקומען צו זיין דרגא,

טענה'ט ער: נאך דער עבודה קשה וואס ער האט געהאט, "ביום אכלני חורב וקרח בלילה ותדד שנתי מעיני" - זאל מען אים געבן א ביסל צייט אויף אפרוהען זיך און הנאה האבן פון "שכר מצוה מצוה"[73]!

עס רעדט זיך ניט וועגן ענינים אסורים ח"ו, עס רעדט זיך אפי' ניט וועגן עניני הרשות - ער טענה'ט אבער, אז נאך דערויף וואס ער האט פארדינט דורך עמלו אשר עמל, איז וואס הייסט אז מ'זאגט איט אז גלייך בשעת מעשה טאר ער ניט האבן קיין מנוחת הנפש, נאר ער דארף זיך אריינטראכטן וואס עס טוט זיך מיט א צווייטן אידן?!

דערציילט מען איט, אז אזוי איז געווען דער סדר העבודה פון יעקב:

ווען יעקב האט נאר פארענדיקט עבודת הבירורים בא לבן, מיט די גאנצע שוועריקייט,וואס איז געווען אין דערויף - האט ער זיך דערוואוסט אז די ערשטע זאך וואס ער דארף טאן איז - אז ער דארף אויך אויפטאן דעם ענין פון "וישלח יעקב מלאכים לפניו אל עשו אחיו גו'".

וואס דאס איז די הוראה בפשטות - אז סיי ווען מ'שטייט במוצאי שבת, מ'גייט ארויס פון שבת אין ימות החול, פון א"י אין חו"ל, און סיי ווען מ'שטייט בערב שבת, מ'גייט אריין פון ימות החול אין שבת, פון חו"ל אין א"י - דארף מען דעמולט טראכטן וועגן א צווייטן אידן;

ווען ס'רעדט זיך וועגן ערב שבת, איז דא דער "מבצע נרות שבת קודש", ועד"ז ווען ס'רעדט זיך וועגן מוצאי שבת, זיינען דא די מבצעים וועלכע זיינען שייך צו מוצאי שבת ["מבצע תפילין" איז נאך דעמולט ניט שייך, ועד"ז "מבצע - צדקה" -

------------

72) שם, מ. 73) אבות פ"ד מ"ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

צדקה", וואס עיקר ענינה איז ביום און ניט בלילה‎⁷⁴ - ס'זיינען אבער דא כמה מבצעים וואס זיינען שייך צו מוצאי שבת.

יט. "והמעשה הוא העיקר" - מ'זאל מיטנעמען די הוראה מיטן עידוד און נתינת כח וואס מ'באקומט פון א נשיא בישראל, פון דעם מיטעלן רבי'ן, על כל השנה כולה, ביז דעם עשירי בכסלו הבא - אויף צו טאן ביתר שאת וביתר עז אין אלע ענינים האמורים לעיל, ויותר ממה שנאמר כאן איז דא אין די שיחות ומאמרים פון רבותינו נשיאינו, ביז אויך אין שו"ע כפשוטו - און די אלע ענינים זאלן ארויסקומען אין מעשה בפועל.

און וויבאלד אז מ'שטייט במוצאי שבת, האט מען די הבטחה פון "אל תירא עבדי יעקב"‎⁷⁵, און ווי מ'זאגט דאס אין אלע אותיות פון דעם אל"ף-בי"ת - ווי עס ווייסן די וואס זאגן דאס בדיבור (און מ'קען אויך א קוק טאן אין סידור), און אפי' לויט מנהג חב"ד אז מ'זאגט דאס ניט בדיבור - ווייסט מען אבער דערפון וואס ס'שטייט אין לקו"ת פ' בלק‎⁷⁶ אז במוצאי שבת איז דא דער ענין פון "אל תירא עבדי יעקב" - האט מען דאס על כל השנה כולה, ועאכו"כ על כל שבוע זה.

און מ'טוט אין דערויף אין אן אופן אז מ'איז זיכער אז "ויפגעו בו מלאכי אלקים"‎⁷⁷, אז די מלאכים גייען מיט אים מיט און זיי העלפן אים אדוים, סיי אין א"י'דיקע זאכן - די מלאכים פון א"י, און סיי אין חו"ל'דיקע זאכן - די מלאכים פון חו"ל. וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז דאס וועט זיין בהצלחה רבה ומופלגה.

און בקרוב ממש וועט מקוים ווערן דער "והיתה לה' המלוכה", ווארום ס'וועט זיין דער "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו"‎⁷⁸ - ווי יעקב האט שוין אנגעהויבן די עבודה בזה ווען ס'איז געווען דער "וישלח יעקב מלאכים לפניו אל עשו אחיו ארצה שעיר שדה אדום", ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר בארוכה אין די דרושים אויף דעם פסוק,

ביז אז מ'פירט דאס אוים דא למטה - אז אויך דא למטה שטייט עשו אין דעם זעלבן אופן ווי ער שטייט בשרשו למעלה, און דער שורש קומט אויך אראפ דא למטה,

ביז צו "והיתה לה' המלוכה", כשם שאני נכתב כך אני נקרא‎⁷⁹, בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

- כ. -

---

74) ראה לקו"ש ח"ט ס"ע 262 ואילך. 75) ל' הכתוב - ישעי' מד, ב. ועוד. וראה לקו"ת בלק עב, ב. 76) שם. 77) פרשתנו שם, ב. 78) עובדי' א, כא. 79) ראה פסחים נד, א.

כ. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה פדה בשלום גו׳.

* * *

כא. ס׳איז דאך רגיל (אין די התוועדויות וואס זיינען מעין התוועדות זו) אפלערנען א פסוק מיט פרש"י פון פרשת השבוע פון דעם שבת העבר -

איז בהמשך צו דעם וואס מ׳גייט שוין ארייז אין פ׳ וישלח, מ׳האלט שוין אין די לעצטע רגעים פון גלות אין "חרוך אף של מקום (בעולם)", אין עקבתא דעקבתא דמשיחא, און מ׳האלט ביי ארייגגיין אין א"י (אין אן אופן פון "ויפגעו בו מלאכי אלקים") צוזאמען מיט משיח צדקנו, בקרוב ממש -

איז איינער פון די פסוקים וואו עס רעדט זיך וועגן דערויף, און וואס דער פסוק איז מבטיח אז ס׳וועט זיין אין אן אופן פון "ושמחת עולם על ראשם" [און ווי גערעדט פריער (בהמאמר) אז ס׳זאל זיין "טועמי׳ חיים זכו"[80] - מ׳זאל שוין פארזוכן פון דער מנוחה אמיתית נאך ד׳ייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות] -

איז דאס דער פסוק וואס שטייט אין דער פרשה וואס מ׳האט געליינט היינט אינדערפרי: "הארץ אשר אתה שוכב עלי׳ לך אתננה ולזרעך"[81].

ברענגט אראפ רש"י די ווערטער "שוכב עלי׳", און טייטשט אפ: "קיפל הקב"ה כל ארץ ישראל תחתיו, רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו".

און ווי מפרשים[82] טייטשן אפ, אז לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז די הבטחה וואס דער אויבערשטער זאגט אים צו אז "הארץ אשר אתה שוכב עלי׳ לך אתננה" - די ארץ וואס "שוכב עלי׳" איז דאך מערניט ווי ד׳ אמות, וואס דאס איז דער ארט וואס גוף האדם פארנעמט?!

און דערפאר טייטשט אפ רש"י אין פשוטו של מקרא - אז "קיפל הקב"ה כל ארץ ישראל תחתיו", וואס דעמולט איז פארשטאנדיק דעם אויבערשטן׳ס הבטחה אז "הארץ אשר אתה שוכב עלי׳", וואס דאס איז גאנץ א"י (וואו ער איז געלעגן אויף גאנץ א"י), איז "לך אתננה ולזרעך" (וואס דעם פירוש זאגט רש"י אלס פשוטו של מקרא, ניט קיין ענין פון דרוש).

וואס דאס איז דאך א געוואלדיקער נס וואס מ׳געפינט ניט דוגמתו בשאר המקומות - און אויף דערויף זאגט רש"י אז

- דער -

------------

80) ראה לקו"ש וישלח תשל"ז ס"ב. וש"נ. 81) פרשתנו כח, יג. 82) רא"ם, גו"א ושפ"ח עה"פ.

דער נס איז געווען כדי אז יעקב אבינו זאל האבן דעם רמז "רמז לו שהא נוחה ליכבש לבניו".

און ווי מפרשים[83] זיינען מסביר, אז אזוי ווי ס'איז ניט שווער צו איינעמען דעם ארט וואס "שוכב עלי'" כפשוטו, וואס דאס איז ד' אמות, וועט אזוי זיין דער כיבוש פון גאנץ א"י, וואס גאנץ א"י איז ת' פרסה אל ת' פרסה[84], אז ס'וועט זיין "נוחה ליכבש לבניו" אזוי ווי ס'איז נוח כובש זיין א שטח פון ד' אמות.

כב. עפ"ז איז אבער ניט פארשטאנדיק:

א) רש"י זאגט נאר "רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו" - פעלט דאך דא דער עיקר: רש"י האט געדארפט זאגן אז ס'וועט זיין "נוחה ליכבש לבניו <u>כד' אמות</u>", פארוואס זאגט רש"י סתם "שתהא נוחה ליכבש לבניו", און ער זאגט ניט אז ס'וועט זיין בדוגמא ווי מ'איז כובש ד' אמות?

בשעת די גמרא[85] זאגט "שתהא נוחה ליכבש לבניו", און טייטשט ניט אפ אז מ'מיינט "כד' אמות", איז קיין קשיא ניט - ווארום דער דרך הלימוד פון גמרא איז פאר א "בן חמש עשרה לגמרא"[86], און א בן חמש עשרה קען דאס אליין פארשטיין;

ווען עס קומט אבער צו פרש"י - איז אין <u>גמרא</u> (וואס איז פאר א בן חמש עשרה) טייטשט אפ רש"י[87] "שתהא נוחה ליכבש לבניו - כד' אמות", און דוקא בפירושו אין חומש, וואס דאס הויבט מען אן לערנען מיט א "בן חמש למקרא" (צען יאר איידער מ'הויבט אן לערנען גמרא) - טייטשט רש"י ניט אפ אז ס'וועט זיין "נוחה ליכבש לבניו <u>כד' אמות</u>"?

ב) ע"פ האמור לעיל איז די קשיא וואס שטעלט זיך אין פסוק: וואס איז די הבטחה אז "הארץ אשר אתה שוכב עלי' לך אתננה", בשעת אז די ארץ אויף וועלכע ער ליגט איז מערניט ווי ד' אמות. אבער עפ"ז האט רש"י געדארפט מעתיק זיין פון פסוק אויך דעם ווארט "הארץ", ווארום דערפון ווערט די גאנצע קשיא - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס איז רש"י מעתיק פון פסוק נאר די ווערטער "שוכב עלי'"?

און ווי מ'זעט טאקע אז די גמרא (וואס איז פאר א בן חמש עשרה לגמרא) ברענגט אראפ דעם גאנצן פסוק, "הארץ אשר אתה שוכב עלי' וגו'", און די גמרא פרעגט: "מאי רבותי'", ווי רש"י[88] טייטשט אפ: "ארבע אמות משכבו הבטיחו לחת לבניו

- (בתמי')" -

------------

83) הנ"ל. 84) פרש"י עה"פ שלח יג, כה. 85) חולין צא, ב. 86) אבות שם. 87) ד"ה שתהא - חולין שם. 88) שם ד"ה מאי.

(בתמי')", און אויף דערויף ענטפערט די גמרא: "מלמד שקפלה הקב"ה לכל א"י כו'";

רש"י איז אבער ניט מעתיק דעם ווארט "הארץ", ד.ה. אז דער הכרח אויף דעם וואס "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו", איז פון די ווערטער "שוכב עלי'" אליין, אן דעם ווארט "הארץ" -

און לכאו', לויט פי' המפרשים, איז די גאנצע קשיא דערפון וואס ס'שטייט "הארץ": וויבאלד אז דער אויבערשטער איז אים מבטיח אז "הארץ גו' לך אתננה", איז פארוואס זאגט ער "שוכב עלי'", ווען דער מקום אויף וועלכן ער איז שוכב איז מערניט ווי ד' אמות - ועפ"ז האט דאך רש"י געדארפט מעתיק זיין פון פסוק אויך דעם ווארט "הארץ"?

כג. דערנאך קומען צו נאך דיוקים - ווען מ'פארגלייכט דאס דערמיט וואס ס'שטייט אין אנדערע ערטער:

אין זהר[89] [וואס דער טאטע שטעלט זיך אפ אויף דערויף אין די הערות שלו[90], כדלקמן סכ"ה] ברענגט זיך די זעלבע שאלה אויף א פריערדיקן פסוק:

עס שטייט אין פסוק[91] "וה' אמר אל אברם גו' שא נא עיניך וראה מן המקום אשר אתה שם . . כי את כל הארץ אשר אתה רואה לך אתננה ולזרעך". פרעגט ער אויף דערויף אין זהר: "עד כמה תמי ב"נ תלת פרסי או ארבע או חמש פרסי, ואיהו אמר כי את כל הארץ אשר אתה רואה וגו'"? און ער ענטפערט דארטן א תירוץ.

ווען מ'גיט אבער א קוק אין פרש"י אויף דעם פסוק, זעט מען אז רש"י שטעלט זיך אינגאנצן ניט אויף דער קשיא, וואס לכאו', שטעלט זיך דא די זעלבע קשיא אזוי ווי בפרשתנו;

אמת טאקע אז ד' אדער ה' פרסה איז מערער ווי ד' אמות, איז דאס אבער ניט ת' פרסה על ת' פרסה - איז בשעת דער בן חמש למקרא לערנט אין פסוק אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו אברהם אבינו "כי את כל הארץ אשר אתה רואה לך אתננה", ווערט ביי אים די קשיא: זעהן זעט מען מערניט ווי ד' אדער ה' פרסה, און דא זאגט מען אים צו גאנץ א"י, ת' פרסה על ת' פרסה?

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס שטעלט זיך ניט רש"י אויף דער קשיא.

- כד. -

------------

89) פרשתנו קנה, סע"ב ואילך. 90) לקוטי לוי"צ לזח"א ע' קיח. 91) לך לך יג, יד-טו.

כד. ווען מ'גיט א קוק אין גמרא, זעט מען אז רש"י איז משנה דערפון וואס ס'שטייט אין גמרא, און שרייבט באופן אחר:

אין גמרא שטייט: "מלמד שקפלה הקב"ה לכל א"י והניחה תחת יעקב אבינו, שתהא נוחה ליכבש לבניו", ד.ה. כדי אז אידן זאלן קענען איינעמען גאנץ א"י אין אן אופן פון "נוחה ליכבש", האט געדארפט זיין די התחלה בזה דורך "מעשה אבות" - דורך דערויף וואס "קפלה הקב"ה לכל א"י והניחה תחת יעקב אבינו", וואס דאס האט גע'פועל'ט אז ס'זאל זיין "נוחה ליכבש לבניו".

רש"י איז אבער משנה דערפון וואס שטייט אין גמרא, און זאגט: "רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו", ד.ה. ניט אז דאס וואס "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו" פועל'ט אז ס'זאל זיין "נוחה ליכבש לבניו", נאר ס'איז מערניט ווי אן ענין של נבואה, א רמז צו יעקב אבינו, "רמז לו", ער זאל וויסן זיין אז "תהא נוחה ליכבש לבניו".

וואס לכאו', איז איפכא מסתברא:

אין דרך הפשט, איז ווען מ'זאגט אז ס'איז געווען אזא געוואלדיקער נס, מ'האט גענומען ת' פרסה על ת' פרסה, און מ'האט דאס מקפל געווען (אונטערגעלייגט) אונטער ד' אמות,

וואס דאס איז דאך א גרעסערער נס ווי דער נס פון קפיצת הדרך, וואס קפיצת הדרך איז אויך א געוואלדיקער נס, ווי עס ברענגט זיך אראפ בכ"מ; דא איז אבער ניט געווען דער ענין פון קפיצת הדרך פון 20 אדער 100 מייל (ווי ס'איז געווען ווען אליעזר איז געגאנגען אין חרן[92]) - נאר מ'האט גענומען ת' פרסה על ת' פרסה, און מ'האט דאס צוזאמענגעלייגט אין א שטח פון ד' אמות על אמה אחת!

[וואדרום מקומו של אדם איז ד' אמות על אמה אחת, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער שיעור פון א מקוה איז "אמה על אמה ברום ג' אמות"[93], וואס דאס איז דער שיעור פון "מים שכל גופו עולה בהם", און די אמה הרביעית איז "בשביל ראשו וכדי שיפשוט ידיו למעלה מראשו"[94] - דער שיעור איז אבער ד' אמות על אמה אחת].

איז בשעת מ'באטראכט זיך וויפל מאל ד' אמות על אמה א' איז דא אין ת' פרסה על ת' פרסה, און דערנאך זאגט מען אז מ'איז קופל ת' פרסה על ת' פרסה אין א שטח פון ד' אמות על אמה אחת, זעט מען אז דאס איז אן ענין וואס איז שלא בערך כלל.

- איז -

------------

92) ראה פרש"י עה"פ חיי שרה כד, מב. 93) יומא לא, סע"א. וש"נ. 94) תור"ה אמה - שם, ריש ע"ב.

איז אין דרך הפשט, ווערט דער הכרח צו מפרש זיין, אז דאס וואס דער אויבערשטער האט געמאכט אזא גרויסער נס, איז - דערפאר וואס אין דערויף היינגט אפ אז דער כיבוש וואס אידן וועלן איינעמען גאנץ א"י זאל זיין אין אן אופן פון "נוחה ליכבש", ד.ה. אז דאס וואס "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו", פועל'ט און סוף אויף אז ס'זאל זיין "נוחה ליכבש לבניו".

און אעפ"כ זאגט רש"י, אז דער פירוש איז, ניט אז דאס וועט אויפטאן אז ס'זאל זיין "נוחה ליכבש לבניו", נאר מער-ניט ווי "רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו", ד.ה. כדי אז יעקב זאל וויסן אז ס'וועט זיין "נוחה ליכבש לבניו", צוליב דערויף האט מען געמאכט אזא גרויסן נס!

און דא זעט מען אז אין גמרא, דער דרך הלימוד פון דרוש וכו', ברענגט מען דעם פירוש וואס לייגט זיך מער אין פשש"מ (אז דאס פועל'ט דעם "נוחה ליכבש לבניו"), און אין פשש"מ זאגט רש"י (ניט ווי ס'שטייט אין גמרא, נאר) א פירוש וואס לייגט זיך ניט אין פשש"מ (אז ס'איז מערניט וואס "רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו")?

מיט נאך כמה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן.

וכמדובר כמ"פ אז דער ביאור דארף זיין פארשטאנדיק צום בן חמש למקרא, אין אן אופן אז ער דארף ניט אנקומען צו מפרשי רש"י, ועאכו"כ ניט צו מדרשי חז"ל מיט רמזים וכו',

ווי ס'זיינען דא מפרשים[95] וואס פארענטפערן ווי אזוי האט געקענט זיין אזא גרויסער נס - דערפאר וואס דאס איז געווען ברוחניות העניינים וכו' - וואס דאס האלט ניט אויס לויטן כלל וואס רש"י[96] האט אליין ארויסגעגעבן, אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא".

כה. בנוגע צו די הערות אויפן זהר:

אין זהר[97] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'שטייט "הארץ אשר אתה שוכב עלי' לך אתננה ולזרעך", און פרעגט: "וכי ההוא אתר בלחודוי אבטח לי' קב"ה, דהא ארבע אמין או חמשא הוו ולא יתיר" [ע"ד קושית הגמרא אין חולין, וואס רש"י ברענגט אראפ בפרשתנו], און ער איז מבאר: "אלא בזמנא ההוא באינון ארבע אמין כפיל לי' קב"ה כל ארעא דישראל, אשתכח ההוא אתר כללא דכל ארעא".

- און -

---

95) ראה גו"א עה"פ. 96) עה"פ בראשית ג, ח. 97) שם קנו, רע"א.

און פאר דערויף[98] ברענגט ער אין זהר: "פתח ר׳ אבא ואמר, וה׳ אמר אל אברם גו׳ שא נא עיניך וראה וגו׳ . . עד כמה חמי ב"נ תלת פרסי או ארבע או חמש פרסי [ווי מפרשי הזהר[99] ברענגען רעם מקור אויף דערויף אין נגלה, פון די גמרא אין בכורות[100]], ואיהו אמר כי את כל הארץ אשר אתה רואה וגו׳, אלא כיון דארבע סטרין דעלמא חמי, כל ארעא חמי, דהא ארבע סטרי דעלמא כללא דכל עלמא", און ווי מפרשי הזהר[101] זיינען מבאר, אז די ד׳ רוחות זיינען כולל חסד גבורה תפארת און מלכות, וואס מלכות איז דער ענין פון א"י.

ער איז אבער ניט מבאר וואס איז דער חילוק צווישן דעם ענין וואס עס האט זיך אויפגעטאן דורך דעם נס וואס אברהם אבינו האט געזעהן גאנץ א"י דורך דעם וואס ער האט געקוקט אין "ארבע סטרין דעלמא" [וואס דאס האט אויפגעטאן דעם "לך אתננה ולזרעך"], מיט דעם ענין וואס עס האט זיך אויפגעטאן דורך דעם נס וואס איז געווען בא יעקב, אז "באינון ארבע אמין כפיל לי׳ קב"ה כל ארעא דישראל"?

דערנאך זאגט ער אין זהר: "פתח ר׳ יוסי ואמר, הפעם אודה את ה׳[102], וכי בכולהו דאולידת לא אתחזי לאוראה לי׳ לקב"ה אלא בהאי"? און ער פארענטפערט: "אלא יהודה איהו ברא רביעאה לכרסייא וכו׳", וואס ער איז כולל אלע ענינים, "סמכא דכל סמכין", ווארום ער איז דער רגל הרביעי שבמרכבה, נאך אברהם יצחק ויעקב, און וויבאלד אז ער איז דער סיום פון כל הענינים, איז ער כולל אלע ענינים.

און אויף דערויף פירט ער אויס אין זהר בנוגע צו רשב"י, אז אזוי ווי ס׳איז געווען ביי אברהם אבינו, אז "כיון דארבע סטרין דעלמא חמי כל ארעא חמי", איז אזוי אויך "מאן דחמי לי׳ לר׳ שמעון כל עלמא חמי חדוותא דעילא ותתא",

און אזוי ווי ס׳איז געווען בא יעקב, אז "באינון ארבע אמין כפיל לי׳ קב"ה כל ארעא דישראל, אשתכח ההוא אתר כללא דכל ארעא", איז אזוי אויך ר׳ שמעון דאיהו בוצינא דכל ארעא על אחת כמה וכמה דשקיל ככל עלמא",

און אזוי ווי "יהודה איהו ברא רביעאה לכרסייא ואיהו אשלים לכרסייא וכו׳", איז אזוי אויך "ר"ש דנהיר כל עלמא באורייתא וכמה בוצינין נהרין בגיני׳ עאכו"כ".

און אין די הערות איז ער דאס ניט מבאר, לרוב הפשיטות שבזה, ווארום ער האט זיך פארלאזט אז מ׳וועט זיך אליין כאפן אויף דערויף - וכפי שיתבאר לקמן.

- כו. -

---

98) שם קנה, סע"ב. 99) ניצוצי זהר שם. 100) נד, ב.
101) אוה"ת פרשתנו קמא, א. 102) פרשתנו כט, לה.

כו. דער ביאור אין כללות השייכות פון דעם פסוק הנ"ל, "הארץ אשר אתה שוכב עלי׳ לך אתננה ולזרעך", מיט עשירי בכסלו און מיט ט׳ כסלו (וואס עשירי בכסלו קומט גלייך לאחרי ט׳ כסלו), וואס דעמולט האט מען געליינט פ׳ ויצא, כולל אויך דעם פסוק הנ"ל - איז:

דער ענין פון ביאת משיח צדקנו, ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", ווי דער בעש"ט שרייבט אין די אגה"ק שלו[103].

וואס אין דערויף גופא זיינען דא צוויי נקודות: עס דארף זיין דער "מעין", און דער "מעין" דארף נתפשט ווערן אין אן אופן פון "יפוצו", ביז אויך אין "חוצה", און דעמולט קומט דער ענין הגאולה.

און התחלת ענין הגאולה, ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ס׳איז געווען די גאולה פון די נשיאים, יעדערער בדורו, אנהויבנדיק פון דעם אלטן רבי׳ן, און דערנאך ביים מיטעלן רבי׳ן, און דערנאך אויך בא כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, און ווי ער שרייבט אין זיין אגה"ק אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר אויך אלע אידן, ביז אויך "את אשר בשם ישראל יכונה".

וואס בכללות איז דאס אויך וואס ער זאגט אין שעהיוה"א[104] אז דער ענין פון "התגלות אלקות ע"י צדיקים", איז דער ענין פון "שיתף עמו מדת הרחמים"[105] - ועד"ז אויך בנוגע צו די נסים וואס זיינען געווען בא נשיאי ישראל (זייער גאולה), וואס דאס איז פארבונדן מיט "מדת הרחמים" - אז דאס ווערט די התחלה צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, און א התחלה אין אן אופן אז ס׳זאל זיין בקרוב ממש.

כז. דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון יו"ד כסלו, וואס דעמולט איז געווען די גאולה פון דעם מיטעלן רבי׳ן, איז פארבונדן מיטן פסוק "הארץ אשר אתה שוכב עלי׳ לך אתננה ולזרעך":

מ׳האט דאך גערעדט פריער (סכ"ו) אז די גאולה פון נשיאי ישראל ווערט די הכנה צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו - וואס דעמולט וועט מקוים ווערן די הבטחה וואס דער אויבערשטער האט צוגעזאגט אז "הארץ אשר אתה שוכב עלי׳ לך אתננה ולזרעך", אז ס׳וועט זיין "נוחה ליכבש לבניו",

- ווארוס -

---

103) נדפסה ג"כ בכש"ט (הוצאת קה"ת) בתחלתו. 104) פ"ה.
105) ראה פרש"י ר"פ בראשית. ועוד.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

ווארום דעמולט וועט מען זעהן בגלוי ווי א"י איז א "נחלת עולם", אין אן אופן נצחי, לכל בנ"י - וואס אויך איצטער האט יעדערער פון זיי א חלק אין א"י, כמדובר כמ"פ[106], אבער דעמולט וועט דאס שטיין אין אן אופן גלוי לכל העמים.

ובדוגמא ווי ס'איז געווען דער "וישקהו"[107] - ווי דער צווייטער פירוש פון רש"י אז "נשקו בכל לבו", ווארום שאר הענינים זיינען ניט קיין חידוש; דער חידוש איז אז ס'איז געווען דער "נשקו בכל לבו".

און ווי מ'זעט אויך בפשטות אז עשו האט שוין דעמולט געזאגט "נסעה ונלכה ואלכה לנגדך"[108], אז מ'זאל גיין צוזאמען - נאר יעקב האט אים געזאגט אז ער קען ניט איבערלאזן אין גלות קיין איין איד, אפי' די אידן וואס זיינען "רכים" און "עלות עלי"[109], און אז מ'וועט זיי א ביסל צוהיילן, קענען זיי שוין ניט מיטהאלטן, קען מען זיי אויך ניט איבערלאזן אין גלות,

ווארום די גאולה דארף זיין אין אן אופן אז יעדער איד און אלע אידן זאלן ארויסגיין פון גלות[110] - און צוליב דעריף איז כדאי אפהאלטן אלע אידן אין גלות, צוזאמען מיט "שכינתא בגלותא"[111], כדי אז מ'זאל קענען מיטנעמען כל אחד ואחת מישראל.

כח. און דאס וועט זיין אין אן אופן פון "נוחה ליכבש לבניו" - אנהויבנדיק דערפון ווי דאס איז לויט פירוש רש"י, אז דאס איז אין אן אופן פון "רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו", און דערנאך נאכמער: לויט פירוש הגמרא, אז דאס פועל'ט און סוט אויף אז ס'זאל זיין "נוחה ליכבש לבניו" (כנ"ל סכ"ד),

וואס בשעת א איד שטעלט זיך מיט א תוקף - באקומט ער גאנץ א"י אין אן אופן אז "נוחה ליכבש לבניו".

און דאס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן פון "ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה" (ווי ער זאגט גלייך נאך דעריף[112]), און ניט נאר אז מ'האט ניט קיינע שוועריקייטן פון אוה"ע, נאר אדרבה: "ונברכו בך כל משפחות האדמה", און ניט נאר בנוגע צו די וואס שטייען אין דער דרגא פון אברהם יצחק ויעקב, נאר אויך "ובזרעך", וואס דאס גייט אויף יעדער איד, ווארום יעדער איד איז בן אברהם יצחק ויעקב [וואס "אין

- קורץ -

------------

106) ראה שיחת מוצאי ש"פ לך לך תשל"ח סט"ו.
107) וישלח לג, ד. 108) שם, יב. 109) שם, יג. 110) ראה לקו"ש ח"א ע' 1 ואילך. 111) ראה מגילה כט, א.
112) פרשתנו כח, יד.

הנחת הת' בלתי מוגה

קורין אבות אלא לשלשה"] - זאגט מען אויף אים "ונברכו בך כל משפחות האדמה ובזרעך".

און אזוי ווי "התורה היא נצחית"[113], און "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[114] - ווערט מען דאס זעהן בקרוב ממש בעיני בשר, נאך זייענדיק אין עקבתא דמשיחא, און אין עקבתא דעקבתא דמשיחא,

דורך דערויף וואס מ'ווערט שטיין בתוקף אז מ'איז בני אברהם יצחק ויעקב, און מ'האט די הבטחה וואס יעדערער פון זיי און אלע צוזאמען האבן באקומען, אז "לך אתננה ולזרעך", און נאכמער: "לזרעך נתתי"[115], "כבר נתתי"[116] - מ'דארף נאר האבן אז ס'זאל שטיין בגלוי,

כן תהי' לנו, אין אן אופן פון אורה ושמחה וששון ויקר.

* * *

כט. דער ביאור אין פרש"י (בקיצור עכ"פ):

דאס וואס רש"י שטעלט זיך ניט אויף דעם וואס ס'שטייט ביי אברהם אבינו "כי את כל הארץ אשר אתה רואה לך אתננה ולזרעך" - איז דאס דערפאר וואס אין פשש"מ איז מלכתחלה נימא קיין קשיא:

ווען א מענטש געפינט זיך אין א בית, און מ'זאגט אים אז דעם בית אין וועלכן ער געפינט זיך, ווערט מען אים אפגעבן - איז אפי' ווען ס'איז א גרויסע הויז, און עס האט א סאך צימערן, און איצטער געפינט ער זיך מערניט ווי אין איין צימער, הייסט דאס ניט אז מ'גיט אים נאר דעם צימער אין וועלכן ער געפינט זיך, ווארום התחלת הדיבור איז געווען אז מ'גיט אים דעם גאנצן בית אין וועלכן ער געפינט זיך, אע"פ אז בפועל געפינט ער זיך (ניט אין דעם גאנצן בית, נאר) אין איין צימער.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'זאגט "כי את כל הארץ אשר אתה רואה לך אתננה ולזרעך", ועד"ז "הארץ אשר אתה שוכב עלי' לך אתננה ולזרעך" - מיינט דאס ניט אז מ'ווערט אים געבן מערניט דעם חלק פון די ארץ "אשר אתה רואה", אדער מערניט ווי דעם חלק פון די ארץ "אשר אתה שוכב עלי'" - ס'איז מערניט ווי א "סימן" מ'זאל וויסן וועגן וועלכע "ארץ" רעדט זיך דא; "הארץ אשר אתה רואה", און

- "הארץ" -

---

113) תניא דפי"ז. 114) עיקר הט' מי"ג עיקרים להרמב"ם. 115) לך לך טו, יח. 116) ירושלמי חלה פ"ב ה"א. וראה גם פרש"י עה"פ.

"הארץ אשר אתה שוכב עלי׳" - אז מ׳וועס אים געבן די גאנצע ארץ.

דערנאך קומט צו נאך א זאך (וואס איז קרוב יותר צו פשש"מ):

בשעת מ׳געפינט זיך בככר ובמישור, קען מען סאקע זעהן מערניט ווי "תלת פרסי או ארבע או חמש פרסי" (ווי ער זאגט אין זהר) [וואס דאס איז אויך נוגע צו מעשר׳ן פון איין עדר אויפן צווייטן, ווי די גמרא זאגט אין בכורות[117] אז "שיתסר מיל קא שלטא בי׳ עינא דרועה"]; ווען מ׳שטייט אבער אויף א בארג, קען מען זעהן א סאך מער דערפון וואס מ׳קען זעהן ווען מ׳געפינט זיך במישור, און וואס דער בארג איז העכער, קען מען זעהן פון דארטן א גרעסערן שטח.

וויבאלד אז אין פסוק שטייט ניט צי אברהם אבינו איז דעמולט געשטאנען אין א מקום מישור אדער אויף א הר, אויף א הר קטן אדער א הר גבוה - ס׳שטייט נאר אז דער אויבערשטער האט אים געזאגט "שא נא עיניך וראה מן המקום אשר אתה שם גו׳" - איז אין פשש"מ קען מען זאגן אז אברהם האט געדארפט געפינען א הר גבוה אין א"י, וואס פון דארטן וועט ער קענען זעהן גאנץ א"י.

[און ווי מ׳זעט סאקע בעיני בשר - אויך אין צרפת, וואס דארטן האט רש"י געשריבן פירושו - אז בשעת מ׳שטייט אויף א הר גבוה, קען מען זעהן פון דארטן א שטח הכי גדול].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין פשש"מ איז ניטא קיין קשיא אויף דעם וואס ס׳שטייט "כי את כל הארץ אשר אתה רואה לך אתננה ולזרעך" - ווארום מ׳קען זאגן אז אברהם איז געשטאנען אויף א הר גבוה, וואס פון דארטן האט ער געקענט זעהן גאנץ א"י,

נוסף על האמור לעיל אז "הארץ אשר אתה רואה" איז מערניט ווי א סימן מ׳זאל וויסן וועגן וועלכן "ארץ" רעדט זיך דא - אז די "ארץ" "לך אתננה ולזרעך", ניט נאר דעם חלק פון די ארץ "אשר אתה רואה", נאר די גאנצע ארץ, און "אשר אתה רואה" איז נאר א סימן וועגן וועלכן "ארץ" עס רעדט זיך.

ל. ווען מ׳קומט אבער צום פסוק "הארץ אשר אתה שוכב עלי׳ לך אתננה ולזרעך", ווערט די קשיא - צוליב וואס דארף שטיין "שוכב עלי׳":

דער ענין פון "שוכב עלי׳", ליגן און שלאפן (אדער אפי׳

- ליגן -

------------

117) שם.

ליגן און ניט שלאפן), באווייזט אויף אן ענין וואס איז היפך ענין הכיבוש, איז צוליב וואס שטייט "הארץ אשר אתה שוכב עלי׳"?

ובפרט אז דער בן חמש למקרא געדיינקט וואס ער האט געלערנט פריער, אז נאך דערויף וואס דער אויבערשטער האט געזאגט צו אברהם אבינו "כי את כל הארץ אשר אתה רואה לך אתננה ולזרעך", האט ער אים אנגעזאגט אז ער זאל זיך ניט באגנוגענען דערמיט, נאר "קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה"[118] [וואס דאס איז פארבונדן מיטן "כי לך אתננה"];

און דא האט מען אים געזאגט "הארץ אשר אתה שוכב עלי׳" - וואס נוסף לזה וואס די ווערטער "שוכב עלי׳" זיינען לכאו׳ איבעדיק [ווארום אין דערויף איז ניטא קיין סימן מיוחד, דער אויבערשטער האט אים געקענט זאגן "הארץ הזאת" - ע"ד ווי ס׳שטייט ביי אברהם אבינו "הארץ הזאת"[119]] - איז דאס נאך א דיבור וואס איז מגביל: "שוכב עלי׳" איז היפך ענין הכיבוש, היפך הענין פון "קום התהלך בארץ", מ׳זאגט אים ער זאל בלייבן אויפן ארט וואו ער ליגט - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס דארף שטיין "שוכב עלי׳"?

לא. אויף דערויף זאגט רש"י אז וויבאלד ס׳שטייט "שוכב עלי׳", דארף מען זאגן אז "קיפל הקב"ה כל ארץ ישראל תחתיו" - וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס דארף שטיין "שוכב עלי׳", ווארום דערמיט וויל מען זאגן אז ער איז געלעגן אויף גאנץ א"י, וויבאלד אז "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו".

און אזוי ווי ס׳איז געווען ביי אברהם אבינו, אז די הבטחה פון דעם אויבערשטן איז געווען פארבונדן מיט א סימן פון בעל-הבית׳שקייט, וואס דאס איז געווען דער ענין פון "קום התהלך בארץ",

[אע"פ אז דער בן חמש למקרא ווייסט נאך ניט דעם דין אז מ׳קען קונה זיין ע"י הליכה וכו׳[120] - ווייסט ער אבער אז וואו קען מען ארומגיין פרייערהייד "לארכה ולרחבה", איז דאס דוקא דארטן וואו ער איז דער בעה"ב [ווארום אז ער וועט אריינגיין אין א צווייטנ׳ס נחלה, אין א צווייטנ׳ס הויז, וועט מען אים פון דארטן משלח זיין - אויף דערויף דארף ער ניט אנקומען צו פרש"י, ער פארשטייט דאס בפשטות],

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה", איז געווען א התחלה פון בעל-הבית׳שקייט] -

- איז -

---

118) לך לך יג, יז. 119) ראה ב"ב ק, א.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

און די אלע ענינים וואס ער ברענגט אויף אברהם, יעקב און יהודה (און דוד) - פארגלייכט מען זיי און מ'זאגט אז מ'געפינט דוגמתם בא רשב"י.

דער כללות הביאור בזה:

מ'האט גערעדט פריער (סכ"ו) אז דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" איז פארבונדן מיט דוד מלכא משיחא [וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו מוצאי שבת קודש, ווארום דעמולט איז דא דער ענין פון "סעודתא דדוד מלכא משיחא"[120]], ווארום די גאולה דורך דוד מלכא משיחא, ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

און דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" האט זיך אנגעהויבן דורך רשב"י - כמבואר בארוכה אין די דרושים פון דעם רבי'ן מהר"ש (איך והתרים[121] ובכ"מ[122]), אז ענינו של רשב"י איז געווען אז ער האט מאחד געווען נגלה דתורה מיט פנימיות התורה צוזאמען.

בא שאר התנאים, אפי' די וואס האבן געלערנט נסתר דתורה [ווי מ'געפינט אין זהר, און אין תשובות הגאונים, און נאך כמה ספרים (ספר הבהיר וכיו"ב) - נעמען פון תנאים ואמוראים וואס האבן געלערנט נסתר דתורה] - איז דאס געווען אין אן אופן אז נגלה דתורה מיט נסתר דתורה זיינען געווען צוויי באזונדערע זאכן;

און דער אויפטו פון רשב"י איז, אז ער האט מאחד געווען נגלה דתורה מיט פנימיות התורה - ווי ער איז מבאר דארטן[123] בארוכה בנוגע צו דעם ענין פון "עד הגל הזה"[124], און דער ענין פון "מתצתי ואני ארפא"[125], אז ס'איז דא די מתיצה צווישן נגלה דתורה מיט פנימיות התורה, און לע"ל וועט זיין דער ענין פון "(מתצתי) ואני ארפא", עס וועט בטל ווערן די מתיצה, און עס וועט ווערן איין זאך,

און אויף דערויף זאגט מען אז דער ענין האט זיך שוין אנגעהויבן בא רשב"י, וואס ער האט מאחד געווען נגלה דתורה מיט פנימיות התורה.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון ל"ג בעומר, וואס "ל"ג" איז אותיות "גל", כמבואר בארוכה אין די

- דרושים -

------------

120) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) במקומו. פע"ח סוף שער השבת. 121) תרל"א ע' נב ואילך. 122) המשך תייב אדם תרל"ח פכ"ה. 123) המשך תייב אדם שם. 124) פרשתנו לא, נב. 125) תהלים קיט, יח.



הנחה הת' בלתי מוגה

דרושים פון ל"ג בעומר אין דעם המשך הנ"ל פון רבי'ן מהר"ש, ובכ"מ[126].

וואס דאס איז די התחלה פון דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" ווי עס האט זיך אנגעהויבן דורך רשב"י.

לז. עפ"ז קען מען אויך מסביר זיין (עכ"פ בדא"פ) דאס וואס ר' הלל פאריטשער ברענגט[127] אז ער האט געהערט פון ר' זלמן זעזמער בשם פון דעם אלטן רבי'ן, אז בא רשב"י איז ניט געווען דער ענין החורבן.

וכמדובר אמאל בארוכה[128] אז רשב"י האט געהאט די גרעסטע רדיפות פון מלכות רומי [וואס עיקר החורבן איז דאך געווען אין חורבן בית שני - דורך מלכות רומי], ווארום ס'איז געווען א גזירה פון מלכות רומי אויף כמה תנאים, אויף איינעם איז געווען א גזירה אז "יגלה"[129], און אויף א צווייטן באופן אחר וכו', און רשב"י האט זיך געדארפט באהאלטן אין א מערה י"ב שנה, און דערנאך אויך שנת הי"ג, און מ'זאגט אז ס'איז געווען דער ענין פון צער המערה,

און דער צער המערה איז געווען עד כדי כך, ביז אז דורך דערויף איז רשב"י צוגעקומען צו א דרגא נעלית ביותר, ווי די גמרא דערציילט בארוכה אז ווען מ'האט געזאגט צו רשב"י "אוי לי שראיתיך בכך", האט רשב"י געענטפערט "אשריך שראיתני בכך שאילמלא לא ראיתני בכך לא מצאת בי כך", ווארום "מעיקרא כי הוה מקשי ר"ש בן יוחי קושיא, הוה מפרק לי' רפב"י תריסר פירוקי, לסוף כי הוה מקשי רפב"י קושיא, הוה מפרק לי' רשב"י עשרין וארבעה פירוקי",

ד.ה. אז דער צער המערה איז געווען גדול עד כדי כך, אז דורך דערויף איז ער צוגעקומען צו א דרגא אז ער האט געקענט ענטפערן כ"ד פירוקי אויף אלע קושיות,

כולל אויך די קושיות אויפן גלות - וואס דאס איז די גרעסטע קשיא, און דער מקור אויף אלע קושיות, וואס דאס איז פארבונדן מיטן חטא הקדמוני, וואס פון דארטן נעמען זיך אלע קושיות און מחלוקת, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון רע"מ[130] און ווי ס'ווערט נתבאר אין אגה"ק פון דעם אלטן רבי'ן[131].

און אויף דערויף זאגט מען אז אע"פ אז רשב"י האט זיך געדארפט באהאלטן אין דער מערה (צוליב דעם ענין החורבן

- וכו') -

------------

126) המשך תייב אדם שס. סידור שער הל"ג בעומר דש, ג. 127) פלח הרמון שמות ע' ז. 128) ראה גם שיחת ל"ג בעומר תשל"ת סכ"ה. 129) שבת לג, ב. 130) זח"ג קכד, ב. 131) סכ"ו.

הנחת הת' בלתי מוגה

איז אזוי אויך בנוגע צו יעקב אבינו, אז אין דער הבטחה "לך אתננה ולזרעך", איז געווען א סימן פון בעל-הבית'שקייט - "רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו":

פונקט אזוי ווי אין "שוכב עלי'" איז ניטא קיין ענין של טרחא, ער טוט ניט קיין מלאכה, ער גייט אפי' ניט ארום, ער האט זיך אוועקגעלייגט און ליגט דארטן - וועט אזוי אויך זיין דער אופן הכיבוש פון א"י, אז ס'וועט זיין "נוחה ליכבש לבניו", אין אן אופן פון "שוכב עלי'",

וואס "שוכב עלי'" איז היפך הענין פון מלחמה וכיבוש, און אפי' דער היפך פון "קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה" - ווארום ניט נאר אז ער שטייט במקומו און גייט ניט ארום, נאר אפי' במקומו שטייט ער ניט אין אן אופן פון "קום" (עאכו"כ אז ער שטייט ניט אין אן אופן פון "נצב" - אן עמידה בתוקף), נאר "שוכב עלי'", ער לייגט זיך אוועק - און דורך דעם ליגן ווערט דאס זיינע, וואס דאס באווייזט אויף בעל-הבית'שקייט, ווארום ער דארף ניט האבן קיין טרחא אז ס'זאל ווערן זיינע.

לב. ע"פ האמור לעיל איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'זאגט "שתהא נוחה ליכבש לבניו" - איז ניט דערפאר וואס דאס איז מערניט ווי "ד' אמות" (ווי רש"י טייטשט אפ אין גמרא), נאר דערפאר וואס דאס איז אין אן אופן פון "שוכב עלי'", אן קיין טרחא (אפי' ניט די טרחא וואס מ'דארף האבן אויף כובש זיין ד' אמות).

אין גמרא, וואס די גמרא פרעגט: "מאי רבותי'" וואס מ'זאגט צו אז "הארץ אשר אתה שוכב עלי' לך אתננה ולזרעך", ס'איז מערניט ווי ד' אמות - איז דער תירוץ אז ס'וועט זיין "נוחה ליכבש לבניו - כד' אמות";

בא רש"י'ן איז אבער די שאלה [ניט "מאי רבותי'", ווארום אין פשש"מ איז "אשר אתה שוכב עלי'" מערניט ווי א סימן אז מ'זאל וויסן וועגן וועלכע "ארץ" עס רעדט זיך (כנ"ל סכ"ט), נאר די שאלה איז] פארוואס שטייט "שוכב עלי'", דאס איז דאך דער היפך הענין פון כיבוש, און היפך פון "קום התהלך בארץ" -

און אויף דעדויף איז דער תירוץ, אז דערמיט איז "רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו" - אין אן אופן פון "שוכב עלי'", אן קיין טרחא, כנ"ל בארוכה; און אז אזוי וועט דאס זיין בנוגע צו גאנץ א"י, ווארום דער "שוכב עלי'" איז געווען אויף גאנץ א"י, וויבאלד אז "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו".

לג. און אויף דערויף זאגט רש"י "רמז לו שתהא נוחה ליכבש - לבניו" -

לבניו", און ניט ווי ס'שטייט אין גמרא "קפלה הקב"ה לכל א"י והניחה תחת יעקב אבינו שתהא נוחה ליכבש לבניו", וואס דער פירוש בזה איז, אז דאס פועל'ט און טוט אויף אז "תהא נוחה ליכבש לבניו". והביאור בזה:

אין פשש"מ לייגט זיך ניט צו זאגן אז דערפאר וואס בא יעקב איז דאס געווען אין אן אופן פון "שוכב עלי'", וועט דאס אויפטאן אז ס'זאל זיין "נוחה ליכבש לבניו";

ס'איז מערניט וואס "רמז לו" - וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געמאכט אזא נס, אז "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו", און דאס איז געווען אין א מעמד ומצב אז ער איז געווען "שוכב עלי'" - איז דעדמיט "רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו", אין אן אופן פון "שוכב עלי'".

לד. עפ"ז וועט מען פארשטיין נאך אן ענין:

וויבאלד אז דער אויבערשטער האט שוין מבטיח געווען צו אברהם אבינו אז "כל הארץ אשר אתה רואה לך אתננה ולזרעך" - איז לכאו', וואס קומט צו אין דער הבטחה וואס ער האט מבטיח געווען יעקב'ן אז "הארץ אשר אתה שוכב עלי' לך אתננה ולזרעך"

איז דער ביאור בזה:

ביי אברהם איז טאקע געווען די הבטחה אז "כל הארץ אשר אתה רואה לך אתננה ולזרעך" - דאס קען אבער זיין אין אן אופן וואס איז פארבונדן מיט טרחא וכו', ע"ד ווי ס'איז געווען ביי אברהם אליין, אז ס'האט געדארפט זיין "קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה";

בא יעקב איז אבער צוגעקומען א מורא'דיקע הבטחה: ס'וועט זיין "נוחה ליכבש לבניו" אין אן אופן פון "שוכב עלי'", מ'וועט ניט דארפן אנקומען צו קיין ענין של טרחא, דורך דערויף וואס ער וועט ליגן דאדטן, וועט ער דארטן ווערן דער בעה"ב.

לה. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

לו. דער ביאור אין זהר (ווי געזאגט פריער אז ער איז דאס ניט מבאר אין די הערות דערפאר וואס דאס איז מובן מעצמו):

אין זהר רעדט ער וועגן אברהם, וועגן יעקב, און דערנאך וועגן לאה - ווי לאה איז פארבונדן מיט לידת יהודה, "הפעם אודה את ה'", וואס ער איז דער רגל הרביעי פון דער מרכבה, און לויט איין גירסא אין זהר איז דאס אויך פאר-בונדן מיט רוד, "אתא דוד מיהודה ואשלים לכרסייא",

- און -

וכו׳), אעפ"כ זאגט מען אז ביי אים איז ניט געווען דער ענין החורבן.

לח. דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" וואס האט זיך אנגעהויבן דורך רשב"י, ווערט אויך אויפגעטאן ע"י מעשינו ועבודתנו במשך פון די שית אלפי שני דהוה עלמא, ובעיקר במשך זמן הגלות[132].

און התחלת העבודה איז - דער אופן העבודה פון אברהם אבינו, "אברהם אוהבי", וואס "לית פולחנא כפולחנא דרחימותא"[133], און אין כחות הנפש איז דאס דער כח הכי נעלה - דער כח הראי׳[134].

וואס דאס (דער ענין הראי׳) איז אויך פארבונדן מיטן אויפטו פון משיח, ווארום דער אויפטו פון משיח איז, אז דורך אים וועט זיין דער לימוד התורה אין אן אופן פון ראי׳, כמבואר בארוכה אין די דרושים פון שש"פ און אחש"פ[135].

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - ווי מ׳ברענגט די דוגמא אויף דעם ענין פון לימוד התורה אין אן אופן של ראי׳, פון דעם אופן לימוד התורה וואס איז געווען ביים אריז"ל [וואס בזמנו האט זיך אנגעהויבן דער ענין וואס "מצוה לגלות זאת החכמה", ווי דער אלטער רבי ברענגט אין אגה"ק[136]], אז זיין לימוד התורה איז געווען אין אן אופן של ראי׳, א מעין פון דעם אופן הלימוד ווי ס׳וועט זיין לע"ל -

וואס דערפאר האט ער געזעהן במשך פון ב׳ וג׳ שעות אזוינע ענינים וואס אויף צו ארויסברענגען זיי בדיבור דארף מען האבן ס׳ אדער פ׳ שנה, וויבאלד אז ער האט דאס גענומען אין אן אופן של ראי׳, כמבואר בארוכה אין די דרושים[139].

לט. די עבודה אין אן אופן פון ראי׳ (די דרגא פון אברהם אבינו), דארף דערנאך אראפקומען אין אן אופן פון "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך אל הארץ אשר אראך"[137] - ווי די רביים[138] טייטשן אפ אז "אל הארץ אשר אראך" גייט אויף ספירת המלכות.

- וויבאלד -

------------

132) ראה תניא רפל"ז. 133) זח"ג רסז, א. וראה ספר הערכים-חב"ד ע׳ אהבת ה׳ ס"ס. 134) ראה גם לקוטי לוי"צ שם ע׳ קיס. 135) לקו"ת צו יז, ב. שער האמונה פ"ס. ועוד. 136) שם (קמב, ב). 137) לקו"ת שם. ועוד. 138) ר"פ לך לך. 139) ראה ד"ה ויאמר גו׳ לך לך דמוצאי ש"פ לך לך תשל"ת. וש"נ.

וויבאלד אבער אז "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[140], גייט "אל הארץ אשר אראך" אויף ארץ ישראל כפשוטה -

און אויף דערויף ברענגט ער אין זהר אז "באינון ארבע אמין כפיל לי' קב"ה כל ארעא דישראל", און דורך דערויף איז געווארן דער "שתהא נוחה ליכבש לבניו",

וואס דער ענין איז געווען בא יעקב, וואס ער איז געווען "שלימו דאבהן"[141], תכלית השלימות פון די אבות,

ביז וואנעט אז מצדו איז שוין בזמנו געווען דער ענין הגאולה - ווי געבראכט פריער (סכ"ז) דאס וואס דער מיטעלער רבי איז מבאר (מיוסד אויף די דרושים אין תו"א[142]), אז דער ענין פון "וישלח יעקב מלאכים לפניו אל עשו אחיו גו'", איז געווען דערפאר וואס יעקב איז שוין געווען פארטיק מיט אלע בירורים, האט ער שוין געקענט גיין אין "שעיר", ס'איז מער-ניט וואס "הצאן והבקר עלות עלי", ער קען ניט איבערלאזן קיין אידן אין גלות, האט דאס געמוזט געדויערן מערער צייט - אבער יעקב מצ"ע איז שוין געווען פארטיק מיט אלע בירורים,

און ביי אים איז שוין געווען גאנץ א"י אין אן אופן אז "קיפל הקב"ה כל ארץ ישראל תחתיו", און ער איז "שוכב עלי'".

מ. און די כוונה איז דאך אז ס'זאל אראפקומען אין אן אופן פון "ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה" - ווערט דאס אויפגעטאן דורך די שבטים פון יעקב, ווי ער טייטשט אפ אין תו"א[143] אז "שבט הוא מלשון המשכה כמו כוכבא דשביט"[144], אן ענין של המשכה.

ובעיקר ווערט דאס אויפגעטאן דורך שבט יהודה, וואס ער איז תכלית השלימות פון די שבטים, וואס דערפאר איז יהודה געווען דער מלך פון די שבטים[145], און דערפאר איז מלכות בית דוד פארבונדן מיט שבט יהודה דוקא, כמבואר בארוכה אין ברכת יעקב צו יהודה[146].

און דערפאר נאך דערויף וואס ער ברענגט אין זהר דעם ענין פון אברהם און יעקב - ברענגט ער דערנאך דעם ענין פון יהודה (און אויך דעם ענין פון דוד), ווארום דורך יהודה, וואס ער איז דער תכלית השלימות פון די שבטים, מלשון המשכה, ווערט אויפגעטאן די המשכה למטה.

- מא. -

------------

140) שבת סג, א. וש"נ. 141) זח"א קמז, ב. 142) וישלח כד, סע"ב ואילך. 143) פרשתנו כד, א. 144) ברכות נח, ב. 145) ראה ב"ר פצ"ב, ה. 146) ויחי מט, ח ואילך ובפרש"י שם.

מא. דערפון איז פארשטאנדיק כללות הענין וואס ער איז מבאר אין זהר:

פריער רעדט זיך וועגן די כחות פנימיים, און עס הויבט זיך אן מיט ראשית הכחות - דער ענין פון ראי', "שא נא עיניך וראה",

דערנאך קומט דאס אראפ אין כל הכחות כולם, ביז אין ספירת המלכות, כנסת ישראל, וואס זי איז כולל כל הענינים[147], און דאס איז אויך פארבונדן מיט א"י - דער ענין פון "כפיל לי' קב"ה כל ארעא דישראל" וואס איז געווען בא יעקב,

און דערנאך דארף דאס אראפקומען פון א"י אין חו"ל - וואס דאס איז דער ענין פון יהודה, וואס ער איז געבאהן געווארן אין חו"ל [צוזאמען מיט אלע שבטים - חוץ פון שבט בנימין[148]],

וואס זיין עבודה איז אין אן אופן פון הודי', "הפעם אודה את הוי'" - וואס אין דערויף זיינען דא צוויי קצוות:

זיין עבודה איז אין אן אופן פון הודי' - און צוזאמען דערמיט שטייט ביי אים בגלוי דער גאנצער שם הוי'[149], וואס דער ענין איז ניטא בא קיין שבט,

בנוגע צו לע"ל שטייט[150] אז "עתידין צדיקים שנקראין על שמו של הקב"ה כו'" - אבער בא יהודה איז דאס שוין געווען נאך זייענדיק אין חו"ל, אז אין זיין נאמען שטייט שם הוי' בגלוי.

און דער אופן העבודה ווערט נמשך צו אידן במשך כל הדורות כולם - ווארום דער עיקר העבודה בא יעדער אידן איז דער ענין ההודי', ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער אריכות אין תניא[151] וועגן דעם ענין פון קב"ע, אז דאס איז "ראשית העבודה ועיקרה ושרשה" - וואס דאס איז דער אופן העבודה פון יהודה.

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "מעשה גדול" וואס וועט זיין לע"ל - כמבואר בארוכה אין די דרושים אויף ושננתם לבניך[152] דער ענין פון "תלמוד גדול" און "מעשה גדול".

וואס דאס איז דער כללות הענין וואס ער זאגט אין זהר,

- אז -

------------

147) ראה קה"י ערך כנס"י. סה"מ תרנ"ט ע' ב. ועוד.
148) ראה פרש"י עה"פ וישלח לה, יח. 149) ראה אוה"ת מג"א ע' ב'ער. 150) ב"ב עה, ב. 151) פמ"א. 152) אוה"ת ואתחנן ע' רלח ואילך.

אז ווען רשב"י האט דערזעהן "רבי אבא ורבי חייא ורבי יוסי", האט ער געזאגט "חדתותי דאורייתא אצטריך הכא", און דערנאך איז געווען "רבי אבא פתח ואמר כו'", "פתח רבי חייא ואמר כו'", און "פתח ר' יוסי ואמר כו'" - ווי ער איז מבאר אין דער הערה[153] די דריי דרגות וואס "כ"א מהם דרש כבחינתו הוא", און זיי האבן מגלה געווען בגילוי אין עולם הדיבור און "דרשו על מעלת ר' שמעון".

מב. דער ביאור בזה אין אותיות פון עבודה:

בא יעדער אידן איז דא (אין דעם ענין התפלה) דער ענין פון "שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד"[154], און אויך שאר חלקי התפלה שלפנ"ז, וואס כללות ענין התפלה איז - דער ענין פון "שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה"[155], כמבואר בכמה דרושים[156].

און ווי מ'זעט אויך בפועל, אז דער ענין פון "ראו" אין אלקות, ווערט אויפגעטאן דוקא דורך די התבוננות אין גדלות הבורא, "היאך היא הדרך לאהבתו וידאתו, בשעה שיתבונן האדם במעשיו וכו'"[157], וואס דאס איז דער ענין פון עבודת התפלה.

[דורך לימוד התורה ווערט טאקע אויפגעטאן דער ענין וואס "המאור שבה מחזירו למוטב"[158] - אבער דער ענין פון "ראו" אין אלקות, ווערט אויפגעטאן דוקא דורך עבודת התפלה].

און בשעת אז עבודתו איז כדבעי - איז ער מקיים דעם ציווי "דע לפני מי אתה עומד"[159], ביז וואנעט אז ער זעט דאס בעיני בשר - "שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה".

וואס דאס איז דער אופן העבודה וואס איז געווען ביים ערשטן אידן, אברהם אבינו, וואס אים האט מען אנגעזאגט "שא נא עיניך וראה גו'".

דערנאך דארף דאס אבער אראפקומען אין ארץ ישראל, און אז דאס זאל ווערן די נחלה פון אידן אין אן אופן פון "נחלת עולם" - וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך "ליעקב אשר פדה את אברהם"[160],

ווארום בא אברהם אבינו איז געווען נאר דער ענין וואס ער האט געזעהן א"י, עס איז אבער נאך ניט געווען אין אן

- אופן -

---

153) לקוטי לוי"צ שם ע' קיח. 154) ואתחנן ו, ד. 155) ל' הכתוב - ישעי' מ, כו. 156) ראה אמ"ב י, ב ואילך. ועוד. 157) רמב"ם הל' יסוה"ת פ"ב ה"ב. 158) ראה ירושלמי חגיגה פ"א ה"ז. איכ"ר פתיחתא ב. 159) ראה ברכות כח, ב. ועוד. 160) ל' הכתוב - ישעי' כט, כב.

אופן של קנין אז ס'זאל ווערן ברשותו - און דאס האט זיך אויפגעטאן בא יעקב, דורך דעם וואס "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו", און ער איז געווען "שוכב עלי'",

ווי דער ראגאטשאווער[161] איז מבאר אז דאס איז "בגדר מציע מצעות", וואס דורך דערויף איז ער דאס קונה[162].

און אין דערויף זעט מען א דבר נפלא: דער ראגאטשאווער פארבינדט דאס דארטן דערמיט וואס יעקב האט גענומען "אבנים" - "ויקח מאבני המקום וישם מראשותיו"[163] [וואס מצד דערויף וואס יעדער אבן האט געזאגט "עלי יניח צדיק את ראשו", איז "עשאן הקב"ה אבן אחת"[164], וואס דאס איז וואס ס'שטייט דערנאך[165] "ויקח את האבן אשר שם מראשותיו"] -

וואס דער ענין פון "אבן", דומם, אין עבודת האדם - איז די עבודה אין אן אופן פון "שויתי ודוממתי"[166], די עבודה פון יהודה.

און אין עבודת התפלה גופא, איז דאס די עבודה פון שמו"ע - כמבואר בארוכה אין תו"א אין די דרושים פון פ' ויחי[167], אז ראובן און שמעון איז די עבודה פון ק"ש (פרשה ראשונה און פרשה שני'), און לוי איז דער ענין פון "אמת ויציב", און דערנאך קומט דער ענין פון יהודה, וואס דאס איז דער ענין פון שמו"ע.

וואס דער תוכן הענין פון שמו"ע איז - דער ענין פון בקשת צרכיו, וואס אין דערויף באשטייט די מצוה פון תפלת שמו"ע.

וואס לכאו', איז דאס א מאדנע זאך: שמו"ע איז דאך תכלית השלימות אין עבודה, "הפעם אודה את הוי'", דער ענין פון הודי' ווי ס'איז פארבונדן מיט שם הוי' - און לאידך, איז דער תוכן פון תפלת שמו"ע, דער ענין פון בקשת צרכיו,

ווי דער רמב"ם[168] זאגט אז די מ"ע מן התורה פון תפלה, באשטייט אין דערויף וואס ער דארף בעטן צרכיו ביים אויבערשטן,

און ס'איז ניט קיין בהאלטענע זאך - די כוונה פון פירוש המלות, דארף דאך זיין בכל חלקי התפלה, ועאכו"כ אין תפלת שמו"ע - און דער פירוש המלות פון תפלת שמו"ע (וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו) איז - בקשת צרכיו, רופא חולים

- און -

---

161) צפע"נ עה"פ (מצפע"נ הל' תרומות פ"א דף ג, ע"ד). 162) ראה ב"ב נג, ב. 163) פרשתנו כח, יא. 164) פרש"י עה"פ. 165) פרשתנו שם, יח. 166) ל' הכתוב - תהלים קלא, ב. 167) מה, ב ואילך. 168) ריש הל' תפלה.

און מברך השנים וכו׳, מיט אלע ענינים וואס מ׳רעכנט אויס
אין תפלת שמו"ע, וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו.

וואס דאס איז דער ענין פון יהודה, וואס ער איז כללות
כל השבטים, און ווי דערמאנט פריער (ס"מ) אז דערפאר איז ער
געווען דער מלך, וואס ענינו פון א מלך איז, אז ער איז
כולל כל אנשי המדינה, און זייער גאנצע מציאות איז מציאות
המלך[169], ביז וואנעס אז "הנשיא הוא הכל", ווי רש"י ברענגט
אראפ בפירושו עה"ת[170] - וואס דאס איז אויך פאר א בן חמש
למקרא, כמדובר כמ"פ.

וכאמור לעיל אז ענינו פון יהודה איז - דער רגל
הרביעי שבמרכבה, און ווי ער זאגט אין זהר אז פון אים קומט
ארויס דוד,

און פון אים קומט ארויס משיח - בפועל ובגלוי, במהרה
בימינו, למטה מעשרה טפחים.

מג. און דעמולט קומט מען צו צום סיום פון פ׳ ויצא, אז עס
ווערט דער "ויפגעו בו מלאכי אלקים", און אין אן אופן פון
"מחנים", "שתי מחנות", של חו"ל כו׳ ושל א"י":

מ׳דארף נאך אנקומען צו די מלאכים וואס האבן צוטאן
מיט חו"ל׳דיקע און גלות׳דיקע ענינים, וויבאלד אז מ׳געפינט
זיך נאך אין די לעצטע טעג פון גלות;

מ׳האט שוין אבער אויך די מלאכים פון א"י, ווארום
ס׳איז שוין דער מעמד ומצב וואס "הנה זה עומד אחר כתלנו
משגיח מן החלונות מציץ מן החרכים"[171], און ווי כ"ק מו"ח
אדמו"ר נשיא דורנו האט מסביר געווען[172], אז מ׳דארף נאר מאכן
דעם לעצטן פוץ פון דעם לעצטן קנעפל, וועט גלייך ווערן דער
"מיד הן נגאלין"[173] - כן תהי׳ לנו.

און ס׳ווערט דער "וישלח יעקב מלאכים גו׳" - ווארום
מ׳האט שוין געפוצט די לעצטע ניצוצים פון עוה"ז הגשמי, און
מ׳איז שוין גרייט אויף מקבל זיין פני משיח צדקנו,
"בנערינו ובזקנינו גו׳ בבנינו ובבנותנו"[174], ביז צו "והיתה
לה׳ המלוכה",

דורך דער הכנה פון "יפוצו מעינותיך חוצה", אין אן

- אופן -

---

169) ראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1050 ואילך. ועוד. 170) עה"פ
חקת כא, כא. 171) שה"ש ב, ט. וראה לקו"ש ח"ז ע׳ 104 הע׳
38. 172) שיחת שמח"ת תרפ"ט. 173) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז
ה"ה. 174) בא י, ט.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

אופן פון "רחובות הנהר", און דערפון - אויך צו י"ט כסלו, וואס דאס איז דער יום הגאולה פון דעם אלטן רבי'ן.

מד. כאן המקום צו דערמאנען אויף אלע מבצעים בכלל, און די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט "יפוצו מעינותיך חוצה", און אויך וועגן די הכנות (אין אן אופן מסודר) צו די מבצעים פון חנוכה, בכל מקום שהם.

און סאן אין דערויף מתוך שמחה וטוב לבב, ומתוך הרחבה אמיתית, און אין אן אופן פון "ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה" - וואס דעמולט וועט מען זיכער אויפטאן מיט אלע אידן,

און מ'וועט אויך אויפטאן דאס וואס מ'דארף אויפטאן מיט "משפחות האדמה", ביז אין אן אופן פון "ונברכו בך כל משפחות האדמה", אז זיי וועלן אויך מסכים זיין אויף דערויף,

ביז אז ס'וועט זיין "ונברכו בך כל משפחות האדמה ובזרעך" - אז אפי' די וואס דערווייליל זיינען זיי נאך "קינדער" אין שכל, און מ'דארף זיי ערשט האדעווען און מחנך זיין - איז ניט נאר אז זיי וועלן זיך פירן ווי ס'דארף צו זיין, נאר אויך בא זיי וועט זיין דער "ונברכו בך כל משפחות האדמה ובזרעך".

און ס'וועט זיין דער "כל אשר תתן לי עשר אעשרנו לך"[175], ווי ס'איז מבואר אין תו"א[176] אז דאס איז פארבונדן מיט לע"ל - בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

צוה לנגן ניגון אדמו"ר האמצעי. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

175) פרשתנו שם, כב. 176) פרשתנו כב, ד.

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ ויצא ט' כסלו ה'תשל"ט. <u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

א. דער אלטער רבי זאגט (סה"ש תש"ב) אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט, ד.ה. מיט די פרשה פון דער וואך [וואס דאס איז א גוטער ווארט און א אמת'ער ווארט און א ווארט וואס איז מחי' און באלעבט],

און דערפאר פרעגט מען און מ'הויבט אן ארום קוקן אין די פרשה פון דער וואך, וואס דאס איז פ' ויצא - וואס איז דא די הוראה?

וואס דא האט מען א געוואלדיקע אפלערנונג פון פירש"י (המדובר לעיל (בהשיחה)), וואס איז שייך פאר אלע אידן - און בפרט פאר די וואס קענען עפעס טאן אין דעם.

ב. פון דעם וואס רש"י זאגט "שוכב עלי' - קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו, רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו", מ'דארף נאר האבן אז ער זאל זיך איינשפארן און זאגן אז גאנץ א"י, אן קיין שינוי, באלייגנגט צו אים.

און בשעת ער דארף זיך לייגן שלאפן, איז "שוכב <u>עלי'</u>" - ער איז "שוכב" אויף א"י, און אויף יעדער חלק פון א"י, אן קיין אונטערשייד,

ווארום אזוי ווי ס'איז געווען ביי יעקב אבינו, אז ווען "שוכב עלי'", איז דאן "קיפל הקב"ה <u>כל</u> א"י תחתיו", איז אזוי אויך ביי יעדער אידן -

ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם וואס די גמרא (תענית ה, ב) טייטשט אפ, אז "יעקב אבינו לא מת" דערפאר וואס "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים": ווען א איד איז "בחיים" - א לעבעדיקער איד, און ער לעבט מיט אידישקייט, דעמולט איז "אף הוא בחיים" - "יעקב אבינו לא מת" - אלע ענינים פון יעקב שטייען בחיים -

און וויבאלד אז יעדער איד איז א בן יעקב אבינו, איז דערפאר בשעת א איד איז "שוכב עלי'", איז דעמולט "קיפל הקב"ה <u>כל</u> א"י תחתיו" - גאנץ א"י, ת' פרסא על ת' פרסא (ניט נאר דער ארט וואו יעקב איז געלעגן), ליגט אונטער אים.

[און אזוי ווי עס שטייט דא אין פסוק בנוגע צו יעקב - "והנה ה' נצב עליו", אזוי אויך ווייסט יעדער איד (וואס עד איז יעקב'ס אן אייניקעל), אז "והנה ה' נצב עליו ומלא כל הארץ ומביט עליו ובוחן כליות ולב אם עובדו כראוי" (תניא פמ"א), (וואס דער אלטער רבי ברייגנגט דער פסוק וואס שטייט ביי יעקב) און אין דעם דארף ער זיך מתבונן זיין בכל יום ובכל פעולה שלו].

און דערפאר, בשעת ס'קומט צו גיין א ניט איד און הויבט אן טענה'ן אהער און טענה'ן אהין, זאגט אים דער איד: ער דארף מיט אים ניט מלחמה האבן, ער דארף מיט אים ניט גיין טענה'ן; ער איז אים מערגניט ווי מודיע: אזוי ווי ער וויל "שלאפן" - ער וויל זיך אפרוען, ער איז פארמאטערט פון גלות, פארמאטערט פון טענה'ן זיך מיט גוים און גוי'שקייט - במילא לייגט ער זיך אפרוען, און אין אן אופן פון "שוכב עלי'", כנ"ל.

ג. דאס וואס מ'דארף האבן כלי נשק אויף באשיצן א"י, איז א באזונדער ענין:

כמדובר כמה פעמים, ס'דא דער דין אין הל' שבת, אז ס'קומט צו גיין א גוי און זאגט אז די ערד וועט ער ניט צונעמען, ער וויל נאר האבן קש ותבן,

און ער טענה'ט: אויפ'ן קש ותבן איז ניטא קיין הבטחה פון דעם אויבערשטן; זאל מען אים באווייזן א ראי' פון א פסוק (צי פון חז"ל), אז די קש ותבן טאר ער ניט צונעמען.

זאגט מען אים: וויבאלד דאס קען עפענען הארץ - "תפתח כל הארץ לפניהם", און דאס איז ממונם של ישראל - איז "התורה חסה על ממונם של ישראל", און ווי די תורת הבעש"ט אין דעם (כש"ט סרי"ח): יעדער זאך וואס געהערט צו א אידן למטה,

געהערט דאס צו אים דערפאר וואס באמיתית הענין געהערט צו אים די ניצוץ קדושה וואס איז דא אין דער זאך (ווי די ניצוץ שטייט למטה, און עאכו"כ ווי זי שטייט למעלה).

ער וויל צונעמען קש ותבן פון א אידן - וואס הייסט ער וועט טאן אזא מין זאך?! דער איד טאר דאס ניט אפגעבן! יעדער נכס, יעדער אייגענטום, אפילו א פרוטה און אפילו נאך וויניקער [ווארום בא ב"נ איז מען מקפיד אפי' על פחות מפרוטה], וואס געהערט צו א אידן - געהערט דאס צו אים באמיתית.

אבער וויבאלד מ'געפינט זיך אין גלות, מ'געפינט זיך במדוה"ג - דעריבער זיינען דא כו"כ ענינים ווי דאס צו באווארענען, און בשעת עס קען ווערן "תפתח כל הארץ לפניהם" - דארף מען האבן כלי נשק, און מ'דארף מיט די כלי נשק שטיין הכן (צוגעגרייט) וכו'.

ד. אז ס'קומט אבער צו דינגען זיך וועגן דער עצם לאנד פון א"י, אויף אפגעבן א שעל אחד, אן אצבע קטנה - איז דא דער דין בא קרקע, אז ס'איז ניטא קיין אונאה, ווארום א פיצל קרקע קען זיין ווערט פאר אים א הון עצום.

און אז מ'רעדט מיט אים וועגן א פיצל קרקע אין א"י - גיט ער א פרעג:

די קרקע איז געלעגן ביי יעקב'ן ווען ער איז געווען "שוכב עלי'"? זאגט מען: יא! זאגט ער: אויב אזוי איז דאס זיינע, ווארום ער איז זרעו של יעקב אבינו, און "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים" - איז די הבטחה צו יעקב "הארץ אשר אתה שוכב עלי' לך אתננה ולזרעך" - "בחיים" (כנ"ל (ס"ב)).

מ'דארף אבער האבן זיין הכרזה, און דער עיקר - זיין פעולה, אז "שוכב עלי'" -

ד.ה. אז ניט נאר ווען ער דארף גיין באווייזן אז ער קען קוקן און קען ארומגיין אין א"י ("קום התהלך בארץ"), טוט ער דאס; נאר אפילו ווען ער דארף זיך לייגן שלאפן, אפילו ווען ער וויל זיך אפרוען, לייגט ער זיך אויף גאנץ א"י.

לכאורה, וואס דארפסטו זיך שפארן אין אן איינגן ארט, גיי לייג זיך צו און רו זיך אפ אין אן ארט אין א"י וואס אין עלי' עוררין? זאגט מען: בשעת א איד וויל זיך אפרוען, זאל ער וויסן זיין אז ער קען זיין "שוכב עלי'" אויף כל הארץ כולה, אויף די אלע ת' פרסא על ת' פרסא, ווארום "קיפל כל א"י תחתיו".

ה. אפילו ווילדע אידן זיינען אויך מודה אז גאנץ א"י געהערט צו אידן. און עאכו"כ אוה"ע זיינען מודה אז דאס געהערט צו אידן, ווארום מיט א ווילדן אידן דארף מען האבן מער באווארעניש, ווי מיט אוה"ע, מצד דערויף וואס ער איז א בעל בחירה.

די ראי' אויף דערויף (אז מ'דארף האבן מער באווערעניש מיט א ווילדן אידן בנוגע צו א"י) איז: מ'האט גערעדט פריער בארוכה (בקטע משיחת מוצאי ש"פ חיי"ש), דאס וואס דער מדרש זאגט בפ' וישלח (ב"ר פע"ט, ז) [וואס איצטער (יו"ד כסלו) הויבט זיך אן התחלת הפרשה]: "שלשה מקומות שאין אומות העולם יכולין להונות את ישראל לומר גזולין הן בידכם, ואלו הן: מערת המכפלה, ובית המקדש, וקבורתו של יוסף (שכם)" -

און דוקא אין די דריי ערטער, האבן זיך ווילדע אידן איינגע'עקש'נט אהינצו ניט צולאזן קיין אידן, ביז אין אן אופן אז מ'נעמט פון דארטן ארויס בע"כ וכו',

וואס דאס איז אין דער מקום המקדש, וואו אידן שפארן זיך אז מ'זאל זיך

דארטן ניט מישן און ניט רירן וכו׳, מיט אלע פחדים׳- שאין כאן המקום להאריך בזה; און דער ענין פון מערת המכפלה - חברון; און דער ענין פון שכם, פון וואנעט מ׳האט איצטער צרות צרורות, ניט-איצטער-געדאכט וואס מ׳האט געהאט אין די טעג לפנ"ז, ולא תקום פעמים צרה - הלואי זאל מען דערמיט יוצא זיין. און ווי גערעדט כמה פעמים ואין כאן המקום להאריך בזה.

ו. מ׳דארף נאר האבן אז א איד זאל שטיין בתוקף און זיין "שוכב עלי'", אויף גאנץ א"י, און דורך דערויף ווערט "נוחה ליכבש לבניו", אין אן אופן ווי דער נס איז דעמולט געווען ביי יעקב׳ן:

יעקב האט גארניט געדארפט טאן, די איינציקע זאך וואס ער האט געדארפט טאן איז, ווי רש"י דערציילט (פרשתנו כח, יז. מחולין צא, ב): "כי מטא לחרן אמר אפשר שעברתי על מקום שהתפללו אבותי ולא התפללתי בו, יהב דעתי׳ למהדר וחזר עד בית א-ל וקפצה לו הארץ" -

שוין זייענדיק אין חרן, האט ער זיך געכאפט: וואס הייסט ער איז דורכגעגאנגען א הייליקע לאנד און האט זיך ניט אפגעשטעלט דאווענען פאר׳ן אויבערשטן?! האט ער זיך אומגעקערט צוריק אין א"י להתפלל - "ויפגע במקום" און דאן איז געווען "וילן שם גו׳ וישכב במקום ההוא" (פרשתנו שם, יא), און דערנאך דער המשך, "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו". און דורך דערויף איז געווארן "רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו", וואס דאס איז נאך מער ווי ס׳שטייט אין גמרא "שתהא נוחה ליכבש לבניו" (ניט גערעדט פריער (בהשיחה סל"ג)). והביאור בזה:

אין גמרא שטייט "קפלה הקב"ה לכל א"י תחת יעקב אבינו שתהא נוחה ליכבש לבניו", וואס דער פירוש אין דעם איז: דורך דערויף וואס יעקב איז געווען "שוכב עלי'" און "קפלה לכל א"י תחת יעקב", האט דאס געמאכט אז בשעת די בנים וועלן קומען כובש זיין א"י, וועט די ארץ זיין מוכן און אין אן אופן פון "נוחה"; אבער די בנים דארפן עפעס טאן אין דעם - און אין לשון הגמרא שטייט ניט אז די בנים וועלן אזוי טאן, אז די בנים וועלן כובש זיין;

רש"י (אין פשט"מ, ניט ע"פ דרוש ווי די גמרא) זאגט נאכמער "רמז שתהא נוחה ליכבש לבניו": רש"י זאגט א נבואה, אז אזוי וועט זיין בפועל, דאס איז א רמז צו יעקב אבינו שוין דעמולט, אז ער זאל וויסן זיין, אז עס וועט קומען די צייט וואס דעמולט וועט א"י נכבש ווערן ע"י בניו אין אן אופן פון "נוחה".

און דאס איז "משנתבשר בשורה טובה שהובטח בשמירה, נשא לבו את רגליו ונעשה קל ללכת" (פרש"י פרשתנו כט, א): בשעת יעקב האט דערהערט די בשורה טובה אז ס׳וועט זיין בידע ענינים - "שתהא נוחה ליכבש לבניו" און אויך "רמז לו" - אז זיי וועלן דאס וועלן כובש זיין - האט דאס גע׳פועל׳ט אז "וישא יעקב רגליו וילך ארצה" (שם).

ז. מ׳האט אבער קיינמאל ניט משער געווען אז ס׳וועלן זיין ווילדע אידן, וואס מ׳וועט מיט זיי דארפן זיך דינגען, אז מ׳זאל גיין כובש זיין א"י - איז לכאורה: ווי קען מען מבטיח זיין אז אידן וועלן זיך פירן ע"פ שו"ע, און מ׳וועט זיך שטעלן מיט א תוקף און זאגן אז דאס איז "נחלת עולם לעם עולם"(וואס כאמור, דאס איז ניט ווי די קס"ד, אז "רמז לו" איז ווייניקער ווי "שתהא" וואס שטייט אין גמרא, נאר דאס איז שלא בערך מערער) - דאס איז דאך פארבונדן מיט יראת שמים ו"הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים".

נאר דאס איז ווי דער רמב"ם זאגט בפשטות [וואס ער איז געווען "מורה הנבוכים" און "רופא הנפשות"], אז יעדער איד, אין וואס פאר א מעמד און מצב ער איז, וויל ער מקיים זיין רצון בוראו.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים", דערפאר האט ער דערנאך אנגע׳זאגט און מבטיח געווען יעקב׳ן,

-קטע משיחת מוצאי ש"פ ויצא תשל"ט - ד -

אז דורך דערויף וואס "שוכב עלי'", וועט זיין "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו, רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו".

[דער ענין פון "שוכב עלי'", דאס האט יעקב געטאן, אבער "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו" - אויף דעם האט יעקב קיין בעה"ב'שקייט ניט געהאט, נאר בשעת דער אויבערשטער האט געזען אז יעקב "שוכב עלי'", איז "קיפל א"י תחתיו" (וואס בפשטות המקרא איז אזוי געווען דער סדר - פריער האט זיך יעקב געלייגט און דערנאך איז "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו")].

וואס דאס איז (ניט נאר א ראי' אז ווען אידן וועלן כובש זיין, וועט דאס זיין אין אן אופן פון "שכיבה", נאר) "רמז לו", אזוי וועט זיין בפועל, פונקט אזוי ווי דו - יעקב - ביסט "שוכב עלי'", אזוי וועט זיין ביי בניו,

ווארום ס'איז דאך "בל ידח ממנו ידח", וכאמור יעדער איד וויל מקיים זיין רצון בוראו.

און אט די אלע וואס ווילן איינרעדן אז זיי שטייען ניט בתוקף מצד "לאומית" וכו', דאס נארט מען זיך אפ און מ'וויל אפנארן די וועלט.

ח. וכאמור דאס איז לעבן מיט דער צייט: מ'דארף נאר האבן אז אידן זאלן זאגן בתוקף, אז מ'וויל זיך אפרוען - מ'איז געווען אזא מין לאנגע צייט אין גלות, געהאט אויף זיך ר"ל אזויפיל גזירות,

איז אע"פ וואס מ'געפינט זיך נאך אין גלות - אבער אין גלות גופא איז דאס עקבתא דמשיחא, און ווי דער מיטעלער רבי (דער בעל הגאולה) שרייבט אין זיינע ספרים, אז נאך דעם וואס ס'איז געווען די אלע גזירות, וועט שוין מערניט זיין קיין גזירות - ד.ה. אז פון איצטער אן וועט זיין אין א לייכטן אופן, אין אן אופן פון "נוח" -

און דעריבער וויל ער "ושכבתם ואין מחריד"; און וויבאלד אז צוליב דערויף דארף זיין "ונתתי שלום בארץ", איז דערפאר ווערט "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך" - לויפן אים נאך די גוים און שרייען: מ'דארף מאכן שלום!

און ווי מ'זעט דעם דבר פלא: ווער לויפט דאס נאך דעם אידן - איז דאס דוקא דער וואס האט פריער לוחץ געווען אין צד ההפכי אז מ'זאל אלץ נאכגעבן, און איצטער איז ער זיך מתחנן און זאגט: חתמ'ט, זאל שוין ווערן א שלום, און ער וויל מ'זאל דאס ניט אפלייגן - דוקא בזריזות.

און מ'קומט דערצו, דורך דעם וואס מ'וועט זיך פירן אזוי ווי יעקב אבינו'ס אייניקלעך דארפן זיך פירן, אז ס'וועט זיין "שוכב עלי'" - ס'איז ניטא וואס צו לויפן, ניטא וואס נאכצוגעבן, ווארום ס'איז ניטא וואס צו דערשרעקן זיך - מ'האט די הבטחה פון דעם אויבערשטן, אז "נוחה ליכבש לבניו", און דאס גייט אויף גאנץ א"י, אלע ת' אויף ת' פרסא.

ט. אויי איז דאך די שאלה: דאס איז א געוואלדיקער שטח, וואס וועט מען דארטן טאן מיט אזויפיל אראבער וכו' וכו'?

זאגט מען: ביי א אידן איז דאס (בל' פון פרש"י אין גמרא (ד"ה שתהא - חולין צא, ב)) "כד' אמות", די ד' אמות וואס אויף איר איז ער "שוכב עלי'",

[וואס בנוגע צו די ד' אמות של האדם, איז דא אן ענין נפלא: דער בעל השמחה והגאולה זאגט אין דעם מאמר ד"ה אתה אחד (ע' 9. וראה לקו"ש ויצא תשל"ו), אז די ד' אמות האבן אן ענין וואס קיין חלק שבגוף האט דאס ניט.

און ער איז מבאר, אז ס'איז דא א מקום אין גוף וואו ס'געפינען זיך די

כחות פנימיים (כח הראי', כח השמיעה, כח החכ' והשכל וכו'); דערנאך איז דא דער ארט וואו ס'געפינט זיך חיות הנפש. וואו געפינט זיך יחידה שבנפש - געפינט זיך דאס אין די ד' אמות של האדם, ווארום קיין אנדער טייל פון גוף קען דאס ניט פארטראגן און ניט פארנעמען [וואס דערפאר זיינען ד' אמות, רשותו של האדם, און דערפאר איז דאס קונה (ב"מ י, א) (בכ"ז ראה ענינה של תוה"ח ס"כ. ושי"נ) (מיט די אלע פרטים וואס ער רעכנט דארטן אויס)].

און אין אט די ד' אמות וואו ער איז "שוכב עלי'", געפינט זיך דער "עם לבדד ישכון" - יחידה שבנפש פון יעדער איד און פון אלע אידן].

וכאמור, מ'דארף נאר האבן אז דער איד זאל לעבן מיט דער צייט - ארויסנעמען פון דער פרשה אז "והנה ה' נצב עליו ומלא כל הארץ ומביט עליו ובוחן כליות ולב אם עובדו כראוי";

און ווי די גמרא ברייננגט אראפ (חולין שם. וראה ב"ר פס"ח, יב) אויף דעם וואס שטייט ביי יעקב'ן (פרשתנו כח, יב) "והנה מלאכי אלקים עולים ויורדים בו", אז "עולין ומסתכלין בדיוקנו של מעלה ויורדין ומסתכלין בדיוקנו של מטה" - אז מ'דערזעט יעקב'ן זעט מען א טייל פון דער מרכבה ("פרצוף אדם שבארבע החיות בדמות יעקב" (פרש"י ד"ה בדיוקנו - חולין שם)), דערנאך בשעת די מלאכים זיינען געקומען למטה, האבן זיי אים דערקענט - זיי האבן אים ערשט געזען אין דער מרכבה;

און ווי האבן זיי אים געפונען למטה, זאגט דער מדרש (ב"ר שם) "ויורדים למטה ומוצאים אותו ישן" -

ד.ה. אז אין וואס פאר א מעמד און מצב א איד זאל זיך נאר געפינען, (ניט נאר ווען ער לערנט תורה און איז מקיים מצות, נאר) אפילו ווען ער שלאפט, שלאפט ער ווי א איד דארף שלאפן,

און דעמולט ווערן די ד' אמות וואו ער שלאפט - א"י. און נאכמער:

וויבאלד אז יעדער איד האט ד' אמות אין א"י (נסמן בקונט' לך לך תשל"ח), און דורך דערויף ווערט יעדער איד א בעה"ב אויף גאנץ א"י, איז דערפאר "קיפל הקב"ה כל א"י תחתיו" - אין זיינע ד' אמות איז "קיפל הקב"ה כל א"י".

י. און דוקא דורך דעם ווערט "נוחה ליכבש לבניו", ווארום "קיפל כל א"י תחתיו", האט דער אויבערשטער געטאן ניט נאר אז דאס זאל פועל'ן אויף אים, נאר דאס זאל זיין "רמז לו שתהא נוחה ליכבש לבניו", און דערפאר ווערט דוקא דורך דערויף וואס "שוכב עלי'", שלום אויך ביי בניו.

מ'טענה'ט: מ'מוז האבן א שלום וואס זאל זיין אויך פאר די קינדער א שלום. צי דען אז מ'גיט נאך ר"ל, איז דאס די וועג וואס וועט ברייננגען "נוחה ליכבש לבניו"?! מ'האט שוין געזען וואס מ'האט אויפגעטאן מיטן נאכגעבן איין און דרייסיק יאר צוריק און אין די מלחמות שלאחריו!

וואס דעמולט האט דער אויבערשטער געגעבן א"י צו די אידן, האבן זיך געפונען ווילדע אידן, וואס מצד טעמים משונים האבן זיי זיך גלייך געבעטן און נאכגעלאפן, מ'זאל דאס צוריק נעמען - און דורך דערויף האט מען מזמין געווען א לחץ, אז מ'זאל אפגעבן נאך און נאך, ביז ר"ל ווי זיי זאגן בפירוש.

דערנאך האט אבער דער אויבערשטער מכריח געווען (אדער מצד אנדערע טעמים, עכ"פ ווי עס זאל נאר ניט זיין דער נס), אז - די ערשטע זאך ווילן די גוים ניט מסכים זיין (ווי גערעדט כמה פעמים), די צווייטע זאך "יערה עליו רוח ממרום", מ'האט זיך געכאפט און מ'האט געזאגט אז מ'וועט ניט פארן, מ'וועט זיך ניט בעטן און מ'וועט ניט נאכגעבן, ווארום אפגערעדט איז אפגערעדט.

און דאס וואס מ'האט יא אפגערעדט (אפילו ווען מ'קומט צו גיין און מ'זאגט אז מ'האט געמאכט אן אפשטימונג און כמה אידן האבן געזאגט כך וכך) - זאל מען וויסן זיין אז דאס איז אויך בטל! ווארום מ'האט ניט געהאט רשות און כח און יכולת אויף צו מותר זיין, דערפאר וואס דאס איז ניט זייערע - די ת' פרסא על ת' פרסא געהערט צו יעדער אידן, און יעדער איד איז א בעה"ב אויף גאנץ א"י, דורך דערויף וואס ער האט דארט ד' אמות כנ"ל (סוס"ט).

און אז איין איד זאגט אז ער איז ניט מסכים, איז כן יקום, ווארום דא שטייט בגלוי "דבר אלקינו יקום לעולם" וואס האט געזאגט "נוחה ליכבש לבניו", "נחלת עולם לעם עולם" -

מ'מוז נאר האבן אז לכה"פ איין איד זאל דאס זאגן, כדי די זאך זאל זיין בגלוי דא למטה.

און אע"פ אז ער איז נאר איינער, איז אבער בשעת ס'קומט צו גיין איין און איינציקער יורש און זאגט אז ער איז ניט מסכים מיט די אלע ענינים, דארף מען איבערקוקן די גאנצע זאך מתחלתו אן, וויבאלד אז ס'איז געקומען א יורש און איז מערער, און ווי דער דין איז אין מלכותא דארעא;

ובפרט נאך אז דער יורש קומט ניט בטענת עצמו, נאר ער קומט מיט תושב"כ, מיט תושבע"פ, ביז מיט א פס"ד ברור אין שו"ע.

יא. ויה"ר, כמדובר כמ"פ, מ'זאל שוין ניט דארפן רעדן וועגן ענינים וואס זיינען מבטל סברות שונות ומשונות,

וואס גוים אליין פארשטייען ניט, וואס יאגן זיך די אידן אזוי, וואס מ'בעט זיך און מ'לויפט נאך.

האט דער אויבערשטער געהאלפן, אז די ערשטע זאך האט מען זיך אפגעטשוכעט, ווארום די גוים האבן ניט געוואלט נעמען; דערנאך איז מען געגייגגען ווייטער און מ'האט זיך געכאפט און מ'האט געזאגט: ס'איז ניטא וואס צו שטיין כעני על הפתח, מ'וועט שטיין במקומו, און טאמער וויל דער ניט איד עפעס זאגן, זאל ער קומען אהינצו זאגן. און אויב ער וויל ניט, דארף ער ניט קומען, ווארום מ'זאגט בפירוש אז מ'וועט ניט נאכגעבן מערער!

ויה"ר, וויבאלד אז "מצוה גוררת מצוה", איז פון דעם וואס מ'שטייט בתוקף און מ'וויל ניט נאכגעבן מערער, זאל דאס ברייגגען אז מ'זאל זיך כאפן צו דעם עיקר - אז דאס וואס מ'האט געוואלט נאכגעבן בדיבור, איז מלכתחילה געווען א טעות - "יצרו אנסו", ווארום ער האט אויף דערויף קיין הסברה ניט, ער ווייסט אז מ'וועט דערפון גארניט פארדינען, נאר אדרבה: דאס ברייגגט מערניט ווי א לחץ נוסף, און דאס איז "תפתח הארץ לפניהם".

און אז ער האט זיך געכאפט אויפ'ן אמת, שעמט ער זיך ניט צו זאגן דבר שאמרתי לפניכם טעות היא בידי - במכש"כ וק"ו פון גדולי ישראל בדורות הראשונים, וואס האבן דאס געזאגט, און עאכו"כ ווען ס'איז נוגע צו א רבים.

און דער עיקר איז ניט נוגע דער זאגן, נאר "המעשה הוא העיקר" - אז מ'וועט שטיין בתוקף, וועט דעמולט זיין "שוכב עלי'" אויף גאנץ א"י, און אף שעל וועט ניט זיין אין אן אופן אז א איד זאל זיך דארט ניט קענען געפינען; און ניט נאר א איד וואס שטייט מיט כלי נשק אין צבא, נאר אפילו א איד וואס רוט זיך אפ - רוט ער זיך אפ אויף די גאנצע ת' פרסא על ת' פרסא.

יב. און דורך דערויף וואס מ'וועט שטיין בתוקף, און מ'וועט זאגן אז מ'וועט ניט נאכלויפן און מ'וועט ניט נאכגעבן - און ניט דערפאר וואס "כוחי ועוצם

ידי", נאר דערפאר וואס דער אויבערשטער האט מבטיח געווען, אז "הארץ אשר אתה שוכב עלי' לך אתננה ולזרעך",

וועט דעמולט זיין, ווי דער אויבערשטער האט אויך מבטיח געווען "ונברכו בך כל משפחת האדמה" (פרשתנו כח, יד) - אז סוכ"ס וועלן די לוחצים (מכל הסוגים) אויך מסכים זיין.

און אזוי ווי מ'זעט שוין די התחלה בדבר (אז מ'שטייט בתוקף כנ"ל), איז הלואי זאל זיך ווייטער האלטן דער תוקף, וועט מען דעמולט ניט דארפן אנקומען צו די נסים אז די גוים זאלן צושטערן די וויתורים, ווארום אויב אידן אליין וועלן זיך כאפן אויפ'ן אמת, וועט דאס זיין שנעלער און אין אן אופן פון "נוחה", מ'וועט די פחדים פון די גוים ניט האבן.

און נאך אין די לעצטע טעג פון גלות וועט זיין דער "שוכב עלי'" אין אן אופן פון "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד", "ואולך אתכם קוממיות",

ווארום, פונקט ווי ביי יעקב, גייענדיק אין חרן - אין גלות, איז ווען ער איז שוין געווען אין גלות האט ער זיך געכאפט אז ס'איז געקומען די צייט צו דאווענען מעריב, איז ער געלאפן אין ביהמ"ד וביהכ"נ - "ויפגע במקום" (ראה לעיל ס"ו), און דארט האט ער געהאט די הבטחה "הארץ אשר אתה שוכב עלי' לך אתננה ולזרעך", ביז אין אן אופן פון "ופרצת", ביז "ונברכו בך כל משפחת האדמה" -

איז אזוי אויך וועט זיין ביי אידן, אז נאך אין גלות, וועט מען זען ווי אזוי ס'איז "נוחה ליכבש (לבניו)", ווארום דאס האט דער אויבערשטער ("אלקי אברהם אביך ואלקי יצחק") געגעבן, און ער האט מבטיח געווען יעקב'ן [וואס "מטתו שלימה"], אז "הארץ אשר אתה שוכב עלי' לך אתננה ולזרעך", און אין אן אופן פון "ופרצת", און "ונברכו בך כל משפחת האדמה".

וכמדובר כמה פעמים, אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, געפינען זיי זיך אויך אין גלות [וואס דערפאר זיינען דא כמה מצות וואס זיינען איצטער ניט שייך, ובפרט דער מצות בנין ביהמ"ק, ובעיקר] ווארום מ'האט נאך צוטאן מיט "יצרו אנסו",

און דערפאר דארפ'ן זיי אויך האבן, אין די לעצטע טעג פון גלות, "ושמרתיך בכל אשר תלך" (שם, טו).

און דורך די הנהגה האמורה (פון שטיין בתוקף) אין די לעצטע טעג פון גלות, וועט זיין "והשיבותיך אל האדמה הזאת" (שם) - אז ביי די וואס געפינען זיך אין א"י, וועט זיין "והשיבותיך אל האדמה" בכל הפרטים - "אל ארץ טובה ורחבה אל ארץ זבת חלב ודבש" (שמות ג, ח);

און ביי די וואס געפינען זיך לפי שעה אין חו"ל, וועט זיין נוסף לזה - אויך "והשיבותיך אל האדמה הזאת" בפשטות:

אז דער אויבערשטער נעמט יעדער אידן און אלע אידן "בידיו ממש", "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל", און מיט כל זרעך - קיין איד בלייבט ניט אין גלות,

און מ'קומט "אל ארץ טובה ורחבה", און דארטן מאכט מען אז "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות", ביז אין אן אופן פון "ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה", בעגלא דידן, במהרה בימינו ממש.

---------- * ----------

בס"ד. שיחת אור לי"ד כסלו ה'תשל"ט. הנחה הת' בלתי מוגה

א. בנוגע צו היינטיקן פארברייינגען - איז דאך ידוע דאס וואס ס'איז מבואר אין די דרושי חתונה[1] דער גודל המעלה דערפון וואס אידן קומען זיך צוזאמען, כמדובר כמ"פ.

אנהויבנדיק דערפון (וואס ער ברענגט ניט בפירוש אין די דרושי חתונה) וואס דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק[2] אז "כי אילו נמצא מלאך אחד עומד במעמד עשרה מישראל ביחד אף שאינם מדברים בדברי תורה, תפול עליו אימתה ופחד בלי גבול ותכלית משכינתא דשריא עלייהו עד שהי' מתבטל ממציאותו לגמרי".

און דערביי ברענגט ער אויך דעם מגיד מיטן בעש"ט - ווארום ער זאגט אויף דערויף "כמו ששמעתי מרבותי", וכידוע[3] דער כלל אז ווען ס'שטייט "שמעתי מ<u>מורי</u>", לשון יחיד, גייט דאס אויפן מגיד, און ווען ס'שטייט "שמעתי <u>מרבותי</u>", לשון רבים, גייט דאס אויפן מגיד און אויפן בעש"ט.

וכמדובר כמ"פ[4] אז ברוב המקומות אין תניא און אויך אין אגה"ק, ווייזט דער אלטער רבי ניט אן דעם מקור פון וואנעט ער ברענגט דאס, דערפאר וואס ער פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער שרייבט אין שער הספר אז דאס איז "מלוקט מפי ספרים ומפי סופרים" (אזוי קען מען זאגן בדא"פ).

און ווי גערעדט אמאל באריכות[5], אז אע"פ אז ס'דארף זיין "אומר דבר בשם אומרו"[6], ביז ווי דער מג"א[7] זאגט אז "כל שאינו אומר דבר בשם אומרו עובר בלאו", און ווי ס'שטייט אין מדרש[8] אז "כל שאינו אומר דבר בשם אומרו עליו הכתוב[9] אומר אל תגזול דל גו'", אז דאס איז גאר אן ענין של גזילה ח"ו -

איז במה דברים אמורים - ווען דאס איז נאך ניט געווארן <u>זיין</u> סברא, ס'איז מערניט וואס ער זאגט דאס איבער בשם רבו. וואס וויבאלד אז דאס איז רבו, ובפרט ווען ס'איז רבו מובהק, איז אע"פ אז ער פארשטייט נאך ניט דעם שכל שבזה, איז ער אבער מקבל הוראת רבו, און זאגט דאס איבער לאחרים בשם רבו (ווארום ס'איז נאך ניט געווארן <u>זיין</u> סברא);

- ווען -

------------

1) ד"ה אשר ברא תרפ"ט פ"א (קונטרס דרושי חתונה (קונטרס ב) - סה"מ קונטרסים ח"א כב, א). 2) סכ"ג (קלו, ב). 3) סה"ש תש"ד ע' 97. תש"ה ע' 59. 4) ראה ג"כ לקו"ש ח"ט ע' 117. 5) מאמר ד"ה שלום רב דמוצאי ש"פ וישב תשל"ח. שיחת מוצאי ש"פ בלק תשל"ת סי"ד. ס"ל. 6) אבות פ"ו סוף מ"ו. 7) או"ח סקנ"ו סק"ב. 8) תנחומא במדבר כב. 9) משלי כב, כב.

ווען ער האט אבער דורכגעטאן דעם ענין, אין אן אופן פון הבנה והשגה, ביז אין אן אופן פון "יגעת ומצאת" -, ווערט דאס דעמולט זיינע א סברא, און ווען ער זאגט דאס איבער, זאגט ער זיינעם אן ענין, במילא דארף ער דאס ניט זאגן "בשם אומרו".

ווארום דאס ווערט "תורתו" - אז "נקראת על שמו"[11], וואס דאס זאגט מען אפי' לגבי דעם אויבערשטן, אז פריער איז דאס "תורת ה'", און דערנאך ווערט דאס "תורתו", ועאכו"כ בנוגע לרבו.

ביז וואנעט אז ס'קען גאר זיין אזא תלמיד וואס איז זיך מתייגע אין דברי רבו, און "קאי איניש אדעתי' דרבי'"[12], אין אן אופן אז ער טוט אויף אין דערויף נאכמער וויפל ער האט געהערט פון רבו - וואס דעמולט איז דאס זיכער זיינער אן ענין.

און בנוגע צום אלטן רבי'ן - איז ע"פ המסופר אין די שיחות קודש פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[13] אז דער אלטער רבי איז געווען א נשמה חדשה - איז קרוב לודאי לומר אז רוב תורתו איז געווען אין דעם אופן האמור, וואס דערפאר דארף ער דאס ניט איבערזאגן "בשם אומרו".

און ווי דער ביאור אין דערויף זאל נאר זיין - זעט מען דאך "מעשה רב", אז ברוב המקומות אין תניא און אין אגה"ק ברענגט ער ניט דעם מקור, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען מ'זעט אז ער ברענגט יע אראפ דעם מקור, דארף מען דעמולט האבן א ביאור פארוואס דא ברענגט ער אראפ דעם מקור.

ובנוגע לעניננו (דער גודל המעלה פון "עשרה מישראל") - זאגט דער אלטער רבי אין אגה"ק "כמו ששמעתי מרבותי כו'", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דערמיט איז ער אויסן צו מחדש זיין נאך אן ענין, וואס לולא ציון המקור וואלט מען דאס ניט געוואוסט.

עאכו"כ ווען ס'קלייבן זיך צוזאמען מערער פון "עשרה מישראל" - מאה ואלף וכו', ועאכו"כ אז ס'איז אויך דא דער ענין פון עסק בתורה ומצוותי', ועאכו"כ אז די התוועדות איז געקומען כדי אז ס'זאל צוקומען אין תומ"צ, סיי באותו מעמד פון דער התוועדות, און אויך דערנאך - אלס תוצאה פון דער התוועדות.

- ב. -

---

10) מגילה ו, ב. 11) ראה קידושין לב, ריש ע"ב ובפרש"י שם. 12) ראה ע"ז ה, ב. 13) סה"ש תש"ה ע' 127 ואילך. וראה קונטרס ענינה של תורת החסידות ס"ו.

ב. אבער אעפ"כ, דארף מען האבן א ביאור וטעם - מה יום מיומיים, פארוואס קומט דאס אראפ לפועל דוקא אין דעם זמן.

עס איז טאקע מבואר בכ"מ גודל המעלה דערפון וואס אידן קלייבן זיך צוזאמען, אנהויבנדיק דערפון וואס ער איז מבאר אין אגה"ק הנ"ל, און אין קונטרס החלצו[14], און אין די דרושי תתונה,

וואס דארטן[15] איז ער מבאר אז ווען אידן קלייבן זיך צוזאמען, ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "אז נדברו יראי ה' איש אל רעהו ויקשב ה' וישמע ויכתב ספר זכרון לפניו ליראי ה' ולחושבי שמו"[16], אז דעמולט ווערט דערהערט בא יעדער אידן די אלקות שבו, און דאס איז אין אן אופן פון "ויכתב ספר זכרון", אז דאס ווערט נמשך אויך אויף די ימים שלאח"ז, מיט אלע פרטים וואס ער איז מבאר אין דעם מאמר -

אבער אעפ"כ, נאך די אלע ביאורים, דארף מען נאך האבן א ביאור מה יום מיומיים - פארוואס קומט דאס אראפ בפועל (אז מ'קלייבט זיך צוזאמען) דוקא אין דעם זמן.

און דער ענטפער אין דערויף דארף זיין - דורך דעם וואס מ'געפינט א מקור אויף דערויף אין תורה, אזוי ווי אין אלע ענינים פון א אידן, אז צום אלעם ערשטן דארף זיין "אסתכל באורייתא"[17].

ג. אין דעם סיום פון חלק או"ח פון שו"ע, ברענגט דער רמ"א דעם ענין פון "טוב לב משתה תמיד"[18].

ס'זיינען דא אחרונים וואס לערנען אין דערויף כמה פשטים ורמזים, אבער אין ענין יוצא מידי פשוטו - אז דאס קומט בהמשך צו דעם וואס ער זאגט פריער אז "חייב להרבות במשתה ושמחה", און אויף דערויף איז ער מסיים אז "טוב לב משתה תמיד", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז "טוב לב משתה תמיד" איז פארבונדן מיט אן ענין של "משתה" כפשוטו, וואס "משתה" איז פארבונדן מיט יין - "משתה היין"[19].

אבער אעפ"כ, דערפון גופא וואס מ'זעט אז אע"פ אז ס'איז דא די הוראה פון רמ"א אז "טוב לב משתה תמיד", אעפ"כ איז ניט דער דרך צו מאכן אן ענין של "משתה תמיד" בכל יום ויום -

איז פארשטאנדיק, אז ווען מ'מאכט אן ענין של "משתה",

- דארף -

---

14) ס"ז (סה"מ תרנ"ט ע' נט). 15) ד"ה אשר ברא שם. 16) מלאכי ג, טז. 17) זח"ב קסא, ריש ע"ב. 18) משלי טו, טו. 19) ל' הכתוב - אסתר ז, ח. ועוד.

דארף מען האבן א ביאור אויף דערויף, וכאמור, אז מ׳דארף געפינען אין תורה א יסוד, ועכ"פ א רמז, אויף דעם צוזאמענ-קומען זיך, ביז אין אן אופן של "משתה".

ד. ובנוגע לעניננו - בנוגע צו דעם ענין אז ווען ס׳קומט דער יום החתונה, זאלן זיך צוזאמענקלייבן כמה אוהבים וידידים, און אויך צוזאמענקלייבן זיך בכמה מקומות, און דאס זאל ברענגען צו א התוועדות און "משתה" וכו׳ - דארף מען זוכן א מקור לזה (עכ"פ באופן של רמז) אין תורה.

עס איז שווער צו וויסן ווי איז געווען די הנהגה פון רבותינו נשיאינו בזה - ווארום ניט בא יעדערן פון זיי איז געווען די מציאות פון א יובל שנים לאחרי החתונה, און אפי׳ בא די וואס ס׳איז געווען די מציאות פון א יובל שנים לאחרי החתונה - ווייסט מען ניט ווי איז געווען הנהגתם באופן פרטי,

וכידוע אז ס׳זיינען דא כו"כ הנהגות וואס זיינען געווען בבית רבינו מדור לדור, און מאיזה סיבה שתהי׳ האט מען דאס ניט מפרסם געווען - ביז אז ס׳איז געקומען צו זמנו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס ער האט דאס מפרסם געווען. און ווי ער האט געזאגט[20] אז ווען ס׳איז געקומען דער זמן המתאים לזה, האט ער דאס דעמולט מפרסם געווען.

ה. דער רמז אויף דערויף אין תורה איז - דער מרז"ל[21] וואס חסידות ברענגט דאס אראפ בכ"מ "אזלת לקרתא הלך בנימוסי׳".

וואס דעם ענין זאגט מען סיי אין אן אופן פון מלמטלמ"ע, און סיי אין אן אופן מלמעלמ"ט:

ווען ער קומט אין א העכערן "קרתא", דארף זיין "הלך בנימוסי׳". ווארום אע"פ אז ס׳איז דא די הוראה אז מ׳דארף זיך ניט אנכאפן אויף יעדער ענין של הידור און א זאך וואס איז העכער פון איס (כמבואר בארוכה די טעמים שבדבר אין די שיחות וואס רעדן וועגן דעם) - אעפ"כ, ווען משה רבינו איז ארויף אויף הר סיני, איז "לחם לא אכל ומים לא שתה"[22], און ווי ער זאגט אין מדרש[23] דעם טעם לזה, וויבאלד אז "אזלת לקרתא הלך בנימוסי׳".

ועד"ז אויך אין דעם אופן פון מלמעלמ"ט: ווען ער קומט אין א "קרתא" וואס איז למטה יותר, קען ער דאך טענה׳ן אז

- דאס -

---

20) ראה סה"ש שם ע׳ 126. סה"מ תש"ה ע׳ 226. ועוד.
21) שמו"ר פמ"ז, ה. 22) תשא לד, כח. 23) שם. וראה גם ב"ר פמ"ח, יד. ועוד.

דאס איז אן ענין של ירידה, און ער דארף זיך פירן לויט די "חומרי מקום שיצא משם"[24] - ברענגט מען[25] די ראי' פון הנהגת המלאכים זייענדיק ביי אברהם אבינו אז "ויאכלו"[26], דערפאר וואס "אזלת לקרתא הלך בנימוסי'"[27].

ו. ובנוגע לעניננו:

מנהג בנ"י במדינה זו (ועד"ז בכמה מדינות), אז ווען ס'קומט דער יום החתונה, ובפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן יום החתונה וואס איז פארבונדן מיט א מספר שנים מסוים - קלייבן זיך צוזאמען בני המשפחה און ידידים ואוהבים וכו', און מ'איז משמח און מעודד איש את רעהו ואשה את רעותה וכו'.

ווען עס קומט אבער צו א אידן - דארף ער אלעמאל געדיינקען (און ער געדיינקט) דעם פס"ד פון שו"ע[28] אז ס'דארף זיין "כל מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו"[29],

עאכו"כ אין אן ענין וואס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן וואס "שכינתא שריא", און "שכינתא שריא" אין אן אופן הכי נפלא, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק,

ועאכו"כ ווען דאס איז אין א ביהכ"נ וביהמ"ד, "בית גדול - מקום שמגדלין בו תורה" און "מקום שמגדלין בו תפלה"[30],

ובמיוחד א ביהכ"נ וביהמ"ד וואס איז פארבונדן מיט כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס במשך פון עשר שנים בחיים חיותו בעלמא דין איז דאס געווען זיינע ד' אמות,

- און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[31], דאס וואס דער מיטעלער רבי[32] איז מבאר בארוכה, אז אין ד' אמות של אדם געפינט זיך יחידה שבנפש (וואס איז ניטא אין לב ומוח וכו') -

איז א זיכערע זאך אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים", ביז אין אן אופן פון "בכל דרכיך דעהו",

ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין ספרו תניא קדישא[33] דעם ענין פון דעת - אז דאס איז "מלשון התקשרות והתחברות - . . . בקשר -

------------

24) ראה פסחים נ, סע"א במשנה. 25) בב"ר ושמו"ר שם. 26) וירא יח, ח. 27) או"ח סרל"א. 28) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 29) מגילה כז, א. 30) קטע משיחת מוצאי ש"פ ויצא, ט' כסלו ש.ז. 31) ד"ה אחה אחד (קה"ת תשכ"ה) ע' 9. אמ"ב שער הק"ש פמ"ב-מג. שער הציציה פכ"א. ועוד. 32) פ"ג.

. . בקשר אמיץ וחזק מאד", ביז אין אן אופן אז דערפון קומט ארויס די הולדה פון "אהבה וענפי' ויראה וענפי'" - און ווי ער איז דערנאך ממשיך[33] אז "אהבה היא שרש כל רמ"ח מ"ע", און "יראה היא שרש לשס"ה לא תעשה", וואס דאס איז כולל כל חיי האדם לכל פרטיהם ופרטי פרטיהם.

וואס דעמולט ווערט דער מנהג אין אן אופן פון "מנהג ישראל תורה הוא"[34] - אז דאס ברענגט צו א הוספה אין לימוד התורה, און וויבאלד אז "לימוד מביא לידי מעשה"[35], וועט דאס אויך ברענגען א הוספה אין הידור בקיום המצוות.

ויה"ר אז מ'זאל זוכה זיין אז פון דער התוועדות זאל צוקומען א הוספה אין לימוד התורה וקיום המצוות,

און ווי דער נוסח הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו "שיפעול בי ובהשומעים" - אז יעדערער זאל טראכטן בא זיך אז ער בעט און טוט כל התלוי בו אז ס'זאל פועל'ן ביי אים, און ס'זאל פועל'ן אויך אויפן צווייטן,

ביז אין אן אופן פון "ויקשב ה' וישמע ויכתב ספר זכרון לפניו" - אז ס'זאל פועל'ן למעלה און למטה, און למעלה ולמטה גם יחד, "והמעשה הוא העיקר"[36].

און דאס זאל אויך מוסיף זיין אין דער הכנה המתאימה צום חג הגאולה י"ט כסלו - דער "ראש השנה" לתורת החסידות ולדרכי החסידות[37], מיט אלע ענינים הקשורים בזה, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

ז. נוסף על האמור לעיל (וועגן יום החתונה), קומט צו נאך אן ענין - אז דאס איז פארבונדן מיט דעם מספר פון חמשים.

וואס חמשים שנה איז "עולמו של לוי"[38], ווי ס'שטייט בא שמואל הנביא (וואס ער איז געווען א לוי) "וישב שם עד עולם"[39], וואס חנה האט אים געבראכט אין שילה ווען ער איז געווען בן שנתיים, און ער האט געלעבט חמשים ושתים שנה[40], וואס דערפאר זאגט מען אז "עולמו של לוי" - "וישב שם עד עולם" - איז חמשים שנה.

וואס ענינו פון א לוי איז דאך - ווי דער רמב"ם[41] זאגט - "ולא -

---

33) בפ"ד. 34) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 35) קידושין מ, ב. 36) אבות פ"א מי"ז. 37) אגה"ק של כ"ק אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע - נדפסה גם בהיום יום בתחלתו. 38) ירושלמי ברכות פ"ד ה"א. פרש"י עה"פ ש"א א, כב. 39) ש"א שם. 40) פרש"י עה"פ. 41) סוף הל' שמיטה ויובל.

"ולא שבט לוי בלבד אלא כל איש כו׳ אשר נדבה רוחו כו׳",
מיט אלע פרטים וואס ער איז מאריך דארטן, ביז צום סיום -
אז "ה׳ מנת חלקי וכוסי אתה תומיך גורלי"[42].

אין דערויף קומט צו דאס וואס ס׳שטייט אין מכילתא[43] אז
"חמשים שנה קרוין עולם" - וואס דארטן שטייט דאס ניט בנוגע
צו א לוי, נאר בנוגע צו סתם א אידן, ביז אפי׳ בנוגע צו אן
עבד.

וואס די השתלשלות הענינים ווי אזוי ער איז צוגעקומען
צו א מצב של עבדות, איז דאך פארבונדן מיט זיינע מעשים
בלתי רצויים[44] - און אפי׳ נאך דערויף וואס "נמכר בגניבתו"[45],
האט דאס אים געבראכט צו נאך א ירידה, אז "אהבתי את אדוני
גו׳ לא אצא חפשי"[46],

ביז וואנעט אז מ׳דארף אנקומען צו אן ענין של רציעה -
"אוזן ששמעה על הר סיני כו׳ תרצע"[47], ד.ה. אז ער האט פאר-
געסן אן ענין וואס ער האט געהערט אין הר סיני, און מ׳דארף
דאס אים דערמאנען, דורך דעם וואס מ׳איז אים מזיק [וואס
רציעה כפשוטו איז אן ענין של היזק וצער] -

איז אפי׳ בנוגע צו א אידן וואס שטייט אין אזא מעמד
ומצב, זאגט מען אויך אז "חמשים שנה קרוין עולם".

ח. דער ענין פון מספר חמשים, איז פארבונדן מיט כללות
הענין פון א חתונה - וואס דער ענין פון א חתונה איז
פארבונדן מיט חתן וכלה, ווי מ׳איז מדגיש כמ"פ אין די
ברכות פון חתונה דעם ענין פון חתן וכלה:

ס׳איז מבואר בכ"מ אז "חתן" האט אין זיך דעם אות נו"ן.
- חמשים.

ועד"ז בנוגע צו "כלה" - ווי ס׳איז מבואר בכ"מ אין
חסידות[48] אז "כלה" איז "כל" און "ה", און ס׳איז מבואר אין
לקו"ת[49] אויף "עיני כל אליך ישברו"[50], אז "כל" איז בגימט׳
חמשים, וואס דאס איז פארבונדן מיט די חמשים שערי בינה.

אין דערויף קומט צו נאך אן ענין (וואס שטייט ניט
בפירוש, ס׳איז אבער קרוב לודאי):

- "חתן" -

------------

42) ל׳ הכתוב - תהלים טז, ה. 43) עה"פ משפטים כא, ו.
44) ראה פרש"י עה"פ בהר כו, א. 45) משפטים כב, ב. וראה
פרש"י עה"פ משפטים כא, ב. 46) משפטים שם, ה. 47) מכילתא
ופרש"י עה"פ שם, ו. 48) תו"א קו, א. לקו"ת שה"ש ח, ד.
49) מסות פה, ב. וראה גם סידור נד, ג. ועוד. 50) תהלים
קמה, טו.

"חתן" איז בלשון "חות דרגא"[51], וואס דאס איז פארבונדן מיטן מארז"ל[52] "נחית דרגא נסיב איתתא" - וואס אויף דערויף איז מען מוסיף אז דאס איז מרומז אין "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" - "חתן", אז דאס איז מלשון "חות דרגא".

וואס דערפאר איז דער אות נו"ן פון "חתן" א נו"ן פשוטה (א לאנגער נו"ן) - ווי ס'איז מבואר אין לקו"ת ד"ה אחרי ה' אלקיכם תלכו[53] בנוגע צו "ובו תדבקון"[54], אז דער נו"ן פון "ובו תדבקון" איז א נו"ן פשוטה,

און ס'איז מבואר אין שעהיוה"א[55] אז צורת האותיות באווייזט אויף "ציור ההמשכה והתגלות האור" - וואס דער ציור פון א נו"ן פשוטה איז, אז זי איז יורדת למטה מן השיטה, די גייט אראפ נידעריקער פון דער שיטה וואו ס'זיינען געשריבן אלע אותיות,

וואס דאס איז כללות הענין פון דער ירידה למטה אויף צו מברר זיין די ניצוצות הכי תחתונים וכו', און ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר אין סידור[56] אז דאס איז דער ענין פון נפילת אפים.

און דאס איז דער ענין פון "חתן" - חות דרגא, ווארום דאס איז די עבודה אין אן אופן פון ירידה מלמעלמ"ט אויף צו מברר זיין די ניצוצות הכי תחתונים, און דערפאר איז דער נו"ן פון "חתן" א נו"ן פשוטה.

משא"כ דער ענין פון "כלה", וואס ענינה ועבודתה איז דער ענין העלי' מלמטלמ"ע, און דאס ווערט אנגעוויזן אין א נו"ן כפופה דוקא, וואס זי איז נים יורד למטה מן השיטה, ואדרבה, דאס וואס א נו"ן פשוטה געפינט זיך למטה - הויבט מען דאס אויף און מ'שטעלט דאס אריין אין דער שורה, וואס דאס איז דער ענין פון נו"ן כפופה,

וואס דאס איז מרמז אויף דער עבודה אין אן אופן פון עלי' מלמטלמ"ע - אז די עבודה באשטייט אין דערויף וואס מ'נעמט דעם ענין וואס איז געווען פריער למטה, און מ'איז אים מעלה, ביז וואנעט אז ער גייט אריין אין דער שורת האותיות.

ט. ע"פ האמור לעיל, איז דער צ"צ[57] מבאר דאס וואס ווערט אראפגעבראכט אין של"ה[58] אז ס'זיינען דא י"א פסוקים אין תורה וואס מתחילין בנו"ן ומסיימין בנו"ן:

- אין -

------------

51) תו"א שם. ובכ"מ. 52) יבמות סג, א. 53) ראה כ, סע"ב. 54) ראה יג, ה. 55) פי"ב (בהגה"ה). 56) כו, א-ב. 57) אוה"ת ראה ריש ע' תרפב. 58) במס' תענית שלו רו, סע"א ואילך.

אין די י"א פסוקים, איז דא סיי דער ענין פון נו"ן כפופה, און סיי דער ענין פון נו"ן פשוטה, ווארום ס'איז פארשטאנדיק אז ההחלה הפסוק הויבט זיך אן מיט א נו"ן כפופה, און סיום הפסוק איז מיט א נו"ן פשוטה.

און דער ענין פון נו"ן פשוטה באווייזט דאך אויף דעם בירור פון דעם מטה מטה - וואס דאס איז דער קשר מיטן מספר פון י"א דוקא, ווארום עס רעדט זיך וועגן דעם בירור פון מטה מטה, וואס דארטן איז ניט דער מספר פון עשר, "עשר ולא אחד עשר"[59], נאר דארטן איז דער מספר פון י"א דוקא.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט עבודת הקטורת, וואס "אחד עשר סממנין היו בה"[60] - ווי ס'איז מבואר אין עס"ר[61] ובכ"מ דער ענין פון עבודת הקטורת אין עבודת האדם, אז דאס איז כללות העבודה פון "סור מרע", ביז אין תכלית העלי' אז "זדונות נעשו לו כזכיות"[62], ביז צו "זכיות" ממש, וואס דעמולט זאגט מען אז "במקום שבעלי תשובה עומדין צדיקים גמורים אין יכולין לעמוד בו"[63].

און דאס איז אויך וואס עיקר עבודת הקטורת, איז אן אופן פון "דקה מן הדקה"[64], איז געווען ביוהכ"פ - וויבאלד אז דער ענין פון עבודת הקטורת איז דער ענין פון עבודת התשובה.

און דערפאר איז דאס פארבונדן מיטן מספר פון י"א דוקא - וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט בירור המטה מטה, וואס דארטן איז דער מספר פון י"א.

און וויבאלד אז "בראתי לו תורה תבלין"[65] - איז דאס פארבונדן און מרומז אין י"א פסוקים שבתורה, און אין אן אופן אז פריער מאכט מען אז ס'זאל זיין א נו"ן כפופה, וואס דאס איז התחלת הפסוק, ביז אז מ'קומט צו דעם ענין פון נו"ן פשוטה - "ובו תדבקון".

וואס די דביקות קומט בעיקר מצד דעם ענין פון עבודת התשובה [ניט אזוי מצד דער עבודה פון קיום התומ"צ אין אן אופן פון "תמידין כסדרן", וואס דאס איז דער ענין פון עבודת הצדיקים, נאר בעיקר מצד עבודת התשובה], וואס דוקא דעמולט איז די דביקות אין אן אופן שאין למעלה הימנה, ע"ד ווי ס'איז געווען בא ראב"ד, וואס אויף אים זאגט מען[66] "יש

- קונה -

------------

59) ספר יצירה פ"א מ"ד. 60) כריתות ו, ב. 61) לו, סע"א ואילך. 62) יומא פו, ב. 63) ברכות לד, ב. רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ד. 64) כריתות שם. 65) קידושין ל, ב. ועוד. 66) ע"ז יז, סע"א.

קונה עולמו בשעה אחת", וואס ביי אים איז געווען א דביקות שאין למעלה הימנה, וואס דערפאר איז "בכה רבי".

י. און דאס איז די הדגשה מיוחדת וואס איז דא אין דעם מספר פון חמשים - וואס אין השתלשלות גופא איז דאס כולל גאנץ סדר ההשתלשלות, ביז וואנעט אז דאס ווערט אנגערופן "עולם", ווי חסידות טייטשט אפ (און אזוי איז אויך פארשטאנדיק בפשטות) אז "עולם" האט אין זיך סיי דעם אפטייטש פון "זמן" און סיי דעם אפטייטש פון "מקום", וואס דער ענין פון זמן און מקום איז כולל כל סדר ההשתלשלות.

ביז אז אין דערויף איז דא אן ענין וואס איז נאך העכער פון גאנץ סדר השתלשלות - דער ענין פון נו"ן שערי בינה:

מצד דעם ענין פון סדר השתלשלות, עולם, איז אע"פ אז "חמשים שערי בינה נבראו בעולם"[68], דאגט מען דאך אבער אז אפי' צו משה רבינו, וואס ער איז געווען דער בחיר הנבראים[69], איז "כולן ניתנו חוץ מאחד", ווארום דער שער החמשים איז העכער פון עולם;

אבער מצד דעם ענין פון נו"ן פשוטה, וואס די קומט אראפ ביז למטה מטה - ווערט אויפגעטאן די עלי' ביז למעלה מעלה, העכער פון גאנץ סדר השתלשלות[70],

וכידוע דער משל[71] וואס ס'שטייט אויף "ושקל בפלס הרים"[72], און דערנאך אויך דער משל פון א "ליוועד"[73] [ווי מ'האט מעורר געווען אז דער משל פון א "ליוועד" שטייט אין תו"א פ' בראשית[74], און ניט אין די דרושים פון ר"ה אויף ושקל בפלס הרים, און מ'האט שוין געשריבן דעם ביאור הדברים בזה[75]].

און דאס איז די הוספה וואס קומט צו בשנה זו אויף דעם ענין החגיגה וואס מ'מאכט בכל שנה ושנה, עאכו"כ אין זמנים מיוחדים (פאר חמשים שנה) - אז דאס איז פארבונדן מיט חמשים שנה, וואס דעמולט איז דאס ביתר שאת וביתר עז.

ובפרט אז מ'פארבינדט דאס מיט ענינים של קדושה - און אין קדושה איז דא דער ציווי און נתינת כח אז די עבודה דארף זיין אין אן אופן פון "מעלין בקודש"[76].

- ביז -

------------

67) שעהיוה"א פ"ז (פב, רע"א). ובכ"מ. 68) ר"ה כא, ב. 69) ראה פיהמ"ש להרמב"ם פ' חלק ביסוד הז'. 70) ראה גם לקו"ש נח תשל"ו ס"ח. וש"נ. 71) לקו"ת נצבים מה, א. 72) ישעי' מ, יב. 73) תו"א ד, א. 74) שם. 75) ראה שיחת מוצאי ש"פ חיי שרה ש.ז. סוס"ו בהערה. 76) ברכות כח, א. וש"נ.

ביז ווי דאס איז אין דעם ענין פון חמשים, נו"ן פשוטה - אז דורך דער ירידה למטה מטה קומט מען צו למעלה מעלה יותר, ביז וואנעט אז מ'נעמט פון למטה מטה ביותר, וואס איז נידעריקער פון גאנץ סדר השתלשלות, און עס ווערט די עלי' ביז אין א"ס האמיתי, וואס איז למעלה מעלה פון גאנץ סדר השתלשלות.

און דאס איז אויך די שייכות מיוחדת מיטן ענין פון חתן וכלה - כמבואר בארוכה אין המשך פון שמח תשמח תרנ"ז[77], אז דער ענין פון א חתונה ברענגט ארויס בגילוי דעם גילוי פון א"ס אין דער מדידה והגבלה פון עוה"ז הגשמי, עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

יא. צווישן רבותינו נשיאינו וואס בא זיי איז געווען דער ענין פון יובל החמשים פון דער חתונה - איז אויך נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס זיין חתונה איז געווען אין שנת תרנ"ז, און אין שנת תש"ז איז געווען דער יובל החמשים.

און דעמולט איז געווען א השגחה פרטית און א השגחה מיוחדת, אז בכל יום ויום פון די שבעת ימים פון יום החתונה (ווי ער איז אויסגעקומען בשנת תש"ז), האט זיך איינגעגעבן אז מ'זאל קענען אריינטראגן צו כ"ק מו"ח אדמו"ר די ספרים פון דעם מיטעלן רבי'ן (זיינע דרושים ומאמרים) וואס מ'האט דעמולט איבערגעדרוקט אין שאנכאי (אין טשיינע - ווי מ'רופט דאס אן איצטער), און מ'האט זיי געבראכט אהערצו אין יענעם זמן.

וואס דעמולט האט מען אפגעדרוקט כמה ספרים, און בכל יום האט מען אריינגעטראגן צו אים נאך א ספר, און דאס האט גורם געווען א נחת רוח גדולה.

און דאס האט אויך געגעבן א עידוד און א נתינת כח אויף דעם ענין - אז ס'זאל אנגעצייכנט ווערן דער ענין פון מלאת חמשים שנה.

יב. ועוד - והוא העיקר:

ס'איז דא דער מכתב הידוע פון דעם רבי'ן נ"ע[78] (וואס כ"ק מו"ח נשיא דורנו איז געווען דער ממלא מקום שלו, מיט אלע פירושים שבדבר) בנוגע צו לימוד התניא

[וואס בנוגע צום ספר התניא איז אויך דא דער ענין פון נו"ן כפופה און נו"ן פשוטה:

- דער -

------------

77) ע' 90 ואילך. 78) קונטרס עה"ח בסופו.

הנחת הת' בלתי מוגה

דער נו"ן פון "תניא" איז א נו"ן כפופה; און ס'איז מבואר בכ"מ79 פארוואס איז די התחלה פון ספר התניא מיטן ווארט "תניא" - אע"פ אז אין גמרא80 שטייט "דרש רב שמלאי" [די מימרא ווערט טאקע געבראכט מיטן לשון "והתניא"81, אבער די גירסא הרווחת איז "דרש רב שמלאי"] - אז דאס איז דערפאר וואס "תניא" איז אותיות "איתן",

און דאס דערנעמט דעם "איתן" שבנשמה, דער ענין פון "משכיל לאיתן האזרחי"82, וכידוע די אריכות הביאור בזה אין דעם קונטרס הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו83, וואס ער ברענגט דארטן אראפ דעם ביאור פון נשיאי חב"ד אויף "משכיל לאיתן האזרחי" -

און דער נו"ן פון "איתן (האזרחי)" איז א נו"ן פשוטה, וואס דאס איז דער תוקף און "איתן" פון דער נשמה, וואס נעמט דורך דעם גאנצן אידן מתחלתו ועד סופו, ביז צום מטה מטה ביותר.

און בנוגע צו דעם ענין פון "איתן" שטייט "איתן האזרחי" - ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ84 אז דאס איז דער ענין "מה שאני עתיד להזריח", וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם "איתן" שבנשמה, וואס דער ענין פון "איתן" שבנשמה איז דא בא יעדער אידן, אפי' ביי א קל שבקלים, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם ביאור אין תניא85.

וואס דער ענין פון "איתן" שבנשמה איז פארבונדן מיט כללות הענין פון תורת החסידות, ובפרט נאך לויט ווי ס'איז מבואר אין די מאמרים פון דעם מיטעלן רבי'ן - די מאמרים פון נו"ן שערי בינה, און רחובות הנהר - כידוע די סיפורים און די שיחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו86 אז ענינו פון דעם מיטעלן רבי'ן איז דער ענין פון ספירת הבינה, וואס דאס איז אין אן אופן פון "רחובות הנהר"87, ווי מ'זעט די התרחבות און די התפשטות פון די דרושים ומאמרים פון דעם מיטעלן רבי'ן, ווי ס'איז שוין אויך געדרוקט אין זיינע ספרים.

וי"ל אז ס'איז דא א שייכות מיוחדת צווישן כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו מיטן מיטעלן רבי'ן - ווי מ'זעט בכו"כ דרושים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו א שייכות מיוחדת צום סגנון און אופן הביאור פון דעם מיטעלן רבי'ן, און ניט אזוי ווי דער סגנון ואופן הביאור פון דעם צ"צ,

- וואס -

---

79) ליקוט פירושים וכו' לתניא פ"א אות ב. 80) נדה ל, ב. 81) ביבמות עא, ב. 82) תהלים פט, א. וראה לקו"ת ר"פ ראה. סה"מ תש"ג ע' 72 ואילך. ועוד. 83) קונטרס לימוד החסידות ע' 5. 84) לקו"ה שם. 85) פי"ח. 86) סה"ש תש"ה ע' 60. ההכים חו' ב ע' עח. 87) ראה לקו"ת שם כט, ב. שה"ש לט, ב. ובכ"מ.


הנחת הת' בלתי מוגה

וואס אע"פ אז מ'דארף זיך היטן להכנס בין הדים גבוהים און מאכן אין דערויף תילוקים ופירושים וכו' - איז אבער אזוי משמע בפשטות,

וכידוע דער סיפור וואס דער רבי נ"ע (דער פאטער פון כ"ק מו"ח אדמו"ר) האט געזאגט אז מ'וועט דאך זאגן אויף.אים אז ער קאכט זיך און זיין ענין איז - די חסידות פון דעם מיטעלן רבי'ן, אבער אעפ"כ איז דאס זיין פאטער'ס חסידות, כידוע דער סיפור בזה, וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

און דערנאך איז דאס אזוי אראפגעקומען אין דעם סגנון ואופן הביאור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו - וואס ביי אים איז דאך אויך געווען די מציאות פון חמשים שנה פון דער תהונה, משא"כ ווי דאס איז געווען ביי אביו בחיים חיותו בעלמא דין, וואס זיין תהונה איז געווען אין שנת תרל"ה, כידוע די סיפורים שבדבר[88].

וואס דאס איז אלץ א מאמר המוסגר - ובנוגע לענייננו, איז דאך ידוע דער מכתב פון דעם רבי'ן נ"ע בנוגע צו לימוד התניא[89]

אז בכלל דארף מען זיך היטן פון לערנען אין תניא אייגענע פירושים וביאורים וכו', אבער בשעה אז דערפון וועט ארויסקומען א תועלת אין עבודת ה', קען מען דאס טאן.

וואס דאס איז אויך דער אמת'ער ביאור והצטדקות און נתינת כח אויף דער התוועדות - וויבאלד אז ס'איז א זיכערע זאך אז דערפון וועט ארויסקומען א הוספה אין יראת ה' און אהבת ה', דורך דעם ענין פון "בכל דרכיך דעהו" - לימוד תורת החסידות, ווי דאס איז אויך געבונדן מיט לימוד תורת הנגלה.

יג. ויה"ר אז ס'זאל דערנאך אראפקומען אין "המעשה הוא העיקר" - אין הידור בקיום המצוות וקיומם בחיות, וואס דאס קען זיין דוקא ווען ס'איז פארבונדן מיט דעם ענין פון אהבת ה', כמבואר בארוכה (לפ"ע) אין דער הגה"ה פון דעם רבי'ן נ"ע[90] אויף דעם וואס ס'שטייט אין תניא[91] אז "המקיימן (די מצוות) באמת הוא האוהב את שם ה' וחפץ לדבקה בו באמת".

און דאס זאל ממהר זיין און מזרז זיין אז ס'זאל אראפ-קומען למטה מעשרה טפחים דער זמן וואס דעמולט וועט זיין "המעשה הוא העיקר"[92],

- און -

------------

88) ראה ספר התולדות אדהאמ"צ ע' 17 ואילך. 89) קונטרס העבודה ע' 15. 90) רפ"ד. 91) ראה אוה"ת ואתחנן ע' דלח ואילך. ובכ"מ.

און דעמולט וועט זיך אומקערן אויף צוריק דער ענין פון "יובל", וואס יובל איז דאך פארבונדן מיטן תנאי אז ס'דארף זיין "כל יושבי' עלי'"92,

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס מ'טוט די ענינים פון יובל ברוחניות, ע"י מעשינו ועבודתנו בזמן הגלות באופן האפשרי, וואס דורך דעם פועל'ט מען אז "בעתה אחישנה"93 זאל דאס אראפקומען כפשוטו, והוא העיקר.

והמעשה הוא העיקר - אז בקרוב ממש וועט מען האבן שלימות העם, אז ס'וועט זיין "כל יושבי' (עלי')", און ס'וועט זיין שלימות הארץ - "כל יושבי' עלי'", אין א"י לגבולותי', צוזאמען מיט שלימות התורה - לימוד התורה מפי משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין דער לימוד התורה בשלימות,

און דעמולט וועלן זיין אלע דריי שלימות'ן האמורים - בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

וואס דער ענין פון "קוממיות" למעלה, איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "קוממיות" ווי דאס איז למטה - דער ענין פון נו"ן פשוטה, וואס דאס ברענגט צום ענין היובל, חמשים שנה, און דערנאך איז דאס עולה למעלה מעלה, ביז צו "ובו תדבקון".

און דאס זאל זיין בקרוב ממש, אין אן אופן פון נשמות בגופים, און בא כל אחד ואחת מישראל, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"94 (וואס דא איז דא א ריבוי פון נו"ן'ן), ביז אין אן אופן פון "כספם וזהבם אתם"95, "קהל גדול ישובו הנה"96, בעגלא דידן.

* * *

יד. בא כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו איז געווען רגיל דער פתגם "צי גוט איז בעסער - איז בעסער ניט בעסער?!" -

וואס דערפאר איז ניט קוקנדיק אויף אלע טעמים האמורים - איז וויבאלד אז ס'זיינען דא די וואס תואנה הם מבקשים, און מ'הויבט אן מיט דער טענה פון "חדש" וכו', אז ס'זיינען נייע מנהגים וכו', און דאס איז אן ענין מן התורה וכו' -

איז כדי צו באווארענען דעם ענין, און כדי צו מאכן אז פון גוט זאל ווערן בעסער און נאך בעסער - איז אזוי ווי

- ס'זיינען -

---

92) ערכין לב, סע"ב. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"י ה"ח.
93) ישעי' ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. 94) בא י, ט.
95) ישעי' שם, ט. 96) ירמי' לא, ח.

ס'זיינען דא די וואס זיינען בתוך שבעת ימי המשתה, און זיי דארפן פראווען שבע ברכות, וואלט געווען א דבר טוב ונכון אז א מנין זאל זיך וואשן, און מ'זאל דערנאך פראווען שבע ברכות. וואס דעמולט וועט מען ארויסגיין פון אלע ענינים של טענות ושקו"ט וכו'.

און טאמער ס'וועלן זיך געפינען טוענים אויך דעמולט - וועט מען פראווען מיט זיי דאס וואס מ'טוט בא שבע ברכות, אז "אגברו חמרי' אדרדקי כי היכי דלימרו מילתא כו'"[97], און ניט קטנים וואס זיינען מחדש ענינים, ווי די גמרא זאגט אין מסכת שבת[98] אז די "דרדקי" "אמרו מילי דאפילו בימי יהושע בן נון לא אתמר כוותייהו", נאר עכ"פ קטנים וואס ווייסן אז מ'דארף פאלגן און ניט פרעגן קיין קושיות, און פארלאזן זיך אז ווען מ'וועט עלטער ווערן וועט מען דעמולט פארשטיין.

און אויב ס'איז דא מערער פון איינער וואס וועט פראווען שבע ברכות - איז תבוא עליהם ברכה, און ווי געזאגט פריער (ס"ג) אז ס'דארף זיין "טוב לב משתה תמיד", וכל המרבה הרי זה משובח.

וואס דערפאר לאדענט מען איין דעם חתן מיט דער כלה מיט אלע קרובים וידידים, אז זיי זאלן זעהן אז א מנין זאל זיך וואשן, און דערנאך פראווען שבע ברכות, און אויב ס'זיינען דא צוויי וואס דארפן פראווען שבע ברכות, וועט מען דערנאך פראווען די צווייטע שבע ברכות (מיט א הפסק בינתיים), ומתוך שמחה וטוב לבב.

און אזוי ווי יעדער ענין דארף דאך זיין באופן מסודר, דארף מען זיך דאך צוגרייטן דערצו וכו' - איז כדי צו אויס-נוצן די צייט כדבעי, וועט מען אויך זאגן אן ענין פון דברי תורה, וואס בנוגע צו חתן וכלה דארף דאך זיין דער ענין פון שמחה, וואס "פקודי ה' ישרים משמחי לב"[99], וואס דאס איז נאכמער מוסיף אין דעם וואס "זוכה לתורה שניתנה בחמשה קולות"[100], וכתוך שמחה וטוב לבב,

און דערווייילע וועלן די חתנים און די כלות וכל השייכים להם זיך צוגרייטן, און ס'זאל זיין מיט א זריזות, און דער עיקר - אז ס'זאל זיין בשמחה אמיתית.

און ממשיך זיין די שמחה על כל השנה כולה, ביז צו "שמחת עולם על ראשם"[101] וואס וועט זיין אין די נישואין של הקב"ה עם כל אחד ואחת מישראל, די נישואין פון דעם

- אויבערשטן -

---

97) סנהדרין לח, א. 98) קד, א. 99) תהלים יט, ט. 100) ברכות ו, ב. 101) ישעי' לה, י. ועוד.

הנחת הת' בלתי מוגה

אויבערשטן מיט כנס"י, ווי עס שטייט אין מדרש[102] אז איצטער (אין דעם גאנצן זמן פון עוה"ז) איז דאס מערניס ווי דער ענין פון אירוסין, און לע"ל וועט זיין דער ענין הנישואין,

אז ס'וועט זיין א בנין עדי עד על יסודי התורה והמצוה וואס אידן טוען און האבן געטאן, ביז "כמצות רצונך"[103].

* * *

טו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה אשר ברא גו'.

* * *

טז. מ'האט שוין גערעדט כמ"פ אז תורה איז מחבב און זאגט אן מיט א תוקף אז ס'זאל זיין דער ענין פון להודות על הטובה.

וכמבואר אין די מפרשים פון טעמי המצוות[104] (און רש"י[105] איז דאס אויך מרמז) אז דאס איז דער כללות הענין פון מצות ביכורים - אז ער באווייזט און זאגט ארויס סיי בדיבור און סיי במעשה אז ער איז מכיר אין דער טובה, "הגדתי היום גו'"[106], מיט אלע פרטי הדברים וואס מ'זאגט ווען מ'ברענגט די ביכורים.

ובנוגע לעניננו - אזוי ווי ס'זיינען דא די וואס האבן געשריבן און געזאגט איחולים טובים, בקשר מיט דער התוועדות און מיט דעם טאג און מיט דעם מאורע וכו', און אין הזמן גרמא צו אפדאנקען יעדערן באזונדער (און ניט נאר אז אין הזמן גרמא, נאר ס'איז ניטא קיין יכולת בדבר), ובפרט נאך ווען מ'וויל אפדאנקען כפי הדרוש וככל הדרוש,

[וואדום ס'איז ניט מספיק אז מ'טוט אן ענין ניט בשלימות, נאר תורה (וואס "תורה" איז מלשון הוראה[107], תורת חיים - א הוראה בחיים) וויל אז א איד זאל טאן עניניו בשלימות, וואס דאס איז אן ענין עיקרי אין תורה,

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז דער אויפטו פון לע"ל איז אז דעמולט וועט זיין "ושם נעשה לפניך כו' כמצות רצונך", אז אלע ענינים וועלן דעמולט זיין בשלימות, ווארום דעמולט וועט זיין דער מין האדם בשלימות, און גאנץ סדר השתלשלות בשלימות, ובמילא וועט דער קיום המצוות אויך קענען זיין בשלימות] -

איז זיכער אום-מעגליך אפדאנקען יעדערן באזונדער, כפי הדרוש וככל הדרוש,

- וואס -

------------

102) שמו"ר ספט"ו. 103) ראה ד"ה וככה תרל"ז פי"ז ואילך. 104) חינוך מ"ע תרו. ועוד. 105) עה"פ תבוא כו, ג. 106) תבוא שם. 107) זח"ג נג, ב.

וואס דערפאר איז בשעה מ'געפינט זיך אין א מסיבה של כמה עשירות מישראל, וואס דעמולט איז דאך "שכינתא שריא"[108],

וואס אפי' אויב ער זעט דאס ניט און פילט דאס ניט וכו', איז אבער א זיכערע זאך אז אזוי איז דאס, ואדרבה, ווען ער וואלט דאס געזעהן, ווייסט מען ניט אין וועלכן מעמד ומצב ער וואלט דעמולט געשטאנען, וויסנדיק וואס דער אלטער רבי זאגט אז "אילו נמצא מלאך אחד עומר במעמד עשרה מישראל . . תפול עליו אימתה ופחד . . עד שהי' מתבטל ממציאותו לגמרי", קען מען ניט וויסן אין וועלכן מעמד ומצב ער וואלט געשטאנען ווען ער וואלט דאס געזעהן און דערהערט,

וברוגמא ווי מ'דארף אמאל באווארענען דעם ענין פון "רוב טובה", וואס דעמולט איז "אינן יכולין לעמוד"[109] - וואס לײדער, איז אפי' דאס וואס מ'קען יע מקבל זיין, איז ניט יעדערער זעט דאס און הערט דאס,

ובפרט נאך ווען מ'געפינט זיך בביהכ"נ ובביהמ"ד - ווערט מען אויסנוצן דעם מעמד ומצב, אז די התוועדות גופא זאל זיין אן ענין פון נתינת תורה, מיט דער גאנצער שלימות וואס דאס פארלאנגט, און ווי דער צ"צ ברענגט אראפ[110] בנוגע צו כוונת התפלה אז "אני מתפלל לדעת זה התינוק" - אז ס'זאל זיין בשלימות הדרושה, און נאכמער דערפון.

און "כבר מלתך אמורה"[111] (און יותר מה שאמור איז כתוב כאן) אז "ואברכה מברכיך"[112], אז כל המברך מתברך[113], בברכתו של הקב"ה, וואס תוספתו מרובה על העיקר[114].

און ווי גערעדט אמאל וועגן דעריף באריכה, און שוין אויך אפגעדרוקט[115], און איצטער איז דאס איבערגעדרוקט געווארן נאכאמאל במיוחד לימים אלו, און דאס מיינט מען יעדערן און יעדערע בפרט, ווארום "כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם"[116] - צוליב אים האט מען דאס אפגעדרוקט נאכאמאל.

און דער אויבערשטער וועט זיכער מקיים זיין הבטחתו - "ואברכה מברכיך", מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה, וכמדובר כמ"פ אז אין דעם סידור פון בעש"ט שטייט "והגדושה" (מיט א גימ"ל), אז ס'איז נאכמער וויפל ס'קען ארייגגיין אין דער כלי, ד.ה. אז אין "תוספתו מרובה על העיקר" גופא, איז דאס נאך אין אן אופן פון "הגדושה",

- זאל -

108) סנהדרין לט, א. 109) תענית כג, א. 110) דרמ"צ ע' קיח. 111) ירושלמי הובא בתוד"ה ואברכה - חולין מט, א. 112) לך לך יב, ג. 113) סוטה לח, ב. 114) ב"ר פס"א, ד. 115) לקו"ש ח"ה ע' 422 ואילך. 116) סנהדרין לז, סע"א במשנה.

זאל דאס אנקומען צו יעדערן למטה מעשרה טפחים, בטוב הנראה והנגלה, לו ולבני ביתו, אנהויבנדיק און דער עיקר - ווי ער זאגט אין די דרושי חתונה[117], אז מ'זאל האבן "בנים ובני בנים עוסקים בתורה ומצות", ביז אז דאס וועט אראפקומען אין בני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי - כפשוטו.

ויה"ר אז מ'זאל קענען ווינטשן איינער דעם צווייטן, און דער אויבערשטער זאל ממלא זיין ברכת בנ"י איש לרעהו, און ווי ער איז מבאר אין דער דרוש[118] דעם גודל הענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[119], וואס "זה כלל גדול בתורה"[120], ובפרט אז דאס קומט ארויס צוזאמען מיט א צוזאמענקלייבן זיך אין א התוועדות, און מיט משמח זיין דעם צווייטן בכלל, און משמח זיין דורך דברי תורה,

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין ללמוד תורתו של משיח, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

יז. אין די דרושי חתונה[117] ברענגט זיך אויך אראפ דער מארז"ל[121] "כיצד מרקדין לפני הכלה". און ער איז מבאר פארוואס איז דער ריקוד "לפני הכלה" דוקא, און מ'דערמאנט גארניט דעם חתן. און ווי דער מארז"ל איז מבואר אויך אין די דרושים פון לקו"ת[122] ובכ"מ.

און דערפאר איז כאן המקום להעיר ולדבר בנוגע צו דעם ענין פון "כיצד מרקדין לפני הכלה" - וואס בפשטות איז דורך דערויף וואס מ'איז משמח די כלה, וועדט אויך די שמחת החתן ע"י הכלה וביחד עם הכלה - וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס די "כלה" וועדט אנגערופן "עקרת הבית", זי איז דער עיקר און זי בויט אויף די הויז, ווי ס'שטייט[123] "חכמת נשים בנתה ביתה".

וואס דאס איז דער כללות הענין אז עס פירט זיך א אידישע הויז בכל הפרטים, ובמיוחד אין די ג' ענינים וואס זייער ר"ת איז "חנה"[124], וואס דאס זיינען די ג' מבצעים הידועים: נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה, כמדובר כמ"פ.

- וואס -

---

117) סד"ה לכה דודי תרפ"ט (סה"מ קונטרסים שם כא, ב). 118) ד"ה אשר ברא הנ"ל פ"א (סה"מ שם כב, א). 119) קדושים יט, יח. 120) תו"כ ופרש"י עה"פ. ועוד. ירושלמי נדרים פ"ט ה"ד. 121) סידור קלז, א. 122) כתובות טז, סע"ב. 123) שה"ש מח, ב ואילך. 124) משלי יד, א. 125) מגלה עמוקות עה"ת פ' שלח ר"ה ג' מצות (בשם הגהות מיימוניות).

וואס לכאו', איז דאך א דבר הפשוט אז פאר דער תתונה זיינען אויך דא די אלע ענינים - ווען איז דאס אבער נוגע לפועל, וואס דעמולט הייבט דאס אפ אין דער עקרת הבית - הויבט זיך דאס אן נאך דער חתונה, און ניט פון אירוסין, נאר פון נישואין.

און ווי מ'געפינט בא דעם ערשטן שידוך ונישואין וואס ווערט דערציילט אין תורה בארוכה (ביז ווי ס'שטייט אין מדרש[126] אז "פרשה של אליעזר כפולה בתורה כו'"), וואס דאס איז די נישואין פון יצחק ורבקה,

[וואס ס'איז דאך מבואר אין די דרושים פון יפה שיחתן[127] אז די נישואין פון יצחק ורבקה איז אן ענין כללי און דער ראש אויף כל התתונות שלאח"ז, ביז ווי דאס איז ברותניות, אז דאס איז דער כללות הענין פון יחוד מ"ה וב"ן, וואס בפרטיות איז דאס דא אין יעדער ענין פון תומ"צ, כמבואר אין די דרושים],

אז גלייך ווי מ'הויבט אן לערנען מיטן בן חמש למקרא חומש מיט פרש"י, לערנט מען שוין מיט איס וועגן די דריי ענינים וואס זיינען מרמז אויף די דריי מצוות - נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש און טהרת המשפחה:

אויף "ויביאה יצחק האהלה שרה אמו"[128] זאגט רש"י: "והרי היא שרה אמו, כלומר ונעשית דוגמת שרה אמו, שכל זמן ששרה קיימת הי' נר דלוק מערב שבת לערב שבת וברכה מצוי' בעיסה, וענן קשור על האהל", וואס דאס זיינען די דריי ענינים פון נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש און טהרת המשפחה, כמדובר כמ"פ[129].

וואס דאס זיינען די דריי ענינים מיוחדים וואס זיינען איבערגעגעבן געווארן במיוחד צו נשי ישראל - דערנאך זיינען אבער דא ענינים אין וועלכע א אשה איז מצווה אזוי ווי אן איש, בפרט ע"פ המבואר אין הל' ת"ת פון דעם אלטן רבי'ן בסיום וחותם פון פרק ראשון.

יח. מ'האט גערעדט פריער (ס"ה) אז דער כללות הענין פון חתן וכלה איז דאס דער אופן העבודה פון מלמעלמ"ט און מלמטלמ"ע.

וואס די צוויי אופני העבודה שטעלן זיך אויס אין די

- צוויי -

------------

126) ב"ר פ"ס, ח. פרש"י עה"פ חיי שרה כד, מב.
127) אוה"ת חיי שרה קכז, ב ואילך. ועוד. וראה ד"ה א"ר אחא יפה שיחתן ש.ז. וש"נ. 128) חיי שרה שס, סז. 129) לקו"ש חיי שרה תשל"ו.

צוויי ענינים פון תורה און מצוות (וואס כללותם איז דער ענין פון צדקה און גמ"ח, ביז ווי ער זאגט אין תניא[130] אז "בכל תלמוד ירושלמי היא נקראת בשם מצוה סתם"):

דער אופן העבודה פון מלמעלמ"ט איז כללות ענין התורה, ווארום די תורה איז געגעבן געווארן מן השמים, און דערנאך איז "נסעה וירדה בסתר המדרגה ממדרגה למדרגה כו'"[131]; און דער אופן העבודה פון מלמטלמ"ע איז דער כללות הענין פון מצוות.

ביז וואנעט אז דער כללות הענין וואס נעמט ארויס אידן פון גלות, און ברענגט די גאולה האמיתית והשלימה - איז דאס דער ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[132], וואס "משפט" איז דער ענין פון "תורה", ווי דער תרגום טייטשט אפ אויף "כמשפט הראשון" - "כהלכתא קדמיתא"[133], ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין די דרושים אויף דעם פסוק[134], און "ושבי' בצדקה" - דער ענין פון מצוות.

יט. וכאן המקום לעורר - אזוי ווי ס'איז דאך דא דער מנהג ישראל אז מ'קויפט א מתנה דעם חתן ספרים בכלל, ארער ווי ס'פירט זיך במדינה זו אז מ'קויפט א ש"ס וכיו"ב - זאל מען אויך איינפירן אז אין דעם "בית חדש"[135] זאל מען אויך ברענגען א מתנה וואס איז פארבונדן מיט צדקה - א צדקה פושקע.

וכמרובר כמ"פ אז ווען ס'איז דא אין דער הויז א צדקה פושקע, דערמאנט דאס אויף מצות הצדקה, אפי' ווען איצטער גיט ער ניט קיין צדקה בפועל (דערפאר וואס ס'זיינען ניטא קיין עניים ונזקקים וכיו"ב) - דורך דערויף וואס מ'זעט בעיני בשר די צדקה פושקע, סיי בימות החול און סיי בלילות החול, און סיי בשבתות וימים טובים.

און דעמולט דערמאנט דאס למטה און למעלה אז דאס איז א הויז וואס איז געבויט אויף תורה און מצוות: אויף תורה - ווארום ס'איז א "בית מלא ספרים", און אויף מצוות - דורך די צדקה פושקע, וואס צדקה איז כללות כל המצוות.

וואס דערפאר דארף איינגעפירט ווערן אז בשעת מ'איז בונה א "בית חדש" דורך תיי נישואין, און אפי' ווען מ'גייט אריבער פון איין דירה צו די צווייטע - זאל איינגעטראגן ווערן אין הויז צוזאמען מיט די ספרים אויך א צדקה פושקע.

- וכמובן -

------------

130) פל"ד (מח, ב). 131) תניא פ"ד. 132) ישעי' א, כז. 133) ת"א עה"פ וישב מ, יג. 134) לקו"ת ר"פ דברים. ועוד. 135) ראה לקו"ש תצא תשל"ת ס"ג ואילך.

הנחת הת' בלתי מוגה

וכמובן אז מ׳דארף ניט האבן די הוראה און נתינת כח אז מ׳זאל געבן צדקה בפועל, סיי געבן צדקה אין דער צדקה פושקע, און סיי געבן צדקה מחוץ לבית וכו׳.

וכמדובר כמ"פ דער גודל המעלה דערפון וואס מ׳האט א צדקה פושקע אין דער הויז - אז דאס דערמאנט אויף דעם ענין און אויף דעם זכות פון מצות הצדקה -

בדוגמא ווי ס׳איז געווען אין ביהמ"ק (וואס אין ביהמ"ק איז דאך יעדער ענין געווען אויסגערעכנט און מדויק בתכלית הדיוק) אז קודם הקרבת קרבן תמיד, וואס ער איז התחלת כל הקרבנות, האט מען געפרעגט צי "האיר פני כל המזרח עד שבחברון"[136], און ווי די גמרא[137] איז מבאר אז מ׳האט דאס געטאן כדי צו דערמאנען דעם ענין פון זכות אבות וועלכע געפינען זיך אין חברון, וואס צוליב דערויף האט מען מוסיף געווען אן ענין וואס האט לכאו׳ קיין שייכות ניט צו הקרבת הקרבנות - "האיר פני כל המזרח עד שבחברון",

ועאכו"כ אז מ׳דארף דערמאנען דעם ענין פון צדקה, דורך דערויף וואס ס׳איז דא אין דער הויז א כלי קיבול אויף מטבעות של צדקה.

און ס׳איז פארשטאנדיק אז די צדקה פושקע דארף ניט שטיין באהאלטענערהייד, כאילו ווי מ׳שעמט זיך דערמיט ח"ו - נאר אדרבה, דאס איז גאר פון תכשיטי הבית, און דאס איז א זאך וואס באשיינט די הויז, און עס באווייזט אז דאס איז א הויז פון וועלכע עס גייט ארויס צדקה צו די וואס דארפן דערצו אנקומען (מאיזה סיבה שתהי׳), ועכ"פ צו דעם וואס איז "משכיל אל דל"[138], אז באותה שעה איז ער א דל - וואס דערפאר איז דער ענין פון גמ"ח "בין לעניים בין לעשירים", וואס דאס איז דאך די מעלה פון גמ"ח אויף צדקה[139].

ובפרט לויט ווי עס ווערט דערציילט אין די זכרונות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[140] ווי אזוי מ׳האט מרגיל געווען קינדער (און אויך גדולים) אז מ׳זאל לייגן איינער דעם צווייטן, כדי צו מרגיל זיין זיך אין דעם ענין פון גמ"ח, ביז אז דאס זאל ווערן א טבע בנפשו, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך ריבוי הפעולות בזה, ווארום "הכל לפי רוב המעשה"[141].

- כ. -

------------

136) יומא כח, א במשנה. 137) ירושלמי יומא פ"ג ה"א. הובא בפרש"י ד"ה ואיבעית - יומא שם, ב. 138) תהלים מא, ב. 139) סוכה מט, ב. 140) ראה לקו"ד כרך ד תרפב, רע"א ואילך. ועוד. 141) אבות פ"ג מט"ו. וראה בפיהמ"ש להרמב"ם אבות שם.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

כ. וויבאלד אז מ'רעדט וועגן דער התעוררות וואס נעמט זיך פון אן ענין וואס איז פארבונדן מיט א חתונה - איז דא דער ענין העיקרי, אז דעמולט ווערט דער ענין פון טהרת המשפחה א יסוד און א הכרח און א זכות הכי גדול, אויף צו אויפשטעלן א דור ישרים יבורך, בבנים ובני בנים עוסקים בתורה ובמצוות, און אויך בנוגע צו נשים ובנות - ווי די גמרא[142] זאגט אז "נשים במאי זכיין באקרויי בנייהו לבי כנישתא ובאתנויי גברייהו בי רבנן ונטרין לגברייהו עד דאתו מבי רבנן".

וכאמור לעיל אז ס'זאל אויך זיין דער ענין פון "בית מלא ספרים", און אז אין דער הויז זאל אויך זיין א צדקה פושקע.

ובכללות - מוסיף זיין אין אלע מבצעים ביתר שאת וביתר עז, די אלע וואס קענען טאן אין דעם.

און דורך דעם כללות הענין פון צדקה, וואס איינע פון די גרעסטע מעלות אין צדקה איז דער ענין פון פדיון שבויים[143], ווי ער ברענגט אראפ אין די דרושי חתונה[144].

[וואס בא יעדער ענין פון תורה ומצוותי' איז דא דער ענין פון פדיון שבויים - אז ער איז פודה די ניצוצות הקדושה וועלכע זיינען געווען בשבי' אין ק"נ (אדער נאך נידעריקער דערפון), וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות,

ביז אין אן אופן פון "פדה בשלום נפשי"[145], וואס דאס איז דער ענין הפדי' וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון לימוד התורה, וואס דעמולט ווערט די פדי' בשלום, כמבואר בארוכה אין די דרושים פון פדה בשלום] -

ווערט דאס די הכנה צום פדיון שבויים פון אלע אידן - ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

כא. און דאס איז אויך פארבונדן מיט אלע מבצעים - ווארום לויט דעם ביאור אין די דרושי חתונה דארטן, איז פארשטאנדיק, אז יעדערער פון די מבצעים איז אן ענין פון פדיון שבויים:

אנהויבנדיק פון "מבצע חינוך" - וואס דער ענין החינוך איז דאך שייך און עס דארף זיין בא יעדערן, כמרז"ל[146] "איזהו חכם הלומד מכל אדם", ניט "שלמד מכל אדם", נאר "הלומד מכל אדם", לשון הוה, ווארום "רוב שנים יודיעו - חכמה" -

---

142) ברכות יז, א. 143) ראה ב"ב ח, ריש ע"ב. רמב"ם הל' מת"ע פ"ח ה"י. 144) ד"ה אשר ברא תרפ"ט פ"י (סה"מ קונטרסים שם כז, א). 145) תהלים נה, יט. 146) אבות רפ"ד.

חכמה"[147], און אפי' ווען ער האלט שויןביים סיום פון מאה ועשרים שנה, איז בכל רגע ורגע האט ער די נהינת כח אז ער קען זיין א חכם - דורך דערויף וואס ער וועט זיין "הלומד מכל אדם", אז ביי אים וועט צוקומען אן ענין אין הבנה והשגה וואס מיט א רגע פריער האט ער דאס ניט געוואוסט.

וואס דער ענין אז ביי אים קומט צו אן ענין אין הבנה והשגה וואס ער האט פריער ניט געוואוסט - איז אן ענין פון פדיון שבויים, ווארום ס'איז ניטא קיין גרעסערער שבי פאר א חכם אמיתי [וואס יעדער איד איז דאך א טייל פון דעם "עם חכם ונבון"[148]], עאכו"כ א חכם בעצם כח חכמתו, ווי דער ענין פון העדר הידיעה און העדר החכמה -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון מבצע חינוך איז אן ענין פון פדיון שבויים, ווארום דורך דעם חינוך וואס אים קומט צו אין הבנה והשגה, איז ער אים פודה פון דעם שבי פון העדר הידיעה וההבנה.

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע אהבת ישראל" - וואס דורך דערויף וואס ער גיט דעם צווייטן אן ענין וואס יענער האט נאך ניט געהאט (כמבואר די פרטים בזה אין הל' צדקה, און אין די דרושים אויף דעם ענין פון אהבת ישראל), איז ער אים פודה פון דעם חסרון ועניות וואס ביי אים האט געפעלט דער פרט אדער דער כלל וואס ער גיט אים.

ועאכו"כ דער ענין פון תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים, און די דריי ענינים פון נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש און טהרת המשפחה.

וואס דאס זיינען אלע עשרה ענינים - וואס דער מספר עשר איז כולל כל הענינים כולם, ווי ער זאגט אין פרדס בתחלתו[149] [און דערמיט איז מען מבאר כו"כ מאמרי חז"ל אין נגלה און אין נסתר], ובפרטיות - וויבאלד אז "בעשרה מאמרות נברא העולם"[150], איז פארשטאנדיק, אז אלע ענינים שבעולם זיינען נכלל אין מספר עשר און זיי באשטייען פון מספר עשר[151].

וואס די התחלה בזה הויבט זיך אן דערפון וואס גאנץ סדר השתלשלות הויבט זיך אן מיט מספר עשר - ווי ער זאגט אויך אין זהר[152] אין דעם ביאור פון דער ברכה השביעית, כמדובר לעיל (בהמאמר).

כב. ובנוגע לפועל: - עס -

------------

147) איוב לב, ז. 148) ואתחנן ד, ו. 149) שער ב. 150) אבות דפ"ה. 151) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1224 ובהנסמן שם הע' 22. 152) ח"ב קסט, ב. הובא ונתבאר ברד"ה אשר ברא הנ"ל.

עס זאל צוקומען א התעוררות אין הפצה היהדות דורך נשי ובנות ישראל, און דארפן וואו ס'איז ניטא קיין חברת נשים ובנות וואס זיינען זיך עוסק אין הפצת היהדות, זאל מען דאס מייסד זיין, און די זאלן זיך פארנעמען מיט הפצת היהדות בכלל, ובנוגע צו נשים נשואות - מפיץ זיין דעם ענין פון טהרת המשפחה, מיט אלע פרטים שבדבר.

ועד"ז בנוגע צו די וואס גרייטן זיך צו צו חיי נישואין - אז די זאלן האבן וואו צו לערנען די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט טהרת המשפחה, און לערנען דאס באופן הכי טוב ובאופן הכי שלם.

כולל אויך אפדרוקן די דינים ומנהגים בזה בלשון עם ועם, ווי מ'האט דאס שוין געטאן בכמה מדינות.

און וויבאלד אז אין כמה חוברות פעלן, לוידער, כמה פרטים - איז א דבר הכי נכון אז מ'זאל נאכאמאל מגי' זיין די חוברות וואס זיינען שוין געדרוקט געווארן,

און די הגה"ה זאל געטאן ווערן ע"י מומחה באותו ענין - צום אלעם ערשטן דארף ער וויסן די אלע דינים שבזה, און אין אן אופן אז ס'זאל זיין באווארענט מיט אלע הידורים, ווארום (מענטשן בכלל און) אידן ווילן ראך אז דער קינד זאל געבארן ווערן און וואקסן בתכלית השלימות, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הכנה צו די לידה, ובמילא אויך די הכנה צום עיבור, דארף אויך זיין בתכלית השלימות - וואס דערפאר איז נוגע אז ס'זאל געטאן ווערן מיט אלע הידורים בתכלית השלימות,

און ס'איז אויך נוגע אז ער זאל וויסן די שפראך אויף וועלכע ער איז דאס מעתיק בשלימות הדרושה, ווארום עס קען אמאל זיין אז צוליב דערויף וואס ער ווייסט ניט גענוי די שפראך, קען ער דאס פארטייטשן ניט אויף דעם ריכטיקן אופן, ובמילא וועט דערפון ארויסקומען א מכשול ח"ו.

ועוד - וג"ד עיקר: בשעת אז ס'וועט זיין געשריבן אין א ריכטיקע שפראך, און ס'וועט זיין אויסגעהאלטן לויט די כללים פון דער שפראך - וועט דאס צוציען די וואס ליינען דאס, אז מ'זאל דאס ניט אפלאזן אינמיטן, מצד דערויף וואס דאס איז צורם את האוזן דערפאר וואס ס'איז געשריבן געווארן באופן משובש, נאר אדרבה, דער יופי הלשון וועט איר צוציען די זאל דאס ליינען, און דער עיקר - אז ס'זאל איר דורכנעמען ביז אז די וועט דאס אנהויבן מקיים זיין בפועל.

און דער עיקר איז - אז מ'זאל מפיץ זיין די חוברות אזוי אז ס'זאל אנקומען צו יעדערע וואס דארף האבן א תוספת ידיעה אין דינים ומנהגים אלו.

- כג. -

כג. נוסף על העיקר - אז ס'איז כדאי אז בכל עיר ועיר זאל זיין א חברת נשים וואס וועלן אכטונג געבן אויף די אלע ענינים הקשורים בזה,

אנהויבנדיק פון שטיין אין פארבינדונג מיט די וואס זיינען מסדר קידושין (צי א משרד אדער רבנים וכיו"ב), וואס פון זיי וועט מען וויסן ווער גייט חתונה האבן בעתיד הקרוב,

און דערנאך זוכן וועגן צו אויסגעפינען (בדרכי נועם ובאופן עדין) צי מ'דארף דארטן האבן א זירוז ועידוד בנוגע צו דעם ענין פון טהרת המשפחה, אז ס'זאל זיין א בנין עדי עד וואס איז געבויט על יסודי התורה והמצוה, און א בית אין וועלכן ס'וועלן געבארן ־ווערן געזונטע און ליכטיקע און עדליכע קינדער, וואס וועלן מקבל זיין פני משיח צדקנו בקרוב ממש, צוזאמען מיט זייערע מוטער'ס און פאטער'ס, זיידע'ס און באבע'ס.

וכאמור אז ס'זאל זיין עכ"פ א חברה אחת בכל עיר, און אויב די עיר איז פאנאנדערגעטיילט אויף שכונות אדער אויף חוגים, וואס יעדער חוג האט זיך זיינע מנהגים (ויש מקום לומר אז ס'זיינען דא חילוקי מנהגים בענינים אלו) - איז מה טוב אז בכל חוג זאל זיין א חברת נשים וואס וועלן שטיין על המשמר בנוגע צו דעם ענין פון טהרת המשפחה, און נאכמער: זיי וועלן מזרז זיין און מעורר זיין וועגן דעם ענין.

און וויבאלד אז ווען מ'זאגט א זאך בע"פ, קען אמאל זיין אז ס'ווערט ניט נקלט אין דעם זכרון השומע, אדער אז די פארגעסט דערפון, און דערנאך שעמט זי זיך איבערפרעגן - זאל מען אויך מיטגעבן א חוברת וואס דארטן וועלן זיין אפגעדרוקט די אלע דינים ומנהגים הקשורים בזה.

און אין דער חוברת זאל אויך זיין געדרוקט א רשימה פון די אדרעסן וואו ס'איז דא א מקוה טהרה, כדי אז זי זאל ניט דארפן פרעגן וואו איז די מקוה טהרה און שעמען זיך דערפון. וואס ס'איז שוין דורכגעגאנגען אזוי פיל צייט און זי ווייסט ניט וואו איז די מקוה טהרה - נאר זי וועט האבן מן המוכן א רשימה פון יעדער מקוה טהרה וואס ס'איז דא בשכונתה ובכל העיר כולה.

און ווי מ'זעט בפועל אז ס'זיינען דא אזוינע וואס ווילן גיין דוקא אין א מקוה הקרובה, און ס'זיינען דא אזוינע וואס ווילן גיין דוקא אין א מקוה וואס בגשמיות איז זי ניט קיין קרובה - איז דערפאר כדי אז יעדערע זאל קענען האבן א רשימה פון יעדער מקוה טהרה וואס איז דא בשכונתה ובכל העיר כולה.

כד. והמעשה הוא העיקר - אז דאדטן וואו ס'זיינען שוין דא

- חבדות -

חברות פון נשים, זאלן זיי מאכן אן אסיפה מיוחדת בקשר מיט דער התוועדות, אויף צו מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עז אין אלע פעולות וואס מ'האט געטאן ביז איצטער, און מתבונן זיין זיך אפשר דארף מען מוסיף זיין פעולות חדשות בכל הענינים השייכים לזה.

ועאכו"כ בנוגע צו די שכונות, שטעט און שטעטלאך וואו ס'איז נאך דערוויילע ניטא אזא חברת נשים (מאיזה סיבה שתהי') - זאל מען דארטן מייסד זיין אזא חברת נשים.

און מ'האט די הבטחה אז לב ישראל ער הוא להקב"ה ולתורתו ומצוותיו (ווי עס שטייט אין מדרש[153]) - אז ווען מ'איז מעורר א אידישע הארץ אין אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן אויבערשטן און מיט תומ"צ, איז א זיכערע זאך אז די אידישקייט וואס אין הארצן וועקט אויף זיין הארץ, און דערנאך איז "ליבא פליג לכל שייפין"[154], אז ס'זאל ווערן אן הליכה מחיל אל חיל בכל ענינים אלו.

כה. און וויבאלד אז "מצוה גוררת מצוה"[155] - האט מען די געלעגנהייט צו רעדן וועגן אלע מצוות וואס זיינען פארבונדן במיוחד מיט עקרת הבית:

דער ענין פון כשרות האכו"ש, און נרות שבת קודש, און ווי די גמרא זאגט אז "אקרויי בנייהו לבי כנישתא כו' ונטרין לגברייהו עד דאתו מבי רבנן", אז זי זאגט צו דעם מאן מיטן עלטערן ברודער אז זיי זאלן לערנען תורה בהתמדה ושקידה נאכמער ווי זיי האבן געלערנט ביז איצטער.

וואס דורך דער הנהגה ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "חכמת נשים בנתה ביתה".

און אויך בנוגע צו די וואס גרייטן זיך צו חיי נישואין - לייגן זיי שוין די יסודות באופן המתאים נאך פאר דער חתונה, כדי אז דערנאך זאלן די נישואין זיין באופן המתאים.

וכמדובר כמ"פ[156] וועגן דעם וואס ס'שטייט אין זהר פ' בראשית[157] (גלייך אין דער התחלה פון דעם זהר הקדוש), אז דורך דערויף וואס מ'איז מקיים די מצוה פון הדלקת נרות שבת

- קודש -

---

153) ראה יל"ש עה"פ שה"ש ה, ב (רמז תתקפח). 154) זח"ג רכא, ב. 155) אבות פ"ד מ"ב. 156) שיחת ש"פ בראשית תשל"ה. וראה גם שיחת מוצאי ש"פ בראשית תשל"ה ס"ו ואילך (נדפסה בלקו"ש ח"ט בתחלתו). 157) מח, ב. וראה לקו"ש תזריע תשל"ז סי"ב ובהע' 48 שם.

קודש נאך פון קטנות, איז דאס א סגולה מיוחדת אז מ'זאל האבן א מאן וואס איז א שומר תורה ומצוה, און איז א מאור וואס איז מאיר בישראל.

ויה"ר אז מ'זאל טאן אין די אלע ענינים בשמחה וטוב לבב, וועט דאס פורץ זיין כל הגדרים וההגבלות והמדידות - ובמילא וועט דאס אויך אראפברענגען דעס "יעלה הפורץ לפנינו"[158].

ובקרוב ממש וועט זיין די נישואין פון חתן וכלה העליונים - דער אויבערשטער מיט אידן, פון די אירוסין צו די נישואין, בקרוב ממש.

* * *

כו. מ'האט גערעדט פריער (ס"י) בנוגע צו דעם ענין פון חמשים שנה, אז דאס איז פארבונדן מיט "עולם", וואס "עולם" האט דאך צוויי טייטשן: דער ענין פון זמן, און דער ענין פון מקום.

און וויבאלד אז אלע ענינים זיינען "נשתלשלו מהן"[159] - איז דא דער ענין פון "חמשים שערי בינה נבראו בעולם", וואס דאס איז באשאפן געווארן און נמשך געווארן אין עולם.

און ווי חסידות[160] טייטשט אפ אז דאס איז אויך דער ענין פון שבעת ימי הבנין, שבעת ימי בראשית, וואס יעדערער פון זיי איז כלול פון שבעה, וואס צוזאמען איז דאס ארבעים ותשעה, און דערנאך איז דא דער ענין וואס איז כולל כולם, וואס דאס איז דער ענין פון חמשים.

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון מ"ת - "אסתכל באורייתא", ווארום "זמן מתן תורתנו" קומט נאך דערויף וואס "שבע שבעות תמימות תהיינה"[161], וואס דאס איז דער מספר פון מ"ט, און דערנאך קומט מען צום שער הנו"ן[162], וואס דעמולט איז געווען דער ענין פון "משה קבל תורה מסיני".

ווארום אע"פ אז לכתחלה איז געגעבן געווארן צו משה רבינו מערניט ווי "חמשים שערי בינה . . תסר אחד" - האט ער אבער דערנאך געהאט דעם שער הנו"ן בגילוי ובהבנה והשגה, ווי מען איז מבאר[163] בנוגע צו דעם ענין פון "הר נבו", אז "נבו" איז אותיות "נ' בו", ווארום דעמולט האט ער געהאט אלע חמשים שערי בינה.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק פון הקדמת הרמב"ן לפירושו

- עה"ת -

---

158) ע"פ מיכה ב, יג. וראה ב"ר פפ"ה, יד. 159) תניא רפ"ג. 160) לקו"ת במדבר י, ד. ועוד. 161) אמור כג, טו. 162) ראה לקו"ת שם. שה"ש לה, ג. 163) של"ה שסס, א.

עה"ת, בנוגע צו דעם ענין פון "חמשים שערי בינה נבראו בעולם וכולם נמסרו למשה חוץ מאחד", אז דער שער החמשים איז אויך פארבונדן מיט עולם, ווארום מ'זאגט ניט אז "ארבעים ותשעה שערי בינה נבראו בעולם", נאר מ'זאגט "חמשים שערי בינה . . חוץ מאחד",

וואס דאס איז בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו שבת, אז ס'זיינען דא "אבות מלאכות ארבעים חסר אחת", און מ'לערנט דאס אפ דערפון וואס "מלאכה מלאכתו ומלאכת שבתורה ארבעים חסר אחת"[164], און מ'איז מבאר אין דערויף[165], אז וויבאלד מ'זאגט "ארבעים חסר אחת" און ניט שלשים ותשעה, איז פארשטאנדיק אז ס'איז דא איין מלאכה וואס איז ניט קיין עובדין דחול, וואס דערפאר איז דאס ניט קיין ענין וואס איז אסור בשבת,

ועד"ז איז דאס אויך בנוגע צו די מ"ט שערי בינה מיטן שער הנו"ן – כמבואר בארוכה בכ"מ.

ביז אז בא משה רבינו איז ארויסגעקומען בגילוי אז ער האט געהאט אויך דעם שער הנו"ן – און אזוי איז דאס אויך בא יעדער אידן ווען ס'קומט משה רבינו'ס טאג, דער טאג ווען "משה קבל תורה מסיני" [וואס דאס איז זיין טאג, וויבאלד אז "מסר נפשו עלי'", וואס דערפאר איז "נקראת על שמו"[166]], וואס דאס איז דער יום החמשים.

ובפרט לויט ווי ער טייטשט אפ אין לקו"ת אין די דרושים פון פ' במדבר[167], אז אין דעם שער החמשים זיינען דא צוויי דרגות: די דרגא וואס האט א שייכות צו די מ"ט שערי בינה, וואס זי איז פארבונדן מיט די "שבעה שבועות תספר לך"[168], און די דרגא וואס איז העכער פון אלע מ"ט שערי בינה, וואס זי איז העכער פון דעם גאנצן ענין פון "שבעה שבועות תספר לך".

וואס דאס איז דער ענין פון חמשים ווי דאס שטייט אין בינה – חמשים שערי בינה.

כז. דעם ענין פון חמשים געפינט מען אויך אין גמרא סוכה[169], בנוגע צו שמחת בית השואבה [וואס "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו"[170]], אז די מנורות של זהב וואס זיינען געשטאנען בעזרה אין שמחת בית השואבה, זיינען געווען הויך חמשים אמה.

- מ'געפינט -

---

164) שבת מט, ב. 165) סה"מ תר"ל ע' רמד ואילך.
166) שמו"ר פ"ל, ד. וש"נ. 167) יב, א ואילך. 168) ראה טז, ט. 169) נב, ב. וראה גם פרש"י שם נא, סע"א ד"ה שלא.
170) שם נא, סע"א במשנה.

[מ'געפינט דעס ענין פון חמשים אויך אין ב"ב[171] בנוגע צו א שובך של יונים, ועד"ז אויך בנוגע צו שורשי חטה[172] וכיו"ב, וואס דאס איז בנוגע צו ענינים וואס זיינען למטה - אבער בנוגע צו א דבר טוב, ברענגט זיך דער מספר פון חמשים בנוגע צו די מנורות של זהב וואס זיינען געשטאנען בעזרה אין שמחת בית השואבה].

וואס דער ענין המנורה איז דאך אויף צו באלייכטן (ווי די גמרא דערציילט דארטן בארוכה ווי אזוי מ'האט אנגעצונדן די מנורה און ווי די מנורה האט באלויכטן) - וואס דאס באווייזט אויף כללות ענין החכמה און "תורה אור"[173], א חכמה וואס איז מאיר, ווי ס'שטייט[174] "חכמת אדם תאיר פניו", וואס כללות ענין החכמה איז פארבונדן מיט אור, ווארום "הכסיל בחושך הולך", משא"כ "החכם עיניו בראשו"[175], וואס ביי איס איז יעדער זאך ליכטיק.

וואס דערפון זעט מען אז דער ענין פון חמשים איז דא סיי בנוגע צו בינה (דער ענין פון חמשים שערי בינה), און סיי בנוגע צו דעם ענין החכמה - בנוגע צו דער מנורה, וואס ענינה איז להאיר, וואס כללות ענין האור איז פארבונדן מיט דעם ענין החכמה.

וואס דאס איז כללות ענין המוחין, ובפרט דער ענין פון שער החמשים, וואס "לעליונים נדמה להם למטה ולתחתונים נדמה להם למעלה"[176], וואס דאס איז דער ענין פון כתר וואס געפינט זיך צווישן חכמה מיט בינה[177], ואין כאן המקום להאריך בזה.

מ'וויל נאר מעורר זיין, אז דער ענין פון חמשים איז פארבונדן ניט נאר מיט ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט הבנה והשגה און מדידה והגבלה, נאר אויך מיט די ענינים וואס זיינען אין אן אופן פון אורות בלי כלים, וואס דאס איז דער ענין החכמה -

ווי מ'טייטשט אפ[178] דעם ענין פון "איהו וחיוהי חד" און "איהו וגרמוהי חד", אז "חיוהי" איז דער ענין החכמה (אורות בלי כלים), און "גרמוהי" איז דער ענין פון בינה ולמטה מזה -

איז דארטן אויך דא דער ענין פון חמשים, ווי געזאגט פריער אז דער גובה המנורה וואס איז געווען אין שמחת בית השואבה, איז געווען חמשים אמה. - וואס -

------------

171) כג, א. 172) ירושלמי ברכות פ"ט סוף ה"ב.
173) משלי ו, כג. 174) קהלת ח, א. 175) שם ב, יד.
176) ראה סוטה יד, רע"א. 177) ראה לקו"ת שבהערה 167.
178) לקו"ת שה"ש לט, ג. ועוד.

וואס אע"פ אז די מנורה וואס איז געווען אין ביהמ"ק איז געווען ח"י טפחים, אדער טו"ב (17) טפחים, ווי די צוויי דעות שבדבר[179] - אעפ"כ, די מנורה וואס איז געווען אין שמחת בית השואבה, וואס זי איז געשטאנען בעזרה, איז זי געווען בתכלית הגובה - חמשים אמה.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר[180] אויף "יעשו עץ גבוה חמשים אמה"[181], אז דער ענין פון חמשים איז דער ענין פון כתר, און דארטן איז געווען דער "ויתלו את המן"[182], צוזאמען מיט בניו ובני בניו - אלע ענינים בלתי רצויים וואס קומען ארויס פון ענינו של המן,

וואס דאס איז פארבונדן מיט דער עבודה פון מס"נ, וואס דאס איז דער ענין פון "גבוה חמשים אמה", כמבואר בכ"מ.

כח. ויה"ר אז מתוך שמחה וטוב לבב, און נשמות בגופים, זאל מען טאן די עבודה אין אן אופן פון "בכל מאדך" - ווי גערעדט אין דער התוועדות פון עשירי בכסלו[183] אין דעם ביאור פון דעם מיטעלן רבי'ן אויף פדה בשלום נפשי,

און דאס זאל זיין די הכנה קרובה צו דעם חג הגאולה פון י"ט כסלו, דער חג הגאולה פון דעם אלטן רבי'ן - ווי דערמאנט פריער[184] אז דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

און דאס זאל אויך זיין די הכנה קרובה צו חנוכת ביהמ"ק השלישי, בקרוב ממש.

כולל אויך די הכנה צו ימי חנוכה, וואס דארטן איז דא אן ענין וואס איז נאך מערער ווי אין מנורת ביהמ"ק, ווארום אין נרות חנוכה איז דא דער נר השמיני, וואס ער איז שוין דא "בכח" גלייך ביום הראשון, לדעת ב"ה[185], און דערנאך קומט דאס ארויס "בפועל", כמדובר כמ"פ[186].

וכן תהי' לנו - אז מ'זאל זיך גרייטן צו טאן אין אלע מבצעים, כולל אויך די מבצעים פון "יפוצו מעינותיך חוצה", און ווי גערעדט פריער וועגן אלע צען מבצעים,

אנהויבנדיק פון די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט הכנסת כלה, וואס דאס איז דאך איינע פון די גרעסטע מצוות, ביז ווי די גמרא[187] זאגט אז מ'איז מעביר אלע ענינים (אויך

- א דבר -

---

179) מנחות כח, ב. וראה יל"ר עה"פ תרומה כה, לא. ד"פ בהעלותך. עקידה הובא באוה"ת תרומה ע' א'תעט. 180) תו"א מג"א צג, ד. אוה"ת מג"א ע' ב'שכד. 181) אסתר ה, יד. 182) שם ז, י. 183) בד"ה פדה בשלום. 184) שיחת מוצאי ש"פ חיי שרה סל"ז. 185) שבת כא, ב. 186) ראה גם לקו"ש ח"ו ע' 73. ועוד. 187) כתובות יז, א.

א דבר בלתי טהור) מלפני הכלה, אבי עס זאל זיין דער ענין פון הכנסת כלה כדבעי ובשלימות.

און טאן אין די אלע ענינים מתוך שמחה וטוב לבב, און האבן צוטאן מיט לעבעדיקע זאכן, און מיטן "מתי׳ חיים"[188], און מיט "דרך חיים" און "תוכחות מוסר"[189] וואס קומט נאך "נר מצוה ותורה אור", כמבואר בארוכה אין קונטרס עץ החיים ובכ"מ.

און גרייטן זיך צו "מבצע חנוכה", ווי גערעדט כמ"פ פרטי הדברים - ובפרט בנוגע צו די ערטער וואס מ׳דארף אהינצו ברענגען אן עקסטערע ליכטיקייט, וואס דאס איז אין בית הרופאים און בית האסורים וכיו"ב.

און דער אויבערשטער זאל ארויסנעמען אלע אידן פון דעם בית האסורים פון גלות, כולל אויך די אידן וואס געפינען זיך אין א גלות בתוך גלות - אין די מדינות וואס זיינען מאחורי מסך הברזל, ובפרט אין די מדינות וואו ס׳זיינען געווען דער אלטער רבי און דער מיטעלער רבי בחיים חיותם בעלמא דין, און דארטן געפינט זיך זייער בית החיים עד היום הזה.

ובקרוב ממש וועט זיין "והקיצו ורננו שוכני עפר"[190] והם בתוכם, און מ׳וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, והם בראשנו,

און דעמולט וועט זיין דער ענין היובל, ווארום ס׳וועט זיין "כל יושבי׳ עלי׳" - שלימות העם און שלימות הארץ, צוזאמען מיט שלימות התורה, ובשמחה וטוב לבב.

צוה לנגן מלכתחילה אריבער.

* * *

כט. אויף מסיים זיין מיט א סך-הכל - איז כמדובר כמ"פ אז "המעשה הוא העיקר":

מ׳זאל מוסיף זיין אין אלע מבצעים ביתר שאת וביתר עז, אנהויבנדיק פון די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט הכנסת כלה,

סיי דער ענין פון צדקה כפשוטו, אז מ׳זאל ארויסהעלפן אין די הוצאות פון דער חתונה, ועאכו"כ באווארענען אז ס׳זאל זיין א רייכע חתונה ברוחניות, דורך דערויף וואס מ׳וועט אפהיטן אלע ענינים פון טהרת המשפחה, סיי אלס הכנה

- צו -

---

188) יומא עא, א. 189) משלי שם. 190) ישעי׳ כו, יט.

צו דער חתונה און אויך לאח"ז, וואס דאס היינגט אפ אין די יסודות והחלטות וואס מ'האט אנגענומען אויף זיך פאר דער חתונה.

וואס די התעסקות בכל הנ"ל איז פארבונדען מיט די אסיפות און די החלטות וואס וועלן זיין אין דערויף, כמבואר אין קונטרס החלצו[14], וואס דערנאך וועט יעדערער טאן כפי ענינו וכפי יכלתו.

ובמיוחד - דורך דערויף וואס די נשים עסקניות וועלן טאן במרץ הכי גדול אין אלע ענינים וואס זיינען פארבונדען מיט טהרת המשפחה, און אין הפצת הידיעות וואס זיינען דערמיט פארבונדען, ובמיוחד - אז ס'זאל זיין א מקוה טהרה בכל מקום ומקום (וואס דער ענין איז פארבונדען מיט מענער, נאכמער ווי מיט פרויען).

און דאס איז אויך כולל די זהירות והידור אז די מקוה זאל זיין בתכלית היופי - כידוע דער סיפור פון דעם רבי'ן נ"ע, אז אמאל איז ער געגאנגען אין מקוה אין ראסטאב, און האט געפונען אז עס שווימט א פאר האר אויף די וואסער,

האט ער אריינגערופן דעם בעדער וואס האט געהאלטן די מקוה, און האט אים געזאגט, אז אים (דעם רבי'ן נ"ע) ארט דאס ניט, ער זאל אבער וויסן זיין דעם גודל האחריות וואס איז דא אין דערויף, ווארום עס קען זיין אז אן איין און איינציקע פרוי וועט ניט וועלן גיין אין מקוה, דערפאר וואס די האט דארטן געפונען אז ס'שווימען א פאר האר, אדער אן אנדער ענין פון העדר הנקיות, און אפי' העדר היופי - זאל ער וויסן די אחריות וואס ער נעמט אויף זיך דורך דערויף וואס ער באווארענט דאס ניט.

וואס אויב ס'איז געווען אזוי במדינה ההיא, און מיט עשיריות שנים לפנ"ז - איז עאכו"כ ווען מ'געפינט זיך אין מדינות הרווחה, און בא זיך אין דער היים איז מען איינגע-וואוינט צו תכלית הנקיות והיופי וכו', דארף מען זעהן אז די מקוה טהרה

[וואס דארטן ווערט געלייגט דער יסוד אז די אייגענע הויז זאל זיין שיין באמיתיות וברוחניות - דורך דערויף וואס מ'בויט א מקוה טהרה, און מ'נוצט איר בשמחה וטוב לבב]

זאל זיין בתכלית הזהירות והדיוק, און טאן כל האופנים האפשריים אויף צוציען אהינצו מענטשן - דורך דעם וואס דער קיום המצוה וועט קענען זיין מתוך שמחה וטוב לבב, וויבאלד אז דער גוף ונה"ב וועלן דאס אויך וועלן טאן.

וואס אע"פ אז מ'דארף דאס טאקע מקיים זיין דערפאר וואס דאס איז ציווי הקב"ה - איז דאך אבער מבואר אין ד"ה

- ויחלוס -



הנחת הת' בלתי מוגה

ויחלום[191] ובכמה דרושים, אז ווען ס׳רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "סור מרע", דארף מען דערפון אנטלויפן אויף וואס פאר א וועגן מ׳קען נאר אנטלויפן,

וואס דערפון איז נוגע אז די מקוה זאל זיין בתכלית הנקיות והיופי בגשמיות, וואס דעמולט וועט מען באווארענען אז די טבילה זאל זיין ווי ס׳דארף צו זיין, און אז מ׳וועט זיך ניט יאגן אין דערויף, און מ׳וועט קענען באווארענען די אלע דיוקים - אז די זאל זיין כולה במים, מיט אלע פרטי דינים וואס זיינען נוגע לקיום מצוה זו.

וואס בנוגע צו בנין המקוה און יופי המקוה וכו׳, קענען אמאל מענער טאן נאכמער ווי פרויען, עאכו"כ מנהיגי הקהילה, עסקני ציבור וכו׳.

ל. און דעמולט איז מען בטוח אז דאס איז אויך די מצוה פון פדיון שבויים (כמבואר אין די דרושי חתונה) - דורך דערויף וואס מ׳איז פודה פון א דבר בלתי רצוי, ובפרט אז דאס איז אין אן אופן פון "פדה בשלום",

און דורך דעם וועט דער אויבערשטער מקיים זיין דעם "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[192] - אז ער וועט מקיים זיין הבטחתו ויעודו [ובפרט אז ס׳איז שוין "כלו כל הקיצין"[193], ס׳איז שוין דער "בעתה", ועאכו"כ דער "אחישנה"] אז "מיד הן נגאלין"[194], כל אחד ואחת מישראל וכולם ביחד,

און אין אן אופן פון "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[195], אז דער אויבערשטער אליין פארנעמט זיך דערמיט[196] - און וויבאלד אז "באור פני מלך חיים"[197], איז פארשטאנדיק אז די יציאה פון דעם גלות טוט זיך אין א גוטן אופן, בטוב הנראה והנגלה.

ובקרוב ממש וועט מען מקבל זיין פני משיח צדקנו, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו", אין אן אופן פון "לא תשאר פרסה"[198], און "קהל גדול ישובו הנה".

צוה לנגן ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי. פרזות תשב ירושלים.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

- אח"כ -

---

191) סה"מ תש"ח ע׳ 83. 192) תהלים קמז, יט. שמו"ר שם, ט. 193) סנהדרין צז, ב. 194) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 195) ישעי׳ כז, יב. 196) ראה פרש"י עה"פ נצבים ל, ג. 197) משלי טז, טו. 198) בא י, כו.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* *

הנחה הח' בלתי מוגה

*

**ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א לאנ"ש שיחיו שברכו אותו לרגל יובל החמישים לנשואי כ"ק אדמו"ר שליט"א — י"ד כסלו ה'תשל"ט, אחרי תפלת המנחה.**

עס זאָל מקויים ווערן (ווי גערעדט נעכטן[1] בארוכה) דער כל המברך מתברך[2], בברכתו של הקב"ה, פון דעם אויבערשטן (אליין)[3], וואס ברכתו איז אין אַן אופן וואס „תוספתו מרובה על העיקר"[4],

און ס'זאָל אַראָפּקומען למטה מעשרה טפחים, ובקרוב ממש,

און הערן בשורות טובות איש מרעהו.

(כשאמרו לכ"ק אדמו"ר שליט"א שנמצאים כאן כמה מאלה שהיו בעת החתונה — אמר:)

**זאָלן זיי זוכה זיין צו זיין צום יובל[5] הששים.**

---

1) בההתוועדות דאיר ליל י"ד כסלו.

2) סוטה לח, ב. ירושלמי הובא בתוד"ה ואברכה — חולין מט, א.

3) ראה ב"מ פו, ב: עשה הקב"ה לבניו בעצמו. רש"י עה"ת וירא יח, ד.

4) ב"ר פס"א, ד.

5) „שנה זו (יובל) מובדלת משאר שנים בנקיבת שם לה לבדה. ע"ש (הקו"ש)" „לשבחה" „במנוחה" (רש"י וספורנו — בהר כה, יוד). וראה אבות ספ"ה תק"ז תכ"א (נ"י, א) ובתו"א ואוה"ת בבעלת בספר ששים (בביצ"ן בבפתחות).

בס"ד. שיחת י"ט כסלו ה'תשל"ט. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט י"ט כסלו, וואס דעמולט איז געווען די גאולה פון דעם אלטן רבי'ן (בעל התניא והשו"ע) - מיט 180 יאר צוריק.

און ווי דערציילט אין די סיפורי הגאולה (וואס זיינען שוין אויך געדרוקט[1]) אז די גאולה האט זיך אנגעהויבן בייטאג, און מפני כמה סיבות האט זיך דאס ארייננעצויגן אויך אין ליל כ' כסלו.

וואס דערפאר איז איינגעשטעלט געווארן דער מנהג[2] (און עס ווייזט אויס אז ס'איז אזוי איינגעשטעלט געווארן נאך אין די ערשטע יארן) אז די התוועדות העיקרית קומט פאר אין ליל כ' כסלו, וואס ליל כ' כסלו איז דאך אויך פארבונדן מיט י"ט כסלו, וויבאלד אז בא קדשים איז "לילה הולך אחר היום"[3].

ב. האמור לעיל איז מידי שנה בשנה - עס קומט אבער צו אן ענין נוסף בשנה זו, אז די קביעות פון י"ט כסלו איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב[4] - די זעלבע קביעות ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה, ווען דער אלטער רבי איז נגאל געווארן ממאסרו אין בית האסורים (ווי דערציילט אין דער מגילה פון י"ט כסלו - וואס די איז שוין אפגעדרוקט געווארן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו).

וואס דער ענין הגאולה איז פארבונדן (ניט נאר מיט י"ט כסלו, נאר) אויך מיט יום השלישי שהוכפל בו כי טוב - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון די ווערטער פון דעם אלטן רבי'ן אין זיין אגה"ק[5] וועגן דער גאולה, אז די גאולה איז געווען אין "יום י"ט כסלו, יום ג' שהוכפל בו כי טוב", וואס ער איז דא מדגיש סיי דעם יום בחודש, און סיי דעם יום בשבוע.

וואס אע"פ אז ווען ס'איז דא א חילוק צווישן דער קביעות פון ימי החודש מיט דער קביעות פון ימי השבוע, איז די קביעות פון ימי <u>החודש</u> דער עיקר - ווי מ'זעט אין אלע מועדים ורגלים, אז זייער קביעות איז תלוי אין ימי החודש און ניט אין ימי השבוע,

ביז וואנעט אז בנוגע צו חג הפסח, דער "ראש השנה לרגלים"[6], איז דא א מחלוקת אין גמרא'[7] אין וועלכן טאג אין

- ימי -

-------------

1) ראה לקו"ד כרך א כט, א. וראה שיחת מוצאי ש"פ וישב תשל"ח ס"ג. 2) ראה לקו"ד שם מב, א. 3) חולין פג, סע"א. 4) ראה פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 5) נדפסה ב"היום יום" בתחלתו. ובכ"מ. 6) ר"ה ד, א. 7) שבת פז, ב ואילך.

ימי השבוע דאס איז געווען (משא"כ בנוגע צו ימי החודש - וואס לכל הדעות איז דאס געווען בחמשה עשר בניסן),

און אפי' אין די מועדים אין וועלכע ס'איז ניטא קיין מחלוקת אין וועלכן טאג אין ימי השבוע עס איז געווען - דערמאנט מען ניט מלכתחלה דעם יום בשבוע, וואס דאס גופא איז מדגיש אז ס'איז נוגע מערניט ווי די קביעות פון ימי החודש (ניט פון ימי השבוע)] -

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז דער אלטער רבי (דער בעל הגאולה והשמחה) אליין דערמאנט אז די גאולה איז געווען אין "יום ג' שהוכפל בו כי טוב" (ועד"ז געפינט מען אז די נשיאים שלאחריו, ממלאי מקומו, פלעגן דאס דערמאנען מזמן לזמן) - איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז דער עיקר איז טאקע די קביעות אין ימי החודש (י"ט בו, און דערנאך ציט זיך דאס אריין אין כ' בו), האט אבער אויך די קביעות אין ימי השבוע (יום השלישי) א חלק און א שייכות צו דער גאולה.

ג. די שייכות פון דער גאולה מיט יום השלישי, איז נאכמער מודגש לויט דעם וואס דער אלטער רבי שרייבט אין דער אגה"ק הנ"ל, אז די גאולה איז געווען "כשקריתי בספר תהלים בפסוק[8] פדה בשלום נפשי, קודם שהתחלתי פסוק שלאחריו" - וואס דער פסוק "פדה בשלום נפשי" (וואס איז פארבונדן מיט דער גאולה) איז פון דעם שיעור תהלים פון יום השלישי בשבוע.

[און די שייכות פון "פדה בשלום נפשי" מיט יום השלישי דוקא איז - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון סיפורי המקראות אז דער ענין פון "שלום" האט זיך אויפגעטאן ערשט ביום השלישי:

דער ענין פון "שלום" איז דאך שייך דוקא ווען ס'זיינען דא צוויי ענינים וועלכע זיינען ניט בשוה, וואס דעמולט דארף מען האבן דעם ענין פון "עושה שלום במרומיו"[9].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ביום הראשון איז נאך ניט געווען שייך דער ענין פון "שלום", ווארום דעמולט איז געווען "יום אחד", "הי' הקב"ה יחיד בעולמו"[10]; ערשט נאך דעדורך וואס ס'איז געווען דער "ויבדל גו'"[11], ביום השני, ערשט דעמולט איז שייך באוואדענען דעם ענין פון "שלום", וואס דאס האט זיך אויפגעטאן ביום השלישי].

וואס אע"פ אז אויך דער שיעור תהלים פון ימי החודש איז פארבונדן מיט די ענינים פון י"ט כסלו, ווי כ"ק מו"ח

- אדמו"ר -

------------

8) נה, יט. 9) איוב כה, ב. וראה במדב"ר פי"ב, ח. דב"ר פ"ה, יב. ועוד. 10) בראשית א, ה ובפרש"י. 11) בראשית שם, ז.

הנחת הת' בלתי מוגה

אדמו"ר נשיא דורנו איז מבאר אין זיין שיחה הידועה[12] - איז דאס געקומען אלס הוספה ביאור אין כמה דורות לאח"ז, און דאס וואס מ'האט גלייך מדגיש געווען איז - די אמירה פון דעם שיעור תהלים וואס איז פארבונדן מיט ימי השבוע - יום השלישי[13].

און אזוי ווי דער אלטער רבי פארבינדט זיין גאולה מיט דעם ענין פון "פדה בשלום נפשי" (וואס דאס איז א פסוק פון דעם שיעור תהלים פון יום השלישי) - איז אזוי אויך בנוגע צו רבותינו נשיאינו ממלאי מקומו, אז ס'זיינען דא כמה מאמרים פון י"ט כסלו וועלכע הייבן זיך אן מיטן פסוק "פדה בשלום נפשי",

און דערנאך זיינען זיי דאס מבאר אויך בנוגע צו עבודה אין מעשה בפועל - בנוגע צו די ענינים פון תומ"צ (וואס זיי זיינען פארבונדן מיט אויפטאן דעם ענין פון "שלום" צווישן צוויי ענינים),

אנהויבנדיק דערפון וואס די גמרא[14] זאגט אויף דעם פסוק, אז "כל העוסק בתורה ובגמ"ח ומתפלל עם הציבור מעלה אני עליו כאילו פדאני וכו'", ווי רש"י על אתר[15] איז מבאר די שייכות דערפון מיט דעם ענין פון "פדה בשלום", ובפרט לויט דעם תוספת ביאור בזה אין מאמרי רבותינו נשיאינו.

ד. דערפון איז פארשטאנדיק, אז די ענינים וואס מ'דארף ארויסנעמען פון י"ט כסלו [וואס פון יעדער ענין דארף מען דאך ארויסנעמען א הוראה אין מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[16]], זיינען נאכמער בהדגשה בשנה זו, וויבאלד אז ס'איז די זעלבע קביעות פון יום הגאולה סיי בנוגע צו ימי החודש און סיי בנוגע צו ימי השבוע, וואס דעמולט האט מען סיי די השפעות והמשכות וואס זיינען פארבונדן מיט דער קביעות בימי החודש, און סיי די השפעות והמשכות וואס זיינען פארבונדן מיט דער קביעות בימי השבוע.

ווי ס'איז פארשטאנדיק אז ס'זיינען דא די ענינים וואס ווערן אויפגעטאן מצד ימי השבוע - ווארום "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[17], וואס דאס איז געזאגט געווארן בנוגע צו די "ששה ימים עשה ה' את השמים ואת הארץ"[18] (ימי השבוע),

ווי ער איז מדייק אין זהר[19] (און עס ווערט אויך

- אראפגעבראכט -

------------

12) דליל כ' כסלו תרצ"ד (לקו"ד שם צז, א ואילך).
13) וראה מכ' ח' טבת תרצ"ו (נדפס בקובץ מכתבים לתהלים ע' 200). 14) ברכות ח, א. 15) ד"ה פדה בשלום. 16) אבות פ"א מי"ז. 17) זח"ג צד, ריש ע"ב. 18) יתרו כ, יא. 19) שם.

הנחת הת' בלתי מוגה

אראפגעבראכט אין שו"ת הרשב"א[20]) אז ס'שטייט ניט "בששת ימים עשה ה' גו'", נאר "ששת ימים עשה ה' גו'", דערפאר וואס "כל יומא ויומא עביד עבידתי'",

וואס דערפון לערנט מען אפ אז אין יעדער טאג פון ימי השבוע דארף מען טאן דעם "עבידתי'" וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג;

ועד"ז זיינען דא די ענינים וואס ווערן אויפגעטאן מצד ימי החודש - ווי ס'איז מודגש בנוגע צו "זמן תרותנו" און "זמן שמחתנו", און זיי זיינען בחמשה עשר בחודש, וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא"[21],

און וויבאלד אז אידן זיינען "מונין ללבנה"[22] [וואס דערפאר זאגט מען אז "הם עתידים להתחדש כמותה"[23]], איז פארשטאנדיק, אז ווען די לבנה איז במילואה, איז דעמולט אן עת רצון[24] און א שעת הכושר אז אלע ענינים פון א אידן זאלן זיין במילואם,

ובפרט די ענינים פון א אידן וואס זיינען פארבונדן מיט אידישקייט - וואס די ענינים פון אידישקייט זיינען דער עצם המציאות פון א אידן (אויך אלס א יחיד), ווארום "הם חיינו ואורך ימינו",

ביז וואנעט אז די מציאות פון א אידן ווערט דורך זיין אות שבתורה, וואס "ישראל" איז ר"ת "יש ששים רבוא אותיות לתורה"[25], און מ'זאגט אויף דערויף "וזאת לפנים בישראל"[26], אז דאס איז די פנימיות פון יעדער אידן, כמובא בכ"מ[27].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען די קביעות איז מתאים סיי מצד ימי החודש און סיי מצד ימי השבוע - האט מען סיי די ענינים וואס ווערן אויפגעטאן מצד ימי החודש, און סיי די ענינים וואס ווערן אויפגעטאן מצד ימי השבוע - און דערפאר איז בשנה זו נאכמער בהדגשה די ענינים וואס מ'דארף ארויסנעמען פון י"ט כסלו.

ה. און די הוראה וואס מ'דארף ארויסנעמען פון י"ט כסלו דארף זיין בנוגע צו כללות הענין פון תומ"צ, ווי דערמאנט פריער (ס"ד) אז דאס איז די מציאות פון א אידן,

- און -

---

20) ח"א סתכ"ג. 21) זח"ב פה, א. ועוד. 22) סוכה כט, א. 23) סנהדרין מב, א. 24) ראה אוה"ת ברכה ע' א'תתצד. 25) מג"ע אופן קפו. ועוד. 26) רות ד, ז. וראה לקו"ש ח"ב ע' 333 הע' 18. 27) ראה ד"ה אשר ברא תרפ"ט פ"א (סה"מ קונטרסים ח"א כב, א).

און דערנאך ווערט דאס נמשך במשך כל ימי חייו - אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[28], און ווען ער דארף וויסן ווי אזוי צו פירן זיך - ווייסט ער דאס ע"י התורה, וואס "תורה" איז מלשון הוראה[29], און זי ווערט אנגערופן "תורה אור"[30], זי באלייכט אים דרכו בחיים, אז ער זאל וויסן "את המעשה אשר יעשון"[31] און "אשר לא תעשינה"[32].

און דאס ווערט נמשך דורך די "שני אור" - דער אור פון חלק הנגלה שבתורה, און דער אור פון חלק הפנימיות שבתורה[33], וואס נתגלתה ע"י תורת החסידות, אנהויבנדיק פון דעם בעש"ט, און דערנאך ע"י ממלא מקומו, און דערנאך דורך דעם אלטן רבי'ן, וואס ער איז געווען א נשמה חדשה[34].

און אין אן אופן אז נגלה דתורה און פנימיות התורה זיינען ניט קיין צוויי באזונדערע זאכן ח"ו, נאר פון די "שני אור" (נגלה דתורה און פנימיות התורה) ווערט אן איין און איינציקער ווארט - "שניאור" [וואס ע"פ תורה איז דאס איין ווארט - ווארום ס'איז דאך נוגע צו כתיבת השמות אין גיטין וכו'[35]], וואס דאס באווייזט אז נגלה דתורה מיט פנימיות התורה ווערן איין זאך, "תורה אחת לכולנה".

און דערנאך ווערט דאס נמשך צום "גוי אחד בארץ"[36], וואס זייענדיק "מפוזר ומפורד בין העמים"[37], איז ער אבער בפנימיותו ובאמיתתו אן "עם אחד",

און ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ אין אגה"ק[38] דאס וואס אידן זיינען "גוי אחד בארץ", אז אפי' ווען זיי פאר-נעמען זיך מיט עניני ארץ וארציות, "מעשיך" און "דרכיך", זיינען זיי דארטן ממשיך דעם ענין פון "אחד", אחדותו של הקב"ה,

וואס דאס איז דאך דער ענין פון ק"ש - ווי די גמרא[39] זאגט "אמליכתי' למעלה ולמטה ולארבע רוחות השמים",

און פון ק"ש ווערט דאס נמשך בכל הפעולות שלו, אז פון "ה' אחד" קומט אראפ אחדותו של הקב"ה אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און אין "בכל דרכיך דעהו", און דורך דערויף ווערט נמשך אחדותו של הקב"ה בכל העולם.

- און -

---

28) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 29) זח"ג נג, ב. 30) משלי ו, כג. 31) יתרו יח, כ. 32) ויקרא ד, ב. ועוד. 33) ראה לקו"ד שם פג, א. 34) ראה סה"ש תש"ה ע' 127 ואילך. ועוד. 35) ראה יש"ש לגיטין פ"ד סכ"ו. 36) ל' הכתוב - ש"ב ז, כג. 37) אסתר ג, ח. 38) ס"ט. וראה תו"א וישב כז, סע"ד. מקץ לה, א. ויקהל פז, סע"ג. 39) ברכות יג, ב. וראה תו"א ויקהל שם.

און ע"י מעשינו ועבודתנו בזה, וועט מען קומען בקרוב ממש צו די טעג אויף וועלכע ס'שטייט[40] "ביום ההוא יהי' ה' אחד ושמו אחד", "כשם שאני נכתב כך אני נקרא"[41], בקרוב ממש, בביאה משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה.

* * *

ו. עס איז דא א ספר פון איינעם פון די בעלי התוס' (ר' יעקב מקורביל), וואס דער ספר ווערט אנגערופן "שאלות ותשובות מן השמים", און דארטן זיינען דא צענדליקער תשובות.

אין איינע פון די שו"ת[42] שרייבט ער, אז די שאלה האט ער געפרעגט "ליל ג' י"ט לחודש כסלו", און דערנאך איז ער מסיים אז "היום יום בשורה".

אין דעם תוכן פון דער תשובה איז אבער ניטא קיין ענין של "בשורה", דאס איז א תשובה אויף א שאלה וואס איז פאר-בונדן מיט לימוד התורה בטהרה) -

זיינען מבאר אחרונים[43] אז ווען מ'קוקט אין דברי ימי ישראל, און מ'זוכט וואס פאר אן ענין של "בשורה" איז געווען בי"ט כסלו - געפינט מען אז בי"ט כסלו איז געווען דער חג הגאולה פון דעם אלטן רבי'ן.

[י"ט כסלו איז אויך דער יום ההילולא פון דעם מגיד - ווי דער אלטער רבי שרייבט אין אגה"ק הנ"ל וועגן דער גאולה פון י"ט כסלו, אז דאס איז געווען אין דעם "יום הילולא רבא של רבינו הקדוש נ"ע" (דער מגיד);

איז אע"פ אז מ'געפינט אין תנ"ך[44] דעם לשון פון "בשורה" בנוגע צו אן ענין של הסתלקות - איז אבער שווער צו זאגן אז דאס איז דער איינציקער ענין של "בשורה" וואס איז געווען בי"ט כסלו,

און דערפאר זיינען אחרונים מבאר אז דער ענין הבשורה וואס איז געווען בי"ט כסלו איז - די גאולה פון דעם אלטן רבי'ן].

וואס די גאולה פון דעם אלטן רבי'ן בי"ט כסלו, איז פארבונדן מיט דער גאולה פון א חלק פון תורה - פנימיות התורה, אז מ'זאל קענען לערנען פנימיות התורה בגלוי, און אין אן אופן של הסברה וכו', ביז אין אן אופן פון "יפוצו מעינותיך חוצה",

- ווארום -

------------

40) זכרי' יד, ט. 41) פסחים נ, א. 42) תשובה ה'.
43) משמרת שלום (להה"צ מקאידינאוו) - הובא בהערות לשו"ת מן השמים הוצאת מרגליות. בית רבי ח"א פי"ח הע' א' (הג').
44) ראה ש"ב ד, י. ועוד.

הנחת הת' בלתי מוגה

ווארום דערפון וואס בי"ט כסלו איז בטל געווארן דער קטרוג מיטן דין דא למטה, איז א הוכחה אז דעמולט איז אויך בטל געווארן די הגבלה וואס איז געווען למעלה אז מ'זאל ניט מגלה זיין פנימיות התורה אין אן אופן של הסברה און "יפוצו",

כידוע דער סיפור[45], אז מלכתחלה איז געווען א קטרוג אויף דערויף וואס מ'איז מגלה די ענינים פון פנימיות התורה, און דערנאך איז געווען דער ענטפער (אויך מן השמים) אז ניט נאר מ'זאל ממשיך זיין אין דעם גילוי פון פנימיות התורה אזוי ווי ס'איז געווען ביז דעמולט (אע"פ אז דאס האט גורם געווען א קטרוג), נאר אדרבה, מ'זאל נאך מוסיף זיין בזה,

און דערנאך איז עס טאקע געווארן אזוי בפועל - על ידו, און דערנאך ע"י הנשיאים ממלאי מקומו, אנהויבנדיק פון בנו (דער מיטעלער רבי), וואס אויף אים זאגט מען[46] אז זיין חסידות איז געווען אין אן אופן פון "רחובות הנהר"[47], בהרחבה גדולה ובביאור גדול רחב ועמוק וכו', מיט אלע פרטים שבזה, ווי מ'זעט בפועל אין זיינע ספרים (און אויך אין די מאמרים וואס זיינען נאך ניט געדרוקט) ווי ס'איז אלץ אין אן אופן של התרחבות. און דערנאך ווערט דאס נמשך אין דעם אופן על כל הדורות שלאח"ז.

ז. עס זיינען דא אזוינע וואס זיינען תמהים: היתכן, אז אין א ספר פון שו"ה פון איינעם פון בעלי התוס'[48] (און ווערט געבראכט אין ספרים[49] וואס זיינען געווען געדרוקט כמה שנים איידער ס'איז געווען די גאולה פון דעם אלטן רבי'ן בי"ט כסלו) - זאל שטיין אז דאס איז א "יום בשורה", אויף אן ענין של "בשורה" וואס האט געטראפן אין כמה דורות לאח"ז?!

געפינט מען א דבר גדול יותר מזה (אבער אין דעם קו וואס איז דער היפך פון אהבה גלוי'):

עס שטייט אין מגילת תענית[50] אז דער טאג פון ט' טבת איז א יום התענית. וואס אין מגילת תענית שטייט ניט קיין טעם פארוואס איז דאס א יום התענית - זיינען ראשונים (דער ראב"ד[51] וכו') מבאר, אז דאס איז פארבונדן מיט א מאורע וואס

- עס -

------------

45) בית רבי שם פט"ז הע' ב' (הא'). הובא בלקו"ש ח"י ע' 223. וראה גם תו"ש ע' 43-44. 46) ראה סה"ש תש"ה ע' 60. ספר התולדות אדהאמ"צ ע' 53. 47) ראה לקו"ת ראה כט, ב. שה"ש לט, ב. ובכ"מ. 48) ראה שה"ג להחיד"א ח"א ערך ר' יעקב החסיר. 49) שו"ה הרדב"ז, ליוורנו תי"ב, ס"י. שה"ג ליוורנו תקל"ד. 50) קרוב לסופה. הובא בטוש"ע או"ח סתק"פ ס"ב. 51) בסדר הקבלה - הובא בס' דבר יום ביומו במקומו.

עס האט געטראפן אין די מסעות הצלב - וואס דאס האט געטראפן הונדערטער יארן נאך דערויף וואס ס'איז געשריבן געווארן מגילת תענית.

וואס מגילת תענית איז דאך (בגלוי) א נגלה ספר, און אעפ"כ שטייט דארטן ווי אזוי מ'זאל זיך נוהג זיין בס' טבת (אין דעם זמן ווען ס'איז געשריבן געווארן מגילה תעניה), אלס א באווארעניש און א תיקון אויף א מאורע וואס איז געווען אין כמה דורות לאח"ז;

ועאכו"כ אז ווען עס רעדט זיך וועגן דעם ספר "שאלות ותשובות מן השמים",

וואס כשמו כן הוא - אז דאס זיינען תשובות וואס ער האט געהערט "מן השמים",

וכידוע די שקו"ט אין ראשונים און אין אחרונים[52] וועגן דעם וואס מ'פסק'נט אפ דינים לויט די שו"ת מן השמים, אע"פ אז תורה "לא בשמים היא"[53],

איז זיכער אז ס'איז ניטא קיין מקום להמיהה כלל - אויף דעם וואס "מן השמים" זאגט מען אן עניין וואס איז פארבונדן מיט א זמן וואס וועט זיין כמה שנים לאח"ז.

עד"ז געפינט מען נאך כמה דוגמאות לזה, און אויך בפרשתנו - אין דעם פסוק "ויבוא שכמה"[54], ווי רש"י[55] ברענגט אראפ פון מדרז"ל[56] אז דאס איז געווען "מקום מוכן לפורענוה כו' שם נחלקה מלכות בית דוד" - וואס דאס איז דאך א מאורע וואס האט געטראפן מיט כמה דורות לאח"ז.

ח. בנוגע לענייננו:

בהמשך להמדובר לעיל (ס"ב) אז דער אלטער רבי איז מדגיש אין זיין אגה"ק אז די גאולה איז געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב (ניט נאר בי"ט כסלו) - זעט מען דעם רמז בזה אויך אין די שו"ת מן השמים, אז דארטן איז מודגש אז די תשובה וואס איז געזאגט געווארן בי"ט כסלו (אויף וועלכן ער זאגט אז ס'איז "יום בשורה"), איז געווען "ליל ג'".

וואס דאס איז די איינציקע תשובה צווישן אלע שו"ת מן השמים אין וועלכע ער דערמאנט דעם יום בשבוע וואס אין אים איז די תשובה געזאגט געווארן; ס'איז דא א צווייטע תשובה[57]

- אין -

---

52) ראה בארוכה שה"ג שם. "פתיחה" לשו"ת מן השמים הוצאה הנ"ל. 53) ב"מ נט, ב. 54) פרשתנו לז, יד. 55) עה"פ. 56) סנהדרין קב, א. תנחומא וישב ב. ועוד. 57) תשובה סט.

אין וועלכע ער דערמאנט דעם יום בחודש וואס אין איס איז די תשובה געזאגט געווארן (משא"כ אין אלע איבעריקע תשובות, וואס ער דערמאנט אינגאנצן ניט קיין תאריך, אפי' ניט דעם יום בחודש) - און דאס איז די איינציקע תשובה אין וועלכע ער דערמאנט ניט נאר דעם יום בחודש ("י"ט לחודש כסלו"), נאר אויך דעם יום בשבוע ("ליל ג'").

וואס אין דערויף איז אויך מודגש אז די גאולה פון י"ט כסלו איז פארבונדן מיט יום השלישי שבשבוע.

ט. בשנה זו קומט צו א דריטער ענין - אז דאס איז שנת המאה ושמונים זינט ס'איז געווען די גאולה פון דעם אלטן רבי'ן (ווי דערמאנט פריער (ס"א)).

וואס אויף יעדער ענין זוכט דאך א איד עפעס א רמז אין תורה - איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם מספר פון מאה ושמונים שנה.

ווארום אין תורה איז דאך יעדער ענין בתכלית הדיוק - איז פאדשטאנדיק, אז ווען מ'געפינט אין תורה דעם מספר פון 180 יאר, איז אין דערויף אויך דא אן ענין של רמז, און מ'קען דאס פארבינדן דערמיט וואס דאס איז שנת המאה ושמונים זינט דער גאולה.

[ע"ד הידוע וואס מ'זאגט בנוגע צו די סימנים וואס זיינען דא אין ש"ס, אז אע"פ אז בפשטות האט מען געמאכט די סימנים בכדי אז ס'זאל זיין לייכטער צו געדיינקען די הלכות אדער די מאמרים וואס זיינען מרומז אין דעם סימן[58] (וואס צוליב דערויף נעמט מען א ווארט אדער צוויי ווערטער, וואס האבן א תוכן מצ"ע, און מ'נוצט זיי אלס א סימן אויף צו געדיינקען געוויסע הלכות, דורך די ר"ת וואס זיינען אין דעם סימן אדער אן אנדער רמז) -

איז שלא כדעת התועים (מיט א תי"ו) וואס בלאנדזשען אין דרכי התורה און אין דעם דיוק שבתורה, ובמילא זיינען זיי אויך טועים (מיט א טי"ת) - וואס זיי מיינען אז דער סימן האט קיין שייכות ניט מיט די הלכות אויף וועלכע ער איז א סימן,

נאר ס'איז א זיכערע זאך אז דער סימן איז פארבונדן מיט די הלכות אויף וועלכע ער איז א סימן, וויבאלד אז אלע ענינים אין תורה זיינען בתכלית הדיוק.

ובמכש"כ וק"ו: מה-דאך אז אלע ענינים אין <u>וועלט</u>

- זיינען -

------------

58) ראה עירובין נד, סע"ב.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

זיינען בהשגחה פרטית, כתודת הבעש"ט הידועה[59] [און ווי געפרעדט כמ"פ באריכה (און שוין אויך געדרוקט[60]) אז ס'איז קיין קושיא ניט פון שיטת הרמב"ם אין מו"נ[61]], איז עאכו"כ אז אין תורה זיינען אלע ענינים בהשגה"פ - איז וויבאלד אז דאס איז א סימן אויף די הלכות, איז פארשטאנדיק אז דער סימן האט א שייכות מיט די הלכות.

וכידוע די דאי' אויף דערויף (אז די סימנים פון תורה זיינען בדיוק) פון א משנה מפורשת, בנוגע צו דער עבודה אין ביהמ"ק, וואס דאס איז אמיתית ענין העבודה:

די משנה[62] זאגט אז איידער מ'האט מקריב געווען דעם קרבן תמיד (דער ערשטער קרבן פון דעם טאג), האט מען געפרעגט צי "הגיע זמן שחיטה", און מ'האט געענטפערט אז "האיר פני כל המזרח עד שבחברון" (אז עס איז שוין געווארן ליכטיק, ביז אויך אין חברון), און כ'איז מסביר[63] אז דאס איז אויף צו דערמאנען זכות אבות וואס געפינען זיך אין חברון.

וואס דער תוכן הפירוש איז, ניט נאר דערמאנען זכות אבות און דערביי זאל דאס בלייבן, נאר צו מעורר זיין דעם ענין פון זכות אבות - וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס מ'דערמאנט דעם אייך און איינציקן ווארט - "חברון", וואס דערפון זעט מען דאך אז די סימנים שבתורה, "האיר פני כל המזרח עד שבחברון", זיינען בתכלית הדיוק - ווארום דורך דעם סימן (וואס מ'זאגט אז אין חברון איז שוין געווארן ליכטיק) איז מען מעורר דעם ענין פון זכות אבות.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו אלע סימנים וואס זיינען אין ש"ס און אין תורה בכלל - אז זיי זיינען בתכלית הדיוק.

וכידוע די הנהגה פון כמה גדולים, אז אפי' אין די ענינים הפשוטים שלהם, ביז אפי' אין די ענינים וואס זיינען געווען פארבונדן מיט לשון עס ועם (לשון המדינה), האבן זיי אין דערויף געזוכט רמזים און ר"ת'ן, ביז אפי' עניני יחודים, כמבואר אין די סיפורים פון חיי צדיקים].

י. בנוגע לענינו - א רמז אין תורה אויפן מספר פון 180 יאר:

- אין -

---

59) ראה כש"ט (הוצאה קה"ת) הוספות אות קיט ואילך. וש"נ. 60) לקו"ש ח"ח ע' 277 ואילך. 61) ח"ג פי"ז. 62) תמיד ל, א. יומא כח, ריש ע"ב. ירושלמי יומא פ"ג ה"א. 63) ירושלמי שם. הובא בפרש"י ד"ה ואיבעית - יומא שם.

אין היינטיקע סדרה[64] שטייט: "ויהיו ימי יצחק מאת שנה ושמונים שנה". אברהם האט געלעבט קע"ה שנה[65], יעקב האט געלעבט קמ"ז שנה[66] (ועד"ז בנוגע צו די שבטים - ווי געבראכט אין מדרש מספר שנותיהם), און יצחק האט געלעבט מאה ושמונים שנה, וואס דא איז "רמיזא באורייתא"[67] דער מספר פון 180 שנה.

און ס'איז פארשטאנדיק פון מדרשי חז"ל דער גודל הענין פון מאה ושמונים שנה - לויטן כלל וואס ברענגט זיך אראפ אין מדרש[68] בנוגע צו ימי צדיקים, אז זיי זיינען אין אן אופן פון "תמימים",

און מ'זעט דאך אז מ'זוכט א טעם אויף דעם וואס אברהם אבינו האט געלעבט 175 יאר, מיט פינף יאר וויינציקער פון 180 - אז דאס איז געווען כדי אז ס'זאל מקוים ווערן די הבטחה פון "תקבר בשיבה טובה"[69], ועד"ז זוכט מען א טעם פארוואס האט יעקב געלעבט 147 יאר, און ניט 180 יאר[70],

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ע"ד הרגיל (לולא טעמים צדדיים) וואלטן די אבות (אויך אברהם און יעקב) געדארפט לעבן 180 יאר.

וואס אע"פ אז ס'שטייט[71] "והיו ימיו מאה ועשרים שנה" - איז ווי דער ביאור בזה זאל נאר זיין, זעט מען אבער אז ימי שני חייהם פון די "אבות" [וואס "אין קורין אבות אלא לשלשה"[72], תורה פסק'נט אפ אז יעדער איד רופט זיי אן בשם "אבות", ע"ד ווי יעקב האט געזאגט "אלקי אבי אברהם ואלקי אבי יצחק"[73]] איז מאה ושמונים שנה (ס'איז מערניט וואס צוליב געוויסע סיבות האבן אברהם און יעקב געלעבט וויינציקער פון 180 יאר).

יא. וויבאלד אז חייהם של צדיקים איז דער ענין פון תומ"צ (ווי עס ברענגט זיך אין מדרשים[74] - אין דערויף באשטייט זייער לעבן, און דערמיט לעבן זיי בכל יום ויום, עאכו"כ בנוגע צו כללות ימי חייהם - און די שלימות פון חייהם של צדיקים איז מאה ושמונים שנה, איז פארשטאנדיק, אז דער מספר פון מאה ושמונים שנה איז מרמז אויף חייהם של צדיקים ("אין קורין אבות אלא לשלשה") - דער כללות הענין פון תומ"צ.

- ובפרט -

---

64) לה, כח. 65) חיי שרה כה, ז. 66) ויחי מז, כח.
67) יל"ש ר"פ שמות. 68) ראה תענית ט, א. 69) ב"ר רפנ"ח.
70) לך לך טו, טו ובפרש"י. פרש"י עה"פ תולדות כה, ל.
71) ראה ב"ר פצ"ו, ד. פרש"י עה"פ ויחי שם, כט.
72) בראשית ו, ג. 73) ברכות טז, ב. 74) פרשתנו לב, י.
75) ראה קה"ר פ"ג, ט. וראה אגה"ק סז"ך וביאורו.

ובפרט אז ענינם פון די אבות אין עבודת האדם איז - דער ענין פון "העוסק בתורה ובגמ"ח ומתפלל עם הציבור":

ענינו של אברהם אבינו איז דער ענין פון גמ"ח, ענינו של יצחק איז דער ענין התפלה, ווי ס'שטייט[76] "ויצא יצחק לשוח בשדה", און ענינו של יעקב איז דער ענין פון לימוד התורה, ווארום יעקב איז דאך געווען "יושב אהלים, אהלו של שם ואהלו של עבר"[77], וואס אהלו של שם איז מרמז אויף תושב"כ, וויבאלד אז "כל התורה שמותיו של הקב"ה"[78], און אהלו של עבר איז מרמז אויף תושבע"פ, וואס זי גיט זיך איבער מדור לדור במסורה בע"פ[79], וואס דאס איז דער ענין פון "ותורה שם בישראל"[80].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען עס קומט דער מספר פון מאה ושמונים שנה - איז דא א הדגשה מיוחדת אויף דעם ענין פון חייהם של צדיקים - דער ענין פון תומ"צ, ובפרט אין די דריי ענינים פון "העוסק בתורה ובגמ"ח ומתפלל עם הציבור", וואס דאס איז ענינם פון די "אבות", אויף וועלכע מ'זאגט אז שלימות ימי חייהם איז מאה ושמונים שנה.

יב. דער מספר פון מאה ושמונים שנה, וואס איז פארבונדן מיט "ימי יצחק" - האט א שייכות מיוחדת מיט דער גאולה העתידה:

אויף לע"ל זאגט מען דאך[81] אז "אברהם לא ידענו"[82], און רופא צו יצחק וועט מען זאגן "אתה אבינו", ווי דער אלטער רבי (דער בעל השמחה והגאולה) איז מבאר דעם ענין אין הו"א בסופו, אין די דרושים פון מג"א[83].

און דאס איז אויך מרומז אין נגלה - ווי די גמרא דערציילט אין שבת[84], אז ווען אברהם האט מלמד זכות געווען אויף אידן, און דער אויבערשטער האט אים אויף דערויף געזאגט א טענה, איז ער געבליבן מיטן ענטפער, ועד"ז בנוגע צו יעקב, אז ער האט אויך אנגענומען דעם ענטפער; ווען ס'איז אבער געקומען צו יצחק, האט יצחק געענטפערט אויפן אויבערשטן'ס טענה, און אזוי איז עס געבליבן, וואס דערפאר זאגט מען צו יצחק "אתה אבינו".

- וואס -

---

76) חיי שרה כד, סג. וראה פרש"י עה"פ. ברכות כו, ב. 77) תולדות כה, כז ובפרש"י עה"פ. 78) ראה רמב"ן בהקדמתו עה"ת. יונת אלם פכ"ט. זח"ב פז, א. 79) ראה ספר הערכים חב"ד כרך א ערך אהלי יעקב סק"ג. וש"נ. 80) תהלים עח, ה. 81) שבת פט, ב. 82) ל' הכתוב - ישעי' סג, טז. 83) צג, סע"א ואילך. 84) שם.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם ענין פון מאה ושמונים שנה, וואס דאס איז "ימי יצחק", איז מרומז די גאולה העתידה, וויבאלד אז דעמולט וועט מען זאגן צו יצחק "אתה אבינו".

און דאס איז אויך פארבונדן במיוחד מיט י"ט כסלו:

ס'איז דאך ידוע* די הבטחה וואס דער בעש"ט האט געהערט פון משיח'ן, אז ווען "יפוצו מעינותיך חוצה" איז דעמולט "אתי מר" דא מלכא משיחא.

און י"ט כסלו האט א קשר גלוי מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - כמבואר בארוכה אין דער שיחה הידועה פון דעם רבי'ן נ"ע*, אז דער עיקר הענין "יפוצו מעינותיך חוצה" האט זיך אנגעהויבן נאך פעטערבורג, ד.ה. נאך י"ט און כ' כסלו.

ויה"ר אז אזוי ווי מ'רעדט וועגן דער גאולה האמיתית והשלימה, זאל מען בקרוב ממש זוכה זיין צום "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", אז "בימיו ובימינו תושע יהודה וישראל ישכון לבטח"*, בקרוב ממש, במהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

יג. כמדובר כמ"פ אז בכדי די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון אן ענין זאל אראפקומען למעשה בפועל - דארף דאס זיין א הוראה מפורשת.

ווארום אויב ס'איז א החלטה כללית (אז מ'זאל זיין גוט, מ'זאל לערנען תורה און מקיים זיין מצווה, און טאן גוטע זאכן), איז דאס טאקע דער יסוד און דער דקע אויף וועלכן עס ווערן דערנאך געבויט די מעשים בפועל, אבער דעמולט (ווען ס'איז א החלטה כללית) בלייבט דאס א מחשבה טובה, א גוטער געדאנק;

אבער בנוגע צו "המעשה הוא העיקר" - אויפטאן מיט זיך, עאכו"כ אויפטאן מיט א צווייטן, ועאכו"כ אויפטאן מיט דער גאנצער וועלט און צוגרייטן איר אז בקרוב זאל זי מקבל זיין דעם מלך המשיח (צוזאמען מיטן סדר וואס וועט זיך דעמולט אויפטאן אין וועלט, אז ס'וועט זיין "וגר זאב עם כבש וגו'"*) - קומט דאס ניט אראפ אין מעשה בפועל, ווארום מצד דערויף

- וואס -

------------

85) אגה"ק של הבעש"ט - נדפסה גם בכש"ט בהתחלהו. ובכ"מ.
86) תו"ש ס"ע 112 ואילך. 87) ירמי' כג, ו. 88) ישעי' יא, ו. וראה רמב"ם הל' מלכים רפי"ב.

וואס דאס איז א החלטה כללית, בינדם דאס ניט דעם כענטשן אז לאחרי ההחלטה זאל ער נשתנה ווערן און זיין אנדערש דערפון וואס ער איז געווען קודם ההחלטה.

וכמבואר בארוכה אין די ספרים פון דעם מיטעלן רבי'ן[89].

[וואס זיין גאולה איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "פדה בשלום נפשי", וויבאלד אז זיין גאולה איז געווען בעשירי לחודש כסלו, און דער פסוק "פדה בשלום נפשי" איז פון דעם שיעור תהלים פון יום העשירי בחודש, כמבואר בארוכה אין דעם סיפור הגאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן[90]]

אז א התבוננות אין אן ענין פון עבודת ה', מוז אראפ-קומען אין א דבר מפורש ומסוים, אז ער זאל וויסן אז מכאן ולהבא דארף ער מוסיף זיין אין די און די ענינים.

יד. ובנוגע לעניננו - ארויסנעמען א החלטה פרטית וואס איז פארבונדן מיט דעם חג הגאולה פון א צדיק און א יחיד בדורו, וואס חייו ופעולותיו זיינען געווען בכל עניני חיי האדם וחיי העולם, אין אן אופן פון "ואברהם זקן בא בימים"[91], אז אלע זיינע טעג זיינען געווען גאנצע,

[וואס ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס "כל יומא ויומא עביד עבידתי'", עס זיינען דא ימות החול, ימי השבה ויו"ט, ימים נוראים וכיו"ב - איז די עבודה געווען אין אן אופן פון "בא בימים", אז יעדער טאג איז געווען א גאנצער טאג, ד.ה. אנגעפילט מיט א תוכן מלא],

וואס אפי' ווען ער וואלט געווען אן איש פרטי ח"ו, וואלט זיין עבודה אויך געווען אין אן אופן פון "בא בימים" - עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן א נשיא און א מורה דרך פאר דורו און פאר די דורות שלאחריו, סיי אין נגלה דהורה - דורך זיין שו"ע (וואס איז באוואוסט מיטן נאמען - "דעם רב'ס שו"ע), עאכו"כ אין פנימיות התורה - דורך תורה חסידות חב"ד, וואס זי איז ארויסגעגעבן געווארן אין אן אופן של הבנה והשגה -

איז בשעת מ'דארף אנעמען א החלטה מסוימה ומוגדרה (וואס איז פארבונדן מיט זיין חג הגאולה) בנוגע למעשה בפועל - שטייט מען פאר א לאנגע שורה און פאר א געוואלדיקן מספר של ענינים, און מ'ווייכט ניט פון וואנעט מ'זאל אנהויבן.

- וואס -

---

89) שער היחוד בתחלתו ואילך. 90) ראה בית רבי ח"ב ספ"ה הע' א' ( הב'). 91) חיי שרה כד, א. וראה ד"ה ואברהם זקן דמוצאי ש"פ חיי שרה תשל"ח. וש"נ.

וואס אע"פ אז סוכ"ס דארף יעדער מענטש שטרעבן, און תקותו והשתדלותו דארף זיין אויף צו ווערן א שלם בכל ענייניו - דארף מען דאך אבער אנהויבן פון א געוויסן ענין, במילא דארף מען וויסן וועלכער ענין האט א קדימה אין חשיבות, ובמילא אויך א קדימה אין זמן - אז מ'זאל אנהויבן מיט דעם ענין, און עס זיינען דא א ריבוי של ענינים, ווייסט מען ניט פון וואנעט צו אנהויבן.

סו. עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן ארויסנעמען א הוראה פון ימי חייו פון (ניט סתם א נשיא בישראל, נאר פון) א נשיא בישראל ווי דער אלטער רבי, וואס ביי אים איז געווען דער ענין הנשיאות בגלוי אין אלע ענינים, סיי אין נגלה דתורה, סיי אין פנימיות התורה, און סיי אין מעשה המצוות.

וכמדובר כמ"פ אז ביים אלטן רבי'ן געפינט מען א חידוש, וועלכן מ'האט געזעהן מיט עיני בשר, וואס מ'געפינט דאס ניט בא רובם פון גדולי ישראל:

יעדער ענין וואס דער אלטער רבי האט געלערנט אין תורה, האט ער געלערנט און האט חוקר ודורש געווען מתהלתו ועד סופו,

ביז וואנעט אז ווען עס האט זיך גערעדט וועגן מעסטן די שיעורים וועלכע ווערן דערמאנט אין תורה [וואס דאס איז דאך א מקצוע גדול בתורה, וואָרום רובא דרובא פון הלכות התורה זיינען פארבונדן מיט א שיעור],

האט ער זיך ניט באגנוגנט דערמיט וואס ער האט געלערנט דעם ענין ווי ער שטייט אין נגלה דתורה, ביז בנוגע להלכה למעשה, צוזאמען מיטן ביאור שבזה אין פנימיות התורה, סודות התורה -

נאר ווי דער ברודער זיינער האט דערציילט[92] (דאס וואס ער האט געזעהן בפועל), אז ער האט זיך אליין אפגעגעבן מיט מעסטן די שיעורים שבתורה, אויף צו וויסן וויפל איז א "שעורה" - בנוגע צו א מקוה וכיו"ב; ער האט אליין געבראכט שעורים, און האט אליין געמאסטן אויף צו אויסגעפינען וואס איז א מדה בינונית וכיו"ב.

ועד"ז ווען עס האט זיך גערעדט וועגן הלכות קרה"ת - איז ער אליין געווען דער קורא בתורה[93].

ועד"ז ווען עס האט זיך גערעדט וועגן דעם ענין פון "פדיון שבויים" (וואס דאס איז דאך דער ענין הכי גדול אין - צדקה -

------------

92) שאריה יהודה יו"ד סי"א. הועתק בהוספות לשו"ע אדה"ז ח"ו מז, א [תתקלב]. 93) היום יום ע' פח. ועוד.

צדקה. ביז אז עס ווערט אנגערופן בשם "מצוה רבה"[94] - איז ניט נאר וואס ער האט געלערנט די הלכות פון פדיון שבויים. און האט געזעהן אז מ'זאל טאן אין פדיון שבויים, נאר ער האט זיך משתדל געווען און געטאן דעם ענין פון פדיון שבויים בגופו.

כידוע די סיפורים ווי ער איז אליין געגאנגען און זיך משתדל געווען בא די שרים און פקידים, בנוגע צו דעם ענין פון פדיון שבויים.

ביז וואנעט אז ער איז ארומגעפארן אין בקוכות וואס האבן לכאו' ניט געהאט קיין שייכות מיט אים. אויף צו טאן דארטן אין דעם ענין פון פדיון שבויים, כידוע דער סיפור המעשה[95] אז ס'איז געווען א גאנצער סכסוך בנוגע צו קלייבן געלט אויף דעם ענין פון פדיון שבויים.

וכידוע[96] אז דער אלטער רבי איז אליין געגאנגען אויף מציל זיין א נפש מישראל ביוהכ"פ (בנוגע צו א יולדה), ווי גערעדט אמאל באריכה.

עאכו"כ בנוגע צו מצוה צדקה - אז נוסף אויף דעם לימוד פון הל' צדקה, האט ער אליין געטיילט צדקה וכו'.

ועד"ז בנוגע צו דעם ענין פון הל' שחיטה - אז ער האט אויפגעטאן דעם ענין פון סכינים מלוטשים, מיט דער גאנצער שקו"ט וואס איז געווען בדבר.

וואס די הדגשה צו טאן יעדער זאך בעצמו, געפינט מען ניט אפי' ביי זיין זון וואס איז געווען מכלא מקומו.

וואס אע"פ אז מי יכנים ראשו בין הרים גדולים וכו' - האט מען אבער געזעהן בעיני בשר, אז ביים אלטן רבי'ן איז געווען א השתדלות מיוחדת אויף צו טאן אליין אין אלע ענינים, אז אין רוב מצוות התורה שהגיע לידו, האט ער זיך ניט באגנוגנט מיט לימוד ההלכה, און מיט מפיץ זיין די הלכה, און מיט מורה זיין א הוראה פאר א צווייטן ווי אזוי צו טאן דעם מעשה בפועל, נאר ער האט דאס אליין געטאן.

טז. די נקודה העיקרית אין דער הנהגה איז - די הדגשה אויף דעם ענין המעשה בכל מצוה ומצוה, כולל אויך ווי די מצוה שטייט אין תורה, אז נוסף אויף דער שקו"ט בתורה, און דער לימוד אין אן אופן פון "דרוש וקבל שכר"[97], ביז צו דער

- עמקות -

---

94) רמב"ם הל' מת"ע פ"ח ה"י. 95) בית רבי ח"א פכ"א (מב, א). ספר התולדות אדה"ז ע' רנד. 96) ד"ה באתי לגני תשי"א פ"ו. לקו"ש ח"ד ע' 1255. 97) סוטה מד, א. וש"נ.

עמקות הכי גדולה אין לימוד התורה, זאל אויך זיין דער לימוד אין אן אופן פון לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא[98].

וואס אע"פ אז דער לימוד אין אן אופן פון חריף ומקשה איז אן ענין הפכי פון דעם לימוד אין אן אופן פון לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא - זעט מען אבער אז בא די וואס ס'איז געווען דער "יגעת ומצאת"[99], איז געווען דער לימוד התורה סיי אין אן אופן פון חריף ומקשה, און סיי אין אן אופן פון לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא, כמבואר אין מפרשי הש"ס אין סוף מסכת הוריות[100] ובכ"מ.

וואס דאס איז די נקודה העיקרית וואס איז געווען ביים אלטן רבי'ן - דער ענין המעשה שבכל ענין, וואס אין יעדער מצוה איז דא ווי דער ענין ווערט געלערנט אין תורה, ביז צו דער מסקנא ווי אזוי מ'דארף דאס טאן בנוגע לפועל, וואס דאס איז דער ענין העשי' אין דעם לימוד גופא, און דערנאך איז דא דער מעשה כפשוטו - קיום המצוה בפועל.

יז. און דעדפאר ווען מ'דארף מחליט זיין א החלטה בנוגע לפועל, וואס איז פארבונדן מיטן חג הגאולה פון דעם אלטן רבי'ן, וואס די החלטה דארף דאך זיין אנהויבנדיק פון א באשטימטן שטח, און עס זיינען דא א ריבוי ענינים מיט וועלכע מ'קען אנהויבן - איז אבער דא אן ענין וואס דער אלטער רבי איז מדגיש און פארבינדט דאס מיט זיין גאולה:

אין כמה אגרות[101] וואו דער אלטער רבי שרייבט וועגן דער גאולה, איז ער מדגיש אז די גאולה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שלום - "פדה בשלום", וואס דערפון איז פאדשטאנדיק, אז די החלטה וואס מ'דארף מחליט זיין בנוגע לפועל בקשר מיטן חג הגאולה, דארף זיין פארבונדן מיט דעם ענין פון שלום.

יח. והביאור בזה:

דער כללות הענין פון שלום איז שייך דוקא ווען עס זיינען דא צוויי ענינים הפכיים, וואס אויב מ'וועט זיך ניט אריינמישן, קען צווישן זיי זיין אן ענין של מלחמה, "מקרב לי" - דארטן דארף מען האבן דעם ענין פון שלום.

אין עולם האצילות, עולם האחדות, איז אינגאנצן ניט שייך דער ענין פון שלום, ווארום דארטן איז ניט שייך קיין מחלוקת, איז במילא ניט שייך דער ענין פון שלום.

- ועד"ז -

------------

98) יומא כו, א. 99) מגילה ו, ב. 100) פרש"י ד"ה חדיף - הוריות בסופה. 101) היום יום בתחלתו. בית רבי שם פי"ח (לה, ב). ועוד.

<u>הנחה הה' בלתי מוגה</u>

ועד"ז בתחלת בריאת העולם, ווען ס'איז געווען "יום אחד", אז דער אויבערשטער איז געווען "יחיד בעולמו", איז ניט געווען שייך דער ענין פון מחלוקת, ובמילא איז ניט געווען שייך דער ענין פון שלום,

ערשט נאך דערויף וואס ביום השני זיינען באשאפן געווארן אנדערע נבראים, און ס'איז געווען דער "ויבדל" - דעמולט דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון שלום, וואס דאס איז דער אויפטו פון יום השלישי, וואס ער איז דער יום שהוכפל בו כי טוב.

וכמרז"ל[102] אויפן פסוק "עושה שלום במרומיו", אז דער אויבערשטער איז "עושה שלום במרומיו" צווישן "מיכאל שר של מים" מיט "גבריאל שר של אש", ווארום וויבאלד זיי זיינען הפכיים זמ"ז, דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון שלום.

ועד"ז איז דאס אויך בא יעדער מענטשן, ועאכו"כ בא יעדער אידן, "אחם קרויין אדם"[103]:

ווען ער הויבט אן זיין טאג, זיין "יום אחד", דער ענין האחדות וואס איז דא אין דעם טאג, הויבט ער אן מיט אמירת "מודה אני לפניך", וואס דעמולט איז ביי אים דא מערניט ווי דער אויבערשטער אליין, ער ווייסט נאך ניט פון וועלט, ובמילא דארף מען ניט האבן דעם ענין פון שלום.

און דערנאך גייט ער אריבער צו דעם ענין פון ברכות השחר, וואס דארטן רעדט זיך שוין וועגן די פרטים וואס זיינען דא אין וועלט; דער ענין פון "זוקף כפופים" און "מלביש ערומים" וכיו"ב, אנהויבנדיק פון דער התחלה פון ברכות השחד - "להבחין בין יום ובין לילה", ס'איז שוין דא "יום" באזונדער און "לילה" באזונדער, וואס דעמולט דארף מען שוין אנקומען צו דעם ענין פון שלום.

אין דעם "יום אחד", האט מאיר געווען דער אור שנברא ביום ראשון, און ס'איז געווען אין אן אופן פון "ל"ו שעות שמשה אותה האורה"[104], אע"פ אז דעמולט איז שוין אויך געווען דער ענין פון "ויהי ערב ויהי בוקר";

דערנאך איז אבער געווארן דער "ויבדל אלקים בין האור ובין החושך"[105], און דעמולט דארף זיין דער "להבחין בין יום ובין לילה" - דארף מען האבן דעם ענין פון שלום, כדי אז ס'זאל ניט זיין קיין ענין של מלחמה בין איש לרעהו,

- וויבאלד -

---

102) זח"ג יב, ב. אגה"ק רסי"ב. ודאה גם במדב"ד ודב"ר שבהע' 9. 103) יבמות סא, רע"א. 104) ב"ד פי"א, ב. ועוד. 105) בראשית א, ד.



הנחת הח' בלתי מוגה

וויבאלד אז עס זיינען דא צוויי ענינים הפכיים, "יום" און "לילה".

יט. און ווען עס זיינען דא צוויי ענינים וועלכע זיינען הפכיים זמ"ז - דארף מען האבן דעם ענין פון שלום, אויף צו באווארענען אז עס זאל ניט זיין קיין ענין של מלחמה צווישן זיי.

וואס אפי' אין קדושה געפינט מען אויך אז עס זיינען דא אופני עבודה וואס זיינען הפכיים זמ"ז[106] - ס'איז דא די עבודה וואס איז מצד מדת החסד, און ס'איז דא די עבודה וואס איז מצד מדת הגבורה;

דער וואס עבודתו איז מצד מדת החסד, בדוגמת מיכאל שר של מים, איז עבודתו אין אן אופן אז ער איז מלמד זכות אויף יעדער אידן, אין וועלכן מעמד ומצב יענער זאל זיך נאר געפינען, איז ער אויף אים מלמד זכות אז זייענדיק במעמדו ומצבו קען ער ממלא זיין תפקידו וואס "אני נבראתי לשמש את קוני"[107],

און דער וואס עבודתו איז מצד מדת הגבורה, בדוגמת גבריאל שר של אש, איז עבודתו אין אן אופן אז ער וויל אויפ-הויבן יעדערן ממעמדו ומצבו, בדוגמת האש וואס איז עולה מלמטה למעלה (אן עבודה הפכית פון מלמד זכות זיין אויף יעדער אידן, אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל נאר זיין).

און דא דארף מען באווארענען אז עס זאל ניט זיין קיין ענין של קרב און מלחמה צווישן ביידע צדדים, נאר אז צווישן ביידע צדדים זאל זיין שטיל און רואיק - וואס אויף דערויף דארף מען האבן אן ענין של פדי',

און די פדי' גופא קען דאך זיין בכמה דרכים - וויל מען אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "פדה בשלום", א פדי' אין אן אופן אז סיי מיכאל און סיי גבריאל בלייבן גאנץ, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס דער אויבערשטער איז "עושה שלום במרומיו", וואס דעמולט בלייבן מיכאל און גבריאל בקיומם, און אין אן אופן של שלום.

וכידוע דער משל וואס שטייט אויף דערויף, אז דאס איז בדוגמא פון צוויי שרים, וואס דער תפקיד פון איינעם איז סאן ענינים של צדקה וחסד (בדוגמת מלאך מיכאל), און דער תפקיד פון דעם צווייטן איז זעהן אז די הוצאות המדינה זאלן זיין אויסגעהאלטן און מיט א חשבון וכו', וואס דאס איז אן ענין של דין וצמצום (בדוגמת מלאך גבריאל) -

- עס -

------------

106) ראה אגה"ק שם. 107) קידושין בסופה.



הנחה הה' בלתי מוגה

עס דארף אבער זיין דער ענין פון "עושה שלום במרומיו", כדי אז די צוויי ענינים הפכיים זאלן נתאחד ווערן שניהם יחדיו, ווארום מ'דארף האבן ביידע ענינים צוליב הנהגת המדינה.

און פון דעם משל, איז פארשטאנדיק ווי דאס איז אויך אין עבודת האדם.

כ. דער ענין פון "שלום" איז פארבונדן און הויבט זיך אן מיט דעם ענין פון חינוך:

ווען א קינד ווערט געבארן, איז ער אין אן אופן פון "עיר פרא אדם יולד"[108], ער האט טאקע די "נפש השני' בישראל היא חלק אלקה ממעל ממש"[109], מ'דארף איר אבער מגלה זיין, כדי אז זי זאל ווערן דער מלך וואס איז שולט אין דער "עיר קטנה הוא הגוף"[110],

ווארום מצ"ע ווערט ער געבארן אין אן אופן אז בגלוי זעט מען נאר די ענינים הטבעיים, און מ'זעט ניט דעם שכל וואס דארף שולט זיין אין דער "עיר קטנה", אן "עיר" וואס האט אין זיך רמ"ח אברים ושס"ה גידים, און אן "עיר" וואס געפינט זיך אין א וועלט וועלכע דארף נאך האבן א תיקון ע"י מעשי האדם.

און אין דערויף באשטייט דער ענין החינוך - אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס "יצר לב האדם וגו'"[111], און ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס "עיר פרא אדם יולד", איז מען אים מחנך אין אן אופן אז ער זאל זיך פירן ע"פ התורה, וואס "דרכי' דרכי נועם וכל נתיבותי' שלום"[112], און דער חינוך איז בדרכי נועם ובדרכי שלום.

און בשעת מ'איז אים מחנך ע"פ התורה - איז צום אלעם ערשטן ווערט דער ענין פון שלום בפמליא של מטה, ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ[113], אז עס ווערט דער ענין פון שלום ביי אים אליין, צווישן זיין נה"א מיט זיין נה"ב.

און דערנאך ווערט דער ענין פון שלום צווישן אים מיטן עולם - אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס ער געפינט זיך אין אן עולם גשמי, און ער דארף האבן זיינע צרכים פון אכילה ושתי' און לבושים וכו', זאל דאס אים ניט טרייבן ח"ו ער זאל צונעמען דעם צווייטן'ס א זאך, אדער ניט געבן א

- צווייטן -

------------

108) איוב יא, יב. 109) תניא רפ"ב. 110) תניא דפי"א (טו, סע"ב). 111) נח ח, כא. 112) משלי ג, יז.
113) תו"א יתרו סז, רע"א. וראה גם לקו"ת שה"ש כה, ג.

צווייטן דעדפון וואס ער האט, נאר אדרבה, זיין חיות, זיין קאכן זיך און זיין רצון זאל ווערן אין אן אופן ער זאל וועלן געבן א צווייטן דערפון וואס ער האט.

וואס אע"פ אז אפגעבן זיינע א זאך דעם צווייטן איידער ער האט ממלא געווען כל צרכיו, איז לכאו' אן ענין וואס איז היפך טבע האדם, ווארום ער האט נאך ניט ממלא געווען כל צרכיו (וואס אויב מ'פארלאזט זיך אויף זיינע מדות טבעיים, וועט דאס זיין בלי כל הגבלה) - אעפ"כ טוט ער דאס בפועל, און ער טוט דאס מתוך שמחה וטוב לבב, אזוי ווי אלע ענינים פון אידישקייט, וואס זיי דארפן געטאן ווערן אין אן אופן פון "עבדו את ה' בשמחה"[114].

און אין דערויף באשטייט דער ענין החינוך, אז נאך פון קינד-ווייז-אן הויבט זיך אן דער חינוך און הדרכה אין ענינים פון צדקה און גמ"ח, און אין ענינים פון יושר, מיט אלע פרטים שבזה, כמבואר בכ"מ.

וכידוע די סיפורים[115] בנוגע צו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, ווי אזוי מ'האט אים מחנך געווען אויף אפגעבן פון זיינע ענינים צו קטנים בני גילו, אדער אפי' צו קטנים ממנו (ברוחניות און בגשמיות וכו'), כמבואר בארוכה אין די שיחות.

כא. און דער ענין פון צדקה און גמ"ח (אין וועלכן מ'איז אים מחנך) איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "אהבת ישראל":

ראס וואס ער גיט א צווייטן אידן פון זיינע ענינים - וואס דער צווייטער איד איז ניט ער, נאר א צווייטער מענטש, און ער גיט יענעם אע"פ אז אים ווייזט זיך אויס אז ער האט נאך ניט כל צרכיו (און עס קען זיין אז ער האט טאקע ניט כל צרכיו) - איז דאס דערפאר וואס ביי אים איז דא דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[116], וואס דעמולט איז פונקט אזוי ווי ער וויל געבן זיך, וויל ער אויך געבן דעם צווייטן, וויבאלד אז יענער איז "כמוך", ובמילא גיט ער אים אפי' מפתו.

און דורך דעם ענין פון צדקה, ווערט אויפגעטאן דער ענין פון שלום צווישן איין מיטן צווייטן אידן, ווארום ער גיט אים ביד רחבה און בסבר פנים יפות, ובמילא איז דאס יענער מקבל אויך בסבר פנים יפות, און האט ניט קיין ביטערן געפיל דערפון וואס ער דארף זיין דער מקבל און יענער איז דער נותן, ווארום יענער גיט אים בסבר פנים יפות,

- אזוי -

-----------

114) תהלים ק, ב. וראה רמב"ם סוף הל' לולב.
115) התמים חו' ז ע' סה. לקו"ד כרך ד תרפא, ב ואילך. ועוד.
116) קדושים יט, יח.



הנחת הת' בלתי מוגה

אזוי אז ס'איז גאר ניט ניכר ווער איז דא דער נותן און ווער איז דער מקבל, וכמרז"ל[117] "יותר ממה שבעה"ב עושה עם העני העני עושה עם בעה"ב".

כב. דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען מ'זוכט מיט וועלכן ענין צו אנהויבן די החלטה טובה וואס מ'נעמט אן אויף זיך בקשר מיטן חג הגאולה - דארף מען אנהויבן מיט דעם ענין פון צדקה און גמ"ח (וואס גמ"ח איז דאך פון די מעלות הכי גדולות שבצדקה[118]), ווייבאלד אז דורך דעם ענין פון צדקה און גמ"ח ווערט אויפגעטאן דער ענין פון שלום צווישן איין איד מיטן צווייטן[119], און אין דעם ענין הגאולה איז דער אלטער רבי מדגיש דעם ענין פון שלום.

און ווי מ'זעט אויך אז דער אלטער רבי איז מבאר באריכה דעם גודל הענין פון צדקה, סיי אין דעם ערשטן חלק פון תניא[120], און סיי אין כמה אגרות שלו[121], ביז ווי דער אלטער רבי שרייבט אין אגה"ק[122] אז דער ענין הצדקה "היא שעמדה לנו לפדות חיי נפשנו כו'".

וואס דער אלטער רבי האט דאך געהאט כו"כ זכיות, כידוע ומפורסם בנוגע צו דברי ימי חייו, ביז וואנעט אז מ'האט גערעכנט צען ענינים של זכיות, כמבואר באריכה בכ"מ[123], און אעפ"כ האט ער מדגיש געווען אז דער ענין הצדקה "היא שעמדה לנו לפדות חיי נפשנו".

וע"פ האמור לעיל (סכ"א) אז דער ענין הצדקה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", איז פארשטאנדיק, אז דערנאך קומט ראש אראפ אין אלע ענינים פון תורה ומצוותי'.

כג. און דאס איז אויך כולל דעם ענין החינוך, אז פון קינד-ווייז-אן זאל מען מחנך זיין דעם קינד ער זאל טאן ענינים פון צדקה און גמ"ח.

און ווי מ'זעט בפועל בנוגע צו דעם ענין פון צדקה, אז אויב מ'וויל אז די קופות צדקה זאלן זיין רייך, און האבן געלט וויפל זיי דארפן האבן, און נאכמער דערפון, דארף מען מחנך זיין אירן אז זיי זאלן זיין נותני צדקה,

- וואס -

------------

117) ויק"ר פל"ד, ח. ועוד. 118) ראה סוכה מט, ב. רמב"ם הל' מת"ע פ"י ה"ז. טושו"ע יו"ר סרמ"ט ס"ו.
119) ראה פרש"י ד"ה פדה - ברכות ח, רע"א. 120) פל"ז (מח, ב ואילך). 121) אגה"ק ס"ג. ס"ד. ס"ח. ועוד. 122) סוס"ד.
123) לקו"ד שם תשיח, ריש ע"ב.



הנחת הה' בלתי מוגה

וואס די אמת'ע פעולת החינוך בזה, דארף זיך אנהויבן פון קינד-ווייז-אן, און ניט ווארטן ביז ער וועט ווערן בר-מצוה, אדער בן שלשים, בן ארבעים, בן חמשים און בן ששים, און דעמולט וועט מען שיקן צו אים א "פאנד-רייזער", און מ'וועט אים אנהויבן איינרעדן און איינטענה'ן זיך מיט אים, אז ער דארף אפגעבן פון זיינע געלט אויף וועלכע ער האט געהארעוועט, און אפגעבן דאס צו א מענטשן וואס ער האט אים קיינמאל ניט געזעהן - וואס דעמולט איז מען ניט אלעמאל מצליח בזה, און אפי' אז מ'איז מצליח באקומען פון אים א תרומה, איז דאס (ע"פ רוב) שלא בערך לגבי וויפל ער האט געדארפט געבן.

און בשעת אז מיט יארן פריער גיט מען אוועק סכומים גדולים אויף דעם ענין פון חינוך, און מ'איז מחנך די קינדער אז זיי זאלן וויסן דעם גודל הענין פון "אהבת ישראל", און דעם גודל הענין פון מצות צדקה,

[און ער זאל וויסן אז ער דארף מלמד זכות זיין אויף דעם עני - אז עס קען גאר זיין אז דער עני וואס איז זקוק באותה שעה צו דעם ענין הצדקה איז א פיינערער מענטש פאר אים, און דערנאך וועט ער וועט אויסוואקסן, וועט ער פארדינען מער געלט פון אים, ובלשון המדינה - "ער וועט מאכן א לעבן" נאך א בעסערן לעבן ווי ער מאכט, און ער וועט אים קענען דערנאך אפגעבן כבוד],

איז מען מצליח פועל'ן אויפן קינד אז ווען ער וועט אויסוואקסן זאל ער געבן א סאך צדקה, און מ'וועט גארניט דארפן שיקן צו אים שלוחים בעטן ביי אים ער זאל געבן געלט אויף צדקה, נאר ער שלאגט זיך אן אויף דערויף, און גיט מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה - אויף וויפל ס'איז שייך ביי א מענטשן בכלל, ובפרט ביי א אידן, "אתם קרויין אדם", ע"ש ארמה לעליון[124] - אין אן אופן פון הרחבה בפועל.

כד. און דעמולט ווערט דער אמת'ער שלום - ער ווערט ניט ברוגז אויף זיין נה"א, און ווערט ניט ברוגז אויפן "פאנד-רייזער", אויף דעם וואס מ'רעגט אים די יארן און מ'לאזט אים ניט הנאה האבן פון עניני העוה"ז, און מ'איז אים מבלבל אז עס זיינען דא מענטשן וואס זיי איז ניט גוט און מ'דארף זיי ארויסהעלפן וכו' -

נאר אדרבה, ער איז שמח אויף דעם וואס מ'האט אים מזכה געווען מיט אזא מצוה גדולה ונשאה, נוסף אויף כללות הענין וואס דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין תניא[125] גודל

- המעלה -

------------

124) של"ה כ, ב. שא, ב. ועוד. 125) פל"ז שם.

המעלה פון מצות צדקה, ביז אז "בכל תלמוד ירושלמי היא נק׳ בשם מצוה סתם", ביז וואנעט אז "מקרבת את הגאולה"[126].

און דעמולט ווערט דער "פדה בשלום נפשי" כפשוטו - וואס דאס האט דאך געזאגט דוד מלך ישראל, "דוד מלכא משיחא", וואס ער וועט ארויסנעמען אלע אידן פון דעם גלות, בקרוב ממש.

כה. ובנוגע לפועל:

די אלע וואס זיינען בעלי בתים אויף קופות של צדקה - צדקה וואס איז ניט געגעבן געווארן מיט דער הדגשה און ציווי אז מ׳זאל דאס אוועקגעבן מערניט ווי אויף דעם ענין, נאר צדקה וואס איז תלוי אין דעם ממונה אויף קופת הצדקה, אדער אין דעם גבאי צדקה, אדער אין דעם וואס האט אים איינגערעדט ער זאל געבן די געלט אויף צדקה -

דארפן זיי וויסן זיין אז לכל לראש דארפן זיי געבן סכומים הכי גדולים אויף די פעולות וואס זיינען פארבונדן מיט דעם ענין החינוך,

און געבן אויף דערויף ביתר שאת וביתר עז, ביז אין אן אופן וואס איז שלא בערך לגבי וויפל מ׳האט געגעבן פריער, ניט נאר לגבי ווי מ׳האט געגעבן ווען מ׳איז נאך געשלאפן, נאר אפי׳ לגבי ווי מ׳האט געגעבן ווען מ׳איז שוין געווען אויפגעוועקט צו די ענינים פון תורה ומצוותי׳.

כו. און דורך דעם האדעוועט מען אידן אין אן אופן של צדק ויושר, און דאס איז אויך דער יסוד אויף דעם ענין פון ישוב העולם.

און מ׳גרייט צו די גאנצע וועלט צו דער גאולה בקרוב ממש ע"י דוד מלכא משיחא, וואס ענינו איז דאך מדת הצדקה, ספירת המלכות[127] וכו׳,

יבוא ויגאלנו אין אן אופן של צדקה, "לך ה׳ הצדקה"[128], ניט רעכענענדיק זיך מיטן מעמד ומצב פון דעם דור און פון דעם יחיד,

וואס אפי׳ ווען מ׳וואלט זיך דערמיט גערעכנט, וואלט מען שוין אויך זוכה געווען צו דער גאולה האמיתית והשלימה בעגלא דידן, נאר דעמולט וואלט דאס געקענט זיין נאר לפי ערך וויפל מ׳האט פארדינט - זאגט מען אז "לך ה׳ הצדקה", אז די גאולה זאל זיין אין אן אופן וואס איז שלא בערך כלל,

- ניט -

---

126) שם. מב"ב י, א. 127) ראה קה"י ערך צדקה.
128) דניאל ט, ז.

ניט נאר אין אן אופן פון "עני ורוכב על החמור"[129], נאר אין אן אופן פון "וארו עם ענני שמיא"[130] - אין אן אופן פון "זכו"[131], און צוזאמען דערמיט אויך "אחישנה"[132],

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

כז. דער ענין פון שלום איז דאך נוגע אין אלע ענינים פון וועלט, ובמילא איז דאס אויך נוגע אין כל עניני התורה ומצוותי'.

און ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ אין סיום הל' חנוכה (פון ספרי[133]) אז "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם, שנאמר דרכי' דרכי נועם וכל נתיבותי' שלום",

וואס דאס איז כולל אפי' אוה"ע - ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס די גמרא[134] ברענגט א ראי' פון דעם פסוק "דרכי' דרכי נועם וכל נתיבותי' שלום" (און פון נאך פסוקים כיו"ב) בנוגע צו כמה פעולות וואס זיינען פארבונדן און נוגע צו אוה"ע.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון שלום איז פארבונדן ניט נאר מיט דעם ענין החינוך (חינוך פון קטנים, אדער אפי' חינוך פון גדולים), נאר ס'איז פארבונדן מיט כל עניני האדם.

כח. ווען מ'זאגט אז דער ענין פון שלום איז פארבונדן מיט כל עניני האדם, איז דאס א כללות'דיקער אויסדרוק, און בשעת מ'וויל אז דאס זאל ארויסקומען בפועל, דארף מען דאס אויס-טייטשן אין אן ענין פרטי ומסוים -

איז דאס פארבונדן מיט דעם אופן ווי מ'גרייט צו דעם קינד צו דעם ענין החינוך, וואס דאס איז דער כללות הענין פון הולדת הולד, וואס אין דערויף דארף אויך זיין דער ענין פון שלום.

והביאור בזה:

איידער עס ווערט הולדת הולד, זיינען דער איש ואשה צוויי באזונדערע זאכן, און כדי ס'זאל זיין הולדת הולד, דארף זיין דער "יעזב איש את אביו ואת אמו ודבק באשתו"[135],

- עס -

---

129) זכרי' ט, א. 130) דניאל ז, יג. 131) סנהדרין צח, א. 132) ישעי' ס, כב. סנהדרין שם. 133) עה"פ נשא ו, כו. וראה לקו"ש ח"ח ע' 349 ואילך. 134) גיטין נט, ב. 135) בראשית ב, כד.

עס דארף זיין צווישן זיי א קירוב און א התאחדות כדבעי, וואס דעמולט ווערט דער "והיו לבשר אחד"[136], דורך דערויף וואס עס ווערט געבארן א קינד וואס ביי אים זיינען דא סיי תכונות האב און סיי תכונות האם, אין אן אופן פון "אחד", אחדות אמיתית.

וואס אב און אם זיינען הפכיים זמ"ז, ווי מ'זעט בפועל (און אזוי דארף טאקע זיין) אז הנהגת האב איז אין אן אופן פון שטרענגקייט, און הנהגת האם איז אין אן אופן פון רחמים וחנינה.

[און ווי מ'זעט אין תורה, אז ווען עס רעדט זיך וועגן דעם ענין פון כבוד, שטייט "כבד את אביך ואת אמך"[137], "הקדים אב לאם"[138], און בנוגע צו מורא, שטייט[139], "איש אמו ואביו תראו", "הקדים אם לאב", דערפאר וואס דער טבע הבן איז מכבד זיין את אמו יותר מאביו, און מורא האבן פון אביו יותר מאמו, דארף מען פריער באווארענען די שווערערע זאך, און דערנאך די גרינגערע זאך, דו ואצ"ל דו].

וואס דער ענין אז אב ואם זיינען הפכיים זמ"ז, איז אויך מרומז אין דעם וואס די גמרא[140] זאגט אז "אביו מזריע הלובן" און "אמו מזרעת אודם" (און דערנאך קומט דאס ארוים ביחס צום ולד אין אן אופן פון "כחותם המתהפך"[141]) - וואס "לובן" און "אודם" זיינען הפכיים זמ"ז.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז כדי ס'זאל זיין דער ענין פון הולדת הולד, דארף זיין דער קירוב והתאחדות פון צוויי ענינים הפכיים, וואס דאס איז דער כללות הענין פון שלום.

כט. דער ענין קומט בהמשך להמדובר אין דער פריערדיקער התוועדות[142] וועגן דעם גודל הענין פון טהרת המשפחה - וואס דער ענין פון "יעזב איש את אביו ואת אמו ודבק באשתו", איז דאך צוליב דעם תכלית פון "והיו לבשר אחד", אז ס'זאל זיין דער "פרו ורבו ומילאו את הארץ"[143] (וואס דער ענין פון "ומילאו את הארץ" איז נאכמער פון "רבו").

וואס אין דערויף קען ניט זיין נאר דער ענין פון קירוב הלב, און עס קען ניט זיין נאר דער ענין פון פירוד

- הלב -

------------

136) שם. 137) יתרו כ, יב. 138) פרש"י עה"פ קדושים יט, ג. וראה קידושין ל, ב ואילך. מכילתא עה"פ יתרו שם. 139) קדושים שם. 140) נדה לא, א. 141) ראה אגה"ק ס"כ (קלא, א). ועוד. 142) שיחת אור לי"ד כסלו סכ"ב ואילך. 143) בראשית א, כח.



הנחת הת' בלתי מוגה

הלב, נאר עס דארף זיין סיי דער ענין פון קירוב, און סיי דער ענין פון פירוד, וואס דאס איז דער כללות הענין פון די דינים און הנהגות וועלכע זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון טהרת המשפחה.

וואס די התחלה בזה הויבט זיך אן אין אן אופן פון "ימין מקרבת"[144], אבער דער ענין פון "ימין מקרבת" דארף זיין אין א זמן וואס איז אן עת רצון, ועאכו"כ אן עת המותר;

און דערנאך ברענגט דאס צו אן ענין של פירוד - די ימים שלאחרי הלידה, "שלשים יום ושלשה ימים", ארער "ששים יום וששת ימים"[145], און פאר דערויף זיינען אויך דא ענינים וואס ברענגען צו ימי הפירוד.

און אין דערויף געפינט מען א דבר נפלא:

בנוגע צו דעם וואס ע"י החטא[146] איז געווארן אן ענין ע"ד הטבע וואס ברענגט צו ימי הפירוד, שטייט[147] אז לע"ל וועט דאס בטל ווערן און עס וועט ניט זיין דער גאנצער ענין;

משא"כ בנוגע צו דעם ענין הפירוד וואס איז פארבונדן מיט לידה, וועט ראס זיין אויך לע"ל, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין אגה"ק[148] אז לע"ל וועט מען אויך דארפן וויסן טומאת יולדת, ווי ס'שטייט[149] "הרה ויולדת יחדיו".

און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שלום - ווארום דער ענין פון שלום איז מדגיש אז עס זיינען דא צוויי צדדים וואס מ'דארף מאכן שלום צווישן זיי, וער"ז בנרו"ד, אז ס'איז דא דער "עת לחבוק" און "עת לרחוק מחבק"[150], וואס די צוויי ענינים זיינען ע"פ "תורת חיים", הוראה בחיים, און מ'דארף זיין אפגעהיט אין ביידע זמנים, מצד דערויף וואס כוונתם אחת היא - לה' אחד, לויט ווי ער האט אנגעוויזן בתורתו, וואס די איז "תורה אחת לכולנה".

ל. און בשעת מ'היט אפ דעם ענין, ווערט דער ענין פון שלום בין איש לאשתו,

שלא כדעת הטועים אז דאס ברענגט צו פירור ח"ו, נאר ארדבה, דאס איז די וועג אז ס'זאל זיין א שלום וקירוב אמיתי, ווי עס זאגן שוין אויך אפי' די טבעיים און די רופאים וכו' - אבער ניט דערפאר איז מען דאס מקיים, נאר דערפאר וואס "קרשנו במצותיו וצונו".

- און -

------------

144) ראה סוטה מז, א. 145) תזריע יב, ד-ה. 146) ראה עירובין ק. ב. ב"ר ספי"ז. תנחומא ר"פ נח וס"פ מצורע. 147) זח"ג קכד, ב ואילך - ברע"מ. 148) סכ"ו (קמג, סע"א ואילך). 149) ירמי' לא, ח. 150) קהלת ג, ה.

און עס ווערט געבארן א זרע קדוש, אז די קינדער וואס ווערן געבארן לעבן ע"פ התורה, וואס "דרכי' דרכי נועם וכל נתיבותי' שלום".

און דורך דערויף ווערט דער ענין השלום בין האבות והבנים - וואס דאס איז דאך אן ענין וואס איז נויטיק במיוחד בדורנו זה, ווארום מ'קלאגט זיך במדינה זו אז די אבות מיט די בנים קענען זיך ניט צוזאמענרעדן (ניט נאר אז "נעריינו" און "זקנינו" קענען זיך ניט צוזאמענרעדן, נאר אפי' די בנים מיט די אבות קענען זיך אויך ניט צוזאמענרעדן) - ווערט אויפגעטאן דער שלום בין האבות והבנים, און עס ווערט שלום אין דער גאנצער הויז, ווארום נאך איידער ער איז געבארן איז דאס געווען א הויז וואס האט זיך געפירט ע"פ התורה, וואס אפי' "נתיבותי'" זיינען אויך "שלום".

און וויבאלד אז דער ענין השלום איז דער "כלי מחזיק ברכה לישראל"[151] - ברענגט דאס ברכתו של הקב"ה אין אלע ענינים וואס מ'דארף נאר האבן.

לא. און דאס איז די צווייטע הוראה בנוגע לפועל - אז מ'דארף טאן פעולות בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט טהרת המשפחה.

וואס אין דערויף דארף מען האבן א ספעציעלע באווארעניש, ווארום ווי מ'קוקט אויף דערויף מיט עיני בשר, הויבט אים אן דער יצה"ר איינרעדן, אז דאס ברענגט צו אן ענין של פירוד וריחוק וכו' -

דארף מען אים מסביר זיין אז דער ענין פון "שמאל דוחה", איז אין אן אופן פון "ברגע קטן עזבתיך"[152], כדי אז דערנאך זאל זיין דער "ימין מקרבת" אין אן אופן פון "ברחמים גדולים אקבצך"[153] - וואס ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו איש ואשה העליונים, דער אויבערשטער מיט כנס"י, עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו איש ואשה כפשוטו, ווי מ'זעט בפועל אז לאחרי הפירוד איז דער קירוב ביתר שאת וביתר עז.

און מ'איז אים מסביר, אז וויבאלד דער אויבערשטער איז "א-ל רחום וחנון" , ביז וואנעט אז דאס וואס ס'איז דא די מדה פון גמ"ח בא מענטשן, איז דאס נאר דערפאר וואס דער ענין איז דא ביים אויבערשטן ("מה הוא חנון ורחום אף אתה הי' חנון ורחום"[154] - מצד דערויף וואס למעלה איז דא דער ענין פון "רחום", ווערט נמשך מדת הרחמנות דא למטה),

- און -

------------

151) עוקצין בסופה. 152) ל' הכתוב - ישעי' נד, ז. 153) תשא לד, ו. 154) שבת קלג, ב.

און דער אויבערשטער האט געזאגט אז מ'זאל זיך פירן לויט דער הנהגה און ציווי, און האט נאך מחמיר געווען בזה, כמבואר אין תושב"כ און אין תושבע"פ - איז דאס גופא א הוכחה אז דער אופן ההנהגה איז דער אמת'ער ענין פון רחמנות, קירוב, אהבה און חסד.

לב. עד"ז ווען מ'רעדט וועגן אויסנוצן כספי ציבור (פון צדקה וכיו"ב) אויף דעם ענין פון טהרת המשפחה (בויען מקוואות וכיו"ב) - הויבט מען אן טענה'ן, היתכן, עס זיינען דאך דא מענטשן וואס מ'דארף זיי ארויסהעלפן בנוגע צו צרכים כפשוטם, איז ווי אזוי קען מען נעמען א טייל פון די כספי ציבור און אפגעבן אויף עניני מצוות, ובפרט אויף אן ענין פון בנין מקוה וכיו"ב, וואס דאס איז מערניט ווי פאר חהונה-געהאטע פרויען, און נאר אין דעם זמן איידער עס ווערט נפסק וכו' - איז היתכן נעמען אויף דערויף פון כספי ציבור?!

דארף מען וויסן אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צו די קינדער וואס וועלן געבארן ווערן, און ס'איז נוגע צו זייערע קינדער און קינדס-קינדער עד סוף כל הדורות - אז זיי זאלן געבארן ווערן אין אן אופן וואס איז מתאים צו "אתם קרויין אדם", ע"ש אדמה לעליון, זיי זאלן מלכתחלה געבארן ווערן מיט א טבע פון מדות טובות, ועאכו"כ אז דערנאך וועלן זיי באקומען א חינוך ע"פ תורה כדבעי.

ד.ה. אז די פעולה שבזה הויבט זיך אן מיט איין מענטשן, און מערניט ווי אין א זמן מסוים וכו' - דאס איז אבער אן ענין וואס באווירקט און שטעלט אויף דורי דורות עד סוף כל הדורות, אין אן אופן אז דער "לשבת יצרה"[155] זאל זיין אין אן אופן אז די וועלט זאל זיין ראוי צו זיין א דירה לו ית' בתחתונים, אנהויבנדיק פון דעם ענין פון "ושכנתי בתוכם"[156], בתוך כל אחד ואחת מישראל[157], אין יעדער אידישער הויז.

ביז וואנעט אז ס'איז ידוע דער פס"ד (וואס איז געבראכט אין אחרונים, און מיוסד אויף דברי הראשונים) אז מ'מעג (און מ'דארף) פארקויפן א בית הכנסת כדי צו בויען א מקוה (אויב ס'איז ניטא קיין אנדער וועג צו אויפבויען די מקוה, סיידן דורך פארקויפן דעם בית הכנסת) -

וויבאלד אז דורך דערויף וועט מען אויפשטעלן דורות טהורים בישראל - אידן און אידענעס (מענער און פרויען) וואס וועלן בויען בתי כנסיות און בתי מדרשות, און זיי

- וועלן -

------------

155) ישעי' מה, יח. 156) הרומה כה, ח. 157) ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב להחלתו. ועוד.

וועלן דאווגען און לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, אזוי אז מ'וועט ניט דארפן אנקומען צו דער השתדלות צו וועלכע מ'דארף אנקומען במקום מסוים און בזמן מסוים כדי צו פועל'ן די ענינים.

לג. ובנוגע לפועל:

אין די אלע ערטער וואס ביז איצטער זיינען דארטן ניט געווען (מאיזה סיבה שתהי') קיין פעולות בנוגע צו טהרת המשפחה ווי עס דארף צו זיין, זאל מען אנהויבן טאן די פעולות בזה ווי עס דארף צו זיין, און אין די ערטער וואס מ'האט שוין געטאן אין דערויף, זאל מען נאך מוסיף זיין אין די פעולות,

זעהן אז בכל מקום זאל זיין א מקוה כשרה ומהודרת, און עס זאלן זיין חבורות נשים וואס וועלן זיך מתעסק זיין אין הפצת הידיעות וועגן גודל הענין פון טהרת המשפחה, און ווי אזוי דאס ווערט א יסוד צו האבן גוטע קינדער, און אויך אז די עלטערן זאלן האבן חיי שלום וקירוב, חיים וואס זיינען מיוסד ע"פ התורה והמצוה.

וואס דאס איז דער ענין שהזמן גרמא, ובפרט לויט דעם וואס די גמרא[158] זאגט "אין בן דוד בא עד שיכלו כל נשמות שבגוף", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז עס דארף זיין דער ענין פון הולדת בנים ובנות,

אזוינע קינדער וואס וועלן מקרב זיין די גאולה, דורך לימוד התורה און קיום המצוות וכו', און וועלן גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, און די עלטערן וועלן קענען זאגן "ראו גידולים שגידלנו".

לד. און דורך דער החלטה בדבר, ווערט אויפגעטאן דער ענין וואס "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[159],

און רעמולט ווערט דער ענין פון "ונתתי שלום בארץ"[160] נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, און עס ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "והייתי לכם לאלקים ואתם תהיו לי לעם"[161], וויבאלד אז "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו"[162].

און נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, שטייט מען אין א מעמד ומצב פון "ואולך אתכם קוממיות", "בקומה זקופה"[163] - מ'ווערט ניט נתפעל פאר גוים, און מ'ווערט ניט

- נתפעל -

---

158) יבמות סב, סע"א. 159) קידושין מ, א. 160) בחוקותי כו, ו. 161) שם, יב. 162) שם, ג. 163) שם, יג ובפרש"י.

נתפעל פאר די גוי׳שקייט וואס מ׳האט בא זיך, מצד דערויף וואס מ׳האט נאך דעם "א-ל זר אשר בקרבך"[164], דער יצה"ר, וואס מ׳האט אים נאך ניט מבער געווען, ווארום מ׳האלט נאך ניט בא דער דרגא פון "ולבי חלל בקרבי"[165], "שאין לו יצה"ר כלל", ווי דער בעל הגאולה והשמחה איז מבאר אין פרק ראשון פון ספר התניא.

וכאמור, אז נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות ועט זיין דער "ואולך אתכם קוממיות", גיין בקרוב ממש מקבל זיין פני משיח צדקנו,

אן קיין אונטערשייד צווישן די זיידע׳ס און באבע׳ס, פאטער׳ס און מוטער׳ס, קינדער און אייניקלאך און אור-אייניקלאך,

ווארום מ׳וועט גיין אלע צוזאמען, אין אן אופן פון "ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם", אויף מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

לה. מ׳האט גערעדט כמ"פ אז "זאת התורה אדם"[166] - אלע ענינים וואס מ׳געפינט ביי א אידן, געפינט מען זיי אויך אין תורה, און דער עיקר איז אין א סדר הפוך - וויבאלד אז דער ענין איז דא אין תורה, קומט דאס אראפ בדרך ממילא בא אידן, אין אן אופן פון "נשתלשלו מהן"[167].

ביז וואנעט אז די גאנצע מציאות פון א אידן איז דער ענין פון "זאת התורה אדם", די תורה איז "חיינו ואורך ימינו", כולל אויך דעם ענין פון מעשה המצוות, וואס דאס איז די מסקנא פון דעם לימוד התורה - "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[168].

און ווי די גמרא[169] זאגט אז דער פארבונד פון אידן מיט תורה איז עד"מ ווי "דגים שבים", וואס זיי מוזן שטענדיק זיין במקום חיותם.

וואס א משל פון תורה איז דאך מדויק בכל הפרטים - איז דאך דא די דעה פון רשב"ג[170] אז "כל שהוא מבריית המים טהור" און איז ניט חוצץ, דערפאר וואס די מציאות פון די ברואים שבים איז - דער ענין פון מים, אע"פ אז ווען מ׳גיט א קוק

- זעט -

------------

164) ראה שבת קה, ב. 165) תהלים קט, כב. 166) ל׳ הכתוב - חקת יט, יד. וראה סה"מ תש"א ע׳ 99. ועוד.
167) ל׳ התניא רפ"ג. 168) קידושין מ, ב. 169) ע"ז ג, סע"ב. וראה גם ברכות סא, ב. 170) מקואות פ"ו מ"ז.

זעם מען אז נוסף אויף די מים איז דא די בריי וואס געפינט זיך במים.

[און אע"פ אז בנוגע להלכה איז דא א מחלוקת בדבר צי הלכה כמותו אדער ניט[171], ווי גערעדט אמאל בארוכה - איז דאך אבער "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[172], און ס'איז דא א סברא אז א דבר שבים אינו חוצץ, דערפאר וואס אפי' נאך דערויף וואס ער איז באשאפן געווארן אלס א דבר שבים, איז אבער זיין מציאות דער ענין פון מים].

און דערפון איז פארשטאנדיק אויך אין נמשל, אז ווען מ'זאגט אז דער פארבונד פון אידן מיט תורה, איז אזוי ווי "דגים שבים", איז דאס ניט נאר אין דעם פרט וואס דער דג איז חי דוקא ווען ער געפינט זיך במים, נאר נאכמער: זיין גאנצע מציאות אלס דג איז מערניט ווי די מים, ועד"ז איז אויך בנוגע צו אידן, אז זייער מציאות איז דער ענין פון תורה.

וכמבואר בארוכה דער ביאור בזה אין ספרי קבלה, ומבואר היטב אין תורת החסידות.

לו. דער פארבונד פון א אידן מיט תורה, איז אויך פארשטאנ-דיק פון דעם מארז"ל[173] אויפן פסוק[174] "כי אם בתורת ה' חפצו ובתורתו יהגה גו'", אז "בתחילה נקראת על שמו של הקב"ה ("תורת ה'") ולבסוף נקראת על שמו ("תורתו")".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי קען זיין אז דורך דעם ענין פון לימוד התורה (אז נוסף אויף דערויף וואס ער האט געלערנט למיגרס, האט ער אויך געלערנט לעיונא) זאל ער פועל'ן אן ענין של ירידה ח"ו אין תורה, אז קודם לימוד התורה שלו, איז דאס געווען "תורת ה'", "הלא כה דברי כאש"[175], און דורך דעם לימוד התורה ווערט דאס "תורתו", "נקראת על שמו", עס ווערט א תורה של בו"ד!

[ובפרט לויט דעם וואס דער רמב"ם איז מבאר בארוכה אין מו"נ[176], אז אין א השכלה אמיתית, ווערט דער שכל מיטן מושכל מיטן משכיל איין זאך (און ס'איז אויך מרומז אין דעם וואס דער רמב"ם איז מבאר אין הל' תשובה[177] אז "הוא היודע והוא הידוע והוא הדעה עצמה")].

מוז מען דאך זאגן אז ס'איז ניט קיין ענין של ירידה,

- נאר -

---

171) ראה בהנסמן בלקו"ש חגה"פ תשל"ח הע' 42.
172) עירובין יג, ב. 173) ע"ז יט, א. 174) תהלים א, ב.
175) ירמי' כג, כט. 176) ח"א פס"ח. 177) ספ"ה. הל' יסוה"ת פ"ב ה"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

נאר אדרבה: אזוי ווי אין דעם אדם הלומד איז דאס אן ענין של עלי׳, ער האט עולה געווען ממדריגתו הקודמת, פריער האט ער געלערנט למיגרס, און איצטער לערנט ער לעיונא, ביז צו דעם ענין וואס האט אים מעלה געווען - די תורה אליין, אז עס ווערט א עילוי אין תורה גופא.

לז. והביאור בזה:

ע"ד ווי די גמרא[178] זאגט אז א איד ווערט א "שותף להקב"ה במעשה בראשית", עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו דעם וואס די תורה ווערט "תורתו" פון א אידן, אז ער ווערט א שותף להקב"ה בנוגע צו דעם ענין פון תורה,

וואס דער ענין פון שותפות איז, אז יעדערער גיט א חלק פון דער זאך, און דער אנדער שותף באקומט דאס פון איס, ועד"ז בנדו"ד, אז עס קומט צו א הוספה כביכול אין דעם ענין פון לימוד התורה, אז בהוספה אויף דערויף וואס פריער איז דאס געווען נאר "תורת ה׳", ווערט דאס אויך "תורתו", וע"ד מארז"ל[179] "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים".

וואס דאס איז ניט קיין ענין וואס שטייט נאר אין פנימיות התורה, רזי תורה, נאר דאס שטייט אויך אין נגלה דתורה:

עס איז ידוע דער מארז"ל[180] אויפן פסוק[181] "וידבר אלקים את כל הדברים האלה לאמר", אז אין די עשה"ד וואס דער אויבערשטער האט געזאגט בא מעמד הר סיני, איז כלול כל התורה כולה, אויך מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס׳איז דא דער ענין אין תורה וואס דער תלמיד ותיק האט מחדש געווען, דאס איז א תידוש שלו, און ערשט נאך דערויף וואס ער האט דאס מתדש געווען, דערוויסט מען זיך אז דאס איז אויך נאמר למשה בסיני - וואס ווי דער ביאור בזה זאל נאר זיין, שטייט אבער אין נגלה דתורה אז ס׳איז דא אן ענין וואס דער תלמיד ותיק האט מחדש געווען אין תורה.

ביז וואנעט אז די גמרא[182] דערציילט "קא מיפלגי במתיבתא דרקיעא . . הקב"ה אומר טהור וכולהו מתיבתא דרקיעא אמרי טמא, ואמרי מאן נוכח, נוכח רבה בר נחמני דאמר רבה בר נחמני אני יחיד בנגעים כו׳", ד.ה. אז ער איז דער וואס איז

- מכדיע -

------------

178) שבת קיט, ריש ע"ב. 179) ברכות לג, ב. 180) ראה שמו"ר דפמ"ז. ירושלמי שקלים פ"ו ה"א. וראה גם בהנסמן בלקו"ש ח"ד ע׳ 1088 הע׳ 11. 181) יתרו כ, א. 182) ב"מ פו, א.

מכריע אין דער פלוגתא וואס איז דא אין מתיבתא דרקיעא.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[184], אז דער בירור פון א פס"ד להלכה ווערט אויפגעטאן דא למטה, ד.ה. אז פריער איז דער ענין געשטאנען בספק און בהעלם, און דוקא א נשמה בגוף קען מברר זיין דעם ספק, אראפנעמען דעם העלם והסתר און מגלה זיין דעם פס"ד.

און אויף דערויף שטייט[185] "חברים מקשיבים לקולך השמיעני", און ווי ס'שטייט אין מדרש[186] אז דער אויבערשטער זאגט צום ב"ד של מעלה "אני ואתם נלך אצל ב"ד של מטה" און מ'וועט הערן דעם פס"ד וואס דער ב"ד של מטה האט אפגעפסק'נט.

לח. נאכמער: די גמרא[187] זאגט אז בנוגע צו כמה ענינים איז "קוב"ה כו' קא חייך ואמר נצחוני בני נצחוני",

און אין דערויף איז דער דיוק אז דער אויבערשטער "קא חייך", ער שמייכלט מצד דעם ענין פון שעשוע ותענוג, וואס דאס באווייזט אויף א העכערן מעמד ומצב לגבי דעם מעמד ומצב איידער ס'איז געווען דער "קא חייך".

ווארום א משל אין תורה איז מדויק בכל הפרטים - איז אזוי ווי דאס איז בפשטות, אז ווען ס'קומט צו אן ענין וואס האט גע'פועל'ט אז דער מענטש זאל מחייך זיין, באווייזט דאס אז ביי אים איז צוגעקומען אן ענין של שעשועים ותענוג וועלכן ער האט פריער ניט געהאט,

און "שמועה טובה תדשן עצם"[188] - דורך דערויף קומט ביי אים צו אן עילוי לגבי מעמדו ומצבו ווי ס'איז געווען פריער, ביז צו אזא עילוי וואס ווערט דערקענט בפועל אין דעם נברא[189],

עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם וואס "קוב"ה קא חייך ואמר נצחוני בני נצחוני" - אז דאס באווייזט אויף אן ענין של שעשועים ותענוג וואס עס קומט צו (כביכול) אין דעם אויבערשטן.

וכמרז"ל[190] "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני", ד.ה. אז עס ווערט אן עילוי און עלי' אין דעם אויבערשטן (כביכול) לגבי ווי ס'איז געווען פריער.

ביז ווי די גמרא[191] זאגט אויפן פסוק "ועתה יגדל נא

- כח -

---

183) שם (קמד, ב ואילך). 184) שה"ש ח, יג. וראה שהש"ר עה"פ. 185) דב"ר פ"ב, יד. 186) שם נט, ב. 187) משלי טו, ל. 188) ראה גיטין נו, ב. 189) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 190) ברכות לב, א. 191) שלח יד, כא.

כח אד׳", אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "החייתני" (וכידוע די גאנצע אריכות הביאור בזה פון ר׳ נסים גאון).

ועד"ז און מעין זה איז אויך ידוע תורת הבעש"ט[192] אויפן פסוק[193] "ואתה קדוש יושב תהלות ישראל", אז מצ"ע איז דער אויבערשטער קדוש ומובדל, און ווי אזוי ווערט ער "יושב" על כסא מלכותו, בדוגמת האדם היושב על הכסא, וואס דורך דערויף ווערט ראשו נמשך למטה יותר - ווערט דאס אויפגעטאן דורך "תהלות ישראל", דורך דערויף וואס אידן זיינען משבח ומהלל להקב"ה, וואס דאס פועל׳ט אז דער אויבערשטער זאל זיין אין אן אופן פון "יושב"[194],

ביז אין אן אופן אז ער ווערט א מלך על כל העולם כולו (דורך דעם ענין פון "תמליכוני עליכם"[195]), ביז אז דאס קומט אראפ אין די ג׳ שעות וואס דער אויבערשטער איז "יושב וזן את כל העולם כולו מקרני ראמים עד ביצי כינים" (נאך די ג׳ שעות ראשונות אין וועלכע ער איז "יושב ועוסק בתורה")[196], אז אפי׳ די בריאה הכי קטנה (בכמות און באיכות) באקומט דורך דערויף איר היות באופן גדול ורחב ועמוק יותר.

לט. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דאס וואס דורך לימוד התורה ווערט די תורה אנגערופן "תורתו" - אז דאס איז גאר אן עילוי אין דעם ענין פון תורה:

פריער איז די תורה מערניט ווי "תורת ה׳", אין דעם אופן ווי זי איז געגעבן געווארן מסיני, און דערנאך דורך דערויף וואס א איד לערנט תורה, ניט נאר אין אן אופן פון למיגרס, נאר אויך לעיונא, ווערט ער "כמעין המתגבר"[197], ביז אין אן אופן אז ער ווערט א שותף להקב"ה אין דעם ענין פון תורה, עס ווערט אויך "תורתו", מצד די ענינים וואס ער איז מוסיף אין דער תורה (כביכול).

מ. דער ענין קומט אויך בהמשך להמדובר לעיל וועגן דעם ענין פון שלום:

עס שטייט אין מדרש[198] (און דאס ווערט אראפגעבראכט אין די דרושי חתונה (ווי ס׳איז שוין אפגעדרוקט[199], און איצטער

- איבערגעדרוקט -

------------

192) הובאה ונתבאר בלקו"ש ח"ז ע׳ 135 ואילך.
193) תהלים כב, ד. 194) ראה לקו"ת קדושים כס, ג.
195) ר"ה טז, סע"א. לד, ב. 196) ע"ז ג, ב. 197) אבות פ"ב מ"ט. 198) שהש"ר פ"ז, א. 199) ד"ה וכל בניך תרפ"ט פ"ב (סה"מ קונטרסים ח"א יז, א).

איבערגעדרוקט נאכאמאל)) אז אידן ווערן אנגערופן "השולמית", דערפאר וואס "עשתה שלום ביני ובין עולמי", וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דער עבודה פון אידן אין לימוד התורה וקיום המצוות.

וואס בשעת מ'טוט אלע ענינים לויט ווי דער אויבערשטער האט אנגעוויזן בתורתו - וואס אויף תורה שטייט דאך[200] אז "אסתכל באורייתא וברא עלמא", ווען עס דארף זיך אויפטאן אין וועלט עפעס א זאך, דארף מען פריער קוקן וואס זאגט תורה וועגן דעם, וואס מ'דארף טאן און ווי אזוי מ'דארף טאן, און ערשט דערנאך טוט מען דאס בפועל -

ווערט דעמולט אן עולם על מילואו, אין אן אופן פון "שלום ביני ובין עולמי", און דעמולט איז דאס א שלום אמיתי און עס האט א קיום, ווארום דאס איז פארבונדן און איז געטאן געווארן ע"פ התורה, וואס "כל נתיבותי' שלום".

מא. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

מב. ס'איז דאך רגיל צו מאכן בי"ט כסלו א סיום, צוזאמען מיט חלוקת הש"ס (לאחרי דעם סיום פון חלוקת הש"ס וואס איז געווען בי"ט כסלו העבר).

וואס בכלל זיינען דאך דא ששים מסכתות, "ששים המה מלכות"[201], ובפרטיות יותר זיינען דא ששים ושלשה מסכתות - ווען מ'רעכנט יעדערן פון די ג' בבות אלס א מסכה בפ"ע (וכמנהג בנ"י אז מ'מאכט א באזונדער סיום אויף מסכה ב"ק, מסכת ב"מ און מסכת ב"ב), ועד"ז שבת און עירובין אלס מסכתות בפ"ע[202].

עאכו"כ ע"פ המבואר אין אחרונים[203] אז מ'קען מאכן א סיום אפי' אויף די מסכתות קטנות (ועאכו"כ אויף די ששים מסכתות - אפי' אויף די מסכתות וואס האבן ניט קיין גמרא) - זיינען דאך דא מערער פון ששים מסכתות.

איז בשעת מ'וויל אויסקלייבן אויף וועלכע מסכת מ'זאל מאכן א סיום, וואס "כולם אהובים כולם בדורים", מיט אלע תוארים וועלכע מ'זאגט אויף תורה (אויף יעדער מסכת בפ"ע) - זוכט מען בכל שנה ושנה אן ענין מיוחד.

און וויבאלד אז בשנה זו האט זיך גערעדט וועגן אן

- ענין -

------------

200) זח"ב קסא, ריש ע"ב. 201) שה"ש ו, ח. שהש"ר פ"ו, ט [ב]. 202) ראה פי' מהרז"ו לשהש"ר שם. 203) ראה יסודי ישורון ח"ו ס"ע מב ואילך.

ענין וואס איז פארבונדן מיט נישואי איש ואשה, און אן ענין וואס איז פארבונדן מיט "יובל", און אן ענין וואס איז פאר-בונדן מיט דער גאולה העתידה, און אן ענין וואס איז פאר-בונדן מיט גודל מעלת התורה, וואס המשמח את החתן "זוכה לתורה שניתנה בחמשה קולות"[204] - וועט מען מאכן א סיום אויף מסכת קידושין, וויבאלד אז אין דער מסכת זיינען דא בגלוי די אלע ענינים (כדלקמן).

מג. אין תחלת מסכת קידושין, רעדט זיך וועגן דעם ענין פון קידושין "בכסף בשטר ובביאה", און גלייך אין דער משנה שלאח"ז[205] (ועד"ז בכ"מ אין דער מסכת) ווערט דערמאנט דער ענין פון "יובל",

ביז צום סיום המסכת וואס דארטן רעדט זיך וועגן דער גדלות פון תורה - "משמרתו מכל רע בנערותו ונותנת לו אחרית ותקוה בזקנותו", אז אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל נאר זיין, סיי "בנערותו" און סיי "בזקנותו" (וואס אין צווישן גייט דאך דורך א יובל שנים - פון "בן חמש עשרה לגמרא", עאכו"כ פון "בן עשר שנים למשנה"[206], ביז צו "שבעים שנה ואם בגבורות שמונים שנה"[207], "והיו ימיו מאה ועשרים שנה"), אויך "בזקנותו", וועט ער זעט אן "עולם חדש"[208] לגבי ווי ס'איז געווען "בנערותו" - איז די תורה "נותנת לו אחרית ותקוה".

מד. ובפרט אז מסכת קידושין איז דער סיום פון גאנץ סדר נשים - ווי דער רמב"ם שטעלט זיך אויף דערויף בהקדמתו לפיהמ"ש שלו[209], אז לכאו' האט מסכת קידושין געדארפט זיין מיט עטליכע מסכתות לפנ"ז, און אעפ"כ האט דאס רבינו הקדוש ארייגעשטעלט אין דעם סיום פון גאנץ סדר נשים.

וואס דער כללות הענין פון "נשים" למטה, נעמט זיך פון די ערשטע נשים וואס זיינען געווען ביי אידן, וואס אזוי ווי מ'זאגט "אין קורין אבות אלא לשלשה", איז עד"ז אויך בנוגע צו די ארבע אמהות, וואס דערפאר ווערט יעדער אידישע טאכטער אנגערופן "בת שרה רבקה רחל ולאה".

און דאס אלץ ווערט נשתלשל דערפון ווי דאס שטייט למעלה - דער ענין פון כנסת ישראל, און אין ספירות - דער ענין פון ספירת המלכות.

און דער כללות הענין פון מסכת קידושין, וואס זי איז דער סיום פון סדר נשים, איז מתאים צום ענין פון נישואי

- הקב"ה -

------------

204) ברכות ו, ב. 205) יד, ריש ע"ב. 206) אבות פ"ה מכ"ב. 207) תהלים צ, י. 208) ראה ב"ר פ"ל, ח. 209) ד"ה והחלק הששי.

הקב"ה מיט כנסת ישראל, וואס אין שיר השירים ווערן זיי פארגליכן צו איש ואשה.

און אין דערויף איז דא דער ענין פון "כאשה שהלך בעלה למדינת הים", וואס דערפאר איז כנס"י "כאלמנה" (ווי מ'זאגט אין דער מגילה הירועה[210]) און ניט "אלמנה" ח"ו[211], מיט אלע ענינים אין וועלכע אידן ווערן פארגליכן צו אן אשה לגבי הקב"ה,

און דערנאך איז דא דער ענין וואס אידן זיינען בנים און עברים, וואס אן עבד איז אויך יוצא בשש, ועכ"פ ביובל - ווי ס'איז מבואר אין תחלת מסכת קידושין.

און דערנאך קומט מען צום סיום פון מסכת קידושין, וואס דארטן רעדט זיך וועגן מקיים זיין את כל התורה כולה, סיי "בנערותו" און סיי "בזקנותו", ווארום מ'האט געזעהן אז "קיים אברהם אבינו את כל התורה כולה"[212], וואס אברהם איז דאך געווען דער ערשטער איד, "אחד הי' אברהם ויירש (זרעו) את הארץ"[213], וואס דאס גייט אויף יעדער אידן און אויף אלע אידן.

און דורך דעם ענין פון "ואברהם זקן בא בימים", אז מ'האט אלע "ימים שלמים", קומט מען צום ענין פון "עוד ינובון בשיבה דשנים ורעננים יהיו"[214] ווי עס וועט זיין ווען עס וועט קומען די גאולה העתידה לבוא,

[נאך דערויף וואס מ'איז דורכגעגאנגען די אלע ענינים פון סדר נשים (ביז צו מסכת קידושין) - דער ענין פון יבמות, כתובות, נדרים נזיר, גיטין סוטה, מיט אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט מסכת גיטין, אז דער אויבערשטער פרעגט "אי זה ספר כריתות אמכם גו'"[215], ועד"ז דער ענין פון יבמות, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "כאלמנה" וכו'],

וואס דעמולט וועט זיין דער קיום כל התורה כולה, כולל אויך די מצוות התלויות בארץ, און די מצוות וואס זיינען תלויות אין "כל יושבי' עלי'", וואס דעמולט וועט זיין דער ענין פון "יובל"[216],

וואס אויף דערויף שטייט[217] "ואם יהי' היובל", אז עס וועט זיין א זמן וואס דער יובל וועט נפסק ווערן, און דערנאך וועט זיך דאס צוריק אומקערן, אין אן אופן אז עס

- וועט -

---

210) איכה א, א. 211) איכ"ר פ"א, ג. פרש"י עה"פ. 212) קידושין בסופה. 213) יחזקאל לג, כד. 214) תהלים צב, טו. 215) ישעי' נ, א. 216) ערכין לב, ב. 217) מסעי לו, ד. ובפרש"י.

וועט זיין אן ענין נצחי לעד ולעולמי עולמים, דורך דער גאולה האמיתית, וואס זי איז א גאולה חדשה, "שיר חדש", א גאולה שאין אחרי' גלות[218].

און דאס איז דער כללות הענין וואס עס רעדט זיך אין דער לעצטער משנה פון מסכת קידושין (און אין דער ברייתא און גמרא וואס איז אויף דער משנה) - די מעלות פון תורה ומצוותי'.

מה. וועגן דעם סיום פון מסכת קידושין, האט מען שוין גערעדט בארוכה אין דעם "הדרן" אויף דער מסכת וואס מ'האט געמאכט לפנ"ז - עס זיינען נאך אבער דא כמה בבות אין דער משנה און ברייתא וועגן וועלכע מ'האט נאך ניט גערעדט, וואס דארטן זיינען דא כמה דברים תמוהים ונפלאים.

אין דער משנה שטייט: "רבי שמעון בן אלעזר אומר ראית מימיך חי' ועוף שיש להם אומנות, והן מתפרנסין שלא בצער, והלא לא נבראו אלא לשמשני, ואני נבראתי לשמש אה קוני, אינו דין שאתפרנס שלא בצער, אלא שהרעותי מעשי וקפחתי את פרנסתי".

אויף דער בבא פון דער משנה, ברענגט אראפ די גמרא א ברייתא: "תניא ר"ש בן אלעזר אומר מימי לא ראיתי צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני, והם מתפרנסים שלא בצער, והם לא נבראו אלא לשמשני, ואני נבראתי לשמש את קוני . . אינו דין שאתפרנס שלא בצער, אלא שהרעותי את מעשי וקפחתי את פרנסתי שנאמר[219] עונותיכם הטו".

וואס אע"פ אז דער לשון (ובמילא אויך דער תוכן) הברייתא איז אנדערש פון לשון המשנה - איז מען אבער ניט מחוייב צו זאגן אז עס זיינען צוויי גירסאות, נאר דער מאמר האט רשב"א געזאגט צוויי מאל; איין מאל ווי דאס שטייט אין משנה, און א צווייטן מאל ווי דאס שטייט אין דער ברייתא.

און דער כללות החילוק צווישן די משנה מיט דער ברייתא איז - ווי דער רמב"ם[220] איז מבאר אז די משנה איז געשריבן געווארן בלשון קצרה, און אין ברייתא (ועאכו"כ אין גמרא) קומט דאס ארויס בביאור יותר.

ועפ"ז וועט מען זיך שטעלן אויף דער ברייתא:

וויבאלד אז די ברייתא ברענגט אין משל דריי ענינים, "צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני", איז פארשטאנדיק, אז דאס

- זיינען -

------------

218) ראה תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב. 219) ירמי' ה, כה. 220) בהקדמתו לפיהמ"ש ד"ה אחר כן.

זיינען דריי באזונדערע ענינים (וואָרום אויב ניט, וואָלט מען געבראַכט נאָר איין דוגמא), און אַז מ'וואָלט געבראַכט נאָר איין דוגמא, וואָלט מען ניט געוואוסט די אַנדערע צוויי ענינים – דאַרף מען פאַרשטיין: וואָס זיינען די דריי ענינים פון "צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני".

און וויבאַלד אַז דאָס איז אַ משל אויף דעם ענין פון עבודת האדם, וואָס "אני נבראתי לשמש את קוני" – דאַרף מען פאַרשטיין: וואָס זיינען די דריי ענינים (קייץ, סבל און חנוני) אין עבודת האדם.

מו. והביאור בזה (עכ"פ נקודת הדבר, ובל"נ וועט מען דאָס משלים זיין במוצאי שבת הבא, וואָס קומט בהמשך צו יום שלישי זה, וויבאַלד אַז "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת"[221]):

ענינם פון אַלע נבראים (חוץ פון אַ אידן) איז – "לא נבראו אלא לשמשני", זיי דאַרפן צוגרייטן די ענינים פון וועלט אין אַן אופן אַז זיי זאָלן זיין ראוי אַז דערנאָך זאָל קומען אַ איד און קענען טאָן (אין אַן אופן פון מנוחה) זיין עבודה פון "אני נבראתי לשמש את קוני", דורך דעם ענין פון "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו".

ד.ה. אַז אַלע נבראים האָבן ניט קיין תכלית בפ"ע, זיי זיינען באַשאַפן געוואָרן "לשמשני", כדי אַז אַ איד זאָל קענען טאָן זיין עבודה פון "לשמש קוני".

דער ענין פון "לשמש את קוני", דורך לימוד התורה און קיום המצוות, איז שייך מערניט ווי צו אידן.

וואָרום אע"פ אַז בני נח זיינען מקיים זייערע שבע מצוות, און זיי לערנען תורה ("מצוות דידהו"[222]), ביז ווי די גמרא[223] זאָגט אַז "עכו"ם ועוסק בתורה הרי הוא ככהן גדול",

אעפ"כ, וויבאַלד מ'זאָגט אַז די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן "בשביל התורה שנקראת ראשית ובשביל ישראל שנקראו ראשית"[224], איז פאַרשטאַנדיק, אַז דער <u>עיקר</u> הענין פון לימוד התורה, און דער <u>עיקר</u> הענין פון קיום המצוות, איז שייך מערניט ווי צו אידן.

און ווי דאָס איז בפשטות הדברים – אַז בשעת מ"ת איז געוועזן דער ענין פון "אתה בחרתנו מכל העמים", און "בחר בנו מכל העמים ונתן <u>לנו</u> את תורתו" – צו אידן דוקא.

ביז ווי דער רמב"ם[225] פסק'נט אפ, אַז דאָס וואָס בני נח

- דאַרפן -

---

221) ע"ז ג, א. 222) סנהדרין נט, רע"א. 223) שם. 224) פרש"י ר"פ בראשית. 225) הל' מלכים ספ"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

דארפן מקיים זיין די שבע מצוות, איז דאס ניט דערפאר וואס אזוי האט מען אנגעזאגט צו נח׳ן, נאר דערפאר וואס "צוה בהן הקב"ה בתורה והודיענו על ידי משה רבינו שבני נח מקודם נצטוו בהן", ביז אז אידן האבן א ציווי "לכוף את כל באי העולם לקבל מצוות שנצטוו בני נח", וואס דערפאר דארפן זיי מקיים זיין די שבע מצוות ב"נ און לערנען אין תורה "מצוות דידהו".

מז. דער ביאור בזה:

כמדובר כמ"פ[226] אז דער ענין פון די שבע מצוות ב"נ איז, כדי אז ס׳זאל זיין דער ענין פון ישוב העולם, "לשבת יצרה", וואס דעמולט ווערט די וועלט אין אן אופן אז אידן קענען ממלא זיין זייער תפקיד - דאס וואס "אני נבראתי לשמש את קוני".

און ווי דער רמב"ם בהקדמתו לפיהמ"ש[227] איז מבאר דעם מארז"ל[228] "כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם", אז בכדי דער "חכם" זאל האבן מנוחת הנפש ער זאל זיך קענען עוסק זיין בחכמתו, ער זאל קענען לערנען כדבעי, און האבן אלע זיינע ענינים כדבעי - דארף ער האבן ארום זיך א גאנצע וועלט וואס זאל מספק זיין זיינע צרכים, כולל אויך דעם ענין אז ער זאל ניט זיין קיין בודד, ווי דער רמב"ם איז דאס מבאר בארוכה.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז בכדי אידן זאלן קענען ממלא זיין זייער תפקיד, "אני נבראתי לשמש את קוני", דארף מען האבן אז אוה"ע זאלן מקיים זיין זייערע שבע מצוות און לערנען "מצוות דידהו", כדי אז ס׳זאל זיין דער ישוב העולם אין אן אופן פון "לשבת יצרה".

וואס דאס איז אויך מתאים דערמיט וואס דער רמב"ם זאגט אין הל׳ תשובה[229], ובארוכה אין סיום וחותם ספרו, אין הל׳ מלכים[230], אז "לא נתאוו החכמים והנביאים לימות המשיח . . אלא כדי שיהיו פנויין בתורה וחכמתה", וואדום אין ימות המשיח וועט ניט זיין "לא רעה ולא מלחמה ולא קנאה ותחרות", און דערפאר "יהיו ישראל חכמים גדולים . . וישיגו דעת בוראם כפי כח האדם", ביז אין אן אופן פון "כי מלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים"[231].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אוה"ע זיינען באשאפן

- געווארן -

------------

226) לקו"ש ח"ה ע׳ 158 ואילך. ע׳ 404 ואילך. 227) ד"ה כי הקדמונים חקרו. 228) סנהדרין לז, סע"א במשנה. 229) פ"ט ה"ב. 230) פי"ב ה"ד-ה. 231) ישעי׳ יא, ט.

געווארן אויף צו צוגרייטן די וועלט אז אידן זאלן קענען טאן זייער עבודה,

ביז אז ס'זאל זיין "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[232], און זיי וועלן ברענגען אידן "בכרכרות"[233], ביז וואנעט אז "והחזיקו בכנף איש יהודי גו'"[234], אז בא יעדער אידן וועלן זיין "ב' אלפים וח' מאות עבדים" פון אוה"ע[235], מיט אלע יעודים וואס וועלן זיין אין זמן הגאולה, בקרוב ממש.

מח. און אויף דערויף זאגט רשב"א, אז כללות העבודה פון אוה"ע, וואס "לא נבראו אלא לשמשני", באשטייט אין די דריי ענינים פון "צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני" – וואס דערפון ווי דאס איז אין משל, אין די חיות וואס געפינען זיך אין עוה"ז התחתון, פארשטייט מען ווי דאס איז אין נמשל [וואו אוה"ע זיינען געגליכן געווארן צו די חיות, ע"ד ווי דער רמב"ם[236] איז מבאר בנוגע צום פסוק[237] "וגר זאב עם כבש גו'", אז דאס איז א משל אויף אוה"ע].

והביאור בזה:

דער אויפטו וואס אידן טוען אויף אין וועלט איז, אז פון עניני הרשות מאכן זיי איבער אז ס'זאל ווערן אן ענין של מצוה, א דבר שבקדושה, תשמישי מצוה, ביז צו א מצוה בפועל,

ועד"ז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט לימוד התורה – דורך דערויף וואס די תורה ווערט אנגעשריבן בדיו על הקלף, וואס דאס איז כולל כל התורה כולה, ווארום "ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא"[238],

[ובפרט לויט די דעות אין פוסקים[239] אז בזמן הזה קומט אראפ די מצוה פון כתיבת ס"ת דורך דערויף וואס עס זיינען דא די ספרים הנדפסים, וואס אין זיי זיינען דא דברי תורה סיי פון תושב"כ און סיי פון תושבע"פ,

און לדעת כמה אחרונים (עכ"פ באופן של קס"ד) קומט גאר צו בדורותנו אלה – אז מ'דארף שרייבן בכתב דוקא ענינים פון תושבע"פ (וואס אויף דערויף דארף מען דעם נייר, מיט אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דפוס), ווארום דוקא דורך דערויף ווערט נתפשט דער ענין פון לימוד התורה, ובמילא ווייסט מען אויך דעם לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא],

- וואס -

---

232) שם מט, כג. 233) שם סו, כ. 234) זכרי' ח, כג. 235) פרש"י עה"פ. שבת לב, ב ובפרש"י שם ד"ה בכנף. 236) שם רפי"ב. 237) ישעי' יא, ו. 238) ראה טושו"ע יו"ד סו"ס ער. 239) ראה דו"פ שם (בדעת הרא"ש). ט"ז וש"ך שם.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דורך דערויף מאכט מען פון דער גאנצער וועלט א דירה לו ית' בתחתונים.

וואס דעם עניין (נעמען א דבר הרשות און מאכן דערפון אן עניין של מצוה, אדער אפי' מערניט ווי תשמישי מצוה, א דבר שבקדושה) קענען אויפטאן דוקא אידן,

וכמבואר בכ"מ[240] אז ביי אידן גופא האט זיך דאס אויפגע-טאן בא מ"ת, משא"כ פאר מ"ת, וואס דעמולט האט מען ניט געקענט מאכן פון א דבר הרשות אן עניין שבקדושה, דער איינציקער דבר גשמי של קדושה איז געווען דער עניין פון מצות מילה, וואס דערפאר ווען עס האט געדארפט זיין אן עניין של שבועה בנקיטת חפץ, האט געדארפט זיין דער "שים נא ידך תחת ירכי"[241],

ווארום קודם מ"ת איז געווען די גזירה אז "עליונים לא ירדו למטה ותחתונים לא יעלו למעלה"[242], מ'קען ניט מאכן פון תחתונים אן עניין של קדושה;

און בשעת מ"ת איז בטל געווארן די גזירה, און עס האט זיך אויפגעטאן דער עניין אז אידן קענען מאכן פון תחתונים - עליונים, מצותו של הקב"ה, ביז וואנעט אז דאס ווערט אן עניין וואס טוט אויף דעם "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני".

משא"כ אוה"ע, וואס זיי קענען ניט איבערמאכן אן עניין פון וועלט, נעמען א דבר הרשות און מאכן דערפון א דבר שבקדושה; זיי קענען נאר צוגרייטן די ענינים פון וועלט אין אן אופן אז דערנאך זאל קענען קומען א איד און מאכן דערפון אן עניין של קדושה.

מט. און די עבודה פון צוגרייטן די ענינים פון וועלט, אז זיי זאלן זיין אין אן אופן אז א איד זאל קענען מאכן דערפון א דבר שבקדושה - איז מרומז אין די דריי ענינים פון "צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני":

דער עניין פון "(צבי) קייץ" איז, אז ער נעמט די תאנה פון דעם בוים, און לייגט איר אוועק במקום מגולה לשמש, כדי אז די זאל זיך אויסטריקענען[243], און מער טוט ער גארניט.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער "צבי קייץ" גרייט נאר צו די תאנה, כדי אז דערנאך זאל קענען קומען א

- איד -

------------

240) ראה לקו"ש יתרו תשל"ז הע' 16. וש"נ. 241) חיי שרה כד, ב. שבועות לח, ב. וראה גם לקו"ש ח"א ע' 41. ח"ג ע' 760. ועוד. 242) שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו. 243) פרש"י ד"ה צבי קייץ - קידושין פב, ב.

איד און מאכן דערפון א סעודת מצוה, א מאכל אויף שבת ויו"ט, וואס דאס איז אן ענין של מצוה.

ועד"ז "ארי סבל":

לכאו׳ האס אן ארי, דער "מלך שבחיות"[244], כמה ענינים עיקריים (ניט דוקא דער ענין פון "סבל") - דער ענין פון אן ארי איז "ארי׳ כבקר יאכל תבן"[245], און אן ארי איז א טורף, ער עסט בקר וכו׳ - איז פארוואס זאגט מען "לא ראיתי ארי סבל" דוקא?

איז דער ביאור בזה:

ענינו פון אן ארי איז, ניט צו מאכן פון א מציאות העדר המציאות (דורך דערויף וואס ער איז אים טורף), און ענינו איז ניט צו מאכן פון א מציאות א העכערע מציאות - דורך דערויף וואס "כבקר יאכל תבן", וואס דעמולט ווערט פון דעם "תבן" (סוג הצומח) - אן ענין פון "חי", ביז אן ענין פון "מלך שבחיות",

[במבואר אין ספר העיקרים[246] ובכ"מ, אז די שלימות פון יעדער ענין איז, עולה זיין און נכלל ווערן אין א העכערע דרגא - די שלימות פון דומם און צומח איז, צו נכלל ווערן אין סוג החי, דורך דערויף וואס דער "חי" עסט זיי, און זיי ווערן דם ובשר כבשרו, וואס דער דם ובשר פון א "חי" איז העכער פון סוג הדומם און צומח],

דער ענין פון מעלה זיין דעם דומם און צומח איז ניט עיקר ענינו פון דעם ארי, דאס איז מערניט ווי א דרך דורך וועלכן ער זאל קענען ממלא זיין תפקידו העיקרי, וואס דאס איז דער ענין פון "סבל", וויבאלד אז ענינו איז "(לא נבראו אלא) לשמשני", און דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון "סבל":

א "סבל" איז ניט משנה דעם עצם הדבר, און ער איז ניט משנה די בעלות הדבר (עס בלייבט ביים זעלבן בעה"ב אזוי ווי פריער) - ענינו איז נאר אריבערטראגן די זאך פון איין ארט צום צווייטן,

ווארום אזוי ווי ס׳איז א דבר כבד (א שווערע זאך), דארף מען אנקומען צו גבורת הארי אויף צו קענען אריבערטראגן דאס אין א צווייטן ארט, וואס דער "ארי" איז א גבור און א

- בעל -

---

244) חגיגה יג, ב. 245) ישעי׳ יא, ז. 246) מ"ג פ"א. וראה גם קונטרס ומעין מ"א פ"ג. תו"ש ע׳ 243.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

בעל עזות ביותר, במילא קען ער אריבערטראגן פון איין ארט צום צווייטן אפי׳ א שווערע זאך.

[אע"פ אז בפשטות איז אן ארי יע משנה די זאך - איז ער אבער ניט באשאפן געווארן צוליב דערויף; ער איז באשאפן געווארן אויף צו זיין א "סבל", און אויף דערויף זאגט מען אז "לא ראיתי . . ארי סבל" בפועל ובגלוי].

ועד"ז "שועל חנוני":

דער ענין פון א "חנוני" איז, אז ער איז ניט משנה דעם עצם הדבר - ער נעמט די זאך פון איינעם, און פארקויפט דאס צום צווייטן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די אלע דריי ענינים "צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני", באווייזן אויף דעם אופן העבודה פון אוה"ע, וואס זיי זיינען ניט משנה דעם עצם הדבר (מאכן פון א דבר הרשות אן ענין של קדושה), נאר זיי גרייטן צו די זאך כדי אז דערנאך זאל קענען קומען א איד און מאכן דערפון א דבר שבקדושה (כדלקמן).

ג. די דריי אופני עבודה, "צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני", זיינען איין אופן פון מן הקל אל הכבד, "מחיל אל חיל":

אין דעם ענין פון "צבי קייץ" איז ניטא קיין שווערי-קייט, ווארום נעמען א תאנה פון דעם ארט וואו זי איז אראפ-געפאלן פון בוים, און ברענגען איר צו א מקום מגולה לשמש, איז דאס מערניט ווי א טרחא קלה.

ועד"ז דאס וואס דער "צבי" היט די תאנה וואס ער האט אוועקגעלייגט בשמש, אז זי זאל בלייבן גאנצערהייד - ווי מפרשים[247] זיינען מבאר די שייכות פון "קייץ" צו א "צבי" דוקא, אז אזוי ווי א צבי איז "בשעה שהוא ישן עינו אחת פתוחה"[248] [וואס דערפאר איז "דומה דודי לצבי"[249], וויבאלד דער אויבערשטער איז "מביט להם בעינו אחת"[250]], דארף מען אנקומען צום "צבי" ער זאל היטן די תאנה,

איז אין דערויף אויך ניטא קיין שוועריקייט, ווארום דאס וואס "בשעה שהוא ישן עינו אחת פתוחה", ובמילא קען ער היטן אויף דער תאנה, איז ביים צבי אן ענין טבעי.

דערנאך קומט די עבודה פון "ארי סבל", וואס דאס איז

- פארבונדן -

------------

247) עיין יעקב לעין יעקב סוף כס׳ קידושין. ועוד.
248) שהש"ר פ"ח, יב. הובא בחוד"ה והרי צבי - חולין נט, ב.
249) שה"ש ב, ט. 250) שהש"ר שם. וראה גם תוס׳ שם.

פארבונדן מיט א טרחא גדולה יותר, ווארום מ'דארף אריבער-טראגן א שווערן משא פון איין ארט צום צווייטן.

און דערנאך קומט די עבודה פון "שועל חנוני", וואס דארטן קומט צו נאך אן ענין - אז ניט נאר וואס ער איז משנה דעם מקום פון דער זאך, נאר ער איז אויך משנה די בעלות פון דער זאך, וואס דאס איז דאך דער ענין פון א "חנוני", אז ער נעמט די זאך פון איינעם און פארקויפט דאס צום צווייטן, וואס אויף דערויף דארף מען האבן תכמה יתירה וכו'.

בא. און כדי אז א איד זאל קענען נעמען אן ענין פון וועלט, און מאכן דערפון א דבר שבקדושה, ביז א מצוה ממש, אדער אן ענין של תורה (וואס "תלמוד תורה כנגד כולם"[251]) - דארף ער האבן די צוגרייטונג פון אלע דריי ענינים "צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני".

דער ביאור אין די דריי ענינים ווי דאס איז אין עבודת האדם:

ווען ס'איז דא א זאך וואס געפינט זיך ערגעץ-וואו באהאלטן אין מקום החושך (וואס "הכסיל בחושך הולך"[252]), דארף מען אנקומען צו "צבי קייץ", אז אוה"ע זאלן דאס צונעמען פון מקום החושך, און אוועקלייגן דאס אין אן ארט וואס אהינצו קומט אן דער "שמש" - "שמש ומגן ה' אלקים"[253], דער ענין פון "נר מצוה ותורה אור" , וואס דארטן איז ליכטיק, דורך דעם ענין פון "הלא כה דברי כאש", דער ענין פון "תורה אור".

וואס דער ענין (נעמען די זאך און אוועקלייגן אין מקום השמש, כדי אז אידן זאלן קענען מאכן דערפון אן ענין של קדושה) טוען אויף אוה"ע, וויבאלד אז ענינם איז, אויפ-טאן דעם ענין פון "ישוב העולם":

אזוי איז דער עולם ניט קיין מקום ישוב של אדם, דארטן איז דא "נחש שרף ועקרב וצמאון אשר אין מים"[254], און דער "אדם", "אתם קרויין אדם", איז "לא ישב אדם שם"[255],

און ענינם פון אוה"ע איז - אויפטאן אז ס'זאל זיין דער ענין פון "ישוב העולם", אז ס'זאל קענען זיין דער "ישב אדם שם", כדי אז אידן זאלן קענען טאן עבודתם אין וועלט, נעמען אן ענין פון וועלט און מאכן דערפון א דבר שבקדושה.

- וואס -

---

251) פאה רפ"א. 252) קהלת ב, יד. 253) תהלים פד, יב. וראה לקו"ש ח"ז ע' 155. וש"נ. 254) עקב ח, טו. 255) ירמי' ב, ו.

וואס דאס איז ע"ד הענין פון "עמון ומואב טיהרו בסיחון"[256]:

אירער סיחון האט איינגענומען די ארץ פון עמון ומואב, האבן אידן ניט געקענט אנקומען אהינצו, ווארום ס'איז געווען אן איסור כובש זיין עמון ומואב, און וויבאלד אז אידן האבן ניט געקענט אנקומען אהינצו, האט ניט געקענט אנקומען אהינצו דער כללות הענין פון תומ"צ (ווארום תומ"צ גייען צוזאמען מיט אידן);

און דער אויפטו פון סיחון איז געווען, אז ער האט צוגעגרייט די ארץ אז אידן זאלן קענען אנקומען אהינצו (דורך דעריף וואס ער האט דאס כובש געווען), ד.ה. אז ער האט ניט משנה געווען די ארץ אליין, ער האט נאר צוגעגרייט די ארץ אז אידן זאלן קענען קומען אהינצו, און טאן דארטן עבודתם אין תומ"צ.

וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "צבי קייץ" - ער נעמט די תאנה און ברענגט איר למקום השמש, אין אן ארט וואו א איד קען צוקומען, און טאן דארטן זיין עבודה אין תומ"צ.

נב. און דער סדר העבודה בזה איז אין אן אופן פון "מעט מעט אגרשנו"[257], מן הקל אל הכבד:

עס זיינען דא ענינים וואס משנה זיין זייער מקום (און ברענגען זיי אין אן ארט וואו א איד קען צוקומען) איז א דבר קל, וואס אויף דעריף איז גענוג די עבודה פון "צבי קייץ";

דערנאך זיינען דא ענינים וואס משנה זיין זייער מקום, כדי אז א איד זאל צו זיי קענען צוקומען, איז א דבר קשה יותר - וואס אויף דעריף דארף מען אנקומען צו "ארי סבל", ווארום דער ארי, דער "מלך שבחיות", איז א גיבור, און ער קען זיין דער "(ארי) סבל", אריבערטראגן דעם משא כבד ביותר אין אן ארט וואו א איד וועט קענען צוקומען.

און דערנאך זיינען דא ענינים וואס כדי אז א איד זאל קענען צו זיי צוקומען, איז ניט גענוג דאס וואס מ'איז משנה זייער מקום, נאר מ'דארף אויך משנה זיין די בעלות הדבר - וואס דאס איז דער ענין פון "שועל חנוני" (כדלקמן).

נג. דער ביאור בזה אין אותיות פון קבלה און חסידות:

- א זאך -

------------

256) חולין ס, ב. וראה ג"כ פרש"י עה"פ חקת כא, כו.
257) ל' הכתוב - משפטים כג, ל.

א זאך וואס געפינט זיך אין גקה"ט לגמרי, "רוח סערה גו׳ ענן וחושך ואש מתלקחת"[258], קען א איד ניט מברר זיין; זיין עבודה אין דערויף איז ניט אין אן אופן של בירור, נאר אין אן אופן של דחי׳.

וועו עס מאכט זיך אן ענין של נסיון, א דבר היוצא מן הכלל (אן ענין פון פקו"נ וכיו"ב), דעמולט קען ער האבן צו-טאן מיט אן ענין פון גקה"ט, אבער ע"ד הרגיל איז דאס אן ענין מיט וועלכן א איד קען ניט האבן צוטאן.

ווארום ע"פ תורה טאר א איד ניט זאגן "אחטא ואשוב", ביז וואנעט אז "האומר אחטא ואשוב אחטא ואשוב אין מספיקין בידו לעשות תשובה"[259].

וואס בנוגע צו דעם וואס "אין מספיקין בידו לעשות תשובה", האט ער די עצה פון "דחק ונתחזק כו׳" וואס דעמולט איז "מקבלין תשובתו", ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין אגה"ת[260] - אבער ע"פ תורה טאר ער ניט זאגן "אחטא ואשוב", אפי׳ ווען ער טוט דאס כדי צו דערגרייכן צו דער דרגא פון בעל תשובה (אפי׳ ווען ער איז בטוח אז ביי אים וועט זיין דער ענין פון "דחק ונתחזק"), ווארום ווען ער טוט די עבירה, איז ער עובר אויפן רצון העליון רח"ל.

און אין דערויף איז נאך דא א חידוש גדול יותר:

בנוגע צום "מקושש עצים" שטייט[261] אז "לשם שמים נתכוין". פרעגט מען אויף דערויף: וואס הייסט "לשם שמים נתכוין", דערווייל איז ער דאך עובר אויפן רצון העליון?

און מ׳פארענטפערט[262]: דער דין[263] איז אז א מלאכה שאינה צריכה לגופה איז קיין מלאכה ניט, איז וויבאלד ער האט בא זיך געוואוסט אז "לשם שמים נתכוין", ער דארף ניט האבן די עצים וכו׳, די איינציקע סיבה פארוואס ער האט דאס געטאן איז, כדי אז עס זאל נתגלה ווערן א פרשה בתורה (מיט אלע פירושים וואס זיינען דא אין "לשם שמים נתכוין"), קומט אוים אז במחשבתו האט ער ניט עובר געווען אויפן רצון העליון, וויבאלד אז ביי אים איז דאס געווען א מלאכה שאינה צריכה לגופה.

בנוגע צום ב"ד, איז דא דער כלל[264] אז "אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות", וואס דערפאר ווען עס זיינען

- געקומען -

---

258) יחזקאל א, ד. תניא ספ"ו. 259) יומא פה, ב במשנה. 260) פי"א (ק, ב). וראה גם תניא פכ"ה (לא, ב). 261) תודה"ה אפילו - ב"ב קיט, ב. 262) חדא"ג מהרש"א לב"ב שם, א. 263) שבת עג, ב. 264) סנהדרין ו, סע"ב. וש"נ.

געקומען די עדים צו משה רבינו און האבן דערציילט אז ער איז געווען "מקושש עצים", און משה רבינו האט געמאכט אין רעדויף די גאנצע חקירה ודרישה, אין אן אופן פון "ודרשת וחקרת ושאלת היטב"[265], האט ער קיין ברירה ניט געהאט, און האט אים געמוזט געבן דעם עונש,

ווארום אע"פ אז ס'שטייט אין תושבע"פ אז "לשם שמים נתכוין", האט דאך משה רבינו געוואוסט אז "לשם שמים נתכוין" (ווארום גאנץ תושבע"פ איז געגעבן געווארן למשה בסיני), אעפ"כ, ווען עס קומט צו פסק'נען א דין, איז דער דין אז "אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות", מוז מען אים געבן דעם עונש וועלכן אים קומט ע"פ תורה.

וכידוע די תשובה פון דעם נודע ביהודה[266], אז אפי' אויב ער האט תשובה געטאן, ביז אין אן אופן פון תשובה שלימה, וואס "זדונות נעשו לו כזכיות"[267] - האט דאס אבער קיין שייכות ניט צום פסק פון ב"ד, ווארום "אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות", און ווי ער איז מבאר דארטן אז דער ענין (אז עס מוז זיין לויט "מה שעיניו רואות", און ניט קוקן אויף די ראי' שבלב וכו') איז נוגע צו קיום כל התורה.

וואס דאס רעדט זיך אין א פאל וואו ער האט געוואוסט אז דאס איז א מלאכה שאינה צריכה לגופה (וויבאלד אז "לשם שמים נתכוין"), און ער האט ניט עובר געווען אויפן רצון העליון;

ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "אחטא ואשוב" - אן ענין של חטא ממש, ס'איז מערניט וואס לאחר זמן וועט ער דערפון מאכן "(זדונות נעשו לו) כזכיות", אדער "זכיות" ממש.

און אין דערויף גופא (ווען מ'רעדט וועגן א זאך וואס געפינט זיך אין גקה"ט) זיינען דא צוויי אופנים:

די זאך אליין איז א דבר הרשות (ניט קיין ענין פון גקה"ט), נאר עס געפינט זיך במקום רחוק, אדער אין א מקום וואס איז פארבונדן מיט גקה"ט, א שוק של ע"ז אדער א בית של זנות וכיו"ב, וואס אע"פ אז די זאך אליין איז א דבר המותר, קען אבער א איד ניט צוקומען צו דער זאך, וויבאלד אז דאס געפינט זיך אין דעם שוק של ע"ז אדער בית של זנות, וואס דארטן טאר א איד ניט דורכגיין (ווי די צוויי דעות בזה אין גמרא[268]).

- וואס -

---

265) ראה יג, טו. וראה פרש"י עה"פ. סנהדרין מ, א.
266) או"ח מהדו"ק סל"ה. 267) יומא פו, ב. 268) ע"ז יא, ב. שם יז, סע"א ואילך. וראה גם טושו"ע יו"ד ר"ס קמט. אה"ע ר"ס כא.

וואס אויף דערויף דארף מען אנקומען צו "ארי סבל", ער זאל ארויסנעמען די זאך פון דעם ארט פון גקה"ט, און ברענגען דאס אין אן ארט וואוהין א איד קען צוקומען, וואס דעמולט וועט ער קענען דערפון מאכן א דבר שבקדושה.

דערנאך איז דא אן אנדער אופן:

ניט נאר אז מ'דארף אריבערטראגן די זאך אין אן ארט וואו א איד קען צוקומען, נאר נאכמער: עס דארף ווערן א שינוי אין בעלות הדבר (דערפאר וואס די זאך אליין איז פאר-בונדן מיט גקה"ט, און א איד קען ניט האבן צוטאן מיט אן ענין וואס איז פארבונדן מיט גקה"ט (אינו ברור)).

וואס דאס איז דער ענין פון "עמון ומואב טיהרו בסיחון" ווי דאס איז בפשטות - אז פריער איז דאס געווען די ארץ פון עמון ומואב, וואס דעמולט האט א איד ניט געקענט מברר זיין די בירורים וועלכע געפינען זיך דארטן, און דורך דערויף וואס "עמון ומואב טיהרו בסיחון", האט זיך אויפגעטאן אז א איד זאל קענען צוקומען צו די בירורים וועלכע געפינען זיך דארטן, דורך דערויף וואס אידן האבן דאס כובש געווען, און האבן געבויט דארטן "גדרות צאן למקננו" און "ערים לטפינו"[269], מיט אלע פרטים וואס ווערן אויסגערעכנט אין דער פרשה (קטע זה אינו ברור).

נד. און דער כללות הענין איז, אז אלע ענינים פון תומ"צ דארפן געטאן ווערן דורך עניני הרשות דוקא, וואס פון די עניני הרשות מאכט א איד אן ענין של קדושה, און אן ענין פון תומ"צ,

[ביז וואנעט אז אפי' אין ענינים של הקדש, איז דא דער תנאי אז דאס מוז גענומען ווערן פון חולין[270], און דערנאך מאכט א איד דערפון אן ענין של הקדש],

וואס אין דערויף באשטייט די עבודה פון א אידן, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני", נעמען אן ענין פון וועלט, און מאכן דערפון א דבר שבקדושה.

דאס קומט אבער נאך דערויף וואס ס'איז דא די הכנה וואס מ'גרייט צו די ענינים פון וועלט, אזוי אז דערנאך זאל קענען א איד מאכן דערפון א דבר שבקדושה, וואס די הכנה ווערט אויפגעטאן דורך אוה"ע - וואס דאס זיינען די דריי ענינים פון "צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני".

- נה. -

---

269) מטות לב, טז. וראה פרש"י עה"פ שם, ג. 270) מנחות פב, א. ועוד.

נה. אלס א הקדמה כללית צום גאנצן ענין פון תומ"צ, איז דא דער ענין פון ירידת הנשמה בגוף, וואס דעמולט ווערט דער שידוך צווישן די נשמה מיטן גוף - ווי ס'שטייט בכמה מדרשים[271] אז נשמה וגוף זיינען בדוגמת איש ואשה.

און וויבאלד אז "התורה כללות ופרטות נאמרה"[272], איז דאס פארבונדן מיט די אירוסין ונישואין פון הקב"ה מיט כנסת ישראל (דער איבערשטער מיט אידן) - וואס דאס האט זיך אויפ-געטאן אין דעם זמן פון מ"ת, "ביום חתונתו זה מ"ת"[273], דורך דעם ענין פון לימוד התורה, און אויך דער ענין פון מעשה המצוות, וויבאלד אז "תלמוד מביא לידי מעשה".

און דאס ווערט אויפגעטאן דורך דער עבודה אין אלע דריי קוים, וואס דאס איז דער ענין פון "בכסף בשטר ובביאה":

"כסף" איז פארבונדן מיט דער עבודה פון אברהם אבינו, וואס ענינו איז געווען דער ענין פון חסד און צדקה, ווי ס'שטייט[274] "אברהם אוהבי", און דאס איז מרומז אין דעם ענין פון "כסף", ווי ס'שטייט[275] "נכסוף נכספת לבית אביך"[276].

"שטר" איז פארבונדן מיט זמן מ"ת[277], וואס דעמולט איז געגעבן געווארן דער שטר אירוסין און נישואין צווישן דעם איבערשטן מיט אידן, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם אופן העבודה פון יצחק, ווארום שבועות איז פארבונדן מיט יצחק, וויבאלד אז דער "שופר" פון מ"ת איז גענומען געווארן פון אילו של יצחק[278], וואס דער איל איז געווען במקום יצחק[279].

און "ביאה" איז פארבונדן מיט יעקב, ווארום בא יעקב שטייט[280] "ויבן לו בית ולמקנהו עשה סוכות", און "ביאה" דארף זיין אין א "בית" דוקא - וואס דאס איז פארבונדן מיט שמע"צ, און די הכנה צו שמע"צ איז דער ענין פון סוכות, וואס סוכות איז פארבונדן מיט יעקב אבינו[281].

וואס דאס זיינען די דריי אופני עבודה פון אברהם יצחק ויעקב - וואס וויבאלד אז "אין קורין אבות אלא לשלשה", איז פארשטאנדיק אז בא יעדער אידן דארף זיין דער אופן העבודה פון איינעם פון די אבות, פון אברהם, פון יצחק אדער פון יעקב, און דורך דערויף ווערט א איד נקנה להקב"ה.

- נו. -

---

271) ראה זח"א קכב, א ואילך. בחיי עה"פ בראשית ג, כא.
272) תו"כ ופרש"י ר"פ בהר. 273) תענית כו, ב במשנה.
274) ישעי' מא, ח. 275) ויצא לא, ל. 276) אוה"ת שבועות ע' קצט. שם ע' רד. 277) ביאוה"ז להצ"צ חיי שרה ע' צב. וראה גם אוה"ת שם. 278) פרדר"א פל"א. 279) ראה פרש"י עה"פ וירא כב, יג. 280) וישלח לג, יז. 281) ביאוה"ז שם.

נג. עפ"ז וועט מען פארשטיין א דבר פלא:

עס שטייט אין ירושלמי[282] אז מ'דארף האבן א לימוד מיוחד אויף צו וויסן אז דאס וואס ס'שטייט אין משנה אז "האשה נקנית בשלשה דרכים בכסף בשטר ובביאה", מיינט מען ניט אלע דריי זאכן צוזאמען, נאר איינער פון זיי איז אויך גענוג.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וואס דארף מען האבן אויף דערויף א לימוד מיוחד, מ'זעט דאך פון די פסוקים פון וועלכע מ'לערנט אפ די זאכן, אז מ'מיינט יעדערן באזונדער:

דעם קנין פון "כסף" לערנט מען אפ פון "קיחה קיחה משדה עפרון"[283], וואס דארטן איז די שדה געווארן אברהם'ס נאר דורך כסף; דער ענין פון ביאה איז דארטן ניט שייך, און דער ענין פון שטר ווערט אינגאנצן ניט דערמאנט, עס שטייט נאר אז דורך דערויף וואס אברהם האט געגעבן "ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר"[284], איז דאס געווארן זיינע.

ועד"ז בנוגע צו דעם קנין פון "שטר", וואס אים לערנט מען אפ מיט א היקש פון "ויצאה והיתה"[285] - איז דאך ביי א גט דא מערניט ווי דער ענין פון שטר; דער ענין פון "כסף" איז דארטן ניטא, ועאכו"כ אז ס'איז ניטא דער ענין פון ביאה, ווארום דאס איז גאר דער היפך הענין פון א גט - איז דאך דער היקש מדגיש אז דער קנין איז דורך דעם ענין פון שטר אליין.

ועד"ז בנוגע צו דעם קנין פון "ביאה", וואס מ'לערנט אפ[286] דערפון וואס ס'שטייט[287] "כי יקח איש אשה ובעלה", שטייט דארטן מערניט ווי דער ענין פון ביאה אליין - און אעפ"כ שטייט אין ירושלמי אז מ'דארף האבן א לימוד מיוחד אויף צו וויסן אז ס'איז גענוג איינער פון די דריי קנינים, ווארום לולא דעם לימוד וואלט געווען א קס"ד אז מ'דארף האבן אלע דריי קנינים.

וואס דער קס"ד אז מ'דארף האבן אלע דריי קנינים - איז פארשטאנדיק אין פנימיות הענינים:

ווען מ'רעדט וועגן דעם ענין הנישואין צווישן דעם אויבערשטן מיט כנס"י, איז ווען זיינען די נישואין בשלימותם - דוקא ווען א איד איז מקיים אלע מצוות וועלכע קומען לידו, וואס כדי צו מקיים זיין אלע מצוות, דארף ער האבן סיי די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "כסף", סיי די ענינים

- וואס -

---

282) ריש מס' קידושין. 283) קידושין ב, א. 284) חיי שרה כג, טז. 285) קידושין ה, א. 286) שם ד, ב. 287) תצא כד, א.

וואס זיינען פארבונדן מיט "שטר", און סיי די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "ביאה" - כמבואר בכ"מ דער תילוק צווישן כסף שטר און ביאה ווי דאס איז אין עבודת ה׳.

און בשעת אז ס׳זיינען דא אלע דריי ענינים - דעמולט איז די התאחדות והתקשרות פון אידן מיטן בורא המצווה, בתכלית השלימות.

נז. און דאס איז דער כללות הענין וואס די מסכת ווערט אנגערופן בשם "קידושין", אע"פ אז דארטן רעדט זיך וועגן כו"כ ענינים, ביז צום סיום וחותם פון דער מסכת, וואס דארטן רעדט זיך וועגן גודל הענין פון לימוד התורה - ווארום ע"פ האמור לעיל איז פארשטאנדיק אז דער גאנצער ענין פון תומ"צ איז דער ענין פון "טבעת קידושין" (ווי ס׳שטייט אמאל אין מדרש[288]) אדער דער ענין פון "קידושין",

ובפשטות - ווי די משנה זאגט "ביום חתונתו זה מ"ת", וואס דעמולט איז געגעבן געווארן דער שטר אירוסין ונישואין צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן, דער ענין פון "מקדש עמו ישראל ע"י חופה וקידושין", כמבואר אין מפרשי פירוש המלות פון די ברכות, אז דאס האט זיך אויפגעטאן "ביום חתונתו זה מ"ת".

און דער ענין פון מ"ת ווערט דערנאך נמשך בכל יום ויום, וואס דערפאר זאגט מען בכל יום "נותן התורה" לשון הוה[289], און ווי גערעדט פריער בארוכה ווי דער ענין פון לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון "בכל יום יהיו בעיניך חדשים"[290], און בשעת א איד איז "קורא ושונה", ווערט באנייט פון-דאס-ניי די אירוסין ונישואין שלו עם הקב"ה, ווארום "הקב"ה קורא ושונה כנגדו"[291].

נח. און דאס ווערט די הכנה קרובה אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין ללמוד תורתו של משיח, ווי עס שטייט אין קה"ר[292] ובכ"מ[293], און אויך צו מקיים זיין די מצוות אין אן אופן פון "כמצות רצונך", כמבואר בארוכה אין המשך וככה פון רבי׳ן מהר"ש[294] אז דאס איז דער תכלית השלימות אין קיום המצוות.

און ווי דער פס"ד פון רמב"ם (וואס מ׳האט דערמאנט פריער) אז בימות המשיח, וואס דעמולט וועט ניט זיין "לא

- רעב -

------------

288) ראה ב"ר פ"י, ט. 289) לקו"ת תזריע כג, א. 290) פרש"י עה"פ תבוא כו, טז. 291) תדא"ר רפי"ח. יל"ש איכה רמז תתרלד. 292) פ"ב, א. 293) שם פי"א, ת. 294) תרל"ז פי"ז ואילך.

רעב ולא מלחמה ולא קנאה ותחרות", ובמילא וועט מען קענען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות כדבעי, ביז וואנעט אז נבראים וועלן משיג זיין דעת בוראם בתכלית השלימות.

וכן תהי' לנו - ע"י מעשינו ועבודהנו במשך זמן הגלות, ובפרט אין דעם "מן המיצר" פון דעם חושך כפול ומכופל פון עקבתא דמשיחא - אז בקרוב ממש וועט זיין דער "ענני במרחב י-ה"[295], וואס דאס שטייט דאך אויפן שופר[296] -

אז פון דעם שופר פון קרן שמאלי שבאילו של יצחק, וועט מען קומען בקרוב ממש צו "תקע בשופר גדול לחרותנו" - דער שופר פון קרן ימיני שבאילו של יצחק (ווי עס שטייט אין פרדר"א[297] ובכ"מ), וואס דעמולט וועט מען זאגן ליצחק "אתה אבינו",

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

נס. מ'האט דערמאנט פריער (סמ"ב) וועגן דעם ענין פון חלוקת הש"ס - וועט מען מסתמא פאנאנדערטיילן די קארטלעך אויף חלוקת הש"ס, כנהוג בכל שנה ושנה.

און יעדערער זאל זיך משתתף זיין אין חלוקה הש"ס, דורך דערויף וואס ער וועט נעמען א מסכת ע"מ צו לערנען איר במשך השנה, און מסיים זיין נים שפעטער ווי י"ט כסלו פון שנה הבאה עלינו ועל כל ישראל לטובה.

און לערנען מתוך שמחה וטוב לבב, מתוך הרווחה ומתוך הרחבה - בדוגמא ווי דער לימוד התורה וועט זיין לע"ל (וואס איצטער דארף זיין דער "טועמי' חיים זכו"[298]), ווי דערמאנט פריער ראס וואס דער רמב"ם זאגט אין דעם סיום וחותם פון הל' מלכים (וואס דאס איז אויך דער סיום וחותם פון גאנץ "משנה תורה" און "יד החזקה"), אז "יהיו פנויין בתורה וחכמתה", אז מ'וועט קענען לערנען תורה מתוך מנוחת הנפש און מנוחה הגוף.

וכמדובר כמ"פ[299] וועגן דעם ענין פון חלוקת הש"ס, אז אע"פ אז יעדערער איז מסיים מערנים ווי איין מסכת (אדער צוויי מסכתות - וויפל ער נעמט אויף זיך), האט ער אבער א שייכות און א חלק אין דעם לימוד פון כל הש"ס כולו, דערפאר וואס דער לימוד פון כל הש"ס כולו איז ע"ד ווי א מלאכה שאי

- אפשר -

---

295) תהלים קיח, ה. 296) ראה רד"ה מן המיצר תרצ"ה (סה"מ קונטרסים ח"ב שכב, א). ובכ"מ. 297) שם. 298) ראה לקו"ש וישלח-י"ט כסלו תשל"ז ס"ב. וש"נ. 299) ראה לקו"ש ח"י ע' 267.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

אפשר לעשותה ע"י אחד, דאס מוז געטאן ווערן ע"י שנים און נאכמער דערפון.

ס. ויה"ר אז די החלטה בזה זאל שוין אראפברענגען די ברכת ה' אין אלע ענינים הנצרכים והנזקקים - אז מ'זאל קענען לערנען תורה מתוך הרחבה און מתוך מנוחת הנפש ומנוחת הגוף, און דער לימוד זאל זיין אין אן אופן וואס איז מביא לידי מעשה - קיום המצוות בהידור.

און דורך דעם וואס עס וועט זיין דער "בחוקותי תלכו", ווי רש"י ברענגט אראפ פון ספרא[300] "שתהיו עמלים בתורה", און דער לימוד וועט זיין מביא לידי מעשה - "ואת מצותי השמרו ועשיתם אותם", סיי דער ענין פון מ"ע - "ועשיתם אותם", און סיי דער ענין פון מל"ת - "ואת מצותי השמרו", וואס "כל מקום שנאמר השמר פן ואל אינו אלא בלא תעשה"[301] -

וועט דאס ברענגען אז נאך אין זמן הגלות וועט זיין "ונתתי שלום בארץ" לכל בני ובנות ישראל בכל מושבותם, וואס וואו א איד זאל זיך נאר געפינען, ווערט דאס אן ענין פון א"י, ווארום דער רמב"ם[302] פסק'נט אז יעדער איד וויל מקיים זיין דעם רצון הבורא (ניט קוקנדיק אויף מעמדו ומצבו בגלוי) - און דאס איז דער ענין פון א"י, כמרז"ל[303] "למה נקרא שמה ארץ שרצתה לעשות רצון קונה",

עאכו"כ אין א"י כפשוטה, וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[304] ואדרבה, דער עיקר איז גאר עוה"ז, וואס ער איז כנגד עולם הפשט, כמבואר אין כתבי האריז"ל[305] - אז ס'וועט זיין דער ענין פון "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד", ביז צו "ואולך אתכם קוממיות", נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, וואס דעמולט וועט מען נאכמער מוסיף זיין אין "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם".

און דאס וועט נאכמער צוהיילן דעם קיום היעוד פון "ועץ השדה יתן פריו"[306], אז אפי' אילני סרק וועלן געבן פירות[307] - דורך דעריף וואס אפי' אזא איד וואס ער איז אינו עושה פירות (פאר קיין אידן געדאכט), דערפאר וואס "יצרו אנסו"[308], וועט ער נאך אין די לעצטע טעג פון גלות אויך געבן

- פירות -

---

300) ר"פ בחוקותי. 301) עירובין צו, א. וש"נ. 302) הל' גירושין ספ"ב. 303) ב"ר פ"ה, ח. 304) שבת סג, א. וש"נ. 305) ע"ח (הובא בנו"מ בתחלתו. נה"ש בהקדמת רחובות הנהר). כ"ה בס' חיוב הנשמות פ"א מ"ב. נתבאר בלקו"ד כרך ד תשעא, א. 306) בחוקותי כו, ד. 307) הו"כ ופרש"י עה"פ. ועוד. 308) ראה רמב"ם שם.

פירות, וואס דאס וועט אראפברענגען דעם קיום היעוד אז אילני סרק כפשוטם וועלן געבן פירות, ווי די גמרא זאגט בסוף מסכת כתובות, ועד"ז אין מדרז"ל בכ"מ.

און ווי ס'שטייט אין מדרש[309] אז דער גאנצער ענין פון "אילני סרק" (וואס גיבן ניט קיין פירות) איז געווארן מצד דעם חטא עץ הדעת, ווארום קודם החטא האט יעדער עץ געגעבן פירות, אין אן אופן אז דער עץ אליין איז געווען כפריו, ווי ס'שטייט אין מדרשים[310] -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען עס וועט זיין דער ענין פון "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[311], וועט דאך בטל ווערן די סיבה וואס האט געבראכט צום ענין פון "אילני סרק", ובמילא וועט אויך בטל ווערן דער מסובב, דער ענין פון "אילני סרק", נאר יעדער עץ וועט געבן פירות, אין אן אופן אז עצו כפריו, מיט דער גאנצער שלימות וואס כ'איז דא אין דעם עץ און אין דעם פרי.

וכן תהי' לנו בקרוב ממש, בביאת כלכא משיחא - וואס מ'וועט צוהיילן זיין קומען דורך דעם ליכוד הש"ס, ע"י חלוקת הש"ס לכאו"א (וואס דורך דערויף האט יעדערער א חלק אין דעם זכות פון לימוד כל הש"ס כולו), וכהוך שמחה וטוב לבב.

צוה לנגן האפ קאזאק.

* * *

סא. דער ענין פון חלוקת הש"ס איז פארבונדן מיט "מבצע תורה" כפשוטו וכתוכנו, וויבאלד אז דורך דערויף איז דא דער לימוד פון כל הש"ס כולו.

און וויבאלד אז דער לימוד איז מביא לידי מעשה, דער ענין פון קיום המצוות - איז כאן הזמן והמקום מעורר זיין און מזרז זיין (וואס "אין מזרזין אלא למזורזין"[312]) אויף אן ענין שהזמן גרמא - דער ענין פון חנוכה, און די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט חנוכה,

וואס אע"פ אז אויף תורה זאגט מען אז "כל חפציך לא ישוו בה"[313] "אפילו חפצי שמים", און תורה איז דוחה אלע ענינים (ווי ער זאגט אין ירושלמי[314], און אויך אין מו"ק[315] - כידוע די צוויי סוגיות שבזה) -

- זאגט -

------------

309) ב"ר פ"ה, ט. פרש"י עה"פ בראשית א, יא. 310) ראה תו"כ שם. 311) זכרי' יג, ב. 312) במדב"ר פ"ז, ו. 313) משלי ג, טו. 314) פאה פ"א ה"א (ג, ב). 315) ט, ב.

זאגט אבער דער אלטער רבי אין הל' ת"ת[316] (מיוסד אויף דעם וואס ס'שטייט אין ירושלמי[317] ובכ"מ), אז אויב ס'איז א מצוה שהזמ"ג, א מצוה עוברת, איז דאס דוחה דעם ענין פון לימוד התורה.

און ווי ס'שטייט אין ירושלמי בתחלתו[318], אז אפי' רשב"י, וואס "תורתו אומנתו"[319], האט ער מפסיק געווען "לעשות סוכה ולעשות לולב", און ווי געדעדט אמאל בארוכה[320] אז ס'שטייט ניט אז ער האט מפסיק געווען אויף ישיבת סוכה און נטילת לולב (דער קיום המצוה עצמה), נאר ער האט אפי' מפסיק געווען "לעשות סוכה ולעשות לולב",

אז מ'זאל צוגרייטן די אלע ענינים הדרושים לזה, אזוי אז מ'זאל קענען דורכפירן דעם "מבצע חנוכה" בתכלית השלימות, בכל מקום שיד איש מגעת.

עאכו"כ בנוגע צו די וואס געפינען זיך ת"ו אין בית הרופאים אדער אין בית האסורים - אויף לנחמם מיגונם, דורך דעם וואס מ'איז זיי מסביר אז אע"פ אז איצטער געפינען זיי זיך אין בית האסורים, איז דאס מערנ'ס אויף א שעה קלה, ובקרוב ממש וועט בא זיי זיין דער שחרור גמור פון דארטן, אין אן אופן של מנוחה ושמחה וטוב לבב,

און דאס וועט זיין די הכנה צום שחרור גמור פון אידן מבי גלותא, פון דעם גרויסן בית האסורים פון גלות,

און נאך אין זמן הגלות גופא - וועט זיין דער שחרור פון די אידן וועלכע געפינען זיך אין די מדינות וואס זיינען "מאחורי מסך הברזל" (ווי עס ווערט אנגערופן), וואס דאס איז בדוגמא פון א גרויסן בית האסורים, און דאס איז ע"ד בללות ענין הגלות.

ועד"ז זאל זיין דער "מבצע חנוכה" במיוחד בנוגע צו די אידן וואס שטייען אין אן אופן אז זיי זיינען מגין אויף אידן בבל מקום שהם, עאכו"כ אויף אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, ארץ ישראל לגבולותי', אין אלע גבולות, "ימה וקדמה וצפונה ונגבה" בשלימותם, ובקרוב ממש - אויך אין אן אופן פון "ירחיב ה' אלקיך"[321], עאכו"כ נאך בזמננו זה - אין ארץ ישראל לגבולותי'.

סב. און וויבאלד אז "מצוה גוררת מצוה"[322], איז "מבצע חנוכה" - פארבונדן -

------------

316) פ"ד ה"ג. 317) שם. 318) ברכות פ"א ה"ב.
319) שבת יא, א. ועוד. 320) ראה גם קונטרס כוצאי ש"פ בראשית תשל"ח הע' 10. ועוד. 321) שופטים כ, ח. וראה ספרי ופרש"י עה"פ. 322) אבות פ"ד מ"ב.

פארבונדן אויך מיט אלע אנדערע מבצעים (און בשעת מ'טוט (און מ'בעט טאן נאכמער) אין אלע מבצעים, קומט אויך ארויס א תועלת בנוגע צו "מבצע חנוכה"):

אנהויבנדיק פון "מבצע חינוך", און "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש ויו"ט", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה",

און אויך דער "מבצע" שהזמן גרמא - די הכנות און דער דורכפירן בפועל פון אלע ענינים פון "מבצע חנוכה".

און אלס הקדמה לזה - ממשיך זיין און משלים זיין די התוועדות פון י"ט כסלו אין דער התוועדות פון שבת הבא לאח"ז, וואס דעמולט קומט צו אן עלי' אין די ענינים פון י"ט כסלו, אין אן אופן פון "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", וואס בשנה זו איז דאס אויך שבת מברכים החודש,

און דערנאך - אין דער התוועדות וואס איז פארבונדן מיט ימי חנוכה, נר חמישי דחנוכה און "זאת חנוכה", און בינתיים - אויך די התוועדות וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ראשי חדשיכם".

סג. ויה"ר אז די אלע מבצעים זאלן אפגעטאן ווערן בתכלית השלימות, ומתוך שמחה וטוב לבב,

און די אלע התוועדות'ן זאלן אויך זיין בתכלית השלימות - וואס די שלימות פון א התוועדות איז, אז נאך דערויף איז ניכר א שינוי עיקרי אין אלע משתתפים, לגבי ווי זיי זיינען געווען קודם ההתוועדות.

וכמדובר כמ"פ אז בשעת מ'וויל בותן זיין בנוגע צו א קאנוועשאן (אדער אין "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" - וואס ער איז דער עיקר - א כינוס), צי ס'איז אין אן אופן הראוי לשמו, אדער ח"ו ניט אזוי - איז די איינציקע בחינה בזה, דער "המעשה הוא העיקר", אז לאחרי האסיפה ווערט א שינוי (ניט נאר אין א מחשבה טובה, א דיבור טוב און החלטות טובות, נאר) אין "המעשה הוא העיקר", לגבי ווי דאס איז געווען קודם האסיפה,

וואס אע"פ אז דער אויבערשטער גיט שכר אויך פאר א מחשבה טובה און א דיבור טוב, און דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער ענין וואס "הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו וכו'"[323] - קומט דאס אבער ניט צו דעם "המעשה הוא העיקר".

- וכן -

------------

323) רמב"ם הל' תשובה פ"ג ה"ד.

וכן ההי' לנו בנוגע צו יעדער התוועדות, אנהויבנדיק פון דער איצטיקער התוועדות, און די התוועדויות האמורות וואס וועלן זיין לאח"ז, כולל אויך די שמחות ביי אידן, כן תרבנה -

אז דערפון זאל ארויסקומען א שינוי אין מעשה בפועל, בנוגע צו מעשה המצוות, וואס צום שינוי והוספה אין מעשה המצוות קומט מען צו דורך דער הוספה אין לימוד התורה, וויבאלד אז דער לימוד איז מביא לידי מעשה,

און די החלטה אויף דערויף איז פארבונדן מיט דער התבוננות אין עבודת התפלה, וואס דאס איז די הקדמה צו לימוד התורה, "מבית הכנסת לבית המדרש"[324], און דערנאך קומט דער ענין פון "הנהג בהם מנהג דרך ארץ" - דער ענין פון קיום המצוות (דער רצון העליון), ווארום דער "דרך" פון דעם "ארץ" ("מנהג דרך ארץ") איז דאס וואס "רצתה לעשות רצון קונה".

און דורך די אלע ענינים וועט מען צוהיילן דעם "מבצע" העיקרי פון כל הבריאה כולה, וואס דאס איז דער "מבצע" פון דעם אויבערשטן אליין, אז ער וועט מאכן אז די וועלט זאל זיין אין אן אופן פון "עולם על מילואו" ווי עס וועט זיין לע"ל, וואס אויף דערויף שטייט "אלה תולדות פרץ"[325],

ביז צו "וישי הוליד את דוד"[326], דוד מלכא משיחא, בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי כלאפצי. הושיעה את עמך.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

*　　　*

*

---

324) ברכות בסופה.　325) רוה ד, יח. שמו"ר פ"ל, ג.
326) רוה שם, כב.

בס"ד. קטע משיחת י"ט כסלו, ה'תשל"ט.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

א. בהמשך להמדובר לעיל וועגן דעם ענין פון שלום, אז שלום אמיתי איז דוקא ווען דאס איז ע"פ תורה - איז (כמדובר כמ"פ) דאס איצט געווארן אן ענין שהזמן גרמא:

בשעת עס שטייט "ונתתי שלום בארץ"(בחקותי כו), גייט דאס בפשטות אויף ארה"ק, כמבואר במפרשי תנ"ך עה"פ "אל הארץ אשר אראך" "ארץ טובה ורחבה", אז סתם "ארץ" איז ארה"ק.

און וויבאלד אז מ'דארף האבן "ונתתי שלום בארץ", דארף דאך דערצו זיין אן אתעדל"ת ע"י פעולת האדם - איז דער פירוש הפשוט אין פסוק און מקרא מלא דיבר הכתוב, אז "אם בחקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם", ברענגט דאס און דאס איז ממשיך "ונתתי שלום בארץ", ואין מקרא יוצא מידי פשוטו - ס'ווערט שלום בארץ, ביז "ושכבתם ואין מחריד".

ד.ה. אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן שלום און וועגן די דרכים ווי אזוי צוצוקומען צו שלום, איז די איינציקער וועג דאס צו ברענגען, איז דורך דערויף וואס מ'גייט ע"פ התורה והמצות - אז מ'טוט ווי תורה זאגט מ'דארף טאן, און ווי תורה זאגט מ'טאר ניט טאן.

און וויבאלד אז "תורה זו לא תהי' מוחלפת", ובלשון התניא (רפי"ז) "התורה היא נצחית" - איז דערפאר קיין אונטערשייד ניט צי דער ריידן וועגן שלום איז פארבונדן דוקא מיט ארה"ק אדער דוקא בזמן שביהמ"ק הי' קיים, נאר <u>אלעמאל</u> און <u>אומעטום</u> איז דער איינציקער וועג אויף האבן א דבר של קיימא, דורך דערויף וואס מ'טוט ווי מ'דארף טאן ע"פ התורה.

ב. ובנוגע לנדו"ד:

כמדובר כמה פעמים, אז ס'איז דא דער פס"ד ברור אין תורה (שו"ע או"ח סשכ"ט) [דאס וואס מ'חזר'ט דאס איבער נאכאמאל, איז דאס מפני הכרח השעה, און וויבאלד אז מ'האט דאס נאך ניט איבער גע'חזר'ט מאה פעמים, דארף מען דאס זיכער איבער'חזר'ן. ובפרט אז דאס איז לאפרושי מאיסורא, וואס דעמולט איז אפילו אויב מ'וואלט שוין געהאלטן נאך דעם 101'סטן מאל, וואלט מען דאס געדארפט זאגן 102 מאל, 103 מאל, אבי באווארענען מאיסורא; עאכו"כ אז נוסף צום לאפרושי מאיסורא איז דאס אן ענין פון סכנה, וואס חמירא סכנתא מאיסורא, אז דאס איז פקו"נ הילי"ת, בפשטות]:

אויב גוים קומען אין אן ארט וואו אידן געפינען זיך, באיזה מקום שיהי' (סיי אין ארה"ק, סיי אין חו"ל) ובאיזה זמן שיהי' (סיי בזמן שביהמ"ק הי' קיים, סיי ווען "גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתנו", אפילו אויב זיי זאגן אז זיי קומען "על עסקי תבן וקש", און נאכמער - תורת <u>אמת</u> איז מעיד אז ס'איז טאקע אזוי,

און אין דערויף איז דא א ספק צי א ספק ספיקא, און אפילו מאה ספיקות ואלף ספיקות, אז דורך דעם וועט מען עפענען הארץ לפניה ("שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם"), ווארום דאס איז א "עיר הסמוכה לספר" (לעבן גבול) -

איז דעמולט א דין ברור, אז אפילו בשבת דארף מען נעמען כלי זיין און כלי נשק, און זיך שטעלן מיטן גאנצן תוקף נגד זייער ביאה.

נאכמער: "אפילו עדיין לא באו אלא ממשמשין לבאי" - אז מ'האט מערניט ווי א ידיעה, אדער אפילו א ספק ידיעה וספק ספיקא וכמה ספיקות אז "ממשמשין לבא", איז אבער וויבאלד אז בעניני פקו"ע קיין חילוק ניט צי דאס איז איין ספק, צי כמה ספיקות, נאר מ'גייט אלעמאל מה"ת לחומרא - איז דערפאר דארף מען זיך שטעלן מיטן גאנצן תוקף אנטקעגן.

עאכו"כ אז מ'טאר זיך ניט <u>אנשלאגן</u> אז מ'וועט עפענען די ארץ לפני אוה"ע, ר"ל, אדער אפילו געבן זיין אן אחיזה באיזה מקום שיהי' וואו ס'איז דא א מושב ישראלי, אפילו אין חו"ל, און אפילו אויב דארטן לעבט איין און איינציקער איד, טאר מען אויך ניט עפענען הארץ לפניהם.

ג. אויף דעם פרעגט מען די שאלה: וויבאלד אז די כוונה בדבר איז "ונתתי שלום בארץ", און שלום איז א יסוד אין תורה, אז "גדול השלום שכל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם" (רמב"ם סוף הל' חנוכה), מיט אלע ענינים וואס זיינען פארובנדן מיט גדול - איז היתכן, וואס הייסט מ'וועט ניט נאכגעבן און מ'וועט זאגן אז מ'האט כלי נשק, און נאכמער - מ'וועט זיך שטעלן מיט די כלי נשק און מ'וועט ניט נאכגעבן קיין טפח קיין שעל און קיינע ענינים ניט, און די איינציקע הסברה וועט זיין ווייל אזוי שטייט אין תורה!?

איז דער ענטפער אויף דערויף: דער איינציקער שלום שיש לו קיימא, איז א שלום וואס דער אויבערשטער וועט אויף אים מסכים זיין, און אויב מ'וויל האבן אזא שלום - און ניט ר"ל א שלום וואס פירט צו א מלחמה קרובה היל"ת, ווארום דאס איז אין אן אופן וואס מ'גיט נאך, און ווען מ'גיט נאך אן אצבע, א שעל, ווערט דער לחץ נאכמער און מ'בעט גלייך מערער וכו', ביז מ'בעט הכל וכו' -

איז דער וועג אויף האבן אזא שלום וואס "ונתתי שלום", א שלום וואס דער אויבער-שטער גיט, איז דאס דורך דערויף וואס ס'וועט זיין "בחקותי תלכו ואת מצותי תשמרו" - סאן אזוי ווי עס שטייט אין שו"ע;

און אויב מ'טוט ניט אזוי - איז בא תורה דער כלל "מכלל הן אתה שומע (דעם היפך -) לאו", אז דאס איז די וועג וואס פירט צו דעם היפך פון "ונתתי שלום" און צו דעם היפך, היל"ת, פון "ושכבתם ואין מחריד".

ד. כמדובר כמ"פ, וויבאלד אז דורנו איז א דור יתום, וואס דער חושך איז געווארן א חושך כפול ומכופל - דערפאר באווייזט מען אלע ענינים בעיני בשר.

עד"ז בענין האמור, וואס מ'האט מורא אז בשעת מ'וועט נאכגעבן, וועט מען בעטן מערער, ביז וואנעט מ'וועט בעטן אלץ; און בכדי ניט צולאזן אז אידן זאלן טאן היפך השלום, היפך היושר היפך הצדקה און דער עיקר - היפך רצון התורה ובורא האדם ומנהיגו דורך נאכגעבן, וועט מען דארפן אנקומען צו נסים גלוים אז די אוה"ע וועלן ניט וועלן נעמען וואס מ'וויל זיי נאכגעבן - האט מען דאס באוויזן בעיני בשר -

און מ'האט דאס באוויזן אין אן אופן וואס ס'האט געטראפן נסים גלוים, וואס זיינען אינגאנצן ניט פארשטאנדיק אין דרך הטבע,

[נאך די מלחמת ששת הימים, איז מען אויך נאכגעלאפן די אוה"ע, אז מ'וויל אפגעבן ענינים וואס מ'האט ניט געטארט נאכגעבן - און אויך דעמולט איז געווען ניט פארשטאנדיק פארוואס די אוה"ע האבן ניט געוואלט נעמען; אבער איצטער איז צוגעקומען נאך א גרסערער נס גלוי].

ה. וועט מען דאס פארשטיין בהקדם וואס דער ענין פון א "דיפלאמאט" איז:

דער טבע און דעד ענין און דער תוכן פון א "דיפלאמאסי" און פון א "דיפלאמאט" איז - אז ער טאר ניט זאגן וואס ער טראכט [בא אידן איז דא דער כלל אין תורה אז "נצח ישראל לא ישקר" (ש"א טו, כט), משא"כ ניט אידן און עאכו"כ בא דיפלאמאטן, איז ניטא דער כלל]

ווארום וויבאלד מ'האט אים ממנה געווען פאר א דיפלאמט, ווערט בא אים דער אומנות שלו, אז ער טאר ניט דערציילן וואס זיין רצון אמיתי איז, און אויב ער רעדט "פליינע" ווערטער (ווי מ'זאגט דא) און דערציילט וואס ער טראכט - ווי איז אויפן לונג איז בא אים אופן צונג, ווערט ער אויס דיפלאמאט.

און דער עיקר ענין פון א דיפלאמאט איז, אז ער דארף זען ארייננכאפן וואס מערער, בכדי צו באווייזן אז ער האט מצליח געווען אין דעם אויף וואס מ'האט אים אוועקגעזעצט אויף דעם כסא, און מ'האט אים איבערגעגעבן אז ער זאל פירן די שקו"ט מיט די דין ודברים וכו'.

איז בשעת ס'איז געקומען צוגיין אידן וואס יצרם אנסם, עד כדי כך איז יצרם

אז די ענינים וואס זיי אליין האבן געזאגט יארן נאכאנאנד אז מ'טאר דאס ניט אפגעבן, און אז דאס איז א סכנה אז מ'זאל דאס אפגעבן - האבן די זעלבע אידן געשיקט שלוחים, און דערנאך אליין געזאגט אז זיי ווילן דאס אפגעבן!

נאר מ'וועט דאס אפגעבן מיט א תנאי, אז עפעס וואס זאל מען לאזן, און די וואס האבן געהאט מער תוקף האבן געזאגט, אז דער עפעס וואס מ'דארף לאזן, דארף זיין, טאקע ניט ת' פרסא על ת' פרסא, אבער מערער ווי דער שטח וואס איז געווען ביז די שנה הידועה, די מלחמת ששת הימים.

איז לכאורה, וואס האט א דיפלאמאט אויף דערויף געדארפט ענטפערן - אז די ערשטע זאך איז ער מסכים, אז וואס מ'גיט דארף מען נעמען,

וואס דאס ענטפער אפילו א שיכור'ער, וואס בא אים איז וואס איז אויפן לונג איז אויפ צונג; עאכו"כ א ניכטערער, און איינער וואס מ'האט אים מכתיר געווען בשם תואר זה אז ער איז א " דיפלאמאט", און עאכו"כ אז ער איז דער איינציקער מחליט אין דעם - האט ער זיכער געדארפט זאגן אז דער ערשטער זאך איז ער מסכים.

איי איז די שאלה ווי קען דער דיפלאמאט מסכים זיין, מ'פארלאנגט דאך פון אים אז ער זאל חתמ'נען א פאפיר?

- איז אבער וויבאלד אז ס'איז דא דער דין אין תורה, אז א שטר שני האט בכח צו מבטל זיין א שטר ראשון, ווארום דער שטר שני איז געקומען שפעטער און געקומען קודם שנעשה מעשה; און אפילו לאחרי שנעשה מעשה - איז פונקט אזוי ווי ער האט געהאט כח אויף די ערשטע התחייבות, האט ער כח אויף א צווייטע התחייבות שבאה לאח"ז אז דאס זאל מבטל זיין שטר הקודמת -

איז דערפון אויך נשתלשל געווארן ("שנשתלשלו מהן" (תניא רפ"ג)) אין דיני אוה"ע - אז אין דינא דמלכותא דינא פון אוה"ע, האט א שטר שני בכח צו מבטל זיין א שטר ראשון.

און מ'ווייסט אויך, אז אויך אין מלחמת ששת הימים האט מען גע'חתמ'ט פאפירן, און גלייך אין 24 שעה האט מען געטאן קאפויר פון דעם וואס מ'האט גע'חתמ'ט אין די פאפירן, ובפרט אז מ'וועט דערנאך חתמ'נען א פאפיר אנדערש.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'דערהערט אז אידן האבן פארלאנגט, אז וועט וועט מען זיך באפרידיקן, איז דאס ווען מ'וועט חתמ'נען א פאפיר אז פון איצט אן וועט זיין שלום,

און אויב מ'וועט חתמ'נען אזא פאפיר איז די ערשטע זאך וועט מען אפגעבן כו"כ שטחים וואס עפענען אויף ר"ל, הארץ לפניהם;

און מ'וויל אויך אז מ'זאל חתמ'נען א פאפיר מיט א צווייטע תנאי - אז די התחייבות אויף מאכן שלום איז מבטל די התחייבות הקודמת, וואס די התחייבות הקודמת איז, אז אויב ס'וועט זיין א מדינה ערבית וואס וועט פירן א מלחמה מיט אי"י, דארף מצרים איר העלפן, און דא וויל מען אז די התחייבות אויף שלום, זאל דאס מבטל זיין -

וואס אין דערויף גופא ליגט אז דאס איז א שטר ושוברו - ווארום וויבאלד מ'האט אליין געזאגט אז די שטר איז מבטל די פריערדיקע התחייבות'ן, איז דאס גופא מדגיש אז א שטר וואס מ'וועט מארגן חתמ'נען, וועט מבטל זייל די התחייבות!

איז וואס וועט מען אויפטאן מיט חתמ'נען א שטר ביום שלישי (אדער ווי זיי האבן געוואלט - ביום ראשון) וואס איז מבטל די התחייבות הקודמת, אז אויב א מדינה אחרת האט מלחמה מיט אי"י איז מצרים ניט מחוייב איר העלפן - בשעת אויף מארגן קען מצרים חתמ'נען א שטר מיט דער צווייטער מדינה ערבית, און דארטן שרייבן אז דאס איז מבטל אירע התחייבות'ן פון פריערדיקן שטר מיט אי"י?!

וואס לכאורה בדרך הטבע, בדרך השכל און עאכו"כ בדרך פון דיפלאמאטן - האבן זיי זיך געדארפט אנכאפן אויף דער הסכם והצעה, און חתמ'נען א פאפיר, וואס אין

דעם פאפיר זאל מען צוזאגן כל הון דעלמא, און דערנאך גלייך דורש זיין אז מ'זאל מפנה זיין כל המקומות והשטחים און אויפעפענען כל העניניםן;

און בנוגע דעם פאפיר, האבן דאך די וואס בעטן דעם פאפיר אליין געזאגט, א א פאפיר וואס קומט אויף א טאג פעטער קען מבטל זיין די התחייבויות הקודמות!

איז ע"פ כל הנ"ל האבן זיי זיכער געדארפט אננעמען די אלע הצעות - און אעפ"כ האבן זיי געזאגט בגלוי, אז זיי ווילן ניט נעמען, זיי ווילן ניט חתמ'נען קיינע פאפירן, און זיי זאגן אז זייער דרישה איז אז מ'זאל אפגעבן נאך און נאך און נאך!

נאר כאמור, דא זעט מען בעיני בשר און אין א אופן פון נסים גלוים, אז אפילו ווען אידן מצד יצרם אנסם, שלאגן זיך אן אויף נאכגעבן שטחים אין א"י - באווייזט מען זיי אז די גוים ווילן ניט נעמען, און זיי מאנען נאך מערער; און די איינציקע עצה דערצו איז אז מ'זאל שטיין בתוקף וכו' (ווי גערעדט פריער).

ז. דערפון דארף א איד אפלערנען אז מ'טאר ניט זאגן, אז דערפאר וואס מ'וועט חתמ'נען א פאפיר, איז מען שוין גרייט אפגעבן, ניט נאר א טפח אין א"י און ניט נאר א שעל, נאר כו"כ שטחים וואס עפענען אויף ר"ל כל הארץ לפניהם,

וואס אז מ'וועט אפגעבן די שטחים וועט דאס עפענען כל הארץ לפניהם, האבן זיי אליין (די וואס ווילן אפגעבן) געזאגט לפני שנים אחדות, און ס'איז אפגעדרוקט אז זיי האבן אזוי געזאגט. און דער עיקר - אזוי איז דאס ע"פ שו"ע, ווארום אזוי זאגן מומחים צבאים פה אחד ובגלוי און בדפוס, אז אויב מ'גיט אפ די שטחים, שטעלט דאס איין אין סכנה ר"ל.

און ניט נאר אידן זאגן דאס, נאר אויך ניט-אידן; און ניט נאר ניט-אידן פון דער צד וואס זיינען ידידים, נאר אפילו ניט-אידן וואס זיינען פון צד ההפכי - זאגן אויך אז אפגעבן די שטחים שטעלט איין אין סכנה, און דערפאר ווילן זיי'ל דאס טאקע האבן!

און אעפ"כ מצד יצרם אנסם האט מען געזאגט, אז אויב מ'וועט חתמ'נען אזא מין פאפיר, וועט מען די ערשטע זאך אפגעבן כו"כ שטחים, און אזוינע שטחים וואס כולם פה אחד זיינען מודה, אז דאס עפענט את הארץ לפניהם.

און נאכמער: מ'האט מעלים געווען און ניט דערציילט, אז פון די ערטער פון וואנעט מ'וויל זיך ארויסציען, איז דאס ניט קיין צוויי לופט-פעלדער, נאר כו"כ לופט-פעלדער;

מ'האט מעלים געווען אז מ'פירט שוין בפועל פון דארטן ארויס נשק חיוני! ניט נשק וואס איז דארטן געלעגן גלייך און געזשאווערט - נאר נשק וואס דארטן איז דאס דא בתור הכרח אויף הגנת השטח ההוא - פירט מען דאס פון דארטן ארויס!

און מ'איז דאס מעלים, ביז וואנעט אז איינער (א נהג) האט זיך אויסגערעדט, איז דערפון געווארן א פרסום, האט מען אנגעהויבן בעטן אז מ'זאל דאס ניט דרוקן אין די צייטונגען - אבער אין דעם ארויספירן נשק, האט מען ממשיך געווען.

און די הסברה בדבר (פארוואס איצטער פירט מען שוין פון דארטען ארויס נשק), איז א הסברה רשמית: אזוי ווי ארויספירן דעם גאנצן נשק נעמט א משך זמן, און מ'וויל דאך אז ס'זאל זיין שלום - במילא דארף מען אנהויבן ארויספירן נאך איידער ס'איז דא שלום, נאך איידער מ'האט גע'חתמ'ט, נאך איידער מ'איז מסכים, נאך איידער מ'האט זיך צוזאמען גערעדט, און נאך איידער מ'ווייסט וואס און ווען וועט זיין מארגן, און עאכו"כ וואס וועט זיין אין א חודש ארום און א יאר ארום - און אעפ"כ פירט מען שוין ארויס דעם נשק!

און מ'איז זיך מודה בזה! ואין פוצה פה ומצפצף! און דאס ווערט אנגענומען אלס א דבר טבעי - אז וויבאלד אז "אתם המעט מכל העמים" וכו', דארף מען דאס נאכגעבן!

וואס הייסט נאכגעבן?! דו האלסט אז דו ביסט א מציאות קיימת, און יענער זאגט בפירוש אז ער וויל ניט די מציאות - דארפסטו מגין זיין על עצמך!

הנחה פרטית בלתי מוגה

ח. דערנאך איז צוגעקומען נאך א זאך - אז מ'זאל זיך מתחייב זיין געבן די אזוי גערופענע "אטאנאמיע".

וואס דא זיינען געקומען אידעשע דיפלאמאטן און זיי האבן געוואלט מסביר זיין, אז אטאנאמיע איז א דבר של מה בכך - מ'וועט לאזן יענעם קאכן און וואשן און גיין שפאצירן, וועט בא אים וועט אויסקומען און ווי בא אים וועט אויסקומען.

אבער ענינים רציניים, ענינים חיוניים און עאכו"כ ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט נשק וכו' - איז די נשק וואס קען זיין אין משטרה (בא א פאליסמאן) וועט מען געבן, אבער מ'וועט ניט געבן די נשק וואס קען גענוצט ווערן אויף הגנה און אויף התקפה וכו', מיטן גאנצן אריכות הביאור וואס איז דא אין דעם.

וואס אלע מענטשן ווייסן ווי אטאנאמיע זעט אויס, ווארום דאס איז שוין געווען בכ"מ בפועל, און מ'האט געזען די תוצאות באותו יום אדער אויף מארגן -

האט זיך אבער דער אויבערשטער אויף דערויף ניט פארלאזן, און ער האט באוויזן וואס ס'טוט זיך אפ אין די שטחים, כולל אויך ירושלים העתיקה - אז נאך איידער מ'האט געגעבן אטאנאמיע, און נאך איידער מ'האט זיי געגעבן נשק פאר די משטרה, און איידער מ'האט ערלויבט אז מ'זאל האבן אויסגעקליבענע וכו' -

זיינען די אראבער שוין אנגעפאלען אויף די צבא, און אויף די משטרה, און די אלע ענינים וואס זיי האבן דארטן אפגעטאן, וואס אין כאן המקום לפורטם.

און ס'איז גענוג דאס וואס איז שוין געדרוקט געווארן אין צייטונג, און מ'דארף ניט אנקומען צו דעם אז מ'זאל מגלה זיין די ענינים וואס פאסירן דארטן נאכמער און נאכמער היל"ת, לא תהי' פעמים צרה.

וואס די ענינים איז מען דערווייילע מעלים [אזוי ווי מ'איז מעלים דאס וואס מ'פירט ארויס נשק פון סיני (כנ"ל), און מ'הויבט אן ארויספירן נשק פון גולן], איינגערעדענדיק זיך אז ס'וועט בלייבן א סוד פאר אידן, און דער עיקר וואס איז נוגע - אז ס'וועט בלייבן א סוד פאר ניט-אידן. -

עס זיינען דא אבער בריוו פון די וואס לעבן אין די שטחים, וואס זיי שרייבן דברים גלוים, אז אין די שטחים וואו אידן געפינען זיך, וואס מ'האט נאך ניט אפגעגעבן (אדער מ'טראכט נאך ניט אפגעבן) - איז די סכנה געווארן גרעסער שלא בערך, ווארום די אראבער ווייסן אז פון די ערטער פירט מען ארויס נשק, און זיי ווייסן דאס דערפאר וואס בשעת מ'פירט עפעס א זאך, איז אפילו מ'זאל דאס פירן ביינאכט וכו' - בלייבט דאס פאר קיינעם ניט קיין סוד, און אז איינער ווייסט דערציילט ער דאס צו כו"כ,

און וויסנדיק דאס, זיינען די אראבער געווארן בא זיך האפערדיק און מער חוצפה'דיק און ברייטער - במילא בעט מען רחמים ניט צו דערלאזן, ווי די מסקנא איז אין די המשך המכתבים, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

ט. דערפון איז פארשטאנדיק, אז בנוגע לפועל וויל מען נאר איינריידן זיך אליין, ווארום גוים האט מען ניט איינגערעדט -

זיי זיינען טאקע אוה"ע, ניט פון "עם חכם ונבון העם הזה" בחכמת התורה - זיי האבן אבער "חכמים המה" אין זייערע ענינים, ובלשון המדרש (ווי געבראכט אין די דרושי חתונה (רד"ה א"ר אושעיא)) "פילוסופים באוה"ע", האבן זיי אויך פילוסופים,

און זיי ווייסן פון די אלע ענינים וואס טוען זיך אינעווייניק - אז פלוני בן פלוני וויל מ'זאל אפגעבן, און פב"ב זאגט אז מ'זאל לוחץ זיין אז מ'זאל אפגעבן נאך מערער וויפל ס'שטייט אין דעם אזוי גערופענעם "קעמפ דייווידד" אפמאך,

און דער עיקר - אז זיי ווייסן פון מעשה בפועל, אז מ'פירט ארויס פון די ערטער דעם נשק, און אז מ'איז צוריסן צווישן זיך, ביז וואנעט אז מצד די צוריסנקייט צווישן אידן, דערלאזט מען ניט אידן באזעצן זיך אין ירושלים העתיקה -

און זיי ווייסן אז ווער לאזט דאס ניט - ניט אוה"ע לאזן ניט - נאר אידן לאזן ניט:

הנחה פרטית בלתי מוגה

דאס וואס מ'טענה'ט אז מ'לאזט ניט דארטן באזעצן זיך דערפאר וואס מ'דארף מורא האבן פאר א גוי, און דערפאר טאר מען ניט טאן א זאך וואס וועט אים אויפרייצן, און אז דאס איז די וועג צו שלום -

איז כאמור: ס'איז ניטא קיין שלום אן "ונתתי שלום בארץ"! און דער אויבערשטער גיט שלום, נאר אויף די תנאים וואס דער אויבערשטער האט געזאגט; און די תנאים זיינען ניט חוקים וואס "אין לך רשות להרהר אחרי'", אז ס'איז ניטא קיין ארט אויף דערויף אין שכל -

נאר דער אויבערשטער האט דאס באוויזן אין שכל וכמדובר לעיל - אז בשעת דער ערבי זעט אז אידן זיינען שוואך בא זיך און זיי האבן מורא פאר די גוים און ווילן אפגעבן די ערטער וכו', באקומט ער מער ברייטקייט און מער חוצפה, און ער שלאגט און ברענט און טוט כל הענינים אין די ערטער, אע"פ וואס ס'געפינט זיך דארטן ניט נאר אידישער צבא, נאר אויך א משטרה פון אידן, און ווי שוין געדרוקט אין די צייטונגען די אלע פרטים, און נאכמערער - וואס מ'באהאלט.

י. וכאמור, דאס האט דער אויבערשטער אלץ באוויזן נאך איידער מ'גיט אטאנאמיע, בבדי צו באווארענען אידן וואס אטאנאמיע קען ברייגנען -

איז עאכו"כ אז מ'ווייסט וואס אטאנאמיע אליין איז, ווארום ווי געזאגט פריער, מ'האט דאס געזען בכ"מ בפועל - אז ע"י החירות וואס מ'האט זיי געגעבן, האבן זיי רובם ככולם געשטימט אז מ'דארף משלח זיין אלע אידן בכל הענינים! און דאס איז נאך ניט אטאנאמיע, מערניט ווי מעין ודוגמא לזה וכו'!

און מ'רעדט זיך איין, אז אזוי ווי מ'ערלויבט אראבער באזעצן זיך צווישן אידן, איז אזוי אויך, אפילו אז מ'וועט דאס אפגעבן צו ארמבישע אטאנאמיע, און אפילו אז מ'וועט דאס אפגעבן אראבער לגמרי - וועלן זיך דארטן אידן מעגן באזעצן -

וואס הייסט?! דאס הייגגט דאך ניט אפ אן זיי (אן די וואס וועלן אפגעבן) - דאס הייגגט אפ אן די ארמבער! און מה-דאך אז איצטער, נאך איידער מ'האט געמאכט אטאנאמיע, האט מען מורא פאר די ארמבער באזעצן אידן אין ירושלים העתיקה

- וועגן באזעצן זיך צווישן ארמבער אין חברון, רעדט מען שוין גארניט אז דארטן לאזט מען ניט, נאר אפילו אין ירושלים העתיקה, וואס דארטן זיינען דא א ביסעלע אידן, וואס האבן זיך אהינצו אריינגע'גנב'ט, און מ'האט קיין ברירה ניט געהאט, ווארום מפני דעת הקהל ודעת הצבור וכו', האט מען זיי געמוזט לאזן דארטן לעבן (מ'קען דאס איצטער זאגן בגלוי) - איז איצטער אפילו אין ירושלים לאזט מען זיך אויך ניט באזעצן -

איז עאכו"כ אז נאכדעם וואס מ'וועט מאכן די אזוי-גערופענע אטאנאמיע, וואס דאס עפענט אויף הארץ לפניהם הי"ת - וועט מען זיכער גארניט טאן אנטקעגן דעם ארמבער!

צי דען נאכן אטאנאמיע וועט זיך דער ארמבער רעכענען מיט דעם וואס פב"פ צוזאמען מיט סיעת חבריו האבן מחליט געווען מיט א חודש פאר דערויף, אז א איד מעג זיך דארט באזעצן?! כחוכא ואטלולא!!

בשעת מ'האט דאס גע'טענה'ט מיט חדשים צוריק צו וואס דער אטאנאמיע קען ברייגנען, האט מען געזאגט אז דיפלאמאטן זאגן אנדערש, און מומחים לענייני המדינה זאגן אנדערש -

איז דערפאר אויף צו באוויזן וואס די אזוי-גערופענע אטאנאמיע קען ברייגנען, האט מען איצטער באוויזן לעיני בשר, ובפרט אין די לעצטע טעג ממש, וואס די הנהגה פון די ארמבער איז נאך איידער אטאנאמיע,

אז נאך דערויף ווי זיי האבן זיך מערניט ווי דערוואוסט אז ס'רעדט זיך וועגן אטאנאמיע, און מ'איז נאך ניט מסכים אויף דעם, און ס'איז פארבונדן מיט פינף יאר וכו' - האט דאס שוין געבראכט צו מעשים בפועל וכמדובר לעיל.

יא. און דאס וואס מ'טענה'ט אז מ'מוז זיי נאכגעבן, ווארום דער אויבערשטער האט דאך געזאגט אז "אל תתגרה בגוי קטן", עאכו"כ בגוי גדול,

און נאכמער - וויבאלד אז מ'דארף אנקומען צו "חסד לאומים" [אע"פ וואס "חסד לאומים חטאת"], ווי מ'זעט בעיני בשר אז מ'דארף אנקומען צו זייערער געלט און צו זייערע נשק וכו', וואס דאס איז פארבונדן מיט רצונם הטוב און מ'קען מיט זיי זיך ניט איינרוגז'ן, און דערפאר דארף מען זיי נאכגעבן -

איז כמדובר כמ"פ, אויב מ'וועט נאכגעבן וועט ניט זיין ר"ל, אויף וואס צו נוצן די געלט און די נשק!

און ווי מ'זעט איצטער בפועל - אז ווען מ'גיט זיי נאך, בעטן זיי גלייך נאכמער [ביז איצט האט מען זיך געדארפט פארלאזן אויף די אפשאצונגען פון דיפלאמאטן און מדינאים וכו', צי אז מ'וועט אפגעבן וועט מען מערניט מאנען, אדער פארקערט; און אין רעם זיינען געווען חילוקי רעות - גוי'שע דיפלאמאטן האבן געזאגט אז מ'וועט בעטן נאך און מ'וועט מאכן א לחץ; אידן וואס יצרם אנסם, האבן געשריען און געמאכט רערפון פארטייען ומפלגות, אז אויב מ'וועט נאכגעבן וועט מען מערניט בעטן; אבער איצטער האט מען באוויזן בפועל, אז וואס מער מ'גיט נאך, וואס מער בעט מען].

און זיי האבן שוין געזאגט, אז קודם המתימה בעטן זיי נאך, און וואס בעטן זיי - האט מען שוין מגלה געווען, אז זיי בעטן ירושלים העתיקה,

און אע"פ וואס מ'זאגט אז ביז איצטער האט מען ניט גערעדט וועגן דעם - איז דער אמת אבער, אז מ'האט וועגן <u>אלץ</u> גערעדט אין "קעמפ דייוויד"; און מ'האט וועגן <u>אלץ</u> גערעדט נאך פריער; און ביז אז מ'האט וועגן <u>אלץ</u> גערעדט לאחרי מלחמת ששת הימים, ווען מ'האט געשיקט די שלוחים אז זיי זאלן אנשלאגן אז מ'וויל אפגעבן פון ארה"ק, אלץ וואס מ'האט דעמולט איינגענומען!

און וואס מער מ'רעדט און מ'גיט נאך, וואס מער ווילן זיי, ווארום ווען זיי זען אז מ'האט נאכגעגעבן א לחץ, עכ"פ למחצה, לשליש ולרביע, פארלירן זיי ניט די האפענונג, דערפאר וואס זיי האבן ניט וואס צו פארלירן - וואס וועט מען דערלייגן דערצו אז מ'וועט צונעמען דעם שליש ורביע און דערנאך לוחץ זיין אויף ווייטער?!

און דוקא אויב מ'שטעלט זיך אין אזא אופן, וועט מען אויך האבן די געלט און די נשק - ווי מ'האט געזען ביז איצטער, אז די נקודות אויף וועלכע מ'האט זיך געשטעלט בתוקף, האט דאס ניט אנגערירט אין דעם געבן די געלט און די נשק (דאס האט אנגערירט מערניט ווי אויף א זמן קצר, אבער אויף א לייגגערע צייט האט דאס ניט אנגערירט).

יב. וויבאלד אז דער שטיין בתוקף דארף זיין אין אן אופן וואס מ'זאל ניט קענען חרטה האבן דערפון, ווארום אויב מ'קען חרטה האבן, וועט דאס נאר גורם זיין מער לחץ פון די גוים כמדובר לעיל - דערפאר דארף מען אפטאן א מעשה בפועל, וואס מ'וועט פון איר ניט קענען חרטה האבן וכדלקמן (סט"ו ואילך).

כל זמן מ'איז זיך נאר מסתפק מיט רייד, און מ'זאגט (בדברים קטנים אדער בדברים גדולים - עכ"פ בקול ענות חלושה) אז <u>מ'וועט</u> מאכן א ישוב, און <u>מ'וועט</u> זיך באזעצן, און <u>מ'וועט</u> פארגרעסערן, און <u>מ'וועט</u> שטיין בחירוף נפש אויף מגין זיין, און <u>מ'וועט</u> זיך שטעלן בתוקף וכו' -

איז דאס אלץ א דיבור, און דיפלאמאטן ווייסן אז א דיבור איננו שוה <u>כלום</u> - דאס קען זיין א שענערע דיבור אדער א מיאוס'ערע דיבור; מ'קען אויף דערויף חתמ'נען בגלוי אדער ניט חתמ'נען בגלוי; מ'קען הייסן אן אדם העומד בדיבור אדער הייסן אן אדם משקר בדיבור - אבער דאס איז <u>מערניט</u> ווי דיבור.

אפילו ווען דער דיבור קומט אראפ אין מעשה זוטא - ד.ה. בכתב, אז אויף דאס וואס ער זאגט האט ער ארויפגעלייגט די חתימה אז דאס איז כתוב וחתום, מיט עדות און מיט די אלע פרטים שבדבר - ווייסט ער אבער אז דאס איז מערניט ווי כתב אליין, און אז אויף מארגן אדער באותו יום גופא, תוך כדי דיבור, קען ער גלייך אנשרייבן און חתמ'נען א פאפיר הפכי.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

יג. אויף דעם (אז א דבר שבכתב האט קיין תוקף ניט, ווארום מ'קען גלייך גיין חתמ'נעןפארקערט) האבן זיך געדונגען דיפלאמאטן, און זיי האבן געוואלט איינרעדן "עולם גולם" אז דאס איז ניט אזוי,

און זיי האבן געזאגט: וואס הייסט?! אז בשעת מ'וועט שרייבן און חתמ'נען און ס'וועט זיין עדות דערביי - איז גאר ניט שייכות צו זאגן! ס'איז כלו כל הקצין, מ'קען זיך לייגן שלאפן רואיק!

האט מען באוויזן בעיני בשר וואס דער חשיבות פון א דבר שבכתב איז:

און דאס איז בנוגע צו די מדינה פון "טייוואן" - וואס ס'איז דא מיט זיי א געשריבענע זאך און א גע'חתמ'עט זאך, מיט התחיבויות וואס האבן אנגעהאלטן עטלעכע און דרייסיק יאר נאכאנאנד, און דאס איז התחיבויות פון א מלכות אדירה -

און מיטאמאל, בין רגע עבר, אן קיינע סיבות גלויות (א סיבה איז דא אויף דערויף, ווארום אן א סיבה קומט דאך ניט א מסובב - אבער א סיבה גלוי' איז ניטא), האט מען מכריז געווען לעיני כל בשר ובאופן רשמי, אז מ'איז מבטל די אנערקענונג אין דער גאנצער מציאות פון מדינה ההיא.

און דאס האט מען געטאן אן קיין יישוב הדעת - ווי ס'ווייזט זיך ארויס, האט דאס אפגעטאן איינער אדער צוויי אדער דריי, און מסתמא איז דער וואס האט דאס מחליט געווען ניט געווען קיין יחיד, ווארום ער האט יועצים אדער לוחצים וכו' - אבער בכל אופן איז אין דעם ניט געווען קיין שקו"ט ודיון, און ניט געווען אן אפשטימונג און דעמאקראטיע - ווי מ'רופט דאס אן, א "דיון דמוקרטי",

נאר כאמור, בבת האט מען מבטל געווען כל ההתחייבויות.

איך ווייס ניט וואס די הסברה וועט זיין אין דעם, און ס'איז אויך קיין נפק"מ ניט, ווארום בנוגע למעשה בפועל האט מען מבטל געווען די התחייבות.

אפילו אז מ'וועט מסביר זיין ווי אזוי ס'איז געווען א הכרח דאס טאן, ווארום דורך דערויף וועט מען פארדינען קעגען "סאוויעט ראשע" (רוסלאנד) וואס זיי האבן א גרויסע ארמיי, מיט אוירונים, מיט אלע נשק וכו', און מ'וועט פארדינען באופן כך וכך (און מסתמא אז ס'וועט געווערן נאך א פאר טעג, וועט די הסברה שוין זיין געדרוקט אין צייטונג) -

דאס איז אבער ניט מבטל די מעשה בפועל, אז ס'איז בטל געווארן די גאנצע התחייבות, און בטל געווארן בין לילה אבד, אן קיין פרסום לפנ"ז, אן קיין שקו"ט און אן קיין הודעה לפנ"ז - נאר מיטאמאל! און קיינער איז ניט מכחיש אז ס'איז בטל געווארן די אלע התחייבויות!

יד. לכאורה קען מען פרעגן: פונקט אזוי ווי עס האט געווערט אזוי פיל צענדליקער יארן ביז מ'האט אפגעטאן דער ענין הנ"ל (מבטל געווען כל ההתחייבויות), האט דאך דאס געקענט געווערן נאך צוויי וואכן, ביז ס'וועט זיך ענדיקן די שקו"ט מיט א"י, ווארום יענער ווייסט וואס מ'שרייבט אין די צייטונגען אז מ'קען זיך ניט פארלאזן אויף זייןווארט - און אז ער וועט אפטאן אזא מעשה מיט "טייוואן", וועט זיך א"י ניט פארלאזן אויף אים?!

און אעפ"כ האט מען דאס איצטער געטאן, און געטאן בריש גלי, און דערנאך רופט מען אידן און מ'איז זיי מסביר אז א געשריבענע זאך איז אויסגעהאלטן לויט אלע כללים!

- נאר דער ביאור בזה איז, אז דא איז געשען א נס למעלה מדרך הטבע. און די סיבה גלוי' אויף דערויף וואס דאס איז איצטער געשען, קען מען מסביר זיין בדרך המוסר:

בכדי א איד זאל וויסן אז איידער דו גייסט חתמ'נען א פאפיר, און עאכו"כ טאן א מעשה, און וועלן איינרעדן זיך און א צווייטן, אז דו האסט א התחייבות בכתב ובחתימה, ובמעמד עדים כשרים (אדער עדים בלתי כשרים), אז מ'נעמט אויף זיך אן

- קטע משיחת י"ט כסלו תשל"ט - ט -

כל התחייבות שבעולם - אט זעסטו בעיני בשר וואס א התחייבות בבתב איז ווערט!

וכאמור, די הכרזה בנוגע צו "טיליוואן" איז צוגעפאסט צו דער צייט, ווארום איצטער זעט מען וואס די אראבער טוען אין ראמאלא, אין ירושלים העתיקה, אין שכם און אין חברון, און אין די דרכים וואס פירן אהינצו און וואס פירן פון דארטן,

און טוען דאס ווי געדעדט פריער, דערפאר וואס זיי זעען אז א איד האט מורא צו באזעצן זיך אין ירושלים העתיקה, און אז ס'איז דא א איד וואס וויל דאס טאן, קומט א צווייטער איד (אדער צוויי, דריי אידן) און לאזן אים אהינצו ניט אריין;

און אז די אוה"ע זען אז אידן לאזן ניט טאן אן ענין של מעשה בפועל, און מ'איז זיך נאר מסתפק מיט דיבור אדער כתב, און זיי ווייסן אז דיבור און כתב זיינען גארניט ווערט - ווערט בא זיי א הוכחה גמורה ומוחלטה, אז דורך לחץ וועט מען אלץ אויספירן, נאר וואס דען - מ'דארף גיין מחיל אל חיל (בלשון סגי נהור), מירידה לירידה, פריער וועט מען לוחץ זיין און צונעמען איין שטיקל, דערנאך נאך א שטיקל, ביז וואנעט וכו' ("וכו'" אויך פון לשון "כולי") היל"ת.

טו. די איינציקע עצה אויף צו מבטל זיין די אלע לחצים, איז בשעת מ'וועט זיך אליין בינדן און מ'וועט טאן א זאך וואס אין אח"ז כלום, וואס דעמולט וועלן די אוה"ע זען אז קיין לחץ קען ניט העלפן, דערפאר וואס די זאך איז שוין אפגעטאן.

וואס פאר א מעשה בפועל קען מען אפטאן, וואס פון איר וועט מען ניט קענען חרטה האבן?

איז דאס פארשטאנדיק פון דעם וואס מ'זעט אז א"י האט א תוקף און שטארקייט, וואס דערפאר רעכנט מען זיך מיט איר.

און דאס איז [ניט דערפאר וואס מ'האט מורא אז אויב מ'וועט ציען און מאנען צופיל, וועט א"י אויפשטעלן נאך א סאלדאט, מיט נאך אן אוגדה (א "דיוויזשאן") וכו', ווארום א"י וועט ניט האבן מערער סאלדאטן ווי די הונדערט מיליאן אראבער האבן, און מ'וועט אויך ניט האבן מערער דאלארן ווי ארה"ב האט דאלארן, נאר דער סיבה פארוואס מ'האט מורא פון א"י איז]:

מ'האט מורא אז אזוי ווי א"י האט כלי נשק מודרני, קען זי אפטאן א מעשה וואס פון איר וועט מען ניט קענען חרטה האבן - זי וועט גיין באזעצן די אלע שטחים, און דעמולט אז דארטן וועלן זיך באזעצן צען, צוואנציק, דרייסיק טויזענט אידן אידן, וועט זיי קיין מאכט שבעולם ניט קענען פון דארטן ארויסנעמען, ווארום אין אחר מעשה כלום!

און דערפאר האט מען מורא איבערציען די "סטרונע" - טאמער וועט א"י דאס אפטאן, און אפטאן בשעתא ורגעא חדא.

וואס דערפון גופא איז א ראי', אז באזעצן די אלע שטחים באופן האמור, איז די איינציקע מעשה וואס וועט העלפן, און דערפאר דארף מען אזוי טאן.

טז. ובאותיות ברורות:

בלילה אחד, בשעתא חדא וברגעא חדא, זאל מען באזעצן אידן על הגבולות פון א"י: על כל הגבול המזרחי, על כל הגבול וואס איז פארבונדן מיט דער רצועה פון עזה, על כל הגבול וואס איז פארבונדן מיט מצרים, על כל הגבול לבנון, אין נגב וכו'.

ד.ה. מ'זאל עפענען די טירן פון א"י פאר אידן - און איך מיין פאר די אידן וואס געפינען זיך שוין אין א"י, ווארום ס'איז שוין דא אידן אין א"י וואס האבן געזאגט אז זיי זיינען גרייט און ווילן זיך באזעצן אין די אלע שטחים,

און זיי ווילן דאס טאן בשמחה וטוב לבב, נאר די עומדים בראש זיינען זיי מעכב, און ניט נאר מעכב בדיבור, נאר מ'האלט זיי און מ'לאזט זיי ניט ארויס פון תל-אביב, אדער פון בני-ברק, אדער פון מקום אחר, אז זיי זאלן זיך קענען באזעצן אין יהודה ושומרון, סיני און די אלע שטחים.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

נאר כאמור, מ'זאל אריינפירן צענדליקער טויזענטער אידן, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו" וואס געפינען זיך בלאה"כ אין א"י, און זיי באזעצן אין די שטחים,

און מ'האט גענוג אידן ודי והותר צו באזעצן כל הגבולות, ווארום ווי געזאגט פריער, ס'זיינען שוין דא מתנדבים וואס שטייען פארטיק צו גיין זיך דארטן באזעצן, און עאכו"כ אז די מפלגות אין א"י וועלן הייסן זייערע בעלי המפלגה, אז זיי זאלן זיך גיין דארטן באזעצן אויף א משך פון שנים אחדות.

[מ'דארף אויף דערויף ניט ווארטן ביז אידן וועלן עולה זיין פון חו"ל, און מ'דארף ניט פטר'ן קיין געלט אויף שיקן אין חו"ל אז מ'זאל ווערן דארטן עולה זיין, וואס אויף דעם דארף מען ארויסגעבן 40-30 טויזענט דאלער וואס עס קאסט אפ אויף ברייגנען א אידן און משפחתו פון חו"ל און באזעצן זיי אין א"י, און דערנאך וועט מען דארפן ווארטן ביז זיי וועלן לערנען אין אן אולפן זעקס חדשים וכו']

און דוקא אזא התיישבות וואס איז פארבונדן מיט באזעצן צענדליקער טויזענטער אידן אין די שטחים (און דא רעדט זיך ניט וועגן התקפה (אן אטאקע)) - איז די איינציקע און אמת'ע הגנה אויף די גבולות פון א"י [אפילו ווי זיי זיינען איצטער, פאר "כי ירחיב ה"א את גבולך"], און דערפאר דארף מען מסייע זיין און ארויסהעלפן די אלע אידן וואס ווילן זיך דארטן באזעצן.

וכאמור, דאס קען מען אפטאן בין לילה, בשעתא חדא וברגעא חדא, ס'איז גענוג אויף דערויף עטלעכע שעה, עכ"פ ניט מער ווי עטלעכע טעג, און ווי מ'האט דאס געטאן אין צענדליקע ערטער אין א"י נאך אונטער די ענגלענדער און נאך אונטער די טערקן, איז עאכו"כ אז איצטער קען מען דאס טאן,

און טאן אין אן אופן פון התיישבות [עכ"פ א התיישבות וואס תורה רופט אן התיישבות - הוא וביתו און די אלע כלים וואס ער דארף האבן לצרכו ולאומנתו, ווי די גמרא און פוסקים רעכענען דאס אויס, אז אפילו א בע"ח טאר די זאכן ניט צונעמען ווארום דאס איז כדי חייו וכו'].

יז. דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד מ'קען אפטאן די התיישבות אין עטלעכע שעה, אדער עכ"פ אין עטלעכע טעג - וועט אויף דערויף קיין לחץ פון די גוים ניט העלפן, ווארום:

אפילו אז זיי וועלן לוחץ זיין, קענען זיי אבער ניט פארלאנגען אז א"י מוז זיי פאלגן תוך כדי דיבור, אפילו ניט באותו יום און אפילו ניט באותו שבוע - ווארום א"י קען א פאר וואכן אויסהאלטן אן זייער הילף, אין דרך הטבע דארף מען איצטער ניט אנקומען צו נשק, און ס'איז שוין געווען בעבר אז בשעת מ'איז געווארן ברוגז, האט מען אויסגעהאלטן כו"כ ימים, און אפשר נאך מערער - אן קיין עזר מבחוץ.

[ישראל קען זיך טאקע ניט ערלויבן צו קריגן זיך מיט ארה"ב אויף א זמן ארוך, ווארום מ'דארף אנקומען צו "חסד לאומים" [אע"פ וואס דאס איז "חטאת"], מ'דארף האבן די געלט און די נשק, מיט נאך כו"כ טעמים בדבר; און בכלל - וויבאלד אז ארה"ב איז א מלכות של חסד, און זי האט אין זיך א קו של נטי' לחסד לגבי אידן - דארף מען דאס אנהאלטן בכל התוקף ובכל הדרכים, א חוץ די דרכים וואס פירן צו דעם קו הפכי און צו דעם כיוון הפכי].

און וויבאלד אז מ'קען באזעצן כל הגבולות אין געציילטע שעה, אדער אין געציילטע טעג - דארף מען דאס גלייך טאן, ווארום דעמולט וועט מען קענען אויסהאלטן אלע-ערליי לחצים, מ'דארף צו קיינעם ניט אנקומען, מערניט לאבינו שבשמים,

און וויבאלד אז דאס וועט זיין א מעשה וואס וועט אליין בינדן, מ'וועט דערפון ניט קענען חרטה האבן - דערפאר וועט דאס זיין די איינציקע זאך וואס די אוה"ע וועלן זיך דערמיט רעכענען, ווארום זיי וועלן זען אז דאס מיינט מען באמת, וכבר נעשה מעשה ואין אחר מעשה כלום, און זיי האבן קיין ברירה ניט, זיי מוזן מסכים זיין.

דער אמת'ער טעם פארוואס זיי זיינען מסכים, איז (דער טעם אין דרכי ה', וואס דאס איז) דערפאר וואס "לב מלכים ושרים ביד ה'"; דער טעם אין דרכי דיפלאמאטיע איז, דערפאר וואס דורך אי"ז האבן זיי אן הגנה כלפי הערבים,

נאר ביז איצטער האבן זיי געוואוסט אז בשעת מ'וועט לוחץ זיין כדי צרכו א משך זמן ארוך, וועט מען אויספירן וואס מ'וויל, ובמילא אז מ'דארף נושא חן זיין בא די ערבים, איז מען לוחץ דא, און אז דער לחץ העלפט ניט דעם ערשטן טאג איז מען לוחץ א צווייטן טאג;

אבער ווען זיי וועלן זען אז מ'האט אפגעטאן א מעשה וואס אויף איר וועט קיין לחץ ניט העלפן, וועלן זיי אויפהערן לוחץ זיין, און אדרבה - דאס איז גאר א הגנה פאר זיי כלפי די ערבים כנ"ל.

יח. דער עיקר איז אז מ'זאל דאס אפטאן בפועל ממש, און ניט זאגן אז מ'האט געמאכט אן אסיפה, און בא דער אסיפה האט מען אזוי און אזוי מחליט געווען, אז מ'וועט יע טאן צי מ'וועט ניט טאן, צי טאן באופן כך אדער באופן כך, און מיט די אלע הצהרות בדבר, אז דער מיניסטער האט געזאגט דעם נוסח און יענער האט געזאגט א צווייטער נוסח, און דערנאך וועט זיין א הכחשה אין די צייטונגען וכו' -

ווארום מ'האט געזען ביז איצטער אז היום אמר כך ולמחר אמר להיפך. און דאס וואס מ'וויל איינרעדן אידן אז דעם מאל וועט מען זיין אן עומד בדיבורו און מ'וועט זיך ניט בייגן -

קען מען אבער די גוים ניט איינרעדן, און די גוים ווערן ניט נתפעל פאר כל ההצהרות פון די אלע מיניסטארן, ווארום זיי ווייסן אז אויב זיי וועלן אויף מארגן לוחץ זיין, וועט מען חוזר זיין בדיבורו, און ווי מ'האט דאס געטאן בעבר, און ניט בעבר מיט הונדערט יאר צוריק - מ'האט דאס געטאן בעבר נעכטן און איידערנעכטן, און מיט א וואך צוריק, מיט א חודש צוריק און מיט א יאר צוריק.

און דאס וואס לחץ פועלט אז מ'זאל זאגן פארקערט פון דעם וואס מ'האט נעכטן געזאגט - איז דאס אלץ אין דרך הטבע, מ'דארף אויף דערויף ניט האבן ענינים שלמעלה מדרך הטבע (אדער שלמטה מדרך הטבע), ווארום כל זמן דאס איז נאר א דיבור, און נאר א הצהרה והודעה, איז אפילו אז דאס איז במעמד חגיגי און אלע שרייען אזוי פה אחד - ווייסן אבער אלע אז אויב מ'וועט געפינען אן ענין אויף וואס מ'קען מאכן א לחץ גדול, וועט דאס פועל'ן אז אויף מארגן זאגן פארקערט;

און וויבאלד אז ללחץ איז אין גבול, דערפאר קען מען מיט דעם פועל'ן בלי גבול אויף ווענען מ'איז לוחץ.

דערפאר איז די איינציקע זאך וואס מ'קען טאן, איז צו באזעצן די אלע גבולות מיט צענדליקער טויזנטער מענטשן, און וויבאלד אז דאס צו טאן וועט ניט נעמען מער ווי עטלעכע שעה, וועט מען קענען אויסהאלטן <u>אלע</u> לחצים ווי געערדט פריער.

- אפילו אויב מ'וועט דאס אפטאן, ווייס איך ניט צי די גוים וועלן פארלירן די האפענונג אויף צו לוחץ זיין - אבער עכ"פ מער פאר דעם קען מען איצטער ניט טאן:

אויב מ'וועט נאר ערלויבן נאך פינף אידן באזעצן זיך דארטן, וועט דאס גארניט משנה זיין, ווארום מ'קען דערפון חרטה האבן, במילא קען מען אויף דערויף לוחץ זיין; אפילו אז מ'וועט ערלויבן באזעצן זיך דארטן אין אן אופן, ווי מ'רופט דאס אן, פון מאכן דיקער (עיבוי) און גרעסער די "סעטעלמענטס" (ישובים) וואס זיינען שוין דא - איז דאס אויך גארניט משנה דעם ענין, ווארום דאס איז ניט פארבונדן מיט אן ענין של התיישבות אמיתית וכו';

די איינציקע זאך וואס קען משנה זיין דעם גאנצער מצב, איז בשעת מ'וועט דאס טאן אין אן אופן שאין חזרה, אז מ'זאל דערפון ניט קענען חרטה האבן - און דאס איז בשעת די התיישבות וועט זיין פארבונדן מיט צענדליקער טויזענטער מענטשן, און

און א התיישבות בכל הפרטים שבדבר - וואס דאס איז דער מאקסימום וואס מ'קען איצטער טאן.

יט. און דאס דארף מען אפטאן וואס שנעלער, ווארום משעה לשעה ווערט די מעגלעכקייט בזה שווערער, וואס דאס איז א חשבון גלוי' אז יעדער שעה וואס מ'לאזט דורך, ווערט דער ענין שווערער,

און אע"פ וואס ס'איז נאך איצטער ביכולת דאס אפטאן (כמדובר לעיל) - קומט דאס אבער ניט צו די לייכטקייט וואס מ'וואלט געהאט אויב מ'וואלט דאס געטאן מיט דריי חדשים צוריק - עכ"פ איצטער איז בעסער ווי מארגן, און מארגן איז בעסער ווי איבערמארגן,

ווארום פון טאג צו טאג דארף מען חרטה האבן כלפי כל העמים אויף אייגענע הבטחות,

[ואין כאן המקום להאריך אין די זאכן וואס מ'האט מבטיח געווען בעבר און מ'מאכט דערפון א סוד - די אוה"ע ווייסן אבער דערפון, און אז מ'וועט זיי צופיל קוועטשן וועלן זיי דאס מסתמא נאך אויך אפדרוקן, און דעמולט וועט גאר ווערן א טומל הכי גדול אז מ'האט אזעלכע זאכן מבטיח געווען און אזעלכע זאכן געזאגט וכו'

- הלואי דאס זאל ניט אפגעררוקט ווערן, ווארום וואס דארף מען מכשיל זיין א כבוד פון א אידן, איזה יהודי שיהי', ובפרט א איד וואס כוונתו איז געווען רצוי', מערניט וואס יצרו אנסו האט דאס מטעה געווען זיין שכל, און ער האט אפגעטאן אן ענין וואס איז היפך התורה, ובמילא איז דאס היפך התועלת והיפך הצדק והיושר],

און אז מ'וועט ארויסגעבן נאך א פאפיר מיט נאך א החלטה וכו', איז ווי געדעדט פריער, וועט דאס גארניט אויפטאן, דאס רוגז'ט נאר אויין די גוים.

כ. ויה"ר אז ס'זאל זיין "אמור מעט ועשה הרבה" (אבות פ"א מט"ו), הרבה בכמות ועאכו"כ הרבה באיכות, ווארום דאס וועט זיין א התיישבות פון "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו", אז מ'וועט באזעצן די אלע גבולות מיט די אידן וואס זיינען שוין על אתר אין א"י, וואס זיי ווילן און זיינען גרייט, בין לילה, באזעצן די אלעכ שטחים (כנ"ל).

און וויבאלד אז מ'וועט גארניט אפגעבן, און ניט נאר ניט אפגעבן בדיבור - נאר מ'האט דארטן אוועקגעזעצט און אוועקגעשטעלט אידן, און דערנאך געבראכט אהינצו נשק -

דערפאר וועט דאס זיין דער דבר המחליט אז מ'וועט וויסן אז א"י געהערט צו עם ישראל, און אז מ'טאר ניט עפענען און אפגעבן א שעל אחד, א טפח אחד און אן אצבע אחת, ווארום דאס עפענט אויף האטרץ לפניהם.

און דאס איז די איינציקע וועג אויף האבן א שלום בר קיימא און א שלום אמיתי, דערפאר וואס דאס איז פארבונדן מיט "ונתתי שלום בארץ" -

דאס איז א שלום ואס איס אויסגעהאלטן לויט דעם רצון של הקב"ה ווי ער האט אים אנגעזאגט אין א פס"ד ברור אין שו"ע הל' שבת (כנ"ל ס"ב), אז ווען עס קומט צו פקו"נ איז דאס פארבונדן אפילו מיט שבת, עאכו"כ בחול; און דאס איז אפילו אין חו"ל, עאכו"כ אין ארה"ק (וואס זי ווערט אזוי אנגערופן (ארה"ק) בפי כל עמי הארץ).

כא. און דעמולט וועט נאך זיין אין די לעצטע טעג פון גלות, "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד", ווארום בא אידן וועט מקויים ווערן נאך אין גלות "ואולך אתכם קוממיות", "בקומה זקופה" - אז מ'ווערט ניט נתפעל פאר יצרו אנסו, פאר די גרי'שקייט וואס איז דא אין זיך, "א-ל זר אשר בקרבך", און עאכו"כ אז מ'ווערט ניט נתפעל פאר אוה"ע כפשוטו,

ובדרכי נועם ובדרכי שלום.

הנחה פרטית בלתי מוגה

און אז ס'וועט צוקומען אין מנוחת הנפש ומנוחת הגוף, וועלן אידן מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום מצוותי',

און מה-דאך אז מעשה אחד, דיבור אחד, מחשבה אחת איז מכריע עצמו עם כל העולם כולו און ברייבגט ישועה והצלה (רמב"ם הל' תשובה),

איז עאכו"כ אז מ'וועט טאן מעשים רבים, דיבורים רבים ומחשבות טובות רבות, און אין אן אופן ווי מ'לערנט אפ פון חנוכה, "הולך ומוסיף" מלילה ללילה - אז אין לילה וחושך הגלות וועט מען מוסיף זיין א ריבוי אין תומ"צ, און "והוי' יגי' חשכי" -

וועט דאס זיכער מזרז זיין אז דער חושך כפול ומכופל פון גלות זאל זיך ענדיקן לגמרי, ובלשון פון נשיא דורינו, כ"ק מו"ח נדמו"ר (נסמן בלקו"ש בלק תשל"ו) - פארברענען די שיריים פון די ווענט פון גלות,

און מ'וועט מבטל זיין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות - מבטל זיין דעם גלות הפנימי, און עאכו"כ דער גלות כפשוטו.

און לאחרי קץ הגלות, אראפברייבגען תומ"י די אתחלתא דגאולה, ובל' הרמב"ם "ישראל עושין תשובה ומיד הן הן נגאלין", אין די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקינו, למטה מעשרה טפחים, בטוב הנראה ונגלה.

און אין אן אופן (ווי גערעדט פריער) פון "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו" - אז אן קיין שום חילוק צווישן די קינדער מיט די עלטערן מיט די זיידעס און די באבעס און אור-עלטערן, וועלן זיי אלע שטיין אין אן אופן פון "לעשות רצונך בלבב שלום",

"היום אם בקולו תשמעו", וואס דעמולט קומט ער היום - היום ממש.

הנחה פרטית בלתי מוגה

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ וישב, מבה"ח טבת,
אור לערב חנוכה ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. די התוועדות איז פארבונדן לכל לראש מיט דעם ענין פון שבת מברכים - וואס אין דערויף איז דא א צד השוה מיט די התוועדויות פון שבת מברכים שבכל השנה כולה.

און דערנאך קומט צו דער ענין המיוחד אין דעם שבת מברכים - אז דאס איז שבת מברכים חודש טבת.

וואס אין דערויף איז גלייך מודגש די פארבינדונג מיט ימי חנוכה - ווארום ר"ח טבת איז דאך אלעמאל אין ימי חנוכה,

[ווארום ימי חנוכה הויבן זיך אן בכ"ה כסלו, און זיי זיינען שמונה ימים - מוז ר"ח טבת זיין פון ימי חנוכה, און אפי' ווען ר"ח טבת איז צוויי טעג (ווען חודש כסלו איז מלא), כקביעות שנה זו, איז ער אויך אין ימי חנוכה],

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז שבת מברכים חודש טבת (וואס ענינו איז אז דעמולט בענטשט מען ר"ח טבת) איז אויך פארבונדן מיט ימי חנוכה וכל עניני חנוכה.

ב. די שייכות פון ר"ח מיט שבת מברכים איז (ניט נאר מצד דעם וואס דעמולט בענטשט מען ר"ח טבת, נאר אויך) - מצד דעם וואס שבה מברכים איז נתתקן געווארן אנשטאט דעם ענין פון קידוש החודש וואס איז געווען בר"ח:

עס איז מבואר אין די טעמי המנהגים אויף דעם ענין פון שבת מברכים, אז בזמן שהיו מקדשים ע"פ הראי' [וואס דאס איז געווען אויך לאחרי החורבן, ובפרט בזמן שביהמ"ק הי' קיים], פלעגט מען אויסרופן אין דעם טאג פון ר"ח אז היינט איז ר"ח - און פריער האט מען גארניט געקענט וויסן ווען וועט זיין ר"ח, ווארום עס הייננט אפ אין דער ראיית הלבנה און קבלת עדות אין ב"ד וכו'.

און דערנאך ווען עס איז בטל געווארן דער ענין פון קידוש החודש ע"פ הראי', און מ'האט קובע געווען די חדשים ע"פ החשבון על כל הדורות כולם (כולל אויך דורנו זה) - האט מען מתקן געווען אז מ'זאל ניט דארפןווארטן ביז דעם טאג פון ר"ח אויף צו וויסן ווען איז ר"ח,

[ווארום: (א) מ'דארף האבן צייט אז מ'זאל זיך קענען צוגרייטן צו ר"ח, און (ב) ר"ח קען דאך אויסקומען אין א זמן ווען ס'איז שווער צוזאמענקלייבן דעם ציבור און מפרסם זיין אז היינט איז ר"ח, דערפאר וואס דאס איז יום העבודה און יום המעשה.

- אע"פ -

- אע"פ אז פון לשון הכתוב'דעט מען אז ר"ח איז נים "יום המעשה" - איז דאך דאס ערשט נאך דער הכרזה אז דער טאג איז ר"ח, וכידוע אז בזמן שהיו מקדשין ע"פ הראי', איז בתחלת היום נאך געווען א ספק צי דער טאג וועט נקבע ווערן אלס ר"ח אדער ניט, ובמילא איז דאס נאך געווען "יום המעשה", און ערשט לאחרי ההכרזה אז דער טאג איז ר"ח, האט מען געוואוסט אז ס'איז ניט קיין "יום המעשה", (אדער אז ס'איז נתברר געווארן אז דאס איז טאקע "יום המעשה", און ר"ח וועט ערשט זיין מארגן)],

נאר אין דעם שבת שלפני ר"ח (שבת מברכים) זאל מען דעמולט מכריז זיין ווען איז ר"ח.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שייכות צווישן שבת מברכים מיט ר"ח - אז דער ענין פון שבת מברכים קומט אנשטאט די הכרזה וואס מ'האט מכריז געווען בר"ח אז דער טאג איז ר"ח.

ג. און וויבאלד אז שבת מברכים איז פארבונדן מיט ר"ח, איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד ר"ח טבת איז פארבונדן מיט חנוכה (דערפאר וואס ער איז אין ימי חנוכה), איז שבת מברכים חודש טבת אויך פארבונדן מיט חנוכה.

און אפי' ווען שבת מברכים טבת פאלט אויס נים אין ימי חנוכה (כקביעות שנה זו), וואס דעמולט איז לכאו' ניט מודגש די שייכות פון שבת מברכים טבת מיט חנוכה - איז דאס אבער מודגש מצד דעם קשר ושייכות מיוחדת וואס איז דא צווישן שבת מברכים און ר"ח (אז שבת מברכים קומט אנשטאט די הכרזה וואס איז געווען בר"ח),

[וואס די שייכות צווישן שבת מברכים מיט ר"ח, איז ניט אזוי ווי די שייכות פון שבת מברכים מיט די איבעריקע ענינים וועלכע ווערן נקבע בדרך ממילא אין שבת מברכים - ע"ד ווי שבת מברכים ניסן איז קובע ווען וועט זיין דער טאג פון פסח; ווארום די שייכות פון שבת מברכים מיטן טאג פון פסח (וועלכן ער איז קובע) איז א ווייטע שייכות, משא"כ די שייכות פון שבת מברכים מיט ר"ח, וואס דאס איז (ניט נאר מצד דעם וואס דעמולט ווערט נקבע ווען וועט זיין ר"ח, נאר) מצד דעם וואס ער קומט אנשטאט די הכרזה וואס איז געווען בר"ח],

וואס דאס איז מדגיש דעם ענין המיוחד וואס איז דא אין שבת מברכים טבת - אז ער איז פארבונדן מיט ימי חנוכה וכל עניני חנוכה.

- ד. -

------------

1) ש"א כ, יט.

הנחת הח' בלתי מוגה

ד. די שייכות פון דעם שבת מיט ימי חנוכה - ווערט נאך געשמאקער ע"פ המבואר אין תורת החסידות[2] די שייכות צווישן חנוכה מיט י"ט כסלו (וואס דאס איז דאך דער שבת שלאחרי י"ט כסלו):

דער ענין פון י"ט כסלו איז, אז דעמולט האט זיך אויפ-געטאן דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה"[3], וואס די "מעיינות" פון תורה איז דאס דער ענין פון פנימיות התורה, ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[4] בארוכה.

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון חנוכה - ווארום דער אור המנורה פון ביהמ"ק (וואס דערמיט זיינען פארבונדן נרות חנוכה) איז בדוגמת הענין פון פנימיות התורה.

עאכו"כ ווי דאס קומט ארויס אין דעם מספר פון ימי חנוכה אין נרות חנוכה, וואס מספרם איז שמונה:

עס איז מבואר אין השובות הרשב"א[5] דער חילוק צווישן מספר שבעה מיט מספר שמונה, אז מספר שבעה איז פארבונדן מיט שבעת ימי ההיקף (וועלכע זיינען בגילוי), משא"כ מספר שמונה איז דער ענין המקיף אויף די שבעה ימים.

וואס דאס איז בדוגמת הענין פון פנימיות התורה - וואס פנימיות התורה (סודות התורה) זיינען אין אן אופן של מקיף (ניט בגילוי) לגבי נגלה דתורה.

ובפרט ע"פ המבואר אין דרושי חסידות[6] אז דער ענין פון "שמן" (וואס איז פארבונדן מיט חנוכה) באווייזט אויף "רזין דרזין" פון תורה (ניט נאר רזי תורה), וואס דערפאר איז שמן צף על גבי יין[7], וויבאלד אז "יין" איז רזי תורה, און "שמן" איז "רזין דרזין" פון תורה.

[וכמדובר כמ"פ[8] אז דער ענין פון תורת החסידות איז נאך העכער אפי' פון רזין דרזין פון תורה, ווארום וויבאלד אז מ'זאגט אז חסידות איז מבאר די ענינים פון קבלה, וואס קבלה איז כולל רזין און רזין דרזין פון תורה - איז דערפון גופא וואס חסידות קען מבאר זיין רזין דרזין דתורה, איז א הוכחה אז חסידות נעמט זיך פון אן ארט וואס איז נאך העכער אפי' פון רזין דרזין דתורה - דאס איז דער עצם הענין פון "סתימו דכל סתימין", און נאך העכער דערפון].

- וואס -

------------

2) ראה לקו"ש ח"ה ע' 442 ואילך. וש"נ. 3) ראה תו"ש ס"ע 112 ואילך. 4) די"ט כסלו. 5) ח"א ס"ט. 6) אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך. 7) טבול יום פ"ב מ"ה. 8) ראה קונטרס ענינה של תורת החסידות ס"ו ובהע' 40 שם. לקו"ש וישלח-י"ט כסלו תשל"ז ס"י. ובכ"מ.

וואס ע"פ הנ"ל איז יומתק יותר די שייכות פון דעם שבת (דער שבת שלאחרי י"ט כסלו) מיט ימי חנוכה.

ה. "והמעשה הוא העיקר"[9] - אזוי ווי אין אלע ענינים שבתורה, אז דערנאך דארפן זיי אדאפקומען אין א "בכן" אין שכל גופא, ביז אין א דין והלכה בנוגע למעשה בפועל, אדער עכ"פ אין א "מנהג ישראל", וואס "מנהג ישראל תורה הוא"[10].

[בידוע דער גודל הענין פון א "מנהג ישראל" - ע"פ המבואר[11] דער גודל הענין פון הקפות, וואס דאס איז דאך נאר א "מנהג ישראל", און אעפ"כ איז די שמחה פון הקפות גרעסער אפי' פון שמחת בית השואבה:

בזמן שביהמ"ק הי' קיים, איז געווען דער ענין השמחה וואס איז פארבונדן מיט ניסוך היין - וואס "יין" איז פארבונדן מיט דעם ענין השמחה, וואס דערפאר איז "אין אומרים שירה אלא על היין"[12], און ווי ס'שטייט[13] אז "יין" איז "משמח אלקים ואנשים";

דערנאך איז געווען דער ענין השמחה וואס איז פארבונדן מיט ניסוך המים - אין שמחת בית השואבה, וואס די שמחה פון שמחת בית השואבה איז געווען נאך גרעסער פון דער שמחה פון ניסוך היין, אע"פ אז ניסוך היין איז מדאורייתא, און ניסוך המים איז מערניט ווי מדרבנן.

דערנאך איז דא די שמחה פון הקפה, וואס אע"פ אז דאס איז מערניט ווי א מנהג (אפי' ניט ווי ניסוך המים וואס שטייט אין תושבע"פ), איז אבער די שמחה פון הקפות נאך גרעסער ווי די שמחה פון שמחת בית השואבה,

ווארום אין שמחת בית השואבה איז געווען א חילוק צווישן די גדולים שבעם, ראשי ישיבות והסנהדרין וכו', וואס זיי זיינען געווען "מרקדין כו' ומשמחין", משא"כ "כל העם", וואס זיי זיינען געקומען נאר "לראות ולשמוע"[14]; משא"כ די שמחה פון הקפות, וואס אין איר איז ניטא קיינע חילוקים צווישן אידן.

און די שמחה פון הקפות דערנעמט אפי' די רגלים - ניט נאר שירה בפה און טיפוח בידים, נאר דער עיקר איז - ריקוד ברגלים. און די שמחה פון הקפות איז דא אויך לאחרי שחרב ביהמ"ק.

- וואס -

---

9) אבות פ"א מי"ז. 10) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב.
11) לקו"ת סוכות עט, ד ואילך. ועוד. 12) ברכות לה, א.
13) שופטים ט, יג. 14) סוכה נא, סע"א במשנה. רמב"ם הל' לולב פ"ח הי"ד.

וואס דערפון זעט מען דעם גודל המעלה פון "מנהג ישראל"[15].

און די אלע ענינים (אין וועלכע דער ענין פון תורה קומט אראפ) דארפן געטאן ווערן מתוך שמחה וטוב לבב, אזוי ווי אלע ענינים פון מצוות וואס דארפן געטאן ווערן מתוך שמחה של מצוה.

און ווי דער בעל השמחה והגאולה (פון י"ט כסלו) ברענגט אראפ אין תו"א[16] אז די גדלות פון דעם אריז"ל איז געקומען דערפאר וואס ביי אים איז געווען דער ענין פון שמחה של מצוה ביתר שאת וביתר עז.

וואס אויב דער אריז"ל האט געדארפט אנקומען צו דעם ענין פון שמחה של מצוה, איז עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן קטנים ופחותים הימנו.

און וואס דארף מען האבן א גרעסערע ראי' אויף דעם ענין - נאך דעם פס"ד פון רמב"ם[17] אז "השמחה שישמח אדם בעשיית המצוה כו' עבודה גדולה היא", און ווי ער ברענגט דארטן דעם פסוק[18] "מפזז ומכרכר לפני ה'".

און מקרא מלא דבר הכתוב[19] "עבדו את ה' בשמחה" - וואס עבודת ה' דארף דאך זיין אין "כל מעשיך" און אין "כל דרכיך"[20], עאכו"כ ווען עס קומט צו א מצוה וואס שטייט אין תושב"כ אדער אין תושבע"פ, ביז צו א "מנהג ישראל" וואס "תורה הוא".

וכאמור לעיל אז פון יעדער ענין אין תורה דארף ארויס-קומען א הוראה בנוגע למעשה בפועל - אנהויבנדיק פון דעם ענין שבשכל, דער "בכך" פון דעם שכל, וואס דאס איז דער ענין פון לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא[21], ביז וואנעט אז דאס קומט אראפ אין מעשה בפועל.

ו. ובנוגע לענינינו:

אין י"ט כסלו האט זיך דאך אנגעהויבן דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" מיט א שטורעם, און אין אן אופן פון "ואני המתחיל"[22] - דער בעל השמחה והגאולה אליין, וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער ענין פון אמירת חסידות (וואס דאס איז געווען עיקר ענינו) בפרסום, מיט אלע פרטים שבזה, ווי דערציילט דורך רבותינו נשיאינו[22] דער שינוי וואס איז געווארן לאחרי י"ט כסלו.

- וואס -

------------

15) תולדות כ, ב. 16) שם הט"ו. 17) ש"ב ו, טז. 18) תהלים ק, ב. 19) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 20) יומא כו, א. 21) ל' המדרש - שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו. 22) ראה תו"ש שם. ועוד.



הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דאס ווערט א נתינת כח, אן עידוד און הוראה, לכל ההולכים בעקבותיו, און דורך זיי - לכל אחד ואחת מישראל - אז בא זיי זאל אויך ארויסקומען א הוספה אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה",

און דורך דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" זאל דאס ארויסקומען אין אלע ענינים וועלכע נעמען זיך פון די "מעיינות" - וואס פון דעם "מעין" נעמט זיך דער "נהר", און פון דעם "נהר" נעמט מען "מים", כדי אז פון דער זריעה זאלן אויסוואקסן פירות און פירי פירות - וואס דאס איז דער כללות הענין פון תורה ומצוותי׳[23].

און טאן די אלע ענינים מתוך שמחה וטוב לבב - וואס דאס איז פורץ אלע גדרים און מדידות והגבלות בעצמו, און ס׳איז אויך פורץ די גדרים און מדידות והגבלות פון די דברים הגשמיים מיט וועלכע ער טוט די ענינים פון עבודת ה׳,

ביז אז דאס איז פורץ די שירייס פון דעם גלות פון עקבתא דמשיחא - אז עס ווערט דער "יעלה הפורץ לפניהם"[24], דא מלכא משיחא, בקרוב ממש.

* * *

ז. נוסף אויף די ענינים וועגן וועלכע עס האט זיך גערעדט פריער, קומט צו בשנה זו נאך אן ענין - אז די התוועדות קומט פאר בערב חנוכה ממש, אין ליל כ"ד כסלו.

אע"פ אז די סיבה ראשונה צוליב וועלכע מ׳האט איבער-געשטעלט די התוועדות פון שבת אויף מוצאי שבת, איז געווען אן ענין וואס מ׳דארף אים מהפך זיין ממרירו למיתקא,

- און אידן קענען דאך אויפטאן אלע ענינים, עאכו"כ דעם ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא, וואס דאס איז דאך אן עיקר אין עבודה -

איז דאך אבער סוכ"ס דער מעשה בפועל - אז די התוועדות קומט פאר אין ערב חנוכה ממש.

וואס דאס איז דער לעצטער טאג אויף צו טאן אין די הכנות פון חנוכה - ווארום דער טאג איז דער "ערב" פון חנוכה, אזוי ווי ערב שבת, ערב יו"ט, ערב ר"ה, ערב יוהכ"פ און ערב ר"ח, אזוי איז אויך ערב חנוכה.

ח. בנוגע צו ערב חנוכה, קומט צו נאך אן ענין (וואס איז ניטא אין דעם ערב פון אן אנדער יו"ט):

- עיקר -

---

23) ראה סוטה מו, סע"א. 24) ע"פ מיכה ב, יג. וראה ב"ר פפ"ה, יד.

עיקר המצוה פון חנוכה איז דאך - הדלקת נרות חנוכה[25] (ווארום דאס איז פארבונדן מיטן נס פון פך השמן[26]), און בנוגע צו הדלקת נר חנוכה, איז דאך דער דין אז דאס דארף זיין אין ערב חנוכה דוקא, ווארום דאס דארף זיין "משתשקע החמה"[27], פאר צאת הכוכבים, וואס ע"פ דין איז נאך דעמולט "יום" (ערב חנוכה).

[ווען ס'איז ניטא קיין אנדער ברירה, לדוגמא: במוצאי שבת, וואס דעמולט קען מען ניט אנצינדן נרות חנוכה פאר צאת הכוכבים, ווארום ס'איז אסור ע"פ התורה, צינדט מען אן אין דעם טאג פון חנוכה עצמו (ניט פאר נאכט), דאס איז אבער דערפאר וואס "אריא הוא דרביע עלי'"[28], ער טאר ניט אנצינדן פריער.

ועד"ז אויב מאיזה סיבה שתהי' האט ער ניט אנגעצונדן גלייך "משתשקע החמה", איז דער זמן פון הדלקת נר חנוכה "עד שהכלה רגל מן השוק, עד דכליא ריגלא דתרמודאי"[29], ד.ה. אז דער זמן פון הדלקת נר חנוכה ווערט נמשך ביז אין דעם טאג פון חנוכה אליין (ניט נאר פאר נאכט);

אבער דער קיום המצוה כדבעי לכהוי, איז איינגעשטעלט געווארן מלכתחלה, אז מ'מוז אנצינדן נר חנוכה גלייך "משתשקע החמה", פאר צאת הכוכבים, ד.ה. אין ערב חנוכה].

עס איז דא דער ענין פון תוספת מחול על הקודש, וואס דער ענין איז דא אין שבת, אין יו"ט און אין ר"ה ויוהכ"פ (ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בשו"ע שלו סיי אין הל' שבת[30] און סיי אין הל' יוהכ"פ[31]) - ווערט דאך דאס אבער אנגערופן בשם "תוספת", ד.ה. עס איז דא דער עיקר פון דעם שבת אדער יו"ט, און דערנאך איז דא א חיוב מוסיף זיין מחול על הקודש,

[ביז וואנעט אז עס ווערט א שאלה: צי דער ענין פון תוספת מחול על הקודש איז אן ענין השוה בכל השבתות והמועדים, אדער אז די תוספה האט א שייכות מיוחדת צו דעם ענין אויף וועלכן ער איז א תוספת, וואס דערפאר איז תוספת שבת ניט גלייך צו תוספת יו"ט וכו', ווי גערעדט אמאל בארוכה[32]];

משא"כ בנוגע צו חנוכה, וואס די מצוה פון הדלקת נר

- חנוכה -

------------

25) ראה מג"א או"ח ר"ס תרעו. 26) ראה פרש"י ד"ה מאי - שבת כא, ב. 27) שבת שם. טושו"ע או"ח ר"ס תערב. 28) עירובין עח, ב. 29) שבת שם. טושו"ע שם. 30) סרס"א ס"ד. 31) סתר"ח ס"א. 32) ראה שיחת אחש"פ תשל"ח סי"ג ואילך.

חנוכה דארף זיין גלייך "משתשקע החמה", פאר צאת הכוכבים, ד.ה. נאך אין ערב חנוכה.

וואס איינער פון די ביאורים בזה (וואס הדלקת נר חנוכה דארף זיין פאר צאת הכוכבים), איז:

דער גאנצער עניך פון נרות חנוכה איז דאך פארבונדן מיטן נס וואס איז געווען אין די נרות פון ביהמ"ק, אז מ'האט געפונען א "פך אחד של שמן" וואס "לא הי' בו אלא להדליק יום אחד, נעשה בו נס והדליקו ממנו שמונה ימים"[33] - און הדלקת המנורה אין ביהמ"ק איז געווען קודם צאת הכוכבים דוקא.

[הדלקת המנורה אין ביהמ"ק האט גאר געדארפט זיין ביום, אפי' פאר שקיעת החמה, דאס איז דאך אבער אויך געווען פאר צאת הכוכבים - און דערפאר קומט דאס ארויס אין נרות הנוכה, אז הדלקתם דארף זיין קודם צאת הכוכבים, וואס בנוגע לכמה ענינים רעכנט זיך דאס אלס דעם יום שלפנ"ז].

וואס דערפון זעט מען אז דער קשר צווישן ערב חנוכה מיט חנוכה, איז מער ווי דער קשר פון אלע איבעריקע ימים טובים מיט זייער "ערב" (וואס אין זיי דארף אויך זיין די הכנה צום יום (אדער ימים) שלאח"ז).

ט. "והמעשה הוא העיקר" (וואס בשעת מ'רעדט וועגן מעשה בפועל, דארף מען ניט האבן די אלע לימודים והסברות):

מ'זעט דאך בפועל, אז כדי מ'זאל אנצינדן נרות חנוכה בעתם ובזמנם (און ניט אריינציען דאס נאך דעם זמן פון "משתשקע החמה"), דארף מען מאכן די אלע הכנות דערצו נאך אין ערב חנוכה.

און מצד דעם עניך פון "ואהבת לרעך כמוך"[34], איז דאך א הכרח צו טראכטן און זעהן אז א צווייטער איד זאל אויך קענען מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, און אין אן אופן פון "כמוך" - פונקט אזוי ווי ער מאכט די אלע הכנות בעתם ובזמנם בנוגע צו זיך.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עס מוז זיין דער גאנצער שטורעם און די הכנה צו חנוכה נאך אין ערב חנוכה, סיי בנוגע צו זיך און סיי בנוגע צו א צווייטן אידן.

ובפרט אז לויט תורת החסידות (וואס זי איז מיוסד אויף נגלה שבתורה), און לויטן ביאור פון דעם אלטן רבי'ן אין

- פרק -

---

33) שבת שם. 34) קדושים יט, יח.

פרק ל"ב פון תניא - ווערן נכלל אין "ואהבת לרעך כמוך" אויך אזוינע אידן וואס מסיבות שונות ומשונות ווייסן זיי ניט פון דעם גאנצן ענין פון חנוכה,

און אפי' אויב זיי ווייסן דערפון - ווייסן זיי ניט דעם גודל הענין ותשיבותו, און אפי' אויב זיי ווייסן דעם גודל הענין - ווייסן זיי ניט די פרטי דינים ווי אזוי מ'דארף מקיים זיין די מצוה, און אפי' אויב זיי ווייסן דאס - קען זיין אז מאיזה סיבה שתהי' איז בא זיי ניטא קיין שמן און פתילה און א נר מיט וועלכן צו אנצינדן און דורך דערויף מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נר חנוכה.

וכידוע דאס וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דערציילט, אז ווען עס האט זיך געערעדט וועגן דעם מאמר הגמרא[35] "כל מי שאין בו דעה אסור לרחם עליו", האט אים זיין פאטער אנגערופן ביים נאמען, און האט אים געזאגט: זע וואס פאר א רחמנות דארף מען האבן אויף אזא וואס מ'זאגט אז אסור לרחם עליו!

וואס די אלע פרטים זיינען מכריח אז בערב חנוכה זאל מען טאן אין "מבצע חנוכה" ביתר שאת וביתר עז, און מיטן גאנצן שטורעם, ביז אז מ'זאל באווארענען אז יעדער איד (וואס גייט אריין אין דעם כלל פון "רעך" - וואס דאס איז דאך יעדער איד) זאל מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נר חנוכה.

י. ובנוגע לפועל:

מ'זאל אויסנוצן די שעות וואס זיינען נאך געבליבן צום "משתשקע החמה" פון דעם ערשטן טאג פון חנוכה,

וואס אין אים זיינען דאך כלול אלע טעג פון חנוכה - ניט נאר לדעת ב"ש[36] אז "יום ראשון מדליק שמונה", נאר אפי' לויט (ווי די הלכה איז כ)ב"ה - ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר באריכה[37], אז אין דעם ערשטן טאג פון חנוכה זיינען כלול אלע שמונת ימי חנוכה.

[וואס אין דערויף איז דא א נפק"מ בנוגע לפועל - ווי דער ראגאטשאווער[38] איז מבאר די נפק"מ, צי מ'זאגט אז די שמונה ימי חנוכה זיינען אכט באזונדערע מצוות, אדער אז דאס איז איין מצוה וואס ווערט נמשך במשך פון שמונה ימים (נאר מיט שינויים - דעם ערשטן טאג מערניט ווי איין ליכטל, דעם צווייטן טאג צוויי ליכטלעך א.ז.וו.), וואס אין כאן המקום להאריך בזה].

- און -

------------

35) ברכות לג, א. 36) שבת שם. 37) שערי אורה ד"ה בכ"ה בכסלו פמ"ב (יז, ב). 38) צפע"נ מהד"ת ע' קית.

הנחת הת' בלתי מוגה

און מ׳זאל זיך ניט פארלאזן אז טאמער מ׳וועט זיך ניט אויספראווען באווארענען דעם אידן צו "משתשקע החמה" פון דעם עדשטן טאג, וועט מען אים באווארענען עכ"פ בנוגע צו דער צווייטער אדער דער דריטער ליכטל וכו׳, אדער אפי׳ אויך בנוגע צום ערשטן ליכטל - ביז חצות לילה, אדער "כל זמן שבני הבית נעורים", מיט אלע פרטים בזה אין שו"ע[39] -

אזא הנהגה איז שלא במקומה ושלא בזמנה אפי׳ בנוגע לכל שאר המצוות, עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן דער מצוה פון נר חנוכה, אויף וועלכע מ׳זאגט אז דאס איז דער ענין פון "נר מצוה ותורה אור"[40], וואס דאס איז כולל כל המצוות כולם[41],

ביז וואנעט אז דאס איז פאדבונדן מיט נרות המנורה שבביהמ"ק, וואס "משם אורה יוצאה לעולם"[42], עס באלייכט די גאנצע וועלט, מיטן העלם והסתר פון דער וועלט, אז דארטן זאל ווערן ליכטיק,

ביז וואנעט אז דאס ווערט די הכנה קרובה צום "והקמונו עליו שבעה רועים ושמונה נסיכי אדם"[43] - וואס די צוויי ענינים ("<u>שבעה</u> רועים" און "<u>שמונה</u> נסיכי אדם") זיינען דא אין נרות חנוכה[44]: נרות חנוכה זיינען פארבונדן מיטן נס וואס איז געווען אין דער מנורה פון ביהמ"ק, וואס דארטן זיינען געווען <u>שבעה</u> נרות - "שבעה רועים", און דערפון איז ארויסגעקומען די מצוה פון נרות חנוכה, וואס מ׳צינדט אן <u>שמונה</u> נרות - "שמונה נסיכי אדם".

יא. און מ׳האט די הבטחה אז ווען מ׳וועט טאן אין די אלע ענינים, וועט מען מצליח זיין, ווארום אע"פ אז "אני ישנה בגלותא"[45], איז אבער "לבי ער להקב"ה"[46] און "לבי ער במצוות"[47] - וואס אזוי ווערט דאס בנוגע צו מצות נר חנוכה, און דורך דעדויף - בנוגע לכל המצוות כולם.

ביז אז עס ווערט דער "יעלה הפורץ לפנינו", וואס דעמולט וועט מען אנצינדן די מנורה פון ביהמ"ק, צוזאמען מיט נרות חנוכה.

און לויט ווי מ׳זאגט אין "אני מאמין" "אחכה לו <u>בכל יום</u> שיבוא" - קען דאס נאך זיין בנוגע צו נרות חנוכה פון תשל"ט, ויה"ר שיהי׳ כן, און ניט נאר בנוגע צו די נרות

- וואס -

---

39) או"ח סו"ס תערב ובמג"א שם. 40) משלי ו, כג. וראה פרש"י ד"ה בנים - שבת כג, ב. 41) ראה סוטה כא, א.
42) ירושלמי ברכות פ"ד סוף ה"ה. וראה פרש"י ד"ה שקופים - מנחות פו, ב. 43) מיכה ה, ד. 44) ראה תו"א לג, ג ואילך.
45) שה"ש ה, ב. זח"ג צה, א. 46) יל"ש עה"פ שה"ש שם.
47) יל"ש שם.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

וואס זיינען נאך דעם נר ראשון, נאר אויך בנוגע צום נר ראשון, וואס ער איז דאך דער עיקר.

ובכן תהי' לנו - ווי מ'האט געזאגט אין הבדלה "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר כן תהי' לנו" - וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט פורים[48], נאך זייענדיק אין זמן הגלות, ווען "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[49],

און דערפון וועט מען גלייך קומען צו חנוכה, אין אן אופן אז "יראה כהן בציון" - אז כל העם וועט זעהן ווי אזוי די כהנים צינדן אן די מנורה אין ביהמ"ק, און צוזאמען דערמיט וועט יעדערער אנצינדן נרות חנוכה "על פתח ביתו מבחוץ"[50],

און דאס וועט ברענגען אז נאך אין די ענדע פון זמן הגלות וועט זיין "כליא ריגלא דתרמודאי", ווי עס ברענגט זיך אראפ אין חסידות[51] דעם אפטייטש וואס שטייט אין קבלה[52] אז "תרמוד" איז אותיות "מורדת" - וואס דאס איז מתאים דערמיט וואס די גמרא[53] דערציילט אז "תרמודאי" זיינען געווען עבדי שלמה וואס האבן מורד געווען אין די ענינים פון שלמה המלך (די ענינים פון אידישקייט), וואס דערפון איז דערנאך ארויסגעקומען דער עניך פון די יונים און מלחמת היונים - וועט זיין דער כליון שלהם, ביז אין אן אופן פון "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[54].

און ס'וועט זיין די גאולה שלימה און די גאולה האמיתית, דורך איינעם פון די "שמונה נסיכי אדם", און דער מיוחד שבהם - משיח צדקנו[55], בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

יב. המדובר לעיל בנוגע צו "מבצע חנוכה", איז געזאגט געווארן בנוגע לכל אחד ואחת, ווי די גמרא[56] זאגט אז "נשים חייבות בנר חנוכה שאף הן היו באותו הנס",

ובפרט לויט ווי עס ווערט געבראכט אין ראשונים[57] און אין פרש"י[58] וכו', אז "ע"י אשה נעשה הנס" - ביז וואנעט אז מ'שטעלט זיך[59] אויף דעם לשון "אף הן היו באותו הנס", וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

- וואס -

---

48) אסתר ח, טז. 49) מגילה יד, א. 50) שבת כא, ב. טושו"ע או"ח סתרע"א ס"ה. 51) אוה"ת חנוכה כרך ה תתקמא, ב. סד"ה מצותה משתשקע תרע"ח. ועוד. 52) עה"מ שער קרית ארבע ד"פ קיא. קה"י ערך תרמוד. ועוד. 53) יבמות טז, ב ואילך. 54) זכרי' יג, ב. 55) סוכה נב, ב. 56) שבת כג, א. 57) רשב"ם הובא בתוד"ה היו - פסחים קח, ריש ע"ב. ד"ה שאף - מגילה ד, א. 58) ד"ה היו - שבת כג, רע"א. 59) תוס' שם.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז זיי דארפן זיך אויך משתדל זיין אין דעם ענין פון "מבצע חנוכה" סיי בנוגע צו זיך, און סיי בנוגע צו א צווייטן, אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך", וואס דאס איז דאך א מ"ע אין וועלכע נשים זיינען מחוייב אזוי ווי אנשים[60].

און דאס איז געװארן בנוגע לכל אחד ואחת מיט וועלכע מ'דארף טאן אין "מבצע חנוכה" - אפי' בנוגע צו די וואס ווייסן וועגן דעם ענין פון חנוכה, נאר זייער ידיעה איז ניט בשלימות, ווי דערמאנט פריער (ס"ט).

יג. עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אזוינע אידן וואס אויב מ'וועט זיי ניט העלפן מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, וועלן זיי ניט קענען מקיים זיין די מצוה, דערפאר וואס זיי זיינען אין א מעמד ומצב וואס "אונס רחמנא פטרי'"[61],

וואס דאס זיינען די וואס געפינען זיך אין בית האסורים, אדער אין בית הרופאים, וואס זיי געפינען זיך דארטן אין א מעמד ומצב וואס "אינו יכול לזוז משם אפילו זיז כל שהוא" (ווי ער זאגט אין די דרושי חתונה[62]) - זיינען זיי אין א מעמד ומצב פון אנוסים,

מוז מען זיי באזאָרגן מיט אלע ענינים וואס זיינען שייך צו הדלקת נר חנוכה - זיי זאלן האבן נר, שמן און פתילה, און האבן דעם נוסח הברכה (מיט אלע ענינים וואס זיינען שייך דערצו),

און לפעמים - דארף מען אויך באקומען א רשיון פון הנהלת הבית אז מ'זאל זיי לאזן מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, ווארום לולא זאת, איז אפי' אז מ'וועט זיי צושטעלן אלע ענינים, וועט מען זיי דערנאך ניט לאזן ח"ו מקיים זיין די מצוה.

וואס אויף צו באקומען דעם רשיון, דארף מען טאקע האבן דעם רצון פון די וואס געפינען זיך אין די בהים (ובפרט אז מ'וויל דאך אז זיי זאלן מקיים זיין די מצוה בשמחה וטוב לבב), וויבאלד אבער אז "אין חבוש מתיר עצמו מבית האסורים"[63], דארף מען אנקומען צו אזא וואס געפינט זיך מחוץ לבית האסורים, אז ער זאל אדויסבאקומען דעם רשיון,

- און -

---

60) ראה שיחת אוד ליום ועש"ק ויק"פ תשל"ז הע' 6 (נדפסה בהוספה לקונטרס אהבת ישראל הוצאה מיוחדת למשפיעים).
61) ב"ק כח, ב. וש"נ. 62) ד"ה כל הנהנה תרפ"ט פ"י (סה"מ קונטרסים ח"א כז, א). 63) ברכות ה, ב.

און ווי מ'זעט בפועל, אז ערשט נאך דערויף וואס דער אסיר וויל און בעט אז מ'זאל אים לאזן מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, מוז ער אויך אנקומען צו איינעם וואס געפינט זיך מחוץ לבית האסורים, אז יענער זאל ארויסבאקומען דעם רשיון, און זעהן אז דערנאך זאל מען אים טאקע צושטעלן די אלע ענינים וואס ער האט זיי נים דארטן מן המוכן.

יד. דעם ענין אז מ'דארף טאן אויך מיט א צווייטן אידן, און באזארגן אים מיט אלץ וואס מ'דארף האבן - לערנט מען אפ פון משה רבינו [וואס ער איז געווען דער ערשטער וואס האט באקומען די תורה - "משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע כו'"[64], עד סוף כל הדורות]:

ענינו של משה רבינו איז געווען "ומשה הי' רועה"[65], וואס דער ענין פון א "רועה" איז, אז ער באזארגט די צאן מיט אלע ענינים וואס זיי דארפן האבן[66].

און וויבאלד אז ענינו של משה רבינו איז "ומשה הי' רועה" - דארף דאס ארויסקומען בא יעדער אידן, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[67], אז מצד דערויף וואס משה רבינו איז "רעיא מהימנא", איז דא בא יעדער אידן א ניצוץ פון משה רבינו - ווארום דאס איז ענינו פון א רועה נאמן (איבערגעבן זיינע ענינים צו צאן מרעיתו).

און ער ברענגט אויף דערויף א הוכחה פון נגלה (פון אן ענין של פועל): אויפן פסוק[68] "ועתה ישראל מה ה' אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה את ה'", זאגט די גמרא[69] אז יראה איז א "מילתא זוטרתי" דערפאר וואס "לגבי משה" איז יראה א "מילתא זוטרתי".

ד.ה. אז מצד דערויף וואס בא יעדער אידן, בכל מקום ובכל זמן, עד סוף כל הדורות, איז דא א ניצוץ פון משה רבינו, איז "ה' אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה את ה'" - יראה איז ביי אים א "מילתא זוטרתי", עס איז נאר תלוי בבחירתו, ווארום ער האט טאקע די זאך מיטן גאנצן שטורעם, עס דארף אבער זיין דער "ובחרת בחיים"[70] אז עס זאל ארויס-קומען אין א פועל - אז ס'זאל זיין "ליראה את ה'".

וואס בשעת אז ביי אים וועט זיין דער ענין פון "ליראה את ה'", וועלן בדרך ממילא ארויסקומען די אלע ענינים וואס וועלן אויסגערעכנט אין המשך הכתובים.

- און -

------------

64) אבות רפ"א. 65) שמות ג, א. 66) ראה שמו"ר פ"ב, ב. 67) רפמ"ב. 68) עקב י, יב. 69) ברכות לג, ב. 70) ל' הכתוב - נצבים ל, יט.

און ווי דוד האט געזאגט צום אויבערשטן "ממך למדתי"71, אז ער הויבט אן מיט "כי אם ליראה את ה'", און דערנאך איז ער ממשיך די אלע איבעריקע ענינים - וואס דערפאר האט דוד אויך געטאן אזוי: ער האט אנגעהויבן מיט "אחת שאלתי"72, און דערנאך האט ער ממשיך געווען די אלע ענינים וואס ער רעכנט אויס.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר ושייכות שביניהם - אז דורך דערויף וואס א איד איז מקיים דאס וואס דער אויבערשטער בעט "כי אם ליראה את ה'", און אין אן אופן אז דערנאך קומט דאס ארויס אין די אלע ענינים וואס ער רעכנט אויס אין פסוק - איז דער אויבערשטער מקיים דעם "אחת שאלתי", צוזאמען מיט די אלע ענינים וואס שטייען נאך דערויף, ביז צו "לחזות בנועם ה' ולבקר בהיכלו",

וואס דאס איז דאך דער ענין הגאולה האמיתית והשלימה, סיי די גאולה הפנימית, און סיי די גאולה כפשוטה, וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"73 אז ס'זאל זיין דער "לבקר בהיכלו", אין היכל ה' - דער ביהמ"ק השלישי, שיבנה בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

טו. און דאס איז נאכמער מדגיש דעם גודל הענין פון "מבצע חנוכה" בנוגע צו די וואס געפינען זיך אין בתי אסורים און בתי רופאים - סיי בנוגע צו די ערטער וואו מ'האט דאס דערווײלע נאך ניט געטאן, אז מ'זאל אנהויבן טאן אין דעם, און אפי' אין די ערטער וואו מ'האט דאס שוין געטאן, קען זיין אז מ'קען מוסיף זיין אין דערויף, ארער מחזק זיין אז דאס זאל אנהאלטן סיי דעם ערשטן טאג און סיי דעם צווייטן טאג א.ז.וו.

ועד"ז דארף מען אויך באווארענען בנוגע צו הדלקת נר חנוכה בערב שבת און במוצאי שבת, וואס דעמולט דארף מען דאך האבן א זהירות מיוחדת.

ואין לך דבר העומד בפני הרצון - אז מ'וועט נאר וועלן, וועט מען דאס אויספירן, און ווי מ'האט געזעהן בפועל אויך (ובפרט) בשנה זו, אז דארטן וואו מ'האט געוואלט און מ'האט אנגעהויבן טאן אין דעם, איז דאס געווען בהצלחה רבה ומופלגה, ביז בנוגע לפועל ממש.

און בנוגע צו די ערטער וואו מ'האט נאך ניט געטאן אין דעם - איז נאך דערויף וואס מ'האט שוין דורכגעטראכטן די

- וועג -

---

71) ילק"ש תהלים רמז תשו בסופו. 72) תהלים כז, ד. 73) שבת סג, א. וש"נ.

וועג (אויך בשנה זו) אין אנדערע מקומות, קענען זיי זיך נאכפרעגן בא די וואס האבן שוין געטאן אין דעם און מצליח געווען - ווי אזוי צו טאן אין דעם אין אנדערע מקומות.

ועאכו"כ אז די וואס האבן שוין געטאן אין דעם, וועלן זיי זיכער ממשיך זיין צו טאן אין דעם - ביז אז עס וועט קומען דער אכטער טאג פון חנוכה, וואס דעמולט וועט זיין דער סיום פון "מבצע חנוכה" בנוגע לשנה זו (בנוגע צו הדלקת נר חנוכה, וואס דערפון ווערן נמשך די אנדערע ענינים פון חנוכה - "הלל והודאה" וכו').

וואס דאס איז די נקודה בנוגע למעשה בפועל וואס קומט ארויס פון דער גאנצער התוועדות - אז דארטן וואו מ'האט שוין געטאן אין דעם ענין פון "מבצע חנוכה" בנוגע לבתים אלו (בית האסורים און בית הרופאים), זאל מען דאס מחזק זיין אז ס'זאל אנהאלטן במשך פון כל ימי חנוכה, און באווארענען אויך דעם ענין פון שמירת שבת (וואס דאס איז דאך מן ההורה);

ועאכו"כ בנוגע צו די ערטער וואו מ'האט נאך ניט געטאן אין דעם (מאיזה סיבה שתהי') - זאל מען איצטער אנהויבן טאן אין דעם,

ובפרט ווי מ'זעט ווי עס פירט זיך בכל העולם כולו - אז ווען מ'קומט צוגיין און מ'זאגט אז במקום פלוני ובמדינה פלונית האט מען באקומען דעם רשיון, און דער רשיון איז ארויסגעגעבן געווארן מיטן גאנצן שטורעם, און ער איז עומד בתקפו, ובפרט נאך ווען ס'איז געגעבן געווארן אין א מדינה וואס האט א שם און גיט געלט וכו' - פועל'ט מען אז מ'זאל דאס אויך טאן בשאר המדינות.

סז. ויה"ר אז מ'זאל ממשיך זיין טאן אין "מבצע חנוכה", און טאן בעוד מועד, אזוי אז בא יעדער אידישע הויז, און בא יעדער אידן, וועט זיין דער קיום פון מצות הדלקת נר חנוכה,

און אפי' אויך בא די אידן וואס געפינען זיך אין בית האסורים אדער אין בית הדופאים וכיו"ב,

כולל אויך די אידן וואס געפינען זיך מאחורי מסך הברזל - וואס דאס איז א בית האסורים גדול, אויף וועלכן מ'איז שומר (דורך בשר ודם) מכל צד ופנה - וואס "אפילו מחיצה של ברזל אינה מפסקת בין ישראל לאביהם שבשמים"[74] מיט אלע זיינע ציוויים, עאכו"כ א ציווי כללי אזוי ווי מצות נר חנוכה.

- און -

------------

74) פסחים פה, ב.

און עס זאל מקוים ווערן בפועל ע"י כל אחד ואחת, ווי געזאגט פריער (סי"ב) אז "אף הן היו באותו הנס",

אנהויבנדיק פון דער ערשטער ליכטל, און דערנאך אין אלע טעג פון חנוכה, און אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור - ווארום דער קיום המצוה אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין" אין זמן הש"ס, איז דוקא אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא איז דאס געווארן א "מנהג פשוט" בא יעדער אידן, כפס"ד הרמ"א[75] - וואס "בנ"י יוצאים ביד רמה" - ביד רמ"א - כידוע[76] דער צחות וואס גדולי ישראל האבן געזאגט בנוגע צום רמ"א.

וכן תהי' לנו - דער קיום פון מצוה זו בפועל, מיט אלע כוונות, און די וואס זיינען ניט שייך צו מכוין זיין די אלע כוונות, וועלן זיי דאס טאן "לדעת זה התינוק"[77], וואס דעמולט ווערט דאס פאררעכנט אזוי ווי ער האט מכוין געווען כל הכוונות בשלימותם, כמבואר בכ"מ.

יז. און נאך זייענדיק אין עקבתא דמשיחא, אין דעם זמן פון חושך הגלות - וועט זיין דער מוסיף והולך ואור אין דעם "והוי' יגי' חשכי"[78],

און דאס וועט ברענגען אז בקרוב ממש וועט נהגלה ווערן דער "והוי'" (בוא"ו המוסיף), און וועט נמשך ווערן ביז למטה מטה אין עקבתא דמשיחא - אז ס'וועט נתגלה ווערן בגלוי דער שם הוי' בכלל, ועאכו"כ דער שם הוי' השני, וואס דאס איז הוי' דלעילא, כמבואר אין די דרושים אויף דעם פסוק[79],

וואס דעמולט וועט בדרך ממילא בטל ווערן אלע חשבונות וטעמים אויף דעם גלות, און ס'וועט בטל ווערן דער ענין הגלות.

און ס'וועט זיין "פתאום יבוא אל היכלו האדון"[80], צוזאמען מיט (און ע"י) מלכא משיחא, און כל אחד ואחת מישראל נגאלין מיד, אין אן אופן פון שמחה ורב טוב און אור וואס הויבט זיך אן פון דעם "לילה כיום יאיר"[81], נאך אין ליל הגלות.

און עס ווערט די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בפועל און למטה מעשרה טפחים, און אלע אידן זיינען מקבל פניו בשמחה,

- און -

---

75) או"ח סתרע"א ס"ב. 76) שו"ת שו"מ מהדורא תמישאה סת"י. 77) ראה דרמ"צ ריש ע' קית. 78) ש"ב כב, כט. 79) תו"א מא, א. שם, ג. שערי אורה כג, א ואילך. ועוד. 80) מלאכי ג, ובפרש"י. 81) תהלים קלט, יב.

און מ'גייט "קוממיות" אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[82], גאנץ ארץ ישראל לגבולותי', כולל אויך דעם "ירחיב ה' אלקיך את גבולך"[83], "מן הנהר נהר פרת ועד הים האחרון יהי' גבולכם"[84],

צוזאמען מיט שלימות התורה, און צוזאמען מיט שלימות העם - "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[85], "ושמחת עולם על ראשם"[86].

* * *

יח. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה להבין ענין חנוכה.

* * *

יט. כדגיל אפלערנען א פסוק מיט פרש"י פון פרשת השבוע (די פרשה וועלכע מ'האט געלייענט און געלערנט במשך כל השבוע שעבר, און געלייענט כל הסדרה כולה אין דעם שבת), און אויך אן ענין אין די הערות פון דעם טאטן אויפן זהר פון פרשה זו.

בתחלת הפרשה שטעלט זיך רש"י אויפן פסוק[87] "אלה תולדות יעקב", און נאך די גאנצע אריכות שבפרש"י (דער פירוש וואס איז ע"פ פשש"מ, און דער פירוש פון מדרש אגדה (ווי מ'האט שוין גערעדט וועגן דעם פרש"י אין די שנים שעברו)) איז ער ממשיך: "ועוד נדרש בו וישב ביקש יעקב לישב בשלוה, קפץ עליו רוגזו של יוסף. צדיקים מבקשים לישב בשלוה, אמר הקב"ה לא דיין לצדיקים מה שמתוקן להם לעוה"ב אלא שמבקשים לישב בשלוה בעוה"ז".

וואס אין דערויף איז דאך דא די שקו"ט הידועה - וואס ארט דעם אויבערשטן ח"ו אז צדיקים וועלן האבן סיי אין עוה"ב און סיי אין עוה"ז?! - ווי מפרשים שטעלן זיך אויף דערויף[88].

מ'דארף דאך אבער אנהויבן מיט אן ענין וואס איז פאר-בונדן מיט א תינוק "בן חמש למקרא"[89], וואס ער הויבט אן לערנען חומש מיט פרש"י - וואס ביי אים ווערט א קלאץ-קשיא:

ווען דער בן חמש למקרא לערנט אז "ביקש יעקב לישב בשלוה, קפץ עליו רוגזו של יוסף" - פרעגט ער: "רוגזו של יוסף" איז דאך געווען מעדנים ווי כ"ב שנה,

[וואָרום עס האט זיך אנגעהויבן ווען יוסף איז געווען

- בן -

------------

82) עקב יא, יב. 83) שופטים יט, ח. ספרי ופרש"י עה"פ.
84) עקב שם, כד. 85) ישעי' כז, יב. 86) שם לה, י.
87) לז, ב. 88) ראה בהנסמן בלקו"ש וישב ש.ז. הע' 3.
89) אבות פ"ה מכ"ב.

בן שבע עשרה שנה, ביז ווען יעקב איז אנגעקומען אין מצרים, וואס דאס איז געווען נאך דעריף וואס "ויוסף בן שלשים שנה"[90], און נאך די שבע שני השבע און שנתיים פון שני הרעב, ד.ה. ווען יוסף איז געווען בן ל"ט שנה - קומט דאך אויס אז "רוגזו של יוסף" איז געווען מערניט ווי כ"ב שנה (ווי רש"י[91] האט שוין געמאכט דעם חשבון פארוואס איז דאס געווען כ"ב שנה דוקא)],

און יעקב אבינו האט דאך געלעבט א סאך מער פון כ"ב שנה, ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין רש"י[92] אז ווען יעקב איז אנגעקומען אין מצרים איז ער געווען "בן ק"ל שנה", און דערנאך וועט ער לערנען אין פ' ויחי[93] אז "שני חייו" זיינען געווען "שבע שנים וארבעים ומאת שנה",

וואס בשעת מ'נעמט אראפ די כ"ב שנה פון "רוגזו של יוסף" פון קמ"ז שנה, בלייבן נאך א סאך יארן (רוב ימי חייו) וואס יעקב איז געווען אין א מעמד ומצב פון "שלוה" -

איז דאך אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: וואס זאגט מען אז מיטאמאל איז "ביקש יעקב לישב בשלוה" און גלייך איז געווען "קפץ עליו רוגזו של יוסף" - יעקב איז געזעסן אין אן אופן פון "שלוה" רוב ימי חייו?!

כ. אפי' אויב מ'וועט אנעמען דאס וואס ס'שטייט אין מדרש[94] אז בא יעקב איז געווען צרת לבן, צרת עשו וכו',

[און מ'וועט געפינען א תירוץ אויף דעם וואס רש"י באווארנט ניט (אפי' מיט א רמז) אז נוסף אויף דעם וואס יעקב איז ניט געווען "בשלוה" ווען ס'איז געווען "רוגזו של יוסף", איז ער ניט געווען "בשלוה" ווען ס'איז געווען צרת לבן און צרת עשו וכו' - ווארום ס'איז דאך ניט גענוג צו זאגן אז רש"י פארלאזט זיך אויף דעם אז ס'איז מעצמו מובן פון פשטות הכתובים],

וועט נאך אלץ בלייבן די קלאץ-קשיא:

צרת עשו האט זיך דאך אנגעהויבן ערשט נאך דעריף וואס יעקב האט באקומען די ברכות, וואס דאס איז געווען ווען ער איז געווען בן ס"ג שנה[95] - קומט דאך אויס אז ביי איט זיינען געווען 63 יאר וואס ער איז געווען "בשלוה"!

אין דעריף קומען נאך צו די י"ד שנה וואס "נטמן בבית עבר" (ווי רש"י[96] האט שוין געזאגט), וואס בשעת ער איז

- געווען -

---

90) מקץ מא, מו. 91) עה"פ תולדות כח, ט. 92) שם.
93) מז, כח. 94) ב"ר פפ"ד, ג. 95) פרש"י תולדות שם.
96) שם.

געווען באהאלטן אין בית עבר, האט ער ניט געהאט וואס צו מורא האבן פאר עשו׳ן.

און אפי׳ אויב מ׳וועט זאגן אז אויך ווען ער האט זיך באהאלטן אין בית עבר, האט ער אויך מורא געהאט פאר עשו׳ן – בלייבן נאך אבער ס"ג שנה אין וועלכע ער איז געווען "בשלוה".

כא. דערנאך קומען צו די 17 יאר וואס "ויחי יעקב בארץ מצרים שבע עשרה שנה"[97] – וואס דעמולט האט זיך שוין געענדיקט "רוגזו של יוסף", און דעמולט האט ער געהאט "שלוה" אמיתית,

ווי מ׳זעט אין פשוטם של כתובים אז יוסף האט געזאגט "ואתנה לכם את טוב ארץ מצרים ואכלו את חלב הארץ"[98], און זייענדיק אין מצרים האט יעקב געזעהן אז "עוד יוסף חי"[99], ביז אז די קינדער פון יוסף האבן געלערנט תורה בא יעקב׳ן (ווי ס׳שטייט אין מדרש[100] און רש"י[101] ברענגט דאס אראפ) – האט ער דאך דעמולט געהאט "שלוה" אמיתית.

עאכו"כ לויט דעם אפטייטש אין זהר[102] אויף "ויחי יעקב בארץ מצרים שבע עשרה שנה" – אז די "שבע עשרה שנה" זיינען געווען די <u>אמת׳ע</u> "שני חיי יעקב".

און אע"פ אז דער בן חמש למקרא האלט ערשט אין פ׳ וישב, און ער ווייסט נאך ניט די אלע פרטים – האט דאס אבער רש"י געדארפט באווארענען נאך דערויף וואס מ׳לערנט די אלע פרטים:

ווי זאגט מען אז ווען "ביקש יעקב לישב בשלוה" איז געווען "קפץ עליו רוגזו של יוסף" – בשעה מ׳זאגט אז די 17 יאר וואס ער איז געווען אין מצרים, איז ער געווען "בשלוה".

ובפרט אז די 17 יאר זיינען געווען דער <u>סיום</u> פון "שני חיי יעקב" – וואס בשעת אז דער סיום איז א־ן אן אופן פון "שלוה" אמיתית, איז דאס גובר און מאכט זיס די אלע ענינים וואס זיינען געווען לפנ"ז –

ווי מ׳האט שוין געלערנט בנוגע צו אברהם אבינו, אז דער אויבערשטער האט אים צוגעזאגט "ואתה תבוא אל אבותיך בשלום תקבר בשיבה טובה"[103] – וואס דערפון לערנט מען אפ אז "עשה תרח תשובה", ועד"ז אויך בנוגע צו ישמעאל אז "בשרו שיעשה ישמעאל תשובה בימיו"[104].

ד.ה. אע"פ אז איידער תרח האט תשובה געטאן האט אברהם

– געהאט –

------------

97) ר"פ ויחי. 98) ויגש מה, יח. 99) שם, כו. 100) תנחומא ויחי ו. 101) עה"פ ויחי מח, א. 102) ח"א דטז, ב. וראה בעה"ס ר"פ ויחי. 103) לך לך טו, טו. 104) פרש"י עה"פ.

געהאט פון אים עגמת-נפש, ועד"ז האט ער געהאט עגמת-נפש פון ישמעאל, ווי דערציילט פריער אז שרה האט געזאגט צו אברהם "גרש האמה הזאת ואת בנה"[105] און דער אויבערשטער האט אים געזאגט "כל אשר תאמר אליך שרה שמע בקולה"[106]. דערפאר וואס זי האט געזעהן "את בן הגר המצרית . . מצחק"[107], ווי רש"י טייטשט אפ אז דאס איז דער ענין פון ע"ז - אעפ"כ, וויבאלד אז בסוף ימיו האבן זיי תשובה געטאן, קען מען זאגן אויף דערויף "שיבה טובה", וויבאלד אז דאס פארגיט און איז גובר אויף אלע פריערדיקע ענינים,

ועד"ז איז אויך בנדו"ד: וויבאלד אז די לעצטע 17 יאר פון חיי יעקב זיינען געווען ווי עס דארף צו זיין (ביז וואנעט אז מ'זאגט אויף דערויף "ויחי יעקב גו'") - פארגיט דאס און ס'איז גובר אויף אלע פריערדיקע ענינים.

איז דאך ניט פארשטאנדיק: ווי זאגט מען אז ווען "ביקש יעקב לישב בשלוה (איז) קפץ עליו רוגזו של יוסף" - נאך דערויף האט דאך יעקב געלעבט אין מצרים נאך 17 יאר, און ער איז דעמולט געווען "בשלוה" אמיתית?!

און וויבאלד אז דאס איז א "קלאץ-קשיא" אין פשוטם של כתובים, דארף מען דאך געפינען די הסברה בזה אין דרך הפשט - אדער אז דאס איז פארשטאנדיק אין שכל הפשוט פון א בן חמש למקרא, ביז אז מ'דארף דאס אים אפי' ניט מסביר זיין, אדער אז רש"י האט דאס באווארענט (ברמז עכ"פ) לפנ"ז, וואס דערפאר דארף ער דאס ניט מבאר זיין בסיום פירושו אויף "אלה תולדות יעקב".

כב. אין די הערות פון סאמן אויפן זהר[108] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ער זאגט אין זהר[109] "וכי יעקב שלימא דהוה רחים לי' ליוסף מכל בנוי והוה ידע דכל אחוי הוו סנאין לי', אמאי שדר לי' לגבייהו, אלא איהו לא חשיד עלייהו דהוה ידע דכולהו הוו זכאין ולא חשיד לון, אלא גרים קב"ה כל דא בגין לקיימא גזרה דגזר בין הבתרים".

אין לקוטי לוי"צ איז אנגעצייכנט דער זהר אויף דף קפ, ב (עס איז אנגעצייכנט "שם", און פריער ווערט געבראכט דער זהר פון דף קפ, ב) - דאס איז אבער א טעות, ווארום דער זהר איז אויף דף קפד, א.

נאר אזוי ווי דאס איז געשריבן געווארן בהמשך צו דער הערה אויפן זהר פון דף קפ, ב, האט דער מעתיק ניט מבחין

- געווען -

---

105) וירא כא, י. 106) שם, יב. 107) שם, ט.
108) לקוטי לוי"צ לזח"א ע' קמז. 109) פרשתנו קפד, א.

געוועז אז די הערה גייט אויפן זהר וואס איז אויף אן אנדער רף, ער האט געמיינט אז דאס איז אויפן זעלבן עמוד, און דערפאר האט ער פארצייכנט "שם"].

וואס בכללות איז דאס מתאים מיט פרש"י אויפן פסוק[110] "וישלחהו מעמק חברון" - "מעצה עמוקה של אותו צדיק הקבור בחברון, לקיים מה שנאמר לאברהם בברית בית הבתרים[111] כי גר יהי' זרעך".

ווען מ'גיט אבער א קוק, זעט מען אז אין דערויף זיינען דא כמה שינויים:

רש"י זאגט "מעצה עמוקה של אותו צדיק הקבור בחברון", ד.ה. (א) דאס איז אן ענין של "<u>עצה</u> עמוקה", אן ענין של שכל וטעם און חשבונות וכו', און (ב) אן "עצה" וואס איז פאר-בונדן מיט א <u>נברא</u>, אברהם אבינו;

משא"כ אין זהר שטייט (א) "בגין לקיימא <u>גזרה</u> דגזר בין הבתרים", אז דאס איז אן ענין של "גזרה" (ניט קיין ענין של שכל וטעם), און (ב) "גרים <u>קב"ה</u>", און ניט קיין ענין וואס איז פארבונדן מיט א נברא ("עצה עמוקה של אותו צדיק הקבור בחברון").

וכפי שיתבאר לקמן.

כג. כאן המקום ממשיך זיין אין דעם סיום אויף מסכת קידושין, וואס מ'האט אנגעהויבן אין דער פריערדיקער פארברייינגען[112], וואס מפני קוצר הזמן זיינען נאך געבליבן כמה נקודות וואס מ'האט ניט מבאר געווען.

ובהקדמה כללית:

עס איז ידוע, ליידער, דער יחס וואס ס'איז דא ביי אחדים פון לומדי תורה, אז ווען ס'קומט צו אן ענין של אגדה, זאגן זיי אז "אין לנו עסק בנסתרות", זיי האבן קיין שייכות ניט דערצו, ובמילא דארפן זיי דאס ניט לערנען.

ובפרט אז מ'זאגט דאך אז "המעשה הוא העיקר", און אז מ'לערנט ניט אפ קיין הלכה למעשה מערניט ווי פון נגלה דתורה, און אין דערויף גופא זאגט די גמרא[113] "אין מורין מן האגדות", נאר פון "הלכה למעשה"[114] - ובמילא דארף מען זיך ניט עוסק זיין אין דעם חלק האגדה שבתורה.

- ווען -

---

110) פרשתנו שם, יד. 111) לך לך שם, יג. 112) די"ט כסלו. 113) ירושלמי חגיגה פ"א ה"ח. פאה פ"ב ה"ד (הובא ברשב"ם ד"ה ולא מפי מעשה - ב"ב קל, ב). 114) ב"ב שם.

ווען מ'דארף מסיים זיין א מסכת, איז אזוי ווי מ'קען ניט לערנען א מסכת לקטעים, לויפט מען דורך אויך דעם חלק האגדה, מ'איז אבער ניט מדייק אין פרטי הדברים. ואין להאריך בדבר המצער ומבהיל.

כד. אמאל האט מען זיך געטשעפעט מיט מיר בנוגע צו דיוקים אין חלק האגדה - האב איך געזאגט, אז צום אלעם ערשטן איז דא א גאנצער געדרוקטער קונטרס[115] פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו וואס דארטן רעדט זיך וועגן דער טענה פון "אין לנו עסק בנסתרות".

דערנאך האב איך געזאגט נאך א זאך - אז מ'זעט א דבר פלא:

דער איינציקער ארט (לכל הדעות) וואו מ'קען וויסן ווי איז די הלכה למעשה - איז אין שו"ע; ניט פון דער אייגענער לומדות, אפי' ווען ער לערנט אין אן אופן פון "לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא", ווארום עס קען דאך זיין אז זיין שכל טראגט אים אז ס'זאל זיין להיפך דערפון וואס ס'שטייט אין שו"ע (ווי מ'האט דאס טאקע געזעהן בא כו"כ), וואס דערפאר איז נאך זיין גאנצע לומדות, דארף ער קוקן אין שו"ע און זעהן ווי איז די הלכה בפועל.

און ס'איז ניט קיין פלא - ווארום די וואס האבן געמאכט דעם שו"ע, האבן געקענט לערנען בעסער פון אלע' לומדים פון דורנו זה, קען דאך זיין אז די לומדים פון דורותינו זאלן זיך ניט כאפן אויף א סברא (ובמילא - אויף דער מסקנא בנוגע להלכה) אויף וועלכע דער ב"י האט זיך געכאפט.

ובפרט לויט ווי דער ב"י שרייבט בהקדמתו צום שו"ע, אז אלס יסוד צו זיינע פסקי דינים, האט ער גענומען די "שלשת עמודי ההוראה הלא המה הרי"ף והרמב"ם והרא"ש" -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל החשיבות פון א פס"ד וואס שטייט אין שו"ע - ניט נאר מצד דעם סיוע <u>מלמעלה</u> וואס דער בעל השו"ע האט זוכה געווען אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון "והוי' עמו - שהלכה כמותו בכל מקום"[116], נאר אויך מצד דעם <u>שכל</u> שבדבר: דער ב"י, דער רי"ף, דער רמב"ם, דער רא"ש מיטן טור, זיינען דאך גרעסערע לומדים פון די לומדים פון די דורות שלפננו, ועאכו"כ פון דעם דור פון עקבתא דמשיחא.

ובפרט לויט ווי עס ווערט געבראכט אין אחרונים[117] אז

- דער -

---

115) קונטרס לימוד החסידות. 116) ש"א טז, יח. סנהדרין צג, ב. 117) שה"ג להחיד"א מערכת ספרים בערכו.

דער פס"ד פון דעם ב"י האט א תוקף פון א פס"ד פון מאתיים רבנים - וואס דאס רעדט זיך וועגן 200 רבנים אין די צייטן פון דעם ב"י!

עס איז געגנוג א פס"ד פון דעם ב"י אליין, עאכו"כ אז עס קומען נאך צו די "שלשת עמודי ההוראה", ועאכו"כ אז ס'זיינען אויך דא 200 רבנים פון די צייטן פון ב"י, וואס דעמולט זיינען די בעלי-בתים אויך געווען אנדערש פון די בעלי-בתים פון דורנו זה (ווארום מ'זאגט דאך "אם הראשונים מלאכים אנו בנ"א כו'"[118]), ועאכו"כ בנוגע צו די וואס זיי האבן אויסגעקליבן אלס רבנים.

כה. זעט מען א דבר פלא אין שו"ע:

אין שו"ע זיינען דא פיר חלקים, וואס אין יעדער חלק זיינען דא כו"כ סימנים, און אין יעדער סימן זיינען דא כו"כ סעיפים;

איז דער ערשטער סעיף פון דעם ערשטן סימן פון דעם ערשטן חלק פון דעם שו"ע - הויבט זיך אן מיט אן ענין פון חלק האגדה שבתורה - און אויף דערויף איז מיוסד דער גאנצער שו"ע [ווארום דער סדר אין שו"ע איז ניט בדרך מקרה ח"ו, עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן די ערשטע ווערטער מיט וועלכע דער שו"ע הויבט זיך אן, וואס דאס ווערט דער יסוד אויפן לימוד פון דעם גאנצן שו"ע]:

אין התחלה השו"ע ברענגט זיך אראפ א משנה - וואס די גמרא[119] זאגט אז "אין למדין הלכה מפי תלמוד (מתוך המשנה)" - ברענגט מען אבער אראפ א משנה.

און אין דערויף גופא - ניט קיין משנה פון די ג' בבות (פון סדר נזיקין), אדער פון סדר נשים, נאר א משנה פון מסכת אבות - וואס לויט דעם וואס דער רמב"ם[120] זאגט אז מסכת אבות איז עניינה "מדות טובות", ווערט גאר א שאלה[121] צי מסכת אבות גייט אריין אין דעם מספר פון "ששים המה מלכות"[122], ברענגט מען אבער אראפ א משנה פון מסכת אבות.

אין מסכת אבות גופא זיינען דאך דא כמה מנהגים פון מדות טובות - קלייבט מען אויס די משנה[123]: "יהודה בן תימא

- אומר -

------------

118) תוד"ה ר"נ - שבת יב, ב. וראה גם בהנסמן בלקו"ש וישלח הנ"ל הע' 14. 119) נדה ז, סע"ב ובפרש"י שם ד"ה הא קמ"ל. וראה רשב"י לב"ב שם. 120) הקדמת הרמב"ם לפיהמ"ש ד"ה וההלק השני. הקדכהו לח' פרקים. ובכ"מ. 121) ראה לקו"ש חי"ב ע' 194. 122) שה"ש ו, ח. שהש"ר פ"ו, ט [ב]. 123) פ"ה מ"כ.

אומר הוי עז כנמר וקל כנשר רץ כצבי וגבור כארי לעשות רצון אביך שבשמים".

וואס די משנה מיינט דאך ניט צו זאגן אז ער זאל לויפן אזוי ווי א צבי, נאר מ׳מיינט אז מ׳זאל זיך אפלערנען פון א צבי, "מלפנו מבהמות הארץ גו׳"[124], אז אזוי ווי א צבי איז רץ מצד זיין טבע, אזוי דארף א איד לויפן "לעשות רצון אביך שבשמים", ועד"ז בנוגע די אנדערע פרטים "עז כנמר קל כנשר" און "גבור כארי" - כמבואר בארוכה אין טור, און אראפגעבראכט בקיצור אין שו"ע (- אין די הגהות פון רעם רמ"א, וואס דאס איז דאך א טייל פון דעם ערשטן חלק פון שו"ע).

נאכמער: אין התחלת השו"ע ברענגט אראפ רער רמ"א דעם פסוק[125] "שויתי ה׳ לנגדי תמיד", מיטן גאנצן ביאור בזה אין מו"נ[126] - וואס די גמרא זאגט אז מ׳לערנט ניט אפ קיין הלכה פון א משנה, עאכו"כ ניט פון א פסוק, ועאכו"כ ניט פון מו"נ, און אעפ"כ, גלייך אין התחלת השו"ע ברענגט מען אראפ אן ענין להלכה בפועל, וואס דער מקור אויף דערויף איז גאר אין מו"נ

[וואס לכאו׳, האט אזא ענין געדארפט שטיין אין תושבע"פ - אין חלק ההלכה, אין חלק האגדה, ביז בנוגע למעשה בפועל - וויבאלד אבער אז דער רמ"א ברענגט דאס פון מו"נ, איז א סימן אז אין אנדערע ערטער שטייט דאס נאר ברמז, און וויבאלד אז דא רעדט זיך וועגן אן ענין של הלכה בנוגע למעשה בפועל, ברענגט ער דאס פון מו"נ, וואס דארטן שטייט דאס בגלוי].

ועד"ז אין דעם אלטן רבי׳נס שו"ע, וואס ער הויבט אויך אן דעם שו"ע (אזוי ווי אין טור) מיט דער משנה "יהודה בן תימא אומר הוי עז כנמר כו׳", און ער איז דאס מבאר בארוכה - און אויף דערויף זיינען געבויט אלע פיר חלקים פון דעם שו"ע.

און ס׳איז דאך א דבר ברור אז דער טור, דער ב"י, דער רמ"א מיטן אלטן רבי׳ן, האבן געוואוסט פון דער סוגיא אין ב"ב[127] אז מ׳לערנט אפ א הלכה נאר פון "הלכה למעשה", און אעפ"כ ברענגען זיי אלס יסוד צום שו"ע - אן ענין של אגדה.

כו. אין דערויף איז מודגש דאס וואס דער ראגאטשאווער[128]

- זאגט -

------------

124) איוב לה, יא. וראה עירובין ק, ב. ובארוכה - שיחת אור ליום ג׳, כ"ד טבת תשל"ח ס"כ ואילך. 125) תהלים טז, ח. 126) ח"ג פנ"ב. 127) קל, ב. 128) ראה מפענח צפונות פ"ה סי"ב. צפע"נ עה"ת בראשית ה, א.

זאגט, אז יעדער ענין פון תורה, אפי׳ א סיפור וואס שטייט אין תושב"כ (ניט נאר אן ענין של הלכה וואס שטייט אין הושב"כ), וואס דאס איז דאך דער חלק האגדה שבתורה, איז דאס אויך אן ענין וואס איז נוגע אין הלכה בפועל - נוי מ׳זעט טאקע אז דער ראגאטשאווער לערנט אפ הלכות פון ענינים וואס שטייען אין די סיפורים שבתורה.

וואס אין תושב"כ איז דאך דא דער חלק וואס איז פאר-בונדן מיט הלכה - "אלה המשפטים אשר תשים לפניהם"[129], און ס׳איז דא דער חלק האגדה פון תושב"כ, ע"ד ווי כללות ספר בראשית, וואס דארטן ווערן דערציילט סיפורים וכו׳.

און ווי רש"י זאגט בתחלת פירושו עה"ת, אז "לא הי׳ צריך להתחיל את התורה אלא מהחודש הזה לכם", ווארום דארטן הויבט זיך אן דער ענין פון ציוויים וכו׳, "ומה טעם פתח בבראשית", וואס דארטן ווערן גאר דערציילט סיפורים, דער חלק האגדה שבתורה - און ער פארענטפערט, אז דאס איז נוגע צו אלע ענינים פון אידישקייט:

ווארום די ענינים פון אידישקייט זיינען פארבונדן מיט א"י, וויבאלד אז "מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים"[130] - און כדי אז אידן זאלן האבן א"י, דארף מען אנקומען צום חלק האגדה שבתורה - "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים"[131];

און ערשט דעמולט קען זיין דער ענין פון "החודש הזה לכם", ווארום דער ענין פון קידוש החדשים איז דאך אין א"י[132], און דערפון קומט דערנאך ארויס דער ענין פון קרבן פסח וכו׳, מיט אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט א"י - וואס דאס איז אלץ געבויט אויף דעם חלק האגדה שבתורה.

כז. דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צום חלק האגדה וואס ווערט געבראכט אין דעם סיום פון מסכת קידושין (און אין חלק האגדה גופא - די אגדה פון דעם חלק האגדה (כדלקמן (סכ"ח)):

אין סיום פון מסכת קידושין[133] זאגט די גמרא "מצינו שעשה אברהם אבינו את כל התורה כולה עד שלא ניתנה" - וואס דאס איז טאקע אן ענין של אגדה, און "מאי דהוה הוה"[134], אבער דערפון לערנט מען אפ כמה ענינים -

סיי ענינים של הלכה בנוגע צו קיום התומ"צ ווי ס׳איז

- געווען -

------------

129) משפטים כא, א. 130) ישעי׳ ב, א. 131) תהלים קיא, ו. 132) ראה רמב"ם הל׳ קדה"ח פ"ה. ובכ"מ. 133) פב, א. 134) ל׳ הש"ס - פסחים קח, א. ובכ"מ.

געווען בא די אבות, און סיי ע"ד המוסר - די גרויסקייט פון תומ"צ, וואס אפי' פאר א מתחיל אין לימוד הגמרא (ער ווייסט נאך ניט פון קיינע אנדערע ענינים), איז דא א געוואלדיקער לימוד דערפון וואס "עשה אברהם אבינו את כל התורה כולה עד שלא ניתנה":

אברהם אבינו איז דאך געווען "אחד הי' אברהם"[135], און ווי ס'שטייט אין מדרש[136] אז "כל העולם כולו מעבר אחד והוא מעבר אחר", און ער האט געדארפט מלחמה האבן מיט דער גאנצער וועלט (ביז אפי' מיטן אייגענעם טאטן), ובפרט לויט ווי דער רמב"ם[137] איז מבאר דעם מעמד ומצב וואס איז געווען בימי אברהם אבינו -

און אעפ"כ, איז "עשה אברהם אבינו את כל התורה כולה <u>עד שלא ניתנה</u>", און ער האט מקיים געווען אפי' מצוות דרבנן, ביז צו עירוב תבשילין[138] - וואס דערפון זעט מען די גרויסקייט און טייערקייט פון קיום התומ"צ.

כח. אין דער זעלבער משנה וואו עס שטייט אז "עשה אברהם אבינו את כל התורה כולה עד שלא ניתנה", וואס דאס איז דאך אן ענין של אגדה - שטייט אויך אן ענין פון אגדה שבאגדה - אז מ'דארף זיך אפלערנען (ניט נאר פון אברהם אבינו, נאר) אויך פון "חי' ועוף":

"ר"ש בן אלעזר אומר ראית מימיך חי' ועוף שיש להם אומנות והן מתפרנסין שלא בצער, והלא לא נבראו אלא לשמשני ואני נבראתי לשמש את קוני אינו דין שאתפרנס שלא בצער, אלא שהרעותי מעשי וקפחתי את פרנסתי".

דערנאך קומט דאס אראפ אין דער ברייתא ביתר פירוט (וואס דאס איז דאך דער אויפטו פון דער ברייתא לגבי די משנה[139]): "ר"ש בן אלעזר אומר מימי לא ראיתי צבי קייץ (מייבש קציעות בשדה[140]) וארי סבל (נושא משאות ) ושועל חנוני (וואס א "שועל" איז דאך דער "פקח שבחיות"[141], האט ער געראפט זייך דער אמת'ער "חנוני"), והם מתפרנסים שלא בצער וכו'". אין דער משנה שטייט "חי' ועוף" סתם, און אין דער ברייתא איז ער מפרט "צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני".

און מ'האט מבאר געווען די נקודה שבדבר, אז דער תפקיד פון כל העולם כולו איז, ארויסהעלפן א אידן אין דעם ענין פון "לשמש את קוני".

- עס -

---

135) יחזקאל לג, כד. 136) פמ"ב, ח. 137) הל' עכו"ם פ"א. 138) יומא כח, ב. 139) ראה הקדמת הרמב"ם לפיהמ"ש שלו ר"ה אחר כך ראה. 140) פרש"י שם. 141) ברכות סא, ב.

עס איז ניט שייך אז "חי׳ ועוף" זאלן מקיים זיין מצוות, ווארום זיי זיינען ניט קיין בעלי בחירה, איז דער ענין פון קיום המצוות ניט שייך צו זיי; עס איז אבער שייך אז זיי זאלן טאן דעם ענין פון "לשמשני" -

דורך דערויף וואס זיי זיינען מקרב צו א אידן אזוינע ענינים וואס א איד קען צו זיי ניט צוקומען (מאיזה סיבה שתהי׳) - נעמען זיי ארויס די ענינים ממקומם, און שטעלן זיי אוועק אין אזא מעמד ומצב אז א איד זאל זיי קענען נעמען, און מאכן דערפון אן ענין של מצוה.

און ווי מ׳האט געבראכט די דוגמא לזה פון דעם ענין וואס "עמון ומואב טיהרו בסיחון"[142], אז אידן האבן ניט געקענט צוקומען צו די ענינים וועלכע האבן זיך געפונען אין "עמון ומואב", און דורך דערויף וואס "טיהרו בסיחון", האבן אידן געקענט צוקומען דערצו. ועד"ז זיינען דא נאך דוגמאות, למטה מזה און למעלה מזה, ווי גערעדט פריער בארוכה.

כט. אין דערויף זיינען דא כמה דיוקים:

א) אין דער משנה שטייט "ראית מימיך חי׳ ועוף וכו׳", און אין דער בדייתא ברענגט מען נאר דוגמאות פון חיות, און "עוף" ווערט אינגאנצן ניט דערמאנט?

ב) וויבאלד אז די משנה זאגט "חי׳ ועוף", האט די משנה געדארפט זאגן אויך "בהמה" - ווארום עס זיינען אויך דא כו"כ בהמות וואס זיינען ניט קיין "קייץ", ניט קיין "סבל", און ניט קיין "חנוני"?

מ׳קען טאקע ניט ברענגען א דוגמא פון שור וחמור, ווארום ענינם איז - "שור לעול וחמור למשאוי"[143]; אבער אויסער שור וחמור זיינען דא כו"כ סוגי בהמות וועלכע זיינען ניט "לעול" און ניט "למשאוי", און זיינען "מתפרנסין שלא בצער" - האט די משנה געדארפט זאגן "ראית מימיך חי׳ בהמה ועוף וכו׳", פארוואס דערמאנט ניט די משנה "בהמה"?

ג) עד"ז איז די שאלה בנוגע צו דער ברייתא: פארוואס ברענגט די ברייתא נאר דוגמאות פון סוגי חיות, און ברענגט ניט קיין דוגמא פון א בהמה (נוסף אויף דעם וואס ס׳איז ניט פארשטאנדיק פארוואס ברענגט ניט די ברייתא די דוגמא פון "עוף" וואס שטייט אין דער משנה)?

ד) דאס וואס די משנה זאגט "ארי סבל", איז ניט דערפאר

- וואס -

------------

142) חולין ס, ב. וראה ג"כ פרש"י עה"פ חקת כא, כו.
143) ע"ז ה, ב.

וואס אן "ארי" האט מערער כח ווי אלע איבעריקע חיות ובהמות, ווארום מ'זעט ראך בפועל אז א שור האט מער כח (שטארקייט) ווי אן ארי (און ווי ס'שטייט[144] "ורב תבואות בכח שור") - נאר דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין הזריזות וואס עס האט דער "ארי":

אן "ארי" (ועד"ז חיות בכלל) האט אין זיך מער זריזות ווי א בהמה, וואס מצד זיין זריזות, קען ער טראגן שווערערע משאות וויפל עס קען טראגן א שור מצד זיין כח, אן דעם ענין הזריזות וואס עס האט דער "ארי",

און ווי מ'זעט בפועל אז ס'איז דא אמאל וואס א חי' קטנה קען טראגן אזא משא וואס אפי' א שור קען דאס ניט טראגן - מצד די עזות וחוצפה און זריזות וואס די חי' האט, וואס מצד דערויף שפרינגט זי און זי טראגט א משא כבד ביותר.

עס בלייבט אבער די שאלה בנוגע צו א "פיל":

מ'זעט בפשטות אז ווען ס'זיינען דא משאות הכי כבדים וועלכע מ'דארף איבערטראגן ממקום למקום, טוט מען דאס דורך א פיל.

ביז וואנעט אז עס ווערט געבראכט אין דעם סיפור פון נס חנוכה[145] ווי אזוי מ'האט גענוצט פילים אין דער מלחמה, ועד"ז ווערט דער ענין הפיל געבראכט אין מסכת ברכות[146] ובכ"מ.

און ס'איז א זיכערע זאך אז "אנשי תורה" האבן געוואוסט די הנהגה וואס מ'טוט מיט א פיל, אז דורך אים טראגט מען משאות הכי כבדים, וועלכע אפי' אן "ארי" (מיט זיין גאנצע חוצפה און זריזות) קען ניט איבערטראגן.

איז ניט פארשטאנדיק: ווען מ'וויל ברענגען א דוגמא אויף דעם ענין פון "סבל", וואס דאס מיינט "נושא משאות" - האט מען געדארפט ברענגען די ראי' פון א "פיל", און ניט פון אן "ארי", ווארום א "פיל" איז "נושא משאות" נאכמער ווי דער "ארי"?

ל. איז דער ביאור בזה:

די משנה קען ניט ברענגען קיין דוגמא פון א בהמה, ווארום אע"פ אז ס'זיינען טאקע דא בהמות וואס האבן ניט קיין אומנות און "מתפרנסין שלא בצער", זיינען אבער דער <u>רוב</u> הבהמות אזוינע וואס האבן אן אומנות, און ענינם איז "לשמשני" - די אומנות פון א שור איז "שור לעול", ער דארף

- אקערן -

---

144) משלי יד, ד. 145) מגילת אנטיוכוס. ועוד.
146) נה, סע"ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

אקערן, די אומנות פון כבשים איז "כבשים ללבושיך"[147], זיי גיבן צמר, אדער זיי גיבן חלב וכיו"ב,

[וואס וויבאלד אז "כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם"[148], איז פארשטאנדיק, אז עניני פון יעדער דבר שבעולם איז – "לשמשני", און ווי דערמאנט פריער[149] דאס וואס דער רמב"ם איז מאריך בהקדמתו לפיהמ"ש[150], אז די מציאות פון אלע ענינים שבעולם איז, אז ס'איז א שימוש פארן "חכם", פאר יעדער אידן, וואס ער איז פון דעם "עם חכם ונבון"[151]].

און וויבאלד אז רוב בהמות האבן אן אומנות, קען מען ניט ברענגען קיין ראי' פון בהמות אז זיי האבן ניט קיין אומנות און "מתפרנסין שלא בצער".

ביי א "חי' ועוף" איז אבער דער היפך הדברים: עס זיינען טאקע דא חיות וואס מ'האט פון זיי א תועלת, ועד"ז עופות וואס מ'האט פון זיי א תועלת, מ'עסט זיי, ארער זיי זיינען מניח ביצה וכיו"ב, אבער רובם זיינען אזוינע פון וועלכע מ'האט ניט קיין תועלת.

[אע"פ אז די גמרא[152] זאגט אז "עופות הטהורין מרובין על הטמאין" – זעט מען אבער בפועל אז ס'זיינען דא מערניט ווי עופות מועטים וועלכע מ'עסט, און אלע איבעריקע עופות עסט מען ניט, און קיין אנדער תועלת האט מען פון זיי אויך ניט].

ד.ה. דאס וואס רשב"א זאגט אז "חי' ועוף" האבן ניט קיין אומנות, איז ניט דער טייטש אז ס'איז ניטא קיין חי' ועוף וואס זאל האבן אן אומנות (אין שימוש האדם), נאר דער טייטש איז, אז רוב חיות ועופות האבן ניט קיין אומנות, זיי זיינען ניט משמש את הארם, און אעפ"כ "מתפרנסין שלא בצער".

עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק דאס וואס די ברייתא ברענגט ניט קיין דוגמא אויף דעם ענין פון "סבל" פון א פיל:

א פיל האט אן אומנות, ער איז א "בן תרבות", מ'האט אים אויסגעלערנט אז ער זאל משמש זיין דעם מענטשן, דורך טראגן משאות וכיו"ב (אין די ערטער וואו ס'זיינען דא פילים) – קען מען דאך ניט זאגן "לא ראיתי מימי כו' פיל סבל", ווארום א פיל איז טאקע א "סבל".

לא. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

- עס -

------------

147) משלי כז, כו. 148) סנהדרין לז, סע"א במשנה.
149) שיחת י"ט כסלו. 150) ר"ה דע כי הקדמונים חקרו.
151) ואתחנן ד, ו. 152) חולין סג, ב. פרש"י עה"פ ראה יד, יג.

עס זיינען דאך דא כמה חיות פון וועלכע מ'האט א תועלת - דורך דערויף וואס מ'קען נוצן זייער פעל וכיו"ב [ווי רש"י[153] זאגט בנוגע צו דעם וואס בא מכת ערוב איז געווען "ויסר הערוב גו' לא נשאר אחד", אז "אם מתו יהי' להם הנאה בעורות"], אדער ע"ד די תועלת וואס מ'האט פון א פיל.

ביז וואנעט אז מ'געפינט בא כמה חיות די דוגמא פון א "תנוני": עס לעבן צוויי חיות צוזאמען, און איינע האט א תועלת פון די צווייטע, אזוי ווי דאס איז ביי א פיל, וואס ער לעבט צוזאמען מיט א חי' קטנה, וואס זי עסט אויף די שרצים וועלכע זיינען דא אין דעם פיל, און דורך דערויף האט זי איר מזון, און דער פיל האט דערפון א תועלת אז ער האט ניט די שרצים, מיט נאך כמה דוגמאות בזה, כידוע צו די "טבעיים" -

וואס דאס איז דאך דער עניך פון א "חנוני": ער טוט א זאך וואס דער צווייטער האט דערפון א תועלת, און דורך דערויף באקומט ער זיין טובה וואס ער האט דערפון.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: פונקט ווי מ'קען ברענגען א ראי' פון א צבי, אן ארי' און א שועל, דערפאר וואס די חיות האבן ניט קיין אומנות, אע"פ אז עס זיינען דא אנדערע סוגים של חיות וועלכע האבן יע אן אומנות - קען מען דאך אויך ברענגען א דוגמא פון סוגי בהמה - פון די וואס האבן ניט קיין אומנות?

## לב. איז דער ביאור בזה:

אע"פ אז עס זיינען טאקע דא אזוינע בהמות וועלכע האבן ניט קיין אומנות, קען מען אבער פון זיי ניט ברענגען קיין דוגמא אז ס'זיינען דא בעלי חיים וואס האבן ניט קיין אומנות, און "מתפרנסין שלא בצער" - ווארום וויבאלד אז א "שור" האט אן אומנות, און א "שור" איז דער "מלך שבבהמות"[154], קען מען ניט ברענגען קיין ראי' פון אן אנדער בהמה וואס האט ניט קיין אומנוה, ווארום זי איז טפל צום "שור" - דער "מלך שבבהמות".

[ע"ד ווי מ'געפינט אין הלכה, אז ס'איז דא א מצוה כללית וואס ווערט געטאן ע"י המלך, ע"ד ווי מצות הקהל וכיו"ב, און בצד דערויף וואס "הנשיא הוא הכל"[155], איז ער מוציא את כל העם כולו, ווי דער אלטער רבי ברענגט אויך אראפ אין אגה"ק[156] -

- וואס -

---

153) עה"פ וארא ח, כז. 154) חגיגה יג, ב. 155) פרש"י עה"פ חקת שם, כא. 156) רסכ"ט.

וואס בא מצוות הקהל איז דער מלך קורא בתורה[157], און ווי דער רמב"ם[158] זאגט אז "יראה עצמו כאילו עתה נצטווה בה ומפי הגבורה שומעה" - און עס ווערט פאררעכנט אזוי ווי יעדער איד וואס איז געווען דערביי, האט מקבל געווען די תורה "מפי הגבורה" (ניט מפי המלך), ווארום ער איז טפל צום מלך.

און בא חיות איז להיפך: עס זיינען טאקע דא חיות וואס האבן אן אומנות, אבער וויבאלד אז דער "מלך שבחיות", דער "ארי"[159], האט ניט קיין אומנות ("לא ראיתי כו' ארי סבל"), באווייזט דאס אז עיקר ההנהגה פון די אלע אויף וועלכע ער איז א מלך, איז אין אן אופן אז זיי האבן ניט קיין אומנות (ווארום אויב עס וואלט געווען אין אן אופן אז זיי האבן אן אומנות, וואלט זיך דאס געדארפט אנהויבן פון דעם "מלך שבחיות" - דער "ארי", און לפועל איז "לא ראיתי כו' ארי סבל").

לג. עד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו "שועל חנוני" און "צבי קייץ":

דער ענין פון א "חנוני" איז פארבונדן מיט פקחות, און א "שועל" איז דער "פקח שבחיות" - און וויבאלד אז "לא ראיתי כו' שועל חנוני", איז פארשטאנדיק, אז וועו מ'געפינט אן אנדער חי', בהמה אדער אן עוף וואס איז זיך עוסק און איז א "חנוני", איז ניט דאס דער עיקר אין דער ענין הפקחות שבחיות, ווארום א "שועל" איז דער "פקח שבחיות", און אעפ"כ איז "לא ראיתי כו' שועל חנוני".

ועד"ז איז אויך בנוגע צו "צבי קייץ":

מ'האט געהערט פריער דאס וואס ס'שטייט אין מפרשים[160] פון עין יעקב, אז די שייכות פון א "צבי" מיט דעם ענין פון "קייץ" איז, אז א צבי "בשעה שהוא ישן עינו אחת פתוחה"[161], און דערפאר איז ער מסוגל צו זיין א "קייץ" - היטן די תאנים אז איינער זאל זיי ניט גנב'נען וכיו"ב.

און וויבאלד אז מ'זעט אז ביי א צבי איז ניטא די אומנות פון א "קייץ" (אע"פ אז ער איז אן אויסנאם פון אלע חיות ובהמות לגבי דעם ענין פון "קייץ", דערפאר וואס "בשעה שהוא ישן עינו אחת פתוחה"), לערנט מען אפ דערפון בנוגע לכל החיות והבהמות, אז בא זיי איז ניטא דער ענין פון "קייץ".

- לד. -

------------

157) רמב"ם הל' חגיגה פ"ג ה"ג. 158) שם ה"ו.
159) חגיגה שם. 160) עיון יעקב לעין יעקב סוף מס' קידושין.
161) שהש"ר פ"ח, יב. הובא בתוד"ה והרי צבי - חולין נט, ב.

לד. עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס זאגט די ברייתא נאר "צבי קייץ, ארי סבל, שועל חנוני", און ברענגט ניט קיין דוגמא פון א בהמה (ועד"ז אין דער משנה), און אויך ניט קיין דוגמא פון "עוף" וואס שטייט אין דער משנה:

די משנה רעדט דאך וועגן בעלי חיים כפשוטם. אין דערויף איז טאקע אויך דא דער רמז אויף אוה"ע, ווי דער רמב"ם זאגט אין הל' מלכים[162] בנוגע צו דעם ענין פון "וגר זאב עם כבש גו'"[163], אז דאס איז א משל אויף אוה"ע, אבער אין ענין יוצא מידי פשוטו, אז עס רעדט זיך וועגן בעלי חיים כפשוטם.

און דערפאר קען מען ניט ברענגען קיין ראי' פון א בהמה, ווארום דער "מלך שבבהמות" האט אן אומנות, "רב תבואות בכח שור", משא"כ בנוגע צו "חי' ועוף".

דער ביאור אין דעם וואס די ברייתא ברענגט ניט די דוגמא פון "עוף":

דער ענין פון א ברייתא איז, מוסיף זיין אויף דעם וואס שטייט אין דער משנה, און דערפאר דארף די ברייתא ניט איבער'חזר'ן די דוגמא פון "עוף" וואס שטייט שוין אין דער משנה; אין ברייתא איז מען מוסיף לגבי די משנה, אז מ'ברענגט דוגמאות אויף "חי'" וואס שטייט אין דער משנה - "צבי קייץ, ארי סבל, שועל חנוני".

לה. אין דערויף בלייבט נאך אבער א שאלה:

די מציאות איז טאקע אז דער "מלך שבבהמות" האט אן אומנות, וואס דערפאר קען מען פון אים ניט אפלערנען אז "מתפרנסין שלא בצער" - עס איז אבער ניט פארשטאנדיק: ר"ש בן אלעזר זאגט דאך אז אין דערויף איז דא א הוראה כלליח וואס מ'קען אפלערנען אין עבודת ה' [אז מצד דעם ענין פון "עונותיכם הטו"[164], איז מען נאך פחות יותר פון א "חי' ועוף"] -

איז לכאו', דער "מלך שבבהמה" וואלט געדארפט באשאפן ווערן אין אן אופן אז ער זאל ניט האבן קיין אומנות, וואס רעמולט וואלט מען געקענט אפלערנען אן ענין של כוסר בנוגע צו "אני נבראתי לשמש את קוני" - אז ווען ס'איז ניטא דער ענין פון "עונותיכם הטו", איז "כהפרנסין שלא בצער"?

וכפי שיתבאר לקמן.

לו. כמדובר כמ"פ אז "המעשה הוא העיקר" -

- ווי -

---

162) רפי"ב. 163) ישעי' יא, ט. 164) ל' הכתוב - ירמי' ה, כה.

ווי מפרשים זיינען מבאר אז פריער לערנט מען וועגן דעם גודל התועלת וואס איז דא אין תומ"צ, סיי "בנערותו" און סיי "בזקנותו", און דערנאך לערנט מען וועגן דעם צווייטן קו, ווי אזוי מ'דארף זיין אויסגעהיט אין סו"מ, וואס אויף דערויף ברענגט מען דעם ענין פון "מלפנו מבהמות הארץ גו'"[165], אז מ'דארף זיך אפלערנען אפי' פון א חי' ועוף,

זאל דאס אראפקומען בפועל, אין מעשה בפועל, בנוגע צו דער הנהגה יום-יומית פון יעדער אידן.

לז. כאן המקום להעיר וועגן נאך אן ענין וואס ווערט געבראכט אין דער סוגיא (אע"פ אז דאס האט ניט קיין שייכות צום פריערדיקן ענין), וואס ס'איז ראוי להתבונן בו:

אין דער ברייתא[166] ווערן געבראכט עטליכע אומנות'ן וואס "אין מעמידים מהם לא מלך ולא כהן גדול", וואס איינע פון זיי איז "גרע", ווי רש"י טייטשט אפ "אומן המקיז דם".

און דערנאך שטייט אין דער ברייתא "עשרה דברים נאמרו בגרע כו' ותשוד על כו' שפיכות דמים", ווי רש"י טייטשט אפ "זימנין דשפי לי' לדמא לפחות מרביעית", וואס אין א רביעית דם איז תלוי דער גאנצער חיות[167], און דערפאר איז ער חשוד על שפיכות דמים.

וואס לכאו', דער איסור פון שפיכות דמים איז לאו דוקא ווען ער נעמט ארוים אזוי פיל דם ביז אז "שפי לי' לדמא לפחות מרביעית"; דער איסור פון שפיכות דמים איז אויך פחות מזה, וכפשטות לשון הכתוב[168] "שופך דם האדם באדם דמו ישפך" - אפי' אויב ס'איז געבליבן מער פון א רביעית דם (נוסף אויפן איסור וואס מ'טאר ניט מצער זיין א צווייטן מענטשן).

און ווי מ'לערנט אפ פון דעם פסוק "שופך דם האדם באדם גו'" דעם איסור פון חונק עצמו[169], וואס דארטן איז דאך אינגאנצן ניטא קיין שפיכות דמים בפועל (ועד"ז אויך דער איסור פון מאבד עצמו לדעת רח"ל[170], מיט אלע פרטים וואס מ'לערנט אפ דערפון), וואס די אלע ענינים זיינען אסור מן התורה - וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז דער איסור פון שפיכות דמים איז לאו דוקא ווען "שפי לי' לדמא לפחות מרביעית".

- און -

------------

165) איוב לה, יא. וראה עירובין ק, ב. ובארובה - שיחת אור ליום ג', כ"ד טבת תשל"ת סי"ט ואילך. 166) פב, א. 167) פרש"י ד"ה ומוקי - שבת קכט, א. חולין עב, א ובפרש"י שם ד"ה רביעית. ועוד. 168) נח ט, ו. 169) סנהדרין נז, ב. פרש"י עה"פ נח שם, ה. 170) ראה תו"ש נח שם, ו בהערה לס"ק לא.

און ווי ס'איז משמע פון דעם פס"ד ברור אין פוסקים[171], און אראפגעבראכט אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע אין הל' נזקי גוף ונפש[172], וואס דערפון איז משמע אז עס טאר ניט זיין דער ענין פון שפיכות דמים אפי' מערניט ווי קצת דם.

און אעפ"כ, געפינט מען בכל הש"ס כולו דעם ענין פון הקזת דם, און ווי די גמרא אין שבת[173] איז מבאר בארוכה ווי אזוי דארף זיין די הנהגה ביום ההקזה ובשעת ההקזה וכו'. ועד"ז ווערן אראפגעבראכט אין רמב"ם הל' דעות[174] כמה פרטים וועגן דעם ענין פון הקזת דם.

ביז ווי די גמרא זאגט אין הוריות[175] אז בשעת ס'איז געווען איינער וואס האט ניט מקיז דם געווען כמה שנים, איז דאס געווען אלס אן ענין של שכר וכו'.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז דער ענין פון הקזת דם איז געווען א דבר הרגיל. ובפרט לויט דעם וואס די גמרא[176] דערציילט אז ס'איז געווען אן אמורא וואס זיין אומנות איז געווען הקזת דם.

נאר אין דערויף דארף זיין די באווארעניש, ווי רש"י זאגט, אז ס'זאל ניט זיין "שפי לי' לדמא לפחות מרביעית". וואס דאס איז דאך א דבר המבהיל: כל זמן אז ס'איז נאך דא רביעית דם, איז דאס ניט קיין ענין של שפיכות דמים, וויבאלד אז ער האט נאך געלאזט א רביעית דם!

מ'וואלט געקענט זאגן בדוחק עכ"פ, אז רש"י מיינט צו זאגן אז ווען עס קומט צו א מעמד ומצב אז "שפי לי' לדמא לפחות מרביעית", איז דעמולט ניטא קיין ספק אז דאס איז אן ענין פון שפיכות דמים, אבער אויך פאר דערויף איז שוין דא דער ספק צי מ'האט דאס געמעגט טאן אדער ניט.

ולאחרי כ"ז - בלייבט נאך אלץ די שאלה: מ'זעט בכ"מ אין ש"ס אז דער ענין פון הקזת דם איז געווען א הנהגה רגילה, און אין דערויף געפינט מען ניט קיינע הגבלות אין וועלכן אופן דאס דארף זיין, ואדרבה, די גמרא[177] זאגט אז ס'זיינען דא זמנים וימים מיוחדים וועלכע זיינען ניט מסוגל אויף דעם ענין פון הקזת דם, ד.ה. אז אלע איבעריקע זמנים זיינען מותר אין הקזת דם (אן קיינע הגבלות) -

וע"פ הנ"ל האט געדארפט אויסקומען אז ס'דארף זיין א הגבלה און א באווארעניש בנוגע צו דעם ענין פון הקזת דם,

- אז -

---

171) רמב"ם הל' חובל ומזיק רפ"ה. 172) ס"א. 173) שם, א ואילך. 174) פ"ד הי"ח. 175) יד, א ובתוס' הרא"ש (בשם הרמ"ה). 176) תענית כא, ב ובפרש"י. 177) שבת שם, ב.

הנחת הת'. בלתי מוגה

אז ס'זאל ניט זיין "שפי לי' לדמא לפחות מרביעית" וכיו"ב.

און בנוגע לפועל - וואלט געווען כדאי אז ס'זאל זיין אין דערויף א שקו"ט, און מ'זאל אויסגעפינען ווי דער ענין פון הקזת דם דארף זיין ע"פ הלכה - צי מ'דארף מקיז דם זיין אזוי פיל, אדער מ'קען יוצא זיין מיט ווייניקער, און דערנאך אנהויבן די תקירה ודרישה בנוגע צו דעם שיעור פון דם, צי עס האט דעס זעלבן שיעור ווי אנדערע משקין, אדער אז עס האט אן אנדער שיעור וכו', ויש להאריך בזה.

לח. והמעשה הוא העיקר (וואס דאס האט מיר מעורר געווען רעדן וועגן דעם):

מ'זעט אז ווען ס'קומט צוגיין א רופא, איז אזוי ווי מ'רעכנט ניט אויס ווען מ'דארף מאכן די בחינה פון מדת החום, אדער פון דעם דופק שביד וכיו"ב - רעכנט מען זיך אויך ניט אויס בשעת מ'דאדף מאכן די בחינה פון דם.

וואס בשעת מ'מאכט די בחינה פון דם, דארף דאך זיין דער ענין פון הקזת דם - און אעפ"כ לייגט זיך קיינער ניט אדיין אויף צו וויסן צי ס'איז א הכרת גמור צו מאכן די הקזת דם [ביז וואנעט אז מ'דארף דאס טאן אפי' ווען אין דעם איז דא דער חשש פון "שופך דם האדם באדם", ווארום מ'דארף דאס טאן צוליב דעם ענין פון רפואה (וואס אויף דערויף איז דא דער ציווי פון "ורפא ירפא"[178])], אדער אז ס'איז ניט קיין הכרת גמור.

און אפי' ווען מ'איז מתיר טאן א געוויסע זאך צוליב רפואה, זיינען דאך דא אין דערויף כמה גדרים: עס זיינען דא ענינים וואס מ'איז מתיר דוקא ווען ס'איז א חולה שיש בו סכנה, און עס זיינען דא ענינים וואס מ'איז מתיר אפי' פאר א חולה שאין בו סכנה.

וכאמור לעיל אז בנוגע צו הקזת דם, געפינט מען אז ס'איז גאר געווען דער מנהג הבריות, מ'האט זיך געפירט אז מזמן לזמן (צי אין זמנים קבועים) זאל זיין הקזת דם (ניט דוקא ביי א חולה).

און נאכן זוכן וועגן דעם ענין, איז לעת עתה האב איך ניט געפונען קיין ביאור אין דערויף, און אפי' ניט געפונען אז מ'זאל זיך מתעסק זיין אין שקו"ט בנוגע צו דעם ענין.

לט. ויה"ר אז נאך דער גאנצער גוטסקייט וואס איז דא אין - הקזת -

------------

178) משפטים כא, יט. ברכות ס, סע"א.

הקזת דם, זאל מען דערצו ניט דארפן אנקומען, און מ'זאל ניט דארפן אנקומען צו בחינות דם, ווארום עס וועט זיין דער "תמים תהי' עם ה' אלקיך"[179], אין אלע רמ"ח אברים ושס"ה גידים בשלימות, און ווי דער רמב"ם[180] זאגט אז "היות הגוף בריא ושלם מדרכי עבודת ה' הוא" [ווי גערעדט אמאל באריכה[181] אז קרוב לומר אז עס דארף שטיין "מדרכי עבודת ה'" - וויבאלד אז דאס קומט בהמשך צו דעם וואס דער רמב"ם זאגט אין ספ"ג פון הל' דעות "שיהי' גופו שלם לעבד את ה' כו'"].

און די דאקטוירים זאלן זיך עוסק זיין געזונטערהייד און פרייליכערהייד אין די דאקטאריע וואס איז מונע אז מ'זאל מלכתחלה ניט קומען צו קיין חולי, וואס דאס איז דאך איינער פון די פירושים אין דעם פסוק[182] "כל המחלה אשר שמתי במצרים לא אשים עליך כי אני ה' רופאך", אז וויבאלד "אני ה' רופאך", איז מלכתחלה "לא אשים עליך"[183].

וואס דאס איז דאך אויך וואס דער רמב"ם איז מזהיר אין הל' דעות באריכה (א גאנצן פרק[184]) ווי אזוי מ'דארף זיך נוהג זיין כדי אז מ'זאל ניט דארפן אנקומען צו אן ענין של רפואה.

און מתוך שמחה און בריאות נכונה, אין אן אופן פון "הגוף בריא ושלם", וועט מען מוסיף זיין אין "דרכי עבודת ה'", און מ'וועט גיין מחיל אל חיל, א גוף בריא צוזאמען מיט א נשמה בריאה, א גוף שלם צוזאמען מיט א נשמה שלימה,

- און דאס וואס ס'שטייט אין זהר פון היינטיקער סדרה[185] אז "תוקפא דנשמתא" איז פארבונדן מיט "חולשא דגופא" - איז דאך ידוע און ס'איז פארשטאנדיק דער פירוש שבדבר, לויט דער אגה"ק הידועה פון דעם מגיד[186] אז א קליינע לעכעלע אין גוף איז א גרויסע לאך אין דער נשמה[187] -

זאל זיין א גאנצער גוף און א גאנצע נשמה, און האבן גאנץ תורה ומצוותי' במילואם ובשלימותם.

ובקרוב ממש זאל מען האבן די גאנצקייט אין דער גאנצער וועלט - אז ס'וועט זיין אן עולם שלם, "עולם על מילואו נברא"[188], צוזאמען מיט שלימות התומ"צ, שלימות הארץ און שלימות העם - אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

- מ. -

---

179) שופטים יח, יג. וראה לקו"ת נצבים מה, ג. 180) שם ה"א. 181) לקו"ש ח"ג ע' 806 הע' 9. 182) בשלח טו, כו. פרש"י עה"פ (לפי גירסת הרא"ם). 183) ראה מגילה יג, ב. 184) פ"ד. 185) ח"א קפ, ב. וראה גם שם קמ, ריש ע"ב. 186) התמים חו' ז ע' כח. או"ת (הוצאת קה"ת) הוספות אות קצד. 187) ראה ג"כ שיחת מוצאי ש"פ מקץ ש.ז. סכ"ה ואילך. 188) ראה ב"ר פי"ד, ז. פי"ג, ג.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

מ. בנוגע צו דעם וואס "אני נבראתי לשמש את קוני" [וואס צוליב דערויף זיינען באשאפן געווארן אלע איבעריקע נבראים, "לא נבראו אלא לשמשני", כדי אז ס'זאל זיין דער "לשמש את קוני"] - איז ניט דער טייטש אז מ'האט געגעבן א אידן משמש זיין את קונו זייענדיק אין א מעמד ומצב איום ונורא וואס ער דארף טאן אלץ מתחלתו ועד סופו, נאר אדרבה, וויבאלד אז דער אויבערשטער איז "חפץ חסד"[189], און טבע הטוב להטיב[190], האט ער אויסגעשטעלט אלע ענינים אין וועלט אין אן אופן אז די עבודה זאל זיין אין אן אופן קל (לפי ערך).

ביז וואנעט אז לולא העניין פון "עונותיכם הטו", לולא דעם עניין החטא, וואלט געווען ווי ס'איז געווען בתחלת הבריאה, אז "אלה תולדות - תולדות מלא"[191], "עולם על מילואו נברא";

וואס דעמולט איז דאך אויך געווען דער עניין וואס "אני נבראתי לשמש את קוני", ווי ס'שטייט[192] "ויניחהו בגן עדן לעבדה ולשמרה", וכמרז"ל[193] אז "לעבדה" גייט אויף רמ"ח מ"ע, און "לשמרה" גייט אויף שס"ה מל"ת - וויבאלד אבער אז די עבודה איז געווען אין "גן עדן", ער געפינט זיך אין "גן בעדן מקדם", און אין אן אופן אז "הכל מוכן לסעודה"[194] - איז פארשטאנדיק, אז דער "לעבדה ולשמרה" וואס ער דארף דארטן טאן, איז שלא בערך צו דער טירחא ויגיעה (ביז צו "בזיעת אפיך תאכל לחם"[195]) וואס איז געווארן נאך דערויף וואס "עונותיכם הטו".

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז אויך נאך דערויף וואס "עונותיכם הטו", איז ניט געווארן א מצב מבהיל ונורא ח"ו (אז ער דארף טאן אלץ מתחלה ועד סוף) - נאר דעמולט שטעלט מען צו א אידן מערניט דאס וואס ס'איז מוכרח כדי אז דער גוף מיטן נה"ב זאלן קענען נתעלה ווערן דורך דער עבודה פון א אידן (די עבודה פון דעם נה"א[196]).

ובפשטות - כדי אז ס'זאל זיין דער "לעבדה ולשמרה" (דער קיום פון רמ"ח מ"ע און שס"ה מל"ת), דארף מען האבן אז א איד, א נשמה בגוף, זאל דאס טאן, ווארום די נשמה אליין קען דאס ניט טאן, ועאכו"כ אז א בהמה און א חי' ועוף קענען דאס ניט טאן;

- דאס -

------------

189) מיכה ז, יח. 190) ראה עמה"מ שער שעשועי המלך רפ"א. שעהיוה"א פ"ד (עט, א). 191) בראשית ב, ד. וראה ב"ר פי"ב, ו. שמו"ר פ"ל, ג. 192) בראשית שם, טו. 193) ראה זח"א כז, א. תקו"ז תכ"א קרוב לסופו. תנ"ד בסופו. ועוד. 194) ראה סנהדרין לח, א ובפרש"י שם ד"ה שיכנס. 195) בראשית ג, יט. 196) ראה תניא פל"ז (מח, ב ואילך).

דאס איז אבער נאר ווען ס'רעדט זיך וועגן קיום המצוה (אז א בהמה, חי' ועוף קענען דאס ניט טאן) - זיי קענען אבער אויפטאן וואס מער אין דעם "לשמשני", כדי אז דעם אידן זאל זיין לייכטער דער ענין פון "לשמש את קוני".

מא. דערפון איז פארשטאנדיק, אז נאך דערויף וואס "עוונותיכם הטו", איז ווען מ'באווייזט אין וועלט אן ענין וואס איז בלתי מובן, כדי אז מ'זאל דערפון ארויסנעמען א הוראה - מ'באווייזט אז ס'איז דא א מציאות וואס אע"פ אז מ'נוצט ניט אויס די כחות, אעפ"כ איז "מתפרנסין שלא בצער", כדי אז א איד זאל ארויסנעמען דערפון א הודאה בעבודתו - איז דאס געמאכט געווארן אין אן אופן אז ס'איז גענוג ברענגען מערנים ווי א דוגמא אויף דערויף, אבער ניט מאכן דאס פאר אן עיקר.

ד.ה. אז צוליב דערויף וואס מ'דארף באווייזן אז ס'איז דא א מציאות וואס "מתפרנסין שלא בצער", דארף מען האבן אזוינע בעלי חיים וואס "מתפרנסין שלא בצער", אבער מ'דארף דערפון ניט מאכן קיין עיקר, ביז וואנעט אז מ'דארף אויך האבן אז ס'זאל זיין דער סוג בעלי חיים וואס בא זיי איז די הנהגה עיקרית אין אן אופן אז זיי האבן אן אומנות, זיי טוען אין דעם "לשמשני".

וואס די הנהגה פון "לשמשני", איז פארבונדן מיט דעם ענין פון ביטול, ווארום ע"ד ווי דאס איז אין דעם וואס "אני נבראתי לשמש את קוני", אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין הביטול לקונו, איז אזוי אויך בנוגע צו דעם "לשמשני" וואס איז בא די בע"ח, אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין הביטול צו דעם וועמען ער איז משמש.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם סוג פון בעלי חיים וואס עיקר הנהגתם איז דער ענין פון "לשמשני", איז אריינגעגעבן געווארן דער ענין הביטול, כדי אז בא זיי זאל זיין דער ענין פון "לשמשני".

מב. צווישן די סוגים פון בעלי חיים (בהמה, חי' און עוף), זעט מען דעם ענין הביטול בפשטות ובגלוי אין דעם מין הבהמה דוקא:

רובא דרובא פון די חיות, זיינען ניט קיין "בני תרבות", מ'קען זיי ניט איינגעוואוינען אז זיי זאלן שטיין אין א מעמד ומצב פון "לשמשני", און אפי' די חיות וועלכע מ'קען איינגעוואוינען, קומט דאס אן דורך א ריבוי השתדלות ויגיעה. ד.ה. אז חיות האבן ניט דעם ענין הביטול, און דערפאר קען מען זיי ניט איינגעוואוינען אז זיי זאלן שטיין אין א מעמד ומצב פון "לשמשני".

- און -

און דער סוג פון בעלי חיים וועלכע זיינען "בייתיות", און בקלות הכי גדולה קען מען זיי איינגעוואוינען אז זיי זאלן שטיין אין א מעמד ומצב פון "לשמשני" - איז דאס דער מין פון בהמות, אויף וועלכע מ'זאגט "כשור לעול וכחמור למשאוי". ד.ה. אז בא בהמות איז דא דער ענין הביטול בגלוי.

מג. און ע"פ תורת הבעש"ט[197] אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" גיט ארויס דעם תוכן פון דעם ענין - איז דער ענין (אז בא בהמות איז דא דער ענין הביטול, און ניט בא חיות) מרומז אין זייערע נעמען:

דער נאמען "חי'" באווייזט אויף דעם ענין פון חיות און זריזות, ווי מ'זאגט "עז כנמר וקל כנשר רץ כצבי וגבור כארי", וואס די אלע ענינים (עז, קל, רץ און גבור) זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון חיות און זריזות, ניט דער ענין הביטול;

און דער נאמען "בהמה", באווייזט אויף דעם ענין הביטול, כמבואר אין חסידות[198] אז אין דעם נאמען "בהמה" שטייט דער שם מ"ה בגלוי [ניט ווי דאס איז אין דעם שם "אדם" וואס איז נאר בגימט' מ"ה, נאר דארטן שטייט דער שם מ"ה בגלוי], וואס שם מ"ה באווייזט אויף דעם ענין הביטול - מה אני ומי אני, מה מצאת, מה פשפשת וכו'[199] - און דער שם מ"ה שטייט בגלוי אין "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" - "בהמה".

מד. דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין הביטול שטייט בגלוי אין דעם "מלך שבבהמות", שור, אז ביי אים איז דער "לשמשני" בגלוי, און מיט א השתדלות הכי קלה פועל'ט מען אז ס'זאל זיין דער "רב תבואות בכח שור", ועד"ז איז דאס אויך ברוב הבהמות.

און דאס איז דער חילוק צווישן חי' מיט בהמה[200], אז ביי א חי' שטייט דער כח אין אן אופן של זריזות און העדר הביטול (ווי מ'זעט בפועל) [ביז אז ס'איז אויך נוגע אין הלכה - אז ס'איז דא א נפק"מ צי זיי זיינען "בני תרבות" אדער ניט[201]], משא"כ ביי א בהמה וואס איר כח שטייט טאקע אין אן אופן של עצלות, אבער אעפ"כ, מצד דעם ענין הביטול שבה, איז דורך א השתדלות קלה קען מען פועל'ן דעם "לשמשני", אז עס ווערט דער "שור לעול" - ביים "מלך שבבהמות", ועד"ז אין שאר הבהמות.

- און -

------------

197) שעהיוה"א בתחלתו. 198) המשך ר"ה תדל"ב (הובא בלקו"ש בראשית תשל"ז ס"י). 199) ראה סה"מ תרע"ח ע' קצח. ועוד. 200) ראה סה"מ קונטרסים ח"ב תיב, ב. 201) ראה ב"ק טו, ב במשנה.

און בנוגע צו דעס סוג פון עופות - איז בא זיי דער ענין פון "ועוף יעופף"[202], וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין הזריזות (היפך הביטול), און דערפאר ברוב העופות זעט מען ניט דעם ענין פון "לשמשני", עאכו"כ בנוגע צום "מלך שבעופות" - דער "נשר"[203], וואס ער איז אן עוף טורף וכו׳

מה. עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס ברענגט די משנה א דוגמא נאר פון "חי׳ ועוף" און ניט פון "בהמה":

א בהמה האט מען באשאפן כדי אז ס׳זאל זיין דער "לשמשני" (דורך דערויף וואס ביי איר איז דא דער ענין הביטול), במילא האט זי אן אומנות;

נאר אזוי ווי מ׳דארף אויך האבן דעם "לשמשני", דורך אפלערנען פון געוויסע בעלי חיים אז זיי זיינען "מתפרנסין שלא בצער וכו׳", דארף מען אויך האבן אזעלכע בעלי חיים וואס האבן ניט קיין אומנות (דער מענטש האט ניט קיין תועלה פון זיי) - און אויף דערויף זאגט מען "לא ראיתי צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני".

אויף דערויף דארף מען אבער ניט האבן אז אלע סוגי בעלי חיים זאלן זיין "מתפרנסין שלא בצער", מ׳דארף נאר האבן א דוגמא אז ס׳איז דא דער ענין וואס "מתפרנסין שלא בצער" -

בדוגמא ווי די גמרא[204] זאגט אז "רוח צפוניה אינה מסובבת", וואס דער טעם אויף דערויף איז[205] "שאם יבוא מי שיאמר שהוא אלוקה (אזוי ווי חירם[206]) יבוא ויגמור את הפנה הזאת שהנחתי" וואס אויף דערויף איז גענוג דאס וואס איין רוח ("רוח צפונית") איז "אינה מסובבת",

ועד"ז איז אויך בנדו"ד - מ׳דארף נאר האבן א דוגמא אז ס׳איז דא די מציאות וואס "מתפרנסין שלא בצער", וואס אויף דערויף זאגט מען "מימי לא ראיתי צבי קייץ, ארי סבל ושועל חנוני" - אז א "צבי" וואס "בשעה שהוא ישן עינו אחת פתוחה", איז "לא ראיתי צבי קייץ", און אן "ארי", דער "מלך שבחיות", איז "לא ראיתי כו׳ ארי סבל", און א "שועל", דער "פקח שבחיות", איז "לא ראיתי כו׳ שועל חנוני", כנ"ל בארוכה.

מו. דער ביאור אין פרש"י:

לכאו׳ איז דא נאך א קלאץ-קשיא: ווי קומט דאס אז

- "ביקש" -

------------

202) בראשית א, כ. 203) חגיגה שם. 204) ב"ב כה, רע"א. 205) פרדר"א פ"ג קרוב לסופו. 206) יחזקאל קאפיטל כח.

"ביקש יעקב לישב בשלוה" איז געווען ערשט ווען "וישב יעקב בארץ מגורי אביו בארץ כנען" - דעמולט איז ער שוין געווען אלט הונדערט יאר, איז ווי קומט דאס אז ערשט דעמולט איז "ביקש יעקב לישב בשלוה"?!

איז דער ביאור בזה:

אמת׳ע "שלוה" קען זיין דוקא ווען יעקב געפינט זיך "בארץ מגורי אביו", משא"כ ווען ער געפינט זיך אין אן אנדער ארט, איז אפי׳ אז ער האט דארטן כל טוב שבעולם, האט ער ניט קיין אמת׳ע "שלוה", וויבאלד אז ער געפינט זיך ניט אין "ארץ מגורי אביו".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען יעקב איז געווען אין "חרן", "חרון אף של מקום (בעולם)"[207], איז אע"פ אז ס׳איז געווען "ויפרוץ האיש מאד מאד ויהי לו צאן רבות גו׳"[208], און ער האט געהאט בנים און אויך דינה וכו׳ - האט ער אבער דעמולט ניט געהאט קיין אמת׳ע "שלוה", וויבאלד אז ער איז ניט געווען אין "ארץ מגורי אביו".

וואס דערפאר איז דעמולט ניט שייך דער ענין פון "ביקש יעקב לישב בשלוה" - ער האט ניט וואס צו בעטן, ער דארף דאס אליין טאן; ער דארף זיך אויפהויבן און אוועקגיין אין "ארץ מגורי אביו", ווי דער אויבערשטער האט אים טאקע געזאגט "שוב אל ארץ אבותיך ולמולדתך"[209].

און דערפאר ערשט ווען "וישב יעקב בארץ מגורי אביו", דעמולט איז "ביקש יעקב לישב בשלוה".

מז. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

איידער יעקב איז געקומען צוריק פון חרן אין "ארץ מגורי אביו", זיינען געווען כו"כ שנים וואס ער איז געווען אין "ארץ מגורי אביו", איידער ער איז בכלל געגאנגען אין חרן - פון ווען ער איז געבארן געווארן ביז אז ער איז געווען אלט ס"ג שנה, און דערנאך אויך די י"ד שנה וואס ער איז געווען "בבית עבר", וואס צוזאמען איז דאס ע"ז שנה (וואס דאס איז דאך מער פון חצי שנותיו (רוב שנותיו)) - איז ווי קומט דאס אז במשך פון דער גאנצער צייט איז ניט געווען "ביקש יעקב לישב בשלוה"?

איז דער ביאור בזה (אין אותיות וואס זיינען פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא):

- ווען -

------------

207) פרש"י ס"פ נח. 208) ויצא ל, מג. 209) שם לא, ג.

ווען א מענטש געפינט זיך בבית אביו, איז נאך ניט שייך דער ענין פון "ביקש לישב בשלוה", ווארום דער דרך הטבע איז, אז זיין פאטער און מוטער באזארגן אים מיט אלע זאכן וואס ער דארף האבן;

ווען ער ווערט אבער "בן עשרים לרדוף" און "בן שלשים לכח"[210], וואס דעמולט דארף ער פארדינען פאר זיין פרנסה, אין אן אופן פון "בזיעת אפך תאכל לחם", ער דארף ארויסגיין אין וועלט אויף צו באקומען צאן ובקר, עבדים ושפחות וכו' - דעמולט דארף ער אנקומען צו דער בקשה אז די אלע ענינים זאלן ביי אים זיין אין אן אופן פון "שלוה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען יעקב איז געווען בבית אביו, האט ער ניט געהאט וואס צו בעטן "לישב בשלוה", ווארום ע"פ דרך הטבע [וואס א בן חמש למקרא ווייסט אז הנהגת הטבע איז אין אן אופן פון "לא ישבותו"[211], און אן ענין של נס איז נאר א מקרה וואס איז יוצא מגדר הרגיל], איז זייענדיק בבית אביו, איז ער טאקע געווען "בשלוה", דערפאר וואס מ'האט אים באזארגט מיט אלע זאכן וואס ער דארף האבן.

ועד"ז אין די י"ד שנה וואס יעקב איז געווען "בבית עבר", איז אויך ניט שייך דער "ביקש לישב בשלוה", ווארום בפשטות, זייענדיק אין "בית עבר", איז ער געווען אין א מעמד ומצב של "שלוה", ווארום עס איז נאך ניט געקומען די צייט וואס ער דארף ארויסגיין אין דער וועלט און לוחם זיין אויף צו באקומען פרנסתו, אין אן אופן פון "בזיעת אפיך תאכל לחם".

מח. דערנאך ווען "ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה" - איז וויבאלד אז גלייך ווי ער איז אנגעקומען צו לבן, האט ער גענומען אויף זיך די התחייבות פון "אעבדך שבע שנים"[212] [עס איז טאקע געווען צוליב א תכלית נעלה - "ברחל בתך הקטנה"[213], אבער צוליב דערויף האט ער גענומען אויף זיך א התחייבות אז ס'וועט זיין "אעבדך שבע שנים"] -

איז פארשטאנדיק אז ער האט ניט געקענט בעטן "לישב בשלוה", ווארום ער ווייסט אז ער האט גענומען אויף זיך א התחייבות אויף "אעבדך שבע שנים", אין אן אופן אז "ביום אכלני חורב וקרח בלילה ותדד שנתי מעיני", מיט אלע פרטים וואס מ'רעכנט אויס בנוגע צו דעם אופן פון עבודה יעקב

- [ביז -

------------

210) אבות פ"ה מכ"ב. 211) נח ח, כב. 212) ויצא כט, יח. 213) שם לא, מ.

[ביז ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ להלכה בפועל[214], אז "חייב לעבוד בכל כחו, שהרי יעקב הצדיק אמר[215] כי בכל כחי עבדתי את אביכן"] - איז פארשטאנדיק אז ער קען ניט בעטן "לישב בשלוה".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די "עוד שבע שנים אחרות"[216] וואס ער האט גענומען אויף זיך צו ארבעטן פאר לבן. ועד"ז אויך בנוגע צו די שש שנים וואס "עבדתיך . . שש שנים בצאנך"[217], וואס יעקב האט גענומען אויף זיך צו ארבעטן פאר אים, און ער האט אפגערעדט מיט אים דעם שכר וואס ער וועט באקומען אויף דערויף, "נקבה שכרך עלי ואתנה"[218], און זיין שכר איז געווען "כל שה נקד וטלוא וכל שה חום בכשבים וטלוא ונקד בעזים"[219] - וואס במשך פון דער גאנצער צייט האט ער ניט געקענט בעטן "לישב בשלוה".

[עאכו"כ לויט ווי דאס איז ברוחניות הענינים - כמבואר אין תו"א[220], אין תו"ח[221] און אין אוה"ת[222] וכו׳, דער ענין פון עקודים נקודים וברודים ווי דאס איז אין עבודת האדם,

וואס כללות עבודת האדם איז דאך אין אן אופן פון "אדם לעמל יולד"[223], וכידוע דער פתגם[224] אז בא חסידים איז ניטא דער ענין פון במילא, עס מוז זיין ע"י עבודה,

וכמרז"ל[225] "היום לעשותם למחר לקבל שכרם", וואס דער ענין פון עשי׳ ("לעשותם") איז פארבונדן מיט אן ענין של עבודה וכפי׳, ווי חסידות[226] ברענגט אראפ אז "מעשה" איז מלשון "מעשין על הצדקה"[227] - איז פארשטאנדיק, אז דעמולט קען ניט זיין דער ענין פון "שלוה", און דערפאר איז דעמולט ניט געווען דער "ביקש יעקב לישב בשלוה"]

און ערשט דערנאך ווען עס האט זיך געענדיקט דער גאנצער זמן וואס ער איז געווען בא לבן, און עס האבן זיך געענדיקט די צוויי יאר פון סלסול הדרך[228] - איז ווען ער איז אנגעקומען צוריק אין "ארץ מגורי אביו", דעמולט איז "ביקש יעקב לישב בשלוה".

מס. אויף דערויף זאגט רש"י "ביקש יעקב לישב בשלוה קפץ עליו רוגזו של יוסף". והביאור בזה:

- לכאו׳ -

---

214) שו"ע אדה"ז חו"מ הל׳ שאלה ושכירות ותסימה ס"כ.
215) ויצא שם, ו. 216) שם כט, כז. 217) שם לא, מא.
218) שם ל, כח. 219) שם, לב. 220) נח י, ג ואילך. ועוד.
221) נח סה, ד ואילך. 222) ויצא רכא, ב. ובכ"מ.
223) איוב ה, ז. 224) סה"ש ה׳ש"ת ע׳ 57. 225) עירובין כב, א. 226) ד"ה ועבדי דוד תרצ"ט. 227) ראה ב"י לטור יו"ד סרמ"ח. 228) פרש"י סוף פ׳ תולדות.

לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק - פארוואס שטעלט זיך רש"י בכלל אויף "וישב יעקב" אויף צו מבאר זיין אז "ביקש יעקב לישב בשלוה כו׳";

אין סיום פסוק פ׳ וישלח[229] שטייט: "וישב עשו בהר שעיר", און דערנאך[230] שטייט "ואלה תולדות עשו",

["ישובי עשו ותולדותיו" זיינען סאקע געשריבן געווארן "בדרך קצרה", ניט ווי "ישובי יעקב ותולדותיו" וואס זיינען געשריבן געווארן "בדרך ארוכה"[231] - אבער דאך ווערן דא אויסגערעכנט "תולדות עשו"],

און רש"י שטעלט זיך ניט אויף "וישב עשו בהר שעיר", אויף צו מבאר זיין אז "ביקש לישב בשלוה" - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס שטעלט ער זיך בכלל אויף "וישב יעקב"?

איז דער ביאור בזה:

אויף "וישב עשו בהר שעיר", האט ניט רש"י וואס צו שטעלן זיך, ווארום נאך דערויף שטייט "ואלה תולדות עשו", און רש"י טייטשט אפ: "התולדות שהולידו בניו עכשיו <u>משהלך לשעיר</u>", איז פארשטאנדיק פארוואס שטייט פריער "וישב עשו בהר שעיר", ווארום די "תולדות עשו" וואס דער פסוק גייט אויסרעכענען, זיינען געבארן געווארן <u>נאך דערויף</u> וואס "וישב עשו בהר שעיר".

ווען מ׳קומט אבער צום פסוק "וישב יעקב בארץ מגורי אביו", און דערנאך שטייט "אלה תולדות יעקב יוסף בן שבע עשרה שנה" - איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער קשר צווישן "וישב יעקב בארץ מגורי אביו" מיט "יוסף בן שבע עשרה שנה", וואס דערפאר שטייען די צוויי ענינים בסמיכות - צווישן "וישב יעקב בארץ מגורי אביו" מיט דעם זמן ווען יוסף איז געווען "בן שבע עשרה שנה", זיינען דורכגעגאנגען <u>נייען</u> יאר!

ווי רש"י האט שוין געבראכט פריער[232] אז "שכר הצאן (די "שש שנים בצאנך") משנולד יוסף הי׳, שנאמר[233] ויהי כאשר ילדה רחל את יוסף גו׳" - זיינען דורכגעגאנגען די "שש שנים בצאנך" נאך דערויף וואס יוסף איז געבארן געווארן, און די "שתי שנים ששהה בדרך . . ששהה י"ח חדשים בדרך"[234] ביז ווען ער איז אנגעקומען אין "ארץ מגורי אביו" - קומט דאך אויס אז ווען "וישב יעקב בארץ מגורי אביו", איז יוסף געווען אלט אכט יאר,

קומט דאך אויס אז צווישן "וישב יעקב בארץ מגורי אביו" - (וואס -

---

229) לו, ח. 230) שם, ט. 231) פרש"י ריש פרשתנו. 232) תולדות כח, ט. 233) ויצא שם, כה. 234) פרש"י תולדות שם. פרש"י וישלח לג, יז.

(וואס דאס איז געווען ווען יוסף איז געווען אלט אכט יאר), מיט "יוסף בן שבע עשרה שנה" - זיינען דורכגעגאנגען נייען יאר.

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס שטעלט מען די צוויי זאכן ("וישב יעקב בארץ מגורי אביו", און "אלה תולדות יעקב. יוסף בן שבע עשרה שנה") צוזאמען, ווען צווישן זיי זיינען דורכגעגאנגען נייען יאר - "וישב יעקב בארץ מגורי אביו" האט געדארפט שטיין אין דער פרשה שלפנ"ז, און "ואלה תולדות יעקב גו׳" אין א באזונדערע סדרה?

אין דרך הפשט, קען מען פארענטפערן, אז אזוי ווי אין צווישן זיינען ניט געווען קיינע פאסירונגען וועגן וועלכע מ׳דארף דערציילן אין דער תורה, שטעלט מען די צוויי ענינים בסמיכות (אע"פ אז אין צווישן זיינען דורכגעגאנגען נייען יאר) - אבער אין דרך הדרוש, דארף זיין עפעס א הסברה אויף די סמיכות פון די צוויי ענינים.

אויף דערויף זאגט רש"י: "ביקש יעקב לישב בשלוה קפץ עליו רוגזו של יוסף" - עס איז טאקע דורכגעגאנגען נייען יאר צווישן די צוויי מאורעות, עס איז אבער א סמיכות אין דעם ענין - אז ווען "ביקש יעקב לישב בשלוה" ("וישב יעקב בארץ מגורי אביו") איז "קפץ עליו רוגזו של יוסף" ("אלה תולדות יעקב יוסף בן שבע עשרה שנה גו׳", מיט גאנצן המשך הסיפור).

ב. עפ"ז ווערט אבער א שאלה:

רש"י זאגט אז ווען "ביקש יעקב לישב בשלוה" איז "קפץ עליו רוגזו של יוסף" - איז ניט פארשטאנדיק: "ביקש יעקב לישב בשלוה" איז געווען גלייך ווען יעקב איז געקומען אין "ארץ מגורי אביו", און "קפץ עליו רוגזו של יוסף" איז געווען ווען יוסף איז געווען "בן שבע עשרה שנה" - זיינען דאך דורכגעגאנגען נייען יאר וואס יעקב איז געווען "בשלוה", איז וואס זאגט רש"י אז ווען "ביקש יעקב לישב בשלוה" איז "קפץ עליו רוגזו של יוסף"?

איז דער ביאור בזה:

ווען מ׳זאגט אויף איינעם אז ער איז ניט אין א מעמד ומצב פון "שלוה", איז ניט דער פייטש אז ער האט קיינמאל ניט קיין רגע של מנוחה ח"ו, דאס מיינט נאר אז מזמן לזמן זיינען בא אים דא ענינים וואס זיינען היפך השלוה.

ע"ד ווי מ׳זעט דעם חילוק צווישן שלמה המלך מיט דוד המלך, אז בא שלמה המלך איז געווען "שלום ושלוה אתן על

- ישראל -

ישראל בימיו"[235], משא"כ בנוגע צו דוד המלך, וואס ביי אים איז געווען א מעמד ומצב פון מלחמה (היפך השלום והשלוה), ביז אז מ'זאגט אויף אים "דם לרוב שפכת"[236] -

איז דאך ניט דער טייטש אז בא דוד המלך איז ניט געווען קיין איין יאר וואס ער האט ניט געהאט קיין מלחמה, בא דוד המלך זיינען געווען כמה שנים אן מלחמות; מ'קען אבער ניט זאגן אז דאס איז א מעמד ומצב של שלום, וויבאלד אז ער איז קיינמאל ניט געווען זיכער אז מארגן וועט ער ניט דארפן אנקומען צו א מלחמה - איז מצד דער דאגה טאמער וועט ער מארגן דארפן גיין אויף א מלחמה (אדער מצד דערויף וואס ער דארף זיך אויסרוהען פון דער מלחמה וואס איז געווען נעכטן), קען מען ניט זאגן אז דאס איז א מעמד ומצב של שלום ושלוה.

און ווי דער בן חמש למקרא זעט בא זיך אליין, אז ווען ער האט מורא אז דער מלמד וועט אים געבן מיט "קאנטשיק" איבערן קאפ, איז ער שוין איצטער ניט אין א מעמד ומצב פון שלוה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז "רוגזו של יוסף" האט זיך אנגעהויבן ערשט ווען "יוסף בן שבע עשרה שנה", אעפ"כ, נייען יאר פאר דערויף איז שוין יעקב ניט געווען אין א מעמד ומצב פון "שלוה", דערפאר וואס ער האט מורא געהאט פאר "רוגזו של יוסף" (כדלקמן).

נא. והביאור בזה (פארוואס איז יעקב ניט געווען "בשלוה" נייען יאר איידער עס האט זיך אנגעהויבן "רוגזו של יוסף") - בהקדים נאך אן ענין וואס ווען מלמדים לערנען די פרשה מיט קינדער, איז מען דערצו ניט משים לב:

מלמדים טייטשן אז דאס וואס ס'שטייט אין פסוק[237] "הי' רועה את אחיו בצאן", און "ויבא יוסף את דבתם רעה אל אביהם" - איז געווען ווען "יוסף בן שבע עשרה שנה".

וואס דאס איז א זאך וואס לייגט זיך ניט אין שכל - ווארום: אויף צו זיין "רועה את אחיו בצאן", דארף מען ניט ווארטן ביז וואנעט ער וועט ווערן "בן שבע עשרה שנה".

ועד"ז אויך בנוגע צו "ויבא יוסף את דבתם רעה אל אביהם", וואס איינע פון די זאכן וואס ער האט דערציילט אויף זיי איז, אז זיי זיינען "מזלזלין בבני השפחות לקרותן עבדים"[238] - האט ניט קיין ארט אין שכל צו זאגן אז יוסף האט

- געווארט -

---

235) דה"א כב, ט. 236) שם, ח. 237) פרשתנו לז, ב.
238) פרש"י עה"פ.

געווארט מיט דערציילן "דבתם רעה" ביז ער איז געווארן "בן שבע עשרה שנה".

ווארום עס האט דאך ניט קיין ארט צו זאגן אז דער יחס פון די שבטים צו בני השפחות, "שהיו מזלזלין בבני השפחות לקרותן עבדים", האט זיך אנגעהויבן ערשט ווען יוסף איז געווארן "בן שבע עשרה שנה", נייען יאר נאך דערויף וואס מ'איז געקומען אין א"י;

בפשטות דארף מען זאגן אז וויבאלד זיי זיינען געווען "בני הגבירות", און די אנדערע זיינען געווען "בני השפחות", איז זייער הנהגה אלעמאל געווען אין אן אופן אז "מזלזלין בבני השפחות לקרותן עבדים" -

נאר כל זמן ווען יוסף איז געווען א פיצל קינד, האט ער דערצו ניט משים לב געווען, און דערנאך ווען ער איז אויסגעוואקסן און האט אנגעהויבן משים לב זיין אז "מזלזלין בבני השפחות", האט ער געזוכט א וועג ווי צו פארריכטן זייער הנהגה - איז "ויבא יוסף את דבתם רעה אל אביהם".

ווען איז יוסף געווארן א בר דעה, אויף צו קענען משים לב זיין צו דער הנהגה פון די שבטים אז "מזלזלין בבני השפחות" - ווייסט שוין דער בן חמש למקרא אז יוסף איז געווארן א בר דעת א סאך פריער איידער ער איז געווארן "בן שבע עשרה שנה":

אין פ' וישלח ווערט דערציילט ווי יעקב האט זיך געטראפן מיט עשו, שטייט דארטן[239] "ותגשן השפחות הנה וילדיהן ותשתחוין ותגש גם לאה וילדי' וישתחוו ואחר נגש יוסף ורחל וישתחוו", זאגט אויף דערויף רש"י: "בכולן האמהות נגשות לפני הבנים אבל ברחל יוסף נגש לפני', אמר אמי יפה תואר שמא יתלה בה עיניו אותו רשע, אעמוד כנגדה ואעכבנו מלהסתכל בה".

וואס דער סיפור איז געווען מיט 11 יאר איידער יוסף איז געווארן "בן שבע עשרה שנה" - ווארום נאך דערויף וואס יוסף איז געבארן געווארן, זיינען דורכגעגאנגען די "שש שנים בצאנך", און גלייך נאך דערויף האט ער זיך שוין געטראפן מיט עשו'ן [נאך איידער ס'איז געווען דער "ויבן לו ביה ולמקנהו עשה סוכות" - אז "שהה שם י"ח חודש"[240]], איז יוסף דעמולט געווען אלט זעקס יאר;

און זייענדיק אלט זעקס יאר, איז ער שוין געווען א בר דעת אויף צו אויסרעכענען אז "אמי יפת תואר, שמא יתלה בה

- עיניו -

------------

239) לג, ו-ז. 240) וישלח שם, יז ובפרש"י.

עיניו אותו רשע, אעמוד כנגדה ואעכבנו מלהסתכל בה"! זייענ-
דיק אלט זעקס יאר, איז ער שוין געווען א בר דעת אויף צו
קענען אויסרעכענען ווי איז עשו׳ס מהלך הנפש, און וואס קען
דערפון ארויסקומען – אע"פ אז ביז דעמולט האט ער עשו׳ן
קיינמאל ניט געזעהן, ער האט נאר געקענט הערן וועגן אים,
און זעהן אז "וישלח יעקב מלאכים גו׳".

נאכמער: יוסף איז דעמולט געווען א בר דעת אויף אזוי
פיל ביז וואנעט אז יעקב האט מקבל געווען דאס וואס יוסף
האט געזאגט –

ווארום ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות אז יוסף האט דאס ניט
געקענט טאן אן די הסכמה פון יעקב, ווארום יעקב האט דאך
אויסגעשטעלט ווי ס׳זאל זיין דער סדר ["ויחץ את הילדים גו׳",
"וישם את השפחות ואת ילדיהן ראשונה ואת לאה וילדי׳ אחרונים
ואת רחל ואת יוסף אחרונים"[241]],

איז וויבאלד אז בפועל איז געווען "נגש יוסף ורחל"
("יוסף נגש לפני׳"), און ניט ווי יעקב האט אויסגעשטעלט
מלכתחלה "את רחל ואת יוסף" (פריער רחל און דערנאך יוסף) –
איז פארשטאנדיק, אז דאס איז געווען דערפאר וואס יעקב האט
מסכים געווען אויף יוסף׳ס איינפאל (ווי רש"י זאגט אז דאס
איז געווען יוסף׳ס איינפאל).

און וויבאלד אז יוסף איז שוין געווען א בר דעת זייענ-
דיק אזוי יונג – איז פארשטאנדיק אז ער האט גלייך משים לב
געווען צו דער הנהגה פון די שבטים, אז "מזלזלין בבני
השפחות", און דערפאר איז דער "ויבא יוסף את דבתם רעה אל
אביהם" געווען גלייך וועגן "וישב יעקב בארץ מגורי אביו"
(און ניט ווען ער איז געווארן "בן שבע עשרה שנה").

נב. און ס׳איז קיין קשיא ניט דערפון וואס דער פסוק זאגט
"יוסף בן שבע עשרה שנה" – ווארום דאס באציט זיך צום עיקר
הענין וואס ווערט דערציילט אין דער פרשה, וואס דאס איז
דער סיפור וועגן די חלומות פון יוסף, וואס דאס האט געבראכט
צום "ויקנאו בו אחיו"[242], ביז צו מכירת יוסף – וואס דער
מאורע איז געווען ווען "יוסף בן שבע עשרה שנה"; אבער דאס
וואס "ויבא יוסף את דבתם רעה אל אביהם", איז געווען גלייך
ווען "וישב יעקב בארץ מגורי אביו", כנ"ל בארוכה.

און דאס וואס דער סיפור החלומות איז געווען ווען
יוסף איז געווען "בן שבע עשרה שנה" און ניט לפנ"ז (אדער
לאח"ז) – איז ווי געזאגט אמאל: אויף א חלום פרעגט מען ניט
קיין קושיות,

– [כ"ק –

---

241) שם, א-ב. 242) פרשתנו שם, יא.

[כ"ק מו"ח אדמו"ר האט אמאל דערציילט[243], אז דער רוזשינער איז געווען א תלמיד ממולח, און ווען ער האט געלערנט חומש, איז נאך איידער ער האט געלערנט פירוש רש"י, פלעגט ער פרעגן דעם מלמד אלע קושיות וואס רש"י פרעגט.

ווען דער מלמד האט מיט אים געלערנט וועגן חלום יעקב, "סולם מוצב ארצה גו' והנה מלאכי אלקים עולים ויורדים בו"[244], האט ער ניט געפרעגט קיין קושיא.

פרעגט אים דער מלמד: דו האסט דא קיין קושיא ניט? זאגט ער: ניין. זאגט אים דער מלמד: דא איז דאך דא א פשוט'ע קושיא, פדעגט ער אים: וואס איז די קושיא? זאגט אים דער מלמד: עס שטייט "עולים ויורדים בו", "עולים תחלה ואח"כ יורדים"[245] - עס רעדט זיך דאך וועגן מלאכים, וואס זיי געפינען זיך אין הימל, האט געדארפט שטיין פריער "יורדים" און דערנאך "עולים"? זאגט ער דעם מלמד: ווי קומט צו אייך פרעגן אזא קושיא, דאס איז דאך א חלום, און אויף א חלום פרעגט מען ניט קיין קושיא].

פונקט אזוי ווי מ'קען ניט פרעגן פארוואס איז דער סיפור העקידה געווען בשנה זו און ניט לפנ"ז אדער לאח"ז, ועד"ז בנוגע לכו"כ מאורעות וואס תורה דערציילט אז עס האט געטראפן אין דעם און דעם זמן - פארוואס איז דאס געווען אין יענעם זמן דוקא, אזוי קען מען אויך ניט פרעגן פארוואס איז דער חלום פון יוסף (מיטן גאנצן המשך וואס איז דערפון ארויסגעקומען) געווען ווען ער איז געווען "בן שבע עשרה שנה" דוקא.

נב. עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס איז יעקב ניט געווען "בשלוה" נייען יאר איידער "יוסף בן שבע עשרה שנה" (וואס דעמולט זיינען געווען די חלומות וכו' און מכירת יוסף):

"רוגזו של יוסף" מיינט (ניט די צרה וואס יעקב האט געהאט פון מכירת יוסף, נאר בפשטות) דאס וואס יוסף איז געווען "ברוגז" אויף אחיו, וואס דערפאר איז "ויבא יוסף את דבתם רעה אל אביהם".

וואס דער ענין פון "רוגזו של יוסף", איז געווען גלייך ווען "וישב יעקב בארץ מגורי אביו" [כנ"ל (סנ"א) בארוכה, אז "ויבא יוסף את דבתם רעה אל אביהם" איז ניט געווען ווען "יוסף בן שבע עשרה שנה", נאר גלייך ווען "וישב יעקב בארץ מגורי אביו"] - און דאס איז וואס רש"י

- זאגט -

---

243) לקו"ש ח"ב ע' 508. 244) ויצא כח, יב.
245) פרש"י עה"פ.

זאגט אז ווען "ביקש יעקב לישב בשלוה" איז "קפץ עליו רוגזו של יוסף":

ווען "וישב יעקב בארץ מגורי אביו", וואס דעמולט איז "ביקש יעקב לישב בשלוה", איז "קפץ עליו רוגזו של יוסף", ער האט דערזעהן דאס וואס עס טוט זיך צווישן יוסף מיט זיינע ברידער, דאס וואס "ויבא יוסף את דבתם רעה אל אביהם" - האט ער פארלארן די "שלוה", ער האט שוין מערניט געהאט קיין מנוחת הנפש, ווארום ער האט מורא געהאט דערפון וואס עס קען ארויסקומען פון "רוגזו של יוסף".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז גלייך ווען "וישב יעקב בארץ מגורי אביו", האט ער שוין ניט געהאט קיין "שלוה", דערפאר וואס "קפץ עליו רוגזו של יוסף" (ער האט מורא געהאט דערפון וואס עס קען ארויסקומען פון "רוגזו של יוסף"); און דערנאך ווען יוסף איז געווען "בן שבע עשרה שנה", איז געווען דער ענין החלומות, מיטן גאנצן המשך הסיפור, ווי דערציילט בפרשתנו.

נד. דער ביאור אין דעם וואס מ'זעט אז דערנאך איז געווען "ויחי יעקב בארץ מצרים שבע עשרה שנה", וואס דעמולט איז ביי אים געווען א מעמד ומצב של "שלוה":

רש"י זאגט: "צדיקים מבקשים לישב בשלוה, אומר הקב"ה לא דיין לצדיקים מה שמתוקן להם לעוה"ב אלא שמבקשים לישב בשלוה בעוה"ז" - איז ניט דער טייטש אז דער אויבערשטער איז ניט ממלא דעם רצון פון די צדיקים וואס "מבקשים לישב בשלוה";

רש"י זאגט נאר אז דער אויבערשטער זאגט "<u>לא דיין</u> לצדיקים מה שמתוקן להם לעוה"ב אלא שמבקשים לישב בשלוה בעוה"ז", ד.ה. דער אויבערשטער זאגט אז עס ווארט פאר זיי גאר א געוואלדיקער שכר, וואס איז שלא בערך דערצו וואס "מבקשים לישב בשלוה בעוה"ז", איז וואס מאנען זיי "לישב בשלוה" אין עוה"ז, עוה"ז האט בא זיי ניט געדארפט תופס מקום זיין;

וויבאלד אבער אז "<u>מבקשים</u> לישב בשלוה", איז דער אויבערשטער ממלא זייער בקשה, ווארום "משביע לכל חי רצון"[246], און "רצון יראיו יעשה"[247] - און ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט לפנ"ז, בנוגע צו אברהם יצחק ויעקב, אז בא זיי זיינען געווען ענינים שלמעלה מדרך הטבע, און מער ענינים דערפון וויפל זיי האבן געקענט מאנען, מער דערפון וואס "דיין",

- איז -

---

246) תהלים קמה, טז. 247) שם, יט.

איז עד"ז אויך בנוגע צו יעקב, אז דער אויבערשטער האט ממלא געווען דאס וואס "ביקש יעקב לישב בשלוה" - בנוגע צו די "שבע עשרה שנה" וואס יעקב איז געווען אין ארץ מצרים, וואס דעמולט האט ער געהאט "שלוה" אויך בעוה"ז.

ועפ"ז ווערט פארענטפערט די שאלה וואס מפרשים פרעגן - וויבאלד אז דער אויבערשטער איז "עצם הטוב", און "טבע הטוב להטיב", איז ווי קומט דאס אז יעקב בעט א בקשה ביים אויבערשטן, און דער אויבערשטער איז ניט ממלא די בקשה?!

איז דאס פארשטאנדיק ע"פ האמור לעיל: דער אויבערשטער האט ניט געזאגט אז ער וועט ניט ממלא זיין בקשת יעקב, דער אויבערשטער האט נאר געזאגט "לא דיין כו'", ער האט פאר אים נאך א גרעסערע זאך, ביז וואנעט אז די "שלוה" אין עוה"ז וואלט ניט געדארפט תופס מקום זיין בא זיי;

אבער סוכ"ס האט דער אויבערשטער טאקע ממלא געווען בקשת יעקב - בנוגע צו די "שבע עשרה שנה" וואס "ויחי יעקב בארץ מצרים", אז אפי' זייענדיק אין מצרים, אין די מיצרים וגבולים פון עוה"ז גופא, איז געווען דער "ואתנה לכם את טוב ארץ מצרים ואכלו את חלב הארץ", מיטן גאנצן כבוד וואס יעקב האט געהאט נאך דערויף וואס "עוד יוסף חי",

ביז וואנעט אז יעקב האט אויך געזעהן יוסף'ס קינדער וועלכע זיינען געבאדן געווארן אין מצרים, און ווי חז"ל דערציילן[248] אז "הראה לו שטר אירוסין ושטר כתובה", ביז ווי עס ווערט דערציילט אין מדרש[249] אז מנשה איז געווען א משמש בקודש בא יעקב'ן - וואס דעמולט איז ביי אים געווען אמיתית הענין פון "שלוה".

ובפרט לויט ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דערציילט וואס דער אלטער רבי האט געזאגט צום צ"צ אויף "ויחי יעקב בארץ מצרים שבע עשרה שנה" - אז די בעסטע יארן פון יעקב'ן זיינען געווען די 17 יאר וואס ער איז געווען אין מצרים.

נה. דער ביאור אין דעם וואס די גמרא זאגט "מעצה עמוקה של אותו צדיק הקבור בחברון", און אין זהר שטייט אז "גרים קב"ה כל דא בגין לקיימא גזרה דגזר בין הבתרים" - י"ל בדא"פ:

עס שטייט אין מדרש[250] אז ווען מ'האט געשיקט די "כתנת הפסים" צו יעקב'ן, איז אע"פ אז ער האט טאקע געזאגט "חי'

- רעה -

------------

248) פרש"י עה"פ ויחי מח, ט. 249) ראה תנחומא ויחי ו. פרש"י עה"פ שם, א. 250) ראה יל"ש וישב רמז קמג בתחלתו.



הנחת הת' בלתי מוגה

דעה אכלתהו"[251], האט ער זיי אבער שוין דאן אנגעהויבן חושד זיין (רש"י ברענגט דאס טאקע ניט אראפ[252], אבער אזוי שטייט אין מדרש).

און דא ווערט די שאלה: היתכן אז יעקב האט אפגעשטאן אזא זאך, שיקן יוסף'ן אין א מקום של סכנה [ווי געווערדס אמאל בארוכה[253] וועגן דעם וואס עס ווערט געבראכט אין הל' שבת[254] אז אויב איינער האט געשיקט א שליח, און דער שליח האט געהאט א מכשול בדרך, דארף ער תשובה טאן]?!

און אויף דעריויף דארף מען אנקומען צו דער "עצה עמוקה של אותו צדיק הקבור בחבדון" - דאס איז אן ענין וואס האט אן אחיזה און א שייכות מיט טעם ודעת און הבנה והסברה, וואס דערפאר ווערט דאס אנגערופן בשם "עצה", אבער אין דערויף גופא איז דאס אן "עצה עמוקה"; דאס קומט אראפ און ווערט נתלבש אין נבראים, עכ"פ אין אזוינע נבראים וואס שטייען אין דעם מעמד ומצב פון "אותו צדיק הקבור בחברון".

[אין פשש"מ קען מען ניט פרעגן ווי האט אים יעקב געשיקט אין א מקום סכנה, פארוואס האט ער זיי ניט חושד געווען - אכעד גלאטיק איז דאס ניט, און מ'דארף אנקומען צו דעם ענין פון "עצה עמוקה של אותו צדיק הקבור בחברון"].

וואס דאס איז אלץ מצד נגלה דתורה - ווי דער חלק הנגלה פון יעקב קוקט אויף דעם חלק הנגלה פון די שבטים און אויף דעם חלק הנגלה פון יוסף, וואס מצד דעם חלק הנגלה, זאגט מען אז יעקב האט זיי חושד געווען;

ווען עס קומט אבער צו פנימיות התורה, רזי תורה - ווי די פנימיות פון יעקב קוקט אויף דער פנימיות פון די שבטים און די פנימיות פון יוסף - איז דארטן ניטא קיין ארט אויף קיינע חשדים, דארטן איז כולו טהור און כולו קדוש,

ווי ער זאגט אין זהר אז "לא חשיד עלייהו דהוה ידע דכולהו זכאין, ולא חשיד לון", און ווי ער איז מבאר אין די העדות אז "כששלח את יוסף אליהם, לא חשדם שיעשו ליוסף איזה דבר אם ששונאים אותו", וואס אויף דעריויף זאגט ער "לא חשיד עלייהו", וואס דאס איז דער "חשד רק בבחי' מקיף", און "אח"כ נקט ולא חשיד לון, הוא כשיוסף לא שב אליו, ואחיו באו והביאו את כותנתו מוטבלת בדם . . לא חשדם שהם הרגוהו או מכרוהו",

עס איז מערניט וואס "גרים קב"ה כל דא בגין לקיימא - גזרה -

------------

251) פרשתנו שם, לג. 252) ראה לקו"ש ח"ה ע' 219 הע' 39. 253) לקו"ש שם ע' 391. 254) באה"ט או"ח סו"ם תר"ג. וש"נ.

גזרה דגזר בין הבתרים", עס איז אן ענין של גזירה, וואס איז למעלה פון אן ענין של "עצה", און אפי׳ "עצה עמוקה", עס איז לגמרי העכער פון נבראים, אפי׳ העכער פון אברהם אבינו ווי ער שטייט בתכלית השלימות שלו למעלה מעלה,

וואס מצד דער גזירה דלמעלה, איז ארויסגעקומען דער ענין אז בינתיים זאל בא יעקב׳ן זיין אן ענין של צער, ביז ווי עס שטייט אין זהר[255] אז מצד דערויף וואס יעקב איז ניט געווען בשמחה, איז בא אים די גאנצע צייט ניט געווען דער "ותחי רוח יעקב אביהם"[256], אז דאס האט צוגענומען פון אים די השראת השכינה.

און דא זעט מען אויך וויפל איז יעדער ענין מדויק:

אין נגלה דתורה (וואס איז פארבונדן מיט גליא פון בנ"י) קומט דאס אראפ און עס ווערט נתלבש אין אן "עצה" (אן "עצה עמוקה" עכ"פ) - כמדובר כמ"פ אז אפי׳ ענינים של חוקים האבן אויך א טעם; דער טעם איז טאקע ניט בגלוי, אבער אין "מעמקים" ("עצה עמוקה") איז דאס אויך פארבונדן מיט א טעם, נאר דאס איז שייך מערניט ווי צו יחידי סגולה, אזוי ווי אברהם אבינו וכיו"ב ("עצה עמוקה של אותו צדיק הקבור בחברון").

ווען מ׳קומט אבער צו נסתר דתורה, רזין דאורייתא (דער ספר הזהר) - וואס דארטן איז ניטא קיין מקום אויף קיין חשד - איז דאס אן ענין פון "חוקה חקקתי גזירה גזרתי"[257], "גזרה דגזר בין הבתרים".

נו. דער כללות הענין פון "ברית בין הבתרים", וואס מ׳האט דאס פארבונדן מיט אן ענין פון "חשכה גדולה"[258] און "עלטה"[259] - איז א גזירה מלפני הקב"ה, וואס דאס איז דער ענין פון "נורא עלילה על בני אדם"[260], דער אויבערשטער וויל מאכן אזא ענין דערפאר וואס כך עלה ברצונו, וכמשל הקניגי וואס ווערט געבראכט כמ"פ[261].

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז "טבע הטוב להטיב" - קומט דאס דערנאך ארויס אין אן אופן אז עס ווערט דער "ואחרי כן יצאו ברכוש גדול"[262].

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צום חושך

- כפול -

---

255) ח"א רטז, ב. 256) ויגש מה, כז. 257) במדב"ר ר"פ חקת. שם, ח. תנחומא חקת ג. ועוד. 258) לך לך טו, יב. 259) שם, יז. 260) ל׳ הכתוב - תהלים סו, ה. וראה תנחומא וישב ד. 261) תו"ח תולדות יב, ד. ועוד. 262) לך לך שם, יד.

כפול ומכופל פון גלות זה (ובפרט דער חושך כפול ומכופל פון די ימים ועניינים הכי אחרונים) - אז "כל דעביד רחמנא לטב עביד"[263] (ווי מ׳זעט דאס שוין איצטער אין פשוטם של דברים), און ניט נאר "לטב עביד", אז דערפון וועט אדויסקומען לאח"ז אן ענין של "טב", נאר ווי די גמרא[264] ברענגט די דוגמא פון "גם זו לטובה", אז די זאך אליין וועדט אן ענין של טובה,

וכמדובר כמ"פ[265] וועגן דעם לשון הנבואה פון ביאת משיח צדקנו, אז דעמולט וועט מען זאגן "אודך ה׳ כי אנפת בי"[266], אז אויף דערויף גופא וועט זיין דער "אודך ה׳".

און בקרוב ממש ובעגלא דידן וועט מען זעהן ווי אזוי פון דעם חושך כפול ומכופל ווערט דער "לילה כיום יאיר", און "והוי׳ יגי׳ חשכי", און מ׳וועט דאס זעהן בעיני בשר און באור גשמי,

[אזוי ווי מ׳זעט דאס אין נרות חנוכה - וואס אע"פ אז יעדער מצוה איז ענינה "נר מצוה ותורה אור", זעט מען דאס אבער ניט בעיני בשר בא יעדער מצוה, מ׳זעט דאס בעיני בשר בא נרות שבת און נדות חנוכה וכיו"ב, ובפרט בנוגע צו נרות חנוכה, וואס דארטן קומט נאך צו דער ענין פון "על פתח ביתו מבחוץ"],

כן תהי׳ לנו - דורך דערויף וואס מ׳וועט טאן מיטן גאנצן שטורעם אין "מבצע חנוכה", ועד"ז אין שאר כל המבצעים: "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה",

ביז צום גרעסטן "מבצע" - גרייטן זיך צו דעם "מבצע" פון דעם אויבערשטן אין דער גאולה האמיתית והשלימה.

און "מיד הן נגאלין"[267], אזוי אז מ׳וועט אנצינדן נרות חנוכה צוזאמען מיט נרות המנורה אין ביהמ"ק (וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט נרות שבת, כמדובר כמ"פ).

און טאן אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור אין "יפוצו מעינותיך חוצה", און אין "יפוצו" פון "נר מצוה ותורה אור" בכלל, ומתוך שמחה וטוב לבב.

צוה לנגן "מלכתחילה אריבער". פדה בשלום.

- את"כ -

------------

263) ברכות ס, ב. 264) תענית כא, א. 265) לקו"ש ויגש-עשרה בטבת תשל"ת ס"ו. 266) ישעי׳ יב, א. 267) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה.

אח"כ אמר: עס איז דאך דא א גאנצע קבוצה וואס איז געקומען פון צרפה, און די גאנצע צייט האט מען דאך ניט געזונגען דעם ניגון "האדרת והאמונה" - זאלן זיי אנהויבן דעם ניגון, און מסתמא וועט דער גאנצער עולם מיטהאלטן מיט זיי.

ניגנו "האדרת והאמונה".

כ"ק ארמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי אמירת ברכה אחרונה - אמר:

עס זאל זיין דער "בשמחה תצאו" צו "מבצע חנוכה" במיוחד, און צו כל הענינים בכלל, און ס'זאל זיין "בשמחה תצאו ובשלום תובלון"[268], מיט אלע יעודים המובאים בהמשך לזה, ובקרוב ממש.

טרם צאתו התחיל לנגן "כי בשמחה תצאו".

* * *

------------

268) ישעי' נה, יב.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ מקץ, שבת חנוכה, אדר"ח טבת ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. ס'איז דאך א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט ימי חנוכה - וואס ימי חנוכה זיינען אויסגעטיילט פון כל ימות השנה, און זיי האבן זייער ענין מיוחד - אזוי ווי אלע מועדים ורגלים וימים מיוחדים שבשנה, וואס יעדערער פון זיי האט זיך זיין ענין מיוחד.

ווארום "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[1], יעדער טאג האט זיך זיין ענין מיוחד - שאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן טעג וואס זיינען אויסגעטיילט פון אלע איבעריקע טעג, אין אן ענין עיקרי וואס איז פארבונדן מיט אידישקייט, מיט תורה, ובפרט מיט מצוות מעשיות, וואס "המעשה הוא העיקר"[2] -

ברוגמא ווי ימי חנוכה, וואס זיי טיילן זיך אויס פון כל שאר ימות השנה, סיי בנוגע צו מחשבה, סיי בנוגע צו דיבור, ביז אויך אין מעשה בפועל:

ימי חנוכה האט מען דאך קובע געווען "בהלל והודאה"[3] - וואס דער ענין פון "הודאה" איז במחשבה, און "הלל" איז א מצוה שבדיבור, "והמעשה הוא העיקר" - דער ענין פון הדלקת הנרות (אין אן אופן של "פרסומי ניסא"[4]), וואס דאס איז אן ענין של מעשה,

איז א זיכערע זאך אז ימי חנוכה האבן זייער ענין מיוחד.

און ס'איז פארשטאנדיק, אז דער ענין מיוחד וואס איז דא אין דעם יו"ט, דארף משפיע זיין אויף דער הנהגה פון כל השנה כולה, און דערפון דארף מען נעמען אן עידוד און א נתינת כח און אויך א הוראה אויף דער הנהגה פון כל השנה כולה, ביז צו ימי חנוכה הבאים,

וואס דעמולט איז מצד דעם ציווי (וואס איז אויך א נתינת כח) פון "מעלין בקודש"[5] וועט מען מוסיף זיין אין די אלע הוראות והנהגות ופעולות ביתר שאת וביתר עז, אפי' לגבי דעם יתר שאת ויתר עז וואס איז געווען אין ימי חנוכה פון שנה זו לגבי ימי חנוכה פון שנה שעברה.

ב. בנוגע צו ימי חנוכה קומט נאך צו א הוספה לגבי שאר המועדים וימים טובים:

ס'איז ידוע דער מארז"ל[6] (וואס ווערט אויך אראפגעבראכט

- אין -

---

1) זח"ג צד, ב. 2) אבות פ"א מי"ז. 3) שבת כא, ב.
4) שם כג, ב. 5) ברכות כח, א. שבת כא, ב. וש"נ.
6) ירושלמי תענית פ"ב הי"ב. וראה ר"ה יט, ב.

אין רמב"ם ) אז לע"ל וועלן אלע מועדים נתבטל ווערן חוץ פון חנוכה ופורים [און לויט א צווייטע גירסא[8] אויך יוהכ"פ], וואס דערפון איז פארשטאנדיק די מעלה פון ימי חנוכה לגבי שאר המועדים, אז ימי חנוכה וועלן בלייבן אויך לע"ל.

און ווי דער רמב"ן[9] ברענגט אראפ פון מדרש רבה[10] אז "הנרות הללו אינן בטלין לעולם" - ווי ער טייטשט דארטן אפ אז דאס גייט אויף נרות חנוכה.

וואס בשעת מ'זאגט אז "הנרות הללו אינן בטלין לעולם", איז ניט דער טייטש אז דאס איז א מעלה וואס וועט זיין ניכר ערשט לע"ל, ווען די אנדערע ימים טובים וועלן נתבטל ווערן

[ווי ס'איז מבואר[11] דער טעם אויף דעם וואס אלע ימים טובים וועלן נתבטל ווערן - אז דאס איז דערפאר וואס דעמולט וועלן די מועדים זיין אזוי ווי "שרגא בטיהרא"[12] לגבי די גילויים פון לע"ל, משא"כ בנוגע צו די גילויים פון חנוכה (און פורים וכו'), אז זיי וועלן דערהערט ווערן אויך לע"ל, מצד דעם גודל המעלה פון די גילויים] -

נאר אויך אין דער צייט וואס ס'איז דא סיי דער יו"ט פון חנוכה און סיי אלע אנדערע ימים טובים - איז שוין דא די מעלה מיוהדת פון חנוכה, מצד דערויף וואס דאס איז אן ענין נצחי אפי' לגבי די נצחיות פון שאר הימים טובים

[וואס יעדער מצוה איז דאך אן ענין נצחי[13], עאכו"כ די מצוות פון די ימים טובים - אבער אין נצחיות גופא איז דא די מעלה מיוהדת וואס איז דא אין חנוכה, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם מדרש הנ"ל],

ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז ס'איז דא אן עילוי גדול אין א דבר נצחי לגבי א דבר וואס איז בלתי נצחי, אע"פ אז בשעת מעשה איז דער דבר בלתי נצחי אויך קיים - ווארום אפי' בזמן קיומו, קומט ער ניט צו דער שטארקייט און דער אופן הקיום פון א דבר נצחי, ווי ס'איז פארשטאנדיק אויך בשכל הפשוט.

לע"ל וועט מען זעהן דעם חילוק און די מעלה וואס איז דא אין ימי חנוכה אויך בפועל - אז אלע מועדים וועלן נתבטל ווערן חוץ פון חנוכה; ס'איז אבער פארשטאנדיק בפשטות, אז

- אויך -

---

7) הל' חנוכה פ"ג ה"ב. 8) ילק"ש משלי רמז תתקמד.
9) ר"פ בהעלותך. 10) במדב"ר פט"ו, ו. תנחומא בהעלותך ה.
11) ראה תו"א מג"א צ, ד. צד, א-ב. קיט, סע"ב. שערי אורה נז, א-ב. אוה"ת מג"א ע' ב'שלה. סה"מ תרכ"ו ע' לד.
12) חולין ס, ב. 13) ראה ג"כ תניא פכ"ה (לב, א).

אויך אין דער צייט ווען ס'זיינען דא בידע ענינים (ימי חנוכה און אלע מועדים), איז דא א מעלה אין חנוכה לגבי שאר הימים טובים, בדוגמת המעלה פון א דבר נצחי לגבי א דבר וואס איז ניט קיין נצחי.

ג. דערפון איז פארשטאנדיק, אז עס קומט צו א חוקף אין די הוראות וואס מ'נעמט פון חנוכה (כולל, ובפרט - פון נרות חנוכה), אפי' בזמן הזה, לגבי די הוראות וואס מ'נעמט ארויס פון אלע אנדערע ימים טובים.

און ס'איז פארשטאנדיק, אז איינער פון די חילוקים ועילויים וואס איז דא אין חנוכה לגבי שאר הימים טובים, איז פארבונדן מיט דעם ענין הנצחיות -

וואס בפשטות מיינט דאס, אז בנוגע צו א הוראה וואס מ'נעמט פון אלע ימים טובים, קען אין דערויף זיין א זמן וואס דעמולט איז די הוראה ניט אויף אזויפיל נוגע (אדער אז ס'איז אינגאנצן ניט נוגע); משא"כ בנוגע צו דער הוראה וואס מ'נעמט פון ימי חנוכה, וויבאלד אז "אינן בטלין לעולם", ווערט די הוראה דערפון אויך ניט בטל לעולם, ד.ה. אז בכל מקום ובכל זמן איז דאס א הוראה נחוצה בנוגע צו דעם קיום פון א אידן,

וואס אידן זיינען דאך אויך נצחיים, כמרז"ל[14] "כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא שנאמר[15] ועמך כולם צדיקים לעולם ידשו ארץ נצר מטעי מעשה ידי להתפאר" - אזוי ווי דער אויבערשטער איז א נצחי, אזוי זיינען אויך אידן נצחיים וקיימים אין דעם עולם הנצחי,

און אין דערויף קומט נאך צו די נצחיות פון ימי חנוכה.

ד. און די הוראה פון ימי חנוכה דארף אראפקומען סיי אין מחשבה, סיי אין דיבור, און דער עיקר - אין מעשה,

בדוגמא ווי געזאגט פריער (ס"א) אז אין חנוכה זיינען דא די דריי ענינים פון מחשבה דיבור ומעשה: "להודות ולהלל (לשמך הגדול)" - מחשבה און דיבור, און דער ענין פון הדלקת נר חנוכה - מעשה.

און דאס איז אויך בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו כללות ענין התורה, אז "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו"[16],

[וואס דאס איז פארבונדן במיוחד מיט ימי חנוכה - ווארום ימי חנוכה קומען דאך בהמשך צו י"ט כסלו, וואס י"ט

- כסלו -

---

14) סנהדרין צ, א. 15) ישעי' ס, כא. 16) נצבים ל, יד.

כסלו איז פארבונדן מיטן ספר התניא, און דער ספר התניא איז מיוסד אויף דעם ענין פון "כי קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו" - ווי דער אלטער רבי שרייבט גלייך אויפן שער-בלעטל, ובפרט ווי ער איז מבאר נאך דערויף אין תניא,

וואס דאס זיינען די דריי ענינים פון מחשבה דיבור ומעשה: "בפיך ובלבבך" איז דער ענין פון דיבור און מחשבה (בדוגמא ווי "להודות ולהלל" - מחשבה ודיבור), און "לעשותו" איז דער ענין פון מעשה.

און אויף דערויף זאגט מען אז "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו" - כמבואר בארוכה אין תניא[17] אז אין יעדער מקום און אין יעדן זמן, און אין וועלכן מעמד ומצב א איד זאל נאר האלטן, קען ער צוקומען צו דעם ענין פון "בפיך ובלבבך לעשותו". און אין אן אופן פון "<u>קרוב</u> אליך הדבר", און נאכמער: "<u>קרוב</u> אליך הדבר <u>מאד</u>".

ה. דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוראות דארפן זיין אין ענינים הכי פשוטים, וואס זיינען פארשטאנדיק אפי' פאר א קטן שבקטנים -

ווארום וויבאלד אז דער ענין פון "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו" איז שייך צו יעדערן, און דאס איז געזאגט געווארן בנוגע צו דער עבודה פון תומ"צ וואס דאס איז אן ענין נצחי (אזוי ווי אידן זיינען נצחיים),

איז דערפון פארשטאנדיק בנוגע צו די הוראות וואס מ'נעמט ארויס פון ימי חנוכה, אז נוסף אויף די ענינים פון "רזין דרזין", ענינים פון "רזין", און ענינים פון נגלה וואס זיינען שייך צו לומדים - זיינען אויך דא די הוראות פשוטות, ד.ה. הוראות וואס זיינען פארשטאנדיק אפי' צו א פשוט שבפשוטים.

און וויבאלד אז די הוראות פשוטות זיינען א דבר השוה לכל אחד ואחת מישראל - איז פארשטאנדיק, אז דאס דארף זיין אין אן ענין וואס איז ביי אלע אידן בשוה,

וואס דער ענין אין וועלכן אלע אידן גלייכן זיך אויס, איז - די פשטות און דער עצם פון א אידן, כידוע דער לשון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[18], אז די פשטות און דער עצם פון א אידן, איז פארבונדן מיטן עצם און פשיטות המוחלטה, וואס דאס איז עצמות ומהות פון דעם אויבערשטן -

וואס מצד דערויף קומט דאס אראפ ביז אין מטה מטה ביותר - אין מעשה בפועל.

- ו. -

---

17) פי"ח. פכ"ה. 18) לקו"ד כרך ג תצא, ב.

ו. כאמור לעיל אז די הוראה דארף זיין אין אן ענין וואס איז גלייך ביי אלע אידן - ווי געזאגט פריער אז דאס איז דער עצם ופשטות פון א אידן, וואס דער ענין קומט אראפ ביז למטה מטה, אין מעשה בפועל -

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ'זעט אז דער קיום פון די ענינים וואס ווינען פארבונדן מיט חנוכה, און דער אויסטייל פון ימי חנוכה פון כל ימות השנה - הויבט זיך אן (ניט מיט דעם ענין פון "להודות ולהלל", נאר) מיט דעם ענין פון הדלקת נר חנוכה - אן ענין של מעשה בפועל.

וכמדובר כמ"פ אז דער ענין פון אמירת "הלל" הויבט זיך אן ערשט אויף מארגן אינדערפרי, און דער ענין פון "הוראה" וואס מ'איז מודה אויף די נסים וואס דער אויבערשטער האט געמאכט אין דעם זמן פון ימי הנוכה, ווי מ'זאגט אין דער תפלה פון "ועל הנסים", הויבט זיך אן פון צאה הכוכבים פון ימי חנוכה; משא"כ דער ענין פון הדלקת נר חנוכה, וואס עיקר זמנה איז "משתשקע החמה"[19].

וואס אע"פ אז תוס' זאגט אין מנחות[20] אז מ'קען ניט אנצינדן נרות חנוכה ביום, דערפאר וואס דאס איז "שרגא בטיהרא". וואס דערפאר דארף מען זיי אנצינדן "משתשקע החמה" - איז דאך אבער שקיעה החמה נאך א זמן פון יום לגבי כו"כ ענינים,

[כולל אויך בנוגע צו אמירה "ועל הנסים", וואס מ'זאגט דאס סאקע גלייך בלילה הראשונה פון חנוכה (ניט אזוי ווי "הלל" וואס מ'זאגט ערשט אויף מארגן אינדערפרי), אבער עיקר זמנה איז ווען ס'איז שוין לילה בכל הפרטים - לאחרי צאת הכוכבים],

און אעפ"כ איז דער עיקר הזמן פון הדלקת נר חנוכה - "משתשקע החמה", ווי גערעדט באריכה אין דער פריערדיקע ההתוועדות[21].

וואס דאס איז נאכמער מדגיש אז אע"פ אז דער ענין פון חנוכה איז אן ענין נצחי, ביז אין אן אופן אז "הנרות הללו אינן בטלין לעולם" - קומט דאס אבער אראפ אין א מדידה והגבלה פון שמונת ימי חנוכה,

און אין דערויף גופא קומט נאך צו א הוספה - אז הדלקת נר חנוכה איז עיקר מצותה (ניט אלס תוספת) גלייך "משתשקע החמה".

- ז. -

------------

19) שבת שם. טושו"ע או"ח סתרע"ב ס"א. 20) כ, ב - ד"ה נפסל. 21) דמוצאי ש"פ וישב.

ז. די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דעם ענין פון הדלקת נר חנוכה:

די מצוה פון הדלקת נר חנוכה באשטייט אין דערויף וואס מ'דארף אנצינדן די נרות חנוכה "על פתח ביתו מבחוץ"[22],

און דערנאך זיינען דא אין דערויף כמה דעות און חילוקי מנהגים, ביז צום קיום המצוה אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין".

און דא זעט מען אז ווען ס'איז געווארן נענטער צום זמן וואס מ'וועט זעהן ווי אזוי אלע ימים טובים וועלן נתבטל ווערן חוץ פון ימי חנוכה, וואס דאס וועט ראך זיין בביאת משיח צדקנו - איז דער קיום מצות נר חנוכה אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין" געווארן א "מנהג פשוט" פאר יעדער אידן, כפס"ד הרמ"א[23].

וואס הדלקת נר חנוכה אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין (וואס איז געווארן א "מנהג פשוט" פאר יעדער אידן) איז - אז אע"פ אז בלילה הראשונה פון חנוכה האט ער מקיים געווען די מצוה בתכלית השלימות, דורך דעם וואס ער האט אנגעצונדן איין ליכטל (ווארום דעמולט האט ניט קיין ארט צו אנצינדן צוויי ליכט) - איז ווען עס קומט אים צו נאך א טאג אין לעבן (ער ווערט עלטער מיט א טאג), איז דער מנהג הפשוט אז ער צינדט אן מיט איין ליכטל מערער ווי די ערשטע נאכט, אין אן אופן פון מוסיף והולך.

און אע"פ אז ער האט שוין באוויזן אין דעם צווייטן טאג פון חנוכה אז זיין עבודה איז אין אן אופן פון מוסיף והולך, אז ער באגנוגנט זיך ניט מיט דער שלימות וואס איז פאר אים געווען גענוג במעמדו ומצבו מיט א טאג פריער, און ער איז מוסיף בעבודתו דערפאר וואס ס'איז צוגעקומען נאך א טאג -

פונדעסטוועגן, ווען עס קומט צו נאך א טאג, איז ער מוסיף נאך א דריטע ליכטל, ד.ה. אז ער איז מוסיף והולך אין דעם אופן העבודה פון מוסיף והולך גופא.

ח. אין דערויף קומט צו נאך א פרט:

דער אופן העבודה פון מוסיף והולך, אז יעדער טאג זאל צוקומען נאך א ליכטל - דארף זיין במשך פון אלע טעג פון חנוכה, ד.ה. אז אין אלע זיבן טעג פון דער וואך פון חנוכה, דארף א איד באווייזן אז זיין עבודה איז אין אן אופן פון מוסיף והולך.

- ווארום -

---

22) שבת שם. טושו"ע שם סתרע"א ס"ה. 23) שם ס"ב.

וואָרום יעדער טאָג האָט זיך דאַך זיין אופן העבודה, ווי געזאָגט פריער (ס"א) אַז "כל יומא ויומא עביד עבידתי׳",

און ווי מ׳זעט בפשטות אַז די עבודה אין ענינים פון אידישקייט ביום השבת איז לייכטער ווי דאָס איז אין ימות החול, ועד"ז זיינען דאָ חילוקים אין ימות החול עצמם[24], צווישן יום ראשון און יום שני, יום שלישי, יום רביעי, יום חמישי און יום ששי,

וואָס אע"פ אַז נאָר בנוגע צו שבת מיט ששת ימי החול זאָגט מען "המבדיל כו׳ בין יום השביעי לששת ימי המעשה", איז אָבער פאַרשטאַנדיק אַז אין ששת ימי המעשה עצמם איז אויך ניט דומה דער אופן העבודה פון יום ראשון צום אופן העבודה פון יום שני וכו׳, ובלשון הזהר "כל יומא ויומא עביד עבידתי׳".

און ווי ס׳איז פאַרשטאַנדיק בפשטות, אַז ביום ראשון וואָס ער איז בסמיכות צו שבת - איז דאָ די נתינת כח פון די שבת׳דיקייט וואָס איז געווען מיט אַ טאָג פריער, און במילא איז אים לייכטער בייקומען די וואָכעדיקייט פון דעם וואָכעדיקן טאָג, משא"כ ווען עס ווערט מיט אַ טאָג שפעטער, מיט אַ טאָג ווייטער פון שבת. ועד"ז איז פאַרשטאַנדיק אַז ביום שני איז די עבודה לייכטער ווי ביום שלישי.

וואָס בכללות איז דאָ דער חילוק אין ששת ימי השבוע צווישן די ערשטע דריי טעג מיט די לעצטע דריי טעג - ווי די גמרא[25] זאָגט אַז די שלשה ימים ראשונים שבשבוע ווערן אָנגערופן "בתר שבתא", און די שלשה ימים האחרונים שבשבוע ווערן אָנגערופן "קמי שבתא".

[וכמדובר כמ"פ אַז יעדער ענין דאַרף אָראָפּקומען אין הלכה בפועל - איז דאָ דער פס"ד אין שו"ע[26] אַז ס׳קען זיין אַ מציאות אַז ביום השלישי פון ימות החול זאָל מען מאַכן הבדלה (און זאָגן "המבדיל בין קודש לחול בין אור לחושך בין ישראל לעמים בין יום השביעי לששת ימי המעשה"), דערפאַר וואָס יום השלישי איז נאָך פאַרבונדן מיט שבת, משא"כ אין די ימים שלאח"ז].

און ס׳איז פאַרשטאַנדיק, אַז ס׳איז דאָ אַ חילוק אין דעם אופן העבודה וואָס מ׳גרייט זיך צום יום השבת, אין "קמי שבתא", מיטן אופן העבודה ווען מ׳האָט די השפעה און שבת׳דיקייט פון שבת אין די דריי טעג שלאחרי השבת, "בתר שבתא".

- און -

---

24) ראה לקו"ש חי"ב ע׳ 100 הע׳ 38. 25) פסחים קו, סע"א. 26) או"ח סרצ"ט ס"ו. אדה"ז שם ס"ח.

און ווי מ'זעט דעם ענין פון "כל יומא ויומא עביד עבידתי'" אויך דערפון וואס יעדער טאג האט זיך זיין "שיר של יום" - ווי די גמרא זאגט אין ר"ה[27] אז דער "שיר של יום" איז צוגעפאסט צו דעם טאג דוקא, דער "שיר של יום" פון יום ראשון איז צוגעפאסט צו יום ראשון דוקא וכו',

וואס דער "שיר של יום" נעמט זיך דערפון וואס די לויים האבן געזאגט דעם קאפיטל תהלים (דעם "שיר") בשעת הקרבת קרבן תמיד וואס מ'האט מקריב געווען פאר יעדער אידן און פאר אלע אידן,

וואס דער ענין פון דעם קרבן תמיד איז, אז ער איז מכפר אויף אלע ענינים וואס זיינען געווען לפנ"ז, ווי די גמרא[28] זאגט "אם ראית ת"ח שעבר עבירה בלילה אל תהרהר אחריו כו'", און ווי מ'איז מסביר אז דאס איז דערפאר וואס דער קרבן תמיד האט מכפר געווען[29] - ועד"ז "תפלות כנגד תמידין תקנום"[30] -

איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז בכל יום ויום איז דא דער ענין השירה ("שיר של יום"), איז אבער דא א חילוק עיקרי צווישן דעם "שיר של יום" פון יום ראשון מיטן "שיר של יום" פון יום שני וכו'.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז ס'איז דא א חילוק צווישן יום ראשון מיט יום שני וכו' אויך בנוגע צו עבודת האדם - וואס דערנאך איז מען דאס מעלה דורך דעם ענין התפלה, אדער בזמן שביהמ"ק הי' קיים - דורך דעם קרבן תמיד וואס מ'האט מקריב געווען פאר יעדער אידן בכל קצוי תבל, דורך זיין השתתפות אין נתינת מחצית השקל.

און וויבאלד אז עס זיינען דא חילוקים אין דעם אופן העבודה פון כל ימי השבוע וואס דערפאר דארף ער האבן א באזונדערע נתינת כח אויף צו איבערקומען די שוועריקייטן וואס זיינען דא אין דעם טאג במיוחד - איז אפי' נאך דערויף וואס ער האט שוין באוויזן אז עבודתו איז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין", און "מעלין בקודש", איז דאס נאך אלץ ניט מספיק, נאר ער דארף דאס באווייזן אין דעם "עבידתי'" פון <u>יעדער</u> טאג (אין אלע שבעת ימי השבוע פון חנוכה), ווארום וויבאלד אז די עבודה פון איין טאג איז ניט גלייך צו דער עבודה פון דעם צווייטן טאג, דארף ער באווייזן אז <u>בכל יום</u> איז עבודתו אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין".

- ס. -

---

27) לא, א ובפרש"י. וראה אדר"נ פ"א מ"ח. 28) ברכות יט, א. 29) במדב"ר פכ"א, כא. ועוד. 30) ברכות כו, ב.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

ס. און ווי מ'זעט בפועל יעדערער בעניניו - אז ס'זיינען דא מצוות וואס זייער קיום (ביז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין") קומט אים אן זייער לייכט, און לאידך, זיינען דא מצוות אויף וועלכע ער דארף אנקומען צו א מלחמה גדולה אויף צו בייקומען בא זיך די פארשידענע מניעות ועיכובים אז ער זאל קענען מקיים זיין די מצוה, ועאכו"כ ווען ער וויל מקיים זיין די מצוה בתכלית השלימות, ביז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין".

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דעם מארז"ל[31] אז "אין דעותיהם שוות" [ביז וואנעס אז מ'בויט אויף דערויף כמה ענינים של הלכה], און "אין שכל אדם זה מתפעל ומתעורר ממה שמתפעל שכל חבירו" (ווי דער אלטער רבי זאגט אין דער הקדמה פון ספר התניא), איינער ווערט נתפעל פון דעם ענין און דער צווייטער דארף אנקומען צו אן אנדער הסברה -

וואס וויבאלד אז ס'איז דא א חילוק אין דעם ענין השכל והדעה, וואס דאס איז דאך דער עיקר האדם - איז פארשטאנדיק, אז דערפון קומט ארויס א חילוק אויך בנוגע צו זיין מחשבה דיבור ומעשה, ובנוגע לכל עניניו.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז מ'דארף אויס-פרואוון א אידן במשך פון שבעה ימים רצופים (וואס אין שבעה ימים רצופים זיינען דא כל ימות השבוע), אז בכל יום (וואס יעדער טאג האט דאך זיין ענין מיוחד) איז ביי אים די עבודה אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין".

י. אין דערויף קומט נאך צו א הוספה - אז אין חנוכה זיינען דא "שמונה ימים". והביאור בזה:

ס'איז ידוע די תשובת הרשב"א[32] וואס ער איז מבאר דעם חילוק צווישן שבעה ימים מיט שמונה ימים, אז שבעה ימים זיינען שבעת ימי ההיקף, וואס דאס איז מקיף און כולל די גאנצע מציאות פון זמן; און דערנאך איז דא דער יום השמיני וואס ער איז שומר את ההיקף.

דער יום השמיני האט אויך א שייכות צום ענין הזמן, ווארום ער איז אויך א יום מיט אזוי פיל שעות ורגעים אזוי ווי אלע אנדערע טעג - ער האט אבער אין זיך א כח מיוחד, וואס מצד דעם כח מיוחד איז ער שומר את ההיקף, ער היט אפ די גאנצקייט און די הייליקייט פון אלע שבעה ימים שלפנ"ז.

- ד.ה. -

---

31) ראה ברכות נח, א. ועוד. 32) ח"א ס"ט. וראה ד"ה ויהי ביום השמיני תש"ד (פי"א) ותש"ה (פ"ב).

הנחת הת' בלתי מוגה

ד.ה. אז אין יום השמיני זיינען דא צוויי ענינים: דאס איז א טאג, לכאו׳, ווי אלע טעג, ער קומט אבער לאחרי שלימות העבודה אין אלע שבעה ימים אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין", וואס דערפאר באקומט ער א כח נוסף אז ער זאל שומר זיין את ההיקף.

יא. נאך א ביאור אין דעם וואס בחנוכה זיינען דא "שמונה ימים":

מ׳האט דאך גערעדט פריער (ס"ח) אז די עבודה אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין" דארף זיין במשך פון אלע שבעת ימי השבוע (ווארום יעדער טאג האט זיך זיין "עבידתי׳", כנ"ל בארוכה).

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דאס וואס בחנוכה זיינען דא "שמונה ימים" - ווארום דוקא ווען ס׳איז דא "שמונה ימים" זיינען דא זיבן טעג אין וועלכע א איד באווייזט אז עבודתו איז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין":

ווען ער צינדט אן אין דעם ערשטן טאג איין ליכטל, איז ער טאקע מקיים די מצוה פון הדלקת נר חנוכה בשלימותה, מ׳ווייסט אבער ניט צי ער איז שייך צום אופן העבודה פון "מהדרין מן המהדרין"; דוקא ווען עס קומט דער צווייטער טאג פון חנוכה און ער צינדט אן צוויי ליכט, דעמולט זעט מען אז עבודתו איז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון דעם צווייטן טאג חנוכה דארף מען האבן שבעה ימים רצופים (וואס צוזאמען איז דאס "שמונה ימים") אין וועלכע א איד באווייזט אז בכל יום איז עבודתו אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין" -

ווארום ווען חנוכה וואלט געווען מערניט ווי זיבן טעג, וואלט מען געהאט נאר זעקס טעג פון עבודה אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין", און דעמולט וואלט געבליבן א ספק ווי וועט זיין אופן עבודתו אין דעם זיבעטן טאג;

דוקא ווען עס גייען דורך זיבן טעג (פון דעם צווייטן טאג חנוכה) וואס א איד באווייזט אז עבודתו איז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין" - דעמולט איז מען בטוח אז אין אלע זיינע עבודות, און אין וועלכן טאג און מעמד ומצב ער זאל זיך נאר געפינען, וועט ער טאן זיין עבודה אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין".

יב. בנוגע צו נרות חנוכה - קומט צו נאך אן ענין נפלא (וואס לע"ע האב איך ניט געפונען אז מ׳זאל דאס אזוי מבאר זיין און ארויסנעמען דערפון א הוראה):

- אין -

אין נרות חנוכה איז דא דער דין[33] אז "אין לנו רשות להשתמש בהן אלא לראותן בלבד".

און אויף אזוי פיל איז דאס נוגע, ביז וואנעט אז איינער פון די טעמים[34] אויף דעם וואס מ'צינדט אן דעם נר וואס ווערט אנגערופן בשם "שמש", און מ'שטעלט אים אוועק במקום גבוה יותר [אע"פ אז בפשטות וואלט מען געדארפט אוועקשטעלן דעם נר של מצוה במקום גבוה יותר פון דעם נר של שמוש מצוה] איז - כדי אז אויב ער וועט צופעליג פארגעסן און וועט עפעס טאן לאור פון נרות חנוכה, זאל ער ניט נכשל ווערן אין דעם איסור וואס "אין לנו רשות להשתמש בהן", ווארום דער שימוש וועט זיין ניט לאור פון די נרות חנוכה וועלכע שטייען במקום נמוך יותר, נאר לאור פון דעם "שמש" וואס שטייט במקום גבוה יותר.

יב. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

יעדער מצוה איז דאך פארבונדן מיט אן ענין של שכר, ווי ס'שטייט[35] "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם", וועט דעמולט זיין "ונתתי גשמיכם בעתם"[36], מיט אלע ברכות וואס ער רעכנט אויס אין דער פרשה.

דער חילוק איז נאר אז ס'זיינען דא מצוות וואס מתן שכרן בצדן, אדער עכ"פ אז נתגלה שכרן, און ס'זיינען דא מצויח וואס לא נתגלה שכרן - אבער "תורת אמת" זאגט אז אין יעדער מצוה איז דא אן ענין של שכר [מיט אלע שיטות בזה, צי דער שכר איז באופן טבעי, אדער באופן סגולי, ווי ער איז מאריך בזה אין של"ה בתחלתו[37]].

און ווי דער רמב"ם איז מאריך אין הל' תשובה[38], און נאכמער אין פיהמ"ש[39], אז דער סדר אין עבודת האדם דארף זיין מן הקל אל הכבד - אז אזידער ער קומט צו דעם אופן העבודה פון לשמה, בדוגמת העבודה פון "אברהם אוהבי"[40], דארף זיין די עבודה פון שלא לשמה, על מנת לקבל פרס.

און אין דערויף (אין דעם אופן העבודה פון שלא לשמה) גופא זיינען דא כמה דרגות, ווי ער רעכנט זיי אויס בפרטיות אין פיהמ"ש - און ווי דער ביאור אין יעדער דרגא ווי דאס איז אין רוחניות העבודה.

ד.ה. אז טבע האדם איז ניט אז מ'הויבט אן פון שלימות

- העבודה -

---

33) שבת שם. טושו"ע או"ח סתרע"ג ס"א. 34) טושו"ע שם.
35) בחוקותי כו, ג. 36) שם, ד. 37) יב, א ואילך.
38) פ"י. 39) סנהדרין פ' חלק ד"ה וכת חמישית. 40) ל' הכתוב - ישעי' מא, ח. רמב"ם הל' תשובה שם, ה"ב.

העבורה, נאר ווי דער רמב"ס[41] ברענגט אראפ דעם מארז"ל[42] "לעולם יעסוק אדם בתורה ומצוות אע"פ שלא לשמה כו'" (און מ'זאגט אויף דערויף "לעולם"), און ערשט דערנאך וועט ער קומען צום אופן העבודה פון "לשמה".

יד. דערנאך איז דא א מצוה וואס מ'זעט אז מ'קען האבן אין דערויף אן ענין של שכר, מ'זאגט אים אבער אז ער דארף זיך אפזאגן פון דעם שכר (וואס דאס איז א דבר והיפוכו) - ווי מ'זעט דאס אין נרות חנוכה:

הדלקת נר חנוכה דארף זיין אין אן אופן אז מ'זאל זיך קענען משתמש זיין דערמיט, ווארום מצות נר חנוכה דארף זיין אין אן אופן אז ס'זאל מאכן ליכטיק דארטן וואו ס'איז פריער ניט געווען ליכטיק; ער דארף אנצינדן די נרות חנוכה "משתשקע החמה", און "על פתח ביתו מבחוץ", און ווי געבראכט פריער (ס"ו) וואס תוס' זאגט, אז אויב ער צינדט אן די נרות חנוכה איידער "חשקע החמה", וואס דעמולט קען ער זיך דערמיט ניט משתמש זיין, ווארום ס'איז "שרגא בטיהרא" - האט ער ניט מקיים געווען די מצוה פון הדלקת נר חנוכה.

און לאידך גיסא, זאגט מען אז אסור להשתמש לאורן - די הדלקה דארף טאקע זיין אין אן אופן אז מ'זאל זיך קענען דערמיט משתמש זיין, מ'באווארענט אבער אז אסור להשתמש לאורן.

און אויף אזוי פיל איז נוגע די באווארעניש אז אסור להשתמש לאורן, אז אויב ס'איז ניטא קיין מענטש וועלכן מ'דארף באווארענען אז אסור להשתמש לאורן, איז גאר א שאלה צי ער מעג מאכן א ברכה,

און ווי דער דין[43] איז, אז אויב בני ביתו זיינען ישנים, וואס דעמולט איז' ניט שייך אז די זאלן זיך קענען משתמש זיין מיט נרות חנוכה, טאר ער ניט מאכן קיין ברכה.

ד.ה. אז ס'איז אפי' ניט מספיק דאס וואס ער קען זיך דערמיט משתמש זיין, נאר מ'דארף האבן אז א צווייטער זאל זיך קענען דערמיט משתמש זיין, און מ'זאל אים באווארענען ער זאל וויסן אז "הנרות הללו קודש הם" און "אין לנו רשות להשתמש בהן".

און עד כדי כך איז נוגע דער ענין וואס "אין לנו רשות להשתמש בהן", ביז וואנעט אז דאס איז פארבונדן מיט אן ענין של "חסרון כיס" [ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת[44]

- ודאס) -

------------

41) שם ה"ה. 42) פסחים נ, ב. 43) ראה כף החיים סתרע"ב סקב"ו. 44) ר"פ צו.

(וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז שייך אויך צו א תינוק בן חמש) אז "ביותר צריך הכתוב לזרז במקום שיש בו חסרון כיס":

נאך דערויף וואס מ'צינדט אן די נרות חנוכה מיטן "שמש" וואס מ'מוז דאך אנצינדן אלע נרות חנוכה מיטן "שמש" - וואָרוס בנוגע צו אנצינדן נר מנר איז דא א שאלה פון בזיון, מיט אלע פרטים וואס מ'רעכנט אויס אין דערויף[45], איז מנהג ישראל (וואס "מנהג ישראל תורה הוא"[46]) אז דער "שמש" בלייבט ברענען אויך שפעטער,

וואס דאס איז דאך אן ענין וואס איז פארבונדן מיט חסרון כיס, ווארום נאך דעם וואס מ'צינדט אן די ליכט, קען מען דאך פארלעשן דעם "שמש", און נוצן אים דערנאך אויף (אנדערע זאכן, ועאכו"כ אויף) די נרות חנוכה הבאים - איז אבער מנהג ישראל אז דער "שמש" ברענט אויך שפעטער, כדי צו באווארענען אז מ'זאל ניט נכשל ווערן אין דעם איסור וואס "אין לנו רשות להשתמש בהן".

וואס דער ענין פון "אין לנו רשות להשתמש בהן" בפשטות איז - אז מ'טאר זיך ניט נוצן מיטן אור פון נרות חנוכה בגשמיות; וואס דאס איז דערפאר וואס "נשתלשלו מהן"[47] - דערפון ווי דאס איז ברוחניות הענינים, אז דאס איז א מצוה לשמה (ניט צוליב שכר וכיו"ב).

סו. דערפון קומט ארויס א הוראה נפלאה:

אפי' ווען א איד האלט אין תחלת העבודה, וואס דאס איז דער ענין פון "משתשקע החמה" - כמבואר אין ספרי מוסר, און נאכמער אין ספרי קבלה וחסידות[48], אז "משתשקע החמה" מיינט אז דער "שמש ומגן הוי' אלקים"[49] לייכט ניט ביי אים אזוי שטארק - וואס דעמולט איז ער דאך אויך מקיים די מצוה פון הדלקת נר חנוכה,

דאגט מען אים שוין א דבר והיפוכו: מ'דארף אנצינדן די נרות חנוכה אין אן אופן אז ס'זאל זיין א מעגליכקייט זיך משתמש זיין דערמיט, און דערביי זאגט מען אים אז ער דארף באווארענען (ביז אין אן אופן וואס איז פארבונדן מיט חסרון כיס) אז מ'זאל זיך דערמיט ניט משתמש זיין, ווארום "אין לנו רשות להשתמש בהן", דאס דארף בלייבן א מצוה לשמה.

- און -

---

45) טושו"ע או"ח סתרע"ד. 46) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב.
47) ל' התניא רפ"ג. 48) ראה ד"ה מצותה משתשקע תרע"ח.
49) ל' הכתוב - תהלים פד, יב.

הנחת הת' בלתי מוגה

און אין דערויף גופא איז מען מוסיף - אז דאס איז ניט נאר אין א זמן מיוחד, ד.ה. אז אין איין טאג (אדער אין עטליכע טעג) פון ימי חנוכה וועט ער באווייזן אז ער איז שייך צום אופן העבודה פון "לשמה" ("אין לנו רשות להשתמש בהן"), נאר מ'זאגט אים אז אזוי דארף דאס זיין בכל יום פון ימי חנוכה,

אז נוסף אויף דערויף וואס ער איז מקיים די מצוה, און ער איז איר מקיים אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין", מוסיף והולך ואור - דארף ער אויך באווייזן אז די נקודה פון "נר מצוה ותורה אור"[50] [וואס ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער גמרא אין שבת[51] - גייט דאס אויף נר חנוכה און נר שבת וכיו"ב; דאס איז אבער כולל כל המצוות כולם, וואס יעדערע פון זיי איז "נר מצוה"[52] - אן ענין של "נר"] איז - "אין לנו רשות להשתמש בהן":

ער זאגט זיך אפ פון דעם ענין השכר, און ער וויל נאר האבן די מצוה מצ"ע, דערפאר וואס "קדשנו במצותיו וצונו" - ער האט ניט קיין אנדער מבוקש, מערניט ווי דער ענין פון קיום המצוה.

ד.ה. אז אפי' ווען ער האלט נאך אין תחלת העבודה, וואס תחלת העבודה איז דאך אין אן אופן פון "שלא לשמה", און "מתוך שלא לשמה בא לשמה"[42], ערשט רערנאך וועט ער צוקומען צום אופן העבודה פון "לשמה" -

דארף ער אבער באווייזן אז ער האט אויך א שייכות צום אופן העבודה פון "לשמה" - עכ"פ אין איין מצוה, אין מצות נר חנוכה, אז דער קיום המצוה איז אין אן אופן אז "אין לנו רשות להשתמש בהן" - ער טוט דאס אין אן אופן פון "לשמה".

און אזוי פירט ער זיך כל ימות השבוע פון חנוכה - במשך פון כל שמונת ימי חנוכה.

און ער טוט דאס ניט נאר ווען דאס איז פארבונדן מערניט ווי מיט א טרחא בגופו, נאר ער טוט דאס אויך ווען ס'איז פארבונדן מיט א חסרון כיס - וואס דעמולט איז דאך "תורת אמת" מעיד אז דער אויבערשטער האט באשאפן א מענטשן אין אן אופן אז ווען עס קומט צו אן ענין פון חסרון כיס, דארף ער אנקומען צו א זירוז מיוחד - איז ניט הערנדיק קיין זירוז, נאר וויסנדיק דעם דין, איז ער דאס שוין מקיים בלילה הראשונה, ועאכו"כ אין די לילות שלאח"ז.

- און -

---

50) משלי ו, כג. 51) כג, ב ובפרש"י שם ד"ה בנים.
52) ראה סוטה כא, א.

און ער טוט דאס אין אן אופן גלוי לעין כל - ווארום אזוי ווי הדלקת נר חנוכה דארף זיין אין אן אופן אז בני ביתו זאלן דאס זעהן, און נאכמער: "על פתח ביתו מבחוץ", כדי אז די עוברים ושבים בשוק זאלן דאס אויך זעהן - זעהן זיי דאך אויך ווי עס ברענט דער "שמש", און ברענט במקום גבוה [ווארום מצד דעם זעלבן טעם וואס מ'דארף האבן אז דער "שמש" זאל ברענען צוזאמען מיט אלע ליכט, דארף מען אים אוועקשטעלן באופן כזה אז וועט מ'דערזעט די נרות חנוכה, דערזעט מען אויך דעם "שמש"], ד.ה. אז ער באווייזט אין אן אופן גלוי לעין כל אז עבודתו איז אין אן אופן פון "לשמה".

וואס דאס איז א הוראה נצחית על כל ימות השנה ועל כל יום ויום - אז אין אלע זיינע מעשים, וואס "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[53], האט ער די הוראה פון נרות חנוכה, אז אפי' ווען ירע איניש בנפשי' אז ער האלט נאך פאר דעם זמן וואס "מתוך שלא לשמה בא לשמה" - דארף ער באווייזן אז ער האט אויך א שייכות צום אופן העבודה פון לשמה,

ביז וואנעט אז ער טוט דאס במעשה בפועל, און אים שטערט ניט דאס וואס ס'איז פארבונדן מיט חסרון כיס, און ער טוט דאס אין אן אופן גלוי לעין כל, אז בני ביתו זעהן דאס, און די עוברים ושבים בשוק זעהן דאס, ביז וואנעט אז עס ווערט דער "כליא ריגלא דתרמודאי"[54], מיט אלע פירדשים שבזה, ווי גערעדט פריער[55].

סז. די הוראה הנ"ל פון נרות חנוכה (אז ס'דארף זיין דער אופן העבודה פון "לשמה") איז מודגש נאכמער אין די נרות חנוכה וואס מ'צינדט אן בערב שבת, וואס זיי זיינען פארבונדן מיטן טאג פון שבת חנוכה:

בשבת חנוכה ברענען צוזאמען נרות שבת מיט נרות חנוכה - וואס דעמולט זעט מען די ביידע קצוות:

בנוגע צו נרות חנוכה זאגט מען אז "אין לנו רשות להשתמש בהן", משא"כ בנוגע צו נרות שבת, וואס דארטן איז פונקט להיפך - נרות שבת זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון שלום בית, ובלשון פון דעם אלטן רבי'ן אין שו"ע שלו[56] (געגומען פון ראשונים[57]) "שלא יכשל בעץ או באבן", און דאס איז די מצוה פון נרות שבת -

- וואס -

---

53) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 54) שבת כא, ב. 55) בהתוועדות הנ"ל. 56) או"ח ר"ס רסג. 57) מרדכי - הובא במג"א סרס"ג סקי"ג.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דעמאלט איז נאכמער מודגש דער חילוק וואס איז דא אין מצוות, אז ס'זיינען דא מצוות וואס עניינם איז ליכטיק מאכן אין אן אופן אז מ'מוז זיך משתמש זיין דערמיט, און ס'זיינען דא מצוות וואס "אין לנו רשות להשתמש בהן".

יז. ויה"ר אז פון די נרות זאל מען קומען בקרוב ממש צום "אני מראה לכם נרות של ציון"[58] - די נרות וואס דער כה"ג און כהנים סתם צינדן אן אין ביהמ"ק, ובקרוב ממש - אין ביהמ"ק השלישי.

וואס בנוגע צו נרות המקדש קען מען זאגן אז מ'האט זיך משתמש געווען לאורם - בדוגמא ווי די משנה[59] זאגט בנוגע צו "אור המערכה", אז די כהנים וואס זיינען געווען אין ביהמ"ק, זיינען געגאנגען ל"אור המערכה", ווארום בנוגע צו נרות המקדש געפינט מען ניט דעם ענין פון "אין לנו רשות להשתמש בהן", מערניט ווי בא נרות חנוכה.

און מ'קען ניט זאגן אז לכאו', וויבאלד אז נרות חנוכה נעמען זיך פון נרות המקדש, דארף בא זיי זיין דער זעלבער גדר - ווארום מ'זעט דאך אז נרות חנוכה זיינען שמונה נרות און נרות המקדש זיינען מערניט ווי שבעה נרות.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן ע"י מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות, ובפרט דורך א מצוה אין וועלכע מ'זעט לעיני בשר ווי אזוי זי באלייכט דעם חושך פון ליל הגלות און עקבתא דמשיחא -

וואס דאס איז נאכמער מקרב, ביז אין אן אופן פון "אחישנה"[60], דעם ענין פון "נרות ציון",

וכידוע דער נוסח פון די ספרדים - אז "יראה כהן בציון", אז דאס וועט זיין בקרוב ממש,

און די כהנים וועלן מדליק זיין "נרות בחצרות קדשך", און אויך נרות כפשוטם - די נרות המנורה שבביהמ"ק, וואס "משם אורה יוצאה לעולם"[61] - פון אלע ענינים אין ביהמ"ק, ועאכו"כ פון דעם נר המערבי פון דער מנורה, וואס אויף אים זאגט מען[62] אז "עדות הוא לכל באי עולם שהשכינה שורה בישראל".

וכן תהי' לנו, במהרה בימינו ממש, ובעגלא דידן - דורך דערויף וואס מ'וועט מוסיף זיין אין תורה ומצוותי' בכלל, ובמיוחד - אין דעם ענין שהזמן גרמא, אין נרות חנוכה, אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין", - ובקרוב -

---

58) יל"ש ר"פ בהעלותך. 59) תמיד פ"א מ"ד. 60) ל' הכתוב - ישעי' ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. 61) ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה. 62) מנחות פו, ב. וראה שבת כב, ב.

ובקרוב ממש וועט מען מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס "יבנה מקדש במקומו"[63] כפשוטו, און דארט וועט זיין די הדלקה פון נרות המקדש אין דער מנורה, און בימי חנוכה - צוזאמען מיט נרות חנוכה, בקרוב ממש.

* * *

יח. מ'האט דאך גערעדט פריער (ס"א) אז "המעשה הוא העיקר" - איז דאס אויך פארבונדן מיט דער התעסקות אין מעשה בפועל בנוגע צו "מבצע חנוכה".

וואס אע"פ אז בשעה מ'וועט אנהויבן מאן אין "מבצע חנוכה" היינט ביינאכט אדער מארגן אינדערפרי, וועט דאס זיין נוגע נאר צום לעצטן טאג פון חנוכה, "זאת חנוכה" -

האט מען שוין אבער גערעדט כמ"פ[64] אז דער מאי פון "זאת חנוכה" איז אויסגעשפילט פון אלע ימי חנוכה,

ווי מ'זעט דאס אויך בפשטות, סיי אין דעם ענין פון קריאת התורה, אז די קרה"ת פון "זאת חנוכה" איז שלא בערך מער פון די קרה"ת אין אלע איבעריקע ימי חנוכה,

ועד"ז זעט מען אויך בנוגע צו דעם ענין פון הדלקת נרות חנוכה [וואס אין דערויף באשטייט דאך דער עיקר הענין פון חנוכה], אז אין "זאת חנוכה" צינדט מען אן "שמונה נרות", און די גמרא[65] זאגט אז דאס איז "כנגד ימים היוצאין", ד.ה. אז אין דעם טאג פון "זאת חנוכה" האט מען אלע טעג פון חנוכה, ווארום זיי ווערן אלע נכלל אין דעם טאג פון "זאת חנוכה".

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו "מבצע חנוכה":

לכאו', קען מען טראכטן בא זיך, אז וויבאלד מ'האט שוין געטאן אין דערויף אין די אלע זיבן טעג פון חנוכה [כולל אויך יום השבת, ווארום "מפקחין על צרכי ציבור בשבת"[66], מ'מעג אויסנוצן דעם שבת'דיקן טאג אויף ענינים פון "צרכי ציבור", עאכו"כ בנוגע צו "צרכי ציבור" אין אן ענין שהזמן גרמא - דער ענין פון נרות חנוכה, כולל אויך מפיץ זיין דעם קיום פון מצות נרות חנוכה בכל מקום שידו מגעת], איז וואס קען ער שוין נאך מאנען פון זיך, נאך דערויף וואס ער האט אפגעהארעוועט זיבן טעג אין "מבצע חנוכה"?!

- זאגט -

---

63) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 64) ראה ג"כ לקו"ש ח"ה ע' 455 בהערה. שיחת זאת חנוכה תשל"ח ס"ה. ועוד. 65) שבת כא, ב. 66) שם קנ, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ו (סי"ב).

דאגט מען אים, אז איצטער קומט אן א טאג וואס איז אויסגעטיילט פון כל שבעת ימי חנוכה שלפנ"ז, ביז וואנעט אז ער האט א שם מיוחד "אשר יקראו לו בלה"ק", וואס "מנהג ישראל" איז צו אנרופן דעם טאג כשם "זאת חנוכה",

ובפרט נאך ע"פ המבואר אין דעם מאמר ד"ה ברוך שעשה נסים פון דעם אלטן רבי'ן, מיט די הגהות והערות פון דעם צ"צ[67], וועגן דער מעלה פון דעם טאג פון "זאת חנוכה".

ביז ווי דאס איז בפשטות, אז בשעת מ'פועל'ט ביי א אידן ער זאל אנצינדן אין "זאת חנוכה" אלע שמונה נרות, איז מען אים מסביר אז דאס איז "כנגד ימים היוצאין" - אז דער טאג איז כולל אין זיך אלע טעג פון חנוכה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב מ'האט זיך געדארפט משתדל זיין אין "מבצע חנוכה" בכל ימי חנוכה, איז עאכו"כ אז מ'דארף זיך אין דערויף משתדל זיין בנוגע צו "זאת חנוכה".

און ווי מ'זעט בפועל, אז מ'קען געפינען איינעם וואס איז א תינוק שנשבה לבין העכו"ם, עד כדי כך אז ער ווייסט גארנים וועגן דעם ענין פון חנוכה, עאכו"כ אז ער ווייסט ניט חשיבות הענין, ועאכו"כ אז ער ווייסט ניט די דינים ופרטי דינים ווי אזוי מ'דארף מקיים זיין די מצוה בפועל,

און בשעת מ'רעדט מיט אים ווי ס'דארף צו זיין, איז א זיכערע זאך אז "לב ישראל ער הוא"[68], און מ'וועט זיכער פועל'ן ביי אים ער זאל אנצינדן ביום השמיני פון חנוכה אלע שמונה נרות - און דעמולט (ווען מ'צינדט אן נרות חנוכה ביום השמיני) טוט מען אויף נאכמער וויפל מ'האט אויפגעטאן אין ימי החנוכה שלפנ"ז.

יט. בנוגע צו דעם וואס ביום השמיני פון חנוכה צינדט מען אן "שמונה נרות" (לדעת ב"ה) - איז דא נאך א טעם (נוסף אויף דעם ענין פון "ימים היוצאין"):

נאך דערויף וואס די גמרא[65] ברענגט אראפ די מחלוקת פון ב"ש מיט ב"ה, אז "ב"ש אומרים יום ראשון מדליק שמונה מכאן ואילך פוחת והולך" און "ב"ה אומרים יום ראשון מדליק אחת מכאן ואילך מוסיף והולך" - זאגט די גמרא אז "פליגי בה חדי אמוראי" וואס איז דער טעם המחלוקת:

"חד אמר טעמא דב"ש כנגד ימים הנכנסין וטעמא דב"ה

- כנגד -

------------

67) נדפס בקונטרס בפ"ע (קה"ת, תשי"א) ובאוה"ת חנוכה כרך ה תתקנז, ב ואילך. 68) ראה שהש"ר פ"ה, ב. ועוד.

כנגד ימים היוצאין, וחד אמר טעמא דב"ש כנגד פרי החג [וואס די שייכות פון "פרי החג" מיט נרות חנוכה איז מבואר בכמה דרושים[69]] וטעמא דב"ה דמעלין בקודש ואין מורידין".

וואס ברוב המקומות וואו די גמרא זאגט דעם לשון "פליגי", איז דאס א מחלוקת וואס אין דערויף איז דא א נפק"מ להלכה - ועד"ז י"ל אויך בנדו"ד, אז אין דערויף וועט זיין א נפק"מ להלכה:

א) ווען איינער האט אנגעצונדן ביום השני פון חנוכה מערניט ווי איין ליכט, דערפאר וואס ער האט ניט געהאט מער שמן [וואס דעמולט איז ער אויך מקיים די מצוה פון נר חנוכה, נאר ניט אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין"], און ווען ס'קומט דער יום השלישי פון חנוכה, וויל ער מקיים זיין די מצוה אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין" - וויפל נרות דארף ער אנצינדן כדי ער זאל מקיים זיין די מצוה אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין":

לויטן מ"ד "כנגד ימים היוצאין" - מוז ער אנצינדן דריי ליכט אויף צו זיין "מהדרין מן המהדרין", און לויטן מ"ד "מעלין בקודש", קען ער זיין "מהדרין מן המהדרין" אויך ווען ער וועט אנצינדן צוויי ליכט, וואראום "מעלין בקודש" מיינט כפשוטו - מעלה זיין אין מספר הנרות וואס "קודש הם" (היפך דפוחת והולך כפרי החג - במספרם), און דא האט ער מעלה געווען אין מספר הנרות, וואראום נעכטן האט ער אנגעצונדן איין ליכט, און היינט צינדט ער אן צוויי ליכט.

ב) עד"ז וועט זיין די נפק"מ ווען איינער האט ביום השלישי פון חנוכה מערניט ווי אויף צוויי ליכט (און ביום השני האט ער אנגעצונדן צוויי ליכט) - צי ער זאל אנצינדן איין ליכט, וואס דעמולט וועט ער מקיים זיין די מצוה פון נר חנוכה כפשוטה (וואראום "מהדרין מן המהדרין" קען ער סיי-ווי ניט זיין, ווייבאלד אז ער האט ניט קיין דריי ליכט), אדער אז אע"פ אז ער קען ניט אנצינדן דריי ליכט, איז אבער בעסער ער זאל אנצינדן צוויי ליכט (ווי אנצינדן איין ליכט):

לויטן מ"ד "כנגד ימים היוצאין" - האט ניט קיין ארט אנצינדן צוויי ליכט ביום השלישי פון חנוכה, וואראום "כנגד ימים היוצאין" דארף ער אנצינדן דריי ליכט, און אז ער האט ניט קיין דריי ליכט, צינדט ער אן מערניט ווי איין ליכט, וואס דעמולט איז ער לכה"פ מקיים די מצוה פון נר חנוכה כפשוטה, "נר איש וביתו";

משא"כ לויטן מ"ד "מעלין בקודש ואין מורידין" - איז

- אע"פ -

---

69) תו"א מקץ לד, ב. אוה"ת שם תתקטו, ב ואילך. ועוד.

אע"פ אז דא קען ער ניט מאן דעם ענין פון "מעלין בקודש", ווארום ער האט מערניט ווי צוויי ליכט, און נעכטן האט ער איך אנגעצונדן צוויי ליכט - דארף ער אבער אנצינדן צוויי ליכט און ניט איין ליכט, ווארום אויב ער וועט אנצינדן מערניט ווי איין ליכט, וועט ער דאך עובר זיין אויף "ואין מורידין".

דערפיט איז אויך פארשטאנדיק וואס מ'זאגט "מעלין בקודש ואין מורידין" - דלכאו', די גמרא וויל מסביר זיין פארוואס איז הדלקת נר חנוכה אין אן אופן פון "מוסיף והולך", דארף מען זאגן נאר "מעלין בקודש" - וואס איז דא נוגע אז "אין מורידין"?

איז דער ביאור בזה, אז די נפק"מ וועט זיין באופן האמור, אז ביום שלישי פון חנוכה האט ער מערניט ווי אויף צוויי נרות - וואס מצד דעם ענין פון "מעלין בקודש" אליין, איז וויבאלד אז ער קען ניט אויספירן דעם "מעלין בקודש", צינדט ער אן מערניט ווי איין ליכט; אבער מצד די הוספה אז "אין מורידין", דארף ער אנצינדן צוויי ליכט, ווארום אויב ער וועט אנצינדן איין ליכט, וועט ער עובר זיין אויף "ואין מורידין", וויבאלד אז נעכטן האט ער אנגעצונדן צוויי ליכט, און היינט צינדט ער אן מערניט ווי איין ליכט.

וי"ל באופן אחר - אז לויטן כ"ד "כנגד ימים היוצאין", האט אויך אן ארט ער זאל אנצינדן ביום השלישי צוויי ליכט (ווען ער האט ניט קיין דריי ליכט), ווארום אע"פ אז ער קען ניט אנצינדן אנטקעגן <u>אלע</u> "ימים היוצאין" (דריי ליכט), זאל ער אנצינדן עכ"פ אנטקעגן א <u>טייל</u> פון די "ימים היוצאין" (צוויי ליכט) -

וואס עפ"ז וועט זיין די נפק"מ - ווען ער האט ביום השביעי פון חנוכה מערניט ווי אויף פינף ליכט:

לויטן מ"ד "כנגד ימים היוצאין", דארף ער אנצינדן פינף ליכט, ווארום אע"פ אז ער קען ניט אנצינדן אנטקעגן <u>אלע</u> "ימים היוצאין", זאל ער אנצינדן עכ"פ אנטקעגן א <u>טייל</u> פון די "ימים היוצאין" - פינף ליכט;

משא"כ לויטן מ"ד "מעלין בקודש ואין מורידין", צינדט ער אן מערניט ווי איין ליכט (און ער וועט מקיים זיין די מצוה פון נר חנוכה כפשוטה) - ווארום אז ער וועט אנצינדן פינף ליכט, איז ער ניט מקיים דעם "מעלין בקודש", און אפי' דעם "אין מורידין" קען ער אויך ניט מקיים זיין, ווארום נעכטן האט ער אנגעצונדן זעקס ליכט, און היינט צינדט ער אן פינף - במילא האט ניט קיין ארט ער זאל אנצינדן פינף ליכט, נאר ער צינדט אן איין ליכט.

מיט נאך כמה חילוקים וואס אין כאן המקום להאריך בזה

- מערניט -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

- מערנים אויף צו באווייזן אויף וויפל ס'איז אויסגעהאלטן דער ענין אז בשעת די גמרא זאגט "פליגי", איז אין דערויף דא א נפק"מ בנוגע להלכה בפועל.

כ. ובנוגע לפועל - בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט פריער וועגן "מבצע חנוכה" - זאל מען זיך משתדל זיין בנוגע צו דעם ענין פון "מבצע חנוכה" וואס מ'דארף נאך טאן דעם זונטיק,

וואס דעמולט איז נאך דא דער ענין פון "מבצע חנוכה" בנוגע צו אמירת "ועל הנסים", אמירת "הלל" וכיו"ב, און אויך בנוגע צו נרות חנוכה - ווארום מ'קען פועל'ן אויף א אידן ער זאל אריינגיין אין א ביהכ"נ, וואס דארטן צינדט מען אן נרות חנוכה אויך ביום, אויך ווען ס'איז "שרגא בטיהרא" (אזוי איז "מנהג ישראל") - וועט ער נאך זעהן ביום ראשון (זונטיק) זיבן ליכטלאך.

און די התעסקות אין "מבצע חנוכה" דארף זיין ביתר שאת וביתר עז בנוגע צום יום השמיני דחנוכה, וואס ער האט א שם מיוחד - "זאת חנוכה", און ער האט דעם ענין וואס ער איז כולל אין זיך אלע "ימים היוצאין", כל ימי חנוכה, כולל אויך אלע מעלות וואס זיינען דא אין שמונה לגבי שבעה, כמבואר באריכה אין ספרי פוסקים און אין ספרי קבלה וחסידות, ביז אויך אין ספרי נגלה וכיו"ב,

וואס דערפאר דארף זיין די התעסקות אין "מבצע חנוכה" וואס איז פארבונדן מיטן טאג פון "זאת חנוכה" - ביתר שאת וביתר עז.

כא. ויה"ר אז מ'זאל באווארענען און אויפטאן אז אין יעדער אידישע הויז זאלן בדענען די שמונה נרות חנוכה אלו,

וואס דאס וועט ליכטיק מאכן די אלע ענינים פון דעם חושך כפול ומכופל,

און דאס וועט ברענגען דעם ענין פון "והקמונו עליו שבעה רועים ושמונה נסיכי אדם"[70], וואס דאס איז אויך כולל משיח צדקנו, אלס איינער פון די "שמונה נסיכי אדם"[71], נוסף אויף דערויף וואס ער איז אויך פון די "שבעה רועים", כמבואר בכ"מ[72].

און ממשיך זיין די אלע ענינים "על פתח ביתו (און אויך) מבחוץ", ביז אז ס'וועט זיין "כליא ריגלא דתרמודאי",

- אז -

---

70) מיכה ה, ד. 71) סוכה נב, ב. 72) ראה חו"א שם, ריש ע"ב.

אז עס וועלן נתבטל ווערן אלע ענינים של מרידה אפי׳ אין "רשות הרבים", אין "שוק", עאכו"כ בנוגע צו א אידן אין זיינע ד׳ אמות,

און ס׳וועט זיין "והיתה לה׳ המלוכה"[73], כשם שאני נכתב כך אני נקרא[74], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

כב. ווען מ׳רעדט וועגן אן ענין וואס איז נוגע אין מעשה בפועל, איז ניט גענוג אז ס׳זאל זיין א דיבור כללי, נאר מ׳דארף באווארענען אויך בפרטיות -

ובנדו"ד - אז בנוגע צו "מבצע חנוכה" זאל מען האבן אין זינען און טאן ביתר שאת וביתר עז אויך מיט די אידן וואס געפינען זיך (מאיזה סיבה שתהי׳) אין בית האסורים, אדער אין בית הרופאים, אז זיי זאלן אויך קענען מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, ועכ"פ אין דעם טאג פון "זאת חנוכה".

צוזאמען מיט דער הסברה האמורה אז ביום השמיני פון חנוכה צינדט מען אן שמונה נרות, וואס זיי זיינען (מרמז - און נאכמער:) "כנגד ימים היוצאין", אנטקעגן אלע אכט טעג פון חנוכה.

און ווי גערעדט פריער אז ווען א איד איז מקיים די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, מאכט ער ליכטיק דעם "עביד עבידתי׳" פון דעם טאג, מיט די ליכטיקייט פון "נר מצוה ותורה אור",

ד.ה. אז גלייך ווען ער צינדט אן דעם נר חנוכה בתחלת היממה, גלייך "משתשקע החמה", באלייכט ער דעם גאנצן מעל"ע שלאח"ז, ביז אז ס׳קומט די צווייטע נאכט פון חנוכה, וואס דעמולט האט ער דעם חיוב צו אנצינדן צוויי נרות, ועד"ז אי״ן די לילות שלאח"ז.

און אזוי באלייכט ער יעדן טאג פון ימי השבוע פון חנוכה - ווארום "כל יומא ויומא עביד עבידתי׳", ס׳איז ניט דומה דער אופן העבודה פון יום ראשון צום אופן העבודה פון יום שני וכו׳ (ווי גערעדט פריער (ס"ח) בארוכה).

און ווען עס קומט צום אכטן טאג פון חנוכה - צינדט ער אן שמונה נרות, "כנגד ימים היוצאין" - ער באלייכט אלע אכט טעג פון חנוכה.

- כג. -

---

73) עובדי׳ א, כא. 74) פסחים נ, א.

כג. האמור לעיל וועגן טאן אין "מבצע חנוכה" מיט די אידן וואס געפינען זיך אין בית הרופאים אדער אין בית האסורים - איז פארבונדן מיט כללות הענין פון נר חנוכה, ווארום וויבאלד אז די מצוה פון הדלקת נר חנוכה דארף זיין אין אן אופן אז מ'קלייבט צוזאמען אידן (כדלקמן) - איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף אויך צוזאמענקלייבן די אידן וואס געפינען זיך אין בית האסורים אדער אין בית הרופאים, אז בא זיי זאל אויך זיין דער קיום המצוה פון נר חנוכה.

און ווי גערעדט פריער (סי"ד) אז בנוגע צו נרות חנוכה געפינט מען א דבר פלא: כדי ער זאל קענען מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, דארף ער האבן אז בני ביתו זאלן שטיין דערביי און זעהן ווי ער איז מקיים די מצוה, און זעהן דעם אור פון נרות חנוכה.

- בנוגע צו נרות שבת, איז דער דין, אז אפי' ווען ער געפינט זיך אליין, ניט צוזאמען מיט בני ביתו [מאיזה סיבה שתהי' - דערפאר וואס ער איז אוועקגעפארן מביתו, און ער איז אן "אכסנאי" וכיו"ב], דארף ער אנצינדן נרות שבת, "שלא יכשל בעץ או באבן"; משא"כ בנוגע צו נרות חנוכה, וואס דארט דארף מען האבן אז בני ביתו זאלן זיין דערביי.

און נאכמער: עיקר המצוה פון נר חנוכה איז "על פתח ביתו מבחוץ" - אז אפי' דער עובר ושב וואס געפינט זיך "בחוץ", און ער ווייסט ניט וועגן דעם ענין פון נר חנוכה (מאיזה סיבה שתהי'), זאל ער אויך זעהן די נרות חנוכה,

ביז וואנעט אז ער איז מאיר די תשכח הלילה און תשכח רה"ר - ווארום ס'איז שוין "משתשקע החמה" בכל מקום, ועאכו"כ אין רה"ר - פועל'ט ער אז דארטן זאל אויך ווערן ליכטיק,

ביז אז ראס פועל'ט אז "כליא ריגלא דתרמודאי" - ווי דער תלמיד פון דעם רח"ו טייטשט אפ אין טור ברקת[75] אז מ'איז מכלה אפי' דעם "רגל" פון דעם וואס איז "מורד" (וואס "תרמוד" איז אותיות "מורדת"[76]) אין די ענינים פון אידישקייט,

כולל אויך - די מציאות פון מרידה וואס איז פארבונדן מיט דער אומה פון אוה"ע וואס ווערן אנגערופן "תרמודאי"

[אע"פ אז די גמרא[77] זאגט אז "תרמודאי" זיינען פארבונדן מיט עבדי שלמה וכו' - זיינען זיי אבער דערנאך נטמע געווארן, און אין זמן הגמרא זיינען די "תרמודאי" געווען אן אומה פון

- ניט -

---

75) טו"ס תער"ב. 76) עמק המלך שער קרית ארבע ר"פ קיא. קה"י ע' תרמוד. ועוד. 77) יבמות טז, ב ואילך.

נים אידן וואס האבן זיך פארנומען מיט קלייבן שפענער[78], מיט אלע פרטים וואס זוערן דערציילט וועגן דערויף בכ"מ,

וואס ראס איז דער אויפטו פון נרות חנוכה - אז דאס פועל'ט דעם "כליא ריגלא דתרמודאי".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עאכו"כ אז דער ענין פון נרות חנוכה דארף אויפטאן - צוזאמענקלייבן אלע אידן, אפי' די אידן וואס געפינען זיך אין דה"ר.

כד. ועד"ז איז פארשטאנדיק, אז דאס דארף צוזאמענקלייבן אפי' א אידן וואס אים פעלט אין בריאות הגוף (מאיזה סיבה שתהי'), אפי' אויב די סיבה לזה איז, אז עס פעלט אים אין בריאות הנשמה,

ווארום ס'שטייט דאך[79] "תמים תהי' עם ה' אלקיך", וואס דאס גייט אויף דער עבודה פון א אידן אין לימוד התורה און קיום המצוות, אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון "תמים" - בשלימות, ער זאל מקיים זיין אלע רמ"ח מ"ע און שס"ה מל"ת,

און וויבאלד אז די רמ"ח אברים זיינען כנגד רמ"ח מ"ע, און די שס"ה גידים זיינען כנגד שס"ה מל"ת[80], איז פארשטאנדיק. אז דורך דערויף וואס ביי א אידן איז דא דער "לעבדה ולשמרה"[81], אין אלע רמ"ח מ"ע און אין אלע שס"ה מל"ת

כולל אויך מצווה דרבנן, ביז צו מנהגי ישראל, וואס זיי ווערן נכלל אין די תרי"ג מצוות (רמ"ח מ"ע און שס"ה מל"ת) - וואס דאס איז דאך איינער פון די ביאורים אויף דעם וואס מ'איז מוסיף מצוות דרבנן וכו', לכאו', איז דאך דא דער ציווי פון "לא תוסיפו"[82] - ווארום דאס ווערט אלץ נכלל אין די תרי"ג מצוות[83] -

פועל'ט דאס אז ער איז א "תמים" אויך אין בריאות הגוף - וויבאלד אז ער איז א "תמים" בעבודתו אין תומ"צ וועלכע זיינען כנגד די רמ"ח אברים ושס"ה גידים[84].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען א איד זעט אז ביי אים פעלט אין בריאות הגוף, דארף ער מפשפש זיין במעשיו -

איז אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן אזא אידן - איז די

- פעולה -

------------

78) פרש"י ד"ה ריגלא - שבת כא, ב. 79) שופטים יח, יג. 80) זח"א קע, ב. 81) ל' הכתוב - בראשית ב, טו. וראה זח"א כז, א. תקו"ז תכ"א קרוב לסופו. תנ"ד בסופו. ועוד. 82) ואתחנן ד, ב. 83) ראה רמב"ם הל' ממרים פ"ב ה"ט ובנ"כ שם. 84) ראה לקו"ת נצבים מה, ג.

פעולה פון נרות חנוכה - צוזאמענקלייבן און מקרב זיין אויך דעם אידן.

כה. ובפרט אז בנוגע צו א צווייטן אידן, דארף ער מאכן אן אנדער חשבון

[דער חשבון הנ"ל (אז ווען עס פעלט אין בריאות הגוף, איז א הוכחה אז עס פעלט ביי אים אין קיום התומ"צ) איז נאר ווען עס רעדט זיך וועגן זיך;

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן א צווייטן אידן - איז דאך ידוע די אריכות אין ספר התניא[85] וועגן דעם מארז"ל[86] "אל תדין את חברך כו'", ווארום ער דארף אויף אים מלמד זכות זיין, וואס דאס איז כולל כל אחד ואחד מישראל, אז אין וועלכן מעמד ומצב דער איד זאל זיך נאר געפינען, דארף מען אויף אים מלמד זכות זיין, ווי ער איז מאריך אין דערויף אין תניא -

איז ווען עס רעדט זיך וועגן א צווייטן אידן, ער זעט אז בא יענעם פעלט אין בריאות הגוף - דארף ער מאכן אן אנדער חשבון]:

עס קען גאר זיין אז דאס וואס עס פעלט בא יענעם אין בריאות הגוף - איז פארבונדן דערמיט וואס ס'שטייט אין זהר[87] אז "תולשא דגופא תוקפא דנשמתא" (ווי דערמאנט אין דער פריערדיקער התוועדות[88]), ד.ה. אז דאס איז גאר א באווייז אז ביי אים איז "תוקפא דנשמתא".

כו. עס איז ידוע די הערה בנוגע צו דעם מאמר הזהר ("תולשא דגופא תוקפא דנשמתא") - ווי שטימט דאס דערמיט וואס מ'האט געבראכט אין דער פריערדיקער התוועדות[88] פון דעם מגיד[89], אז א קליינע לעכעלע אין גוף איז א גרויסער לאך אין נשמה.

[וואס דאס איז דאך מיוסד אויף א פס"ד ברור אין רמב"ם[90] אז "היות הגוף בריא ושלם (ניט סתם בריאות הגוף, נאר אין אן אופן פון שלימות) מדרכי השם הוא", ווארום כדי ס'זאל זיין דער קיום המצוות בשלימות, דארף מען האבן אז דער גוף זאל זיין "בריא ושלם" -

אבער אין תורת הה"מ שטייט דאס נאכמער בגילוי (און אין נאך א שארפערן אויסדרוק - ניט נאר אז "מדרכי השם הוא",

- נאך -

------------

85) פ"ל. 86) אבות פ"ב מ"ד. 87) ראה זח"א קפ, ב. קס, ריש ע"ב. 88) שיחת מוצאי ש"פ וישב. 89) התמים חו' ז ע' כח. או"ת (הוצאת קה"ת) הוספות אות קצד. 90) הל' דעות רפ"ד.

נאר אז אויב עס פעלט אין בריאות הגוף. איז דאס א גרויסער
לאך אין נשמה) - דערפאר וואס דאס איז פארבונדן מיט רזי
תורה].

וואס דער ביאור אין דערויף בפשטות - איז:

דאס וואס ס'שטייט אין זהר דער לשון "תוקפא דגופא",
מיינט דאס ניט דעם תוקף פון בריאות הגוף, נאר ער מיינט
דעם תוקף פון ענין הגוף אין בריאות הגוף[91]:

ווען א איד פירט זיך אין אן אופן פון "כל מעשיך יהיו
לשם שמים"[92], איז ווען ער עסט צוליב בריאות הגוף, עסט ער
ניט צוליב בריאוה סתם, נאר צוליב בריאות וואס איז פארבונדן
מיט "(היות הגוף בריא ושלם מ)דרכי השם" - ער זאל האבן א
גוף בריא ושלם כדי ער זאל קענען דינען דעם אויבערשטן כדבעי;

דאס איז אבער ניט "תוקפא דגופא", ס'איז ניט דער תוקף
פון ענין הגוף אין גוף, נאר דאס איז דער תוקף פון ענייני
הנשמה אין גוף; דאס איז דער ענין וואס מצד "תוקפא דנשמתא"
דארף מען האבן אז דער גוף זאל זיין בריא ושלם.

ואדרבה, בשעת ביי אים איז דא דער ענין פון "תוקפא
דנשמתא", איז וויבאלד אז ער ווייסט אז ס'איז דא דער ציווי
פון "השמר לך ושמור נפשך מאד"[93], איז א זיכערע זאך אז ער
וועט ניט עסן קיין דבר המזיק צו בריאות הגוף,

און ווי מ'זעט אז אמאל קען טרעפן אז מצד עריבות
המאכל, וועט ער עסן א מאכל וואס שאדט אים ח"ו אין בריאות
הגוף כפשוטו, ווארום ער קען זיך ניט איינהאלטן - פועל'ט
דאס ביי אים "חולשא דגופא"; משא"כ ווען ביי אים איז
"תוקפא דנשמתא", וועט ער ניט עסן קיין דבר המזיק לבריאות
הגוף.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז דער ענין פון
"תוקפא דנשמתא חולשא דגופא" איז ניט פארבונדן מיט העדר
בריאות הגוף כפשוטו.

כז. אבער אעפ"כ, ס'איז דאך ידוע וואס דער אלטער רבי
ברענגט אראפ אין הל' נזקי גוף ונפש[94] אז בכלל איז "אין
לאדם רשות על גופו כלל להכותו ולא לביישו ולא לצערו בשום
צער אפילו במניעת איזה מאכל או משתה, אא"כ עושה בדרך
תשובה שצער זה טובה היא לו", און ער ברענגט גלייך א דוגמא
צום ענין פון צער הגוף וואס מ'מעג טאן צוליב תשובה -
"ולכן מותר להתענות לתשובה". - וואס -

------------

91) ראה גם לקו"ש ח"ג ע' 806. 92) אבות פ"ב מי"ב.
93) ואתחנן שם, ט. 94) ס"ד.

וואס דער ענין התענית איז דאך מכחיש דעם גוף בפשוטו (ניט דעם ענין פון "תוקפא דגופא" - דער ענין הגוף שבגוף), ווי ס'זאגט אין דעם יהי"ר הידוע[95] "שיהא חלבי ודמי שנתמעט כאילו הקרבתיו לפניך כו'". וואס דא רעדט זיך וועגן א מיעוט (בפשוטו) אין דעם חלב ודם, וואס דאס איז דער עיקר קיום הגוף

[ווי ס'איז מבואר בכ"מ[96] דאס וואס עיקר הקרבנות איז דער ענין פון חלב ודם, ווי ס'שטייט אין יחזקאל[97] "להקריב לי חלב ודם" - אז דאס איז דערפאר וואס דער חלב ודם איז דער עיקר החיות;

און דער כללות ענין הקרבן איז דאך[98] - אז דער וואס איז מקריב דעם קרבן שטעלט זיך פאר, אז באמת וואלט מען אים געדארפט טאן אלץ וואס מ'טוט ביי דער בהמה, נאר דער אויבערשטער בחסדיו האט דאס פארביטן דורך דעריף ו"אס "מן הבהמה מן הבקר ומן הצאן תקריבו את קרבנכם"[99]].

ובנוגע לעניננו - איז דערפון פארשטאנדיק, אז ווען ס'טרעפט א איד וואס געפינט זיך אין בית הרופאים, איז די ערשטע מחשבה וואס דארף איינפאלן בהשקפה ראשונה [עאכו"כ לויטן ביאור פון דעם בעל הגאולה פון י"ט כסלו אין ספר התניא] איז - אז עס קען זיין אז צוליב דעריף וואס ביי אים איז געווען דער ענין פון "תוקפא דנשמתא" (ע"ד "חלבי ודמי שנתמעט" בשביל התשובה) האט דאס געבראכט דיין גוף צו אזא צושטאנד.

און אפי' אויב ס'איז ניט אזוי - איז כמדובר כמ"פ וועגן דעם מאמר פון רבותינו נשיאינו, אז אויב ער איז אזא וואס "אסור לרחם עליו"[100], איז דערפון גופא די הוכחה ווי גרויס דארף זיין די רחמנות אויף אים -

ובמילא דארף מען זעהן מאכן אים געזונט, סיי ברוחניות און סיי בגשמיות - כולל אויך פועל'ן ביי אים אזא ענין כללי ווי דער ענין פון הדלקת נר חנוכה, ובפרט אין דעם יום השמיני פון חנוכה, וואס דעמולט צינדט מען אן אכט ליכטלאך, וויבאלד אז דער טאג איז כולל אין זיך אלע "ימים היוצאין", כמדובר לעיל בארוכה.

ובפרט לויט ווי עס האט זיך באוויזן אין די "ימים היוצאין" פון דעם חנוכה, אז בכל מקום וואו מ'איז געגאנגען

- און -

---

95) ברכות יז, א. 96) ראה תו"א וישב כט, ב-ג. ועוד. 97) מד, טו. 98) ראה רמב"ן ובחיי עה"פ ויקרא א, ט. של"ה שלז, ב. 99) ויקרא שם, ב. 100) ראה ברכות לג, א.

און געטאן אין דערויף, האט מען מצליח געווען נאכמער וויפל מ'האט משער געווען -

ובמילא, דאס גופא וואס "יש לו מנה" דארף ארויסרופן אז ס'זאל זיין דער "רוצה מאתיים"[101], און "מי שיש לו מאתיים רוצה ד' מאות" - ער זאל ווערן אויפטאן כמ"פ ככה - ועאכו"כ אז ס'רעדט זיך ניט וועגן כמ"פ ככה, נאר טאן מיט די זעלבע השתדלות, אבער טאן אין דערויף ווייטער און טיפער, און דעמולט וועט מען זיבער אויפטאן.

כח. ויה"ר אז מ'זאל מסיים זיין ימי חנוכה אלו בשלימותם, כולל אויך דעם יום השמיני פון חנוכה, און אין דעם יום השמיני וועט זיין בענוג שמן אויף שמונה נרות אלו.

און דערנאך גלייך אויף מארגן, וועט זיין די קרה"ת פון "זאת חנוכה" - א קריאה פון כו"כ נשיאים, פון "ביום השמיני" ביז "ביום שנים עשר יום",

ביז צום סיום הקריאה - "בהעלותך את הנרות", בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט אהרן הכהן אנצינדן די נרות פון ביהמ"ק - ווי די גמרא[102] זאגט אז בביאת משיח צדקנו וועלן זיין "אהרן ומשה עמהם", איז דאך זיכער אז אהרן וועט אליין וועלן מקיים זיין די מצוה אויף וועלכע מ'זאגט "דבר אל __אהרן__ גו' בהעלותך את הנרות אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות",

אז אלע סוגים פון אידן, וואס כנגדם זיינען די שבעת נרות המנורה (ווי דער אלטער רבי איז מבאר באריכה אין די דרושים פון בהעלותך[103]) - וועלן זיין אין אן אופן פון "אל מול __פני__ המנורה יאירו שבעת הנרות" - צו דער פנימיות פון יעדער אידן, וואס דאס איז די פנימיות פון דעם אויבערשטן, ווי גערעדט פריער (ס"ה) אז עצמות ומהות פון א אידן איז איין זאך כביכול מיט עצמות ומהות פון דעם אויבערשטן, און דאס וועט זיין אין אן אופן פון "יאירו" - אז עס וועט שטיין בגילוי,

בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

כט. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ואתה ברחמיך הרבים כו'.

* * *

- ל. -

------------

101) ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י. בחיי ס"פ חיי שרה.
102) יומא ה, ב. וראה תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.
103) לקו"ת בהעלותך כט, ג ואילך.

__הנחת הת' בלתי מוגה__

ל. ס'איז דאך אויך נהוג אז מ'לערנט א פסוק פון פרשה השבוע (וואס מ'האט געלייענט בשבת זו) מיט פרש"י - און מ'איז דאס מבאר אין אן אופן אז אע"פ אז ס'זיינען דא כמה שאלות, האט דאס אבער רש"י אליין באווארנט, אויף אן אופן אז דער בן חמש למקרא זאל דאס קענען פארשטיין, און ער זאל ניט דארפן אנקומען צו קיינע פירושים - וויבאלד ער איז נאך ניט שייך צו קיין אנדער לימוד, א חוץ פון פרש"י. וואס פרש"י איז - ווי רש"י[104] זאגט בנוגע לפירושו עה"ת, אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא".

וואס אין חיצוניות הדברים איז דא א פרש"י וואס דארט ברענגט רש"י אראפ א מאמר וואס שטייט אין גמרא [illegible][105], אין זהר[106], אין מדרשים[107]. און אלע קאנען זיך אן דערויף - מפרשי הש"ס, מפרשי הזהר און מפרשי המדרשים; און רש"י ברענגט אראפ דעם מאמר, און איז אין דערויף גארניט מבאר.

אנדערע מפרשי המקרא שטעלן זיך אויף דערויף, און מאכן אין דערויף א גאנצן [illegible], ועד"ז שטעלן זיך אויף דערויף מפרשי רש"י מיט א גאנצע אריכות, אבער אן אריכות וואס איז ניט שייך צו פשט"מ, און ס'איז ניטא קיין רמז אויף דערויף אין פרש"י.

וכמדובר כמ"פ אז ס'זיינען דא מפרשים וואס זייער דרך אין לימוד פרש"י איז, אויסצוגלייכן און בפרט זיין דברי רש"י אין אן אופן אז ס'זאל זיין אויסגעהאלטן ע"ד ההלכה וע"ד הדרוש, ביז צו "יינה של תורה" (רמזים און סודות התורה), בידוע דער פתגם פון דעם אלטן רבי'ן[108] אז "פרש"י אויף חומש איז יינה של תורה" -

אבער לכל לראש זאגט רש"י אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא", עס דארף זיין אויסגעהאלטן לויט דרך הפשט, סיידן דאדטן וואו רש"י זאגט אליין "לא ידעתי" וכיו"ב.

לא. אין קאפיטל מא פסוק ג שטייט: "וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב גו'". שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "בטרם תבוא שנת הרעב", און טייטשט אפ: "מכאן שאסור אדם לשמש מטתו בשני רעבון".

ווארום אין פשש"מ ווערט גלייך א שאלה: למאי נפק"מ אז זיי זיינען געבארן געווארן "בטרם תבוא שנת הרעב";

ס'איז דא אמאל וואס מ'זאגט ווען איינער איז געבארן

- געווארן -

---

104) עה"פ בראשית ג, ח. 105) יא, א. 106) ח"א רד, א. 107) ראה ב"ר פל"א, יג. פל"ד, ז. 108) היום יום ע' כד.

הנחת הת' בלתי מוגה

געווארן כדי אז מ'זאל וויסן ווי אלט יענער איז געווען (אדער צוליב אן אנדער סיבה) - אבער דא זאגט דאך ניט דער פסוק דעם זמן המדויק ווען זיי זיינען געבארן; אין פסוק שטייט נאר אז זיי זיינען געבארן געווארן "בטרם תבוא שנת הרעב", וואס דאס קען זיין אין א משך זמן פון כמה שנים, ועכ"פ זיבן יאר, ווארום ס'זיינען געווען די שבע שני השבע

איז וויבאלד אז מ'ווייסט סיי-ווי ניט ווען זיי זיינען געבארן געווארן, איז למאי נפק"מ אז זיי זיינען געבארן געווארן "בטרם תבוא שנת הרעב"?

אויף דערויף ברענגט אראפ רש"י דעם מארז"ל פון תענית, וואס דארטן שטייט: "אמר ריש לקיש אסור לאדם לשמש מטתו בשני רעבון, שנאמר וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב".

לב. שטעלט זיך אויף דערויף תוס' על אתר[109], און פרעגט: "ואם תאמר הרי יוכבד נולדה בין החומות ואותו העת עת רעב הי', וע"כ שימשו מטותיהן בשני רעבון".

די זעלבע שאלה פרעגט מען אויך בנוגע צו יצחק[110]:

אין פ' תולדות[111] ווערט דערציילט "ויהי רעב בארץ . . וילך יצחק אל אבימלך מלך פלשתים גררה", און דערנאך[112] שטייט: "ויהי כי ארכו לו שם הימים וישקף אבימלך . . וירא והנה יצחק מצחק את רבקה אשתו" - ווערט די שאלה: ווי האט יצחק עובר געווען אויפן איסור וואס "אסור לאדם לשמש מטתו בשני רעבון".

און רש"י באווארנט ניט די קושיות, ניט בנוגע צו יוכבד, און ניט בנוגע צו יצחק.

וואס סיי בנוגע צו יוכבד און סיי בנוגע צו יצחק, ברענגט דאס אראפ רש"י בפירושו על התורה:

אין פ' ויגש[113] שטייט: "אלה בני לאה . . שלשים ושלש", שטעלט זיך אויף דערויף רש"י, און זאגט: "ובפרטן אי אתה מוצא אלא ל"ב, אלא זו יוכבד שנולדה בין החומות", ועד"ז אין פ' תולדות[114] טייטשט אפ רש"י אויף "וישקף אבימלך גו'" - "שראהו משמש מטתו",

און אעפ"כ שטעלט זיך רש"י ניט אפ אויף דער שאלה - ווי קומט דאס אז לוי און יצחק האבן זיך ניט גערעכנט מיטן איסור וואס "אסור לשמש מטתו בשני רעבון".

- וכאמור -

---

109) ד"ה אסור - תענית שם. 110) רא"ם, גו"א ושפ"ח עה"פ. 111) כו, א. 112) שם, ח. 113) מו, טו. 114) שם.



הנחת הת' בלתי מוגה

וכאמור לעיל אז אלע מפרשים שטע־ן זיך אויף דער שאלה - סיי מפרשי הש"ס, אנהויבנדיק פון תוס׳, ועד"ז אין מפרשי הזהר (וואס אין זהר פון היינטיקע פרשה[115] ווערט אויך אראפ־געבראכט דער מאמר), און אויך מפרשי החומש,

ובפרט אין אור החיים אויפן פסוק - וואס ער מאכט א גאנצן שטורעם פון דעם תירוץ וואס תוס׳ פארענטפערט, "ויש לומר דלכ"ע לא הוי אסור אלא למי שרוצה לנהוג עצמו בחסידות, ויוסף לא שימש אבל שאר בני ארם שימשו", און זאגט אז "אין נראין דבריהם לא במה שאמרו מדת חסידות כי מכתוב דרשו לה, ולא במה שיצא מדבריהם כי לוי לא הי׳ חסיד, העידה עליו התורה[116] לאיש חסידך, כי הוא הי׳ חסיד שבשבטים כו׳", במילא קען ניט זיין אז לוי זאל ניט אפהיטן אן ענין אויף וועלכן ס׳שטייט "אסור כו׳"

[אע"פ אז מ׳געפינט דעם לשון "אסור" אויך בנוגע צו ענינים של הידור, ווי מפרשי הש"ס[117] ברענגען אראפ - שטייט דאך אבער פארט דער לשון "אסור", קען ניט זיין אז לוי זאל דאס ניט אפהיטן].

בנוגע צו יצחק, וואלט מען נאך געקענט פארענטפערן בדוחק עכ"פ:

וויבאלד אז ס׳שטייט "ויהי כי ארכו לו שם הימים", ס׳איז דורכגעגאנגען אן אריכות הזמן - איז שוין דורכגע־גאנגען דער רעב, ובמילא איז ניט געווען קיין איסור.

דער תירוץ שטימט אבער ניט דערמיט וואס ס׳שטייט דערנאך[118] "ויזרע יצחק בארץ ההיא וימצא בשנה ההיא גו׳", וואס אויף דערויף טייטשט אפ רש"י "שהיתה שנת רעבון . . שהארץ קשה והשנה קשה", ד.ה. אז דעמולט איז נאך אנגעגאנגען דער רעב.

און אפי׳ אויב מ׳וועט פארענטפערן די קשיא בנוגע צו יצחק - וועט נאך בלייבן די קשיא בנוגע צו יוכבד וואס "נולדה בין החומות".

און אפי׳ אויב מ׳וועט זאגן אז רש"י האלט אזוי ווי תוס׳ אז "לא הוי אסור אלא למי שרוצה לנהוג עצמו בחסידות" - איז דאס אבער ניט קיין ביאור אין פשט"ם פאר א בן חמש למקרא, ווארום דער בן חמש למקרא ווייסט ניט דערפון וואס ראשונים און אחרונים געפינען דוגמאות אין ש"ס וואו ס׳שטייט דער לשון "אסור", און מ׳מיינט דערמיט נאר אן ענין של הידור,

- ובפרט -

------------

115) שם. 116) ברכה לג, ח. 117) ראה שד"ח כללי הפוסקים כרך ט סט"ז אות יב. 118) תולדות שם, יב.

ובפרט אז רש"י זאגט ניט אויף דערויף "רבותינו דרשו" אדער "איתא בתענית" וכיו"ב, נאר ער זאגט בפשטות אז וויבאלד ס'שטייט "בטרם תבוא שנת הרעב", איז "מכאן שאסור וכו'".

לג. נוסף לזה - איז דא נאך א קשיא אין פרש"י גופא:

דער לשון הגמרא איז "אסור לאדם לשמש מטתו בשני רעבון, שנאמר וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב" - רש"י איז אבער משנה פון לשון הגמרא, און זאגט: "מכאן שאסור לאדם לשמש מטתו בשני רעבון".

וכמדובר כמ"פ אז אין רש"י זיינען ניטא קיין איבעריקע ווערטער - איז דערפון וואס רש"י איז מדייק און זאגט "מכאן שאסור וכו'", איז פארשטאנדיק, אז דערמיט וויל ער באווארענען אז מ'זאל וויסן אז פון א פריערדיקן ארט קען מען דאס ניט אפלערנען, מערניט ווי "מכאן".

ווען מ'הויבט אן זוכן פון וואנעט וואלט מען דאס געקענט אפלערנען פריער (וואס דערפאר דארף רש"י באווארענען אז מ'לערנט דאס אפ (ניט פון דארטן, נאר "מכאן") - דארף מען געדענקען זוכן, ס'איז א פרש"י מפורש אין פרשת נח

[אמאל איז געווען דער סדר אז איינער האט געפרעגט א קשיא, האב איך געדארפט זוכן א תירוץ; איצטער איז אבער געווארן דער סדר, אז מ'פוילט זיך אפי' פרעגן א קשיא, דארף איך פריער געפינען א קשיא, און דערנאך געפינען אויך א תירוץ,

און דערנאך דארף איך אליין לערנען דעם תירוץ - ווארום אוועקגייענדיק פון דעם פארברייינגען, פארגעסט מען אויף די גאנצע זאך, און עס בלייבט דער לערנער - דער וואס האט געפונען די קשיא און געפונען דעם תירוץ, און דערנאך דארף ער דאס אליין לערנען]:

אין פ' נח[119] שטייט: "ויבוא נח ובניו ואשתו ונשי בניו אתו אל התיבה מפני מי המבול", טייטשט אפ רש"י: "האנשים לבד והנשים לבד, לפי שנאסרו בתשמיש המטה, מפני שהעולם שרוי בצער".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'וואלט געקענט אפלערנען דעם איסור פון פ' נח, און דערפאר דארף רש"י באווארענען אז מ'לערנט דאס אפ "מכאן";

עס איז אבער ניט פארשטאנדיק: פארוואס זאל מען דאס

- טאקע -



---

119) ז, ז.

הנחת הת' בלתי מוגה

סאקע ניט אפלערנען פון פ׳ נח, רש"י אליין זאגט דאך דארטן אז "נאסרו בתשמיש המטה מפני שהעולם שרוי בצער"?!

נוסף אויף דער קשיא - צוליב וואס דארף דער פסוק זאגן "בטרם תבוא שנת הרעב" כדי אז מ׳זאל וויסן אז "אסור לאדם לשמש מטתו בשני רעבון", דערפאר וואס די וועלט שטייט אין א מעמד ומצב של צער - ווען דער פסוק וואלט דאס ניט געזאגט, וואלט מען דאס אויך געוואוסט דערפון וואס בא נח איז געווען דער ציווי אז ס׳זאל זיין "האנשים לבד והנשים לבד"?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

לד. בנוגע צו די הערות פון טאטן אויפן זהר - איז אין זהר פון היינטיקע פרשה רא א גאנצע אריכות וועגן דעם זעלבן ענין וואס די גמרא זאגט אין תענית, און אין דערויף איז דער טאטע[120] מחדש א חידוש נפלא וואס מ׳געפינט דאס ניט אין קיין אנדער ארט:

ער איז מבאר אין די הערות אז וויבאלד אז פריער זאגט ער אין זהר "בעי לי׳ לב"נ דכד שלטא שנת הרעב דיסתים מבועא דברית קדישא כו׳", און דערנאך איז ער מוסיף אלס א באזונדער ענין "ועי"ד כתיב וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב דהא מההוא זמנא דשלטא שנת הרעב אסתים מבועי׳" - איז פארשטאנדיק, אז דא קומט צו נאך אן ענין:

"מלבד זה שלא שימש מטתו כלל בשנת הרעב, עוד זאת מה ששימש קודם שנת הרעב, שימש זמן רב קודם שנת הרעב, בכדי שגם הולדת בניו תהי׳ קודם שנת הרעב" - ווארום דער פסוק איז מדגיש "וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב", ד.ה. אז די הולדה (ניט נאר דער תשמיש) איז אויך געווען "בטרם תבוא שנת הרעב".

וואס אין דערויף ווערט די שאלה: פארוואס ווערט ניט אראפגעבראכט אין שו"ע אז מ׳דארף באווארענען אז אויך די הולדה זאל זיין "בטרם תבוא שנת הרעב",

- דאס איז דאך א מאמר וואס שטייט אין גמרא, אין זהר און אין מדרשים, און אלע מפרשים קאכן זיך אין דערויף, און דאס איז א דין אין שו"ע או"ח[121], און אין ב"י[122] איז דא א גאנצע שקו"ט בנוגע צו לידת יוכבד, ועד"ז אין נו"כ השו"ע (אין מג"א[123] און אין ט"ז[124]),

איז ווי קומט דאס אז אין קיין ארט ווערט ניט דערמאנט

- דער -

------------

120) לקוטי לוי"צ לזח"א ע׳ קפד ואילך. 121) סתקע"ד ס"ד. 122) שם ד"ה מצוה. 123) שם סק"ה. 124) שם סק"ב.

דער חידוש נפלא וואס עס קומט צו לויטן זהר (וואס לכאו׳ איז דאס פשוטו של מקרא) - אז וויבאלד ס׳שטייט "וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב", איז פארשטאנדיק, אז מ׳דארף באווארענען אז די הולדה זאל אויך זיין "בטרם תבוא שנת הרעב" - וואס דאס שטייט ניט אין שו"ע, ניט אין גמרא תענית, און ניט אין פרש"י וכו׳.

וכפי שיתבאר לקמן בנוגע צו פרש"י אז אלע ענינים דארפן זיין באווארענט - ווארום רש"י באווארענט דאס, אדער אז ס׳איז שוין באווארענט דורך דברי רש"י לפנ"ז, ובמילא דארף מען ניט אנקומען צו פארענטפערן די קשיא פון תוס׳, און צו דער באנצער שקו"ט אין נו"כ השו"ע און אין מפרשי הזהר וכו׳, ווארום דאס איז אלץ אין דרך ההלכה, משא"כ לויט פשש"מ איז מלכתחלה ניטא קיין קשיא. וכפי שיתבאר לקמן.

לה. בהמשך להמדובר לעיל (סי"ח ואילך) וועגן "זאת חנוכה", אז ער איז כולל אין זיך אלע "ימים היוצאין" - שפיגלט זיך דאס אויך אפ אין דערויף וואס דאס איז כולל אלע סוגים פון אידן.

וואס דערפאר זעט מען אז אין קרה"ת פון "זאת חנוכה", לייענט מען ניט נאר אלע איבעריקע נשיאים, נאר מ׳לייענט אויך "בהעלותך את הנרות גו׳",

[וואס אחרונים[125] שטעלן זיך אויף דערויף וואס מ׳לייענט בחנוכה די פרשה פון "בהעלותך אה הנרות", אז לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וואס פאר א שייכות איז דא צווישן נרות חנוכה מיט "בהעלותך את הנרות" - נרות המקדש, נרות המקדש זיינען געווען שבעה נרות, און בחנוכה צינדט מען אן שמונה נרות - איז דאך אין דערויף מודגש דער חילוק צווישן נרות המקדש מיט נרות חנוכה],

וואס אויף דערויף איז דער אלטער רבי מבאר בארוכה אז שבעת נרות המנורה זיינען כולל אלע שבעה סוגים פון אידן, אבער ווי יעדער סוג פון אידן שטייט באזונדער, א באזונדער נר און א באזונדער קנה פאר יעדער סוג פון אידן,

און מ׳זאגט אז ס׳דארף זיין אין אן אופן פון "אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות"[126], אז אלע נרות, צוזאמען מיטן נר האמצעי, זיינען מאיר "אל מול פני המנורה" -

ווי מפרשים[127] זיינען מבאר ווי איז שייך צו זאגן

- אויפן -

------------

125) ערוך השולחן או"ח ר"ס תרפד. 126) בהעלותך ח, ב. 127) ראה רא"ם, גו"א, ושפ"ח עה"פ.

אויפן נר האמצעי ער ואל מאיר זיין "אל מול פני המנורה" - אבער לויטן ביאור בזה אין ספרי מוסר און אין די דרושים פון דעם אלטן רבי'ן, איז פארשטאנדיק, אז "אל מול פני המנורה" גייט אויף דער נקודת היהדות וואס איז דא בא יעדער אידן. און אויף דערויף זאגט מען אז די נקודת היהדות דארף באלייכטן אלע ענינים פון א אידן.

און דאס איז וואס דער פסוק באווארענט אז "אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות" - אז אפי' ווען ער איז א לומד תורה און מקיים מצוות, דארף מען באווארענען אז ביי אים זאל שטיין בגלוי אז דאס איז "תורתב" און "חוקי רצונב"[128].

דער חילוק איז נאר, אז ביי א בינוני איז גענוג די התבוננות אין דערויף בכל שעה, ווען עס בייטן זיך די צירופים, כמבואר אין תניא[129], משא"כ ביי א צדיק, וואס ביי אים איז דאס בתמידות.

עאכו"כ לויטן פס"ד גלוי (וואס דערמיט הייבן זיך אן אלע ד' חלקי השו"ע) אז ס'דארף זיין "שויתי ה' לנגדי תמיד"[130] - וואס פון אריכות הביאור וואס דער רמ"א ברענגט אראפ (פון מו"נ[131] - ער ברענגט דאס אבער אראפ אלס פס"ד) אז "אין ישיבת האדם ותנועותיו ועסקיו והוא לבדו בביתו כישיבתו ותנועותיו ועסקיו והוא לפני מלך גדול", איז פארשטאנדיק, אז כדי אז יעדער מעשה דיבור ומחשבה שלו זאל זיין ווי עס דארף צו זיין ע"פ שו"ע, דארף זיין דער ענין פון "שויתי ה' לנגדי תמיד", וואס דאס איז דער ענין פון "אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות".

לו. וכמדובר כמ"פ אז גאנץ תורה און מצוות זיינען נצחיים - ס'איז אבער דא א מצוה וואס אין איר שטייט דער פרט בגלוי און א צווייטער פרט בהעלם, אע"פ וואס יעדער מצוה איז כלול פון אלע מצוות[132], כמדובר כמ"פ בארוכה.

ע"ד ווי מ'זעט אין די מצוות פון חנוכה - אז אין דער מצוה פון נרות חנוכה, שטייט בגלוי דער ענין פון "נר מצוה ותורה אור", משא"כ בנוגע צו "הלל והודאה", וואס דארטן איז דער ענין פון "נר" כפשוטו ניט בגלוי.

עד"ז בנוגע צו דעם ענין וואס אידן קלייבן זיך צוזאמען (וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס די קרה"ת פון "זאת חנוכה" איז כולל אלע סוגים פון אידן, כנ"ל) - וואס

- דער -

---

128) ראה ד"ה מאי חנוכה תש"א. היום יום ע' ח. ועוד.
129) ספמ"א (נח, ב). 130) ל' הכתוב - תהלים טז, ח.
131) ח"ג פנ"ב. 132) ראה המשך תרס"ו ע' סח. רסז. תקכב. ובכ"מ.

דער ענין דארף זיין אפי׳ ווען א איד דאווענט פאר זיך ביחידות און געפינט זיך אין א מדבר שמם - ווי דער אריז"ל זאגט אן[133] (און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ[134]) אז קודם התפלה דארף מען זאגן "הריני מקבל עלי מ"ע של ואהבת לרעך כמוך", אז ער איז זיך כולל צוזאמען מיט אלע אידן[135] (אע"פ אז ער געפינט זיך איינער אליין אין א מדבר שמם);

עס איז אבער ניט דומה צו דעם וואס אידן קלייבן זיך צוזאמען פון פארשידענע ערטער, און אלע סוגים פון אידן, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך", און מ׳שטייט אלע צוזאמען אין א תנועה פון קירוב הלבבות, ביז צו א תנועה של התאחדות - וואס דעמולט שטייט דער ענין פון אהבת ישראל בגלוי.

וואס אע"פ אז דער ענין פון אהבת ישראל איז פארבונדן מיט כללות הענין פון קיום התומ"צ, כמבואר אין תניא[136] אז דאס איז "כל התורה כולה" און "יסוד ושורש כל התורה" - אעפ"כ, אין שאר התומ"צ שטייט דאס בהעלם, און בשעת ס׳איז דא דער ענין פון אהבה ישראל בגלוי (ווען אידן קלייבן זיך צוזאמען), שטייט דאס בגלוי.

לז. ובהמשך לזה - קומט א יישר-כח, צוזאמען מיטן נתינת כח, און נתינת תודה (מיט אלע גוטע זאכן) - פאר די וואס זיינען זיך משתתף אין דער פגישה פון היינטיקן שבת (און ערב שבת און לאחרי השבת), און אויך פאר די וואס האבן זיך פארנומען מיט מארגן זיין די פגישה און ממשיך זיין אין דערויף.

ויה"ר אז דאס וואס זיי האבן דערגרייכט ביז איצטער, זאל בא זיי מעורר זיין דעם ענין פון "כי שיש לו מנה רוצה מאתים", און ווען מ׳האט שוין "מאתים", וויל מען גלייך האבן "ארבע מאות" -

אז די הצלחה וואס איז געווען ביז צו דער שעה פון נאך הבדלה, זאל בא זיי מעורר זיין א רצון און תשוקה, ביז צו א תשוקה עזה, אויף אויסנוצן די שעות וואס מ׳האט נאך צו זיין צוזאמען (וואס דעמולט שטייט בגלוי דער ענין פון "כולנו כאחד"), אז מ׳זאל אין דערויף מוסיף זיין כמ"פ ככה, און אלעמאל איז דאך דא אן ארט אויף צו מוסיף זיין, וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיטן אויבערשטן וואס ער איז אין סופי.

- און -

---

133) שער הכוונות בתחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. סידור האריז"ל במקומו. שו"ע האריז"ל ריש הל׳ ביהכנ"ס.
134) בשו"ע שלו או"ח סו"ס מו. 135) ראה שעה"כ, פע"ח, ושו"ע האריז"ל שם. 136) פל"ב.

און דער אויבערשטער וועט זיכער ברענגען אין דעם "ברכנו אבינו" - וואדום וויבאלד אז דער "כולנו כאחד" איז מיט א הוספה, איז דער "ברכנו אבינו" אויך מיט א הוספה[137].

לה. און ממשיך זיין דאס אויפן ער כל השנה כולה, אז אע"פ אז דערנאך גייט מען זיך פאנאנדער יעדערער החה בפנו ותחת תאנתו, וועט דאס נים זיין אין אופן פון "פרידתכם" -

וכמדובר כמ"פ[138] בנוגע צו דעם מארז"ל[139] אויף שמח"ת, אז דער אויבערשטער זאגט צו אידן "קשה עלי פרידתכם" - אז דער אויבערשטער זאגט נים "קשה עלי פרידתנו", דערפאר וואס דער אויבערשטער שיידט זיך נים אפ פון אידן; די איינציקע זאך וואס איז שייך איז - "פרידתכם", דאס וואס איין איד שיידט זיך אפ פון דעם צווייטן,

וואס אויף דערויף איז דא די עצה אז ס'זאל זיין דער ענין פון "בואו ונגלגל אני ואתם"[140] (דער אויבערשטער מיט אידן) אין א "סעודה קטנה"[141] - וואס דורך דעם "נגלגל אני ואתם" אין א "סעודה קטנה", ממשיכין את עצמם - ווערט בטל דער "פרידתכם", דאס וואס איין איד שיידט זיך אפ פון דעם צווייטן, וואס דערכיט באווארענט מען דעם "קשה עלי פרידתכם".

ד.ה. אז אע"פ וואס תורה טיילט פאנאנדער אז ס'זיינען דא "ראשיכם שבטיכם" און ס'זיינען דא "חוטב עציך ושואב מימיך", און תורה זאגט אז א רב איז א רב, א מלמד איז א מלמד און א תלמיד איז א תלמיד - אעפ"כ, צוזאמען רעכנט זאגט מען "אתם נצבים היום כולכם גו' כל איש ישראל", דערפאר וואס דאס איז "לפני ה' אלקיכם"[142];

ווען מ'שטייט אין א מעמד ומצב פון "אל מול פני המנורה", איז אפי' ווען ס'זיינען דא "שבעת הנרות" (וואס ע"פ דין מוז די מנורה האבן "שבעה נרות") - זאגט מען אז דאס איז אין אן אופן פון "אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות".

און דעמולט איז דאס נים קיין ענין של פרידה, מ'האט זיך נים פאנאנדערגעשיידט, ס'איז מערניט וואס יעדער איד האט זיך זיינען שליחות אין עשיית הדירה לו ית' [פונקט ווי דאס איז בנוגע צו זמן, אז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"], און "אין דעותיהם שוות", יעדערער האט זיך זיין מצוה אין

- וועלכע -

---

137) ראה תניא שם. 138) ראה לקו"ש ח"ב ע' 433. 139) פרש"י עה"פ אמור כג, לו. פינחס כט, לו. בחיי פינחס שם, לה. 140) תנחומא פינחס סז. וראה גם במדב"ר פכ"א, כד. 141) לשון רש"י עה"פ פינחס שם, לה. 142) נצבים כט, ט-י.

וועלכע ער איז "זהיר טפי"[143], דורך דערויף לייכט ער[144], ביז אין אן אופן פון "אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות".

וכמרז"ל[145] "אל יפטר אדם מחבירו אלא מתוך דבר הלכה" - ס'איז טאקע "יפטר אדם מחבירו", ווארום יעדערער דארף אוועקגיין למקומו, וואס "מה' מצעדי גבר כוננו"[146], ער דארף גיין דארטן וואו ער דארף מברר זיין זיינע ניצוצות, אבער אעפ"כ, דער ענין הפרידה ווערט בטל, וויבאלד אז ער גייט אוועק "מתוך דבר הלכה", וואס דער "דבר הלכה" פארבינדט זיי צוזאמען, און ווי דאס איז אויך בפשטות - אז ווען ער דערמאנט זיך אויפן "דבר הלכה", דערמאנט דאס אים אויף "חבירו" (וויבאלד אז זיי זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען "מתוך (דעם) דבר הלכה"),

ועאכו"כ אז דער "נותן התורה" פארבינדט זיי צוזאמען, וואס מצד דעם "נותן התורה" זיינען "כולן מתאימות ואב אחד לכולנה", כמבואר בארוכה אין תניא[147] - ובמילא ווערט דאס אויס פרידה.

לס. ויה"ר אז בנוגע צו דער פגישה זאל אויך זיין אין אזא אופן - אז זייער פארברייינגעניש מיטן עסק בתורה וכו', זאל זיין אין אן אופן אז אויך ווען די גופות גייען זיך פאנאנדער (לכאו'), איז דאס אין אן אופן פון "<u>אל</u> יפטר אדם מחבירו", ווארום וויבאלד אז ס'איז פארבונדן מיט "דבר הלכה", איז דאס אין אן אופן פון "אל יפטר", מ'גייט זיך ניט פאנאנדער.

און ס'זאל זיין מתוך שמחה וטוב לבב - וואס וויבאלד אז "שמחה פורץ גדר"[148], וועט יעדערער ווערן א טופח על מנת להטפיח, אז ער וועט דורכפירן זיין שליחות במקומו במילואה ובשלימותה,

וואס דאס איז אויך כולל - פועל'ן אויף די אידן וואס געפינען זיך בסביבתו (און האבן זיך ניט משתתף געווען אין דער פגישה (מאיזה סיבה שתהי')) - אז זיי זאלן אויך ווערן אין אן אופן פון טופח על מנת להטפיח, ד.ה. ניט נאר אז זיי וועלן אליין ווערן דורכגענומען מיט דער לתלותית פון אידישקייט, נאר טופח על מנת להטפיח, אז זיי וועלן ווערן משפיעים אין דער גאנצער סביבה וואו זיי וועלן דערגרייכן.

- און -

------------

143) שבת קיח, סע"ב. 144) ראה אבה"ק סוס"ז. וראה סה"מ תרפ"ת ע' קנד ואילך. 145) ברכות לא, א. 146) ל' הכתוב - תהלים לג, כז. וראה היום יום ע' סט. ד"ה ויתלוס תש"ת פ"י. 147) פל"ב. 148) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך.

און סאן בכל ענינים אלו (כאמור) מתוך שמחה וטוב לבב, ובאופן דמוסיף והולך ואור, אין אן אופן פון "מעלין בקודש" (און פשוט אז "אין מורידין").

ביז וואנעס אז עס וועט קומען דער "לילה (חושך הגלות[149]) כיום יאיר"[150], און נאך אין זמן הגלות וועט זיין "שמחת עולם על ראשם"[151], צוזאמען מיט "נר מצוה ותורה אור" בשלימות, וואס דאס וועט זיין די הכנה קרובה צום "שמחת עולם על ראשם" בפשטות,

בביאת משיח צדקנו - וואס ער איז איינער פון די "שמונה נסיכי אדם", וואס דאס איז אויך מרומז אין שמונת ימי חנוכה[152], כמדובר לעיל (סכ"א) בארוכה.

מ. כאן המקום צו ממשיך זיין אין דעם סיום אויף מסכת קידושין - וואס עס האט זיך גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות[153].

אין סיום פון מסכת קידושין זאגט די גמרא: "רשב"א אומר מימי לא ראיתי צבי קייץ וארי סבל ושועל חנוני וכו'" -

האט מען אין דערויף מבאר געווען - אז בנוגע צו אלע בעלי חיים וכו' זאגט מען דאך אז "לא נבראו אלא לשמשני", איז אע"פ אז א מצוה בשלימותה קענען בעלי חיים ניט טאן, קענען זיי אבער טאן די הכנה צו דער מצוה - אז א איד זאל האבן א גוף בריא ושלם, און האבן מנוחה הנפש און מנוחת הגוף, וואס דעמולט וועט א איד קענען דינען דעם אויבערשטן בשלימות - בדוגמא ווי דער רמב"ם זאגט אין סיום ספרו[154], אז לע"ל "יהיו ישראל חכמים גדולים (ווארום "תרבה הדעה והחכמה"[155]) . . וישיגו דעת בוראם כפי כח האדם".

מא. אין דערויף (אין דער עבודה פון די בע"ח אז ס'זאל זיין דער "לשמשני") איז דער סדר אין אן אופן פון מן הקל אל הכבד:

די לייכטע עבודה איז דער ענין פון "קייץ":

ווען א תאנה פאלט אראפ פון דעם בוים, קען די שמש ניט דערגרייכן צו דער תאנה, ווארום די צווייגן מיט די בלעטלאך פון דעם בוים פארשטעלן און לאזן ניט צו די קרני השמש -

- דארף -

---

149) ראה תו"א שמות נא, רע"א. 150) תהלים קלט, יב.
151) ישעי' לה, י. 152) ראה תו"א מקץ לג, סע"ג ואילך.
153) די"ם כסלו ומוצאי ש"פ וישב. 154) סוף הל' מלכים.
155) רמב"ם הל' תשובה פ"ט ה"ב.

דארף קומען איינער און ארויסנעמען די תאנה מתחת העץ, און אוועקלייגן איר במקום מגולה לשמש,

וואס דעמולט וועט דערפון ווערן א געשמאקער מאכל, און דערנאך וועט דאס א איד עסן, און בכח האכילה ההיא וועט ער דינען דעם אויבערשטן.

און וויבאלד אז "לא נבראו אלא לשמשני", איז דא דער "צבי קייץ", וואס ער טוט די מלאכה קלה, און דערמיט גרייט ער צו אן ענין דורך וועלכן דעד איד וועט דינען דעם אויבערשטן.

און ווי מפרשים[156] זיינען מבאר די שייכות פון א "צבי" צו דעם ענין פון "קייץ" - אז אזוי ווי מ'דארף אפהיטן די תאנה זי זאל בלייבן גאנץ ביז וואנעט דער איד וועט דאס נעמען, דארף מען האבן אזא בע"ח וואס שלאפט ניט - וואס בנוגע צו א "צבי" שטייט אין מדרש[157] אז "בשעה שהוא ישן עינו אחת פתוחה", ובמילא איז ער "ער" מיטן עין השני', און היט אפ די תאנה.

מב. דערנאך איז דא א שווערערע עבודה - "ארי סבל":

ווען ס'זיינען דא שווערע משאות (שווערער פון א תאנה וואס איז א משא קל), און מ'דארף זיי אריבערטראגן פון איין ארט צום צווייטן ארט, כדי אז א איד זאל קענען דערגרייכן דערצו,

און ווי געבראכט[158] די דוגמא דערצו - ווען דער ענין וועלכן מ'דארף מברר זיין געפינט זיך אין א שוק של ע"ז, וואס די גמרא[159] זאגט אז מ'טאר ניט דורכגיין אין א שוק של ע"ז (אדער אין א בית של זנות וואס מ'טאר דארטן ניט דורכ-גיין[160]), קען דאך א איד דערצו ניט דערגרייכן אויף צו מברר זיין -

דארף מען האבן א בע"ח וואס זאל ארויסנעמען פון דארטן דעם ענין וועלכן דער איד דארף מברר זיין, און ברענגען דאס אין א מקום טהור, וואס אהינצו וועט קענען קומען דער איד און מברר זיין דעם ענין.

מג. דערנאך איז דא דער ענין פון "שועל תנוני":

- ס'איז -

------------

156) עיון יעקב לעין יעקב סוף מס' קידושין. ועוד.
157) שהש"ר פ"ח, יב. הובא בחוד"ה והרי צבי - חולין נט, ב.
158) בההתוועדות די"ט כסלו. 159) ע"ז יא, ב. טושו"ע יו"ד ר"ס קמט. 160) שם יז, סע"א ואילך. טושו"ע אה"ע ר"ס כא.

ס'איז דא אמאל וואס שינוי מקום אליין איז ניט מספיק, נאר מ'דארף אויך אנקומען צו שינוי בעלות.

ע"ד ווי מ'געפינט דעם ענין פון "עמון ומואב טיהרו בסיחון"[161]: אין עמון ומואב זיינען געווען כו"כ בירורים, אבער א איד האט דערצו ניט געקענט דערגרייכן, מצד ציווי הקב"ה "אל תצר גו'"[162];

בשעת אבער סיחון האט מלחמה געהאלטן מיט עמון ומואב און האט זיי כובש געווען - האבן דאס אידן דערנאך געקענט צונעמען בא סיחון, און מברר זיין אלע בירורים, דורך דערויף וואס בני גד ובני ראובן האבן דארטן[163] געבויט דירות פאר "טפינו ונשינו"[164], און אויך פאר זייער מקנה, וואס "מקנה רב הי' לבני ראובן ולבני גד"[165], מיט אלע פרטים וואס ער רעכנט אויס אין דער פרשה.

וואס דער ענין פון שינוי בעלות, טוט אויף א "חנווני": א "חנווני" (מאכט ניט קיין דבר חדש אין דער זאך, ער) איז משנה די בעלות פון דער זאך, אז אנשטאט ס'זאל זיך געפינען אין איין רשות, זאל זיך דאס געפינען אין א צווייטן רשות.

און דאס איז דער ענין פון "שועל חנווני" - אז כדי א איד זאל קענען דערגרייכן דערצו, דארף מען האבן אז מ'זאל דאס ארויסנעמען פון איין רשות צו א צווייטן רשות, אז ס'זאל ווערן אין דער בעלות פון א צווייטן, וואס דעמולט וועט דער איד קענען דערגרייכן דערצו און דאס מברר זיין.

וואס דער ענין פון "שועל חנווני" איז נאך שווערער אפי' פון "ארי סבל", ווארום אויף צו משנה זיין אז די זאך זאל אנקומען צום צווייטן'ס רשות, איז דאס אן ענין אויף וועלכן מ'דארף באצאלן געלט - בדוגמא ווי א "חנווני".

מד. און אין דערויף זיינען אויך דא חילוקים ביז אין הלכה בפועל - בנוגע צו קנינים:

א קנין (אדער א הבטחה) וואס מ'מאכט אן קיין טרחא, בדוגמא ווי "קייץ", אז ער נעמט א תאנה פון איין ארט צום צווייטן, וואס אין דערויף איז ניטא קיין טרחא - איז דאס א שוואכער קנין (אדער גאר קיין קנין ניט), און וואס מער דער קנין איז פארבונדן מיט א טרחא יתירה, קומט צו מער תוקף אין דעם קנין,

- און -

---

161) חולין ס, ב. וראה ג"כ פרש"י עה"פ חקת כא, כו.
162) דברים ב, ט. 163) ראה פרש"י עה"פ מטות לב, ג.
164) מטות שם, כו. 165) שם, א.

און בשעת ס'איז פארבונדן מיט באצאלן געלט, "חנוני", דעמולט איז דאס א קניין חזק ביותר.

מה. ויש להוסיף בזה - אז די דריי ענינים (צבי קייץ, ארי סבל און שועל חנוני) זיינען ניט קיין דריי באזונדערע · עבודות, נאר אין דעם זעלבן ענין קומען זיי זה לאחר זה:

אין א תאנה גופא זיינען דא די אלע דריי ענינים: התחלת הענין איז, אז מ'לייגט איר אוועק כנגד השמש, וואס דאס איז דער ענין פון "צבי קייץ",

און נאך דערויף וואס די תאנים טריקענען זיך אויס, דארף מען זיי ארייגלייגן אין חביות און צונעמען זיי (ווי די גמרא[166] ברענגט אראפ אז ס'זיינען געווען חביות פון קציעות (תאנים שנתייבשו) - וואס וויבאלד אז דאס איז א שווערער משא, דארף מען אנקומען צום "ארי סבל",

און אויב די תאנים געפינען זיך אין אן ארט וואס איז בדוגמת עמון ומואב - דארף מען אנקומען צום דריטן ענין - אז ס'זאל ווערן דער "טיהרו בסיחון", וואס דאס ווערט אויפ-געטאן דורך "שועל חנוני".

וואס עד כאן איז די נקודה דערפון וואס עס האט זיך גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות.

מו. אויף דערויף האט מען מעורר געווען, אז אין ירושלמי (אין סיום פון מסכת קידושין) ווערט אויך געבראכט דער מאמר פון רשב"א, אבער מיט כמה שינויים - דארטן שטייט: "ארי סבל ארי קייץ שועל חנוני זאב מוכר קדירות".

וואס לכאו', וויבאלד אז דאס איז דער זעלבער בעל המאמר, און מיטן זעלבן תוכן, דארף מען פארשטיין די אלע חילוקים צווישן דעם בבלי מיטן ירושלמי.

און זעלבסטפארשטענדליך (וואס אויף דערויף האט מען זיך ניט געשטעלט) אז אלע ענינים זיינען בדיוק (כמדובר כמ"פ) - אז דער סדר און תוכן הענינים ווי ס'שטייט אין בבלי, איז פארבונדן מיט דעם אופן פון לימוד התורה ווי ס'איז געווען אין בבל, און דער סדר ותוכן הענינים ווי ס'שטייט אין ירושלמי, איז פארבונדן מיטן אופן פון לימוד התורה ווי ס'איז געווען אין א"י.

מז. די שינויים צווישן דעם מאמר ווי ער שטייט אין בבלי

- און -

------------

166) ביצה ג, ב ובפרש"י שם ד"ה ליסרא. ועוד.

און ווי ער שטייט אין ירושלמי - זיינען אין כמה פרטים. ובהקדים:

ס'איז ידוע דאס וואס עס ווערט געבראכט בכ"מ[167], אז אין תלמוד ירושלמי זיינען דא כמה גירסאות (נאכמער ווי אין תלמוד בבלי), מצד דערויף וואס מ'האט אים ווייניקער געלערנט.

איז דאך דא וואס מ'האט געפונען כתבי-יד פון ירושלמי מיט כמה שינויי נוסחאות לגבי די געדרוקטע ירושלמי'ס וואס זיינען געווען געדרוקט לפנ"ז (און אין די שפעטערדיקע ירושלמי'ס האט מען שוין אפגעדרוקט אויך די שינויי נוסחאות).

וואס דארטן ווערט געבראכט אין סוף מסכת קידושין א נוסחא פון א כת"י עתיק יומין פון ירושלמי (ווי עס שטייט דארטן אין דער הקדמה) - וואס דארטן שטייט: "ארי סבל צבי קייץ כו'" (ניט ווי אין אונזער ירושלמי - "ארי סבל ארי קייץ כו'").

און ס'איז מסתבר אז דאס איז די ריכטיקע גירסא - ווארום ס'איז דאך דא דער כלל[168] אז וואו מ'קען נאר, דארף מען זיך משתדל זיין און זיך מתייגע זיין אויף צו מאכן וואס ווייניקער מחלוקות צווישן בבלי מיטן ירושלמי;

איז אויב מ'וועט אנעמען די גירסא "ארי סבל ארי קייץ", וועט דאך אויסקומען אז די מחלוקת צווישן בבלי מיטן ירושלמי איז אין צוויי ענינים: א) אין בבלי שטייט "צבי קייץ", און אין ירושלמי שטייט "ארי קייץ", ב) דער סדר הענינים - אז אין בבלי שטייט פריער "קייץ" און דערנאך "סבל", און אין ירושלמי שטייט פריער "סבל" און דערנאך "קייץ",

משא"כ אויב מ'וועט אנעמען די גירסא אין ירושלמי "ארי סבל צבי קייץ" - וועט די מחלוקת זיין נאר אין דעם סדר הענינים.

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז בכמה דפוסי הירושלמי (וואס זיינען אויך געדרוקט געווארן פון כתבי-יד) איז דא די גירסא "ארי סבל ארי קייץ" - דארף מען אויך האבן א ביאור אין "ארי קייץ", נוסף אויף דעם ביאור אין שינוי הסדר צווישן דעם בבלי מיטן ירושלמי (אז אין בבלי שטייט פריער "קייץ" און דערנאך "סבל", און אין ירושלמי שטייט פריער "סבל" און דערנאך "קייץ").

- מח. -

---

167) יד מלאכי כללי שני התלמודים ס"ו. וש"נ. 168) שם ס"י. וש"נ.

מח. דערנאך קומט צו אין ירושלמי נאך אן ענין וואס שטייט ניט אין בבלי - "זאב מוכר קדירות".

און אין דערויף גופא קומט צו א שאלה:

אויף מוכר זיין א קדירה, דארף מען איר פריער מאכן, ווארום א קדירה איז ניט אזוי ווי א תאנה וואס וואקסט אויפן בוים פון זיך אליין, נאר א קדירה דארף מען מאכן -

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט מען א דוגמא פון "זאב מוכר קדירות", ד.ה. אז די קדירה איז געמאכט געווארן דורך א צווייטן, און דער "זאב" איז נאר "מוכר קדירות", לכאו', האט מען געקענט ברענגען א דוגמא פון "זאב עושה קדירות" (אויב מ'דארף האבן דעם ענין פון "קדירות" צוליב עבודת הבירורים, אלס הקדמה צו מעשה המצווה)?

מט. די נקודת הביאור בזה:

בשעת מ'דארף אריבערטראגן פירות (אדער אן אנדער משא) ממקום למקום, קען מען דאס טאן אויף צוויי אופנים: מ'קען אריבערטראגן א משא כבוד ביותר מיט איין מאל, און דעמולט וועט מען ניט דארפן גיין אזוי פיל (ווארום מ'וועט דאס אריבערטראגן מיט איין מאל); און מ'קען אריבערטראגן א קלענערן משא, וואס דעמולט וועט זיין א קלענערע טרחא אין דעם טראגן, כ'וועט אבער דארפן ארומגיין א סאך מערער מאל, וואס בכל פעם ופעם וועט מען אריבערטראגן א טייל פון דעם משא.

און ווי די גמרא[169] ברענגט די צוויי סברות בזה - צי "למעוטי בהילוכא עדיף" (טראגן א שווערערן משא מיט איין מאל, אבי מ'זאל ניט דארפן ארומגיין א סאך), אדער "למעוטי משוי עדיף" (טראגן א גרינגערן משא, אע"פ אז דערפאר דארף מען גיין א סאך מערער מאל, כדי צו אריבערטראגן דעם גאנצן משא).

ועד"ז בנדו"ד:

"צבי קייץ" מיינט, אז יעדער תאנה וואס פאלט אראפ, נעמט ער איר גלייך צו און לייגט איר אוועק כנגד השמש, וואס טראגן יעדער תאנה באזונדער איז א גרינגער משא, "למעוטי משוי", אבער דעמולט דארף ער ארומגיין א סאך מערער (אויף טראגן יעדער תאנה באזונדער) - וואס דאס איז ענינו פון דעם "צבי" - "רץ כצבי"[170].

און "ארי סבל" מיינט, אז (ער טראגט ניט יעדער תאנה - באזונדער -

------------

169) שבת קכז, א. 170) אבות פ"ה מ"כ.

באזונדער, נאר) ער וואלט ביז יואנעס אז ס'קליבן זיך צוזאמען א סאך תאנים, און דעמולט טראגט ער זיי אלע צוזאמען - וואס דעמולט איז דאס טאקע א שווערער משא, ער דארף אבער ניט גיין קיין סאך, "למעוטי הילוכא", וואדום ער טראגט דאס מיט איין מאל.

עפ"ז בלייבט נאך אבער די שאלה: וואו געפינט מען אז דער בבלי מיטן ירושלמי זאלן זיך קריגן צי "למעוטי משוי עדיף" אדער "למעוטי בהילוכא עדיף"?

ואדרבה: לויט דער הסברה, דארף אויסקומען, אז דער בבלי זאל האלטן "למעוטי משוי עדיף" -

ווארום אין בבלי שטייט פריער "צבי קייץ" און דערנאך "ארי סבל" - וכאמור אז דער סדר העבודה איז אין אן אופן פון מן הקל אל הכבד, ד.ה. אז "צבי קייץ" איז גרינגער ווי "ארי סבל" - "למעוטי משוי עדיף" (אע"פ אז דעמולט דארף מען ארומגיין א סאך מערער) -

און מ'זעט אז דער בבלי פסק'נט אפ אז "למעוטי בהילוכא עדיף"[171] [אין ירושלמי ברענגט זיך ניט אראפ די סברות, קען מען ניט וויסן ווי ער פסק'נט, אבער אין בבלי פסק'נט ער אפ אז "למעוטי בהילוכא עדיף"].

ג. איז דער ביאור בזה:

די משנה[172] זאגט אז די מצוה פון "פאה" איז דא נאר ביי א זאך וואס "לקיטתו כאחת" ("שמקצרוהו בפעם אחת"[173]), און דערנאך רעכנט אויס די משנה[174] כמה אילנות וואס זיינען מחוייב בפאה, און "תאנה" ווערט דארט ניט דערמאנט.

און ווי מפרשי המשנה[175] זיינען מבאר, אז דאס איז דערפאר וואס א תאנה איז ניטא דער ענין פון "לקיטתו כאחת", ווארום די תאנים ווערן ניט פארטיק אלע בבת אחת, נאר פריער ווערט פארטיק איין תאנה, און דערנאך ווערט פארטיק נאך א תאנה א.ז.וו. ובלשון הכתוב[176] "כביכורה בטרם קיץ", ד.ה. אז דער גידול התאנה ביז וואנעט אז אלע תאנים ווערן פארטיק, נעמט א משך זמן רב.

און אין דערויף זיינען דא צוויי סברות: גלייך ווי א תאנה ווערט פארטיק און פאלט אראפ פון דעם בוים, זאל מען איר צונעמען און אוועקלייגן כנגד השמש - "קייץ", אדער

- ווארטן -

---

171) ראה שבת שם. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סשל"ג ס"ב (ס"ג).
172) פאה פ"א מ"ד. 173) פיהמ"ש להרמב"ם כאן. 174) מ"ה.
175) פיהמ"ש להרמב"ם. רע"ב. ועוד. 176) ישעי' כח, ד.

ווארטן ביז אלע תאנים וועלן ווערן פארטיק, און דערנאך נעמען אלע תאנים צוזאמען - "סבל".

וואס די צוויי סברות זיינען פארבונדן מיט דער שאלה הידועה[177] וועלכער ענין איז גובר - צי דער ענין פון "זריזין מקדימין למצוות"[178], אדער דער ענין פון "ברוב עם הדרת מלך"[179]

[כמדובר כמ"פ בארוכה[180] וועגן דעם ענין - וואס דאס איז דאך א שאלה וואס איז נוגע להלכה (בפרט במדינה זו) בנוגע צו א ברית:

מצד דעם ענין פון "זריזין מקדימין למצוות", דארף מען מאכן דעם ברית וואס פריער, אבער דעמולט וועט פעלן אין דעם ענין פון "ברוב עם הדרת מלך"; משא"כ אויב מ'וועט דאס מאכן נאך מיטאג, וואס דעמולט קומען שוין יעדערער ממלאכתו לביתו, במילא קען ער זיך משתתף זיין אין דער מצוה (ובפרט א מצוה פון מילה), וועט דאס זיין "ברוב עם", אבער דעמולט וועט פעלן אין דעם ענין פון "זריזין מקדימין למצוות" - איז די שאלה: ווען ס'איז דא א סתירה צווישן ביידע ענינים, וועלכער ענין איז גובר. ועד"ז איז אויך בנדו"ד]:

מצד דעם ענין פון "זריזין מקדימין", איז גלייך ווי איין תאנה ווערט פארטיק און פאלט אראפ פון דעם בוים, דארף ער איר גלייך צונעמען און ברענגען נגד השמש - "צבי קייץ";

דעמולט וועט אבער פעלן אין דעם ענין פון "ברוב עם הדרת מלך" - ווארום וועז ער ברענגט מערניט ווי איין תאנה, זאגט מען אויף דערויף "הקריבהו נא לפחתך הירצך או הישא פניך"[181], ס'איז אן ענין וואס איז היפך הכבוד,

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז וועז מ'ברענגט (פון א מקום וואס איז ווייטער פון קדושה אין א מקום וואס איז נענטער צו קדושה) א ריבוי בכמות, ווערט די מצוה אויפגעטאן מער בהידור - ווארום בדוגמא ווי מ'זאגט בא מענטשן אז "ברוב עם הדרת מלך", אזוי איז אויך בנוגע צו א מצוה, אז עס דארף זיין אין אן אופן פון "כל חלב לה'"[182], ווי דער דין[183] איז בנוגע צו א קרבן (ועד"ז אויך בנוגע לכל המצוות) אז ער דארף דאס ברענגען מן הנאה והטוב און מן היפה וכו',

איז כדי אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "ברוב עם

- הדרת -

------------

177) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ז ע' 307. 178) פסחים ד, א. וראה ר"ה לב, ב. 179) משלי יד, כח. 180) ראה לקו"ש שם. 181) מלאכי א, ח. 182) ויקרא ג, טז. 183) רמב"ם סוף הל' איסורי מזבח.



הנחת הת' בלתי מוגה

הדרת מלך" - דארף ער ווארטן ביז אז עס וועלן זיך צוזאמענ-קלייבן א סאך תאנים, וואס דעמולט וועט דאס ווערן א דבר חשוב, און ערשט דעמולט וועט ער זיי אריבערטראגן פון איין ארט צום צווייטן - אבער דעמולט וועט פעלן אין דעם ענין הזריזות.

איז די שאלה - צי רער ענין הזריזות איז גובר, און דעמולט דארף ער ברענגען די ערשטע תאנה וואס איז געווארן פארטיק, "צבי קייץ", אע"פ אז ס'איז מערניט ווי איין תאנה, וואס דאס איז היפך הכבוד; אדער אז דער ענין פון "ברוב עם" איז גובר, און דעמולט דארף ער ווארטן ביז וואנעט אלע תאנים וועלן פארטיק ווערן און ערשט דערנאך ברענגען זיי - "ארי סבל".

וואס שיטת הבבלי איז, אז דער ענין פון "זריזין מקדימין" איז גובר, און דערפאר איז מען מקדים "צבי קייץ"; און שיטת הירושלמי איז, אז דער ענין פון "ברוב עם" איז גובר, און דערפאר איז מען מקדים "ארי סבל".

(ההוכחה לזה ששיטת הבבלי היא ש"זריזין מקדימין" עדיף, ושיטת הירושלמי היא ש"ברוב עם" עדיף -

ע"פ המבואר בלקו"ש ח"ד ע' 1338, ששיטת הבבלי היא שדנין ומכריע המצב בהוה, ושיטת הירושלמי, שדבר שהוא חשוב יותר, אף שבא לאחר זמן, מכריע את דבר הקל, אף שהוא נמצא עכשיו;

ובלקו"ש תשא תשל"ו ס"ז הערה 16 (ועד"ז בלקו"ש ואתחנן תשל"ז ס"ט-י), מקשר השאלה דהוה ועתיד, מה מכריע - עם השקו"ט ב"זריזין מקדימין" ו"ברוב עם", מי בהם עדיף.

דמהא מוכח ששיטת הבבלי היא "שזריזין מקדימין" עדיף, ולכן מקדים "קייץ", מצד מעלת הזריזות שבהוה (אף שזהו רק תאנה אחת), ושיטת הירושלמי ש"ברוב עם" עדיף, ולכן מקדים "סבל", כי זהו דבר חשוב, "רוב עם", אף שבא לאחר זמן, ומכריע דבר הקל שנמצא עכשיו - תאנה אחת, "קייץ").

נא. אין דערויף קומט צו נאך א נקודה:

אין ירושלמי איז מען מוכרח מקדים זיין "סבל" - ניט נאר דערפאר וואס שיטת הירושלמי איז אז "ברוב עם" איז גובר אויף דעם ענין פון "זריזין מקדימין":

אין סיום פון מסכת כתובות[184] דערציילט די גמרא אז די פירות פון א"י (ובפרט פון ירושלים) זיינען געווען גדולים

- ושמנים -

---

184) קיב, א.

ושמנים וכבדים ביותר, ווי די גמרא איז אין דערויף מפליג בתכלית ההפלגה.

[ביז ווי תוס'[185] איז מבאר אז אפי' די אבנים פון א"י זיינען אויך כבדים יותר ווי אנדערע אבנים].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די מעלה פון די פירות פון א"י באשטייט אין דערויף וואס אין זיי איז דא א ריבוי בכמות (נוסף אויף די איכות שבהם) -

און דערפאר אין תלמוד ירושלמי (א"י) איז מען מקדים "סבל", וואָרום וויבאלד אז די פירות פון א"י זיינען גדולים ביותר, איז אפילו אויף אריבערטראגן איין תאנה דארף מען אויך אנקומען צו "סבל" (און דער "קייץ" איז נאר אויף דעם ענין השמירה וואס קומט אח"כ, און ניט אויף אריבערטראגן ממקום למקום), און דערפאר איז מען מקדים "סבל".

משא"כ אין תלמוד בבלי, וואס דארטן זיינען געווען פירות קטנים (און אויף איין תאנה דארף מען ניט אנקומען צו "סבל", אויף דערויף איז גענוג "קייץ") -

איז ווען עם פאלט אראפ די ערשטע תאנה, ווערט גלייך נתעורר די שאלה: צי ברענגען גלייך די תאנה לבקום השמש, "זריזין מקדימין"; אדער ברענגען אלע תאנים צוזאמען, "ברוב עם",

און וויבאלד אז שיטת הבבלי איז אז "זריזין מקדימין" איז עדיף - איז מען מקדים "קייץ".

נב. מ'האט דערמאנט פריער (סמ"ו) אז אין ירושלמי זיינען דא צוויי גירסאות: די גירסא וואס שטייט אין אונזער ירושלמי - "ארי סבל ארי קייץ", און די גירסא וואס איז געבומען פון א כת"י עתיק - "ארי סבל צבי קייץ".

וואס לויט דער גירסא "ארי סבל צבי קייץ", איז דער "ארי" נאר דער "סבל", ד.ה. אז אויף צו אריבערטראגן די תאנים פון איין ארט צום צווייטן, דארף מען אנקומען צו אן "ארי סבל", אבער דערנאך ווען מ'דארף היטן די תאנים אז קיינער זאל זיי ניט צונעמען - דארף מען אנקומען צו אזא ברי' וואס שלאפט קיינמאל ניט, וואס דאס איז "צבי קייץ", ווי געבראכט פריער אז "בשעה שהוא ישן עינו אחת פתוחה".

און לויט דער גירסא "ארי סבל ארי קייץ" - איז דער "ארי" ניט נאר דער "סבל", נאר דערנאך איז ער אויך דער "קייץ" - ער היט אפ די תאנים אז קיינער זאל זיי ניט צונעמען.

- והביאור -

------------

185) שם ד"ה רבי חנינא.

והביאור בזה:

אויף צו אפהיטן א זאך אז קיינער זאל דאס ניט גנב'ענען זיינען דא צוויי אופנים: א) ווען מ'שטעלט אוועק א שומר. און דער שומר איז "לא ינום ולא יישן", אזוי ווי א "צבי" - וועט דער גנב ניט קומען גנב'נען; ב) אין אן ארט וואו עס געפינט זיך א מלך, אדער א גבור עריץ, אזוי ווי אן "ארי", איז אפי' ווען ער שלאפט, וועט דער גנב מורא האבן קומען, ווארום ער ווייסט אז דארטן איז דא אן "ארי" טורף, און עס קען זיין אז ער וועט זיך אויפכאפן פון שלאף.

ועד"ז בנדו"ד - ווען מ'דארף אפהיטן די תאנים נאך דערויף וואס זיי ליגן ניט תחת האילן [וואס בשעת זיי ליגן תחת האילן, דארף מען ניט האבן אזא שמירה גדולה, ווארום דער אילן געפינט זיך אין דעם פרדס פון דעם בעה"ב], נאר ווען מ'האט זיי אוועקגעלייגט נגד השמש -

קען די שמירה זיין דורך א "צבי", וואס וויבאלד אז "בשעה שהוא ישן עינו אחת פתוחה", וועט דער גנב ניט קומען אהינצו, וויסנדיק אז דארטן איז דא א שומר וואס שלאפט ניט; און די שמירה קען אויך זיין דורך אן "ארי", וואס אפי' ווען ער שלאפט, וועט דער גנב אויך מורא האבן קומען אהינצו, ווארום עס קען דאך זיין אז דער ארי וועט זיך אויפכאפן פון שלאף, און וועט אים דורס זיין, איז אים ניט כדאי איינשטעלן זיין גאנצע מציאות צוליב א תאנה.

וואס דאס איז דער חילוק צווישן ביידע גירסאות - "צבי קייץ" און "ארי קייץ".

נג. דער ביאור אין דעם וואס דוקא אין ירושלמי איז דא א גירסא "ארי קייץ", משא"כ אין בבלי איז די גירסא "צבי קייץ":

אין א"י, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[186], איז דא דער ענין פון יראת שמים מער ווי אין חו"ל, וואס אוירה טמא וגושה טמא[187].

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס אין א"י זיינען דא מער מצוות ווי אין חו"ל (די אלע מצוות התלויות בארץ) - וואס כללות ענין המצוות איז דאך ווי ס'שטייט[188] "ויצונו ה' לעשות את כל החוקים האלה ליראה את ה'" - איז וויבאלד אז אין א"י איז דא מער מצוות ווי אין חו"ל, איז דארטן גרינגער צוקומען צו דעם ענין פון "ליראה את ה'".

און וויבאלד אז אזוי איז דאס ביי אן אדם, דער סוג

- המדבר -

------------

186) עקב יא, יב. 187) ראה גיטין ח, ב. 188) ואתחנן ו, כד.

המדבר - ווערט דאס נמשך בדרך ממילא אויך צו די אלע וואס "נבראו לשמשני".

און וויבאלד אז אין א"י איז דא דער ענין פון ירא"ש מער ווי אין חו"ל, קומט דאס אויך ארויס און דאס העלפט צו צום ענין פון מורא בשר ודם [וואס אויף דערויף זאגט מען[189] "יהי"ר שיהי' מורא שמים עליכם כמורא בשר ודם"].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין א"י (תלמוד ירושלמי) איז גענוג די שמירה דורך אן "ארי", אע"פ וואס ער שלאפט, ווארום דארטן איז דא מער דער ענין פון (ירא"ש - ובמילא אויך) יראת בשר ודם, דארף מען ניט האבן אזא גרויסע שמירה פאר גנבים; משא"כ אין חו"ל (תלמוד בבלי), וואס דארטן איז דער ענין היראה ניט אויף אזוי פיל ווי אין א"י, דארף מען האבן די שמירה פון א "צבי", וואס "בשעה שהוא ישן עינו אחת פתוחה",

און דעדפאר איז די גירסא פון בבלי "צבי קייץ", אז דער "צבי" איז דער שומר, און אין ירושלמי איז דא א גירסא "ארי קייץ", אז דער "ארי" איז דער שומר.

נד. דער ביאור אין דעם ענין פון "זאב מוכר קדירות" - די שייכות פון "זאב" צו "קדירות":

דער ענין פון א "זאב" איז - ווי ס'שטייט[190] "בנימין זאב יטרף", און ווי עס ברענגט זיך אראפ אין מכילתא[191] "זאב שהוא טורף מלפניו ומלאחריו" [ווי גערעדט וועגן דערויף בארוכה כמ"פ במשך השנה שעברה[192] - בנוגע צו דעם ענין פון תוספת שבת, וואס "מוסיפין מחול על הקודש" סיי "מלפניו" און סיי "מלאחריו", "משל לזאב שהוא טורף מלפניו ומלאחריו"].

דער חילוק צווישן אן "ארי" מיט א "זאב" איז - ווי די גמרא זאגט אין תענית[193] "ארי דורס ואוכל, זאב טורף ואוכל", ווי רש"י[194] טייטשט אפ: "ארי דורס ואוכל - מיד, ואינו מתירא" (ווארום ער איז דער "מלך שבחיות[195]), און א זאב "טורף ואוכל - שמוליך לחוריו ואוכל שם, שמפחד מן הבריות".

עפ"ז וועט מען פארשטיין די שייכות פון א "קדירה" צו א "זאב" דוקא:

דער ענין פון א "קדירה" איז - וואס מ'קאכט אין איר

- דעם -

------------

189) ברכות כח, ב. 190) ויחי מט, כז. 191) עה"פ יתרו כ, ח. 192) שיחת אחש"פ תשל"ת סט"ו ואילך. מוצאי ש"פ אחרי תשל"ת סכ"ה ואילך. 193) ח, א. 194) שם - ד"ה ארי ושלאח"ז. 195) חגיגה יג, ב.

דעס מאכל (ס'איז דא דער מאכל ווי ער איז איידער מ'קאכט אים, און דערנאך לייגט מען אים אריין אין דער קדירה, און מ'קאכט אים).

וויבאלד אז דער טבע פון אן "ארי" איז, אז ער איז "דורס ואוכל - מיד", האט ער ניט קיין שייכות צו קיין "קדירה", ווארום ער האט ניט קיין געדולד צוווארטן, ער איז "דורס ואוכל - מיד".

משא"כ א "זאב", וואס וויבאלד אז ער עסט דאס ניט גלייך, נאר ער איז דאס "מולין לחוריו ואוכל שם" - איז בשעת ער וועט האבן א קדירה און וועט דאס קאכן, וועט דער מאכל זיין געשמאקער, און דערפאר איז דער ענין פון "קדירות" פארבונדן מיט א "זאב" דוקא*.

נה. דער ביאור אין דעם וואס דוקא אין ירושלמי שטייט "זאב מוכר קדירות":

די משנה זאגט אין מנחות[196] אז ווען יוהכ"פ איז געווען בערב שבת, איז "שעיר של יום הכפורים (של מוסף, שהוא חטאת והוא שעיר הנעשה בחוץ, ונאכל לכהנים) נאכל לערב (בלילי שבתות, אע"פ שאין יכולין לבשלו בשבת), והבבליים (די כהנים וואס זיינען געווען פון בבל) אוכלין אותו כשהוא חי מפני שדעתן יפה".

וואס דאס האט אויך א שייכות צו דעם וואס מ'האט גערעדט פריער (ס"נ) וועגן "זריזין מקדימין למצוות" און "ברוב עם הדרת מלך":

מצד דעם ענין פון "זריזין מקדימין למצוות", דארף מען דאס גלייך עסן, מ'האט זיך איינגעהאלטן א גאנצן טאג, איז גלייך ווען מ'קען עסן, דארף מען דאס גלייך עסן - "כשהוא חי";

משא"כ מצד דעם ענין פון הידור מצוה - ע"ד הענין פון "ברוב עם הדרת מלך" - דארף מען דאס צולה זיין (אדער אין אן אנדער אופן) כדי אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "למשחה - לגדולה"[197].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין תלמוד בבלי

- ברענגט -

---

*) והשייכות ד"מוכר קדירות" ל"זאב": כיון שזקוק (לקדירה) לעצמו - ולשאר הזאבים חבריו - נעשה מומחה ומתעניין וכו'.

---

196) צט, ב. בפרש"י שם. 197) קרח יח, ח. ספרי ופרש"י עה"פ. זבחים צא, א.

ברענגט זיך ניט אראפ דער ענין פון "זאב מוכר קדירות", ווארום "הבבליים אוכלין אותו כשהוא חי", דארף מען ניט האבן קיין "קדירות"; אבער אין תלמוד ירושלמי ברענגט זיך דער ענין פון "זאב מוכר קדירות", דערפאר וואס די ירושלמיים האבן ניט געגעסן "כשהוא חי", נאר נאך דערויף וואס מ'קאכט דאס אין "קדירות".

און אע"פ אז די גמרא[198] זאגט אז "לא בבליים הם אלא אלכסנדריים הם, ומתוך ששונאין את בבליים קוראין אותן על שם בבליים" - איז דאך אבער אלכסנדרי' אויך געווען אין חו"ל (ניט אין א"י) - "אלכסנדרי' של מצרים"[199], איז דאס פארבונדן מיט תלמוד בבלי וואס איז אויך געווען אין חו"ל.

נו. דער ביאור אין דעם וואס ס'שטייט "זאב מוכר קדירות" (ניט "עושה קדירות" וכיו"ב) - איז פארשטאנדיק בהקדים נאך א שאלה:

לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט מען די דוגמא פון "קייץ" וואס איז פארבונדן מיט א תאנה - דא ווערן דאך דערמאנט חיות טורפות, וואס ענינם איז עסן בשר, "ארי דורס ואוכל, זאב טורף ואוכל", ועד"ז א שועל?

איז דער ביאור בזה:

רשב"א רעדט ווי דער מעמד ומצב איז איידער "עונותיכם הטו"[200] - ווארום ער זאגט דאך "מימי לא ראיתי צבי קייץ כו' והם מהפרנסים שלא בצער והם לא נבראו אלא לשמשני כו' ואני שנבראתי לשמש את קוני אינו דין שאתפרנס שלא בצער אלא שהרעותי את מעשי כו' שנאמר עונותיכם הטו" - דארף מען מאכן דעם ק"ו פון די חיות הנ"ל ווי זייער מעמד ומצב איז איידער "עונותיכם הטו".

דער גאנצער ענין פון "ארי דורס ואוכל, זאב טורף ואוכל", דאס וואס זיי עסן בשר, האט זיך אנגעהויבן ערשט לאחרי החטא, משא"כ קודם החטא, וואס דעמולט איז דאס געווען ע"ד ווי עס וועט זיין לע"ל אז "אדי' כבקר יאכל תבן"[201] - און דערפאר ברענגט מען אראפ די דוגמא פון "קייץ" וואס איז פארבונדן מיט תאנים (ניט קיין בשר).

עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין פארוואס שטייט "זאב מוכר קדירות":

אין דער משנה פון סוף קידושין שטייט: "לא ילמד אדם

- את -

------------

198) מנחות ק, ב. 199) ראה סוכה נא, ב. ובב"מ.
200) ל' הכתוב - ירמי' ה, כה. 201) ישעי' יא, ז.

את בנו חמר גמל קדר כו׳ שאומנתן אומנות ליסטים", ד.ה. אז א "קדר", דער וואס מאכט "קדירות", איז אן אומנות ליסטים, ווארום * א קדירה מאכט מען פון עפר, איז ווען ער גייט ארוים אין שדה אויף צו נעמען דעם עפר, רעכנט ער זיך ניט אויס, און ער נעמט עפר פון שדות של אחרים **, וואס דעדפאר איז דאס א אומנות ליסטים.

און וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן דעם מעמד ומצב ווי ס׳איז קודם החטא, קען מען ניט זאגן "זאב עושה קדירות", ווארום זיין א "קדר" וואס מאכט קדירות איז היפך הדין, דערפאר וואס דאס איז "אומנות ליסטים";

מערניט ווי "זאב מוכר קדירות" - אן אנדערער האט געמאכט די קדירה, און ער נעמט דאס ביי אים אויף צו פאר-קויפן, אדער אז ער איז דער בעה"ב פון דער שדה פון וועלכע דער "קדר" האט גענומען דעם עפר אויף צו מאכן די קדירות, און ער איז "מוכר קדירות".

נז. וכמדובר כמ"פ אז בשעה מ׳ברענגט צוויי עניניס בשם פון דעם זעלבן תנא. ע"ד ווי דאס איז בנדו"ד, אז סיי אין בבלי און סיי אין ירושלמי ברענגט זיך אראפ דער מאמר פון רשב"א, נאר מיט כמה שינויים - איז לויטן כלל[202] אז ס׳דארף ניט זיין דער ענין פון "לאפושי במחלוקת", איז מען ניט מהוייב צו זאגן אז ס׳זיינען צוויי גירסאות וועלכע זיינען מחולק איינע אויף די אנדערע;

---

*) בפרש"י שם, שחמר כו׳ וקדר הם "אומנות ליסטים", לפי שהם "בעלי קרנות וכו׳".

אבל צ"ע: דמעתיק "קדר" שלא במקום גירסתנו במשנה, צע"ק למה דוקא קדר הולך בדרכים, ולא מוכר כל דבר, שטעמו השני לא שייך לקדר, ועוד.

**) כי לקיחת עפר (ואפילו חמר) מקרקע דאחר, לא חשיב לגזילה ממש אצל לשון בנ"א (ע"ד ל׳ חז"ל הפקר כעפרא דארעא).

[ועפ"ז יובן דבנחום איש ג"ז החליפו בעפר (ולא באבנים פשוטים) - היפך היוקר דאב"ס].

וגם בהלכה - רק כמות גדולה שווה פרוטה, קרוב שימחול כיון שיש להנגזל עד התהום. ועוד.

ולכן נכשלים בזה (וע"ד בסדום שלקחו פחות משווה פרוטה, ועונשם איום וכו׳).

---

202) ראה יד מלאכי שם. דרכי שלום (נדפס בשד"ח כרך י בסופו), כללי הש"ס אות ל סרנ"ז.

נאר אזוי ווי די גמרא ברענגט בכ"מ אז תנאים און אמוראים וואס זיינען געווען אין א"י, האבן געהאט תלמידים אויך פון בבל, ועד"ז די תנאים ואמוראים וואס זיינען געווען אין בבל, האבן געהאט תלמידים אויך פון א"י -

איז עד"ז קען מען אויך זאגן בנוגע צו רשב"א, אז ער האט געהאט תלמידים סיי פון בבל און סיי פון א"י - וואס צו די תלמידים פון בבל, האט ער געזאגט די דריי ענינים לויט ווי זיי שטייען אין בבלי, און צו די תלמידים פון א"י, האט ער געזאגט די פיר ענינים לויט ווי זיי שטייען אין ירושלמי.

נח. ויה"ר - והוא העיקר - אז ס'זאל זיין דער ענין פון "עוד ינובון בשיבה דשנים ורעננים יהיו"[203] (ווי עס ברענגט זיך אין סיום המשנה),

ובקרוב ממש - זאל מען לערנען תורתו של משיח מפיו של משיח - וואס דעמולט וועט זיין "תורה חדשה מאתי תצא"[204], לויט אלע פירושים שבזה[205], וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

ובקרוב ממש - זאל זיין דער "רץ כצבי" - אז מ'זאל לויפן אויף צו מקבל זיין פני משיח צדקנו, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[206], בעגלא דידן ממש.

* * *

נט. דער ביאור אין פרש"י:

אין פרש"י איז דא נאך א דיוק: רש"י איז מעתיק פון פסוק די ווערטער "בטרם תבוא שנת הרעב", און בפירושו זאגט ער "אסור לאדם כו' בשני רעבון", לשון רבים?

דער לשון הגמרא איז טאקע "בשני רעבון" - אבער כמדובר כמ"פ אז אפי' ווען רש"י זאגט "רבותינו דרשו" וכיו"ב, איז ער אמאל משנה דעם לשון, כדי אז ס'זאל זיין מתאים לויט פשש"מ (אויב ס'איז נאר מתאים מיטן תוכן המאמר),

ביז וואנעם אז אפי' ווען ער ברענגט אראפ א פסוק, איז ער אים אויך משנה און ברענגט ניט גענוי דעם לשון הכתוב, כדי אז ס'זאל זיין מתאים צו זיין פירוש אין פשש"מ - ווי געבראכט די דוגמא לזה דערפון וואס רש"י[207] ברענגט אראפ דעם פסוק[208] "אחת דבר אלקים שתים זו שמענו", און ניט ווי ס'שטייט אין פסוק - "שמעתי".

- ועאכו"כ -

---

203) תהלים צב, טו. 204) ויק"ר פי"ג, ג. 205) ראה ד"ה ויאמר משה תש"ס פ"ו. 206) בא י, ט. 207) ברלינר - עה"פ יתרו כ, ח. 208) תהלים סב, יב.

ועאכו"כ ווען רש"י זאגט ניט "רבותינו דרשו" וכיו"ב, נאר ער שטעלט זיך אויפן פסוק "בטרם תבוא שנת הרעב", און טייטשט דאס אפ בפשטות אז "מכאן שאסור כו'", האט ער זיכער געדארפט ברענגען דעם לשון הכתוב "שנת הרעב", און ניט "שני רעבון".

מוז מען זאגן אז לויט פשש"מ מוז מען טייטשן·אז דאס וואס ס'שטייט אין פסוק "שנת הרעב", מיינט מען רעדמיט "שני רעבון".

ס. והביאור בזה:

דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות, אז ווען א זאך טרעפט איין מאל, קען זיין אז ס'איז א צופעליקע זאך, כשא"כ ווען דאס טרעפט צוויי מאל, ועאכו"כ ווען עס טרעפט דריי מאל - איז א הוכחה אז לא מקרה הוא.

און ווי מ'געפינט בפרשתנו[209] אז יעקב האט געזאגט אז ער וויל ניט אז בנימין זאל גיין אין מצרים, דערפאר וואס "יוסף איננו ושמעון איננו ואת בנימין תקחו", ד.ה. אז נאך דערויף וואס עס האט שוין געטראפן צוויי מאל ("יוסף איננו ושמעון איננו"), האט מען מורא פאר א דריטן מאל[210].

און ווי גערעדט אמאל באריכה[211] וועגן דעם וואס ס'שטייט[212] "ואת בנימין אחי יוסף לא שלח יעקב את אחיו כי אמר פן יקראנו אסון" - אז דער פסוק איז מדגיש "אחי יוסף", דערפאר וואס מיט יוסף'ן האט שוין געטראפן אן אומגליק, און דערפאר האט יעקב מורא געהאט פאר בנימין.

ועד"ז האט מען שוין געלערנט פריער[213] אז יהודה האט מורא געהאט פאר שלה "פן ימות גם הוא כאחיו" - ווי רש"י טייטשט אפ "מוחזקת היא זו שימותו אנשי'".

וואס דערפון זעט מען·אז לויט פשש"מ האט מען מורא פאר א געווויסע זאך דוקא ווען די זאך האט שוין געטראפן מער ווי איין מאל, ווארום ווען עס טרעפט איין מאל, קען מען נאך זאגן אז ס'איז א צופעליקע זאך.

סא. ובנדו"ד - ווען ס'איז "שנת הרעב", מערניט ווי איין יאר, איז נאך ניטא דער איסור וואס "אסור לאדם לשמש מטתו", ווארום עס קען זיין אז דאס וואס עס האט ניט געוואקסן קיין תבואה, איז ניט דערפאר וואס דאס איז א שנת רעב, נאר דערפאר וואס צופעליק האט די רוח פארטריבן די עננים, און

- דערפאר -

---

209) מב, לו. 210) ראה חולין צה, ב. 211) לקו"ש ח"ה ע' 216 ואילך. 212) פרשתנו שם, ד. 213) וישב לח, יא.

דערפאר איז ניט געוואקסן אין דער שדה אדער בכל המדינה כולה,

און ווייבאלד אז מ'איז נאך ניט זיכער אז דאס איז "שנת הרעב" (עס קען זיין אז ס'איז א צופעליקע זאך, און מארגן וועט זיך דאס ענדיקן) - איז פארוואס זאל ער זיך דארפן מצער זיין, און נאכמער - ניט מקיים זיין דעם ענין פון "שארה כסותה ועונתה לא יגרע"[214]?!

ווען עס גייען אבער דורך "שני רעבון", לשון רבים, עכ"פ צוויי יאר (עאכו"כ ווען עס גייען דורך דריי יאר) - דעמולט איז פארשטאנדיק אז לא מקרה הוא, נאר ס'איז טאקע אן ענין של "רעב", און דעמולט איז דא דער איסור וואס "אסור לאדם לשמש מטהו בשני רעבון".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז ווען רש"י ברענגט אראפ דעם איסור וואס "אסור לאדם לשמש מטהו כו'", איז ער משנה פון לשון הכתוב "שנת הרעב", און שרייבט "שני רעבון" - ווארום ווען עס גייען דורך מערניט ווי איין יאר, איז נאך ניטא דער איסור, ווארום מ'ווייסט נאך ניט אז ס'איז א "רעב"; דוקא ווען עס גייען דורך "שני רעבון", דעמולט ווייסט מען אז ס'איז א "רעב", און דעמולט איז דא דער איסור.

סב. עפ"ז איז אבער ניט פארשטאנדיק: בא יוסף איז דאך אויך ניט דורכגעגאנגען "שני רעבון", און אעפ"כ זאגט דער פסוק "וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב"?

איז דאס ביים בן חמש למקרא קיין קשיא ניט - ווארום יוסף אליין האט דאך געוואוסט אז דאס איז "שנת הרעב":

יוסף האט פותר געווען דעם חלום פון פרעה, און האט געזאגט אז עס וועלן זיין שבע שני רעב[215] - איז ווען ער האט געזעהן אז דער חלום ווערט מקוים, עס איז אנגעקומען "שנת הרעב" (אפי' ניט קיין איין גאנצער יאר, עס האט זיך אבער אנגעהויבן דער "רעב") - האט ער געוואוסט אז עס קומען אן "שבע שני רעב", ובמילא איז דאס שוין "שנת הרעב", ווארום ער ווייסט אז ס'איז ניט קיין צופעליקע זאך וואס וועט גלייך דורכגיין.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז גלייך ווען ס'איז געקומען דער ערשטער טאג פון "שנת הרעב", איז בא יוסף'ן געווען דער איסור וואס "אסור לאדם לשמש כו'", און דערפאר האט געדארפט זיין דער ענין פון "וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב".

- אבער -

------------

214) משפטים כא, י. 215) מקץ מא, כז.

אבער ווען מ'לערנט אפ דערפון דעם איסור אויף דינן הש"ס, אויפן זכן פון רש"י ותוס' - דארף מען זאגן [illegible] אז ס'איז "שנת הרעב" (ווארום ס'איז ניט ווי ס'איז געווען בא יוסף'ן וואס ער האט געוואוסט אז עס גייען קומען שבע שני רעב) - און אויך צו וויסן אז ס'איז א "רעב", דארף מען האבן אז ס'זאלן דורכגיין "שני רעבון" (כנ"ל בארוכה), און דערפאר ווען רש"י זאגט אז דערפון לערנט מען אפ דעם איסור ביי אלעמען - זאגט רש"י אז "אסור לאדם לשמש בשהו בשני רעבון".

סג. עפ"ז ווערט אויך פארענטפערט די קשיא הנ"ל (סל"ב) וועגן יצחק און לוי:

אפי' אויב מ'וועט זאגן אז דאס וואס "יצחק מצחק את רבקה אשתו" איז געווען ווען דער רעב איז נאך אנגעגאנגען (אע"פ אז ס'שטייט "ויהי כי ארכו לו שם הימים") - איז אבער פארשטאנדיק אז אין דערויף איז ניט געווען קיין איסור,

ווארום יצחק האט ניט געוואוסט צי ס'איז טאקע א "רעב" אדער ס'איז מערניט ווי א צייטווייליקע זאך און באלד וועט זיך דאס ענדיגן - און דערפאר ווען עס קומט צום ציווי פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה"216 (וואס דעם ציווי האט שוין דער בן הכט המקרא געלערנט) - האט ער דאס נעבעך מקיים זיין, און ער קען ניט כונע זיין דעם קיום פון דעם ציווי צוליב דעם רעב, ווארום פון וואנעט זאל ער וויסן אז ס'איז טאקע א "רעב", עס קען דאך זיין אז ס'איז א צייטווייליקע זאך. און עס האט זיך שוין געענדיקט.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו לוי (וואס "יוכבד נולדה בין החומות"):

עס איז שוין טאקע דורכגעגאנגען א יאר זינט דער רעב האט זיך אנגעהויבן, און עס האט זיך שוין אנגעהויבן דער צווייטער יאר פון דעם רעב, אבער אעפ"כ, מ'קען נאך ניט זיין זיכער אז ס'איז טאקע א "רעב", ווארום בכל יום ויום קען דאס בטל ווערן.

ווען עס וואלטן דורכגעגאנגען "שני רעבון", עכ"פ צוויי יאר, וואלט מען געוואוסט אז ס'איז א "רעב", און דעמולט וואלט געווען דער איסור; דא איז נאך אבער ניט דורכגעגאנגען קיין צוויי יאר, ווארום אין דעם צווייטן יאר איז מען ערשט אנגעקומען אין מצרים, און דאס איז געווען מיט ניין חדשים פאר דערויף - אין אנהויבס פון דעם צווייטן יאר (אדער נאך אין דעם ערשטן יאר) - וואס דערפאר האט ער ניט

- געקענט -

------------

216) בראשית א, כח.

געקענט כונע זיין דעם קיום המצוה פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה".

[ס'זיינען דא מפרשים[217] וואס ווילן פארענטפערן אז בא יצחק און לוי איז ניט געווען דער איסור, דערפאר וואס בא "חשוכי בנים" (אדער אין "ליל טבילה"[218]) איז ניטא דער איסור[219].

אין פשש"מ קען מען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום רש"י ברענגט ניט דעם מאמר הגמרא אז בא "חשוכי בנים" (און אין "ליל טבילה") איז ניטא דער איסור.

נאר אין פשש"מ איז דאס מלכתחלה קיין קשיא ניט - ווארום דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות אז א זאך וואס טרעפט מערניט ווי איין מאל, קען זיין אז ס'איז מערניט ווי א צופעליקע זאך, און דערפאר ווען עס זיינען נאך ניט דורכגעגאנגען "שני רעבון", איז נאך ניטא דער איסור, ווארום עס קען זיין אז ס'איז גאר ניט קיין "רעב"].

סד. בנוגע צו לידת יוכבד - איז נאך אבער אלץ ניט פארשטאנדיק:

יוסף האט דאך מפרסם געווען אז עס גייען קומען שבע שני רעב - ווארום בפשטות איז געווען א פרסום הכי גדול דערפון וואס פרעה האט גע'חלום'ט א חלום, און "אין פותר אותם לפרעה"[220], ביז וואנעט אז ס'איז געקומען יוסף און האט פותר געווען דעם חלום, אז עס וועלן זיין שבע שני שבע און שבע שני רעב, און דערפאר האט מען אים געמאכט פאר א "משנה למלך",

און מ'האט שוין געזעהן אז עס הויבט זיך שוין אן נתקיים ווערן דער חלום, און נאכמער: יעקב האט געשיקט זיינע קינדער איינקויפן "בר" אין מצרים, ד.ה. אז זיי האבן געוואוסט פון חלום פרעה, אז עס גייען קומען שבע שני רעב, און געוואוסט אז "יש שבר במצרים"[221] - איז ווי באלד אז לוי האט געוואוסט אז ס'איז "שנת הרעב", איז ווי קומט דאס אז ער האט ניט אפגעהיט דעם איסור וואס "אסור לאדם לשמש כו'"?

האט דאס שוין רש"י באווארענט בפירושו לפנ"ד:

אין פ' וישב[222] זאגט רש"י: "ורבותינו למדו מכאן שאין חלום בלא דברים בטלים". וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז

- אע"פ -

------------

217) ראה רא"ם עה"פ (הובא בב"י או"ח סתקע"ד ד"ה מצוה. ט"ז שם סק"ב). 218) ב"י שם ד"ה גרסינן. שו"ע שם ס"ד ובמג"א סק"ה. 219) תענית יא, א. ירושלמי תענית פ"א סוף ה"ו. שו"ע שם. סר"מ סי"ב. 220) מקץ שם, ח. 221) שם מב, א. 222) לז, י.

אע"פ אז לוי האט טאקע געוואוסט וועגן חלום פרעה (אז עס גייען קומען שבע שני רעב), און ער האט געזעהן אז דער חלום הויבט אן נתקיים ווערן, אעפ"כ, וויבאלד אז "אי׳ חלום בלא דברים בטלים", קען זיין אז די זיבן יאר איז א גוזמא, און בפועל וועט דער רעב זיין מערניט ווי איין יאר.

עס רעדט זיך דאך וועגן לוי איז נאך געווען אין א"י (איידער ער איז געקומען אין מצרים), און האט נאך ניט געוואוסט אז "עוד יוסף חי"[223], און אז יוסף איז דער וואס האט פותר געווען דעם חלום - מ׳האט גערעכנט אז דאס איז אן איש מצרי, איינער פון שרי פרעה (דער "משנה למלך");

איז אמת טאקע אז חרטומי מצרים קענען אמאל פותר זיין א חלום אין א ריכטיקן אופן (ובפרט ווען מ׳זעט אז דער חלום הויבט זיך שוין אן נתקיים ווערן), מ׳קען אבער ניט זאגן אז אין דעריוף איז ניטא קיין "דברים בטלים",

ווארום מה-דאך אז בנוגע צו בנו של יעקב (יוסף) זאגט מען אז "אין חלום בלא דברים בטלים", איז עאכו"כ אז בא פרעה מלך מצרים איז "אין חלום בלא דברים בטלים" - ובמילא קען זיין אז דער רעב וועט זיין (ניט זיבן יאר, נאר) מערניט ווי איין יאר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בא לוי איז ניט געווען דער איסור - ווארום עס איז דורכגעגאנגען מערניט ווי איין יאר פון דעם רעב [ווי געזאגט פריער אז זיי זיינען אנגעקומען אין מצרים ערשט בשנה השני׳ פון דעם רעב, און הורתה איז געווען מיט ניין חדשים איידער מ׳איז געקומען אין מצרים], ווייסט מען נאך ניט צי ס׳איז טאקע א "רעב" (ווארום ס׳איז נאך ניט דורכגעגאנגען "שני רעבון") - און דערפאר האט לוי ניט געטארט מבטל זיין דעם קיום הציווי פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה".

סה. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין פארוואס ברענגט זיך ניט אין קיין ארט (ניט אין גמרא, ניט אין שו"ע און ניט אין פרש"י וכו׳) דער חידוש וואס קומט אויס פון זהר אז "ליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב" מיינט, אז די הולדה (ניט נאר דער תשמיש) איז אויך געווען "בטרם תבוא שנת הרעב" (וואס עפ"ז דארף לכאו׳ אויסקומען אז ניט נאר וואס "אסור לאדם לשמש מטתו בשני רעבון", נאר ער דארף אויך באווארענען אז די הולדה זאל זיין "בטרם תבוא שנת הרעב"):

וויבאלד אז יוסף האט פותר געווען דעם חלום (אז עס וועלן קומען שבע שני רעב), און ער האט געוואוסט אז "בלעדי

- אלקים -

---

223) ויגש מה, כו.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

אלקים יענה את שלום פרעה"[224], אז דאס קומט פון דעם אויבערשטן - האט ער געוואוסט אז עס גייט קומען א רעב, און דערפאר האט ער געקענט באווארענען אז די הולדה זאל זיין "בטרם תבוא שנת הרעב";

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן פסק'נען א דין פאר ימינו אלו, אדער פאר די צייטן פון די תנאים ואמוראים - דארף מען דאך האבן אז ס'זאל זיין "שני רעבון" בפועל כדי אז מ'זאל וויסן אז ס'איז טאקע א "רעב" (ניט קיין צופעליקע זאך), ועאכו"כ אז מ'קען ניט באווארענען אז די הולדה זאל זיין "בטרם תבוא שנת הרעב" - פון וואנעט זאל ער וויסן אז אין 9 חדשים ארום (אדער אין זיבן חדשים ארום) וועט זיין א "רעב"?!

משחרב ביהמ"ק איז דאך בטל געווארן דער עניין פון נבואה - קען מען ניט וויסן אז אין 9 חדשים ארום וועט זיין א "רעב"; און אפי' בזמן שביהמ"ק הי' קיים, ווען ס'איז געווען דער עניין הנבואה - איז א נבואה שלא לטובה קען דאך בטל ווערן - און צוליב דערויף קען מען ניט מבטל זיין די מ"ע מן התורה פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה" ועאכו"כ דער עניין פון טבילה בזמנה מצוה[225], מיט אלע פרטים שבזה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז ניט שייך אז אין שו"ע זאל אפגעפסק'נט ווערן אז מ'דארף באווארענען אז די הולדה זאל זיין "בטרם תבוא שנת הרעב" - ווארום מ'קען ניט וויסן אז אין א פאר חדשים ארום וועט זיין א "שנת הרעב"

און דערפאר דארף רש"י ניט באווארענען דאס וואס אין פסוק שטייט "וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב", און אעפ"כ זאגט מען נאר אז "אסור לאדם לשמש מטתו בשני רעבון", און מ'באווארענט ניט דעם עניין ההולדה - ווארום ס'איז מובן מעצמו (ביז אז רש"י דארף דאס אפי' ניט באווארענען) אז מ'קען ניט וויסן איצטער אז אין א פאר חדשים ארום וועט זיין א "רעב".

סו. דער ביאור אין דעם וואס רש"י זאגט "מכאן שאסור כו'", אז מ'קען דאס אפלערנען נאר פון דעם פסוק, און ניט דערפון וואס ס'שטייט אין פ' נח:

אין פ' נח זאגט רש"י "שנאסרו בתשמיש המטה מפני שהעולם שרוי בצער", ד.ה. אז וויבאלד די גאנצע וועלט געפינט זיך בצער, דארף מען האבן א זהירות יחידה וכו', און דערפאר איז "נאסרו בתשמיש המטה".

- אבער -

------------

224) מקץ מא, טז. 225) יומא ח, א. שו"ע יו"ד סקצ"ז ס"ב.

אבער בנדו"ד איז ניט דער ענין וואס "העולם שרוי בצער", ווארום אין מצרים האט מען זיך באווארענט אז מ'זאל האבן תבואה אויף דעם זמן הרעב, "יש שבר במצרים" - איז דאך פארשטאנדיק, אז דערפון וואס מ'האט געלערנט אין פ' נח, אז "נאסרו בתשמיש המטה מפני שהעולם שרוי בצער", וואלט מען ניט געוואוסט דעם איסור בנוגע צו יוסף'ן, ווארום אין מצרים איז ניט געווען קיין ענין של צער.

און דערפאר דארף מען אנקומען צום פסוק "וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב" - וואס "מכאן שאסור לאדם לשמש מטתו בשני רעבון"; פון דעם פסוק לערנט מען אפ דעם איסור בנוגע צו "שני רעבון" - וואס דער איסור איז ניט פארבונדן מיט אן ענין של צער, נאר אפי' אויב ער האט זיך באווארענט אז אים זאל דער רעב ניט שאטן (אזוי ווי יוסף האט באווארענט אז אין מצרים זאל זיין הבואה) - לערנט מען אפ פון דעם פסוק אז "אסור לאדם לשמש מטתו בשני רעבון".

וואס דעם ענין וואלט מען ניט געוואוסט פון פ' נח, ווארום דארטן איז געווען דער ענין וואס "העולם שרוי בצער" - דער אויבערשטער האט מלכתחלה אנגעזאגט מיט 120 יאר פריער אז עס וועט זיין א מבול [וואס אע"פ אז די מענטשן האבן ניט געגלויבט, האט אבער נח יע געגלויבט אין דערויף; ער איז טאקע געווען "מקטני אמנה"[226], אבער אעפ"כ האט ער געגלויבט אין דערויף אזוי פיל אז ער האט געבויט א תיבה במשך פון 120 יאר[227]] - איז געווען דער איסור דערפאר וואס "העולם שרוי בצער",

משא"כ בנדו"ד - וואס דער איסור איז ניט פארבונדן מיט אן ענין של צער, נאר מיטן עצם ענין אז דאס זיינען "שני רעבון" - לערנט מען דאס אפ "מכאן".

וואס דערמיט ווערן פארענטפערט די אלע דיוקים האמורים לעיל.

און דערפון זעט מען אויך אויף וויפל אין פרש"י איז יעדער ווארט בדיוק - סיי דאס וואס רש"י שרייבט "מכאן", וואס דאס איז ניט סתם אויף צו מאכן לייכטער דעם לימוד, נאר דערמיט באווארנט ער אז מ'קען דאס ניט אפלערנען פון א פריערדיקן ארט, און סיי דאס וואס רש"י איז משנה פון לשון הכתוב "שנת הרעב", און שרייבט "שני רעבון", מיט אלע דיוקים האמורים לעיל.

סז. און אויב אין פרש"י עה"ת איז יעדער ווארט בדיוק, איז

- עאכו"כ -

------------

226) פרש"י עה"פ נח ז, ז (מב"ר פל"ב, ו). 227) ראה בארוכה לקו"ש נח ש.ז. וש"נ.

הנחת הה' בלתי מוגה

עאכו"כ אז אזוי איז דאס אין די ענינים פון תורה וועלכע זיינען נוגע צו הלכה למעשה - אויף וויפל ס'איז נוגע כל פרטי הדיוקים שבזה.

וואס דאס איז אויך כולל דאס וואס מ'האט גערעדט פריער אין דעם סיום פון מסכת קידושין - וואס לכאו', וויבאלד אז ס'איז אן ענין של אגדה, מ'ברענגט דוגמאות פון חיות וכו', איז וואס איז אזוי נוגע צי ס'שטייט אין אזא סדר וכו'? - זעט מען דאך אז פון דעם חילוק צי ס'שטייט פריער "קייץ" אדער "סבל", נעמט מען ארויס א לימוד בנוגע צו דעם ענין פון "זריזין מקדימין" און "ברוב עם הדרת מלך", מיט אלע פרטים האמורים לעיל.

כולל אויך דעם דיוק העיקרי, וואס דאס איז אן ענין של הלכה, אז עס דארף זיין דער ענין פון "מלפנו מבהמות הארץ גו'"[228]:

ווען מ'פרעגט א שאלה: היתכן אז מ'זאל עפעס אפלערנען פון א חי', אפלערנען עפעס פון א גוי, ווען מ'איז א איד וואס איז לומד תורה און מקיים מצוות -

זאגט רשב"א אז מ'קען זיך אפלערנען אפי' פון א חי' טמאה - ניט נאר פון "צבי קייץ", נאר אויך פון "ארי סבל", און אפי' פון "שועל חנוני", און (לויט גירסת הירושלמי -) אפי' פון "זאב מוכר קדירות".

און דערפון לערנט מען אפ, אז ווען ער זעט אז אים פעלט אין פרנסה, דארף ער וויסן אז ס'איז ניט קיין "נקרה נקרית"[229], נאר דאס איז פארבונדן דערמיט וואס "עונותיכם הטו" - און דערפון קומט ארויס אז ער איז גלייך מתקן דעם ענין פון "עונותיכם הטו".

ד.ה. אז אפי' ווען ער האלט נאך ניט בא לימוד התורה וקיום המצווח לשמה, זאגט מען אבער אז ס'דארף זיין אין אן אופן פון "שלא לשמה", אבי ער זאל זיין "סור מרע" כדבעי,

כידוע דער מאמר פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[230], אז בנוגע צו דעם ענין פון "עשה טוב" זיינען דא חילוקים, אבער בנוגע צו דעם ענין פון "סור מרע" - דארף מען טאן אלע וועגן אבי צו אנטלויפן פון דעם רע,

ביז וואנעט אז צוליב דערויף לערנט ער זיך אפ פון א צבי, פון אן ארי, פון א שועל און פון א זאב. - סה. -

------------

228) איוב לה, יא. וראה עירובין ק, ב. ובארוכה - שיחת אור ליום ג', כ"ד טבת ה'תשל"ת סי"ט ואילך. 229) רמב"ם הל' תעניות פ"א ה"ג. 230) סה"כ חש"ח ע' 83.

סח. דובר אודות המצב באה"ק.

צוה לנגן אני מאמין.

אח"כ אמר: זאל מען זינגען א ניגון וואס מ'זינגט אים נאך איצטער אין סאווייעטסקע רוסלאנד - והתחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

סט. מסתמא וועט מען גלייך ארויסגיין אויף סאן אין "מבצע חנוכה", און אויך אין אלע מבצעים: "מבצע חינוך", "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש" און "מבצע טהרת המשפחה",

און אויך דער "מבצע" פון דעם ביטול הגזירה השטותית שאין לה כל מקום - דער אזוי-גערופענער "חוק מיהו יהודי",

און בקרוב ממש - זוכה זיין צו דעם "מבצע" הכי גדול פון דעם אויבערשטן - "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[231], אלע אידן, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו", ביז אין אן אופן פון "לא תשאר פרסה"[232], ווארום ס'וועט זיין "כספם וזהבם אתם"[233].

און סאן דאס מתוך שמחה וטוב לבב - אע"פ אז ס'זיינען נאך דא אזוינע וואס שלאפן איצטער, און מ'קען מיט זיי נאך ניט רעדן וועגן "מבצע חנוכה" - קען מען דאך צוגרייטן זיך אויף צו רעדן מיט זיי, וואס דאס קען מען שוין סאן גלייך איצטער - ובפרט אין אזא מקום קדוש, "מקום שמגדלין בו תורה" און "מקום שמגדלין בו תפלה"[234].

און ס'זאל זיין דער "בשמחה תצאו ובשלום תובלון"[235] כפשוטו - בנוגע צו "מבצע חנוכה", און בקרוב ממש - דער "בשמחה תצאו ובשלום תובלון" כפשוטו, אויף צו מקבל זיין פני משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

231) ישעי' כז, יב. 232) בא שם, כו. 233) ישעי' ס, ט. 234) מגילה כז, א. 235) ישעי' נה, יב.

א. כמדובר כמה פעמים אז מ'קען זיך אפלערנען אפילו פון ניט אידן, אז אויב עוברי רצונו שטייען מיט א תוקף אויף זייער רצון, און מאנען (ח"ו הילי"ת) מ'זאל זיי געבן ענינים וואס זיינען היפך הדרך והיושר לגמרי, איז עאכו"כ בנוגע צו בני ישראל.

[און דאס וואס מ'טענה'ט היתכן אז מ'וועט זיך אפלערנען פון ניט אידן - זאגט די גמרא אז סור מרע קען מען זיך לערנען פון יעדערן, און ווי די גמרא זאגט (עירובין ק, ב) עה"פ (איוב לה) "מלפנו מבהמות ארץ" אז "אלמלא לא נתנה תורה היינו למדין צניעות מחתול וגזל מנמלה וכו'"].

ב. און לאחרונה איז צוגעקומען א דבר חדש - בנוגע צו מערת המכפלה: נאך איידער מ'האט זיי געגעבן די "אטאנאמיע", איידער מ'האט גע'חתמ'ט אלע פאפירען, און איידער מ'האט מורא אז די גאנצע זאך וועט בטל ווערן און מ'וועט דארפן אנהויבן טראכטן מלכתחילה, האט מען געגעבן די אלע הגבלות (הילי"ת, הלואי זאלן זיי גלייך בטל ווערן) ווען אידן קענען דאווענען אויף קברי אבות און די שעות ווען מ'לאזט זיי ניט צו!

ג. דער איינציקער טעם אויף דעם איז - דערפאר וואס די גוים געפעלט דאס ניט! ניט מ'איז ח"ו חושד א אידן אז אים ארט אז א צווייטער איד וועט מתפלל זיין על קברי אבות, נאר דאס איז דערפאר וואס ער איז אריינגעטונקען און דערטרונקען אין טבע (מלשון "טבעו בארץ שערי'"), אין טבעיות פון וועלט, און קען זיך ניט באפרייען פון דעם געדאנק אז ער מוז נאכגעבן דעם גוי.

ד. פון וואנעט קומט דאס מלכתחילה? דערפאר וואס <u>תורה</u> זאגט אז "דינא דמלכותא דינא", און "והתפללו על שלום העיר ההיא כי בשלומה יהי' לכם שלום", קומט דערנאך דער יצה"ר און טוט זיך אן אין א איצטלא של יראת שמים, און טענה'ט אז "אל תתגרה בגוי קטן", ועאכו"כ בגוי גדול (וואס מ'דארף טאקע זיך ניט מתגרה זיין, וכנ"ל אז "דינא דמלכותא דינא" וכו', וואס דאס איז א דין אין תורה),

און דערנאך קומט א רב א פוסק און פסק'נט אזוי, און דאס ווערט ביי אים א דין, ובמילא איז פון "אל תתגרה בגוי קטן" קומט ארויס דערנאך דעם פסק אז מ'דארף אפגעבן א שטיק פון ארץ ישראל (וכמארז"ל "היום אומר לו עשה כך וכו'"), און דערנאך זאגט מען אים - דו גיסט אפ א שטיק - גיב אפ מערת המכפלה, און מ'גיט דאס אפ הילי"ת (וכנ"ל אז שעות נאכאנאנד לאזט מען ניט אריין קיין אידן אהינצו).

ה. וואס אויף דערויף איז לכל הפחות דא די הסברה אז דאס האט מען אזוי גע'ירש'נט פון פריער, במילא אין זמן הגלות (קודם אתחלתא דגאולה) אז מ'געפינט זיך אין א חשך כפול ומכופל (וואס דאס איז פארבונדן מיט גלות כפול ומכופל) - איז נעמען צוריק און פירן א מלחמה בזה - פסק'נט דאך דער רמב"ם אז אויף א מלחמת מצוה דארף מען האבן א מלך און א סנהדרין וכו', וואס דאס וועט ערשט זיין לכשיבא משיח צדקנו, וואס יעמולט וועט זיין "ואשיבה שופטיך כבראשונה";

בשעת אבער דער אויבערשטער האט געגעבן א נחלה וואס זי איז עומדת על הספר, און מ'וועט אפגעבן איין שעל און איין טפח ווערט ר"ל אפן כל הארץ, איז יעמולט דארף מען ניט קיין מלך און סנהדרין וכו', און אפילו אויב דער איד איז ניט פרום ר"ל, איז אויב ער וויל נאר פאלגן דעם שו"ע עכ"פ אין דעם דין, הייסט אים שו"ע (און הוי' אלקי הצבאות גיט אים כח אויף דעם) אז ער זאל זיך ניט סומך זיין על הנס, נאר ער זאל נעמען נשק און זיך אוועק שטעלן אויפן גבול און קיינעם ניט ארייןלאזן.

ו. און עד כדי כך האט דער אויבערשטער געמאכט קלארער דעם פס"ד, אז מ'האט באוויזן בפירוש וואס וועט זיין אויב מ'וועט ר"ל נאכגעבן א "שעל", אז בשעת מ'האט מערניט ווי <u>גערעדט</u> אז מ'וועט אפגעבן

[וואס הלואי וואלט מען ניט גערעדט ווי מ'האט גערעדט וועגן דערויף אין

"קעמפ דייוויד" הידוע, נאר ס'האט פאסירט א נס אז ס'איז געבליבן מערניט ווי בדיבור (מ'האט אפגערעדט אז ס'זאל זיין א סוד, און קיין סודות דערציילט מען דאס ניט, אבער איך דערצייל דאס דערפאר וואס ס'איז שוין נתגלה געווארן פאר מיר), איז מערניט על יסוד זה וואס מ'האט דארט געזאגט בדיבור בעלמא, און דערנאך האט מען געזאגט ארויסגייענדיק א דיבור הפכי]

האט מען שוין געמאנט אז מ'זאל אראפנעמען נאך מערער שעות אין מערת המכפלה, וואס ביז איצטער האבן אידן געמעגט דאוונען אין די שעות.

ז. און מ'האט שוין געמאנט ירושלים העתיקה, וואס דער אויבערשטער האט דאס געגעבן בדרך נס, וכמדובר כמ"פ אז ס'איז אפילו ניט געווען צוגעגרייט קיין תכנית ווי אזוי איינצונעמען ירשולים העתיקה (און דערפאר האט דאס געקאסט אזויפיל קרבנות), נאר ס'איז געווען א גענעראל וואס האט געהאט ביי זיך בריטקייט און האט געזען אז יד ה' היתה זאת, ובמילא אז ער האט דערזען אז ער שטייט בא ירושלים העתיקה האט ער געהייסן גיין ווייטער און מ'האט דאס איינגענומען (ס'איז אבער געווען היפך הפקודה וואס מ'האט אים געגעבן), און דערנאך האט מען געשיקט שלוחים אז מ'וויל דאס אפגעבן צוריק.

און דערנאך האט מען געפונען א רב, וואס מ'האט אים דערציילט ניט דעם ענין כלל, נאר מ'האט אים געזאגט אז דאס איז א ענין פון כובש זיין שטחים וכו'. ס'איז ניט קיין ענין פון כובש זיין שטחים; דאס איז עפענען ר"ל כל הארץ לפניהם, וואס אזוי זאגן אלע מומחים בלי יוצא מן הכלל, און אפילו מומחים פון צד שכנגד זאגן אז אויב מ'וועט דאס נעמען איז דאס דערפאר וואס דאס עפנט אויף כל הארץ לפניהם.

ח. אז מ'האט געזען אז דאס העלפט אויך ניט - האט מען באוויזן נאך א ענין (וואס מ'מעג שוין דערציילן): אין ירושלים העתיקה, אין חברון, אין שכם, און אין כו"כ מקומות וואו אידן זיינען בתוקף, האט מען געווארפן שטיינער אויף אנשי צבא ואנשי משטרה (יארן פאר דער "אטאנאמיע" היל"ת). וואס מיט א יאר אדער צוויי צוריק האט מען דאס ניט געטאן (מערניט אין אן אופן הכי יוצא מן הכלל), ווארום מ'האט ניט געהאט אין זיך די חוצפא (אע"פ וואס דעמולט איז געווען א ממשלה וואס לכאורה איז זי געווען מער נאכגיביק בנוגע צו שטחים), און איצטער איז דאס געווארן א מעשה בכל מאנטיק און דאנערשטיק, און <u>קינדער</u> טוען דאס!

פארוואס איז דאס געווארן? ווייל מ'האט דערפילט (עכ"פ "מזלייהו חזו") אז אידן זיינען געווארן ר"ל שוואכער אין בטחון און מ'האט אנגעהויבן טראכטן אז דאס איז כוחי ועוצם ידי, במילא איז ער בעה"ב, און פונקט ווי ער האט דאס איינגענומען אזוי וועט ער דאס צוריק געבן,

ס'איז ניט כוחו ועוצם ידו, ס'איז יד ה' היתה זאת, און אלע האבן אין דערויף מודה געווען, אויך עמי הארץ, און אז דער אויבערשטער האט געגעבן קען דאס קיין בו"ד ניט אפגעבן. ס'איז מערניט וואס דער אויבערשטער גיט בחירה, במילא קען ער זאגן אז ער איז בוחר היפך החיים, היפך רצון הבורא, והיפך טובתו <u>הוא</u> - מ'וועט אים אראפזעצן פון די בייכקל, און מ'וועט ערשט ניט צוריק געבן, וואדום סוכ"ס וועט דער צד שכנגד ניט נעמען (ווי מ'האט דאס שוין געזען אויך בעיני בשר).

ט. ויה"ר אז מ'זאל שוין מערניט דארפן רעדן וועגן די אלע ענינים, און מ'זאל זען ווי אזוי "פרזות תשב ירושלים", וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס דער "ירושלים" פון א אידן ווערט א יראה שלימה, און דאס איז אין אן אופן פון "פרזות", אז דאס איז "מתפשט בכל ארץ ישראל", דאס נעמט דורך זיין גאנצן גוף, ביז זיין מעשה בפועל בחיי יום יום, אז אויך אין א וואכעדיקן טאג זעט מען אז דאס גייט א "ירושלים'דיקער" איד.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

- קטע משיחת מוצש"ק פ' מקץ תשל"ט - ג -

און דאס ברייגנגט צו דעם צווייטן אפטייטש אין שלם - לשון שלימות: שלימות העם, שלימות התורה, און שלימות הארץ,

און דאס ברייגנגט צו דעם דריטן אפטייטש אין שלם - מלשון שלום, אז אויך אין די לעצטע טעג פון גלות וועט מען נעמען דעם וועג אויף באפרייט ווערן פון אלע ערליי מלחמות, וואס די איינציקע וועג לזה איז - ניט דורך נאכגעבן [ווארום ביז איצטער האט מען געזען בעיני בשר אז יעדער נאכגעבן האט געבראכט צו א מלחמה הי"ת] נאר דוקא דורך תוקף, וואס דעמולט וועט זיין "ושכבתם ואין מחריד".

און דאס וועט ברייגנגען צו "פרזות תשב ירושלים" כפשוטה.

וואס דאס איז בשעת מ'פירט זיך לויט דעם אויבערשטן'ס רצון, אנהויבנדיק פון דעם פסק דין ברור אין שו"ע וואס קיין רב קען דאס ניט משנה זיין, ווי דער לשון המדרש "יבטלו שלמה ואלף כמותו ואל תבטל אות אחת בתורה", ועאכו"כ אז דא רעדט זיך וועגן א הלכה פסוקה אין שו"ע ביז אין אחרונים ביז בימינו אלו, וואס ס'איז פארבונדן מיט פקו"נ פון אזויפיל און אזויפיל אידן כ"י.

י. און זיכער איז "דבר אלקינו יקום", אז "דבר הוי' זו הלכה" וועט אויספירן, און ס'וועט זיין "לעולם הוי' דברך נצב בשמים", אז דאס וועט זיך האלטן ע"י דבר הוי', דורך דערויף וואס מ'וועט זיך פירן לויט דעם שו"ע,

און דאס וועט אראפברייגנגען שלום ושלוה אמיתיים, נאך אין די לעצטע טעג פון גלות (ווי ס'קען זיין שלום ושלוה אין גלות, ווייסנדיק אז "מפני חטאינו גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתנו"),

און דאס וועט נאכמער צוהיילן דעם "שלום ושלוה יהי' בימיו" בימי משיח צדקנו, און מ'וועט מאכן דעם "קץ שם לחושך" און קץ שם לגלות, און עס וועט זיך אנהויבן די אתחלתא דגאולה, און די גאולה אמיתית והשלימה, בקרוב ממש, למטה מעשרה טפחים, בטוב הנראה והנגלה, ובעגלא דידן.

--------------- * ---------------

## שיחה לתלמידי כתות הראשונות דהישיבות ולתלמידי של"ה שיחיו
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה והדלקת נ"ח –
## יום א', בדר"ח טבת, אור לח' דחנוכה ה'תשל"ט

**א.** [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי רז"ל[1]].

אין אַלע אידישע ימים טובים איז, אין צוגאָב צום עיקר המצוה פון פייערן דעם יו"ט אין זיין צייט, אויך דאָ דער ענין וואָס מ'לערנט אָפּ פון דעם יו"ט אויף אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר[2] — און אַזוי איז אויך בנוגע צו די טעג פון חנוכה.

ובפרט בנוגע צו די ליכטעלעך וואָס מ'צינדט אָן בחנוכה — ווי באַוואוסט דער וואָרט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[3], אַז מ'דאַרף זיך צוהערן צו דעם וואָס די ליכטעלעך — נרות חנוכה — דערציילן.

אין ווי גערעדט וועגן דערויף פאַראַיאָרן חנוכה[4] מער בפרטיות [און דערנאָך איז דאָס אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן, און די וואָס האָבן דאָס ניט און ווילן דאָס באַקומען — קען מען זיי דאָס צושיקן] — און דערפאַר וועט מען דאָס ניט איבער'חזר'ן איצט, מערניט ווי דערמאָנען די נקודה און דעם עיקר אינהאַלט דערפון,

צו דעם וואָס עס האָט זיך גערעדט פאַראַיאָרן.

• • •

**ב.** די נקודה און דער עיקר דערפון וואָס עס האָט זיך גערעדט פאַראַיאָרן — איז:

די ליכטעלער פון חנוכה דערמאָנען (און זיינען אַ ביישפּיל) אויף דער אידישער נשמה, "נר ה' נשמת אדם"[5], וואָס איז דאָ בא יעדער אידן[6],

וואָס די נשמה גיט דער אויבערשטער יעדער אידן (סיי אַ אינגעלע און סיי אַ מיידעלע'), גלייך ווי ער ווערט געבאָרן[7],

און דערנאָך ווען ער וואַקסט — וואַקסט צוזאַמען מיטן גוף אויך דער עיקר שבו[8] — די נשמה.

דער עיקר "וואַקסן" פון אַ אידן באַשטייט אין דערויף וואָס ער וואַקסט אין "נר מצוה ותורה אור"[10] — אין אַנצינדן דעם אויבערשטן'ס ליכטעלעך, וואָס דאָס איז יעדער מצוה — "כי נר — מצוה",

---

1) נדפסו בחוברת "י"ב פסוקים ומאמרי רז"ל" (ברוקלין, תשל"ו).

2) ראה גם לקו"ת ברכה צח, ב.

3) שיחת כ"ז כסלו תש"י (נדפסה בהוספה לקונטרס ד"ה ברוך שעשה נסים — ברוקלין, תשי"א).

4) בהשיחה להתלמידים — יום ד' דחנוכה (לעיל ע' 548).

5) משלי כ, כז.

6) שנקרא "אדם" (יבמות סא, רע"א).

7) ובהוספה, כיון דהיכא בהולדה כמאן דמהילא דמיא (ע"ז כז, א). וראה שו"ע אדה"ז מהדו"ת סוס"ד.

8) ועוד קודם לזה — שלכן שייך ד"משביעין אותו (כשהולד במעי אמו) תהי צדיק כו'" (נדה ל, סע"ב).

9) להעיר מתניא פל"ב.

10) משלי ו, כג.

און אין "תורה אור" — ווארום[11] כדי צו וויסן ווי אזוי מ'דארף מקיים זיין די מצוות (אָנצינדן די נר מצוה), דאַרף מען לערנען די תורה[12], וואָס זי ווערט אָנגערופן "תורה אור" — זי באַלייכט דעם לעבן פון יעדער אידן (פון קינד־ווייז אָן) ער זאָל וויסן ווי אזוי ער דאַרף זיך אויפפירן און ווי אזוי מ'דאַרף מקיים זיין דעם אויבערשטן'ס מצוות.

וואָס יעדערע פון זיי (פון די מצוות) איז אַ "ליכט" וואָס מאַכט ליכטיק זיין הויז, און אויך די גאַנצע וועלט[13].

ובעיקר — מאַכט דאָס נאָך ליכטיקער זיין נשמה[14], דעם "נר ה' נשמת אדם", די אידישע נשמה וואָס באַלייכט יעדן אידן.

וואָס דאָס שפּיגלט זיך אָפּ ספּעציעל אין דער מצוה פון נרות חנוכה[15]: יעדער טאָג קומט צו נאָך ליכטיקייט, מ'צינדט אָן נאָך אַ ליכטעלע[16].

ג. וויבאַלד אַז נרות חנוכה נעמען זיך פון דעם נס און וואָס איז געווען מיט די נרות וואָס מ'האָט אָנגעצונדן אין ביהמ"ק — איז פאַרשטאַנדיק, אַז דורך דערויף וואָס יעדער איד און אַלע אידן, אַנהויבנדיק פון גאָר קליינע קינדער[17], פירן זיך אין דעם אויבנדערמאָנטן וועג,

צו ליכטיק מאַכן זייער נשמה, דורך דערויף וואָס מ'צינדט אָן "נר מצוה ותורה אור" — מצוות און תורה (לויט דער הוראה וואָס מ'לערנט אָפּ פון נרות חנוכה) —

ברענגט דאָס אַז גאָר אינגיכן[18] וועט יעדערער פון די קינדער (צוזאַמען מיט זייערע עלטערן, זייערע לערער'ס און מדריכים[19] וואָס פירן זיי אין דעם ריכטיקן אידישן וועג) און יעדער איד — זוכה זיין זעהן ווי אזוי אהרן הכהן[20] צינדט אָן די מנורה אין דעם ביהמ"ק השלישי, וואָס וועט געבויט ווערן בקרוב ממש,

מ'וועט זוכה זיין אַז עס וועט זיך ענדיקן דער גלות און די פינסטערניש פון גלות — וואָס דאָס וועט פאַרענדיקן משיח צדקנו[21],

און ער וועט ברענגען די אתחלתא דגאולה, און צוזאַמען דערמיט די גאולה שלימה פון יעדער איד און פון אַלע אידן,

און ער וועט זיי ברענגען לארצנו הקדושה (אונזער הייליקע לאַנד), און אין ירושלים עיר הקודש (די הויפּט־

11) בהוספה ע״ז שת״ת היא כרמ״ח מ״ע. וראה הל׳ ת״ת לאדה״ז פ״ד ס״ב.

12) כי לימוד מביא לידי מעשה (קידושין מ, ב).

13) ויתרה מזו ראה רמב״ם הל׳ תשובה פ״ג ה״ד (מקידושין מ. ריש ע״ב).

14) להעיר מזח״ג (קפז, א): נהורא דבראשי׳ אצטריך לבסחא [illegible] — היכא ונתבאר בתניא פל״ה (מד. א ואילך).

15) להעיר שהפסוק "נר מצוה גו׳" שייך במיוחד לחנוכה — ראה פרש״י ד״ה בנים — שבת כג, ב (וראה לקו״ש חט״ו ע׳ 143). וראה תו״א לב, ב: "שקבעו (נס חנוכה) בנרות על שם הפסוק כי נר מצוה".

16) ראה רמ״א (או״ח סתרע״א ס״ב): "והמנהג פשוט" לקיים מצות נר חנוכה באופן המהדרין מן המהדרין — "מוסיף והולך אחד בכל לילה".

17) לא רק מפני שע״י מקיימת מצות חנוך (שי״ל שאחת היא לכל המצות (לבד מצות ת״ת)), כ״א ע״י קיום המצוה ע״י הקטנים כמ״ש [illegible] בנוגע להבל הסביר (שבת קיט, ב), הפיתום (אסת״ר פ״ב. ג), תענית שלהם (ובפרט. וראה יונה (ג, ה): "עד קטנם"). [illegible] פ״א, ה, יע״ש.

18) [illegible] הלוי [illegible] (סנהדרין צח, א).

19) ראה שיחה הנ״ל (סהערה 4) [illegible] שם. [illegible] נקראים [illegible] הקדושים.

20) [illegible] (תודי״ה ארד — פסחים קיד, ב. וראה יומא ה, ב.)

21) ראה באריכות — [illegible] ע׳ 44.

שטאט פון אונזער הייליקע לאנד), ביז צום עיקר פון ירושלים עיר הקודש — דעם ביהמ״ק,

און דארטן וועט מען זעהן[22] ווי אהרן הכהן צינדט אן די מנורה הקדושה — וואס דערפון (פון נרות המקדש) האט זיך אנגעהויבן (און נקבע געווארן אויף אלע יארן און אויף אלע דורות) דער נס פון חנוכה, מיט אלע מצוות וואס זיינען דערמיט פארבונדן, אנהויבנדיק[23] פון הדלקת נרות חנוכה.

וואס דאס איז די נקודה און דער אינ־האלט דערפון וואס עס האט זיך גערעדט פאראיארן בארוכה.

• • •

ד. אין צוגאב צו דאס אויבנ־דערמאנטע — איז דא נאך א גאר וויכ־טיקע אפלערנונג וואס די ליכטעלעך לערנען און דערציילן:

ווען מ׳דערמאנט זיך אין וואס עס איז באשטאנען דער נס פון פך השמן — זעט מען אז דער נס איז געווען (ניט אז מ׳האט געפונען שמן סתם אויף אנ־צינדן די נרות, נאר) אז מ׳האט געפונען שמן טהור:

ווארום עס איז דעמולט געווען אויך אין ביהמ״ק, בהיכל א סאך בוימל[24] — אבער ניט קיין ריינער בוימל, אזא בוימל וואס תורה זאגט אז פאר א אידן איז דאס ניט ריין, און דערפאר קען דאס א איד ניט נוצן[25] (אפילו[26] אויף (אזא זאך ווי) אנצינדן די מנורה פון ביהמ״ק,

און בשעת אידן האבן באשלאסן[27] אז זיי וועלן ניט נוצן קיין ניט־ריינעם בוימל, און זיי וועלן דערפאר (פאר תורה ומצוות) מלחמה האבן,

[כאטש זיי זיינען „מעטים" און „חלשים" — אין כמות, גשמיות, זיינען זיי ווייניקער אין צאל און (במילא) אויך ניט אזוי שטארק אין גשמיות׳דיקן כח ווי די פעלקער וואס זיינען ארום זיי[28] (וואס זיי נוצן יע אזא בוימל) —

ווארום אידן ווייסן אז זיי האבן באַ־קומען „נר מצוה ותורה אור", וואס דאס באלייכט דעם לעבן פון יעדער אידן, און זאגט אים וועלכע זאך איז טהור און ער מעג דאס נוצן, און וועלכע זאך איז ניט טהור און ער דארף דאס ניט נוצן] —

איז דורך דעם פעסטן באשלוס האבן זיי אויסגעפירט אז מ׳האט געפונען א „פך אחד של שמן שהי׳ מונח בחותמו של כה״ג"[29] (דער הייליקסטער איד פון דעם דור — וואס דאס איז דער כה״ג[30]), און דערמיט האט מען אנ־געצונדן די מנורה.

---

22) וי״ל גם ראי׳ כמש״כ. אע״פ שהמנורה בקיבה בהיכל. ועפ״ז „עדות היא" (שבת כב, ב) בפשיטה (שהי׳ עדות בעי׳ ראי׳). וראה רמב״ם הל׳ ביאת מקדש פ״ט ה״ז. חגיגה כו, ב. ואכ״מ.

23) הקודמת (גם) בזמן קיומו — „להודות ולהלל".

24) בל׳ חז״ל (שבת כא, ב) כל השמנים שבהיכל.

25) כי אז בכל קודש לא תגע ואל המקדש לא תבוא (ראה שבועות ו. ב. רמב״ם סוף הל׳ טומאת אוכלין. סוף הל׳ מקואות. בספרי טעמי המצות. ועוד. ואכ״מ).

26) אע״פ שטומאה הותרה או דחוי׳ בציבור (פסחים פ. א). וראה מועדים בהלכה (להרב זוין) הל׳ חנוכה. ושה״נ.

27) ובפרט לדעת הגורסים בשאילתות (פי׳ בגמרא) שלא הי׳ בו להדליק אפילו יום אחד ובכ״ז לקיומו להדלקת המנורה.

28) נוסף על היותם „בכלם בכל הענינים וחש״ים" — בגשם וחומר (ראה תו״ח רכא, א).

29) שבת שם.

30) כמ״ש (דה״א כג, יג) „ויבדל גו׳ להקדישו קודש קדשים".

און בשעת מ׳איז געקומען צוגיין מיט א חשבון, אז דער שמן וועט ניט זיין גענוג אויף אנצינדן די נרות המקדש במשך פון די גאנצע צייט ביז מ׳וועט באקומען נייע ריינע בוימל —

האט דער אויבערשטער באוויזן אידן[31], אז וויבאלד זיי באשליסן (און פירן זיך אזוי מיט א מסירת נפש) אז זייער ביהמ״ק זאל זיין ליכטיק נאר מיט ריינע בוימל — פירן זיי דאס אויס,

ווי מ׳האט געזעהן אז דער „פך אחד של שמן שהי׳ מונח בחותמו של כה״ג" וואס „לא הי׳ בו אלא להדליק יום אחד", איז „נעשה בו נס והדליקו ממנו שמונה ימים"[32], אז דער שמן איז געווען גענוג אויף אנצינדן די נרות אלע שמונה ימים, ביז אידן וועלן אויסארבעטן און פארטיק מאכן און האבן נייע ריינע בוימל, אזוי אז די מנורה אין ביהמ״ק זאל זיין ליכטיק און שיינען מיט ריינע בוימל אן איבעררייסונג.

ה. דערפון איז פארשטאנדיק די אנ־ווייזונג פאר יעדער אידן פון דעם וואס די ליכטעלעך דערציילן:

א קליינער אינגעלע אדער א קליינע מיידעלע, פון קינד־ווייז־אן, דארפן וויסן, אז ס׳איז ניט גענוג מ׳זאל מאכן ליכטיק — ניט רעכענענדיק זיך צי די בוימל איז ריינע אדער ניט — נאר מ׳דארף מאכן ליכטיק מיט ריינע בוימל דוקא.

און דערפון פארשטייט מען אויך בנוגע צו אלע זאכן וואס א איד דארף האבן — צום ביישפיל: ער דארף עסן כדי[33] ער זאל זיין געזונט און קענען דינען דעם אויבערשטן (דורך לימוד התורה און קיום המצוות) —

קען ער דאך ח״ו טראכטן אז ס׳איז גענוג ער זאל עסן, ניט וויסנדיק פריער צי דאס איז א כשר׳ער (ריינער) מאכל אדער ניט, אבי אז דער גוף זאל זיין געזונט (וויבאלד אז ער וועט ניט זיין הונגעריק, וועט ער דערנאך קענען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות —

דערציילן אונז די ליכטעלעך פון חנוכה, אז ווען איז די ליכט א פאסיקע, און א ליכט וואס באלייכט די וועג אין לעבן און דעם גאנצן לעבן, אז ס׳זאל זיין אן אמת׳ער ליכטיקער לעבן — דוקא ווען מ׳איז זיך מוסר נפש און מ׳טוט מיט דער גאנצער שטארקייט און איבערגעגעבנקייט, אויף צו באוואַרענען אז דער מאכל זאל זיין א כשר׳ער, די קליידער זאלן זיין כשר׳ע, אן שעטנז וכיו״ב, אז די הויז[34] זאל האבן כשר׳ע מזוזות, און ס׳איז א כשר׳ע הויז בכלל, און זיין גאנצע אויפפירונג איז א כשר׳ע — ווארום ער פירט זיך לויט „נר מצוה ותורה אור", לויט די אנווייזונגען פון דעם אויבערשטן אין זיין ליכטיקער תורה.

און דעמולט האט ער די אמת׳ע ליכטיקייט צוזאמען מיטן אויבערשטן׳ס ברכה — אז זיין פעסטער באשלוס (ביז אין אן אופן פון מס״נ) ווערט דורכגעפירט בפועל.

---

31) ע״ד המתרצים שבפני חיבתם של ישראל נעשה הנס שהדליקו בטהרה ובהידור (פנ״י לשבת שם ד״ה כאי חנוכה. ועוד).

32) ראה שו״ע או״ח סרל״א. תניא רפ״ז. וצע״ק שהרי מצוה: רק השמר לך ושמור נפשך (ברכות לב, סע״ב). וראה הל׳ נזקי גוף לאדה״ז ס״ד ובכ״מ לשם.

33) דמזה שב״ש יב״ת כוללים כל צרכי האדם (לקו״ת ברכה צב, א. ב״מ רבים תר״ל בתחלתו. ועוד).

און אפילו ווען מ'זאגט אים אַז לויטן חשבון פון זיינע שכנים און פון דער גאַנצער וועלט אַרום אים, וועלן די כשר'ע זאַכן ניט זיין גענוג אַז ער זאָל זיך קענען אויפהאַלטן —

בענטשט אים דער אויבערשטער (און ווען מ'דאַרף האָבן — מאַכט ער אויך אַ נס) ער זאָל אַלעמאָל האָבן כשר'ע עסן, אַ כשר'ן לבוש און הויז, אַ כשר'ע אויפפירונג און אַ כשר'ע ליכטיקייט,

וואָרום יעדע אידישע הויז איז אַ „מקדש מעט"[34] — אַ ביישפּיל צום ביהמ"ק פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק, וואָס דאָרטן האָט געטראָפן דער נס פון וועלכן עס נעמט זיך די פייערונג פון ימי חנוכה.

ו. און דורך דעם וואָס עס ווערט דער „ושכנתי בתוכם"[35] — אין יעדער אידישע האַרץ[36] (די פנימיות פון אַ אידן, וואָס באַלעבט זיין גאַנצע מציאות), און אין יעדע אידישע הויז,

אַז יעדע אידישע הויז ווערט אַ „מקדש מעט", אַ כשר'ע הויז, וואָס איז באַלויכטן מיט אַ ריינע ליכטיקייט, און אַ הויז וואו עס ווערט דורכגעפירט זיין באַשלוס ער זאָל האָבן אַ ליכטיקן אידישן לעבן ברוחניות —

גיט דאָס אויך צו (בדרך ממילא) אין דעם אויבערשטנ'ס ברכות[37], אַז מ'זאָל האָבן אַ ליכטיקן לעבן און אַ געזונטן לעבן אויך בגשמיות, און האָבן נאָר ליכטיקע זאַכן (ניט קיין זאַכן וואָס זיינען ניט ליכטיק אָדער ניט ריין),

און האָבן אריכות ימים ושנים טובות, לאַנגע, געזונטע און ליכטיקע יאָרן, וואָרום זיי זיינען אידישע יאָרן,

ביז וואַנעט אַז משיח צדקנו וועט קומען און וועט אַרויסנעמען אידן פון דער פינסטערניש פון גלות (ווי געזאָגט פריער (ס"ג)), און אויך נאָך ביאת משיח צדקנו.

און יעדער איד און אַלע אידן וואָס האָבן געמאַכט פון זייער הויז אַ „מקדש מעט" — אַ הייליקן אָרט וואו דער אויבערשטער רוהט — וועלן זיי זוכה זיין און זעהן דעם ביהמ"ק הכללי, דעם כללות'דיקן ביהמ"ק פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק.

• • •

ז. עס איז דאָ נאָך אַ אָפּלערנונג וואָס איז ספּעציעל פאַרבונדן מיטן אַכטן טאָג פון ימי חנוכה[38] —

וואָרום וויבאַלד מ'זאָגט אַז „בכל יום יהיו בעיניך כחדשים"[39], און ס'דאַרף זיין „מעלין בקודש"[40] — פון טאָג צו טאָג דאַרף צוקומען בא יעדער אידן חכמה און אידישקייט — איז פאַרשטאַנדיק, אַז אין צוגאָב צו דער אַלגעמיינער אָפּלערנונג פון ימי חנוכה, האָט יעדער טאָג פון ימי חנוכה אַ ספּעציעלע אָפּלערנונג וואָס מ'לערנט אָפּ פון דעם טאָג,

ובפרט ווען ס'קומט דער אַכטער טאָג

---

34) שהרי נאמר ושכנתי בתוכם. וראה מגילה כט, א.

35) תרומה כה, ח.

36) כמרדל (ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. ועוד) בתוכו לא נאמר אלא בתוכם — בתוך כאו"א מישראל.

37) שהרי מדתו של הקב"ה היא מדה כנגד מדה (סוטה ח, ב. ט, ב. פס"ז עה"פ שמות ג, ו).

38) השיחה היתה בנ"ל ביום ד דחנוכה אחרי תפלת מנחה בביהכ"נ — שהדליקו שמונה נרות.

39) ראה ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז. פרש"י יתרו יט, א. תבוא כו, טז.

40) ושייך במיוחד למצות נר חנוכה (שבת שם).

פון חנוכה[41], „זאת חנוכה"[42], וואס דעמולט צינדט מען אן אכט ליכטעלעך (ווי מ'האט איצטער געטאן דא אין בית הכנסת) — איז דא א ספעציעלע אפ־לערנונג וואס מ'דארף מיטנעמען פון דעם טאג אויפן גאנצן יאר.

ח. די אפלערנונג און אנווייזונג וואס מ'האט פון דעם אכטן טאג פון חנוכה — איז פארשטאנדיק דערפון וואס די גמרא[43] זאגט אז דעם אכטן טאג פון חנוכה צינדט מען אן „שמונה נרות" „כנגד ימים היוצאין" (דאס דערמאנט אז ס'זיינען שוין דורכגעגאנגען זיבן טעג פון חנוכה, און מ'האלט שוין אין דעם אכטן טאג).

די אפלערנונג דערפון איז:

ווען א איד צינדט אן און מאכט ליכטיק דעם אכטן טאג, האט ער בכח צו מאכן נאך מער ליכטיקער די אלע טעג וואס זיינען שוין דורכגעגאנגען, צו דער ליכטיקייט ווי ער האט זיי ליכטיק געמאכט פריער, גיט ער צו נאך א גרעסערע ליכטיקייט.

ד.ה. אע"פ אז אין דעם ערשטן טאג פון חנוכה האט ער מקיים געווען די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, און אזוי אויך אין דעם צווייטן טאג חנוכה און אין די טעג נאכדעם — איז ווען עס קומט דער לעצטער טאג פון חנוכה (וואס דעמולט גייט מען אוועק פון ימי חנוכה אין אלע טעג פון א גאנץ יאר), נעמט מען מיט די ספעציעלע אנ־ווייזונג פון דעם לעצטן טאג חנוכה,

אז אין צוגאב דערצו וואס א איד האט בכח צו ליכטיק מאכן דעם טאג אין וועלכן ער געפינט זיך — איז כשעת ער וויל מיט אן אמת, גיט ער צו נאכמער ליכטיקייט אין די טעג (צוזאמען מיט זייער אינהאלט) וואס זיינען שוין דורכ־געגאנגען,

אז ס'זאל צוקומען נאך איין ליכטל פאר יעדן טאג וואס איז דורכגעגאנגען — ביז וואנעט אז ער צינדט אן אין דעם טאג (יום השמיני פון חנוכה) ניט נאר איין ליכטל (פאר דעם איין טאג), נאר אויך אלע איבעריקע זיבן ליכטעלעך[44] — ער צינדט אן און באלייכט אלע זיבן טעג פון דער וואך[45],

וואס יעדער טאג האט זיך דאך זיין באזונדער אויפפירונג — ס'איז ניט גלייך די הנהגה פון א אידן בשבת צו זיין הנהגה בערב שבת, ועאכו"כ אז ס'איז ניט גלייך צו הנהגתו אין אלע איבעריקע טעג — יעדער טאג האט זיך זיין עבודה[46], ווי ס'איז אויך פאר־שטאנדיק פון דעם „שיר של יום" וואס איז פארבונדן מיט דעם ספעציעלן טאג[47] —

צינדט ער אן און באלייכט אלע זיבן טעג פון דער וואך.

אע"פ אז אין יעדן טאג האט ער זיך געפירט ווי עס דארף צו זיין — האט ער אבער בכח צוגעבן צו דער ליכטיקייט וואס וועט מאכן ליכטיק ארום אים, אויך

---

41) והכל הולך אחר החתום (ברכות יב, א).

42) בבעל"ת „זאת חנוכה" — ראה ד"ה בכ"ה שעשה נסים הנ"ל ספ"ד (אוה"ת חנוכה כרך ה' תתקסב, א).

43) שבת שם.

44) יעד שאמירת „הנרות הללו" היא לאחרי הדלקת כל הנרות, לא רק נר השמיני (ראה פמ"ג (מ"ז) בתרע"ו סק"ה ובתרע"ב (א"א) סק"ג). ס' המנהגים — חב"ד ע' 70.

45) שהרי הן ח' ימים רצופים. ראה הערה 52.

46) שהרי „כל יומא ויומא עביד עבידתי'" — זח"ג צד, ב. וראה לקו"ש חי"ב ע' 100 הערה 38.

47) ראה ר"ה לא, א ובפרש"י.

בנוגע צו דער עבודה וואס איז פארבונדן מיט אלע זיבן טעג פון דער וואך וואס איז שוין דורכגעגאנגען.

וואס דאס ווערט אנגעדייטעט און אפגעלערנט (כנ"ל) דערפון וואס אין דעם אכטן טאג פון חנוכה צינדט מען אן „שמונה נרות" — אין צוגאב צו דער ליכטל וואס איז פארבונדן מיטן אכטן טאג, צינדט מען אויך אן „כנגד ימים היוצאין" אנטקעגן די אלע זיבן טעג וואס זיינען שוין דורכגעגאנגען.

ט. דערפון האט מען א קלארע אנווייזונג וואס איז נוגע צום גאנצן יאר:

אין צוגאב דערצו וואס אויב ער האט פארפעלט ח"ו אין דער עבודה פון א טאג, זאגט מען אז ס'איז ניט פארפאלן, ווארום ער קען תשובה טאן, און אויך ציגעבן אין דעם טאג אין וועלכן ער געפינט זיך — דאפעלט אדער נאכמער[48], כדי צו משלים זיין דאס וואס ער האט פארפעלט (אין לימוד התורה אדער אין צדקה וכיו"ב) — קומט צו נאך אן ענין:

אפילו בנוגע צו די ענינים אין תומ"צ וואס ער האט געטאן (און ווי עס דארף זיין) אין די פריערדיקע טעג — איז ווען ער ווערט עלטער מיט א טאג, און ביי אים קומען צו נאך ידיעות אין תורה און אין אידישקייט, קען ער, דארף ער צוגעבן נאכמער אין דער תורה וואס ער האט געלערנט אין די פריערדיקע טעג — לויט דער ליכטיקייט פון „תורה אור" וואס איז ביי אים צוגעקומען אין דעם טאג, וואס דאס פועל'ט אויך אויף אלע פריערדיקע טעג, אז זיי זאלן ווערן ליכטיקער.

און מ'זאל זיך ניט שרעקן: לכאורה, ווײבאלד ס'איז מערניט ווי איין טאג, איז ווי קען מען ליכטיק מאכן אלע טעג וואס זיינען שוין דורכגעגאנגען —

ווארום מ'האט די אנווייזונג פון דעם אכטן טאג פון חנוכה, אז אע"פ אז אנטקעגן דעם טאג איז דא מערניט ווי איין ליכטל, און דערמיט הויבט מען אן — איז נאך דערויף צינדט מען אן נאכאמאל פון־דאס־ניי אלע זיבן טעג מיט אלע זייערע זיבן ליכטעלעך,

און אין אן אופן אז אויך די ליכטיקייט (ווי די ליכטיקייט פון אלע חנוכה טעג) מאכט ליכטיק „על פתח ביתו מבחוץ"[49]: עס מאכט ליכטיק די הויז, און עס מאכט ליכטיק די גאנצע שכונה, ביז וואנעט אז דאס מאכט ליכטיק די גאנצע פינסטערניש פון גלות[50].

י. דאס איז די אנווייזונג וואס מ'נעמט מיט פון דעם אכטן טאג פון חנוכה —

אין צוגאב דערצו וואס ווען א איד טוט אמאל ניט קיין גוטע זאך ח"ו, איז ער זיך ניט מייאש טראכטנדיק אז ס'איז פארפאלן און ער קען אין דערויף גארניט טאן — ווארום ער ווייסט אז ער קען תשובה טאן און טוט תשובה

[דורך א פעסטן באשלוס אז ער וועט דאס מערניט טאן, און פון איצטער אן און ווייטער וועט ער זיך פירן ווי ס'דארף צו זיין[51]] —

---

48) ראה אגה"ת פ"ס: הי' רגיל לקרות דף אחד יקרא ב' דפים כו' כפול ומכופל.

49) שבת שם. טושו"ע או"ח סתרע"א ס"ה.

50) דהרי ענינם של נרות חנוכה היא להאיר את החושך (תו"א סד"ה רני ושמחי. כד"ה נ"ח. שערי אורה סד"ה בכ"ה בכסלו. סידור ערה, ב"ג. ובכ"מ).

51) שהרי ענין התשובה הוא חרטה על העבר וקבלה טובה על להבא (ראה רמב"ם הל' תשובה פ"ב ה"ב. אגה"ת פ"א. סהמ"צ להצ"צ מצות תשובה).

איז אפילו די זאכן וואס ער האט געטאן אויפן בעסטן אופן (לויט זיין פריערדיקן מעמד ומצב אין לימוד התורה) — איז ווען עס גייט דורך נאך א טאג און ביי אים קומט צו אין לימוד התורה, דארף ער צוגעבן ליכטיקייט אין אלע זיינע מעשים וואס ער האט געטאן אין די טעג וואס זיינען שוין דורכגעגאנגען.

ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס ס'זיינען דורכגעגאנגען א סאך טעג, און דער טאג (אויף וועלכן מ'זאגט אים אז דעמולט דארף ער צוגעבן אין דער ליכטיקייט פון אלע פריערדיקע טעג) איז איין באשטימטער טאג —

ווארום אזוי איז דאס אויך אין דעם אכטן טאג פון חנוכה, אז אין דעם טאג, צינדט מען אן אויך אלע זיבן ליכטעלעך, אנטקעגן אלע זיבן טעג פון דער וואך פון חנוכה.

ביז וואנעט אז דורך דערויף באלייכט מען אלע וואכן פון דעם גאנצן יאר[52], אז דער גאנצער יאר ווערט מער ליכטיקער ווי ס'איז געווען ביז צום אכטן טאג פון חנוכה.

יא. און דורך דערויף וואס אידן וועלן זיך פירן ווי ס'דארף צו זיין, און זיי וועלן אויך זיין א ביישפיל און איינווירקן אויף אלע וואס זיינען ארום זיי, און דאס וועט געטאן ווערן אנהויבנדיק פון די גאר קליינע קינדער —

וועט דאס זיין די הכנה צו די אמת'ע ליכטיקייט וואס וועט באלייכטן די גאנצע וועלט — אז ס'וועט זיין „והי' לך ה' לאור עולם[53]", אז דער אויבערשטער וועט ליכטיק מאכן די גאנצע וועלט.

און אין אן אופן פון „לאור עולם" — אויף אייביק, אז ס'וועט זיין א גאולה שאין אחרי' גלות (א גאולה וואס נאך איר וועלן ניט זיין קיינע ענינים וואס זיינען ניט קיין ענין של גאולה)[54].

• • •

יב. מירן פארענדיקן מיט א פסוק וואס מ'האט געזאגט אין די י"ב פסוקים ומאמרז"ל — זאל מען איצטער זאגן נאכאמאל דעם ערשטן פסוק[55]: „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב".

וואס דאס איז דאך דער גרונד און יסוד אויף וועלכן ס'איז געבויט דער לעבן פון יעדער אידן, אנהויבנדיק גלייך פון ווען ער ווערט געבארן —

אז שוין דעמולט באקומט ער די תורה פון דעם אויבערשטן אין אן אופן פון „מורשה"[56], כדי ער זאל נוצן די תורה און לעבן מיט איר זיין גאנצן לעבן, אז ס'זאל זיין אן אמת'ער ליכטיקער לעבן.

יג. אזוי ווי מיר געפינען זיך נאך אין גלות — וועט מען דערנאך (לאחרי אמירת הפסוק „תורה צוה גו'") זאגן און זינגען דעם ניגון אויפן פסוק[57] „הושיעה את עמך".

מ'בעט דעם אויבערשטן — און גאר אינגיכן וועט דאס דער אויבערשטער

---

52) מכיון ששבעת ימי חנוכה כוללים בתוכם כל שבעת ימי ההיקף, ובכל שבוע הם אותם „ימי ההיקף" שחוזרין חלילה" (ד"ה ויהי ביום השמיני תשי"ד פ"י. וראה גם לקו"ת שה"ש כה, א).

53) ישעי' ס, יט.

54) ראה תוד"ה ה"נ ונאמר — פסחים קטז, ב.

55) ברכה לג, ד.

56) שהרי אפילו תינוק בן יום אחד יורש הכל — נדה מד, רע"א.

57) תהלים כח, ט.

באווייזן און וועט דאס טאן בפועל — העלפן זיין פאלק, וואס דאס איז דער אידישער פאלק, און העלפן יעדער אידן פון דעם אידישן פאלק.

„וברך את נחלתך" — ער וועט בענטשן (די גאנצע וועלט, אנהויבנדיק דערפון[58] וואס ער וועט בענטשן) זיין „נחלה" — די הייליקע לאנד, ארץ ישראל,

וואס איר נאמען („ארץ ישראל") באווייזט אז זי געהערט צו יעדער אידן[59] און צום גאנצן אידישן פאלק.

און אין אן אופן פון שלימות[60] הארץ — אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' גע־ד־־רט צו יעדער אידן און צו אלע אידן אלס „נחלת עולם"[61],

און דאס וועט זיין אין אן אופן פון „ורעם ונשאם עד העולם" — אז דער אויבערשטער וועט געבן יעדער אידן און אלע אידן זייער גאנצע הצטרכות, אלץ וואס זיי דארפן האבן, אזוי ווי א „רועה" (א פאסטוך) וואס באזארגט זיינע שעפעלאך[62],

און וועט זיי אוועקשטעלן אין אן אופן פון „ונשאם" — מ'זאל זיין און זיך פילן דערהויבן, וויבאלד אז מ'האט זוכה געווען אז דער אויבערשטער האט אונז געגעבן תומ״צ, און האט אונז געגעבן א הייליקע לאנד, און האט אונז געגעבן זיינע ברכות, כולל אויך — אז מ'וועט באשליסן צו פירן זיך לויט דער הוראה וואס מ'נעמט פון נרות חנוכה — און דער אויבערשטער וועט באווארענען אלע ענינים אזוי אז מ'זאל קענען האבן אן אמת־ליכטיקן לעבן, אפילו אין זמן הגלות,

און דאס וועט זיין „עד העולם" — אנהויבנדיק פון דער צייט ווען מ'געפינט זיך נאך אין גלות,

און דאס וועט זיין דער אריינפיר צו דער אייביקער אויפפירונג אין אן אופן פון „ורעם ונשאם", וואס דאס וועט זיך אנהויבן אין דער פולסטער מאס — דורך שלימות התורה, שלימות הארץ און שלימות העם — בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

יד. מ'וועט פארענדיקן מיט א „מנהג ישראל" וואס איז פארבונדן ספעציעל מיט קינדער — געבן „מעות חנוכה", ווי מ'האט געזעהן אז אזוי האט מען זיך געפירט אין אלע אידישע הייזער.

און ס'איז א זיכערע זאך אז די קינדער וואס זיינען! (אזוי ווי די נרות חנוכה) דורכגענומען מיט אידישקייט, מיט „נר מצוה ותורה אור" — וועלן פארנוצן די געלט און אלע געלטער וואס זיי האבן, און דער עיקר — נוצן יעדן טאג פון זייער לעבן, און נוצן אלע ברכות און כחות וואס דער אויבערשטער גיט זיי,

אין אן אופן אז זיי זאלן מאכן ליכטיק בא זיך אליין, מאכן ליכטיק בא זייערע עלטערן, און מאכן ליכטיק אפילו אין דער גאס אין וועלכע זיי גייען נאר דורך, אז אויך די גאס זאל פילן און דערזעהן אז דארטן (לעבט און) גייט דורך א אידיש קינד.

און דאס אלץ וועט געטאן ווערן אין אן אופן פון מוסיף והולך — אלץ מערער און ליכטיקער, ובשמחה וטוב

---

58) כי מתבצית ארץ ישראל שותה כל דע״ב (תענית י. א).

59) אפילו זה ש״חטא ישראל הוא" (סנה' מד. רע״א).

60) כי אין מקדשין אלא שלימין (זבחים פח, א).

61) שלימות בזמן.

62) ראה שמו״ר פ״ב, ב.

לבב, געזונטערהייט און פריילעכער־הייט, „עד העולם״.

• • •

[אמרו את הפסוק „תורה צוה גו׳״.

אח״כ — הניגון הושיעה את עמך.

אח״כ נתן צרור מטבעות ובקש שהמדריכים והמדריכות שיחיו יתנו לכאו״א מהילדים שיחיו „מעות חנוכה״ — שתי מטבעות כל אחת של עשר סענט].

בס"ד. שיחת זאת חנוכה ה׳תשל"ט. <u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. צוה לנגן "הנרות הללו".

ב. איך אלע מועדים געפינט מען אז ס׳איז געווארן דער "מנהג ישראל" (וואס "מנהג ישראל תורה הוא"[1]) אז בסיום המועד זאל זיין א התוועדות.

וואס אזוי האט מען אויך געזעהן בא דבותינו נשיאינו - במוצאי חג הפסח (דער "ד"ה לרגלים"[2]), ועד"ז במוצאי חג השבועות, "זמן מתן תורתנו", ועד"ז במוצאי חג האסיף (מוצאי שמח"ת), ועד"ז אויך בפורים, וואס ע"פ שו"ע דארף מען אנהויבן די סעודה מבעוד יום[3] (איך סיום היום ווען מ׳האט געלייענט די מגילה וכו׳) און אריינציען איך בלילה.

אבער בנוגע צו ימי חנוכה, האט מען ניט געזעהן בפועל בא רבותינו נשיאינו אז זיי זאלן דעמולט מאכן א פארברייינגען [סיידן ווען ס׳איז געווען פארבונדן מיט שבת וכיו"ב].

וואס מ׳קען זאגן אז דער טעם אויף דערויף בפשטות איז - דערפאר וואס אלע מועדים איז ענינם "מועדים <u>לשמחה</u>", עאכו"כ בנוגע צו פורים, וואס דעמולט דארף זיין א גרעסערע שמחה ווי די שמחה פון אלע מועדים, כמרז"ל[4] "חייב איניש <u>לבסומי</u> בפוריא עד דלא ידע"; משא"כ ימי חנוכה וואס מ׳האט זיי מתקן געווען "בהלל והודאה"[5], און ניט אזוי דער ענין פון שמחה.

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז די גמרא[6] זאגט אז "בכל יום ויום מרובה כו׳ משל חבירו" - דארף מען מוסיף זיין אין דעם קו השמחה, כדי צו מבטל זיין די הוספה און דעם דיבוי וואס עס קומט צו (מיום ליום, עאכו"כ משנה לשנה, ועאכו"כ מדור לדור) אין דעם קו ההפכי, וואס איז מעורר אן ענין פון היפך השמחה.

ג. דאס איז אויך איינער פון די ביאורים אויף דעם וואס מ׳זעט אז אע"פ אז בנוגע צו די דורות האחרונים זאגט מען[7] "אכשור דרי (בתמי׳)", פונדעסטוועגן זעט מען אז דוקא בדורות האחרונים איז נתרבה געווארן דער ענין פון תורה - ווארום מצד דערויף וואס עס קומט צו אין צד ההפכי, דארף אויך צוקומען אין צד הקדושה.

וואס אע"פ אז מ׳זאגט אויף דערויף דעם משל פון ננס

- העומד -

---

1) הוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 2) ר"ה ד, א. 3) דמ"א או"ח מהרצ"ה ס"ב. 4) מגילה ז. ב. 5) שבת כא, ב. 6) סוטה מט, א. 7) יבמות לט. ב ובפרש"י.

העומד על גבי הענקי - אבער בפועל, קומט דאך צו דער ענין וואס "תלמיד ותיק עתיד לחדש"[9], בהוספה צו די אלע חידושים וואס זיינען געווען אין די דורות שלפנ"ז.

און אע"פ אז די גמרא זאגט אין עירובין[10] "אנן כי אצבעתא בבירא לשכחה", און די גמרא איז מפליא די הבנה והשגה און די סברות ושכליים חידושים אין תורה וואס איז געווען אין די דורות הראשונים - איז דאס אלץ בנוגע צו הבנה והשגה וכו׳;

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן אן ענין וואס ווערט נתחדש אין א בירור הלכה, א פס"ד וכיו"ב - וואס דארטן איז נוגע די מסקנא שבדבר (ניט אזוי די סברות ושכליים) -

איז די מסקנא וואס די ראשונים און ראשוני האחרונים האבן ארויסגענומען פון תושבע"פ (צוזאמען מיט די חידושים נפלאים וואס זיי האבן מחדש געווען בשכלם הכי גדול) [וואס סוכ"ס דערוויסט מען זיך דערפון, דורך דערויף וואס מ׳געפינט זייערע כתבי-יד וכו׳] - געווארן א לימוד וואס האט א שייכות (ביז אז דאס ווערט נתאחד) מיט א תלמיד קטן וואס לערנט די מסקנא און פס"ד בדורות הכי אחרונים.

[ער פארשטייט טאקע ניט ווי אזוי זיי זיינען צוגעקומען צו דער מסקנא, אדער אז ער פארשטייט דאס - דערפאר וואס דער ראשון וואס האט אויסגעפונען און מחדש געווען דעם שכל, האט דאס מסביר געווען אין אזוינע אותיות וואס אפי׳ א קטן שבקטנים זאל אויך קענען פארשטיין דעם שכל (עכ"פ דורך "שלשת אלפים משל"[11]);

אבער די מסקנא מיטן פס"ד (וואס דאס איז דאך עיקר הענין) בלייבט דאך אויך בא דעם קטן שבקטנים - וויבאלד אז ער איז געבארן געווארן נאך דערויף וואס דער גדול האט מחדש געווען און מגלה געווען און מפרסם געווען די מסקנא מיטן פס"ד].

איז אע"פ אז מצד דעם ענין השכל וההבנה קומט מען טאקע ניט צו די דורות הראשונים, פונדעסטוועגן, דער עיקר פון תורה - מלשון הוראה[12] - איז די מסקנא און דער פס"ד בנוגע למעשה בפועל, וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר"[13]

[ביז ווי דער אלטער רבי איז מדגיש אין הל׳ ת"ת שלו[14],

- אז -

------------

8) ראה הקדמת שבה"ל לספרו. הקדמת החו"ד לפי׳ ליו"ד. ועוד. 9)ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ד ע׳ 1088 הע׳ 11. 10) נג, א. 11) מ"א ה, יב. 12) זח"ג נג, ב. 13) קידושין מ, ב. 14) פ"ד ס"ג.

אז די גדלות פון דעם לימוד, וואס "גדול תלמוד", איז דאס דערפאר וואס "מביא לידי מעשה" - דערפון קומט ארויס א פס"ר בנוגע למעשה בפועל[15] -

און בנוגע צו דעם ענין פון פסקי דינים - זעט מען אז "לא אלמן ישראל"[16] ח"ו, נאר מדור לדור ומשנה לשנה, ביז אויך מיום ליום, קומען צו חידושים און הוראות אין די פסקי דינים, דורך דעם "תלמיד ותיק", וואס ער האט מחדש געווען דעם ענין און ס'איז געווארן זיין חלק בתורה - בהוספה אויף דעם וואס עס איז געווען לפנ"ז.

וואס דער ביאור בזה איז - ווי געזאגט פריער, אז וויבאלד עס קומט צו אין דעם צד ההפכי, דארף אויך צוקומען אין צד הקדושה.

ד. דער קשר דערפון (דאס וואס בדורות האחרונים קומט צו אין תורה) מיט דעם ענין השמחה (וואס מ'דארף מוסיף זיין במיוחד אין די דורות האחרונים, כנ"ל) - איז פארשטאנדיק בפשטות, וויבאלד אז אויף תורה שטייט[17] "פקודי ה' ישרים משמחי לב".

און דאס האט א שייכות מיוחדת צו דער הוספה אין תורה (וואס איז דא בדורות האחרונים) אין דעם ענין פון פסקי דינים - ווארום עיקר ענין השמחה שבתורה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון פס"ד:

ווען ער איז א חריף ביותר, איז ביי אים דא א ריבוי סברות לכאן ולכאן, און ווי עס פאלט אים איין א נייע סברא לצד אחד, איז מצד גודל חכמתו והחריפות שלו, האט ער גלייך א סברא עמוקה יותר וועלכע פרעגט אפ די פריערדיקע סברא - און מצד דערויף וואס ער איז נאך ניט צוגעקומען צו דער מסקנא, שטייט ער אין א תנועה וואס איז היפך השמחה;

און דוקא ווען ער קומט צו צו דער מסקנא און פס"ר בנוגע לפועל - ווערט ביי אים א שמחה גדולה ביותר, וכמאמר החכם (וואס ווערט געבראכט אין ספרים פון גדולי ישראל[18]): אין לך שמחה יותר מהתרת הספיקות.

עס איז טאקע דא אן ענין של שמחה אויך דערפון וואס ביי אים איז דא נביעת השכל, אז ביי אים קומען צו נייע שכליים; ווען ער שטייט אבער אין א ספק און ווייסט ניט וועלכע סברא דארף בלייבן אלס מסקנא וואס איז נוגע למעשה בפועל -

- זעט -

---

15) ל' הכתוב - ירמי' נא, ה. 16) תהלים יט, ט.
17) מים רבים תרל"ו בתחלתו.

הנחת הת' בלתי מוגה

זעט מען בפועל אז בא דעס וואס "ישר הולך"[18], דער וואס ווייסט אז עינינה פון תורה איז אז ס'זאל אראפקומען אין אן אופן פון לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא[19] - איז כל זמן אז ער קומט ניט צו צו דער מסקנא וואס איז נוגע למעשה בפועל, שטייט ער אין א תנועה וואס איז היפך השמחה, און דוקא ווען ער קומט צו צו דער מסקנא בנוגע לפועל, דעמולט ווערט ביי אים אן ענין של שמחה, ביז ווי געזאגט פריער אז אין לך שמחה יותר מהתרת הספיקות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז אויף כללות ענין התורה זאגט מען אז "פקודי ה' ישרים משמחי לב", און ווי מ'זעט בפועל אז דער וואס איז אן אמת'ער חכם, איז ביי אים דא א שמחה גרולה פון לימוד שכליים שבתורה (ניט נאר פון אן ענין של פס"ד) -

קומט דאס אבער ניט צו דער שמחה אמיהית וגדולה ביותר וואס איז דא ווען ער קומט צו (נאך דער שקו"ט אין דעם שכל) צו דער מסקנא וועלכער שכל איז אויסגעהאלטן און איז אמת לאמיתתו - אע"פ וואס מיט א רגע לפנ"ז האט ער געהאט סברות לכאן וסברות לכאן, און ניט נאר איין סברא, נאר (בלשון הגמרא[20]) מ"ט פנים לכאן ומ"ט פנים לכאן, קומט ער צו דערנאך צום נו"ן[21] - די מסקנא בפועל, ובלשון החסידות[22] - דער אמת לאמיתתו, ביי אים ווערט די אמת'ע "התרת הספיקות", ווארום ער קלייבט אויס פון די מ"ט פנים לכאן ולכאן (וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[23]) די ריכטיקע מסקנא וואס איז נוגע לפועל, און אזוי בלייבט די הלכה, ווארום "הוי' עמו שהלכה כמותו"[24].

ד.ה. אז כללות התורה איז ענינה - "פקודי ה' ישרים משמחי לב", אבער אין דערויף גופא איז דא א שמחה גדולה ביותר - ווען ער קומט צו צו דער מסקנא, לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא.

ה. דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד עס קומט צו אין דעם חושך כפול ומכופל פון לעו"ז, איז א דבר המוכרח אז ס'זאל צוקומען אין "תורה אור"[25], ואדרבה: עס דארף צוקומען אין "תורה אור" מערער דערפון וואס ס'איז צוגעקומען אין דעם חושך דלעו"ז, כדי אז דורך דעס זאל מען קענען (מבטל זיין, און נאכמער) מהפך זיין דעם חושך לאור. - וואס -

---

18) ל' הכתוב - מיכה ב, ז. 19) יומא כו, א. 20) ירושלמי סנהדרין פ"ד ה"ב. 21) ראה אוה"ת יתרו ע' תתצא. ועוד. 22) ראה אוה"ת שם ע' תתצד ואילך. המשך תרס"ו ע' תלא ואילך. ועוד. 23) עירובין יג, ב. 24) ש"א טז, יח. סנהדרין צג, ב. 25) ל' הכתוב - משלי ו, כג.

וואס דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס מ׳זעט אז אע"פ אז ס׳זיינען דא ענינים וואס עיקר ענינם איז געווען אין די דורות הראשונים,

[ע"ד די הוראה און פס"ד פון דעם אלטן רבי׳ן אין אגה"ת[26] אז דער ענין פון תעניות איז שייך דוקא "באדם חזק ובריא . וכמו בדורות הראשונים", משא"כ אין אונזערע צייטן, וואס דעמולט דארף זיין דער ענין פון "וחטאך בצדקה פרוק"[27]],

זיינען אבער דא ענינים וואס קומען צו דוקא אין די דורות האחרונים - אזוי ווי דער ענין השמחה, וואס מזמן לזמן איז מען מוסיף אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דעם ענין השמחה.

ביז ווי מ׳זעט אז אין חודש כסלו איז צוגעקומען דער יו"ט פון י"ט כסלו - וואס רבותינו נשיאינו רופן דאס אן בשם "חג החגים"[28], ווי גערעדט אמאל באריכה[29] דעם ביאור בזה אויך ע"פ נגלה - וואס דער ענין האט זיך אויפגעטאן ערשט אין שנת תקנ"ט.

און דערנאך איז זכה דורנו - און ס׳איז צוגעקומען אויך דער יום הגאולה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו אין י"ב-י"ג תמוז, בהוספה אויף י"ט כסלו, יו"ד כסלו, און שאר כל החגים והמועדים.

און וויבאלד אז דער בעל הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז שרייבט במכתבו[30] אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר יעדער אידן און אלע אידן, ביז אפי׳ דער וואס "בשם ישראל יכונה" - איז פארשטאנדיק, אז די שמחה וואס איז דא בא יעדער אידן בי"ב-י"ג תמוז, איז ניט בדוגמא ווי איינער פרייט זיך מיט א שמחה פון זיינעם א ברודער (כידוע דער משל ופתגם בזה), נאר ס׳איז זיין אייגענע שמחה, וויבאלד ביי אים איז אויך געווען דער ענין הגאולה - צוזאמען מיט דער גאולה פון נשיא הדור.

וואס דער ענין האט זיך אויפגעטאן און איז צוגעקומען ערשט אין שנת תרפ"ז, ובעיקר - "לשנה אחרת קבעום"[31], וואס דעמולט איז דאס נקבע געווארן און אין אן אופן של פרסום (אן די הגבלות וואס זיינען געווען אין תרפ"ז).

ו. פון יעדער ענין דארף מען דאך אפלערנען א הוראה אין עבודת ה׳ - ועד"ז בנדו"ד:

- א איד -

---

26) פ"ג. 27) דניאל ד, כד. 28) הקדמת חוברת י"ט כסלו. 29) לקו"ש ח"ה ע׳ 436 ואילך. 30) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע׳ קמו. ובכ"מ. 31) ל׳ הש"ס - שבת שם.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

א איד ווייסט אז מ׳האלט אין איין טומלען אז מ׳געפינט זיך אין א חושך כפול ומכופל, און מ׳מאכט א גאנצן רעש אז מ׳קומט ניט צו די דורות הראשונים, און דערנאך מאכט מען א גאנצן טומל אז מ׳מוז האבן סייגים ופרישות מערער דערפון ווי ס׳איז געווען בדורות הראשונים (ווארום מ׳דארף באווארענען אזוינע מהלות רח"ל וואס דעמולט איז גאר ניט געווען קיין מציאות אז ס׳זאל זיין אזא מחלה וכו׳) -

און אעפ"כ זאגט מען אים אז עס דארף זיין "טוב לב משתה תמיד"³² - וואס דאס האט מען ארייינגעשטעלט אין שו"ע, וואס שו"ע איז א ספר פון נגלה, און א ספר וואס איז שוה לכל נפש - ניט נאר פאר יחידי סגולה, ניט נאר פאר די וואס ווייסן רזין דאורייתא, אדער עכ"פ חריפים אין נגלה דתורה, נאר א פס"ד לכל אחד ואחת מישראל.

און אין שו"ע גופא, איז דאס ארייינגעשטעלט געווארן אין חלק "אורח חיים":

דער שו"ע טיילט זיך אויף כמה חלקים: ס׳איז דא דער חלק פון "חושן משפט", וואס איז פארבונדן מיט דיני ממונות, וואס דאס איז שייך צו חכמים גדולים דוקא, כמרז"ל³³ "הרוצה שיחכים יעסוק בדיני ממונות"; דערנאך איז דא דער חלק פון "אבן העזר", וואס איז שייך מערניט צו די וואס זיינען אין דעם סוג פון "יודע בטיב גיטין וקידושין"³⁴; און דערנאך איז דא דער חלק פון "יורה דעה", וואס דאס איז שייך מערניט צו די וואס זיינען צוגעקומען אין זייער חכמה והבנה והשגה צו אזא דרגא אז זיי קענען מורה רעה זיין צו א צווייטן;

דערנאך איז אבער דא דער ערשטער חלק פון שו"ע - דער חלק וואס "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז "אורח חיים", וואס דאס איז א נאמען וואס איז געגעבן געווארן דורך א פוסק בישראל, און א פוסק לכל הדורות כולם,

ד.ה. אז יעדערער וואס וויל האבן א שייכות צו "חיים", דארף ער וויסן אז <u>דאס</u> איז די וועג לויט וועלכע ער דארף זיך פירן כדי אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון "חיים" כרבעי, דאס איז דער "אורח" (וועג) וואס ברענגט צו "חיים".

און דא זעט מען אז נאך די גאנצע אריכות פון חלק "אורח חיים", נאך אלע פרטי דינים ומנהגים - איז דער סיום והחותם פון גאנצן חלק "אורח חיים" - אז ס׳דארף זיין "טוב לב משתה תמיד".

עס דארף טאקע זיין "טוב <u>לב</u>" און ניט "טוב <u>לבב</u>",

- ווארום -

------------

32) משלי טו, טו. 33) ב"ב קעה, ב. 34) קידושין יג, א.

ווארום אויב אין דערויף מישט זיך אריין דער צווייטער בי"ת (וואס איז פארבונדן מיטן יצה"ר[35]), קען דערפון ארויסקומען ענינים בלתי רצויים, כידוע[36] דער ביאור אין דעם ענין פון "פלשתים", אז דאס איז מבוי המפולש וכו׳;

אבער ווען ס׳איז דא דער ענין פון "טוב לב" (מיט איין בי"ת), ביי אים איז שולט מערניט ווי דער יצ"ט - איז זיין הנהגה אין אן אופן פון "משתה תמיד".

וואס דער ענין פון "משתה" אין לה"ק - איז פארבונדן מיט "יין", ובפרט ווי מ׳זעט בנוגע צו פורים, אז "חייב איניש <u>לבסומי</u> בפוריא כו׳", טייטשט אפ רש"י[37] - "ביין", און אזוי ווערט אפגע׳פסק׳נט אין שו"ע[38] בנוגע למעשה בפועל.

וואס דאס איז דערפאר וואס שמחה אמיתית איז פארבונדן מיט "יין" דוקא, ביז וואנעט אז "אין אומרים שירה אלא על היין"[39], ווארום אע"פ אז ע"פ דין זיינען דא כמה משקאות המשכרים[40], איז אבער דער ענין פון "שירה" "על היין" דוקא, וויבאלד אז שמחה אמיתית איז פארבונדן מיט "יין" דוקא.

ז. והביאור בזה:

ווען ביי אים איז דא דער ענין פון "אורח חיים", ער פירט זיך ווי עס דארף צו זיין - דארף ביי אים זיין דער ענין פון שמחה,

ווארום שוין אין דעם זמן פון רמ"א, ועאכו"כ אין די דורות שלאח"ז - איז דער סדר - ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ת אז ס׳דארף זיין "וחטאך בצדקה פרוק" (און ניט דער ענין פון תעניות וכו׳),

וואס דורך דעם קומט מען צו צו דעם ענין פון תשו"ע - וואס תשו"ע איז אן עבודה וואס איז פארבונדן מיט שמחה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ת[41] און אויך אין חלק ראשון פון תניא[42].

און כדי אז ס׳זאל זיין די עבודה פון תשובה אין אן אופן של שמחה, מוז מען ניט אנקומען צו א ידיעה אין רזי תורה דוקא, נאר ס׳איז אן ענין וואס איז פארשטאנדיק בפשטות (ווי גערעדט אמאל באריכה[43]):

- וויבאלד -

---

35) ראה ירושלמי ברכות פ"ט ה"ה. 36) תו"א בשלח סא, סע"ג ואילך. 37) ד"ה לבסומי - מגילה שם. 38) או"ח שם. 39) ברכות לה, א. 40) כריתות יג, ב. רמב"ם הל׳ ביאת המקדש פ"א ה"ב. 41) פי"א (קא, רע"א). 42) פל"א. 43) ראה גם מכתב כללי דח"י אלול ה׳תשל"ח.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

וויבאלד אז תשובה העלפט אויף אלע ענינים[44], און עס העלפט יעדערן, ד.ה. אז יעדער איד, אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל זיך נאר געפינען, קען ער תשובה טאן "בשעתא חדא וברגעא חדא"[45], און ער ווערט א "צדיק גמור" (כפס"ד הגמרא[46]) -

איז דאך פארשטאנדיק, אז אין לך שמחה גדולה מזו - דערפון וואס בשעתא חדא וברגעא חדא איז ער געווארן א "צדיק גמור", זייענדיק פריער אין א מעמד ומצב הפכי - ווארום דער אויפטו פון תשו"ע (וואס די איז א "תשובה שלימה", כמבואר אין אגה"ת[47]) איז, אז דורך דעם איז מען מהפך אפי' דעם ענין פון "זדונות", אז "זדונות נעשו לו כזכיות"[48].

וואס דאס איז אויך וואס מ'זעט אז אע"פ אז "בטלה מגילת תענית"[49] - וואס דאס איז כולל סיי דעם חלק פון מגילת תענית וואו עס רעדט זיך וועגן תעניות, און סיי דעם חלק וואו עס רעדט זיך וועגן די טעג וואס מ'האט געמאכט א יו"ט לישראל - אעפ"כ, דארף זיין דער ענין השמחה שטענדיק.

און ווי מ'זעט בפועל, אז אנהויבנדיק פון גילוי תורת החסידות, ובפרט נאך דערויף וואס די אגה"ת איז נתפרסם געווארן און געדרוקט געווארן [כידוע דער פתגם פון דעם צ"צ[50] אז אן ענין וואס קומט אראפ בדפוס איז לדורות] - איז דער סדר העבודה, אז עס דארף טאקע זיין דער ענין פון "וחטאתי נגדי תמיד"[51], דאס איז אבער אין אן אופן פון "נגדי דייקא . . מרחוק"[52], ד.ה. אז ס'איז ניט מבלבל צו די שמחה אמיתית וואס "חדוה תקיעא בלבאי מסטרא דא"[53].

ח. און אזוי ווי מ'דארף דאך אראפנעמען דעם העלם והסתר פון דעם גוף ונה"ב, אז זיי זאלן ניט מבלבל זיין - פארבינדט מען דאס מיט דעם ענין פון "משתה תמיד", וואס "משתה" איז פארבונדן מיט "יין":

דער ענין פון "יין" איז - אראפנעמען און מבטל זיין דעם העלם והסתר, כידוע דער ביאור[54] אויף "נכנס יין יצא סוד"[55], אז פון דעם אופן עשיית "יין", זעט מען אז עניינו איז אז ס'זאל זיין "יצא סוד" (מבטל זיין דעם העלם והסתר):

- פריער -

------------

44) ראה ירושלמי פאה פ"א ה"א. רמב"ם הל' תשובה ספ"ג. ועוד. 45) זח"א קכט, סע"א. 46) קידושין מט, ב. וראה לקו"ת דברים א, ב. 47) פ"ח. 48) יומא פו, ב. וראה תניא פ"ז (יב, א). 49) ר"ה יט, א-ב. 50) לקו"ש ח"ב ע' 522. 51) תהלים נא, ה. 52) אגה"ת שם. 53) ראה זח"ג עה, א. ח"ב רנה, א. אגה"ת שם. תניא פל"א. ועוד. 54) ראה לקו"ת שה"ש ב, א ואילך. 55) עירובין סה, סע"א.

פריער איז דער "יין" בהעלם און בסוד אין די ענבים, און דערנאך איז מען מגלה דעם "סוד" וואס געפינט זיך אין די ענבים, און דעמולט ווערט דער ענין פון "יין".

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק די פעולה פון דעם "יין" אין נפש האדם - אז דאס איז מגלה די ענינים וואס זיינען געווען פריער בהעלם, אז זיי זאלן אדויסקומען בגילוי (ד.ה. אז דער גוף ונה"ב זאל ניט מעלים זיין אויף דערויף, נאר עס זאל שטיין בגילוי).

און ווי ס'איז מבואר אין חסידות[56] דאס וואס "יין" איז "משמח אלקים ואנשים"[57] - אז דורך דער שמחה איז מען מגלה דעם "סוד" וואס געפינט זיך אין שם אלקים, וואס דאס איז דער ענין פון שם הוי' - ווארום שם אלקים איז א מגן ונרתק אויף שם הוי'[58].

וואס אלקים איז בגימט' הטבע[59], און ס'איז לשון רבים[60], ביז אז א שופט ווערט אויך אנגערופן בשם אלקים[61] (אויך ע"פ תורה), ווי ס'שטייט[62] "עד האלקים יבוא דבר שניהם" -

איז מען מגלה דעם "סוד" וואס איז דא אין שם אלקים - (אז ער איז א מגן ונרתק אויף) שם הוי', און אז דאס וואס א שופט ווערט אנגערופן "אלקים", איז דאס דערפאר וואס "אלקים נצב בעדת א-ל"[63],

ביז וואנעט אז דערפון נעמט זיך גאר דער גאנצער ענין פון דעם משפט וכו' - ד.ה. אז דער כח וואס עס האט דער שופט ועד"ז דער כללות ענין הכח, וואס ווערט אויך אנגערופן בשם אלקים, ווארום "א-ל ל' כח וחוזק הוא כמו ואת אילי הארץ לקח"[64], נעמט זיך פון "בעל היכולה ובעל הכחות כולם", וואס דאס איז דער ענין פון שם אלקים[65], וואס ער איז איינער פון די ז' שמות שאינם נמחקים[66].

ט. און וויבאלד אז ס'איז ניטא קיין גרעסערע צמצום און דינים - וואס איז פארבונדן און נעמט זיך פון שם אלקים - ווי דער חושך כפול ומכופל וואס איז דא אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא,

- און -

---

56) ראה לקו"ת שס. סוכות עט, ד. אוה"ת וישב תתקב, א ואילך. ובכ"מ. 57) שופטים ט, יג. 58) ראה שעהיוה"א רפ"ד. 59) פרדס שי"ב פ"ב. שעהיוה"א דפ"ו. 60) ראה פרש"י עה"פ ויראב, יג. ועוד. 61) ראה פרש"י עה"פ וישלח לה, ז. 62) משפטים כב, ח. 63) תהלים פב, א. וראה סנהדרין ז, א. ועוד. 64) יחזקאל יז, יג. 65) טואו"ח ס"ה. 66) שו"ע או"ח ס"ה. 67) שבועות לה, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

און אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא גופא - ווען מ׳האלט שוין אין דעם זמן וואס מ׳דארף נאר אפ-פוצן די לעצטע קנעפלאך (כידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[68]) - וואס דעמולט איז דא א חושך כפול ומכופל, און ס׳זיינען דא נסיונות עצומים, כידוע דער משל וואס ווערט געבראכט אין חסידות בכ"מ[69] אז לפני עלות השחר ווערט נתגבר דער חושך -

איז כדי צו מגלה זיין די פנימיות פון שם אלקים (וואס פון אים נעמט זיך דער ענין הצמצום והדינים וכו׳) - דארף מען האבן אן ענין של שמחה נוספת (וויבאלד אז ס׳איז צוגעקומען אין דעם חושך);

מ׳דארף דאס אבער מקשר זיין מיט תורה, וואס אויף תורה זאגט מען דאך "פקודי ה׳ ישרים משמחי לב", ובפרט מיט אן ענין של הוראה ופס"ד (וואס אין דערויף איז דא נאכמער דער ענין השמחה (כנ"ל ס"ד)),

אנהויבנדיק פון דער הוראה וואס דער רמ"א ברענגט אין דעם סיום פון חלק או"ח, אז ס׳דארף זיין "טוב לב משתה תמיד" [און מיטן דיוק האמור - "טוב לב", און ניט "טוב לבב" (אע"פ אז ס׳איז דא דער לשון הכתוב[70] "בשמחה וטוב לבב")].

און דאס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן פון "נעוץ סופן בתחלתן"[71] - מ׳פארבינדט דאס מיט דעם "תמיד" מיט וועלכן דער רמ"א הויבט אן דעם חלק "אורח חיים" - "שויתי ה׳ לנגדי תמיד"[72],

אז ער איז מגלה דעם הוי׳ וואס איז דא אין דעם אלקים, ביז אז דער הוי׳ איז ביי אים אין אן אופן פון "שויתי הוי׳ לנגדי תמיד" - אז דאס פועל׳ט אויף זיינע מעשים, אויף זיינע דיבורים, און אפי׳ אויף זיינע מחשבות, און אפי׳ גלייך ווען ער כאפט זיך אויף פון שלאף - ווי דער רמ"א איז מאריך אין דערויף אין דער התחלה פון שו"ע "אורח חיים".

י. ובנוגע לענינינו:

וויבאלד אז עס קומט צו אין דעם ענין וואס "בכל יום ויום מרובה כו׳ משל חבירו" - דארף מען מוסיף זיין אין דעם ענין השמחה [ע"ד ווי גערעדט פריער (ס"ה) אז דוקא בדורנו זה איז צוגעקומען דער ענין פון י"ב-י"ג תמוז וכיו"ב].

ועאכו"כ אין ימי חנוכה, וואס דער ענין פון חנוכה איז

- פארבונדן -

------------

68) שיחת שמח"ת תדפ"ס. 69) אוה"ת במדבר ע׳ כד. 70) הבוא כח, מז. 71) ס"י פ"א מ"ז. 72) ל׳ הכתוב - תהלים טז, ח.

פארבונדן מיט חנוכת המזבח, און דאס איז אויך א הכנה צו חנוכת ביהמ"ק השלישי -

ווי גערעדט אמאל באריכות" וועגן דעם וואס ס'שטייט אין ילק"ש" אז חנוכת ביהמ"ק השלישי וועט זיין אין חודש כסלו, כדי צו באצאלן אויף דעם וואס חנוכת המשכן האט געקענט זיין בחודש כסלו (וויבאלד אז דער משכן איז געווארן פארטיק בכ"ה כסלו),

וואס דערמיט פארבינדט מען דעם משכן וואס איז געווען מעשה ידי משה - וואס זיי זיינען נצחיים, און אין דערויף האבן ניט קיין שליטה די ענינים פון לעו"ז" - מיטן ביהמ"ק השלישי, וואס ענינו איז דער ענין הנצחיות אין ביהמ"ק גופא".

און אע"פ אז אין די דורות שלפנ"ז האט מען געקענט יוצא זיין דערמיט וואס ימי חנוכה זיינען "ימי אור" [מיט נרות חנוכה, דער ענין פון הלל והודאה, מיט אלע פרטי הדברים],

און ווי געזאגט פריער (ס"ב) אז בא רבותינו נשיאינו האט מען ניט געזעהן אז מ'זאל מאכן א התוועדות אין ימי חנוכה [מערניט ווי א שמחה וואס איז פארבונדן מיט דער משפחה - ווי דערציילט אין די סיפורים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו" - וואס וויבאלד אז ער האט געהייסן אז מ'זאל דאס אפדרוקן, איז דערפון גופא א הוראה און א נתינת כח אז בכל משפחה ומשפחה זאל זיין א שמחה משפחתית אין ימי חנוכה] -

פונדעסטוועגן, וויבאלד אז ס'איז צוגעקומען אין דעם "בכל יום ויום כו'" (אפי' לגבי דעם זמן ווען ס'איז געדרוקט געווארן דער סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר וועגן דער שמחה משפחתית וואס ס'איז געווען בימי חנוכה), און ס'דארף זיין דער "ילכו מחיל אל חיל"" אין קדושה -

איז א דבר נכון ביותר אז מ'זאל מוסיף זיין און מאכן אין ימי חנוכה אן ענין של שמחה אין אן אופן פון "ברוב עם"" [נוסף אויף דער שמחה משפחתית].

יא. אזוי ווי מ'דארף דאך געפינען א מקור אויף דערויף אויך אין פוסקים - איז דא דער פס"ד ברור פון רמב"ם" אז ימי חנוכה זיינען "ימי שמחה".

און אע"פ אז בנוגע לפועל פירט מען זיך לויט די כללים

- פון -

---

73) שיחת ש"פ מקץ תשל"ד. 74) מלכים סוף דמז קפד. 75) סוטה ט, סע"א. ועוד. 76) ראה באריכות לקו"ש פקודי תשל"ז ס"ו ואילך. 77) היום יום ע' ז. 78) תהלים פד, ח. 79) ל' הכתוב - משלי יד, כח. 80) הל' חנוכה פ"ג ה"ג.

פון דעם ב"י און דער רמ"א - זעט מען אז דער רמ"א[81] ברענגט אראפ (פון מהר"א מפראג) אז "יש קצת מצוה בריבוי הסעודות".

ובפרט ווען מ'פארבינדט דאס מיט חזר'ן א דין אין שו"ע, א הגה"ה פון דעם רמ"א, א ווארט פון חסידות, אדער א הנהגה פון רבותינו נשיאינו,

און דער עיקר איז - אז דערפון קומט ארויס א הוספה ותיזוק אין דעם ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות, דורך דערויף וואס מ'ברענגט דאס אראפ אין החלטות בנוגע לפועל - מוסיף זיין אין "המעשה הוא העיקר"[82] - לימוד התורה וקיום המצוות, און אין אן אופן של שמחה, וואס דער רמב"ם[83] זאגט אז "השמחה שישמח אדם בעשיית המצוה כו' עבודה גדולה היא" -

איז א זיכערע זאך אז דאס איז אן ענין וואס איז "אמת ויציב ונכון", מיט אלע לשונות וואס מ'זאגט אין דערויף.

יב. און דאס איז אויך דער ענטפער אויף כו"כ שאלות - וואס מ'פרעגט: היתכן אז מ'האט איינגעפירט אזא ענין, א צווייטן ענין, און א דריטן ענין, און "רגשו גוים ולאומים יהגו"[84] - כ'ווערט ניט איינגעמאטערט צו פרעגן, היתכן וואס מ'פירט איין נאך אן ענין און נאך אן ענין.

איז דער ענטפער אויף דערויף - ע"פ המבואר אין ספרי מוסר בארוכה (מיט כמה משלים ודוגמאות), אז אזוי ווי דער יצה"ר איז דאך אן "אומן במלאכתו"[85], און לעתים קרובות ווארפט ער אריין א ספק אויף א החלטה בנוגע צו א פעולה אין מחשבה דיבור ומעשה, צי ס'איז א דבר טוב אדער הפכו - איז איינע פון די בעסטע בחינות בזה, אז מ'זעט די תוצאה וואס קומט ארויס דערפון;

אויב די תוצאה פון דעם מנהג חדש איז, אז עס קומט צו א הוספה אין לימוד התורה וקיום המצוות - איז א הוכחה אז דער מנהג חדש נעמט זיך פון קדושה, און אויב דערפון קומט צו אין דעם צווייטן קו ח"ו, איז דאס א הוכחה להיפך.

און מ'זעט דאך בפועל אז דערפון וואס ס'איז צוגעקומען דער ענין פון י"ט כסלו, און דער ענין פון י"ב תמוז, און ס'איז צוגעקומען דער ענין פון א התוועדות בסיום פון זמן מהן תורתנו וכיו"ב - איז צוגעקומען א הוספה אין די החלטות טובות בנוגע צו לימוד התורה און קיום המצוות, און רובן ככולן פון די החלטות, זיינען נתמלא געווארן בפועל (פריער אדער שפעטער) -

- און -

------------

81) או"ח סהר"ע ס"ב. 82) אבות פ"א מי"ז. 83) סוף הל' לולב. 84) ל' הכתוב - תהלים ב, א. 85) ראה שבת קה, ב.

און דאס איז דאך א מנהג וועלכן מ'האט אויסגעפרואווט (ניט נאר איין מאל, נאר) מערער פון דריי מאל, וואס "בתלתא זימני הוי חזקה"*, און אלעמאל איז די תוצאה דערפון געווען באופן האמור.

ובפרט אז בנוגע צו חנוכה איז דא דער פס"ד פון רמב"ם אז עס דארף זיין דער ענין פון שמחה (כנ"ל סי"א).

יג. אזוי ווי עס זיינען אבער דא אזוינע וואס קיין זאך דערנעמט זיי ניט, זיי זיינען אנגעמבורעט, און שטייען אין א תנועה פון היפך השמחה, מיט אלע פרטים שבדבר -

איז דא די המצאה אויף וועלכע מ'איז געפאלן ביי א פריערדיקע געלעגנהייט (בההתוועדות די"ד כסלו) - אז מ'זאל פראווען שבע ברכות פון א חתן וכלה,

וואס דעמולט איז אפי' די אנגעמבורעטע און די אומעדיקע, און די וואס מענה'ן אז ס'איז ניט שייך צו זאגן, זיי טראגן דאגה השכינה על שכמם, און דערפאר קענען זיי ניט באווייזן קיין פריילעכע מינע -

איז בשעה מ'זיינען דא א חתן וכלה און מ'פראוועט שבע ברכות, מוז ער מפסיק זיין פון זיין עצבות און מרה שחורה. און פון דעם וואס ער האט מורא באווייזן א לעבעדיקן פנים מיט א לעבעדיקן שמייכל -

קנייפט ער דעם באק, און טרינקט ווייסע מילך. און ניט איין רביעית נאר כמה רביעיות - וואס דעמולט האט ער דעם פס"ד** אז חלב איז א משקה המשכר, בכלא קען מען ניט האבן קיין טענות צו אים אויף דעם וואס ער וועט געבן א שמייכל און זאגן א פריילעכן ניגון, און זעהן אז דער צווייטער איד וואס געפינט זיך לעבן אים זאל אויך זיין פריילעך.

יד. ויהי"ר אז עס זאל זיך צוזאמענקלייבן די שמחה פון אלע אידן, און דאס זאל פורץ זיין די גדרים פון דעם גלות (ניט קוקנדיק אויפן חושך כפול ומכופל),

און אראפברענגען דעם ענין פון "שמחת עולם על ראשם"*** - און פון דעם "על ראשם", בדרך ממילא, זאל דאס אראפקומען אין א פנימיות - אין "טוב לב משתה תמיד",

און פורץ זיין גדרי הגלות כפשוטו, און אראפברענגען די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו - וואס ער וועט

- זימער -

------------

86) ב"מ קו. ב. 87) רמב"ם הל' ביאת המקדש שם.
88) ישעי' לה, י. ועוד.

זיכער זיין פריילעך, און ווען זעהן אז אידן ארום אים זאלן אויך זיין פריילעך,

און גיין צום ביהמ"ק השלישי - וואס ער איז ברוגמת המשכן וואס איז נגמר געווארן בכסלו - און נאך אין ימי חנוכה ווען מען האבן דעם ענין פון חנוכת המזבח.

און מ'ווען האבן "שמחת עולם על ראשם", און "שמחת עולם" בלבם, און "שמחת עולם" ביז אין מחשבה דיבור ומעשה - אז מ'ווען האבן א פריילעכן יאר בכל הפרטים, אין לימוד התורה, אין קיום המצוות, אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[89], כולל אויך די שמחה אין עניני הרשות,

און פארנוצן די אלע ענינים אויף דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה"[90], און אויף מקבל זיין פני משיח צדקנו (אן קיין עצבות, נאר) מיט א שמחה, און א שמחה גדולה ביותר, ובקרוב ממש.

* * *

טו. בנוגע צו דעם ענין פון דברי תורה - וואס "ציון במשפט תפדה"[91], ווי דער אלטער רבי[92] טייטשט אפ אז "משפט" איז דער ענין פון "הלכתא"[92], דער ענין פון תורה

[וואס דא ווערט תורה דערמאנט מיטן תואר "משפט" - וואס דאס באווייזט און איז מרגיש אויף דעם חלק התורה וואס איז פארבונדן מיט "הלכתא" - די מסקנא בנוגע להלכה אין מעשה בפועל] -

איז דא דער מאמר וואס מ'האט געזאגט בא דער פריערדיקער התוועדות[93], וואס ער איז מיוסד אויף דעם מאמר ד"ה ואתה ברחמיך הרבים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס איז געזאגט געווארן אין שנת תש"א, און איז שוין אויך אפגעדרוקט געווארן[94].

וואס אין דעם מאמר זעט מען א דבר פלא:

אין דעם מאמר איז ער מבאר כמה פרטים אין תפלת "ועל הנסים" - אנהויבנדיק דערפון וואס מ'זאגט ניט נאר "רבת את ריבם", נאר אויך "דנת את דינם" און "נקמת את נקמתם", און דערנאך איז ער אויך מבאר דעם ענין פון "מסרת גבורים ביד חלשים" וכו', ביז "וזדים ביד עוסקי תורתך".

- און -

------------

89) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 90) ישעי' א, כז.
91) לקו"ת ר"פ דברים. 92) ראה תרגום עה"פ וישב מ, יג.
93) ד"ה ואתה ברחמיך הרבים - דמוצאי ש"פ מקץ. 94) סה"מ תש"א ע' 63 ואילך.

און אין דערויף איז דא א דבר פלא: אין דעם מאמר איז ער מבאר דעם ענין פון "מסרת גבורים ביד חלשים", "רבים ביד מעטים", "טמאים ביד טהורים", און "זדים ביד עוסקי תורתך" - ער היפט אבער איבער דעם ענין פון "רשעים ביד צדיקים".

דער פלא איז נאך א גרעסערער:

ער איז מבאר אין דעם מאמר אז "מסרת גבורים ביד חלשים" איז "מצד ספי' הנצח", "רבים ביד מעטים" איז "מצד ספי' ההוד", "טמאים ביד טהורים" איז "מצד ספי' היסוד", און "זדים ביד עוסקי תורתך" איז "מצד ספי' המלכות" - איז דאך ניטא וואו צו אריינשטעלן נאך אן ענין ("רשעים ביד צדיקים")?

וואס אפי' אויב מ'וועט זאגן אז דאס וואס ס'שטייט ניט קיין ביאור אויף "רשעים ביד צדיקים" איז דאס השמטת הדפוס - וועט נאך אלץ בלייבן די שאלה: אנטקעגן וועלכן ענין גייט דער ענין פון "רשעים ביד צדיקים"?

טז. וכמדובר כמ"פ - "כמה לא חלי ולא מרגיש כו'"[95] - קיינער האט זיך ניט געכאפט צו פרעגן די שאלה; דער מאמר איז געזאגט געווארן אין שנת תש"א, מיט 38 יאר צוריק, און ער איז געדרוקט געווארן מיט 15 יאר צוריק - און אעפ"כ האט זיך קיינער ניט געכאפט פרעגן די שאלה!

וואס דערפון פארשטייט מען דאך דעם גודל הזכות פון די אידן פון אונזער דור - אז אפי' ווען ס'איז דא אן אויבן-אויפיקע שאלה, פארהיט אים דער אויבערשטער ער זאל קענען שלאפן רואיק, "ושכבת וערבה שנתך"[96], און ער זאל זיך ניט טומלען מיט דעם ספק וכו', און "לא חלי ולא מרגיש" דעם גאנצן ענין!

וואס דאס איז ניט דערפאר וואס אין דעם לעצטן יאר איז געווארן א חושך כפול ומכופל - עס איז טאקע אזוי - אבער דאס איז אן ענין וואס ציט זיך שוין פון שנת תש"א אן!

און דאס וואס מ'רעדט איצטער וועגן דעם - איז ניט אויף צו מאכן אימיצן איינגב און אומעדיק (דאס וועט סיי-ווי ניט זיין), נאר דערפאר וואס אפשר וועט מען זיך איצטער משתדל זיין און מייגע זיין בנוגע צו לימוד החסידות, אין אן אופן אז עכ"פ אזא ענין וועט ניט דורכגיין גלאטיק; ער וועט טומלען דעם משפיע, און וועט טומלען דעם וואס לערנט מיט אים חסידות, און וועט שרייבן בריוולאך וכו'.

- ועאכו"כ -

---

95) לשון הגמרא - יומא כב, ב. ובכ"מ. 96) ל' הכתוב - משלי ג, כד.

ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן תלמידים.

ווען מ'הויבט אן רעדן מיטן משפיע - טענה'ט ער, אז ער האט אזוי פיל "טראבל" [משפיעים רעדן שוין אויך אין שפת המדינה] פון די תלמידים, ביז וואנעט אז ער האט ניט קיין מנוחת הנפש אויף צו מתיר זיין אזא ספק.

דאס איז אן ענטפער אויף דעם וואס ער געפינט ניט קיין תירוץ; עס איז אבער ניט קיין ענטפער אויף דעם וואס ער זעט ניט די קשיא (וואס די קשיא איז דאך אן אויבן-אופיקע)!

ועאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן תלמידים - וואס מ'האט אראפגענומען פון זיי דאגות הפרנסה, אז אויב זיי וועלן זיך פירן ווי עס דארף צו זיין, וועלן זיי ניט דארפן דאגה'נען וועגן דערויף.

עס זיינען דא אזוינע וואס זיינען בעלי חשבון - איז פון בר מצוה אן, ווען ער ווערט א מחוייב במצוות, הויבט ער אן טראכטן: אזוי ווי בכשך הזמן וועט ער ווערן "בן שמונה עשרה לחופה"[97], און דערנאך וועט ער ווערן "בן עשרים לרדוף" וכו', וועט ער דארפן מפרנס זיין אשתו ובני ביהו (ווי דער אלטער רבי שרייבט אין הל' ת"ת שלו[98] אז דאס איז ערשט ב' או ג' שנים נאך דער חתונה) - איז ווען ער האלט אין רעם טאג פון בר מצוה, קען ער זיך שוין ניט צוטראגן צום לערנען, דערפאר וואס ער דארף טראכטן פון וואס וועט ער מפרנס זיין אשתו ובני ביהו, ווען ער וועט ווערן אלט 23 יאר!

און ווען מ'טומלט אים, היתכן! - זאגט ער אז "אין סומכין על הנס"[99], און ער ברענגט אלע ראיוה פון נגלה און חסידות אז מ'איז ניט ווערד כ'זאל האבן א נס וכו' - און דערפאר דאגה'ט ער ווי וועט ער מפרנס זיין אשהו ובני ביתו אין כמה שנים לאח"ז.

שפאצירן - גייט ער, א צייטונג און א "פייפער" (ניט קיין צייטונג, נאר א "פייפער") לייענט ער, ווארום ער דארף וויסן וואס עס טוט זיך אין וואשינגטאן;

ווען מ'זאגט אים אבער אז אין דער צייט פון סדרי הישיבה זאל ער זיך צוטראגן צום לערנען און לערנען בהחמדה ושקידה, און פארגעסן אויף וואשינגטאן - זאגט ער אז ער קען ניט: אויף וואשינגטאן פארגעסט ער טאקע, ער קען זיך אבער ניט צוטראגן צום לערנען, דערפאר וואס ער דאגה'ט וואס וועט זיין ווען ער וועט ווערן אלט 23 יאר, און ער וועט דארפן פאדדינען אויף דער הוצאה!

- און -

------------

97) אבות פ"ה מכ"ב. 98) פ"ג סוף ה"א. 99) ראה פסחים סד, ב.

און ווען מ'זאגט דעם משפיע - היתכן, וואס לאזטו איס מבטל זיין די צייט, און זיצן און קוקן אויף דער "סטעליע", און טראכטן וואס וועט זיין ווען ער וועט זיין אלט 23 יאר - ענטפערט דער משפיע, אז אזוי ווי ער האט כו"ב הלמידים, קען ער זיך ניט צוטראגן צו קיינעם פון זיי! .

יז. כל הנ"ל איז געווען א מאמר המוסגר - וואס תכליתו איז, ניט מאכן איינציגן שווער אויפן הארצן, מ'וויל אז דאס זאל יענעם דערגרייכן און אנרירן.

- אין לקו"ה ר"פ שמיני (אין דעם דרוש פון לויתן) שטייט דער ווארט "להגיע", און דערנאך שטייט דער אפטייטש דערפון אין חצע"ג - "אנרירען" (ביז צו דעם מאמר שטייט כמ"פ דער זעלבער לשון, און דוקא דא טייטשט ער אפ "אנרירען").

ועד"ז בנדו"ד: עס איז ווייניק אז מ'זאל זיך צורירן, נאר דאס דארף אנרירן, און דער אנרירן דארף זיין אין אן אופן, אז דאס פועל'ט א הזזה בא דעם וואס ווערט אנגערירט.

חוקרים זאגן, אז אפי' ווען מ'רירט זיך צו צו א זאך מיט א נגיעה קלה, מוז יענע זאך ניזוז ווערן ממקומה,

וואס די ראי' אויף דערויף איז פון דעם מאמר הבחיי הידוע[100], אז התינוק משעה שנולד מתחיל להתייבש, ווארום וויבאלד אז מ'זעט אז ווען עס גייען דורך 120 יאר ווערט ער יבש, איז דערפון די הוכחה אז משעה שנולד מתחיל להתייבש, ווארום אויב ניט, וואלטן 120 יאר אויך ניט געהאלפן ער זאל ווערן יבש -

ועד"ז בנדו"ד: וויבאלד אז מ'זעט בעיני בשר אז ווען מ'רירט אן בהוקף, ווערט ער ניזוז ממקומו, איז דערפון א הוכחה אז ווען מ'רירט אים נאר אן, ווערט ער ניזוז ממקומו במקצת עכ"פ.

וכאמור, אז די כוונה בכל הנ"ל איז - אז בשעה מ'לערנט חסידות, ועאכו"כ בשעת מ'לערנט נגלה און דערנאך פסק'נט מען א דין על יסוד דעם לימוד - זאל דער לימוד זיין אין אן אופן, אז ניט נאר אז אזא ענין וועט ניט דורכגיין אומבאמערקטערהייד במשך פון 38 יאר, נאר אפי' א דבר קטן וואס איז שלא בערך לגבי דעם ענין - וועט מען זיך אויך אפשטעלן אויף אים, און דער אפשטעלן זיך וועט זיין אין אן אופן של עכבה, אז ער איז זיך מתעכב אויף דער הבנה והסברה

- פון -

---

100) ראה בחיי עה"פ בראשית א, כח. הובא בסה"מ תש"ד ע' 126. תשי"א ע' 142. ובכ"מ.

הנחת הת' בלתי מוגה

פון דער זאך, ביז וואנעט אז ער פארשטייט דעם ענין לאשורו.

יח. עד"ז בנוגע צו דעם ענין פון "ושבי' בצדקה" - איז אויך דא א דבר פלא:

עס איז איינגעפירט געווארן א מנהג טוב פון כמה שנים לפנ"ז, אז בי"ט כסלו זאל מען מאכן א מגבית, ועד"ז אויך א מגבית וואס איז פארבונדן מיט ימי חנוכה (און דערנאך האט מען דאס געמאכט צוזאמען).

וואדום בי"ט כסלו דארף זיין דער ענין פון נתינת הצדקה - ווי דער אלטער רבי איז מדגיש אין זיינע אגרות קודש[101] די שייכות פון דעם ענין הצדקה צו דער גאולה, עאכו"כ צו א גאולה אין אן אופן פון "פדה בשלום נפשי"[102], וואס דאס איז פארבונדן מיט "העוסק בתורה ובגמ"ח כו'"[103].

ועד"ז אויך בנוגע צו חנוכה - ווי עס ברענגט זיך אראפ אין די הוספות צום שו"ע פון ר' נחמי' דובראוונער[104] - אז בימי חנוכה דארף זיין דער ענין פון נתינת הצדקה.

[און די קושיא הידועה[105], אז מ'האט דאס ניט געזעהן בא רבותינו נשיאינו - איז ניט אין יעדער זאך דארף מען זיך גלייכן צו רבותינו נשיאינו; עס מאכט ניט אויס אז ער וועט געבן צדקה אפי' אין א טאג וואס בעיני בשר שלו האט ער ניט געזעהן ווי אזוי דער רבי האט געגעבן צדקה.

- ער ווייסט ניט וואס הייסט ביים רבי'ן געבן צדקה, און ער ווייסט ניט וואס איז געווען מיטן רבי'ן א רגע לפנ"ז און א רגע לאח"ז, מיט נאך כו"כ פרטים!

און נוצן דאס וואס ער האט ניט געזעהן בעיני בשר שלו ווי דער רבי גיט צדקה, אויף צו פארענטפערן זיך אויף דעם וואס ער איז ניט מוסיף אין דעם ענין הצדקה בימי חנוכה (אזוי ווי עס טוט פב"פ) - איז דאס ניט קיין דרך אין עבודה.

און ווי געזאגט פריער (סי"ב) אז די בחינה פון יעדער זאך איז - וואס עס קומט ארויס דערפון: דערפון קומט ניט ארויס אז ער גיט צדקה, נאר דערפון קומט אדויס אז ער האט א הצדקה (א בארעכטיקונג) אויף דעם וואס ער האט ניט געגעבן קיין צדקה;

ער האט ניט די מצוה פון צדקה, דער עני האט דערפון

- גארניט -

---

101) אגה"ק סוס"ד. ועוד. 102) ל' הכתוב - תהלים נה, יט. וראה היום יום ע' ד. 103) ברכות ח, א. 104) או"ח סתרע"א ס"ט. 105) ראה לקו"ש ח"ה ע' 443 הע' 14.

הנחת הת' בלתי מוגה

גארניט, און דער אויבערשטער האט ניט (כביכול) דעם "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[106].

יט. און ביים פארברייינגען פון היינטיקן יאר, האט מען ניט דערמאנט (מאיזה סיבה שתהי') וועגן דער מגבית - מ'האט ניט דערמאנט בקול תרועה גדולה אז ס'איז דא א מגבית וואס איז פארבונדן מיט י"ט כסלו און א מגבית וואס איז פארבונדן מיט ימי חנוכה -

איז דא א טייל וואס איך ווייס אז אעפ"כ האבן זיי תורם געווען לצדקה, און זיכער איז דא א טייל, וועלכע איך ווייס ניט, וואס האבן אויך תורם געווען לצדקה; עס ווייזט אבער אויס אז ס'איז דא א טייל וואס האבן ניט תורם געווען לצדקה.

איז איינע פון די כוונות פון דער התוועדות - צו דערמאנען אז ס'איז דא דער מנהג טוב צו מאכן א מגבית בי"ט כסלו, און מאכן א מגבית בימי חנוכה.

ווארום אזוי ווי עס קען דאך זיין אז איך בין שולדיק אין דעם וואס איינער (צוויי, דריי צי פיר) האט ניט געגעבן קיין צדקה, דערפאר וואס איך האב ניט געמאכט קיין טומל דערפון אין דער התוועדות פון י"ט כסלו, אדער אין דער התוועדות פון ימי חנוכה -

איז כדאי צו מאכן א התוועדות מיוחדת כדי צו פארריכטן, ממלא זיין און משלים זיין דעם ענין.

[איך האב אמאל געפרעגט איינעם, פארוואס לערנט ער ניט תורה בכל יום? האט ער מיר געזאגט אז איך בין שולדיק.

וואס איז מייך שולד - איך האב אים געדארפט אנקלינגען אינדערפרי, און זאגן אים, אז אזוי ווי ס'איז געקומען א נייער טאג, דארף ער קובע זיין עתים לתורה.

פרעג איך ביי אים: דאס איז דאך אן ענין וואס שטייט אין שו"ע? - זאגט ער: שו"ע איז אן ענין פון נגלה, און זיין עבודה איז אין א העכערן אופן עבודה!

און ער ברענגט גלייך א ראי' פון לקו"ת: עס שטייט אין לקו"ת[107] אז ווען רשב"י איז געווען אין דער מערה, וואס דעמולט האט ער דאך ניט געקענט מקיים זיין די מצוה פון מצה, אתרוג וכיו"ב - האט ער ממשיך געווען די אלע ענינים ברוחניות, וואס דאס איז דער אופן העבודה פון די צדיקים

- וואס -

---

106) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 107) ר"פ שמיני.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס זיינען בבחי' לויתן, עלמא דאתכסיא, אז זיי טוען אויף די אלע ענינים ברוחניות.

ע"פ נגלה איז דאס מלכתחלה ניט קיין שאלה (ווי האט ער מקיים געווען די מצוה), ווארום "אונס רחמנא פטרי'"[108], ובפרט אן אונס וואס איז פארבונדן מיט א סכנה פון פקו"נ ממש (ווען ער וואלט ארויסגעגאנגען פון דער מערה);

אבער בפנימיות הענינים, האט ער געהאט די אלע המשכות ברוחניות, ווארום עיקר עבודתו - אפי' ווען ער האט געגעסן מצה גשמית - איז געווען צו אויפטאן אין רוחניות, ווארום ער איז געווען א נשמה דאצילות, מיט אלע ביאורים שבדבר.

וכאמור, אז איינע פון די סיבות אויף דער התוועדות, איז - דערמאנען וועגן דער מגבית פון י"ט כסלו און ימי חנוכה; און צוזאַמען דערמיט - מודיע זיין אז איבער-א-יאר זאל מען ניט ווארטן ביז מ'וועט מעורר זיין וועגן דערויף, נאר מ'זאל געדיינקען אז איך האב געמאכט א הכרזה אין שנת תשל"ט, און גלייך געזאגט אז ווען עס וועלן קומען בע"ה י"ט כסלו און ימי חנוכה פון שנת תש"מ, זאל מען וויסן אז מ'האט שוין מכריז געווען אז מ'דארף געבן צדקה בקשר מיט י"ט כסלו און בקשר מיט ימי חנוכה.

כ. און דאס וואס מ'האט דאס ניט געטאן בעתו ובזמנו - פעלט טאקע אין דעם ענין הזריזות, אבער ח"ו אז עס זאל פעלן אין דעם ענין אליין, ווארום ער קען געבן לצדקה בסמיכות זמן צו י"ט כסלו און ימי חנוכה.

ובפרט נאך אויב ער וועט געבן צוויי מאל אזוי פיל (צי דריי אדער פיר מאל אזוי פיל) - ווי דער אלטער רבי ברענגט אין אגה"ת[109], אז "הי' רגיל לקרות דף אחד יקרא ב' דפים, לשנות פרק אחד ישנה ב' פרקים".

ובפרט אז אין דערויף איז דאך דא די תקנה וואס איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים וואס דערפון איז דאך דא א הוראה אויף זמננו אלו (נוסף אויף דערויף אז ס'איז דא די עבודה ברוחניות) - ע"פ תורת הבעש"ט[110] אז ווען מ'זעט אן ענין אין גשמיות העולם, דארף מען זוכן (און מ'געפינט) אין דערויף א הוראה אין עבודת ה', עאכו"כ ווען מ'דערוויסט זיך פון א הנהגה וואס איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, איז א זיכערע זאך אז דערפון דארף זיין א הוראה בנוגע לעצמו:

- די -

------------

108) ב"ק כח, ב. וש"נ. 109) פ"ט. 110) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ.

די הרומה פון מחצית השקל איז געווען אין אן אופן אז מ'האט תורם געווען אויך "על העתיד לגבות"[111],

ד.ה. אויב עס זיינען געווען אזוינע וואס (מאיזה סיבה שתהי') האבן נאך ניט געגעבן דעם מחצית השקל (בזמנו), אדער אז מ'האט תורם געווען דעם מחצית השקל, עס איז אבער נאך ניט אנגעקומען אין דער לשכה, אז מ'זאל שוין קענען קויפן דערמיט א קרבן -

איז ווען מ'האט גענומען געלט פון דער לשכה בר"ה ניסן, אויף צו מקריב זיין די קרבנות ציבור - האט מען אין דערויף כולל געווען אויך "העתיד לגבות" במשך כל השנה כולה.

ועד"ז איז אויך בנדו"ד - בנוגע צו דער מגביה פון י"ט כסלו און ימי הנוכה[112].

כא. ויה"ר אז די וואס האבן שוין געגעבן - מאכט ניט אויס אז זיי וועלן מוסיף זיין; און די וואס מאיזה סיבה שתהי' האבן נאך ניט געגעבן (צי בנוגע צו דער מגביה פון י"ט כסלו, אדער בנוגע צו דער מגבית פון ימי חנוכה) - זאלן זיי דאס משלים זיין,

און די שלימות זאל זיין צוזאמען מיט א הוספה - ווי גערעדט בארוכה אין התחלת שנה תשל"ח[113] אז אין דעם ענין השלימות זיינען דא צוויי אופנים:

דער ענין פון שלימות אז עס פעלט ניט קיין זאך. און דער ענין השלימות - אז מ'איז מוסיף נאכמער וויפל דער כלי קען פארנעמען, בדוגמא ווי ס'שטייט[114] אז מדה היבש האט נאך אן ענין של גודש (ווי מ'פלעגט דאס אנרופן אין רוסלאנד - "וויערך").

ובדוגמא ווי מ'געפינט בנוגע צו הודש העיבור - אז דערפון וואס ס'שטייט[115] "המיכה", לערנט מען אפ[116] "להביא את חודש העיבור" [ווען דער ווארט "המיכה" וואלט ניט געווען איבעריק, וואלט דאס געווען "תמימה" אויך אן דעם חודש העיבור, אבער וויבאלד אז דער ווארט "המיכה" איז איבעריק, גייט דאס אויך אויף חודש העיבור] -

ד.ה. אז דער חודש העיבור איז ניט קיין ענין של הוספה, נאר דאס מאכט אז די שנה זאל זיין א "שנה הביכה" (א גאנצע

- שנה) -

------------

111) ראה כהובות קח, א. שקלים פ"ג מ"ד וברע"ב שם.
112) וראה גם לקו"ש ח"ב ע' 653. 113) שיחה מוצאי ש"פ בראשית סי"ב. ועוד. 114) ראה מנחות צ, א במשנה.
115) בהר כה, ל. 116) ערכין לא, א במשנה.

שנה), אע"פ אז אויך אן דעם חודש העיבור וואלט דאס געווען א שנה שלימה - וואס דערפון זעט מען אז אן ענין של הוספה, ווערט אויך נכלל אין דעם ענין השלימות.

כב. און דא איז ניט נוגע די גאנצע שקו"ט און פלפול - נאר כ׳איז נוגע די הכרזה בנוגע צו די מגביות,

ויה"ר אז מ׳זאל דאס טאן, און טאן בשמחה וטוב לבב.

און די נתינת הצדקה זאל זיין אין אן אופן אז מ׳זאל מצליח זיין אויסנוצן דאס אויף דברים הכי טובים ושלמים, ביז וואנעט אז מ׳וועט דאס דארפן נוצן מערניט ווי אויף ענינים פון גמ"ח, ווארום עס וועט מקוים ווערן דער יעוד "אפס כי לא יהי׳ בך אביון"[117], מערניט ווי אן עשיר וואס דארף האבן דעם גמ"ח לאוחה שעה[118].

און דאס זאל ברענגען בקרוב ממש דעם קיום היעוד "ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה", וואס דעמולט וועט בטל ווערן דער ענין פון "רוח הטומאה"[119], און עס וועט בטל ווערן דער ענין פון עניות, ווי דער רמב"ם זאגט אין דעם סיום פון הל׳ מלכים אז אין ימות המשיח וועט ניט זיין דער ענין פון עניות.

און אין די לעצטע טעג פון גלות וועט שוין זיין דער "רב טוב"[120], ובלשון הידוע - בני חיי ומזוני, ובכולם - רויחי,

ביז צום מרחב האמיתי והכי גדול, וואס נעמט זיך פון דעם מרחב העצמי - אין דעם זמן וואס עס וועט זיין "פרזות תשב ירושלים"[121], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

כג. דער סיום פון ימי חנוכה איז דאך דער יום השמיני פון חנוכה, וואס לויט "מנהג ישראל" (וואס "מנהג ישראל תורה הוא") ווערט דער טאג אנגערופן "זאת חנוכה".

ובפרט לויט ווי דער צ"צ ברענגט אראפ אין דעם מאמר הידוע ד"ה ברוך שעשה נסים[122], אז דער יום השמיני פון חנוכה ווערט אנגערופן "זאת חנוכה" [וואס דער מאמר איז געזאגט געווארן דורך דעם אלטן רבי׳ן, און דערנאך זיינען צוגעקומען הערות און הוספות פון דעם צ"צ[123] - ווייסט מען ניט אין וועלכן חלק פון דעם מאמר שטייט דאס, צי אין דעם חלק וואס

- איז -

------------

117) ראה טו, ד. 118) ראה סוכה מט, ב. 119) ראה זכרי׳ יג, ב. 120) ראה תענית כג, א. 121) זכרי׳ שם, ח.
122) נדפס באוה"ת חנוכה (כרך ה) תתקנז, ב ואילך.
123) ראה הוספה לאוה"ת שם תתריד, א-ב.

איז פון דעם אלטן רבי'ן, אדער אין דעם חלק פון דעם צ"צ.

וואס אין דעם מאמר[124] איז ער מבאר אז שמונת ימי חנוכה זיינען בדוגמת שמונת ימי המילואים, וואס דער ענין פון שמונת ימי המילואים איז, די "המשכה משבעה יומין דעתיק . . עד שנמשך . . במלכות, והוא יום השמיני למילואים" און ער זאגט אויף דערויף "כ"מ בזח"ג ר"פ שמיני", און דערנאך איז ער ממשיך אז אזוי איז אויך בנוגע צו שמונת ימי חנוכה, "ולכן יום השמיני נק' זאת חנוכה, זאת חנוכת המזבח[125], זאת היא מלכות כנודע".

וואס לויט דעם פירוש קומט אויס, אז די שבעה ימים (ז') און דער יום השמיני (א'), וואס פון זיי שטעלט זיך צוזאמען דער ווארט "אז" פון "זאת (חנוכת המזבח)" - גייט דער ז' אויף די שבעה מדות, ביז ווי די שבעה מדות שטייען בשרשם, "שבעה יומין דעתיק", און זיי ווערן נמשך אין דעם א', וואס דאס גייט אויף ספירת המלכות - וואס דאס איז דער ענין פון "זאת", ווארום "זאת היא מלכות".

און דערנאך ברענגט ער, אז "במ"א נתבאר להיפך שענין ח' ימים היינו ע"ד א"ז שהם ז"מ המקבלים מבחי' אל"ף הוא כתר כו'", וואס לויט דעם פירוש קומט אויס, אז ניט דער ז' איז העכער פון דעם א' (ביז צום ריחוק הערך וואס איז דא צווישן מלכות און עתיק), נאר אדרבה, דער א' איז העכער פון דעם ז', ווארום די ז' מדות זיינען מקבל פון דעם א', וואס דאס גייט אויף ספירת הכתר - עתיק.

כד. לכאו' איז ניט ברור אויף וועלכן פירוש שטעלט ער זיך בנוגע צו "זאת חנוכה" - אבער וויבאלד אז אויפן ערשטן פירוש ברענגט ער דעם זהר, און אויף דערויף ברענגט ער דעם פסוק "זאת חנוכת המזבח" וואס "חנוכת המזבח" איז געווען ביום השמיני למילואים, וואס ער איז פארבונדן מיט יום השמיני פון חנוכה, און נאכמער: די קריאה פון יום השמיני דחנוכה איז - "זאת חנוכת המזבח" - איז פארשטאנדיק, אז בנוגע צו "זאת חנוכה" איז מער שייך דער ערשטער פירוש, אז דאס איז די המשכה פון די ז' מדות דעתיק אין מלכות.

נאך א ראי' מוכחח לזה:

אין דעם קיצור פון דעם סעיף (ס"ד) וואס יש אומרים אז דער גאנצער מאמר, אויך די שפעטערדיקע סעיפים, איז פון דעם אלטן רבי'ן, נאר די קיצורים און די הערות וועלכע קומען אין חצע"ג זיינען פון דעם צ"צ, ברענגט זיך אראפ

- נאך -

---

124) שם תתקסב, א. 125) ל' הכתוב - נשא ז, פד.

נאר דער פירוש אז שמונת ימי המילואים זיינען די המשכה פון ז"ת דעהיק אין מלכות, וואס דאס איז דער ענין פון "<u>זאת</u> חנוכת המזבח", וואס "זאת" איז מלכות.

בנוגע צו "א"ז" זיינען דא צוויי פירושים: אבער בנוגע צו "זאת", איז דא בערניט ווי איין פירוש - אז "זאת" איז דער ענין פון ספירה המלכות, "זאת דא היא יראת ה׳"[126], וואס "יראת ה׳ דא איהי תרעא לאעלא"[127].

עאכו"כ לויט דעם וואס מ׳פארבינדט דאס מיט "זאת חנוכת המזבח" - וואס "מזבח" איז דער ענין פון ספירת המלכות[128].

כה. בנוגע צו דעם ענין פון "חנוכת המזבח" - וואלט מען נאך געקענט דינגען זיך צי ער מיינט דעם ערשטן פירוש, אדער דעם צווייטן פירוש:

אין דעם מאמר[129] איז ער מבאר, אז דער ענין פון חנוכת המזבח איז געווען פארבונדן מיט "שמן המשחה" - וואס מ׳האט מושח געווען דעם משכן מיט אלע זיינע כלים, כולל אויך דעם מזבח.

און ער איז מבאר אז דער "שמן המשחה" ווערט אנגערופן "שמן משחה קדש"[130], "שבו מושחים את הקדש (מלה בגרמי[131]) שהוא חכמה עילאה, להיותו למעלה מבחי׳ חכמה, והוא בחי׳ ח"ס",

ווי ער איז מבאר דארטן, אז "שכל הגלוי במוח נק׳ בשם מים", און "האור למעלה מבחי׳ המים", און "מהשמן נמשך האור" - ד.ה. אז "שמן" איז דער מקור פון דעם ענין האור, וואס אור איז העכער פון דעם ענין המים, וואס דערפון איז פארשטאנדיק גודל המעלה פון דעם ענין השמן.

און אין דערויף קומט נאך צו וואס אין "שמן המשחה" איז געווען "בשמים ראש"[132], וואס דאס איז נאך העכער פון שמן סתם, ווי ער איז דארטן מבאר.

איז וויבאלד אז דער ענין פון "חנוכת המזבח" איז פארבונדן מיט "שמן המשחה", וואס דאס איז א דרגא נעלית ביותר (כנ"ל), וואלט מען נאך געקענט שטיין בספק צי ער מיינט דעם ערשטן פירוש, אדער דעם צווייטן פירוש (- בנוגע צו "זאת חנוכה");

אבער אעפ"כ, מצד דערויף וואס מ׳זאגט אויף דערויף

- "<u>זאת</u>" -

---

126) זח"ג נו, ריש ע"ב. 127) זח"א יא, ב. ועוד.
128) לקו"ת שה"ש .כז, ב. ועוד. 129) אוה"ת שם תתקסא, ב.
130) תשא ל, כה. 131) זח"ג צד, ב. 132) תשא שם, כג.

"זאת חנוכה המזבח", און אויך "זאת" זאגט ער בפשטות אז דאס איז דער ענין פון ספירה המלכות [ובפרט כצד דערויף וואס אין דעם קיצור ברענגט ער אראפ מערניט ווי דעם ערשטן פירוש, כנ"ל] - איז פארשטאנדיק, אז דער צווייטער פירוש איז נאר בנוגע צו דעם ענין פון "א"ז", עס איז אבער ניט קיין פירוש בנוגע צו יום השמיני דחנוכה, "זאת חנוכה". וואס אזוי קען מען זאגן בדא"פ עכ"פ.

כו. האמור לעיל, אז דער ענין פון "זאת חנוכה" איז, די המשכה פון שבעה יומין דעתיק אין מלכות - איז פארבונדן דערמיט וואס אין "זאת חנוכה" צינדט מען אן אכט ליכט, "כנגד ימים היוצאין"[133], וויבאלד אז אלע "ימים היוצאין" ווערן נכלל אין דעם טאג:

ספירה המלכות ווערט דאך אנגערופן "כנסת ישראל", דערפאר וואס ספירה המלכות איז כונסת ואוספת אין זיך די אלע דרגות וספירות שלמעלה ממנה[134] (די ששה מדות, אדער די שבעה מדוה (כדלקמן סכ"ז))

וואס די ספירות ווי זיי שטייען אין מלכות, זיינען זיי ניט אין אן אופן פון "בכח", נאר זיי שטייען דארטן "בפועל", וואס דערפאר זיינען זיי משפיע אין ספירת המלכות.

און וויבאלד אז דער ענין פון "זאת חנוכה" איז, די המשכה פון די שבעה יומין דעתיק אין מלכות, ד.ה. אז דעמולט איז דא אין ספירת המלכוה דער גילוי פון די שבעה יומין דעתיק אין אן אופן פון "בפועל" - איז דאס מתאים מיט שיטת ב"ה, אז אין דעם יום השמיני פון חנוכה זיינען נכלל אלע "ימים היוצאין" (שבעה יומין דעתיק) אין אן אופן פון "בפועל", ווארום דער טאג פון "זאת חנוכה", וואס ענינו איז ספירת המלכות, איז כונס ואוסף די אלע דרגוה שלמעלה ממנו, אין אן אופן אז די אלע דרגות שטייען אין אים "בפועל".

כז. אין דערויף (וואס מלכות ווערט אנגערופן כנס"י דערפאר וואס זי איז כולל אין זיך אלע ספירוה שלמעלה ממנה) גופא זיינען דא צוויי אופנים:

ווען ס'רעדט זיך וועגן "כנסת ישראל", איז (ע"פ רוב) מבואר אז "ישראל" איז די ששה מדות, אדער ו' פעמים ו' וואס דאס איז ל"ו, ביז צו ששים רבוא - ווי דער ו' איז כלול פון יו"ד, און די יו"ד זיינען כלול פון יו"ד וכו', ביז צו ששים רבוא.

- און -

---

133) שבת כא, ב. 134) קה"י ערך כנסת ישראל.

הנחה הת' בלתי מוגה

און אמאל רעדט זיך ווי מלכות קומט אדאפ למטה מאצילות, וואס דעמולט איז די כונס אין זיך אלע שבעה מדות (ניט נאר ששה מדות, ווי געזאגט פריער) - די ששה ספירות פון ז"א, צוזאמען מיט ספירת המלכות ווי די שטייט אין אצילות.

וואס דערצו דארף מען האבן א העכערן כח - בדוגמא פון יום השמיני למילואים, וואס עד איז שומר את ההיקף[135], וואס דער היקף איז די שבעת ימי בראשית;

פריער איז דא דער יום השבת, וואס ער איז כולל אין זיך די אלע טרחות וועלכע זיינען געווען אין די ששת ימי השבוע, כמרז"ל[136] "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", וואס די אלע ענינים וואס זיינען געווען אין די ששה ימים, זיינען עולה אין יום השבת,

און דערנאך איז דא ווי אין יום השבת איז דא בהעלם דער ענין פון יום השמיני (שומר ההיקף), ביז וואנעט אז בכמה ענינים שטייט דער ענין פון יום השמיני בגלוי, וואס איינער פון די ענינים איז - שמונה ימי חנוכה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז ער זאגט אין דעם מאמר אז "זאת חנוכה" איז דער ענין פון מלכות, איז דאס אבער כולל אין זיך אלע מדות שלמעלה ממנה, ניט נאר די ששה מדוה, נאר אלע שבעה מדות, כולל אויך ספירת המלכות, ווארום דאס איז דער ענין פון מלכות ווי די שטייט אין אצילות, ביז אין עתיק, און דאס איז דער ענין פון מלכות ווי די קומט אראפ אין "מזבח", אין דעם "משכן", און אין "ושכנתי בתוכם"[137] - "בתוך כל אחד ואחד מישראל"[138].

כה. מ'האט דערמאנט פריער (סכ"ו) אז דאס וואס "זאת חנוכה" איז די המשכה פון שבעה יומין דעתיק אין מלכות, איז פאר-בונדן דערמיט וואס דער טאג פון "זאת חנוכה" איז כולל אין זיך אלע זיבן טעג פון חנוכה - די אלע "ימים היוצאין", ווי גערעדט נעכטן פאר די קינדער בארוכה[139].

וואס דאס איז שלא כדעת הטועים אז וויבאלד תורה זאגט אז עס דארף זיין "חנוך לנער ע"פ דרכו"[140] (וואס בפשטות מיינט דאס אז בשעת מ'לערנט און מ'איז מחנך א קינד, דארף מען זיך צופאסטן צו זיין הבנה והשגה) - מעג מען אים זאגן א פירוש בכתוב וואס איז ניט מתאים אל האמת ת"ו, און

- דערנאך -

------------

135) ראה שו"ת הרשב"א ח"א ס"ט. ד"ה ויהי ביום השמיני תש"ד (פי"א) ותש"ה (פ"ב). 136) ע"ז ג, א. 137) תרומה כה, ח. 138) ר"ח שעד האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. 139) שיחת יום א', אור לח' דחנוכה ס"ז ואילך. 140) משלי כב, ו.

דערנאך ווען ער וועט עלטער ווערן, וועט מען אים מסביר זיין אז וויבאלד ער איז נאך דעמולט געווען קליין, און ער האט ניט געקענט פארשטיין דעם ענין לאמיתתו, האט מען אים געדארפט זאגן ניט ווי די זאך איז לאמיתתו -

עס קען ניט זיין אז בשעת מ'פארזייט היפך האמת, זאל אויסוואקסן אמת; אמת וואקסט פון אמת!

און ווי גערעדט אמאל בארוכה בנוגע צו דעם "מנהג ישראל" (וואס "תורה הוא") אז ווען מ'פירט אריין א קינד אין "חדר" (ווען ער איז אלט דריי יאר) וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "חנוכת המזבח"[141], ווארפט מען אים פון הויבן ממתקים, און מ'איז אים מסביר אז דאס ווארפט מלאך מיכאל[142] - אזוי פירט מען זיך אין כו"כ בתי ישראל, און אזוי פירן זיך נשים צדקניות בישראל.

און ווען מ'פרעגט: היתכן, ווי אזוי זאגט מען דעם קינד אז דאס ווארפט מלאך מיכאל, בשעת אז דאס ווארפט זיין פאטער אדער די מוטער, דער עלטערער ברודער אדער א שוועסטער, אדער דער מלמד?! - זאגט מען אז די הסברה אין דערויף איז, וויבאלד אז ער איז א קליין קינד, מעג מען אים זאגן אז דאס ווארפט מלאך מיכאל.

וואס דאס איז ניט קיין ריכטיקע הסברה - ווארום: דאס איז דאך א "מנהג ישראל" וואס "תורה הוא", און תורה איז דאך "תורת אמת" - איז ווי קען מען זאגן דעם קינד אן ענין וואס איז ניט אמת?! ובפרט נאך מאכן דערפון א "מנהג ישראל" - און לפועל זעט מען דאך, אז דוקא דורך די מנהגים וואקסן אויס פרומע קינדער.

האט מען גערעדט אמאל בארוכה דעם ביאור בזה - אז דער ענין פון מלאך מיכאל איז, דאס וואס "מיכאל שרכם"[143], און בשעת אז דער פאטער צי די מוטער וכו' ווארפן אים ממתקים, טוען זיי דאס אלס א שליח פון "מיכאל שרכם", וואס מלאך מיכאל איז "שרכם" פון דעם קינד וועלכן מ'פירט אריין אין "חדר".

און דער כללות הענין וואס מ'ווארפט אים ממתקים, איז פארבונדן דערמיט וואס תורה איז מתוקה מיט א מתיקות הכי גדולה, וואס דערפאר פארבינדט מען דאס מיט א מתיקות גשמית - א זיסיקייט,

אבער ח"ו צו זאגן אז מ'נארט אים אפ און מ'גיט אים אן

- אנדער -

---

141) תו"א וישב כט, ד. לקו"ת ברכה צח, סע"ב ואילך. אוה"ת שם. 142) ראה סה"ש תש"א ע' 30. 143) דניאל י, כא.

אנדער זיסיקייט - ווארום דאס וואס ס'איז דא די זיסיקייט אין גשמיות, איז דאס דערפאר וואס "נשתלשלו מהן"[144] - פון דער מתיקות פון תורה, ווארום "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[145] - וויבאלד אז תורה איז מתוקה, איז דערפון נמשך געווארן דער ענין המתיקות אין דער זיסיקייט, דורך דערויף וואס "נסעה וירדה בסתר המדרגות ממדרגה למדרגה"[146], און איז נשתלשל געווארן ביז למטה אין גשמיות.

עס איז מערניט וואס בשעת מ'רעדט וועגן דערויף מיט אן ערוואקסענעם מענטש, קען מען אים דערציילן און מסביר זיין די פרטי הדברים - אז דאס איז מערניט ווי א לבוש, און אין דערויף איז מלובש מלאך מיכאל, און אז אין דערויף איז דא די מתיקות פון תורה וכו';

ווען דער קינד איז אבער אלט מערניט ווי דריי יאר (וואס דעמולט הויבן זיך שוין אן מפה מנהגים ווי מ'דארף זיך פירן מיט אים, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו רעכנט אויס די אלע מנהגים[147]) - מוז מען אים דאס געבן דורך א לבוש; דער לבוש איז אבער מערניט ווי א משל, און דער עיקר איז - דאס וואס איז מלובש אין דעם לבוש, נאר אזוי ווי דער מלובש קען ניט שטיין בגילוי, מוז ער אָנטאן אויף זיך א לבוש.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען מ'גיט דעם קינד דעם לבוש, איז ניט דער טייטש אז מ'גיט אים דעם לבוש אָן דעם מלובש - מ'גיט אים דאס צוזאמען מיט דעם מלובש: צוזאמען מיט מלאך מיכאל, און צוזאמען מיט דער מתיקות פון תורה, וואס "נסעה וירדה" א ריבוי מדרגות, כדי אז א אידיש קינד זאל גיין בדרך התורה והמצוה, אזיך ווען ער איז ערשט געווארן דריי יאר אלט, וואס דעמולט איז מען אים שוין מחנך מיט פאות הראש, זאגן ברכות השחר, שלאפן מיט א יארמולקע, מיט אלע פרטים וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר רעכנט אויס.

וואס דערפון איז אויך אויך פארשטאנדיק, אז ווען מ'דארף זאגן עפעס דעם קינד, אין אזא שפראך און מיט אזוינע משלים ודוגמאות וועלכע ער וועט קענען פארשטיין (דערפאר וואס ער האט צוטאן מיט אזוינע ענינים) - דארף דער משל ודוגמא זיין צוגעפאסט צום נמשל ווי ער איז אין אמיתית הענינים,

וואס דעמולט איז בשעת ער גיט אים דעם משל, גיט ער אים אין דערויף אויך דעם נמשל, אע"פ אז דער נמשל איז מלובש אין דעם לבוש חיצוני פון דעם משל.

- כט. -

---

144) ל' התניא רפ"ג. 145) זה"ב קסא, ב. 146) ל' התניא פ"ד (ח, ב). 147) היום יום ע' נא.

כט. בהמשך להאמור לעיל אז אין דעם טאג פון "זאת חנוכה" זיינען כלול אלע "ימים היוצאין" - איז די וואס האבן נאך ניט דערטאן די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דער מגבית פון ימי חנוכה, ועד"ז בנוגע צו די אנדערע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ימי חנוכה -

האבן זיי דעם טאג פון "זאת חנוכה", וואס ער איז כולל און כונס אין זיך אלע טעג פון חנוכה - וואס דעמולט קען מען משלים זיין די אלע ענינים וואס מ'האט ניט דערטאן לפנ"ז.

און ווי געדעדט געכטן פאר די קינדער בארוכה, אז מ'זעט בעיני בשר ווי דער טאג פון "זאת חנוכה" איז כולל אין זיך אלע "ימים היוצאין" - ווארום מ'זעט אז מ'צינדט אן נאך זיבן ליכטלעך (חוץ פון דעם ליכטל וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג), און אויף דערויף זאגט מען אז דאס איז "כנגד ימים היוצאין" - דאס זיינען די זיבן טעג וועלכע זיינען דורכגעגאנגען, און איצטער צינדט מען זיי אן נאכאמאל פון-דאס-נײַ,

און די ברכה וואס מ'מאכט, גייט ניט נאר אויפן נר וואס איז פארבונדן מיט דעם יום השמיני, נאר דאס גייט אויף אלע אכט נרות וואס ער צינדט אן, און ערשט דערנאך וואס מ'צינדט אן אלע נרות, זאגט מען "הנרות הללו" - כידוע דער מנהג[148] וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט מגלה געווען און קובע געווען [און עס קען גאר זיין אז אזוי פירט מען זיך בכל מקום[149]], אז אמירה "הנרות הללו" דארף זיין לאחרי הדלקת כל הנרות (ניט נאר לאחרי הדלקה הנר העיקרי - דער נר וואס איז צוגעקומען אין דעם טאג).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין "זאת חנוכה" קען מען משלים זיין די אלע ענינים וואס מ'האט ניט דערטאן לפנ"ז, וויבאלד אז דער טאג איז כולל אין זיך אלע "ימים היוצאין".

ל. די הוראה דערפון איז פארשטאנדיק בפשטות:

אע"פ אז מ'שטייט שוין אין דעם אכטן טאג פון חנוכה (וואס ער איז ע"ד יום השמיני למילואים), און אין דעם טאג גופא - בסיום היום [ס'איז שוין נאך "משתשקע החמה" (ניט נאר תחלת השקיעה - שקיעה ראשונה[150]), ס'איז נאך אבער פאר מעריב],

דארף מען וויסן אז דער טאג פון "זאת חנוכה" איז כולל

- אין -

-------------

148) ראה ספר המנהגים חב"ד ע' 70. 149) ראה פמ"ג (מ"ז) סתרע"ו סק"ה וסתרע"ב (א"א) סק"ג. 150) ראה תוד"ה נפסל - מנחות כ. ב.

הנחת הת' בלתי מוגה

אין זיך די אלע זיבן טעג שלפנ"ז - דער אות ז׳ פון "זאת", וואס זיי ווערן נכלל אין דעם א׳ - דער ענין פון מלכות, וואס דאס איז דער יום השמיני פון חנוכה, ועאכו"כ אז ער האט אין זיך די אלע ענינים פון דעם טאג פון ספירות המלכות.

און דוקא אין דעם טאג וואס איז פארבונדן מיט ספירת המלכות, ווערן נתגלה נאכאמאל פון-דאס-ניי די אלע זיבן ליכטלעך, און אין אן אופן פון "חדשים" ממש, א נייע פתילה, נייע שמן, מיטן גאנצן שיעור וכו׳, ביז אז ס׳שטעלן זיך אויס אלע שמונה נרות.

וואס די הוראה וואס מ׳נעמט דערפון ארויס על כל השנה כולה - איז (ווי גערעדט נעכטן בארוכה):

ווען עס גייען דורך אלע-ערליי עבודות פון אלע שבעה ימים (וואס זיי זיינען כולל אין זיך דעם גאנצן היקף פון זמן[151]), און ער זעט אז אומעטום (פון דעם ערשטן טאג ביז צום זיבעטן טאג) דארף ער נאך משלים זיין - קען ער דאך אריינ-פאלן אין א יאוש - זאגט מען אים אז ער קען דאס אלץ משלים זיין.

ועד"ז לאידך גיסא - ביי אים איז דורכגעגאנגען א גאנצע וואך (דער גאנצער היקף הזמן) בשלימות, ביז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין" - איז לכאו׳, וואס האט ער נאך צו טאן אין דעם אכטן טאג, בנוגע צו די פריערדיקע זיבן טעג -

זאגט מען אים, אז וויבאלד דער אויבערשטער האט אים אויפגעשטעלט אין דער דרגא אז ער האלט אין דעם אכטן טאג - דארף ער אנצינדן נאכאמאל די אלע פריערדיקע טעג פון-דאס-ניי, מיט א התחדשות הכי גדולה.

וואס דער ביאור בזה איז - ע"ד המבואר אין תניא[152] בנוגע צו דעם ענין התשובה, אז "עיקר התשובה בלב, והלב יש בו בחי׳ ומדרגות רבות", וואס דערפאר איז אע"פ אז ער האט שוין תשובה געטאן לפנ"ז, און ס׳איז געווען א תשובה שלימה ביז אין הכלית השלימות - אעפ"כ, עס קען זיין אז איצטער שטייט ער אין א העכערע דרגא, און דערפאר דארף ער נאכאמאל תשובה טאן פון-דאס-ניי אויף אלע ענינים, אפי׳ אויף די ענינים וואס די תשובה איז געווען בתכלית השלימות ביז אז "זדונות נעשו לו כזכיות".

וע"ד הענין וואס בדענגט זיך אראפ אין כמה מאמרים,

- דאס -

------------

151) ראה לקו"ת שה"ש כה, א. ד"ה ויהי ביום השמיני תש"ד ס"י. 152) פכ"ט (לו, ב).

דאס וואס ס'שטייט אין פרע"ח153 בנוגע צו "ובא לציון גואל", אז דעמולט האט מען מעלה געווען א גדול פון איין עולם אין א צווייטן עולם, און דערפאר איז געווארן א גאנצער ענין דערפון וואס עס האט ביי אים געפעלט אין היסח הדעת וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

וואס דער ביאור בזה איז - אז אין דעם עולם וואו ער איז געווען פריער, איז ער טאקע געווען בתכלית השלימות, אבער אזוי ווי מ'האט אים מעלה געווען אין אן עולם נעלה מזה, מאנט מען פון אים מער דקות'דיקע ענינים, ביז וואנעט אז ער דארף תשובה טאן פון-דאס-ניי אויף די פריערדיקע ענינים.

לא. וכאמור לעיל אז דאס וואס "זאת חנוכה" איז כולל אין זיך אלע "ימין היוצאין", איז אן ענין וואס מ'זעט בגלוי בעיני בשר, ביז וואנעט אז מ'קען דאס ערקלערן צו א פיצל קינד:

ער זעט אז מ'צינדט אן אכט ליכטלעך, און מ'זאגט אים אז איין ליכטל איז פארבונדן מיטן אכטן טאג, און די איבעריקע זיבן ליכטלעך זיינען פארבונדן מיט די זיבן טעג וואס זיינען שוין דורכגעגאנגען.

פרעגט ער: היתכן, אין די זיבן טעג האט מען דאך שוין אנגעצונדן ליכט פאר-זיך (ער ווייסט אז אין דעם זיבעטן טאג האט מען אנגעצונדן זיבן ליכט, אין דעם זעקסטן טאג - זעקס ליכטלאך, א.ז.וו.)?!

איז מען אים מסביר (מיט א הסברה וואס א קליין קינד, ובפרט א אידיש קינד, קען אויך פארשטיין), אז דאס איז "כנגד ימים היוצאין", ד.ה. אז דורך דעם וואס מ'צינדט אן ביום השמיני זיבן ליכטלאך, כנגד די זיבן טעג וואס זיינען שוין דורכגעגאנגען, קען מען ליכטיק מאכן די אלע זיבן טעג,

און וויבאלד אז מ'קען ליכטיק מאכן די אלע זיבן טעג, איז דערפון גופא די הוכחה אז מ'דארף זיי ליכטיק מאכן; און דערפון איז אויך א הוכחה אז מ'האט אים געגעבן דעם כח אז ער זאל דאס קענען דורכפירן, ביז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין".

לב. וכאמור לעיל (סכ"ח) אז בשעת מ'איז מסביר דעם קינד א געוויסן ענין, טאר מען אים ניט זאגן קיין ענין וואס איז ניט אמת - מ'דארף אים זאגן דעם ענין ווי ער איז לאמיתתו, מ'מעג נאר זאגן דעם ענין מיט א משל ודוגמא, וויבאלד אז תורה אליין איז "נסעה וירדה", ביז אז זי איז אראפגעקומען אין "דיו על הקלף",

- וואס -

---

153) שער התפילין פ"י.

וואס דאס איז כללות ענין התורה וואס "נמשלה התורה למים מה מים יורדין ממקום גבוה למקום נמוך"[154], אזוי איז אויך בנוגע צו תורה, אז זי קומט אראפ "ממקום גבוה למקום נמוך" -

און דאס ווערט א הוראה ("תורה" מלשון הוראה[155]) לכאו"א בהנהגתו, אז ער דארף אויך אראפקומען "ממקום גבוה למקום נמוך" - און ווען ער קומט אין א "מקום נמוך", טוט ער אן א "פעלץ" וואס איז צוגעפאסט צו דער קעלט פון דעם "מקום נמוך"; דאס איז אבער מערניט ווי א לבוש, און דארטן איז רא דער מלובש, אבער ח"ו ער זאל אים געבן מערניט ווי דעם "פעלץ", און דער מענטש (דער "אדם העליון") זאל בלייבן אין עולם האמת.

ער גיט אים דאס טאקע דורך אן ענין של משל ודוגמא, ביז צו "שלשת אלפים משל" (ווארום כדי אז תורה זאל אראפ-קומען למטה ביז אין "דיו על הקלף", דארף זיין א מורא׳דיקע ירידה) - אין דערויף דארף אבער זיין דער ענין פון תורה ווי זי איז מצ"ע, וואס אין דעם אופן איז זי "נסעה וירדה" אין אלע מדרגות.

און די שאלה - ווי אזוי קען מען געבן צו פארשטיין א קינד אן ענין פון עולם האצילות, וואס אין הורה גופא איז דאס "רזין דרזין"? - איז דער ביאור בזה: אויב עס וואלט געוועז אוס-מעגליך צו טאן דעם ענין, וואלט ניט געווען קיין הוראה אז מ׳זאל אזוי טאן.

וואס דער ביאור אין דערויף איז - וויבאלד אז "אנא נפשי כתבית יהבית"[156], דער אויבערשטער האט זיך ארייגעשטעלט אין דעם ווארט "אנכי", און דער ווארט "אנכי" איז אראפ-געקומען ביז אין "דיו על הקלף" -

און דערנאך הויבט מען אן לערנען די תורה מיטן קליין קינד, און מ׳זאגט אז דאס איז "מורשה קהלת יעקב"[157] - אזוי ווי א יורש ווערט דער גאנצער בעה"ב אויף דער זאך וועלכע ער ירש׳נט, אזוי ווערט דער קליין קינד דער בעה"ב אויף דער תורה - וואס דערפאר קען מען אים געבן צו פארשטיין (לויט זיין הבנה והשגה) יעדער ענין אין תורה.

ביז וואנעט אז אפי׳ ווען מ׳וויגט אייך א קינד ווען ער איז נאך ניט אלט דריי יאר, און מ׳זינגט אים אז די תורה איז די בעסטע סחורה - איז ניט ווי אנדערע רעדן זיך איין,

- אז -

------------

154) תניא פ"ד. וראה תענית ז, א. 155) זח"ג נג, ב. 156) שבת קה, א. 157) ברכה לג, ד.

אז אזוי ווי מ'דארף זעהן אז דער קינד זאל אנטשלאפן ווערן, קלייבט מען אויס א ניגון וואס האט אידישע ווערטער מיט א אידישן תוכן, עס האט אבער ניט קיין שייכות צום קינד,

[ווארום ער האט ניט קיין שייכות צו "סחורה", און ער האט ניט קיין שייכות צו קענען פאנאנדערקלייבן צי דאס איז א גוטע סחורה צי די בעסטע סחורה, ועאכו"כ אז ער האט ניט קיין שייכות צו פארשטיין אז תורה איז אויך אן ענין של סחורה אין עוה"ז הגשמי, און נאכמער: אז דאס איז בעסער פון די אלע זיסיקייטן און אלע ענינים אין וועלכע דער קינד קאכט זיך, אדער די ענינים אין וועלכע דער קינד קאכט זיך נאך ניט, ער זעט אבער אז זיין טאטע און זיין מאמע קאכן זיך אין דעם] -

נאר ווען מ'זינגט אים אז די תורה איז די בעסטע סחורה, ווערט דאס איינגעקריצט ביי אים - ניט דורך דעם ענין פון שכל, נאר מצד די פשטות פון דעם קינד.

וכאמור לעיל אז מ'גיט איבער דעם קינד דעם גאנצן אמת - און אז ער וויל זעהן און א קוק טאן וואס איז די "סחורה", באווייזט מען אים א צאצקע וכו': מ'איז אים אבער דערביי מסביר אז די מציאות פון דער צאצקע נעמט זיך דערפון וואס "ואהי' אצלו גו' שעשועים"[158], וואס דערפון נעמט זיך די מציאות פון "שעשועים" בעולם, און דערפון ווערט א צאצקע ביז וועלכע א אידיש קינד שפילט זיך [און דערנאך, כדי ס'זאל זיין דער ענין פון בחירה, ווערט דערפון א מציאות פון צאצקעס בא ניט אידישע קינדער] - ניט נאר אז דאס איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל ובשביל התורה"[159], נאר כמרז"ל "אסתכל באורייתא וברא עלמא" - פון תורה איז געווארן די גאנצע מציאות פון שמים וארץ וכל אשר בהם.

ס'איז ניט קיין נפק"מ צי די מוטער ווייסט די אלע ענינים אדער ניט - ווארום זי האט דאס געהערט פון נשים זקנות און נשים צדקניות שבישראל, וואס אויף דערויף זאגט דאך דער רשב"א[160] אז אפי' ששים רבוא סברות קענען אויך ניט מבטל זיין א מנהג פון נשים זקנות שבישראל (ער זאגט ניט נשים חכמניות, נאר נשים זקנות סתם)!

עס קען טאקע זיין אז זי ווייסט ניט די אלע רמזים, אבער אעפ"כ, בשעה זי גיט דעם קינד דעם לבוש, גיט זי אויך דאס וואס איז מלובש אין דעם לבוש - וואס דאס נעמט מען מיט

- אמונה -

------------

158) משלי ח, ל. 159) פרש"י ר"פ בראשית. 160) ס"ט. וראה שו"ת הרשב"ן סקמ"א.

אמונה פשוטה, וויבאלד אז "שם שמים שגור בפיו"[161],

און ווען זי זינגט פאר א פיצל קינד, נאך איידער אז ער איז מתחיל לדבר, ער איז ערשט געבארן געווארן, אדער אז ער איז אלט א וואך, א חודש, צי א פאָר חדשים, זינגט מען אים שוין אז די תורה איז די בעסטע סחורה - ווערט דאס איינ-געקריצט ביים קינד, ביז וואנעט אז דאס פירט אים דערנאך במשך פון דעם גאנצן לעבן, אז עס וואקסט א פרומער קינד, און א קינד וואס ברענגט נחת צו זיינע עלטערן, צום זיידן און צו דער באבע, און ברענגט נחת צו אלע אידן, ביז אויך נחת צום אויבערשטן כביכול - "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני".

לג. ועד"ז ווען מ'מיינט אז מ'רעדט שוין מיט אן ערוואקס-ענעם, אדער ווען מ'רעדט מיט זיך אליין, און ער איז דאך זיכער אז ער איז דער גרעסטער חכם אין היינטיקן דור, און ער ווייסט שוין וואס רוחניות איז, און וואס תורה איז, און וואס סחורה איז וכו' - איז מען אים אויך מסביר, אז תורה ווערט אנגערופן בשם משל[162], ווארום נאך זיין גאנצע הבנה והשגה, האט ער נים קיין השגה וואס איז די מציאות פון רוחניות.

ער ווייסט אז ס'איז דא די מציאות פון רוחניות - ער ווייסט אבער נים וואס איז די מציאות פון רוחניות, ועאכו"כ אז ער ווייסט נים וואס איז די מהות פון רוחניות; פילן דאס - קען ער, ווערן איין זאך דערמיט - קען ער, אבער <u>פארשטיין</u> דאס - הויבט זיך נים אן, ער פארשטייט דאס <u>נים</u>!

בנוגע צו פארשטיין דאס - גלייכט ער זיך אוים מיט א תינוק בן יומו; דער איינציקער חילוק וואס איז דא צווישן זיי איז - אז דער תינוק בן יומו קען נים האבן א טעות און מיינען אז ער פארשטיים דאס, משא"כ ער, איז מצד דערויף וואס "יוסיף דעת"[163], קען ער אמאל קומען לידי טעות אז ער פארשטיים וואס איז רוחניות, און ער איז דאס משיג בשכלו ובהבנתו ובתפיסתו וכו'.

און בנוגע לפועל - איז בשעת ער איז נאך א תינוק בן יומו (וזאס דעמולט איז דאס נוגע בעיקר צו די מחנכים שלו), ועד"ז ווען ער וואקסט אוים - ווייסט ער אז תורה איז די בעסטע סחורה, ביז וואנעט אז דאס איז נוגע לפועל, בנוגע צו זיין בחירה, אז דערפאר קלייבט ער אוים אין תורה, אע"פ אז

- ער -

------------

161) ראה פרש"י עה"פ וישב לט, ג. וראה תו"א וירא יד, ב.
162) ש"א כד, יד ובפרש"י. 163) ל' הכתוב - קהלת א, יח.

ער פארשטייט ניט בשכלו די הבנה והשגה און די הסברה שבדבר.

ועד"ז אויך ווען עס רעדט זיך וועגן דעם יום השמיני פון חנוכה (ע"ד הענין פון יום השמיני למילואים), מיט דער הוראה וואס מ'נעמט דערפון ארויס על כל השנה כולה - אז דאס איז א טאג וואס נעמט ארייז אין זיך אלע "ימים היוצאין", און צוזאמען דערמיט האט מען אויך דעם נר מאיר פון יום השמיני, וואס ענינו איז אז ער איז דער שומר ההיקף, און פארבונדן מיט "שמונה נסיכי אדם"[164], מיט אלע ביאורים וואס שטייען בנוגע צו חנוכה בכלל, ובמיוחד בנוגע צו "זאת חנוכה" - אז די אלע ענינים קומען אויך ארויס בפשטות, אין א הסברה וואס מ'איז מסביר צו קליינע קינדער, וואס אין דערויף ליגט דער אמיתית הענין.

לד. כאן המקום מוסיף זיין און משלים זיין נאך אן ענין:

עס איז דאך דא דער מנהג פון רבותינו נשיאינו צו געבן "חנוכה געלט" אין נר ד' אדער אין נר ה' דחנוכה, ווי דערציילט און שוין אויך געדרוקט אין די סיפורים און זכרונות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[165] (און ווי מ'האט זיך אויך געפירט בשנים שעברו) -

וואס וויבאלד אז בשנה זו האט מען דאס נאך ניט געטאן ביז איצטער (מאיזה סיבה שתהי') - וועט מען דאס טאן איצטער.

און כסדר הרגיל - אז נאך דערויף וואס מ'וועט פאר-ענדיקן דעם פארברייינגען, וועלן ארויפגיין די "טאנקיסטן", און מ'וועט זיי געבן שטרות אויף צו פאנאנדערטיילן צו יעדערן פון די מסובים וואס וועלן דאס וועלן נעמען, יעדערן צו צוויי שטרות (צוויי דאלארן), איינעם אלס "חנוכה געלט", און דעם צווייטן - אלס א שליחות צו געבן לצדקה, וואס דאס איז דער ענין פון "ושבי' בצדקה".

לה. ויה"ר אז פון ימי חנוכה זאל מען גיין בקרוב ממש צו חנוכת המזבח אין ביהמ"ק השלישי.

און מ'זאל טאן אין אלע מבצעים פון חנוכה - וואס זיי זיינען דאך אויך פארבונדן מיט כללות כל המבצעים כולם: אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

- כולל -

------------

164) מיכה ה, ד. וראה תו"א וישב לג, ג ואילך. ועוד.
165) היום יום ע' ז.

כולל אויך כבטל זיין דעם חוק פון "מיהו יהודי",

און אראפברענגען דעם "מבצע" העיקרי פון דעם אויבערשטן אליין - דער "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[166], דער מבצע הגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס ער איז איינער פון די "שמונה נסיכי בני אדם"[167].

און דעמולט וועט מען זעהן דעם כהן בציון, וואס ער וועט טאן דעם ענין פון "בהעלותך את הנרות" - אין ביהמ"ק השלישי, דורך אהרן כהן גדול, ווארום דעמולט וועלן זיין "אהרן ומשה עמהם"[168],

צוזאמען מיט הדלקת נר חנוכה אין ימי חנוכה - און אין אן אופן אז "הנרות הללו אינן בטלין לעולם"[169], אז מ'איז זיי ממשיך על כל יכות השנה,..

און אין אן אופן אז די זיינען א נר מאיר, ביז נרות להאיר, ביז אז די זיינען מאיר "על פתח ביתו מבחוץ"[170], ביז אז עס ווערט דער "כליא ריגלא דתרמודאי"[171], מיט אלע פירושים שבזה,

וואס דאס ברענגט דעם ענין פון "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[172]. ביז צו "והיתה לה' המלוכה"[173], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

לז. מ'האט שוין גערעדט כמ"פ וועגן דעריף וואס הדלקת נר חנוכה דארף זיין "על פתח ביתו מבחוץ", און ווי דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה":

א "מעין" איז דער מקור פון מים, און אין תורה גופא - איז דאס דער מקור פון תורה, "נשמתא דאורייתא"[174], און נאכמער: "נשמתא דנשמתא דאורייתא"[175], וואס דאס איז דער ענין פון רזין דאורייתא, און נאך העכער: רזין דרזין דאורייתא, וואס זיינען נתגלה געווארן אין תורת החסידות.

און דער ענין פון גילוי תורת החסידות שטייט בגלוי אויך אין דעם ענין פון נרות חנוכה - ווארום נרות חנוכה צינדט מען אן מיט שמן, וואס "שמן" באווייזט אויף דעם ענין פון רזין דרזין דאורייתא[176],

- וואס -

---

166) ישעי' כז, יב. 167) ראה סוכה נב, ב. 168) יומא ה, ב. וראה הוד"ה אחד - פסחים קיד, ב. 169) רמב"ן עה"ת ר"פ בהעלותך. 170) שבת שם. 171) שם. 172) זכרי' יג, ב. 173) עובדי' א, כא. 174) זח"ג קנב, א. 175) שם. 176) ראה אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך.

וואס דערפאר זעט מען אז שמן איז צף על כל המשקין[177] – וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס "נשתלשלו מהן", פון די ענינים ווי זיי זיינען למעלה – אז תורה איז "נמשלה למים", און "שמן" איז העכער פון מים (וואס דערפאר איז ער צף אויף די מים), ביז וואנעט אז "שמן" איז נאך העכער פון בחי' התורה וואס ווערט אנגערופן "תורה אור", ווארום "שמן" איז דער מקור אויף דעם ענין פון אור (ווי גערעדט פריער (סכ"ה) בארוכה) – וואס דאס איז דער ענין פון רזין דרזין דאורייתא.

און דעם "שמן" שטעלט מען אוועק "על פתח ביתו מבחוץ" – מ'שטעלט דאס טאקע אוועק אין דעם "נר", אין א כלי, אבער כ'שטעלט דאס "על פתח ביתו מבחוץ", און ווען מ'צינדט דאס אן, הויבט דאס אן באלייכטן אויך דעם "חוץ", פונקט אזוי ווי דאס באלייכט צו בני ביתו (דורך דערויף וואס דאס איז "על פתח ביתו").

לז. וכמדובר כמ"פ אז יעדער ענין דארף האבן אן אחיזה אין גשמיות – איז דא דער ענין וואס מ'האט לעצטן'ס דורכגעפירט בעזר ה' (דורך דער השתתפות פון כו"כ מישראל):

בדורנו זה איז דאך פנימיות התורה נתגלה געווארן אין תורת החסידות – איז דא די תושב"כ פון תורת החסידות, וואס דאס איז דער ספר התניא (כידוע די רשימה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[178]).

איז געווען א השתדלות מיוחדה אז בכל מקום ומקום וואו ס'זיינען דא אידן (וואס "פיזרן לבין האומות"[179]), און אפי' וואו ס'איז דא מערנים ווי אייך איד – ווי ער זאגט אין בדרש[180] אז דורך דערויף וואס "אחד מכם גולה לברברי' ואחד מכם גולה לסמטרי'", ווערט דאס פאררעכנט אזוי ווי דער גאנצער אידישער פאלק איז געווען דארטן, און האט מברר געווען די גאנצע מדינה וכל עניני' –

זאל מען דארטן אפדרוקן דעם ספר התניא, על כל חלקיו [כמדובר כמ"פ, און שוין אויך געדרוקט[181], אז די ד' חלקי התניא זיינען כנגד די ד' חלקי השו"ע, מיט די אלע פרטים שבדבר],

וואס אין דערויף האט מען זיך משתדל געווען עד כמה שהיד מגעת, און אין רובם ככולם פון די מדינות האט מען דורכגעפירט אז מ'זאל דארטן אפדרוקן דעם תניא.

- לח. -

---

177) ראה שמו"ר רפל"ו. 178) קצוה"ע לתניא ע' קיח. 179) פסחים פז, ב. 180) שהש"ר פ"ב, ח. 181) לקו"ב לתניא (להר"י קארף) ח"ב ס"ע ד' ואילך.

הנחת הת' בלתי מוגה

לה. ויה"ר אז די הוספה אין "יפוצו מעינותיך חוצה" וואס האט זיך אויפגעטאן דורך דערויף וואס מ'האט אפגעדרוקט דעם תניא אפי' אין די גאר ווייטע מדינות וכו' - זאל אראפ-ברענגען למטה מעשרה טפחים, און אין אן אופן פון טוב הנראה והנגלה, נגלה אויך לעיני בשר, און אין אן אופן פון בחסד וברחמים, "ושמחת עולם על ראשם" - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס "משיח אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא"[182] - וואס "ועמך כולם צדיקים"[183], איז אויב מאיזה סיבה שתהי' פעלט נאך ביי איינעם (בא צוויי צי דריי) פון "עמך כולם צדיקים" אין דעם עניין התשובה - וועט דאס משיח צדקנו משלים זיין, וויבאלד אז "משיח אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא".

און דעמולט איז חל דער פס"ד ברור פון רמב"ם[184] אז "מיד הן נגאלין", בשעתא חדא וברגעא חדא, מן הקצה אל הקצה, אז נאך אין די לעצטע רגעים פון גלות ווערט דער "לילה כיום יאיר"[185], און דערנאך ווערט דער "והי' לך ה' לאור עולם"[186], אנהויבנדיק פון דער ערשטער רגע פון אתחלתא דגאולה, ביז צו דער גאולה בשלימותה ובאמיתתה ובאמת לאמיתתה, כן תהי' לנו, בעגלא דידן.

לט. עס זאלן ארויפגיין די "טאנקיסטן" און נעמען די שטרות, אויף צו פאנאנדערטיילן צו יעדערן צוויי שטרות.

מסתמא וועט מען גיין מיט א סדר - ארויפגיין פון איין זייט, און אראפגיין פון דער צווייטער זייט.

ואח"כ אמר: כ'איז מכריז נאכאמאל אז יעדערער זאל נעמען מערניט ווי צוויי דאלאר - ניט ווי די וואס מיינען אז וויבאלד מ'האט זיי געגעבן א פעקל פון דאלארן, איז א סימן אז זיי דארפן נעמען אלץ פאר זיך - דאס איז נאר אויף פאנאנדערטיילן.

דאס איז ניט קיין עניין של כמות, אז אויב ער וועט נעמען א דריטן דאלאר וועט ער האבן מער - עס איז אינגאנצן ניט דער עניין; מ'גיט איין דאלאר אלס "חנוכה געלט", און דעם צווייטן דאלאר אויף צו אפגעבן לצדקה, און די איבעריקע דאלארן וואס ער האט, זאל ער אפגעבן א צווייטן אידן פון די כסובים רא, אדער אוכקערן דאס צוריק אהערצו, און דערמיט וואס דאס וועט בלייבן ביי אים, וועט ער גארניט פארדינען.

- ס'איז -

------------

182) ראה זח"ג קנג, ב. 183) ישעי' ס, כא. 184) הל' תשובה פ"ז ה"ה. 185) תהלים קלט, יב. 186) ישעי' שם, יט.

ס׳איז א מאדנע זאך: ס׳איז דא א ועד המסדר, וואס לכאו׳, האבן געדארפט זיין ענינים וואס זיי זאלן מסדר זיין - איז פון די ענינים הכי קטנים ביז צו די ענינים הכי גדולים, ביז צום בלי סדר הכי גדול, האט דאס ניט קיין שייכות צו זיי!

* * *

מ. מ׳האט שוין געהערט כמ"פ וועגן דעם וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין דרושי חנוכה[187], אז חנוכה איז פארבונדן מיט חג הסוכות.

וואס דאס איז אויך איינער פון די טעמים אויף דעם וואס לויט ב"ש איז הדלקת נרות חנוכה אין אן אופן אז "יום ראשון מדליק שמונה, מכאן ואילך פוחת והולך . . כנגד פרי החג"[188] - מצד דער שייכות פון חנוכה צו חג הסוכות.

וואס אע"פ אז די הלכה בלייבט ניט ווי ב"ש, אבער אעפ"כ, וויבאלד אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים", איז דערפון א הוכחה אז חנוכה איז פארבונדן מיט חג הסוכות - וואס דעמולט איז געווען דער ענין פון "פרי החג".

דערנאך איז דא די שייכות גלוי׳ צווישן חנוכה מיט סוכות, וואס איז מודגש אין יום השמיני פון ימי חנוכה:

אין די ערשטע זיבן טעג פון חנוכה, זעט מען ניט בגלוי די שייכות צו סוכות, ווארום אין פסח זיינען אויך דא שבעה ימים (אזוי ווי אין סוכות); ווען עס קומט אבער דער יום השמיני פון חנוכה, זעט מען בגלוי די שייכות צו סוכות, ווארום דוקא אין סוכות זיינען דא אכט טעג מן התורה, "ביום השמיני עצרת תהי׳ לכם"[189], משא"כ אין פסח, וואס מן התורה זיינען דא מערניט ווי זיבן טעג.

וואס דערפאר שטייט אויך אין ספרים[190], אז דאס וואס מ׳געפינט בנוגע צו ביכורים, אז דער זמן פון הבאת ביכורים (אויב מ׳האט ניט געבראכט בחג השבועות) איז ביז חג הסוכות אדער ביז ימי חנוכה[191] - איז דאס דערפאר וואס חנוכה איז פארבונדן מיט חג הסוכות.

ובפרט לויט ווי ערקלערט אין כמה מפרשים[192], אז דאס וואס ס׳איז געווען דער נס השמן, אז "לא הי׳ בו להדליק אפי׳

- יום -

---

187) תו"א מקץ לב, ד ואילך. 188) שבת שם. 189) פינחס כט, לה. 190) ראה שער יששכר מאמר ימי אורה אות לו.
191) ביכורים פ"א מ"ו. רמב"ם הל׳ ביכורים פ"ב ה"ו.
192) סדר הדורות ג"א תרכב בשם מאור עינים פנ"א וחשכונאים א פ"ד. וראה שער יששכר שם אות לב ואילך.

יום אחד, ונעשה בו נס והדליקו ממנו שמונה ימים"[193] (וואס דערפאר האט מען מתקן געווען די שמונת ימי חנוכה) - איז אין דערויף דא דער רמז, אז אין יענעם יאר וועט ס'זיינען געווען גזירות היונים, האט מען ניט געקענט פראווען די שמונה ימים פון חגה"ס אין ביהמ"ק, מצד די פרצות וכיו"ב, האט מען דאס געטאן דערנאך אין די שמונה ימים פון ימי חנוכה וואס זיינען געווען דערנאך באותה שנה.

ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות דער קשר ושייכות צווישן חנוכה מיט סוכות ווי דאס איז בפנימיות הענינים.

מא. און דערפאר - כדי צו פארבינדן דאס מיט אן ענין של פועל - וועט מען אויך משלים זיין דאס וואס מ'האט ניט געקענט אפטאן במוצאי חג הסוכות פון שנה זו (מצד כמה סיבות):

דער סדר וואס איז איינגעפירט במוצאי חגה"ס איז - אז די וואס פארן אויף נסיעות, אדער די וואס קומען אהערצו במדינות אחרות, נעמען זיי מיט א כלי וואס איז מחזיק אן ענין של משקה, און מ'נעמט דאס מיט זיך אין דער מדינה, אין דער שטאט, אדער אין דעם מוסד וואוהין מ'פארט, כדי צו מאכן דארטן א התוועדות, און דערציילן פון ימי חגה"ס און פון גאנץ חודש תשרי. ועד"ז אויך במוצאי חגה"פ, סיי בנוגע צו דער עבודה פון ימי ההורף, און סיי בנוגע צו דער עבודה פון ימי הקיץ, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

איז די וואס זיינען דעמולט ניט געווען, אדער זיי זיינען געווען און ניט גענומען דעם בקבוק משקה (מאיזה סיבה שתהי') - זאלן זיי איצטער ארויפקומען און באקומען יעדערער א בקבוק משקה, על מנת אויף צו מיטנעמען דאס בחזרתו למדינתו, לעירו, לביתו או להמוסד שלו וואס ער איז אים מנהל (וואס יעדער ענין איז דאך בהשגחה פרטית).

און די וואס האבן שוין באקומען דעמולט - האט ניט קיין ארט אז זיי זאלן נעמען א צווייטן מאל (ע"ד ווי געוועדט פריער בנוגע צו די דאלארן); איך וויל ניט נוצן אויף דערויף דעם ווארט פון "כל המוסיף כו'" - זאל בא זיי גארניט פעלן, אבער עכ"פ קיין הוספה וועט ער דערפון ניט האבן.

מב. "והמעשה הוא העיקר" - אז דערפון זאלן ארויסקומען תוצאות טובות בנוגע צו הוספה אין לימוד התורה און אין קיום המצוות בהידור, ביז אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין,

- וואס -

------------

193) שבת שם.

וואס ווען קען זיין קיום המצוות בהידור - ווען ס'איז אין אן אופן פון "עבדו את ה' בשמחה"[194] - וואס דערצו העלפט אויך ווען מ'האט די משקה, און מ'נעמט עכ"פ איין טיפה - מיט אלע הגבלות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס בתקפם עומדים אויך איצטער.

און ניט כדעת הטועים והמטעים אז איצטער מעג מען זיך ערלויבן וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה - זאלן זיי וויסן אז דאס איז היפך הכוונה פון נשיא דורנו!

מ'דארף דאס פארנוצן אין א גוטן אופן, און מיט די הגבלות הידועות, וואס דוקא די הגבלה איז מבטל די הגבלות פון דעם גוף ונה"ב, וואס זיי בלייבן על עמדם ובשלימותם ובבריאותם - ניט אז ער ווערט מבולבל און זאגט אז דאס וואס ער איז מבולבל איז אן ענין פון שלימות, ווארום בלבול איז היפך הסדר, היפך השלימות און היפך הקדושה, און דער עיקר וואס איז אונז נוגע - אז דאס איז היפך הרצון פון נשיא דורנו.

און דאס וואס ער נארט זיך אפ און טראכט אז ווען ער וועט נעמען נאך א "קעלעשיק", וועט ער ווערן העכער פון ידיעה (ווי ער רופט דאס אן) - איז דער אמת, אז ער ווערט נאר מבולבל, וכאמור אז דאס איז היפך הכוונה לגברי פון רבותינו נשיאינו.

אבער "שגיאות מי יבין"[195] - די וואס האבן געהאט א טעות, איז מלכתחלה לא חלים עליהם כל הדברים האלו, אבער עכ"פ מכאן ולהבא זאלן זיי וויסן אז די אלע הגבלות זיינען עומדים בתקפם.

ובנוגע לפועל - די וואס האבן שוין גענומען די בקבוקי משקה במוצאי שמח"ה, האט ניט קיין ארט אז זיי זאלן נעמען נאכאמאל; אבער די וואס האבן דעמולט ניט גענומען (מאיזה סיבה שתהי') - זאלן זיי איצטער גלייך ארויפגיין און נעמען א בקבוק משקה, און ס'זאל זיין בזריזות המתאימה.

און דער עיקר איז - אז דורך דעריף זאל צוקומען א הוספה אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, ביז אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין, ומתוך שמחה וטוב לבב.

צוה לנגן האפ קאזאק. ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

- אח"כ -

---

194) תהלים ק, ב. 195) ל' הכתוב - שם יט, יב.

אה"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ווען זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

*　*

*

הנחת הח' בלתי מוגה

## בס"ד. שיחת יום ג', עשרה בטבת, יהפך לשמחה, ה'תשל"ט.
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –

א. אין צוזאמענהאנג מיטן מנהג וואס איז (געווען) בכמה קהילות, אז ביום התענית (בזמן תפלת מנחה) (פלעגט מען) זאגן „דברי כבושין" (ווי גערעדט בארוכה פאראיארן [1]) —

וועט מען מבאר זיין איצט עטלעכע הוראות וואס מען דארף אפלערנען פון עשרה בטבת — נוסף אויף די הוראות וועגן וועלכע מען האט גערעדט פאראיארן (וואס איז שוין אפגעדרוקט געווארן [1], דארף מען עס איצט ניט איבער'חזר'ן), וועלכע זיינען עומדים בתקפם אויך היינטיקן יאר, וויבאלד אז משיח עדיין לא בא.

ב. עס איז ידוע די תורה פון בעש"ט [2], אז פון יעדער מאורע (ווי־באלד אז יעדער זאך איז בהשגחה פרטית [3]) דארף מען אפלערנען א הוראה אין עבודת ה'.

וואס דערפון איז מובן ובמכש"כ — בנוגע צו די ענינים וואס האבן פאסירט בימי הד' צומות,

אז נוסף צו דער הוראה כללית (פון צד השווה) פון אלע ד' צומות [אז דער חורבן און גלות זיינען געקומען דורך „מעשינו הרעים" [4], און דורך דעם וואס „בזכרון דברים אלו נשוב להיטיב" [4] וועט קומען די גאולה], איז דא אויך די הוראה מיוחדת פון יעדער מאורע מיוחד וואס האט פאסירט אין יעדער איינעם פון די ד' צומות.

ג. איינע פון די הוראות וואס מען דארף אפלערנען פון דעם מאורע וואס האט פאסירט בעשירי בטבת — „שבו סמך מלך בבל נבוכדנאצר הרשע על ירושלים והביאה במצור ובמצוק" [5] — איז אנגעוויזן אין דעם לשון הכתוב [6]: „סמך מלך בבל אל ירושלים בעצם היום הזה" — אז די באלאגערונג וואס נבוכדנאצר האט באלאגערט ירושלים רופט אן דער פסוק מיט'ן לשון „סמך".

ולכאורה: דער ווארט „סמך" מיינט אויך „אונטער געשפארט" און מחזק געווען (אזוי ווי „סמוכים לעד לעולם" [7]) — היפך פון כוונת „מצור", באלאגערן. פארוואס נוצט דא דער פסוק ביים ענין פון מצור דוקא דעם לשון „סמך"?

די נקודת הביאור אין דעם:

אלע ענינים וואס זיינען אין וועלט, כולל אויך די זאכן הבלתי רצויים, איז זייער שורש ומקור — אין קדושה. עס איז נאר וואס ע"י צמצומים ופרסאות והפסקים, קומען זיי אראפ אין בלתי רצוי והיפך הקדושה [8].

דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו „ותבוא העיר במצור" [9], אז בשרשו — איז עס אן ענין פון טוב און קדושה. עס איז נאר וואס מצד דערויף וואס מען

1) נדפס בקינטרס עשרה בטבת ה'תשל"ח.

2) היום יום ע' נב. כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז־קכב. יש"נ.

3) ראה כש"ט שם אות קיט ואילך. יש"נ.

4) לשון הרמב"ם הל' תעניות רפ"ה.

5) ל' הרמב"ם שם ה"ב.

6) יחזקאל כד, ב. — ובכתוב זה דוקא (כשא"כ במ"ב כה, א־ב. ירמי' נב, ד־ה) מודגש הענין דעשירי בטבת — „כתב לך את שם היום את עצם היום הזה גו'". ולהעיר שגם בגמרא (ר"ה יח, ב) הובא פסוק זה דיקא.

7) תהלים קיא, ח.

8) ויראה אוה"ת בראשית תקכא, א ואילך. תקסד, א ואילך.

9) ל' הכתוב — מ"ב שם, ב. ירמי' שם, ה.

האט עס ניט אויסגענוצט כדבעי, איז עס ארויסגעקומען אין אן ענין הפכי[10].

און דערפאר שטייט דער לשון „סמך מלך בבל אל ירושלים", וואס דער „סמך" מיינט (אויך) אונטער געשפארט און מחזק געווען — ווײַלע דער ענין מצד עצמו (ווי ער איז בשרשו) איז אן ענין טוב[11], און אויב מען וואלט עס אויסגענוצט ווי עס דארף צו זיין — וואלט עס ארויסגעקומען אזוי אויך למטה.

ד. וועט מען עס פארשטיין בהקדים וואס מיט א צייט פריער — איידער נבוכדנאצר מלך בבל האט באלאגערט ירושלים — איז ירושלים באלאגערט געווארן, דורך סנחריב מלך אשור[12].

ואדרבה: דער מצב דאן איז געווען פיל הארבער ווי בעת דעם מצור דורך נבוכדנאצר׳ן.

סיי מצד דעם מעמד ומצב פון די וואס האבן געמאכט דעם מצור: דער צבא פון סנחריב איז געווען בריבוי עצום. ביז אז די „מאה ושמונים וחמשה אלף" וואס זיינען דערהאנט במחנה אשור[13] זיינען געווען בלויז די „ראשי גייסות"[14] — משא״כ בא נבוכדנאצר׳ן געפינט מען ניט אז עס זאל זיין אזא ריבוי,

סיי מצד דעם מעמד ומצב פון אידן: בעת דעם מצור וואס איז געווען דורך סנחריב׳ן, זיינען אידן געווען אין אזא מצב אז אויב סנחריב וואלט אויסגענוצט דעם טאג (ווען ער איז אנגעקומען קיין נוב) צו מלחמה האבן אויף ירושלים, וואלט ער איר איינגענומען[15] (נאר בחסד עליון האט דער אויבערשטער געמאכט אז סנחריב זאל פארבלייבן יענעם טאג אין נוב — „עוד היום בנוב לעמוד"[16]) — משא״כ בעת דעם מצור דורך נבוכדנאצר איז דער מצב פון אידן געווען באופן כזה אז עס האט ניט געקענט זיין דאן כיבוש ירושלים (און ווי מען האט געזען בפועל, אז עס האט געדויערט א משך זמן רב[17], ביז עס איז געווען „ותבקע העיר"[18] — און די תוצאות שלאח״ז),

און אע״פ אז דער מצור פון סנחריב מלך אשור איז געווען פיל הארבער ווי דער מצור פון נבוכדנאצר, איז, פונדעסטוועגן, „בלילה אחת ובשעה אחת וברגע אחת"[19] בטל געווארן דער מצור, און אידן זיינען ארויסגעקומען מיט א גרויסן נצחון,

און נאכמער: דער נצחון איז געווען ראוי צו ברענגען די גאולה העתידה — וויבאלד אז „בקש הקב״ה לעשות חזקיהו משיח"[20],

וי״ל אז למעלה (אין עולמות עליונים) האט דער נצחון אויך געבראכט בפועל די גאולה[21] — ווארום רצונו של הקב״ה גייט ניט פארפאלן ח״ו, איז מוכן, אז דער רצון לעשות חזקיהו משיח (און

10) ראה עד״ז לקו״ש ח״ד ע׳ 1083 בענין הב״ב בטעית יע״ד. ע״ש באריכה.

11) ועפ״ז י״ל כה שדוקא ביחזקאל נאמר הלשון „סמך משא״ב במלכים ובירמי׳ — כי במלכים ובירמי׳ הוא בסגנון דסיפור. משא״כ ביחזקאל היא בדרך נבואה, כמו שהענין הוא מצד לתעלר. ונוסף לזה: הכוונה בהציווי „כתב לך" ביחזקאל שם היא בכדי שידעו שהוא נביא אמת ולא ישמעו עוד אל נביאי השקר, רד״ק ומצודת דוד ליחזקאל שם) — שאז, גם הסמיכה הרי זה באופן דסבר׳ וחיזוק, כדלקמן בפנים. וראה לקמן הערה 37.

12) מ״ב יח, יג. ישעי׳ לו, ב.

13) מ״ב יט, לה. ישעי׳ לז, לו.

14) סנהדרין צה, ב.

15) שם, א.

16) ישעי׳ י, לב. וראה פרש״י עה״פ.

17) ראה מ״ב כה, א־ג. ירמי׳ שם, ד־ו.

18) מ״ב שם, ד. ירמי׳ שם, ז.

19) תדא״ר פ״ז כרוב לשונו.

20) סנהדרין צד, א.

21) עיין הל׳ ת״ת לאדה״ז פ״ב סוס״י. ובש״נ. יאכ״ב.

דער נצחון פון חזקיהו זאל זיין די גאולה) האט זיך אויסגעפירט. [עס איז נאר אז דאס איז פארבליבן אין עולמות עליונים, ווארום דא למטה איז מען נאך ניט געווען גרייט און ראוי צו אויפנעמען דאס].

וואס פון דעם איז פארשטאנדיק במכש״כ וק״ו בנוגע צו דעם מצור פון נבוכדנאצר (וואס איז געווען פיל גרינגער ווי דער מצור פון סנחריב), אז אויב אידן וואלטן דאס אויסגענוצט כדבעי — איז ניט נאר אז דער מצור וואלט בטל געווארן, נאר אדרבה: עס וואלט ארויסגעקומען דערפון „סמך״ מלשון עזר וחיזוק, ביז אז עס וואלט ארויסגעקומען די גאולה העתידה — בדוגמת ווי ס׳איז געווען אין דעם מצור בימי חזקיהו, כנ״ל.

ה. ובדוגמא ווי מען געפינט בייַם מבול, אז לכתחילה איז געווען „ויהי הגשם״, בכדי אז „אם יחזרו יהיו גשמי ברכה״ [22].

אע״פ אז די גזירה „הנני מביא את המבול גו׳״ [23] איז שוין געווען מיט א לאנגע צייט פריער, און במשך די גאנצע צייט (הונדערט און צוואנציק יאר! [24]) האבן זיי ניט תשובה געטאן; און אפילו נאכן זען ווי נח גייט אריין אין דער תיבה מיט אלע ענינים נפלאים וואס זיינען דערביי געווען [25], האבן זיי נאך אלץ ניט תשובה געטאן,

פונדעסטוועגן איז אפילו דאן איז: ויהי הגשם — אויב זיי וואלטן דערנאך תשובה געטאן איז ניט נאר אז זיי וואלטן אויסמיידן דעם מבול, נאר נאכמער: עס וואלט נאך צוגעקומען גשמי ברכה.

והדברים ק״ו: מה־דאך פאר מתן תורה, וואס כל המצוות [26] (ומכש״כ מצות התשובה) זיינען ניט געווען אין אזא תוקף ווי די מצוות שלאחרי מ״ת, האט מען געקענט דורך תשובה מהפך זיין (די גזירה פון) מבול צו גשמי ברכה — איז מכש״כ איצטער (לאחרי מ״ת), אז דורך תשובה בשעתא חדא וברגעא חדא [27] קען מען מהפך זיין אלע ענינים בלתי רצויים אז זיי זאלן ווערן ענינים טובים, ביז צו תכלית שלימות הטוב.

ו. און דאס איז די הוראה (וואס דער פסוק איז מרמז מיטן לשון „סמך מלך בבל אל ירושלים״) וואס מען דארף ארויסנעמען פון דעם מצור אויף ירושלים וואס איז געווען בעשירי בטבת, וואס דאס איז געווען די התחלה וואס האט (דערנאך) געבראכט דעם חורבן און גלות, און דערנאך אויך דעם גלות אין וועלכן מען געפינט זיך נאך עד היום הזה:

כראץ דעם וואס מען געפינט זיך נאך אין גלות, און אין גלות גופא — אין טיפן גלות, ביז מען זעט בפועל די אלע סימנים וואס די גמרא [28] זאגט אויפן זמן פון עקבתא דמשיחא,

ביז אז עס איז דא א „מצור״ אויף דער ירושלים הרוחנית וואס איז דא בא יעדער אידן, אז די שלימות היראה („ירושלים״ איז צוזאמענגעשטעלט פון „יראה״ און „שלם״ [29]. ירושלים ווייזט אויף שלימות היראה [30]) איז באלאגערט פון דעם יצה״ר,

---

26) ואפילו איזהו המצוות שנצטוו עליהן, כדרכה בפיה״מ להרמב״ם חולין ספ״ז. וראה לקו״ש [illegible].

27) ראה זח״א קכט, סע״א.

28) סוף סוטה במשנה.

29) תוד״ה הר — תענית טז, א.

30) ראה לקו״ת ר״ה ס, ב. ד״ה אני [illegible] צדקת פריו תרפ״ט ס״י ובה״כ קונטרסים ח״ב [illegible], א). ובכ״מ.

22) נח ז, יב ובפרש״י.

23) נח ו, יז.

24) ראה פרש״י עה״פ בראשית ו, ג. וראה באריכה לקו״ש נח ש.ז.

25) ראה פרש״י עה״פ נח ז, ב. יג.

וואס דערפון קומט ארויס אז „רגשו גוים ולאומים יהגו" [31] אויך בנוגע צו ירושלים כפשוטה [ועד"ז אויך בנוגע צו חברון [32] און שכם [33]].

סאר מען ניט אדיינפאלן אין יאוש ח"ו, נאר אדרבה: מען דארף וויסן אז די כוונה פון די־אלע ענינים בלתי רצויים איז בכדי צו שטארקן בא זיך די חומה פון ירושלים — שלימות היראה — ביתר שאת וביתר עוז.

און דורך דעם וואס א איד איז מעורר ומחזק די שלימות היראה וואס איז דא בא יעדערן (עכ"פ בהעלם)

[וואס י"ל אז פון די ענינים אין שלימות היראה איז אויך, אז די יראה איז בשלימות בא יעדער אידן. און ווי מען זעט בפועל, אז אפילו א קל שבקלים, בשעת עס קומט צו אן ענין וואס ער ווייסט אז דאס רירט אן זיין אידישקייט, און נארט זיך ניט אז „עודנו ביהדותו" [34], איז ער זיך מוסר נפש אפילו אויף נאר א מעשה (בלי אמונה [35]) און אפילו אויף ערקתא דמסאנא [36]]

ווערט דער „מצור" נהפך צו „סמך" [און נאכמער: ער דערזעט במוחש אז מלכתחילה איז עס געווען אן ענין פון „סמך". עס איז נאר וואס מלמעלה האט מען געוואלט אז דאס זאל ארויסקומען בגלוי — דורך זיין עבודה],

ביז אז עס ווערט בטל אויך דער מצור וואס איז געווען בעשירי בטבת [וואס האט דערנאך געבראכט צום חורבן און גלות], און אדרבה: ער ווערט נהפך [37] (צוזאמען מיט די אנדערע צומות) לששון ולשמחה [38], ובעגלא דידן.

און (ווי דער פסק דין [39], אז בשעת אידן טוען תשובה, איז) „מיד הן נגאלין".

ז. ענין הנ"ל — אז דורך תשובה איז מען מהפך דעם „מצור" צו „סמך" און מען ברענגט די גאולה — איז עס ניט נאר בנוגע צו כלל ישראל, נאר אויך בנוגע צו יעדער אידן: יעדער איד, אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל נאר זיין, דארף וויסן אז דער „שליסל" פון דער גאנצער וועלט געפינט זיך ביי אים. און בשעתא חדא וברגעא חדא קען ער מהפך זיין אלע ענינים בלתי רצויים צו תכלית הטוב [40], ביז — צו ברענגען די גאולה.

און ווי עס שטייט אין חסידות [41]: „איתא בתיקונים [42] שאפילו אם הי' צדיק אחד [43] חוזר בתשובה שלימה בדורו הי' בא משיח".

און אויך דער ענין (אז איין איד קען ברענגען די גאולה שלימה בשעתא חדא

---

31) ל' הכתוב — תהלים ב, א.

32) שנקראת כן ע"ש אברהם שנקרא חבר (פרש"י לב"ר ר"פ ח"ש). וראה זח"ג כב, א.

33) שלקחה יעקב „בחרבי ובקשתי", בצדקתי ובבעותי (ויחי מח, כב. ובתרגום אונקלוס עה"פ).

34) ל' אדה"ז בתניא פי"ד (יט, ב).

35) תניא ספי"ט.

36) סנהדרין עד, ריש ע"ב.

37) ועפ"ז יומתק מה שגם בגמרא (ר"ה שם) ברמב"ם (הל' תעניות שם) ובטור (או"ח סתקמ"ס) איתא „שבו סמך כו'" — אף שכבר ראו שזה הבי"א החורבן וכו' — כי הכוונה של הצום' הוא שיהי' נהפך כו'. ואז יתגלה שמלכתחילה הי' זה ענין של „סמך" — „אודך הוי' כי אנפת בי" (ישע' כא, א).

38) רמב"ם ספ"ה הל' תעניות.

39) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

40) ראה רמב"ם שם פ"ג ה"ד.

41) בינה ירושלים כפ"ד.

42) כ"ה בבינה ירושלים. וראה ז"ח ס"פ נח: דאי יחזרון בתיובתא ריש' כנישתא או חדא כנישתא יתכנש כל גלותא.

43) ונאמר „ועמך כולם צדיקים" ואת באו"א משביעין תהי צדיק (נדה ל, ב. וראה תניא בפ"ד).

---

*) [illegible] — [illegible] בהמאירע [illegible] נאמר [illegible]

וברגעא חדא) איז מרומז אין דעם מצור אויף ירושלים וואס איז געווען בימי חזקיהו [וואס אילו זכו, וואלט דער מצור וואס איז געווען בעשירי בטבת געווען עד״ז], וואס „בקש הקב״ה לעשות חזקיהו משיח״:

שוין גערעדט כמ״פ [44], אז דאס וואס משיח וועט אויסלייזן אלע אידן פון גלות, איז עס פארבונדן דערמיט וואס נשמת משיח איז כולל די נשמות פון אלע אידן, און אזוי אויך לאידך גיסא: אין יעדער אידן איז דא א ניצוץ פון נשמת משיח. והביאור בזה:

משיח איז בחינת יחידה [45]. און בחינת יחידה וואס איז דא בא יעדער אידן [וואס זי איז פאראייניקט מיטן אויבערשטן („יחידה ליחדך״ [46]) און ס׳איז ניט שייך ביי איר קיין אנדער מציאות חוץ פון אויבערשטן [47] און זי איז ניטא ביי אנדערע („בבואה דבבואה לית להו״ [48])], איז א ניצוץ פון נשמת משיח — יחידה הכללית.

איז כשם ווי חזקיהו האט גע׳פועל׳ט (דורך זיין תפלה וכו׳) ניט נאר אז דער מצור איז בטל געווארן נאר אויך דעם ענין הגאולה (ס׳איז נאר וואס מצד א סיבה, איז עס נאך ניט נמשך געווארן למטה),

עד״ז איז בנוגע צו יעדער אידן, אז דורך דעם וואס ער וועט מעורר זיין זיין נקודת היהדות אז זי זאל אנפירן מיט זיין מחשבה דיבור ומעשה — וואס דורך דעם איז ער מעורר און מגלה דעם ניצוץ פון נשמת משיח וואס גע־פינט זיך אין אים — איז דורך דעם ברייננט ער אויך ביאת המשיח (הכללי) בשעתא חדא וברגעא חדא, יבוא ויגאלנו בקרוב ממש ובעגלא דידן.

• • •

ח. בשנה זו קומט צו נאך אן ענין — וואס די קביעות פון עשרה בטבת איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב [49]:

אין דעם שיעור תהלים השבועי [50] פון יום השלישי — זאגט מען דעם פסוק [51] „פדה בשלום נפשי מקרב לי כי ברבים היו עמדי״, וואס דאס גייט אויך אויף דער גאולה העתידה — „פדאני [52] לי ולבני מבין אומות העולם״.

איז בשעת אז עשרה בטבת איז חל ביום השלישי, וואס איז פארבונדן מיט „פדאני לי ולבני מבין אומות העולם״ — איז די הוראה הנ״ל [אז א איד האט בכח צו מהפך זיין דעם „מצור״ (גלות) צו „סמך״ (גאולה)] ביתר שאת וביתר עז.

און די וועג צו ברייננען דעם „פדאני כו׳״ איז ווי די גמרא [52] זאגט „כל העוסק בתורה ובגמ״ח ומתפלל עם הצבור מעלה אני עליו כאילו פדאני כו׳״ — דער עסק אין די דריי קוים [53] (תורה עבודה וגמ״ח) שעליהם העולם עומד [54].

און דעריבער איז מהנכון, אז בהמשך צו דעם וואס ס׳איז ערשט געווען דער „העוסק בתורה״ — קריאת התורה

44) ראה לקו״ש ח״ב ע׳ 599, 692 — ע״פ מאור עינים ס״פ פינחס בשם הבעש״ט.

45) סה״מ תרצ״ט ע׳ 207 בשם הרבי״ז.

46) פיוט הושענא. וראה סה״מ הש״ת ע׳ בא. תש״א ע׳ 150. ובכ״מ.

47) ראה לקו״ת ראה כה, א: רק תשוקתה ליחידו של עולם בלבד.

48) גיטין סו, א. לקו״ת תצא לז, ג.

49) ראה פרש״י בראשית א, ז.

50) נוסף על שכן הוא בהשיעור החדשי — שזהו בכל השנים.

51) תהלים נה, יט. וראה גם אגה״ק של כ״ק אדה״ז (נדפסה בהיום יום ע׳ ד ובכ״מ) שמקשר הגאולה דיו״ט כסלו לפדה בשלום נפשי עם „יום ג׳ שהוכפל בו כי טוב״.

52) ברכות ח, א.

53) ראה רשב״א (חדא״ג) בהרשב״א לברכות שם — הובא ב„יהל אור״ לתהלים ע׳ רד־רה.

54) אבות פ״א מ״ב.

(וואס מען האט געלייענט בתפלת המנחה) [ובפרט אז קריאת התורה בצבור, איז עס דאך עסק התורה בשלימות], —

און צום „המתפלל עם הצבור" (תפלת מנחה בצבור),

זאל מען איצט אויך געבן צדקה (נוסף אויף די צדקה וואס מען האט געגעבן פריער),

ויהי רצון, אז דער עסק אין די דריי קוין [ובפרט בעשירי בטבת (בזמן תפלת מנחה[55]), ובפרט נאך אז ס׳איז ביום השלישי וואס האט א שייכות מיוחדת צו „פדה בשלום נפשי"] זאל ברייננען דעם „פדאני לי ולבני מבין אומות העולם", בקרוב ממש.

ט. די שייכות מיוחדת פון די דריי קוים הנ״ל מיט עשרה בטבת:

בעשירי בטבת איז געווען דער מצור אויף חומת ירושלים, איז במיוחד די עבודה אין עשירי בטבת — צו פאר־שטארקן די חומת ירושלים (שלימות היראה), וואס דאס וועט ברייננען אויך[56] דעם „ואני[57] אהי׳ לה גו׳ חומת אש סביב".

און דעריבער איז עשירי בטבת שייך במיוחד צו די דריי קוין הנ״ל — ווײלע „חומה" און „חומת אש" איז פארבונדן מיט תורה: „אני חומה — זו תורה"[58], און זי איז חומת אש „הלא כה דברי כאש גו׳ מה אש אינו מקבל טומאה אף דברי תורה אינן מקבלין טומאה"[59]:

און וויבאלד אז „גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[60] — איז מובן, אז „חומת אש" איז פארבונדן אויך מיט מעשה המצוות

[וו״ל אז דאס איז דער טעם פון דעם וואס דער אור של גיהנם איז ניט שולט אויף די וואס (האבן ניט קיין תורה און) זיינען נאר „מלאין מצוות כרימון"[61] — ווײלע די קדושה מיט וועלכע זיי זיינען אנגעפילט (דורך דעם וואס זיי זיינען „מלאין מצוות") לאזט ניט צו דעם אש דלעו״ז] —

און צדקה (גמ״ח) איז כללות כל המצוות[62],

און אויך „המתפלל עם הצבור" איז פארבונדן מיט (ארץ ישראל און) ירושלים,

סיי מצד דעם ענין התפלה — ווארום אלע תפלות זיינען עולה דורך דעם „שער השמים"[63] — ווי אפגע׳פסק׳נט אין שו״ע[64] אז „יחזיר פניו כנגד א״י, שנאמר[65] והתפללו אליך דרך ארצם", און אין א״י גופא דארף ער מכוין זיין „כנגד ירושלים וכנגד המקדש וכנגד בית קדשי קדשים":

סיי מצד דעם ענין פון צבור — ווארום (אמת׳ער) צבור איז נאר אין ארץ ישראל („אין תענית צבור בבבל")[66].

• • •

יו״ד. נאך אן ענין וואס איז שייך במיוחד צו דער קביעות פון עשרה בטבת בשנה זו:

---

55) יכבחדיל בתפלת המנחה דאלי׳ (מבשר הגאולה) לא נענה אלא בתפלת המנחה (ברכות ו, ב).

56) שהרי מדתו של הקב״ה היא מדה כנגד מדה (סוטה ח, ב. ט, ב. פס״ז עה״פ שמות ג, ז).

57) זכרי׳ ב, ט.

58) שה״ש ח, י. פסחים פז, א. הובא באוה״ת בשלח ע׳ תרפא לענין ואני אהי׳ גו׳ חומת אש.

59) ירמי׳ כג, כט. ברכות כב, א.

60) קידושין מ, ב.

61) חגיגה בסופה.

62) ראה תניא פל״ז (מח, ב).

63) ויצא כח, יז. יבי״רבי״ן שם: שהוא שער לעלות משם התפלות כו׳.

64) אדה״ז או״ח רס״צ״ד.

65) מ״א ח, מח.

66) צפע״נ לרמב״ם הל׳ ברכות פי״ א׳. מהד״ת צ. ב. יעוד (ע״פ פסחים נד, ב. ברכות נח, א).

דער סיום פון היינטיקן שיעור אין חומש [67] איז „אשר לקחתי מיד האמורי בחרבי ובקשתי״, וואס גייט אויף שכם, און ס׳איז שייך אויך צו (חברון — ) מערת המכפלה [68]:

דער פירוש פון „בחרבי ובקשתי״, ווי עס ווערט אפגעטייטשט אין תושבע״פ [69], איז „בצלותי ובבעותי״, אבער אין תושב״כ שטייט „בחרבי ובקשתי״ וואס בפשטות מיינט עס חרב וקשת.

דער חילוק פון תושב״כ און תושבע״פ איז: תושב״כ איז שייך אויך, להבדיל, צו אוה״ע [70], משא״כ תושבע״פ איז שייך נאר צו אידן.

פון די רמזים וואס אין דעם, וואס זיינען נוגע במיוחד צו ימינו אלה:

בשעת אז „רגשו גוים ולאומים יהגו״ און זיי פארלייגן זיך אויף שכם און אויף חברון [ועד״ז אויך בנוגע צו כללות ארץ ישראל] — איז א פס״ד אין תורה אז „אין סומכין על הנס״ [71], ובמילא טאר מען זיך ניט באנוגענען מיט „צלותי ובעותי״ נאר מען מוז אנקומען אויך צו חרב וקשת כפשוטם — וואס דוקא דאס (חרב וקשת כפשוטם [72]) דערזעען אויך ניט־אידן, און עס פועל׳ט אויף זיי אז זיי זאלן זיך דערשרעקן און אפהאלטן זיך און מלכתחילה ניט מלחמה האבן

[און ווי דער פס״ד ברור [73] אז „נכרים שצרו על עיירות ישראל . . ואפילו עדיין לא באו אלא ממשמשים לבוא, יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת״, און „בעיר הסמוכה לספר״ [וואס ווי דער מצב בהוה איז רובם ככולם פון די עיירות שבא״י זיינען במצב עיר הסמוכה לספר] איז „אפילו אינן רוצים לבוא אלא על עסקי תבן וקש מחללין עליהם את השבת״

און דורך דעם וואס מען איז מקיים דעם ציווי פון שו״ע „יוצאים עליהם בכלי זיין״ — דארף מען ניט נוצן די כלי זיין, ווארום דאס אליין פועל׳ט אויף זיי אז „תפול [74] עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן״]:

בכדי אבער אז דער חרב וקשת (כפשוטם) זאלן פועל׳ן פעולתם להטיל אימה אויף די אוה״ע — דארף א איד וויסן אז ס׳איז ניט „כוחי ועוצם ידי״ [75] ח״ו, נאר „אנחנו בשם ה״א נזכיר״ און „בשם אלקינו נדגול״ [76].

און דאס איז מגלה תושבע״פ צו א אידן, אז די פנימיות און ערקלערונג פון „בחרבי ובקשתי״ וואס שטייט אין תושב״כ איז — „בצלותי ובבעותי״, דער כח וואס אין חרב וקשת כפשוטם (וואס זיי פועל׳ן אויף א ניט־איד אז ער זאל זיך אפשרעקן דורך זיי) איז „בצלותי ובבעותי״ — דער חיבור (תפלה מלשון חיבור [77]) מיטן אויבערשטן, „בשם ה״א״.

און בשעת מען ווייסט אז ס׳איז ניט „כוחי ועוצם ידי״ נאר „בגדול זרועך״ — דאן איז „ידמו כאבן״.

כולל אויך דעם פירוש אין „ידמו כאבן״ אז זיי ווערן ווי אן אבן דומם: אזוי ווי א דומם ווערט אנגעפירט פון א מענטשן (ווארום מצד עצמו איז ער ניט

---

67) ויחי שם.

68) פרש״י עה״פ.

69) תרגום אונקלוס. וראה גם פרש״י שם: חכמתי ותפלתי.

70) ראה שד״ח כרך ד ע׳ איתקשי ואילך.

71) ראה פסחים סד, ב. ועוד.

72) כמאחז״ל עבודה שבלב זו תפלה (תענית בתחלתה. וידוע הפתגם בהא דהיא מצוה שבדיבור ובפה).

73) שו״ע אדה״ז או״ח סשכ״ט ס״ו. מפרשי״ע שם.

74) בשלח טו, טז.

75) ל׳ הכתוב — עקב ח, יז.

76) תהלים כ, ח. שם, ו.

77) ראה תו״א תרומה עט, כע״ד. ובכ״מ.

שייך צו קיין תנועה), אזוי וועלן אויך די אוה״ע ווערן אנגעפירט פון אידן („אתם קרויין אדם״ 78).

ביז אויך צום פירוש פון „ידמו כאבן״ אז זיי וועלן ווערן ווי אבנים וואס מען נוצט צו מחזק זיין א חומה: תמורת זה וואס פריער האבן זיי געמאכט א מצור אויף אידן און אידישקייט — וועט דער מצור נהפך ווערן צו „סמך״ — עזר וחיזוק, אז זיי גופא וועלן מסייע זיין אידן צו שטארקן חומת ירושלים,

וואס דאס אלעס איז אויך א הכנה קרובה צום קיום היעוד „ואני אהי׳ לה גו׳ חומת אש סביב״, וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

78) יבמות סא, רע״א.

בס"ד. שיחת אור ליום ג׳, כ"ד טבת ה׳תשל"ס.

הנחה הה׳ בלתי מוגה

א. וועגן דער התוועדות פון כ"ד טבת, וואס דאס איז די איצטיקע התוועדות - אין אור ליום השלישי, שהוכפל בו כי טוב[1], כ"ד טבת,

[וואס די הסתלקוה פון דעם אלטן רבי׳ן איז אויך געווען אין אור לכ"ד טבת, ווי ס׳שטייט אין דער רשימה פון דעם צ"צ׳אז די הסתלקות איז געווען "במוש"ק דשמות כ"ג אור לכ"ד טבת", דאס איז געווען במוצאי שבה, בלילה, וואס בלשון המשנה[2] ווערט דאס אנגערופן "אור"[3],

האט מען גערעדט פאראיארן[4] באריכה, אז עיקר ענינה איז (אזוי ווי יעדער התוועדות), אז דערפון זאל ארויסקומען א הוראה בנוגע למעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[5].

ובפרט א התוועדות וואס איז פארבונדן מיטן יום ההילולא פון דעם אלטן רבי׳ן - וואס אע"פ אז ער איז געווען א נשמה חדשה[6], און ענינו איז געווען דער גילוי פון תורת חסידות חב"ד (דער ענין השכל שבראש, ביז צו עצמיות המוחין וואס איז לגמרי העכער פון דעם ענין המדות וכו׳), האט ער אבער מדגיש געווען (סיי בנוגע צו נגלה דתורה, ועאכו"כ בנוגע צו תורת החסידות) דעם "בכן"[7] בנוגע צו מעשה בפועל וואס דארף ארויסקומען פון יעדער ענין, וואס "המעשה הוא העיקר".

און ווי ס׳איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס פון די ענינים אין תורה וואס דער אלטער רבי האט מפרסם געווען לראשונה [אין זמן - דערפאר וואס דאס איז דער ערשטער ענין אין מעלה] - איז געווען דער "לוח (און דערנאך "סדר") ברכת הנהנין"[8] וואס דאס איז א הלכה פסוקה בנוגע למעשה בפועל, וועגן אן ענין של ברכה (ניט אן ענין של שכל, נאר אן ענין של דיבור).

און אויך הל׳ ת"ת, וואס בהתחלתו רעדט זיך וועגן דעם חיוב וואס ליגט אויפן אב "ללמד את בנו הקטן תורה"[9], נאך

- קודם -

---

1) פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 2) נדפסה ב"מענה לשון" (ווילנא תער"ב. הוצאת קה"ת ברוקלין תש"י, תשכ"ז) בתחלתו. ועוד. 3) ריש מס׳ פסחים. ועוד. 4) בההתוועדות דאור ליום ג׳, כ"ד טבת. 5) אבות פ"א מי"ז. 6) ראה סה"ש תש"ה ע׳ 127 ואילך. ועוד. 7) ראה סה"מ תש"י ע׳ 189. 8) נדפס לראשונה בשנת תקס"ג (בית רבי ח"א פכ"ז (פד, ריש ע"ב. וראה שם בהע׳ א)). 9) ראה לקו"ש ואתחנן תשל"ח.

קודם שהגיע לחינוך, גלייך "משיתחיל לדבר" - וואס דעמולט איז ער שייך מערניס ווי צו ענינים של מעשה בפועל.

ועד"ז אויך בנוגע צו גילוי תורת החסידות - דער ספר התניא, וואס ענינו איז (ווי ער שרייבט אין הקדמת המלקט) "תשובות על שאלות רבות אשר שואלין בעצה . . לשית עצות בנפשם בעבודת ה'" - בנוגע צו ענינים פון מעשה בפועל.

[וואס דער ענין פון "שואלין בעצה" איז שייך ביי אלעמען, ווארום יעדערער דארף אנקומען צו אן עצה, די נפק"מ איז נאר אין וועלכן ענין דארף ער אנקומען צו דער עצה.

ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זאגט[10] "איזהו חכם הלומד מכל אדם", אז יעדער איד, וואס ער געהערט צום "עם חכם ונבון"[11], דארף ער זיין א "לומד מכל אדם" במשך כל ימי חייו,

ד.ה. אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס עד יום זה האט ער זיך געפירט בתכלית השלימות, כולל אויך בנוגע צו דעם ענין פון "לומד מכל אדם" - איז כדי ער זאל הייסן א "חכם" ביום זה, דארף ער אנקומען צו אן עצה און א לימוד "מכל אדם".

און דער ענין פון "חכם" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות בפועל, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[12] דאס וואס ס'שטייט אין זהר[13] אויפן פסוק[14] "החכם עיניו בראשו", אז "כל חכם עינוהי ומילוי ברישי' אינון בההוא דשריא וקיימא על רישי'", און "נהורא דבראשו איצטריך למשחא ואינון עובדאן טבאן", וואס דורך דעם ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות בפועל, האלט מען אויף דעם "נהורא דבראשו"].

ביז ווי דער אלטער רבי שרייבט אין דעם שער-בלאט פון ספר התניא[15], אז דער ספר התניא איז "מיוסד על הפסוק[16] כי קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו, לבאר היטב איך הוא קרוב מאד", ד.ה. אז תכלית הכוונה דערפון איז - "לעשותו", דער ענין פון מעשה בפועל.

און ווי מ'זעט בפשטות אז אין התחלת התניא רעדט זיך אלץ וועגן ענינים פון מעשה בפועל, אדער עכ"פ וועגן מעשה בפועל אין ענינים התבוננות און עבודת התפלה (ווי ער טייטשט אפ די ענינים אין וועלכע מ'דארף זיך מתבונן זיין מיט משלים פון ענינים פשוטים וואס זיינען אין עולם העשי'

- הגשמי) -

------------

10) אבות רפ"ד. 11) ואתחנן ד, ו. 12) פל"ה (מד, א ואילך). 13) ח"ג קפז, א. 14) קהלת ב, יד. 15) ראה מכ' - נדפס בלקוטי ביאורים לתניא (להר"י קארף שי') ע' תכח. 16) נצבים ל, יד.

הגשמי) - דער מעשה בפועל אין דעם "בפיך ובלבבך", ועאכו"כ אין דעם "לעשותו", וואס דאס איז מעשה ממש.

[וואָרום בשעת מ'לערנט דעם ספר התניא, איז דער לימוד מיט א סדר והדרגה, און לכל לראש לערנט מען די ענינים כפשוטם (אזוי ווי דאס איז אין כל עניני התורה, אז לכל לראש לערנט מען דעם פשט שבדבר, און ערשט דערנאך לערנט מען די אנדערע ענינים פון פרד"ס התורה),

וואס דערפאר זעט מען אז אין די ערשטע פרקים פון תניא רעדט זיך אלץ וועגן ענינים של מעשה בפועל, און ערשט נאך דערויף קומען די שפעטערדיקע פרקים פון תניא, און אגה"ת וכו', וואס דארטן רעדן זיך שוין די ענינים בעמקות יותר.

און דערפאר זעט מען אויך אז אין התחלת התניא רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "משביעין אותו כו'"[17] - וואס דאס איז דאך ווען דער תינוק איז נאך במעי אמו, פאר דער צייט וואס "מתחיל לדבר"].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז א התוועדות וואס איז פארבונדן מיטן יום ההילולא פון דעם אלטן רבי'ן [וואס ביי אים איז געווען בהדגשה דער ענין פון מעשה בפועל (כנ"ל), ביז אז ענינו איז געווען - א פוסק סיי אין נגלה דתורה (דורך דעם שו"ע שלו) און סיי אין פנימיות התורה (וואס נתגלתה בתורת החסידות, אנהויבנדיק פון דעם תניא קדישא) - א פס"ד להלכה בנוגע למעשה בפועל] - איז עיקר ענינה אז דערפון זאל ארויסקומען א הוראה בנוגע למעשה בפועל.

ב. די נקודה דערפון וואס עס האט זיך גערעדט פאראיארן, וועגן דער הוראה למעשה בפועל וואס מ'דארף ארויסנעמען פון א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט כ"ד טבת - איז:

עס איז ידוע תורת הבעש"ט וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין דער התחלה פון שעהיוה"א

[כמדובר כמ"פ[18] אז ס'איז געווען א קס"ד אז שעהיוה"א זאל זיין די התחלה פון ספר התניא, וכידוע די ראיות שבדבר]

אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז מהוה מחי' און מקיים די זאך וואס ווערט אנגערופן מיט דעם נאמען, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס גיט אויך ארויס דעם תוכן פון דער זאך.

אזוי איז אויך בנוגע צו דעם נאמען פון דעם אלטן רבי'ן[19]:

- דער -

---

17) נדה ל, ב. 18) ראה הערות ותיקונים לתניא עו, א.
19) בהבא לקמן ראה לקו"ש ח"ו שיחה לכ"ד טבת ס"ג וסוף ס"ט.

דער ערשטער נאמען פון דעם אלטן רבי'ן, "שניאור", איז מרמז אויף "שני אור"[20] (צוויי אורות) - דער אור פון נגלה דתורה, און דער אור פון פנימיות התורה, תורת החסידות[21].

און אין אן אופן אז עס ווערט איין ווארט - "שניאור", ד.ה. אז נגלה דתורה מיט תורת החסידות (די "שני אור") ווערן "תורה אחת", נגלה מיט חסידות צוזאמען [און וויבאלד אז "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[22], קומט דאס אראפ אין "לעשותו", אין דעם ענין פון מעשה בפועל].

און דער צווייטער נאמען איז "זלמן", אותיות "לזמן"[23] - אז ענינו איז געווען ממשיך זיין די "שני אור", דער אור פון נגלה מיטן אור פון חסידות, אין "זלמן" - זמן (און אויך אין מקום[24]) כפשוטו, אין עוה"ז הגשמי שאין תחתון למטה ממנו.

וואס אע"פ אז דער אלטער רבי איז געווען א נשמה חדשה, וואס ענינה (פון א נשמה חדשה) איז, מייסד זיין, און מפרסם זיין בביאור רחב דעם ענין פון מוחין ווי זיי זיינען בפ"ע, חכמה בינה ודעת -

האט ער אבער צוזאמען דערמיט מדגיש געווען [און איז מדגיש אויך איצטער, וויבאלד אז "דברי צדיקים קיימים לעד", ובלשון פון תורת הנגלה[25] - א פעולה נמשכת] אז דער עיקר איז עס זאל אראפקומען ביז אין מעשה בפועל, דורך דעם ענין פון דעה, וואס דאס איז די החלטה בנוגע לפועל, וואס דורך דערויף קומט דאס אראפ אין מדות, און דערנאך אויך אין די לבושים פון מחשבה דיבור ומעשה, "בפיך ובלבבך לעשותו".

און דאס איז די הוראה וואס דארף ארויסקומען פון דער התוועדות פון כ"ד טבת - בהתאם צו די רמזים וואס זיינען דא אין דעם נאמען פון דעם אלטן רבי'ן - אז עס דארף צוקומען א הוספה אין לימוד התורה, סיי אין נגלה דתורה און סיי אין פנימיות התורה (די "שני אור"), און אין אן אופן אז דאס זאל אראפקומען אין "(ל)זמן" (און מקום) - אין מעשה בפועל.

ג. נוסף אויף דעם וואס מ'האט גערעדט פאראיארן - קומט צו נאך א נקודה[26]:

- נאך -

---

20) ראה שם. לקו"ש שמות השל"ו ס"ח ובהערות שם. ובהערות שם.
יש"ש לגיטין פ"ד סכ"ו (הובא בלקו"ש ח"ו שם הע' 17).
21) ראה לקו"ד כרך א פג, א. 22) קידושין מ, ב. 23) ראה לקו"ש שם הע' 43. לקוטי לוי"צ אגרות ריש ע' ריט. 24) ראה שעהיוה"א פ"ז (פב, א). 25) ראה מפענח צפונות פ"ה.
26) ראה גם שיחה מוצאי ש"פ וארא, מבה"ח שבט השל"ח, ס"ח ואילך.

נאך דעם יום ההילולא פון דעם אלטן רבי'ן, בכ"ד טבת, קומט דער יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, בעשירי בשבט, "העשירי יהי' קודש"[27] (און צווישן די צוויי יום ההילולא, זיינען דא פופצן טעג).

און כיט דער הדגשה - אז די קביעות פון יו"ד שבט אין ימי השבוע, איז אלעמאל למחרת פון דעם יום בשבוע אין וועלכן ס'איז אויסגעפאלן דער טאג פון כ"ד טבת. ובשנה זו - כ"ד טבת איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, און יו"ד שבט איז ביום הרביעי.

ד. דער ביאור אין דער שייכות צווישן די צוויי טעג:

צוויי טעג וועלכע קומען איינער נאך דעם אנדערן (אזוי ווי יום הרביעי וואס קומט גלייך נאך יום השלישי), זיינען פארבונדן איינער מיטן צווייטן, ווארום דער סיום וסוף פון דעם פריערדיקן טאג ציט זיך אריין אין דעם קומענדיקן טאג, ועד"ז לאידך, אז די התחלה פון דעם קומענדיקן טאג הויבט זיך אן נאך אין דעם סיום וסוף פון דעם פריערדיקן טאג.

ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס רש"י טייטשט אפ אויפן פסוק[28] "ויכל אלקים ביום השביעי", אז "בשר ודם שאינו יודע עתיו ורגעיו צריך להוסיף מחול על הקודש, אבל הקב"ה שיודע עתיו ורגעיו נכנס בו כחוט השערה"[29], ד.ה. אז א בו"ד וואס "אינו יודע עתיו ורגעיו", כוז פארבינדן דעם יום הששי מיטן יום השביעי, אזוי אז נאך ביום הששי הויבט זיך שוין אן דער יום השביעי;

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די אנדערע טעג, אז צוויי טעג וועלכע קומען איינער נאך דעם צווייטן, זיינען זיי פארבונדן איינער מיטן צווייטן.

דער ענין פון "יודע עתיו ורגעיו" איז שייך נאר ביים אויבערשטן, ווען מ'רעדט אבער וועגן אידן, וואס צו זיי איז געגעבן געווארן די תורה, און צוליב זיי איז באשאפן געווארן די גאנצע וועלט, "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", "בשביל ישראל שנקראו ראשית ובשביל התורה שנקראת ראשית"[30] - איז ניט שייך דער ענין פון "יודע עתיו ורגעיו".

און בא תורה איז דאך דא דער כלל[30] אז "לא ניתנה תורה למלאכי השרת", נאר תורה איז געגעבן געווארן פאר בני אדם, און אין דערויף גופא איז מען נאך מדגיש די שלילה אז "לא

- ניתנה -

---

27) ל' הכתוב - בחוקותי כז, לב. 28) בראשית ב, ב.
29) פרש"י ר"פ בראשית. 30) ברכות כה, ב. וש"נ.

ניתנה התורה למלאכי השרת" (און מ'זאגט ניט נאר אז די תורה איז געגעבן געווארן צו בני אדם).

און דאס איז אויך שולל דעם ענין פון "מלאכי השרת" וואס אין דעם אדם, וואס מצד דעדויף וואלט געקענט זיין דער ענין פון "יודע עתיו ורגעיו" - ווי מ'געפינט בא דוד המלך[31], אז דורך די רוח צפונית, האט ער מכוין געווען דעם רגע פון "חצות לילה אקום להודות לך"[32] - איז מען שולל און מ'זאגט אז "לא ניתנה תורה למלאכי השרת", אפי' ניט צו "מלאכי השרת" ווי דאס איז אין דעם אדם.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון פס"ד הרמב"ם[33] אז "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם", ד.ה. אין אן ארט וואס לולא ענין התורה וואלט דארטן געווען אן ענין של מחלוקת - וואס דאס איז ניט שייך בא "מלאכי השרת", ווארום "אין ביניהם כו' ותחרות"[34] אפי' ניט בא "מלאכי השרת" ווי דאס איז אין דעם אדם.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף זיך רעכענען דערמיט וואס א בו"ד איז "אינו יודע עתיו ורגעיו" - וואס דערפאר מוז מען פארבינדן צוויי טעג וועלכע קומען איינער נאך דעם צווייטן.

ה. און אע"פ אז דער יום הרביעי פון יו"ד שבט קומט ניט גלייך נאך דעם יום השלישי פון כ"ד טבת (ווארום צווישן זיי איז דא א הפסק פון שבועיים) -

איז אבער ידוע דער ביאור[35] אין דעם וואס מ'זאגט בכל יום ראשון "היום יום ראשון בשבת" (ועד"ז בשאר ימי השבוע) - אז בכל יום ראשון פון כל השבועות של כל השנה, חזר'ן זיך איבער די זעלבע ענינים וואס זיינען געווען אין דעם ערשטן יום ראשון, און אזוי איז אויך בנוגע צו כל ימי השבוע,

וואס דערפאר זאגט מען דאך בכל יום מימות השבוע דעם "שיר של יום" וואס איז פארבונדן מיט דער בריאה וואס איז באשאפן געווארן אין דעם טאג בששת ימי בראשית[36],

וואס דער "שיר של יום" איז אן אמירה פון "דבר ה'", וואס דאס איז דאך אן ענין של מעשה[37] - איז פארשטאנדיק אז דעמולט חזר'ן זיך איבער אלע ענינים וואס זיינען געווען אין ששת ימי בראשית.

- וואס -

---

31) שם ג, ב. 32) תהלים קיט, סב. 33) סוף הל' חנוכה. 34) שהש"ר פ"ח, יא. רד"ה באתי לגני ה'תש"י (סה"מ ה'תש"י ע' 119). 35) ראה לקו"ת שה"ש כה, א. ובכ"מ. 36) ראה ר"ה לא, א ובפרש"י. 37) ראה ב"ר ספמ"ד.



הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אלע ימי ראשון שבכל השבועות פון שנה זו, ועד"ז אלע ימי שלישי און רביעי וכו׳, האבן א שייכות צווישן זיך.

[בנוגע צו ימי השבוע פון דער שנה שלפני׳ ושלאחרי׳, איז קיין הכרח ניט אז זיי האבן א שייכות צווישן זיך, ואדרבה, לויט דעם וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[38] אז בכל שנה ושנה איז "יורד אור חדש עליון יותר שלא הי׳ מאיר עדיין מימי עולם אור עליון כזה", איז פארשטאנדיק, אז בכל שנה זיינען ימי השבוע באופן נעלה יותר;

אבער בנוגע צו ימי השבוע שבשנה זו, זיינען כל ימי השבוע (יום ראשון וכו׳) פארבונדן און האבן א שייכות איינער מיטן צווייטן].

און ווי ס׳איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס ס׳שטייט אין כתבי האריז"ל[39] בנוגע צו די ז׳ ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ, אז יעדער טאג פון די שבעת ימי השבוע, איז כולל אין זיך כל ימי השבוע פון כל השנה כולה, און דעמולט קען זיין דער ענין התשובה בנוגע צו כל ימי השבוע שבמשך השנה,

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו כללות עבודת האדם - סיי די עבודה פון העלאת האור מלמטלמ"ע, וואס דאס איז התחלה התשובה, און סיי די עבודה פון המשכת האור מלמעלמ"ט, וואס דאס איז סיום ושלימות התשובה[40] - אז ס׳איז דא א שייכות צווישן אלע ימי ראשון אין די שבועות פון כל השנה, ועד"ז בנדו"ד - אז ס׳איז דא א שייכות צווישן אלע ימי שלישי און רביעי.

ו. וויבאלד אז די צוויי טעג (כ"ד טבת און יו"ד שבט) האבן א שייכות צווישן זיך (כנ"ל) - איז בהמשך צו דעם וואס מ׳האט גערעדט פאראיארן, וועגן דער הוראה בנוגע לפועל וואס דארף ארויסקומען פון כ"ד טבת, בהתאם צו די רמזים וואס זיינען דא אין דעם נאמען פון בעל ההילולא -

דארף אויך ארויסקומען א לימוד והוראה בנוגע לפועל וואס איז פארבונדן מיטן יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, ביו"ד שבט,

און די הוראה דארף זיין בנוגע צו עיקר ענינו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - וויבאלד אז ביום ההסתלקות איז "פעולתו אשר עבד בה" און "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו . מתגלה

- ומאיר -

-------------

38) סי"ד. 39) שער הכוונות דרושי ר"ה (לפני דרוש הא׳). סידור האריז"ל עשי"ת. 40) ראה אגה"ת פ"י.

ומאיר בבחי' גילוי מלמעלה למטה"[41]:

כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו איז געווען דער "ממלא מקום"[42] פון דעם אלטן רבי'ן. וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז לכל לראש איז עניננו - דער מילוי פון אלע ענינים וואס זיינען געווען ביים אלטן רבי'ן.

דערנאך קומט אבער צו דער ענין פון "מעלין בקודש"[43] - די הוספה וואס מ'האט געזעהן בא כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו.

די הוספה וואס איז צוגעקומען בא כ"ק מו"ח אדמו"ר, איז געווען בכמה ענינים; עס איז אבער דא דער ענין וועלכער שטייט בהדגשה, אין אן אופן אז דאס האבן געזעהן "כל עמי הארץ", אפי' דער וואס "בשם ישראל יכונה"[44]:

עס איז צוגעקומען דער ענין פון "באר היטב" - "בשבעים לשון"[45]: איבערזעצן ענינים פון תורה [ניט נאר אל"ף-בי"ת פון נגלה דתורה אדער אל"ף-בית פון פנימיות התורה, נאר אויך די ענינים עמוקים פון נגלה דתורה און פנימיות התורה] בכל מדינה ומדינה כלשונה (רוסית, אשכנזית, צרפתית, אנגליה, וכו').

[בא די נשיאים שלפניו געפינט מען ניט דעם ענין - מערניט דאס וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין אגה"ק[46] אז "הבעש"ט ז"ל הי' אומר ד"ת בל"א ולא בלה"ק"; אבער איבערזעצן די ענינים פון תורה אויף "שבעים לשון" - איז געווען דער אויפטו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר,

ווארום אין דעם זמן פון דעם אלטן רבי'ן איז נאך ניט געקומען די צייט אויף דערויף: בשעת אבער דער "פיזרן לבין האומות"[47] איז געווארן אין א טיפערן אופן - ניט נאר בנוגע צו מקום, נאר אויך בנוגע צו דער הנהגה וכו' - איז צוגעקומען דער ציווי והוראה אז מ'זאל איבערזעצן די ענינים פון תורה אויף אלע לשונות

ע"ד ווי מ'געפינט נאך ענינים שבתורה וואס זיינען צוגעקומען אין א זמן מסוים, בדוגמא ווי ס'איז געווען בזמן שלמה המלך, אז מ'האט מתקן געווען דעם ענין פון נט"י[48] (מצד

- דעם -

---

41) ראה אגה"ק סז"ך וכ"ח. ובארוכה - סידור דש, סע"ב ואילך. שם שז, ב. 42) ראה כתובות קג, ב. רמב"ם הל' מלכים פ"א ה"ז. ועוד. 43) ברכות כח, א. וש"נ. 44) לשון כ"ק מו"ח אדמו"ר במכתבו לחגיגת י"ב תמוז הראשונה בשנת תרפ"ח - נדפס בסה"מ תרפ"ח ע' קכו ואילך. ובכ"מ. 45) תבוא כז, ח ובפרש"י. סוטה לו, א. 46) סכ"ה (קמא, א). 47) פסחים פז, א. 48) שבת יד, ב. עירובין כא, ב.

דעם וואס דעמולט זיינען זיי געווען בקביעות, ניט ווי א "מחנה"[49]), ר.ה. אז ביז דעמולט איז דאס ניט געווען קיין מצוה, און אין יענעם זמן איז דאס געווארן א מצוה וואס האט אויף זיך דעם גדר פון מ"ע און מל"ה, אע"פ אז דאס איז נאר א מצוה מד"ס[50].

און אפי׳ אין מצות וואס זיינען מן התורה, געפינט מען אויך אז די מצוה פון פסח שני איז געזאגט געווארן ערשט בשנה השני׳ נאך יצי"מ[51], ביז וואנעט אז עס זיינען דא מצוות וואס זיינען גע׳יאגט געווארן ערשט בשנת הארבעים, ווי ס׳שטייט[52] בנוגע צו בנות צלפחד אז "כתובה פרשה זו לפני במרום". נאר זיי האבן זוכה געווען אז ס׳זאל געגעבן ווערן דורך זיי[53], וואס אע"פ אז פאר דערויף איז דאס שוין אויך געווען "כתובה לפני במרום", איז דאס אבער געווען נאר "לפני". פאר דעם אויבערשטן, און ערשט בשנת הארבעים איז דאס אראפגעקומען למטה און איז געווארן אן ענין של תורה והלכה.

און וויבאלד אז "צדיקים דומין לבוראם"[54], איז אויך געווען דער ענין פון "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[55] - ער האט געהייסן מ׳זאל אזוי טאן בנוגע צו זיינע מאמרים ושיחות:

א טייל דערפון האט ער אליין איבערגעזעצט (באשכנזית, רוסית וכיו"ב), כידוע בדברי ימי חייו, און דער עיקר - (מצד יוקר הזמן, אדער אנדערע סיבות) האט ער געהייסן די הולכים בדרכיו ובאורחותיו אז זיי זאלן ממשיך זיין אין דעם.

ז. דער ענין פון "באר היטב" - "בשבעים לשון", איז נוסף אויף דעם פירוש הפשוט שבזה, אפטייטשן דאס בלשון כל עם ועם, איז אויך כולל - אפטייטשן און אראפבראגן די ענינים פון תורה לויט דער הנהגה און לויט די הכונות הנפש פון יעדער אידן (וואס "אין דעותיהם שוה"[56]).

והדברים ק"ו: מה-דאך אז מ׳דארף אפטייטשן די ענינים פון תורה אויף לשון עם ועם כפשוטו אע"פ אז עס איז דא דער חילוק עיקרי צווישן לה"ק מיט אנדערע לשונות, אז לה"ק איז דער ענין פון "אבנים" וואס איז "בידי שמים", און שאר

- הלשונות -

---

49) ראה משנה עירובין יז, א. 50) ראה רמב"ם הל׳ ממרים פ"א ה"ב. 51) בהעלותך ט, א ואילך. 52) פרש"י עה"פ פינחס כז, ז. 53) ראה גם פרש"י שם, ה. ב"ב קיט, א. סנהדרין ח, א. 54) ב"ר פס"ז, ח. 55) תהלים קמז, יט. שמו"ר פ"ל, ט. 56) ראה ברכות נח, א.

הלשונות איז דער ענין פון "לבנים" וואס איז "בידי אדם"[57],

איז עאכו"כ אז מ'דארף אפטייטשן די ענינים פון תורה אזוי אז זיי זאלן זיין צוגעפאסט לויט דער הנהגה און לויטן אורח חיים און לויט די תכונות הנפש פון א אידן וואס "בשם ישראל יכונה" [ער שרייט אז בנוגע להנהגתו ואורח חייו, איז ער אזוי ווי אלע אנדערע עמים - באופן המותר עכ"פ; זיין הנהגה איז ניט אין אן אופן אז דאס שרייט "אידישקייט", נאר דאס שרייט "וועלטישקייט"], אפי' ווען ער האלט בהתחלת העבורה.

[ח"ו אז צוליב דערויף זאל מען מאכן פשרות אין תורה, כמדובר כמ"פ[58] אז ס'דארף זיין "אוהב את הבריות ומקרבן לתורה"[59] - מקריב זיין די "בריות"[60] צו "תורה", און ניט אראפברענגען די "תורה" ח"ו אז זי זאל נתקרב ווערן צו די "בריות";

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן די הכנות צו לימוד התורה, ובלשון חז"ל[61] אז קודם הלימוד דארף זיין דער ענין פון "מילתא דבדיחותא", כדי אז דער תלמיד זאל זיין א כלי אויף צו אויפנעמען דעם לימוד וואס מ'לערנט מיט אים[62] - איז וויבאלד אז דאס דירט ניט אן קדושת התורה, און דאס רירט ניט אן דעם קיום התומ"צ מיטן העכסטן און שטארקסטן דיוק - פאסט מען צו די "מילתא דבדיחותא" (אדער אנדערע ענינים של הכנה) אז ס'זאל זיין מתאים צו דער הנהגה און תכונות הנפש פון דעם וואס "בשם ישראל יכונה"].

ח. און אויך ווען כ'זעצט דאס איבער אויף "שבעים לשון" (מיט בידע פירושים שבזה) - גיט מען אים איבער די גאנצע תורה ווי זי איז בעצמותה ובטהרתה, בתקפה ובשלימותה,

[בדוגמא ווי דער ענין פון "באר היטב" - "בשבעים לשון" איז געווען ביים ערשטן רעיא מהימנא פון אידן, משה רבינו, וואס ס'איז א דבר הפשוט ומובן אז ווען משה רבינו האט איבערגעזעצט די תורה אויף "שבעים לשון", אז ס'זאל זיין פארשטאנדיק (ביז אין אן אופן פון "באר היטב") אפי' צום קלענסטן און נידעריקסטן פון אוה"ע -

האט ער אין דערויף אריינגעלייגט דעם גאנצן תוקף און פנימיות פון "נשמתא דאורייתא", און "נשמתא דנשמתא"[63],

- עאכו"כ -

------------

57) ראה תו"א משפטים עז, ג. 58) לקו"ש ח"ב ע' 316. 59) אבות פ"א מי"ב. 60) ראה תניא פל"ב. 61) שבת ל, ב. פסחים קיז, א. 62) ראה ד"ה לכה דודי תרפ"ט פ"ב (סה"מ קונטרסים ח"א כ, ב). 63) ראה זח"ג קנב, א.

עאכו"כ די ענינים פון חלק הפשט שבתורה - אין דעם זעלבן אופן ווי ער האט דאס באקומען אין הר סיני פון דעם אויבערשטן אליין.

ועד"ז איז אויך ווען עס קומט צום רעיא מהימנא וואס איז געווען אין דעם דור פון דעם אלטן רבי'ן - דער אלטער רבי, און בדורנו - כ"ק מו"ח אדמו"ד, אז זיין איבערזעצונג אין "שבעים לשון" איז אויך אין אן אופן אז אין דערויף ווערט איבערגעגעבן דער גאנצער תוקף פון תורה[] ,

מ'גיט אים איבער די "שני אור", סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה, מיטן גאנצן תוקף שבזה,

צוזאמען מיט דער הדגשה אז דאס קומט אראפ אין "זלמן" אותיות "לזמן" - אז די ענינים פון תורה (די "שני אור") קומען אראפ מיט זייער גאנצן תוקף אין "(ל)זמן" (און מקום), אויך בזמן הזה און במקום הזה.

און דאס איז כללות ההוראה וואס מ'נעמט ארויס פון כ"ד טבת, אין צוזאמענהאנג מיט יו"ר שבט - אז דער ענין פון "שני אור" (צוזאמען מיט דער הדגשה אז דאס קומט אראף אין "לזמן") קומט אראפ אין אן אופן פון "באר היטב" - "בשבעים לשון", אז דאס קומט אראפ אין לשון כל עם ועם, ביז אויך צו א אידן וואס "בשם ישראל יכונה".

ט. אין דערויף קומט צו נאך א נקודה:

דער ענין פון "באר היטב" - "בשבעים לשון", איז פארבונדן במיוחד מיט חודש שבט, און אויך מיט כ"ד טבת:

חודש שבט הויבט זיך אן מיט ד"ת שבט, און מקרא מלא דבר הכתוב[64] "בעשתי עשר חודש באחד לחודש גו' הואיל משה באר את התורה הזאת", און אויף דערויף טייטשט מען אפ[65] "בשבעים לשון פירשה להם".

און חודש שבט איז מען מברך און מ'איז אין איס משפיע נאך אין חודש טבת, און אין תצי השני של החודש, קרוב לסיומו, וואס דאס איז בסמיכות צו כ"ד טבת.

י. און דעמולט האט מען די הבטחה וואס איז געווען נאך אין דעם זמן פון דעם אלטן רבי'ן - אז אין אלע ענינים פון תומ"צ און יר"ש, וועט זיין יד החסידים על העליונה[66],

עאכו"כ בנוגע צו מקרב זיין א אידן צו אידישקייט,

- ארויסנעמען -

---

64) דברים א, ג-ה. 65) פרש"י עה"פ. 66) בית רבי ח"א פ"ד (ה, א). ספר התולדות אדה"ז ע' מו.

אדוינגעמען אים פון דעם מעמד ומצב וואס "בשם ישראל יכונה",
און מאכן פון אים א "ישראל", און ניט א "ישראל" מיט א חטא[67]
ח"ו, נאר א "ישראל" בטהרתו,

ביז וואנעט אז דער אויבערשטער דופט אים אן "ישראל" -
"לי ראש"[68], און ווען אידן מאכן א ברכה און זאגן אמן,
ובכללות - ווען אידן לערנען תורה און זיינען מקיים מצוות,
איז "הקב"ה מנענע בראשו"[69], וואס דורך דעריף ווערט ראשו
נשפל לכמה, כמדובר הענין בזה אין די פריערדיקע התוועדויות[70]
בארוכה.

וכן תהי' לנו - אז דורך דער החלטה טובה וואס מ'איז
מחליט אין יום ההסתלקות פון דעם אלטן רבי'ן, כ"ד טבת,

[וואס הסתלקות מיינט ניט אז ער איז אוועקגעגאנגען
ח"ו, נאר ס'איז אזא גילוי וואס ווערט אנגערופן בשם
"אסתלק", ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר ברענגט אראפ אין דעם מאמר
פון עשירי בשבט הש"י[71], דער יום ההסתלקות פון כ"ק מו"ח
אדמו"ר נשיא דורנו, וואס בנוגע צו דעם גילוי זאגט מען אז
"עיקר שכינה בתחתונים היתה"[72]],

וועט זיין דער "השרה שכינה במעשי ידיכם" און "במעשי
ידינו" (כלשון הידוע[73]) - אויף מצליח זיין אין לימוד התורה
און אין קיום המצוות, סיי בנוגע צו זיך, און סיי בנוגע צו
אויפטאן מיט א צווייטן אידן און מיט א דריטן אידן, און
מיט כל אחד ואחת מישראל.

וואס דעמולט וועט זיין שלימות העם, צוזאמען מיט
שלימות התורה, און צוזאמען מיט שלימות הארץ, "ארץ אשר גו'
עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[74],

וואס איר שלימות וועט זיין ווען ס'וועט מקוים ווערן
דער יעוד "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות"[75] - און די הכנה
לזה ווערט דורך דעריף וואס נאך דייענדיק אין גלות מאכט
יעדער איד פון זיינע ד' אמות (פון זיין שכונה, זיין שטאט
און זיין מדינה) אן "ארץ"[76] וואס "רצתה לעשות רצון קונה"[77],

און דאס ווערט געטאן מתוך שמחה וטוב לבב, וואס איז
פורץ אלע מדידות והגבלות.

- ביז -

------------

67) ראה סנהדרין מד, רע"א. 68) לקו"ת שלח מח, א. ועוד.
69) ברכות ג, סע"א. וראה דרמ"צ קכד, א. ועוד. 70) בר"ה
ואתה ברהמ"ך דמוצאי ש"פ כקץ. 71) ד"ה באתי לגני פ"א
(סה"מ תש"י ע' 112). וראה לקו"ת ויקהל פט, ד. 72) שהש"ר
פ"ה, א. 73) פרש"י עה"פ שמיני ט, כג. 74) עקב יא, יב.
75) יל"ש ישעי' רמז תקג. 76) ראה לקו"ש ח"ב ע' 621.
77) ב"ר פ"ה, ח.

ביז אז מ'קומט צו שלימות הגאולה - די גאולה האמיתית והשלימה, בביאת משיח צדקנו, "יעלה הפורץ לפנינו"[78], בעגלא דידן ממש.

* * *

יא. מ'האט גערעדט פריער וועגן דעם אויפטו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו - אראפברענגען די ענינים פון הורה אין אן אופן פון "באר היטב" - "בשבעים לשון".

וואס נאך דערויף וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט איבערגעגעבן דעם ציווי והוראה אז מ'זאל איבערזעצן די ענינים פון תורה אויף "שבעים לשון", כדי אז די ענינים פון תורה זאלן צוקומען אפי' צו א אידן וואס "בשם ישראל יכונה" -

איז דאס געווארן אן ענין אויף וועלכן דער רמב"ם פסק'נט אפ בספרו "יד החזקה"[79] אז דאס באקומט דעם תוקף פון א מ"ע און א מל"ת מן התורה - "שנאמר[80] על פי התורה אשר יורוך - זו מצות עשה", און "כל מי שאינו עושה כהוראתן עובר בל"ת, שנאמר[80] לא תסור מן הדבר אשר יגידו לך ימין ושמאל".

וואס דאס איז געזאגט געווארן בנוגע לכל הענינים וההוראות שלו - עאכו"כ בנוגע צו די ענינים אויף וועלכע ער האט זיך מוסר נפש געווען, און נאכמער: ער האט געשיקט זיינע תלמידים אז זיי זאלן זיך מוסר נפש זיין אויף דערויף,

[וואס שיקן די תלמידים אז זיי זאלן זיך מוסר נפש זיין, איז דאך א חידוש הכי גדול, און ס'איז א סאך שווערער ווי גיין אליין אויף מס"נ[81]],

ווי מ'האט געזעהן דעם אופן העבודה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר זייענדיק במדינה ההיא, אז ער האט געשיקט זיינע תלמידים און ההולכים באורחותיו, אין א מקום של סכנה,

[וויסנדיק אז דאס איז א מקום של סכנה, און וויסנדיק די טייערקייט פון א אידישע נשמה, אפי' פון אזא וואס "בשם ישראל יכונה", ביז אז דאס האט אים געבראכט צו אן ענין של מס"נ אויף מציל זיין דעם אידן וואס "בשם ישראל יכונה" - האט ער אבער געשיקט א צווייטן אידן למקום של סכנה],

כדי צו אויפטאן אז די ענינים פון הורה זאלן אנקומען אפי' צו א אידן וואס "בשם ישראל יכונה".

- יב. -

---

78) ע"פ מיכה ב, יג. וראה ב"ר פפ"ה, יד ובפרש"י שם.
79) הל' ממרים פ"א ה"ב. 80) שופטים יז, יא. 81) ראה גם לקו"ש ח"א ע' 136.



הנחת הת' בלתי מוגה

יב. עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן דעם אופן העבודה פון דורנו זה, וואס מ'פארלאנגט ניט אזא מס"נ מיט אזא תקיפות,

[ואדרבה, ע"פ רוב איז גאר דא דער ענין פון "מלכים אומניך גו'"[82] - מ'באקומט א תואר של שבח אפי' פון ניט אידן (עכ"פ פון די מתוקנים שבהם, ולפעמים רבות אפי' פון די וואס זיינען נאך ניט קיין מתוקנים), אויף דעם וואס מ'שטייט בתקיפות אויף די ענינים פון תומ"צ,

און ווי מ'זעט בפועל אז די וואס האבן זיך געשראקן ארויסגיין מיט א שטורעם בנוגע צו ענינים פון אידישקייט, דערפאר וואס "מה יאמרו הגוים", איז בשעת מ'האט זיי מכריח געווען (ארער אז דער יצ"ט שלהם האט זיי מכריח געווען) צו טאן דאס - איז ניט נאר אז דערפון איז ניט געווארן קיין לעג וקלס בא די גוים (ועאכו"כ אז זיי האבן דערצו ניט געשטערט), נאר אדרבה, זיי האבן נאך געהאלפן אין דערויף, און זיי האבן דאס משבח געווען, ווי מ'האט דאס געזעהן בנוגע לכמה ענינים, סיי במדינה זו, ועד"ז אין שאר המדינות],

איז ווי באלד אז מ'זעט אז דער אויבערשטער האט געגעבן די כחות וואס מ'דארף האבן זייענדיק אין עקבתא דמשיחא, אין דעם חושך כפול ומכופל פון סוף זמן הגלות, און מ'זעט אז די מניעות מצד גוים, און די מניעות פון וועלט בכלל, זיינען געווארן ווייניקער דערפון ווי ס'איז געווען במדינה ההיא, און אפי' במדינה זו זיינען איצטער דא ווייניקער מניעות דערפון ווי ס'איז געווען מיט כמה דורות ושנים לפנ"ז -

איז דערפון גופא די הוכחה אז איצטער דארף מען טאן כב"פ ככה מער ווי מ'האט געדארפט טאן דעמולט - ווארום ח"ו אז א כח וואס דער אויבערשטער האט געגעבן זאל בלייבן ניט אויסגענוצט.

און ווען ער דערשרעקט זיך: היתכן, ווי אזוי וועט ער קענען דערגרייכן צו אזא עבודה אז ער זאל אויסנוצן בשלימות אלע כחות וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן -

זאגט מען אים אז וויבאלד תורה פסק'נט אז אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[83], האט מען זיכער געגעבן יעדערן דעם כח אז ער זאל קענען אויסנוצן בשלימות די אלע כחות וואס מ'האט אים געגעבן.

מ'דארף נאר האבן דעם "ובחרת בחיים"[84], ער זאל דאס טאן בבחירתו - וואס דאס גופא פועל'ט ער זאל האבן אין דערויף

- מער -

------------

82) ל' הכתוב - ישעי' מט, כג. 83) במדב"ר פי"ב, ג.
84) נצבים ל, יט.

מער געשמאק, וואס דער געשמאק איז נאכמער מוסיף אין הצלחת העבודה, ועאכו"כ אז דאס איז מוסיף הצלחה אין זיין השפעה על כל הנמצאים בסביבתו.

יג. ויה"ר אז די עבודה אין אלע ענינים האמורים לעיל, זאל זיין אין אן אופן ווי ביידע נשיאים (דער אלטער רבי און כ"ק מו"ח אדמו"ר) און די נשיאים שביניהם האבן געמאנט, אז די עבודה זאל זיין ווי תורת החסידות (הכללית, ועאכו"כ תורת חסידות חב"ד) מאנט[85] - מתוך שמחה וטוב לבב, וואס די שמחה איז פורץ זיינע מדידות והגבלות[86], און איז מוסיף הצלחה בעבודתו ופעולתו.

וואס דורך דערויף איז מען מוסיף נחת רוח כביכול צו די נשמות פון בעלי ההילולא (פון כ"ד טבת און יו"ד שבט),

ביז וואנעט אז מ'איז מוסיף נחת רוח אין נשמת כל העולם כולו, וואס דאס איז דאך דער אויבערשטער, כמרז"ל[87] "מה הנפש ממלאה את הגוף כך הקב"ה ממלא את עולמו" - אז מ'איז מוסיף כח "בגבורה של מעלה"[88], ביז אז מ'איז מוסיף כח אין דעם אויבערשטן אליין כביכול, וואדום מ'טוט אויף דעם "נחת רוח <u>לפני</u> שאמרתי ונעשה רצוני"[89], ביז צו "לפני" - אין פנימיות ועצמיות פון דעם אויבערשטן.

און דערנאך ווערט דאס נמשך מלמעלמ"ט, אן קיינע מדידות והגבלות, אין אן אופן פון "עד מהרה ירוץ דברו"[90] (ככבואר בארוכה אין די דרושים פון "שקדים"[91]) - אז עס קומט אראפ למטה מעשרה טפחים די הצלחה רבה ונפלאה אין אלע ענינים פון א אידן,

און דאס ווערט אויפגעטאן נאך אין חודש טבת, דער "ירח שנהנה גוף מן הגוף"[92] - ווי גערעדט אמאל בארוכה[93] דעם פירוש הפנימי בזה, אז דער "גוף" פון דעם יש האמיתי, איז נהנה "מן הגוף" פון דעם יש הגשמי, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך לימוד התורה וקיום מצוותי', וואס דעמולט ווערט דער "גוף" מיט דעם "גוף" אין אן אופן פון "כולא חד", עס ווערט אן איין און איינציקע זאך[94].

- און -

---

85) ראה תניא פכ"ו. ובכ"מ. 86) ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 87) מדרש תהלים עה"פ תהלים קג, א. וראה גם ברכות י, א. 88) איכ"ר פ"א, לג. 89) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 90) ל' הכתוב - תהלים קמז, טו. 91) לקו"ת ס"פ קדח. ועוד. 92) מגילה יג, א. 93) ש"פ וישב, מבה"ח טבת תשל"ה (נדפס בלקו"ש חט"ו ע' 357 - הנחה בלתי מוגה). 94) ראה ביאוה"ז בשלח מג, ג ואילך. בד"ה ולקחתם לכם תדס"א. ובכ"מ.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

און דערנאך בענטשט מען חודש שבט, און מ'קומט צום "באר את התורה (בשבעים לשון)"[95] וואס איז אין חודש שבט, "בעשתי עשר חודש באחד לחודש"[96] - דורך דער עבודה פון "באר היטב" וואס מ'האט געטאן נאך אין חודש טבת שלפנ"ז.

און דאס ווערט די הכנה קרובה צום "באר היטב" וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, אז ס'וועט זיין דער "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו'"[97],

ביז צו לימוד תורתו של משיח מפיו של משיח, בקרוב ממש, למטה מעשרה טפחים, ובלשון הרמב"ם[98] - "מיד הן נגאלין".

* * *

יד. עס איז ידוע וואס דער צ"צ שרייבט אין זיין רשימה, אז די הסתלקות פון דעם אלטן רבי'ן איז געווען "במוש"ק דשמות כ"ג אור לכ"ד טבת".

אע"פ אז די קביעות פון כ"ד טבת בשנה זו איז, ביום השלישי לאחרי שבת קודש פ' שמות - איז דאך אבער ידוע אז די שלשה ימים הראשונים שבשבוע (ביז יום השלישי, ועד בכלל) האבן א שייכות צום פריערדיקן שבת, ווי די גמרא[99] זאגט אז די ערשטע דריי טעג פון דער וואך ווערן אנגערופן "בתר שבתא" (זיי האבן נאך א שייכות צום פריערדיקן שבת), און די דריי טעג שלאח"ז ווערן אנגערופן "קמי שבתא" (זיי זיינען דער "ערב" פון דעם קומענדיקן שבת);

ביז ווי דאס קומט אראפ אין הלכה בפועל - אז אויב מאיזה סיבה שתהי' האט מען ניט געמאכט קיין הבדלה במוצאי שבת, קען מען מאכן הבדלה ביז יום השלישי[100] - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יום השלישי איז פארבונדן מיט מוצאי שבת, ווארום דער ענין פון הבדלה (וואס מ'קען מאכן ביז יום השלישי) איז, מבדיל זיין צווישן שבת מיט מוצאי שבת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויך לויט קביעות שנה זו, איז דא א שייכות צווישן דעם ענין ההסתלקות והילולא מיט מוצאי שבת קודש פ' שמות.

טו. לכאו'[101] איז ניט פארשטאנדיק - פארוואס איז מען מדגיש אז די הסתלקות איז געווען "במוש"ק <u>דשמות</u>", און ניט אין אור ליום א' פון פ' <u>וארא</u>:

- אין -

---

95) דברים א, ה ובפרש"י. 96) שם, ג. 97) צפני' ג, ט. 98) הל' תשובה פ"ז ה"ה. 99) פסחים קו, א. 100) שם. טושו"ע או"ח סרצ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם ס"ח. 101) בהבא לקמן ראה גם לקו"ש שמות השל"ו.

אין פ' שמות הויבט זיך אן (און דער תוכן הפרשה איז) דער ענין הגלות ושעבוד מצרים, דארטן ווערט דערציילט וועגן דעם מעמד ומצב פון אידן "הבאים מצרימה"[102], אין אן אופן אז דערנאך איז געווארן דער ענין הגלות והשעבוד,

וועגן דער ירידה למצרים ווערט שוין דערציילט אין ספר בראשית, אנהויבנדיק דערפון וואס "ויוסף הורד מצרימה"[103], ובפרט אין פ' ויגש[104] וואו עס ווערט דערציילט וועגן "הבאים מצרימה יעקב ובניו" – דעמולט איז נאך אבער ניט געווען דער ענין השעבוד[105],

ואדרבה, דעמולט איז געווען דער ענין פון "ואת יהודה שלח גו' להורות לפניו"[106], "לתקן לו בית תלמוד שמשם תצא הוראה"[107], מ'האט אהינצו געבראכט דעם ענין פון לימוד התורה,

ביז וואנעט אז דעמולט איז געווען דער "ויחי יעקב"[108], דעמולט זיינען געווען די שנים הכי נעלוה שלו, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון זהר[109], וכידוע דער פתגם וואס דער אלטער רבי האט געזאגט צום צ"צ אויף "ויחי יעקב", ווי ס'איז איבער-דערציילט געווארן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, און שוין אויך געדרוקט[110].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "הבאים מצרימה" אין אן אופן אז דערנאך איז געווארן דער ענין הגלות, הויבט זיך אן ערשט אין ספר שמות, און אין דערויף גופא – אין דער התחלה פון ספר שמות, פ' שמות.

משא"כ אין פ' וארא ווערט שוין דערציילט וועגן ענינים של גאולה, דעמולט האט זיך שוין אנגעהויבן דער שחרור וגאולה פון שעבוד מצרים, כמרז"ל[111] "בר"ה בטלה עבודה מאבותינו במצרים".

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס פארבינדט מען דעם ענין ההסתלקות פון דעם אלטן רבי'ן מיט פ' שמות ("מוש"ק דשמות") – דער ענין הגלות, און ניט מיט פ' וארא (אוד ליום א' פ' וארא) – דער ענין הגאולה?

אפי' ווען מ'פארבינדט אן ענין פון דעם אלטן רבי'ן בכלל מיט דעם ענין הגלות, ווערט אויך א תמיהה – עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן דעם ענין ההסתלקות שלו, וואס ביום

- ההסתלקות -

---

102) שמות א, א. 103) וישב לט, א. 104) מו, ח.
105) ראה שמו"ר פ"א, ח. פרש"י פרשתנו ו. טז. 106) ויגש שם, כח. 107) פרש"י עה"פ. ועוד. 108) ויחי מז, כח.
109) ח"א רטז, ב. 110) היום יום ע' יב. 111) ר"ה יא, רע"א. וראה לקו"ש שם הע' 17.

ההסתלקות איז "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו . . מתגלה ומאיר בבחי' גילוי מלמעלה למטה".

און אעפ"כ, ווען מ'האט די ברירה פארבינדן דעם ענין ההסתלקות ארער מיט פ' שמות ("מוש"ק דשמות") אדער מיט פ' וארא (אור ליום א' פ' וארא) - פארבינדט מען דאס מיט פ' שמות דוקא - דער ענין הגלות, און ניט מיט פ' וארא - דער ענין הגאולה.

טז. וועט מען דאס פארשטיין - בהקדם דעם סיפור הידוע פון חסידים[112]:

ווען מ'האט געבראכט דעם ספר התניא צו ר' לוי יצחק בארדיטשעווער, האט ער געזאגט אז די גרויסקייט פון דעם ספר התניא איז: "אריינשטעלן אזא גרויסן גאט אין אזא קליינעם ספר".

דער ביאור אין דעם פתגם [ס'איז דאך ניט קיין צחות וואס עס האט געזאגט איינער פון יושבי קרנות ח"ו - דאס איז א ווארט וואס עס האט געזאגט רלוי"צ בארדיטשעווער (פון די היפט הלמידים פון דעם מגיד), בנוגע צום ספר התניא פון דעם אלטן רבי'ן]:

אויף תורה שטייט[113] "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים", ביז אז תורה איז "שעשועים גו' לפניו"[114], עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן פנימיות התורה, "נשמתא דאורייתא", און "נשמתא לנשמתא דאורייתא".

און אין פנימיות התורה, רזין דתורה ביז רזין דרזין דהודה, איז דא דער "אנא נפשי כתבית יהבית"[115] בגלוי [אין נגלה דתורה שטייט דאס בהעלם, וויבאלד אז "דברה תורה כלשון בני אדם"[116], אבער אין פנימיות התורה רעדט זיך דאך וועגן די עשר ספירות וכיו"ב, וואס אפי' ווען מ'ווייסט ניט זייער מהות, מערניט זייער מציאות, ווייסט מען דאך אבער אז עס רעדט זיך וועגן ענינים הכי נעלים].

און דאס איז געווען דער פלא בא רלוי"צ בארדיטשעווער - אז דער אלטער רבי (א נשמה בגוף) האט גענומען אזא גרויסן גאט - דורך דערויף וואס ער האט גענומען פנימיות התורה, רזין דרזין דאורייתא, וואס אין דערויף איז "אנא נפשי

- כתבית -

---

112) בית רבי ח"א פכ"ה הע' ג' (הג'). הועתק בספר התולדות אדה"ז ריש ע' שסז. 113) איוב יא, ט. 114) משלי ח, ל. 115) שבת קה, א. 116) ראה תוס' סוטה כד, ריש ע"ב. מל"מ הל' דעות פ"ו ה"ז. וש"נ.

כתבית יהבית" בגלוי - און האט אים ארייגעשטעלט אין א קליינעם ספר - אין אן ענין של הבנה והשגה, אין חכמה בינה דעת,

און אין שכל גופא - די דרגא הכי תחתונה שבשכל - דער שכל פון דעם נה"ב; ניט נאר צום שכל פון נה"א ווי ער איז מלובש אין גוף, וואס דעמולט איז ער שוין אויך מוגבל בתכלית ההגבלה (ניט ווי די נשמה איז געשטאנען אין דעם מעמד ומצב "חי ה' אלקי ישראל אשר עמדתי לפניו"[117]), נאר אויך צום שכל פון נה"ב, דורך דעם ממוצע פון נפש השכלית,

ביז אז דאס קומט אראפ (ניט נאר אין דעם שכל פון נה"ב, נאר אויך) אין "בפיך ובלבבך לעשותו" - אז דאס קומט אראפ אין דעם כח העשי' פון נה"ב,

וואס דאס איז דאך א צמצום הכי עצום אפי' פאר עצם הנפש פון א אידן, עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן פנימיות התורה, דזיין דרזין דאורייתא, וואס אין דערויף איז דא דער "אנא נפשי כתבית יהבית" בגלוי.

וואס דאס איז דער אויפטו פון חסידות חב"ד לגבי חסידות הכללית[118]:

חסידות הכללית איז געגעבן געווארן דורך קורצע ווערטער, אדער דורך מעשה בפועל - דער ענין פון מופתים ביז וואנעט אז דער לשון הרגיל בפי העולם אויף אן ענין של מופת איז - אז דאס איז א "בעל-שם'סקע מעשה"[119], וואס אין דערויף קומט דאס אראפ שלא בהדרגה און ניט בגילוי (אין אן אופן של ביטול וכו'); און חסידות חב"ד האט אויפגעטאן אז ס'זאל אראפקומען בהדרגה ובגילוי - אין הבנה והשגה, אין חכמה בינה ודעת.

יז. עד"ז איז דא א צווייטער סיפור, מיטן זעלבן תוכן:

ווען מ'האט דערהערט וועגן דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", האט מען געוויינט (ניט קיין דמעות של שמחה, נאר דער היפך דערפון): היתכן אז מ'וועט נעמען די "מעינות" און ארייינשטעלן זיי אין "חוצה", און נאך אין אן אופן פון "יפוצו".

וואס אמיתית הענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" האט זיך אנגעהויבן נאך פעטערבורג (כידוע די שיחה פון דעם

- רבי'ן -

---

117) מ"א יז, א. וראה זח"ב סח, ב. סה"מ ה'ש"ה ס"ע 13 בהערה. 118) ראה לקו"ש ח"ו ע' 40. 119) ראה ד"ה שיר המעלות ממעמקים דמוצאי ש"פ וילך ש.ז.

רבי'ן נ"ע[120]), וויבאלד אז דעמולט איז תורת החסידות אראפ-געקומען אין לבושים פון הבנה והסברה.

וואס דאס איז דער זעלבער תוכן פון דעם פתגם פון רלוי"צ בארדיטשעווער - אז מ'האט גענומען אזא גרויסן גאט (פנימיות התורה, וואס אין דערויף איז "אנא נפשי כתבית יהבית" בגלוי), און מ'האט אים אריינגעשטעלט אין א קליינעם ספר (אין אן ענין של הבנה והשגה).

וואס דער תוכן פוןביידע ענינים איז - אז מ'נעמט אן ענין וואס איז די נשמה פון כל העולם כולו (ווי געבראכט פריער (סי"ג) דעם מארז"ל "מה הנפש ממלאה את הגוף כך הקב"ה ממלא את עולמו"), ביז צום ענין פון "אנא נפשי כו'", דער ענין פון "בי נשבעתי"[121], וואס דאס איז דער ענין פון עתיקא, און עתיקא דעתיקא[122], מיט אלע לשונות של קבלה שבדבר, און מ'שטעלט דאס ארייין אין חסידות חב"ד, ביז אין אן אופן פון דעה, וואס דאס איז פארבונדן מיט "יתקע מחשבתו בחוזק",

ביז וואנעט אז מ'גיט דאס צו פארשטיין אויך צום דעת פון נה"ב פון א קל שבקלים - וואס צו אים איז אויך געשריבן געווארן דער ספר התניא, ווארום דאס איז א ספר של בינונים, און "מדת הבינוני" איז "מדה כל אדם ואחרי' כל אדם ימשוך"[123].

יח. עפ"ז קען מען מבאר זיין דעם קשר פון דעם ענין ההסתלקות וההילולא פון דעם אלטן רבי'ן, מיט "כוש"ק דשכות" דוקא:

דער אויפטו פון דעם אלטן רבי'ן איז דאך געווען דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - אראפברענגען פנימיות התורה, רזין דרזין דאורייתא, אין הבנה והשגה, אין הב"ד, ביז צו חב"ד פון נה"ב, און נאכמער: אראפברענגען די ענינים פון פנימיות התורה אין אן אופן פון "באר היטב", אז ס'זאל זיין פארשטאנדיק אפי' פאר א אידן וואס "בשם ישראל יכונה".

וואס די ירידה פון פנימיות התורה אין חב"ד, איז בדוגמת הענין פון ירידת הנשמה בגוף, וואס דאס איז א ירידה "מאיגרא רמה לבירא עמיקתא"[124] - ווארום מ'טראגט אראפ פנימיות התורה, וואס אין דערויף איז דא דער "אנא נפשי כתבית יהבית" בגלוי, אין אן ענין של הבנה והשגה (כנ"ל בארוכה).

און דערפאר איז די הסתלקות פון דעם אלטן רבי'ן

- פארבונדן -

---

120) הו"ש ס"ע 112. 121) ישעי' מה, כג. 122) קצוה"ע לתניא ע' כח. 123) תניא רפי"ד. 124) ראה חגיגה ה, ב.

פארבונדן מיט "מוש"ק דשמות" [וואס אע"פ אז "מוש"ק דשמות" איז שוין די התחלה פון פ' וארא, איז מען אבער מדגיש דעם ענין פון פ' שמות (און דער ענין פון פ' וארא שטייט ניט בגלוי)] - דער ענין הירידה פון גלות.

און ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו דעם ענין פון ירידת הנשמה בגוף, און די ירידה פון דעם ענין הגלוה, אז דוקא דורך דער ירידה קומט מען צו צו אן עלי' גדולה ביותר, ביז צו אן עלי' וואס איז שלא בערך צו דער דרגא אין וועלכע מ'איז געווען קודם הירידה[125], אז עס ווערט אויפגעטאן דער "אנכי אעלך גם עלה"[126],

איז עד"ז אויך בנוגע צו דער ירידה פון פנימיות התורה אין די לבושים פון הבנה והשגה, אין חב"ד - אז דוקא דורך דערויף וואס פנימיות התורה איז אראפגעקומען אין אן אופן פון "יהפרנסון"[127], אין הבנה והשגה[128]. ביז אין חב"ר פון נפש השכלית, און אין חב"ד פון נה"ב, וואס דאס איז דער כללות הענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - דריקט זיך אויס און עס ווערט נתגלה דער עצם פון פנימיות התורה[129].

יט. און דער כללות הענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", ווערט די הכנה קרובה צו ביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש,

אז פון דעם "ואלה שמות בנ"י הבאים מצרימה גו' ראובן שמעון גו'", וועט זיין די עלי' פון מצרים, אין אן אופן אז "ראובן ושמעון נחתין, ראובן ושמעון סלקין"[130],

און מ'וועט זוכה זיין לערנען תורתו של משיח מפיו של משיח -

וואס די צוויי ענינים פון ראובן און שמעון, ראובן ע"ש "כי ראה ה'"[131], דער ענין פון ראי'[132], און שמעון ע"ש "כי שמע ה'"[133], דער ענין פון שמיעה[134] - זיינען דא אין לימוד תורתו של משיח:

לימוד תורתו של משיח וועט דאך זיין אין אן אופן פון ראי'[135], וואס דאס איז דער ענין פון ראובן, "ראה ה'", און

- משיח -

---

125) ראה לקו"ת בלק עג, סע"א. ובכ"מ. 126) ויגש שם, ד. וראה תו"א ר"פ שמות. שם ג, א ואילך. 127) תקו"ז ת"ו בסופו. 128) ראה לקו"ש ח"ז ע' 206 ובהע' 3 שם. 129) ראה בארוכה לקו"ש שמות תשל"ו ס"ז ואילך ובהערות שם. 130) ויק"ר פל"ב, ה. ועוד. 131) ויצא כט, לב. 132) ראה ד"ה יהודה אתה יודוך אחיך דאור ליום ג' פ' ויחי, עשרה בטבת תשל"ח ס"ב. וש"נ. 133) ויצא שם, לג. 134) שער האמונה פ"ס. סד"ה וידבר אלקים (הב') הרצ"ט.

משיח וועס לערנען תורה מיט דעם וואס "תלמודו בידו"[135] - דער לימוד התורה שבעוה"ז וואס איז אין אן אופן פון שמיעה, וואס דאס איז דער ענין פון שמעון, "שמע ה׳".

ובפרט לויט ווי דער צ"צ איז מבאר אין ספר המצוות שלו[136], אז בא משיח וועלן זיין צוויי ענינים: דער ענין פון "רב" און דער ענין פון "מלך" - וואס דער ענין פון "רב" איז פארבונדן מיט די ענינים וועלכע מ׳פארשטייט בשכל, ביז אין אן אופן של ראי׳, און דער ענין פון "מלך" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שמיעה, ווי ס׳שטייט[137] "ה׳ שמעתי שמעך יראתי" - דער ענין פון ביטול[138] און קב"ע (וואס דאס איז "ראשית העבודה ועיקרה ושרשה"[139]), וואס דאס איז דער ענין פון א מלך.

ובקרוב ממש וועט זיין דער "והקיצו ורננו שוכני עפר"[140], סיי דער בעל ההילולא פון כ"ד טבת, און סיי דער בעל ההילולא פון יו"ד שבט, און אויך שאר נשיאי ישראל, און כל מתי ישראל, וואָרום ס׳וועט זיין דער ענין פון תחיית המתים.

און מ׳וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, מיט א ריבוי עצום פון אידן, "ובנ"י פרו וישרצו וירבו ויעצמו במאד מאד ותמלא הארץ אותם"[141],

און כל הארץ כולה וועט זיין אין אן אופן פון "ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים"[142], און נבראים "ישיגו דעת בוראם" - מ׳וועט האבן א ידיעה אין "שמי הוי׳"[143] (וואס "לא נודעתי להם")[144],

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, בעגלא דידן.

* * *

כ. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה הבאים ישרש יעקב.

* * *

כא. בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה - איז דא דער ענין פון לימוד התורה בכלל, און דערנאך איז דא דער פס"ד בנוגע להלכה למעשה, וואס דערפון קומט ארויס דער מעשה המצוה.

וואס דער פס"ד בנוגע למעשה בפועל, איז בדוגמת א

- "גרעין" -

------------

135) פסחים נ, א. וש"נ. וראה לקו"ש משפטים תשל"ז הע׳ 65. 136) מצות מינוי מלך פ"ג. 137) חבקוק ג, ב. 138) ראה תו"א ויחי מה, ב. 139) תניא רפמ"א. 140) ישעי׳ כו, יט. 141) שמות א, ז. 142) ישעי׳ יא, ט. 143) פרשתנו שם, ג. 144) ראה תו"א פרשתנו נו, א ואילך.

"גרעיך" פון וועלכן עס וואקסט אויס דער בויס, וויבאלד אז פון דעם פס"ד קומט ארויס דער מעשה בפועל - וואס בנוגע צום מעשה בפועל איז נוגע נאר דער פס"ד, משא"כ טעמי ההלכות וכו׳, וואס זיי זיינען ניט נוגע צו מעשה המצוה, ואדרבה, זיי קענען אים גאר מבלבל זיין.

און ווי מ׳זעט אז בנוגע צו "טעמא דקרא" איז דא א מחלוקת[145] צי "דרשינן טעמא דקרא" אדער "לא דרשינן טעמא דקרא", ד.ה. אז לכו"ע איז דאס "טעמא דקרא", און אעפ"כ איז דא א דעה אז "לא דרשינן טעמא דקרא", וואדום אויב ער וועט זיך פארלאזן אויפן טעם (אפי׳ א טעם וואס שטייט אין פסוק), וועט ביי אים ארויסקומען ניט קיין ריכטיקער פס"ד.

עאכו"כ ווי דער ענין איז אין עבודה - אז אע"פ אז עס דארף זיין דער ענין פון התבוננות, און די עבודה דארף זיין "בכל לבבך ובכל נפשך"[146], מיט אלע כחות הנפש, עאכו"כ מיטן שכל שבראש [וואס ער איז דאך פון די "תלת שליטין"[147], און אין דערויף גופא איז דאך דער מוח שליט על הלב[148]],

עאכו"כ לויט די הדגשה פון תורת חסידות חב"ד, וואס זי ווערט אנגערופן "חב"ד" - ע"ש דעם ענין פון שכל, ביז ווי דער שכל ווערט פאנאנדערגעטיילט אין פרטי הדרגות פון חכמה בינה ודעת - דארף דאך זיין דער ענין פון התבוננות וכו׳,

אבער אעפ"כ, ווען עס קומט צום פס"ד בנוגע למעשה בפועל, איז דארטן ניט אזוי נוגע דער ענין פון שכל, ווי ס׳איז פארשטאנדיק פון דעם לשון פון ברכת המצוות, אז ער איז מקיים די מצוה נאר דערפאר וואס "קדשנו במצותיו וצונו" - ס׳איז ניט פארבונדן מיט דעם ענין פון שכל.

ובלשון פון דעם בעל ההילולא אין לקו"ת[149] - אילו נצטוינו לחטוב עצים,

[דא מיינט ער ניט דעם ענין פון לחטוב עצים ווי ס׳איז געווען ביים "מקושש עצים", און ער מיינט אויך ניט דעם ענין פון "עץ הדעת" און "עץ החיים", וואס דאס איז אן עבודה הכי נעלית[150], נאר ער מיינט "לחטוב עצים" כפשוטו],

ד.ה. אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס פריער האט ער פארשטאנען דעם ענין אין זיין שכל והבנה, און אין אן אופן פון עמקות השכל, ביז אין אן אופן פון "יתקע מחשבתו

- בתוזק" -

---

145) יבמות כג, א. קידושין סח, ב. ב"מ קטו, א.
146) ואתחנן ו, ה. 147) זח"ב קנג, א. 148) זח"ג רכר, סע"א. תניא פי"ב (יז, רע"א). 149) שלח מ, א. וראה גם המשך תרס"ו ע׳ נד. 150) ראה לקו"ת שם מב, סע"ב ואילך. ובכ"מ.

בחוזק"[151], וואס דאס איז דער ענין פון דעה, אעפ"כ, ווען עס קומט צום מעשה בפועל, דארף דאס זיין אין אן אופן פון "נצטוינו לחטוב עצים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון פס"ד בנוגע לפועל, איז בדוגמא א גרעין פון וועלכן עס קומט ארויס דער בוים, וויבאלד אז דער מעשה בפועל קומט ארויס פון דעם פס"ד.

כב. בנוגע צו די פסקי דינים פון דעם אלטן רבי'ן - געפינט מען אז פון די ערשטע ענינים און ספרים וואס דער אלטער רבי האט געדרוקט, איז געווען דער "לוח (און דערנאך "סדר) ברכת הנהנין" - וואס דער "לוח ברכת הנהנין" איז געדרוקט געווארן ערשט בשנה לאחרי ההסתלקות פון דעם אלטן רבי'ן.

וואס דער חילוק צווישן דעם שו"ע מיטן "לוח ברכת הנהנין" איז - אז אין דעם שו"ע האט דער אלטער רבי ארייגעשטעלט אויך טעמי ההלכות, ווי בני הגאון המחבר שרייבן בהקדמתם צום שו"ע, משא"כ בנוגע צום "לוח ברכת הנהנין", וואס דארטן איז דער רוב המכריע נאר פסקי דינים, און די טעמי ההלכות זיינען שלא בערך ווייניקער לגבי ווי דאס איז אין שו"ע - כערניט ווי אין געציילטע ערטער.

וואס אע"פ אז אין "לוח ברכת הנהנין" זיינען ניטא (אויך אזוי פיל) די טעמי ההלכות, איז אבער יעדער תיבה בהכליה הדיוק, עאכו"כ די ענינים וואס זיינען נשתנה געווארן אין דעם "סדר ברכת הנהנין", וואס דאס איז דאך די מהדורא בתרא פון "לוח ברכה הנהנין", און דארטן זיינען די ענינים "יותר מהוקנים" (ווי דער אלטער רבי שרייבט אין דער הקדמה צום "סדר ברכת הנהנין" (וואס איז שוין אויך געדרוקט בסידורו)) - וואס דערפאר זאגן חסידים אז מ'קען אפלערנען "הלכתא רבתא" פון די שינויים וואס מ'זעט צווישן "לוח ברכת הנהנין" מיט "סדר ברכה הנהנין".

וואס אין דערויף זיינען דא ענינים וואס מצד הרגילות לויפט מען זיי דורך, און מ'שטעלט זיך ניט אפ אויף זיי - ווען מ'טראכט זיך אבער אריין אין דערויף, זעט מען ווי דאס איז בהכליה הדיוק.

ובפרט וויסנדיק דעם סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[152], אז דער אלטער רבי האט געטראכט כו"כ שנים וועגן איין ווארט אין תניא, צי שרייבן דעם ווארט מיט א וא"ו בהחלהו - וואס דאס איז אפי' ווען עס רעדט זיך נאר וועגן

- אותיות -

------------

151) ל' אדה"ז בתניא ספ"ג. 152) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1212 הע' 3.

אותיות, עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן א גאנצן ענין של תוכן.

כג. אין התחלת "לוח ברכת הנהנין"[153] זאגט דער אלטער רבי: "מצות עשה מן התורה לברך אחר אכילת מזון, שנאמר[154] ואכלת ושבעת וברכת את ה׳. ומד"ס לברך לפני כל אכילה ושתי׳ וכו׳", ועד"ז שטייט אויך אין "סדר ברכת הנהנין".

דעם זעלבן ענין ברענגט דער אלטער רבי אין שו"ע שלו[155], אבער דארטן שטייט: "מצות עשה מן התורה לברך את ה׳ אחר אכילת מזון וכו׳" - דער אלטער רבי איז דא מוסיף די ווערטער "(לברך) את ה׳".

און "לוח ברכת הנהנין" זאגט ער ניט "לברך את ה׳", נאר "לברך אחר אכילת מזון", ווארום וויבאלד ער ברענגט דעם פסוק "ואכלת ושבעת וברכת את ה׳", איז מעצמו מובן אז מ׳דארף בענטשן דעם אויבערשטן, דארף מען ניט אויסטייטשן "מצות עשה מן התורה לברך את ה׳ אחר אכילת מזון" -

איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק: פארוואס אין שו"ע זאגט דער אלטער רבי "מצות עשה מן התורה לברך את ה׳ אחר אכילת מזון"?

דער דיוק ווערט נאך גרעסער - ווען מ׳פארגלייכט דעם לשון פון דעם אלטן רבי׳ן אין שו"ע, מיטן לשון הרמב"ם אין ריש הל׳ ברכות, וואס דארטן שטייט: "מצוה עשה מן התורה לברך אחר אכילת מזון כו׳", און ס׳שטייט ניט "לברך את ה׳".

די קושיא איז נאך גרעסער: לכאו׳, וואלט די הוספה "לברך את ה׳" געדארפט שטיין אין לוח ברכת הנהנין און ניט אין שו"ע, ווארום עניננו פון דעם שו"ע איז - דער ענין פון פסקי דינים, דארף דאך דארטן זיין מער בקיצור, במילא דארף ניט שטיין "לברך את ה׳", וויבאלד אז ס׳איז מעצמו מובן;

משא"כ אין "לוח ברכת הנהנין", וואס ווי אנדערע זאגן, האט מען דאס אנגערופן בשם "לוח", דערפאר וואס מלכתחלה איז דאס געווען אזוי ווי א "לוח", א דבר הנקבע על הקיר (און דערנאך האט מען דאס אויך געמאכט (אין א לענגערן אופן) אלס א חיבור בפ"ע) - קען דארטן שטיין מיט א גרעסערע אריכות, במילא קען דארטן שטיין "לברך את ה׳".

ובפרט נאך דערויף וואס דער אלטער רבי האט דאס אריינגעשטעלט בסידורו, וואס עניננו פון א סידור איז דער ענין

- התפלה -

---

153) נדפס בקונטרס "ברכת הנהנין ומראי מקומות וציונים" ע׳ 129 ואילך. 154) עקב ח, י. 155) או"ח ר"ס קסז.

התפלה (ווי דער לשון אויפן שער-בלעטל פון דעם סידור אז דאס איז "סדר תפלות מכל השנה") - איז וויבאלד אז דער ענין התפלה איז אז ער שטייט פאר דעם אויבערשטן, איז אויב עס דארף שטיין "לברך את ה'", פאסט בעסער אז ס'זאל שטיין אין סידור -

און אעפ"כ זעט מען אז אין "לוח (און "סדר") ברכת הנהנין" שטייט "לברך אחר אכילת מזון" סתם, און דוקא אין שו"ע, שטייט "לברך את ה'".

ועד"ז זיינען דא נאך כמה דיוקים[156].

כד. אין דערויף זעט מען נאך א דבר פלא:

דער טעם הפשוט אויף דעם וואס דער אלטער רבי האט אריינגעשטעלט אין סידור די הלכות פון ברכות וכו' איז - וויבאלד אז דאס איז א דבר השוה לכל נפש, און ס'איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט דער הנהגה בכל יום ויום, וואס דערפאר דארף דאס זיין אין אן אופן אז ס'זאל זיין מצוי וכו'.

וואס דערפאר האט דער אלטער רבי אריינגעשטעלט בסידורו אויך די הלכות הכי צריכות בנוגע צו ציצית, תפילין, ק"ש און תפלה.

אבער אעפ"כ בנוגע צו ציצית, תפילין, ק"ש און תפלה, געפינט מען ניט אין סידור אזוי פיל אריכות און פרטי דברים אזוי ווי מ'געפינט אין הל' נט"י און "סדר ברכת הנהנין", אע"פ אז אין די אנדערע הלכות זיינען דא ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דער הנהגה היום-יומית וועלכע דער אלטער רבי האט ניט אריינגעשטעלט בסידורו; ולאידך - אין הל' נט"י און אין "סדר ברכת הנהנין" זיינען דא ריבוי (און א חלק חשוב) פון דיוקים און פרטים וואס זיינען ניט קיין דברים מצויים, בערך ווי לעתים רחוקות, און אעפ"כ האט דאס דער אלטער רבי אריינגעשטעלט בסידורו.

וואס די קושיא איז ניט פארוואס האט דער אלטער רבי ניט אריינגעשטעלט בסידורו אלע פרטי דינים פון ציצית, תפילין, ק"ש און תפלה - ווארום דעמולט וואלט דאך דער סידור געווען א ספר גדול - נאר די שאלה הדורשת ביאור איז: פארוואס האט דער אלטער רבי אריינגעשטעלט בסידורו - וואס דאס איז א דבר השוה לכל נפש - אלע פרטי ההלכות פון הל' נט"י און "סדר ברכת הנהנין"?!

מ'קען ניט זאגן אז דאס איז דערפאר וואס דארטן זיינען

- דא -

---

156) לשלימות הענין - ראה שיחת מוצאי ש"פ וארא סכ"ט ואילך.

דא ריבוי חידושים - ווארום אין די הלכות פון ציצית, תפילין, ק"ש און תפלה (וואס זיינען אין דעם שו"ע שלו), זיינען אויך דא ריבוי חידושים, און אעפ"כ האט זיי דער אלטער רבי ניט אריינגעשטעלט בסידורו.

כה. בנוגע לענינינו - איז בהמשך להמדובר לעיל (און ווי דערמאנט אויך פאראיארן בארוכה[157]) - זאל מען אין דעם יום ההילולא מוסיף זיין אין לימוד תורתו, סיי נגלה דתורה, און סיי פנימיות התורה, ובפרט אין ספר התניא (וואס בלאה"כ איז שוין דא די תקנה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו אז מ'זאל לערנען בכל יום דעם שיעור פון תניא).

און ס'איז אויך כדאי אז אנהויבנדיק פון כ"ד טבת זאל מען מאכן א קביעות לערנען הל' נט"י און "סדר ברכת הנהנין" (און אויב ניט קיין קביעות - זאל מען דאס עכ"פ דורכלערנען עטליכע מאל).

ובפרט נאך דערויף וואס מ'האט שוין אפגעדרוקט (אין א חוברת בפ"ע) די מראי מקומות און ציונים און מקורות - וואס דעמולט האט מען די מעגליכקייט צו אפלערנען די הלכות צוזאמען מיט זייערע טעמים, דורך דערויף וואס מ'קוקט אריין אין די מקורות פון די הלכות, ווי זיי ווערן אנגעצייכנט דארטן (בדא"פ עכ"פ).

כו. און אין די ימי סגולה - די טעג וואס זיינען צווישן דעם יום ההילולא פון דעם אלטן רבי'ן מיטן יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו,

- וואס ביידע האבן מדגיש געווען דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך <u>חוצה</u>", סיי בנוגע לעצמו, וואס דאס איז דער ענין המעשה (וואס "המעשה הוא העיקר"), און סיי בנוגע צו "חוצה" פון כללות עם ישראל, ביז צו דעם וואס "בשם ישראל יכונה" -

זאל מען מוסיף זיין אין אלע צען מבצעים כלליים: "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה",

ווארום מ'האלט שוין אין די לעצטע טעג פון גלות, אין דעם "ערב" פון דעם "מבצע הכי גדול" - "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[158], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו,

דורך דערויף וואס מ'וועט אויפשטעלן די גידולים

- שגידלנו -

---

157) שיחה הנ"ל שבהע' 3 סל"ב. 158) ישעי' כז, יב.

שגידלנו - די מחשבות ודיבורים ומעשים טובים, וואס דאס זיינען "תולדותיהם של צדיקים"[159] ("ועמך כולם צדיקים"[160]), און אויך "תולדות" כפשוטו - "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[161], ביז צו "לבניך - אלו התלמידים"[162], די מושפעים ומודרכים, ביז אפי' דער וואס "בשם ישראל יכונה".

און מ'וועט זעהן בפועל בעיני בשר אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה"[*] - דעם אלטן רבי'ן בי"ט כסלו, און כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו בי"ב תמוז - נאר אויך אונז אלעמען, בתוככי כלל ישראל, ווארום "בתר רישא גופא אזיל"[163].

און ס'זאל ארויסקומען בגלוי ממש, למטה מעשרה טפחים, ובשמחה וטוב לבב. ובלשון הידוע פון די חסידים אין רוסלאנד "דאלאי גלות" - אז עס ווערט די גאולה האמיתית והשלימה, למטה בעשרה טפחים, בגלוי לעיני בשר.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי כלאפצי.

* * *

כז. בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט אין איינע פון די פריערדיקע התוועדויות[164] בארוכה. וועגן אפדרוקן דעם תניא בכו"כ מדינות,

ביז וואנעט אז אין יעדער מדינה וואו עס געפינען זיך אידן, אפי' אזוינע אידן וואס "בשם ישראל יכונה" - זאל מען אויך דארפן אפדרוקן דעם תניא עכ"פ פ"א, וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז מ'וועט דארפן אויך לערנען תניא,

וואס דורך דעם וועט ארויסקומען דער ענין פון "צדקה עשה הקב"ה בישראל שפיזרן לבין האומות"[165], אין אן אופן פון "יפוצו מעינותיך <u>חוצה</u>" -

איז כאן המקום צו באווארענען אן ענין בנוגע צום חלק האחרון פון תניא - דער "קונטרס אחרון":

אין קו"א זיינען דא אגרות פון דעם אלטן רבי'ן, און די אגרות זיינען ניט אנגעצייכנט מיט א סימן אזוי ווי די אגרות פון אגה"ק (אין אגה"ק ענדיקן זיך די אגרות מיט סימן ל"ב. און דערנאך קומען די אגרות פון קו"א, וואס זיינען ניט אנגעצייכנט מיט קיין סימן).

- אזוי -

------------

159) ראה פרש"י ר"פ נח. 160) ישעי' ס, כא. 161) בא י, ט. 162) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א מ"ה. 163) עירובין מא, א. 164) שיחה מוצאי ש"פ עקב. מבה"ח אלול השל"ה סכ"ו ואילך. 165) פסחים פז, ב.

אזוי ווי מ'האט אבער געפונען אין כמה ביכלאך, און אויך אין ספרים הנדפסים, אז די אגרות פון קו"א זיינען אנגעצייכנט אלס סימן ל"ג, סימן ל"ד, סימן ל"ה, סימן ל"ו וכו',

און אזוי ווי מ'האט אויך געפונען אין דרך מצותיך (וואס איז געדרוקט געווארן פון כתי"ק פון צ"צ) אז דארטן זיינען אנגעצייכנט די אגרות פון קו"א - האב איך געשריבן[166] אז "צ"ע אם גם המ"מ הם מהצ"צ", וואס דעמולט איז א ראי' אז דער צ"צ האט אנגעצייכנט די אגרות פון קו"א, אדער אז דאס האט מוסיף געווען דער מדפיס, און ס'איז געבליבן בספק.[167]

מיט א צייט צוריק האב איך אבער באקומען (בתורת "פדיון שבויים") דעם סהמ"צ להצ"צ פון אן אלטן כת"י, און עס ווייזט אויס אז דאס איז דער כתי"ק פון דעם צ"צ אליין, און דארטן איז טאקע נים אנגעצייכנט קיין סימן אויף די אגרות פון קו"א (אין דעם זעלבן ארט וואו ס'איז אנגעצייכנט א סימן אין דעם געדרוקטן סהמ"צ) - וואס פון דארטן איז מוכח אז דער צ"צ האט נים צוגעצייכנט די אגרות פון קו"א מיט סמנים.

עס איז אבער נים קיין הוכחה גמורה, ווארום אפי' אויב דער ביכל איז געשריבן געווארן ע"י הצ"צ, קען זיין אז ס'איז געשריבן געווארן איידער דער קו"א איז געדרוקט געווארן (ווארום דעם קו"א האט מען געדרוקט ערשט לאחרי ההסתלקות פון דעם אלטן רבי'ן) - איז קיין פלא נים פארוואס איז דער צ"צ נים מציין די סימנים, ווארום דעמולט איז דאס געווען נאר בכת"י, און ס'איז נים געווען פארבונדן מיט די איבעריקע אגרות קודש, וואס מ'האט זיי צוזאמענגעקליבן ערשט לאחרי ההסתלקות פון דעם אלטן רבי'ן (כמבואר אין הסכמת הרבנים בני הגאון המחבר);

און עס קען זיין אז דערנאך ווען דער קו"א האט זיך אפגעדרוקט צוזאמען מיט שאר אגרות הקודש בחיי הצ"צ, האט דער צ"צ צוגעצייכנט סימנים אויך אויף די אגרות פון קו"א.

אבער אויב מ'וועט זאגן אז דער צ"צ האט טאקע אנגע-צייכנט סימנים אויף די אגרות פון קו"א, וועט בלייבן די קושיא הכי גדולה - וואס דאס איז דער ענין המכריע:

ווען מ'האט געדרוקט דעם תניא מיט אלע היקונים אין ליובאוויטש, אין שנת תר"ם, וואלט מען זיכער אויך צוגעשטעלט די סימנים וועלכע דער צ"צ האט אנגעצייכנט די אגרות פון קו"א.

- אין -

---

166) כא, א. 167) בהערה להניא ("שם הספר וחלקיו") בסופן.

אין יענע הוצאה זיינען סאקע געוועזן כמה ענינים וואס כ'האב דערנאך געדארפט מתקן זיין (אין לוח התיקון),

[און ס'איז קיין פלא ניט, ווארום אפי' אויפן תניא וואס איז געדרוקט געווארן בחייו פון דעם אלטן רבי'ן איז אויך דא א לוח התיקון - מאיזה סיבה שהי', וואס אין כאן המקום להכנס בזה].

אבער אעפ"כ. וויבאלד אז מ'האט איבערגעדרוקט דעם תניא כו"כ פעמים, ולא אישתמיט מילתא אז מ'זאל צוצייכענען די אגרות פון קו"א מיט סימנים - איז קרוב לודאי אז דער צ"צ און די נשיאים שלאחריו האבן ניט צוגעצייכנט די אגרות פון קו"א מיט סימנים.

און אזוי איז אויך משמע פון די מאמרים פון דעם רבי'ן נ"ע. וואס ער ברענגט אראפ ענינים פון קו"א, ובפרט פון ד"ה דוד זמירות קרית להו, און ער שרייבט ניט וועלכער סימן דאס איז - און ניט דערפאר וואס ער איז מעתיק א לשון וואס שטייט שוין פריער, נאר ער שרייבט דאס <u>בלשונו</u>, און אעפ"כ שרייבט ער ניט דעם סימן.

ובכללא - דאס וואס מ'האט געשריבן אין די הוספות צום תניא וועגן די ציונים אין דרך מצותיך אז "צ"ע אם גם המ"מ הם מהצ"צ" - איז איצטער א דבר ברור אז ציוני הסימנים אין דרמ"צ אויף דעם קו"א זיינען <u>ניט</u> פון דעם צ"צ,

און דערפאר איז א מצוה צו מתקן זיין דאס אין די הוצאה פון דעם תניא, סיי אין די פריערדיקע הוצאות, ועאכו"כ אין די הוצאות וואס וועלן זיין מכאן ולהבא.

כה. לכאו', איז דער גאנצער ענין (צי ס'איז אנגעצייכנט סימנים אין קו"א, אדער ניט) אן ענין שאין בו לא טעם ולא ריח, ווארום לכאו', למאי נפק"מ צי עס האט א סימן, אדער אז עס האט ניט קיין סימן - איז דער ביאור בזה:

דורך דערויף וואס עס איז אנגעצייכנט א סימן, ווערט נקבע מקומו פון דעם סימן - סימן ל"ד קומט נאך סימן ל"ג, און פאר סימן ל"ה.

וואס אפי' ווען ס'שטייט ניט קיין סימן, איז דאס גופא וואס עס האט זיך אפגעדרוקט אין דעם אופן של קדימה ואיחור (וואס דאס איז דאך מסודר געווארן ע"י בני הגאון המחבר), באווייזט אויך אויף דער קדימה פון דעם ענין; אבער ווען עס איז צוגעשטעלט דערביי א סימן, איז דאס נאכמער מדגיש אז דער ענין קומט פריער. און דער אנדער ענין קומט לאח"ז.

ונוסף לזה: יעדער ענין אין תורה, אפי' דער ענין פון

- "הציבי" -

"הציבי לך ציונים"[168], איז א חלק פון תורה, ובפרט ע"פ האמור לעיל (סכ"א) אז פון א "גרעין" בתורה קען אויסוואקסן אן אילן עושה פירות אין תורה גופא.

כט. אזוי ווי מ'רעדט שוין וועגן ציונים - איז כאן המקום צו ענטפערן און מבאר זיין אן ענין וואס איז פארבונדן מיט ציונים, און אויך אין ספר התניא:

אין תניא, סיי אין דעם ערשטן חלק[169] און סיי אין שעהיוה"א[170], ווערט אראפגעבראכט דער "שער הנבואה" פון דעם אריז"ל.

און ווען מ'קוקט אריין אין די ספרים פון כתבי האריז"ל, זעט מען אז עס זיינען דא שמונה שערים (וואס איינער פון זיי איז "שער היחודים" (וואס דאס ווערט אויך אראפגעבראכט אין תניא[171]), עס איז אבער ניטא קיין "שער הנבואה"!

איז דער ביאור בזה:

אין דער הקדמה צום "שער היחודים" שטייט, אז דער "שער היחודים" ווערט פאנאנדערגעטיילט אויף עטליכע שערים: שער הנבואה, שער רוה"ק, און שער היקון עוונות.

און מאיזה טעם שיהי' האט דער אלטער רבי געוואלט שרייבן אז אין "שער היחודים" גופא איז דאס אין דעם חלק וואס ווערט אנגערופן "שער הנבואה", וואס דערפאר דערמאנט ער ניט "שער היחודים", מערניט ווי "שער הנבואה" (אע"פ אז אין די קעפלאך פון דעם ספר שטייט "שער היחודים").

און עד כדי כך איז דאס מדויק - אז מ'זעט אז אין פרק מ' ברענגט דער אלטער רבי צוויי ענינים וואס שטייען אין "שער היחודים": אויף דעם ענין וואס ער ברענגט פון די ערשטע פרקים פון "שער היחודים" (פ"ב[172]), וואו עס רעדט זיך וועגן דעם ענין פון נבואה, צייכנט ער אז דאס שטייט אין "שער הנבואה", און אויף דעם צווייטן ענין וואס ער ברענגט פון די שפעטערדיקע פרקים (פי"א[173]), וואו עס רעדט זיך וועגן יחודים, צייכנט ער אז דאס שטייט אין "שער היחודים".

וואס דערפון זעט מען אויף וויפל דער אלטער רבי האט מדייק געווען - ער שרייבט ניט אז דער ענין שטייט אין פ"ב פון "שער היחודים", נאר ער שרייבט דעם שם המיוחד לו - "שער הנבואה".

- און -

---

168) ל' הכתוב - ירמי' לא, כא. וראה עירובין נד, ב.
169) פ"מ (נד, א). 170) ספ"ב. פ"ה. 171) פ"מ (נה, א).
172) שם נד, א. 173) שם נה, א.

און דערפון האט מען אויך די אפלערנונג אויף וויפל מ'דארף מדייק זיין אין יעדער ענין שבתורה.

ל. עס זיינען אבער דא די וואס תואנה הם מבקשים - הויבט מען אן גלייך מיט א טענה: היתכן. אזא ענין איז גוט פאר חכמת הקבלה, ווען מ'רעדט ע"ד הסוד וע"ד הרמז וכו' - וואו געפינט מען אבער אזא ענין אין ספרי נגלה?!

האט דער אויבערשטער געהאלפן אז מ'איז געווען א פוסק אין נגלה וואס האט געהייסן רבינו משה ב"ר מיימון - דער רמב"ם, וואס ער האט געשריבן א ספר אין נגלה מיטן נאמען "יד החזקה" (אדער "משנה תורה"). און ער שרייבט אין דער הקדמה[174] אז דאס איז א ספר פון "הלכות הלכות" - און דארטן זעט מען אויך אויף וויפל מ'איז מדויק די שמות פון די חלקים פון דעם ספר:

דער "יד החזקה" ווערט פאנאנדערגעטיילט אויף כמה ספרים, און אין יעדער ספר זיינען דא כמה הלכות, הל' שבת, הל' יו"ט, הל' שביתת עשור וכו'.

און ווען עס קומט צו די הלכות פון חנוכה און פורים, שטעלט זיי דער רמב"ם צוזאמען - "הל' מגילה וחנוכה". וואס דארטן זיינען דא פיר פרקים: אין די ערשטע צוויי פרקים רעדט זיך נאר וועגן פורים. און אין די אנדערע צוויי פרקים רעדט זיך נאר וועגן חנוכה.

איז ניט פארשטאנדיק: וואס האט דער רמב"ם געזשאלעוועט פאנאנדערצוטיילן דאס אויף צוויי באזונדערע הלכות (כידוע אז די חלוקה פון דעם ספר "יד החזקה" אויף הלכות, און די הלכות גופא אויף פרקים וכו', האט געמאכט דער רמב"ם אליין. און דערפון לערנט מען אפ כמה הלכות) - פארוואס האט ער זיי ארייננגעשטעלט צוזאמען - "הל' מגילה וחנוכה"?

לכאו' וואלט מען געקענט זאגן, אז ווייבאלד אין אנהויב פון הל' חנוכה[**] דערמאנט ער אויך וועגן פורים ("וימים אלו הן הנקראין חנוכה והן אסורין בהספד ותענית כימי הפורים") - דערפאר האט ער געמוזט זיי נאך "הל' מגילה וחנוכה" צוזאמען.

אבער מצד דעם טעם - האט ער אויך געדארפט מצרף זיין הל' שבת און הל' עירובין צוזאמען (ע"ד ווי דאס איז אין טו"ע). און אעפ"כ טיילט זיי אויס דער רמב"ם אין באזונדערע הלכות - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט ער מצרף געווען "הל' מגילה וחנוכה" צוזאמען?

- לא. -

------------

174) בסופו. 175) (פ"ג) ה"ג.

לא. איז דער ביאור בזה:

מ'האט גערעדט כמ"פ אז פון חלוקת ההלכות אין רמב"ם קען מען אפלערנען כו"כ ענינים, און אין דערויף געפינט מען אויך ענינים נפלאים ע"ד הקבלה, כידוע[176] אז אין רמב"ם זיינען דא כמה רמזים ע"ד הקבלה, ועד"ז בעניננו:

ס'איז מבואר בכ"מ[177], אז די מועדים זיינען כנגד די ספירות: פסח איז כנגד אברהם אבינו, ווי ס'שטייט[178] "לושי ועשי עוגות", וואס ענינו פון אברהם איז דער ענין פון ספירת החסד, "אברהם אוהבי"[179], שבועות איז כנגד יצחק, ווארום נתינת התורה איז פארבונדן מיט "מפי הגבורה שמענוס"[180], וואס ספירת הגבורה איז פארבונדן מיט יצחק, ווי ס'שטייט[181] "פחד יצחק הי' לי", און סוכות איז כנגד יעקב, ווי ס'שטייט[182] "ולמקנהו עשה סוכות", וואס ענינו פון יעקב איז דער ענין פון ספירת התפארת.

ועד"ז איז מבואר אין פע"ח[183] ובכ"מ, אז חנוכה און פורים זיינען כנגד די צוויי ספירות נצח והוד, וואס אין דערויף גופא זיינען דא שיטות[184] וועלכער פון זיי איז כנגד נצח און וועלכער איז כנגד הוד.

וואס די ספירות נצח והוד זיינען טאקע צוויי באזונדערע ספירות, אבער בנוגע לכמה ענינים ווערן זיי פארעכנט אלס איין ספירה, זיי זיינען "תרין שוקין"[185] - און דער ענין איז מרומז אין דעם וואס דער רמב"ם האט ארייגעשטעלט "הל' מגילה וחנוכה" צוזאמען.

לב. און דער שטורעם וואס עס מאכן די בעלי נגלה: היתכן אז מ'וויל ארייגלייגן אין רמב"ם ענינים של קבלה - איז כמדובר כמ"פ[186] אז דער רמב"ם הויבט אן ספרו "יד החזקה" מיט די ווערטער "יסוד היסודות ועמוד החכמות", זיינען מפרש מפרשי הרמב"ם (דער אייניקל פון דעם רמב"ם, ר' דוד הנגיד[187]) אז אין די ר"ת איז מרומז דער שם הוי'.

וואס דאס איז נוסף צו דעם וואס מ'האט גערעדט אין א

- פריערדיקע -

---

176) ראה לקו"ש ח"ב ע' 326. 177) זח"ג רנז, ריש ע"ב. לקו"ת במדבר יד, ג. ועוד. 178) וירא יח, ו. וראה ב"ר פמ"ח, יב. 179) ישעי' מא, ח. וראה אגה"ק סי"ג (קיט, ב). 180) מכות כד, רע"א. 181) ויצא לא, מב. 182) וישלח לג, יז. 183) שי"ט רפ"ד. 184) ראה פע"ח שם רפ"ד ורפ"ה. 185) הקדמת תקו"ז בתחלתה. 186) ראה ג"כ לקו"ש פקודי תשל"ז הע' 71. 187) הובא בשוה"ג להחיד"א מע' רמב"ם. וראה גם סה"ש ה'ש"ה ס"ע 41.

פריערדיקע ההתוועדות[188] וועגן דעם וואס מ'וויל ניט אפלערנען
פון דברי אגדה - זעט מען דאך אז אין אנהויב ספרו הויבט אן
דער רמב"ם מיט פסוקים פון התורה (ניט מיט א הלכה אין
תושבע"פ, נאר מיט א פסוק אין הושב"כ) - וואס מ'זוכט און
מ'געפינט טאקע א קשר צווישן דעם פסוק מיט די הלכות, עס
איז אבער פארשטאנדיק, אז ס'איז ניט קיין קשר ע"פ הלכה,
נאר א קשר על דרך הדרוש, וואס דאס איז דער ענין פון אגדות
שבתורה, וואס "רוב סודות התורה גנוזין בה", ווי דער אלטער
רבי ברענגט אראפ אין אגה"ק[189].

לג. ויה"ר אז מ'זאל לערנען סיי נגלה און סיי חסידות, און
ווי ס'איז אויך מרומז אין דעם נאמען "שניאור", ווי ראשוני
גדולי נשיאי החסידות האבן דאס געטייטשט אז "שניאור" איז
"שני אור", דער אור פון נגלה דתורה, און דער אור פון
פנימיות התורה, און אין אן אופן אז דערפון ווערט אייך
ווארט - "שניאור", נגלה און חסידות צוזאמען, "תורה אחת",
אין אן אופן פון "והיו לאחדים בידך"[190].

און דערנאך זאל דאס אראפקומען אויך אין מעשה, וואס
דעמולט וועט דער מעשה זיין בשלימות, סיי דער מעשה המצוה
און סיי כוונת המצוה, גוף און נשמה גם יחד[191].

און בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין לערנען תורתו של
משיח, אין אן אופן פון נשמות בגופים,

וואס דעמולט וועט זיין דער בירור ההלכות אין נגלה
דתורה - די ענינים וואס זיינען געבליבן בספק, וואס אויף
זיי זאגט מען "תשבי יתרץ קושיות ואיבעיות", ווי עס ברענגט
זיך אראפ אויך אין ספרי נגלה[192],

ובעיקר - דער לימוד פון פנימיות התורה, ובלשון
הרמב"ם[193] "וישיגו דעת בוראם", אין אן אופן פון "ומלאה
הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים".

צוה לנגן ניגון שלש תנועות. אני מאמין.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, זאלן
זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

188) שיחת מוצאי ש"פ וישב סכ"ג ואילך. 189) סכ"ג (קלז,
רע"א). 190) יחזקאל לז, יז. 191) ראה תניא פל"ח.
192) תויו"ט סוף מס' עדיות. 193) סוף הל' מלכים.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ וארא, מבה"ח שבט ה'תשל"ט.

הנחת הת' בלהי מוגה

א. די התוועדות איז פארבונדן מיט שבת מברכים חודש שבט - וואס בנוגע צו חודש שבט, האט מען גערעדט אין דער פריער-דיקער התוועדות[1], און מער בארוכה - אשתקד (וואס די רשימה איז אויך אפגעדרוקט[2]), אז דאס איז א חודש וואס האט אין זיך כו"כ נקודות (אזוי ווי יעדער חודש האט אין זיך כמה ענינים)

די נקודה המיוחדת פון חודש שבט איז - דאס וואס מקרא מלא דבר הכתוב[3]"בעשתי עשר חודש באחד לחודש גו' הואיל משה באר את התורה הזאת".

און בדורנו זה איז צוגעקומען דער טאג פון יו"ד שבט, "העשירי יהי' קודש"[4], וואס דאס איז דער יום ההילולא וההסתלקות פון כ"ק מו"ת אדמו"ר נשיא דורנו.

וואס בנוגע צו יום ההילולא שרייבט דאך דער אלטער רבי [וואס זיין יום הילולא איז געווען (מיט עטליכע טעג צוריק) בכ"ד טבת] אין אגרת התנחומין שלו[5], אז דעמולט איז עולה "פעולתו אשר עבד בה" -

וואס דער לשון "פעולתו אשר עבד בה" איז דאך פון דער הפטורה פון היינטיקן שבת[6], וואס דארטן שטייט דאס בנוגע צו לעו"ז - ווי מ'איז מהפך די ענינים פון לעו"ז אז זיי זאלן ווערן עניני קדושה, ע"ד כללות הענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא.

וואס דער ענין פון אתהפכא איז דער עיקר כוונה און מטרה פון כללות הענין פון ירידת הנשמה בגוף, ובפרט די ירידה פון דעם גלות, "אנכי ארד עמך מצדימה"[7] - וואס די כוונה אין דערויף איז, כדי אז ס'זאל זיין דער ענין העלי', "אנכי אעלך גם עלה", ביז צו אן עלי' אין א דרגא וואס איז שלא בערך פון דער "אגרא רמה"[8] וואו מ'איז געווען קודם הירידה, כמדובר אין דער פריערדיקער התוועדות[9] בארוכה.

און דאס ווערט אויך די הכנה קרובה צום ארויסגיין פון גלות, און ארויסגיין פון כללות ענין הירידה - אין אן אופן פון "אנכי אעלך גם עלה", צוויי עליות, נאכמער ווי ס'איז געווען אין יצי"מ וואס דעמולט איז געווען מעדניס ווי איין

- עלי' -

---

1) דאור ליום ג', כ"ד טבת. 2) שיחת מוצאי ש"פ וארא, מבה"ח שבט תשל"ח. 3) דברים א, ג-ה. 4) ל' הכתוב - בחוקותי כז, לב. 5) סי' ז"ך (קמו, א). 6) יחזקאל כט, כ. 7) ויגש מו, ד. 8) ראה חגיגה ה, ב. 9) בד"ה הבאים ישרש יעקב דאור ליום ג', כ"ד טבת.

עלי', ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין די דרושים אויף ההחלה פ' שמות10.

וואס דאס איז דאך הלוי במעשינו ועבודתנו כל זמן משך הגלות11, וואס דעמולט איז דא די ירידת הנשמה בגוף, און אין דערויף גופא - די ירידה אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, וואס דאס איז א גלות בתוך גלות,

און דורך דערויף וואס ס'ווערט די עלי' ברוחניות, דורך לימוד התורה וקיום המצוות - קומט דאס דערנאך אראפ (אין אן אופן פון "זכו - אחישנה"12) אין דער עלי' פון דעם ענין הגלות כפשוטו, דורך דערויף וואס מ'איז מוסיף (צום גלות) אן אל"ף, אלופו של עולם, וואס דעמולט ווערט פון "גלות" דער ענין פון "גאולה"13, ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

ב. און אין דעם שבת מברכים חודש שבט, בענטשט מען דעם גאנצן חודש (אנהויבנדיק פון ר"ח, און דערנאך כל ימי החודש, כולל אויך דעם יום העשירי שבו) מיט אלע זעקס ענינים של ברכה וואס מ'זאגט אין "ברכת החודש",

ביז אז יעדערער פון זיי און אלע צוזאמען זיינען אין אן אופן פון "ונאמר אמן", וואס דער ענין פון "אמן" איז, אז דאס חתם'ט אפ אז דער ענין איז "קיים", ביז אז ער איז קיים ע"פ תורה - אז דאס ווערט אן ענין נצחי,

ד.ה. אז נוסף אויף דערויף וואס יעדער ענין פון תומ"צ איז אן ענין נצחי, ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא14 אז "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד" - קומט אראפ דער ענין הנצחיות אויך אין דעם עולם [וואס כללות ענינו איז - דער גדר פון זמן ומקום15. וואס דוקא דעמולט דארף מען אנקומען צום ענין הנצחיות, און דארטן איז אויך שייך דער ענין הנצחיות] - אז עס ווערט א גאולה שאין אחרי' גלות16.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עבודה ההכנה צו דער (ברכה אין אן אופן פון "ונאמר אמן", אז ס'זאל זיין אין אן אופן נצחי - א) גאולה שאין אחרי' גלות, דארף זיין אין דעם זעלבן אופן - מיט א החלטה תקיפה אז "בל ישוב עוד לכסלה"17, און דער מעמד ומצב ווערט ביי אים אן ענין נצחי, אז אין דערויף איז ניטא קיין הפסק,

- ס'איז -

---

10) תו"א ר"פ שמות. 11) תניא רפל"ז. 12) סנהדרין צח, א. 13) ראה ויק"ר ספל"ב. לקו"ת בהעלותך לה, ג. 14) פכ"ה (לב, א). 15) ראה שעהיוה"א פ"ז (פב, א). 16) ראה תוד"ה ונאמר ה"ג - פסחים קטז, ב. 17) אגה"ה פ"א (צא, רע"א).



הנחה הת' בלתי מוגה

ס'איז מערניס וואס בכל יום איז דא די עבודה המיוחדה פון דעם טאג, ווארום "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[18], און די עבודה באשטייט אין גיין "מחיל אל חיל", גיין העכער און העכער אין קדושה גופא, דורך דערויף וואס ער גייט אלץ העכער, מערער, טיפער און ברייטער אין לימוד התורה וקיום המצוות.

ג. לכאו', איז דאך דאס א געוואלדיקע עבודה - אז יעדער ענין זאל זיין אין אן אופן של נצחיות, און מ'פאדבינדט דאס מיט דעם ענין הנצחיות פון דעם גאנצן קיום העולם, ביז צום מקור ענין הנצחיות, וואס דאס איז דער אויבערשטער - איז דאך דאס לכאו' א געוואלדיקע שווערע עבודה -

איז דאך אבער ידוע דער פס"ד פון רמב"ם[19] אז דורך א "מצוה אחת" (מעשה אחד, דיבור אחד, און אפי' מחשבה אחת) איז "הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו כו'", ווארום סיי בנוגע צו זיך און סיי בנוגע צו דער גאנצער וועלט, זאגט מען אז "חציו זכאי וחציו חייב".

ועוד - והוא העיקר: דאס איז ניט קיין זאך וואס ער דארף אויפטאן מתחלתו, נאר עס איז שוין דא א דרך סלולה, די וועג איז שוין דורכגעטראטן געווארן דורך נשיאי ישראל, ביז למעלה בקודש, ביז צו "אין קורין אבות אלא לשלשה"[20], וואס בא זיי איז געווען דער "וארא אל אברהם אל יצחק ואל יעקב"[21].

און ווי גערעדט אמאל באריכות[22] וועגן דעם וואס רש"י ברענגט אראפ דעם לשון הכתוב "וארא", און ער טייטשט אפ: "אל האבות" - אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וואס וויל רש"י דערמיט באווארענען?

האט מען מבאר געווען (בדא"פ עכ"פ), אז דא איז ניט נוגע דער אופן העבודה פון אברהם יצחק ויעקב ווי יעדערער פון זיי איז בפ"ע (וואס אין זייער עבודה זיינען דא חילוקי דרגות), נאר דא איז נוגע דאס וואס זיי זיינען "אבות",

וואס בנוגע צו דעם ענין פון "אבות", איז ניטא קיין נפק"מ צווישן אברהם יצחק און יעקב, ווארום מ'קען ניט זאגן אז אברהם איז מער "אב" ווי יצחק און יעקב, ואדרבה, די שייכות פון אברהם מיט כל אחד ואחת מישראל איז געווען דורך "ואתן לו את <u>יצחק</u>"[23], און די שייכות פון יצחק מיט כל אחד ואחד מישראל איז געווארן דורך יעקב.

- און -

---

18) זח"ג צד, ב. 19) הל' תשובה פ"ג ה"ד. 20) ברכות טז, ב. 21) פדשתנו ו, ג. 22) לקו"ש ח"ג ע' 860 ואילך. 23) יהושע כד. ג.

און וויבאלד אז זיי זיינען די "אבות" פון כל אחד ואחד מישראל, איז פארשטאנדיק אז ווען מ'נעמט די ענינים פון אברהם יצחק ויעקב אלס "אבות", ווערט דאס "כולא חד" מיט יעדער אידן, ווי דער דין איז, אז א "יורש" איז "עומד במקום המוריש", ד.ה. ניט נאר אז דער "יורש" איז א צווייטע מציאות פון דעם "מוריש" נאר ער האט דעם זעלבן תוקף, נאר ער איז "במקום המוריש", "תחת אבותיך יהיו בניך"[24].

וואס דער ענין פון "וארא אל אברהם אל יצחק ואל יעקב", איז פארבונדן מיט דער גאולה פון דעם איצטיקן גלות, ווארום וויבאלד אז "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[25], איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי דער ענין פון יצי"מ (וואס ווערט דערויף רעדט זיך אין דער פרשה) איז געווען פארבונדן מיט "וארא אל אברהם אל יצחק ואל יעקב", איז אזוי אויך די גאולה פון דעם איצטיקן גלות פארבונדן מיט "וארא אל אברהם אל יצחק ואל יעקב",

ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון די דרושים אין תו"א אויף פ' וארא[26], וואס דארטן איז ער מבאר אז "וארא" איז ניט נאר "לשון עבר", נאר אויך "לשון עתיד שהוא לשון הוה" - וואס דאס גייט אויף דער גאולה העתידה.

ד. כמדובר כמ"פ אז פון יעדער (ענין, און פון יעדער) ההוועדות - עאכו"כ א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת מברכים חודש שבט, א חודש וואס איז פארבונדן מיטן נשיא הדור, וואס "הנשיא הוא הכל"[27] - דארף ארויסקומען א פועל יוצא בנוגע צו לימוד התורה וקיום המצוות, וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר"[28].

וואס וויבאלד אז תומ"צ זיינען נצחיים, ווארום "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[29], און ווי דערמאנט פריער (ס"ב) אז ווען א איד לערנט תורה און איז מקיים מצוות, איז "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד" - איז פארשטאנדיק אז דורך קיום התומ"צ איז מען מגלה די אמיתית המציאות פון וועלט, אז "כל הנמצאים כו' נמצאו כו' מאמיתת המצאו"[30].

וואס דאס גיט צו פארשטייין נאכמער ווי אזוי "לא נפלאת היא ממך ולא רחוקה היא"[31] נאר "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו"[32]:

- אמיתית -

------------

24) ראה צפע"נ מילואים יג, א. 25) תהלים מה, יז. וראה ב"ב קנט, א. 26) מיכה ז, טו. 27) בהחלהו. 28) פרש"י עה"פ חקת כא, כא. 29) אבות פ"א מי"ז. 30) עיקר הט' מי"ג עיקרים. 31) רמב"ם ריש הל' יסוה"ת. 32) נצבים ל, יא. 33) שם, יד.



הנחת הת' בלתי מוגה

אמיתית המציאות פון כל עניני העולם איז - "אמיתת המצאו", ווי דער רמב"ם זאגט אז "כל הנמצאים נמצאו מאמיתת המצאו".

[וואס אין דערויף איז מרומז אז אמיתית המציאות פון כל הנמצאים איז - "אמיתת המצאו", ווארום דער רמב"ם זאגט ניט אז "כל הנמצאים נמצאו" פון דעם אויבערשטן (סתם), נאר "מאמיתת המצאו".

וואס עס זיינען דאך דא כמה מדריגות אין דעם אופן פון גילוי אלקות, ביז וואנעט אז דער גאנצער סדר השתלשלות איז נאר דערפאר וואס ס'איז דא א השתלשלות אין די מדריגות פון גילוי אלקות, וואס דערפון ווערט א חילוק צווישן איין דרגא אין השתלשלות מיט שאר הדרגות שבהשתלשלות -

זאגט דער רמב"ם אז פון וואנעט זיינען געווארן "כל הנמצאים" - ניט פון אלקות סתם, וואס "אלקים" איז לשון רבים[*], און אפי' ניט פון מציאות האלקות ווי ער איז בפ"ע, נאר אין מציאות האלקות גופא איז דאס געווארן "מאמיתת המצאו", פון אמיתית המציאות שלו.

וואס אין דערויף זעט מען אויך אז אין רמב"ם זיינען מרומז ענינים וואס ווערן נתבאר בארוכה אין חסידות (וואס אדוי האט מען גערעכנט אז ס'איז א דבר חדש, און מ'דארף זיך מיישב זיין צי מ'קען דאס אנעמען, און צי ס'איז שייך צו יעדערן - איז דאס גאר מרומז אין רמב"ם):

דאס וואס ס'איז מבואר אין חסידות[*] אז אמיתית הענין פון "אין ערוך" איז שייך דוקא דארטן וואו ס'איז דא דער יש הגשמי, און אז דער יש הנברא איז איין זאך מיטן יש האמיתי[*] - שטייט דאס ברמז (א רמז הקרוב לגילוי) אין רמב"ם (א ספר של הלכות);

אז די גאנצע מציאות פון אלע דברים גשמיים, און אפי' די זאכן וואס ווערן אנגערופן דברים חומריים - איז ניט נאר אז זייער מציאות איז "בדבר ה' שמים נעשו"[*], וואס דאס איז איינע פון די עשר ספירות (די לעצטע ספירה - ספירת המלכות), נאר זייער מציאות איז "מאמיתת המצאו", אמיתית המציאות פון דעם אויבערשטן].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז "לא נפלאת היא מכך ולא רחוקה היא" (מיט אלע ענינים וואס מ'קען אייפיצן

- אנשרעקן -

---

34) פרש"י עה"פ וישלח לה, ז. ועוד. 35) ראה רד"ה אין ערוך תרצ"ד (תשי"א). שם פכ"ד, ובד"ה שלאח"ז. 36) ראה ביאוה"ז בשלח מג, ג ואילך. ד"ה הנ"ל. ועוד. 37) תהלים לג, ו.

הנחה הת' בלתי מוגה

אנשרעקן ח"ו). נאר "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו" - ווארום ער דארף ניט אויפטאן קיין נייע זאך, ער דארף נאר מגלה זיין (דורך א פעולה אין אן אופן פון "אצבע קטנה"[38], במעשה דיבור ומחשבה שלו) דאס וואס ס'איז שוין דא במציאות. אז אמיתית המציאות פון "כל הנמצאים" איז - "אמיתת המצאו".

ה. "והמעשה הוא העיקר" - אז דורך דערויף וואס א איד איז מוסיף מעשה אחד טוב. און אפי' דיבור אחד טוב, און אפי' מחשבה אחת טובה - איז ער מגלה אין נאך א פרט בעולם אמיתית המציאות פון דער זאך. אז "כל הנמצאים נמצאו מאמיתת המצאו".

וואס וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן אמיתית הפשיטות - איז אין דערויף ניט שייך צו מחלק זיין, ווי געבראכט אין חסידות[39] (דער מאמר הרס"ג) אז העצם כשאתה תופס במקצתו אתה תופס בכולו. ד.ה. אז דורך דעם איינציקן פרט אין וועלכן ער האט מגלה געווען זיין אמיתית המציאות. איז ער "תופס בכולו":

ס'איז מערניט וואס מצד דעם חושך הגלות, דארף מען האבן אז נאך דערויף זאל ער טאן נאך אן ענין, און אז א צווייטער איד זאל טאן זיינע ענינים וכו', וואס דעמולט ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "גרם לו ולהם תשועה והצלה"[40], מיט אלע פרטים שבזה.

ו. דער ענין שטייט נאכמער בהדגשה אין א ההוועדה וואס איז פארבונדן מיט דער הסתלקות פון נשיא הדור, ווארום "הנשיא הוא הכל":

ענינו פון א נשיא איז. אז ער איז מנושא ביז אין אן אופן פון התנשאות עצמית, און וויבאלד אז "הנשיא הוא הכל", דארף מען זעהן אז אין דעם "הכל" זאל נתגלה ווערן דער "נשיא", ביז אז דער "הכל" וועט שטיין אין דעם זעלבן אופן ווי מ'שטייט דער "נשיא".

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס דער "הכל" ווערט א כלי מתאים לזה, און דערנאך סוף יעדער חלק פון דעם "הכל" פעולות אז דאס זאל ווערן בגילוי.

ז. "והמעשה הוא העיקר" - אז דערפון זאל ארויסקומען א הוספה ביתר שאת וביתר עז אין עשייה המצוות, אין לימוד התורה און אין עבודת ה', "עבודה שבלב זו תפלה"[41], וואס דאס איז כולל דעם ענין פון כוונה המצוות.

- און -

------------

38) ראה קה"ר ושהש"ר בההלהן. 39) המשך תרס"ו ע' הקכב. ועוד. 40) רמב"ם הל' תשובה שם. 41) תענית ב, סע"א.

און דאס וועט נאכמער צוהיילן דעם "והקיצו ורננו שוכני עפר"[43], און מ'וועט זוכה זיין צו "באר את התורה הזאת" - ביז צום ביאור פון משיח צדקנו, וואס "גואל ראשון (משה רבינו, דער רעיא מהימנא) הוא גואל אחרון"[44], ובקרוב ממש.

* * *

ח. מ'האט שוין גערעדט כמ"פ וועגן דעם מאמר והוראה פון דעם אלטן רבי'ן[45] אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט - מיט די ענינים וואס ווערן דערציילט אין פרשת השבוע.

וואס שבת מברכים חודש שבט קען דאך אויספאלן אויך אין אן אנדער פרשה - איז דא א לימוד מיוחד פאר שנה זו, דערפון וואס שבת מברכים חודש שבט פאלט אויס אין שבת פ' וארא, און דער לימוד פון קביעות שנה זו איז על כנה אז דערפון זאל מען דאס אויך מיטנעמען אויף די שנים הבאים לאח"ז.

וכאמור אז ס'איז דא א לימוד והוראה פון די ענינים וואס ווערן דערציילט אין פ' וארא - ובפרט ווען ס'איז פאר-בונדן דערמיט וואס מ'לייענט די פרשה בתורה מיט א ברכה לפני' ולאחרי', און מיטן גאנצן שטורעם פון "מה להלן באימה וביראה וברתה ובזיע אף כאן כו'"[46], וואס בא קרה"ת איז דער ענין נאכמער ווי דאס איז בא לימוד התורה סתם, ווארום ווען ער איז עולה לתורה קומט צו די ברכה מיוחדת (נוסף אויף ברכת התורה וואס ער האט געמאכט אינדערפרי) - און די עלי' לתורה איז פארבונדן דערמיט וואס מ'לייענט פ' וארא.

ט. אין פ' וארא זיינען דא ריבוי ענינים - אבער דער הוכן פון די אלע ענינים ווערט ארויסגעגעבן אין "שמו אשר יקראו לו בלה"ק"[47], וואס די פרשה ווערט אנגערופן פ' <u>וארא</u>.

און ווי מ'זעט אויך בפשטות, אז דער צד השוה פון אלע ענינים וואס ווערן דערציילט אין פ' וארא איז - די אותות ומופתים וואס דער אויבערשטער האט געמאכט אין מצרים, וואס ענינם בפשטות איז געווען, אז מ'זאל <u>זעהן בגלוי</u> אז "ה' אלקי העברים שלחני אליך . . שלח את עמי ויעבדוני"[48],

וואס בשעה משה רבינו האט דאס געזאגט בדיבור, האט דאס נאך ניט געהאלפן - ווען מ'האט דאס אבער באוויזן אין אן אופן אז חרטומי מצרים און כל יושבי מצרים האבן דאס דערזעהן בעיני בשר (דורך די אותות ומופתים וואס ווערן

- דערציילט -

---

42) ישעי' כו, יט. 43) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א דנג, א. תו"א ד"פ משפטים. 44) סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך. 45) ברכות כב, א. 46) ראה שעהיוה"א בתחלתו. 47) פדשתנו ז, טז.

דערציילט אין פ׳ וארא) - האבן זיי אליין געמאכט דעם גאנצן שטורעם אז מ׳זאל ארויסלאזן די אידן פון מצרים[48], ביז וואנעט אז ס׳איז מקוים געווארן בפועל די הבטחה פון דעם אויבערשטן (וואס שטייט אין דעם סיום פון דער פרשה שלפנ"ז[49]) אז "ביד חזקה יגרשם מארצו", ווי עס ווערט דערציילט אין דער פרשה שלאח"ז, פ׳ בא.

וואס דאס האט זיך אויפגעטאן דורך די ענינים וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין פ׳ וארא (די פרשה וואס איז צווישן פ׳ שמות, וואס דארטן שטייט די הבטחה פון דעם אויבערשטן אז "ביד חזקה יגרשם מארצו", מיט פ׳ בא, וואס דארטן ווערט דערציילט ווי אזוי אפי׳ די מצריים האבן געזעהן בעיני בשר, די אלע ענינים וואס משה רבינו האט זיי פריער דערציילט און זיי האבן דאס ניט געוואלט מקבל זיין.

י. דערפון האט מען א הוראה כללית אין עבודת האדם:

בא יעדערן בעבודתו זיינען דא מיצרים וגבולים. וואס אפי׳ ווען ס׳רעדט זיך וועגן מיצרים וגבולים בדקות דדקות, איז דערפון גופא וואס דאס ווערט אנגערופן בשם מיצרים וגבולים, איז פארשטאנדיק, אז ניט דאס דארף זיין דרכו פון א אידן אויף וועלכע ער דארף גיין.

ועאכו"כ ווען ביי אים זיינען דא מיצרים וגבולים כפשוטם, ובפרט די מיצרים וגבולים בנוגע צו די ענינים פון הומ"צ, אז כ׳מאכט אים איינג און מ׳איז אים מגביל בנוגע צו די ענינים פון תומ"צ - צי דאס איז דער "א-ל זר אשר בקרבך", דער יצר וואס איז דער היפך פון דעם יצ"ט[50], אדער ענינים שמבחוץ הימנו,

וואס די כוונה בזה איז, כדי אז בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה זאל ארויסווייזן שלימות כחותיו - בדוגמא ווי ס׳שטייט בנוגע צו אביו המלך, אז תכלית בריאת העולם איז כדי "שיתגלו שלימות כוחותיו ופעולותיו"[51] - וואס צוליב דערויף שטעלט מען אים אוועק אין אן ארט וואס איז מוגבל מיט מיצרים וגבולים,

דארף א איד באווייזן דאס וואס ער איז - אז ער איז מהפך די אלע ענינים, ביז אז עס ווערט דער אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא,

ביז אז ס׳ווערט אויפגעטאן דער "ביד חזקה יגרשם מארצו"

- אז -

------------

48) בא י, ז. 49) שמות י, א. 50) ראה שבת קה, ב.
51) ע"ח שער ההקדמות הקדמה ג.

- אז דעם תוקף וחוזק וואס פרעה האט געהאט [וואדום עס רעדט זיך וועגן די רגעים וואס זיינען געווען איידער ס'איז געקומען דער רגע הגאולה - וואס די גאולה איז ערשט געווען "בעצם היום הזה"[52] (ווי רש"י[53] ברענגט אראפ)], נוצט ער אויס אויף דעם ענין פון "(ביד חזקה) יגרשם מארצו".

יא. אין דערויף קומט צו נאך א הוראה כללית:

א איד דארף וויסן, אז אע"פ אז "הורה" זאגט אים אז ער לעבט אין א וועלט וואס "עולם" איז מלשון העלם והסתר[54], און מ'דארף אנקומען צו זיין עבודה כדי אז ס'זאל זיין דער "מעט מעט אגרשנו"[55], ביז אז ס'וועט זיין דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא,

דארף ער וויסן אז דאס איז ניט קיין ענין וואס איז שווער און ווייט פון אים, עס מוז נעמען אן אריכות ימים ושנים, און ס'איז ניט שייך ער זאל דערצו דערגרייכן - נאר ס'איז אן ענין אויף וועלכן מ'זאגט "וארא", ס'איז אן ענין וואס מ'האט שוין אמאל געזעהן (ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ אז "וארא" איז ניט נאר לשון עתיד, נאר דער עיקר אפטייטש דערפון איז גאר לשון עבר), און געזעהן בעיני בשר - ווארום "עולם על מילואו נברא"[56],

ובפרט ווי ס'איז געווען קודם שנברא העולם - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם ביאור אין שעהיוה"א[57] [אז "זה פשוט שאור וזיו הזה ישנו ג"כ בגוף וחומר כדור השמש כו' כ"ש שיוכל להאיר במקומו ממש כו' וכדברים האלה ממש כו'"] אז קודם שנברא העולם איז געווען די מציאות האמיתית פון וועלט, עס איז געווען אין אופן פון תכלית הפשיטות - און דאס איז די מציאות פון דער וועלט, ווארום "כל הנמצאים נמצאו מאמיתת המצאו".

יב. און דערפון האט מען די הוראה מיטן עידוד און נתינת כח, אז אע"פ אז מ'שטייט נאך אין דעם זעלבן מעמד ומצב ווי אידן זיינען געשטאנען אין פ' וארא - מ'געפינט זיך נאך אין מצרים (ניט אזוי ווי אין פ' בא, וואס א טייל פון דער פרשה איז שוין נאך דערויף וואס מ'איז ארויסגעגאנגען פון מצרים, נאר ווי דאס איז אין פ' וארא, אז מ'געפינט זיך נאך אין מצרים),

ווערט אבער די גאנצע פרשה אנגערופן "וארא",

- אנהויבנדיק -

---

52) בא יב, מא. 53) עה"פ שם. 54) לקו"ה שלח לז, ד. ובכ"מ. 55) ל' הכתוב - משפטים כג, ל. 56) ראה ב"ר פי"ד, ז. פי"ג, ג. 57) פ"ג.

אנהויבנדיק פון דעם ערשטן פסוק אן, נאך איידער עס האט זיך אנגעהויבן די ערשטע פון די עשר מכות, זאגט מען אז דאס איז א פסוק פון פ׳ "וארא",

ואדרבה: דוקא אין ההתלת הסדרה (איידער עס ווערט דער-ציילט וועגן די עשר מכות) שטייט דער ענין פון "וארא" בגלוי, און דערנאך קומט דאס אראפ אין דער גאנצער סדרה, אז דאס ווערט דער נאמען פון כל הסדרה כולה.

יג. די הוראה דערפון בפשטות:

אע"פ אז ע"פ תורה געפינט מען זיך אין מצרים, וואס דערפאר איז "דינא דמלכותא דינא"[58], און דערפאר דארף זיין דער "ודרשו את שלום העיר וגו׳"[59] - איז במה דברים אמורים, דוקא אויב דאס רירט ניט אן דעם ענין וואס "אלקי העברים שלחני אליך".

און ניט נאר אז דאס רירט ניט אן די ענינים פון אידיש-קייט, נאר נאכמער: אפי׳ די ענינים פון "דינא דמלכותא דינא", און אפי׳ די ענינים פון ארץ מצרים און פון כל יושבי מצרים אשר בה - איז דאס אין אן אופן פון "ה׳ אלקי העברים שלחני אליך":

דאס וואס א איד געפינט זיך אין דער מדינה, אין דעם מעבד ומצב און אין דעם זמן, איז דאס ניט כדי ער זאל עפעס נאכגעבן, נאר "ה׳ אלקי העברים שלחני אליך", כדי אז ס׳זאל ווערן דער "ביד חזקה יגרשם מארצו", אז מצרים זאל באווייזן אז איר תוקף איז - אז די זעט אז א איד געהערט און שטייט אין "ארץ" - "שרצתה לעשות רצון קונה"[60],

[וואס דאס איז דאך דער ענין פון ארץ ישראל, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[61], וואס וויבאלד אז "עיני ה׳ אלקיך בה וגו׳", איז פארשטאנדיק, אז די שטייט אין א מעבד ומצב פון "רצתה לעשות רצון קונה"].

יד. והביאור בזה:

דאס וואס דער אויבערשטער האט אוועקגעשטעלט א אידן אין ארץ מצרים, איז ח"ו צו זאגן אז דאס איז כדי צו מאטערן אים. ווארום דאס איז דער היפך פון טוב האמיהי, און וויבאלד אז דער אויבערשטער איז "עצם הטוב"[62], און "טבע הטוב להטיב"[63], איז זיכער אז דער אויבערשטער וויל מטיב זיין א אידן, אין אן אופן אז דער מקבל זאל פילן אז דאס

- איז -

------------

58) גיטין י, ב. וש"נ. 59) ירמי׳ כט, ז. 60) ב"ר פ"ה, ח. 61) עקב יא, יב. 62) ראה עמה"מ שער שעשועי המלך רפ"א. 63) שם. שעהיוה"א פ"ד (עט, א).

איז טוב. וואס דעמולט איז דער טוב בשלימותו - איז זיכער מושלל בהכלית ובהחלט אז דער אויבערשטער האט אוועקגעשטעלט א אידן אין מצרים כדי צו מאטערן אים.

און ס'איז אויך א זיכערע זאך אז "זאת התורה לא תהא מוחלפת", תורה איז בתקפה בכל מקום ובכל זמן, און דער ענין פון "מצרים" קען ניט אנרירן קיין ענין וואס איז פארבונדן מיט אידישקייט,

ביז וואנעט אז א איד פירט זיך פונקט ווי ער וואלט געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, ס'איז מערניט וואס תורה זאגט אז עס זיינען דא ענינים וואס אין געוויסע זמנים קען מען זיי ניט טאן -

בדוגמא ווי ס'איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, וואס דעמולט האט מען געדארפט מקריב זיין בכל יום דעם קרבן תמיד, איז דאך געווען א זמן וואס מ'האט ניט געטארט מקריב זיין דעם קרבן תמיד (בלילה אדער באמצע היום), איז עד"ז אויך בנוגע צום זמן וואס דער ביהמ"ק איז ניט קיים, איז דא דער ציווי התורה אז דעמולט טאר מען ניט מקריב זיין קיין קרבנות. נאר דעמולט דארף זיין דער ענין פון "תפלות במקום תמידין תקנום"[64].

ד.ה. אז די תורה איז אלעמאל בשלימותה, און די מצוות זיינען אלעמאל בשלימותם, נאר צווישן די מצוות זיינען דא אזוינע מצוות שהזמן גרמא, און אזוינע מצווה וואס דער מקום איז גורם, זיי זיינען פארבונדן מיט דעם "מקום אשר יבחר ה'"[65] וכיו"ב, און ווען ס'איז ניט אין דעם זמן אדער ניט אין דעם מקום, איז ער דעמולט מקיים דעם ענין דורך דעריוף וואס ער טוט דאס ניט, ד.ה. אז דער ניט טאן איז די מצוה[66].

[ע"ד מארז"ל[67] "ישב ולא עבר עבירה נותנים לו שכר כעושה מצוה", וואס דער "ישב ולא עבר" איז א מצוה].

ד.ה. אז דא למטה, איז מצד כמה ענינים און להועלת הבירורים, זיינען דא ענינים וואס זייער עשי' דארף זיין נאר אין אן אופן פון "כעושה מצוה", אבער אלע ענינים פון תומ"צ זיינען אלעמאל בשלימותם.

און אויף דעריוף זאגט מען אים אז זייענדיק אין מצרים, דארף ער לעבן מיט פ' "וארא", און ער דארף וויסן אז דאס וואס ער געפינט זיך אין מצרים, איז נאר דערפאר וואס "ה' אלקי העברים שלחני אליך", און דער אויבערשטער האט אים

- מיטגעגעבן -

------------

64) ברכות כו, ב. 65) ראה יב, ה. ועוד. 66) ראה לקו"ש עקב תשל"ו הע' 53. 67) קידושין לט, ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

מיטגעגעבן משה ואהרן, די נשיאי הדור, וואס "הנשיא הוא הכל", ביז צו כ"ק מו"ה אדמו"ר נשיא דורנו, דער "רעיא מהימנא" פון דעם דור, ע"ד ווי דער ערשטער "רעיא מהימנא",

און דורך דערויף וואס "נלכה באורחותיו" - פירט מען דורך די שליחות וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין פ' וארא, ביז ווי עס ווערט דערציילט ווי אזוי ס'איז געווען דער "והפליתי" - "והפרשתי"[68], אז אפי' ווען אין מצרים איז דאס געווארן אין אן אופן פון "טבע", ווארום די מכה איז שוין געווען במשך פון אזוי פיל צייט,

[כידוע תורת הבעש"ט (וואס איז געדרוקט אין כש"ט[69]) אז דער חילוק צווישן דעם ענין פון נס מיט דעם ענין פון טבע איז, דער חילוק צווישן דעם ערשטן מאל מיט די פעמים שלאח"ז, אז ווען דאס טרעפט צום ערשטן מאל איז דאס אן ענין של נס, ווארום דאס איז א דבר חדש, אבער דערנאך ווערט דאס מנהגו של עולם, טבע;

דער תוכן הענין בייט זיך טאקע ניט, עס בייט זיך אבער ווי א "ילוד אשה" נעמט אויף דעם ענין - וואס ער נעמט דאס אויף ווי דאס איז ע"פ תורה, אז דאס ווערט מנהגו של עולם, און דאס ווערט אנגערופן בשם "טבע", דאס איז א טבע וואס דער אויבערשטער האט מטביע געווען אין אן אופן פון "לא ישבותו"[70] - וויבאלד אז ס'איז שוין ניט קיין דבר חדש, נאר ס'איז שוין געווען כמה פעמים],

האט דאס אבער ניט אנגערירט קיין אידן, ווארום ס'איז געווען דער ענין פון "והפליתי גו'".

טו. און אויף דערויף האט מען די הוראה פון פ' וארא - אז דאס איז אן ענין וואס איז שיין געווען בעבר, וואס דעמולט ווייסט מען אז דאס איז אן ענין וואס קען זיין, ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין[71] אז אויב ענינים וואס "לא הוו" קענען זיין, איז מכש"כ וק"ו א זאך וואס "הוי" (ס'איז שוין געווען אמאל) קען זיין נאכאמאל.

און דאס מאכט לייכטער דעם איינקערן זיך מיט די מיצרים וגבולים פון וועלט, אין אן אופן אז מ'זאל דערפון ניט נתפעל ווערן, נאר נוצן זיי אין אן אופן אז דערפון זאל ווערן דער "יתרון האור מן החושך" און "יתרון לחכמה מן הסכלות"[72], און דער יתרון פון אן ענין פון בל"ג, ווען

- מ'קומט -

------------

68) פרשהנו ח, יח ובפרש"י. 69) סקי"ט. סרנ"ו. 70) נח ח, כב. 71) צא, א. 72) ל' הכתוב - קהלת ב, יג.

מ׳קומט דערצו דורך דערויף וואס מ׳גייט ארויס פון מצרים, און מ׳גייט אריין אין "ארץ טובה ורחבה".

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ער איז זיך מתבונן אז דער ענין פון "אין עוד מלבדו"⁷³ איז כפשוטו, און דאס וואס ער געפינט זיך אין א מעמד ומצב וואס ער דארף זיך אויס׳טענה׳ן אדער ניט צוהערן זיך צו די ענינים פון מיצרים וגבולים, איז דאס גופא קומט פון דעם וואס "אין עוד מלבדו", ובלשון התניא⁷⁴ "אני לא עשיתי את עצמי וכו׳".

און "תהי זאת נחמתם לנחמם בכפליים לתושי׳ ולשמח לבם בה׳ כו׳"⁷⁵ - אז ער זאל דינען דעם אויבערשטן מתוך שמחה, וואס די שמחה וועט פורץ זיין די מיצרים וגבולים, און דעמולט וועט ער טאן עבודתו, "פעולתו אשר עבד בה", זייענדיק א נשמה בגוף - בזריזות הכי גדולה, ובמילא אויך בהצלחה הכי גדולה.

טז. ובפשטות - מען זאל מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, וואס דורך דעם איז מען מבטל די מיצרים וגבולים, ועאכו"כ אז דורך דעם פועל׳ט מען אז ס׳זאל ווערן דער "ביד חזקה יגרשם מארצו", אז אפי׳ ווען א איד געפינט זיך נאך אין מצרים, נעמט מען אים ארויס פון מיצרים וגבולים, און דאס ווערט געטאן בכחו ובתקפו פון דעם ענין פון ארץ מצרים, ביז אז דאס ווערט געטאן בכחו ובתקפו פון פרעה מלך מצרים.

און דאס מאכט נאך שנעלער אז נאך דערויף וואס "לכל בנ"י הי׳ אור במושבותם"⁷⁶ זייענדיק אין ארץ מצרים, זאל דערנאך ארויסקומען דער "אור" כפשוטו, צוזאמען מיט דעם ענין פון "והי׳ לך ה׳ לאור עולם"⁷⁷, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט טאקע זיין דער ענין פון "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות"⁷⁸, אבער אידן דארפן זיך געפינען אין א"י, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה";

די וואס געפינען זיך שוין דארטן - דורך מבסס זיין און מחזק זיין און פארשפרייטן דעם ענין, דורך דערויף וואס מ׳וועט מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום המצוות, ניט רעכנענדיק זיך מיט די מיצרים וגבולים פון גלות, וואס אפי׳ אין אה"ק איז דאס אויך דער זמן הגלות,

- ועד"ז -

---

73) ל׳ הכתוב - ואתחנן ד, לה. 74) פל"א (מ, ב).
75) שם פל"ה (מד, א). 76) בא י, כג. 77) ישעי׳ ס, יט.
78) ראה יל"ש ישעי׳ רמז תקג.

ועד"ז אויך בנוגע צו די אידן וואס געפינען זיך אין חו"ל, בנוגע צו זייער מעמד ומצב - און דערנאך וועלן אלע אידן צוזאמען, וואס דעמולט וועט דער "כולנו כאחד" צוזאמען מיטן "ברכנו אבינו"[79].

ביז אז מ'קומט צו דער ברכה העיקרית וואס איז בעיקר נוגע אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא, דער סוף פון זמן הגלות - אז "לכל בנ"י הי' אור במושבותם" נאך אין די לעצטע רגעים פון גלות,

ובקרוב ממש - דער ענין פון "ובנ"י יוצאים ביד רמה"[80], אין אן אופן פון "קוממיות"[81], בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

יז. מ'איז דא נאך אן ענין וואס איז פארבונדן מיט ר"ח שבט, ובפרט אז דאס אויך פארבונדן מיט שבת מברכים חודש שבט - וואס דאס איז וואס די משנה[82] זאגט "ארבעה ראשי שנים הם כו' באחד בשבט ר"ה לאילן" ("כדברי ב"ש").

וואס אע"פ אז לדעת ב"ה איז דער "ר"ה לאילן" "בחמשה עשר בו", און די הלכה איז דאך כב"ה - זאגט מען דאך אבער אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[83].

ובפרט לויט ווי מ'האט גערעדט כמ"פ בארוכה (און שוין אויך געדרוקט[84]), אז די מחלוקת צווישן ב"ש מיט ב"ה איז, צי מ'גייט נאכן "בכח" אדער מ'גייט נאכן "בפועל",

וואס דאס איז דאך דער חילוק בפשטות צווישן ר"ח שבט מיט חמשה עשר בו: בר"ה איז דער מולד הלבנה ("כזה ראה וקדש"[85]), מערניט ווי די נקודה הראשונה, און דער טאג פון ר"ה איז כולל אין זיך ("בכח") כל ימי החודש, ביז אויך דעם טאג ווען די לבנה איז במילואה, "קיימא סיהרא באשלמותא"[86], וואס דאס קומט אראפ "בפועל" בחמשה עשר בו -

איז דאך פארשטאנדיק, אז ס'איז דא א קשר מיוחד צווישן ר"ה מיט חמשה עשר בו - ווארום דער חילוק צווישן ר"ח מיט חמשה עשר בו איז, אז ר"ח איז דער "בכח" און חמשה עשר בו איז דער "בפועל" פון דעם זעלבן ענין - "ר"ה לאילן".

ביז אז ס'איז דא א יתרון אין ר"ח לגבי חמשה עשר בו,

- אז -

---

79) ראה הניא פל"ב. 80) בשלח יד, ח. 81) ראה פרש"י עה"פ בחוקותי כו. יג. 82) ר"ה בהתחלתה. 83) עירובין יג, ב. 84) ראה לקו"ש ח"א ע' 146 ואילך. ח"ו ע' 70 ואילך. ועוד. 85) פרש"י עה"פ בא יב, ב. 86) ראה זח"א קנ, רע"א. ח"ב פה, א.

אז ר"ח איז כולל אין זיך דעם טאג פון חמשה עשר בו (מ'געפינט אבער ניט אז חמשה עשר בו זאל כולל זיין אין זיך דעם טאג פון ר"ח) - ווארום דער חילוק פון ר"ח מיט חמשה עשר בו, איז ניט נאר דער חילוק צווישן דעם "בכח" מיטן "בפועל", נאר אויך, אז מצד דעם סדר זמנים איז דאס דער טאג פון "ראש חודש", וואס ער איז כולל אין זיך את כל ימי החודש, כולל אויך חמשה עשר בו.

ווי דער אלטער רבי[87] איז מדייק אז ער ווערט אנגערופן "ראש" און ניט "התחלה", דערפאר וואס ער איז ניט נאר "תחלה", נאר ער איז אויך בדוגמת הראש וואס איז כולל אין זיך כל האברים כולם, און אויך דערנאך ווען יעדערער פון די אברים געפינט זיך במקומו, איז דער "ראש" דער וואס פירט אן מיט זיי, כמבואר בארוכה אין עס"ר בהחלהו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער טאג פון ר"ח שבט איז כולל אין זיך אלע טעג פון חודש שבט, כולל אויך חמשה עשר בו, ביז וואנעט אז ס'זיינען דא טעג מיט וועלכע דער טאג פון ר"ח האט א שייכות מיוחדת, וואס איינער פון די טעג איז חמשה עשר בו - וויבאלד אז דער חילוק צווישן ר"ח מיט חמשה עשר בו, איז דער חילוק צווישן דעם "בכח" מיטן "בפועל" אין דעם זעלבן ענין - "ר"ה לאילן".

יח. דער כללות הענין פון "ר"ה לאילן" (בר"ה שבט אדער בחמשה עשר בו) איז לכאו' א דבר תמוה:

דאס איז דאך "ר"ה לאילן". און אעפ"כ מאכט מען דערפון א גאנצע הדגשה בנוגע צום אדם - ביז וואנעט אז בכמה קהילות פירט מען זיך אז בחמשה עשר בשבט זאגט מען א גאנצן תיקון (פון מזמורים און פזמונים וכו'[88]), און אפי' אין די קהילות וואס מ'זאגט ניט דעם תיקון, איז דאך דא דער מנהג אז מ'עסט פירות[89], ובפרט די פירות שנשתבחה בהם א"י.

און מ'פארבינדט דאס דערמיט וואס ס'שטייט[90] "כי האדם עץ השדה", און די גמרא[91] זאגט אז דאס גייט אויף א ת"ח, אז "אם ת"ח הגון הוא ממנו תאכל ואותו לא תכרות כו'".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווען מ'וויל זאגן א מעלה אויף א ת"ח, איז אמת טאקע אז מין הצומח איז העכער פון מין הדומם, דאס קומט דאך אבער ניט צו מעלה מין החי, ועאכו"כ אז דאס קומט ניט צו מעלת מין המדבר - איז פארוואס

- פארגלייכט -

---

87) לקו"ת תבוא מא, ג. 88) נדפסו בספר פרי עץ הדר - ליוורנו שנת "מהוקה". 89) מג"א או"ח סקל"א סקט"ז. השלמה לשו"ע אדה"ז סקל"א ס"ח. 90) שופטים כ, יט. 91) תענית ז. א.

הנחת הת' בלתי מוגה

פארגלייכט מען א ת"ח צו "עץ השדה", דער מין הצומח?

יט. דעם זעלבן ענין געפינט מען אויך בנוגע צום פסוק[92] "הבאים ישרש יעקב יציץ ופרח ישראל ומלאו פני תבל תנובה" - ווי גערעדט פריער, דאס וואס ס'איז מבואר אין די דרושים (פון דעם אלטן רבי'ן[93], ועד"ז אין די דרושים פון כל הנשיאים שלאחריו, ביז צו די דרושים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו), אז דאס גייט אויף דעם ענין פון תומ"צ, וואס זיי ווערן נשרש אין דער "ארץ חפץ"[94], וואס דאס זיינען אידן, און דערנאך ווערט דער "יציץ ופרח", ביז צו "ומלאו פני תבל תנובה".

איז אע"פ אז אין דערויף איז טאקע דא אן ענין של ריבוי, ביז אז ס'איז אויך דא דער ענין וואס פון א גרעין ווערט דערנאך אן אילן עושה פירות, און די פירות האבן אין זיך גרעינים וואס זיינען אויך עושה פירות עד סוף כל העולם - קומט דאך דאס אבער ניט צום עילוי וואס איז דא אין מין החי [ביז וואנעט אז מ'זאגט[95] אז די שלימות פון מין הצומח איז, ווען ער ווערט נאכל ע"י החי, וואס דעמולט ווערט ער נתעלה לדרגת החי], ועאכו"כ אז דאס קומט ניט צו מעלת מין המדבר.

און אעפ"כ זאגט מען[96] "מאי פירי - מצוות", און בשעת מ'דארף מבאר זיין וואס קומט צו דורך דעם ענין הגלות, זאגט מען אז עס ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "ישרש יעקב יציץ ופרח ישראל גו'" - בדוגמת הענין פון מין הצומח.

בדוגמא ווי געזאגט פריער אז א ת"ח איז געגליכן געווארן צו "עץ השדה" - וואס דאס גייט דאך אויף יעדער אידן, ווארום יעדער איד איז פון דעם "עם חכם ונבון"[97], און יעדער איד איז פארבונדן מיט תורה, חכמתו ורצונו של הקב"ה, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען מ'זאגט אז א ת"ח איז בדוגמת "עץ השדה" - גייט דאס אויף יעדער אידן.

ועד"ז זאגט מען אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב (יעדער איד האט א קיום לעולם ועד, דערפאר וואס) שנאמר[98] ועמך כולם צדיקים לעולם ירשו ארץ נצר מטעי מעשה ידי להתפאר"[99] - וואס "מטעי" איז דאך דער ענין פון צומח.

[מ'זאגט טאקע "מעשה ידי" - אבער דער פירוש אין פשטות

- הכתובים -

------------

92) ישעי' כז, ו. 93) תו"א שמות נג, ג ואילך. 94) ל' הכתוב - מלאכי ג, יב. וראה תו"א שם, ד. 95) עקרים מ"ג פ"א. קונטרס ומעין מ"א פ"ג. 96) סוטה מו, סע"א. 97) ואתחנן ד, ו. 98) ישעי' ס, כא. 99) סנהדרין צ, א במשנה.

הכהובים איז, אז דער ענין פון "נצר מטעי" ווערט דורך "מעשה ידי", דורך אן ענין של עשי' (דער ענין פון זריעה - וואס זריעה איז דאך פון די ל"ט מלאכות - "הזורע והחורש וכו'", מיט אלע ענינים וואס מ'רעכנט אויס אין "סידורא דפת"[100]).

וכאמור, אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז מען אזוי מדגיש די מעלה פון מין הצומח - דער מין החי, ועאכו"כ דער מין המדבר, איז דאך א סאך העכער דערפון?

כ. איז איינער פון די ביאורים בזה: ס'איז מבואר אין חסידות[101], אז עיקר עבודת האדם באשטייט אין די מדות שלו.

די עבודה דארף טאקע זיין "בכל לבבך ובכל נפשך"[102], מיט אלע עשר כחות הנפש, אויך מיט חב"ד שבנפש, אבער דער עיקר הענין וואס צוליב אים איז די נשמה אראפגעקומען דא למטה, כדי ס'זאל זיין דער "אני נבראתי לשמש את קוני"[103] וואס דערפאר דארף ער באווייזן אז ער טוט אן ענין וואס ווערט אנגערופן בשם "עבודה", און דערפאר ווערט ער אנגערופן בשם "עבד" - איז די עבודה וואס איז פארבונדן מיט די שבע מדות.

וכמבואר בארוכה אין דעם מאמר ד"ה אל תצר את מואב[104], אז בזמן הזה איז עיקר העבודה אין די שבע מדות, וואס דאס איז בדוגמת הענין פון כיבוש ארץ שבעה אומות, און לע"ל וועט זיין דער עיקר העבודה אין חב"ד שבנפש, וואס דאס איז בדוגמא פון דעם כיבוש פון קיני קניזי וקדמוני, וואס דאס ווערט אויפגעטאן ע"י העבודה בזה"ז, וואס עיקר העבודה איז אין די שבע מדות.

ד.ה. אז כללות העבודה אין עוה"ז הגשמי והחומרי (וואס דארטן דארף זיין דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא) - איז ניט די עבודה וואס איז פארבונדן מיט שכל, נאר עיקר העבודה איז אין די מדות.

וכידוע[105] דער פתגם פון דעם בעש"ט, פון דעם אלטן רבי'ן, און דער צ"צ, ביז כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, אז דער ענין החסידות איז לשנות טבע מדותיו - עס ווערט ניט דערמאנט דער ענין פון שכל, און ס'שטייט אפי' ניט דער לשון "כחות" (אז מ'דארף משנה זיין דעם טבע פון די כחות), וואס איז כולל סיי דעם שכל און סיי די מדות, נאר לשנות טבע מדותיו דוקא.

- און -

------------

100) שבת עג, א במשנה. וראה שם עד, ב. 101) ראה שערי אורה בתחלתו. ועוד. 102) ואתחנן ו, ה. 103) קידושין בסופה. 104) לכ"ק אדהאמ"צ - ע' 11 ואילך. 105) לקו"ד כרך א נו, א ואילך. התמים חו' ג ע' סו.

און ווען מ'איז מבאר דעם ענין פון "וארא אל אברהם אל יצחק ואל יעקב", סייטשט מען אפ אז דאס איז דער ענין פון מדות - אהבה, יראה און רחמים[106], אע"פ אז ס'איז דא דער ענין פון אברהם יצחק ויעקב ווי דאס איז אין שכל - ווארום עיקר העבודה איז אין דעם ענין פון מדות.

און אין כללות קומת האדם איז דער ענין המדות - דער ענין פון צומח שבאדם[107]: דער ענין השכל איז בחי' החי שבו, און די דרגא שלמעלה מן השכל איז בחי' המדבר שבו, און דער ענין פון מדות איז בחי' הצומח שבו.

און וויבאלד אז עיקר עבודת האדם איז אין די מדות שלו, דערפאר איז מען מדגיש דעם ענין פון צומח.

כא. די מעלה מיוחדה וואס מ'זעט אין דעם מין הצומח, וואס דאס איז נישטא אין מין החי והמדבר, איז - אז דער מין הצומח איז אלעמאל פארבונדן מיטן ארט פון וואנעט ער קומט, וואס דאס איז א מעלה הכי גדולה.

דער מין החי, גייט ארום ממקום למקום, ואדרבה: דאס וואס ער איז משנה מקומו און גייט ארום ממקום למקום, באווייזט דאס אויף דעם ענין החיות שבו, און אז די חיות שבו איז ווי עס דארף צו זיין. ועאכו"כ בנוגע צום מין המדבר, וואס ער דארף משנה זיין ניט נאר מקומו, נאר "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך"[108], מיט אלע פירושים שבדבר[109].

משא"כ בנוגע צום מין הצומח, וואס זיין גאנצער קיום איז דוקא ווען ער איז פארבונדן (דורך די שרשים) מיט דעם מקום פון וואנעט ער האט אנגעהויבן וואקסן, וואס דאס איז די ארץ הלזו ההחונה, וואס אין איר איז ארייגעגעבן געווארן דער כח הצומח אויף צו מצמיח זיין[110], ביז צו מצמיח זיין אן עץ מאכל מיט אלע פרטים שבדבר, וואס דורך דערויף וואס דער עץ איז מחובר מיטן ארץ ע"י השרשים שלו, באקומט ער דעם כח הצמיחה פון דעם ארץ.

דער מין החי און מין המדבר דארפן אויך אנקומען צום ארץ, נוסף אויף דערויף וואס זייער התהוות איז געווען מן העפר, ווארום "הכל הי' מן העפר"[111]; ווען איז אבער זייער מציאות ווי עס דארף צו זיין - דוקא ווען זיי זיינען זיך מתנענע, און גייען אוועק פון זייער מקום צו א מקום עליון יותר, ביז באופן פון אין ערוך (און דערצו דארף זיין זייער שאיפה).

- משא"כ -

------------

106) הו"א פרשתנו נה, ד ואילך. 107) שם בראשית ד, א. לקו"ה חקת נח, א. ברכה צה, ג. 108) ר"פ לך לך. 109) ראה סד"ה לך לך הרס"ז. לקו"ש ח"א ע' 17 ואילך. ועוד. 110) ראה אגה"ק ס"כ (קלב, א ואילך). 111) קהלת ג, כ.

משא"כ אבער בנוגע צום מין הצומח, וואס ער קען ניט אוועקגייין פון דעם ארט פון וואנעט ער האט אנגעהויבן וואקסן; ער קען וואקסן אלץ העכער און העכער, ביז וואנעט אז עס ווערט "פריו ממעל" (ווי דער לשון הכתוב[112] בנוגע צו ארזים), אבער די שרשים מוזן בלייבן בארץ, ואדרבה - ווי "נעים זמירות ישראל" זאגט בתהלה ספר התהלים שלו[113] "והי' כעץ שתול על פלגי מים אשר פריו יתן בעתו ועלהו לא יבול", אז מצד דערויף וואס ער איז "שתול" (ער איז מחובר לארץ, דורך די שרשים), האט ער ניט מורא פאר קיין זאך, און ער איז הולך וצומח ופורח וכו'. -

כב. דער ביאור אין דעם ענין פון "צומח" (אז ער איז שטענדיק פארבונדן מיטן ארט פון וואנעט ער האט אנגעהויבן וואקסן, דורך די שרשים שלו) - ווי דאס איז אין עבודת האדם:

מ'זאגט א אידן, אז בכל מקום וואו ער געפינט זיך, זאל ער ניט מיינען אז ער איז אפגעריסן ח"ו פון די אבות, נאר ער דארף וויסן אז "ישרש יעקב" - דער שרש פון וואנעט ער איז געבארן געווארן (און דער שרש פון זיין פאטער, ועד"ז דור למעלה מדור), איז עס זיין שרש צו וועלכן ער איז מחובר בתמידות,

מ'דארף נאר האבן אז ער זאל אויסנוצן דעם כח וואס ער באקומט פון דעם שרש, אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון "וארא", אזוי ווי ס'איז געווען בא זיינע "אבות" (ווי דערמאנט פריער (ס"ג) וואס רש"י טייטשט אפ אויף "וארא" - "אל האבות"),

ביז וואנעט אז דערפון זאל ווערן דער "אמור אל בנ"י אני ה' והוצאתי גו' והצלתי גו' וגאלתי גו' ולקחתי גו'"[114], די אלע ד' לשונות של גאולה[115], און אויך "והבאתי גו'"[116] - דער לשון החמישי וואס איז פארבונדן מיטן כוס החמישי, כמבואר אין מפרשי ההגדה[117].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז אין מין החי און מין המדבר איז דא א מעלה וואס איז שלא בערך העכער פון מין הצומח, פונדעסטוועגן, ווען ער דארף האבן דעם ענין הבטחון, ער זאל זיין זיכער אז ער וועט מצליח זיין בשליחותו לעשות לו ית' דירה בתחתונים - באקומט ער דעם כח אויף דערויף דורך דעם וואס ער איז זיך מתבונן אז ער איז בדוגמת "עץ השדה":

- דער -

---

112) עמוס ב, ט. 113) א, ג. 114) פרשתנו ו, ו-ז.
115) שמו"ר פ"ו, ד. ירושלמי פסחים פ"י ה"א. ועוד.
116) פרשתנו שם, ח. 117) ראה הו"ש וארא מילואים ס"א.

דער "עץ השדה" איז אלעמאל מחובר מיטן ארט פון וואנעט ער האט אנגעהויבן וואקסן - ועד"ז בנוגע צו א אידן, וואס ער האט אנגעהויבן וואקסן זייענדיקביים בארג סיני בשעת מ"ת, און נאך פריער: ווען "אחד הי' אברהם ויירש (זרעו) את הארץ"[118]; און אויף דערויף זאגט מען "ישרש יעקב" - אז דאס איז זיין שרש עד סוף כל הדורות,

און דאס גיט אים דעם כח אין פעולתו בעולם, אז ס'זאל זיין דער "יציץ ופרח ישראל", ביז אין אן אופן פון "ומלאו פני תבל תנובה".

כג. און דאס איז די התעוררות און דער עידוד וואס מ'באקומט פון "ר"ה לאילן" (לדעת ב"ש - "באחד בשבט", און לדעת ב"ה - "בחמשה עשר בו"), וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "כי האדם עץ השדה", און מיט דעם ענין פון "ישרש יעקב יציץ ופרח ישראל":

נוסף אויף די מעלות וואס א איד האט מצד דערויף וואס ער איז א חי און א מדבר, האט ער אויך די מעלה עיקרית וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין הצומח - וואס דאס איז דער ענין המדות ווי זיי זיינען נאך העכער פון דעם ענין השכל, "טורי השובא"[119], וואס דאס זיינען די מדות פון אברהם יצחק ויעקב, בדוגמת השרש וואס געפינט זיך (ברובא דרובא פון די אילנות) בארץ דוקא, און ניט בגלוי על פני הארץ.

און ער ווייסט אז ער איז פארבונדן מיט זיין שרש (בדוגמת מין הצומח) לעד ולעולמי עולמים, אז בכל מקום וואו ער גייט, און אין וועלכן אופן ער זאל זיך נאר פירן, איז "גם בשעת החטא היתה באמנה אתו יה'"[120] - עאכו"כ אז "כל ישראל בחזקת כשרות"[121], און אפי' אויב ער האט אמאל געטאן א חטא, האט ער שוין לאנג תשובה געטאן, ביז צו א תשובה שלימה וואס "זדונות נעשו לו כזכיות"[122].

און אין אים פליסן די כחות פון דער "ארץ החיים", ארץ העליונה, דורך דערויף וואס זיינע שרשים קומען אן "אל האבות", אברהם יצחק ויעקב, וואס "אין קורין אבות אלא לשלשה", זיי זיינען די "אבות" פון יעדער אידן עד סוף כל הדורות, וואס זיי גיבן אין אים אריין די אלע כחות, און זיי זיינען משלים זיין מציאות אלס "כי האדם עץ השדה".

און ווי געבראכט פריער (ס"כ) דאס וואס ס'איז מבואר

- אין -

------------

118) יחזקאל לג, כד. 119) ראה תו"א מקץ לה, ר. ועוד.
120) תניא ספכ"ד. 121) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב.
122) יומא פו, ב.

אין דעם מאמר ד"ה אל תצר את מואב, אז די עבודה בזמן הזה אין דעם ענין המדות, דער ענין פון צומח, וואס זיי זיינען כנגד די שבעה אומות - ווערט די הקדמה קרובה צו באקומען אויך די ארץ פון קיני קנזי וקדמוני,

ווארום בקרוב ממש וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט מקוים ווערן דער "כי ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך"[123], וואס דאס גייט אויף די ארץ פון "קיני קנזי וקדמוני"[124], ובקרוב ממש.

* * *

כד. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה וארא אל אברהם גו׳.

* * *

כה. בנוגע צו פרש"י אויף פרשה זו - איז דא א פרש"י וואס אזוי לערנט מען אים בפשטות, אבער ווען מ׳איז זיך מתבונן אין דערויף, ובפרט ווען מ׳פארגלייכט דאס מיטן מקור אין מדרז"ל פון וואנעט דער פירוש איז גענומען - זעט מען אז דער פירוש איז מלא שאלות וועלכע דארפן האבן א ביאור.

אין קאפיטל ו׳ אנהויבנדיק פון פסוק כו, שטעלט זיך רש"י אויף דעם כפל הלשון וואס מ׳זעט אין די פסוקים: אין פסוק כו שטייט "הוא אהרן ומשה", און דערנאך אין פסוק כז שטייט "הם המדברים אל פרעה", און דערנאך אין זעלבן פסוק שטייט נאכאמאל "הוא משה ואהרן" - וואס לכאו׳ איז דאס א כפל לשון.

איז רש"י מפרש דאס וואס ס׳שטייט "הוא אהרן ומשה" - וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דא דער פסוק מחדש, מ׳ווייסט דאך פון פריער אז דא רעדט זיך וועגן אהרן ומשה, האט דער פסוק געדארפט גלייך אנהויבן אז "אמר ה׳ להם" (צו די וועגן וועלכע ס׳רעדט זיך פריער), אדער זאגן "אהרן ומשה אשר אמר ה׳ להם גו׳", אן דעם ווארט "הוא" -

זאגט רש"י דעם פירוש בזה: "אלו שהוזכרו למעלה שילדה יוכבד לעמרם הוא אהרן ומשה אשר אמר ה׳", אז דער פירוש פון "הוא אהרן ומשה" איז - "אלו שהוזכרו למעלה כו׳" (די זעלבע וואס "הוזכרו למעלה").

דערנאך איז רש"י ממשיך אז דא שטייט "הוא אהרן ומשה", פריער אהרן און דערנאך משה, און דערנאך (אין דעם פסוק שלאח"ז) שטייט "הוא משה ואהרן", פריער משה און דערנאך

- אהרן -

---

123) ראה יב, כ. 124) ספרי עה"פ. ספרי ופרש"י עה"פ שופטים כ, ח.

אהרן - "יש מקומות שמקדים אהרן למשה ויש מקומות שמקדים משה לאהרן, לומר לך ששקולין כאחד".

דערנאך שטעלט זיך רש"י אויף "הם המדברים גו'", און טייטשט אפ: "הם שנצטוו הם שקיימו". און דערנאך שטעלט ער זיך אויף "הוא משה ואהרן", און זאגט: "הם בשליחותם ובצדקתם מתחלה ועד סוף".

כו. איז אין דערויף ניט פארשטאנדיק:

א) דער פירוש פון רש"י איז גענומען פון תוספתא אין סוף מסכת כריתות, און פון מדרש רבה אין אנהויב פון פ' בראשית[125], וואס דארטן שטייט "בכל מקום הוא מקדים משה לאהרן ובמקום אחד הוא אומר הוא אהרן ומשה, מלמד ששניהן שקולין זה כזה" - ניט ווי רש"י זאגט "יש <u>מקומות</u> שמקדים אהרן למשה". נאר "<u>במקום אחד</u> הוא אומר הוא אהרן ומשה".

וואס די קושיא אין דערויף איז - ס'איז דאך אן ענין של מציאות. איז ממנ"פ: אויב ס'איז דא מערניט ווי "מקום אחד" וואו ס'שטייט אהרן פאר משה, איז וואס זאגט רש"י "יש <u>מקומות</u> שמקדים אהרן למשה"; און אויב ס'זיינען דא "<u>מקומות</u> שמקדים אהרן למשה", איז פארוואס שטייט אין תוספתא און אין מדרש "<u>במקום אחד</u> הוא אומר אהרן ומשה"?!

ב) די קושיא (אז "יש מקומות שמקדים אהרן למשה ויש מקומות שמקדים משה לאהרן") ווערט דאך ערשט ווען מ'קומט צום צווייטן פסוק, וואס דארטן שטייט "הוא משה ואהרן" (וואס דארטן ווערט די קושיא אז פריער שטייט "הוא אהרן ומשה") - האט זיך רש"י געדארפט שטעלן אויף "הוא משה ואהרן". פארוואס באווארנט דאס רש"י גלייך ווען ס'שטייט "הוא אהרן ומשה"?

ג) נאכמער: ניט נאר אז רש"י באווארנט דאס גלייך אין דעם פסוק "הוא אהרן ומשה" (און ניט אין דעם פסוק "הוא משה ואהרן"), נאר ער באווארנט דאס ניט אין א באזונדער ד"ה, נאר בהמשך אחד דערמיט וואס ער זאגט פריער "אלו שהוזכרו למעלה שילדה יוכבד לעמרם הוא אהרן ומשה אשר אמר ה'", איז ער ממשיך "יש מקומות שמקדים כו'"?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

כז. ווען רש"י קומט צו פסוק כז, וואס דארטן שטייט "הם המדברים וגו'" - ווערט דא די זעלבע שאלה: ס'איז א כפל הלשון, מ'ווייסט דאך וועגן וועמען עס רעדט זיך? - זאגט רש"י: "הם שנצטוו הם שקיימו".

- ווערט -

---

125) ספ"א.



הנחת הת' בלתי מוגה

ווערט גלייך א שאלה בייס בן חמש למקרא: וואס איז דער חידוש אז משה ואהרן האבן געטאן דאס וואס דער אויבערשטער האט זיי געהייסן, יעדער פשוט'ער בו"ד, ווען דער אויבערשטער וועט אים הייסן עפעס טאן (ובפרט טאן אזא זאך ווי גיין און איבערגעבן דעם אויבערשטן'ס שליחות), וועט ער דאס זיכער מקיים זיין - איז וואס איז דער חידוש פון דעם פסוק "הם המדברים גו'", אז "הם שנצטוו הם שקיימו"?

דערנאך שטעלט זיך רש"י אויף דעם וואס ס'שטייט "הוא משה ואהרן" - וואס דא איז לכאו' ווייטער א כפל לשון? - זאגט רש"י: "הם בשליחותם ובצדקתם מתחלה ועד סוף".

וואס אין דערויף איז ניט פארשטאנדיק:

א) וויבאלד אז אין פסוק שטייט "הוא משה ואהרן", איז פארוואס איז רש"י משנה פון לשון הפסוק און זאגט "הם בשליחותם כו'"?

ב) נאך דערויף וואס דער בן חמש למקרא זעט אז רש"י זאגט "הם בשליחותם וכו'" - ווערט ביי אים א קושיא אויף לשון הפסוק "הוא משה ואהרן":

משה ואהרן זיינען דאך צוויי מענטשן (ווי רש"י זאגט טאקע "הם בשליחותם כו'"), איז פארוואס זאגט דער פסוק "הוא משה ואהרן"?

[די קושיא ווערט געפרעגט אין זהר[126] - מ'געפינט אבער ניט אז רש"י זאל באווארענען די קושיא, ואדרבה: רש"י אליין איז מדגיש "הם בשליחותם כו'"].

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

כח. בנוגע צו די הערות פון טאטן אויפן זהר פון היינטיקער סדרה - שטעלט ער זיך[127] אויף דעם וואס ער זאגט אין זהר[128] אז "כל מאן דאתגזר ירית ארעא כו' וכל מאן דאתגזר אקרי צדיק דכתיב[129] ועמך כולם צדיקים לעולם ירשו ארץ".

און ער איז מבאר אין דער הערה דאס וואס ער ברענגט דעם פסוק "לעולם ירשו ארץ", ירושה דוקא (אע"פ אז לגבי א"י שטייט אויך דער לשון "נתתי"[130], און ענין של מתנה), דערפאר וואס "ירושה אין לה הפסק[131], כי הרי זהו ע"י מילה וכילה מאחר שנימול אין לה הפסק כי א"י שיהי' עוד בלחי נימול

- ונשאר -

____________

126) ח"ב כו, ב. 127) בלקוטי לוי"צ לזח"ב ע' כו ואילך. 128) שם כג, א. 129) ישעי' ס, כא. 130) לך לך טו, יח. 131) ב"ב קכט, ב.



הנהה הת' בלתי מוגה

ונשאר זה בו לעולם בלי הפסק, לכן כמו"כ מה שנוטל הארץ הוא בירושה שאין לה הפסק".

און בדרך אגב איז ער מבאר נאכמאל[134] דאס וואס עס האט זיך גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות[135] בנוגע צו יוסף הצדיק, וואס ער ווערט אנגערופן "צדיק" מצד דעם ענין פון שמירה הברית[136] - אז דער חידוש וואס איז געווען בא יוסף איז, ניט נאר אז ער האט אפגעהיט דעם איסור וואס "אסור לאדם לשמש מטתו בשני רעבון"[137], נאר נאכמער: "וליוסף יולד שני בנים בטרם תבוא שנת הרעב"[138], ער האט באווארענט אז די "לידה" זאל אויך זיין "בטרם תבוא שנת הרעב", ווי גערעדט דעמולט בארוכה, און דא ברענגט ער אראפ דעם ענין נאכאמאל, מיט א תוספת ביאור בזה.

וכפי שיתבאר לקמן דער ענין פון מילה, וואס דא ווערט אויפגעטאן א דבר חדש. וכפי שיתבאר לקמן.

כט. כאן המקום מוסיף זיין ביאור אין דעם וואס עס האט זיך גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[135] בנוגע צו סדר ברכת הנהנין בהחלתו.

אין סדר ברכת הנהנין (ועד"ז אין לוח ברכת הנהנין) בתחלתו זאגט דער אלטער רבי: "מצות עשה מן התורה לברך אחר אכילת מזון שנאמר[139] ואכלת ושבעת וברכת את ה'".

דעם זעלבן דין שרייבט דער אלטער רבי אויך אין שו"ע שלו[140] - אבער מיט כמה שינויים:

דארטן שטייט: "מצות עשה מן התורה לברך את ה' אחר אכילה מזון שנאמר ואכלת ושבעת וברכת את ה' וגו'" - ער איז מוסיף "לברך את ה'" (ניט "לברך" סתם), און ער איז אויך מוסיף "וגו'".

די קושיא ווערט נאך שטארקער ווען מ'פארגלייכט דאס מיטן לשון הרמב"ם:

דער רמב"ם[140] זאגט: "מצות עשה מן התורה לברך אחר אכילה מזון שנאמר ואכלת ושבעת וברכת את ה' אלקיך".

וכמרובר כמ"פ אז דער אלטער רבי האט געשריבן דעם שו"ע שלו בסגנון הרמב"ם (נאר בתוספת טעמי ההלכות וכו') - און

- אעפ"כ -

------------

132) שם ע' מח. 133) שיחת מוצאי ש"פ מקץ סל"ד. סס"ה. 134) זח"א נט, ריש ע"ב. ועוד. 135) תענית יא, א. פרש"י עה"פ מקץ מא, ב. 136) מקץ שם. 137) דאור ליום ג', כ"ד טבת. 138) עקב ח, י. 139) או"ח ר"ס קסז. 140) ריש הל' ברכות.



הנחה הת' בלתי מוגה

אעפ"כ, אין סדר ברכת הנהנין שרייבט ער דעם לשון הרמב"ם, "מצות עשה לברך אחר אכילת מזון", און אין שו"ע איז ער משנה פון לשון הרמב"ם און איז מוסיף "לברך את ה׳".

דערנאך איז דא דער שינוי צווישן דעם לשון הרמב"ם מיטן לשון פון דעם אלטן רבי׳ן (סיי אין שו"ע און סיי אין סדר ברכת הנהנין) - אז דער רמב"ם ברענגט פון דעם פסוק "ואכלת ושבעת וברכת את ה׳ אלקיך", און דער אלטער רבי ברענגט נאר "ואכלת ושבעת וברכת את ה׳" (און "אלקיך" ברענגט ער ניט).

און דער גרעסטער פלא איז - אז אין סדר ברכה הנהנין ברענגט ער דעם פסוק "ואכלת ושבעת וברכת את ה׳", און שרייבט ניט קיין "וגו׳" (ניט ווי אין שו"ע, וואס דארטן שרייבט ער "וגו׳").

די קושיא (וואס אין סדר ברכת הנהנין שרייבט ער ניט קיין "וגו׳") איז נאך שטארקער:

אין סדר ברכת הנהנין איז דער אלטער רבי ממשיך: "ומד"ס לברך לפני כל אכילה ושתי׳, וכל הנהנה מן העוה"ז בלא ברכה כאילו נהנה מקדשי שמים, שנאמר[141] לה׳ הארץ ומלאה וגו׳" - זעט מען דאך דערפון אז ווען ער ברענגט ניט דעם סיום הפסוק, שרייבט ער "וגו׳", איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט ער דעם פסוק "ואכלת ושבעת וברכת את ה׳" אן "וגו׳"?

אין דערויף איז דא נאך א דיוק:

אין שו"ע, ברענגט ער דעם פסוק "ואכלת ושבעת וברכה את ה׳" און שרייבט דערביי "וגו׳", און ווען ער ברענגט דעם פסוק "לה׳ הארץ ומלואה", שרייבט ער ניט קיין "וגו׳" - און אין סדר ברכת הנהנין איז להיפך: אין דעם פסוק "ואכלת ושבעת וברכת את ה׳" שרייבט ער ניט קיין "וגו׳", און אין דעם פסוק "לה׳ הארץ ומלואה" שרייבט ער יע "וגו׳".

מיט נאך כמה שינויים - וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

ל. איז דער ביאור בזה:

דער חילוק צווישן דעם שו"ע מיט סדר (אדער לוח) ברכת הנהנין איז - אז דער שו"ע איז ענינו "פסקי דינים", משא"כ סדר ברכת הנהנין, וואס וויבאלד אז ס׳איז ארייגעשטעלט געווארן אין סידור, איז פארשטאנדיק, אז ענינו איז אז דארטן רעדט זיך וועגן ענינים פון הנהגות, ווי מ׳דארף זיך נוהג זיין.

- וואס -

---

141) תהלים כד, א.

רבי אין שו"ע "מצות עשה מן התורה לברך את ה׳ אחר אכילת מזון כו׳":

ווען אין שו"ע וואלט געשטאנען "מצות עשה מן התורה לברך אחר אכילת מזון, שנאמר ואכלת ושבעה וברכת את ה׳ וגו׳", וואלט מען געקענט מיינען אז וויבאלד ס׳שטייט "וברכת את ה׳", קומט דאס "לרבות בעה"ב", און די "מצות עשה מן התורה לברך" גייט אויך אויף דער ברכה וואס מ׳דארף בענטשן דעם בעה"ב;

און דערפאר באווארענט ער אין שו"ע "מצות עשה מן התורה לברך את ה׳ שנאמר כו׳", אז אע"פ אז אין פסוק שטייט טאקע "וברכת את ה׳", איז אבער די "מצוה עשה מן התורה לברך את ה׳" - נאר דעם אויבערשטן, און ניט דעם בעה"ב.

אבער אין סדר ברכת הנהנין, איז וויבאלד אז דארטן איז ניט אזוי נוגע דער דיוק אז מ׳זאל דערפון ניט אפלערנען קיין דין וואס איז ניט אויסגעהאלטן (ווארום דארטן רעדט זיך וועגן דעם אופן ווי עס דארף זיין די הנהגה, כנ"ל ס"ל) - קען שטיין "מצות עשה לברך (סתם) אחר אכילה מזון שנאמר כו׳".

ובפשטות - ווען מען ניט א טעות האבן און מיינען אז די מצוה איז אויך בענטשן דעם בעה"ב. ווארום וויבאלד אז ס׳שטייט אין פסוק "וברכת את ה׳", איז אזוי ווי אין דעם גאנצן סידור מיינט מען דאס דעם אויבערשטן, איז אזוי אויך רא, אז "וברכת את ה׳" מיינט בענטשן דעם אויבערשטן.

לב. עס איז דא נאך א חילוק צווישן סדר ברכת הנהנין מיטן שו"ע (וואס דערפאר איז אין שו"ע נוגע די באווארעניש אז די מצוה איז "לברך את ה׳", משא"כ אין סדר ברכת הנהנין, וואס דארטן קען שטיין "לברך" סתם):

אין סדר ברכת הנהנין ווערט אינגאנצן ניט דערמאנט אז מ׳דארף בענטשן דעם בעה"ב, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי׳ אויב מ׳וועט א טעות האבן און מיינען אז וויבאלד ס׳שטייט "וברכת את ה׳", קומט דאס "לרבות בעה"ב" - איז ווען ער וועט קוקן אין סידור, און וועט קוקן אין גאנצן סדר ברכה הנהנין, וועט ער ניט געפינען קיין ברכה וואס אן אורח דארף בענטשן דעם בעה"ב.

און ווי אחרונים[150] שטעלן זיך טאקע אויף דעם וואס מ׳האט משנה געווען דעם נוסח הברכה פון דעם אורח צום בעה"ב (און מ׳איז יוצא דערמיט וואס מ׳זאגט "הרחמן הוא יברך את

- אבי -

------------

150) דברי חמודות לרא"ש ברכות פ"ז סי"א אות כג.

וואס בשעה אז ס'רעדט זיך וועגן פסקי דינים, דארף מען באווארענען אז אלץ זאל זיין בדיוק, כדי אז דערפון זאל ניט ארויסקומען קיין פס"ד שאינו מהאים בנוגע צו אן אנדער ענין: ווען עס רעדט זיך אבער וועגן אן ארט וואו ס'שטייט א הנהגה ווי מ'דארף זיך נוהג זיין, איז ניט אזוי שטארק נוגע דער דיוק הלשון, צו באווארענען אז אפשר וועט מען מדייק זיין פון דעם לשון א דין (בנוגע צו אן אנדער ענין) וואס איז ניט ארויסגעהאלטן, ווארום דא רעדט זיך וועגן דער הנהגה ווי ער דארף זיך פירן, און דא איז ניט נוגע די דיוקים בנוגע צו אן אנדער ענין.

עס דארף טאקע זיין א ספר מוגה[142], און ס'דארף זיין אין אן אופן פון "לשון חכמים מרפא"[143], אז דערפון זאל ניט ארויס-קומען קיין מכשול (עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן א געדרוקטער לשון) - אבער אעפ"כ, ס'איז ניט נוגע אז ס'זאל זיין מדויק בהכליה הדיוק, ווארום סוכ"ס איז דאס ניט קיין ענין פון פסקי דינים, נאר אן ענין של הנהגה, ווי ער דארף זיך נוהג זיין אין דעם ענין.

לא. עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס אין סדר ברכת הנהנין שטייט "מצוה עשה מן התורה לברך אחר אכילה מזון כו'", און אין שו"ע שטייט "מצוה עשה מן התורה לברך <u>את ה'</u> אחר אכילת מזון כו'":

עס ווערט געברענגט אין גמרא בכ"מ[144] אז דער ווארט "את" קומט עפעס מרבה זיין, ע"ד ווי מ'לערנט אפ פון "את ה' אלקיך תירא"[145] - "לרבות תלמידי חכמים"[146]. וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס ס'שטייט "ואכלת ושבעת וברכת <u>את</u> ה'". איז עס א ריבוי.

און ווי ער ברענגט אין אבודרהם[147] אז "האורח מברך הכזון כדי שיברך לבעל הביה. וכתב הירחי שיש סמך לדבר מש"ש ואכלת ושבעת וברכת <u>את</u> לרבות בעה"ב".

[אין גמרא[148] ברענגט זיך אראפ א גאנצער לשון וואס דער אורח דארף בענטשן דעם בעה"ב, און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בשו"ע שלו[149] - זאגט דער אבודרהם, אז דערפון וואס ס'שטייט "וברכת <u>את</u> ה'", לערנט מען אפ "לרבות בעה"ב"].

עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס שרייבט דער אלטער

- רבי -

---

142) ראה כתובות יט, ב. 143) משלי יב, יח.
144) פסחים כב, ב. ועוד. 145) ואתחנן ו, יג. 146) פסחים שם. ועוד. 147) דיני ברכה הכזון ד"ה ואכרו. 148) ברכות כו, א. 149) או"ה סר"א ס"ד.

אבי מורי בעל הבית הזה" און "בעלת הבית הזה") - אע"פ אז דער נוסח שטייט אין גמרא, און עס ווערט אראפגעבראכט אין פוסקים[151], ביז אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע.

משא"כ אבער אין שו"ע, וואס דארטן שטייט דער נוסח הברכה פון דעם אורח צום בעה"ב, איז אויב עס וואלט געשטאנען "מצות עשה מן התורה לברך" סתם, וואלט מען געקענט מיינען אז דאס גייט אויך אויף דער ברכה פון דעם אורח צום בעה"ב, אז דאס ווערט אויך נכלל אין דער "מצות עשה מן התורה לברך" (ווארום עס שטייט דאך "וברכת את ה'" - "לרבות בעה"ב") - מוז דער אלטער רבי באווארענען אז די "מצות עשה מן התורה (איז) לברך את ה'", און ניט דעם בעה"ב.

לג. עפ"ז דארף מען האבן א ביאור אין רמב"ם:

ענינו פון דעם רמב"ם איז דאך אויך פסקי דינים, איז פארוואס זאגט ער "מצות עשה מן התורה לברך אחר אכילת מזון", און באווארנט ניט אז די מצוה איז "לברך את ה'"?

איז דער ביאור בזה:

פאר יעדער הלכה אין רמב"ם, איז דא א קעפל וואס דארטן שטייט וואס איז די מצוה וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דער הלכה - וואס די קעפל האט אויך געשריבן דער רמב"ם אליין.

און אין דער קעפל וואס איז פאר הלכות ברכות, שרייבט דער רמב"ם: "מצות עשה אחת, והיא לברך את השם הגדול והקדוש אחר אכילה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דער הלכה אליין, דארף דער רמב"ם ניט באווארענען אז די מצוה איז "לברך את ה'", וויבאלד אז ער האט דאס שוין באווארנט אין דער קעפל וואס זי איז דער יסוד פון דער גאנצער הלכה.

לד. דער ביאור אין דעם וואס אין סדר ברכת הנהנין ברענגט דער אלטער רבי דעם פסוק "ואכלת ושבעת וברכת את ה'", און ער שרייבט ניט קיין "וגו'" - אע"פ אז ווען ער ברענגט דערנאך דעם פסוק "לה' הארץ ומלואה", שרייבט ער יע "וגו'":

ווען דער אלטער רבי זאגט אז "כל הנהנה מן העוה"ז בלא ברכה כאילו נהנה מקדשי שמים, שנאמר לה' הארץ ומלואה וגו'", איז ער דערמיט אויסן צו זאגן אז דער המשך הפסוק, "תבל ויושבי בה", איז אויך נוגע צום איסור וואס מ'טאר ניט הנאה האבן פון עוה"ז אן א ברכה -

- ווארום -

------------

151) רמב"ם הל' ברכות פ"ב ה"ז. טושו"ע או"ה סר"א ס"א.

ווארום דער איסור וואס מ'טאר ניט הנאה האבן פון עוה"ז אן א ברכה, איז אויך ווען ער באקומט די זאך פון א צווייטן מענטשן - וואס דאס לערנט מען אפ פון המשך הפסוק - "הבל ויושבי בה", אז אויך ווען ער האט הנאה פון "הבל", אדער ער האט הנאה פון א צווייטן מענטשן ("יושבי בה"), טאר ער ניט הנאה האבן דערפון אן א ברכה, ווארום דאס געהערט צום אויבערשטן, און דערפאר שרייבט ער "וגו'".

אבער אין דעם פסוק "ואכלת ושבעת וברכת את ה'", שרייבט ער ניט קיין "וגו'" - ווארום דער המשך הפסוק, "אלקיך", איז ניט נוגע אהערצו. והביאור בזה:

פון דעם המשך הכתוב "(וברכת את ה') אלקיך", לערנט מען אפ אין תוספתא[152] אז "כשם שאתה מברך על הטובה כך אתה מברך על הרעה", ווארום ס'שטייט "אלקיך", וואס דאס מיינט "דיינך בכל דין שדנך בין במדת הטוב בין במדת הפורענות" (ווארום "ה'" איז דער ענין פון מדת הרחמים, און "אלקיך" איז דער ענין פון מדת הדין).

און דערפאר שרייבט ניט דער אלטער רבי דעם ווארט "אלקיך", און ער איז דאס אפי' ניט מרמז מיט קיין "וגו'" - ווארום אע"פ אז ס'איז טאקע דא א דין אז מ'דארף מאכן א ברכה אויך "על הרעה" (ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין סדר ברכת הנהנין[153]), און אין תוספתא לערנט מען דאס אפ דערפון וואס ס'שטייט "(וברכת את ה') אלקיך" - האט דאס אבער קיין שייכות ניט צום חיוב "לברך אחר אכילה מזון":

דאס וואס "מברך על הרעה" (וואס מ'לערנט אפ פון "אלקיך"), האט ניט קיין שייכות צום חיוב "לברך אחר אכילת מזון", און ניט נאר אז דאס האט ניט קיין שייכות דערצו (ס'איז אן ענין נוסף - ס'איז אבער קיין סתירה ניט ווען מ'איז מרמז אויף דעם ענין מיט א "וגו'"), נאר אדרבה: דאס איז גאר אן ענין הפכי -

ווארום דער חיוב הברכה "לברך אחר אכילת מזון", איז א ברכה "על הטובה" * - אויף דערויף וואס ער האט הנאה געהאט פון דעם מזון און ווי מ'לערנט אפ דערפון[154] "אם כשהוא שבע מברך כשהוא רעב לא כ"ש" - אז ס'איז דא א חיוב "לברך לפני כל אכילה ושתי'", איידער ער גייט הנאה האבן, און ווי ער

- איז -

---

*) ועוד: שהיא ממין אחר דברכות שנמנו - ראה רמב"ם הל' ברכות פ"א ה"ד.

---

152) ברכות פ"ו ה"ג. 153) פי"ב ס"ח. 154) שו"ע אדה"ז שם.

איז ממשיך "וכל הנהנה מעוה"ז כו׳"] - און די ברכה "על הרעה" איז אן ענין הפכי דערפון.

[דער איינציקער ענין אין וועלכן די ברכה "על הרעה" גלייכט זיך אויס מיט דער ברכה "על הטובה" איז - אז עס דארף זיין "לקבולינהו בשמחה"[155], עס איז אבער אן אנדער נוסח פון ברכה, דערפאר וואס דאס איז אן אנדער עבודה].

און דערפאר שרייבט ניט דער אלטער רבי קיין "וגו׳" - וויבאלד אז אין תוספתא לערנט מען אפ פון "אלקיך" אז "מברך על הרעה", און דאס איז אן ענין הפכי פון דעם חיוב "לברך אחר אכילת מזון", וואס דאס איז א ברכה "על הטובה".

לה. דערפון זעט מען אויך אז דער סדר ברכת הנהנין גלייכט זיך אויס מיטן שו"ע, אז אזוי ווי אין שו"ע ברענגט דער אלטער רבי אויך סעפי ההלכות [ווי בני הגאון המחבר שרייבן אין זייער הקדמה צום שו"ע - וואס דאס איז דער אויפטו פון דעם אלטן רבי׳נס שו"ע אויפן שו"ע פון דעם ב"י], אזוי ברענגט ער אויך סעפי ההלכות אין סדר ברכת הנהנין.

וואס דאס איז אויך דער ביאור אויף דעם וואס דער אלטער רבי זאגט "מצוה עשה לברך אחר אכילה מזון, שנאמר ואכלת ושבעת וברכת את ה׳" - וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: דער אלטער רבי ברענגט דאך ניט די מקורות פון וואנעט מ׳לערנט אפ יעדער ענין, איז פארוואס ברענגט ער דעם פסוק "ואכלת ושבעת וברכת את ה׳"?

[לכאו׳ וואלט מען געקענט זאגן, אז מצד די חביבות פון סגנון לשון הרמב"ם, וויל ער ניט משנה זיין פון לשון הרמב"ם, און דערפאר ברענגט ער דעם פסוק - עס איז אבער שווער צו זאגן אזוי, ווי גערעדט פריער אז אין דעם ענין איז דער אלטער רבי משנה פון לשון הרמב"ם].

איז דער ביאור בזה: דערמיט באווארענט דער אלטער רבי דעם טעם החיוב "לברך אחר אכילת מזון" - "שנאמר ואכלת ושבעת וברכת את ה׳", ד.ה. וויבאלד ס׳איז געווען "ואכלת ושבעת", ער האט הנאה געהאט פון דעם מזון, דערפאר דארף זיין "וברכת את ה׳".

און דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס ער איז ממשיך "ומד"ס לברך לפני כל אכילה ושתי׳, וכל הנהנה מן העוה"ז בלא ברכה כאילו נהנה מקדשי שמים, שנאמר לה׳ הארץ ומלאה וגו׳" - אז וויבאלד "לה׳ הארץ ומלואה", און ער האט הנאה

- געהאט -

------------

155) ברכות ס, ב.

געהאט דערפון, דארף ער אפדאנקען דעם אויבערשטן, "וברכת את ה׳".

און עפ"ז ווערן פארענטפערט נאך כמה דיוקים.

לו. דער ביאור אין פרש"י:

דער דיוק אויף וועלכן רש"י שטעלט זיך אין פשש"מ איז - ניט דער לשון "הוא משה ואהרן" (ווארום ע"פ דרך הפשט איז ניטא קיין נפק"מ צי ס׳שטייט "הוא אהרן ומשה", אדער אז ס׳שטייט אין אן אנדער לשון), נאר דער כפל הענין וואס עס חזר׳ט זיך איבער נאכאמאל "אהרן ומשה" (אע"פ אז מ׳ווייסט שוין פון פריער אז עס רעדט זיך וועגן "אהרן ומשה").

[וואס דאס איז דער חילוק צווישן דרך הפשט מיט דרך הדרוש - אז אין דרך הדרוש איז דער דיוק אויפן לשון "הוא אהרן ומשה", משא"כ אין דרך הפשט איז דער דיוק (ניט אויפן לשון "הוא אהרן ומשה", נאר) אויף דעם וואס עס חזר׳ט זיך איבער נאכאמאל "אהרן ומשה"].

און אויף דערויף זאגט רש"י "אלו שהוזכרו למעלה שילדה יוכבד לעמרם הוא אהרן ומשה אשר אמר ה׳" - וואס דערמיט איז רש"י מבאר פארוואס חזר׳ט מען איבער נאכאמאל "הוא אהרן ומשה":

דאס וואס דער פסוק זאגט "הוא אהרן ומשה", איז ניט כדי אז מ׳זאל וויסן אז דאס זיינען "אלו שהוזכרו למעלה" (ניט קיין אנדערע "אהרן ומשה" - ווארום עס איז קיינמאל ניט דער-מאנט געווארן קיין אנדערע "אהרן ומשה"), נאר אויף צו מדגיש זיין "אלו האמודים למעלה שילדה יוכבד לעמרם", וואס מצד דער מעלה (אז זיי זיינען געווען די וואס "ילדה יוכבד לעמרם"), האבן זיי זוכה געווען צום "אשר אמר ה׳ להם הוציאו את בנ"י מארץ מצרים".

והביאור בזה:

רש"י האט שוין געזאגט פריער[156] אז "יוכבד" איז געווען איינע פון די "מילדות העבריות" ("שם האחת שפרה - זו יוכבד"), וואס זיי האבן זיך מוסר נפש געווען אויף דעם ענין פון "ותחיין את הילדים"[157], וואס דערפאר זיינען זיי ניט נתפעל געווארן פאר גזירת פרעה, און זיי זיינען ניט נתפעל געווארן דערפון וואס פרעה האט זיי געזאגט "מדוע עשיתן את הדבר הזה ותחיין את הילדים"[158].

ועד"ז בנוגע צו עמרם - האט מען געלערנט פריער[159] אז

- "ויקח" -

---

156) עה"פ שמות א, טו. 157) שמות שם, יז. 158) שם, יח. 159) שם ב, א.

"ויקח את בת לוי", נאך דערויף וואס ער האט חרטה געהאט דערפון וואס "הי' פרוש ממנה מפני גזירת פרעה", און "החזירה ועשה בה לקוחין שניים"[160], וואס דערפון איז פארשטאנ-דיק אז עמרם האט געהאלפן מבטל זיין גזירת פרעה.

און וויבאלד אז אהרן און משה זיינען געווען די וואס "ילדה יוכבד לעמרם", וואס יוכבד און עמרם האבן געהאט דעם ענין המס"נ וכיו"ב - דערפאר האבן זיי זוכה געווען אז דער אויבערשטער האט זיי אויסגעקליבן זיי זאלן ארויסנעמען די אידן פון מצרים.

לז. דערנאך איז רש"י ממשיך: "יש מקומות שמקדים אהרן למשה ויש מקומות שמקדים משה לאהרן, לומר ששקולין כאחד" - וואס דערמיט ווערט אויך פארענטפערט פארוואס הזר'ט איבער דער פסוק נאכאמאל "הוא משה ואהרן" - "לומר לך ששקולין כאחד" (דורך דערויף וואס דא איז דער פסוק מקדים אהרן פאר משה).

און דערמיט באווארענט רש"י אויך דעם טעם השינוי וואס דא שטייט "אהרן ומשה" (אהרן פאר משה) - "לומר לך ששקולין כאחד".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס שטעלט זיך רש"י אויף "הוא אהרן ומשה" (אין פסוק כו), און ער ווארט ניט ביז מ'וועט לערנען אז ס'שטייט "הוא משה ואהרן" (אין פסוק כז) - ווארום רש"י קומט פארענטפערן דעם כפל הענין, דאס וואס דער פסוק חזר'ט איבער נאכאמאל "אהרן ומשה" (אע"פ אז מ'ווייסט שוין פון פריער אז עס רעדט זיך וועגן "אהרן ומשה"), און במילא ווערט אויך פארענטפערט דער טעם השינוי וואס דא איז דער פסוק מקדים "אהרן ומשה".

לח. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין פארוואס זאגט רש"י "יש מקומות שמקדים אהרן למשה", אע"פ אז אין מדרש שטייט "במקום אחר הוא אומר הוא אהרן ומשה":

מ'האט דערמאנט פריער (סל"ו) אז ס'איז דא א חילוק צווישן דרך הפשט מיט דרך הדרוש - אז אין דרך הדרוש איז דער דיוק אויף דעם וואס ס'שטייט "הוא אהרן ומשה" (דער לשון "הוא"), און אין דרך הפשט איז דער דיוק (ניט אויפן "הוא", נאר) אויף דעם כפל הענין וואס ס'שטייט נאכאמאל "אהרן ומשה".

און דערפאר שטייט אין מדרש "במקום אחד הוא אומר הוא אהרן ומשה", ווארום אין דרך הדרוש איז דער דיוק אויפן

- ווארט -

------------

160) פרש"י עה"פ.

ווארט "הוא אהרן ומשה", און דער לשון "הוא אהרן ומשה", שטייט טאקע מערניט ווי "במקום אחד"; משא"כ אין פרש"י, וואס לויט דרך הפשט איז דער דיוק אויף כללות הענין וואס ס'שטייט "אהרן ומשה" (ניט אויף דעם וואס ס'שטייט "הוא אהרן ומשה"), זאגט רש"י "יש מקומות שמקדים אהרן למשה", ווארום ס'זיינען טאקע דא כמה מקומות וואו ס'שטייט אהרן פאר משה (אן דעם ווארט "הוא"); ס'שטייט[161] "ותלד לו את אהרן ואת משה", און ס'שטייט[162] "ואלה תולדות אהרן ומשה".

לט. עפ"ז וועט ווערן פארענטפערט נאך א קלאץ-קשיא:

אין מדרש (ועד"ז אין תוספתא) שטעלט ער זיך אויפן פסוק[163] "ביום עשות ה' אלקים ארץ ושמים", אז "בכל מקום הוא מקדים בריאת שמים לארץ, ובמקום אחד הוא אומר ביום עשות ה' אלקים ארץ ושמים, מגיד ששניהם שקולין זה כזה".

ועד"ז שטעלט ער זיך דארטן אויפן פסוק[164] "איש אמו ואביו תיראו", אז "בכל מקום הוא מקדים אב לאם, ובמקום אחד הוא אומר איש אמו ואביו תיראו, מגיד ששניהם שקולין זה כזה".

וועט מ'גיט אבער א קוק אין פרש"י, זעט מען אז רש"י שטעלט זיך אינגאנצן ניט אויפן פסוק "ביום עשות ה' אלקים ארץ ושמים".

איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז בפרשהנו ברענגט רש"י פון מדרש (און פון תוספתא) דעם לימוד אז "שקולין כאחד", איז דערפון פארשטאנדיק אז דאס (וואס "יש מקומות שמקדים אהרן למשה ויש מקומות שמקדים משה לאהרן") איז א קושיא אין פשש"מ - האט זיך רש"י געדארפט שטעלן אויך אויפן פסוק "ביום עשות ה' אלקים ארץ ושמים", און מבאר זיין פארוואס "בכל מקום הוא מקדים בריאת שמים לארץ, ובמקום אחד הוא אומר ביום עשות ה' אלקים ארץ ושמים"?

ועד"ז וועט מ'קוקט אין פרש"י אויפן פסוק "איש אמו ואביו תיראו", זעט מען אז רש"י ברענגט ניט אראפ דאס וואס ס'שטייט אין מדרש "מגיד ששניהן שקולין זה כזה", נאר ער זאגט "כאן הקדים אם לאב לפי שגלוי לפניו שהבן ירא את אביו יותר מאמו, ובכבוד הקדים אב לאם לפי שגלוי לפניו שהבן מכבד את אמו יותר מאביו".

ועד"ז איז די שאלה בנוגע צו די אנדערע דוגמאות וואס שטייען אין מדרש, בנוגע צו כבשים ועזים וכו', אז "שקולין זה כזה", און רש"י ברענגט דאס ניט אראפ בפירושו.

- וכפי -

---

161) פרשתנו ו, כ. 162) במדבר ג, א. 163) בראשית ב, ד. 164) קדושים יט, ג.

וכפי שיתבאר לקמן.

מ. נאך דערויף וואס מ'זעט דאס וואס רש"י זאגט אויפן פסוק "איש אמו ואביו תיראו" - ווערט א קלאץ-קשיא אין די פסוקים שבפרשתנו:

לויט דעם וואס רש"י זאגט אז בנוגע צו מורא "הקדים אם לאב לפי שגלוי לפני שהבן ירא את אביו יותר מאמו", און "בכבוד הקדים אב לאם לפי שגלוי לפניו שהבן מכבד את אמו יותר מאביו", ד.ה. אז אין יעדער ענין איז מען מקדים דאס וואס איז מער עיקר (בא מורא - אם פריער, און בא כבוד - אב פריער) - האט דער סדר אין די פסוקים שבפרשתנו געדארפט זיין פארקערט:

אין דעם ערשטן פסוק, וואו עס שטייט "אשר אמר ה' להם הוציאו את בנ"י מארץ מצרים", האט געדארפט שטיין "הוא משה ואהרן", און אין דעם צווייטן פסוק, וואו עס שטייט "הם המדברים אל פרעה מלך מצרים", האט געדארפט שטיין "הוא אהרן ומשה" - ווארום:

דער בן חמש למקרא ווייסט אז בנוגע צו דעם ענין פון יצי"מ, איז משה רבינו געווען דער עיקר, משה רבינו איז געווען "גואלן של ישראל", ער איז געווען דער וואס האט ארויסגענומען אידן פון מצרים; און בנוגע צו רעדן מיט פרעה, איז אהרן געווען דער עיקר, ווארום משה רבינו איז געווען "כבד פה וכבד לשון"[165], וואס דערפאר האט אים דער אויבערשטער געזאגט אז אהרן "יהי' לך לפה"[166],

איז לכאו', ווען עס רעדט זיך וועגן "הוציאו את בנ"י מארץ מצרים", דארף שטיין "הוא משה ואהרן", ווארום אין דעם ענין פון יצי"מ איז משה געווען דער עיקר; און ווען עס רעדט זיך וועגן "המדברים אל פרעה", דארף שטיין "הוא אהרן ומשה", ווארום בנוגע צו דעם ענין פון דיבור מיט פרעה, איז אהרן געווען דער עיקר.

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס בא "הוציאו את בנ"י מארץ מצרים" שטייט "הוא אהרן ומשה", און בא "המדברים אל פרעה" שטייט "הוא משה ואהרן"?

וכפי שיתבאר לקמן.

מא. בנוגע צו די הערות אויפן זהר - זעט מען דא אן ענין נפלא:

- ער -

------------

165) שמות ד, י. 166) שם, טז.

ער זאגט אין זהר אז "כל מאן דאתגזר ירית ארעא וכל מאן דאתגזר אקרי צדיק דכתיב ועמך כולם צדיקים לעולם ירשו ארץ" - און ווי ער איז מבאר אין דער הערה, אז אזוי ווי דער ענין פון מילה איז "נשאר זה בו לעולם בלי הפסק", איז אזוי אויך דאס וואס ער איז "נוטל הארץ" איז אין אן אופן פון "ירושה שאין לה הפסק" (וואס בנוגע צו דעם ענין פון ירושת הארץ - טומל'ט מען ראך לאחרונה די גאנצע צייט).

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען מען זאגן "ועמך כולם צדיקים" - עס זיינען דאך דא אזוינע וואס זיינען במדריגת הבינוני, און ווי ער זאגט אין תניא[167] אז "מדת הבינוני היא מדת כל אדם", און ס'איז ידוע דער פתגם פון חסידים[168] "הלואי א בינוני", ווארום ידע איניש בנפשי' אז ס'איז דא אכאל וואס מ'פאלט דורך אין מעשה, עכ"פ אין דיבור, אדער עכ"פ אין מחשבה, ובפרט נאך לויט ווי די גמרא[169] רעכנט אויס וועגן רוב וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה - איז ווי קען מען זאגן "ועמך כולם צדיקים"?

אויף דערויף זאגט ער אין זהר אז "כל כאן דאתגזר אקרי צדיק" - וואס בנוגע צו דעם ענין פון שמירת הברית, זיינען דא דריי דרגות (ווי ער איז מבאר אין דער הערה) - איז בנוגע צו דער ערשטער דרגא פון שמירת הברית, וואס די איז דער עיקר - דער קיום מצות מילה כפשוטה - איז דאס אן ענין אין וועלכן אלע אידן זיינען נזהר, און אויף דערויף זאגט מען "ועמך כולם צדיקים".

און ווי די גמרא[170] זאגט אז דער וואס איז נודר מערלים איז ער "מותר בערלי ישראל", ווארום ס'איז ניטא קיין מציאות פון א ישראל וואס איז אן "ערל", אויב ער איז א "ישראל", איז ער א גע'מל'טער, ס'איז מערניט וואס ס'איז דא אזא וואס דארף ערשט אראפנעמען די ערלה, אבער וואס הייסט זאגן אויף א "ישראל" אז ער איז אן "ערל"!

וואס דאס רעדט זיך וועגן "לשון בני אדם"[171] - איז בשעת מ'גייט ארויס אין גאס און מ'זאגט אויף איינעם אז ער איז א איד, איז ער זיכער א גע'מל'טער, ווארום ווי קען זיין אנדערש!

מב. און ווי מ'זעט בפועל בנוגע צו די אידן וואס קומען מאחורי מסך הברזל - וואס דארטן איז דער ענין פון מצות מילה פארבונדן מיט מס"נ,

- ווארום -

------------

167) רפי"ד. 168) ראה ד"ה ואלה המשפטים דמוצאי ש"פ משפטים תשל"ת ס"ה. 169) ב"ב קטה, רע"א. 170) נדרים לא, ב. 171) ראה שם ל, סע"ב.

ווארום דער ענין פון מצות מילה איז דאך אן ענין וואס מ׳קען ניט אויסבאהאלטן (ווי ער זאגט אין דער הערה אז "א"א שיהי׳ עוד בלתי נימול ונשאר זה בו לעולם"), איז ווען א אידישער אינגל שפילט זיך אדער באדט זיך מיט אן איננו יהודי, און יענער דערזעט אז ער איז א גע׳מל׳טער, דערציילט ער דאס דעם צווייטן, במילא ווייסט מען אז דאס איז אייגער וואס האט גע׳מל׳ט זיין זון - און דעמולט ווארפט מען אים ארויס פון זיין שטעלע!

און ס׳איז ניט דער טייטש אז ווען ער האט ניט קיין שטעלע במקום אחד, גייט ער אוועק למקום שני, ווארום במדינה ההיא זיינען אלע שטעלע׳ס פארבונדן מיט דער ממשלה - איז דאך פארשטאנדיק אז דער ענין פון קיום מצות מילה איז פארבונדן מיט מס"נ.

ועאכו"כ אז עס רעדט זיך וועגן א דור "אשר לא ידע את יוסף" - אפי׳ ווען זיי וואלטן געוואלט, האבן זיי ניט געהאט קיין מעגליכקייט צו לערנען אפי׳ דעם אל"ף-בי"ת פון אידישקייט,

עס זיינען געווען געציילטע ערטער, געציילטע שטעט, וואו מ׳האט געקענט זוכן און געפינען אידן וואס האבן זיך מוסר נפש געווען און האבן געלערנט תורה און מקיים געווען מצוות און מפיץ געווען יהדות, און געגעבן די קינדער א אידישן חינוך; אבער אין אלע אנדערע שטעט (חוץ פון די געציילטע שטעט), איז ניט געווען קיין מציאות אז איימיצער זאל דערציילן זיינע קינדער וועגן אידישקייט.

און ניט נאר אז דער קינד האט ניט געוואוסט וועגן אידישקייט, נאר אפי׳ זיין פאטער האט ניט געוואוסט וועגן אידישקייט, און ניט דערפאר וואס ער האט ניט געוואלט וויסן וועגן אידישקייט, נאר דערפאר וואס אין דער גאנצער שטאט איז ניט געווען קיין "חדר" וואו מ׳האט געקענט לערנען וועגן אידישקייט, ווארום ס׳איז שוין געווען נאך דערויף וואס עס האבן זיך אנגעהויבן די רדיפות אויף דת, אין שנת תרע"ז (1917) - וואס דעמולט איז חוץ פון די שטעט וואוהין דער "יוסף" של דורנו האט געשיקט זיינע שלוחים, איז ניט געווען קיין ידיעה אפי׳ וועגן דעם אל"ף-בי"ת פון אידישקייט.

און אעפ"כ, נאך דערויף וואס ס׳זיינען דורכגעגאנגען צוויי דורות אין א מעמד ומצב פון "אשר לא ידע את יוסף", זיי זיינען אויסגעוואקסן אין א מעמד ומצב וואס מ׳האט זיי ניט צוגעלאזט זיי זאלן האבן א ידיעה וועגן אידישקייט - איז ווען עס קומט דער דור שלישי, איז גלייך ווי ער האט די מעגליכקייט, ער קומט אן אין אן ארט וואו ער קען זיך מל זיין, איז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס ער איז שוין צוויי

- צי -

צי דריי מאל י"ג שנה (וואס ישמעאל האט זיך בארימט אז ער האט זיך געלאזט מל זיין צו י"ג שנה[172]), איז ער זיך מל!

און ניט נאר אז ער איז זיך מל, נאר ער טוט דאס נאך בשמחה ובטוב לבב - ווי ס'זיינען געווען כמה מקרים וואס די אידן האבן געבעטן אז זיי ווילן ניט אז מ'זאל זיי איינ-שלעפערן ווען מ'איז זיי מל, ווארום זיי ווילן איבערלעבן אזא מצוה נעלית ביותר!

ער איז אויסגעוואקסן אין יענע מדינה, און ס'זיינען שוין דורכגעגאנגען 60 יאר זינט עס האבן זיך אנגעהויבן די רדיפות אויף דת, און ער איז געבארן געווארן אין א שטעטל אין וועלכע ער האט ניט געקענט זעהן קיין עניין פון אידישקייט.

[דער איבערשטער האט פארוואגעלט אהינצו זיין עלטער-זיידן, דערפאר וואס ער האט דארטן געהאט בירורים וועלכע ער האט געדארפט מתקן זיין, כידוע תורת הבעש"ט בזה[173] - אבער דערווייל ליידט ער דערפון (פון דער תועלת וואס זיין זיידע האט געהאט אין זיין עבודת הבירורים) אז ער האט קיינ-מאל ניט געזעהן קיין ס"ת, קיינמאל ניט געזעהן קיין אידן מיט א בארד, קיינמאל ניט געזעהן קיין מוהל, און האט קיינ-מאל ניט געזעהן קיין עניין פון אידישקייט],

און אעפ"כ זעט מען אז "זרוק חוטרא לאוירא ועל עיקרי הוא קאים"[174] - אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל זיך נאר געפינען, איז ניט נאר אז "גם בשעת החטא היתה באמנה אתו ית'" דערפאר וואס ער האט געפראוועט "בר-מצוה", צי דערפאר וואס ער האט אמאל געלערנט אין א "חדר" אדער אין א ישיבה וכו', וואס דעמולט קען ניט דער חטא משנה זיין א רגילות פון כמה שנים - נאר אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן א אידן וואס ווייסט ניט וועגן דעם גאנצן עניין פון אידישקייט, "אשר לא ידע את יוסף" - איז אעפ"כ, "זרוק חוטרא לאוירא ועל עיקרי הוא קאים"!

מג. און אויף דערויף זאגט מען "ועמך כולם צדיקים לעולם ירשו ארץ" - אז ניט נאר אז מ'האט גאנץ ארץ ישראל, נאר מ'האט דאס אין אן אופן פון ירושה, וואס "ירושה אין לה הפסק".

עס בלייבט נאך אבער די קושיא: מ'דארף דאך האבן א כלי אויף צו מקבל זיין דעם עניין, און אויפן כלי איז דא דער עוד המסהיר? - ווערט דאס אויפגעטאן דורך דעם עניין פון מילה.

- וואס -

------------

172) פרש"י עה"פ וירא כב, א. 173) במפתחות והערות ללקו"ה (הוצאת קה"ת) יה, ד. וראה היום יום ע' סט. 174) ב"ר ספנ"ג. ועוד.

וואס אע"פ אז אין מצות מילה זיינען דא דרגות נעלות יותר (ווי געבראכט פריער אז אין דער הערה רעכנט ער אויס דריי דרגות אין מילה) - איז אבער דא די ערשטע דרגא פון מילה, קיום מצות מילה כפשוטה, וואס "המעשה הוא העיקר"[175],

וואס אויף דערויף מאכט ער די ברכה, און דורך דערויף איז ער מקיים מצות מילה, און דורך דערויף באקומט ער אלע ענינים וועלכע זיינען דערמיט פארבונדן,

און דער ענין פון קיום מצות מילה כפשוטה - איז דא ביי אלע אידן, ווי גערעדט פריער בארוכה.

און אויף דערויף זאגט מען "ועמך כולם צדיקים", בלי יוצא מן הכלל, ווארום אלע אידן זיינען מקיים מצות מילה, ביז וואנעט אז אפי' די וואס האבן א שייכות צו לה"ר און צו נאך שווערערע זאכן, ווי ער ברענגט אראפ אין דעם מחז"ל הידוע וואס דאס זיינען א סאך מער פון מיעוטא דמיעוטא - דירט דאס אבער ניט אן דעם ענין פון קיום מצות מילה, ובמילא רירט דאס ניט אן דעם ענין וואס "ועמך כולם צדיקים לעולם ירשו ארץ".

און ווי עס ווערט אויך אראפגעבראכט אין די דרושים פון דעם צ"צ אין אוה"ת (אין תחלת פ' נח[176]), וואס ער ברענגט דארטן פון זהר[177] דעם מאמר הנ"ל פון ר' חייא אויפן פסוק "ועמך כולם צדיקים", און ער פרעגט דארטן ווי אזוי קען מען זאגן אז "עמך כולם צדיקים", ס'זיינען דאך דא כו"כ וואס זיינען ניט אין דער דרגא? - איז ער מבאר אז "עמך כולם צדיקים" גייט אויף דערויף וואס אלע אידן זיינען מקיים מצות מילה.

מד. און די אידן וואס לפי שעה האלט זיי דער אויבערשטער אונטערן מסך הברזל, און דארטן גופא געפינען זיי זיך אין א פנה נדחת וואו מ'ווייסט גארניט וועגן אידישקייט -

וועט זיי דער אויבערשטער ארויסנעמען פון דארטן בקרוב ממש ובעגלא דידן, פונקט אזוי ווי ער האט ארויסגענומען פון דארטן עד עתה כו"כ אידן,

דורך דערויף וואס ער וועט עפענען די שערים לרווחה, ביז אין אן אופן פון "פתחו של אולם", וואס דארטן זיינען אינגאנצן ניט געווען קיין דלתות[178], אזוי אז כל אחד ואחת פון די אידן וועלכע געפינען זיך דארטן, אפי' דער וואס

- "כשם -

---

175) אבות פ"א מי"ז. 176) נד, ב. 177) ת"א נט, ריש ע"ב. 178) מדות פ"ב ה"ג.

"בשם ישראל יכונה"[179], וועט קענען ארויספארן פון דארטן.

און דעמולט וועט מען זעהן ווי אזוי דער בעש"ט איז גערעכט אין דעם וואס ער זאגט[180] אז יעדער איד איז אן "ארץ חפץ"[181], וויבאלד אז ביי אים געפינט זיך כל הון יקר,

וואס דערפאר זאגט "תורת אמת" אז אפי' ביים גרעסטן צדיק דארף זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[182], דערפאר וואס לאמיתתו של ענין איז יעדער איד "כמוך" ווי דער גרעסטער צדיק, ווארום אע"פ אז לכאו' איז ניטא קיין שייכות ביניהם - איז דאך אבער ידוע וואס ער זאגט אין ירושלמי[183] וועגן דעם ענין פון אהבת ישראל, ועד"ז אין תניא פרק לב, און אין סהמ"צ פון צ"צ אין מצות אהבת ישראל, און אין די דרושים פון רי נשיאים שלאח"ז, ווי ס'איז שוין אויך געדרוקט.

מה. ויה"ר אז דורך דעם ענין פון מילה, וואס דאס איז אויך כולל דעם ענין המילה ברוחניות, "ומלתם את ערלת לבבכם"[184] - וועט מען זוכה זיין בקרוב ממש צו דעם ענין פון "פדה בשלום נפשי"[185], אז ס'וועט זיין דער "ומל ה' אלקיך את לבבך ואת לבב זרעך"[186], כמבואר אין אגה"ק[187],

און צוזאמען מיט "זרעך", וועט זיין "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים"[188], ווארום עס וועט זיין דער "והקיצו ורננו שוכני עפר", ובפרט די בעלי ההילולא פון יו"ד שבט און כ"ד טבת, צוזאמען מיט כל התנאים והאמוראים והצדיקים (ווי ס'זאגט אין דער תפלה הידועה פון "מענה לשון").

ובפרט אז מ'געפינט זיך אין דעם זמן פון "סעורתא דדוד מלכא משיחא"[189], וואס אויף דערויף שטייט[190] אז פון דער סעודה איז נהנה דער "עצם לוז", וואס דער "עצם לוז" בלייבט גאנץ בא יעדער אידן[191], און דערפון הויבט זיך אן זיין תחי' לע"ל[192].

ובקרוב ממש ובעגלא דידן וועט מען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, אנהויבנדיק פון דעם מוצאי שבת קודש - די נשמות בגופים וועלן גיין ווי זיי זיינען, מיטנעמענדיק מיט זיך "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[193], און די

- וואס -

---

179) ל' כ"ק מו"ח אדמו"ר במכתבו לחגיגת י"ב תמוז הראשונה - נדפס גם בסה"מ תרפ"ת ע' קמו. ועוד. 180) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות מד. 181) מלאכי ג, יב. 182) קדושים יט, יח. 183) נדרים פ"ט ה"ד. 184) עקב י, טז. 185) תהלים נה, יט. 186) נצבים ל, ו. 187) ס"ד (קה, ב). 188) תענית ה, ב. 189) סידור האריז"ל להר"ש מרשקוב במקומו. 190) ב"י ולבוש או"ח ס"ש. 191) ב"ר פכ"ח, ג. וש"נ. זח"ב כח, ב. ועוד. 192) זח"ב שם. 193) בא י, ט.

וואס זיינען "שוכני עפר", וועט בקרוב ממש זיין דער "והקיצו ורננו שוכני עפר".

כן תהי' לנו - ווי מ'האט געזאגט אין הבדלה "המבדיל בין קודש לחול בין אור לחושך בין ישראל לעמים", וועט ער אויך מבדיל זיין "בין יום השביעי לששת ימי המעשה", וואס זיי (ששת ימי המעשה מיט יום השביעי) זיינען בדוגמת ימי הגלות און ימי הגאולה, ובפרט די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

מו. דער ביאור אין פרש"י:

מ'געפינט אין פרש"י בכ"מ, אז ווען רש"י זאגט א פירוש וואס "לא מצאתי לו חבר" (מ'געפינט דאס ניט אין א צווייטן ארט), איז אים שווער צו זאגן אז דאס איז זיכער דער פירוש התיבה (אדער פירוש הענין), וויבאלד אז "לא מצאתי לו חבר".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'זעט אז ס'איז דא איין מאל וואס א געוויסער ענין שטייט מיט א' סדר הפכי דערפון ווי ס'שטייט אלעמאל, איז אין פשש"מ שווער צו זאגן אז דערפון איז א הוכחה אז "שקולין כאחד"; סיידן ווען מ'זעט אז ס'זיינען דא כמה מקומות וואו דער סדר שטייט באופן הפכי, וואס דעמולט איז דאס א הוכחה אז "שקולין כאחד"

וואס דערפאר ווען מ'קומט צום פסוק "איש אמו ואביו תיראו", און מ'זעט אז דא איז "הקדים אם לאב", אע"פ אז אומעטום איז מען מקדים אב לאם - איז וויבאלד אז דאס איז מערניט ווי א "מקום אחד", איז ע"פ פשש"מ ניט מסתבר צו זאגן אז דערפון איז א הוכחה אז "שקולין כאחד".

ובפרט אז דער בן חמש למקרא ווייסט אז "הוא ואמו חייבין בכבוד אביו"[194] - און דאס וואס מ'וויל זאגן אז "שקולין כאחד", איז נאר ווען ס'איז ניטא קיין סתירה צווישן ציווי האב מיט ציווי האם.

און דערפאר זוכט רש"י א ביאור פארוואס איז מען דא מקדים אם לאב - און אויף דערויף זאגט ער: "לפי שגלוי לפניו שהבן ירא את אביו יותר מאמו".

עד"ז ווען מ'קומט צום פסוק "ביום עשות ה' אלקים ארץ ושמים" - איז וויבאלד אז דאס איז דער איינציקער ארט וואו ס'שטייט "ארץ" פאר "שמים", איז ע"פ פשש"מ ניט מסתבר צו זאגן אז דערפון איז א הוכחה אז "שקולין כאחד".

- ובפרט -

---

194) כריתות כח, א.

ובפרט אז דאס (זאגן אז שמים וארץ זיינען "שקולין כאחד") איז א זאך וואס לייגט זיך איננאנצן ניט אין שכל:

דער בן חמש למקרא ווייסט אז "שמים" איז א געוואלדיקע זאך, "שמים לרום"[195], ובפרט אז ער זעט אז יעדער ענין פון קדושה פארבינדט מען מיט "שמים"; מ"ת איז געווען "מן השמים"[196], דער ענין פון נבואה איז פארבונדן מיט שמים, און אלע עניני קדושה זיינען פארבונדן מיט שמים - איז פארוואס זאל מען מיטאמאל זאגן אז וויבאלד ס'שטייט אין איין ארט "ארץ ושמים", זיינען שמים וארץ "שקולין כאחד"?!

און אין דעם פסוק "ביום עשות ה' אלקים ארץ ושמים", דארף רש"י ניט באווארענען פארוואס שטייט דא "ארץ ושמים" (און ניט ווי ס'שטייט אומעטום, שמים פאר ארץ) - ווארום:

דער בן חמש למקרא זעט אז אומעטום וואו עס רעדט זיך וועגן שמים וארץ, שטייט דער לשון בריאה ("בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם"), און דא איז דער פסוק משנה און זאגט "ביום עשות ה' אלקים ארץ ושמים".

וואס דערפון פארשטייט ער אז ווען עס רעדט זיך וועגן דעם ענין פון עשי', וואס דער ענין פון "ויעש" איז, ווי רש"י[197] טייטשט אפ: "תקנם בצביונם בתקונן ובקומתן" - איז "ארץ" פאר "שמים", ווארום דער ענין פון עשי' איז געווען מער אין ארץ און בכל פרטי הארץ, משא"כ אין שמים, און דערפאר שטייט "ביום עשות ה' אלקים ארץ ושמים".

אבער בפרשתנו - וויבאלד אז "יש מקומות שמקדים אהרן למשה", איז דערפון א הוכחה אז "שקולין כאחד".

מז. דער ביאור אין דעם וואס בנוגע צו "הוציאו את בנ"י מארץ מצרים" שטייט "הוא אהרן ומשה" (אע"פ אז בנוגע צו דעם ענין פון יצי"מ איז משה געווען דער עיקר), און בנוגע צו "המדברים אל פרעה" שטייט "הוא משה ואהרן" (אע"פ אז בנוגע צום דיבור מיט פרעה איז אהרן געווען דער עיקר):

אויף "הוא אהרן ומשה אשר אמר ה' להם הוציאו את בנ"י גו'", טייטשט אפ רש"י "אלו שהוזכרו למעלה שילדה יוכבד לעמרם", און ווי גערעדט פריער (סל"ו) דעם ביאור אין פרש"י, אז רש"י איז מבאר אז דער פסוק חזר'ט איבער נאכאמאל "אהרן ומשה", אויף צו מבאר זיין פארוואס האבן זיי זוכה געווען אז דער אויבערשטער זאל זיי שיקן ארויסנעמען אידן פון

- מצרים -

195) משלי כה, ג. 196) יתרו כ, יט. 197) עה"פ בראשית א, כה.

מצרים - דערפאר וואס "הוא אהרן ומשה" - "אלו שהוזכרו למעלה שילדה יוכבד לעמרם", וואס בא יוכבד און עמרם איז געווען דער ענין המס"נ וכיו"ב (כנ"ל בארוכה).

און וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט "שילדה יוכבד לעמרם", איז דער פסוק מקדים אהרן פאר משה, "הוא אהרן ומשה", ווארום לידת אהרן איז געווען פאר לידת משה.

און בנוגע צו "המדברים אל פרעה", שטייט "הוא משה ואהרן" - ווארום מ'האט שוין געלערנט פריער[198] אז "באו משה ואהרן ויאמרו אל פרעה", פריער משה און דערנאך אהרן, און אויך בפרשתנו, נאך דערויף וואס משה רבינו האט גע'טענה'ט "הן בנ"י לא שמעו אלי ואיך ישמעני פרעה ואני ערל שפתים"[199], איז "וידבר ה' אל משה ואל אהרן ויצום אל בנ"י ואל פרעה מלך מצרים"[200], מערניט וואס "צירף לו הקב"ה את אהרן להיות לו לפה ולמליץ"[201].

און דער סדר אין דערויף איז געווען, אז "אתה הדבר את כל אשר אצוך ו(את"כ) אהרן אחיך גו'", "ימליצנו ויטעימנו באזני פרעה"[202], און דערפאר שטייט "הם המדברים אל פרעה גו' הוא משה ואהרן".

מח. דער ביאור אין דעם וואס רש"י טייטשט אפ אויף "הם המדברים" - "הם שנצטוו הם שקיימו":

מ'האט גערעדט פריער (סל"ו) ווי רש"י טייטשט אפ דעם פסוק "הוא אהרן ומשה אשר אמר ה' להם הוציאו את בנ"י מארץ מצרים" - אז מצד דערויף וואס אהרן ומשה זיינען געווען די וואס "ילדה יוכבד לעמרם", וואס בא זיי איז געווען דער ענין פון מס"נ וכיו"ב, האבן זיי זוכה געווען אז "אשר אמר ה' להם הוציאו את בנ"י מארץ מצרים".

און בהמשך לזה זאגט דער פסוק "הם המדברים" - "הם שנצטוו הם שקיימו", אז אע"פ אז זייער שליחות איז געווען פארבונדן מיט מס"נ,

ווי מ'האט שוין געלערנט פריער[203] ווי משה ואהרן זיינען געגאנגען צו פרעה, און ווי אזוי האט זיך פרעה אויפ-געפירט מיט זיי, און אז דערנאך איז געווען "ויצו פרעה גו' את הנוגשים בעם ואת שוטריו וגו'"[204],

אעפ"כ, האבן זיי מקיים געווען און געטאן די שליחות

- וואס -

------------

198) שמות ה, א. 199) פרשתנו ו, יב. 200) שם, יג. 201) פרש"י עה"פ. 202) שם ז, ב ובפרש"י. 203) שמות ה, א ואילך. 204) שם, ו.



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס דער אויבערשטער האט זיי געהייסן טאן, "הם שנצטוו הם שקיימו", אע"פ אז אויף דערויף האט מען געדארפט אנקומען צו מס"נ - וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס "ילדה יוכבד לעמרם", ווארום וויבאלד אז בא יוכבד איז געווען דער ענין המס"נ, האבן זיי (אהרן ומשה) אויך געהאט די זעלבע תכונות הנפש.

מט. דערנאך שטעלט זיך רש"י אויף "הוא משה ואהרן", און טייטשט אפ: "הם בשליחותם ובצדקתם מתחלה ועד סוף":

בנוגע צו דעם וואס מ'זאגט אז משה ואהרן זיינען "שקולין כאחד" - זיינען דא צוויי ענינים: "הם בשליחותם ובצדקתם מתחלה ועד סוף", אין אן אופן אז "שקולין כאחד", סיי אין דעם ענין פון "אשר אמר ה' להם הוציאו את בנ"י מארץ מצרים", און סיי אין דעם ענין פון "הם המדברים אל פרעה"; אבער אין דערויף גופא זאגט מען "הוא משה ואהרן", און ניט "הם", ווארום ס'איז פארט אינו דומה דער חלק וואס משה רבינו האט געהאט אין דער שליחות מיטן חלק וואס אהרן האט געהאט אין דער שליחות.

ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז ס'זיינען געווען חילוקים צווישן משה מיט אהרן - ס'זיינען געווען ענינים וואס זיינען געווען ביי אהרן און ניט בא משה, ווי מ'האט גלערנט פריערן[205] אז "ויחר אף ה' במשה" אויף דעם וואס ער דינגט זיך וכו', און ווי רש"י ברענגט דארטן (דעם צווייטן פירוש) אז אויף דערויף איז געווען אן עונש וכו', משא"כ בנוגע צו אהרן האט דער אויבערשטער געזאגט אז "וראך ושמח בלבו"[206], וואס דאס איז א מעלה אין צדקתו של אהרן לגבי צדקתו של משה;

ועאכו"כ אז ס'איז דא א מעלה בא משה לגבי אהרן - ווארום "משה קבל תורה מסיני"[207], און ווי רש"י[208] זאגט אז בא מ"ת איז געווען "אתה (משה) מחיצה לעצמך ואהרן מחיצה לעצמו כו'", כיט נאך כו"כ ענינים וואו מ'זעט די מעלה פון משה לגבי אהרן,

און ווי מ'זעט אויך אז ווען משה רבינו האט גע'טענה'ט צום אויבערשטן אז ער וויל ניט "ליטול גדולה על אהרן אחיו"[209], האט אים דער אויבערשטער געזאגט (ניט אז ער וועט ניט זיין גרעסער פון אהרן, נאר) אז "וראך ושמח בלבו", ווי רש"י טייטשט אפ "לא כשאתה סבור שיהא מקפיד עליך שאתה עולה לגדולה".

- און -

---

205) שם ד, יד. 206) שם. 207) אבות רפ"א. 208) עה"פ יתרו יט, כד. 209) פרש"י עה"פ שמות שם, י.

און דאס איז וואס רש"י באווארענט - אז ס'זיינען דא ביידע ענינים: משה ואהרן זיינען טאקע "שקולין כאחד", "הם בשליחותם ובצדקתם (אין דעם זעלבן אופן) מתחלה ועד סוף"; אבער אעפ"כ זיינען דא חילוקים צווישן משה מיט אהרן, וואס דערפאר איז דער לשון הפסוק "הוא משה ואהרן" (אע"פ אז ע"פ דקדוק האט געדארפט שטיין "הם") - אויף צו מדגיש זיין אז זיי זיינען בימ "שקולין כאחד" לגמרי, נאר ס'זיינען דא ענינים אין וועלכע "הוא משה ואהרן" - משה איז דער עיקר, און ס'זיינען דא ענינים אין וועלכע "הוא אהרן ומשה" - אהרן איז דער עיקר.

ב. ויה"ר אז אדוי ווי מ'האלט שוין אין עקבתא דמשיחא, זאל מען בקרוב ממש קומען צו דער גאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט וועט זיין דער ענין פון "נחית כצאן עמך ביד משה ואהרן"[210] - בדוגמא ווי ס'איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים" (וואס לויט פשש"מ גייט דער פסוק "נחית כצאן עמך גו'" אויפן זמן פון יצי"מ) - ווארום בנוגע צו דער גאולה העתידה לבוא בקרוב ממש, זאגט מען[211] אז דעמולט וועלן זיין "אהרן ומשה עמהם" - זאל דאס אזוי זיין בקרוב ממש, און טאקע בעגלא דידן.

וכמדובר כמ"פ די הוכחה אויף דערויף אז משיח קען קומען יעדער טאג - פון דעם פס"ד ברור[212] אז אויב איינער זאגט "הריני נזיר ביום שבן דוד בא", איז אויב ס'איז נאר יום החול, ווערט ער א נזיר תיכף ומיד, אין דעם זעלבן טאג;

עס איז שוין פארנאכט, און ער האט נאך ניט געהערט דעם שופר של משיח, און ער ווייסט נאך ניט וועגן אלי' הנביא, ביז וואנעט אז ווען ער גיט א קוק אויף דער וועלט, זעט ער אז עס גייט ארום א איד וואס האט נאך ניט געלייגט קיין פיר פאַר תפילין, מערניט ווי צוויי פאַר תפילין, און דערנאך ווערט ער נאכמער איבער'רעש'ט: ער זעט א אידן וואס איז יוצא מיט איין פאַר תפילין (ניט קיין צוויי פאַר תפילין)!

- וואס בנוגע צו תפילין דר"ת (און פון שימושא רבא וכו') שטייט אין כתבי האריז"ל[213] אז דאס איז פארבונדן מיט ביאת משיח צדקנו, וויבאלד אז דאס איז דער ענין פון מוחין דאבא[214] (און שמש"ר - פון עתיקא קדישא[215]),

- וואס -

---

210) תהלים עז, כא. 211) ראה יומא ה, ב. הוד"ה אחד - פסחים קיד, סע"ב. 212) עירובין כג, סע"א ואילך. רמב"ם הל' נזירות פ"ד הי"א. 213) פע"ח שער התפילין פ"ט-י. הובא בשער הכולל פי"א סל"ח-לט. 214) פע"ח שם. קה"י בערכו. 215) ראה לקו"ש ח"ב ע' 508 הע' 45.



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס דערפאר איז אמאל געווען די הנהגה אז ר"ת'ס תפילין האבן געלייגט נאר מקובלים, ווארום דער ענין פון קבלה איז אז "לית תמן לא קושיא כו' ולא מחלוקת כו'"[216], ס'איז אן ענין וואס איז העכער פון גלות, און דערפאר איז דארטן דער ארט אויף ר"ת'ס תפילין -

איז אע"פ אז ווען ער קוקט אויף וועלט, זעט ער אז ס'איז דא א איד וואס איז יוצא מערניט ווי מיט איין פּאָר תפילין - אעפ"כ זאגט מען אים אז משיח קען קומען אין דעם זעלבן טאג.

נא. וויבאלד אז דער ענין פון תפילין דר"ת איז פארבונדן מיט ביאת משיח צדקנו, און וויבאלד אז פון דעם אלטן רבי'ן אַן איז נתפשט געווארן דער מנהג אז אלע אידן צו וועלכע ס'איז שייך דער סידור (וואס דער "סידור" איז א דבר השוה לכל נפש) זאלן לייגן ר"ת'ס תפילין - איז הלואי אז יעדער איד זאל אנהויבן לייגן ר"ת'ס תפילין, ווי גערעדט אמאל בארוכה[217] וועגן דערויף.

און אפי' די וואס מאיזה סיבה שתהי' האבן זיי דאס ביז היינט ביינאכט נאך ניט געטאן - איז יהי"ר אז פון מארגן אינ-דערפרי זאלן אלע אידן אנהויבן לייגן ר"ת'ס תפילין.

[איך מיין ניט אז מ'זאל ארייננכאפן און לייגן ר"ת'ס תפילין נאך היינט ביינאכט - מ'דארף ווארטן ביז צו עלות השחר,

און מ'מעג זיך אפי' איינהאלטן ביז צו נץ החמה (ווארום מ'איז ניט אין דער דרגא פון רלוי"צ בארדיטשאווער וואס מ'קען זיך ניט איינהאלטן), וואס דעמולט וועט ער אנטאן דעם טלית און דערנאך די תפילין, פריער רש"י'ס תפילין, און דערנאך, לאחרי סיום התפלה, אויך ר"ת'ס תפילין].

וואס בנוגע צו דעם ענין פון תפילין, זאגט דאך די גמרא[218] "תפילין דמארי עלמא מה כתיב בהו[219] ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ" - ווי תוס'[220] [וואס תוס' איז דאך א נגלה ספר] ברענגט אראפ "זה שיסד הפייטן טוטפת כלילו גדלי'", ס'איז אן ענין של עשרה מיט וועלכע דער אויבערשטער בארימט זיך און איז זיך מתפאר - ער בארימט זיך און איז זיך מתפאר מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן,

כולל אויך נשי ובנות ישראל, ווארום אע"פ אז זיי

- לייגן -

------------

216) זח"ג קכד, ב ברע"מ. 217) שיחת פורים תשל"ו.
218) ברכות ו, א. 219) דה"א יז, כא. 220) ד"ה מי כעמך - ברכות שם.

לייגן ניט קיין תפילין, האבן זיי אבער דעם ענין וואס "נסרין לגברייהו עד דאתו מבי רבנן"[221], וואס דורך דערויף האבן זיי דעם שכר פונקט ווי זיי וואלטן אליין אויך געלייגט תפילין.

וכן תהי' לנו - אז אין די לעצטע טעג פון גלות זאל מען זעהן בגלוי דעם ענין פון "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך"[222], וואס דאס גייט דאך אויף "תפילין שבראש"[223],

וכידוע דער אפטייטש פון דעם אלטן רבי'ן אז דורך דערויף וואס ער לייגט תפילין על הראש, ווערט דאס ביי אים "תפילין שבראש", אז דאס גייט אריין בראשו פנימה - וואס דעמולט איז זיכער אז דאס פועל'ט דעם "וראו כל עמי הארץ גו' ויראו ממך".

און דעמולט שטייט מען אין די לעצטע טעג פון גלות אין אן אופן פון מנוחת הנפש און מנוחת הגוף, און מלאכתם נעשית ע"י אחרים, ביז אין אן אופן פון "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[224], אז אפי' אין דעם זמן וואס זיי זיינען "מלכים" און "שרותיהם", איז דאס אין אן אופן אז זיי נוצן דאס אויף צו זיין "אומניך" און "מניקותיך" (ע"ד ווי גערעדט פריער (ס"ט) וועגן דעם ענין פון "ביד חזקה יגרשם").

ובקרוב ממש זאל מען שוין ניט דארפן רעדן וועגן גלות, ווארום מ'וועט זיך געפינען באמצע פון דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

און אריינשפרינגען אהינצו מיט א ריקוד עצום בכל רמ"ח אברים, "כל עצמותי תאמרנה"[225], לקבל פני משיח צדקנו, צוזאמען מיט "שכינתא בגלותא"[226], אז ס'וועט זיין "ושב ה' אלקיך את שבותך" - "עם שבותך"[227], ובעגלא דידן.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניגון אביו רלוי"צ ז"ל, ועמד מלא קומתו ורקד משך זמן.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן ניגון אביו רלוי"צ ז"ל.

* * *

------------

221) ברכות יז, א. 222) תבוא כח, י. 223) ברכות ו, א. 224) ישעי' מט, כג. 225) תהלים לה, י. 226) ראה מגילה כט, א. 227) נצבים ל, ג ובפרש"י. מגילה שם. ועוד.

לכל אלו שקבלו הד' מינים בירך כ"ק אד"ש מ'זאל ממשיך זיין אלע המשכות, והצלחה על כל השנה. להזוכה בגורל (מירושלים) אמר כ"ק אד"ש: הצלחה על כל אה"ק.

יום א' דחג הסוכות:

כשהגיע כ"ק אד"ש בבוקר כבר עמדו הרבה בתור לברך על הד' מינים של אד"ש, ובינהם עמד א' בלי מעיל, ושאלו אד"ש איפוא המעיל.

ליל ש"ק חוהמ"ס:

אחרי תפילת ערבית אמר כ"ק אד"ש לר"מ שי' ירוסלבסקי שהוא יבוא לסוכה לאחרי חצי שעה. (לבקר את האורחים שי') אחרי חצי שעה נכנס כ"ק אד"ש וראה היאך שר"מ עומד מן הצד ואמר לו: איר ווייזט דאך די וועג, והלך לפני כ"ק אד"ש להראותו וכו' כ"ק אד"ש הלך עד סוף הסוכה (אצל הנרות שבת) ונעמד, ותחיל לומר ( ראה בפנים הספר ( עמ' 115 ))

יום ש"ק חוהמ"ס:

אחר התפילה עלה ר' שלום שבת שי' (על הבימה של כ"ק אד"ש) ואמר: יברכך גו' עד "שלום". (בעת מעשה חייך כ"ק אד"ש) אח"כ אמר לו אד"ש: שיכריז שהוא כהן ויש לו מצוה לברך את ישראל באהבה. (הנ"ל הכריז).

כשכ"ק אד"ש יצא מביהכנ"ס פגש בר"כ שי' (שהוא הי' מברך בכל ימי חוה"מ) ואמר לו אד"ש: עס איז ניט קיין השגת גבול.

ליל הושע"ר:

אחרי אמירת תהלים אמר ר' ז. שמערלינג שי' (החזן של תהלים) לכ"ק אד"ש: גוט יום טוב, ואמר לו כ"ק אד"ש: נעקסטען יאהר זאל זיין בעסער.

יום הושע"ר:

בעת הקפת ה"הושענות" - להקפה הא' לא לקח האתרוג, לאחרי הקפה הז' וכבר התחילו כל הקהל לילך התחיל כ"ק אד"ש לילך עוד הקפה וכשראו שכ"ק אד"ש הולך, התחיל א' לפנות מקום שאד"ש ילך לבדו ואמר לו כ"ק אד"ש (וואס ארט דיר אז) איך וויל גיין מיט דעם עולם!... דו ווילסט מאכען פאר מיר א באזונדערע הקפה?! וכן נגע לא' בטליתו ואמר לו להכנס.

אחרי קריאת התורה כשכ"ק אד"ש חזר למקומו אמר להר' קריגר: א גוטן קוויטל און א גוטן מועד. ולחץ את ידו.

בעת חלוקת לעקאח אמר רי"כ לכ"ק אד"ש: א רפואה שלימה, וענה כ"ק אד"ש: איך בין געזונט.

ליל שמח"ת:

אחרי תפילת ערבית נכנס ר'... להספריי'ה (דכ"ק אד"ש) לעשות קידוש על משקה, בעת מעשה, נכנס כ"ק אד"ש, הנ"ל בראותו את כ"ק אד"ש התחיל לצאת ואמר כ"ק אד"ש: " פון משקה גייט מען ניט אוועק "!..

בס"ד

רשימה פרטית בלתי מוגה

ר"ד כ"ק אד"ש בזמנים שונים (תשרי - כסלו) ה' תשל"ט

עו"ה, כ"ט אלול:

לאחרי התפילה אמר כ"ק אד"ש את סדר התרת נדרים לפני מנין מזקני ורבני אנ"ש (לפני שאמר הורה להם לשבת) ואח"כ אמר: שיהי' כתיבה וחתימה טובה ולשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה.

ליל א' דראש השנה:

אחר התפילה אמר כ"ק אד"ש לכולם גוט יום טוב ולשנה טובה תכתב ותחתם. כשהלך להספרי'ה, (לערך בשעה 10) עמד בההול ד"ר ווייס וברכו אד"ש בגוט יום טוב לשנה טובה תכתב ותחתם. ואח"כ שאלו אד"ש באם כבר אכל וכשענה בשלילה, אמר לו כ"ק אד"ש: הרי מנהג חב"ד שאסור לצום בראש השנה.

ח' תשרי:

כ"ק אד"ש חילק לעקאח (לאלו שלא קבלו אתמול). ניגש ג"כ הרשדב"ג שי' ולאחרי שנתן לו, אמר לו שיקח בעבור עוד א', והושיט הנ"ל את ידו (לקבל מאד"ש) ואמר לו אד"ש (בחיוך:) מען דארף דאך בעטן, ואמר הנ"ל: איך בעט... ונתן לו.

ט' תשרי:

כ"ק אד"ש הורה להדפיס תניא (פורמט קטן) עד הערב, וכן תניא (פורמט גדול) וסידור עד שבת הבעל"ט, ושאל הריל"ג מאד"ש והרי הדפיסו סידורים (מחדש) בתשל"ח, ופתח אד"ש סידור והראה לו שזהו <u>תשל"ח</u> און איצטער איז <u>תשל"ט</u>.

מוצש"ק האזינו, י"ג תשרי:

לאחר ההתוועדות כשיצא כ"ק אד"ש מהמעלית ראה שילדים עומדים שם בשקט ועשה בידיו הק' בתמי'ה, ואמר: דא דארף מען זיין שטיל?! (לסימן שינגנו).

כמו"כ לאחרי ההתוועדות נכנסו לכ"ק אד"ש חברי הוועד המסדר וכ"ק אד"ש דיבר עמם ע"ד הסדר דשמע"צ ושמח"ת וכו', ואמר שהכל יהי' <u>כרגיל</u>, <u>בלי</u> שום שינויים משנים שלפני זה.

י"ד תשרי, ערב חה"ס:

בעת מסירת האתרוגים ביקש שהבאי כח מתו"א ירושלים וחברון יכנסו אליו, ושאלם אם הביאו אתרוגים, וענו שלא הספיקו, ואמר כ"ק אד"ש: מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה, וברכם (ראה בפנים הספר (עמ' 114))

הרי"כ שי' נכנס ושאלו כ"ק אד"ש: אם הוא שומע להרופאים?! וענה... ואח"כ שאל הרי"כ לאד"ש: אם אד"ש שומע להרופאים? כ"ק אד"ש חייך ולא ענה.

כ"ק אד"ש קרא להרד"ח שי' ואמר לו לקחת עבור הרשת (ושאלו למה התעלם מכללות אנ"ש) ושימשיך כל ההמשכות, בעצמו, ולכל הרשת, והצלחה ושמיעת בשורות טובות בגשמיות וברוחניות, ושנה מבורכת.

יום שמח"ת:

בעת אמירת הפסוקים של הקפה ז' (שביום הרי אומרים את כולם ביחד) דייק כ"ק אד"ש שהחזן יתחיל לומר הפסוקים (וכן להקיף הבימה) במקום שהפסיק להקיף (כשאמר פסוקים של הקפה ו' בכדי שיהי' בסה"כ (רק) ג' וחצי הקפות כמבואר בסידור).

לאחר שכ"ק אד"ש קיבל " חתן בראשית " ניגש א' (שהי' בגילופין...) ואמר לכ"ק אד"ש שהיות וכ"ק אד"ש קיבל " חתן בראשית " צריכים ליקח לחיים ואמרכ"ק אד"ש: א גלייכע זאך.

בעת תפילת מנחה הי' בהמניך הר"י דוכמן שי' (שהי' בגילופין), לאחר התפילה פנה כ"ק אד"ש אליו (וראה שיש לו ג' בקבוקים משקה, ואמר לו:) שמצד " ואהבת לרעך כמוך " טייל אויס אלעמען די משקה.(הנ"ל הסכים) כשהתחיל לדבר אמר לו כ"ק אד"ש: בלי דרשות, ותגיד לחיים, ואמר לו שלפנ"ז צריכים לברך שהכל. ואח"כ אמר הנ"ל לכ"ק אד"ש: רבי, לחיים פאר די שלוחים וואס האבן ניט געקענט קומען אויף יום טוב. וענה כ"ק אד"ש: מיש זיך ניט אין דעם (ניט דיינע געשעפטן?) אח"כ אמר הנ"ל לחיים לאד"ש וענה אד"ש לחיים ולברכה

כשנכנס להתוועדות חייך להרי"ד הנ"ל ושאל באם נשאר לו עוד משקה ולמה לא מחלק ואמר לו שיחלק המשקה, הנ"ל התחיל לחלק.

בעת ההתוועדות דיבר גם ע"ד השלוחים שנמצאים בכל מקום שהם ואמר שאלו שהם באי כח של השלוחים (קרוביהם וכו') יאמרו לחיים עבורם, ואחר השיחה פנה (עם שחוק קל על פניו) להרי"ד הנ"ל והראה לו בתנועת ביטול על שלא אמר מיד לחיים (עבור בנו שנמצא בשליחות בארה"ק). ואמר לו שיאמר לחיים. להר"א ממרוקו אמר כ"ק אד"ש שגם בנו יגיד לחיים מכיון שגם בנו שליח,

בעת חלוקת כוס"ב נתן לר' טיפענברום שי' (צייר מאנגלי') בקבוק משקה ואמר לו: שיערב מהמשקה בתוך ה"פיינט" (=צבע), ושמשקה הוא דבר טוב עבור " פיינטינגס " (=ציורים).

מוצש"ק פ' בראשית:

לאחרי הפרש"י מכרו המצוות ורמז כ"ק אד"ש להגבאי (ר"פ) שילביש השטריימל, ואמר לו להגיד דבר תורה, ואח"כ אמר לחיים. אח"כ (כשאמר כ"ק אד"ש שאלו שלא קונים מצוות שיאמרו לחיים) פנה לר' זושא ווילמובסקי ואמר לו או שתקנה מצוה או שתאמר לחיים. לפני שמכרו ברהמ"ז שאל הגבאי רשות מכ"ק אד"ש, ואמר לו כ"ק אד"ש הרי אתה הגבאי. כשסיים אמר לו כ"ק אד"ש שיגיד שוב דבר תורה, וכן שלא ישכחו לשלם בזמן.

כ"ד תשרי - אסרו חג:

כ"ק אד"ש התחיל לקבל " יחידות " לכאו"א אמר כ"ק אד"ש שיבואו מחר להמזכירות לקבל תניא (לאנשים) וסידורים (לנשים), וכן כ"ק אד"ש חותם שמו בסוף התניא, ובסידורים חותם שמו הק' בתחילתו.

בעת היחידות נכנס מר ג. שי' ואמר לו אד"ש שידפיס תניא בסקאנדינעוויע, (נארוויי). ואמר לאד"ש שאתמול בהקפות אמר לו כ"ק אד"ש שידפיס ולא הבין ולכן כתב השאלה בפתק למסרו עכשיו לכ"ק אד"ש, והראה לכ"ק אד"ש הפתק, ואמר כ"ק אד"ש: שעכשיו כבר מיושב השאלה שרצה לשאול, און עס זאל קיינמאל קיין שאלות ניט זיין. וכן אמר הנ"ל לכ"ק אד"ש שמרגיש שע"י כתיבת מכתבים לכ"ק אד"ש זה מטריח את כ"ק אד"ש (מצד הבריאות.כו') וענה כ"ק אד"ש: שאדרבא יכתוב עוד יותר מכתבים וכו' מפני שזה מוסיף תענוג, און דאס דארף איך דאך, צו פארבעסערן הבריאות. אח"כ אמר לו כ"ק אד"ש: שיסע לאטלי' היות וה... געפינט זיך דארטן במילא יפגש עמו, שלח לחמך על פני המים... ואין יודעים איזו טובה תוכל לצמוח מזה. לאחר מעריב קרא לו אד"ש (לחדרו הק') ונתן לו תניא (עם חתי"ק) ואמר לו שזה יהי' התחלה להדפסת התניא'ס.

כ"ה תשרי:

גם ביום זה התקיימו יחידויות:

הלשון הרגיל שבירך כ"ק אד"ש בהיחידות לכאו"א: דער אויבערשטער זאל ממלא זיין משאלות לבבם... און איר זאלט אריינגיין אין מזכירות נעמען א תניא אלץ א מזכרת פון חודש תשרי, וואס איז געדרוקט געווארן אין ברוקלין, און איר זאלט אין דעם לערנען...

(לנשים ובנות אמר:) א סידור וואס איר זאלט אין דעם דאווענען...

( לא' אמר:) אז איר וועט לערנען אין דעם תניא וועט איר קומען צום ריכטיגען באשלוס...

( לא' אמר:) אז איר וועט לערנען אין דעם תניא בשקידה והתמדה וועלען די פראבלעמען אוועקגיין...

( לא' אמר לאחר שברכו:) אז איר וועט לערנען אין דעם תניא וועלען די אלע ברכות מקויים ווערן...

א' שנתקרב לליובאוויטש אבל לא שינה הנוסח שלו (-הנ"ל לא סיפר מאומה לכ"ק אד"ש) בכנס עם זוגתו תי' ליחידות ואמר לו כ"ק אד"ש שיקח תניא, ולאשתו שתקח סדור, ואח"כ פנה אליו כ"ק אד"ש עוה"פ ואמר לו שיקח סידור, ואז הבין הנ"ל והחליט לשנות הנוסח ג"כ לנוסח האריז"ל...

נכנסה בע"ת מצרפת שאינה יכולה לשמוע ל"ע ודיבר אליה כ"ק אד"ש ע"י - SIGN LANGUAGE -

א' כתב לכ"ק אד"ש (בחוהמ"ס) כמה שאלות בענינים פרטיים, וכ"ק אד"ש לא ענה בכתב. וכשנכנס הנ"ל ליחידות ענה לו כ"ק אד"ש על כל השאלות ולפי הסדר שכתבם.

א' מעובדי הרדיו באה"ק נכנס ושאל את כ"ק אד"ש אם אמת הדבר שכ"ק אד"ש אמר שיבוא עם משיח לאה"ק וענה כ"ק אד"ש: כן. ושאל הנ"ל מתי? וענה כ"ק אד"ש באלד, וצריכים לברר די לעצטע בירורים, והסביר הפי' בזה...

עש"ק בראשית:

קיבל ליחידות. בעת היחידות נכנס א' ואמר לו כ"ק אד"ש שיתן סך מסויים לצדקה. וענה הנ"ל שאין לו עכשיו. ואמר לו כ"ק אד"ש: בעסער אז דער אויבערשטער זאל דיר בלייבען א בע"ח, ווי דו זאלסט בלייבען דעם אויבערשטען א בע"ח.

א' כתב כו"כ בקשות ולפני שנכנס אמר לו ר'... שיתן רק השמות ולא השאלות וכו' וקרע הנ"ל את הפתק, וכשנכנס נתן לכ"ק אד"ש רק שמו ושם אמו וכו' אבל כ"ק אד"ש ענה לו על כל השאלות שכתב בפתק הנ"ל.

כ"ח תשרי:

בעת היחידות נכנסו הר"מ ירוסלבסקי שי' וזוגתו תחי', כ"ק אד"ש אמר להם: שאם ח"ו משיח לא יבוא לשנה הבאה, יבואו לשנה הבאה עוה"פ לסדר הענין של "הכנסת אורחים". ושאלם כ"ק אד"ש: עד מתי יהי' פתוח הכנסת אורחים? (-דלפני ב' שנים אמר להם כ"ק אד"ש שעד ר"ח חשון הרי"ז נכלל בתשרי, והיות ור"ח הוא בכלל (יו"ט?) במילא יהי' פתוח עד אחר ר"ח -) וענו לכ"ק אד"ש שההכנסת אורחים יהי' פתוח עד ב' חשון. לבכדם אמר אד"ש שיקח תניא במזכירות ויביא לאביו שי' ואביו ילמד עמו -תניא- מזמן לזמן.

בימים אלו שאלו מהנהלת ה"כולל" את כ"ק אד"ש איזה ענין ללמוד בשנה זו, הל' שבת או הל' מקוואות? וענה כ"ק אד"ש (ע"י הרחמא"ח שי'): שלעולם ילמד אדם במקום שלבו חפץ. ואף שאנשים מבוגרים אי"צ לומר להם וכו' מ"מ יכולים לומר דבר שיוסיף חשק אצלם, וזהו מה שיש סיבה ללמוד הל' מקוואות(יותר על הל' שבת): 1) דבהל' מקוואות

רשימה פרטית בלתי מוגה

יש סיבה ללמוד זה עכשיו ולא שפעטר, משא"כ בנוגע להל' שבת הרי גם שפעטר יכולים לעיין בשו"ע וספרים. ועוד דבהל' שבת הרי הל'"בישול" איננו שייך להל'"בורר", משא"כ בהל' מקוואות הרי כל פרט נוגע בהענין. 2) דכשנוסע להפצה, אן שחי בעיר ועוסק בביזנס, או בחינוך, הרי הל' שבת נוגע רק לו ולמשפחתו, משא"כ הל' מקוואות נוגע לכל העיר ולדורי דורות, וכשאברך בא לעיר נעשה דער אומאופיצעלער רב בעיר....

יום ג' אדר"ח חשון:

בעת היחידות נכנס ר' ב. נ. (מחברון) ואד"ש אמר לו שיעשה תערוכה מהתמונות שלו באמריקה קנדה וצרפת, ודרום אפריקה. אח"כ שאל את כ"ק אד"ש שרוצה לעשות ישיבה (ליובאוויטש) בהבנין שלו (עשר מטר ממערת המכפלה) וענה כ"ק אד"ש: שהממשלה עכשיו חלושה, וההחלטות אינם ברורות,(וכן בגין קומט און, לנ.י.) והרי בזמן האחרון גרשו משם את היהודים שרצו לתקן ביהכנ"ס של אברהם אבינו, וא"כ אין הזמ"ג עכשיו לזה. הנ"ל אמר לאד"ש שרוצה להראות לאד"ש את התמונות שעשה... ואמר אד"ש: שידבר עם... והוא יסדר שיכניס את התמונות שלו בבנין... ומכיון שאין לו לחץ של הגבאים אלך לבקר שם... ואמר ב.נ. שהנ"ל אדם קשה, ואמר אד"ש:עס לוינט זיך עם ניט... והוסיף אד"ש שישתדל ע"י המרכז...

יום ג' כ"ו כסלו:

אחרי קרה"ת ברך את הרע"ק ובנו בנסיעה טובה בשמיעת בשו"ס ובחנוכה שמח, ופנה לבנו של ע"ק ואמר לו שימתין ויתן לו דמי חנוכה. ואח"כ קיבל (ע"י המזכ') 5 לא"י.

יום ד' ו' כסלו:

כ"ק אד"ש הלך לבקר בתערוכת הציורים של הצייר ר' ברוך נחשון (מחברון) בבנין 788 (ע"י 770) מהציורים העיר כ"ק אד"ש כמה הערות, ומהם:
בציור "תפילין דמארי עלמא" כתב מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ, העיר ע"כ כ"ק אד"ש: שאדמה"ז כותב בסידורו כעמך כישראל (עם כ').
על הבית של תפילין של ראש סימן את ההפסק בין הד' בתים רק בצד ולא למעלה, העיר ע"ז כ"ק אד"ש: שצריכים לשרטט גם מלמעלה.
בציור הנ"ל היתה צורת אצבע היוצאת מהתפילין של הקב"ה כלפי ישראל, ומהתפילין של ישראל כלפי הקב"ה-כדי לסמל שבתפילין של כל אחד כתוב שבחו של רעהו, והעיר ע"כ כ"ק אד"ש: בנוגע היד למעלה, שזהו הגשמה. והסביר ב.נ. שלכן עשה את היד שלמעלה שקופה, אך כ"ק אד"ש לא קיבל את ההסבר. אח"כ שאל כ"ק אד"ש למה יש שש אצבעות? וענה ב.נ. שיש גם כאלה ברואים, ואמר כ"ק אד"ש אנחנו מדברים באנשים בריאים ויש להם רק חמש אצבעות.

על הציור שיהודי מאיר את העולם מצד אחד, והקליפה מצד שני, והקליפה מצוירת גבוה, אמר כ"ק אד"ש:שצריך להיות האור מוגבה על הקליפה. וענה ב.נ. שהיום אנו בגלות, ואמר כ"ק אד"ש: שאפילו היום בימי הגלות צ"ל האור יותר גבוה מהקליפה, ובפרט שאנו עומדים הידם לפני ימי חנוכה.

בסיום הביקור אמר לו כ"ק אד"ש: שיכתוב על התמונות מחירון, ושאל אותו האם קנו ואם קונים? וענה ב.נ. שכאשר יאמר את המחיר לאנשים הם יתעלפו, כ"ק אד"ש חייך ואמר לו: שיכתוב מחירון, ושיוסיף שזה רק לאנשים בריאים.

כ"ק אד"ש פנה להר' י. קרינסקי ואמר לו שיעשה קטלוג על ספרים שמוכרים בחדר הסמוך, ולב.נ. אמר כ"ק אד"ש שיעשה ציור איך שחסידים רוקדים.

טרם צאתו אמר לו כ"ק אד"ש: היות ובודאי יבואו הרבה אורחים לי"ט כסלו מאה"ק וממדינות אחרות, ולכן כדאי שיסדר שיהו מוכנים ליטוגראפיות וצילומים, ויכלו האורחים לבקר כאן, ובפרט שיהי' איזה ביאור ( עכ"פ ביאור קצת) מתוכן הציור, וכן מה טוב שיהי' משהו שמקשר ציור מסוים למצוות מעשיות מסויימות כגון תפילין, ציצית, כשרות, שבת, שופר. אבל העיקר שיהי' ג"כ מחיר ושיציין בחתימתו ו"חברון", ויה"ר שיהי' בהצלחה. תודה רבה על הנחת רוח, ויה"ר שיהא בהצלחה הולכת וגודלת.

* * *

## רשימת השיחות שבספר זה שהוגהו ע״י כ״ק אדמו״ר שליט״א והמקומות שנדפסו שם

### תשל״ט חלק א׳

לשון הברכה אחרי קריאת הפ״נ כללי ער״ה: יט 537.

מוצאי ש״פ וילך, ו׳ תשרי: לקו״ש מצורע תשד״מ.

לשון הברכה עיוהכ״פ אחרי תפלת מנחה - לאנ״ש שי׳: יט 550-552.

לשון הברכה עיוהכ״פ להת׳ שי׳ - לפני כל נדרי: יט 552-556.

לשון הברכה בעת מסירת האתרוגים לאנשי כפר חב״ד ע״י באי-כח הכפר שיחיו, עחגה״ס: יט 568-569.

לשון הברכה בעת נטילת ד׳ מינים עבור תורת אמת, ירושלים וחברון, עחגה״ס: יט 569.

לשון הברכה להאורחים שיחיו, בעת ביקורו בסוכה, ליל ש״ק חוהמ״ס, כ׳ תשרי: יט 571.

ליל שמח״ת - קודם הקפות: כד 36-46.

יום שמח״ת: כד 222-228.

מוצאי ש״פ בראשית, מבה״ח מ״ח: כד 222-228.

מוצאי ש״פ חיי שרה, מבה״ח כסלו: כ 86-90.

מוצאי ש״פ ויצא, ט׳ כסלו: כ 129-135.

לשון הברכה לאנ״ש שיחיו שברכו אותו לרגל יובל החמישים לנשואיו, י״ד כסלו אחרי תפלת מנחה: טו 512.

י״ט כסלו: טו 447-458.

מוצאי ש״פ וישב, מבה״ח טבת.

מוצאי ש״פ מקץ, חנוכה: כ 192-199; 207-211.

שיחה לתלמידי כתות הראשונות דהישיבות, ולתלמידי ״של״ה שיחיו, בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה והדלקת נ״ח, אור לח׳ דחנוכה: כ 486-495.

שיחת עשרה בטבת - יהפך לשמחה - בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה: כ 518-525.

אור לכ״ד טבת: כד 67-72.

מוצאי ש״פ וארא, מבה״ח שבט: טז 59-68; כד 67-72; 115-120.

---

הספרים לקוטי שיחות (כרכים א-כד) נסמנו באות המתאימה